דער באַנד דערשיינט מיט דער מאַטעריעלער הילף

פון די כאַווייריס:

וואָלף באַרבאַלאַט

מענדל בושאָסטאָווסקי

מ. בעסערמאַן

יויסעף גליקסמאַן

לעאָן העכט



דאָן קיכאָט (האָלצשניט פון ב. סמענער)

מיגעל דע סערוואַנטעס סאַאַוועדראַ

# דאָן קיכאָט

(דער אַדעליקער באַלמויעך דאָן קיכאָט פֿון לאַ מאַנטשאַ)

איבערגעזעצט פֿון פּ. קאַץ

צווייטער באַנד



1951

# ווידמונג צום פירשט פון לעמאָס

ווען איך האָב, צוריק מיט אייניקע טעג, צוגעשיקט צו איַער עקסעלענץ מיַינע קאָמעדיעס, אָפּגעדרוקטע איידער מען האָט זיי געשפּילט, האָב איך געזאָגט, אויב דער זיקאָרן נאַרט מיך נישט, אַז דאָן קיכאָט שטייט שוין מיט די שפּאָרן גרייט צו פאָרן קושן איַער עקסעלענץ די הענט. און איצט זאָג איך, אַז ער האָט זיך זיי שוין אָנגעטאָן און איז שוין אַפן וועג צו איַיך, און אויב ער וועט אָנקומען, וועל איך, דאַכט מיר, האָבן עפּעס אויפגעטאָן פאַר איַער עקסעלענץ, וואָרום פון אַן אַ שיר זיַיטן יאָגט מען מיך איך זאָל אים צושיקן, כדי צו באַזיַיטיקן די סאַקאָנע און דעם עקל, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן פון אַן אַנדער ד אָ ן  ק י כ אָ ט, וואָס איז אַרוים אַף דער וועלט אַ פאַרקליידטער מיט דעם נאָמען צווייטע טייל. און אַ באַזונדערן פאַרלאַנג אים צו זען האָט אַרויסגעוויזן דער גרויסער כינעזישער קייסער, וואָרום שוין אַ כוידעש ציַיט אַן ערעך ווי ער האָט מיר מיט אַן אייגענעם מענטשן צוגעשיקט אַ בריוו אין כינעזיש, וווּ ער בעט מיך, אָדער ריכטיקער, ער שטייט צו מיר צו איך זאָל אים צושיקן דאָס בוך, מאַכמעס ער וויל עפענען אַ שול, וווּ מען זאָל לערנען די שפּאַנישע שפּראַך, און לייענען, וויל ער, זאָל מען דאָס בוך „די געשיכטע פון דאָן קיכאָט”. דערביַי שריַיבט ער מיר אויך, אַז איך זאָל אָנפירן מיט דער שול. געפרעגט האָב איך דעם איבערברענגער פון דעם בריוו צי האָט זיַין מאַיעסטעט צוגעשיקט פאַר מיר עפּעס אַף הויצאָעס. געענטפערט האָט ער מיר, אַז דאָס איז אים אַפילע אין געדאַנק נישט געליגן. אויב אַזוי, ברודער, האָב איך אים געענטפערט, קענט איר איַיך אַהיימפאָרן קיין כינע אַ זייגער צען אָדער צוואָנציק, אָדער שוין איצט ווען איר זיַינט דערליידיקט. וואָרום איך פיל מיך נישט בעקויעך אונטערצונעמען אַזאַ לאַנגע נעסיע, ביפראַט, אַז נישט נאָר בין איך קראַנק, נאָר איך האָב קיין געלט נישט, און וואָס גייען מיר אָן קייסאָרים און מאָנאַרכן, אַז איך האָב מיר אין נעאַפּאָל דעם גרויסן פירשט פון לעמאָס, וואָס האַלט מיך אויס אָן די אַלע טיטלען פון שולן און פירערשאַפטן, און ער שיצט מיך און טויוועט מיר מער וויפל מיר פאַלט איַין צו פאַרלאַנגען. דערמיט האָב איך מיך מיט אים געזעגנט און דערמיט געזעגן איך מיך און טראָג אונטער איַער עקסעלענץ „די אויפטוען פון פּערסילעס און סיגיזמונדאַ”, אַ בוך, וואָס איך וועל פאַרענדיקן מירטשעשעם אין פיר

כּאַדאָשים אַרום. דאָס וועט מיסטאָמע זײַן דאָס ערגסטע אָדער דאָס בעסטע ביך, וואָס מען האָט אין אונדזער לאַשן פֿאַרפֿאַסט, איך מיין פֿון צווישן די וואָס ווערן געשריבן צום פֿאַרווײַלן. און איך האָב כּאַראַטע, זאָג איך, וואָס איך האָב געזאָגט דאָס ערגסטע, מאַכמעס לויט דער מיינונג פֿון מײַנע גוטע פֿרײַנט, וועט ער גרייכן צום העכסטן שפּיץ פֿון גוט. זאָל אײַער עקסעלענץ זײַן באַם געווינטשטן געזונט, וואָרום „פֿערסילעס" מוז שוין זײַן באַ אײַך צו קושן אײַך די הענט און איך די פֿיס, ווי דער דינער פֿון אײַער עקסעלענץ. אין מאַדריד, דעם לעצטן טאָג פֿון אָקטובער זעכצן הונדערט און פֿופֿצן. — דינער פֿון אײַער עקסעלענץ,

**מיגעל דע סערוואַנטעס סאַאַוועדראַ**

# האַקדאָמע צום לייענער

שיץ מיך גאָט, מיט וויפל כיישעק דו קוקסט שוין איצט אוואָדע אַרויס, דערלויכטענער לייענער, און עפשער פלעבעיִשער, אַף דער האַקדאָמע, ווו דו ריכסט זיך צו געפינען נעקאָמע, מילכאָמע און שטראָף־רייד דעם מעכאַבער פונעם צווייטן „דאָן קיכאָט"; יענעם, מיין איך, וואָס מען איז פאַרגאַנגען מיט אים אין טראָגן, זאָגט מען, אין טאָרדעסיליאַס און געבוירן געוואָרן איז ער אין טאַראַגאָנאַ! גלויב זשע מיר, אַז איך וועל דיר די האַנאָע נישט פאַרשאַפן. וואָרום כאָטש אוולעס דערצערענען די באַשיידנסטע הערצער, וועט מיין האַרץ וואָס שייעך דעם קלאַל זיין אַן אויסנאַם. וואָלסט אוואָדע וועלן איך זאָל אים זאָגן אייזל, טיפעש, כוצפעניק, נאָר דאָס פאַלט מיר אַפילע נישט איין. זאָלן אים זיינע זינד שטראָפן, זאָל ער עס מיט זיין ברויט עסן און זאָל עס אים דאָרטן טרעפן. פאַרדראָסן האָט מיך בלויז, וואָס ער רופט מיך אָן אַלטער און איינהאַנטיקער, גלייך אין מיינע הענט וואָלט עס געווען די צייט אָפצושטעלן זי זאָל איבער מיר נישט אַריבער, אָדער גלייך מיין איינהאַנטיקייט וואָלט געשטאַמט פון עפעס אַ שענק און נישט פון דער העכסטער פאַסירונג, וואָס די פאַרגאַנגענע און היינטיקע יאָרהונדערטן האָבן צוגעזען און די קומענדיקע דערוואַרטן אַפילע נישט צו זען. אויב אין די אויגן פון די וואָס קוקן אַף מיינע וואונדן, בליען זיי ניט, ווערן זיי אַלנפאַלס געשעצט פון די וואָס ווייסן ווו איך האָב זיי באַקומען. וואָרום דעם זעלנער איז ליבער דער טויט אין דער שלאַכט איידער דאָס לעבן אין דער פלייטע. און דאָס איז אין מיר אַזוי פאַרוואָרצלט, אַז ווען מען שלאָגט דאָס מיר פאָר אַצונדערט און מען גיט מיר די אומעגלעכע געלעגנהייט, וואָלט איך ליבערשט געוואָלט האָבן געווען בא יענער וואונדערלעכער געשעעניש, איידער אָן די וואונדן און אָן האָבן דאָרטן געוועזן. די וואונדן, וואָס דער זעלנער טראָגט אָפן פאָנים און אַף דער ברוסט, זיינען די שטערן, וואָס פירן די אַנדערע צום קאָוועד־הימל און צו ווינטשן איז אים גערעכטע לויב. און וויכטיק איז אָנצוווייזן, אַז שרייבן שרייבט מען נישט מיט די גרויע האָר נאָר מיט דעם סייכל, וואָס קומט געוויינלעך צו מיט די יאָרן. פאַרדראָסן האָט מיר אויך וואָס ער רופט מיך נישט פאַרגינער און קלערט מיר אויף, ווי אַן אומווינסדיקן, וואָס אַזוינס איז קינע. וואָרום דעם עמעס זאָג איך איַך, אַז פון די צוויי מינים קינע, וואָס זיינען פאַראַן אַף דער וועלט, האָב איך בלויז די הייליקע, די איידעלע און גוט געמיינטע. און דערום מוז איך נישט רוידעפן עפעס איינעם אַ

גאַלעך, ביפראַט ווען ער איז אַזוי היימיש מיט דער אינקוויזיציע. און אויב ער האָט עס געזאָגט עמיצן וואָס אים דאַכט זיך, האָט ער זיך דורכוים גענאַרט, וואָ־רום אין דעם עמיצן פאַרער איך זײַן סייכל און באַוווּנדער זײַנע ווערק און זײַן אומדערמידלעכע און קונסטפולע אַרבעט. נאָר בעעמעס דאַנק איך דעם דאָזיקן האַר מעכאַבער ווען ער זאָגט וועגן מײַנע נאָוועלן, אַז גיכער זײַנען זיי סאַטירישע איידער קלאַסישע, נאָר אַז גוט זײַנען זיי, און זיי וואָלטן נישט געקענט גוט זײַן ווען זיי האָבן נישט אין זיך פון אַלצדינג.

מיר דאַכט זיך דו זאָגסט, אַז איך האַלט מיך צופיל אײַן, אַז איך האַלט מיך צו ענג אינעם גווול פון מײַן באַשיידנקייט, מאַכמעס איך ווייס, אַז מען טאָר נישט נאָכמער ערגערן דעם געערגערטן, און די ערגערניש פון דעם דאָזיקן האַר מוז זײַן גאָר גרויס, אויב ער דערוועגט זיך נישט אָפן און פרײַ אַרויסצוקומען מיט זײַן נאָמען און געבוירן־אָרט, ווי ער וואָלט אַ פאַראַט באַגאַנגען קעגן דעם קיניג אַליין. אויב דו וועסט דיך אַמאָל צופעליק טרעפן מיט אים, זאָג אים, אַז איך פון מײַן זײַט פיל מיך נישט באַליידיקט, וואָרום איך ווייס ווי גרויס עס זײַנען דעם סאַטאַנס ניסיוינעם און אַז דעם גרעסטן ניסאָיען מוז בײַשטיין אַ מענטש ווען ער נעמט זיך אַרײַן אין קאָפּ, אַז ער קען פאַרפאַסן און אָפּדרוקן אַ בוך און פאַרדינען מיט אים אַזוי פיל קאָווּעד וויפל געלט און אַזוי פיל געלט וויפל קאָווּעד. און ווי אַ באַשטעטיקונג דערויף, וויל איך, זאָלסטו אים דערציילן, מיט אַזוי פיל כיין און פײַנקייט ווי נאָר דו קענסט, אָט די מײַסע:

געוועזן איז אין סעווילִיע אַ מעשוגענער, איז אים אײַנגעפאַלן אַ שפּאַס צו מאַכן, וואָס ביז אים איז עס קיין איין מעשוגענעם אין דער וועלט נישט אײַנגעפאַלן. גענומען האָט ער אַ שפּיציקן טשערעט, געכאַפּט אַ הונט אויף דער גאַס אָדער ווו עס איז, מיט איין פוס זײַנעם צוגעדריקט דעם הונטס אַ פוס און דעם צווייטן הינטישן פוס אונטערגעהויבן און אַזוי אַרום אַרײַנגעשטאָכן דעם רער אין יענעם אָרט, ווו אַז ער האָט געבלאָזן, איז דער הונט געוואָרן קײַלעכיק ווי אַ באַלעם. דער־נאָך האָט ער אים צוויי פּעטשלעך געגעבן אינעם בויך און צו די מענטשן, וואָס פלעגן זיך אַרומשטעלן (און שטענדיק אין אַ היבשער צאָל) פלעגט ער זאָגן: איר מיינט עפּשער, אײַערע גענעדיקייטן, אַז ס'איז גרינג אַ הונט אָנצובלאָזן?" „איר מיינט עפּשער, אײַערע גענעדיקייטן, אַז ס'איז גרינג אַ בוך אָנצושרײַבן?"

און טאָמער פּאַסט זיך ניט צו אים די מײַסע, דערצייל אים, פרײַנט לייע־נער, דערצייל אים אַן אַנדערע, אויך מיט אַ מעשוגענעם און אויך מיט אַ הונט:

געוועזן איז אין קאָרדאָבאַ אַ צווייטער מעשוגענער, וואָס האָט געהאַט אַ גע־וווינהייט צו טראָגן אויפן קאָפּ אַ שטיק מירמלשטיין אָדער פּאַשעט אַ שווערן שטיין, און אַז ער פלעגט באַגעגענען אַ הונט, אַ נישט געהיטן, פלעגט ער זיך לעבן אים אוועקשטעלן און אַראָפּוואַרפן אויף אים די מאַסע. דער הונט פלעגט זיך פאַרקרו־מען, צעסקאַווּטשען און אַזוי דרײַ גאַסן אָפּלויפן. צווישן די הינט וואָס האָבן נעכאַפּט אַזאַ קלאַפּ, איז געוועזן איינער, וואָס דער באַלעבאָס זײַנער, אַ צעלניקער, האָט אים שטאַרק ליב געהאַט. אַראָפּגעוואָרפן האָט ער דעם שטיין, געטראָפן אין

קאַפּ און דער הונט האָט זיך צעסקאַווטשעט. דערהערט און דערפילט האָט דאָס דער באַלעבאָס, האָט ער געכאַפּט אַן אַרשין, איז אַרויס צום מעשוגענעם און האָט אים קיין גאַנצן ביין נישט איבערגעלאָזט. און בײַ יעדן זעץ מיט דעם אַרשין, האָט ער געשריגן: „הונט, גאַנעוו, מײַן יאַגד־הונט? האָסט דען ניט געזען, רעצייעך איינער, אַז מײַנער איז אַ יאַגד־הונט?" און אַזוי לאַנג האָט ער מיט אים אײַנגע־קנעלט יאַגד־הונט, ביז ער האָט געמאַכט פון אים בירױטשינע. דער מעשוגענער האָט זיך עס אַרײַנגענומען אין קאָפּ און איז אַוועק און מער ווי אַ כוידעש צײַט האָט ער זיך אין מאַרק נישט געוויזן. דערנאָך איז ער ווידער אַרויסגעקומען מיט דעם אייגענעם שפּיצל, נאָר אַז ער פלעגט צוקומען צו אַ הונט, פלעגט ער זיך אַוועקשטעלן, אים גוט באַטראַכטן און אַ זאָג טאָן: „ס'איז אַ יאַגד־הונט, היט דיך!" און וואָס פאַר אַ הונט ער האָט שוין אָנגעטראָפן, האָט דאָס געמעגט זײַן אַ פּאַשע־טער הונט, אַ ראַבטשיק, האָט ער אַלץ געזאָגט ס'איז אַ יאַגד־הונט און האָט שוין דעם שטיין נישט אַראָפּגעוואָרפן.

עפשער וועט דאָס אויך פּאַסירן מיט דעם געשיכטן־שרײַבער און ער וועט זיך מער נישט דערוועגן וואַרפן מיט ביכער, וואָס זײַנען האַרטער נאָך פון שטיין ווען זיי זײַנען שלעכט געשריבן. קענסט אים אויך זאָגן, אַז דאָס וואָס ער סטראַשעט מיך, אַז ער וועט בײַ מיר מיט זײַן בוך די פּאַרנאָסע צונעמען, באַרירט עס מיך ניט אַפילע אויף איין פּרוטע, אַז איך שטעל מיך אין דער לאַגע פון יענעם פאַר־שויז אינעם וואָדעוויל „לאַ פּערענדענגאַ"*) און ענטפער אים: זאָל מיר מײַן האַר לעבן דעם פיר און צוואַנציקסטן און זאָל זײַן שאָלעם. לעבן זאָל דער גרויסער פירשט פון לעמאָס, וואָס זײַן גוט באַקאַנטע מענטשלעכקייט און פרײַע האַנט האַלטן מיך אויף די פיס קעגן אַלע קלעפּ פון מײַן ביטער מאַזל, און לעבן זאָל מיר די העכסטע באַרימהאַרציקייט פון דעם דערלויכטנסטן פון טאָלעדאָ, דאָן בער־נאַרדאָ דע סאַנדאָוואַל אי ראָכאַס, אַפילע עס זאָלן אויף דער וועלט קיין דרוקערײַען נישט זײַן און אַפילע מען זאָל אַקעגן מיר אַרויסלאָזן אַזוי פיל ביכער וויפל אויס־יעם עס זײַנען פאַראַן אין די קאָפּלאַס פון מינגאָ רעוווּלגאָ**). די צוויי פירשטן, נישט מאַכמעם איך מוז זיי כאַנפענען אָדער אַפּלאָדירן, האָבן אויס הוילער גוטס־קייט גענומען אויף זיך מיר וווּיל צו טאָן און איך פיל מיך דערפון גליקלעכער און רײַכער איידער ווען דאָס גליק זעצט מיך אַרויף אויף דעם געוויינלעכן אויפן אָפן סאַמע שפּיץ. איינגעווירדע קען האָבן דער אָרימער, אָבער נישט דער פאַרדאָרבע־נער. אָרימקייט קען פאַרנעפּלען די נאָבלקייט, נאָר ניט אינגאַנצן זי פאַרטונקלען. נאָר אַזוי ווי זיטלעכקייט גיט אַרויס פון זיך איר אייגענע שײַן, ווען אַפילע דורך די שפּאַלטן און אומבאַקוועמקייטן פון דער נויט, ווערט זי געשעצט פון די הע־כערע און איידעלע גײַסטער און דערום אויך געשיצט.

*) לאַ פּערענדענגאַ — דאָס מעשענע אוירינגל.

**) קופּלעטן קעגן ענריקע דעם פערטן און זײַן פאַוואָריט בעלטראַן דע לאַ קועווע, וווּ עס קומט צום אויסדרוק די אומצופרידנקייט פונעם שפּאַנישן פאָלק. מינגאָ רעוווּלגאָ איז אַ פּערזאָניפיקאַציע פון דעם פאָלקס מענטשן. איבערזעצער.

און מער זאָלסטו אים גאָרנישט ניט זאָגן, און דיר זאָג איך אויך מער גאָר־נישט, נאָר איך וויל דו זאָלסט ווּיסן, אַז אָט די צווייטע טייל „דאָן קיכאָט", וואָס איך טראָג דיר דאָ אונטער, איז צונעשניטן פון דעם אייגענעם מײַסטער און פון דעם אייגענעם שטאָף ווי די ערשטע טייל, און אַז אין דער טייל טראָג איך דיר אונטער דאָן קיכאָטן אַן אויסגעברייטערטן און צום סאָף אַ טויטן און אַ באַגראָ־בענעם, קעדיי קיינער זאָל זיך נישט דערוועגן קומען צו אים מיט נײַע גוויעס איידעס, מאַכמעס גענוג זײַנען די ביז איצטיקע און גענוג איז אויך, אַז אַן אָרנטלע־כער מענטש זאָל האָבן צו ווּיסן געגעבן וועגן די באַשיידענע מעשוגאַעסן און זאָל קיינער מער קיין ביישעק נישט האָבן אין זיי אַרײַנצודרינגען. וואָרום דאָס וואָס איז פאַראַן איבער דער מאָס, מעג עס זײַן ווי גוט, ווערט ניט געשאַצט, און שלעכטס, ווי טײַער דאָס זאָל קאָסטן, האָט דאָך עפּעס אַ ווערט. פאַרגעסן האָב איך דיר צו זאָגן זאָלסט אָפּוואַרטן דעם „פּערסילעס", וואָס איך האַלט אים שוין אין פאַרענדיקן, און אויך די צווייטע טייל „גאַלאַטעאַ".

# ערשטער קאפּיטל

## וועגן דעם ווי דער גאַלעך און דער שערער האָבן פאַרבראַכט מיט דאָן קיכאָטן בעיס זײַן קראַנקייט

סידע האַמעטע בענענגעלי דערציילט אין אָט דער צווייטער טייל פון דער געשיכטע און דריטן אַרויספאָר פון דאָן קיכאָטן, אַז דער גאַלעך און דער שערער זײַנען קימאַט אַ כוידעש צײַט נישט געגאַנגען אים זען, קעדיי נישט אויפצופרישן און נישט צו ברענגען אים אַפן זיקאָרן די שוין פאַרגאַנגענע זאַכן. דאָס מיינט אָבער ניט, אַז זיי האָבן אויפגעהערט אַרײַנקומען צו דער פּלימעניצע און צו דער דינסט און זיי אָנזאָגן זיי זאָלן אים זען פּילנעווען, אים געבן צו עסן אַזוינע מײַכאָלים, וואָס זאָלן אים קרעפטיקן, אַזוינע וואָס זײַנען גוט צום האַרצן און צום מויעך, וואָס פון זיי נעמט זיך, אַלפּי סייכל, דער גאַנצער אומגליק זײַנער. דערויף האָבן זיי געענטפערט, אַז מיט דער גרעסטער זאָרג טוען זיי דאָס און וועלן דאָס טאָן אויך ווײַטער, מאַכמעס זיי מערקן אַז צײַטנווײַז דערקענט מען אַף זייער האַר אַז ער איז באַם פולן זינען, און דעם גאַלעך מיט דעם שערער האָט עס שטאַרק האַנאָע געטאָן וואָרום דאָס באַווײַזט אַז גוט האָבן זיי געטאָן וואָס זיי האָבן אים געבראַכט צו פירן אַ פאַרקישעפטן אַף דער אָקסן־פור, ווי דאָס ווערט דערציילט אינעם לעצטן קאַפּיטל פון דער דאָזיקער גרויסער ווי פּינקטלעכער געשיכטע. דערום אויך האָבן זיי באַשלאָסן גיין אים מעוואַקער כוילע זײַן און זען צי האָט ער זיך טאַקע געבעסערט, כאָטש געהאַלטן האָבן זיי, אַז דאָס איז אומעגלעך, און אָפּגעמאַכט האָבן זיי צווישן זיך נישט צו באַרירן קעהו זע דעם איניען וואַנדערריטערטום, קעדיי אויסצומײַדן די סאַקאָנע באַ אים זאָלן זיך אויפטרענען די נאָך פרישע נעט פון דער וווּנד. בעקיצער, זיי זײַנען געקומען און אים געטראָפן זיצן אין בעט אין אַ גרינעם וואָלענעם לײַבל מיט אַ רויטן טאָלעדער מיצל, און געווען איז ער אַזוי טרוקן און אויסגעדאַרט, אַז געדאַכט האָט זיך ער איז געמאַכט פון מומיע־פלייש. ער האָט זיי גוט אויפגענומען, זיי האָבן אים געפרעגט וועגן געזונט און ער האָט זיי דערציילט וועגן זיך און וועגן זײַן געזונט מיט אַ סאַך גראַדן סייכל און זייער פײַנע ווערטער.

און בעיסן שמועס זײַנען זיי אַרויפגעקומען אַף דעם וואָס מען רופט מעלוכע־אינטערעסן און רעגירונגס־מעטאָדן, איין מיסברויך אויסגעבעסערט, אַ צווייטן געטאַדלט, איין אײַנפיר רעפאָרמירט, אַ צווייטן אינגאַנצן אָפּגעשאַפט, אַזוי אַז יעדער איינער פון די דרײַ איז געוואָרן אַ נײַער געזעצגעבער, אַ מאָדערנער ליקורג

אדער א סאלאן ערשט פון דער נאדל. און ארויסגעקומען איז די מעלוכע פון אונטער זייערע הענט א נייענקע, ווי זיי וואלטן זי אין א שמעלץ־טאפּ ארײַנגעלייגט און איבערגעשמאלצן. און גערעדט האט דאן קיכאט וועגן די אלע איניאנים אזוי קלוג, אז בא די צוויי עקזאמינאטארס איז גאר קיין ספק נישט געווען, אז ער איז אינגאנצן געזונט און באם פולן פארשטאנד.

געשטאנען זײַנען בעיים דעם שמועס די פלימעניצע מיט דער דינסט און זיי האבן גארנישט געקענט צו זאט זיך אנדאנקען גאט וואס זייער האר איז באם קלארן סייכל. נאר דער גאלעך, וואס האט פריער בעדייע געהאט נישט צו דערמאנען אים די ריטער־איניאנים, האט געענדערט זײַן באשלוס און פארוואלט האט זיך אים קלאר ווערן ביזן ספק צי איז דאן קיכאטס געזונט א ריכטיקער אדער א פאלשער. און אט אזוי, פיל נאך פיל, האט ער אים גענומען דערציילן נײַסן פונעם קיניגס הויף און דערין אויך, אז דער טערק, ווייסט מען, איז ארויס מיט א מעכטיקן פלאט, נאר מען ווייסט ניט וווהין ער גייט און ווו ער וועט די גרויסע כמארע אויסלאדן, און אז מיט דער מוירע איז דורכגעדרונגען די גאנצע קריסטלעכע וועלט, ווײַל קימאט יעדן יאר קומט אונדז אויס נעמען דאס געווער אין דער האנט, און זײַן מאיעסטעט האט שוין באווארנט די ברעגעס פון נעאפאל און סיציליע און דעם מאלטא־אינדזל.

דערויף האט דאן קיכאט געענטפערט:

— זײַן מאיעסטעט האט געטאן ווי א זייער קלוגער קריגסמאן וואס ער האט באצײַטנס באווארנט זײַנע מעדינעס, קעדיי דער סוינע זאל אים נישט איבערפאלן אומגעריכטערהייד, נאר ווען ער פאלגט מיך, וואלט איך אים גערעטן אזא באווארעניש, וואס זײַן מאיעסטעט איז איצט גאנץ ווײַט פון דענקען דערוועגן.

ווי נאר דער גאלעך האט דאס דערהערט, האט ער צו זיך אליין א זאג געטאן: „זאל דיך גאט האלטן בא זײַן רעכטער האנט, ארימער דאן קיכאט, ווארום דו פאלסט, דאכט מיר, פון העכסטן שפיץ מעשוגאעס דײַנער אין טיפן אפגרונט פון דײַן טמימעס!”

נאר דער שערער, וואס האט שוין געוועסט געהאט דעם אייגענעם געדאנק ווי דער גאלעך, האט א פרעג געטאן דאן קיכאטן וואס איז דאס פאר א באווארעניש, וואס וואלט, לויט זײַן מיינונג, נייטיק געווען. צי איז עס נישט פון דעם מין, וואס קען ארײַן אינעם צעטל זלידנע פלענער וואס ווערן געוויינטלעך ארײַנגעשיקט צו די פרינצן.

— מײַן באווארעניש — האר מארדע־שאבער — האט דאן קיכאט געזאגט — איז נישט קיין זלידנע, נאר זייער א פאסיקע.

— איך מיין ניט אזוי ווײַט — האט דער שערער אפגעענטפערט, — נאר די אלע פרײַע פלענער אדער די מערסטע פון די פלענער, וואס ווערן ארײַנגעשיקט צו זײַן מאיעסטעט, ווי עס איז גוט באקאנט, זײַנען אומעגלעכע אדער אומגעלומפערטע אדער צום שאדן דעם קיניג און דער מעלוכע.

— מײַן פלאן, אויב אזוי, — האט דאן קיכאט געענטפערט, — איז נישט

קיין אומעגלעכער און נישט קיין אומגעלומפּערטער, נאָר דער גרינגסטער און דער גערעכטסטער, דער קונציקסטער און דער קורצטער, וואָס איז ווען עמיצן פון די פּלאַן־מאַכער איינגעפאַלן.

— אייער גענעדיקייט פאַרהאַלט אים צו לאַנג בא זיך, דעם פּלאַן, האָר דאַן קיכאָט, — האָט דער גאַלעך געזאָגט.

— איך וואָלט נישט וועלן — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט — דאָ און שוין אים אַרויסלייגן און שוין מאָרגן זאָלן פון אים וויסן אַלע ראַטגעבער און עמיצער אַן אַנדערער זאָל באַקומען דעם דאַנק און דעם לוין פאַר מיין אַרבעט.

— איך פון מיין זייט — האָט דער שערער געזאָגט — גיב אייך מיין וואָרט דאָ און פאַר גאָט, קיין איין וואָרט נישט אַרויסצוברענגען דערפון וואָס אייער גענעדיקייט וועט זאָגן, נישט דעם קיניג נישט דעם טורעם, נישט קיין שום ערדישן מענטשן; אַ שווועו, וואָס איך האָב מיך אויסגעלערנט פונעם גאַלעכס אַ ראָמאַן, וואָס אין דער האַקדאָמע איז ער מוידיע דעם קיניג וועגן דעם גאַנעוו, וואָס האָט בא אים צוגענומען די הונדערט רענדלעך און זיין אומבלאָנקענדיקן מויל-אייזל.

— איך ווייס נישט פון קיין מייסעס — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט; — נאָר איך ווייס, אַז די שווועו איז אַ שווועו, מאַכמעס איך קען דעם האָר שערער פאַר אַן אָרנטלעכן מענטשן.

— אַז ניט — האָט דער גאַלעך געזאָגט — בין איך פאַר אים אָרעוו, אַז אין דעם פאַל וועט ער האַלטן מויל, ווי אַ שטומער, אויס מוירע צו דאַרפן צאָלן קנאַס פאַרן מישפּעט און פאַרן פּסאַק.

— און ווער וועט אָרעוו זיין פאַר אייער גענעדיקייט, האָר גאַלעך? — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט.

— מיין באַרוף — האָט דער גאַלעך געזאָגט, — וואָס באַשטייט פון האַלטן סוידעס.

— ריכטיק! — האָט דאָן קיכאָט דערויף געזאָגט: — וואָס דאַרף מען מער, אַז זיין מאַיעסטעט זאָל שיקן אויסרופן מיט אַ העראָלד עס זאָלן זיך צונויפקומען אין הויף אַריין אויף אַ באַשטימטן טאָג אַלע וואַנדער־ריטער, וואָס גייען אום איבער שפּאַניע? אפילע עס זאָלן קומען נישט מער ווי אַ האַלבער טוץ זייערע, וועט זיך צווישן זיי נישט געפינען איינער אַזעלכער, וואָס ער איינער זאָל קענען ברעכן די גאַנצע מאַכט פונעם טערק? הערט מיך אויס, אייערע גענעדיקייטן, און קומט נאָר אַהער. צי איז עס דען אַ נייס, אַז איין וואַנדער־ריטער זאָל פאַרניכטן איינער אַליין אַן אַרמיי פון צוויי הונדערט טויזנט מאַן, ווי אַלע וואָלטן זיי איין האַלדז געהאַט אָדער ווי אַלע וואָלטן זיי געווען פון צוקער געגאָסן? אַז ניט, זאָגט איר אַליין וויפל געשיכטעס זיינען פול מיט דעם מין וווּנדער? באַדאַרפט וואָלט היינט לעבן, אויף מיין טרויעריקן מאַזל, איך וויל נישט זאָגן אויף אַן אַנדערנס, דער באַרימטער דאָן בעליאַניס אָדער אַן אַנדערער פון דעם פילצאָליקן שטאַם פון אַמאַדיס פון גאַולאַ; וואָלט עמיצער פון זיי געלעבט און זיך אַקעגנגעשטעלט דעם טערק, מעגט איר זיכער זיין, אַז ער וואָלט אים דעם רעוועך נישט איינגעהאַלטן! נאָר

גאָט וועט אראָפּקוקן אַף זײַן פֿאָלק און וועט אים צושיקן אַזעטיקן, וואָס אויב גיט אַזאַ גיבער ווי די אַמאָליקע וואַנדער־ריטער, זאָל ער מינדסטנס זײַן נישט מינער פֿון זיי אין מוּט און גאָט פֿאַרשטייט מיך און מער זאָג איך גאָרניט.

— ווײ איז צו מיר! — האָט זיך אין דער רעגע אָנגערופֿן די פּלימעניצע: — זאָל איך שטאַרבן דאָ אַפֿן אָרט, אויב מײַן האַר וויל נישט ווידער ווערן אַ וואַנדער־ריטער!

און דאַן קיכאָט האָט דערויף געזאָגט:

— אַ וואַנדער־ריטער וועל איך שוין שטאַרבן, און זאָל דער טערק זיך לאָזן אַראָפּ אָדער אַרויף, ווען ער וויל און ווי מעכטיק ער קען, זאָג איך אײַך נאָכאַמאָל, אַז גאָט פֿאַרשטייט מיך.

דערויף האָט דער שערער זיך אָנגערופֿן:

— איך בעט אײַערע גענעדיקייטן מיך לאָזן דערציילן אַ קורצע מײַסע, וואָס איז זיך פֿאַרלאָפֿן אין סעווילִיע, און מאַכמעס זי פּאַסט זיך דאָ אַרײַן, וויל איך זי דאָ דערציילן.

געגעבן האָט אים דאַן קיכאָט די דערלויבעניש און דער גאַלעך מיט די איבעריקע האָבן צוגעלייגט אַן אויער און ער האָט אָנגעהויבן אָט אַזוי:

— אינעם סעווילִיער מעשוגאָים־הויז האָט זיך אויפֿגעהאַלטן איינער אַ מענטש, וואָס זײַנע קרוויים האָבן אים אַהין אַרײַנגעגעבן ווי אַ מעשוגענעם. געווען איז ער אַ געענדיקטער אַף קאַנאָניקער אין אָסונאַ; נאָר אַפֿילע ער וואָלט געווען געענדיקט אין סאַלאַמאַנקאַ, ווערליק מען האָט געזאָגט, וואָלט ער אַלציינס געווען מעשוגע. נאָך עטלעכע יאָר אָפּזונדערונג, האָט דער דאָזיקער געענדיקטער זיך אײַנגערעדט, אַז ער איז שוין באַם קלאָרן זינען און, מיט דער אײַנרעדעניש, האָט ער אָנגעשריבן אַ בריוו צום ערצבישאָף און האָט אים מיט טאָלקאָוונע רייד און האַרציק געבעטן ער זאָל באַפֿעלן אים אַרויסנעמען פֿון דער נויט, ווו ער געפֿינט זיך, וואָרום גאָט האָט זיך דערבאַרימט אַף אים און ער האָט שוין צוריקבאַקומען זײַן פֿאַרלוירענעם סייכל; נאָר מאַכמעס די קרוויים זײַנע נוצן זיך מיט זײַן טייל פֿאַרמעגן, האַלטן זיי אים פֿאַרשפּאַרט, און קעגן דעם עמעס, וואָלטן זיי וועלן ער זאָל פֿאַרבלײַבן ביזן טויט מעשוגע. דער ערצבישאָף האָט זיך געלאָזט איבעררײדן פֿון די טאָלקאָוונע און סייכלדיקע בריוו און האָט געשיקט זײַנעם אַ קאַפּעלאַן ער זאָל זיך אָנפֿרעגן באַם אָנפֿירער מיט דעם הויז צי איז עמעס וואָס דער געענדיקטער שרײַבט אים, און אויך זאָל ער ריידן מיט דעם מעשוגענעם, און אויב ער וועט אײַנזען, אַז ער איז באַם זינען, זאָל מען אים אַרויסלאָזן אַף דער פֿרײַ. דער קאַפּעלאַן האָט אַזוי געטאָן און דער אָנפֿירער האָט אים געזאָגט, אַז דער מענטש איז נאָך מעשוגע, אַז כאָטש אָפּטמאָל רעדט ער ווי זייער אַ קלוגער מענטש, פּראַלט ער צום סאָף אַרויס מיט נאַרישקייטן, נישט ווייניקער אין צאָל און נישט קלענער אין מאָס ווי די קלוגע רייד, ווי ער קען דאָס זען פֿון אַ שמועס וואָס ער וועט מיט אים האָבן.

„געוואָלט האָט דער קאַפּעלאַן זען צי ס׳איז עמעס און דער אָנפֿירער האָט

אים צונויפגעפירט מיט דעם מעשוגענעם. גערעדט האָט ער מיט אים העבער אַ שאָ צײַט און די גאַנצע צײַט האָט דער מענטש קיין איין קרום וואָרט און קיין איין גאַרישקייט נישט אַרויסגערעדט. פּאַרקערט, גערעדט האָט ער אַזוי צו דער זאַך, אַז דער קאַפּעלאַן האָט געמוזט אָנהויבן גלויבן, אַז דער מעשוגענער איז באַם זינען. צווישן אַנדערן האָט אים דער מעשוגענער געזאָגט, אַז דער אָנפירער האָט אַן אויג אַף אים צוליב די מאַטאַנעס, וואָס די קרוויווים גיבן אים, קעדיי ער זאָל זאָגן, אַז ער איז נאָך אַלץ מעשוגע, כאָטש מיט קלאָרע האַפּסאָקעס, און אַז דער גרעס־טער סוינע זײַנער איז זײַן גרויס פאַרמעגן, ווײַל זײַנע סאָנים, וואָס ווילן זיך דער־מיט נוצן, באַגייען שווינדל און זיי צווייפלען אין דעם כעסעד וואָס גאָט האָט מיט אים געטאָן און האָט פון אַ כײַע אים ווידער געמאַכט פאַר אַ מענטשן. קורץ, גע־רעדט האָט ער אַזוי, אַז ער האָט געוואָרפן אַ כשאַד אַף דעם אָנפירער, האָט אַרויס־געשטעלט זײַנע קרוייווים פאַר זשעדנע מענטשן און אַכזאָרים און זיך אַליין פאַר אַזאַ כאָכעם, אַז דער קאַפּעלאַן האָט באַשלאָסן אים מיט זיך צו נעמען, קעדיי דער ערצבישאָף זאָל אים זען און זאָל מיט די אייגענע הענט אָנטאָפּן דעם עמעס. געווען איז דער קאַפּעלאַן אַזוי זיכער דערין, אַז ער האָט געבעטן דעם אָנפירער ער זאָל אים געבן די בגאָדים, וואָס דער ליצענציאַט האָט געטראָגן בעיים ער איז אַהין אַרײַן, און דער אָנפירער, ווידער, האָט אים געזאָגט ער זאָל זיך באַטראַכטן, וואָ־רום ער איז זיכער, אַז דער ליצענציאַט איז נאָך מעשוגע. נישט געהאָלפן האָבן דעם אָנפירערס וואָרענונגען דעם קאַפּעלאַן ער זאָל אים איבערלאָזן און ער האָט סאָפּקאָלסאָף אויסגעפאָלגט דעם ערצבישאָפס באַפעל. אָנגעטאָן האָט מען דעם ליצענציאַט זײַנע בגאָדים, גאַנץ נײַע און אָנשטענדיקע, און ווען ער איז שוין גע־ווען אָנגעטאָן פאַר אַ קלאָרן און אויסגעטאָן פון דעם מעשוגענעם, האָט ער זיך אָפּגעבעטן באַם קאַפּעלאַן ער זאָל אים לאָזן גיין זיך געזעגענען מיט זײַנע כאַווײ־רים די מעשוגאָים.

„דער קאַפּעלאַן איז מיט אים מיטגעגאַנגען. געוואָלט האָט ער זען וואָס פאַר אַ מעשוגאָים אין דעם הויז זײַנען פאַראַן. מיטגעגאַנגען זײַנען אויך די מענטשן, וואָס זײַנען דערבײַ געווען, און ווען דער ליצענציאַט איז צוגעקומען צו אַ שטײַג, ווו עס איז אײַנגעשפּאַרט געווען אַ ווילד־מעשוגענער, כאָטש געווען איז ער דע־מאָלט רויק, האָט ער זיך אָנגערופן צו אים:

„— ברודער מײַנער, עפּשער ווילסטו איך זאָל עפּעס טאָן פאַר דיר, וואָרום איך גיי אַהיים. גאָט האָט זיך אומגעקוקט אַף מיר מיט זײַן גרויס גענאָד און דער־באַרימונג, כאָטש איך האָב עס נישט די ווערט, און האָט מיר צוריקגעגעבן דעם פאַרשטאַנד, וואָרום באַ גאָט איז קיין אומעגלעכס נישט פאַראַן. האָף צו אים און האָב ביטאָכן, אויב ער האָט מיך געזונט געמאַכט, וועט ער אויך דיך געזונט מאַכן, אויב דו וועסט דיך אַף אים פאַרלאָזן. איך וועל דיר זען צושיקן עפּעס צום עסן, און דו עס אַלנפאַלס, וואָרום ווי אַ דערפאַרענער זאָג איך דיר, אַז דאָס מע־שוגאַעס באַ אַ מענטשן נעמט זיך, ווי מיר דאַכט זיך, דערפון וואָס דער מאָגן איז באַ אים ליידיק און דער קאָפּ פול מיט לופט. שטאַרק דיך, שטאַרק דיך, וואָרום

דאָס פֿאַלן באַ זיך ווען מען איז אין אַן אומגליק, שוואַכט אָפּ דאָס געזונט און פֿירט גיכער צום טויט.

„אַ צווייטער מעשוגענער, וואָס איז געלעגן אין אַ דערבײַיאיקער שטײַג נעבן דעם ווילדן, און האָט אויסגעהערט די רייד פֿונעם ליצענציאַט, האָט זיך אויפֿגע־הויבן פֿון דער אַלטער ראָגאָזשע, וואָס ער איז אויף איר געלעגן אַ נאַקעטער, און גע־נומען פֿרעגן אויפֿן קול ווער דאָס גייט אַהיים קלאָר און אויסגעהיילט. דער ליצענ־ציאַט האָט געענטפֿערט:

„— איך, ברודער, גיי אַהיים, ווײַל איך דאַרף שוין דאָ מער נישט זײַן, און איך דאַנק דעם הימל, וואָס האָט מיט מיר אַזאַ גרויסן כעסעד געטאָן.

„— הערט מיך אויס, ליצענציאַט, זאָל אײַך דער טײַוול נישט פֿאַרפֿירן, — האָט דער מעשוגענער געענטפֿערט. זיצט רויִק דאָ און גייט נישט אין ערגיץ, וועט איר אײַך אײַנשפּאָרן דעם וועג אויף צוריק.

„— איך ווייס, אַז איך בין געזונט — האָט דער ליצענציאַט זיך אָנגערופֿן — און צוריק וועל איך נישט דאַרפֿן גיין.

„— ביזט געזונט? — האָט דער מעשוגענער געזאָגט, — גיי זשע דיר גע־זונטערהייד, מירן שוין זען; נאָר איך שווער דיר באַ יופּיטערן, וואָס איך בין דער פֿאַרטרעטער פֿון זײַן מאַיעסטעט אויף דער ערד, אַז פֿאַר דער איינער זינד, וואָס סעווילע באַגייט הײַנט און נעמט דיך אַרויס פֿון דאַנען און האַלט דיך פֿאַר אַ קלאָרן, מוז איך זי אַזוי באַשטראָפֿן, אַז זי זאָל עס האָבן צו געדענקען אויף דאָר דוירעס, אָמיין. צי ווייסטו נישט, דו נישטיקער ליצענציאַטל, אַז איך קען עס טאָן, ווײַל איך בין, ווי שוין געזאָגט, דער דונערנדיקער יופּיטער. און איך האַלט אין מײַנע הענט די סאַרפּנדיקע בליצן, וואָס איך קען מיט זיי די וועלט כאָרעוו מאַכן? נאָר איך וועל זי באַשטראָפֿן, די אומוויסנדיקע שטאָט, מיט בלויז איין זאַך, עס זאָל אויף איר נישט רעגענען, נישט אויף איר און נישט אויף דער סוויווע, דרײַ יאָר נאָכאַנאַנד, אָנגעהויבן פֿון דעם טאָג און פֿון דער מינוט ווען די וואָרענונג ווערט געמאַכט. דו ביזט פֿרײַ, הייסט עס, דו ביזט געזונט, דו ביזט קלאָר און איך בין מעשוגע, און איך בין קראַנק, און איך בין געבונדן? איך וועל דיר אַזוי רעגענען ווי איך קלייב מיך זיך אויפֿצוהענגען.

„אויסגעהערט האָבן אַלע וואָס זײַנען אַרום געשטאַנען דעם מעשוגענעמס רייד און געשרייען, נאָר אונדזער ליצענציאַט האָט זיך אויסגעדרייט צו אונדזער קאַפּעלאַן, האָט אים פֿאַר די הענט אָנגעכאַפּט און געזאָגט:

„— האָט קיין יעסורים ניט, מײַן האַר, און הערט זיך נישט צו וואָס דער מעשוגענער רעדט, וואָרום אויב ער איז יופּיטער און וועט נישט וועלן רעגענען, בין איך נעפּטון, דער גאָט און פֿאָטער פֿון דעם וואַסער, און וועל געבן רעגן ווען נאָר מיר וועט זיך גלוסטן און ווען נאָר מען וועט באַדאַרפֿן.

„און דער קאַפּעלאַן האָט דערויף געענטפֿערט:

„— פֿונדעסטוועגן, האַר נעפּטון, איז נישט קעדײַ אײַנצוברויגעזן דעם האַר יופּיטער: בלײַבט דאָ זיצן, אײַער גענעדיקייט, אַן אַנדערס מאָל, ווען באַ אונדז

וועט ווערן געדרוימער און באקוועמער, וועלן מיר קומען נאך איך, אייער גענעדי־קייט.

„דער אנפירער און די וואס זיינען ארום אים געשטאנען האבן זיך צעלאכט און בעיים דעם געלעכטער האט זיך דער קאפעלאן ארויסגערוקט פונעם מעשר־נאָים-הויז. דעם ליצענציאט האט מען איבערגעטאן און דארט איז ער פארבליבן און די מייסע איז אויס.

— אט דאס, הייסט עס, איז די מייסע, האר שערער, — האט דאן קיכאט גע־זאגט, — וואס פאסט זיך דא אזוי אריין, אז איר האט זי געמוזט דערציילן? אך, ווי בלינד עס איז, האר קראצער, דער וואס זעט נישט דורך א זיפן־געוועב! איז עס מעגלעך, אייער גענעדיקייט זאל נישט וויסן, אז די גלייכן, וואס מען מאכט צווישן גייסט און גייסט, צווישן ווערט און ווערט, צוויי־שן שיינקייט און צווישן שטאם און שטאם, זיינען שטענדיק מיעס און ווערן שטענדיק שלעכט אויפגענומען? איך, האר שערער, בין נישט נעפטון, דער גאט פונעם וואסער, און אויך פארלאנג איך נישט מען זאל מיך האלטן פאר א כאכעם, ווען איך בין עס נים. איך באמי מיך בלויז אויפצוקלערן דער וועלט איר טאעם דערמיט וואס זי באנייט נישט יענע גליקלעכע צייטן, ווען געגלאנצט האט דער ארדן פון דעם וואנדער־ריטערטום. נאר אונדזער פארדארבענע צייט איז נישט ראוי זי זאל געניסן דאס גוטס פון יענע צייטן, ווען די וואנדער־ריטער האבן אף זייערע פלייצעס געטראגן די פארטייטיקונג פון די לענדער, דעם שוץ פון די יונגפרויען, די הילף פאר די יעסוימים און פארוואָרלאזטע, די שטראף פאר די מוטוויליקע און דעם לוין פאר די שטילע און אונטערטעניקע. די מערסטע היינטי־קע ריטער האבן ליבערשט דעם שארך פון דעם דאמעסעקער זיידנס, פון די ברא־קאטן און אנדערע טייערע שטאפן, אין וועלכע זיי קליידן זיך, איידער די געקייטל־טע פאנצערס, וואס זיי ציען אן אף זיך. נישטא שוין די ריטער, וואס שלאפן אף די פעלדער אונטערן הימלס געוויטער, באוואפנט פון קאפ ביז די פיס. נישטא היינט יענע וואס בלייבן זיצן דורך די נעכט אינעם זאטל אף דער שפיז אנגע־שפארט און האקן, ווי זאגט מען עס, באם שלאף דעם קאפ אראפ, ווי די וואנ־דער־ריטער פלעגן דאס טאן. קיין איינער איז היינט נישטא וואס זאל אט ארויס פונעם וואלד, אט ארויף אפן בארג און באלד באטרעטן א וויסטן ברעג באם יאם, אפט א צעברויזטן, א צעשטורעמטן, און אז ער דערזעט דארט א שיפל אן רו־דערס, אן זעגלען, אן א מאסטבוים און אן שטריק, זאל ער מיט אומדערשראקענעם הארצן זיך אריינווארפן און זיך איבערגעבן די גרויזאמע כוואליעס פון טיפן יאם, וואס אט הויבן זי אים ביזן הימל און אט לאזן זיי אים ארונטער ביזן טעהאם, און איידער ער קוקט זיך ארום, מיט דער ברוסט אקעגן שטורעם, איז ער שוין דריי טויזנט מייל און נאך ווייטער פון דעם ארט, וווּ ער האט זיך ארייננגעזעצט, און ווען ער שפרינגט אראפ אף דער ווייטער און אומבאקאנטער יאבאשע, פאסירן מיט אים זאכן, וואס זיינען ווערט פארשריבן צו ווערן, נים אף פארמעט נאר אין בראנדז.

„נאָר הײַנט איז די פּױלקײט גװױער דעם פּלײַס, דאָס לײדיקגײן די אַרבעט, די זינד די טוגנט, די כוצפּע דעם מוט און די לערע פּונעם װאָפן, איר אָנװענדונג, װאָס געלעבט האָט זי נאָר אין די גאָלדענע צײַטן און צװישן דעם װאַנדער־ריטערטום. זאָגט מיר אַלײן, װער איז נאָך אַזױ אָרנטלעך און מעכטיק װי דער באַרימטער אַמאַדיס פון גאַולאַ? װער איז נאָך אַזױ קלוג װי פּאַלמערין דער ענגלישער? װער נאָך אַזױ פלינק און רירעװודיק װי טיראַנטע דער װײַסער? װער נאָך אַזױ גאַלאַנט װי ליסוראַט פון גריכנלאַנד? װער נאָך האָט אַזױ פיל מעסער־שטעך באַקומען און אַזױ פיל מעסער־שטעך אױסגעטײלט װי דאָן בעליאַניס? װער איז נאָך אַזױ אומדערשראָקן װי פּעריאָן פון גאַולאַ אָדער װער נאָך אַזאַ געפּאַר־זוכער װי פעליקסמאַרט פון הירקאַניע און װער נאָך אַזױ אױפריכטיק װי עספּלאַנדיאַן? װער איז נאָך אַזױ מוטיק װי דאָן ציראָנגיל פון טראַציע? װער נאָך אַזױ בראַװ װי ראָדאַמאָנטע? װער אַזױ אומבאַזיגט װי ראָלדאַן? און װער נאָך אַזױ שלאַנק און העפלעך װי רידזשער, װאָס פון אים קומען אַרױס די הײַנטיקע דוקסן פון פעראַראַ, לױט טורפּין אין זײַן „קאָסמאָגראַפיע”?

„די אַלע ריטער און נאָך אַ סאַך אַנדערע, װאָס איך װאָלט אײַך געקענט אױסרעכענען, האַר גאַלעך, זײַנען געװען װאַנדערער, די שײַן און רום פונעם ריטערטום. אָט אַזעלכע װי זײ, װאָלט איך װעלן זאָלן זײַן די װאָס איך שלאָג פאָר. װעלן זײ דאָס זײַן, װעט זײַן מאַיעסטעט זײַן גוט געדינט און װעט זיך אײַנשפּאָרן אַ סאַך געלט און דער טערק װעט בלײַבן זיצן אין דער הײם און זיך קראַצן די באָרד. און דאָך װיל איך בלײַבן זיצן בײַ מיר אין שטוב און קײן שום קאַפּעלאַן װעט מיך פון דאַנען נישט אַרױסנעמען, און אױב יופּיטער, װי דער שערער זאָגט, װעט נישט געבן קײן רעגן, בין איך דאָ פאַראַן און װעל רעגנען װען מיר װעט זיך גלוסטן. איך זאָג עס קעדײ דער האַר בעקן זאָל װיסן, אַז איך פאַרשטײ אים.

— גלױבט מיר, האַר דאָן קיכאָט, — האָט דער שערער געזאָגט, — אַז איך האָב נישט אַזױ װײַט געמײנט, און זאָל מיר אַזױ גאָט העלפן װי מײַן קאַװאָנע איז געװען אַ גוטע און אײַער גענעדיקײט דאַרף נישט ברוגז װערן.

— צי איך קען ברוגז װערן צי ניט, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט,

— דאָס איז שױן מײַן זאַך.

דערױף האָט דער גאַלעך זיך אָנגערופן:

— נאָך גוט װאָס איך האָב ביז איצט קימאַט קײן װאָרט נישט אַרױסגערעדט און איך װאָלט נישט װעלן בלײַבן מיט דעם סאָפעק װאָס בײַסט מיר דאָס געװיסן און אַרױסגערופן האָבן אים די רײד פון דעם האַר דאָן קיכאָט.

— נישט נאָר דאָס איז אײַך דערלױבט, האַר גאַלעך, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט — און איר מעגט אַרױסזאָגן אײַער סאָפעק. װאָרום עס איז גאָרניט אַזאַ געשמאַקע זאַך אַרומצוגײן מיט בײַסעניש אינעם געװיסן.

— מיט אָט דער באַװיליקונג אײַערער — האָט דער גאַלעך געענטפערט — זאָג איך אײַך, אַז מײַנע ספּײקעס נעמען זיך דערפון װאָס איך קען מיר בעשומױפן

גישט אײַנרײדן, אַז די גאַנצע מאַכנע װאַנדער־ריטער, װאָס אײַער גענעדיקײט, האר דאָן קיכאָט, האָט דאָ אױסגערעכנט, זײַנען מיט אַן עמעסן און װאַרהאַפטיק געװען מענטשן פֿון בלוט און פֿלײש דאָ אױף דער װעלט: מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז אַן אױסטראַכטעניש, אַ מאָשל אַזאַ און אַ ליגן, כּאַלױמעס דערצײלט פֿון װאַכנדיקע, אָדער ריכטיקער, האַלב פֿאַרשלאָפֿענע מענטשן.

— דאָס איז נאָך אײנער פֿון יענע טאָעסן, — האָט דאָן קיכאָט געענטפֿערט, — װאָס אין זײ פֿאַלן אַרײַן יענע װאָס גלױבן ניט, אַז געװען זײַנען אַזױנע ריטער אױף דער װעלט. און איך האָב אַ סאַך מאָל, בײַ פֿאַרשײדענע געלעגנהײטן און מיט פֿאַרשײדענע מענטשן, געפּרוּװט אַרױסברענגען דעם עמעס מיקױעך אָט דעם קימאַט אַלגעמײנעם טאָעס. נאָר טײלמאָל האָט זיך מיר מײַן פּרוּװ נישט אײַנגעגעבן און אַנדערע מאָל יאָ, װען איך האָב אים אױפֿגעלאָדן אױפֿן עמעס ער זאָל אים טראָגן. און דער עמעס איז אַזױ פֿעסט, אַז איך קען זאָגן איך אַלײן האָב געזען אַמאָדיס פֿון גאַולאַ, װאָס געװען איז ער אַ הױכער פֿאַרשױן מיט אַ װײַס פּאָנים, די באָרד אַ געפּוצטע, כאָטש אַ שװאַרצע, און אױגן האַלב בײזע, האַלב מילדע, קאַרג אױף אַ װאָרט, שװער צו דערצאָרענען, נאָר גרינג דעם קאַס אײַנצושטילן. און פּונקט װי איך האָב אָפּגעמאָלן אַמאַדיסן, װאָלט איך געקענט, דאַכט מיר, אָפּמאָלן און באַשרײַבן אַלע װאַנדער־ריטער, װאָס גײען אום איבער דער װעלט אין אָט די געשיכטעס. װאָרום מיט דער אַנונג, װאָס איך האָב, אַז געװען זײַנען זײ אַזױ װי די געשיכטע דערצײלט װעגן זײ, און לױט די מײַסים װאָס זײ האָבן אױפֿגעטאָן און לױט די מידעס װאָס זײ האָבן פֿאַרמאָגט, קען מען מיט אַ היבש ביסל פֿילאָזאָפֿיע אַרױסבאַקומען זײער פּנים, זײער קאָליר און געשטאַלט.

— װי גרױס, שטעלט אײַך פֿאָר אײַער גענעדיקײט, מײַן האר דאָן קיכאָט — האָט געפֿרעגט דער שערער, — האָט באַדאַרפֿט זײַן דער ריז מאָרגאַנטע?

— װאָס שײַעך די ריזן — האָט דאָן קיכאָט געענטפֿערט — זײַנען פֿאַראַן פֿאַרשײדענע מײנונגען, צי זײַנען זײ געװען אױף דער װעלט אָדער ניט. נאָר די הײליקע שריפֿטן, װאָס קענען קײן אײן אָטאָם פֿונעם עמעס נישט רירן, באַװײַזן אונדז, אַז זײ זײַנען יאָ געװען, װען זײ דערצײלן אונדז די מײַסע מיט דעם ריז גאָליאַס, װאָס איז געװען זיבן מיט אַ האַלבן אײל די הױך, װאָס דאָס איז אַן אומגעהױערע װוּקס. אױך האָט מען געפֿונען אױפֿן אינדזל סיציליע אַזױנע גרױסע פֿוס־בײנער און רוקן־בײנער, װאָס באַװײַזן, אַז די צו װעמען זײ געהערן, זײַנען געװען ריזן, גרױס װי די טורעמס. די געאָמעטריע באַזײַטיקט שױן יעדן ספֿק מיקױעך דעם עמעס. פֿונדעסטװעגן, קען איך אױף זיכער נישט זאָגן װי גרױס עס איז געװען מאָרגאַנטע. איך שטעל מיר נאָר פֿאָר, אַז גאָר הױך איז ער נישט געװען. איך דרינג עס דערפֿון װאָס אין דער געשיכטע װוּ עס דערצײלט זיך װעגן זײַנע העלדישקײטן, װערט אָפּט דערמאָנט, אַז געשלאָפֿן איז ער אונטער אַ דאַך, און אױב ער האָט געפֿונען אַ שטוב װוּ אַרײַנצוגײן, איז ער מיסטאָמע נישט געװען איבעריק הױך.

— ריכטיק — האָט זיך אָנגערופן דער גאַלעך, וואָס האָט ליב געהאַט הערן ווי ער זאָגט אַרויס די גרויסע אומזינס, און האָט אים געפרעגט וואָסערע פּעניטער, דענקט ער, האָבן געהאַט רעינאַלדאָס פון מאָנטאַלבאַן, ראָלדאַן און די צוועלף פּאַרן פון פראַנקרײַך, וואָס אַלע זײַנען זיי געווען וואַנדער־ריטער.

— וועגן רעינאַלדאָס — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט — דערוועג איך מיר צו זאָגן, אַז ער האָט געהאַט אַ ברייט פּאָנים, אַ רויטס, מיט טאַנצנדיקע אַביסל אַרויסגעשטאַרצטע אויגן, אַן אָרנטלעכער און גרינג אויפצוזידן, אַ פרײַנט פון גאַנאָווים און פאַרדאָרבענע לײַט. וועגן ראָלדאַן אָדער ראָטאָלאַנד אָדער אָרלאַנד, וואָס די געשיכטעס רופן אים מיט די אַלע נעמען, האָב איך דעם אײַנדרוק און איך ווער דערין וואָס ווײַטער אַלץ זיכערער, אַז געווען איז ער פון מיטעלן וווּקס, אַ ברייטפּלייציקער, מיט פּעסלדיקע פיס, דאָס פּאָנים ברוין און די באָרד אַ רויטע, דאָס לײַב האָריק און מיט דראָענדיקע אויגן, קאַרג אַפן וואָרט, נאָר דערפאַר העפלעך און דערצויגן.

— וואָלט ראָלדאַן נישט געווען אַזאַ ווילדערצויגענער, ווי אײַער גענעדיקייט זאָגט — האָט דער גאַלעך געענטפערט — וואָלט עס קיין וווּנדער נישט געווען וואָס די שיינע דאַמע אַנגעליקע האָט אים אָפּגעשטויסן און זיך געלאָזט פאַרפירן פון דעם גלאַנץ, פון דער עלעגאַנץ און פון דעם חן, וואָס יענער מאָרישער באָכערל מיט דעם קוים שפּראָצנדיקן בערדל, האָט פאַרמאָגט, און האָט זיך אים איבערגעגעבן, און געהאַט האָט זי סייכל גיכער צו פאַרווײַבערישן מעדאָראָס ווייכקייט איידער ראָלדאַנס האַרטקייט.

— אָט די אַנגעליקע, האַר גאַלעך, האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — איז געווען אַ לייכטזיניק ווײַבל, אַ לויפּערקע און אַ קאַפּריזנע, און האָט פול געמאַכט די וועלט מיט איר העפקייִרעס ווי מיט דעם שעם פון איר שיינקייט. אָפּגעשטויסן האָט זי פון זיך אַן אַ שיר הארן, גיבויִרים און כאַכאָמים און האָט זיך צופרידנגעשטעלט מיט אַ באַרימערישן מעשאָרעסל, אָן אַ נאָמען און אָן פאַרמעגן, אויסער דעם לוין וואָס ער האָט געקענט באַקומען אויס דאַנק פאַר געטרײַער פרײַנטשאַפט. דער גרויסער באַזינגער פון איר שיינקייט, דער באַרימטער אַריאָסטאָ, צי דערפאַר וואָס ער האָט זיך נישט דערוועגט אָדער ער האָט נישט געוואָלט זינגען וואָס מיט דער דאַמע איז געשען נאָך איר מיעסן איבערגעבן זיך, וואָס מיסטאָמע זײַנען עס געווען ניט קיין צו אָרנטלעכע זאַכן, האָט זי איבערגעלאָזט דאָרט ווו ער זאָגט:

און ווײַל באַקומען האָט זי פון קיטאַי דעם סצעפּטער,
וועט עפשער זינגען בעסער שוין אַ צווייטער.

און זיכער איז עס געווען ווי אַ מין נעוווּע, וואָרום די פּאָעטן רופן זיך אויך וואַטן, וואָס דאָס מיינט טרעפער. און זעט ווי עמעס דאָס איז, מאַכמעס שפּעטער האָט דאָ אַ באַרימטער אַנדאַלוזער פּאָעט געוויינט און באַזונגען אירע טרערן און אַ צווייטער באַרימטער און איינציקער קאַסטיליאַנער פּאָעט האָט איר שיינקייט באַזונגען.

— זאָגט מיר, האַר דאָן קיכאָט, — האָט דערויף דער שערער זיך אָנגערופן, — צי האָט זיך נישט געפונען צווישן די אַלע פּאָעטן וואָס האָבן די דאַמע געלויבט, כאָטש איינער וואָס זאָל אויף איר אָנשרײַבן אַ סאַטירע?

— איך מיין — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט — אַז ווען סאַקריפּאַנט אָדער ראָלדאַן וואָלטן געווען פּאָעטן, וואָלטן זיי מיר שוין געוועסט געהאַט דאָס ווײַבל אָנגעזייפט. וואָרום בא די פּאָעטן פירט זיך שוין אזוי, אַז ווען זיי ווערן אָפּגעשטויסן אָדער נישט צוגעלאָזט צו זייערע אויסגעטראַכטע דאַמען, אָדער וואָס זיי טראַכטן אוים פאַר די קאַוואַלירן וואָס זיי האָבן אין געדאַנק, זײַנען זיי זיך נויקעם מיט סאַטירעם און פּאַמפלעטן. ס'איז אַ נעקאָמע, וואָס פּאַסט נישט, נאַטירלעך, פאַר גרויסמוטיקע ברוסטן. נאָר דערווײַל איז נאָך צו מיר נישט דערגאַנגען אַזאַ יעדיע עמיצער זאָל געווען אָנשרײַבן אַ באַליידיקנדיק ליד קעגן דער דאַמע אַנגעליקע, וואָס האָט די וועלט אויפגעבראויזט.

— אַ וואונדער! — האָט דער גאַלעך געזאָגט.

און בא די ווערטער האָבן זיי דערהערט ווי די דינסט מיט דער פּלימעניצע, וואָס זײַנען געהאַט אוועק אינמיטן געשפּרעך, שרײַען אין הויף אויף די העכסטע קוילעס און אַלע זײַנען אַהין אַרויס אויף דעם געשריי.

## צווייטער קאַפּיטל

### ווי עס רעדט זיך וועגן דער גרויסער קריגערײַ, וואָס האָט זיך פאַרפירט צווישן סאַנטשאָ פּאַנצאַ מיט דאָן קיכאָטס פּלימעניצע און זײַן דינסט און וועגן אַנדערע לאַכעדיקע מײַסים

די געשיכטע דערציילט, אַז די קוילעס, וואָס דאָן קיכאָט, דער גאַלעך און דער שערער האָבן דערהערט, זײַנען געקומען פון דער פּלימעניצע און דער דינסט, וואָס האָבן געשריגן אויף סאַנטשאָ פּאַנצאַן לעמאַי ער רײַסט זיך אַרײַנגיין צו דאָן קיכאָטן און זיי האָבן אים די טיר פאַרשטעלט:

— וואָס האָט דאָ צו טאָן אין דעם הויז דער גראָבער נעפעש? גייט אײַך אַהיים, ברודער, וואָרום נאָר איר און ווײַטער קיינער פאַרדרייט מײַן האַר דעם קאָפּ און איר נאַרט אים אַרויס און פירט זיך אַרום מיט אים אין אויסרײַסעניש.

און דערויף האָט סאַנטשאָ געענטפערט:

סאַטנס דינסט, נישט דײַן האַר, נאָר א י ך בין פאַרפירט געוואָרן און אַרומגעשלעפּט איבער די אויסרײַסענישן: דאָס האָט ער מ י ך אַרומגעפירט איבער דער וועלט און איר האָט אַ טאָעס אין סאַמע רעכטן פּרײַז. דאָס האָט ער מ י ך אַרויסגעשלעפּט פון דער היים מיט אַלערליי שפּיצלעך און האָט מיר צוגעזאָגט אַן אינדזל, וואָס איך וואַרט נאָך דערויף.

— אַ בייזער אינדזל זאָל דיך פאַרטרענקען, — האָט די פּלימעניצע געענטפערט,

— פאַרשאָלטענער סאַנטשאָ! וואָס מיינסטו דיר איז אָן אינדזל? ס'איז עפּעס צום עסן, דו נאַשער, פרעסער וואָס דו ביזט?

— נישט צום עסן — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — נאָר צום רעגירן און אָנ־פירן נאָך בעסער ווי מיט אַ סאַך שטעט און בעסער ווי אַ סאַך הויפּישע בירגער־מייסטערס.

— און דאָך — האָט די דינסט געזאָגט — וועסטו אַהערצו נישט אַרײַנגייִן. דו זאַק מיט רישעס און טאָרבע מיט בייזע מײַסים. גייט רעגירט אײַער שטוב און באַאַרבעט אײַער שטיקל פעלד און לאָזט אײַך אָפּ פון די אינדזלען מיט די אינדזלעך.

דער גאַלעך מיט דעם שערער האָבן אָנגעקוואָלן פאַר נאַכעס אויסהערנדיק דעם געשפּרעך, וואָס האָט זיך צווישן יענע דרײַ געפירט, נאָר דאָן קיכאָט האָט מוירע געהאַט סאַנטשאָ זאָל זיך נישט אויפטרעגנען און אויסשיטן פון זיך אַ הויפן בייזע נאַרישקייטן און זאָגן אַזעלכס וואָס זאָל אים נישט טויגן, און ער האָט אים אַרײַנגע־רופן און די ווײַבער האָט ער אײַנגעשטילט און געהייסן אים אַרײַנלאָזן. סאַנטשאָ איז אַרײַנגעקומען און דער גאַלעך און דער שערער האָבן זיך געזעגנט מיט דאָן קי־כאָטן, וואָס זײַן געזונט האָט זיי באַאומרויִקט ווען זיי האָבן געזען ווי פאַרכאַפּט ער איז פון זײַנע מעשוגענע געדאַנקען און ווי דורכגענומען ער איז מיט דער טיפשעס פון זײַנע ריטערישע וואַנדערונגען און דער גאַלעך האָט זיך אָנגערופן צום שערער מיט די ווערטער:

— איר וועט זען, גוטער ברודער, ווי אונדזער פאַריץ וועט זיך אין איינעם אַ טאָג אויפהייבן, ווען קיינער וועט זיך אָפּ דערויף נישט ריכטן און וועט ווידער אַרױ־בערפליען אָפּ יענער זײַט.

— בײַ מיר איז גאָר קיין ספּפעק נישט — האָט דער שערער געענטפערט — נאָר מיך וואונדערט נישט אַזוי דאָס מעשוגאַעס פונעם ריטער ווי די טמימעס פונעם וואָפּנ־טרעגער, וואָס איז אַזוי פאַרגלויבט אינעם אינדזל, אַז איך האָב מוירע קיין שום אַנטוישונגען וועלן עס אים שוין פונעם קאָפּ ניט אַרויסשלאָגן.

— זאָל זיך גאָט אָפּ זיי מעראַכעם זײַן — האָט דער גאַלעך געזאָגט — און מיר וועלן שטיין און קוקן. מירן זען ווי ווײַט קען דערפירן אָט די מאַשין מיט אומזין דעם ריטער מיט דעם וואָפּנטרעגער, וואָסביידן, דאַכט זיך, האָט מען אין איין פורעם געגאָסן, און דעם האַרם מעשוגאַעס אָן דעם דינערס טיפּשעס וואָלט אַ פּרוטע נישט די ווערט געהאַט.

— ריכטיק — האָט דער שערער געזאָגט — און איך בין אַ באַלן צו וויסן וואָס וועלן זיי ביידע איצט ריידן צווישן זיך.

— איך בין אײַך אָרעוו, אַז די פּלימעניצע אָדער די דינסט, וועלן אונדז שוין אַלץ איבערגעבן, וואָרום זיי וועלן זיך נישט קענען אײַנהאַלטן און זיך אונטערהערן.

בעיים מײַסע האָט דאָן קיכאָט זיך פאַרשלאָסן מיט סאַנטשאָן בײַ זיך אין כיי־דער און, צווישן פיר אויגן, האָט ער אים אַזוי געזאָגט:

— מיך פאַרדריסט עס שטאַרק, סאַנטשאָ, וואָס דו האָסט געזאָגט און דו כאַ־זערסט אַלץ איבער, אַז איך האָב דיך פאַרפירט, דעמאָלט ווען דו ווייסט, אַז איך

בין נישט געבליבן זיצן אין דער היים. ביידע זײַנען מיר ארויסגעפאָרן, ביידע האָבן מיר זיך אוועקגעלאָזט און ביידע האָבן מיר געוואַנדערט, איין מאָל און איין גורל האָבן מיר ביידע געהאַט: אויב דיך האָט מען איינמאָל געהעצקעט, האָט מען מיר הונדערט מאָל די ביינער געבראָכן און דאָס איז מײַן פאַרהאַנט קעגנ׳בער דיר.

— אזוי איז געווען אינעם אָפּמאַך — האָט סאַנטשאָ געענטפערט — וואָרום ווי איר אַליין, אײַער גענעדיקייט, זאָגט, זײַנען די אָנשיקעניש מער אייגן די ריטער ווי זייערע וואָפּנטרעגער.

— האָסט אַ טאָעס, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט — לויט דעם קלאַל: קוואַנדאָ קאַפּוט דאָלעט... און אזוי ווײַטער.

— איך פאַרשטיי ניט קיין אַנדער לאָשן אַכוץ מײַן אייגענעם — האָט סאַנטשאָ געענטפערט.

— דאָס מיינט — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — אַז ווען דער קאָפּ טוט וויי, טוען ווי אַלע איבורים. און אזוי ווי איך בין דײַן האַר און באַלעבאָס, בין איך דײַן קאָפּ און דו ביזט אַ טייל פון מיר, מאַכמעס דו ביזט מײַן דינער. און דיר מוז דערום וויי טאָן ווען מיר פאַסירט עפּעס שלעכטס, און מיר ווען דיר.

— אזוי וואָלט עס באַדאַרפט זײַן — האָט סאַנטשאָ געזאָגט; — נאָר ווען מען האָט מיך געהעצקעט ווי אַן איבוער, איז זיך מײַן קאָפּ געשטאַנען הינטערן פּאַרקן און האָט צוגעזען ווי איך פלי אין דער לופטן און אים האָט נישט אָנגעהויבן וויי טאָן, כאָטש אזוי ווי די איבורים זײַנען מעכויעוו צו פילן דעם קאָפּס ווייטיק, וואָלט ער באַדאַרפט פילן דעם ווייטיק פון די איבורים.

— דערמיט מיינסטו צו זאָגן, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט — אַז מיר האָט נישט וויי געטאָן ווען מען האָט דיך געהעצקעט? איז אויב דו מיינסט אזוי, זאָלסטו עס מער נישט זאָגן און מער נישט מיינען, וואָרום געפילט האָב איך דעמאָלט מער ווייטיק אין דער נעשאָמע ווי דו אינעם גוף. נאָר לאָמיר דאָס דערווײַל אוועקלייגן אַן אַ זײַט, מירן נאָך צײַט האָבן די זאַך אוועקצושטעלן אַף איר אָרט, און זאָג מיר, סאַנטשאָ פרײַנט, וואָס רעדט מען וועגן מיר דאָ אין שטעטל? וואָס טראַכט פון מיר דער האָמוין, וואָס פאַר אַ מיינונג האָבן די אַדעליקע און וואָס זאָגן די קאַוואַלירן? וואָס זאָגן זיי וועגן מײַן גוווּרע, וועגן מײַנע אויפטוען און וועגן מײַן העפלעכקייט? וואָס שמועסט מען וועגן דעם וואָס איך האָב מיך אונטערגענומען ווי־דער אויפצולעבן און צוריקברענגען דער וועלט דעם שוין פאַרגעסענעם ריטער־אָרדן? און נאָך, וויל איך, סאַנטשאָ, זאָלסט מיר זאָגן, וואָס אזוינס איז פון דעם אַלעמען דערגאַנגען צו דײַנע אויערן. און דו דאַרפסט קיין איין אָס נישט צוגעבן דערצו קיין אייגנס צום גוטן און קיין איין וואָרט נישט אַראָפּנעמען פונעם שלעכטן, וואָרום פון געטרײַע דינער פאָדערט זיך זיי זאָלן זאָגן זייערע האַרן דעם עמעס אזוי ווי ער איז, די כניפע זאָל אים נישט פאַרגרעסערן און דער פוסטער דערעכערעץ זאָל אים נישט פאַרמינערן. איך וויל, סאַנטשאָ, דו זאָלסט וויסן, אַז ווען צו די פירשטן וואָלט גע־וועסט געווען דערגאַנגען דער נאַקעטער עמעס, נישט באַקליידט מיט כניפע, וואָלטן איצט אַנדערע יאָרהונדערטער געווען, אַנדערע עפּאָכעס וואָלט מען געהאַלטן פאַר

נאָכמער אײַזערנע ווי אונדזערע, וואָס לויט מײַן מיינונג איז גאָר היינטיקע עפּאָכע די גאָלדענע. נוץ דיך מיט דער וואָרענונג, סאַנטשאָ, און ברענג מיר צו קלוג און מיט גוטע קאַוואַנעס דעם עמעס ווענן אַלץ וואָס דיר איז באַוווּסט און וואָס איך האָב דיך געפרעגט.

— איך וועל דאָס זייער גערן טאָן, מײַן האַר, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט.

— נאָר מיט איין תּנאַי, אַז אײַער גענעדיקייט זאָל נישט צערענען דערפון וואָס איך וועל אײַך זאָגן, אויב איר ווילט איך זאָל עס אײַך זאָגן נאַקעט, נישט באַקליידט מיט אַנדערע מאַלבושים ווי נאָר מיט די וואָס די זאַכן האָבן געטראָגן בעיים זיי זײַנען צו מיר דערגאַנגען.

— איך וועל אַף קיין שום אויפן נישט צערענען — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט.

— דו מעגסט ריידן פרײַ, סאַנטשאָ, און נישט דרייען זיך אַרום און אַרום.

— אויב אַזוי, זאָג איך אײַך — האָט ער געזאָגט, — אַז דער פּאָשעטער אויילעם האַלט אײַך פאַר אַ גאָר גרויסן מעשוגענעם, און מיך פאַר אַ נישט קלענערן טיפּעש. די אַדעליקע זאָגן, אַז אײַער גענעדיקייט האָט אײַך צוגעטשעפּעט אַ „דאָן", דעמאָלט ווען איר האַלט אײַך נישט אינעם גוויל פון דער אַדעליקייט, און איר האָט אײַך אַרײַנגעריסן צווישן די קאַוואַלירן מיט פיר ביימלעך און צוויי מאָרגעס ערד, און מיט איין שמאַטע פון פאָרנט און איינער פון הינטן. די קאַוואַלירן זאָגן, אַז זיי וואָלטן נישט וועלן די אַדעליקע זאָלן זיך זיי אָקעגנשטעלן, ביפראַט יענע נידעריקע אַדעליקע, וואָס פּוצן זיך אַליין די שיך און פאַרצירעווען זיך די שוואַרצע זאָקן מיט גרינע פעדים.

— צו מיר — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט — האָט עס ניט, וואָרום איך קלייד מיך שטענדיק לײַטיש און אָן לאַטעס; צעריסן, קען זײַן, אָבער נישט פון אַלטקייט נאָר פון טראָגן דאָס געווער.

— וואָס שייעך — האָט סאַנטשאָ ווײַטער געזאָגט, — אײַער גוווּרע, אײַער העפלעכקייט, אײַערע אויפטועכצער, זײַנען די מיינונגען פאַרשיידן: טייל זאָגן מעשוגע אָבער מיט כיין, אַנדערע זאָגן העפלעך אָבער מיט העפקיירעס, און מען דערציילט זיך אָן פון אונדז אַזוי פיל זאַכן, אַז נישט אײַער גענעדיקייט און נישט איך קומען מיר אַרויס פון זיי מיט גאַנצע ביינער.

— הער מיך אויס, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — אומעטום ווו עס באַווײַזן זיך פעיִקייטן אין אַ העכערער מאָס, ווערן זיי פאַרפאָלגט. נישטאָ קימאַט קיין איינער פון די באַרימטע מענטשן, וואָס זאָל האָבן אָפּגעלעבט זײַנע יאָרן אַ נישט באַרעדטער. יוליוס צעזאַר, דער פּלייסיקער, דער קלוגער און מוטיקער מילכאָמע־פירער, האָט געהאַט אַ נאָמען פון אַן אַמביציעזן און פאַר נישט גאָר קיין ריינעם באַ זיך, סײַ אין דער קליידונג און סײַ אין דער אויפירונג. אַלעקסאַנדער, וואָס פאַר זײַנע מײַסים האָט מען אים גערופן דער גרויסער, איז געווען, זאָגט מען, אין אַ געוויסער מאָס אַ שיקער. ווענן הערקולעסן, דעם גיבער און אויפטוער, דערציילט מען, אַז ער איז געווען אַ באַלטײַווע און האָט ליב געהאַט דאָס בעט. ווענן דאָן גאַלאַאָר, אַ ברודער פון אַמאַדיס פון גאַולאַ, שמועסט מען, אַז ער איז געווען מער ווי צופיל יאַבעדניק, און

וועגן זײַן ברודער, אַז ער איז געווען אַ ווײַנער. און צווישן אַט די רעבילעסן וועגן די גוטע, וועלן דערום אַדורכגײן אויך די רעבילעסן וועגן מיר, אָ, סאַנטשאָ, אויב זיי זײַנען נישט מער ווי די וואָס דו דערציילסט.

— אין דעם גייט עס דאָך, פּאַטער געטרײַער! — האָט סאַנטשאָ אָפּגעענטפערט.

— וואָס זשע, פאַראַן נאָך? — האָט דאָן קיכאָט געפרעגט.

— עס פעלט נאָך דעם עק אָפּצושינדן, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט. — דאָס איז גאָר טאָרט מיט פײַנקוכן, נאָר טאָמער ווילט איר הערן סאָרא רעבילעסן מען רעדט וועגן אײַך, קען איך אײַך טייקעף ברענגען אַהער איינעם, וואָס וועט זיי אײַך אַלע אויסדערציילן, עס זאָל אַפילו אַ ברעקל נישט בלײַבן. נעכטן איז אַהיימגעקומען באַר־טאָלאָמעאָ קאַראַסקאָס זון, דער וואָס שטודירט אין סאַלאַמאַנקאַ, שוין אַ באַקאַלאַוור, בין איך געגאַנגען אים שאַלעם אָפּגעבן, דערציילט ער מיר, אַז די געשיכטע פון אײַער גענעדיקייט איז שוין אין ביכער באַשריבן מיט דעם נאָמען „דער אַדעליקער באַלמויעך דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ" און איך ווער דאָרט דערמאָנט מיט מײַן אייגענעם נאָמען סאַנטשאָ פּאַנצאַ, אויך די דאַמע דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ, מיט נאָך זאַכן, וואָס האָבן פּאַסירט מיט אונדז אַליין. פאַר שרעק האָב איך מיך אַזש איבערגע־צײלעמט, ווי אַזוי האָט דאָס געקענט ווי סן דער געשיכטע־שרײַבער, וואָס האָט זיי באַשריבן.

— איך בין זיכער, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט — אַז דער דאָ־זיקער געשיכטע־שרײַבער מוז זײַן עפּעס אַ געלערנטער אַ קישעפמאַכער. וואָרום פאַר די לײַט איז קיין זאַך נישט פאַרהוילן פון דעם וואָס זיי ווילן באַשרײַבן.

— ווי זשע קומט עס — האָט סאַנטשאָ געזאָגט — אַז דער מעכאַבער פון דער געשיכטע, ווי סאַמסאָן קאַראַסקאָ זאָגט (וואָס אַזוי רופט מען דעם באַקאַלאַוור), אויב ער איז אַ געלערנטער און אַ קישעפמאַכער, זאָל הייסן סידע האַמעטע בע־רענכענאַ!

— דאָס איז אַ מאָרישער נאָמען. — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט.

— אַפּאָנים אַזוי — האָט געענטפערט סאַנטשאָ, — וואָרום לויט ווי איך האָב געהערט, האָבן די מאָרן שטאַרק ליב בערענכענאַס (בלויע טאָמאַטן).

— דו מוזט אַוודע אַ טעות האָבן, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — אינעם נאָמען פון דעם סידע, וואָס אין אַראַביש מיינט עס האַר.

— גאַנץ מעגלעך — האָט סאַנטשאָ אָפּגעענטפערט, — נאָר אויב אײַער גע־נעדיקייט ווײל, וועל איך אים אײַך אַהערברענגען, איך לויף שוין.

— וועסט מיר גרויס פאַרגעניגן פאַרשאַפן, פרײַנט מײַנער — האָט דאָן קי־כאָט געזאָגט, — וואָרום דאָס וואָס דו האָסט מיר געזאָגט, האַלט מיך געשפּאַנט, און מיר וועט דאָס עסן נישט אײַנגיין, ביז איך וועל מיך נישט פון אַלץ דערוויסן.

— גיי איך אים טאַקע שוין די מינוט ברענגען. — האָט סאַנטשאָ געענט־פערט.

און איבערגעלאָזט האָט ער זײַן האַר און איז אַוועק אויפזוכן דעם באַקאַלאַוור. אין אַ קורצער ווײַל אַרום איז ער צוריקגעקומען און אַלע דרײַ האָבן זיי פאַר־בראַכט אין אַ זייער פײַנעם שמועס.

## דריטער קאַפּיטל

### וועגן די לעכערלעכע האַשאָרעס, וואָס זײַנען אַרויסגעבראַכט געוואָרן צווישן דאָן קיכאָטן, סאַנטשאָ פּאַנצאַן און דעם באַקאַלאַווער סאַמסאָן קאַראַסקאָ

אויסערסט פֿאַרטראַכט איז דאָן קיכאָט געבליבן וואַרטן אויף דעם באַקאַלאַוור קאַראַסקאָ, וואָס געריכט האָט ער זיך צו הערן פֿון אים די ידיעות וועגן זיך אַליין, אַרויסגעבראַכטע אין אַ בוך, ווי סאַנטשאָ פּאַנצאַ האָט געזאָגט, און ער האָט זיך אַליין נישט געקענט גלויבן, אַז אַזאַ געשיכטע זאָל זיך מיט אַן עמעצן געפֿינען, ווײַל נאָך נישט אָפּגעטרוקנט איז נאָך געווען אויף דער קלינג פֿון זײַן שווערד דאָס בלוט פֿון די שׂונאים, וואָס ער האָט צום טויט איבערגעגעבן, און שוין וויל מען זאָלן זײַנע הויך-ריטערלעכע מעשׂים אומגיין אין געדרוקטע אויסיעס. דאָך, האָט זיך אים פֿאָרגעשטעלט, אַז עפּעס אַ געלערנטער, זײַנער אַ פֿרײַנט אָדער אַ שׂונא האָט דורך אַ כּישוף זיי איבערגעגעבן צום דרוק; אויב אַ פֿרײַנט, — כּדי זיי צו הייבן און אַרויסצוהייבן איבער די באַרימסטע ריטערלעכע מעשׂים; אויב אַ שׂונא, — כּדי זיי צעניכטיקן און זיי אַרויסשטעלן נידעריקער פֿון די נידעריקסטע וואָס מען האָט ווען פֿאַרשריבן פֿון אַ ליאַדע אומווירדיקן וואָפֿנטרעגער. כאָטש (האָט ער זיך געטראַכט), מען האָט נאָך ביז הײַנט קיין וואָפֿנטרעגערישע מעשׂים נישט פֿאַרשריבן. נאָר אויב עס זאָל עמעס זײַן, אַז אַזאַ געשיכטע איז פֿאַראַן, איז אויב נאָר זי איז פֿון אַ וואַנדער-ריטער, מוז זי זײַן הויכפּראַלנדיק, הויכווירדיק, אויסטערליש, פּרעכטיק און וואָרהאַפֿטיק. דערמיט האָט ער זיך אַביסל געטרייסט. נאָר צוגענומען האָט בײַ אים די טרייסט דאָס וואָס דער מחבר איז אַ מאָר, לויט דעם נאָמען סידע, און פֿון מאָרן איז נישט צו דערוואַרטן עפּעס אַ וואָר וואָרט, וואָרום אַלע זײַנען זיי שווינדלער, פֿעלשער און פֿאַנטאַזיאָרן. געשראָקן האָט אים טאָמער רעדט ער וועגן זײַנע ליבעס מיט אַ געוויסער ניט אָנשטענדיקייט, וואָס קען זײַן צום שאָדן פֿון זײַן דאַמע דולצינעאַ פֿון טאָבאָסאָ. געוואָלט האָט ער יענער זאָל האָבן אַרויסגעבראַכט די געטרײַשאַפֿט און דערעכערעץ וואָס ער האָט שטענדיק צו איר געפֿילט בײַ זיך אין האַרצן, ווען אַפֿילו ניט אומגעקוקט האָט ער זיך אויף קיניגנס, אויף הערשערנס און אויף יונגפֿרויען פֿון אַלע שטאַנדן און האָט געהאַלטן אויף אַ מײַל פֿון זיך דעם אימפּעט פֿון נאַטירלעכן דראַנג. און אָט אַזוי פֿאַרוויקלט און איבערגעוויקלט אין די אַלערליי דימיוינעס, האָבן אים געטראָפֿן סאַנטשאָ און קאַראַסקאָ, וואָס דאָן קיכאָט האָט אים אויפֿגענומען זייער העפֿלעך.

געווען איז דער באַקאַלאַוור, כאָטש גערופֿן האָט מען אים סאַמסאָן, נישט

גאָר קיין געוויקסיקער, דערפאַר אָבער אַ גרויסער כיטראַק. אַבּיסל אַן אָפּגעבליאַ־קעוועטער, נאָר אַ גאַנץ פאַרשטאַנדיקער. אַלט געווען איז ער אַ יאָר פיר און צוואַנ־ציק, מיט אַ קײַלעכדיקן פּאָנים, אַ פּלאַטשיקער נאָז און אַ גרוים מויל. אַלץ סימאַ־נים פון אַן אָפּשפּעטער, וואָס האָט ליב שפּאַסן און כויזעק מאַכן, ווי ער האָט דאָס באַוויזן ווי נאָר ער האָט דערזען דאָן קיכאָטן און האָט זיך געשטעלט פאַר אים אױף די קניען און צו אים אַזוי געזאָגט:

— זאָל מיר אײַער גרויסקייט געבן די הענט, האר דאָן קיכאָט, און איך שווער אײַך בײַ דעם קלייד פון דעם הייליקן פּעטער, וואָס איך טראָג, כאָטש איך באַזיץ בלויז די ערשטע פיר אָרדנס, אַז אײַער גענעדיקייט איז איינער פון די באַ־רימטסטע וואַנדער־ריטער, וואָס זײַנען ווען געווען און וועלן זײַן איבער דעם גאַנצן קיילעך פון דער ערד. געבענטשט זאָל זײַן סידע האמעטע בענענגעלי, וואָס האָט אָנגעשריבן די געשיכטע פון אײַערע גרויסע מעַשׂים און טאָפּלט געבענטשט זאָל זײַן יענער נײַגיריקער מענטש, וואָס האָט געזאָרגט זי זאָל איבערגעזעצט ווערן פון אַראַביש אין אונדזער פּאָשעטן קאַסטעליאַנאַ צום אַלגעמיינעם געַנוס פונעם אוילעם!

געהייסן האָט אים דאָן קיכאָט אויפשטיין און אים געזאָגט:

— הייסט עס, אַז ס׳איז בעעמעס פאַראַן מײַנע אַ געשיכטע און אַז פאַר־פאַסט האָט זי אַ מאַר און אַ געלערנטער?

— אַזוי עמעס, — האָט סאַמסאָן געזאָגט, אַז ווי מיר איז באַקאַנט, זײַנען שוין פון דער געשיכטע אָפּגעדרוקט צוועלף טויזנט ביכער. אַ באַווײַז איז פּאָר־טוגאַל, באַרצעלאָנע און וואַלענסיע, וווּ זיי זײַנען געדרוקט, און פאַראַן איז שוין אויך אַ יעדיע, אַז מען דרוקט זיי אויך אין אַנטווערפּן, און מיר דאַכט זיך, אַז עס וועט נישט זײַן קיין איין פאָלק און קיין איין לאָשן, וואָס זאָל זי נית האָבן אי־בערגעזעצט.

— איינע פון די זאַכן — האָט דאָן קיכאָט דערויף געזאָגט, — וואָס קענען אַ באַגאַבטן און אָנגעזעענעם מענטשן פרייד פאַרשאַפן, איז ווען ער זעט זיך, בײַם לעבן, אומגיין מיט אַ גוטן נאָמען איבער די לעשוינעס פון די פעלקער אַ גע־דרוקטער. מיט אַ גוטן נאָמען, זאָג איך, וואָרום ווען פאַרקערט, איז קיין שום טויט צו אים נישט גלײַך.

— אויב מען רעדט פון אַ גוטן נאָמען און פון באַרימט זײַן, — האָט דער באַקאַלאַוור געזאָגט, — האָט אײַער געַנעדיקייט די אויבערהאַנט איבער אַלע אַנ־דערע וואַנדער־ריטער. וואָרום דער מאַר אין זײַן שפּראַך און דער קריסט אין זײַנער, האָבן זיך באַמיט אונדז אָפּצומאָלן גאַנץ לעבעדיק די שלאַנקע געשטאַלט פון אײַער געַנעדיקייט, דעם גרויסן מוט אויפצונעמען געפאַר, די געדולד בעיים דעם דורכפאַל און דאָס איבערטראָגן די מאַפּאָלעס ווי די וווּנדן, די אָרנטלעכקייט און די אָפּגעהאַלטנקייט אין דער פּלאַטאָנישער ליבע פון אײַער געַנעדיקייט און פון מײַן הארנטע דאָניאַ דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ.

— זינט איך לעב — האָט סאַנטשאָ פּאַנצאַ דערבײַ זיך אָנגערופן, — האָב

איך נישט געהערט מען זאָל באַטיטלען מײַן הארנטע דולצינעא מיט א דאָן, נאָר פּאָשעט הארנטע דולצינעא פון טאָבאָסאָ, און שוין דערמיט אַליין איז די געשיכטע א פארגרײַזטע.

— א נישט וויכטיקער טאָעס, — האָט געענטפערט קאַראַסקאָ.

— בעמעמס נישט קיין וויכטיקער — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט; — נאָר זאָגט מיר, אײַער גענעדיקייט, האר באַקאַלאַוור, וועלכע פון מײַנע מײַסים ווערן צום מערסטן גערימט אין דער געשיכטע?

— פאראַן זײַנען וועגן דעם — האָט דער באַקאַלאַוור געענטפערט, — פאר־שיידענע מיינונגען, פּונקט ווי עס זײַנען פאראַן פאַרשיידענע גוסטן; טייל געפעלט מער דער געראַנגל מיט די ווינט־מילן, וואָס אײַער גענעדיקייט האָט אָנגענומען פאַר ריזן, אַנדערע, געפעלט מיט די וואַלצער; איינעם געפעלט די באַשרײַבונג פון די צוויי אַרמייען, וואָס האָבן זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן פאַר צוויי סטאַדעס שאָף; א צווייטן געפעלט דער מעס, וואָס מען האָט אים געפירט מעקאַבער זײַן אין סע־גאָוויע; איינער זאָגט, אַז די באַפרײַונג פון די אַרעסטאַנטן שטייגט איבער אַלע אַנדערע; א צווייטער זאָגט, אַז צו דעם געראַנגל מיט די צוויי בענעדיקטינער ריזן און דעם געשלעג מיט דעם שטאַרקן ביסקאַיער איז גאָר קיין גלײַכן נישטאָ.

— זאָגט מיר, האר באַקאַלאַוור — האָט זיך דערבײַ אָנגערופן סאַנטשאָ, — גייט אין דעם בוך אַרײַן, אויך דער געראַנגל מיט די זשאַנגוועזן, ווען אונדזער בראַוון ראָסינאַנטע האָט זיך פאַרגלוסט א נאַש טאָן אָף דער לאָנקע?

— בא דעם געלערנטן — האָט סאַמסאָן געענטפערט, — איז גאָרנישט ניט געבליבן אינעם טינטער. אַלצדינג דערציילט ער און אַלצדינג פאַרצייכנט ער, אַפּילע די קאָזעלקעס, וואָס סאַנטשאָ האָט געמאַכט אָף דער קאָלדרע.

— אָף דער קאָלדרע, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — האָב איך נישט גע־מאַכט קיין קאָזעלקעס; אין דער לופטן האָב איך יאָ געמאַכט און נאָכמער ווי מיר האָט זיך געוואָלט.

— ווי איך שטעל מיר פאָר — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — איז נישטאָ אַזא מענטשלעכע געשיכטע אָף דער וועלט, וואָס זאָל נישט האָבן איר שטייגן און פאַלן, באַזונדערס די ריטער־געשיכטעס, וואָס קענען קיינמאָל נישט זײַן הוילע גליקלעכע פּאַסירונגען.

— פונדעסטוועגן — האָט דער באַקאַלאַוור געענטפערט, — זאָגן אַנדערע, וואָס האָבן די געשיכטע געלייענט, אַז זיי וואָלט מער האַנאָע געטאָן, ווען די מעכאַברים וואָלטן זיך פאַרגעסן עטלעכע פון די אָן א שיר קלעפּ וואָס דער האר דאָן קיכאָט האָט באַקומען בעיים פאַרשיידענע צוזאַמענשטויסן.

— דאָ קומט אַרײַן דער עמעס פון דער געשיכטע, — האָט סאַנטשאָ זיך אָנגערופן.

— געמעגט האָבן זיי דאָס פאַרשווײַגן אויך צוליב יוישער. — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — וואָרום אַזעלכע מײַסים, וואָס ענדערן ניט און ברעכן ניט דעם עמעס פון דער געשיכטע, האָט קיין זין נישט אַרײַנצושרײַבן, אויב זיי מינערן

די ווערדע פון דעם האַר פון דער געשיכטע. גלייבט מיר, אַז ענעי איז גאָרניט גע־וועזן אַזאַ באַל ראַכמים ווי ווירגילי מאָלט אים, און אוליסעי איז אויך נישט געווען אַזאַ קלוגער ווי האָמער באַשרײַבט אים.

— ריכטיק, — האָט סאַמסאָן אָפּגעענטפערט, — נאָר איין זאַך איז שרײַבן ווי אַ דיכטער און אַ צווייטע — ווי אַ היסטאָריקער: דער דיכטער מעג דערציילן אָדער אויסזינגען די זאַכן נישט ווי זיי זײַנען געווען, נאָר ווי זיי וואָלטן באַדאַרפט זײַן און דער היסטאָריקער מוז זיי באַשרײַבן ניט ווי זיי האָבן באַדאַרפט זײַן, נאָר ווי זיי זײַנען געווען, נישט אָראָפּנעמען און נישט צולייגן קיין שום זאַך צום עמעס.

— איז אויב דער מאָר זאָגט דעם עמעס — האָט סאַנטשאָ געזאָגט — מוזן דאָרט אוודע זײַן די קלעפּ, וואָס מײַן האַר האָט אַרײַנגעכאַפּט, ווי אויך די וואָס איך האָב באַקומען, וואָרום מען האָט אײַער גנעדיקייט קיינמאָל די פּלייצעס נישט אויסגעמאָסטן, אַז מען זאָל דערבײַ נישט אויסמעסטן בײַ מיר דעם גאַנצן גוף. נאָר מיך ווּנדערט עס גאָרנישט, מײַן האַר אַליין זאָגט, אַז ווען דער קאָפּ טוט וויי, טוען וויי אַלע אייוורים.

— דו כוּיזעקסט, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — בענעמאָנעס דיר פעלט נישט קיין זיקאָרן, ווען דו ווילסט נאָר געדענקען.

— לאָמיך ווען פאַרגעסן די שטעקענעס, וואָס מען האָט מיר אַרײַנגעוואָרפן, וועלן נישט דערלאָזן די סיניאַקעס, וואָס שטייען נאָך בײַ מיר אויף די ריפּן.

— שווײַג סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט — און שלאָג ניט איבער דעם האַר באַקאַלאַוור, וואָס איך בעט אים דערציילן ווײַטער וואָס אין דער געשיכטע שרײַבט זיך וועגן מיר.

— און אויך וועגן מיר, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — וואָרום אויך וועגן מיר זאָגט מען, אַז איך בין איינער פון אירע הויפּט־פּרישוינען.

— פּאַרשוינען, און ניט „פּרישוינען”, סאַנטשאָ פרײַנט, — האָט סאַמסאָן זיך אָנגערופן.

— אָט האָסטו דיר נאָך איין גרײַזן־זוכער! — האָט סאַנטשאָ געזאָגט — ווײַסט מיר אָנהויבן פאַריכטן, וועלן מיר קיינמאָל נישט אַרויס.

— זאָל מיך גאָט שטראָפן, סאַנטשאָ, — האָט דער באַקאַלאַוור געענטפערט, — אויב דו ביזט ניט דער צווייטער פּאַרשוין פון דער געשיכטע. און עס טרעפט איינער האָט ליבערשט צו הערן דיך ריידן איידער עמיצן אַן אַנדערן, כאָטש פאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס זאָגן אַז דו ביזט אַ צו גלויביקער דערמיט וואָס דו גלויבסט, אַז ס'איז מעגלעך דו זאָלסט ווערן רעגירער פון דעם אינדזל, וואָס דיר האָט צוגעזאָגט דער האַר דאָן קיכאָט, וועלכער געפינט זיך דאָ.

— נאָך פאַראַן זון אפן פאַרקן — האָט דאָן קיכאָט זיך אָנגערופן, — און וואָס עלטער סאַנטשאָ וועט ווערן, מער פּראַקטיק וועלן אים די יאָרן ברענגען און ער וועט ווערן אַלץ געניטער און פעיִקער צו ווערן גובערנאַטער.

— ווי גאָט איז אײַך ליב, מײַן האַר, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — דאָס

אינדזל וואָס איך וועל איצט, בײַ מײַנע יאָרן, נישט קענען רעגירן, וועל איך אפילע מיט מעסושעלעכס יאָרן אויך נישט קענען. שלעכט איז נאָר וואָס צו לאַנג זאָמט זיך עס ערגיץ, דאָס אינדזל, און נישט וואָס מיר פעלט אוים סייכל דאָס צו רעגירן.

— פאַרלאָז דיך אַף גאָט, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — ס׳וועט שוין אַלצדינג גוט זײַן, און עפשער נאָך בעסער ווי דו דענקסט, וואָרום אָן גאָטס ווילן טוט זיך אַ בלעטל אַפן בוים נישט קיין ריר.

— ריכטיק אַזוי, — האָט סאַמסאָן געזאָגט, — זאָל נאָר גאָט ווען, קען סאַנטשאָ האָבן טויזנט אינדזלען צום רעגירן, און נישט נאָר איינעם.

— איך האָב שוין געזען גובערנאַטערס — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — וואָס ווי מיר דאַכט זיך, גרייכן זיי נישט צו מײַן פּאַדעשווע, און פונדעסטוועגן, רופט מען זיי הערשאַפטן און זיי דינען זיך מיט זייער געלט.

— דאָס זײַנען נישט קיין גובערנאַטערס פון אינדזלען, — האָט סאַמסאָן געענטפערט, — נאָר פון אַנדערע מינים רעגירונגען, מער צו דער האַנט. די וואָס רעגירן מיט אינדזלען, מוזן לעכאָל האַפּאָכעס קענען גראַמאַטיקע.

— מיט דער גראַמאַ*) וועל איך מיר שוין אַן אייצע געבן, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — נאָר מיט דער טיקע איז ניט אַהער און ניט אַהין, וואָרום איך פאַר־שטיי זי ניט. מיט דעם רעגירן גיב איך מיך איבער אין די הענט פון גאָט, ער וועט מיך שוין וואַרפן אַהין וווּ איך וועל טויגן. איך וויל אײַך נאָר זאָגן, האַר באַקאַלאַוור סאַמסאָן קאַראַסקאָ, אַז מיר טוט שטאַרק האַנאָע, וואָס דער מעכאַבער פון דער געשיכטע רעדט פון מיר אַזוי, אַז דאָס וואָס ער דערציילט פון מיר, זאָל נישט פאַרדריסן. וואָרום, בײַ דער נעמאָנעס פון אַ גוטן וואָפנטרעגער שווער איך אײַך, אַז ווען ער דערציילט וועגן מיר עפּעס וואָס פּאַסט זיך ניט פאַר אַן אַלטן קריסט ווי איך בין, וואָלטן שוין אַפילע טויבע דערהערט.

— דאָס וואָלט שוין געווען אַ נעס, — האָט סאַמסאָן געענטפערט.

— אַ נעס צי נישט קיין נעס, — מען דאַרף זען וואָס מען שרײַבט, און נישט גלאַט וואָס איינעם פאַלט אײַן צו שרײַבן.

— איינער פון די כעסרוינעס, וואָס מען זעצט אוים אין דער געשיכטע, — האָט דער באַקאַלאַוור געזאָגט, — איז דאָס וואָס דער מעכאַבער האָט אין איר אַרײַנגעשטעלט אַ גאַנצן ראָמאַן, וואָס רופט זיך בײַ אים „דער איינגעגעסענער גריבלער", און נישט מאַכמעס ער איז שלעכט אָנגעשריבן אָדער שלעכט דורכגע־טראַכט, נאָר מאַכמעס ער איז נישט אין פּלאַץ און קער זיך גאָרנישט אָן מיט דער געשיכטע פון זײַן גענעדיקטקייט דעם האַר דאָן קיכאָט.

— איך גיי אין געוועט, — האָט סאַנטשאָ אַרײַנגעשטעלט, — אַז דער הינ־טישער זון האָט צונויפגעמישט קרויט מיט ליטשינע.

— זאָג איך אײַך, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, אַז ניט קיין געלערנטער איז דער מעכאַבער פון מײַן געשיכטע, נאָר אַן אומוויסנדיקער פּלוידערזאַק, וואָס האָט

*) גראַמאַ — פּאַשע־גראַז.

גלאַט אין דער וועלט אַרײַן גענומען און געשריבן, וואָס סע וועט אַרויס וועט אַרויס, אַזוי ווי יענער אובעדער מאָלער, וואָס אַז מען האָט אים געפרעגט וואָס ער מאָלט, האָט ער געענטפערט: „וואָס סע וועט אַרויסקומען". געמאָלן האָט ער אַ האָן, נאָר אַזוי שלעכט און אַזוי נישט געראָטן אַז געמוזט האָט מען אונטן אָנשרײַבן מיט גאָטישע אויסיעס: „דאָס איז אַ האָן". און אַזוי מוז אויך זײַן מיט מײַן געשיכטע, וואָס אַף צו פאַרשטיין זי, מוז מען זי אויסטײַטשן.

— דאָס ניט — האָט סאַמסאָן געענטפערט, — וואָרום געשריבן איז זי אַזוי קלאָר, אַז נישטאָ איז אין איר קיין איין זאַך אַ שווערע. קינדער בלעטערן זי, יינגלעך לייענען זי, דערוואַקסענע פאַרשטייען זי און אַלטע לײַט לויבן זי. און דער־צו איז זי אַזוי אויסגעדראָשן, אויסגעלייענט און באַקאַנט יעדן מין מענטשן, אַז ווי נאָר מען דערזעט ערגיץ אַ מאָגערע קליאַטשע, זאָגט מען: „אָט איז ראָסינאַנטע". און מער ווי ווער עס איז לייענען זי די פּאַזשן: נישטאָ אַזאַ וואַרט־זאַל, ווו עס זאָל זיך נישט געפינען אַ „דאָן קיכאָט". איינער נעמט אים ווי נאָר אַ צווייטער לייגט אים אַוועק. טייל כאַפּן אים, אַנדערע בעטן אים. צו דעם אַלעמען, האָט מען נאָך ביז הײַנט נישט געזען אַזאַ געשמאַקע געשיכטע און אַזאַ אומשעדלעכן צײַט־פאַרטרײַב, מאַכמעס נישטאָ איז אין איר קיין שעמעוו אַפילע פון אַ ניט אָנשטענדיק וואָרט אָדער פון אַ נישט פרומען געדאַנק.

— שרײַבן אַנדערש — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — וואָלט געהייסן ניט שרײַבן קיין עמעס, נאָר ליגן, און די געשיכטן־שרײַבער, וואָס נוצן ליגן, וואָלט מען באַדאַרפט פאַרברענען, ווי מען טוט עס מיט פאַלשע פאָזיטן. נאָר איך פאַרשטיי ניט צו וואָס האָט עס געטויגט דעם שרײַבער זיך נוצן מיט פרעמדע דערציילונגען אָדער ראָמאַנען, דעמאָלט ווען עס איז פאַראַן אַזוי פיל מײַנע אייגענע צו באַשרײַבן, סײַדן ער האָט זיך געהאַלטן בײַ דעם קלאַל: „פון היי און פון שטרוי"... און אַזוי ווײַטער. וואָרום מיט אַן עמעסן, מיט בלויז מײַנע געדאַנקען אַרויסברענגען, מײַנע זיפצן, מײַנע טרערן, מײַנע גוטע ווונטשן און פּאַסירונגען, וואָלט אים געקלעקט אַ בוך אָנצושרײַבן, וואָס זאָל זײַן נאָך גרעסער אָדער ווייניקסטנס אַזוי גרויס, עס זאָלן זיך אין אים קענען אויסבאַהאַלטן אַלע ווערק פון דעם טאָסטאַדאָ*). און ווי מיר דאַכט זיך, האר באַקאַלאַוור, דאַרף מען האָבן אַף צו פאַרפאַסן געשיכטעס און ביכער אַ סאַך סייכל און אַ רײַפן פאַרשטאַנד: זאָגן כאָכמעס און שרײַבן קלוגע ווערטער איז פאַר גרויסע גײַסטער. דער קליגסטער פאַרשוין אין דער קאָמעדיע איז דער נאַר, וואָרום דער וואָס דאַרף זיך ווײַזן פאַר אַ נאַר, איז עס זיכער ניט. די געשיכטע איז ווי אַ הייליקייט, מאַכמעס זי דאַרף זײַן עמעס, און דאָרט ווו עמעס, דאָרט איז גאָט. פונדעסטוועגן, זײַנען פאַראַן שרײַבער, וואָס פאַרפאַסן ביכער און וואַרפן זיי אַרויס פון זיך ווי זיי וואָלטן געבאַקן לאַטקעס.

— נישטאָ אַזאַ שלעכט בוך — האָט דער באַקאַלאַוור געזאָגט, — וואָס זאָל אין זיך נישט האָבן עפּעס גוטס.

— בײַ מיר איז עס גאָר קיין סאָפעק נישט — האָט אָפּגעענטפערט דאָן קי־

*) אַ שפּאַנישער טעאָלאָג פון פופצנטן יאָרהונדערט, וואָס האָט איבערגעלאָזט 24 דיקע בענד שריפטן.

כאָט, — עס טרעפט אָבער זייער אָפט, אַז מענטשן, וואָס זײַנען שטאַרק באַרימט געוואָרן מיט זייערע שריפטן און קסאַוויאַדן, פאַרלירן זייער גאַנצן רום אָדער אַ טייל פון אים, ווי נאָר זיי ווערן געדרוקט.

— דאָס נעמט זיך דערפון — האָט סאַמסאָן געזאָגט, — וואָס געדרוקטע ווערק לייענט מען פאַמעלעך און מען זעט דערום באַלד אַרויס זייערע פעלערן, און וואָס דער מעכאַבער איז באַרימטער, אַלץ מער נישטערט מען אין זײַנע ביכער. באַרימטע מענטשן פון גײַסט, גרויסע דיכטער, געבילדעטע געשיכטן־שרײַבער, לײַדן שטענדיק אָדער מערסטנס פון דער קינע מיצאַד יענע, וואָס אַליין שרײַבן זיי קיינמאָל גאָרנישט און האָבן אַ באַזונדער פאַרגעניגן פון קריטיקירן יענעמס שרײַבן.

— ס'איז גאָר קיין כידעש ניט — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — פאַראַן גײַסטלעכע, וואָס אַליין פּרעדיקן קענען זיי ניט, נאָר אויף אויסצוגעפינען כעסרוי־נעס באַ די פּרעדיקער אָדער וואָס באַ יענעם איז צופיל, זײַנען זיי גרויסע בעריעס.

— דאָס אַלץ איז ריכטיק, האַר דאָן קיכאָט — האָט קאַראַסקאָ געזאָגט, — נאָר די קריטיקער, וואָלט איך וועלן, זאָלן האָבן אַביסל מער ראַכמאָנעס און נישט זײַן אַזוי אייפעריק אויף קלייניקייטן, נישט אָפּשטעלן זיך אויף די אַטאָמען פון דער העלער זון אין דעם ווערק וועגן וועלכן זיי מורמלען. וואָרום אויב אַליקוואַנדאַ באַ־נום דאַרמיטאַט האָמערוס (אַפילע דער גוטער האָמער האָט אַמאָל אונטערגע־דרעמלט) שטעלט איך פאָר ווי וואַך ער איז געווען אויף אַרויסצולאָזן זײַן ווערק מיט ווייניקער שאָטן. און עפשער איז דאָס וואָס זיי געפינען אויס פאַר אַ כיסאָרן, גאָר דאָס כיין־פּינטל אויף דעם שיינעם פּאָנים. גרויס איז דערום, זאָג איך, די ריזיקע פון דעם וואָס לאָזט אַרויס אַ בוך, מאַכמעס נישט מעגלעך איז אים צו פאַרפאַסן אַזוי אַז ער זאָל צופרידנשטעלן אַלע זײַנע לייענער.

— דאָס בוך וואָס רעדט וועגן מיר, האָט מיסטאָמע קיין איין מענטשן נישט צופרידנגעשטעלט, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט.

— פונקט פאַרקערט, וואָרום אַזוי ווי סטולטאָרום אינפיניטוס עסט נומערוס (צו דער צאָל נאַראָנים איז קיין שיר נישטאָ), איז אויך קיין שיר נישטאָ צו די וואָס זיי איז געפעלן די געשיכטע, און אַנדערע האָבן אויסגעפונען אַ כעסאָרן און אַ שווינדל אינעם מעכאַבערס זיקאָרן, מאַכמעס ער פאַרגעסט דאָרט צו דערציילן ווער דער גאַנעוו איז געווען, וואָס האָט צוגעגאַנוועט סאַנטשאָס אייזל, וואָס דאָס ווערט נישט געזאָגט און פון דעם געשריבענעם דערוויסט מען זיך בלויז, אַז מען האָט עס צוגעגאַנוועט, און באַלד דערויף זעען מיר אים רײַטן אויף דעם אייזל, כאָטש ער האָט זיך נישט געפונען. אויך, זאָגט מען, האָט ער פאַרגעסן אַרײַנצו־שרײַבן וואָס סאַנטשאָ האָט געטאָן מיט די הונדערט טאַלער, וואָס ער האָט געפו־נען אינעם רענצל אין די מאָרענאַ־בערג, וואָס ער דערמאָנט ניט וועגן זיי, און אַ סאַך ווילן וויסן וואָס ער האָט מיט זיי געטאָן אָדער אויף וואָס ער האָט זיי אויס־געגעבן, וואָס דאָס איז איינע פון די וויכטיקסטע זאַכן, וואָס פעלן אין דעם ווערק.

געענטפערט האָט סאַנטשאָ:

— איך בין איצט נישט אויפגעלייגט, האר סאמסאָן, מיך אַרײַנצולאָזן אין מײַסעס און כעשבוינעס, וואָרום מיר כאַלעשט דאָס האַרץ, אויב נישט דער מאָגן, און אויב איך וועל אים נישט אָפּמונטערן מיט אַ פּאָר שלוק פונעם אַלטן, קען ער מיך נאָך אוועקלייגן אַפן דאָרן פון דער הייליקער לוציע. אין דער היים בײַ מיר איז פאַראַן, מײַן ווײַב וואַרט אַף מיר, נאָכן עסן וועל איך צוריקומען, וועל איך ענטפערן אײַער גענעדיקייט און יעדן איינעם וואָס נאָר מען וועט מיך פרעגן, אַזוי וועגן דעם צוגעגאַנוועטן אייזל, ווי וועגן די אויסגעגעבענע הונדערט טאַלער.

און נישט געוואָרט האָט ער אַף קיין ענטפער און האָט מער אַ וואָרט נישט געזאָגט און איז אַהיימגעגאַנגען. דאָן קיכאָט האָט פאַרבעטן דעם באַקאַלאַוור ער זאָל מיט אים בלײַבן פאַסטן. אָנגענומען האָט דער באַקאַלאַוור דעם קיבעד און איז פאַרבליבן. צוגעלייגט האָט מען צום געוויינלעכן מיטיק אַ פּאָר טײַבעלעך, בײַם טיש האָט מען גערעדט וועגן ריטערישע זאַכן, נאָכן עסן איז מען געשלאָפן די סיעסטאַ, צוריקגעקומען איז סאַנטשאָ און מען האָט ווידער אָנגעקנופּט דעם איבערגעריסענעם שמועס.

# פערטער קאַפּיטל

## ווי סאַנטשאָ פּאַנצאַ ענטפערט דעם באַקאַלאַוור סאַמסאָן קאַראַסקאָ אַף זײַנע פראַגעס און ספּייקעס, און נאָך אַנדערע פּאַסירונגען וואָס קעדײַ מען זאָל זיי וויסן און דערציילן.

צוריקגעקומען איז סאַנטשאָ צו דאָן קיכאָטן אין שטוב און ווען ער האָט זיך אומגעקערט צום פריערדיקן שמועס, האָט ער געזאָגט:

— דערויף וואָס דער האַר סאַמסאָן האָט געזאָגט, אַז ער וויל וויסן ווער, אָדער ווי אַזוי און ווען האָט מען בײַ מיר צוגעגאַנוועט דאָס אייזל, ענטפער איך און זאָג: אַז אין דער אייגענער נאַכט וואָס מיר זײַנען אַרײַן אין די מאָרענאַ־בערג, ווען מיר זײַנען אַנטלאָפן פון דער הייליקער ברודערשאַפט, נאָך דער אומגליקלעכער פּאַסירונג מיט די קאַטאָרזשניקעס און מיט דעם מעס, וואָס מען האָט געפירט קיין סעגאָוויע, זײַנען מיר אַרײַן, איך מיט מײַן האַר, אין אַ געדיכטעניש, וווּ מײַן האַר, אָנגעשפּאַרט אַף זײַן שפּיז, און איך אַף מײַן אייזל, צעבראָכענע און מידע פון די דורכגעמאַכטע געשלעגן, זײַנען מיר אײַנגעשלאָפן ווי אַף גאַנצע פיר פּערענעס. איך, ביפראַט, בין אַרײַנגעפאַלן אין אַזאַ שווערן שלאָף, אַז ווער עס איז האָט געקענט צוגיין און מיך לאָזן אָנגעהאָנגען אַף פיר דרענגלעך, אונטערגעשטעלטע אונטער דעם שטרוי־זעקל, אַזוי אַז איך זאָל בלײַבן זיצן דערויף רײַטנדיק, און פון אונטער מיר דאָס אייזל אַרויספירן איך זאָל אַפילע נישט פילן.

— דאָס איז זייער גרינג צו טאָן און איז אויך קיין נײַס ניט, וואָרום דאָס אייגענע האָט פּאַסירט מיט סאַקריפּאַנטען, ווען ער איז געווען באַלאַגערט אין אַלבראַקאַ, און מיט דעם אייגענעם שפּיצל האָט בײַ אים פון צווישן די פיס דאָס פערד אַרויסגעפירט דער באַרימטער גאַנעוו מיט דעם נאָמען ברונעלאָ.

— ס'איז טאָג געוואָרן — האָט סאַנטשאָ ווײַטער דערציילט — און ווי נאָר איך האָב אַ ציטער געטאָן, זײַנען די דרענגלעך אײַנגעפאַלן און איך איינעם מיט זיי האָב אַ שטאַרקן פאַל געטאָן אַף דער ערד. איך האָב אַ זוך געטאָן דאָס אייזל און האָב עס נישט געטראָפן. געקומען זײַנען מיר טרערן אין די אויגן און איך האָב געקלאָגט אַ גרויס געקלאָג, וואָס אויב דער מעכאַבער פון אונדזער געשיכטע האָט עס נישט אַרײַנגעשטעלט, האָט ער דערמיט פאַרפעלט אַרײַנצושטעלן אַ גוטע זאַך. פאַרבײַ זײַנען, איך געדענק שוין ניט וויפל טעג, האָב איך, אַפן וועג גייענ־דיק מיט דער האַרנטע פרינצעסן מיקאָמיקאָנאַ דערקענט מײַן אייזל, און געריטן איז אַף אים ציגײַנעריש דער דאָזיקער כינעם פון פאַסאַמאָנטע, דער גרויסער גאַ־נעוו און שווינדלער, וואָס מײַן האַר און איך האָבן מיר אים פון דער קייט אַראָפּ־גענומען.

— דער טאָעס באַשטייט נישט דערין — האָט סאַמסאָן אָפּגעענטפערט, — נאָר דערין וואָס נאָך איידער דאָס אייזל האָט זיך אָפּגעפונען, זאָגט דער מעכאַבער, אַז סאַנטשאָ איז אַף אים געריטן.

— דערויף — האָט סאַנטשאָ געזאָגט — ווייס איך ניט וואָס צו ענטפערן, סײַדן דער געשיכטע־שרײַבער האָט אַ טאָעס געהאַט, און עפשער איז עס אַ פאַר־זען פונעם דרוקער*).

— אַזוי מוז עס זײַן — האָט סאַמסאָן געזאָגט — נאָר וואָס איז געוואָרן מיט די הונדערט טאַלער? זײַנען זיי צערונען?

געענטפערט האָט סאַנטשאָ:

— איך האָב זיי אויסגעגעבן אַף מיר גופע און אַף מײַן ווײַב און קינדער, און אַ דאַנק זיי איז מײַן ווײַב אַזוי געדולדיק צו די אומוואַנדערונגען וואָס איך האָב אומגעוואַנדערט צו דינסט מײַן האַר דאָן קיכאָט. וואָרום ווען איך קום אַהיים, נאָך אַזאַ לאַנגער צײַט, אָן געלט און אָן דעם אייזל, וואָלט איך מיר אַ שוואַרץ יאָר אויסגעריכט. און אויב איר ווילט נאָכמער וויסן וועגן מיר, איז אָט דאָ האָט איר מיך, און איך בין גרייט צו ענטפערן דעם קיניג אַליין מיט זײַן קאָוועד. און ס'איז קיינעמס אייסעק ניט צי האָב איך געבראַכט אָדער נישט געבראַכט, צי האָב איך אויסגעגעבן אָדער נישט אויסגעגעבן; צי ווען מען צאָלט מיר פאַר די קלעפּ, וואָס איך האָב באַקומען בעיים די רײַזעס, מיט מעזומאָנים, רעכענענדיק אַפילע צו פיר גראָשן אַ קלאַפּ, וואָלטן זיי אויסגעמאַכט אַפילע אַ העלפט פון די הונדערט טאַלער; און זאָל זיך יעדער איינער לייגן זײַן האַנט אַף זײַן האַרצן און נישט פאַרבײַטן שוואַרץ אַף ווײַס און ווײַס אַף שוואַרץ, וואָרום יעדער איינער איז אַזאַ ווי גאָט האָט אים באַשאַפן און אַמאָל נאָך ערגער.

— איך וועל שוין זען אָנמערקן דעם מעכאַבער פון דער געשיכטע — האָט קאַראַסקאָ געזאָגט, — אַז אויב ער וועט זי נאָכאַמאָל דרוקן, זאָל ער נישט פאַר־געסן, וואָס דער ליבער סאַנטשאָ האָט געזאָגט, און וועט דערמיט צוגעבן נאָך איין הויפן צו דעם וואָס זי האָט די ווערט.

*) אין טייל שפּעטערדיקע אויפלאַגעס האָט מען די אָנגעוויזענע טאָעסן פאַריכט, טייל האַלטן זיך בײַ דער ערשטער רעדאַקציע. מיר האָבן זיך געהאַלטן בײַ דער אויסגעבעסערטער.
דער איבערזעצער

— איז נאָך עפּעס פאַראַן וואָס צו פאַריכטן אין דער געשיכטע, האַר באַקאַ־לאַוור? — האָט דאָן קיכאָט געפרעגט.

— עס מוז אוואדע זײַן נאָך — האָט ער געענטפערט, — נאָר נישט אַזוינע וויכטיקע זאַכן ווי די שוין אָנגעוויזענע.

— זאָגט ער נישט צו אַ צווייטע טייל, דער מעכאַבער? — האָט דאָן קיכאָט געפרעגט.

— יאָ, ער זאָגט צו — האָט סאַמסאָן געענטפערט, — נאָר ער האָט זי נישט געפונען, זאָגט ער, און ער ווייסט אויך נישט באַ וועמען זי געפינט זיך, אַזוי אַז מיר זײַנען אין ספק צי זי וועט אַרויס אָדער ניט. און מאַכמעס דעם, ווי מאַכ־מעס מען זאָגט געוויינטלעך, אַז „צווייטע טיילן זײַנען נאָך קיינמאָל גוט נישט געווען" און אַנדערע זאָגן, אַז „גענוג וועט זײַן מיט די דאָן קיכאָטערייען, וואָס זײַ־נען שוין פאַראַן געשריבן", האָט מען מוירע, אַז קיין צווייטע טייל וועט שוין נישט זײַן. כאָטש פּיפּיקערע, ניט אַזוינע שווערלײַביקע, זאָגן: „דערלאַנגט נאָך קיכאָטע־רייען; זאָל דאָן קיכאָט אָנפאַלן און זאָל סאַנטשאָ פאַנצאַ ריידן און זאָל זײַן וואָס ניט איז, מירן זיך דערמיט צופרידנשטעלן".

— און וואָס רעכנט צו טאָן דער מעכאַבער? — האָט דאָן קיכאָט געפרעגט.

— ער רעכנט — האָט סאַמסאָן געענטפערט — אַז ווי נאָר ער וועט געפי־נען די געשיכטע, וואָס ער זוכט זי אַרום מיט אויסערגעוויינלעכן פלײַס, וועט ער זי לאָזן אָפּדרוקן, מער צוליב אייגענעם נוצן, ווי צוליב דעם ווונטש פון די וואָס יאָגן זיך נאָך אים אָדער צוליב וועלכן עס איז לויב.

דערויף האָט סאַנטשאָ זיך אָפּגערופן:

— וואָס זשע, דער מעכאַבער טוט עס צוליב געלט און אייגננוץ? אויב אַזוי גלויב איך נישט אים זאָל עפּעס געלינגען, ער וועט זיך יאָגן און כאַפּן, ווי אַ שנײַדער ערעוו פּייסעך: און פון אײַלעניש איז נאָך קיין שום אַרבעט נישט אַרויס־געקומען ווי עס באַדאַרף צו זײַן. זאָל ער זיך בעסער צוקוקן דער האַר מאַר, אָדער ווער ער איז, צו דעם וואָס ער טוט, מירן אים שוין דערלאַנגען, איך און מײַן האַר, וויפל נאָר שטאָף ער וועט פאַרלאַנגען פון דעם מין, סײַ געראַנגל און סײַ פאַרשיידענע פּאַסירונגען, עס זאָל אים קלעקן נישט נאָר אויף אַ צווייטער טייל צו פאַרפאַסן, נאָר אויף גאַנצע הונדערט. ער מוז זיך אוואדע טראַכטן, דער ליבער מענטש, אַז מיר דאָ שלאָפן אין שטרוי. איר פרוווט אונדז נאָר אַ פּוס אויפהייבן צום אונטערשמידן, וועט איר שוין זען אויף וועלכן מיר הינקען. איך קען אײַך נאָר זאָגן, אַז ווען מײַן האַר זאָל מיך געוועסט געווען פאָלגן, וואָלטן מיר שוין לאַנג ווידער געווען אומגעגאַנגען איבער די פעלדער ביזווינעם אָפּווישן און קרומקייטן אויסגלײַכן, ווי עס פירט זיך צווישן בראַווע וואַנדער־ריטער.

ווי נאָר סאַנטשאָ האָט די ווערטער אַרויסגערעדט, האָט זיך אים צו די אויערן דערטראָגן ראָסינאַנטעס הירזשען, און דאָס הירזשען האָט דאָן קיכאָט אָנגענומען פאַר אַ גוטן סימען און האָט באַשלאָסן אין דרײַ אָדער פיר טעג אַרום ווידער אַרויסצופאָרן. דעם געדאַנק האָט ער באַלד אַרויסגעזאָגט פאַר דעם באַקאַלאַוור און האָט באַ אים געבעטן אַן אייצע וווּ אַרום ער זאָל אָנהייבן זײַן נעסיע, און געענט־

פערט האָט ער אים, אַז לויט אים דאַכט זיך, איז דאָס גלײַכסטע אַוועקצופֿאָרן זיך צו דער מעדינע אַראַגאָן און צו דער שטאָט סאַראַגאָסאַ, וווּ עס דאַרפֿן פֿאָרקומען גרויסע פֿײַערלעכקייטן צוליב די כאַגאָעס פֿון הייליקן כאָרכע. דאָרט וועט ער אַוועקלייגן אַלע אַראַגאָנער ריטער, וואָס דאָס מיינט די ריטער פֿון דער גאָרער וועלט. אויסגעקליבט האָט ער זײַן באַשלוס אַלס דעם אָרנטלעכסטן און דעם מוז־טיקסטן וואָס קען נאָר געמאָלט זײַן און געוואָרנט האָט ער אים ער זאָל זיך אַליין מער ‏שוינען בעיים ער וואַרפֿט זיך אין סאַקאָנע, מאַכמעס זײַן לעבן געהערט נישט צו אים, נאָר צו אַלע די וואָס נייטיקן זיך אין אים, ער זאָל זיי שיצן און העלפֿן אין זייער נויט.

— אָט דאָס טײַנע איך דאָך, האר סאַמסאָן — האָט סאַנטשאָ דערויף זיך אַנגערופֿן, — אַף הונדערט באַוואָפֿנטע מענטשן וואַרפֿט ער זיך, מײַן האר, ווי אַ יינגל אַ נאַשער אַף אַ האַלבן טוץ אַרבוזן. ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן, האר באַקאַלאַוור! פֿאַראַן אַ צײַט אָנצופֿאַלן און אַ צײַט אָפּצוציען, און ניט שטענדיק מוז זײַן „סאַנטיאַגאָ און סיערע עספּאַניאַ"*), ביפֿראַט, אַז געהערט האָב איך זאָגן (א. ז. מיר דאַכט זיך, אַז אויך מײַן האר האָט דאָס געהערט זאָגן, אויב מײַן זיקאָרן נאַרט מיך נישט), אַז צווישן דעם שפּיץ פֿון פֿאַכדאָנעס און דעם שפּיץ פֿון אומדער־שראָקנקייט געפֿינט זיך אין דער מיטן דער מוט. און אויב דאָס איז ריכטיק, ווייל איך נישט ער זאָל אומזיסט און אומנישט אַנטלויפֿן און אויך נישט אָנפֿאַלן ווען דער פֿאַל פֿאָדערט עפּעס אַנדערש. דעריקער, אָבער, ווייל איך, מײַן האר זאָל וויסן, אַז אויב ער וויל מיך מיטנעמען מיט זיך, זאָל עס זײַן ביטנײַ, אַז די שלאַכט זאָל ער נעמען אײַנגאַנצן אַף זיך, און איך זאָל בלויז דאַרפֿן אַכטונג געבן אַף אים מי־קויעך ריין האַלטן און קאָרמענען. אויב דערויף, וועל איך אַקעגנטאַנצן, נאָר איך זאָל נעמען די שווערד אין דער האַנט, מעג זײַן קעגן נידערטרעכטיקע רויבער מיט האַק און קאָלפּעק, איז אַרויסגעוואָרפֿענע רייד. איך, האר סאַמסאָן, האָב נישט בעדייע מיר אײַנצושאַפֿן אַ נאָמען פֿון אַ גיבער, נאָר פֿון דעם בעסטן און געטרײַסטן וואָפֿנטרעגער, וואָס האָט ווען געדינט בײַ אַ וואַנדער־ריטער. און אויב מײַן האר דאָן קיכאָט, וועט אויס דאַנק פֿאַר מײַן גוטן און שטענדיקן דינען, מיר ווילן געבן אַן אינדזל, פֿון די פֿיל אינדזלען, וואָס זײַן גענעדיקייט זאָגט, אַז ער מוז ערגיץ אָנטרעפֿן, וועל איך דאָס נעמען ווי אַ גרויסן גענאָד. און טאָמער וועט ער מיר נישט געבן, בין איך געבוירן אַ מענטש, און אַ מענטש דאַרף זיך נישט פֿאַרלאָזן אַף אַ צווייטן מענטשנס גאָב, ווי נאָר אַף דער גאָב פֿון גאָט. ביפֿראַט אַז מיר וועט דאָס ברויט שמעקן אַזוי גוט און עפּשער נאָך בעסער אין העפֿקער, איידער אַלס גובערנאַטער. און צי בין איך דען זיכער, אַז דער סאָטן האָט נישט צוגעגרייט פֿאַר מיר אין איינער אַזאַ רעגירונג עפּעס אַ גרוב, וווּ איך זאָל שטרויכלען און אַרײַנפֿאַלן און באַקומען אויסגעהאַקטע ציינער. סאַנטשאָ בין איך געבוירן און סאַנטשאָ רעכן איך שטאַרבן. נאָר אויב דאָך, מיט גוטן, אָן צופֿיל געבעט און אָן צופֿיל סאַ־קאָנע, וועט מיר דער הימל צושיקן עפּעס אַן אינדזל אָדער עפּעס אין דעם ערעך,

*) דער געשריי בעיים אַטאַק איז דער שפּאַנישער אַרמיי.

בין איך ניט אזא נאר איך זאל מיך דערפון אפזאגן. ווארום מען זאגט דאך אויך: „אז מען גיט דיר דאס ביקעלע לויף מיט דעם שטריקעלע”, און „אז דו זעסט דאס מאזל גייט, כאפ עס אריין”.

— ברודער סאנטשא — האט קאראסקא געזאגט, — דו האסט גערעדט ווי א פראפעסאר. נאר נאך דעם אלעמען, פארלאז דיך אף גאט און אף דעם האר דאן קיכאט, וואס וועט דיר א קיניגרייך געבן און ניט נאר אן אינדזל.

— מיר איז אלציינס, מער אדער ווייניקער, — האט סאנטשא געענטפערט, — כאטש זאגן קען איך דעם האר קאראסקא, אז דאס קיניגרייך, וואס מיין האר וועט מיר געבן, וועט נישט אריינפאלן אין קיין לעבערדיקן זאק. ווארום איך האב מיר אליין דעם דעפעק געטאפט, און בין בא אלע מיינע קויכעס צו רעגירן קיניגרייכן און אינדזלען. און דאס האב איך שוין מיין האר דאן קיכאט ניט איינמאל געזאגט.

— געדענקט, סאנטשא — האט סאמסאן געזאגט, — דעם מענטשנס פאך ענ־דערט זיינע פירעכצער און עס קען נאך געמאלט זיין, אז ווען איר וועט ווערן גובער־נאטער, זאלט איר נישט דערקענען די אייגענע מאמע וואס האט אייך געבוירן.

— דאס וועט איר זאגן — האט סאנטשא געענטפערט — אזוינעם וואס איז געבוירן אין ווילדגראז, און ניט אזוינעם ווי איך, וואס האב אף זיך פיר פינ־גער שמאלץ פון אלטע קריסטן. איר קומט פריער צו מיין שטאנד, וועט איר וויסן צי קען איך זיין עמיצן א קאפעטויוועניק.

— זאל נאר גאט געבן — האט דאן קיכאט געזאגט — און דאס איבעריקע וועלן מיר שוין זען דעמאלט ווען די רעגירונג וועט זיין. מיר דאכט זיך, אז איך האלט זי שוין אפן אויג.

נאכדעם ווי ער האט דאס געזאגט, האט ער געבעטן דעם באקאלאוור, אז אויב ער איז א פאעט, זאל ער אים טאן א געפעלן און אים אנשרייבן עטלעכע פערזן וועגן דעם אפשייד פון זיין דאמע דולצינעא פון טאבאסא, וואס ער גרייט זיך דער־צו און זען זאל ער, אז יעדער פערז זאל צום אנהויב האבן אן אס פון איר נאמען, אזוי אז ווען מען וועט צונויפנעמען אלע ערשטע אויסיעס פון די פערזן, זאלן זיי זיך לייענען ד ו ל צ י נ ע א  פ ו ן  ט א ב א ס א. דער באקאלאוור האט געענטפערט, אז כאטש ער איז נישט פון די בארימטע פאעטן, וואס פאראן זיינען זיי אין שפאניע, ווי זיי אליין זאגן, נישט מער ווי פערטהאלבן, וועט ער דאך פארפאסן דעם מין מעטערס, ווען אפילע ער וועט דערביי האבן גרויסע שוועריקייטן מיט די אויסיעס פונעם נאמען, וואס די צאל זייערע איז זיבעצן, און אויב ער זאל מאכן פיר פיר־פערזיקע סטראפן, וועט אים איין אס איבערבלייבן; זאל ער ווידער מאכן פינף פיר־פערזיקע סטראפן, מיט אכט־זילביקע פערזן און געהיפערטן גראם, וועלן אים אויספעלן דריי אויסיעס, פונדעסטוועגן, וועט ער זען איין אס אריינכאפן, אזוי אז די פיר קופלעטן זאלן אריינעמען דעם גאנצן נאמען דולצינעא פון טא־באסא.

— אזוי וועט עס מוזן זיין — האט דאן קיכאט געזאגט, — און אויב עס גייט נישט אריין דער פולער בעפיירעשער נאמען, איז נישטא אזא פרוי, וואס זאל מיינען, אז די מעטערס האט מען אויסגעטראכט פון אירעט וועגן.

דערבײַ איז עס געבליבן, און דעם ארויספּאָר זאָל ער מאַכן אין אַכט טעג אַרום. אָנגעזאָגט האָט דאָן קיכאָט דעם באַקאַלאַוור ער זאָל דאָס האַלטן בעסאָד, באַזונדערס פון דעם גאַלעך און דעם מײַסטער ניקאָלאַס, ווי פון זײַן פּלימעניצע און דער דינסט, קעדיי זיי זאָלן ניט שטערן זײַן אָרנטלעכן און מוטיקן באַשלוס. קאַראַסקאָ האָט אַלץ צוגעזאָגט. דערמיט האָט ער זיך געזעגנט און האָט געבעטן דאָן קיכאָטן ער זאָל אים צו וויסן געבן פון אַלע זײַנע גוטע און שלעכטע פּאַרפאַלן, אויב ער וועט דערצו האָבן אַ געלעגנהייט. און אָט אַזוי האָבן זיי זיך געזעגנט, און סאַנטשאָ איז אַוועק צו רעכט מאַכן אַלץ וואָס מען באַדאַרף צום ארויספּאָר.

## פינפטער קאַפּיטל

**וועגן דעם קלוגן און פײַנעם געשפּרעך, וואָס סאַנטשאָ פּאַנצאַ האָט געהאַט מיט טערעזאַ פּאַנצאַ זײַן ווײַב, און נאָך פּאַסירונגען, וואָס ס'איז קעדײַ צו פאַרגעדענקען.**

ווען דער איבערזעצער פון דער געשיכטע קומט צו צו אָט דעם פינפטן קאַפּיטל אים אויפצושרײַבן, מערקט ער אָן, אַז ער האַלט אים פאַר אַן אַפּאָקריפיש, וואָרום סאַנטשאָ רעדט דאָ אין גאָר אַן אַנדער נוסעך, ווי עס איז זיך צו ריכטן פון זײַן קורצן סייכל און ער זאָגט דערבײַ אַרויס אַזוינע פײַנע געדאַנקען, וואָס ער האַלט נישט פאַר מעגלעך סאַנטשאָ זאָל זיי האָבן געוווּסט. נאָר נישט געוואָלט האָט ער לאָזן דאָס קאַפּיטל אַ ניט איבערגעזעצטן, קעדיי נאָכצוקומען דאָס וואָס זײַן פאַך פאָדערט פון אים און ער זאָגט דערום אַזוי:

געקומען איז סאַנטשאָ צו זיך אַהיים אַזאַ פרייליכער און דערפרייטער, אַז דאָס ווײַב האָט אָף אַ שאָס פון אַ ביקס דערקענט די פרייד אָף אים, און האָט אים דערום געמוזט פרעגן:

— וואָס ברענגט איר נײַס, סאַנטשאָ פרײַנט, וואָס איר זײַנט אַזוי פריילעך?

דערויף האָט ער געענטפערט:

— ווײַב מײַנס, אַז גאָט וועט וועלן, וועל איך נישט באַדאַרפן זײַן אַזוי פריי־לעך ווי דו זעסט מיך.

— איך פאַרשטיי אײַך נישט, מײַן מאַן, — האָט זי צוריקגעענטפערט, — איך ווייס נישט וואָס איר ווילט דערמיט זאָגן, אַז איר וועט נישט באַדאַרפן זײַן אַזוי פריילעך, אויב גאָט וועט וועלן, וואָרום איך, גרויסער נאַר, ווייס נישט אויב עמיצן קען פרייען וואָס ער האָט נישט קיין פרייד.

— הערט אויס, טערעזאַ — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — איך בין פריילעך וואָס איך האָב באַשלאָסן ווידער גיין דינען מײַן האַר דאָן קיכאָט, וואָס וויל צום דריטן מאָל ארויספאָרן זוכן געראַנגל, און ווידער גיי איך מיט אים, מאַכמעס אַזוי פאַרלאַנגט די נויט מײַנע אײַנעם מיט דער האָפענונג, וואָס פרייט מיך באַם גע־דאַנק איך זאָל עפשער ווידער געפינען אַזעלכע הונדערט טאַלער ווי די וואָס מיר

האָבן אויסגעגעבן, כאָטש טרויעריק איז מיר וואָס איך דאַרף דיך דאָ איבערלאָזן מיט די קינדער. און ווען גאָט זאָל מיר ווען געבן צו עסן איינעם מיט אייך באַ מיר אין דער היים און נישט מיך פירן איבער קרייצוועגן און שפּאַרונעס אין די בערג, וואָס דאָס קאָסט אים גאָרניט און ער דאַרף נאָר וועלן, וואָלט מײַן פרייד געווען פעסטער און עכטער, וואָרום מײַן איצטיקע פרייד איז געמישט מיט דעם טרויער, וואָס איך מוז דיך איבערלאָזן. דערום האָב איך געזאָגט, אַז ווען גאָט וויל, וואָלט איך מיך נישט באַדאַרפט פרייען.

— הערט אויס, סאַנטשאָ, — האָט טערעזאַ דערויף געזאָגט — פון זינט איר זײַנט געוואָרן אַ כעוורעמאַן באַ די וואַנדער־ריטער, רעדט איר אַזוי פאַרדרייט, אַז מען קען אײַך גאָרניט פאַרשטיין.

— זאָל מיך נאָר גאָט פאַרשטיין, ווײַב מײַנס — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — וואָרום ער איז דער פאַרשטייער פון אַלץ וואָס איז פאַראַן, און זאָל דאָס בלײַבן צווישן אונדז. און נעמט אײַך אין זינען, שוועסטער, אַז די דרײַ טעג זאָלט איר צו־זען דעם הער־ברוינעם, אַזוי אַז ער זאָל גרייט זײַן אין מילכאָמע: גיט אים אַ דאָפּלטן אָברעק, קוקט דורך דאָס שטרוי־זעקל און די איבעריקע מאַכשירים, וואָרום מיר פאָרן נישט אַף קיין כאַסענע, נאָר די וועלט אויספאָרשן און זיך שלאָגן מיט ריזן, מיט וואָווקולאַקעס און אַלערליי ווילדע פאַרזעעניש, און אויסהערן פײַפערײַ און געוויש, געבריל און געבלעקעכץ. און דאָס וואָלט נאָך אַלץ געווען לאַווענדע־בלימע־לעך, ווען מיר דאַרפן נישט האָבן צו טאָן מיט זשאַנגוועזער און פאַרקישעפטע מאָרן.

— איך גלויב אײַך, מײַן מאַן, — האָט טערעזאַ געזאָגט, — אַז די וואַנדערנ־דיקע וואָפּנטרעגער עסן נישט זייער ברויט אומזיסט, און איך וועל גאָט בעטן ער זאָל אײַך וואָס גיכער אַרויסלאָזן פון דעם אומגליק.

— איך זאָג אײַך, מײַן ווײַב — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — אַז ווען איך רעכן ניט גאָר אין גיכן צו ווערן גובערנאַטער פון אַן אינדזל, וואָלט איך בעסער דאָ געבליבן ליגן אַ טויטער.

— דאָס ניט, מײַן מאַן, — האָט טערעזאַ געזאָגט, — זאָל די הון לעבן מיט דעם פּיפּעט: לעב דו און כאַפּט דער רוך די גאַנצע וועלט מיט רעגירונגען; אָן אַ רעגירונג ביזטו אַרויס פון דער מוטערס בויך, אָן אַ רעגירונג האָסטו ביז איצט געלעבט און אָן אַ רעגירונג וועסטו גיין אָדער מען וועט דיך פירן אין קייווער, ווען גאָט וועט וועלן. אַזוי פיל מענטשן זײַנען פאַראַן אַף דער וועלט וואָס לעבן אָן אַ רעגירונג, און זיי שטאַרבן נישט דערפון און הערן נישט אויף דערפון מענטש צו זײַן. דער בעסטער פּריסמאַק אַף דער וועלט איז הונגער, און אַזוי ווי דאָס מין פעלט קיינמאָל נישט די אָרימעלײַט, עסן זיי שטענדיק מיט געשמאַק. נאָר הערט אויס, סאַנטשאָ, טאָמער פאַלט אײַך פאָרט אַרײַן, צום גליק, עפּעס אַ רעגירונג, פאַרגעסט אײַך נישט אַף מיר און אַף די קינדער. פאַרגעסט אײַך נישט, אַז דער קליינער סאַנ־טשאָ איז שוין פופצן יאָר אַלט, און ער מעג שוין אַ שול באַזוכן, אויב זײַן פעטער דער אַבאַד רעכנט עפּעס צו מאַכן פון אים פאַרן קלויסטער. געדענקט אויך, אַז מאַרי

סאַנטשאַ, אײַער טאָכטער, װעט ניט שטאַרבן אױב מיר װעלן איר באַסענע מאַכן, װאָרום איך דערקען אױף איר, אַז זי װיל אַזױ אַ מאַן װי איר אַ רעגירונג. קורץ, װי זאָגט מען עס: בעסער אַ טאָכטער אַ שלעכט אױסגעגעבענע אײדער אַ גוט אַנט־לאָפענע.

— גלױב מיר, װײַב מײַנס, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — אַז אױב גאָט װעט מיר צושיקן עפּעס אַ רעגירונג, װעל איך באַסענע מאַכן מאַרי סאַנטשאַ אַזױ הױך, אַז אױב מען װעט זי נישט רופן סעניאָראַ, װעט מען צו איר נישט גרײכן.

— דאָס ניט, סאַנטשאָ — האָט טערעזאַ דערױף געזאָגט, — מאַכט איר באַ־סענע מיט אירס גלײַכן, װאָס דאָס איז דאָס בעסטע, װאָרום אױב איר װעט זי אַרױסשלעפּן פון די זאָקעס און אַרײַנשטעקן אין די טופליעס און דעם ברױנעם פּערצענער כאַלאַט אומבײַטן אױף זײַדענע קלײדלעך און ספּאָדניצעס, און פון אַ מאַ־ריקע און אַ „דו" װעט איר פון איר מאַכן אַ דאָניאַ די און די און אַן אײַער הער־שאַפט, װעט זיך דאָס מײדל נישט פילן באַ זיך אין דער הײם און װעט אַלעמאָל אַרײַנפאַלן און װײַזן די פּעדים פון איר גראָבן שטאָף.

— שװײַג שױן, גרױסער נאַר, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — זי װעט זיך צוגע־װױנען, אין אַ צװײ אָדער דרײַ יאָר װעט די הערשאַפט װי די ערנסטקײט זײַן אױף איר װי אָנגעמאָסטן. און אַז נישט, מאַכט עס אױך נישט אױס. זאָל זי נאָר זײַן אַ הערשאַפט און דערנאָך זאָל זײַן װאָס סע װיל זיך.

— מעסט אײַך, סאַנטשאָ, מיט אײַער שטאַנד, — האָט טערעזאַ געענטפערט, — רײַסט אײַך נישט אין דער הױך, צו די גרױסע, און געדענקט דאָס שפּריכװאָרט: „װיש אָפּ דײַן שאָכנס זון די נאָז און נעם אים אַרײַן צו דיר אין שטוב". שײן װאָלט עס אױסגעזען װען מיר מאַכן באַסענע אונדזער מאַריע מיט אַ גראַפֿטש אָדער אַ מיוחסדיקן קאַװאַליר און אינמיטן דערינען פאַרגלוסט זיך אים זי אױסשײַערן אױף נײַ און שרײַט איר פּױערטע, טאָכטער פונעם ערדגרעבער און פון דער שפּינד־לערקע! נישט באַ מײַן לעבן, מאַן מײַנער. אָט דערױף האָב איך מײַן טאָכטער אױס־געהאָדעװעט! איר, סאַנטשאָ, ברענגט דאָס געלט, באַסענע מאַכן איר לאָזט איבער פאַר מיר, פאַראַן איז דאָ לאָפּע טאָטשאָ, כואַן טאָטשאָס אַ זון, אַ יונג אַ קרעפּטי־קער, אַ געפּאַקטער, און מיר קענען אים און איך װײס, אַז ער קוקט נישט קרום אױף דעם מײדל, און מיט אים, מיט אונדזערס אַ גלײַכן, װעט זי גליקלעך זײַן, און מירן זי שטענדיק האָבן פאַר די אױגן, און אַלע װעלן מיר זײַן אײנס, די עלטערן מיט די קינדער, די אײניקלעך מיט די אײדעמס און גאָטס בענטשונג און שאַלעם װעט אומגײן צװישן אונדז אַלעמען; און מאַכט זי מיר ניט באַסענע אין הױף אַרײַן, אין די גרױסע פּאַלאַצן, װוּ ניט מען פאַרשטײט זי און ניט זי פאַרשטײט זײ.

— קום נאָר אַהער, דו בײזע כײַע, מאַרשאַעס װאָס דו ביזט, — האָט סאַנטשאָ איר אָפּגעענטפערט, — פאַרװאָס זאָלסטו מיר איצט, אומזיסט און אומנישט, שטערן מײַן טאָכטער באַסענע צו מאַכן מיט אַזױנעם, װאָס זאָל מיר געבן אײניקלעך הער־שאַפטן? הער אױס, טערעזאַ, מײַן טאַטע און מײַן מאַמע, געדענק איך, פלעגן זאָגן, אַז װער עס קען נישט געניסן פון דעם גליק, װען דאָס קומט צו אים, דער טאָר זיך

נישט קלאָגן ווען דאָס גייט פון אים אוועק. און אַז דאָס גליק קלאַפּט איצט צו אונדז אין דער טיר, איז עס נישט רעכט מיר זאָלן פאַר דעם די טיר פאַרמאַכן: לאָ־מיר זיך לאָזן גיין מיטן ווינט וואָס בלאָזט אונדז פון הינטן. (צוליב אָט דער מאַניר פון סאַנטשאָס ריידן און צוליב דעם וואָס ער זאָגט ווייטער, האָט דער איבערזעצער פון דער געשיכטע אָנגעמערקט, אַז ער האַלט דאָס קאַפּיטל פאַר אַפּאָקריפיש).

— דיר געפעלט נישט, בעהיימע — האָט סאַנטשאָ ווייטער געטײַנעט, — איך זאָל אָנטרעפן אויף עפּעס אַן איינטרעגלעכער רעגירונג, וואָס זאָל אונדז פון דער בלאָטע אַרויסשלעפּן און מאַרי סאַנטשאָ זאָל כאַסענע האָבן מיט וועמען איך וועל וועלן, און דיך זאָל מען רופן דאָניאַ טערעזאַ פּאַנצאַ, און אין קלויסטער זאָלסטו דיך זעצן אויף אַ טעפּיך, אויף קישנס און קילימעס, צולאָכעס די שטעטלשע פּריצעס? ניין, דיר ווילט זיך בעסער בלײַבן אין איין שטאַנד, נישט וואַקסן און נישט אײַנ־גיין, ווי די פיגור אויף דעם מויער! נאָר לאָמיר דערפון מער נישט ריידן, די קליינע סאַנטשאַ מוז ווערן גראַפיניע, זאָלסט אַפילע ריידן פון הײַנט ביז מאָרגן.

— איר הערט כאָטש וואָס איר רעדט, מײַן מאַן? — האָט טערעזאַ געענטפערט. — און איך זאָג אײַך, אַז איך האָב מוירע דאָס גראַפטום זאָל נישט זײַן מײַן טאָכטערס אומגליק. מאַכט פון איר וואָס איר ווילט, מאַכט פון איר אַ גראַפיניע, אַ פּרינצעסין, נאָר איך קען אײַך זאָגן, אַז איך וועל דערצו נישט מאַסקים זײַן, און איר וועט דאָס טאָן אָן מײַן ווילן. איך, ברודער, בין שטענדיק געווען פאַר גלײַכ־הייט, און איך קען ניט זען אַ קאַבצן אַ באַל־גײַווע, באַם טויפן האָט מען מיך אַ נאָ־מען געגעבן טערעזאַ, אָן שום פּוץ און צולאָג, אָן פאַלבן און אָן פּאַדשיוועס מיט דאָנעס און דאָניעס; מײַן טאַטן האָט מען גערופן קאַסקאַכאָ און ווײַל איך בין אײַער ווײַב, רופט מען מיך טערעזאַ פּאַנצאַ, כאָטש באַדאַרפט וואָלט איך הייסן טערעזאַ קאַסקאַכאָ. נאָר דאָרט ווו געזעצן, טוען זיך מעלאָכים זעצן, און איך בין מיט מײַן נאָמען צופרידן אָן אַ דאָן פון אויבן, וואָס זאָל אַזוי שווער זײַן אַז איך זאָל אים נישט קענען דערטראָגן, און איך וויל נישט מען זאָל מיר נאָכריידן ווען מען וועט מיך זען אָנגעטאָן ווי אַ גראַפיניע אָדער ווי אַ גובערנאַטערשע: „זעט נאָר ווי זי בלאָזט פון זיך, דער שלומפּער! ערשט נעכטן האָט זי קלאָטשע געפּליקט און איז גע־גאַנגען אין קלויסטער מיט דעם אונטער־ראָק אויפן קאָפּ פאַר אַ שאַל און הײַנט טראָגט זי שוין שוואַרצע קליידער אויף האָקן און מיט אַזאַ גײַווע גלײַך מען וייס ניט ווער זי איז". אויב גאָט וועט מיר שענקען מײַנע זיבן אָדער פינף כושים, צי וויפל איך האָב זיי, וועל איך נישט דערלאָזן מען זאָל מיך אַרײַנוואַרפן אין אַזאַ קלעם. איר, ברודער, גייט אײַך ווערן רעגירונג אָדער אינדזל און גווידערט אײַך וויפל איר ווילט, נאָר איך און מײַן טאָכטער, שווער איך אײַך באַ מײַן מאַמען, אַז איך וועל מיך פונעם דאָרף נישט רירן. אַן אָרנטלעך ווײַב וועט זיך אַ פוס צעברעכן און בלײַבן זיצן אין דער היים, און באַם אָרנטלעכן מיידל איז יאָנטעוו ווען זי איז פאַרנומען. גייט אײַך מיט אײַער דאָן קיכאָטן צו אײַערע גליקן און אונדז וועט גאָט העלפן ווען מיר וועלן זײַן גוט און פרום. און איך וויים גאָרניט ווער האָט עס אים געגעבן דעם דאָן, אַז ניט זײַן טאַטע און ניט זײַן זיידע האָבן אים געהאַט.

— און איך זאָג דיר, — האָט סאַנטשאָ אָפּגעענטפערט, — אַז דו האָסט אַן אייגענעם אין דער כאַוורוסע. שיץ דיך גאָט, אַ ווײַב, און וואָס זי האָט דאָ אָנגע־פּלאָנטערט איינס אינעם צווייטן, אָן אַן אָנהויב און אָן אַ סאָף! וואָס קער זיך אָן קאַסקאַכאָ מיט די האָקן, מיט די גלײַכווערטלעך און מיט דער גײַוועוע וואָס איך זאָג? קום נאָר אַהער, דו נאַריש ווײַב און פאַרשטאָפּטער קאָפּ (וואָרום אַנדערש קען איך דיך נישט רופן אויב דו פאַרשטייסט נישט וואָס איך זאָג און דו אַנטלויפסט פונעם גליק): ווען איך וואָלט געזאָגט, אַז מײַן טאָכטער זאָל זיך אַראָפּוואַרפן פון אַ הויכן טורעם אָדער זי זאָל זיך איבער דער וועלט אַרויסלאָזן, ווי די פּרינצעסן וואָ־ראַנע, וואָלסטו רעכט געהאַט מיר נישט צו וועלן נאָכגעבן; ווען אָבער מיט צוויי קעלמעס און וויפל אַ פינטל מיטן אויג געדויערט, ברענג איך דיר אַף די פּלייצעס צו טראָגן אַ דאָן מיט אַ הערשאַפט, און פּאַק זיי דיר אַרויס פון דער שטרוי און שפּרייט זיי דיר אויס אַפן ברעזענט און אַף די טרעפּ אין אַן אויסשטאַטונג מיט אַזוי פיל פּלושענע אַלמאָהאַדאַס (קישנס), אַז אַלע מאָרן מיט זייער גאַנצן מאַראָקאַנער אַל־מאָהאַדן־שטאַם האָבן אַזוי פיל נישט פאַרמאָגט, פאַרוואָס זשע זאָלסטו נישט מאַס־קים זײַן און נישט וועלן דאָס וואָס איך וויל?

— איר ווייסט פאַרוואָס, מײַן מאַן? — האָט טערעזאַ געענטפערט, — מאַכ־מעס ווי זאָגט מען עס: „ווער עס דעקט דיך צו, דער דעקט דיך אָפּ". דעם אָרימאַן לויפט מען מיט די אויגן פאַרבײַ און אַפן גוויר שטעלט זיך איטלעכער אָפּ קוקן. און טאָמער נאָך איז דער גוויר אַמאָל געווען אַן אָרימאַן, הייבט זיך דאָ אָן דאָס מורמלען און דאָס שעלטן, און מען הערט גאָרניט אויף, און שעלטער זײַנען פאַראַן אין די גאַסן גאַנצע רויען, ווי די בינען.

— קוק נאָר צו מיר, טערעזאַ — האָט סאַנטשאָ געענטפערט — און הער מיך אויס וואָס איך וועל דיר זאָגן. דו האָסט עס עפּשער אַף דײַן לעבסטאָג נישט גע־הערט, און איך זאָג עס נישט פונעם קאָפּ, וואָרום דאָס וואָס איך וויל דיר איצט זאָגן, זײַנען קלוגע רייד פונעם פּריידיקער, וואָס האָט דאָ אין דאָרף פאַראַיאָרן אין די פאַסט־טעג געפּריידיקט, און געזאָגט האָט ער, אויב איך געדענק עס נאָר גוט, אַז אַלץ וואָס מיר זעען מיט די אויגן, פאַרבלײַבט אונדז אין זיקאָרן אַ סאַך בעסער און דײַטלעכער ווי זאַכן, וואָס זײַנען שוין לאַנג נישטאָ. — (דאָס אַלץ, וואָס סאַנ־טשאָ זאָגט דאָ, איז דער צווייטער טאַם, פאַרוואָס דער איבערזעצער האַלט דאָס דאָזיקע קאַפּיטל פאַר אַן אַפּאָקריפיש, מאַכמעס דאָס איז צו הויך פאַר סאַנטשאָן, וואָס רעדט ווײַטער): — פון דאַנען נעמט זיך, אַז ווען מיר זעען אַ שיין געפּוצטן, פײַן געקליידטן מענטשן, מיט גרויס פּאָמפּע און דינערשאַפט, רעגט עס אונדז דאַכט זיך אָן מיר זאָלן צו אים פילן אַ דרעכערעץ, אַפילע ווען דער זיקאָרן שטעלט אונדז דעמאָלט צו עפּעס אַ נעוואָלע, וואָס מיר האָבן פון דעם מענטשן געזען, און די נעוואָלע, זאָל זי געווען זײַן פון אָרימקייט צי פון אָפּשטאַם, ווײַל זי איז אַ פאַר־גאַנגענע, איז זי שוין ניט מער קיין נעוואָלע, און מיר מערקן בלויז דאָס איצטיקע. און אויב דער וואָס זײַן רײַכטום האָט אים אַרויסגעצויגן פון זײַן נידעריקייט (און דערום טאַקע האָט דאָס דער פּריידיקער געזאָגט), איז צו דעם אַלעמען אַ דערצויגע־

נער מענטש, אַן אָפענע האַנט און איז העפלעך מיט יעדן איינעם און רעכנט זיך ניט דערמיט וואָס יענע זײַנען אַדעליקע פון אַמאָל, מעגסטו זיכער זײַן, טערעזאַ, אַז קיינער וועט זיך נישט דערמאָנען וואָס ער איז אַמאָל געווען, און מען גיט אָפּ דעם קאָוועד דעם איצטיקן, אַבוּ, פאַרשטייט זיך, די נישט פאַרגינער, וואָס קיין שום רײַכטום איז מיט זיי נישט זיכער.

— איך פאַרשטיי אײַך ניט, מײַן מאַן — האָט טערעזאַ אָפּגעענטפערט, — טוט וואָס איר ווילט און דרייט מיר נישט דעם קאָפּ מיט אײַערע רעדעס און מעליצעס, און אויב איר זײַנט אַנטשאָסן צו טאָן וואָס איר ווילט...

— אַנטשלאָסן זאָגט מען, מײַן ווײַב, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — און ניט אַנטשאָסן.

— שפּאַרט אײַך ניט מיט מיר, מאַן מײַנער, — האָט טערעזאַ געענטפערט: — איך רעד ווי גאָט גיט און איך מיש מיך נישט אין די צאַצקעס. איך זאָג, אַז אויב איר האָט אײַך אַזוי אײַנגעשפּאַרט און איר ווילט דאַווקע האָבן אַ רעגירונג, נעמט מיט זיך מיט אײַער זון סאַנטשאָ און זאָל ער זיך באַצײַטנס לערנען ווי צו האַלטן אַ רעגירונג, וואָרום ס'איז גוט אַז קינדער זאָלן לערנען און איבערנעמען דאָס פאַך פון זייערע עלטערן.

— ווי נאָר איך וועל האָבן די רעגירונג, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — וועל איך שיקן נאָך אים מיט דער פּאָטשט, און וועל דיר שיקן געלט, מאַכמעס דאָס וועט מיר ניט פעלן, עס געפינען זיך שוין אַזעלכע וואָס באָרגן אויס געלט די גובערנאַטערס ווען זיי האָבן ניט. און טו אים אָן אַזוי, אַז מען זאָל נישט אַרויסזען וואָס ער איז און אויסזען זאָל ער דאָס וואָס ער דאַרף זײַן.

— שיקט מיר נאָר דאָס געלט — האָט טערעזאַ געזאָגט, — וועל איך אים שוין אויסקליידן ווי אַ טייטלבוים.

— ביזטו מיט מיר, הייסט עס, מאַסקים, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט — אַז אונדזער טאָכטער זאָל ווערן אַ גראַפיניע?

— דעם טאָג ווען איך וועל זי זען אַ גראַפיניע, — האָט טערעזאַ געענטפערט, — וועל איך באַ זיך טראַכטן, אַז איך פיר זי צו דער קווּרע. נאָר אײַך זאָג איך נאָכאַמאָל, טוט וואָס אײַך געפעלט, דערויף זײַנען מיר ווײַבער געבוירן, אַף צו פאָלגן די מענער, מעגן זיי זײַן נאַראָנים און ביטערע אַקשאָנים.

און דערבײַ האָט זי זיך אַזוי ביטער צעוויינט, ווי זי וואָלט שוין געזען איר סאַנטשיקאַ אַ טויטע און אַ באַגראָבענע. סאַנטשאָ האָט זי געטרייסט און איר געזאָגט, אַז אויב ער מוז זי שוין מאַכן פאַר אַ גראַפיניע, וועט ער דאָס טאָן ווי מעגלעך שפּעטער. דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט דער געשפּרעך און סאַנטשאָ איז ווידער געגאַנגען זען דאָן קיכאָטן, קעדיי צוצוגרייטן זײַן אַרויספאָר.

# זעקסטער קאַפּיטל

**וועגן דעם וואָס האָט פּאַסירט צווישן דאָן קיכאָטן מיט זײַן פּלימעניצע און זײַן דינסט, און דאָס איז איינס פֿון די וויכטיקסטע קאַפּיטלען אין דער גאַנצער געשיכטע.**

אין דער צײַט ווען סאַנטשאָ פּאַנסאַ און זײַן ווײַב טערעזאַ האָבן געפֿירט צווישן זיך דעם פֿריערדיקן צודרינגלעכן געשפּרעך, זײַנען דאָן קיכאָטס פּלי־מעניצע און זײַן דינסט נישט געזעסן ליידיק, וואָרום פֿון אַן אַ שיר סימאָנים האָבן זיי אַרויסגעזען, אַז זייער פֿעטער און האַר וויל זיך צום דריטן מאָל אַרויסרײַסן און ווידער זיך אומקערן צו זײַן באַרוף פֿון שלימאַזלדיקן ריטערטום. געפּרוּווט האָבן זיי מיט אַלע מיטלען אים אָפּצעווענדן פֿון דער בייזער מאַכשאָווע. נאָר געהאָלפֿן האָט עס זיי ווי דאָס געשריי אין דער מידבער און ווי דאָס קלאַפּן אָף קאַלטן אײַזן. דאָך האָט אים די דינסט, צווישן אַנדערע אירע טײַנעס אַזוי געזאָגט:

— איך זאָג אײַך בעפּיירעש מײַן האַר, אַז אויב אײַער גענעדיקייט וועט זיך ניט אָפּשטעלן און בלײַבן זיצן אין דער היים, און איר וועט אײַך ניט אָפּלאָזן פֿון דעם וואַנדערן איבער בערגער און טאָלן ווי אָף דעם אוילעם האַטויע, זוכן גליקן, ווי איר רופֿט עס, און איך רוף זיי אומגליקן, וועל איך מיך מוזן קלאָגן אָף די העכסטע קוילעס צו גאָט און צום קיניג, זיי זאָל זוכן אַ טרופֿע דערצו.

דערויף האָט דאָן קיכאָט געענטפֿערט:

— דינסט מײַנע, וואָס גאָט וועט ענטפֿערן אָף דײַנע געשרייען, ווייס איך ניט, איך ווייס אויך נישט וואָס זײַן מאַיעסטעט וועט ענטפֿערן, איך ווייס נאָר, אַז ווען איך וואָלט געווען קיניג, וואָלט איך מיך אָפּגעזאָגט צו ענטפֿערן אָף דער מאַ־סע צודרינגלעכע באַקאָשעס, וואָס ווערן אים טאָג טעגלעך צוגעטראָגן. וואָרום איי־נע פֿון די שווערסטע אַרבעטן, וואָס די קיניגן האָבן אָף זיך, איז דאָס וואָס זיי זײַנען מעכויעוו אַלעמען אויסצוהערן און אַלעמען צו ענטפֿערן. איך וויל נישט דע־רום, אַז מײַנע איניאָנים זאָלן אים פֿאַרשאַפֿן קאָפּווייטיק.

דערויף האָט די דינסט געזאָגט:

— זאָגט נאָר, מײַן האַר; צי זײַנען שוין אין זײַן מאַיעסטעטס הויף קיין רי־טער נישטאָ?

— פֿאַראַן, — האָט דאָן קיכאָט געענטפֿערט, — און אַ סאַך. זיי מוזן זיך דאָרט געפֿינען אָף צו באַצירן די גרויסקייט פֿון די פּרינצן און צוליב דעם פּראַכט און גלאַנץ פֿון זײַן קיניגלעכער מאַיעסטעט.

— איז דען נישט גלײַכער, אײַער גענעדיקייט, — האָט זי געענטפֿערט, — אַז איר זאָלט זײַן איינער פֿון די וואָס דינען אײַער האַר און קיניג, אין הויף, אָף איין אָרט?

— הער אויס, מײַן פֿרײַנט — האָט דאָן קיכאָט געענטפֿערט, — נישט אַלע ריטער קענען זײַן הויפֿלײַט און נישט אַלע הויפֿלײַט קענען און דאַרפֿן זײַן וואַנדער־ריטער: זי מוז האָבן פֿון אַלע, אונדזער וועלט. און אַפֿילע עס זאָלן זײַן ריטער,

איז פאַראַן אַ כּילעק צווישן ריטער און ריטער, וואָרום די הויפּישע ריטער שפּאַצירן אויס די גאַנצע וועלט, נישט אָרויסגייענדיק פון זייער אײַנגעזעסענעם אָרט און נישט אַריבערטרעטנדיק די שוועל פונעם הויף, זיי זיצן און קוקן אַף דער מאַפּע און עס קאָסט זיי גאָרנישט און זיי לײַדן נִיט, נישט פון היץ און נישט פון קעלט, נישט פון הונגער און נישט פון דורשט. מיר אָבער, די עמעסע וואַנדער־ריטער, מעסטן אויס די גאַנצע ערד מיט אונדזערע אייגענע פיס, אין זון און אין קעלט, אין ווינט און גע־וויטער פון הימל, באַנאַכט און באַטאָג, צו פוס און רײַטנדיק. און נישט נאָר קענען מיר די סאָנים אויסגעמאָלטערהייד, נאָר לעבעדיק ווי זיי זײַנען, און אין יעדן פאַל און בא יעדער געלעגנהייט פאַלן מיר זיי איבער נישט געקוקט אַף קיינע קינדישע זאַכן און דועל־געזעצן: צי יענעמס שפּיז אָדער שווערד איז קירצער אָדער נִיט, צי טראָגט ער אַף זיך קאַמייעס, אָדער ער האָט עפּעס אַ שפּיצל אויסבאַהאַלטן, צי דאַרף מען דעם טאָג אײַנטיילן און אַף שטיקער צעשנייידן אָדער נִיט, און אַנדערע צערעמאָניעס פון דעם מין, וואָס זײַנען אײַנגעפירט אין די פּריוואַטע דועלן פון מענטש צו מענטש, וואָס דו ווייסט נישט און איך ווייס. און נאָך מוזטו וויסן, אַז אַן עכטער וואַנדער־ריטער, מעג ער דערזען צען ריזן, וואָס שפּאַרן אונטער מיט די קעפּ די כמאַרע אָדער שטעקן אַריבער דער כמאַרע און יעדער פוס בא זיי איז ווי אַ טורעם די גרעב און די הענט בא זיי זײַנען ווי די מאַסטבײמער אַף בײַכיקע מעכטיקע שיפן, און יעדער אויג ווי אַ מילראָד און ברענט ווי אַ הוטע, טאָר ער זיך בעשומויפן נישט דערשרעקן. פאַרקערט, אַ געשטרעקטער, מיט אומדערשראָ־קענעם האַרצן, דאַרף ער זיי איבערפאַלן און אָנגרײַפן. און ווען מעגלעך, זיי מענאַ־צייעך זײַן און אין איין אויגנבליק זיי צעווישטיקן, אַפילע ווען זיי זײַנען באַפּאַנ־צערט מיט די מושלען פון אַזאַ פיש, וואָס מען זאָגט, אַז זיי זײַנען האַרטער ווי די דימענטן, און אַפילע ווען אָנשטאָט שווערדן טראָגן זיי שנײַדנדיקע מעסערס פון דאַמעסעקער שטאָל אָדער געקאָוועטע בולעוועס מיט שטאָלענע צוועקעס, ווי איך האָב שוין מער ווי צוויי מאָל געזען.

„איך זאָג עס דיר, דינסט מײַנע, קעדיי דו זאָלסט זען וואָס פאַר אַ כּילעק עס איז פון ריטער צו ריטער. און אַ יוישער וואָלט געווען, עס זאָל נישט זײַן קיין איין פירשט, וואָס זאָל נישט שעצן אָט דעם צווייטן מין, אָדער ריכטיקער, אָט דעם ערשטן מין וואַנדער־ריטער, וואָס ווערליק מיר לייענען אין די געשיכטעס, זײַנען געווען צווישן זיי אַזוינע, וואָס זײַנען געווען דאָס געזונט נישט נאָר פון איינער, נאָר פון אַ סאַך מעדינעס.

— אַך, מײַן האַר! — האָט זיך דערבײַ אָנגערופן די פּלימעניצע, — מערקט אײַך, אײַער גענעדיקייט, אַז דאָס אַלץ וואָס איר זאָגט וועגן די וואַנדער־ריטער איז אַן אויסטראַכטעניש און אַ ליגן, און זייערע געשיכטעס, אויב מען פאַרברענט זיי נִיט, האָבן זיי די ווערט מען זאָל אַף יעדער איינער פון זיי אָנטאָן אַ סאַמבע־ניטאָ*) אָדער אַן אַנדער צייכן מען זאָל זיי דערקענען ווי אַן אומווירדיקייט און ווי אַ פאַרדאַרבערן פון די גוטע זיטן.

---

*) סאַמבעניטאַ — אַ העמדל אָדער אַ שילד, אָנגעטאָן אַף די פאַרמישפּעטע פון דער אינק־וויזיציע צום פאַרברענען.

— באַ דעם גאָט וואָס דערהאַלט מיך באַם לעבן — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — אַז ווען דו ביזט נישט מײַן פּלימעניצע, אַ גלײַכע טאָכטער פון מײַן אייגענער שוועסטער, וואָלט איך דיר געגעבן אַזאַ שטראָף פאַר דער לעסטערונג, וואָס דו האָסט פון דײַן מויל אַרויסגעבראַכט, אַז די גאַנצע וועלט וואָלט מיט איר געקלונגען. ווי איז עס מעגלעך אַ מיידל, וואָס קען קוים אַ טוץ שפּיזלעך דרייען, זאָל זיך דערוועגן אַ מויל צו עפענען אוןריידן אַף די געשיכטעס פון די וואַנדער־ריטער! וואָס וואָלט דערויף דער האַר אַמאַדיס געזאָגט ווען ער הערט דאָס? נאָר ער וואָלט דיר זיכער מויכל געווען, מאַכמעס געווען איז ער דער גרעסטער אָנעוו און דער העפלעכסטער צווישן די ריטער פון זײַן צײַט, און דערצו אַ גרויסער שיצער פון בסולעס. נאָר געקענט וואָלט דיך דערהערן אַזוינער, וואָס מיט אים וואָלט דיר נישט אַזוי גלאַט אָפּגעגאַנגען, וואָרום נים אַלע זײַנען העפלעך און ליבלעך, פאַראַן אומדערצויגענע און בייזע. און ניט אַלע וואָס רופן זיך ריטער, זײַנען עס אַף דורך און דורך, פאַראַן גאָלדענע און פאַראַן אויך מעשענע; אַלע זעען זיי אויס ריטער, נאָר נישט אַלע קענען זיי אויסהאַלטן דעם פּרוּוו פונעם עמעס. פאַראַן נידעריקע מענטשן, וואָס מיען זיך ביז צום פּלאַצן אויסצוזען ווי ריטער און פאַראַן הויכע ריטער, וואָס שטאַרבן באָדאַי, אַבי אויסצוזען ווי נידעריקע מענטשן. טייל הויבן זיך אַרויף מיט אַמביציע אָדער מיט פעיִקייטן אַנדערע לאָזן זיך אַרונטער מאַכמעס שוואַכקייט אָדער מאַכמעס פאַרדאָרבנקייט, און מען מוז נוצן דעם סייכל און די קענטעניש אַף אונטערצושיידן די צוויי מינים ריטער, וואָס גלײַכן זיך אַזוי מיט די נעמען און זײַנען אַזוי פאַרשיידן מיט די מײַסים.

— שיץ מיך גאָט! — האָט די פּלימעניצע געזאָגט, — אײַער גנעדיקייט, האַר פעטער, מעג עס וויסן, אַז אין אַ נויט, ווען מען וואָלט באַדאַרפט, וואָלט איר געקענט אַרויפשטעלן זיך אַף אַ שטענדער און אַרומגיין פּריידיקן איבער די גאַסן, און, פונדעסטוועגן, פאַלט איר אַרײַן אין אַזאַ גרויסער פאַרבלענדעניש און אין אַזאַ אָפענער טיפּשעס, אַז באַלד דערקענט מען אין אײַך, אַז כאָטש איר זײַנט אַלט, זײַנט איר קרעפטיק, כאָטש קראַנק, האָט איר קויעך, און אַז איר גלײַכט אויס קרומע ווען איר אַליין זײַנט פון עלטער געבויגן, און, דעריקער, איר זײַנט אַ ריטער ווען איר זײַנט עס ניט, וואָרום ריטער קענען זײַן נאָר די רײַכע און ניט די אָרימע!

— ביזט גערעכט, פּלימעניצע, אין דעם אַלעמען וואָס דו זאָגסט, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — און איך וואָלט דיר געקענט אַזוינס זאָגן וועגן יִיכעס, אַז דו וואָלסט געגאַפט, נאָר ווײַל איך וויל נישט מישן דאָס געטלעכע מיט דעם מענטשלעכן, זאָג איך עס ניט. הערט אויס, ליבע פרײַנט: אונטער פיר מינים קען מען אַרונטערפירן אַלע מינים יִיכעס, וואָס זײַנען פאַראַן אַף דער וועלט, און דאָס זײַנען זיי: איין מין, וואָס האָט געהאַט אַ באַשיידענעם אָנהויב און האָט זיך צעוואַקסן און איז געשטיגן ביז העט אַרויף; אַן אַנדער מין האָט געהאַט אַ הויכן אָנהויב און האָט אים אײַנגעהיט און היט אים אײַן אַזאַ ווי ער האָט אָנגעהויבן; נאָך איינער, וואָס כאָטש געהאַט האָט ער אַ גרויסן אָנהויב, האָט ער דאָך פאַרענדיקט ווי אַ פּיראַמידע און איז געוואָרן אַלץ קלענער און אומוויכטיקער ביז צו נישט, ווי דער שפּיץ

פון דער פּיראַמידע, וואָס איז אין שײַכעס מיט דער באַזע גאַרנישט; ווידער איז פֿאַראַן אַ מין, וואָס דאָס איז דער ראָוו מיניען, וואָס ניט זיי האָבן געהאַט אַ גוטן אָנהויב, ניט זיי האָבן געהאַט אַ לײַטישן מיטן און אויך דער סאָף זייערער וועט זײַן אַזוי, אָן אַ נאָמען, ווי דער שטאַם פֿון פֿלעבעישן און פּאָשעטן אוילעם. פֿון די ערשטע, וואָס האָבן געהאַט אַ באַשיידענעם אָנהויב און האָבן געשטיגן הויך, נאָר איצט היטן זיי דאָס אײַן, קען דינען ווי אַ בײַשפּיל דאָס אָטאָמאַנישע הויז, וואָס פֿון אַ באַשיידענעם און קליינעם פּאַסטעך, וואָס האָט דעם אָנהויב געמאַכט, שטייט עס הײַנט אויף דעם שפּיץ, ווי מיר זעען עס. פֿון דעם צווייטן מין יִיכעס, וואָס זײַן אָנהויב איז געווען גרויס און ער היט זיך אײַן אויף דער אייגענער הויך, זײַנען אַ בײַשפּיל אַ סאַך פֿירשטן, וואָס זײַנען דאָס בעיערושע און דערבײַ האַלטן זיי זיך, גייען נישט אַרויף און נישט אַראָפּ און האַלטן זיך פֿרידלעך אינעם גוווּל פֿון זייער שטאַנד. פֿון די וואָס האָבן אָנגעהויבן גרויס און האָבן פֿאַרענדיקט מיט אַ שפּיץ, זײַנען פֿאַראַן טויזנטער בײַשפּילן, מאַכמעס די אַלע עגיפּטישע פּאַרעס און פּטאָלאָ־מעען, די רוימישע צעזאַרעס מיט זייער מאַכנע (אויב מען קען זיי אַזוי אָנרופֿן) און אַ שיר פֿירשטן, מאָנאַרכן, סעניאָרן, מעדן, אשורים, פּערסן, גריכן און באַרבאַרן, די אַלע שטאַמען און הערשאַפֿטן האָבן זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ שפּיץ און מיט גאָר־נישט, אַזוי זיי, און אַזוי די וואָס האָבן זייער אָנהויב געמאַכט. וואָרום פֿון זייער נאָכקומפֿט וועט איר איצט קיין איינעם נישט געפֿינען, און טאָמער וועט איר אים געפֿינען, וועט ער זײַן אין נידעריקן פּאָשעטן שטאַנד.

„ווענן דעם פֿלעבעישן שטאַם קען איך נאָר זאָגן, אַז ער דינט צו פֿאַרמערן די צאָל פֿון די וואָס לעבן אויף דער וועלט, און מער ווי דאָס פֿאַרדינט נישט זייער נאָמען און זייער גרויסקייט. פֿון דעם אַלעמען, וויל איך אײַך דרינגען, נאַרישע מוידן, אַז גרויס איז די צעמישונג, וואָס איז פֿאַראַן צווישן די מינים יִיכעס, און אַז נאָר יענער יִיכעס זעט אויס גרויס און דערלויכטן, וואָס ווײַזט זיך אַרויס אין דער זיטלעכקייט, אין דער רײַכקייט און אין דער פֿרײַער האַנט פֿון דעם וואָס באַזיצט אים. זיטלעכקייט, רײַכקייט און פֿרײַע האַנט האָב איך געזאָגט, מאַכמעס דער גרוי־סער, וואָס איז פֿאַרדאָרבן, איז אַ גרויסער פֿאַרדאָרבענער, און דער רײַכער אָן דער פֿרײַער האַנט איז אַ זשעדנער בעטלער: מאַכמעס נישט דאָס רײַכטום מאַכט גליקלעך דעם רײַכן, נאָר דאָס וואָס ער גיט עס אויס, און נישט דאָס אויסגעבן גלאַט אין דער וועלט, נאָר דאָס קענען אויסגעבן גוט. דעם אָרימען ריטער בלײַבט נישט קיין אַנדער וועג ווי אַרום אַרויסצעווײַזן, אַז ער איז אַ ריטער, ווי נאָר מיט זײַנע גוטע מידעס. ווען ער איז ליבלעך, העפֿלעך, דערצויגן און געצוימט, אַרבעטזאַם און פֿלײַסיק, נישט שטאָלץ בײַ זיך, נישט קיין באַלגײַווע, נישט קיין באַריידער און, דעריקער, גוטהאַרציק. מיט די צוויי גראָשן, וואָס ער גיט דעם אָרימאַן מיט אַ פֿריילעך האַרץ, איז ער אַזוי פֿרײַגעביק ווי יענער וואָס קלינגט אין די גלעקער ווען ער גיט אַ נעדאָווע, און ווער עס וועט אים זען אַזאַ באַצירטן מיט די גוטע מידעס, אַפֿילע ער זאָל אים נישט קענען, וועט אים שעצן און וועט אין אים דערקענען דעם גוטן אָפּ־שטאַם, און אַ ווונדער וועט זײַן, אויב ער וועט עס נישט זײַן. און לויב איז אין אַלע צײַטן געווען דער לוין פֿאַר גוטע מידעס, און גוטע מידעס מוזן ווערן געלויבט.

„צוויי וועגן זײַנען פֿאַראַן, טעכטער מײַנע, וואָס דער מענטש קען איבער זיי גיין צו רײַכקייט און אָרנטלעכקייט: איינער איז דער וועג פֿון ווילגעלערנטקייט, דער צווייטער פֿון דעם וואָפֿן. איך האָב מער וואָפֿן ווי געלערנטקייט, און געבוירן בין איך, ווערליק איך בין געניגט צום וואָפֿן, אונטער דעם מזל פֿון דעם שטערן מאַרס, אַזוי אַז איך בין קימאַט געצוווּנגען צו גיין אַף זײַן וועג, און אַף דעם וועג מוז איך גיין נישט געקוקט אַף קיינעם, און אומזיסט וועט זײַן אײַער מי מיך איבער־צוריידן איך זאָל נישט וועלן דאָס וואָס דער הימל וויל, וואָס דער גורל הייסט און דער סייכל פֿאָדערט, און, דעריקער, וואָס מײַן ווילן פֿאַרלאַנגט. וואָרום אַזוי גוט ווי איך ווייס וויפֿל מי עס איז פֿאַרבונדן מיט דעם וואַנדער־ריטערטום, ווייס איך וויפֿל גוטס אָן אַ שיר עס ווערט דורך אים דערגרייכט. און וויסן ווייס איך, אַז דער וועג פֿון די גוטע מידעס איז זייער אַ שמאָלער, און אַז דער וועג פֿון זינד איז אַ ברייטער, אַ ראַכוועסדיקער. און איך ווייס, אַז זייערע צילן און די ערטער, וווּהין זיי פֿירן, זײַנען פֿאַרשיידן. וואָרום דער ברייטער און ראַכוועסדיקער וועג פֿון זינד פֿירט צום טויט און דער שמאָלער מיפּולער וועג פֿון גוטע מידעס פֿירט צום לעבן, און ניט צו דעם לעבן וואָס ענדיקט זיך, נאָר צו דעם וואָס האָט קיין סאָף נישט. און איך ווייס, ווי עס זאָגט דער גרויסער קאַסטעליאַנישער דיכטער אונדזערער, אַז

איבער די געבראָכענע וועגן גייט דער מענטש
פֿון דער אומשטאַרבלעכקייט צו דעם הויכן טראָן,
ווּ קיינמאָל דערגייט נישט ווער עס טרעט פֿון זיי אָפּ.

— אוי אומגליק מײַנער — האָט די פּלימעניצע געזאָגט, — מײַן האַר איז דאָך אויך אַ פּאָעט! אַלץ ווייסט ער, צו אַלץ דערגייט ער. איך גיי אײַן געוועט, אַז ווען ער וויל ווערן אַ מויערער, וואָלט ער געקענט אויפֿשטעלן אַ שטוב ווי אַ שטײַג.

— איך פֿאַרזיכער דיר, פּלימעניצע, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — אַז ווען די ריטער־געדאַנקען וואָלטן נישט פֿאַרכאַפּט אַלע מײַנע כושים, וואָלט נישט געווען אַזאַ זאַך, וואָס איך זאָל נישט מאַכן און אַזאַ אויסטערלישקייט וואָס זאָל פֿון מײַנע הענט נישט אַרויס, באַזונדערס שטײַגן און צײַן־שטעכערס.

אין דער רעגע האָט מען אין טיר אָנגעקלאַפּט, און אַף דער פֿראַגע ווער עס קלאַפּט, האָט סאַנטשאָ געענטפֿערט, אַז ער איז עס. און ווי נאָר די דינסט האָט אים דערהערט, איז זי אַוועק זיך באַהאַלטן, קעדיי אים נישט צו זען: אַזוי פֿײַנט האָט זי אים באַקומען. געעפֿנט האָט אים די פּלימעניצע. אַרויסגעקומען איז דאָן קיכאָט און האָט אים אויפֿגענומען מיט אָפֿענע אָרעמס, און פֿאַרמאַכט האָבן זיי זיך ביידע באַ אים אין כיידער, ווּ זיי האָבן צווישן זיך געפֿירט אַ צווייטן געשפּרעך, נישט מינדערוויכטיקער פֿונעם ערשטן.

# זיבעטער קאַפּיטל

**וועגן דעם וואָס עס האָט פּאַסירט צווישן דאָן קיכאָטן און זיין וואַפּנטרעגער, מיט נאָך ביז גאָר באַרימטע פּאַסירונגען.**

ווי נאָר די דינסט האָט געזען, אַז סאַנטשאָ פּאַנצאַ פאַרמאַכט זיך מיט איר האַר, האָט זי זיך געכאַפּט וועגן וואָס זיי ריידן זיך דאָרט צונויף. און אַזוי ווי פאַרגעשטעלט האָט זי זיך, אַז פון דעם צוזאַמענרייד דאַרף אַוודאי אַרויסקומען דער אָפּמאַך וועגן זייער דריטן אַרויספאָר, האָט זי, אַ צעווייטיקטע און מיט אַ שווער האַרץ, געכאַפּט דעם שאַל אויף זיך און איז אַוועקגעלאָפן צום באַקאַלאַוור סאַמסאָן קאַראַסקאָ. מאַכמעס געדאַכט האָט זיך איר, אַז ער, דאָס געשליפענע צינגל און איר האַרס פרישער גוטער ברודער, וועט אים קענען איבעררייידן ער זאָל זיך אָפּלאָזן פון דער ווילדער מאַכשאָווע.

געטראָפן האָט זי אים אַרומשפּאַצירן באַ זיך אין הויף, און ווי זי האָט אים דערזען, איז זי אים צו די פיס געפאַלן, אַ פאַרשוויצטע און אַ צעווייטיקטע. אַז קאַראַסקאָ האָט זי דערזען אַזאַ אויפגערעגטע און מיט אַזוי פיל ווייטיק אויפן פּאָנים, האָט ער געזאָגט:

— וואָס איז אייך, הארנטע דינסט? וואָס איז אייך געשען, וואָס איר זעט אַזוי אויס ווי איר וואָלט פון זיך די נעשאָמע געוואָלט אַרויסרייסן?

— ס'איז גאָרניט, האַר סאַמסאָן מיינער, נאָר מיין האַר רייסט זיך אַרויס. איך בין זיכער, אַז ער רייסט זיך אַרויס!

— וואָס רייסט ער זיך אַרויס? דורך וואַנען, הארנטע? — האָט סאַמסאָן געפרעגט, — האָט זיך באַ אים עפּעס אינעווייניק איבערגעריסן?

— נישט דאָס, — האָט זי געענטפערט, — ער רייסט זיך אַרויס דורך דער טיר פון זיין מעשוגאַעס: איך מיין, האַר באַקאַלאַוור, האַרציקער מיינער, אַז ער וויל צום דריטן מאָל אַרויספאָרן איבער דער וועלט זוכן גליקן, ווי ער רופט דאָס אָן. און איך הייב נישט אָן וויסן ווי קען מען דאָס אַזוי אָנרופן. דעם ערשטן מאָל האָט מען אים אונדז אַהיימגעבראַכט אויף אַן אייזל אַריבערגעלייגט, מיט שטעקענעס אַ צעקלאַפּטן, דעם צווייטן מאָל איז ער אַהיימגעקומען אויף אַן אָקסן-פור, אין אַ שטייג אַריינגעזעצט און פאַרשפּאַרט, ווו ער האָט זיך געלאָזט איינריידן, אַז ער איז פאַרקישעפט, און אַהיימגעקומען איז ער אַזוי נעבעכדיק, אַז די מאַמע זיינע וואָס האָט אים געבוירן, וואָלט אים נישט דערקענט: אויסגעמאָגערט און פאַרגעלט, די אויגן איינגעזונקען אין די לעצטע מויעך-קעמערלעך, און איך האָב אויסגענוצט אויף אים עפּשער זעקס הונדערט אייער, ער זאָל צו זיך קומען, און גאָט ווייס און אַלע וויסן עס, מיינע הינער וועלן מיר נישט לאָזן קיין ליגן זאָגן.

— איך גלויב אייך — האָט דער באַקאַלאַוור געענטפערט, — אייערע הינער זיינען אַזוינע גוטע, פעטע און גוט דערצויגענע, אַז זיי וועלן קיין זאַך נישט פאַרלייקענען, זיי זאָלן אַפילע פּלאַצן. איז טאַקע, הייסט עס, קיין שום אַנדער זאַך נישט באַגאַנגען געוואָרן, ווי נאָר דאָס וואָס דאָן קיכאָט קלייבט זיך באַגיין?

— ניין, מײַן האַר — האָט זי געענטפערט.

— אויב אַזוי, דאַרפט איר אײַך נישט נעמען צום האַרצן, — האָט דער באַ־קאַלאַוור געענטפערט, — גייט אַהיים און גרייט מיר צו אַף מיטיק עפּעס אַ וואַרימס, און איר דערוויַיל, אַפן וועג זאָגט די טפילע פון דער הייליקער אַפּאָלאָניאַ, אויב איר קענט זי. איך וועל באַלד אונטערקומען, וועט איר זען וווּנדער.

— ווי איז צו מיר! — האָט די דינסט געענטפערט, — די טפילע פון דער הייליקער אַפּאָלאָניאַ, זאָגט איר, זאָל איך זאָגן? דאָס וואָלט גוט געווען ווען מײַן האַר לײַדט אַף די ציין, נאָר ער לײַדט דאָך גאָר אַפן קאָפּ.

— איך ווייס וואָס איך זאָג, האַרנטע דינסט, גייט אַהיים און שפּאָרט אײַך נים מיט מיר, וואָרום ווייסן זאָלט איר, אַז איך בין אַ באַקאַלאַוור פון סאַלאַמאַנקאַ, און העכערס פון באַקאַלאַוור איז נישטאָ — האָט קאַראַסקאָ געענטפערט.

און דערמיט איז די דינסט אַוועק און דער באַקאַלאַוור איז באַלד אַוועק צום גאַלעך זיך צונויפרײדן מיט אים וועגן דעם וואָס אין דער געהעריקער צײַט וועט דערציילט ווערן.

אין דער צײַט וואָס דאָן קיכאָט איז געווען פאַרמאַכט בײַ זיך אין ביידער מיט סאַנטשאָ פּאַנצאַ, איז פאָרגעקומען אַט דער געשפּרעך, וואָס די געשיכטע גיט אים איבער מיט גרויס פּינקטלעכקייט און ריכטיקער באַריכטונג. געזאָגט האָט סאַנ־טשאָ צו זײַן האַר:

— מײַן האַר, איך האָב שוין מײַן ווײַב רעדוצירט זי זאָל מיך לאָזן מיטגיין מיט אײַער גענעדיקייט וווּהין איר ווילט.

— רעדוצירט האָסטו באַדאַרפט זאָגן, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — און נים רעדוצירט.

— שוין אַ פּאָר מאָל — האָט סאַנטשאָ געענטפערט — אויב דער זיקאָרן נאַרט מיך נישט, האָב איך אײַער גענעדיקייט געבעטן מיר נים צו פאַריכטן די ווערטער, דעמאָלט ווען איר פאַרשטייט וואָס איך מיין מיט זיי צו זאָגן, און אויב איר פאַר־שטייט זיי נישט, זאָגט מיר: „סאַנטשאָ אָדער טײַוול, איך פאַרשטיי דיך נים", און אויב איך וועל אײַך נישט אויפקלערן, וועט איר מיר דעמאָלט קענען פאַריכטן, וואָרום איך בין אַזוי פאָסיל...

— איך פאַרשטיי דיך נים, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט דערויף געזאָגט, — וואָרום איך ווייס נישט וואָס דאָס מיינט איך בין אַזוי פאָסיל.

— אַזוי פאָסיל מיינט — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — איך בין אַזוי...

— איצט פאַרשטיי איך דיך נאָך ווייניקער, — האָט דאָן קיכאָט דערויף גע־ענטפערט.

— איז אויב איר קענט מיך נים פאַרשטיין — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — ווייס איך נים ווי צו זאָגן, מער ווייס איך נים, און גאָט וועט מיך שיצן.

— איך האָב עס — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — דו מיינסט, אַז דו ביזט אַזוי דאָסיל, ווייך, דו לאָזט דיך בויגן און וועסט דיך לאָזן לערנען פון מיר און וועסט געהאָרכן וואָס איך וועל דיר הייסן.

— איך קען גיין אין געוועט, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — אַז איר האָט מיך באַלד פון אָנהויב אויפגעשניטן און פאַרזוכט, נאָר איר האָט מיך געוואָלט צעטומלען, מאַכמעס איר האָט מיך געהערט זאָגן נאָך צוויי הונדערט אַזוינע גראָבע ווערטער.

— קען זײַן — האָט דאָן קיכאָט אָפּגעענטפערט, — און טאַקע, וואָס זאָגט טערעזאַ?

— טערעזאַ זאָגט — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — איך זאָל גוט צובינדן מײַן פינגער צו אײַער גענעדיקייט, און ריידן זאָלן קאָרטן און שווײַגן זאָלן בערד, וואָרום דער וואָס טיילט דער טאַשט ניט און בעסער איז איינמאָל גענומען איידער צוויי מאָל איכל דיר געבן. און איך זאָג, אַז מײַן ווײַבס פאַרזאָג איז ווייניק, און אַז ווער עס נעמט נישט איז נישט באַם זינען.

— און איך זאָג אויך אַזוי — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — זאָגט, סאַנטשאָ פרײַנט, גייט ווײַטער, וואָרום איר רעדט הײַנט ווי אָפּגעטאָקט.

— די זאַך איז — האָט סאַנטשאָ אָפּגעענטפערט, — און אײַער גענעדיקייט ווייסט דאָס בעסער פון מיר, אַז אַלע זײַנען מיר באַם טויט אין די הענט, הײַנט לעבן מיר און מאָרגן אויס, און אַז די שאָף גייט אַזוי גיך ווי דער לאַם, און קיין שום מענטש אויף דער וועלט קען זיך נישט פאַרזיכערן מיט לאַנגע יאָר, וואָרום דער טויט איז טויב, און ווען ער קלאַפּט אָן אין טיר צו אונדזער לעבן, אײַלט ער זיך, און נישט געבעט און נישט געשלעג קענען אים אָפּשטעלן, נישט דער סצעפּטער און נישט די מיטרע, וואָס דאָס איז אַלגעמיין באַוווּסט און באַקאַנט און ווי מען זאָגט עס אונדז פונעם בעלעמער אַראָפּ.

— אַלץ איז עמעס — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — נאָר איך ווייס נישט אַקעגן וואָס דו זאָגסט עס.

— איך זאָג עס אַקעגן דעם — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — וואָס אײַער גענעדיקייט דאַרף מיר אָפּשטעלן אַ באַשטימטן לוין, וואָס איר דאַרפט מיר געבן יעדן כוידעש די גאַנצע צײַט וואָס איך וועל אײַך דינען, און אַז דעם לוין זאָל מען מיר צאָלן פון אײַער גוט, וואָרום איך וויל נישט זײַן אויסגעשטעלט אויף עמיצנס כסאָדים, וואָס קומען שטענדיק שפּעט, אָדער שלעכט אָדער קיינמאָל ניט; מיט דעם מײַניקן העלפט מיר גאָט. קורץ, איך וויל וויסן וואָס איך פאַרדין, פיל צי ווייניק, אויף איין איי לייגט זיך אַ הון, און אַ סאַך ביסלעך מאַכן אויס אַ סאַך, און אַז מען פאַרדינט עפּעס, פאַרלירט מען גאָרנישט. אוואַדע, טאָמער מאַכט זיך (וואָס דאָס גלויב איך נישט און וואַרט נישט דערויף) אײַער גענעדיקייט וועט מיר געבן דאָס אינדזל, וואָס איר האָט מיר צוגעזאָגט, בין איך נישט אַזאַ קאָפּעטויוועניק און טראָג אויך ניט די זאַכן פאַרן סאַמע עק, איך זאָל נישט וועלן מען זאָל אָפּשאַצן די גאַנצע האַכנאָסע פון דעם אינדזל, און אָפּרעכענען פון איר מײַן לוין קאַצנווײַז.

— סאַנטשאָ פרײַנט, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — טרעפט אַ קאַץ איז אַזוי גוט ווי אַ מויז.

— איך פאַרשטיי — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — איך קען גיין אין געוועט,

אַז מען דאַרף זאָגן ראַצנווײַז און נישט קאַצנווײַז.*) נאָר דאָס מאַכט נישט אויס, וואָרום אײַער גענעדיקייט האָט מיך פֿאַרשטאַנען.

— און נאָך ווי אַזוי פֿאַרשטאַנען — האָט דאָן קיכאָט געענטפֿערט, — איך האָב אַרײַנגעדרונגען ביזן דעק פֿון דײַנע מאַכשאָוועס און איך ווייס וווּהין די פֿײַלן פֿון דײַנע גלײַכווערטלעך צילן. הער אויס, סאַנטשאָ, איך וואָלט דיר גערן באַשטימט אַ לוין, ווען איך וואָלט אין וועלכער עס איז פֿון די ריטער־געשיכטעס געפֿונען אַ בײַשפּיל, וואָס זאָל מיר אַנטפּלעקן און ווײַזן, מיט דעם מינדסטן שפּור, וויפֿל די וואָפֿנטרעגער פֿלעגן פֿאַרדינען אַ כוידעש אָדער אַ יאָר. נאָר איך האָב איבערגע־לייענט אַלע אָדער די מערסטע ריטער־געשיכטעס און איך געדענק נישט איך זאָל האָבן ווו געלייענט אַז וואַנדער־ריטער זאָלן האָבן באַשטימט אַ געוויסן לוין זייערע וואָפֿנטרעגער. איך ווייס, אַז אַלע האָבן זיי געדינט אַף כעסעד, און ווען זיי האָבן זיך אַמווינציקסטן געריכט, אַבי נאָר זייערע האַרן האָט דאָס מאַזל צוגעשפּילט, האָבן זיי זיך דערזען באַלוינט מיט אַן אינדזל אָדער מיט אַן אַנדער זאַך אין דעם ערעד, און דאָס ווינציקסטע האָבן זיי באַקומען אַ הערשאַפֿט־טיטל. אויב דיר געפֿעלט, סאַנטשאָ, מיר ווײַטער צו דינען מיט אָט די האָפֿענונגען און מיט דעם צוגאָב, זאָל עס זײַן אין אַ גוטער שאָ. און דו זאָלסט דיר גאָרנישט דענקען, איך זאָל אַרויספֿירן פֿון זייערע ראַמען און גרעניצן די אַלטע פֿירונגען פֿון דעם וואַנדער־ריטערטום. גייט אײַך, דערום, סאַנטשאָ מײַנער, צוריק אַהיים און קלערט אויף אײַער טערעזאַ וואָס איך רעכן צו טאָן. און אויב איר ווערט געפֿעלן און אײַך ווערט אויך געפֿעלן צו זײַן מיט מיר אַף כעסעד, „בענע קווידעם". אַז ניט, בלײַבן מיר פֿרײַנט ווי געוועזן, און אַז אין טויבנשלאַק ווערט זײַן וואָס צו פּיקן, ווערט ער האָבן טויבן. און געדענק, זון מײַנער, אַז אַ גוטע האָפֿענונג איז בעסער ווי אַ שלעכטער האָב און אַ גערעכטע טײַנע איידער אַ שלעכטער גאָב. איך רעד אַזוי, סאַנטשאָ, קעדיי איר זאָלט ווייסן, אַז איך קען, פּונקט ווי איר, זיך וואַרפֿן מיט ווערטלעך, ווי פֿון הימל אַראָפּגע־רעגנטע, און נאָך אַלעמען וויל איך אײַך זאָגן, און איך זאָג אײַך טאַקע, אַז אויב איר ווילט נישט גיין מיט מיר אַף כעסעד און טיילן מיט מיר מײַן גוירל, זאָל אײַך גאָט העלפֿן און זאָל ער אײַך מאַכן פֿאַר אַ הייליקן, און מיר וועלן נישט פֿעלן קיין וואָפֿנטרעגער, געהאָרכזאַמערע פֿון אײַך, און פֿלײַסיקערע און נישט אַזוינע טאַמע־וואַטע און נישט אַזוינע פּלוידערזעק ווי איר זענט עס.

אַז סאַנטשאָ האָט אויסגעהערט דעם פֿעסטן באַשלוס פֿון זײַן האַר, איז אים דער הימל פֿאַרכמאַרעט געוואָרן און די פֿליגלען פֿון זײַן האַרצן האָבן זיך אַראָפּגע־לאָזט, וואָרום געגלייבט האָט ער, אַז אָן אים, ווערט זײַן האַר פֿאַר קיין שום האָב אין דער וועלט נישט אַוועקגיין. און פּונקט דעמאָלט ווען ער איז געשטאַנען אַזוי אָפּהענטיק און פֿאַרקלערט, איז אַרײַנגעקומען סאַמסאָן קאַראַסקאָ, מיט דער דינסט און דער פּלימעניצע, וואָס זײַנען אים נאָכגעגאַנגען מיט דעם באַגער צו הערן ווי אַזוי ער ווערט אָפּריידן זייער האַר נישט אַוועקצוגיין ווידער אַף גליקן זוכן. צוגע־

*) פּאַנטשאַ שפּילט מיט די ווערטער ראַטאַ און גאַטאַ. ראַטאַ מיינט אַ מויז און אויך אַ ראַטע — אַ קליין שטיקל צײַט. איבערז.

שפאנט האט צו אים סאמסאן, דער בארימטער לעץ, און האט אים ארומגענומען ווי דעם ערשטן מאל, און מיט אן אויפגעהייטערטן קאל, האט ער אים געזאגט:

— א, בלום פון דעם וואנדער־ריטערטום! א, שטראלנדיקע שיין פון דעם וואפן! א, קאוועד און שפיגל פון דעם שפאנישן פאלק! בעט גאט דעם אלמעכטיקן, ווו ער האלט זיך לענגער אויף, אז דער פארשוין אדער די פארשוינען, וואס ווילן שטעלן מעניעס און שטערן דיין דריטן ארויספאר זאלן אינעם לאבירינט פון זייערע באגערן נישט געפינען און קיינמאל זאל נישט דערפילט ווערן דאס וואס זיי וועלן באגערן.

און אומגעדרייט האט ער זיך צו דער דינסט און איר געזאגט:

— די הארנטע דינסט מעג שוין גאנץ רויק אויפהערן זאגן די טפילע פון דער הייליקער אפאלאניא, ווארום איך וויים, אז אין די הימל־ספערן איז עס א באשטימטע זאך, אז דער האר דאן קיכאט זאל ווידער אויספירן זיינע נייע און הויכע מאכשאוועס. און איך וואלט שטארק באלאדן מיין געוויסן, ווען איך וואלט נישט געבעטן און איינגערעדט דעם ריטער ער זאל נישט לענגער פארהאלטן זיין אויסדערוויילטע צייט און נישט אפהאלטן די קראפט פון זיין מעכטיקן ארעם און דאס גוטס פון זיין ביז גאר דערהויבענעם מוט, ווארום זיין זאמען זיך רויבט אוועק דאס רעכט פון די באאוולטע, דעם שוץ פון די יעסוימים, די ערע פון די בסולעס, דעם גונסט פון די אלמאנעס און דעם אנשפאר פון די כאסענע געהאטע, און אנדערע זאכן פון דעם מין, וואס בארירן, הענגען אפ, געהערן זיך אן און זיינען פארבונדן מיט דעם ארדן פון דעם וואנדער־ריטערטום. עך, האר דאן קיכאט מיינער, שיינער און בראווער, שוין היינט און נישט מארגן, זאל אייער גענעדיקייט און אייער גרויסקייט זיך לאזן אין וועג אריין. און אויב עפעס פעלט צום אויספירן דאס, שטיי איך דא גרייט דאס צו פארטרעטן מיט מיין פארשוין און אייגנס. און טאמער וועט מען דארפן דינען דיין פראכט פאר א וואפנטרעגער, וועל איך עס האלטן פאר א גרויס גליק.

בא דעם שטעל האט דאן קיכאט זיך אומגעדרייט צו סאנטשאן און אים געזאגט:

— האב איך דיר נישט געזאגט, סאנטשא, אז מיר וועלן קיין וואפנטרעגערס נישט פעלן? זע ווער עס שלאגט זיך מיר אן דערויף: דער זעלטענער באקאלאוור סאמסאן קאראסקא, דער ליבלינג און פריילעך־מאכער פון די סאלאמאנקער שול־הייף, א געזונטער, א פלינקער, א שווייגנדיקער און אן אויסגעפרווטער אין היץ און אין קעלט, אין הונגער און אין דורשט, מיט אלע מיילעס, וואס זיינען נייטיק אף צו זיין א וואפנטרעגער בא א וואנדער־ריטער. נאר זאל דער הימל נישט דערלאזן, אז צוליב מיין געפעלן זאלן אפגעשוואכט ווערן און זיך שפאלטן די זיילן פון שריפט־קענטעניש און דער קאם פון דעם וויסן און אפגעהאקט די שלאנקע פאלמע פון דער נייער און פרייער קונסט. זאל דער נייער שימשן פארבלייבן אין דער היים. זאל ער זיך לאבן איינצייטיק מיט די גרויע האר פון זיינע אלטע פאטער און מוטער און איך וועל מיך צופרידנשטעלן מיט א ליאדע וואפנטרעגער, אויב סאנטשאן שטייט נישט אן מיט מיר צו גיין.

— יאָ, מיר שטייט אָן — האָט סאַנטשאָ געענטפערט. — וועגן מיר, מײַן האַר, וועט מען נישט זאָגן: דאָס ברויט אויפגעגעסן, איז די באַוורוסע צעפאַלן. יאָ, וואָרום איך קום נישט אַרויס פון עפּעס אַ שטאַם פון קאַפּעטויוועניקעס. די גאַנצע וועלט ווייסט שוין און באַ מיר אין דאָרף מער ווי אומעטום ווער די פּאַנצאַס זײַנען גע־ווען, וואָס פון זיי קום איך אַרויס, ביפּראַט אַז איך ווייס, באַדוק אומענוסע, פון אַ סאַך גוטע מײַסים און פון נאָכמער גוטע רייד, ווי גרויס עס איז דער באַגער פון אײַער גענעדיקייט צו טאָן מיט מיר גענאַד: און אויב איך האָב מיך געשטעלט דינ־גען מיקויעך מײַן לוין, איז עס געווען קעדיי צוליב טאָן מײַן ווײַב, וואָס אַז זי נעמט זיך עפּעס איבערצורײדן, איז נישטאָ דעם באַנדערס האַמער, וואָס זאָל אַזוי אָנזעצן די רייפן אַף אַ פּאַס, ווי זי זעצט אַרײַן, מען זאָל טאָן דאָס וואָס זי וויל. נאָר אַ מאַן דאַרף זײַן אַ מאַן און דאָס ווײַב אַ ווײַב. און מאַכמעס איך בין אַ מאַן אומעטום, וואָס דאָס קען איך נישט לייקענען, וויל איך זײַן אַ מאַן אויך באַ מיר אין שטוב, און זאָל עס דעם ווײַ טאָן וועמען עס טוט וויי. איצט בלײַבט דערום נישט מער אַז אײַער גענעדיקייט זאָל פאַרזאָרגן זײַן צאַוואָע מיט זײַן לעצטער צו־שריפט, קעדיי מען זאָל זי נישט קענען רעוואָלקירן, און מירן זיך טייקעף לאָזן אין וועג אַרײַן, און זאָל ניט לײַדן די נעשאָמע פון דעם האַר סאַמסאָן, וואָס זײַן געוויסן, זאָגט ער, איז זיך מאַקרעוו אײַנצורײדן אײַער גענעדיקייט איר זאָלט צום דריטן מאָל אַרויספאָרן איבער דער וועלט. און איך בין ווידער גרייט צו דינען אײַער גע־נעדיקייט טרײַ און לעגאַל (אָנשטאָט לעאַל — לאָיאַל. איבערז.) אַזוי גוט און נאָך בעסער ווי אַלע וואָפּנטרעגער וואָס האָבן געדינט די וואַנדער־ריטער אין די פאַר־גאַנגענע און איצטיקע צײַטן.

פאַרוווּנדערט איז שטיין געבליבן דער באַקאַלאַוור ווען ער האָט געהערט ווי אַזוי סאַנטשאָ רעדט אַרויס די ווערטער: כאָטש געהאַט האָט ער שוין געלייענט די ערשטע געשיכטע פון זײַן האַר, האָט ער זיך נישט געגלויבט ער זאָל טאַקע זײַן אַזוי צום לאַכן, ווי מען מאָלט אים דאָרט; נאָר אַז ער האָט אים איצט געהערט זאָגן „די צאַוואָע מיט דער לעצטער צושריפט, קעדיי מען זאָל זי נישט קענען רעוואָלקירן”, אָנשטאָט די צאַוואָע מיט דער לעצטער צושריפט, קעדיי מען זאָל זי נישט קענען רעוואָקירן (אָפּרופן. איבערז.), האָט ער שוין געגלויבט אַלץ וואָס ער האָט וועגן אים געלייענט, און האָט אים באַשטעטיקט ווי איינעם פון די פײַערלעכסטע טעמפּע לײַט פון אונדזער צײַט. און געטראַכט האָט ער זיך, אַז אַזוינע צוויי מעשוגאָיִם, ווי דער האַר און זײַן דינער, האָט מען נאָך אַף דער וועלט נישט געזען.

דערנאָך האָבן זיך דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ אַרומגענומען און זײַנען פאַר־בליבן גוטע פרײַנט, און צום וויל און געפעלן פון דעם גרויסן קאַראַסקאָ, וואָס איז דעמאָלט געוואָרן זײַן אָראַקול, האָט ער באַפוילן, אַז אין דרײַ טעג אַרום זאָל פאַר־קומען זײַן אַרויספאָר און אין דער צײַט זאָל מען צוגרייטן אַלץ וואָס נייטיק צו דער רײַזע, און אויפזוכן אַ קעפּקע אַף אײַנצופּאַסן אין זײַן העלם, וואָס דאָן קיכאָט האָט געזאָגט, אַז ער וועט אים אַף יעדן פאַל מיטנעמען. אָנגעשלאָגן האָט זיך דערצו סאַמסאָן, וואָס האָט געוווּסט, אַז איינער זײַנער אַ גוטער ברודער, וואָס האָט אַ קעפּקע, וועט זי אים נישט אָפּזאָגן, כאָטש געהאַט האָט זי מער טונקעלע ערטער

פון זשאווער און שימל איידער ליכטיקע פון גלאַטן שטאָל. די קלאָלעס וואָס די דינסט און די פלימעניצע האָבן דעם באַקאַלאַוואַר אַרײַנגעשאָטן, האָבן קיין שיר נישט געהאַט. זיי האָבן זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, די פּענימער זיך צעקראַצט, און ווי די אַמאָליקע קלאָגערנס אַף אַ טויטן, האָבן זיי געקלאָגט אַף זייער האַר, ווי ער וואָלט געווען געשטאָרבן. די קאַוואָנע, וואָס סאַמסאָן האָט געהאַט מיט זײַן אײַנריידן אים אַרויסצופאָרן, וועט זיך שפּעטער אין דער געשיכטע אַרויסווײַזן, אַלץ אַף דעם ראָט פון דעם גאַלעך און דעם שערער, וואָס ער האָט זיך מיט זיי פריער צונויפגערעדט. בעקיצער, אין יענע דרײַ טעג האָבן זיך דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ פּאַנצאַ פּאַרגרייט מיט אַלץ וואָס זיי האָבן געהאַלטן פאַר נייטיק. און נאָכדעם ווי סאַנטשאָ האָט אײַנגעשטילט זײַן ווײַב און דאָן קיכאָט זײַן פלימעניצע און זײַן דינסט, האָבן זיי ביידע, אין אַ פאַרנאַכט, אַז קיינער זאָל ניט זען, אַכוץ דעם באַ־קאַלאַוור, וואָס האָט זיי געוואָלט אַרויסבאַגלייטן אַ האַלבע מײַל, זיך געלאָזט רײַטן אַפן וועג קיין טאָבאָסאָ, דאָן קיכאָט אַף זײַן בראַוון ראָסינאַנטע און סאַנטשאָ אַף זײַן אַלטן העל־ברוינעם, באַזאָרגט מיט טאָרבעס, פול מיט זאַכן אַף דעם פּאַסטע־כישן שטייגער, און דעם בײַטל מיט געלט, וואָס דאָן קיכאָט האָט אים געגעבן אַף וואָס מען וועט באַדאַרפן. סאַמסאָן האָט אים אַרומגענומען און האָט אים געבעטן צו וויסן טאָן ווי אים וועט גיין, סײַ גוט סײַ שלעכט, קעדיי צו קענען פרייען זיך אָדער טרויעריק זײַן, ווי עס פאָדערן די געזעצן פון דער פרײַנטשאַפט. דאָן קיכאָט האָט אים צוגעזאָגט, סאַמסאָן האָט פאַרקירעוועט אַף אַהיים און די צוויי האָבן זיך פאַרנומען צו דער גרויסער שטאָט טאָבאָסאָ.

## אַכטער קאַפּיטל

**ווי עס ווערט דערציילט וואָס מיט דאָן קיכאָטן האָט פּאַסירט ווען ער איז געפאָרן זען זײַן דאַמע דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ.**

געבענטשט זאָל זײַן דער מעכטיקער אַלאַה! — זאָגט האַמעטע בענענגעלי, באַם אָנהויב פון דעם אַכטן קאַפּיטל. געבענטשט זאָל זײַן אַלאַה! — כאַזערט ער דרײַ מאָל איבער און זאָגט, אַז דעם לויב שיקט ער דערפאַר וואָס ער זעט שוין דאָן קיכאָטן און סאַנטשאָן אַפן פעלד אַרויסגעקומען, און די לייענער פון זײַן ליבער געשיכטע מעגן זיך שוין ריכטן, אַז פון דעם אָרט הייבן זיך שוין אָן די העלדיש־קייטן און די כיינדלעך פון דאָן קיכאָטן און זײַן וואָפּנטרעגער. ער ראָט זיי פאַר־געסן די פריערדיקע ריטערלעכקייטן פון דעם אַדעליקן באַלמויעך און זיך מערקן די וואָס קומען ווײַטער און הייבן זיך אָן שוין פון איצט אָן אַפן וועג צו טאָבאָסאָ, אַזוי ווי יענע אַף די מאָנטיעל־פעלדער. און פאַר דעם אַלעמען וואָס ער זאָגט אונדז צו, פאָדערט ער פון אונדז נישט קיין סאַך און ער זאָגט ווײַטער אַזוי:

געבליבן זײַנען דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ אַליין, און ווי נאָר סאַמסאָן איז פון זיי אָפּגעריטן, האָט ראָסינאַנטע גענומען הירזשען און דער העל־ברוינער זיפצן,

און אָנגענומען האָבן זיי עס ביידע, ריטער און וואָפנטרעגער, פאַר אַ גוטן סימען און גליקלעכן אָנזאָג. כאָטש, למען האָעמעס, מוז מען דערציילן, אַז גיכער האָט סאַנטשאָ געדרונגען פון דעם אייזלס זיפצן איידער פונעם פערדס הירזשען, אַז זײַן אייזל וועט נאָך מער שיינען ווי דאָס מאַזל פון זײַן האַר. און געשטיצט האָט ער זיך דערין, מעגלעך, אַף דער אַסטראָלאָגיע פון דער גערעכטיקייט, וואָס ער האָט זיך געקענט אַף איר, מאַכמעס אין דער געשיכטע ווערט עס נישט אויפגע-קלערט. געהערט האָט מען אים נאָר זאָגן, אַז אויב מען ספּאָטיקעט זיך אָדער מען פאַלט, וואָלט מען גלייכער פון דער היים נישט אַרויסגעפאָרן, וואָרום פונעם ספּאָ-טיקען אָדער פאַלן באַקומט מען נישט מער ווי אַ צעריסענעם שוך אָדער צעבראָ-כענע ריפּן. און כאָטש אַ נאַר, איז ער אָבער דערין געווען נישט אויסן וועג. אָנגע-רופן האָט זיך צו אים דאָן קיכאָט:

— סאַנטשאָ, פרײַנט, וואָס ווײַטער מיר רײַטן, אַלץ מער פאַלט אונדז צו די נאַכט און עס ווערט אַלץ פינצטערער ווי מיר האָבן נייטיק אַף צו קענען אָנקומען מיטן טאָג גלייך קיין טאָבאָסאָ, ווו איך האָב באַשטימט צוצופאָרן איידער איך לאָז מיך אַרײַן אין אַן אַנדער געראַנגל. דאָרט וועל איך באַקומען די בראָכע און די דערלויבעניש פון דער אָן גלײַכן דולצינעאַ. און מיט דער דערלויבעניש, רעכן איך, און בין אויך צופרידן און גליקלעך דורכצופירן ביזן סאָף דעם אויסערסט אײַנשטעלערישן געראַנגל, וואָרום קיין שום זאַך גיט נישט די וואַנדער-ריטער אַזוי פיל מוט ווי די וווילגענייגטקייט פון זייערע דאַמען.

— איך מיין אויך אַזוי — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — עס איז אָבער שווער, מיין איך, אײַער גענעדיקייט זאָל קענען ריידן מיט איר אָדער אַפילע פון ווײַטנס זי זען אַף צו באַקומען איר בראָכע, סײַדן פון איבער די שטעכערעס פו-נעם פאַרקן, פונוואַנען איך האָב זי געזען דעם ערשטן מאָל, ווען איך האָב איר דעם בריוו געפירט, ווו איר האָט איר געגעבן צו וויסן וועגן די קונדייסערייען און מעשוגענע שטיק, וואָס אײַער גענעדיקייט איז געבליבן מאַכן אין די מאָרענאָ-בערג.

— פאַרקן-שטעכערס, האָט זיך דיר געדאַכט, זײַנען עס, סאַנטשאָ, ווו דו האָסט געזען אָדער דורך וואַנען דו האָסט געזען איר נאָך נישט גענוג אויסגע-לויבטע פיינקײַט און שיינקײַט? גאַלערייען האָבן דאָס געמוזט זײַן, אָדער קאָרי-דאָרן, אָדער געצעלטער, אָדער ווי מען רופט זיי, פון רײַכע קיניגלעכע פּאַלאַצן.

— געקענט האָבן זיי דאָס זײַן, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — נאָר מיר האָט זיך געדאַכט אַז איך זע שטעכערעס, אויב איך האָב דעם זיכּאָרן נישט אָנגע-ווירן.

— נישט געקוקט דערויף, גייען מיר אַהין, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט אָפּגעענטפערט, — וואָרום ווי א י ך זע זי, וועט איין זונען-שטראַל בלויז פון איר שיינקייט, וואָס וועט מיר פאַר די אויגן קומען, אַלציינס צי דורך די שטע-כערס אָדער דורך די פענצטער, דורך די שפּאַלטן אָדער דורך די שטאַכעטן פון אַ גאָרטן, מיר מײַן פאַרשטאַנד באַלויכטן און שטאַרקן מײַן האַרץ, אַזוי אַז איך זאָל זײַן דער איינציקער און אָן אַ גלײַכן אין כאָכמע און אין גוווּרע.

— ווען איך האָב געזען אָט די זון, די דאַמע דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — איז זי, דעם עמעס געזאָגט, נישט געווען אַזוי ליכ־טיק, אַז זי זאָל געווען קענען ווארפן פון זיך שטראַלן. מיסטאָמע איז עס געווען דערפאַר וואָס איר גנעדיקייט האָט דעמאָלט גערייניקט ווייץ אויף דער רעשעטע, ווי איך האָב אייַך געזאָגט, און דער שטויב וואָס האָט זיך דערבײַ געהויבן, האָט איר ווי אַ וואָלקן דאָס פּנים פאַרשטעלט און האָט עס פאַרטונקלט.

— נאָך מיינסטו, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — און דו גלויבסט און דו אַקשנסט זיך, אַז מײַן דאַמע דולצינעאַ האָט גערייניקט ווייץ אויף אַ רעשע־טע. ווען דאָס איז אַן אַרבעט נישט פאַר כּאַשעווע לײַט, וואָס זײַנען באַשאַפן און פאַרהיט פאַר אַנדערע אַרבעטן און פאַרנעמעכצן, וואָס אַנטפּלעקן אויף אַ שאָס די ווײַט זייער כּשיוועס?

„געדענקסטו נישט, סאַנטשאָ, די פערזן פון אונדזער דיכטער, וואָס מאָלט אונדז די האַנט־אַרבעט פון די פיר נימפעס אין זייערע קרישטאָלענע פּאַלאַצן, ווען זיי האָבן פונעם באַליבטן טאַכאָ זייערע קעפּ אַרויסגעשטעקט און האָבן זיך אַוועק־געזעצט וועבן אויף דער גרינער לאָנקע די רײַכע שטאָפן, וואָס דער גײַסטרײַכער דיכטער באַשרײַבט זיי אונדז, אַלע פון גאָלד, פון זײַד און פּערל געקייטלט און געוועבט; און אַזאַ האָט אויך באַדאַרפט זײַן די אַרבעט פון מײַן דאַמע ווען דו האָסט זי געזען; נאָר די קינע פון עפּעס אַ בייזן קישעפמאַכער האַלט דאָס מײַניקע, אַלץ וואָס דאַרף איר פאַרשאַפן פרייד, פאַרדרייט און פאַרוואַנדלט אין אַנדערע געשטאַלטער ווי זיי האָבן אין דער עמעסן. און איך האָב דערום מוירע, אַז אין דער געשיכטע וועגן מײַנע העלדישע מאַיסים, וואָס גייט אום, זאָגט מען, אַ געדרוקטע, האָט דער מעכאַבער, אויב ער איז כּאָלילע אַ געלערנטער אַ סוינע מײַנער, פאַרביטן איין זאַך אויף אַ צווייטער און האָט פאַרמישט טויזנטער ליגנס מיט איין עמעס און אַזוי אַרום געשעפּט טײַנעג פון דערציילן אַלערליי זאַכן, וואָס פּאַסן גאָרניט פאַר דעם העמשעך פון אַן עמעסער געשיכטע. אָ, די קינע, שווערעש פון אַלדאָס בייז און פרעסנדיקער וואָרים פון די גוטע זיטן! אַלע אומגעזונטע געוווינהייטן, סאַנ־טשאָ, פאַרמאָגן אין זיך אַ זעלטענעם טײַנעג, און נאָר די קינע ברענגט מיט זיך בלויז ערגערנישן, האַס און צאָרן.

— דאָס זאָג איך דאָך אויך — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — און איך טראַכט איבער, אַז אין דער לעגענדע אָדער אין דער געשיכטע, וואָס דער באַקאַלאַ־ווער קאַראַסקאָ האָט אונדז געזאָגט, אַז ער האָט וועגן אונדז געזען, מוז מײַן קאָ־וועד, ווי אַ צוגעבונדענער צום וואָגן פון הינטן, אומגעשלעפּט ווערן דאָ און דאָרט און קערן די גאַסן. און גלויבט מיר בּאַ מײַנע נעמאָנעס, אַז איך האָב קיין שלעכט וואָרט נישט געזאָגט אויף קיין שום קישעפמאַכער און האָב נישט אַזוי פיל גיטער מען זאָל מיך אויף זיי קענען מעקאַנע זײַן. עמעס, איך האָב מיר מײַנע שפּראָצן פון אַ מענגוויל, נאָר אַלץ פאַרשטעלט און פאַרדעקט דער דיקער שיכט טיפּשעס מײַנע, דורכויס אַ נאַטירלעכע און בעשומויפן נישט קיין געמאַכטע. און וואָלט איך עפּעס אַנדערש נישט פאַרמאָגט ווי נאָר דאָס וואָס איך בין אַ גלויביקער און איך

גלויב פעסט און אויפריכטיק אין גאָט און אין אַלץ וואָס די הייליקע רוימיש־קאַ־טוילישע קירכע גלויבט, און דאָס וואָס איך בין, ווי איך בין עס, אַ טויט סוינע די ייִדן, וואָלטן די געשיכטע־שרײַבער באַדאַרפט ראַכמאָנעס האָבן אַף מיר און ריידן פון מיר גוטס אין זייערע שריפטן. נאָר זאָלן זיי זאָגן וואָס זיי ווילן, אַ נאַקעטער בין איך געבוירן, אַ נאַקעטער בין איך, נישט איך פאַרליר און נישט איך געווין. כאָטש אַרײַנגעשטעלט האָט מען מיך אין די ביכער און איך גיי אום איבער דער וועלט פון האַנט צו האַנט, גייט מיר אַ פײַג נישט אָן וואָס מען וועט וועגן מיר זאָגן.

— דאָס דערמאָנט מיר, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — די מאַיסע וואָס האָט פּאַסירט מיט איינעם אַ באַרימטן פּאָעט אין אונדזער צײַט. אָנ־געשריבן האָט ער אַ בייזע סאַטירע אַף אַלע הויף־דאַמען, נאָר איינע אַ דאַמע, וואָס מען האָט געקענט זײַן אין סאָפעק צי זי איז עס אָדער ניט, האָט ער נישט אַרײַנגעשטעלט און באַם נאָמען נישט אָנגערופן. געזען, אַז זי איז נישטאָ אינעם צעטל, האָט זי געהאַט אַ טײַנע צום פּאָעט און האָט אים געפרעגט וואָס אַזוינס האָט ער דערזען אַף איר וואָס ער האָט זי נישט אַרײַנגעשטעלט צווישן די אַנ־דערע און זי האָט אים געבעטן ער זאָל די סאַטירע אויסציען אַביסל לענגער און זי אַרײַנשטעלן, אַז ניט, זאָל ער געדענקען צוליב וואָס ער איז געבוירן געוואָרן. דער פּאָעט האָט אַזוי געטאָן און האָט זי אָפּגעמאָלן, אַז זאָלן שוין אַנדערע זאָגן, און זי איז געבליבן צופרידן דערמיט וואָס זי איז באַרימט געוואָרן, כאָטש אָן אַ גוטן נאָ־מען. עס פּאַסט זיך אַהער אַרײַן אויך דאָס וואָס מען דערציילט פון דעם פּריסטער, וואָס האָט אונטערגעצונדן און פאַרברענט דעם באַרימטן טעמפּל צו דער געטין דיאַנאַ, וואָס איז באַטראַכט געווען ווי איינער פון די זיבן וועלט־וווּנדער, בלויז קעדיי זײַן נאָמען זאָל לעבן בלײַבן פאַר די קומענדיקע דורעס, און כאָטש פאַרזאָגט האָט מען, אַז קיינער זאָל זײַן נאָמען נישט דערמאָנען, נישט אין וואָרט און נישט אין שריפט, קעדיי ער זאָל נישט דערגרייכן דאָס וואָס ער האָט געוואָלט, האָט מען זיך דאָך דערוווּסט, אַז גערופן האָט מען אים עראָסטראַט. אויך איז אָן אָנדאַכט דער־הויף דאָס וואָס האָט פּאַסירט מיט דעם גרויסן קייסער קאַרל דעם פינפטן מיט איינעם אַ רוימישן קאַוואַליר. געוואָלט האָט דער קייסער זען דעם באַרימטן ראָטונ־דאַ־טעמפּל, וואָס גערופן האָט מען אים אין די אַלטע צײַטן דער טעמפּל פון אַלע געטער און איצט רוף מען אים, מיט בעסערן באַרוף, פון אַלע הייליקע, אַ ביניען וואָס איז פאַרבליבן גאַנצער פון אַלע ביניאָנים, וואָס דאָס געצנדינערישע רוים האָט אויפגעשטעלט און האָט אַמבעסטן אײַנגעהיט די באַרימטע פּראַכט און גרויס־קייט פון זײַנע גרינדער: געבויט איז ער ווי אַ האַלבער פּאָמעראַנץ, גרויס און ליכ־טיק ביז גאָר, כאָטש די שיין באַקומט ער פון בלויז איין פענצטער, ריכטיקער פון אַ קײַלעכדיקן דאַך־פענצטער, וואָס געפינט זיך סאַמע אויבן און פון דאָרט האָט דער קייסער באַטראַכט דעם ביניען. געווען איז מיט אים דערמאָלט אַ רוימישער קאַוואַליר, וואָס האָט אים געפירט ווײַזן די פּרימאַראַזע פײַנקײַטן פון דער גרוי־סער מאַכיניע און דענקווירדיקער אַרכיטעקטור, און נאָכדעם ווי זיי זײַנען אָפּגע־טראָטן פונעם פענצטער, האָט ער זיך אָנגערופן צום קייסער:

„— טויזנט מאָל, הייליקע מאַיעסטעט, איז מיר דער כּיישעק אָנגעקומען אַרומצוכאַפּן זיך מיט אײַער מאַיעסטעט און אַראָפּוואַרפן זיך פון דעם פענצטער, קעדיי איבערצולאָזן פון מיר אַן אייביקן אָנדענק אין דער וועלט.

„— איך דאַנק אײַך — האָט דער קייסער געענטפערט, — וואָס איר האָט אײַער בייזע מאַכשאָווע נישט אויסגעפירט און פון הײַנט און ווײַטער וועל איך אײַך מער נישט געבן די געלעגנהײַט מיר אַרויסצוווײַזן אײַער געטרײַשאַפט, און איך פאַרזאָג אײַך דערום איר זאָלט מער צו מיר נישט ריידן און מער נישט צוגיין נאָנט צו מיר.

„און מיט די ווערטער האָט ער אים אַ גרויסן כעסעד געטאָן.

„— איך מיין דערמיט צו זאָגן, סאַנטשאָ, אַז דער כּיישעק באַרימט צו ווערן איז זייער גרויס. ווער, מיינסטו, האָט האָראַציאָן פון דער בריק אַראָפּגעוואָרפן, אַ באַוואָפנטן פונעם קאָפּ ביז די פּיס, אין די טיפענישן פונעם טיבער? ווער האָט מוציאָן דעם אָרעם מיט דער האַנט אָפּגעברענט? ווער האָט געשטויסן קורציאָן אַרײַנצוּוואַרפן זיך אינעם טיפן ברענענדיקן אָפּגרונט, וואָס האָט זיך באַוויזן אינמיטן דער שטאָט רוים? ווער האָט קעגן אַלע בייזע נעוויעסן, וואָס האָבן זיך באַוויזן קעגן צעזאַרן, אים אַריבערגעפירט דעם רוביקאָן? און, אויב איר ווילט מער הײַנטצײַטיקע בײַשפּילן: ווער האָט דורכגעלעכערט די שיפן און האָט אָפּגעזונדערט און אָפּ דער יאַבאָשע געלאָזן די מוטיקע שפּאַניער אין דער נײַער וועלט, אָנגעפירטע פון דעם זייער העפלעכן קאָרטעס? די אַלע אוכעדומע גרויסע און פאַרשיידנאַרטיקע העלדישקייטן, זײַנען געווען און וועלן זײַן די אַרבעט פון דער באַרימטקייט, וואָס שטאַרבלעכע האָבן צו איר כּיישעק, ווי צו דעם סכאַר און דעם טייל אומשטאַרבלעכקייט, וואָס זייערע באַרימטע מאַיסים האָבן די ווערט, כאָטש מיר קריסטלעכע און פרומע וואַנדער־ריטער דאַרפן גיכער אינזינען האָבן דעם הימלשן רײַך פון די קומענדיקע דוירעס, וואָס איז אייביק און שוועבט אין די הויכע רוימען, איידער די אייטלקייט פון דעם קאָוועד, וואָס גייט נישט ווײַטער פון דעם איצטיקן דאָר. דערום, אָ, סאַנטשאָ, מוזן אונדזערע מאַיסים זיך האַלטן אינעם גווול פון דער קריסטלעכער עמונע, וואָס בײַ איר האַלטן מיר זיך. מיר מוזן אָפּטויטן בײַ די ריזן דעם שטאָלץ, די קינאַ מוזן מיר אָפּטויטן מיט פרײַגעביקייט און גוטהאַרציקייט, דעם קאַעס — מיט רויִקן געמיט און מענוכע פון האַרצן, דאָס פרעסן און שלאָפן — מיט ווייניקער עסן און מער וואַך זײַן, די טײַווע און גלוסטונגען — מיט טרײַ זײַן צו די וואָס מיר האָבן זיי געמאַכט פאַר די האַרנטעס פון אונדזער געדאַנק, דאָס פוילעניצן — מיט אומגיין איבער אַלע טיילן וועלט און זוכן די געלעגנהייטן, וואָס זאָלן אונדז קענען מאַכן, און טאַקע מאַכן, ניט נאָר פאַר קריסטן, נאָר אויך פאַר באַרימטע ריטער.

„אָט דאָס, סאַנטשאָ, זײַנען די וועגן וואָס מיט זיי דערגרייכט מען די העכסטע לויב, וואָס די באַרימטקייט ברענגט מיט זיך.

— אַלץ וואָס אײַער גענעדיקייט האָט מיר ביז אַהער געזאָגט, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — האָב איך זייער גוט פאַרשטאַנען, דאָך וואָלט איך וועלן אײַער

גענעדיקייט זאָל מיר אבסאָרבירן א סאַפּעק, וואָס איז מיר ערשט אַפן זינען גע־קומען.

— אבסאָלווירן, מיינסטו, סאַנטשאָ, באַפרײַען דיך פון א סאַפעק, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט: — זאָג, איך וועל דיר ענטפערן דאָס וואָס איך וועל וויסן.

— זאָגט מיר, מײַן האר — האָט סאַנטשאָ ווײַטער געזאָגט, — אָט די יול־יוסן און אויגוסטוסן און די אַלע העלדישע ריטער, וואָס איר האָט דערמאָנט און זיי זײַנען שוין געשטאָרבן, ווו זײַנען זיי איצט?

— די געצנדינער — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — געפינען זיך איצט זיכער אינעם גענעם. די קריסטן, אויב זיי זײַנען געווען גוטע קריסטן, געפינען זיך אָדער אין דער לײַטערונג אָדער אין הימל.

— גוט — האָט סאַנטשאָ געזאָגט; — נאָר לאָמיר נאָר וויסן: פאַר די קוואָ־רים, וווּ עס ליגן די ביינער פון די דאָזיקע גרויסע הארן, שטייען זילבערנע לאָמ־פּאַדעס און זײַנען די ווענט פון זייערע אויהעלס באַצירט מיט אַמולעטן, טאַכרי־כים, שעוועליורעס, פיס און וואַקסענע אויגן? און אויב ניט, איז מיט וואָס זײַנען זיי באַצירט?

דערויף האָט דאָן קיכאָט געענטפערט:

— די קוואָרים פון די געצנדינער זײַנען מערסטנס געווען רײַכע טעמפּלען: דאָס אַש פון יוליוס צעזאַר האָט מען אוועקגעשטעלט אויף אַן אומגעהויער גרויסער שטיינערנער פּיראַמידע, וואָס הײַנט רופט מען זי אין רוים די נאָדל פון דעם הייליקן פּעטרוס. דעם קייסער אדריאַנוס האָט פאַר א קייווער געדינט א שלאָס, ווי א גאַנצער דאָרף די גרויס, וואָס מען האָט אים גערופן „מאָלעס אדריאַני” און הײַנט איז ער דער שלאָס פון סאַנטאַנדזשעל אין רוים. די קיניגן ארטעמיסאַ האָט באַגראָבן איר מאַן מאַוזאָליי אין א קייווער, וואָס מען האָט אים געהאַלטן פאַר איינעם פון די זיבן וועלט־ווונדער, נאָר קיין איינער ניט פון די קוואָרים און די קוואָרים פון די געצנדינער ביכלאַל זײַנען נישט באַצירט געווען מיט טאַכריכים אָדער מיט אַנדערע מינים געשאַנק־אָפּפערס און צייכנס, וואָס זאָלן איידעס זאָגן, אַז דאָרט ליגן באַהאַלטן זייערע הייליקע.

— אָט דאָס וויל איך וויסן — האָט סאַנטשאָ געזאָגט. — און זאָגט מיר נאָך איין זאַך: וואָס איז מער ווערט, לעבעדיק מאַכן א טויטן אָדער הארגענען א ריז?

— דער ענטפער איז אויף דער האַנט — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט: — מער איז ווערט לעבעדיק צו מאַכן א טויטן.

— איך האָב עס, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט. — דערום אויך איז מער ווערט די באַרימטקייט פון די וואָס מאַכן לעבעדיק טויטע, וואָס קערן אום די ריע צו בלינדע, גלײַכן אויס הינקענדיקע און מאַכן געזונט קראַנקע און פאַר זייערע קוואָ־רים ברענען לאָמפּאַדעס און פול זײַנען זייער אויהעלס מיט פרומע לײַט, וואָס קניען פאַר זייערע הייליקע רעשטן. אַזאַ באַרימטקייט איז סײַ פאַר דעם הײַנטיקן און סײַ פאַר דעם קומענדיקן דאָר בעסער ווי די באַרימטקייט וואָס איז געבליבן פון די אַלע קייסאָרים, געצנדינער און וואַנדער־ריטער, וואָס זײַנען געווען אויף דער וועלט.

— אויך דאָס איז עמעס, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט.

— איז אָט די באַרימטקייט — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — אָט די גאָב, אָט דעם זכוס, ווי מען רופט עס, האָבן די רעשטן פון די הייליקע, וואָס האָבן, מיט דער דערלויבעניש פון אונדזער הייליקער מוטער די קירכע, לאָמפּאַדעס, לעכט, טאַכריכים, אַמולעטן, געמעלן, שעוועריליורעס, אויגן, פיס, וואָס שטאַרקן די פרומקייט און מאַכן נאָך גרעסער זייער קריסטלעכן נאָמען.

„די ביינער פון די הייליקע אָדער זייערע רעשטן, טראָגן קיניגן אויף זייערע אַקסלען, קושן די שטיקלעך קנאָכן, באַצירן און באַרײַכערן מיט זיי זייערע געבעט־ווינקלען און זייערע כּאָשעווסטע אַלטאַרן.

— וואָס ווילסטו זאָל איך דרינגען, סאַנטשאָ, פון דעם אַלעמען וואָס דו האָסט געזאָגט? — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט.

— איך מיין דערמיט, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — אַז מיר זאָלן גלייכער ווערן הייליקע, וועלן מיר גיכער דערגרייכן די באַרימטקייט, וואָס מיר באַגערן. נעמט אײַך אין זינען, מײַן האַר, אַז ערשט נעכטן אָדער אייערנעכטן (וואָס מען קען אַזוי זאָגן, מאַכמעס ס׳איז ערשט ניט לאַנג דעריין) האָט מען קאַנאָניזירט אָדער געהייליקט צוויי באָרוועסע מאָנאַכלעך, וואָס איצט האַלט מען עס פאַר אַ גרויס גליק צו קושן און אָנרירן די אייזערנע קייטן וואָס זיי האָבן געטראָגן פאַר גאַרטלען און זיך מיט זיי געפּײַניקט, און מען פאַרערט זיי אַ סאַך מער ווי ראָל־דאַנס שווערד, וואָס געפינט זיך אין דער וואָפנקאַמער פונעם קיניג אונדזער האַר, זאָל אים גאָט שיצן.

„דערום, מײַן האַר, האָט מער די ווערט צו זײַן אַ פּאָשעט מאָנאַכל פון אַ ליאַדע אָרדן איידער אַ שטאַרקער וואַנדער־ריטער. צוויי טוץ שמיץ מיט דעם קאַנ־טשיק זיך אַליין, גרייכן צו גאָט גיכער איידער צוויי טויזנט שטעך עמיצן מיט דער שפּיז, אַלצייגס צי מען דערלאַנגט זיי אַ ריז, אַ וואָווקולאַק, אָדער אַ ווילד פאַר־זעעניש.

— דאָס אַלץ איז ריכטיק — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — אָבער ניט אַלע קענען מיר זײַן מאָנאַכן און איבער אַ סאַך וועגן פירט גאָט די זײַניקע אין הימל אַרײַן. עמונע איז אַ ריטערטום, אינעם הימל זײַנען פאַראַן הייליקע ריטער.

— יאָ, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — נאָר געהערט האָב איך זאָגן, אַז אין הימל זײַנען פאַראַן מער מאָנאַכן ווי ריטער.

— ריכטיק — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — וואָרום קירכן־דינער זײַנען פאַראַן מער ווי ריטער.

— וואַנדערער זײַנען פאַראַן אַ סאַך, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט.

— פאַראַן אַ סאַך, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — נאָר נישט קיין סאַך פאַרדינען דעם נאָמען ריטער.

מיט אָט די אוכעדוימע געשפּרעכן איז זיי אַריבער די נאַכט און דער טאָג וואָס נאָך איר, אָן שום פּאַסירונג, וואָס זאָל ווערט זײַן צו דערציילן, און דאָס האָט נישט ווייניק צער פאַרשאַפט דאָן קיכאָטן. נאָכן צווייטן טאָג, פאַרנאַכט צו, האָבן

זיי דערזען די גרויסע שטאָט טאַבאַסאָ, וואָס האָט שטאַרק דערפרייט דאָס האַרץ בא דאָן קיכאָטן און טרויעריק געמאַכט סאַנטשאָן, וואָרום נישט געוווּסט האָט ער ווו דולצינעאַס הויז איז און נישט ער האָט עס ווען געזען, ווי נישט געזען האָט דאָס דער האַר זײַנער. אַזוי אַז איינער איז געווען צעטומלט מאַכמעס דעם באַגער דאָס צו זען און דער צווייטער מאַכמעס ער האָט עס נישט געהאַט געזען, און סאַנטשאָ האָט נישט געוווּסט וואָס צו טון אין דעם פאַל ווען דאָן קיכאָט זאָל אים הייסן אַרײַנפאָרן קיין טאַבאָסאָ. אָפּן סאָף האָט דאָן קיכאָט באַפוילן אַרײַנ־פאָרן אין שטאָט ווען עס וועט נאַכט ווערן, און דערווײַל זאָלן זיי זיך אָפּשטעלן אין אַ וועלדל, וואָס איז געשטאַנען באַם אַרײַנגאַנג אין טאַבאָסאָ, און צו דער באַשטימטער שאָ זײַנען זיי אַריינגעריטן אין שטאָט, ווו עס האָבן מיט זיי פּאַ־סירט זאַכן, וואָס מען קען זיי בעעמעס אַזוי אָנרופן.

## ניינטער קאַפּיטל

### ווו עס דערציילט זיך דאָס וואָס מען וועט דערין זען.

געווען איז פּונקט האַלבע נאַכט, עפּעס מער אָדער ווייניקער, ווען דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ זײַנען אַרויסגעקומען פונעם וועלדל און אַרײַנגעריטן קיין טאַ־באָסאָ. געשטאַנען איז דאָס שטעטל אין מענוכעדיקער שטילקייט, מאַכמעס אַלע זײַנע אײַנוווינער זײַנען געשלאָפן און האָבן געררוט צעלייגטע מיט דער גאַנ־צער האַרכאַווע, ווי זאָגט מען עס. די נאַכט איז געווען אַ האַלב־ליכטיקע, כאָטש סאַנטשאָ וואָלט בעסער געוואָלט זי זאָל זײַן אַ שטאָק פינצטערע, מען זאָל אין דער פינצטער זײַן טיפּשעס נישט אַרויסזען. געהערט האָט מען אינעם גאַנצן יישעוו נאָר הינט בילן, וואָס האָבן דאָן קיכאָטן אין די אויערן געדונערט און סאַנטשאָן דאָס האַרץ טריב געמאַכט. פון צײַט צו צײַט האָט אַן אייזל זיך צע־שריגן, כאַזיירים האָבן געכריוקעט, קעץ האָבן געמיוקעט און אין דער שטילקייט פון דער נאַכט האָבן די פאַרשיידענע קוילעס זיך נאָך שטאַרקער געהערט און דער פאַרליבטער ריטער האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַ שלעכטן סימען. פון דעסטוועגן האָט ער געזאָגט צו סאַנטשאָן:

— סאַנטשאָ זון, פיר צו דולצינעאַס פּאַלאַץ, מירן זי נאָך עפּשער טרעפן אַ וואַכעדיקע.

— צו וואָס פאַר אַ פּאַלאַץ זאָל איך פירן, ווייסט עס דער טײַוול, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — אַז געזען האָב איך איר שיינקייט אין אַ קליינער הייזקע?

— זי מוז איצט אָוואַדע זיצן — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — אין אַ קליינעם ביידער פון איר פּאַלאַץ און זיך פאַרווײַלן איינע אַליין מיט אירע יונג־פרויען, ווי עס פירט זיך צווישן די הויכגעשטעלטע דאַמען און פּרינצעסנס.

— מײַן האַר — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — אויב אײַער גענעדיקייט וויל, צו מײַן באַדויערן, אַז דאָס הויז פון מײַן האַרנטע דולצינעאַ זאָל זײַן אַ פּאַלאַץ,

איז דען איצט די צײַט צו טרעפן דעם טויער אָפן? און פּאַסט זיך עס מיר זאָלן נעמען טראַסקען מיט דעם קלאַפּער מען זאָל אונדז דערהערן און עפענען און אויפרודערן און צעוועקן אַלעמען אין שטוב? זאָלן מיר עפּשער אָנקלאַפּן צו אונ־דזערע בסולעס ווי אַ כּעוורע פאַרגוואַלטיקער, וואָס קלאַפּן אָן און גייען אַרײַן ווען זיי ווילט זיך, מעג זײַן ווי שפּעט?

— לאָמיר נאָר פריער געפינען דעם פּאַלאַץ — האָט דאָן קיכאָט זיך אָנ־גערופן, — דערנאָך וועל איך דיר שוין זאָגן וואָס מיר האָבן צו טון. און מערק דיר, סאַנטשאָ, אַז אָדער איך זע נישט גוט, אָדער דער גרויסער פּאַק מיט דעם שאָטן, וואָס ער וואַרפט פון זיך, איז עס דולצינעאַס פּאַלאַץ.

— טאָ זאָל אײַער גענעדיקייט פירן, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — דאָס איז ער עפּשער. כאָטש איך זאָל אים אַפילע זען מיט מײַנע אייגענע אויגן און אָנטאַפּן מיט מײַנע אייגענע הענט, וועל איך אַזוי גלויבן, ווי איך גלויב אַז איצט איז טאָג.

געפירט האָט דאָן קיכאָט און ווען זיי זײַנען געהאַט אָפּגעריטן אַ צוויי הונדערט שפּאַן, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אַף דעם פּאַק מיט דעם שאָטן, און דערזען האָט ער אַ גרויסן טורעם, וואָס ער האָט באַלד דערקענט, אַז דאָס איז נישט קיין פּאַלאַץ, נאָר דער הויפּט־קלויסטער פונעם שטעטל, און האָט זיך אָנ־גערופן:

— אַפן קלויסטער האָבן מיר אָנגעטראָפן, סאַנטשאָ.

— איך זע שוין, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — און בעט גאָט מיר זאָלן נישט אָנטרעפן אַף אונדזער קייווער, וואָרום ס'איז נישט קיין גוטער סימען אומ־צוגיין באַנאַכט איבער צווינטערס, ביפראַט, אַז איך האָב אײַער גענעדיקייט שוין געזאָגט, אויב איך האָב קיין טאָעס נישט, אַז דער דאַמעס הויז שטייט ערגיץ אין אַ טעמפּן געסל.

— פאַרשאָלטן זאָלסטו זײַן פון גאָט, דו טיפּעש! — האָט דאָן קיכאָט גע־זאָגט, — ווו האָסטו געזען, אַז פּאַלאַצן און קיניגלעכע שלעסער זאָלן שטיין אין טעמפּע געסלעך?

— מײַן האַר, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — איטלעכע מעדינע האָט זיך אירע מינאָגים, עפּשער פירט זיך דאָ אין טאָבאָסאָ, אַז מען בויט די פּאַלאַצן און די גרויסע ביניאָנים אין שמאָלע געסלעך. איך בעט דערום אײַער גענעדיקייט מיך לאָזן זוכן צווישן די גאַסן און געסלעך, וואָס איך זע דאָ. עפּשער וועל איך ערגיץ אין אַ ווינקל מיך אָנטרעפן אַף דעם שלאָס, וואָס איך זע שוין אַ צעפּרע־סענעם פון די הינט, וואָס האָבן אונדז שוין פאַרמוטשעט מיט זייער בילן.

— מיט דערעכערעץ, סאַנטשאָ, זאָלסטו ריידן ווען מײַן דאַמעס זאַכן, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — און לאָמיר נית פאַרשטערן די סימכע און לאָ־מיר נישט פאַרוואַרפן דעם שטריק איניינעם מיט דעם עמער.

— איך וועל מיך נעמען אין די הענט אַרײַן, האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — נאָר ווו נעם איך געדולד, ווען אײַער גענעדיקייט וויל, אַז פון איין מאָל זען

אײַער דאַמעס הויז, זאָל איך עס שטענדיק געדענקען און קענען געפינען אינמיטן דער נאַכט, דעמאָלט ווען אײַער גענעדיקייט קען עס נישט געפינען, וואָס איר האָט עס אַוודאי טויזנטער מאָל געזען?

— דו ווערסט מיך פון געדולד אַרויספירן, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט; — קום אַהער צו מיר, אַפּיקורעס וואָס דו ביזט: האָב איך דיר דען טויזנט מאָל נישט געזאָגט, — אַז זינט איך לעב האָב איך נישט געזען די אָן גלײַכן דולצינעאַ און אַז איך האָב נאָך קיינמאָל נישט אַריבערגעטראָטן די שוועל פון איר פּאַלאַץ, און אַז פֿאַרליבט בין איך בלויז פון הערן און פון דעם באַרימטן נאָמען וואָס זי האָט פאַר אַ שיינער און אַ קלוגער?

— איצט הער איך עס — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — און איך זאָג אײַך, אַז אַזוי ווי איר האָט זי נישט געזען, אַזוי האָב איך זי אויך נישט געזען.

— דאָס קען נישט זײַן — האָט דאָן קיכאָט זיך אָנגערופן, — דו, אַלנ־פאַלס, האָסט מיר געזאָגט, בעיים דו האָסט מיר געבראַכט דעם ענטפער אַף דעם בריוו, וואָס איך האָב מיט דיר געשיקט, אַז דו האָסט זי געזען רייניקן ווייץ אַף אַ רעשעטע.

— הערט אײַך נישט צו, מײַן האַר, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — ווייסן זאָלט איר, אַז סײַ מײַן זען זי און סײַ איר ענטפער וואָס איך האָב גע־בראַכט, איז אויך געווען פון הערן, וואָרום איך ווייס אַזוי ווער די דאַמע דולצי־נעאַ איז, ווי איך קען דערלאַנגען מיט דער האַנט צום הימל.

— סאַנטשאָ, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — פאַראַן אַ צײַט אַף שפּאַסן און פאַראַן צײַטן ווען אַ שפּאַס פאַלט אויס זייער שלעכט. נישט דערפאַר וואָס איך זאָג, אַז איך האָב מײַן האַרצנס דאַמע אַפילו נישט געזען און האָב נישט גערעדט מיט איר, מעגסטו אויך זאָגן, אַז דו האָסט מיט איר נישט גערעדט און האָסט זי נישט געזען, ווען דאָס איז פונקט פאַרקערט, ווי דו ווייסט עס.

ווי זיי זײַנען אַזוי פאַרנומען געווען מיט זייער געשפּרעך, האָבן זיי דער־זען אָנקומען אַ מענטשן מיט צוויי מויל־אייזלען, און פון דעם גערודער, וואָס זײַן אַקער האָט געמאַכט, אַ געשלעפּטער אַף דער ערד, האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז ער איז אויפגעשטאַנען פאַרטאָג צו דער אַרבעט, און אַזוי איז עס טאַקע געווען. געגאַנגען איז דער פּויער און געזונגען דאָס ליד, ווו עס זאָגט זיך:

שלעכט איז אײַך געגאַנגען, פראַנצויזן,
אין דער שלאַכט בײַ ראָנצעסוואַליעס.

— זאָל איך דערהרגעט ווערן, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — ווען ער האָט דערהערט דאָס ליד זינגען, — אויב עס וועט נישט פּאַסירן מיט אונדז הײַנטיקע נאַכט עפּעס גוטס. דו הערסט נישט וואָס דער פּויער זינגט.

— איך הער — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — נאָר וואָס קער זיך אָן מיט אונדזער פאַל דער געיעג אַף ראָנצעסוואַליעס? געקענט האָט ער פונקט אַזוי זינ־גען דעם ראָמאַנס פון קאַלאַינאָס, פאַר אונדזער איניען איז עס אַלצייגס.

דערווײַל איז דער פֿויער צונעקומען נענטער און דאָן קיכאָט האָט אים גע־פֿרעגט:

— קענט איר מיר עפּשער זאָגן, גוטער ברודער, זאָל אײַך גאָט געבן גליק, ווּ זײַנען דאָ ערגיץ די פּאַלאַצן פֿון דער אָן גלײַכן פּרינצעסן דאָניאַ דולצינעאַ פֿון טאָבאָסאָ?

— מײַן האַר, — האָט דער יונג געענטפֿערט, — איך בין נישט קיין היגער, ערשט עטלעכע טעג ווי איך געפֿין מיך אין דעם יישעוו אַף אַרבעט בײַ אַ רײַכן פֿויער. דאָ אין דעם פֿראַנט־הויז וווינען דער גאַלעך און דער דיאַק, זיי וועלן אײַך מיסטאָמע קענען זאָגן ווּ די דאָמע פּרינצעסן וווינט, מאַכמעס זיי האָבן אַ צעטל פֿון אַלע טאָבאָסער איינוווינער. כאָטש מיר דאַכט זיך, אַז דאָ וווינט נישט קיין שום פּרינצעסן, פֿאַראַן דאָ דאַמען כאַשעווע, וואָס יעדע איינע בײַ זיך אין שטוב קען זיך זײַן אַ פּרינצעסן.

— צווישן זיי, פֿרײַנט מײַנער, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — מוז זײַן די וואָס איך פֿרעג אַף איר.

— קען זײַן, — האָט דער יונג געענטפֿערט, — און זײַט מיר געזונט, וואָרום די זון גייט באַלד אויף.

און אַ טרײַב געטאָן האָט ער די מויל־אייזלען און מער האָט ער נישט גע־הערט וואָס מען פֿרעגט אים. דערזען האָט סאַנטשאָ זײַן האַר שטיין אָן אָפּהענ־טיקן און זייער נישט ניכעדיקן, האָט ער זיך אָנגערופֿן צו אים:

— מײַן האַר, עס איז שוין באַלד טאָג און עס פּאַסט נישט די זון זאָל אונדז טרעפֿן אין גאַס. בעסער לאָמיר אַרויסגיין פֿון דער שטאָט און אײַער גענעדי־קײַט זאָל זיך פֿאַרשטעקן ערגיץ אין אַ נאָענטן וועלדל און איך וועל מיטן טאָג צוריקגיין און וועל נישט דורכלאָזן קיין איין ווינקעלע ביז איך וועל געפֿינען דאָס הויז, דעם שלאָס אָדער דעם פּאַלאַץ פֿון מײַן האַרנטע, וואָרום איך וועל מיך פֿילן זייער אומגליקלעך, אויב איך וועל עס נישט געפֿינען. און אַז איך וועל עס געפֿינען, וועל איך ריידן מיט איר גענעדיקייט און וועל איר זאָגן, ווּ אײַער גענעדיקייט וואַרט מען זאָל אײַך געבן אַ באַפֿעל און אַ צייכן זי צו זען אָן דעם שאָדן פֿאַר איר קאָוועד און גוטן נאָמען.

— דו האָסט אַרויסגעבראַכט, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט. — טויזנט גוטע אייצעס אײַנגעשלאָסן אין אַ צירקל פֿון עטלעכע קורצע ווערטער. אין דעם ראָט, וואָס דו האָסט מיר איצט געגעבן, פֿיל איך אַ געשמאַקן טאַם און איך נעם אים אָן מיט גרויס ביישעק. קום, זון מײַנער, וועלן מיר אויסגעפֿינען ווּ איך זאָל מיך פֿאַרשטעקן, און דו וועסט צוריקגיין, ווי דו זאָגסט, און וועסט אויסזוכן און זען מײַן דאָמע און ריידן מיט איר, און פֿון איר כאָכמע און העפֿ־לעכקייט דערוואַרט איך ווּנדערלעכע כסאָדים.

געיאָגט האָט זיך סאַנטשאָ אַרויסצופֿירן זײַן האַר פֿונעם שטעטל, קעדיי ער זאָל זיך נישט דערווויסן וועגן דעם ליגן מיט דעם ענטפֿער, וואָס ער האָט אים געבראַכט פֿון דולצינעען אין די מאָרענאַ־בערג, און ער איז דערום באַלד

און שנעל מיט אים אוועקגעריטן, און צוויי מײַל ארויסן שטעטל האָבן זיי אָנגעטראָפן אַ וועלדל אָדער אַ וואַלד, ווו דאָן קיכאָט האָט זיך פאַרקליבן און סאַנטשאָ איז צוריקגעריטן אין שטאָט ריידן מיט דולצינעען, און בעיים אָט דער שליכעס האָבן מיט אים פּאַסירט זאַכן, וואָס בעטן זיך מען זאָל זיי מיט נײַעם אינטערעס אויסהערן און גלויבן.

## צענטער קאַפּיטל

**ווי עס ווערט דערציילט וועגן דעם שפּיצל, וואָס סאַנטשאָ האָט באַנוצט אַף צו פאַרקישעפן די דאַמע דולצינעאַ, און אַנדערע פּאַסירונגען, וואָס זײַנען אַזוי צום לאַכן ווי עמעס.**

ווען דער מעכאַבער פון דער דאָזיקער גרויסער געשיכטע קומט צו צו דערציילן וואָס אין דעם קאַפּיטל ווערט דערציילט, זאָגט ער, אַז געוואָלט האָט ער עס פאַרשווײַגן, טאָמער וועט מען אים נישט גלויבן, ווײַל דאָן קיכאָטס מעשׂים דערגייען דאָ צום סאַמע שפּיץ און צו דער גרעניץ פון די גרעסטע מעשׂים, וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן, און נאָך מיט צוויי שאָס ווײַטער ווי די גרעסטע.

דאָך, נישט געקוקט אַף דער מוירע און אַף די איבערטראַכטענישן, האָט ער זיי אויפגעשריבן אָט אַזוי ווי יענער האָט זיי געמאַכט און האָט צו דער געשיכטע קיין איין אָטאָם נישט צוגעגעבן און אויך קיין איינעם נישט אַראָפּגענומען פונעם עמעס, און נישט געקימערט האָט אים טאָמער וועט מען אים מיט די אָנמערקונגען אַרויסשטעלן פאַר אַ ליגנער. און געווען איז ער גערעכט, וואָרום דער עמעס מאַכט אַ זאַך פײַנער, ער ברעכט זי אָבער נישט איין און קומט שטענדיק אַרויס אַף דעם ליגן, ווי בוימל אַף דעם וואַסער. און בעיים ער נעמט ווײַטער דערציילן די געשיכטע, זאָגט ער דערום: ווי נאָר דאָן קיכאָט האָט זיך פאַרשטעקט אינעם וועלדל, צווישן די אייכנביימער אָדער אינעם וואַלד לעבן דער גרויסער שטאָט טאָבאָסאָ, האָט ער באַפוילן סאַנטשאָן ער זאָל צוריקגיין אין שטאָט און זאָל נישט צוריקקומען זיך פאַר אים צו ווײַזן איידער ער וועט האָבן צוערשט גערעדט אין זײַן נאָמען מיט זײַן דאַמע און זי בעטן זי זאָל זײַן אַזוי גענעדיק און זיך ווײַזן פאַר איר געפאַנגענעם ריטער און זיך נעמען דעם קאָפּ ווען אים צו געבן איר בראָכע, קעדיי ער זאָל קענען מיט דער בראָכע דערוואַרטן האַצלאָכע אין אַלע זײַנע איבערפאַלן און שווערע אונטערנעמונגען. סאַנטשאָ האָט גענומען אַף זיך אויסצופירן אַלץ ווי ער האָט אים באַפוילן און האָט אים צוגעזאָגט ברענגען אַזאַ גוטן ענטפער ווי ער האָט אים געבראַכט דעם ערשטן מאָל.

— גיי מײַן זון — האָט אים דאָן קיכאָט געזאָגט, — און ווער נישט צעמישט ווען דו וועסט שטיין בלײַבן פאַר דער זונען־שײַן פון דער שיינקײַט, וואָס

די גייסט איצט אויפזוכן. דו ביזט דער גליקלעכסטער פון אלע וואָפנטרעגער אין דער וועלט! האַלט קאָפּ און פאַרגעדענק ווי אַזוי זי האָט דיך אויפגענומען: צי עס וועלן זיך איר בײַטן די קאָלירן אין פּאָנים ווען דו וועסט איר מײַן שליבעס איבערגעבן, צי וועט זי ווערן אומרויִק און צעמישט ווען זי וועט מײַן נאָמען דערהערן, צי וועט זי זיך פונעם קישן אויפהויבן, אויב דו וועסט זי טרעפן זיצן אַף איר רײַכן הערשאַפט־שטול, און אויב זי וועט שטיין, קוק זיך צו צי שפּאַרט זי זיך ניט אָן אַף איין פוס און דערנאָך אַף דעם צווייטן, צי כאַזערט זי נישט איבער צוויי מאָל אָדער דרײַ מאָל דעם ענטפער וואָס זי האָט שוין איינמאָל געגעבן, צי ענדערט זי אים נישט פון ווייך אַף האַרט, פון שאַרף אַף ליבלעך, צי הייבט זי די האַנט צום קאָפּ אַף צו פאַריכטן זיך די האָר ווען אַפילע זיי זײַנען איר נישט צעשויבערט. בעקיצער, זון מײַנער, קוק זיך צו צו יעדן קער און ווענד אירן, וואָרום דערפון וואָס דו וועסט מיר דערציילן ווי אַזוי דאָס איז צוגעגאַנגען, וועל איך אַרויסקריגן אַלץ וואָס איז פאַרבאָרגן אין די געהיימענישן פון איר האַרצן, וואָס שײַעך מײַן ליבע. וואָרום וויסן דאַרפסטו, סאַנטשאָ, אויב דו ווייסט עס נישט, אַז צווישן פאַרליבטע, איז איטלעכער קער זייערער פון דרויסן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן זייער ליבע דער זיכערסטער פּאָטשטאַליאָן פון אַלץ וואָס קומט פאָר אינעווייניק בא זיי אין האַרצן. גיי, מײַן פרײַנט, און זאָל דיך פירן אַ בעסער מאַזל, ווי איך האָב געהאַט און קום צוריק מיט מער האַצלאָכע ווי איך בלײַב דאָ וואַרטן און איבערטראַכטן אין דעם ביטערן עלנט, ווו דו לאָזט מיך איבער.

— איך וועל גיין און גיך קומען — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — און זאָל אײַער גענעדיקייט, מײַן האַר, ברייטער צענעמען דאָס הערצעלע, וואָס מוז בא אײַך איצטער זײַן נישט גרעסער פון אַ האָזענעם ניסל, און געדענקט וואָס מען זאָגט, אַז אַ גוט האַרץ ברעכט אַ שלעכט מאַזל און אַז דאָרט ווו עס זײַנען קיין באַזיירים נישטאָ זיינען אויך נישטאָ קיין פלעקער. אויך זאָגט מען, אַז ווו מען ריכט זיך ניט, שפּרינגט אַרויס דער האָז. איך זאָג עס אַקעגן דעם וואָס אויב באַנאַכט האָבן מיר נישט געקענט געפינען די פּאַלאַצן און שלעסער פון מײַן האַרנטע, רעכן איך איצט, ווען עס איז טאָג, זיי אויסצוגעפינען ווען איך וועל מיך גאָרניט ריכטן אַף זיי, און וועל איך זיי נאָר געפינען, מעגט איר זי מיר איבערלאָזן אַף מײַנע הענט.

— וואָס אַן עמעס, סאַנטשאָ, האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — טרעפסטו שטענדיק מיט דײַנעם אַ גלײַכווערטל אינעם סאַמע פינטל פון דעם וואָס מיר באַשפּרעכן, זאָל מיר אַזוי גאָט געבן גליק דערין וואָס איך ווינטש מיר.

בא די ווערטער האָט סאַנטשאָ זיך אויסגעדרייט מיט דעם רוקן און אַ שמײַס געטאָן זײַן העל־ברוינעם, און דאָן קיכאָט איז געבליבן זיצן אַף זײַן פערד רײַטנדיק און האָט אָפּגערוט אַף די סטרעמעניעס און אַף דעם אָנלען פון זײַן שפּיז, פול מיט טרויעריקע און אומקלאָרע מאַכשאָוועס. דאָ לאָזן מיר אים איבער און מיר גייען מיט מיט סאַנטשאָ פּאַנצאַ, וואָס איז אַוועקגעריטן נישט ווייי־

ניקער צעמישט און פארטראכט ווי זײַן האר. און געווען איז ער אזוי צעמישט, אז ווי נאר ער האט דעם קאָפּ אומגעדרייט אַף צוריק און האט נישט געמערקט דאָן קיכאַטן, איז ער אַראָפּ פונעם אייזל און האט זיך אוועקגעזעצט צופוסנס א בוים, און האט גענומען ריידן צו זיך אַליין און האט צו זיך אזוי געזאָגט:

„לאָמיר נאָר זען, סאַנטשאָ ברודער, ווּהין גייט איצט אײַער גענעדיקייט. גייט איר זוכן אַן אייזל, וואָס איז אײַך פארלוירן געגאַנגען? ניין, וואָס אַן עמעס. איז וואָס זשע דען גייט איר זוכן? איך גיי קלאַמערשטן זוכן א פּרינצעסן. און אין דער פּרינצעסן די זון פון דער שיינקײַט און דעם גאַנצן הימל מיט שטערן. און ווּ רעכנט איר דאָס אַלץ געפינען, סאַנטשאָ? ווּ? אין דער גרויסער שטאָט טאָבאָסאָ. נו, און פון וועמענס וועגן גייט איר זי זוכן? פון וועגן דעם באַרימטן ריטער דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, וואָס גלײַכט אוים קרומע און גיט צו עסן די דורשטיקע און צו טרינקען די הונגעריקע. זייער ווויל. ווייסט איר זשע, סאַנ־טשאָ, ווּ זי וווינט? מײַן האר זאָגט, אז אין קיניגלעכע פּאַלאַצן מוז זי וווינען, אָדער אין פּרעכטיקע שלעסער. צי האט איר זי כאָטש ווען געזען? נישט איך און נישט מײַן האר האָבן זי ווען געזען. איז, ווי מיינט איר, לוינט זיך עס אײַך, אָדער איז עס רעכט, אז ווען די טאָבאָסער וועלן זיך דערוויסן, אז איר געפינט אײַך דאָ און איר האט בעדייע אוועקצונעמען בא זיי זייערע פּרינצעסנס און צע־רודערן זייערע דאַמען, זאָלן זיי קומען און אײַך די ביינער אָנברעכן מיט הוילע שטעקענעס און איר זאָלט מיט איין גאַנצן ביין נישט בלײַבן? זיי וועלן בעעמעס זײַן גערעכט, אויב זיי וועלן נישט וועלן וויסן, אז איך בין בלויז א שעליעך, און אז

א שעליעך ביזטו, פרײַנט
פארדינסט קיין שטראָף נישט, ניין.

„פארלאָזט אײַך נישט דערויף, סאַנטשאָ, וואָרום די לאַ מאַנטשער זײַנען אזוי בייז ווי אָרנטלעך, און לאָזן זיך פון קיינעם נישט קיצלען. כ׳לעבן, אז ווען איך זאָל נאָר א שמעק טון צו אײַך, וואָלט איך אײַך געשיקט א שווארץ יאָר. אָך, דו, זוינעו! וועסט שוין דאָרטן בליצן! ניין, איך גיי נישט זוכן קיין דרײַ פוס באַם קאָטער פון עמיצנס פארגעניגן וועגן. ביפראַט, אז אומגיין זוכן א דול־צינעאַ אין טאָבאָסאָ, איז ווי אומגיין זוכן מאַריקאַן אין ראַוועננאַ אָדער דעם באַקאַלאַווער אין סאַלאַמאַנקאַ. דער טייוול אַליין, טאַקע נאָר דער טייוול האט מיך אין דעם אייסעק אַרײַנגעשטופּט״.

אָט דעם געשפּרעך האט סאַנטשאָ געהאט מיט זיך אַליין, און אַרויסגעבאַ־קומען האט ער פון אים דאָס וואָס ער האט גענומען ריידן צו זיך אַליין:

„און איצט לאָמיר נאָר זען: צו יעדער מאַקע איז פאַראַן א רעפוּע, אויב נישט דער טויט, וואָס אונטער זײַן יאָך מוזן מיר אַלע אַרונטער, ווי דאָס זאָל אונדז נישט וויי טון, אַפן סאָף פון אונדזער לעבן. דער האר מײַנער, ווי איך זע, לויט אַלע סימאָנים, איז מעשוגע, נאָר צום בינדן, און איך אַליין בין אויך נישט דערונטער, מאַכמעס איך בין נאָכמער טיפּעש פון אים, וואָס איך גיי אים נאָך

און דין אים, אויב עס איז עמעס דאָס שפּריכוואָרט, וואָס זאָגט: „זאָג מיר מיט וועמען דו גייסט, וועל איך דיר זאָגן ווער דו ביזט”, און נאָך איין שפּריכוואָרט, וואָס זאָגט: „נישט מיט וועמען דו ברידערסט זיך, נאָר מיט וועמען דו פּיטערסט זיך”. איז אַזוי ווי ער איז מעשוגע און זײַן מעשוגאַעס באַשטייט דערין, וואָס ער נעמט אָפּט אָן איין זאַך פאַר אַ צווייטער, און ער נעמט אָן ווײַס פאַר שוואַרץ און שוואַרץ פאַר ווײַס, ווי עס האָט זיך אים געדאַכט ווען ער האָט אָנגענומען די ווינטמילן פאַר ריזן, און די מאַנאַכישע מויל־אייזלען פאַר קעמלען, און די סטאַדעס שאָף פאַר מאַכנעס סאָנים, און נאָך אַ סאַך זאַכן אַף דעם שטייגער, וועט עס ניט שווער זײַן אים אײַנצורײדן, אַז אַ פּויערטע, די ערשטע וואָס איך וועל דאָ אָנטרעפן, איז עס די האַרנטע דולצינעאַ. און אַז ער וועט נישט גלויבן, וועל איך שווערן. און אַז ער וועט שווערן, וועל איך ווידער שווערן. און וועט ער זיך אַקשענען, וועל איך מיך נאָכמער אַקשענען, אַזוי אַז מײַנס זאָל שטענדיק בלײַבן אַפן פּלאָץ, זאָל זײַן וואָס עס וויל זיך. מיט דער אַקשאָנעס וועל איך עפּשער מיט אים פאַרענדיקן, ער זאָל מיך מער ניט שיקן אין אַזוינע שליכעסן, ווען ער וועט זען וואָס אים קומט פון זיי אַרויס. און עפּשער וועט ער זיך טראַכטן, ווי איך שטעל מיר פאָר, אַז עפּעס אַ בייזער קישעפמאַכער, פון די וואָס ער רעכנט, אַז זיי טראָגן אַ האַס אַף אים, האָט איר דאָס פּאָנים פאַרענדערט קעדיי אים שאַדן אָנצוטאָן.

מיט דעם געדאַנק האָט סאַנטשאָ פּאַנצאַ זײַן געמיט באַרויִקט און האָט באַטראַכט דאָס אייסעק פאַר געענדיקט. פאַרבליבן איז ער דאָרט ביז נאָכמיטיק, קעדיי דאָן קיכאָט זאָל מיינען, אַז ער האָט די צײַט פאַרטון אַף צו גיין אַהין און צוריק פון טאָבאָסאָ. און אַרויסגעקומען איז אַלץ אַזוי גוט, אַז ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן זיך אויפזעצן אַף זײַן העל־ברוינעם, האָט ער דערזען פון טאָבאָסאָ אָנקומען דרײַ פּויערטעס אַף דרײַ אייזלען, אָדער אייזלקעס, וואָס דאָס קלערט דער מעכאַבער נישט אויף, כאָטש גיכער איז צו גלויבן, אַז געווען זײַנען עס אייזלקעס, נאָר אַזוי ווי דאָס איז ניט שטאַרק וויכטיק, איז נישט קעדײַ דערויף זיך אָפּצושטעלן און נאָכצוזוכן. קורץ, ווי נאָר סאַנטשאָ האָט דערזען די פּויערטעס, איז ער שנעל געלאָפן אויפזוכן דאָן קיכאָטן, און געטראָפן האָט ער אים זיפצן און אויסזינגען אַלערלײַ קלאָג־לידער וועגן ליבע. ווי דאָן קיכאָט האָט אים דערזען, האָט ער אים געזאָגט:

— וואָס הערט זיך, סאַנטשאָ פרײַנט? וועל איך דעם טאָג קענען באַצייכענען מיט אַ ווײַסן שטיין, צי מיט אַ שוואַרצן?

— בעסער — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — זאָל אים אײַער גענעדיקייט באַצייכענען מיט אָכרע, ווי די אויפשריפטן אַף די קאַטעדרעס, מען זאָל אים גוט אָנזען.

— אויב אַזוי — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — ברענגסטו גוטע נײַעס.

— אַזוי גוט, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — אַז אײַער גענעדיקייט דאַרף בלויז אַ שפּאָרן טאָן ראָסינאַנטען און אַרויסקומען פונעם וואַלד און אָנקוקן די

האַרנטע דולצינעא פון טאָבאָסאָ, וואָס גייט אַהער מיט נאָך צוויי פריילנס זען אײַער גנעדיקייט.

— גאָט הייליקער! וואָס זאָגסטו, סאַנטשאָ פרײַנט? — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט. — זע גענאַר מיך נישט און זוך נישט צו דערפרייען מײַן עמעסן טרויער מיט פאַלשער פרייד.

— וואָס וועט מיר אַרויסקומען דערפון וואָס איך וועל גענאַרן אײַער גנעדיקייט — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — ביפראַט ווען איר זײַנט אַזוי נאָנט פון אויפדעקן דעם עמעס? טרײַבט אונטער, מײַן האַר, וועלן מיר זען אָנקומען די פרינצעסן אונדזער האַרנטע, אַ פאַרפוצטע און באַצירטע, מיט איין וואָרט, אַזאַ ווי זי איז. זי און אירע פריילנס, אַלע זײַנען זיי איין שטיק גאָלד, אַלע, ווי די מאַיס־זאַנגען, מיט פערל באַזעצט, אַלע הוילע רובינען, הוילע בראָקאַטן העכער צען די הויך, די האָר איבער די רוקנס צעוואָרפן, ווי די זונען־שטראַלן וואָס שפּילן זיך מיט דעם ווינט, און דערצו קומען זיי רײַטנדיק אַף דרײַ געפלעקטע קענאַאַן־פערדלעך. אַז נאָר צום קוקן.

— האַקאַנעען, מיינסטו, סאַנטשאָ.

— ס׳איז קיין גרויסער כילעק ניט — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — פון קענאַאַן ביז האַקאַנעען. אַף וואָס זיי זאָלן נישט רײַטן, קומען זיי אַהער די גאַלאַנטסטע דאַמען וואָס מען קען זיך ווינטשן צו זען, ביפראַט די פרינצעסן דולצינעא, מײַן האַרנטע, וואָס נעמט אָפּ די כושים.

— קום, סאַנטשאָ מײַן זון, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — און ווי אַ מאַטאָנע פאַר די אומגעריכטע גוטע נײַעס, גיב איך דיר אַוועק דעם בעסטן זאַקרויב, וואָס איך וועל געווינען אינעם ערשטן געראַנגל, וואָס איך וועל האָבן, און אויב דאָס שטעלט דיך נישט צופרידן, גיב איך דיר אַוועק די לאָשעקעס, וואָס מײַנע דרײַ שקאָפּעס וועלן מיר הײַ־יאָר ברענגען. דו ווייסט דאָך, אַז איך האַלט זיי צום לאָשיקן זיך אַף דער לאָנקע בײַ אונדזער דאָרפסראָט.

— די לאָשיקעס נעם איך מיר אין זינען — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — וואָרום ווי גוט דער זאַקרויב פונעם ערשטן געראַנגל זאָל זײַן, בין איך נישט גאָר זיכער.

בײַ די ווערטער זײַנען זיי אַרויס פונעם וואַלד און האָבן דערזען נאָנט פון זיך די דרײַ פּויערטעס. דאָן קיכאָט האָט די אויגן אָנגעשטעלט איבער דעם גאַנצן טאָבאָסער וועג און אַזוי ווי געזען האָט ער נישט מער ווי די דרײַ פּויערטעס, איז ער שטיין געבליבן אַ צעמישטער און האָט געפרעגט סאַנטשאָן צי האָט ער זיי געלאָזט הינטער דער שטאָט.

— ווי הייסט הינטער דער שטאָט? — האָט ער געענטפערט, — אײַער גנעדיקייט האָט אָפּאָנים די אויגן אַף דער פּאָטילניצע, וואָס איר זעט ניט, אַז דאָס זײַנען זיי, די וואָס רײַטן דאָ צעשײַנטע ווי די זון אינמיטן העלן טאָג.

— איך זע נישט, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — אַכוץ די דרײַ פּויערטעס אַף די דרײַ אייזלען.

— זאָל מיך גאָט באַשירעמען פון דעם סאָטן — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — איז עס מעגלעך, אַז די באַקאַנעער, אָדער ווי מען רופט זיי, ווײַס ווי געפּאַלע־נער שניי, זאָלן אין די אויגן פון אײַער גענעדיקייט זײַן אייזלען? איך שווער בײַ גאָט, זאָל מען מיר די באָרד אויספּליקן, אויב דאָס איז עמעס.

— און איך זאָג דיר, סאַנטשאָ פרײַנט, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — אַז דאָס זײַנען עמעסע אייזלען אָדער אייזלקעס, ווי ס'איז עמעס אַז איך בין דאָן קי־כאָט און דו סאַנטשאָ פּאַנצאַ. אַלנפאַלס, דאַכט זיך מיר אַזוי אויס.

— שווײַגט שוין, האר מײַנער, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — רעדט נישט אַזוינע ווערטער, שנויצט אָפּ אײַערע אויגן און קומט פאַרנויגט אײַך פאַר דער דאַמע פון אײַערע געדאַנקען, וואָס איז שוין גאַנץ נאָענט פון דאַנען.

און ווי ער האָט דאָס געזאָגט, איז ער אַקעגנגעריטן די דרײַ פּויערטעס און באַלד איז ער אַראָפּ פון זײַן אייזל און האָט איינס פון די דרײַ אייזלען אָנגענומען באַם קאַפּשטיק און האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר דעם אויף די קניען און געזאָגט:

— קיניגן און פּרינצעסן און גראַפינע פון דער שיינקייט, אײַער שטאָלץ און גרויסקייט זאָל זײַן אַזוי גענעדיק אויפצונעמען מיט אײַער ביין און גוטער לוינע אײַער געפאַנגענעם ריטער, וואָס שטייט דאָרט ווי אַ מירמלשטיין אײַנגעגראָבן, אַ צעמישטער מיט אַן אָפּגעשטעלטן הארצן וואָס ער האָט זיך דערזען פאַר אײַער פּרעכטיקער אָנוועזנקייט. איך בין סאַנטשאָ פּאַנצאַ, זײַן וואָפנטרעגער, און ער איז דער אויסגעפּאָרענער ריטער דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, וואָס מען רופט אים אויך מיט דעם נאָמען דער ריטער מיט דעם נעבעכדיקן פּאָנים.

בעיים מאיסע איז שוין אויך דאָן קיכאָט געשטאַנען אויף די קניען לעבן סאַנ־טשאָן און האָט מיט אויסגעשטאַרצטע אויגן און מיט אַ טריבן בליק געקוקט אויף דער וואָס סאַנטשאָ רופט זי קיניגן און הארגטע. און אַזוי ווי געזען האָט ער אין איר נישט מער ווי אַ דאָרפישע מויד מיט ניט קיין שיינעם פּאָנים, מאַכמעס געווען איז עס בײַ איר רונד און פּלאַטשיק, האָט ער בלויז אָפּהענטיק געגאַפט און האָט נישט געקענט דאָס מויל עפענען. אויך די פּויערטעס זײַנען דערשטוינט געווען ווען זיי האָבן דערזען די צוויי מענטשן, אַזוי פאַרשיידן איינער פונעם צווייטן, וואָס שטייען אויף די קניען און לאָזן ניט זייער כאַווערטאָרן ווײַטער אַ שפּאַן טון. נאָר די פאַר־האַלטענע האָט איבערגעריסן דאָס שווײַגן, אַ צעווייטיקטע און געערגערטע, און האָט אויף זיי אָנגעשריגן:

— טרעט אָפּ פונעם וועג, אין אַ בייזער שאָ, און לאָזט מיך דורך, מיר אײַלן זיך.

דערויף האָט סאַנטשאָ געענטפערט:

— אָ, פּרינצעסן און אַלוועלטלעכע הארינטע פון טאָבאָסאָ! ווי ווערט נישט ווייך אײַער גרויסמוטיק הארץ ווען איר זעט קניען פאַר אײַער העכסטער אָנ־וועזנקייט די שטיץ־זײַל פונעם וואַנדער־ריטערטום?

— איינע פון די צוויי אַנדערע האָט אויף די רייד גענומען שרײַען צו איר אייזל:

— כאַ, צעריַיבן וועל איך דיך, מיַין שווערס אייזלקעו! זע מיט וואָס די פּריצים שפּעטן היַינט אָפּ פון די פּויערטעס, גליַיך מיר דאָ וואָלטן גאָרניט געקענט שאַרף אַריַינזאָגן אַזוי ווי זיי! גייט איַיך איַיער וועג, לאָזט אונדז גיין אונדזערן, און זאָל איַיך זיַין צו געזונט.

— הויב דיך אויף, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט דערצו געזאָגט, — איך זע שוין, אַז דאָס מאַזל, נישט זאַט נאָך מיט מיַין אומגליק, האַלט פאַרנומען אַלע וועגן, דורך וואַנען עס קען צוקומען אַ שטיקל נאַכעס דעם פּיצל האַרץ, וואָס האַלט זיך באַ מיר אינעם גוף. און דו, אָ, דאָס העכסטע פון דעם מוט, וואָס מען קען זיך ווינטשן, שפּיץ פון דער מענטשלעכער פיינקיַיט, איינציקע היילונג פאַר דעם צעווייטיקטן האַרצן, וואָס פאַרערט דיך, אויב דער בייזער קישעפמאַכער פאַרפאָלגט מיך און האָט פאַרצויגן מיט וואָלקנס און בעלמעס מיינע אויגן און האָט פאַר זיי, און אויך פאַר אַנדערע, פאַרוואַנדלט דיַין געשטאַלט און דיַין שיינקייט אָן אַ גלייכן אין אַן אָרימער פּויערטע, אויב ער האָט ניט אויך מיַין פּאָנים פאַרביטן אַף דעם פּאָנים פון עפּעס אַ פאַרזעעניש אַף צו פאַרמיעסן אים אין דיַינע אויגן, לאָז פאַלן אַף מיר דיַין פאַרליבטן זאַנפטן בליק און אין דער האַכנאָע פון מיַין קניען צו דיַין פאַרדאָרבענער שיינקייט, זע די אַניוועס פון מיַין האַרצן, וואָס פאַרערלעכט דיך.

— נאַ דיר מיַין זיידנס! — האָט די פּויערטע געענטפערט, — איך האָב מער נישט וואָס צו טון ווי נאָר כניפעלעך אויסהערן! טרעט אָפּ פונעם וועג און לאָזט אונדז דורך, מירן איַיך דאַנקען דערפאַר.

אָפּגעטראָטן איז סאַנטשאָ און האָט זי דורכגעלאָזן, אַ צופרידענער וואָס זיַין פּלאָנטער האָט אים אָפּגעגליקט. קוים האָט די פּויערטע, וואָס האָט געהאַט די ראָל פון דולצינעאַ, זיך דערזען אַ באַפריַיטע, האָט זי אַ שטאָך געטאָן איר „קעניגן־פערדל" מיט דעם שפּיץ, וואָס זי האָט געהאַט אַף אַ שטעקן אָנגעשטאָכן, און האָט זיך געלאָזט לויפן. נאָר דערפילט האָט דאָס אייזל דעם שטאָך מער ווי אַן אַנדער מאָל, און, אַ באַלעסטיקטער, האָט ער גענומען העצקען און האָט די דאַמע פון זיך אַף דער ערד אַראָפּגעוואָרפן, און אַז דאָן קיכאָט האָט דאָס דערזען, איז ער צוגעלאָפן זי אויפהייבן, און סאַנטשאָ איז צוגעלאָפן צורעכטמאַכן און צופעסטיקן דאָס שטרוי־זעקל, וואָס האָט זיך אויך אַרונטערגערוקט אַף דער אייזלקעס בויך. ווען דאָס שטרוי־זעקל איז שוין געווען צורעכטגעמאַכט, האָט דאָן קיכאָט געוואָלט אויפהייבן זיַין פאַרקישעפטע דאַמע אַף די הענט און זי אַרויפזעצן אָפן אייזל, נאָר די דאַמע האָט זיך אַליין אויפגעהויבן און האָט אים באַפריַיט פון דער טערכע, וואָרום זי אַליין האָט אַביסל אָפּגעטראָטן אַף צוריס און דערנאָך אַ קליין לויפעלע געטאָן און, מיטביידע הענט אָנגעשפּאַרט אַף דעם אייזלס הינטן, האָט זי זיך פלינקער ווי אַ שפּאַרבער אַרויפגעכאַפּט אָפן שטרוי־זעקל און איז זיצן געבליבן ריַיטנדיק ווי אַ מאַן, און סאַנטשאָ האָט אַ זאָג געטאָן:

— כ'לעבן, די דאַמע אונדזער האַרנטע איז פלינקער פון אַ רויבפויגל און קען דעם גענייטסטן קאָרדאָבער אָדער מעקסיקאַנער ריַיטער לערנען ווי זיך אַרויפצו־

כאַפּן! אַריבערגעשפּרונגען איז זי דעם הינטערשטן שפּיץ זאָטל און אָן שפּאָרן יאָגט זי איר האַקאַנעער ווי אַ זעברע און אירע פּריילנס זײַנען אויך נישט הינטערשטעליק און אַלע דרײַ יאָגן זיי ווי דער ווינט.

און אַזוי איז עס בעעמעס געווען, וואָרום ווי נאָר דולצינעאַ איז געווען אױפֿן אייזל, האָבן אויך די אַנדערע פּויערטעס גענומען שטעכן די אייזלען און אַוועקיאָגן און אַ האַלבע מײַל דעם קאָפּ נישט אומגעדרייט. דאָן קיכאָט האָט זיי נאָכגעהאַלטן מיטן אויג און אַז ער האָט געזען מען מערקט זיי שוין ניט, האָט ער זיך אומגעדרייט צו סאַנטשאָן און אים געזאָגט:

— ווי געפעלט דיר, סאַנטשאָ, ווי פאַרהאַסט איך בין בײַ די קישעפמאַכער! און זע ווי ווײַט זייער בייזער ווילן און זייער בייז אויג אַף מיר דערגייט, פאַרגלוסט האָט זיך זיי צונעמען בײַ מיר דאָס פאַרגעניגן, וואָס איך האָב געקענט האָבן צו זען מײַן דאַמע ווי זי איז אין דער עמעסן. איך בין בעעמעס געבוירן געוואָרן צו זײַן אַ בײַשפּיל פון אומגליק און אַ צילברעט און אַן ערדזאַק, וווּ עס טרעפן די פײַלן פון די שלימאַזלס. און מערק דיר אויך, אַז נישט גענוג די פאַרעטער האָבן מײַן דולצינעאַ פאַרענדערט און פאַרוואַנדלט, האָבן זיי זי דערצו נאָך פאַרענדערט און פאַרוואַנדלט אין אַזאַ נידעריקער און מיעסער געשטאַלט ווי אָט די פּויערטע און האָבן בײַ איר צוגענומען דאָס וואָס איז אייגן די פאָרנעמע דאַמען, זייער ווױלגערוך, פון אומגיין שטענדיק צווישן בורשטינען און בלומען. וואָרום ווייסן זאָלסטו, סאַנטשאָ, אַז ווען איך בין צוגעקומען אַרויפזעצן דולצינעען אַף איר האַקאַנעער (ווי דו זאָגסט, און ווי מיר דאַכט זיך אַן אייזל), האָט מיר אַ זעץ געטאָן פון איר אין דער נאָז אַרײַן אַ רייעך פון רויען קנאָבל, וואָס האָט מיך פאַרטשאַדעט און די נעשאָמע פאַרסאַמט.

— אָ, איר מענוּוואָלים! — האָט סאַנטשאָ דערבײַ גענומען שרײַען, — אָ, איר אומגליק־ברענגענדיקע און בייזוויליקע קישעפמאַכער! פאַר די זשאַברעס וואָלט איך אײַך געוואָלט זען אויפגעצילט ווי די הערינג אַפן שטריקל! אַ סאַך ווייסט איר, אַ סאַך קענט איר און נאָכמער טוט איר. גענוג וואָלט אײַך געווען, נידערטרעכטיקע לײַט, ווען איר פאַרוואַנדלט די פּערל פון מײַן הארנטעס אויגן אין דעמבענע גאָלעשן און אירע גינגאָלדענע לאָקן אין ווײדלען פון רויטע אָקסן, און אַפילע די פּאָנים־שטריכן אירע פון גוטע אַף שלעכטע, נאָר דעם ווױלגערוך אירן זאָלט איר נישט געווען אָנרירן, מיר זאָלן כאָטש דורך אים קענען אַרויספילן דאָס וואָס איז אין איר פאַרבאָרגן אונטער דער מיִעסער קאָרע. כאָטש דעם עמעס געזאָגט, האָב איך איר מיִעסקייט נישט געזען און נאָר איר שיינקייט, וואָס איז נאָך מיט עטלעכע קאַראַטן שענער געוואָרן מיט דער בראָדעווקע, וואָס זי האָט געהאַט אַף דער רעכטער זײַט אויבערשטער ליפּ ווי אַ וואָנציע מיט זיבן אָדער אַכט בלאָנדע האָר, ווי גילדענע צויטן אַ שפּאַן די לענג.

— צו דער בראָדעווקע — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — מוז נאָך דולצינעאַ האָבן, לויט דער שײַכעס וואָס דאָס פּאָנים האָט מיט די אַנדערע טיילן פונעם גוף, אַ צווייטע אַף דער לענד, וואָס געהער צו דער זײַט פּאָנים, נאָר אַזוינע לאַנגע האָר ווי דו זאָגסט, זײַנען צו גרויס פאַר אַ בראָדעווקע.

— און איך קען אײַך זאָגן, אײַער גנעדיקייט, — האָט סאַנטשאָ געענט־
פערט, — אַז זיי זענען דאָרט אוים ווי געבוירן.

— איך גלויב דיר, מײַן פרײַנט, — האָט דאָן קיכאָט זיך אָפּגערופן, — וואָ־
רום נישטאָ אַזאַ זאַך וואָס די נאַטור האָט געגעבן דולצינעען, וואָס זאָל נישט זײַן
בישליימעס און גוט אַרויסגעענדיקט און אַפילע הונדערט בראָדעווקעס זי זאָל
האָבן, אַזוינע ווי דו זאָגסט, וואָלטן זיי אַף איר געווען נישט קיין בראָדעווקעס
נאָר לעוואָנעס און שטערן פינקלענדיקע. נאָר זאָג מיר, סאַנטשאָ, דאָס וואָס דיר
האָט זיך געדאַכט אַ שטרוי־זעקל, ווען דו האָסט עס צוֹרעכטגעמאַכט, איז געווען אַ
גלאַטער זאַטל, אָדער אַ זאַטל־שטול?

— געווען איז עס — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — אַ רײַט־זאַטל מיט אַ
פעלד־דעקע, וואָס מוז די ווערט האָבן אַ האַלבע מעלוכע, ווערליק די רײַכקייט
אירע.

— און איך זאָל דאָס נישט האָבן געזען, סאַנטשאָ! — האָט דאָן קיכאָט גע־
זאָגט. — איך זאָג דיר איצט נאָכאַמאָל און וועל עס דיר טויזנט מאָל זאָגן, אַז
איך בין דער אומגליקלעכסטער מענטש אין דער וועלט.

גרוים מי האָט געקאָסט דעם שעלמישן סאַנטשאָ נישט צו לאַכן איבער די
טיפּשעסן פון זײַן האַר, וואָס לאָזט זיך אַזוי פײַן גענאַרן. נאָך אַ ווײַל ווײַטערן
שמועסן, האָבן זיי זיך סאַפּקאָלסאָף אויפגעזעצט אַף זייערע רײַט־בעהיימעס און
זיך געלאָזט רײַטן אַפן וועג קיין סאַראַגאָסאַ, וווּ זיי האָבן בעדייע געהאַט אַנצוקו־
מען באַצײַטנס, קעדיי נאָך צו פאַרכאַפּן די יאָנטויווים, וואָס ווערן דאָרט יעדן יאָר
געפּראַוועט. נאָר איידער זיי זײַנען אַהין אָנגעקומען, האָבן פּאַסירט מיט זיי אַזוינע
זאַכן, וואָס מאַכמעס זייער גרויסער צאָל און מאַכמעס זייער פאַרנעם און נײַקייט,
פאַרדינען זיי באַשריבן צו ווערן און געלייענט צו ווערן, ווי מען וועט דאָס ווײַ־
טער זען.

## עלפטער קאַפּיטל

### וועגן דעם מעשונעדיקן באַגעגעניש, וואָס דער מעכטיקער דאָן קיכאָט האָט געהאַט מיט דעם וואָגן אָדער בויד פון „דער מעסובע פון טויט”

אַ שטאַרק פאַרטראַכטער איז געריטן דאָן קיכאָט איבער דעם וועג פאַרויס און
געטראַכט האָט ער וועגן דעם בייזן שפּאַס, וואָס די קישעפמאַכער האָבן אי־
בער אים געטריבן, דערמיט וואָס זיי האָבן פאַרוואַנדלט זײַן דאַמע דולצינעאַ אין
דער מיִעסער געשטאַלט פון דער פּויערטע, און נישט געקענט האָט ער צוטראַכטן
וואָס אַזוינס קען מען טאָן אַף ווידער צו באַקומען איר פריערדיקע געשטאַלט. און
אַזוי פאַרטראַכטן האָבן אים די דאַזיקע מאַכשאָווועס, אַז ער האָט נישט געמערקט
ווי ער האָט ראָסינאַנטען די לייצעס נאָכגעלאָזט, און אַז דאָס פערד האָט זיך דער־

פילט א פריַער, האָט עס זיך אָפּגעשטעלט אַף יעדן שפּאַן פיטערן אַף דעם גרינעם גראָז, וואָס וואַקסט בעשעפּע אַף יענע פעלדער.

פון זײַן פאַרטראַגנקייט האָט אים אַרויסגעפירט סאַנטשאַ און האָט אים געזאָגט:

— מײַן האַר, טרויער איז נישט געגעבן פאַר בעהיימעס, נאָר פאַר מענטשן, נאָר אַז מענטשן לאָזן זיך צופיל אַרײַן אין טרויער, ווערן זיי בעהיימעס. זאָל זיך אײַער געגעדיקייט נעמען אין די הענט אַרײַן און צו זיך קומען און נעמט ראָסי־נאַנטען פאַר די לייצעס און טשוכעט אײַך אויס און ווערט ווידער לעבעדיק און באַווײַזט דעם מוט, וואָס וואַנדער־ריטער פּאַסט זיך צו האָבן. וואָס פאַר אַ טײַוול איז עס מיט אײַך? וואָס איז דאָס פאַר אַ פאַלן באַ זיך? זײַנען מיר דאָ צי אין פראַנקרײַך? זאָל זיי בעסער דער רואַך כאַפּן, אַלע דולצינעעס פון דער גאַנצער וועלט, וואָרום דאָס געזונט פון איין איינציקן וואַנדער־ריטער איז מער ווערט ווי אַלע קישעפן און פאַרוואַנדלונגען אַף גאָר דער ערד.

— שווײַג, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט מיט אַ נישט גאָר אָפּ־געשוואַכטן קאָל. — שווײַג, זאָג איך, און לעסטער נישט די פאַרקישעפטע דאַמע, וואָס איך איינער בין שולדיק אין איר אומגליק. צוליב דער קינע פון די רעשאָים צו מיר, האָט איר דאָס אומגליק געטראָפן.

— דאָס זאָג איך אויך — האָט סאַנטשאָ געענטפערט. — ווער עס האָט זי געזען פריער און זעט זי איצט, ווײנט דען ניט אין אים דאָס האַרץ?

— דו קענסט עס ווויל זאָגן, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט. — ווײַל דו האָסט זי געזען אין איר פולער שיינקייט. דיר האָט דער קישעף די אויגן נישט טריב געמאַכט און פאַר דיר האָט ער איר שיינקייט נישט פאַרשטעלט. אקעגן מיר איינעם אַליין, אקעגן מײַנע אויגן דערהייבט זיך דער קויעך פון זײַן סאַם. פון דעסט וועגן, איז מיר איין זאַך אויפּאַלנדיק, סאַנטשאָ; דו האָסט געזאָגט. אַז אירע אויגן זײַנען פּערל, און אויגן וואָס זעען אויס ווי פּערל, האָבן ים־העכט און נישט קיין דאַמען. דולצינעעס אויגן זע איך ווי גרינע שמאַראַגדן, ברייט צעעפנטע, מיט צוויי הימלשע בויגנס פאַר ברעמען. דו נעם אַוועק די פּערל פון די אויגן און טראָג זיי אַריבער אַף די ציין, וואָרום דו האָסט זיי מיסטאָמע פאַרביטן, סאַנטשאָ, און האָסט אָנגענומען די אויגן פאַר די ציין.

— אַלץ איז מעגלעך, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — וואָרום מיך האָט איר שיינקייט צעמישט, ווי אײַך איר מיִעסקייט. נאָר לאָמיר דאָס אַלץ איבערלאָזן פאַר גאָט, וואָס ער איז דער וואָס ווייס וואָס עס וועט געשען אין דעם טאָל פון טרערן, אין דער בייזער וועלט אונדזערער, ווו עס איז קוים צו געפינען עפּעס אַ זאַך, וואָס זאָל נישט זײַן געמישט מיט שלעכטס, מיט שווינדל און נידערטרעכטי־קייט. איין זאַך ליגט מיר שווער אַפן האַרצן: וואָס טוט מען ווען אײַער געגעדיקייט וועט אַוועקלייגן עפּעס אַ ריז אָדער אַ צווייטן ריטער און איר וועט אים באַפעלן זיך גיין ווײַזן פאַר איר שיינקייט דער דאַמע דולצינעאַ: ווו וועט ער זי גיין זוכן, דער ריז נעבעך, אָדער דער נעבעכדיקער בײַגעקומענער ריטער? איך זע זיי, דאַכט

מיר, אומגיין איבער טאַבאַסאָ ווי די שטרוי־זעק ארומזוכן מײַן הארנטע דולצינעאַ, און אפילע זיי זאָלן זי טרעפן אין מיטן גאַס, וועלן זיי זי דערקענען אזוי ווי זיי דערקענען דעם טאַטן מײַנעם.

— עפשער, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — וועט דער קישעף־ נישט גיין אזוי ווײַט, אז ער זאָל באַרויבן די בײַגעקומענע און צוגעשיקטע ריטער און ריזן פון דערקענען דולצינעען און מיט איינעם אָדער צוויי פון די ערשטע, וואָס איך וועל גויווער זײַן און איר צושיקן, וועלן מיר מאַכן דעם פּרוּוו צי וועלן זיי זי זען אָדער ניט, מאַכמעס איך וועל זיי הייסן צוריקקומען און דערציילן וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט וואָס שײַעך דעם איניען.

— דאָס וואָס אײַער גענעדיקייט, מײַן האַר, האָט געזאָגט — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — געפעלט מיר. אזוי אַרום וועלן מיר זיך דערוויסן אַלץ וואָס מיר באַגערן. און אויב זי איז פאַרשטעלט בלויז פאַר אײַער גענעדיקייט, איז עס מער אײַער אומגליק ווי אירער. נאָר זאָל די הארנטע דולצינעאַ דאָרט זײַן געזונט און צופרידן און מיר דאָ וועלן שוין דורכקומען און אויסקומען מיט גערענגל־זוכן און לאָזן די צײַט זאָל זיך טאָן אירס, וואָרום זי איז דער בעסטער רופֿע פון דעם מין כאַלאַעס און פון נאָך ערגערע כאַלאַעסן.

געוואָלט האָט דאָן קיכאָט ענטפערן סאַנטשאָן, נאָר געשטערט האָט אים דער־ רין אַ בויד, וואָס האָט אים דעם וועג איבערגעשניטן, פול באַזעצט מיט די פאַר־ שיידנסטע און מעשונעדיקסטע פאַרשוינען און געשטאַלטער וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן. דער וואָס האָט געפירט די מויל־אייזלען און געדינט פאַר דעם אָנ־ טרײַבער, איז געווען מיִעס ווי אַ שעד. געווען איז די בויד אָן אָפענע, אָן דעם ברע־ זענט און אָן די רייפן. די ערשטע געשטאַלט וואָס דאָן קיכאָט האָט דערזען, איז געווען דער טויט אַליין, מיט אַ מענטשלעך פּאָנים. לעבן דעם טויט איז געזעסן אַ מאַלעך מיט גרויסע געפאַרבטע פליגל. אָן אַ זײַט איז געזעסן אַ קייסער, מיט אַ קרוין אַפן קאָפּ, ווי עס האָט זיך געדאַכט, אַ גילדענע. צופוסנס דעם טויט איז געזעסן דער גאָט וואָס מען רופט אים קופיד, אָן דעם באַנד אַף די אויגן, נאָר מיט זײַן בויגן, מיט דעם שיידל און מיט די פײַלן. געזעסן איז אויך אַ ריטער אינעם פאַנצער־קלייד, אָן אַ קיווער און אָן אַ קעפּקע, נאָר מיט אַ הוט, אַרומגעשטעקט מיט די פאַרשיידנפאַרביקסטע פעדערן. מיט זיי זײַנען געווען נאָך אַנדערע פאַרשוי־ נען מיט פאַרשיידענע קליידער און פּענימער. די פלוצימדיקייט פון דעם אַלעמען האָט אביסל צערודערט דאָן קיכאָטן און אומרויק געמאַכט סאַנטשאָן. נאָר באַלד האָט דאָן קיכאָט זיך דערפרייט, צי ברענגט עס אים נישט עפּעס אַ נײַעם מעסוסע־ נעם גערענגל. און מיט דעם געדאַנק און מיט דעם געמיט גרייט אויפצונעמען אַ ליאַ־ דע סאַקאָנע, האָט ער זיך אוועקגעשטעלט פאַר דער בויד און מיט אַ הויכן און דראָענדיקן קאָל געזאָגט:

— שמײַסער, קוטשער אָדער טײַוול, אָדער וואָס דו ביזט, טייקעף זאָלסטו מיר זאָגן ווער דו ביזט, וווּהין פאָרסטו און ווער זײַנען די לײַט, וואָס דו פירסט מיט זיך אין דער בויד, וואָס זעט גיכער אויס קאַראַנס שיף איידער אַ געוויינלעכע בויד מיט פּאַסאַזשירן.

דער טייוול האָט דערויף רויִק און געלאַסן די בויך אָפּגעשטעלט און געענט־
פערט:

— מייַן האַר, מיר זייַנען קאָמעדיאַנטן פון אַנגולאַ דעם בייזנס טרופּע, מיר האָבן דאָ אין אַ שטעטל, וואָס פון יענער זייַט בערגל, הייַנט אינדערפרי, צום אַכטן טאָג נאָך קאָרפּוס, געשפּילט דעם איינאַקטער „די מעסובע פון טויט", און הייַנט באַטאָג דאַרפן מיר אים שפּילן אין דעם שטעטל, וואָס זעט זיך דאָרט אַרויס. און אַזוי ווי ס'איז נאָנט און מיר האָבן זיך געוואָלט אייַנשפּאָרן די אַרבעט זיך איבערצו־טאָן און זיך ווידער אָנטאָן, פאָרן מיר אין די קליידער ווי מיר שפּילן. יענער באָכער שפּילט פאָרן טויט, דער אַנדערער פאַר דעם מאַלעך. יענע וואָס איר זעט, דעם מע־כאַבערס פרוי, שפּילט פאַר דער קיניגן. יענע פאַר אַ זעלנער. דאָרט זיצט דער קייסער און איך שפּיל פאָרן טייוול און בין איינער פון די הויפּט־פיגורן אין דעם איינאַק־טער, ווייַל איך שפּיל אין דער טרופּע די הויפּט־ראָלן. אויב אייַער גענעדיקייט וויל נאָך עפּעס וויסן וועגן אונדז, פרעגט, וועל איך אייַך ענטפערן מיט דער גאַנצער פּינקטלעכקייט, מאַכמעס, ווי דעם טייוול, איז מיר אַלץ באַקאַנט.

— באַ דער נעמאָנעס פון אַ וואַנדער־ריטער, — האָט דאָן קיכאָט געענט־פערט, — אַז ווי איך האָב נאָר דערזען דעם וואָגן, האָב איך מיר געטראַכט, אַז איך האָב פאַר מיר אַ גאָר גרויסן געראַנגל. און איצט זאָג איך, אַז דאָס געדאַכטע מוז מען אָנטאַפּן מיט די הענט, קעדיי זיך צו איבערצייגן דאָס פאַרקערטע. פאָרט אייַך געזונטערהייד, גוטע מענטשן, און פּראַוועט אייַער יאָנטעוו, און זעט, עפּשער קען איך אייַך מיט עפּעס נוצלעך זייַן, וועל איך עס טון מיט דעם בעסטן ווילן, וואָרום פון ייִנגלווייַז האָב איך אַ נייגונג צו מאַסקעס און אַלס באָכער בין איך אויסגעגאַנגען נאָך קאָמעדיאַנטן.

באַשערט איז געווען, אַז בעיים דעם שמועס זאָל גראָד צוקומען איינער, וואָס איז אָנגעטאָן געווען פאַר אַ מאַנדריש מיט גלעקלעך און אַף אַ שפּיץ שטעקן האָט ער געהאַט דרייַ קוועגע פענכערס אָנגעבלאָזענע. ווי דער מאַנדריש איז צוגעקומען צו דאָן קיכאָטן, האָט ער גענומען פּאַטשן מיט די פענכערס אָן דער ערד און שפּרינגען און קלינגען מיט די גלעקלעך, און מיט זייַן מעשונעדיקן אויסזען האָט ער אַזוי איבערגעשראָקן ראָסינאַנטען, אַז דאָן קיכאָט איז נישט בעקויעך געווען אים אייַנצוהאַלטן און מיט דעם צוימל צווישן די ציין האָט דאָס פערד זיך אַוועק־געלאָזט לויפן איבערן סטעפּ אַזוי שנעל ווי זייַנע ביינער האָבן עס אים קיינמאָל נישט דערלויבט. דערזען האָט סאַנטשאָ די סאַקאָנע אַז ראָסינאַנטע זאָל אַראָפּ־וואַרפן פון זיך זייַן האַר, איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון זייַן העל־ברוינעם, און ווי שנעל ער האָט געקענט, איז ער אים געלאָפן כאַפּן. נאָר איידער ער איז צוגעקו־מען, איז שוין זייַן האַר געליגן אַף דער ערד: דער געווייַנלעכער סאָף פון ראָסי־נאַנטעס שטיפעריייַען און כוצפּעס.

ווי נאָר אָבער סאַנטשאָ איז אַראָפּ פון זייַן אייזל, קעדיי צו לויפן העלפן דאָן קיכאָטן, האָט דער טאַנצנדיקער שעד מיט די פענכערס זיך אַרויפגעכאַפּט אַף זייַן העל־ברוינעם, און פון זייַנע האוואַיעס, פון דעם גערויש און דערשרעק און נאָכ־

מער — פון די קלעפּ, וואָס האָבן אים ווײ געטאָן, האָט ער גענומען פליען איבערן פעלד, אהין וווּ מען איז געפאָרן געבן די פאָרשטעלונג. געקוקט האָט סאַנטשאָ ווי זײַן העל־ברוינער יאָגט זיך און ווי זײַן האַר ליגט אויף דער ערד און האָט נישט געוווּסט וואָס פריער צו טאָן. נאָר גיווער געווען האָט אין אים, ווי אין אַ בראַווען וואָפנטרעגער און דינער, די ליבע צו זײַן האַר איבער דער ליבשאַפט צו זײַן אייזל. כאָטש איטלעכס מאָל ווי ער האָט געזען די פענכערס זיך הייבן און אַראָפּפאַלן אויף דעם הינטן פון זײַן העל־ברוינעם, האָט ער געליטן גענעם און געפילט טויט־שרעק, און גיכער האָט ער געוואָלט מען זאָל די קלעפּ געבן אים, אין די שוואַרצאַפּלען אַרײַן, איידער אַ האָרעלע אָנרירן זײַן אייזלס עק. מיט דעם פּײַן פון צווייפל, איז ער צוגעקומען צו דעם אָרט וווּ דאָן קיכאָט איז געליגן, אַ צעקלאַפּטער מער ווי ער האָט דאָס געוווּנטשן און בעייסן העלפן אים אויפזעצן זיך אויף ראָסינאַנטען, האָט ער אים געזאָגט:

— מײַן האַר, דער טייוול האָט צוגענומען מײַן העל־ברוינעם.

— וואָס פאַר אַ טייוול? — האָט דאָן קיכאָט געפרעגט.

— דער וואָס מיט די פענכערס — האָט סאַנטשאָ געענטפערט.

— ער וועט אים מיר אָפּגעבן, — האָט דאָן קיכאָט צוריק געענטפערט, — אַפילו ער זאָל זיך מיט אים אויסבאַהאַלטן אין די טיפסטע און פינצטערסטע קאַמערן פונעם גענעם. גיי מיר נאָך, סאַנטשאָ, וואָרום די בויד פאָרט פּאַמעלעך און מיט זײַנע מויל־אייזלען וועל איך דיר פאַרגיטיקן די אווידע פונעם העל־ברוינעם.

— איר דאַרפט אײַך נישט באַמיען, מײַן האַר, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — זאָל אײַער גענעדיקייט איינשטילן זײַן צאָרן, וואָרום ווי מיר דאַכט זיך, האָט שוין דער טייוול אָפּגעלאָזט דעם העל־ברוינעם און ער גייט צוריק אַהער.

און געווען איז עס עמעס, וואָרום אַזוי ווי דאָס אייזל האָט נאָכגעטאָן דעם בײַשפּיל פון דאָן קיכאָט און ראָסינאַנטע, איז דער טייוול אַראָפּגעפאַלן, אוּן איז אַוועק אין שטעטל צו פוס און דאָס אייזל איז צוריקגעגאַנגען צו זײַן האַר.

— פון דעסטוועגן, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — וואָלט גוט געווען יענעם טייוולס גראָבקייט צו באַשטראָפן אויף איינעם פון די וואָס פאָרן אין דער בויד, מעג זײַן אַפילו קייסער אַליין.

— זאָל זיך עס אײַער גענעדיקייט אַרויסשלאָגן פונעם קאָפּ, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — און הערט וואָס איך ראָט אײַך, איר זאָלט אײַך קיינמאָל נישט אָנהייבן מיט קאָמעדיאַנטן, וואָרום דאָס זײַנען געשיצטע לײַט: איך האָב שוין אַמאָל געזען אַן אַקטיאָר זיצן פאַר דערהאַרגענען צוויי מענטשן און מען האָט אים אַרויסגעלאָזט פרײַ אָן קאָסטן. אײַער גענעדיקייט מעג עס וויסן, אַז מאַכמעס זיי זײַנען פריילעכע לײַט און פאַרשאַפן פאַרגעניגן, איז יעדערער גוט צו זיי, אַלע שיצן זיי, העלפן זיי און שעצן זיי, ביפראט נאָך פון קיניגלעכע און דיפּלאָמירטע טרופּעס, וווּ אַלע זעען זיי אויס מיט זייער האַלטונג און מיט זייער האַלבאַשע, ווי די פּרינצן.

— דאָך, וועט דער קאָמעדיאַנטישער טייוול מיר נישט אומגיין און זיך באַ־רימען, אפילו ווען דער גאַנצער מענטשלעכער מין זאָל שטיין אַף זײַן זײַט.

און מיט די ווערטער, האָט ער זיך געלאָזט גיין צו דער בויד, וואָס איז שוין באַנט געווען פונעם שטעטל, און האָט גענומען שרײַען:

— שטייט, וואַרט, צעהוליעטער פריילעכער געזינדל, איך וועל אײַך ווײַזן ווי מען דאַרף זיך באַגיין מיט אייזלען און בעהיימעס, וואָס דינען צום רײַטן פאַר די וואָפנטרעגער און וואַנדער־ריטער.

אזוי הויך האָט דאָן קיכאָט געשריגן, אַז די וואָס זײַנען געפאָרן אין דער בויד האָבן אים דערהערט. אזוי ווי זיי האָבן געדרונגען פון זײַנע רייד און פון זײַן רעגן זיך, אַז ער זידלט זיי, איז אין איין אויגנבליק פון דער בויד אַרויסגעשפּרונגען דער „טויט" און נאָך אים דער קייסער, דער טייוול — אָנטרײַבער און דער מאַ־לעך, און נישט געבליבן איז אפילו די קיניגן און דער גאָט קופּיד, און אַלע האָבן זיי געכאַפּט שטיינער און זיך אויסגעשטעלט אין אַ ריי אָפּוואַרטן מיט די קיזל־שטיינער דאָן קיכאָטן.

אַז דאָן קיכאָט האָט זיי דערזען אין אַזאַ שלאַנקן שקוואַדראָן אויסגעשטעלט, די הענט אויפגעהויבן, אין דער פּאָזע צו שלײַדערן אין אים די שטיינער, האָט ער אײַנגעהאַלטן ראָסינאַנטען די לייצעס און גענומען טראַכטן ווי אזוי ער זאָל זיי איבערפאַלן מיט ווייניקער סאַקאָנע פאַר זיך. אין דער רעגע איז צוגעקומען סאַנ־טשאָ, און אַז ער האָט אים דערזען אַ גרייטן איבערצופאַלן דעם גוט אויסגע־שטעלטן שקוואַדראָן, האָט ער אים געזאָגט:

— אַ צו גרויס מעשוגאַעס וואָלט געווען אַזאַ זאַך אונטערצונעמען. זאָל אײַער גענעדיקייט, מײַן האַר, זיך באַדענקען, אַז קעגן אַ שטיין און אַ לאַך אין קאָפּ גילט נישט קיין שום שוץ־געווער אין דער וועלט, סײַדן זיך פאַרשטעקן אין אַ קופּער־נעם גלאָק. איר מעגט אײַך אויך באַדענקען, אַז איבערפאַלן אַן אַרמיי, ווו עס גע־פינט זיך דער ט ו י ט , און עס שטייט אין קאַמף אַליין דער קייסער און ער האָט זיך צו הילף די גוטע און די שלעכטע מאַלאָכים, איז מער זינלאָז ווי העל־דיש. און אויב דאָס באַזינט אײַך נישט זיך אײַנצושטילן, זאָל אײַך באַזינען די זיכערקייט, אַז צווישן די אַלע וואָס געפינען זיך דאָרט, וואָס זעען אויס קיניגן, פּרינצן און קייסאָרים, איז קיין איין וואַנדער־ריטער נישט פאַראַן.

— אָט דערמיט, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — האָסטו געטראָפן אינעם פּינטל, וואָס קען מיך און מוז מיך אָפּוואַנדן דערפון וואָס איך האָב שוין בעדייע געהאַט צו טאָן. איך קען נישט און טאָר נישט ציען מײַן שווערד, ווי איך האָב דיר שוין אַ סאַך מאָל געהאַט געזאָגט, אַקעגן די וואָס זײַנען נישט אײַנגע־שוווירן פאַר ריטער. דיר געהער עס, סאַנטשאָ, אויב דו ווילסט, נעקאָמע צו נע־מען פאַר דעם ביזאָיען, וואָס מען האָט דײַן אייזל אָנגעטאָן. איך וועל דיר פון דאַנען העלפן מיט געשריי און מיט נויטיקע אָנווײַזונגען.

— נישטאָ פאַרוואָס, מײַן האַר, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — נעקאָמע צו נעמען פון קיינעם, נישט פאַר גוטע קריסטן איז עס נעקאָמע צו נעמען פאַר

ביזווינעם. ביפראט, אז איך רעכן אפצומאכן מיט מײַן אײזל ער זאָל זײַנע ביזווי־נעם איבערגעבן אַף די הענט פון מײַן ווילן, און מײַן ווילן איז צו לעבן בעשאַ־לעם אַזוי לאַנג דעם הימל וועט געפעלן מיר צוגעבן יאָרן.

— אויב דאָס איז דײַן באַשלוס — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — סאַנטשאָ גוטער, סאַנטשאָ קלוגער, סאַנטשאָ מענטשלעכער און סאַנטשאָ אויפריכטיקער, לאָמיר אָפּלאָזן די געשפּענצטער און גיין זוכן בעסערע און לײַטישערע געראַנגלען, מאַכמעס ווי איך זע דאָס לאַנד, מוזן דאָ נישט פעלן קיין גאָר היבשע און גאָר וווּנדערלעכע געראַנגלען.

פּאַרקירעוועט האָט ער ראָסינאַנטען, סאַנטשאָ איז געגאַנגען נעמען זײַן העל־ברוינעם, דער „טויט" מיט זײַן גאַנצן פליענדיקן שקוואַדראָן זײַנען צוריק אַרײַן אין בויד און ווײַטער געפאָרן, און דעם גליקלעכן סאָף פון דעם פירכטערלעכן גע־ראַנגל מיט דער בויד פון טויט, איז נאָר צו דאַנקען דער געזונטער אײצע, וואָס סאַנטשאָ האָט געגעבן זײַן האַר, וואָס פּאַסירט האָט אים אַף דעם צווייטן טאָג א געראַנגל מיט א פאַרליבטן און וואַנדערנדיקן ריטער, וואָס געווען איז ער, דער גע־ראַנגל, נישט ווײניקער צום שטוינען ווי דער פריערדיקער.

## צוועלפטער קאַפּיטל

### וועגן דעם מעשונעדיקן באַגעגעניש, וואָס דער מעכטיקער דאָן קיכאָט האָט געהאַט מיט דעם בײזן ריטער מיט די שפּיגלען.

די נאַכט נאָך יענעם טאָג פון דער באַגעגעניש מיט דעם טויט האָבן דאָן קיכאָט און זײַן וואָפּנטרעגער פאַרבראַכט אונטער הויכע שאָטנדיקע ביימער, און נאָכדעם ווי סאַנטשאָ האָט אים אײַנגעבעטן, האָט דאָן קיכאָט געגעסן פון דעם וואָס דער העל־ברוינער האָט אַף זיך געטראָגן. און בעיים דעם נאַכטמאָל האָט סאַנטשאָ זיך אָנגערופן צו זײַן האַר:

— ווי נאַריש, מײַן האַר, איך וואָלט געווען געטאָן, ווען איך קלײַב מיר אויס פאַר א מאַטאָנע דעם זאַקרויב פון דעם ערשטן געראַנגל, וואָס אײַער גענעדיקייט האָט דורכגעפירט, אָנשטאָט די לאַשיקעס פון אײַערע דרײַ שקאַפעס. ווי וואָר, ווי וואָר, א פײגעלע אין דער האַנט האָט מער די ווערט ווי אַן אָדלער אין דער לופטן.

— ווען דו, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — וואָלסט מיך באַטש געוווען געלאָזט איבערפאַלן, ווי איך האָב געוואָלט, וואָלסטו, צום ווײנ־ציקסטן, אינעם זאַקרויב באַקומען די גאָלדענע קרוין פון דער קייסערינע און קוס־פידס געמאָלטע פליגל, וואָס איך וואָלט באַ זיי צוגענומען און דיר אין דער האַנט אַרײַן געגעבן.

— די סצעפּטערס און קרוינען פון די קאָמעדיאַנטישע קייסאָרים, — האָט

סאַנטשאָ געענטפערט, — זײַנען קיינמאָל נישט געווען פון עמעסן גאָלד, נאָר פון פּליטער און פון בלעך.

— ריכטיק, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — וואָרום עס וואָלט נישט רעכט געווען, אַז די האַלבאַשע אין דער קאָמעדיע זאָל זײַן אַן עכטע, זי מוז זײַן אַ מיקלוימערשטע, אַן אויסגעדאַכטע, ווי די קאָמעדיע גופא, און אויסן בין איך דער־מיט, סאַנטשאָ, דו זאָלסט עס האַלטן פאַר דײַנעם אַ באַזונדערן זכות, און דערום איך פאַר אַ זכות פון די שפּילער און פון די פאַרפאַסער, וואָרום אַלע זײַנען זיי אַ געצייג אַף גוטס צו טאָן דעם פאָלק און באַ יעדן טראָט פאָרויס אונדז געבן אַ שפּיגל, וואָס מען זעט אין אים לעבעדיק אַרויסגעשטעלט די מעשׂים פונעם מענטשלעכן לעבן. און נישטאָ איז נאָך אַזאַ פאַרגלײַך, וואָס זאָל אונדז אַזוי לעבע־דיק באַווײַזן וואָס מיר זײַנען און וואָס מיר דאַרפן זײַן, ווי די קאָמעדיע און די קאָמעדיאַנטן. אַז ניט, זאָג מיר נאָר: האָסט אַמאָל געזען אַ קאָמעדיע, וואָס פירט אַרויס קיניגן, קייסאָרים און פּויבסטן, ריטער, דאַמען און פאַרשיידנערליי אַנדערע פאַרשוינען? איינער שפּילט דעם פרויען־מעקלער, אַ צווייטער דעם אינטריגאַנט, דער דעם סוחר, יענער דעם זעלנער, איינער דעם קלוגן טאַם, אַן אַנדערער דעם טאַמעוואַטן פאַרליבטן, און ווען די קאָמעדיע איז אָפּגעשפּילט און די קאָמעד־יאַנטן וואַרפן פון זיך אַראָפּ אירע קליידער, בלײַבן זיי אַלע גלײַך.

— געזען. — האָט סאַנטשאָ געענטפערט.

— דאָס אייגענע פּאַסירט אין דער וועלט־קאָמעדיע, וווּ איינער שפּילט דעם קייסער, אַ צווייטער דעם פּויבסט און אַזוי ווײַטער די אַלע פאַרשוינען, וואָס מען קען אין אַ קאָמעדיע אַרויספירן. נאָר ווען עס קומט דער סאָף, דאָס הייסט, ווען עס ענדיקט זיך דאָס לעבן, נעמט באַ זיי אַלעמען דער טויט אַראָפּ די האַלבאַשע, וואָס האָט זיי אויסגעטיילט איינעם פונעם צווייטן און אַלע פאַרבלײַבן זיי גלײַכע אינעם קייווער.

— אַ שאַרפער פאַרגלײַך! — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — כאָטש ניט אַזאַ נײַער, אַז איך זאָל אים נישט האָבן געהערט אַ סך מאָל און אַף פאַרשיידענע אויפאַנים, ווי לעמאָשל, מיט דעם שאַך־שפּיל, וואָס אַזוי לאַנג די שפּיל גייט אָן, האָט יעדער ציגל זײַן באַזונדערן באַרוף, און ווען די שפּיל איז פאַרענדיקט, ווערן זיי אַלע צונויפגעמישט, צונויפגעלייגט, צונויפגעטאַשט און מען לייגט זיי אַרײַן אין אַ זעקל, וואָס דאָס איז אַלציינס ווי פאַרענדיקט דאָס לעבן אינעם קייווער.

— וואָס אַ טאָג, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — ווערסטו אַלץ ווייניקער טאַם און אַלץ מער כאָכעם.

— עפּעס מוז זיך דאָך צוקלעפּן צו מיר פון אײַער גענעדיקייטס כאָכמע — האָט סאַנטשאָ געענטפערט. — אַזוי ווי דער באָדן, וואָס אין גרונט איז ער טרוקן און פּרוכטלאָז, נאָר אַז מען באַמיסטיקט אים און מען באַאַרבעט אים, גיט ער גוטע פּרוכט. איך מיין דערמיט, אַז די געשפּרעכן פון אײַער גענעדיקייט זײַנען געווען דאָס מיסט, וואָס איז געפאַלן אַף דעם פּרוכטלאָזן באָדן פון מײַן טרוקע־נעם סייכל. דאָס באַאַרבעטן איז די צײַט וואָס איך דין אײַך און בין שטענדיק

מיט אײַך. און דערום רעכן איך אַרויסצוגעבן פון מיר פרוכט, וואָס זאָלן זײַן אַ בענטשונג, וואָס זאָלן נישט אָפּלייקענען און זאָלן נישט אַראָפּ פון דעם גוטן וועג פון דער דערציִונג, וואָס אײַער גענעדיקייט האָט געגעבן דעם אויסגעטרוקנטן פאַרשטאַנד מײַנעם.

דאָן קיכאָט האָט געלאַכט פון סאַנטשאָס גוזמעדיקע רייד און געדאַכט האָט זיך אים, אַז עס איז פאַראַן אַן עמעס דערין וואָס ער זאָגט וועגן זײַן אויסבעסערן זיך, וואָרום פון צײַט צו צײַט רעדט ער אַזוי, אַז מען מוז אים באַוווּנדערן. כאָטש וויפל מאָל סאַנטשאָ נעמט ריידן וועגן קעגנערשאַפט צו דער רעגירונג און דעם הויפישן שטייגער, פאַלט ער אַראָפּ פון זײַן באַרג נאַרישקייטן אינעם טעהאָם פון זײַן אומוויסן, און זײַן העכסטע עלעגאַנץ און זיקאָרן ווײַזט ער אַרויס מיט זײַנע גלײַכווערטלעך, צי זיי קלעפּן זיך צום איניען אָדער ניט, ווי מען האָט עס געוועסט געזען אין מעשעך פון דער געשיכטע.

מיט אָט די אוכעדווימע געשפּרעכן איז זיי אַריבער אַ גרויסער טייל נאַכט און סאַנטשאָן איז באַפאַלן דער כיישעק אַראָפּצולאָזן די שטאָרן איבער די אויגן, ווי ער פלעגט זאָגן, ווען ער האָט געוואָלט שלאָפן. אַראָפּגענומען האָט ער דעם געשפּאַן פון דעם העל־ברוינעם און האָט אים געגעבן פרײַע פּאַשע און נישט געקאַרגט. ניט אַראָפּגענומען האָט ער דעם זאָטל באַ ראָסינאַנטען, ווי עס איז געווען דער בעפיירעשער פאַרזאָג פון זײַן האַר, אַז דעמאָלט ווען זיי גייען איבערן סטעפּ אָדער זיי שלאָפן נישט אונטער אַ דאַך, זאָל ער באַ ראָסינאַנטען דעם געשפּאַן נישט אַראָפּנעמען: אַן אַלטער מינעג אײַנגעפירט צווישן די וואַנדער־ריטער, איז עס אַרויסצונעמען דאָס ציימל פונעם מויל און דאָס אויפהענגען אָפן שפּיץ זאָטל, אָבער, דעם זאָטל אַראָפּנעמען? היט אײַך! און אַזוי האָט סאַנטשאָ געטאָן און ער האָט אים געגעבן די זעלבע פרײַהײַט ווי דעם העל־ברוינעם, וואָס די פרײַנטשאַפט צווישן אים און ראָסינאַנטען איז געווען איינציק אין איר מין און אַזוי ענג פאַרבונדן, אַז זי איז געוואָרן אַ שעם דאָווער, ווי אַ מעסוירע פון טאַטעס צו קינדער, און דער מעכאַבער פון אָט דער וואָרער געשיכטע האָט וועגן איר באַזונדערע קאַפּיטלען געשריבן. נאָר קעדיי אײַנצוהיטן די אָנשטענדיקייט און די כשיוועס, וואָס פון אַזאַ העראָאִישער געשיכטע פאָדערט זיך, האָט ער זיי נישט אַרײַנגעשטעלט, כאָטש טיילמאָל פאַרגעסט ער זיך און שרײַבט, אַז העיווים די צוויי בעהיימעס זײַנען געווען שטענדיק אינײנעם, פלעגן זיי צוקומען איינער צום צווייטן זיך קראַצן און ווען זיי פלעגן זיך אײַנגמידן און שוין זײַן צופרידן, פלעגט ראָסינאַנטע אַרונטערלייגן זײַן נאַקן אונטער דעם העל ברוינעמס האַלדז (און עס פלעג אים נאָך אַרויסשטעקן אַף דער אַנדער זײַט אַ האַלבער אַרשין) וועןביידע פלעגן זיי אַזוי קוקן צו דער ערד און האָבן געקענט אַזוי אָפּשטיין דרײַ טעג נאָכאַנאַנד, אַלנפאַלס, אַזוי לאַנג מען האָט זיי געלאָזט שטיין און אַזוי לאַנג דער הונגער האָט זיי נישט געטריבן זיך צו זוכן כיונע. מען זאָגט, זאָג איך, אַז דער מעכאַבער האָט וועגן זיי געשריבן און זייער פרײַנטשאַפט האָט ער פאַרגליכן צו דער פרײַנטשאַפט צווישן ניזאָ און עוריאַל, און צווישן פּילאַד און אָרעסט. און אויב דאָס איז ריכטיק,

קען מען דערפון זען און באוווּנדערן ווי פעסט עס האָט געמוזט זײַן די פרײַנט־שאַפט צווישן די צוויי בעהיימעס, צו דער בושע פון די מענטשן, וואָס קענען אַזוי ווייניק היטן די פרײַנטשאַפט פון איינעם צום צווייטן. דערום זאָג איך:

נישטאָ קיין פרײַנט פאַר דעם פרײַנט:
פון טשערעטן ווערן שפּיזן;

און יענער וואָס האָט געזונגען:

פון פרײַנט צו פרײַנט די וואַנט, או"וו.

און זאָל מען נישט מיינען, אַז דער מעכאַבער איז געווען אויסן ווער ווען ער האָט פאַרגליכן די פרײַנטשאַפט פון די צוויי בעהיימעס מיט דער פרײַנטשאַפט צווישן מענטשן. וואָרום פון בעהיימעס האָבן מענטשן אַ סאַך וואָרעניש באַקומען און אַ סאַך וויכטיקע זאַכן געלערנט, ווי אַ שטייגער: פון די בושעלם דעם קליס־טיר, פון די הינט דאָס מייקענען און געדענקען אַ טויווע, פון די צאַפּליעס דאָס וואַכזײַן, פון די מערעשקעס דאָס באַוואָרענען זיך, פון די העלפאַנטן די אָרנטלעכקייט און די געטרײַשאַפט פון די פערד. צום סאָף איז סאַנטשאָ אײַנגע־שלאָפן צופוסנס אַ פראָפּנבוים און דאָן קיכאָט האָט אײַנגעדרעמלט לעבן אַ דיקן דעמב. נאָר נישט לאַנג האָט געדויערט, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון אַ גערודער, וואָס ער האָט הינטער זיך דערהערט, און איז אויפגעשפּרונגען און זיך גענומען אַרומקוקן און זיך אײַנהערן פון וואַנען דער גערודער הערט זיך. און דערזען האָט ער צוויי מענטשן רײַטנדיק און איינער וואַרפט זיך אַרונטער פונעם זאָטל און זאָגט צום צווייטן:

— קריך אַראָפּ, גוטער ברודער, און נעם אַרויס די צייִמלעך בײַ די פערד, וואָרום דאָ האָבן מיר, דאַכט מיר, גוטע פּאַשע, און די שטילקייט מיט דער איינ־זאַמקייט דאָ זײַנען ווי אָנגעמאָסטן פאַר מײַנע ליבעס־געדאַנקען.

ווי ער האָט דאָס געזאָגט, אַזוי האָבן זיי זיך אויף דער ערד אַנידערגעלייגט, און בעיִיס מײַסע האָבן זייערע פּאַנצערס, וואָס זיי האָבן אויף זיך געטראָגן, אַ גערויש פאַרשאַפט. דערפון האָט דאָן קיכאָט דערקענט, אַז דאָס מוז זײַן אַ וואַנדער־ריטער. און צוגעגאַנגען איז ער צו דעם שלאָפנדיקן סאַנטשאָ און האָט אים פאַרן אָרעם אַ טאָרע געטאָן און מיט נישט ווייניק מי איז אים געלונגען אים צום זינען ברענגען און ער האָט אים גאַנץ שטיל אײַנגערוימט:

— ברודער סאַנטשאָ, מיר האָבן אַ געראַנגל.

זאָל זײַן מיט גליק — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — ווו זשע איז ער, האַר מײַנער, זײַן גנעדיקייט, דער האַר געראַנגל?

— ווו, פרעגסטו, סאַנטשאָ? — האָט דאָן קיכאָט אָפּגעענטפערט, — קוק דיך אום וועסטו אים זען. זעסט, דאָרט ליגט אַ וואַנדער־ריטער, ווי מיר דאַכט זיך, נישט גאָר קיין פריילעכער, וואָרום געזען האָב איך אים פונעם פערד זיך אַרונטערוואַרפן און אויף דער ערד זיך אויסציִען עפּעס אַ נישט ניכעדיקער און בײַם אַוועקפאַלן האָט בײַ אים די פּאַנצער־האַלבאָשע געסקרוקעט.

— פונוואנען זשע נעמט אײַער גענעדיקייט — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — אַז דאָס איז אַ גערײַנגל?

— איך וויל נישט זאָגן — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — אַז דאָס איז אַ פולער גערײַנגל, נאָר אַן אָנהויב דערפון. וואָרום אָט אַזוי הייבן זיי זיך אָן. נאָר הער זיך אײַן, מיר דאַכט זיך איך הער שפּילן אַ לויטע אָדער אַ גיטאַרע, און וועד־ליק ער שפּײַט און הוסט זיך אויס, מוז ער זיך גרייטן עפּעס צו זינגען.

— בענעמאָנעס, ריכטיק, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — און אַ פאַרליב־טער מוז ער זײַן, דער ריטער.

— צווישן די וואַנדער־ריטער איז נישטאָ קיין איינער וואָס זאָל נישט זײַן פאַרליבט — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט — לאָמיר זיך נאָר אײַנהערן, וועלן מיר פון דעם פּאָדים אַרויסבאַקומען דאָס קנײַלכל פון זײַנע געדאַנקען, אויב ער וועט בעעמעס זינגען. וואָרום ווען דאָס האַרץ איז פול, רעדט די צונג.

געוואָלט האָט סאַנטשאָ אָפּענטפערן זײַן האַר, נאָר דאָס קאָל פונעם וואַלד־ריטער, וואָס איז געווען נישט צו גוט און נישט צו שלעכט, האָט אים געשטערט. און בײדע האָבן זיי זיך אײַנגעהערט און געזונגען האָט ער אָט דעם

## סאָנעט

גיט מיר אײַערן אַ צייכן, סעניאָראַ,
צונעשניטן לויט אײַערע באַגערן;
שעצן וועט אים מײַן ווילן אַזוי גערן,
ס'זאָל נישט קיין פּינטל זײַנס גיין פאַרלאָרן.

ווילט איר שווײַגנדיקערהייד פאַריאָגן
מיך, טאָ האַלט מיך פאַר אַ פּייגער;
ווילט איר כ'זאָל דערציילן אָף אַן אַנדער
שטייגער,
וועט מײַן ליבע אײַך אַליין שוין זאָגן.

געמאַכט בין איך אַן אויסגעפּרוּווטער,
פון ווייכן וואַקס און פון האַרטן דימענט
און צו דער ליבע איז מײַן האַרץ ווי צוגעשניטן.

ווייך אָדער האַרט, טראָג איך עס אונטער:
פּרעסט אָף אָף דעם וואָס אײַך איז ליב איצט,
און איך שווער אײַך אייביק דאָס צו היטן.

מיט אַן אוי, אַרויסגעריסן, ווי עס האָט זיך געדאַכט, פון טיפן האַרצן, האָט דער וואַלד־ריטער פאַרענדיקט זײַן געזאַנג און, נאָך אַ ווײַל שווײַגן, האָט ער מיט אַזאַ צעוויייטיקטן קלאָגעדיקן קאָל געזאָגט:

— אָ, דו שענסטע און דאַנק פאַרגעסנדיקסטע פרוי אין דער וועלט! ווי! איז עס מעגלעך, דערלויכטנסטע קאַסילדעאַ פון וואַנדאַליאַ, דו זאָלסט לאָזן זיך אויס־

צערן און אויסגיין אין קעסיידערדיקן אוילערעגל און אין שווערער האַרטער מי דײַן געפּאַנגענעם ריטער? נישט גענוג איז דיר וואָס איך האָב פאַר דיר געטאָן, עס זאָלן מוידע זײַן, אַז דו ביזט די שענצטע אין דער וועלט אַלע ריטער פון נאַווארא, אַלע ריטער פון לעאָן, אַלע טאַרטעזיאַנער, אַלע קאַסטיליאַנער, און דערצו אויך אַלע ריטער פון לאַ מאַנטשאַ?

— דאָס גיט — האָט זיך דערויף אָנגערופן דאָן קיכאָט. — איך בין אַ לאַ מאַנטשער און האָב דאָס קיינמאָל נישט מוידע געווען, און נישט געקענט און נישט געטאָרט מוידע זײַן אַזוינס, וואָס זאָל זײַן צום שאָדן פון מײַן דאַמע. דער דאָזיקער ריטער, סאַנטשאָ, פּלוידערט. נאָר לאָמיר הערן ווײַטער, עפּשער וועט ער זיך נאָכמער אויסגעבן.

— ער וועט עס טאָן, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — וואָרום ער האָט זיך אונטערגענומען קלאָגן, ווי איך זע, אַ כוידעש נאָכאַנאַנד.

נאָר נישט אַזוי איז עס געווען, וואָרום ווען דער וואַלד־ריטער האָט דערהערט מען רעדט נישט ווײַט פון אים, האָט ער מער נישט געקלאָגט, נאָר אויפגעשטעלט האָט ער זיך און מיט אַ הילכיקן און געצווימטן קאָל געזאָגט:

— ווער איז דאָרט? וואָסערע מענטשן? זײַנט איר פון צווישן די צופרידענע אָדער פון צווישן די באַקימערטע?

— פון די באַקימערטע, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט.

— קומט זשע אַהער צו מיר, — האָט דער וואַלד־ריטער געענטפערט, — וועט איר פאַר אײַך דערזען דעם טרויער אַליין און אַליין דעם קומער.

געהערט האָט דאָן קיכאָט מען ענטפערט אים אַזוי איידל און געצווימט, איז ער צו אים צוגעגאַנגען און סאַנטשאָ דאָס אייגענע.

דער ריטער־קלאָגער האָט אָנגענומען דאָן קיכאָטן באַם אָרעם און אים געזאָגט:

— זעצט אײַך אַוועק אָט דאָ, האַר ריטער. אַף צו דערקענען ווער איר זײַנט און אַז איר זײַנט פון באַרוף אַ וואַנדער־ריטער, איז גענוג פאַר מיר דאָס וואָס איך האָב אײַך געטראָפן דאָ אַף דעם אָרט, וווּ די איינזאַמקייט און די רו זײַנען אײַער באַוווּסע, דאָס נאַטירלעכע נאַכטלעגער און די פּאַסיקע אַכסאַניע פאַר די וואַנדער־ריטער.

דערויף האָט דאָן קיכאָט געענטפערט:

— אַ ריטער בין איך און פון דעם באַרוף ווי איר זאָגט, און כאָטש באַ מיר אין האַרצן האָבן זיך באַזעצט טרויער, אומגליק און בייזער גורל, האָבן זיי דאָך נישט פאַרטריבן פון דאָרט דעם מיטלייד וואָס איך האָב מיט אַ צווייטנס אומגליק. פון דעם וואָס איר האָט פריער דערציילט, האָב איך אַרויסגענומען אַז אײַערער איז אַ פאַרליבטער, איך מיין, אַז ער איז אײַך געקומען פון אײַער ליבע צו דער שיינער דאַנק־פאַרגעסנדיקער, וואָס איר האָט אין אײַער קלאָג־ליד דערמאָנט.

ווען זיי האָבן אַזוי געשמועסט, זײַנען זיי שוין געזעסן איינער לעבן

צווייטן אַף דער האַרטער ערד אין שאָלעם און בעכאַוורוסע, גלײַך שפּעטער, ווען די זון וועט שפּאַלטן דעם הימל, וועלן זיי זיך ניט שפּאַלטן די קעפּ.

— זײַנט איר עפּשער, האַר ריטער — האָט דער וואַלדיקער געפרעגט — אויך אַ פאַרליבטער?

— צום אומגליק בין איך עס — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — כאָטש דער שאָדן וואָס קומט אַרויס פון ריכטיקע געדאַנקען דאַרף מען גיכער האַלטן פאַר אַ זכיע איידער פאַר אַן אומגליק.

— ריכטיק אַזוי, — האָט געענטפערט דער וואַלדיקער, — ווען אונדז וואָלט נישט פאַרטונקלט דאָס האַרץ און דעם מויעך דאָס אָפטע אָפּזאָגן, וואָס מאַכמעס אָפּטקייט גייט דאָס איבער אין נעקאָמע.

— מײַן דאַמע האָט מיר קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט.

— בעעמעס ניט. — האָט זיך אָנגערופן סאַנטשאָ, וואָס איז געזעסן דערנעבן, — וואָרום מײַן האַרנטע איז ווי אַ שטילע אייזלקע: ווייך ווי אַ פּוטער.

— דאָס איז אײַער וואָפנטרעגער? — האָט געפרעגט דער וואַלדיקער.

— ער איז עס. — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט.

— איך האָב נאָך נישט געזען אַ וואָפנטרעגער זאָל זיך דערוועגן ריידן — האָט געזאָגט דער וואַלדיקער — דאָרט ווו זײַן האַר רעדט. וועגן מײַנעם, אַלגפאַלס, וואָס איז אַזוי גרויס ווי זײַן פאָטער, וועט קיינער נישט זאָגן ער זאָל האָבן דאָס מויל געעפנט דאָרט ווו איך רייד.

— גלויבט זשע מיר — האָט סאַנטשאָ זיך אָנגערופן, — אַז איך האָב גערעדט און מעג ריידן פאַר אַזאַ... און עס זאָל נאָך בלײַבן, וואָרום ערגער איז פאַרנאַנדערשאַרן.

דעם וואַלד־ריטערס וואָפנטרעגער האָט אָנגעכאַפּט סאַנטשאָן פאַרן אָרעם און אים געזאָגט:

— לאָמיר זיך ביידע אַוועקזעצן אַף אַן אָרט, ווו מיר זאָלן שמועסן וואָפנטרעגעריש וויפל אונדזער האַרץ גלוסט, און לאָמיר לאָזן אונדזערע האַרן ריטער זיך שטויסן איינער דעם צווייטן מיט זייערע ליבעס־געשיכטעס. זיי וועלן זיכער אַזוי ביז טאָג זיצן און נישט פאַרענדיקן.

— אין אַ מאַזלדיקער שאָ — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — איך וועל אײַער גענעדיקייט זאָגן ווער איך בין, וועט איר זען צי קען איך אַרײַן אינעם טוץ באַריידעוודיקסטע וואָפנטרעגער.

מיט די ווערטער, זײַנען זיך די צוויי וואָפנטרעגער אַוועק אָן אַ זײַט, און דער שמועס, וואָס איז צווישן זיי פאָרגעקומען, איז געווען אַזוי שפּאַסיק ווי ערנסט עס איז געווען דער שמועס צווישן זייערע האַרן.

# דרייצנטער קאַפּיטל

**ווי עס קומט דער העמשעך פון דעם געראַנגל מיט דעם וואַלד־ריטער און דער קלוגער, נײַער און פײַנער געשפּרעך וואָס איז פאָרגעקומען צווישן די צוויי וואָפּנטרעגער.**

צעטיילט זײַנען געווען די ריטער מיט די וואָפּנטרעגער, די האָבן זיך אויסדערציילט זייערע לעבנס און יענע זייערע ליבעס. נאָר די געשיכטע גייט פריער איבער דעם געשפּרעך צווישן די דינער און דערנאָך גייט דער געשפּרעך צווישן די האַרן. און דערום דערציילט זי, אַז ווי נאָר זיי זײַנען אַביסל אָפּגעטראָטן, האָט דעם וואַלד־ריטערס וואָפּנטרעגער געזאָגט צו סאַנטשאָן:

— אַ שווער לעבן האָבן מיר, מײַן האַר, מיר וואָפּנטרעגער פון וואַנדער־ריטער; מיר עסן מיט אַן עמעסן אונדזער ברויט מיט דעם שווייס פון אונדזער פּאַנים, ווי גאָט האָט פאַרשאָלטן אונדזערע אורעלטערן.

— מען קען אויך זאָגן, — האָט סאַנטשאָ צוגעגעבן, — אַז מיר עסן עס מיט דעם אײַז פון אונדזערע לײַבער, וואָרום ווער נאָך לײַדט אַזוי פיל היץ און קעלט ווי די וואָפּנטרעגער פונעם וואַנדער־ריטערטום? און וואָלטן מיר כאָטש געגעסן, וואָרום אַ ווייטיק מיט ברויט איז אַ האַלבער ווייטיק; עס טרעפט אָבער אַז עס גייט אַוועק אַ טאָג און צוויי אָן איבערבײַסן, כאָטש נעם און בײַס איבער מיט דעם ווינט.

— דאָס קען מען נאָך אַלץ דערטראָגן און איבערטראָגן — האָט געזאָגט דער וואַלדיקער, — מיט דער האָפענונג אַף דעם לוין, וואָרום אויב דער וואַנדער־ריטער, וואָס דער וואָפּנטרעגער דינט אים, איז נישט קיין צו גרויסער שלימאַזל קען מען ווייניקסטנס, נאָך אַ פּאָר באַגעגענישן באַלוינט ווערן מיט אַ שיינער רעגירונג פון עפּעס אַן אינדזל, אָדער מיט אַ לײַטישן פירשטנטום.

— איך — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — האָב שוין געזאָגט מײַן האַר, אַז פאַר מיר וואָלט גענוג געווען די רעגירונג פון אַ ליאַדע אינדזל, און ער איז אַזוי פײַן און ברייטהאַרציק, אַז ער האָט עס מיר שוין אַ סאַך מאָל צוגעזאָגט.

— איך — האָט דער וואַלדיקער געזאָגט, — וואָלט מיך צופרידנגעשטעלט פאַר מײַן דינסט מיט אַ קאַנאָניקאַט, און מײַן האַר האָט מיר אים שוין באַשטעלט. און בײַ אײַך, ווי האַלט עס?

— דער ריטער פון אײַער גנעדיקייט, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט — מוז זײַן אַ גײַסטלעכער, און ער קען טאָן אַזוינע כסאָדים מיט זײַנע בראַווע וואָפּנטרעגער; מײַנער, פאַרקערט, איז אַ פּאָשעטער, אַ וועלטלעכער, כאָטש מיר געדענקט זיך, ווי קלוגע לײַט, נאָר מיט בייזע פּניעס, דאַכט מיר, האָבן אים געוואָלט ראָטן ער זאָל ווערן אַן ערצבישאָף, נאָר ער האָט דורכויס געוואָלט ווערן קייסער. און איך האָב דעמאָלט געציטערט טאָמער פאַרגלוסט זיך אים איבערגיין צום קלויסטער, און איך זאָל דערפון גאָרניט האָבן. וואָרום אײַער גנעדיקייט

מעג עס וויסן, אז כאָטש איך זע אויס צו זײַן אַ מענטש, בין איך אָבער אין קלויס־טער־זאַכן אַ בעהיימע.

— און איך זאָג אײַך, אײַער גענעדיקייט, אַז איר האָט אַ טאָעס, — האָט געזאָגט דער וואַלדיקער, — מאַכמעס נישט אַלע אינדזל־רעגירונגען זײַנען ווי עס באַדאַרף צו זײַן: פאַראַן קרומע, פאַראַן אָרימע, פאַראַן טרויעריקע און אַפילע דער בעסטער און דער שענצטער אינדזל פאַרשאַפט זאָרג און קאָפּווייטיק און איז אַ שווערע לאַסט אַף די פּלייצעס פון דעם אומגליקלעכן, וואָס אַף אים פאַלט עס אויס. דאָס בעסטע וואָלט געווען, אַז מיר, וואָס מיר דינען אין אָט דער קנעכט־שאַפט, זאָלן אַהיימגיין יעדער צו זיך אין דאָרף, און זיך פאַרנעמען מיט איידע־לערע זאַכן, מיט יאַגד, לאָמיר זאָגן, אָדער מיט פישפאַנג. וואָרום ווו האָט איר אַזאַ אָרימען וואָפּנטרעגער, וואָס זאָל נישט האָבן זײַן אייגנס אַ פערד און אַ פּאָר כאָרטן, און אַ רער אַף פיש צו כאַפּן, און אַזוי אָרום פאַרברענגען באַ זיך אין דאָרף?

— מיר פעלט דאָס נישט — האָט סאַנטשאָ געענטפערט. — עמעס, קיין פערד האָב איך נישט, דערפאַר האָב איך אַן אייזל, וואָס האָט צוויי מאָל אַזוי פיל די ווערט ווי מײַן האַרס פערד. זאָל מיר גאָט צושיקן אַ פינצטערן פּייסעך, און טאַקע דעם ערשטן וואָס גייט איצט, אויב איך וועל מיך מיט אים בײַטן, ער זאָל מיר אַפילע צוצאָלן גאַנצע פיר קאָרעץ גערשטן! איר וועט עס באַטראַכטן פאַר אַ שפּאַס, אײַער גענעדיקייט, ווען איך וועל אײַך זאָגן וויפל מײַן העל־ברוינער האָט די ווערט. העל־ברוין איז דער קאָליר פון מײַן אייזל. כאָרטן וועלן מיר נישט פעלן, פאַראַן איבערגענוג באַ אונדז אין דאָרף, נאָר יאַגד איז דעמאָלט אַ פאַר־געניגן, ווען מען גייט אַף יענעמס כעשבן.

— איך האָב מיט אַן עמעס און ערנסט באַשלאָסן, האַר וואָפּנטרעגער, — האָט דער וואַלדיקער געענטפערט, — איבערצולאָזן דאָס שיקרעס פון אָט די רי־טער און אַהיימגיין צו מיר אין דאָרף אויסכאָווען מײַנע קינדערלעך, דרײַ האָב איך, ווי דרײַ מיזרעך־פערל שיין.

— צוויי האָב איך — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — קען מען זיי פאַרן פויפּסט שטעלן, באַזונדערס דאָס מיידל, וואָס איך דערצי זי פאַר אַ גראַפיניע, אויב גאָט וועט וועלן, כאָטש די מוטער איז קעגן דעם.

— ווי אַלט איז זי, דער פאַרשוין, וואָס איר דערציט זי פאַר אַ גראַפיניע? — האָט געפרעגט דער וואַלדיקער.

— פופצן יאָר, צוויי מער אָדער ווייניקער, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — נאָר גרויס איז זי ווי אַ שפּיז און פריש ווי אַ פרימאָרגן אין כוידעש אַפּריל, און קויעך האָט זי ווי אַ באַטראַק.

— מיט אַזוינע מײַלעס — האָט דער וואַלדיקער געענטפערט, — קען זי זײַן נישט נאָר אַ גראַפיניע, נאָר אַפילע אַ נימפע פון גרינעם וואַלד. מאַמזע־רעס, סאַראַ גוואַלדיקע זי האָט אין זיך.

— ניט זי איז אַ מאַמזערעס און ניט די מוטער איז געווען און ביידע וועלן

זיי ניט זײַן, אַז גאָט וועט וועלן, אַזוי לאַנג איך וועל לעבן. און רעדט אַביסל אָנשטענדיקער, ווארום ווערליק אײַער געגעדיקייט האָט זיך אויפגעצויגן צווישן וואַנדער־ריטער, וואָס זײַנען די העפלעכקייט אַליין, זײַנען אײַערע ווערטער נישט פּאַסיק.

— אָ, ווי פאַלש אײַער געגעדיקייט נעמט אויף דעם לויב! וואָס זשע איר ווייסט נישט, אַז ווען אַ ריטער דערלאַנגט אַ גוטן שטאָך דעם אָקס אָף דעם שטאָט־פּלאַץ, אָדער ווען עמיצער טוט אויף עפּעס אַ געלונגענע זאַך, שרײַט דער אוילעם: „מאַמזער, הור, ווי גוט ער האָט עס געמאַכט!” און דאָס וואָס דאַכט זיך אַ זידל־וואָרט, איז גאָר דערמאָלט אַ לויב! און איר זאָגט אײַך אָפּ פון אַזוינע זין אָדער טעכטער, וואָס ברענגען די עלטערן אַזאַ לויב.

— יאָ, איך זאָג מיך אָפּ, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — און פּונקט אַזוי און דעריבער טאָקע מעג אײַער געגעדיקייט וואַרפן אָף מיר און אָף מײַן ווײַב און קינדער אָט דעם „מאַמזער, הור”, ווארום אַלץ וואָס זיי טוען און זאָגן, איז אַזוינס וואָס פאַרדינט אָט די לויב־ווערטער, און קעדיי איך זאָל זיי קענען זען, בעט איך בײַ גאָט אין הימל ער זאָל מיך באַפרײַען פון דער טויט־זינד, וואָס דאָס מיינט פאַר מיר, ער זאָל מיך אַרויסציען פון דעם געפערלעכן וואָפנטרעגער־רישן פאַך, וואָס איך בין אין אים שוין דאָס צווייטע מאָל אַרײַנגעפאַלן, אַ פאַר־נאַרטער און אַ צוגעצויגענער פון אַ זעקל מיט הונדערט טאַלער, וואָס איך האָב איינמאָל געפונען אין סאַמע האַרץ פון די מאָרענאַ־בערג, און דער טייוול ברענגט מיר פאַר די אויגן דאָ און דאָרט, דאָ ניט, נאָר דאָרט, אַ בײַטל פול מיט זיל־בער־שטיקלעך, וואָס מיר דאַכט זיך איך טאַפּ זיי אָן אָף יעדן טראָט מיט די הענט, און איך נעם זיך מיט אים אַרום און איך פיר אים צו מיר אין שטוב אַרײַן, און איך מאַך בעשבוינעס און בוי ווירטשאַפטן און לעב ווי אַ פירשט. און אין דער מינוט וואָס איך טראַכט דערפון, איז מיר אַלץ גרינג און גרינג טראָג איך איבער אַלע צאָרעס מיט דעם צעדרייטן האַר מײַנעם, וואָס איך ווייס, אַז ער איז מער מעטורעף ווי ריטער.

— דערפאַר טאָקע, — האָט דער וואַלדיקער געענטפערט, — זאָגט מען דאָך, אַז גייציקייט צערײַסט דעם ראַק. און רעדט מיט זיי, איז גאָר קיין גרע־סערס ווי מײַן האַר אָף דער וועלט נישטאָ. ער איז פון די וואָס זאָגן: „פּרעמדע זאָרגן האַרגענען אַוועק דאָס אייזל”. ווארום קעדיי אַ צווייטער ריטער זאָל צוריק־באַקומען דעם פאַרלוירענעם זינען, מאַכט ער זיך מעשוגע און גייט אום זוכן אַזוינס, וואָס אַפילע ער זאָל עס געפינען, ווייס איך נישט צי וועט עס אים נישט אויספאַלן באַקעם.

— ער איז עפּשער פאַרליבט?

— יאָ, — האָט דער וואַלדיקער געזאָגט, — ער איז פאַרליבט אין איי־נער אַ קאַסילדעאַ פון וואַנדאַליאַ, אַזאַ רויע און געבראָטענע דאַמע, וואָס איז שווער צו געפינען נאָך אַזאַ אָף דער גאָרער וועלט. נאָר ניט אָף דעם פוס הינקט ער, אַנדערע גרעסערע שווינדלען גרימען אים אין די געדערים, און דערמיט וועט ער גאָר אינגיכן אַרויסקומען.

— נישטאָ אזא גלאַטער וועג, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — וואָס זאָל נישט האָבן אַ שאַרפן באַרג אַראָפּ אָדער עפּעס אַ פּאַרטשעפּעניש. אין אַנדערע שטיבער קאָכט מען באָב און אין מײַנער גאַנצע קעסלען. מעשוגאַעס נייטיקט זיך אין מער מעשאָרסים און באַגלייטער ווי כאַכמע. נאָר אויב עס איז וואָר וואָס מען זאָגט, אַז אַ באַגלייטער אין אַ צאָרע איז אַ שטיקל טרייסט, קען איך מיך טרייסטן מיט אײַער געגעדיקייט, ווײַל איר דינט אַ האַר אויך אַזאַ טיפּעש ווי מײַנער.

— אַ נאַר, נאָר אַ געוואַגטער, — האָט דער וואַלדיקער געענטפערט, — און מער נאָך נידערטרעכטיק ווי נאַריש און געוואַגט.

— מײַנער איז נישט אַזאַ, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — איך מיין ער איז נישט קיין נידערטרעכטיקער, פאַרקערט, ער האָט אַ נעשאָמע גאַנץ ווי אַ קרוג, ער קען גאָר קיינעם קיין שלעכטס נישט טון, נאָר אַלעמען גוטס, און אַ האָר בייזוויליקן האָט ער נישט אין זיך, אַ קינד קען אים אײַנריידן, אַז ס'איז נאַכט אינמיטן טאָג. און פאַר אָט דער פּאַשעטקייט האָב איך אים ליב ווי די לייווונ־טער פון מײַן האַרצן, און איך קען באַ מיר נישט פּויעלן אים איבערצולאָזן, מעג ער באַגיין די גרעסטע נאַרישקייטן.

— פון דעסטוועגן, ברודער און האַר — האָט דער וואַלדיקער געזאָגט, — אַז אַ בלינדער פירט אַ בלינדן, זײַנען זיי ביידע אויסגעשטעלט אין גרוב אַרײַנ־צופאַלן. בעסער איז אָפּטרעטן אַפן פולן פוס און אַהיימגיין. וואָרום אַז מען זוכט גליקן, טרעפט מען זיי ניט אַלע מאָל פון דער גוטער זײַט.

סאַנטשאָ האָט אָפט געשפּיגן, ווי עס האָט זיך געדאַכט, מיט אַ מאָדנע קלעפּיקן און טרוקענעם שפּײַעכץ, און ווען דער גוטהאַרציקער וואַלדיקער וואָפּנ־טרעגער האָט דאָס באַמערקט, האָט ער זיך אָנגערופן:

— מיר דאַכט זיך אַז פון ריידן קלעפּט זיך אונדז די צונג צום גומען, נאָר איך האָב באַ מיר אַפן שפּיץ זאָטל אָנגעהאָנגען אַ גאַנץ פײַנעם אָפּקלעפּער.

און אויפגעהויבן האָט ער זיך און אין אַ ווײַל אַרום איז ער צוריקגעקומען פון דאָרט מיט אַ גרויסער דאַמע ווײַן און מיט אַ וואָרעניק אַ גאַנצע אייל די לענג. און ס'איז נישט קיין גוזמע, וואָרום געווען איז ער אָנגעפּילט מיט אַ ווײַסן קראָליק, און מיט אַ גאָר גרויסן, מאַכמעס ווען סאַנטשאָ האָט אים אָנגעבישן, האָט ער געמיינט ס'איז צאַפּן־פלייש, אַפילו נישט קיין ציגנס. און אַז סאַנטשאָ האָט דאָס דערזען, האָט ער אים געזאָגט:

— און אָט דאָס פירט איר מיט זיך, מײַן האַר?

— וואָס דען מיינט איר? — האָט דער צווייטער געענטפערט, — איך בין עפּעס אַ וואָפּנטרעגער צוויי פאַר אַ גראָשן? איך פיר באַ מיר אַפן פערדס הינטן אַ גרעסערן שפּײַז־קאַמער ווי אַ גענעראַל ווען ער לאָזט זיך אין וועג אַרײַן.

סאַנטשאָ האָט זיך נישט געלאָזט בעטן און האָט געשלונגען אין דער פינצ־טער ביסנס ווי אָקסענע פּענטעס די גרויס.

און געזאָגט האָט ער:

— אייַער גענעדיקייט איז בעעמעס אַ גוטער און געטרייַער וואָפּנטרעגער, אַ גריבענער און געטריבענער, אַ גרויסער און אַ פּרעכטיקער, ווי מען זעט דאָס פון דער סודע, וואָס אויב איר זייַנט נישט געקומען אהער מיט דער הילף פון עפּעס אַ קישעף, זעט עס אַזוי אויס. און נישט אַזוי ווי איך, אַ גאָרנישט און אַ שלימאַזל, וואָס פיר מיט מיר אין טאָרבע נישט מער ווי אַ שטיקל האַרטן קעז, אַז מען קען מיט אים אַ ריז דעם קאָפּ אָראָפּהאַקן, און אַף צובייַסן עטלעכע טוץ באָקסערן און דאָס אייגענע האָזנעע און וועלטשענע ניס, מאַכמעס מייַן האָרס אָרימקייט און מאַכמעס דער מיינונג, וואָס ער האָט און דעם קלאַל, וואָס ער היט, אַז וואַנדער־ריטער דאַרפן זיך דערנערן נאָר מיט טרוקענע פּרוכט און מיט גראָזן פונעם פעלד.

— גלייבט מיר, ברודער, — האָט דער וואָלדיקער געענטפערט, — אַז מייַן מאָגן איז נישט דערצויגן אַף קוואַסאַק און קוואָרעס־באָרלעך און אויך נישט אַף באַרג־וואָרצלען. זאָלן זיך אונדזערע האַרן האַלטן בייַ זייערע מיינונגען און ריי־מער־געזעצן און זאָלן זיי עסן דאָס וואָס זיי הייסן. טעפּ געקעכטס האָב איך מיט מיר געבראַכט און אָט די דאַמע, וואָס הענגט בייַ מיר אַפן שפּיץ זאָטל, אַף טאָמער דאַרף מען. און פרום איז זי און ליב האָב איך זי און איך קען מיך פון איר ניט שיידן און הער זי נישט אויף האַלדזן און קושן.

און ווי ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער זי איבערגעגעבן אַף סאַנטשאָס הענט און ער האָט זי אויפגעהויבן און צום מויל צוגעטראָגן און עפּשער אַ פערטל שאָ צו די שטערן געקוקט, און ווען ער האָט געענדיקט טרינקען, האָט ער פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אָן אַ זייַט און טיף אָפּגעזיפצט.

— מאַמזער מענגוול, ווי פרום!

— זעט איר שוין? — האָט דער וואָלדיקער געזאָגט, ווען ער האָט דער־הערט סאַנטשאָס „מאַמזער", — ווי איר האָט דעם ווייַן אויסגעלויבט מיט „מאַמזער"?

— איך בין מיך מודע, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — אַז איך ווייס, אַז עס איז נישט קיין אומקאָוועד עמיצן אָנצורופן מאַמזער, ווען מען מיינט אים דערמיט צו לויבן. נאָר זאָגט מיר, מייַן האַר, בייַ דאָס וואָס אייַך איז ליבער, איז עס נישט ווייַן פון סיודאַד רעאַל?

— בראַוואָ, איר זייַנט אַ מייוון! — האָט דער וואָלדיקער געענטפערט, — פון דאָרטן איז ער און אַלט איז ער שוין עטלעכע יאָר.

— דערלאַנגט נאָר אהער! — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — איר טרינקט נישט ווייניקער, נאָר איך קום נישט צו אייַך מיט אייַער ווייסן. און פאַרוואָס עפּעס זאָל איך נישט האָבן אַזאַ גרויסן און נאַטירלעכן כוש צו דערקענען איטלעכן מין ווייַן, אַז ווי נאָר איך גיב אַ שמעק, ווייס איך שוין פון וואַנען ער שטאַמט, זייַן יִיכעס, זייַן טאַם און עלטער און די אַלע דריידלעך און שטאַנדן וואָס דער ווייַן מאַכט דורך? און וואָס איז זיך דאָ צו וווּנדערן, אַז אין מייַן שטאַם, פונעם טאַטנס צאַד, האָב איך די בעסטע צוויי מעווינים אַף ווייַן, וואָס לאַ מאַנטשאַ

האָט געקענט זײַט יאָרן. אַ באַווײַז וועט איר האָבן דערפֿון וואָס איך וועל אײַך דאָ דערציילן: געגעבן האָט מען זיי ביידן פֿאַרזוכן דעם ווײַן פֿון איין פֿאַס און זיי געהייסן זאָגן זייערע מעווינעס פֿון וואָס פֿאַר אַ שטאַנד ער איז, זײַן אייגנ־שאַפֿט, ווי ווײַט ער איז גוט אָדער שלעכט. איינער האָט אים פֿאַרזוכט אַף דער שפּיץ צונג, דער צווייטער האָט אים נאָר צו דער נאָז צוגעטראָגן. דער ערשטער האָט געזאָגט, אַז דער ווײַן שמעקט מיט אייזן, דער צווייטער האָט געזאָגט, אַז מער שמעקט ער מיט ציגן־פֿעל. דער באַלעבאָס האָט געזאָגט, אַז דאָס פֿאַס איז געווען ריין און אַז דער ווײַן איז נישט פֿאַרפּראַוועט מיט עפּעס אַזוינס וואָס זאָל אים געבן אַ נאָכטאָם פֿון אײַזן אָדער פֿון ציגן־פֿעל. דאָך, האָבן ביידע מעווינים זיך פֿעסט געהאַלטן בײַ זייער מיינונג. די צײַט איז זיך געגאַנגען, דעם ווײַן האָט מען פֿאַרקויפֿט און אַז מען האָט גענומען אויסוואַשן דאָס פֿאַס, האָט מען דאָרט געפֿונען אַ קליין שליסעלע אַף אַ רימענדל פֿון ציגן־פֿעל. און איצט זאָל אײַער גענעדיקייט זאָגן צי קען אַזוינער וואָס שטאַמט פֿון דעם יִחוס, זאָגן מעווינעס אַף אַזוינע זאַכן.

— דערום זאָג איך דאָך, — האָט געזאָגט דער וואַלדיקער, — מיר זאָלן אויפֿהערן אַרומגיין זוכן גליקן. מיר האָבן ראַזאָווע ברויט, דאַרפֿן מיר נישט גיין זוכן קיין טאָרטן, און לאָמיר אַהיימפֿאָרן צו אונדזערע הייזקעס, ווו גאָט וועט אונדז אַקעגנגיין אויב ער וועט וועלן.

— ביז מײַן האַר וועט אָנקומען קיין סאַראַגאָסאַ, וועל איך אים דינען, דערנאָך וועלן מיר זיך אַלע אײַנפֿאַרשטיין.

בעקיצער, די צוויי בראַווע וואָפֿנטרעגער האָבן אַזוי לאַנג געטרונקען, ביז דער שלאָף האָט זיי געמוזט די צינגער בינדן און דעם דורשט שטילן. אָפּלעשן אים איז אומעגלעך געווען. און אָט אַזוי, ביידע מיט דער קוימאָט לײדיקער דאַ־מע אין די הענט און מיט די האַלב צעקײַטע ביסנס אין מויל, זײַנען זיי אײַנגע־שלאָפֿן, ווו מיר לאָזן זיי דערווײַל איבער און נעמען זיך דערציילן וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דעם וואַלד־ריטער און דעם ריטער מיט דעם נעבעכדיקן פּנים.

## פֿערצנטער קאַפּיטל

### ווו עס קומט דער העמשעך פֿון דעם געראַנגל מיט דעם וואַלד־ריטער.

בגייסן געשפּרעך, וואָס דאָן קיכאָט און דער וואַלד־ריטער האָבן צווישן זיך געפֿירט, דערציילט די געשיכטע, האָט דער וואַלדיקער אַזוי געזאָגט צו דאָן קיכאָטן:

— נאָך אַלעמען, ווײַל איך, האַר ריטער, איר זאָלט וויסן, אַז מײַן גורל, אָדער ריכטיקער צו זאָגן, מײַן בכירה, האָט מיך געפֿירט אײַנצוליבן די אָן אַ גלײַכן קאַסילדעאַ פֿון וואַנדאַליאַ. איך רוף זי אָן אַ גלײַכן, ווײַל זי האָט צו זיך קיין גלײַכן ניט, נישט וואָס שײַעך לײַביקער גרויס און אויך נישט וואָס שײַעך שטאַנד און

שיינקייט. אָט די קאַסילדעאַ, הייסט עס, וואָס איך דערצייל אײַך פֿון איר, האָט מײַנע גוטע מאַכשאָוועס און געצוימטע פֿאַרלאַנגען געצאָלט, ווי איר קוואַטערן הערקולעסן, מיט אַן אַ שיר און אַלערליי פּרוּווענישן און נאָך יעדער פּרוּוועניש האָט זי מיר צוגעזאָגט, אַז נאָך דער צווייטער, וועט מײַן האָפֿענונג מעקויעם ווערן. נאָר אָנגעהויבנט האָבן זיך דערפֿון מײַנע פּײַנען ביז אָן צאָל, און איך ווייס נישט ווען וועט קומען די לעצטע פּרוּוועניש וואָס זאָל אָנהייבן דערפֿילן מײַנע גוטע באַגערן. איינמאָל האָט זי מיר באַפֿוילן איך זאָל אַרויסרופֿן אַף אַ געשלעג די באַרימטע סעוויליער ריזיכע, וואָס מען רופֿט זי די זשיראַלדאַ, אַ העלדישע און שטאַרקע נעקייווע, ווי פֿון בראָנדז געגאָסן, וואָס אַפֿילע זי רירט זיך נישט פֿונעם אָרט, איז זי די פֿלינקסטע און די רירעוודיקסטע נעקייווע אין דער וועלט. איך בין געקומען צו איר, געזען זי און זי בײַגעקומען. און געמאַכט האָב איך זי זאָל בלײַבן זיצן רויִק און פֿון דער ווײַטנס, און מער ווי אַ וואָך צײַט האָבן קיין צאָפֿן־ווינטן נישט געבלאָזן. איינמאָל האָט זי מיר אַפֿילע געהייסן איך זאָל די אַלטע שטיינער פֿון די העלדישע גוויסאַנדער אָקסן איבערוועגן, אַן אַרבעט, וואָס פּאַסט זיך גיכער פֿאַר טאַגלוינער איידער פֿאַר ריטער.

„אַ צווייטן מאָל האָט זי מיר געהייסן איך זאָל מיך אַרײַנוואַרפֿן אינעם טײַך קאַבראַ און זיך אַראָפּלאָזן ביז צום גרונט — אַן אומדערהערטע און געוואַגטע אײַנשטעלעניש! — און דערנאָך זאָל איך איר אויסדערציילן וואָס אין דער טיפֿעניש טוט זיך. איך האָב אײַנגעשטילט די זשיראַלדאַ, האָב איבערגעוואויגן די גוויסאַנדער אָקסן, האָב מיך אַרײַנגעוואָרפֿן אין יענער טיפֿעניש און האָב אַרויסגעבראַכט וואָס אין דעם אָפּגרונט ליגט באַהאַלטן, און מײַנע האָפֿענונגען זײַנען טויט ווי אַלע טויטע, און אירע באַפֿעלן און אָפּזאָגן — נאָך ווי לעבעדיק! בעקיצער, לעצטנס האָט זי מיר באַפֿוילן איך זאָל אומגיין איבער אַלע שפּאַנישע פּראָווינצן און פֿויעלן בײַ אַלע וואַנדער־ריטער, וואָס איך וועל אָנטרעפֿן, אַז זי איינע איז די שענצטע פֿון די הײַנט לעבעדיקע דאַמען, און אַז איך בין דער מוטיקסטער און דער פֿאַרליבטסטער ריטער אין דער וועלט. קעדיי דאָס צו פֿויעלן, בין איך שוין אויסגעגאַנגען די גרעסטע טייל שפּאַניע און האָב אַף מײַן וועג אַ סאַך ריטער מענאַצייעך געווען פֿון די וואָס האָבן זיך דערוועגט מיר אַקעגנצורײדן. נאָר מער ווי אַלץ ווייס איך מײַן ווערט און בין שטאָלץ דערמיט, וואָס איך האָב אין אַ זעלטענער שלאַכט אַוועקגעלייגט דעם זייער באַרימטן ריטער דאָן קיכאָט פֿון לאַ מאַנטשאַ און האָב אים געצוווּנגען מוידע זײַן, אַז שענער איז מײַן קאַסילדעאַ ווי זײַן דולצינעאַ. און מיט דעם איינעם ניצחון האַלט איך, האָב איך בײַגעקומען די ריטער פֿון דער גאָרער וועלט, וואָרום אָט דער דאָן קיכאָט, וואָס איך זאָג אײַך, האָט זיי אַלעמען אַוועקגעלייגט, און אויב איך האָב אים בײַגעקומען איז זײַן רום, זײַן גרויסער נאָמען און זײַן קאָוועד אַריבער צו מיר און זיך אין מיר באַזעצט.

און אַזויפֿיל מער פֿאַרערט איז דער זיגער,
וואָס באַרימטער עס איז דער באַזיגטער;

אזוי אז אַף מײַן כעשבן גייען שוין און מײַנע זײַנען שוין די אָן שיר העלדיש־קייטן פון דעם שוין דערמאָנטן דאָן קיכאָט.

גענאַפּט האָט דאָן קיכאָט דערויף וואָס ער האָט געהערט דערציילן דעם וואַלד־ריטער און טויזנט מאָל האָט ער אים געוואָלט זאָגן, אַז ס'איז ליגן, נאָר ווען דאָס וואָרט איז אים שוין געלעגן אַפן שפּיץ צונג, האָט ער זיך גיוווער געווען ווי ווײַט ער האָט געקענט, קעדיי אים צו צווינגען ער זאָל מיט זײַן אייגענעם מויל מוידע זײַן, אַז ער זאָגט ליגן, און אָט אזוי, רויִקערהייד, האָט ער אים געזאָגט:

— וועגן דעם אַז אײַער גנעדיקייט, האַר ריטער, האָט אָוועקגעלייגט די מערסטע וואַנדער־ריטער פון שפּאַניע און אַפילע פון דער גאַנצער וועלט, זאָג איך גאָרניט, נאָר אַז איר זאָלט האָבן אָוועקגעלייגט דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, בין איך מעסופּעק. עפשער איז עס געווען אַ צווייטער, וואָס זעט אויס ווי ער, כאָטש פאַראַן זײַנען ווייניק אַזוינע, וואָס זאָלן אזוי אויסזען.

— וואָס הייסט, ניין? — האָט דער וואַלד־ריטער אָפּגעענטפערט, — בײַ דעם הימל, וואָס איז איבער אונדז פאַרשפּרייט, אַז איך האָב מיך געשלאָגן מיט דאָן קיכאָטן און האָב אים מענאַצייעך געווען און אונטערטעניק געמאַכט. אַ מענטש איז ער אַ הויכער, מיט אַ טרוקענעם פּאָנים, אַן אָדערדיקער און סענקעוואַטער, אַ ביסל גרוי, מיט אַ האָרבאַטער אָדלער־נאָז און גרויסע שוואַרצע אַראָפּגעהאָנגענע וואָנצעס. זײַנע שלאַכטן פירט ער אונטערן נאָמען דער ריטער מיט דעם נעבעכדיקן פּאָנים און פאַר אַ וואָפנטרעגער פירט ער מיט זיך אַ פּויער מיט דעם נאָמען סאַנטשאָ פּאַנצאַ. ער קוועטשט דעם רוקן און ציט דאָס ציימל פון אַ באַרימטן פערד מיט דעם נאָמען ראָסינאַנטע, און צו דעם אַלעמען, איז די דאַמע פון זײַנע באַגערן איינע אַ דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ, וואָס גערופן האָט מען זי אַמאָל אַלדאָנסאַ לאָרענסאָ, אַזוי ווי מײַנע, וואָס מאַכמעס זי הייסט קאַסילדאַ און איז פון אַנדאַלוזיע, רוף איך זי קאַסילדעאַ פון וואַנדאַליאַ.

„אויב די אַלע סימאָנים גענוגן אײַך ניט אַף צו באַגלויבן מײַן עמעס, האָט איר דאָ מײַן שווערד, וואָס וועט צווינגען אַליין דעם אומגלויבן מיר צו גלויבן.

— באַרויִקט אײַך, האַר ריטער, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — און הערט אויס וואָס איך וועל אײַך זאָגן. איר דאַרפט וויסן זײַן, אַז אָט דער דאָן קיכאָט, וואָס איר זאָגט, איז מײַנער דער גרעסטער פרײַנט דאָ אַף דער וועלט, אזוי ווײַט, אַז איך קען זאָגן, אַז איך האַלט אים פאַר מיך גופע, און לויט די סימאָנים, וואָס איר האָט מיר וועגן אים אָנגעגעבן, זייער ריכטיקע און פּינקטלעכע, מוז איך דענקען, אַז ער איז עס דער וואָס איר האָט אים אָוועקגעלייגט. פון דער אַנדער זײַט, זע איך מיט מײַנע אייגענע אויגן און טאַפּ אָן מיט מײַנע אייגענע הענט, אַז עס איז נישט מעגלעך ער זאָל זײַן דער אייגענער, סײַדן עמיצער פון דער גרויסער צאָל סאָנים קישעף־מאַכער, וואָס ער האָט (באַזונדער איינער, וואָס פּאַרפאָלגט אים שטענדיק), זאָל געוועסט געווען איבערנעמען זײַן געשטאַלט און זיך געלאָזט גיוווער זײַן קעדיי אָוועקצורויבן בײַ אים די באַרימטקייט, וואָס ער האָט זיך געווונען מיט זײַנע הויך־ריטערישע העלדישקייטן און האָט זיי באַקומען איבער דעם גאַנצן שעטעך פון דער

ערד. און קעדיי אייך דאָס צו באַפּעסטיקן, ווייל איך איר זאָלט אויך וויסן, אַז אָט די קעגנער זיינע, די קישעפמאַכער, האָבן ערשט מיט צוויי טעג צוריק פאַרענדערט די געשטאַלט און פאַרשויין פון דער שיינער דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ אין אַ נידעריקער און אומווירדיקער פּויערטע, און אַף אַזאַ אויפן מיסטאָמע האָבן זיי פאַרענדערט אויך דאָן קיכאָטן. און אויב דאָס אַלץ איז נישט גענוג אייך צו איבערצייגן דערין וואָס איך זאָג, האָט איר דאָ דאָן קיכאָטן אַליין, און ער וועט דאָס שטיצן מיט זיין געווער, צו פוס אָדער רייטנדיק, אָדער ווי אייך געפעלט.

און ווי ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, זיך געכאַפּט צו דער שווערד און געוואַרט אַף דעם באַשלוס, וואָס דער וואַלד־ריטער וועט אָננעמען, און דער וואַלד־ריטער האָט אויך מיט אַזאַ רויִקן טאָן געענטפערט און געזאָגט:

— אַ גוטן צאָלער קימערט נישט דער מאַשקן. דער וואָס האָט אייך איינמאָל געקענט אוועקלייגן אַ פאַרענדערטן, האר דאָן קיכאָט, קען האָפן אייך אונטערטעניק צו מאַכן אין אייער אייגענעם וועזן. נאָר אַזוי ווי עס איז נישט לייטיש, אַז ריטער זאָלן זיך שלאָגן אין דער פינצטער, ווי די וואַלד־גאַזלאָנים און פרויען־מעקלער, וועלן מיר אָפּוואַרטן ביז טאָג און זאָל די זון זען אונדזערע מעשׂים. און אַ טנאַי מוז האָבן אונדזער געשלעג, אַז דער באַזיגטער מוז בלייבן צום דינסט דעם זיגער ער זאָל מיט אים טון וואָס ער וועט וועלן, אבי נאָר אַזוינס וואָס זאָל זיין אָנשטענדיק פאַר אַ ריטער מען זאָל אים באַפוילן.

— איך בין מער ווי צופרידן פון דעם טנאַי און פון דער האַנאָכע, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט.

און באַ די ווערטער זיינען זיי אוועק צו דעם אָרט, וווּ זייערע וואָפנטרעגער זיינען געליגן און האָבן זיי געטראָפן כראָפּען און אין דער פּאָזע ווי דער שלאָף האָט זיי פאַרכאַפּט. זיי האָבן זיי אויפגעוועקט און זיי באַפוילן האַלטן גרייט די פערד, מאַכמעס ווען די זון וועט אויפגיין, דאַרפן זיי דורכפירן אַ בלוטיקע, אויסטערלישע און אומגלייכע שלאַכט. פון דעם נייַעס, איז סאַנטשאָ שטיין געבליבן געפּלעפּט און דערשראָקן און מיט מוירע פאַר זיין האַרס געזונט, מאַכמעס די גוווּרעס, וואָס ער האָט געהערט דערציילן דעם וואַלדיקן וואָפנטרעגער מיקויעך זיין האַר. נאָר די וואָפנטרעגער האָבן קיין וואָרט נישט געזאָגט און זיינען געגאַנגען אויפזוכן די בעהיימעס, וואָס האָבן זיך שוין אַלע פיר, די דריי פערד און דאָס אייזל, צונויפגעשמעקט און האָבן זיך געפּיטערט אַלע אינאיינעם. אַפן וועג האָט דער וואַלדיקער וואָפנטרעגער זיך אָנגערופן צו סאַנטשאָן:

— איר דאַרפט עס וויסן, ברודער, אַז צווישן די אַנדאַלוזער דועליסטן איז עס איינגעפירט די קוואַטערס זאָלן ניט שטיין מיט פאַרלייגטע הענט, ווען זייערע אויפגענומענע זין שלאָגן זיך. איך זאָג עס אַקעגן דעם וואָס איר מוזט זיין געוואָרנט, אַז אין דער צייט וואָס אונדזערע האַרן וועלן זיך שלאָגן, מוזן מיר זיך אויך שלאָגן און זיך צעהאַקן אַף שפּענדלעך.

— זאָל דער אייַנפיר, האר וואָפנטרעגער, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — בעזונטערהייד זיך פירן צווישן אייערע אַלפאַנסן און דועליסטן, נאָר בעשומויפן

נישט צווישן די וואפנטרעגער פון די וואנדער־ריטער. איך, אלנפאלס, האב פון מיין האר וועגן אזא איינפיר נישט געהערט, און ער קען אלע קלאלים פון דעם וואנדער־ריטערטום אף אויסנווייניק. ביפראט, אז דאס שלאגן זיך צווישן די וואפנטרעגער אין דער צייט ווען עס גייט אן דער געשלעג צווישן די הארן, וויל איך, זאל זיין א בעפיירעשער קלאל און אן עמעס. איך וועל אבער אויך דעם קלאל נישט פאלגן און וועל בעדיי צאלן א שטראף, וואס מוז זיין ארויפגעלייגט אף אזוינע פרידלעכע וואפנטרעגער, און איך בין זיכער, אז זי דארף נישט זיין העכער ווי צוויי פונט וואקס, און איך וויל בעסער צאלן די פונטן. איך ווייס זיי וועלן מיך קאסטן ווייניקער ווי די צויטן, וואס איך וועל דארפן אויסברענגען אף צו היילן מיר דעם קאפ, וואס איך זע אים שוין אף צווייען צעשפאלטן. נאך עפעס: איך וועל מיך נישט קענען שלאגן, מאכמעס איך האב נישט קיין שווערד און האב אויך זינט איך לעב קיין שווערד נישט אנגעגורט.

— דערצו האב איך א גוט מיטל, — האט געזאגט דער וואלדיקער, — איך האב דא מיט מיר צוויי לייוונטענע זעקלעך,ביידע פון איין גרויס. איר וועט נעמען איינס און איך דאס צווייטע, און מיר וועלן זיך שלאגן מיט די זעקלעך, מיט גלייך געווער.

— אויב אזוי, טא זאל זיין מיט מאזל — האט סאנטשא געענטפערט, — וואָרום מיט אזא געשלעג וועלן מיר בלויז דעם שטויב פון אונדז ארויסשלאגן און קיין וואונדן וועלן מיר זיך נישט פארשאפן.

— נישט אזוי דארף עס זיין, — האט דער צווייטער געזאגט, — וואָרום אין די זעקלעך מוז מען נאך אריינלייגן, קעדיי דער ווינט זאל זיי נית פארטראגן, א האלבן טוץ פיינע גלאטע שטיינדלעך, מיט א גלייכער וואג אין ביידע זעקלעך, און מיר וועלן זיך זעקלען אזוי ארום און איינער דעם צווייטן נית שעדיקן.

— מאמע מיינע! — האט סאנטשא געענטפערט, — סארא מארדער־פעלכלעך און געקעמטע וואל איר לייגט אריין אין די זעקלעך, קעדיי די קעפ נית צעקלאפן און די ביינער נית צערייבן אף מויל־מעל! נאר אפילע איר זאלט אין זיי קנאספן זייד אריינלייגן, וועל איך מיך, מיין האר, נית שלאגן. זאלן זיך שלאגן אונדזערע הארן, זאלן זיי טון וואס זיי ווילן, נאר מיר לאמיר טרינקען און לעבן. זאל זיך די צייט זארגן ווי אונדז דאס לעבן אוועקצונעמען, און מיר וועלן נישט גיין זוכן דעם ביישעק דאס לעבן זאל אונדז אוועק פאר דער צייט, איידער דאס ווערט צייטיק און פאלט אליין אראפ פונעם בוים.

— פון דעסט וועגן, — האט דער וואלדיקער אפגעענטפערט, — מוזן מיר זיך שלאגן כאטש א האלבע שא צייט.

— דאס נית, — האט סאנטשא געענטפערט, — נישט איך בין דער אומהעפלעכער און קאפעטויוועניק איך זאל מיך גיין שלאגן, מעג זיין ווי ווייניק, מיט א מענטשן, וואס איך האב מיט אים געגעסן און געטרונקען. ביפראט, אז אן שום קאעס און אן שום רויגעז, ווי קען מען זיך גיין שלאגן, צו אלדי טייוואלים?

— דערצו, — האט דער וואלדיקער געזאגט, — האב איך א גוט מיטל. אט וואס: איידער מיר גייען זיך שלאגן, וועל איך אזוי פאוואלינקע צוגיין צו אייער

גענעדיקייט און וועל אײַך דערלאַנגען אַ דרײַ אָדער פיר פּעטש, וואָס וועלן אײַך פון די פיס אומוואַרפן. דערמיט וועל איך באַ אײַך דעם קאָפּ דערוועקן, מעג ער באַ אײַך שלאָפן ווי אַ שלאָפנדיקער וועוורק.

— אַקעגן דעם שניט ווייס איך פון אַ צווייטן, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט,
— וואָס שטייט ניט אָפּ פון אײַערן: איך וועל נעמען אַ שטעקן, און איידער אײַער גענעדיקייט וועט צוקומען אויפוועקן מײַן קאָפּ, וועל איך אײַערן מיט עטלעכע שטעקענעס אַזוי איינשלעפערן, אַז ער וועט זיך אויפכאַפּן ערשט אויף יענער וועלט. דאָרט ווייסט מען שוין, אַז איך בין נישט אַזאַ מענטש, וואָס זאָל מיך לאָזן פון עמיצן דאָס פּנים באַטאַפּן. און זאָל זיך איטלעכער באַזונדער אײַנזינען האָבן זײַן רינג. כאָטש דאָס בעסטע וואָלט געווען איטלעכער באַזונדער זאָל זײַן קאָפּ לאָזן שלאָפן. קיינער ווייסט נישט וואָס באַ יענעם אין האַרצן טוט זיך, און עס טרעפט מען גייט שערן און מען קומט אַהיים אַ געשוירענער. און גאָט האָט געבענטשט דעם שאָלעם און פאַרשאָלטן דעם קריג. וואָרום אויב אַ קאַץ, אַז מען יאָגט זי און מען פאַרשפּאַרט זי, ווערט פון איר אַ לייב, הײַנט מײַ דאָך איך, אַ מענטש, איין גאָט ווייס וואָס פון מיר קען ווערן. דערום וואָרן איך באַצײַטנס אײַער גענעדיקייט, האַר וואַפנטרעגער, אַז דאָס וואָס קען אַרויסקומען פון אונדזער געשלעג, וועט גיין אויף אײַער כעשבן.

— מאַסקים — האָט דער וואַלדיקער געענטפערט, — ווי נאָר גאָט וועט אויפשטיין, וועלן מיר זען.

דערווײַל האָבן שוין גענומען אַלערליי קאָלירטע פייגעלעך צוויצערן אויף די ביימער און מיט זייער פריילעך געזאַנג האָבן זיי, דאַכט זיך, גוטמאָרגן אָפּגעגעבן דעם פרימאָרגן, וואָס האָט שוין דורך די טירן און פענצטער פונעם מיזרעך געגנבעט מען ווײַזן זײַן שיינעם פּנים און פון זײַנע לאָקן אָפּטרייסלען די פּליסיקע פּערל, וואָס אין זייער מילדן ליקער האָבן זיך די גראָזן געבאָדן, און געדאַכט האָט זיך אויך ווי עס שפּריצט אויף זיי אַ רעגנדל פון קליינעם ווײַסן ביסער. די ווערבעס האָבן פון זיך אַ געשמאַקן מאַן אַרויסגעגעבן. די קוואַלן האָבן געלאַכט, די טײַכלעך געמורמלט, די וועלדלעך געפרייט זיך און די פעלדער געצירט זיך אַנטקעגן זײַן קומען. ווי נאָר אָבער עס איז געוואָרן ליכטיק מען זאָל קענען אונטערשיידן איין זאַך פון דער צווייטער, האָט סאַנטשאָ פּאַנצאַ דערזען פאַר זיך די נאָז באַ דעם וואַלדיקן וואָפנטרעגער, אַזאַ גרויסע, אַז זי האָט, דאַכט זיך, פאַרשטעלט דעם גאַנצן גוף זײַנעם. עס ווערט דערציילט, אַז זי איז בעעמעס געווען אַ צו גרויסע, אַ האָרבאַטע און פול מיט ברוין-בלויע בראָדעווקעס, ווי בלויע פּאַטלאַזשאַנעס. געפאַלן איז זי באַ אים צוויי פינגער נידעריקער פון דעם מויל, און די גרויס אירע, איר קאָליר, די בראָדעווקעס און דער האָרב, האָבן אים אַזוי מיעס געמאַכט דאָס פּנים, אַז ווען סאַנטשאָ האָט אים דערזען, האָט ער זיך גענומען טרייסלען, ווי ער וואָלט געהאַט דאָס קינדערשע, און געטראַכט האָט ער זיך, אַז ער וועט זיך גיכער לאָזן געבן צוויי הונדערט פּעטש איידער דערצערענען אָט דאָס פּאַרזעעניש.

דאָן קיכאָט האָט אַ קוק געטאָן אויף זײַן קעגנער און האָט אים דערזען שוין

אינעם העלם מיט דעם דאשעק אַנגעטאָן, אַזוי אַז ער האָט אים דאָס פּאָנים נישט געקענט זען, נאָר געמערקט האָט ער, אַז דער מענטש איז אַ קרעפטיקער און נישט גאָר קיין הויכער. איבערן פּאַנצער האָט ער געטראָגן אַ שטאָפּענעם אויבערוועסט אָדער לייבל, ווי פון פיינסטן גאָלד, באַשפּרענקלט מיט קליינע שפּיגלדיקע לעוואָנע־לעך, וואָס האָבן אים ביז גאָר שיין און שלאַנק געמאַכט. געפלאַטערט האָבן בא אים איבערן העלם פאַרשיידנקאָלירטע פעדערן, גרינע, געלע און ווייסע. די שפּיז זיינע, וואָס איז אָנגעשפּאַרט געווען אָן אַ בוים, איז געווען אַ גרויסע און אַ דיקע און מעה ווי אַ שפּאַן די ברייט מיט אייזן ארומגעקאָוועט. דאָן קיכאָט האָט אַלץ געזען און אַלץ געמערקט, און געטראַכט האָט ער זיך, אַז דער דאָזיקער ריטער מוז אין זיך האָבן אַ גוואַלדאָוונע גוורע. פון דעסט וועגן, האָט ער נישט אַזוי מוירע געהאַט ווי סאַנטשאָ פּאַנצאַ: פאַרקערט, מיט העפלעכן מוט האָט ער זיך אָנגערופן צו דעם ריטער מיט די שפּיגלען:

— אויב דער גרויסער כיישעק צו שלאָגן זיך, האַר ריטער, פרעסט נישט אויף אייער העפלעכקייט, בעט איך אייך ארויפרוקן אַ ביסל דעם דאַשעק, קעדיי איך זאָל קענען זען צי איז דער שטאַלץ בא אייך אַפן פּאָנים אַזוי גרויס ווי אייער אָנשטעל.

— סיי איר וועט פון דעם פאַרמעסט ארויסקומען דער זיגער און סיי דער באַ־זיגטער, האַר ריטער, — האָט דער ריטער מיט די שפּיגלען געזאָגט, — וועט איר האָבן גענוג צייט און רוים מיר אין פּאָנים צו קוקן. און אויב איך גיב אייך איצט נישט נאָך אייער פאַרלאַנג, איז עס דערפאַר וואָס איך האַלט אַז דאָס וועט זיין אַ גרויסע באַליידיקונג דער שיינער קאַסילדעאַ פון וואַנדאַליאַ אויב איך וועל מיט דעם דאַשעק ארויפרוקן פאַרהאַלטן אייער מוידע זיין דאָס וואָס איר ווייסט שוין.

— איידער מיר זעצן זיך אויף אַף די פערד, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — קענט איר מיר גאַנץ וויל זאָגן, צי בין איך יענער דאָן קיכאָט, וואָס איר האָט אים אָוועקגעלייגט, ווי איר זאָגט.

— דערויף ענטפערן מיר אייך, — האָט דער ריטער מיט די שפּיגלען געזאָגט, — אַז איר זיינט אויסן אויג ווי איין איי צום צווייטן יענער וואָס איך האָב אים אָוועקגעלייגט. נאָר אַזוי ווי איר זאָגט, אַז קישעפמאַכער פאַרפאָלגן אייך, דערוועג איך מיך ניט צו זאָגן, צי זיינט איר דער געשלאָגענער אָדער ניט.

— פאַר מיר איז דאָס גענוג — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — איך זאָל זיכער זיין, אַז איר האָט אַ טאָעס געהאַט. דאָך, קעדיי אייך ארויסצונעמען פון יעדן סאָ־פּעק, זאָל מען אונדז די פערד צופירן. אין ווייניקער צייט ווי איר באַדאַרפט אייער דאַשעק ארויפצורוקן, אויב גאָט, אויב מיין דאַמע און מיין אָרעם וועלן מיר דינען, וועל איך אייער פּאָנים זען, און איר וועט זען צי בין איך דער באַזיגטער דאָן קיכאָט, ווי איר מיינט.

דערויף האָבן זיי דעם געשפּרעך אָפּגעהאַקט און דאָן קיכאָט האָט פאַרקירע־וועט ראָסינאַנטען אַף אַפּצוטרעטן אַזאַ שעטעך וויפל עס איז נויטיק אָנצולויפן אַפן קעגנער, און דאָס אייגענע האָט געטאָן דער וואָס מיט די שפּיגלען. נאָר ניט אָפּגעריטן איז נאָך דאָן קיכאָט קיין צוואַנציק שפּאַן, ווי דערהערט האָט ער אַז דער

ריטער מיט די שפּיגלען רופט אים, אוןביידע זײַנען זיי אוועק אױף א זײַט וועג און דער וואָס מיט די שפּיגלען האָט געזאָגט:

— גערעכט, האר ריטער, וואָס מיר האָבן אָפּגעמאַכט, אַז דער באַזיגטער מוז בלײַבן אַפן באָראָט פון דעם זיגער.

— דאָס ווייס איך שוין, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — מיט דעם טנײַ, אַז דאָס וואָס מען וועט אים הייסן טון, זאָל ניט זײַן אַזוינס וואָס איז איבער די גרעניצן פונעם ריטערטום.

ערשט איצט האָט דאָן קיכאָט דערזען די מעשונעדיקע נאָז בײַ דעם וואָפּנטרעגער, און דאָס האָט אים נישט ווייניקער געוווּנדערט ווי סאַנטשאָן, אַזוי ווײַט, אַז ער האָט אים אָנגענומען פאַר א פאַרזעעניש אָדער פאַר א נײַעם מין מענטש, וואָס מען זעט אים נישט אין דער הײַנטיקער וועלט. דערזען האָט סאַנטשאָ ווי זײַן האר שפּאַנט צוריק אױף פונאַנדערצולויפן זיך, האָט ער נישט געוואָלט בלײַבן אַליין מיט דעם גרויס-נאָזיקן, אויס מוירע ער זאָל נישט מיט איין זעץ פון זײַן נאָז א סאָף מאַכן צום געשלעג און ער זאָל בלײַבן ליגן אױף דער ערד, און ער האָט זיך דערום אָנגעכאַפּט פאַר א רימען, וואָס איז נאָכגעהאָנגען ראָסינאַנטען און האָט זיך גע- לאָזט לויפן אינאיינעם מיט זײַן האר. און ווען ער האָט געזען, אַז עס איז שוין צײַט אומצודרייען זיך, האָט ער געזאָגט:

— איך בעט אײַער גענעדיקייט, האר מײַנער, איידער איר קערט אײַך אום צום באַגעגעניש העלפט מיר אַרויפקלעטערן אױף יענעם בוים, וועל איך פון דאָרט קע- נען, בעסער ווי פון דער ערד, פאַסמאַקעווען דעם שטאָלצן געראַנגל פון אײַער גע- נעדיקייט מיט דעם דאָזיקן ריטער.

— מיר דאַכט זיך, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — אַז דו ווילסט דיך פאַרקלײַבן אױף דער רישטאָוואַניע קעדיי צו זען אָן סאַקאָנע דעם אָקסן-געפעכט אַפן שטאָט-פּלאַץ.

— דער עמעס איז, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — אַז איך שרעק מיך פאַר דעם וואָפּנטרעגערס נאָז און האָב מוירע נאָענט פון אים צו שטיין.

— די נאָז אַליין וועט זיך באַלד דערשרעקן — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — סײַדן איך וועל נישט זײַן איך. נאָר קום, וועל איך דיר העלפן אַרויפקלעטערן.

אין דער צײַט וואָס דאָן קיכאָט האָט זיך געזאַמט מיט העלפן סאַנטשאָן אַרויפ- קלעטערן אַפן פּראָפּן-בוים, איז שוין דער ריטער מיט די שפּיגלען געהאַט אָפּגע- טראָטן געגנוג פּלאַץ אױף פונאַנדערצולויפן זיך, און מאַכמעס ער האָט געמיינט, אַז דאָן קיכאָט האָט שוין אויך דאָס אייגענע געטאָן, האָט ער נישט געוואַרט דער טראָמפּייט אָדער אַן אַנדער צייכן זאָל דאָס אים צו וויסן געבן, און האָט אויס- געקירעוועט זײַן פערד (וואָס האָט אויסגעזען נישט פלינקער און נישט בעסער פון ראָסינאַנטען), און מיט דעם פולן געיעג, וואָס געווען איז עס נישט מער ווי א גע- ווינלעכער לויפן, האָט ער זיך א לאָז געטאָן אױף דעם קעגנער. נאָר אַז ער האָט געזען יענער איז פאַרנומען מיט העלפן סאַנטשאָן אַרויפקלעטערן, האָט ער אײַנ- געהאַלטן דאָס פערד און איז שטיין געבליבן אינמיטן געיעג, און **דאָס פערד איז**

אים דערום א גרויסן דאנק שולדיק געבליבן, מאַכמעס נישט געקענט האָט זיך עס מער רירן. דאָן קיכאָט, וואָס האָט גערעכנט, אַז דער קעגנער פליט שוין אַף אים, האָט אַ שטאַרקן שפּאָרן געטאָן ראָסינאַנטעס אײַנגעשרומפּענע דיכן, און האָט אים אַזאַ יאָג געטאָן, אַז ווי די געשיכטע דערציילט, איז עס געווען דאָס איינציקע מאָל וואָס מען קען זאָגן, אַז ער איז עפּעס געלאָפן. מאַכמעס אַלע ביז איצטיקע מאָל איז עס געווען נישט מער ווי שנעלער טראָט. און מיט אָט דער ביז איצט נישט גע־זעענער פוריע האָט ער צוגעיאָגט צו דעם אָרט, וווּ דער ריטער מיט די שפּיגלען האָט זײַן פערד די שפּאָרן אײַנגעשטאָכן ביז די קנעפּ און האָט אים אַף אַ פינגער נישט געקענט רירן פון דעם אָרט, וווּ ער איז שטיין געבליבן אינמיטן דעם געיעג. אין אָט דער לאַגע האָט דאָן קיכאָט געטראָפן זײַן קעגנער אַ פאַרסטראַנעטן מיט זײַן פערד און פאַרנומען מיט זײַן שפּיז, וואָס ער האָט מיט איר בעשומויפן נישט געקענט אַרײַנטרעפן אינעם האָרן.

דאָן קיכאָט האָט זיך נישט אומגעקוקט אַף יענעמס פאַרלעגנהײַט, און גאַנץ פרײַ און אָן שום געפאַר פאַר זיך, איז ער מיט אַזאַ קויעך אַרויף אַף דעם ריטער מיט די שפּיגלען, אַז בלויז מיט דעם פערדס ברוסט האָט ער אים אַף דער ערד אַראָפּגעוואָרפן, און יענער האָט אַזאַ פאַל געטאָן, אַז מען האָט געקענט מיינען אַז ער איז טויט. ווי נאָר סאַנטשאָ האָט אים געזען ליגן אַ געפאַלענעם, האָט ער זיך אַראָפּ־געגליטשעט פונעם בוים און איז שנעל צוגעלאָפן צו דעם אָרט, וווּ זײַן האַר איז געשטאַנען. און דאָן קיכאָט איז שנעל אַראָפּ פון ראָסינאַנטען און איז צוגעגאַנ־גען צום שפּיגלען־ריטער, האָט אים דעם העלם אויפגעקניפּט אַף צו זען צי איז ער טויט און אַף צולאָזן אַ ביסל לופט, טאָמער לעבט ער, און דערזען האָט ער... ווער קען דאָס אַרויסריידן וואָס אַזוינס ער האָט דערזען און נית אַרויסרופן באַ איטלעכן די פאַרוווּנדערונג, דעם שטוינען און די שרעק? דערזען האָט ער, דער־ציילט די געשיכטע, מאַמעש דאָס פּאָנים, די פיגור, דעם אויסזען, די שטריכן, די געשטאַלט, דעם אַלגעמיינעם אײַנדרוק פון דעם באַקאַלאַווער סאַמסאָן קאַראַסקאָ. און ווי ער האָט אים דערזען, האָט ער אַפּן קאָל אַ רוף געטאָן:

— קום נאָר אַהער, סאַנטשאָ, וועסטו זען אַזוינס, וואָס דו וועסט דיר גאָרניט ועלן גלויבן! גיכער, זון מײַנער, וועסטו זען וואָס די מאַגיע איז בע־קויעך, אַף וואָס די קישעפמאַכער זײַנען פעיִק!

צוגעקומען איז סאַנטשאָ און ווי ער האָט דערזען דאָס פּאָנים פון דעם באַ־קאַלאַווער קאַראַסקאָ, האָט ער זיך גענומען צייל‏עמען און האָט גאָרניט געקענט אויפהערן. די גאַנצע צײַט האָט דער אומגעוואָרפענער ריטער נישט באַוויזן קיין סימען פון לעבן, און סאַנטשאָ האָט זיך אָנגערופן צו דאָן קיכאָטן:

— איך מיין, מײַן האַר, אַז אַף יעדן פאַל, זאָל אײַער גענעדיקייט אײַער שווערד אַרײַנרוקן דעם דאָזיקן ריטער, וואָס זעט אויס ווי דער באַקאַלאַווער קאַ־ראַסקאָ, אין מויל אַרײַן. דערמיט, מעגלעך, וועט איר אָוועקהאַרגענען איינעם פון אײַערע סאָנים די קישעפמאַכער.

— דו ביזט נישט אומגערעכט — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — וואָרום דער מינדסטער פון די סאָנים...

נאָר ווי ער האָט אַרויסגענומען די שווערד צו טאָן ווי סאַנטשאָ האָט אים געראָטן, איז אָנגעקומען דער וואָפּנטרעגער פון דעם ריטער מיט די שפּיגלען, שוין אָן דער נאָז, וואָס האָט אים געוועסט אַזוי מיעס געמאַכט, און האָט אַף די העכסטע קוילעס געשריגן:

— זעט וואָס איר טוט, אײַער גענעדיקייט, האַר דאָן קיכאָט, דער ריטער וואָס ליגט דאָ צו אײַערע פיס, איז דער באַקאַלאַווער סאַמסאָן קאַראַסקאָ, אײַער פרײַנט, און איך בין זײַן וואָפּנטרעגער.

און אַז סאַנטשאָ האָט אים דערזען אָן דער פריערדיקער מיעסקייט, האָט ער אים אַ פרעג געטאָן:

— און די נאָז?

דערויף האָט יענער געענטפערט:

— איך האָב זי בײַ מיר אין קעשענע.

און אַרײַנגעשטעקט האָט ער די האַנט אין דער רעכטער קעשענע און האָט אַרויסגענומען פון דאָרט אַ נאָז געמאַכט פון טייג מיט לאַק, אַ מאַסקן־נאָז, ווי די שוין באַשריבענע, און סאַנטשאָ האָט זיך נישט געקענט אָפּוווּנדערן:

— הייליקע מאַריע, שיץ מיך! איז עס ניט טאָמע סעסיאַל, מײַן שאָכן און קוואַטער?

— און נאָך ווי בין איך עס! — האָט געענטפערט דער וואָפּנטרעגער מיט דער אַראָפּגענומענער נאָז. — איך בין טאָמע סעסיאַל, אײַער קוואַטער און פרײַנט, סאַנטשאָ פּאַנצאַ, און שפּעטער וועל איך אײַך דערציילן מיט וואָס פאַר אַ וועגן, פּלאָנטערס און שפּיצלעך איך בין אַהערגעקומען. נאָר דערווײַל בעט און פאַלט צו די פיס אײַער האַר ער זאָל נישט אָנרירן, ניט שלאָגן, נישט צעווינדן און נישט הארגענען דעם ריטער מיט די שפּיגלען, וואָס ליגט צו זײַנע פיס, וואָ־רום ער איז, אָן שום ספק, דער אָנגערעדטער בוצפּעניק, דער באַקאַלאַווער סאַמסאָן קאַראַסקאָ, אונדזער לאַנדסמאַן.

אין דער מינוט איז דער ריטער מיט די שפּיגלען צו זיך געקומען און ווי דאָן קיכאָט האָט דאָס דערזען, האָט ער אים צוגעשטעלט דעם שפּיץ אַנטבלויז־טע שווערד צום פּאָנים און אים געזאָגט:

— איר בלײַבט דאָ ליגן אַ טויטער, אויב איר זײַנט נישט מודה, אַז די אָן אַ גלייכן דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ שטײַגט איבער מיט איר שיינקייט אײַער קאַ־סילדעאַ פון וואַנדאַליאַ. און אַכוצדעם מוזט איר מיר צוזאָגן (אויב איר וועט פון דער שלאַכט און פון דעם פאַל אַרויס אַ לעבעדיקער), אַז איר וועט צוגיין אין דער שטאָט טאָבאָסאָ און זיך איר צושטעלן אין מײַן נאָמען און זי זאָל מיט אײַך טאָן וואָס איר וועט זיך גליסטן. און אויב איך וועל אײַך לאָזן לעבן, מוזט איר אַלציינס צוריקומען און מיך אויסזוכן, דער שפּור פון מײַנע מאַיסים וועט אײַך שוין פירן און ברענגען צו מיר, און מיר זאָגן ווי עס איז צווישן אײַך צוגע־גאַנגען: אַ טנאַי וואָס לויט מיר האָבן אויסגענומען, איז ער ניט אויסער די ראַמען פון דעם וואַנדער־ריטערטום.

— איך בין מוידע, — האָט געזאָגט דער געפאַלענער ריטער, — אַז אַן אויסגעטראָטענער שמוציקער שוך פון דער האַרנטע דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ איז מער ווערט ווי קאַסילדעאַס נישט פאַרקעמטע, כאָטש ריינע האָר, און איך זאָג אײַך צו צוריקומען און אָפּגעבן כעשבן פון אַלץ וואָס איר פאָדערט פון מיר.

— אויך דאַרפט איר מודה זײַן — האָט דאָן קיכאָט צוגעלייגט, — אַז יענער ריטער, וואָס איר האָט אים באַזיגט, איז נישט געווען און האָט נישט געקענט זײַן דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, נאָר איינער וואָס האָט אויסגעזען ווי ער, פונקט ווי איך בין מודה און גלויב, אַז איר, כאָטש איר זעט אויס ווי דער באַקאַלאַווער סאַמסאָן קאַראַסקאָ, זײַנט איר אַ צווייטער, וואָס זעט אויס ווי ער, און אַז מײַנע שׂונאים האָבן מיר אײַך אין זײַן געשטאַלט געוויזן, כּדיי איך זאָל צוימען מײַן אימפּעט און מײַן צאָרן און זאָל אײַך אויסנוצן מילדער־הייד מיט דעם רום פון מײַן ניצאָכן.

אַלץ בין איך מודה און דענק און פיל אַזוי ווי איר גלויבט, דענקט און פילט, — האָט געענטפערט דער צעקרומטער ריטער. — לאָזט מיך זיך אויפ־הייבן, בעט איך אײַך, אויב מיר וועט דערלויבן דער קלאַפּ, וואָס איך האָב באַ־קומען פונעם פאַל, וואָרום איך פיל מיך פון אים זייער נישט גוט.

געהאָלפן האָבן אים אויפהייבן זיך דאָן קיכאָט און טאָמע סעסיאַל, וואָס סאַנטשאָ האָט די גאַנצע צײַט פון אים די אויגן נישט אַראָפּגענומען און האָט אים אַלץ געפרעגט אַזוינע זאַכן, וואָס פון די ענטפערס האָט ער געזען, אַז ער איז בעעמעס דער טאָמע סעסיאַל, וואָס ער האָט געזאָגט. נאָר דער רווישעם, וואָס אַף סאַנטשאָן האָט געמאַכט דאָס וואָס זײַן האַר האָט געזאָגט, אַז די קישעפ־מאַכער האָבן פאַרענדערט די געשטאַלט פון דעם ריטער מיט די שפּיגלען, האָט אים נישט געלאָזט גלויבן דאָס וואָס זײַנע אייגענע אויגן האָבן געזען. נאָך אַלע־מען זײַנען האַר און דינער פאַרבליבן מיט דעם טאָעס און דער שפּיגלען־ריטער מיט זײַן וואָפּנטרעגער, באַטריבטע און דערשלאָגענע זײַנען אַוועק פון דאָן קי־כאָטן און סאַנטשאָן זוכן ערגיץ אַן אָרט, וווּ זיי זאָלן אים באַפּלאַסטערן און די ביינער אויסגלײַכן. דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ זײַנען געגאַנגען זייער וועג ווײַ־טער קיין סאַראַגאָסאַ, וווּ די געשיכטע לאָזט זיי איבער און נעמט זיך דערציילן ווער עס איז געווען דער ריטער מיט די שפּיגלען און זײַן באַנאָזטער וואָפּנטרע־גער.

## פופצנטער קאַפּיטל

### ווו עס ווערט דערציילט און אָנגעגעבן ווער עס איז געווען דער ריטער מיט די שפּיגלען און זײַן וואָפּנטרעגער.

ביז גאָר צופרידן, שטאָלץ און מיט גײַווע האָט געריטן דאָן קיכאָט נאָך דעם ניצאָכן, וואָס ער האָט אָפּגעהאַלטן איבער דעם מעכטיקן ריטער, ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט דעם וואָס מיט די שפּיגלען, וואָס פון זײַן ריטערלעך וואָרט האָט ער דערוואַרט זיך צו דערוויסן צי האַלט נאָך אָן דער קישעף איבער

זײַן דאמע, וואָרום געמוזט האָט דער בײַגעקומענער ריטער צוריקומען, אויב ער וויל נישט ווערן אויס ריטער, און אים אָפּגעבן אַ כעשבן ווי אים איז צוגעגאַנגען מיט איר.

נאָר איין זאַך האָט געטראַכט דאָן קיכאָט און אַ צווייטע זאַך האָט זיך געטראַכט דער ריטער מיט די שפּיגלען, כאָטש אין דער מינוט האָט ער פון עפּעס אַנדערש נישט געטראַכט ווי נאָר ווו ערגיץ זיך צו באַפּלאַסטערן, ווי שוין גע־זאָגט. די געשיכטע דערציילט, אַז ווען דער באַקאַלאַווער סאַמסאָן קאַראַסקאָ האָט געראָטן דאָן קיכאָטן ער זאָל זיך ווידער נעמען פאַר זײַנע ריטערישע מאַיסים, וואָס ער האָט זיך פון זיי געהאַט אָפּגעלאָזן, איז עס געווען מאַכמעס דעם וואָס פריער האָט ער געהאַט אַ שמועס מיט דעם גאַלעך און דעם שערער וועגן דעם וואָס אַזוינס מען קען טאָן דערצו, אַז דאָן קיכאָט זאָל מוזן בלײַבן זיצן אין דער היים אַ שטילער און אַ רויִקער און נישט לויפן אַ צעהיצטער זוכן זײַנע געראַנגלען. פון דעם שמועס איז מיט אַלעמענס העסקעם, און באַזונדער אַף קאַראַסקאָס אײַנ־זען, געבליבן מען זאָל דאָן קיכאָטן לאָזן אַרויספאָרן, וואָרום אײַנהאַלטן אים איז נישט מעגלעך און סאַמסאָן זאָל אים דערנאָך קומען אין וועג ווי אַ וואַנדער־רי־טער און פאַרפירן מיט אים אַ געשלעג, עס וועט שוין נישט פעלן איבער וואָס, און זאָל אים בײַקומען, וואָס דאָס האָט ער געהאַלטן פאַר זייער גרינג, און אויסנעמען זאָלן זיי און אָפּמאַכן, אַז דער באַזיגטער בלײַבט אַפן באַראָט פון דעם זיגער, און אַזוי אַרום וועט דער באַקאַלאַווער ריטער אָפּשיקן דעם באַזיגטן דאָן קיכאָט צו זיך אַהיים און דאָרט זאָל ער פאַרבלײַבן צוויי יאָר צײַט, אָדער אַזוי לאַנג ער וועט אים נישט באַפעלן טון עפּעס אַנדערש. און עס איז דאָך קלאָר, אַז דאָן קיכאָט וועט דאָס אָן שום סאָפּעק נאָכקומען, קעדיי נישט צו פאַרלעצן און אויוער זײַן די געזעצן פונעם ריטערטום, און פאַר דער צײַט וואָס ער וועט בלײַבן אָפּגעשלאָסן, זאָל ער זיך עפשער פאַרגעסן אַף זײַנע נאַרישקייטן, אָדער מען זאָל אויסגעפי־נען עפּעס אַ מיטל צו זײַן מעשוגאַעס. קאַראַסקאָ האָט דאָס אָנגענומען און פאַר וואָפּנטרעגער האָט זיך אים אָנגעשלאָגן טאָמע סעסיאַל, סאַנטשאָ פּאַנצאַס אַ שאָכן און אַ גוטער ברודער, אַ מענטש אַ פריילעכער און מיט אַ קלוגן קאָפּ אַף די פּלייצעס.

באַפּאַנצערט האָט זיך קאַראַסקאָ, ווי עס ווערט דערציילט, און טאָמע סע־סיאַל האָט זיך אַף זײַן נאַטירלעכער נאָז אַרויפגעזעצט די שוין דערמאָנטע פאַל־שע און פאַרמאַסקירטע, קעדיי זײַן גוטער ברודער זאָל אים נישט דערקענען ווען זיי וועלן זיך דערזען, און נאָכגעריטן זײַנען זיי דאָן קיכאָטן און שיר נישט אָנגע־טראָפן זיך מיט אים בעיים דעם געראַנגל מיט דער טויטן־בויד. און אָנגעטראָפן האָבן זיי זיך דערנאָך אין וואַלד, ווו עס האָט פּאַסירט דאָס וואָס דער פאַרשטענ־דיקער לייענער האָט געלייענט. און ווען ניט דאָן קיכאָטס אויסטערלישע טראַכ־טענישן און זײַן איינרעדעניש, אַז דער באַקאַלאַווער איז נישט דער באַקאַלאַווער, וואָלט דער האַר באַקאַלאַווער שוין קיינמאָל נישט געקענט פאַרענדיקן אַף ליצענ־ציאַט, מאַכמעס דאָרט ווו ער האָט גערעכנט טרעפן די פייגל, האָט ער די נעסט נישט געטראָפן.

טאַמע סעסיאַל, וואָס האָט געזען ווי שלעכט אויסגעפאַלן עס איז דאָס וואָס ער האָט זיך פירגענומען און ווי שלעכט פאַרפירט עס האָט אים דער וועג, האָט זיך אָנגערופן צום באַקאַלאַווער:

— מיר האָבן מיט אַן עמעסן, האַר סאַמסאָן קאַראַסקאַ, דאָס וואָס מיר האָבן פאַרדינט: זייער גרינג פאַרטראַכט מען און זייער גרינג וואַרפט מען זיך אַרײַן אין אַן אייסעק, נאָר זייער שווער קריכט מען אַמאָל אַרויס פון אים. דאָן קיכאָט, דער מעשוגענער, מיר די קלאָרע, רײַט ער זיך געזונטערהייד און לאַכט פון אונדז און אײַער געגעדיקייט גייט אַהיים מיט געבראָכענע ביינער און אַ פאַרטרויער־טער. לאָמיר זשע נאָר איצטער אַ קלער טאָן: ווער איז מער מעשוגע, דער וואָס איז מעשוגע מאַכמעס אַנדערש קען ער ניט, אָדער דער וואָס איז מעשוגע ווײַל ער וויל אַזוי?

דערויף האָט סאַמסאָן געענטפערט:

דער כילעק צווישן די ביידע מינים מעשוגאַעסן איז דער: דער וואָס אַנדערש קען ער ניט, וועט שוין אייביק זײַן מעשוגע, און דער וואָס מאַכט זיך, הערט אויף ווען ער וויל.

— אויב אַזוי, — האָט טאָמע סעסיאַל געזאָגט, — בין איך מעשוגע געווען מיט מײַן אייגענעם ווילן, ווען איך האָב מיך אָנגעשלאָגן צו אײַער געגעדיקייט פאַר וואָפנטרעגער, און מיט מײַן אייגענעם ווילן וויל איך דאָס אויפהערן צו זײַן און אַהיימגיין.

— דאָס דאַרפט איר טאָן, — האָט סאַמסאָן געענטפערט, — וואָרום דענ־קען, אַז איך זאָל אַהיימגיין ערשט ווען איך וועל האָבן געבראָכן די ביינער דאָן קיכאָטן, הייסט דענקען וועגן אַן אומעגלעכער זאַך. און מיך וועט מער נישט פירן דער באַגער אים אויפצווזוכן קעדיי אים אומצוקערן דעם קלאָרן סייכל, נאָר דער באַגער פון אים נעקאָמע צו נעמען. דער ווייטיק, וואָס איך פיל אין די ביינער, לאָזט מיך נישט דענקען מיט מער ראַכמאָנעס.

אַזוי האָבן זיי ביידע געשמועסט, ביז זיי זײַנען צוגעקומען צו אַ ייִשעוו, וווּ זיי האָבן געהאַט דאָס גליק צו טרעפן אַ ביינער־רויפע, וואָס האָט גענומען היילן דעם אומגליקלעכן סאַמסאָן. טאָמע סעסיאַל איז זיך אַוועק און ער איז פאַרבליבן צוטראַכטן זײַן נעקאָמע. און די געשיכטע קערט זיך אום צו אים שפּעטער, קעדיי דערווײַל זיך צו פרייען מיט דאָן קיכאָטן.

## זעכצנטער קאַפּיטל

### וועגן דעם וואָס דאָן קיכאָטן האָט פּאַסירט מיט אַ קלוגן קאַוואַליר פון לאַ מאַנטשאַ

מיט דער פרייד און האַנאָע און מיט דעם שטאָלץ, ווי עס וווערט פריער געזאָגט, איז זיך דאָן קיכאָט געריטן זײַן וועג און מיט דעם אָפּגעהאַלטענעם ניצאָכן, האָט ער זיך באַטראַכט פאַר דעם מוטיקסטן וואַנדער־ריטער, וואָס די

וועלט האָט פאַרמאָגט אין יענער צײַט. געהאַלטן האָט ער פאַר פּאַרענדיקט און צו א גליקלעכן סאָף דערפירט וויפל נאָר גערעכנט עס קענען אים טרעפן פון דע־מאָלט אָן און ווײַטער. געקוקט האָט ער מיט גרינגשעצונג אַף דעם קישעף און די קישעפמאַכער, נישט געדענקט האָט ער די אָן א שיר קלעפּ, וואָס ער האָט באַקו־מען פאַר דער גאַנצער צײַט פון זײַנע ריטערישע באַגעגענישן: נישט דעם האָגל שטיינער, וואָס האָט אים א העלפט פון זײַנע ציינער אין מויל אויסגעזעצט, נישט דאָס שלעכטע געצאָלטס פון די קאַטאַרזשניקעס, נישט די כוצפּע און דעם רעגן שטעקענעס פון די זשאַנגוועזער. געטראַכט האָט ער זיך גאָר, אַז אויב ער זאָל אויסגעפינען א מיטל, אָן אויפן אָדער א מאַניר ווי צו באַפרײַען זײַן דאַמע דולצינעא פונעם קישעף, וועט ער נישט מעקאַנע זײַן דאָס גרעסטע גליק, וואָס דער גליקלעכסטער פון די וואַנדער־ריטער אין די פאַרגאַנגענע צײַטן האָט דער־גרייכט.

פאַרנומען געווען איז ער מיט אָט די געדאַנקען, ווען סאַנטשאָ האָט זיך צו אים אָנגערופן:

— איז עס נישט גוט, מײַן האַר, וואָס מיר קען גאָר פון די אויגן נישט אָפּ־טרעטן די גוואַלדאָוונע גרויסע נאָז פון מײַן קוואַטער טאָמע סעסיאַל?

— גלויבסטו עפּשער, סאַנטשאָ, אַז דער ריטער מיט די שפּיגלען איז געווען דער באַקאַלאַווער קאַראַסקאָ און אַז טאָמע סעסיאַל איז געווען זײַן וואָפנטרע־גער?

— איך ווייס ניט וואָס איך זאָל גלויבן — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — איך ווייס נאָר, אַז די סימאָנים, וואָס ער האָט מיר געגעבן וועגן מײַן שטוב, וועגן מײַן ווײַב און מײַנע קינדער, האָט מיר קיינער אַכוץ אים נישט געקענט געבן, און דאָס פּאָנים, אָן דער נאָז, איז געווען טאָמע סעסיאַלס פּאָנים, אַזאַ ווי איך האָב עס א סאַך מאָל געזען בא מיר אין דאָרף און איבער א וואַנט לעבן מײַן שטוב, און זײַן טאָן פון ריידן אויך דער אייגענער.

— לאָמיר נאָר א קלער טאָן, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט אָפּגעענטפערט. — קום נאָר אַהער: אין וועמענס מויעך קען זיך פּאַטויפּען אַזאַ זאַך, אַז דער באַ־קאַלאַווער סאַמסאָן קאַראַסקאָ זאָל קומען ווי א וואַנדער־ריטער, באַוואָפנט מיט אָנפּאַלעריישן און פּאַרטייטיקונגס געווער, מיט מיר זיך צו שלאָגן? בין איך עפּ־שער געווען זײַנער א סוינע? האָב איך אים אַמאָל געגעבן א געלעגנהייט ער זאָל אַף מיר האָבן א בייז אויג? בין איך זײַן ריוואַל, אָדער פּראַקטיצירט ער דעם באַרוף פון דעם געווער, ער זאָל מיך אייפערן אַף דעם נאָמען, וואָס איך האָב מיר דערמיט געוווּנען?

— איז וואָס זשע, מײַן האַר — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — זאָלן מיר זאָגן דערצו, וואָס דער ריטער איז אויסן אויג דער באַקאַלאַווער קאַראַסקאָ און זײַן וואָפנטרעגער מײַן קוואַטער טאָמע סעסיאַל? און אויב דאָס איז א קישעף, ווי אײַער גענעדיקייט האָט געזאָגט, טאָ זײַנען גאָר אַף דער וועלט נישטאָ נאָך צוויי אַזוינע, וואָס זאָלן האָבן זייער פּאָנים?

— ס'איז נאָר די קונץ און אויסטראַכטעניש — האָט דאַן קיכאָט געזאָגט, — פון די בייזע מאַגן, וואָס פאַרפאָלגן מיך. פאַרויסגעזען האָבן זיי, אַז איך מוז פון דעם געראַנגל אַרויס מיט ניצחון, האָבן זיי זיך באַוואָרנט, אַז דער באַזיגטער ריטער זאָל זיך באַווייַזן מיט דעם פּנים פון מייַן פרייַנט דעם באַקאַלאַווער, כּדי די פרייַנטשאַפט, וואָס איך פיל צו אים, זאָל זיך אַוועקשטעלן צווישן דער שאַרף פון מייַן שווערד און דער שטרענגקייט פון מייַן אָרעם און זאָל מילדערן דעם גערעכטן צאָרן פון מייַן האַרץ, און ער זאָל אַזוי אַרום לעבן בלייַבן, ער, וואָס האָט מיט פאַלשקייט און פאַרפירערישקייט געוואָלט מייַן לעבן אַוועקנעמען.

„ווי אַ באַווייַז דערצו, אָ, סאַנטשאָ, האָסטו שוין די דערפאַרונג, וואָס וועט דיך נישט לאָזן גענאַרן און ליגן זאָגן, ווי גרינג עס איז די קישעפמאַכער צו פאַרבייַטן איין פּנים אויף אַ צווייטן און מאַכן פון שיין מיעס און פון מיעס שיין, וואָרום ערשט מיט צוויי טעג צוריק האָסטו מיט דייַנע אייגענע אויגן געזען די שיינקייט און שטאַלטיקייט פון דער אָן גלייַכן דולציניעאַ און איר גאַנצער שליימעס און שלאַנקן גוף און איך האָב זי געזען אין דער מיעסקייט און נידעריקייט פון אַ גראָבער פּויערטע מיט בעלמעס אויף די אויגן און מיט אַ שלעכטן רייעך פונעם מויל. און אויב דער מענוול דער קישעפמאַכער האָט זיך דערוועגט אַזאַ בייזע פאַרוואַנדלונג צו מאַכן, איז עס נישט קיין סך אויב ער האָט פאַרוואַנדלט סאַמסאָן קאַראַסקאָ און דייַן קוואַטער, כּדי בײַ מיר פון די הענט אַרויסנעמען דעם קאָוועד פון דעם ניצחון. נאָר, נאָך דעם אַלעמען, טרייסט איך מיך, וואָס סאָפּקאַלסאָף, אין וועלכער געשטאַלט עס זאָל נישט זייַן, בין איך אַרויס מיט ניצחון איבער מייַן סוינע.

— גאָט ווייסט דעם עמעס — האָט סאַנטשאָ געענטפערט. — און אַזוי ווי ער האָט געוווּסט, אַז דולציניעס פאַרוואַנדלונג איז געווען זייַן אייגענער קונץ און זייַן אייגענע דערפינדונג, האָבן אים זייַן האַרס דימיוינעס נישט צופרידנגעשטעלט. ער האָט אים אָבער נישט געוואָלט אָפּענטפערן, כּדי מיט עפּעס אַ וואָרט נישט אויפצודעקן דעם שווינדל?

געהאַלטן האָבן זיי אינמיטן דעם שמועס, ווען אָנגעריטן איז הינטער זיי אַ מענטש אויף אַ זייער שיינער געפלעקטער שקאַפּע, געקליידט אין אַן אויבער־ראָק פון פייַנעם גרינעם שטאָף, באַפּוצט מיט לייבן־קאָלירטן סאַמעט, מיט אַ בערעט פון דעם אייגענעם סאַמעט. דאָס שפּאַן־געצייג פון דער שקאַפּע איז געווען פעלד־קאָלירט און דער זאָטל־גאַרטל גרין און פיאָלעט. געטראָגן האָט ער אַ קורצן מאַרישן זעבל אויף אַ ברייטן ברוסט־באַנד פון גרין מיט גאָלד אויסגעאַרבעט און אויך אַזוי אויסגעאַרבעט די שטיוולעטן. די שפּאָרן זייַנען נישט געווען קיין באַגילדעטע, נאָר גרין לאַקירט און אַזוי גלאַט פּאָלירט, אַז מאַכמעס געשטימט האָבן זיי מיט דער גאַנצער האַלבאָשע, האָבן זיי אויסגעזען בעסער נאָך ווי פון ריינעם גאָלד.

ווען דער רייַטער האָט זיך מיט זיי אויסגעגלייַכט, האָט ער זיי העפלעך געגריסט און מיט אַ שפּאָרן דער שקאַפּע, איז ער אַרויסגעקומען אויף פריער. נאָר דאָן קיכאָט האָט זיך צו אים אָנגערופן:

— גאַלאַנטער האַר, אויב אײַער גנעדיקייט רײַט מיט דעם אייגענעם וועג וואָס מיר, און איר אײַלט אײַך ניט, וועלן מיר עס באַטראַכטן פאַר אַ גענאָד אויב מירן רײַטן צוזאַמען.

— אין דער עמעסן — האָט דער האַר פון דער שקאַפע געענטפערט, — וואָלט איך נישט אַרויסגעריטן אַף פריער, ווען איך וואָלט נישט איבערגעטראַכט, אַז אין שכיינעס מיט מײַן שקאַפע וועט אײַער אַגער זיך דערהיצן.

— איר מעגט, מײַן האַר, אײַנהאַלטן אײַער שקאַפע, — האָט דערויף גע־ענטפערט סאַנטשאָ, — וואָרום אונדזער אַגער איז דאָס אָרנטלעכסטע און אָנ־שטענדיקסטע פערד אין דער וועלט. ער איז נאָך אַף זײַן לעבן אין אַזוינע פאַלן קיין נידעריקייטן נישט באַגאַנגען, און איינמאָל ווען ער האָט זיך צעהעפקערט, האָבן מיר אים, איך און מײַן האַר, צוגעמישפּעט מאָלקעם מיטן קאַנטשיק. נאָכאַמאָל זאָג איך אײַך, אײַער גנעדיקייט, אַז איר מעגט אײַך אָפּשטעלן אויב איר ווילט, וואָרום אַפילע מען זאָל עס אים דערלאַנגען אַף אַ טעלער צווישן איין מײַכל און צווייטן, וועט ער זיך נישט דערוועגן.

דער רײַטער האָט אײַנגעהאַלטן זײַן שקאַפע, האָט פאַרגאַפט געקוקט אַף דאָן קיכאָטס שטעל און אַף זײַן פּאָנים, וואָס איז געווען אָן דעם העלם, מאַכמעס גע־פירט האָט אים סאַנטשאָ פאַר אַ רענצל באַ זיך אַפן פאָדערשטן שפּיץ אייזלשן זאָטל. און אויב דער גרין געקליידטער האָט לאַנג באַטראַכט דאָן קיכאָטן, האָט נאָכמער דאָן קיכאָט באַטראַכט דעם גרין־געקליידטן, וואָס האָט אויסגעזען צו זײַן אַ קלוגער מענטש. געווען איז ער אַ מענטש אין די פופציקער, קוים גרוי און דאָס פּאָנים אָדלעריש, דער קוק האַלב שטרענג האַלב פריילעך, און ביכלאַל איז פון דער האַלבאָשע און פון דער האַלטונג צו זען געווען, אַז ער איז אַ מענטש אַ באַל־מידעס.

געטראַכט האָט דער גרין־געקליידטער וועגן דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, אַז זינט ער לעבט האָט ער נאָך אַזאַ מענטשן, מיט אַזוינע מאַנירן און אַזאַ געשטאַלט נישט געזען. געוווּנדערט האָט ער זיך אַף דער לענג פון זײַן פערד, אַף דער הויך פון זײַן גוף, אַף דער מאָגערקייט און געלקייט פון זײַן פּאָנים, אַף זײַן געווער, זײַנע טנועס. אַ געשטאַלט און אַ פּאָנים, וואָס מען האָט זײַט לאַנגע יאָרן נישט געזען אין יענער מעדינע. גוט געמערקט האָט דאָן קיכאָט ווי יענער קוקט זיך אײַן אין אים, און אין דעם גאַפן האָט ער געלייענט יענעמס באַגער. און מאַכמעס געווען איז ער זייער העפלעך און האָט ליב געהאַט נאָכצוגעבן יעדן זײַן גוסט, האָט ער אים גאָרנישט נישט געפרעגט, נאָר גלײַך צו אים אונטערגעקומען און אים געזאָגט:

— מיך וואָלט געוווּנדערט ווען איר ווונדערט אײַך נישט אַף דער גע־שטאַלט, וואָס אײַער גנעדיקייט האָט אין מיר דערזען, מאַכמעס נײַ און נישט געוויינלעך. נאָר אײַער גנעדיקייט וועט אײַך אויפהערן וווּנדערן, ווען איך וועל אײַך זאָגן, ווי איך זאָג עס אײַך טאַקע, אַז איך בין אַ ריטער

פון יענע וואָס לײַטן זאָגן,
אַז זיי גייען זייערע גליקן זוכן.

איך האָב פאַרלאָזט מײַן היים, האָב פאַרמאַשקנט מײַן גוט, האָב איבערגע־לאָזט מײַנע פאַרגעניגנס און האָב מיך איבערגעגעבן אין די הענט פונעם גוירל ער זאָל מיך פירן ווו אים וועט זיך גלוסטן. מיר האָט זיך פאַרוואָלט אויפלעבן דאָס שוין טויטע וואַנדער־ריטערטום, און שוין אַ לענגערע צײַט ווי אַט שטרויכל איך און אַט פאַל איך, אַט פּליים איך מיך און אַט הויב איך מיך אויף, און טייל־ווײַז האָב איך דערגרייכט מײַן באַגער צו העלפן אַלמאָנעס, שיצן בסולעס און טויוועס טאָן כאַסענע געהאַטע, יעסוימים און אונטערגעוואָרפענע, וואָס דאָס איז דער באַרוף פון די וואַנדער־ריטער. און אַ דאַנק דער גרויסער צאָל מעכטיקע און קריסטלעכע מאַיסים מײַנע, האָב איך זוּיכע געוואָן אומצוגיין אַ געדרוקטער אין קימאַט אַלע אָדער מערסטע לענדער פון דער וועלט. דרײַסיק טויזנט בענדער האָט מען אָפּגעדרוקט פון איין געשיכטע און עס האַלט דערבײַ מען זאָל אָפּדרוקן דרײַסיק טויזנט מאָל טויזנטער, אויב דער הימל וועט זיך נישט אַרײַנמישן. בקיצער, אין קורצע ווערטער אָדער אין איין וואָרט צו זאָגן, בין איך דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, מיט אַן אַנדער נאָמען אָנגערופן „דער ריטער מיט דעם נעבעכ־דיקן פּאָנים". און כאָטש אייגן־לויב איז פאַרדאַרבעריש, מוז איך מיך עפּשער אַליין לויבן, און דאָס איז פאַרשטענדלעך דעמאָלט ווען עס איז נישטאָ דערבײַ ווער עס זאָל דאָס טאָן. אַזוי אַז פון איצט און ווײַטער וועט אײַך שוין נישט וווּנ־דערן, האַר זשענטלמאַן, נישט דאָס פערד, נישט די שפּיז, נישט דער שילד, נישט דער וואָפּנטרעגער, נישט דאָס גאַנצע וואָפן, נישט די געלקייט אַף מײַן פּאָנים, נישט מײַן אָפּגעצערטקייט ווען איר ווייסט שוין ווער איך בין און וואָס מײַן באַרוף איז.

אַנטשוויגן געוואָרן איז דאָן קיכאָט נאָך אָט די רייד, און מאַכמעס דער גרין־געקליידעטער האָט נישט באַלד געענטפערט, האָט זיך געקענט דאַכטן, אַז אים גיט זיך נישט אײַן צו ענטפערן. נאָר אין אַ היבשער ווײַל אַרום האָט ער אים געזאָגט:

— געלונגען איז אײַך, האַר ריטער, פון מײַן פאַרוווּנדערונג צו דערקענען מײַן באַגער, נאָר נישט געלונגען איז אײַך מיך צו באַפרײַען פון דער פאַרוווּנדערונג, וואָס מיר פאַרשאַפט אײַער אָנבליק. וואָרום כאָטש, ווי איר זאָגט, האָט מיך פון מײַן פאַרוווּנדערונג געקענט באַפרײַען דאָס בלויזע וויסן ווער איר זענט, איז עס נישט אַזוי געוואָרן. פאַרקערט, איצט בין איך נאָכמער געפּלעפּט און פאַרוווּנדערט. איז עס מעגלעך, אַז אין הײַנטיקער צײַט זײַנען פאַראַן וואַנדער־ריטער אַף דער וועלט און אַז פאַראַן זײַנען אָפּגעדרוקט געשיכטעס פון עמעסע ריטער־מײַסים? איך קען מיר נישט אײַנריידן, אַז אַף דער וועלט זאָלן הײַנט זײַן אַזוינע, וואָס טוען טויוועס די אַלמאָנעס, באַשיצן די בסולעס אָדער באַערן די כאַסענע געהאַ־טע און העלפן יעסוימים. איך וואָלט עס נישט געגלויבט, ווען איך זע עס נישט אין אײַער גענעדיקייט מיט די אייגענע אויגן. געבענטשט זאָל זײַן דער הימל, אויב מיט דער געשיכטע, וואָס אײַער גענעדיקייט זאָגט, אַז זי איז אָפּגעדרוקט, מיט די עמעסע הויכגערימטע ריטער־מײַסים אײַערע, וועט מען האָבן אַרײַנגע־וואָרפן אין דער פאַרגעסנקייט די אָן שיר אויסגעטראַכטע מײַסעס פון די וואַנ־

דער־ריטער, וואָס די וועלט איז מיט זיי פול, צום שאָדן די גוטע זיטן און צום אומצוטרוי צו די גוטע געשיכטעס.

— פאַראַן אַ סאַך וואָס צו זאָגן דערוועגן — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — צי זיינען די געשיכטעס פון די וואַנדער־ריטער אויסגעטראַכטע אָדער ניט.

— זיינען נאָך פאַראַן מענטשן, וואָס זיינען מסופק צי דער מין געשיכטעס זיינען פאַלש? — האָט געענטפערט דער גרינער.

— איך בין מסופק — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — און זאָל עס דאָ פעסטגעשטעלט ווערן. און אויב מירן נאָך לענגער רייטן איניינעם איבער דעם וועג, האָף איך צו גאָט, אַז איך וועל נאָך אייער גנעדיקייט געבן צו פאַרשטיין, ווי שלעכט איר האָט געטאָן, וואָס איר האָט זיך געלאָזט פירן מיט דעם שטראָם פון יענע וואָס זיינען זיכער, אַז זיי זיינען נישט וואָר.

פון אָט די לעצטע ווערטער דאָן קיכאָטס, האָט דער ריטער זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָן קיכאָט מוז זיין אַ שטיק כאָסעדרייע, און האָט אָפּגעוואַרט ער זאָל דאָס מיט זיינע ווייטערדיקע רייד באַקרעפטיקן. נאָר איידער זיי קלייבן זיך פאַרברענגען אין אַ ווייטערדיקן שמועס, האָט דאָן קיכאָט אים געבעטן זאָגן ווער ער איז, מאַכמעס וועגן זיך האָט ער אים שוין דערציילט, סיי וועגן זיין שטאַנד און סיי וועגן זיין לעבן. דערויף האָט געענטפערט דער וואָס מיט דעם גרינעם אויבער־ראָק:

— איך, האר ריטער מיט דעם נעבעכדיקן אויסזען, בין אַן אדעליקער, געבוירן אין אַ ייִשעוו וווּ מיר וועלן היינט עסן, אויב גאָט וועט וועלן. איך בין מער ווי מיטלמעסיק רייך, און מיין נאָמען איז דיעגאָ דע מיראַנדאַ. איך לעב מיר אָפּ מיין לעבן מיט מיין ווייב און קינדער און מיט מיינע גוטע ברידער. מיין פאַרברענגעניש איז יאָגד און פישפאַנג, נאָר איך האַלט נישט באַ מיר קיין שפּאַרבער און קיין באַרטן, נישט מער ווי שטילן שרויט אָדער אַ כוצפּעדיק טכוירל. איך האָב באַ מיר אַ זעקס טוץ ביכער, טייל אין דער פאָלקס־שפּראַך און טייל אין לאַטיין, טייל מיט געשיכטעס און טייל פרומע: ריטער־ראָמאַנען זיינען נאָך מיין שוועל נישט אַריבערגעטראָטן. איך בלעטער מער די וועלטלעכע ווי די פרומע, אויב נאָר זיי זיינען פון אָנשטענדיקן אונטערהאַלט, וואָס פאַרשאַפן פאַרגעניגן מיט זייער שפּראַך און רופן אַרויס באַוווּנדערונג און אַנטציקונג מיט זייער פאַבל, כאָטש פאַראַן איז פון דעם מין גאַנץ ווייניק אין שפּאַניע. אַן אַנדער מאָל עס איך מיט מיינע שכיינים און גוטע ברידער, און אָפּטמאָל פאַרוף איך זיי צו מיר. מיינע געסט זיינען ריינע און געפּוצטע, און גאָרנישט קנאַפּ. איך האָב נישט ליב קיין רעכילעס צו טרייבן, און האָב אויך נישט ליב מען זאָל מיר דערציילן רעכילעסן. איך גריבל מיך נישט אין יענעמס לעבן און קוק נישט נאָך וואָס יענער טוט. איך גיי יעדן טאָג אין קלויסטער. איך טייל צדאָקע אָרימע לייט און צעפּויק נישט וועגן דעם, קעדיי ניט צוצולאָזן צו מיין האַרצן קיין צוויעס און באַרימערייַ, צוויי סאָנים וואָס פאַרגאַנווענען זיך שטילערהייד אינעם באַשיידנסטן האַרצן. איך זוך שאָלעם צו מאַכן צווישן די וואָס איך זע אַז זיי זיינען צעקריגט. איך בין אַ פרומער פאַרערער פון דער הייליקער בסולע און האָב שטענדיק ביטאָכן צו דער אומענדלעכער באַרימהאַרציקייט פון גאָט אונדזער האַר.

ביז נאָר איינגעהערט האָט זיך סאַנטשאָ דערין וואָס דער אַדעליקער האָט דערציילט וועגן דעם ווי ער לעבט און פאַרברענגט זײַן צײַט, און מאַכמעס אויס־געזען האָט דאָס אים גוט און פרום, און אַז דער וואָס לעבט אַזוי, קען ווּנדער באַווײַזן, האָט ער זיך אַראָפּגעוואָרפן פונעם העל־ברוינעם און איז צוגעלאָפן צום פּאַריץ און זיך אָנגעכאַפּט פאַר דער רעכטער סטרעמעניע, און מיט אַ פרום הארץ, קימאַט מיט טרערן אין די אויגן, האָט ער אים געקושט די פיס איינמאָל און אַ צווייטן מאָל. און אַז דער פּאַריץ האָט דאָס דערזען, האָט ער אים געפרעגט:

— וואָס טוט איר, ברודער? פאַר וואָס דאָס קושן?

— לאָזט מיך אײַך קושן — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — וואָרום אײַער געגנעדיקייט, דאַכט מיר, איז דער ערשטער רײַטנדיקער הייליקער, וואָס איך האָב אַף מײַן לעבסטאָג געזען.

— איך בין נישט קיין הייליקער — האָט דער פּאַריץ געענטפערט, — איך בין אַ זייער זינדיקער מענטש. איר, ברודער, מוזט זיכער זײַן אַ גוטער, ווי מען זעט עס פון אײַער פּאַשעטקייט.

סאַנטשאָ האָט זיך ווידער אַרײַנגעזעצט אין זײַן שטרויזעקל נאָכדעם ווי ער האָט אַרויסגעריסן אַ געלעכטער פון זײַן האַרס טיפן טרויער און נײַע פאַרוווּנדערונג אַרויסגערופן בײַ דאָן דיעגאָ. געפרעגט האָט אים דאָן קיכאָט וויפל קינדער ער האָט און דערבײַ האָט ער אים געזאָגט, אַז איינע פון די זאַכן, וואָס די אַלטע פילאָזאָפן, כאָטש נישט געהאַט האָבן זיי די עמעסע דערקענטעניש פון גאָט, האָבן געזען אין זיי דאָס העכסטע גליק, איז גוטע מידעס, מאַזל, אַ סאַך פרײַנט און אַ סאַך און גוטע קינדער.

— איך האָב, האר דאָן קיכאָט, — האָט דער פּאַריץ געענטפערט, — איין זון, וואָס איך וואָלט מיך עפּשער געשאַצט גליקלעכער, ווי איך בין, ווען איך האָב אים נישט. און נישט מאַכמעס ער איז אַ שלעכטער, ניין, נאָר מאַכמעס ער איז נישט אַזוי גוט ווי איך וואָלט וועלן. אַ יאָר אַכצן איז ער אַלט. זעקס יאָר האָט ער פאַרבראַכט אין סאַלאַמאַנקאַ און האָט דאָרט געלערנט די לאַטײַנישע און די גריכישע שפּראַך. און ווען איך האָב געוואָלט ער זאָל נעמען לערנען אַנדערע וויסנ־שאַפטן, איז ער שוין געווען אַזוי פאַרכאַפּט פון דער פּאָעזיע (אויב מען קען זי אָנ־רופן וויסנשאַפט), אַז עס איז גאָר מיט אים אומעגלעך צו ריידן וועגן לערנען געזעצן, ווי איך וואָלט וועלן, און אויך נישט וועגן טעאָלאָגיע, די קיניגן פון אַלע וויסנשאַפטן. איך וואָלט וועלן ער זאָל זײַן די קרוין פון זײַן שטאַם, מאַכמעס מיר לעבן אין אַ צײַט, ווען אונדזערע קיניגן באַלוינען גאָר הויך די זיטלעכע און גוטע שריפטקענטעניש. וואָרום בילדונג אָן זיטן איז ווי פערל אָפן מיסטפלאַץ. דער גאַנצער טאָג גייט בײַ אים אַוועק אַף אויסצוגעפינען צי האָט האָמער גוט אָדער שלעכט געזאָגט אַ פערז אין דער איליאַדע, צי איז מאַרציאַל געווען אָרנטלעך אין דעם אָדער יענעם עפּיגראַם, צי דאַרף מען פאַרשטיין אַזוי אָדער אַנדערש ווירגילים פערזן. קורץ, ער רעדט נאָר וועגן די ביכער פון יענע פּאָעטן און וועגן האָראַציאָ, פּערסיוס, יוּווענאַל און טיבולוס. פון די מאָדערנע שרײַבער אין שפּאַניש

האַלט ער ניט שטאַרק. און טראַץ דער נישט גערנקייט, וואָס ער ווײַזט אַרויס צו דער פאָלקס פּאָעזיע, איז אים איצט דער קאָפּ פאַרדרייט מיט אַ גלאָסע אָף פיר פערזן, וואָס מען האָט אים צוגעשיקט פון סאַלאַמאַנקאַ, און איך האַלט, אַז זיי האָבן אַ ליטעראַרישן ווערט.

אָף דעם אַלעמען האָט דאָן קיכאָט געענטפערט:

— קינדער, מײַן האַר, זײַנען שטיקער אינגעווייד פון זייערע עלטערן, און מען מוז זיי ליב האָבן, סײַ זיי זײַנען גוט און סײַ זיי זײַנען שלעכט, ווי מען האָט ליב די נעשאָמעס וואָס גיבן אונדז לעבן; דער כוייוו פון די עלטערן איז פון קליינערהייד אָן צו שטעלן זייערע טריט אָף דעם וועג פון זיטלעכקייט, פון דערצויגנקייט און פון גוטער אויפפירונג, קעדיי ווען זיי וועלן גרויס ווערן, זאָלן זיי זײַן דער אָנשפּאַר פון זייערע עלטערן און דער רום פון זייער נאָכקומפט. און וואָס שײַעך צווינגען זיי זאָלן לערנען די אָדער יענע וויסנשאַפט, האַלט איך עס נישט פאַר גוט, כאָטש איבעררייִדן זיי קען ניט שאַטן. און אויב מען מוז ניט שטודירן אָף צו פאַרדינען זיך דאָס ברויט און דער סטודענט איז אַזוי גליקלעך, וואָס דער הימל האָט אים געגעבן עלטערן, וואָס דערלאָזן עס, וואָלט איך געווען מיט דער מיינונג מען זאָל זיי לאָזן שטודירן די וויסנשאַפט, וואָס איז זיי מער צום האַרצן. און כאָטש פּאָעזיע איז נישט אַזוי נוצלעך ווי פאַרגעניגנדיק, איז זי נישט פון יענע זאַכן, וואָס פאַרשאַפן אומקאָוועד די וואָס באַזיצן זיי. פּאָעזיע, האַר אַדע־ליקער, לויט מײַן מיינונג, איז ווי אַ יונג און צאַרט מיידל, אַ ביז גאָר שיינע, וואָס אַנדערע מיידלעך זאָרגן זי רײַכער צו מאַכן, זי צו פּוצן און צירן. אָט די מיידלעך זײַנען עס די אַנדערע וויסנשאַפטן און זי דינט זיך מיט זיי און זיי ווערן אַדאַנק איר גרעסער און וויכטיקער. נאָר דאָס מיידל וויל נישט זײַן פון אַלעמען אויסגע־טאַפּט, געשלעפּט איבער די גאַסן און צעפּויקט איבער די ראָגן שטאָטפּלעצער און פּאַלאַצן־ווינקלען. זי איז געמאַכט פון אַן אַלכימיע מיט אַזאַ אייגנשאַפט, אַז ווער עס ווייסט ווי מיט איר אומצוגיין, מאַכט פון איר דאָס ריינסטע גאָלד, וואָס האָט גאָר קיין פרײַז ניט. זאָל זי דערום דער וואָס האָט זי, האַלטן דערווײַטערט, נישט לאָזן איר אומלויפן איבער שווערלײַביקע סאַטירעס און האַרצלאָזע סאָנעטן. זי טאָר בעשומויפן נישט זײַן צום פאַרקויפן, און אַוואַדע נישט צו די העראָישע פּאָעמעס, צו די קלאָגנדיקע טראַגעדיעס אָדער פריילעכע און קונציקע קאָמעדיעס, זי טאָר זיך נישט לאָזן אויסנוצן פון די זשוליקעס און נישט פון דעם אומוויסנדיקן האַמוין, וואָס איז נישט פעיִק צו דערקענען און אָפּשאַצן די אוצרעס, וואָס געפינען זיך אין איר.

„און מיינט נישט, מײַן האַר, אַז איך רוף אָן האַמוין בלויז די פּלעבעיִשע און אָרימע לײַט. צווישן דעם האַמוין קען פאַרעכנט ווערן יעדער איינער, וואָס ווייסט נישט, מעג ער זײַן אַ האַר און אַ פּרינץ. און ווער עס היט אָט די געבאָטן, וואָס איך האָב אָנגעוויזן, אַזוי זיך צו באַציִען צו דער פּאָעזיע און אַזוי זי צו באַטראַכטן, וועט זײַן נאָמען זײַן באַרימט און געשעצט צווישן אַלע לענדער פון דער וועלט. און דאָס וואָס איר זאָגט, מײַן האַר, אַז אײַער זון האַלט ניט שטאַרק פון דער פּאָעזיע

און דער פאָלקס שפּראַך, פאַרשטיי איך, אַז ער איז נישט גאָר גערעכט דערמיט, און אַט פאַרוואָס; דער גרויסער האָמער האָט נישט געשריבן אין לאַטיין, מאַכמעס געוועזן איז ער אַ גריך, און ווירגילי האָט נישט געשריבן אין גריכיש, מאַכמעס געוועזן איז ער אַ לאַטיינער. קורץ, אַלע פאַרצײַטיקע פּאָעטן האָבן געשריבן אין דער שפּראַך, וואָס זיי האָבן געזויגן מיט דער מילך, און זײַנען נישט געגאַנגען זוכן קיין פרעמדע שפּראַכן אַף אַרויסצוברענגען אין זיי די הויכקייט פון זייערע באַגריפן. און מאַכמעס דעם, וואָלט רעכט געווען, אַז דער אײַנפיר זאָל זיך אויסשפּרייטן איבער אַלע לענדער, און מען זאָל נישט גרינגשעצן דעם דײַטשן פּאָעט דערפאַר וואָס ער שרײַבט אין זײַן שפּראַך, און אויך נישט דעם קאַסטעליאַנישן און אַפילע ניט דעם ביסקאַיִשן, וואָס שרײַבט אין זײַנער. נאָר אײַער זון (וועדליק איך, מײַן האַר, שטעל מיר פאָר) מוז נישט זײַן בייז אַף דער פּאָעזיע אין דער פאָלקס שפּראַך, נאָר אַף די פּאָעטן, וואָס זײַנען נישט מער ווי פאָלקס שפּראַך־שרײַבער, און קענען נישט קיין אַנדערע שפּראַכן און אַנדערע וויסנשאַפטן, וואָס זאָלן באַצירן און דערוועקן און העלפן זייער נאַטירלעכן דראַנג, און אַפילע דערין קען זײַן אַ טאָעס; וואָרום ווי דער עמעס איז, ווערט מע אַ פּאָעט געבוירן. מען מיינט דערמיט צו זאָגן, אַז פון זײַן מוטערס בויך קומט דער נאַטירלעכער פּאָעט אַרויס אַ פּאָעט. און מיט דער נויגונג, וואָס דער הימל האָט אים געגעבן, אָן שום לערע און קונצן, שאַפט ער זאַכן, וואָס באַרעכטיקן דעם וואָס האָט געזאָגט: „עסט דעוס אין נאָביס" (גאָט געפינט זיך אין אונדז) אאַ"וו. אויך מיין איך, אַז דער נאַטירלעכער פּאָעט, וואָס העלפט זיך אַרויס מיט דער קונסט, איז פיל בעסער און שטייגט איבער יענעם וואָס וויל דאָס זײַן בלויז דערמיט, וואָס ער קען די קונסט. דאָס איז דערפאַר וואָס די קונסט שטייגט נישט איבער די נאַטור, נאָר זי פאַרפולקאָמט זי. אַזוי אַז דאָרט ווו עס גייען געפּאָרט די קונסט מיט דער נאַטור און די נאַטור מיט דער קונסט, ברענגען זיי אַרויס אַ ביז גאָר פולקאָמענעם פּאָעט.

„זאָל אַלזאָ, די פּעולע פון מײַן געשפּרעך זײַן, האַר אַדעליקער, אײַער גענעדיקייט זאָל אײַער זון לאָזן גיין אַהין ווו זײַן שטערן רופט אים. אויב ער וועט זײַן אַזאַ גוטער סטודענט ווי ער באַדאַרף צו זײַן, און אַזוי ווי ער איז שוין מיט גליק אַרויפגעשטיגן די ערשטע שטאַפּלען פון דעם וויסן, וואָס דאָס איז שפּראַכן, וועט ער שוין אַליין שטייגן צום שפּיץ פון דער מענטשלעכער בילדונג, וואָס פּאַסט זיך אַזוי פאַר דעם ריטער מיט שווערד און מאַנטל, און זי באַצירט אים און באַערט אים און הייבט אים אַרויס ווי די מיטרע דעם בישאָף אָדער ווי די טאָגע די געזעצן־קענער. טאַדלט, אײַער גענעדיקייט, דעם זון אײַערן, אויב ער שרײַבט סאַטירעס, וואָס באַרירן עמיצנס קאָוועד און באַשטראָפט אים און צערייסט זיי. נאָר טאָמער שרײַבט ער פּרעדיקטן, אַף דעם שטייגער ווי האָראַציאָ, ווו ער טאַדלט ביכלאַל די פאַרדאָרבענע זיטן, ווי ער האָט דאָס אַזוי עלעגאַנט געטאָן, לויבט אים. וואָרום דעם פּאָעט איז געגעבן צו שרייבן קעגן אייפער און טאַדלען אין זײַנע פערזן די נישט פאַרגינער, דאָס אייגענע וועגן אַנדערע שלעכטע געוווינהייטן, אויב

גאָר ער ווייזט נישט אָן אַף באַשטימטע מענטשן. פאַראַן אָבער פּאָעטן, וואָס אַבי גאָר צו זאָגן אַ בייזוויליקייט, וועלן זיי ריזיקירן מען זאָל זיי פאַרשיקן אַף די פּאָנטאָ־אינדזלען. אויב דער פּאָעט איז צנועדיק זיטלעך, וועט ער אויך אַזוי זײַן אין זײַנע פערזן. די פּען איז די צונג פון דער נעשאָמע. ווי די באַגריפן וואָס ווערן אין איר געבוירן, אַזוי אויך זײַנען אירע שריפטן. און ווען די קיניגן און פירשטן זעען די וווּנדערלעכע וויסנשאַפט פּאָעזיע אײַנשטיין באַ פאַרנינפטיקע, זיטלעכע און ערנסטע מענטשן, גיבן זיי אים אָפּ קאָוועד, שעצן אים און מאַכן אים רײַך און קרוינען אים אַפילע מיט די בלעטער פון דעם בוים, וואָס דער בליץ האָט צו אים קיין צוטריט ניט, ווי אַ צייכן, אַז קיינער טאָר נישט באַליידיקן דעם וואָס זײַנע שלייפן זײַנען באַערט און באַצירט מיט דער דאָזיקער קרוין.

פאַרוווּנדערט איז געבליבן פון דאָן קיכאָטס רייד דער וואָס מיט דעם גרינעם אויבער־ראָק, אַזוי ווײַט אַז דאָס האָט באַ אים פאַרמינערט זײַן פריערדיקע מיי־נונג, אַז ער האָט פאַר זיך אַ כאַסערדייע. נאָר אין מיטן דעם געשפּרעך, וואָס איז נישט געווען אינגאַנצן צום געשמאַק סאַנטשאָן, איז דער וואָפּנטרעגער אַראָפּ פונעם וועג בעטן אַביסל מילך באַ די פּאַסטעכער, וואָס האָבן נישט ווײַט פון דאָרטן גע־מאָלקן זייערע שאָף, און בעיים מײַסע האָט שוין ווידער גערעדט דער אַדעליקער, אַ ביז גאָר צופרידענער מיט דאָן קיכאָטס קלוגשאַפט און זײַן פײַנער רעדע. און דאָ, האָט דאָן קיכאָט די אויגן אויפגעהויבן און האָט דערזען אַף דעם וועג איבער וועלכן זיי זײַנען געריטן, אַ וואָגן אָנקומען, פול מיט קיניגלעכע פענער. און מאַכמעס גע־זען האָט ער דערין אַ נײַעם געראַנגל, האָט ער גענומען שרײַען און רופן סאַנטשאָן ער זאָל אים דערלאַנגען דעם העלם. און אַז סאַנטשאָ האָט געהערט מען רופט אים, האָט ער איבערגעלאָזט די פּאַסטעכער און שנעל אַ טרײַב געטון דאָס אייזל און איז צוגעריטן צו זײַן האַר, וואָס פּאַסירט האָט מיט אים אַ שרעקלעכע און אומזיניקע פּאַסירונג.

## זיבעצנטער קאַפּיטל

**ווו עס ווערט געוויזן די לעצטע גרעניץ און דער שפּיץ צו וואָס עס איז דער־גאַנגען און האָט געקענט דערגיין דער אומדערהערטער מוט פון דאָן קיכאָטן, מיט דעם גליקלעך פאַרענדיקטן געראַנגל מיט די לייבן.**

די געשיכטע דערציילט, אַז בעיים דאָן קיכאָט האָט געשריגן צו סאַנטשאָן ער זאָל אים דערלאַנגען דעם העלם, האָט דער געהאַלטן אין קויפן באַ די פּאַסטעכער עטלעכע קעזלעך, וואָס זיי האָבן אים פאַרקויפט. און געטריבן פון זײַן האַרס גרויס אײַלעניש, האָט ער נישט געוווּסט וואָס ער זאָל טון מיט זיי און אויך נישט אין וואָס ער זאָל זיי טראָגן, און קעדיי זיי נישט אָנצוווערן, מאַכמעס געהאַט האָט ער שוין באַצאָלט פאַר זיי, איז אים אײַנגעפאַלן ער זאָל זיי אַרײַנלייגן אינעם האַרס העלם, און מיט דער טײַערער מאַטאָנע איז ער געלאָפן זען צו וואָס זײַן האַר רופט אים. און ווען ער איז צוגעקומען, האָט אים דאָן קיכאָט געזאָגט:

— דערלאַנג מיר נאָר, פריינט מיינער, דעם העלם, וואָרום אָדער איך פאַר־שטיי מיך נישט אַף גערעגל, אָדער דאָס וואָס איך מערק פון דאַנען, איז עפּעס אַזוינס, וואָס קען זיך אין מיר נייטיקן און איך זאָל מוזן נעמען דאָס געווער אין דער האַנט.

אַז דער ריטער מיט דעם גרינעם ראָק האָט דאָס דערהערט, האָט ער גענומען קוקן אַף אַלע זייטן און געזען האָט ער נישט מער ווי אַ פּור אַקעגן זיי אַנפאַרן, מיט צוויי אָדער דריי קליינע פענדלעך, וואָס פון זיי האָט ער געדרונגען, אַז מיט דער פור מוז מען פירן געלט פאַר זיין מאַיעסטעט. און אַזוי אויך האָט ער געזאָגט דאָן קיכאָטן. נאָר ער האָט אים נישט געגלויבט, מאַכמעס זיין שטענדיקער זיכערקייט, אַז אַלץ וואָס אים פּאַסירט, מוז נאָר זיין גערעגל און גערעגל, און ער האָט אַזוי געענטפערט דעם אַדעליקן:

— אַ געוואָרנטער מענטש, איז האַלב אַ געווינסטער. איך פאַרליר גאָרניט ווען איך באַוואָרן מיך, מאַכמעס פון דערפאַרונג ווייס איך, אַז איך האָב סאָנים, געזעענע און נישט געזעענע, און איך ווייס נישט ווען און ווו און אין וועלכער שאָ און אונטער וואָסער אַ געשטאַלט זיי וועלן מיך באַפאַלן.

און אומגעדרייט האָט ער זיך צו סאַנטשאָן און זיך געהייסן דערלאַנגען דעם העלם, און מאַכמעס סאַנטשאָ האָט נישט געהאַט אין וואָס אַריינצולייגן די קעזלעך, האָט ער אים דערלאַנגט דעם העלם אַזוי ווי ער איז געווען. דאָן קיכאָט האָט גענו־מען דעם העלם, און מאַכמעס ער האָט נישט אַריינגעקוקט וואָס אינעווייניק איז גע־ווען, האָט ער אים אין איילעניש זיך אַפן קאָפּ אָנגעטון. און דערפון וואָס די קעזן האָבן זיך צונויפגעפרעסט, האָט גענומען רינען פון זיי די סעראָוועטקע דאָן קיכאָטן איבערן פּאָנים און איבער דער באָרד, און ער האָט זיך דערפון אַזוי דערשראָקן, אַז ער האָט זיך אָנגערופן צו סאַנטשאָן:

— וואָס זאָל דאָס זיין, סאַנטשאָ, מיר דאַכט זיך דער שאַרבן ווערט מיר ווייך אָדער דער מאַרך צעגיסט זיך מיר, אָדער איך שוויץ פון קאָפּ ביז די פיס. און אויב איך שוויץ, איז מיט אַן עמעסן נישט פאַר שרעק. איך דענק מיסטאָמע, אַז דער גע־רעגל, וואָס גייט מיר איצט פּאַסירן, איז אַ שרעקלעכער. גיב מיר נאָר עפּעס מיט וואָס מיך אָפּצעווישן, אויב דו האָסט; דער שווייס פאַרקלעפּט מיר די אויגן.

סאַנטשאָ האָט געשוויגן און האָט אים דערלאַנגט אַ טוך. און געדאַנקט האָט ער גאָט, וואָס זיין האר האָט זיך נישט געכאַפּט וואָס אַזוינס מיט אים איז געשען. דאָן קיכאָט האָט זיך אָרומגעווישט און האָט אויסגעטון דעם העלם קעדיי צו זען וואָס אַזוינס קילט אים אין קאָפּ, ווי אים האָט זיך געדאַכט, און אַז ער האָט דערזען די ווייכע גאָמעלקעס אינעם העלם, האָט ער זיי צו דער נאָז צוגעלייגט, אַ שמעק געטון און געזאָגט:

— באַם לעבן פון מיין האַרנטע דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ, דאָס האָט מיין וואָפּנ־טרעגער, דער פּאַרעטער, דער אומפאַרשעמטער און אומדערצויגענער, דעם צוואָ־רעך אהער אַריינגעלייגט.

סאַנטשאָ האָט דערויף מיט גרויס גלייכגילטיקייט און קלוימערשטער אומשולד געענטפערט:

— אויב דאָס זײַנען קעזלעך, ניט זיי מיר אהער, אײַער גענעדיקייט, וועל איך זיי אויפעסן. נאָר זאָל זיי עסן דער סאָטן, וואָס האָט זיי אהין אוואדע אַרײַנגעלייגט. האָב איך געקענט האָבן די כוצפּע אויסצושמירן דעם העלם פון אײַער גענעדיקייט? געפונען האָט איר אַ מענטשן מיט כוצפּע? בענעמאָנעס, מײַן האר, ווי גאָט ניט עס מיר צו וויסן, מוז איך האָבן קישעפּמאַכער, וואָס פאַרפאָלגן מיך, ווי אַ באַשאָף און אַ גליד פון אײַער גענעדיקייט, און דאָס האָבן זיי מיסטאָמע אַרײַנגעלייגט אהין דאָס מיִעסקייט, קעדיי אײַער געדולד אין צאָרן אַרײַנצוברענגען און איר זאָלט מיר די ביינער ברעכן, ווי איר טוט עס. נאָר דאַסמאָל האָבן זיי אין דער עמעסן אַ פאַלשן שפּרונג געמאַכט. איך פאַרלאָז מיך אַף מײַן הארס גראַדן סייכל, אַז ער וועט פאַרשטיין, אַז נישט איך האָב קעזלעך און נישט איך האָב מילך אוכעדוימע זאַכן. און ווען איך וואָלט געהאַט, וואָלט איך זיי בעסער צו מיר אין מאָגן אַרײַנגעלייגט איידער אינעם העלם.

— אַלץ איז מעגלעך, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט.

און אַלץ האָט דער פּאַריץ צוגעזען און אַלץ האָט אים געוווּנדערט, איבער־הויפּט נאָכדעם ווי דאָן קיכאָט האָט זיך אָפּגעווישט דעם קאָפּ, דאָס פּאָנים און די באָרד און דעם העלם און האָט אים זיך אָנגעטון און זיך אַליין צוגעפּעסטיקט צו די סטרעמעניעס, די שווערד אַ טאַפּ געטון, די שפּיז אין דער האַנט גענומען און געזאָגט:

— איצט זאָל קומען וואָס עס וויל זיך, דאָ שטיי איך גרייט מיט דעם סאָטן אַליין זיך צו פאַרמעסטן.

אין דער רעגע איז אונטערגעקומען די פור מיט די פענער, און געזעסן איז אַף דער פור נישט מער ווי דער אָנטרײַבער פון די מויל־אייזלען און איינער אַ מענטש איז געזעסן אַף דער קעלניע. דאָן קיכאָט האָט זיך פאַר זיי אַוועקגעשטעלט און גע־זאָגט:

— ווּהין פאָרט איר, ברידער? וואָס איז דאָס פאַר אַ פור, וואָס פירט איר אין איר און וואָס זײַנען דאָס פאַר פענער?

דערויף האָט דער אָנטרײַבער געענטפערט:

— די פור איז מײַנע, איך פיר אין איר צוויי ווילדע לייבן אין זייערע שטייגן, וואָס דער גענעראַל פון אָראַן שיקט אין הויף אַרײַן מאַטאָנעס פאַר זײַן מאַיעס־טעט. די פענער זײַנען פון אונדזער האר קיניג, ווי אַ סימען, אַז דאָס פירט מען זײַנע אַ זאַך.

— גרויסע לייבן זײַנען עס? — האָט דאָן קיכאָט געפרעגט.

— אַזוי גרויס, — האָט געענטפערט דער מענטש, וואָס איז געזעסן אַף דער קעלניע, — אַז קיין גרעסערע זײַנען נאָך ביז הײַנט פון אַפריקע קיין שפּאַניע נישט אַרײַנגעקומען; וואָרום איך בין דער לייבן־פירער און האָב שוין גענוג לייבן אַף מײַן לעבן געפירט, נאָר ניט אַזוינע ווי די. אַ לייב מיט אַ לייבעכע זײַנען זיי, דער לייב ליגט פאַרשפּאַרט אין דער פאָדערשטער שטייג און די לייבעכע אין דער הינ־טערשטער. איצט זײַנען זיי הונגעריק, מאַכמעס זיי האָבן נישט געגעסן, און איר,

אײַער גענעדיקייט, טרעט אָפּ פונעם װעג, װאָרום מיר מוזן שנעל אָנקומען אַף דעם אָרט, װוּ מיר דאַרפן זײ געבן צו עסן.

דאַן קיכאַט האָט זיך דערויף אָנגערופן מיט אַ שמייכעלע:

— מיך סטראַשעט איר מיט לײבעלעך? מיך מיט לײבעלעך, און אַט דער שאָ? באַ גאָט, די האַרן, װאָס שיקן זײ אַהער, מוזן זען, אַז איך בין נישט דער װאָס שרעקט מיך פאַר לײבן. קריכט אַראָפּ, ליבער מענטש, און אַזױ װי איר זײַנט דער לײבן־פירער, װעט איר די שטײַגן עפענען און מיר די כּיַעס אַרױסלאָזן. אָט דאָ, אינמיטן פעלד, װעל איך זײ װײַזן װער עס איז דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, צולעהאַכעס און צו דער קרענקונג פון די קישעפמאַכער, װאָס שיקן זײ מיר.

— טע טע! — האָט דער פּאָריץ דערויף פאַר זיך אַ זאָג געטון. — אונדזער ריטער האָט באַװיזן װער ער איז. די קעזלעך, מיסטאָמע, האָבן אים דעם שאַרבן צעװײקט און דעם מאַרך אויסגעצײַטיקט.

אין דער רעגע איז צוגעקומען צו אים סאַנטשאָ און געזאָגט:

— מײַן האַר, באַ דעם װאָס גאָט איז, זעט אײַער גענעדיקייט, טוט װאָס איר קענט, אַז מײַן האַר דאָן קיכאָט זאָל זיך נישט פאַרטשעפּען מיט די לײבן. װאָרום טאָמער פאַרטשעפּעט ער זיך, װעלן זײ אונדז אַלעמען צעפּיצלען.

— אַזױ מעשוגע איז אײַער האַר — האָט דער פּאָרעץ געענטפערט, — אַז איר האָט מוירע און איר גלױבט, אַז ער װעט זיך פאַרטשעפּען מיט אַזוינע װילדע בײעס?

— נישט מעשוגע איז ער — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — נאָר דערװעגט.

— איך װעל שוין זען ער זאָל זיך נישט דערװעגן, — האָט דער פּאָריץ געענטפערט.

און צוגעגאַנגען איז ער צו דאָן קיכאָטן, װאָס האָט אונטערגעאײַלט דעם לײבן־פירער ער זאָל עפענען די שטײַגן, און אים געזאָגט:

— האַר ריטער, װאַנדער־ריטער דאַרפן אונטערנעמען געראַנגלען, װאָס גיבן אַ האָפענונג אַרויסצוקומען פון זײ גוט, אָבער נישט אַזוינע װאָס רויבן אװעק יעדע האָפענונג. װאָרום דער מוט, װאָס גײט אַריבער אײנעם גװוּל פון דערװעגן זיך האָט אין זיך מער שיגאָען װי גװוּרע. ביפראַט, װען די לײבן גײען נישט אַקעגן אײַער גענעדיקייט און נישט דאָס כּאַלעמט זיך זײ אַפּילע. מען פירט זײ װי אַ מאַטאָנע פאַר זײַן מאַיעסטעט און עס איז נישט רעכט זײ צו פאַרהאַלטן און שטערן זײ אין װעג.

— זאָל אײַער גענעדיקייט, האַר אַדעליקער — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — זיך פאַרנעמען מיט אײער שטילן שרויט און כוצפּעדיקן טכויר, און לאָזן זאָלט איר יעדן באַ זײַן באַרוף. ד ע ר באַרוף איז מײַנער, און איך װײס צי די האַרן לײבן גײען אַהין אָדער נישט אַהין.

און אויסגעדרײט האָט ער זיך צו דעם לײבן־פירער און אים געזאָגט:

— איך שװער, דאָן מענוװל, אַז אויב איר עפנט נישט באַלד די שטײַגן, שטעך איך אײַך באַלד צו מיט דער שפּיז צום װאָגן!

געזעגט האָט דער אָנטרײַבער ווי אַנטשלאָסן עס איז די באַוואָפנטע פאַנטאַזיע, האָט ער צו אים אַזוי געזאָגט:

— האַר מײַנער, זאָל אײַער גענעדיקייט אַזוי גוט זײַן און לאָזן אויסשפּאַנען די מויל־אייזלען, קעדײַ איך זאָל מיך ראַטעווען מיט זיי איידער מען לאָזט אַרויס די לייבן, וואָרום אויב זיי וועלן מיך דערהאַרגענען, בלײַב איך אַ געהאַרגעטער אויף מײַן גאַנץ לעבן: וואָרום מער פאַרמאָג איך נישט ווי דעם וואָגן מיט די מויל־אייזלען.

— אָ, דו אומגליקלעכער! — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — קריך אַראָפּ און שפּאַן אויס און טו ווי דו ווילסט, וואָרום באַלד וועסטו זען ווי דײַן אַרבעט איז געווען אַ אומזיסטע, און אַז דו האָסט דיר געקענט אײַנשפּאָרן די טערחע.

אַראָפּגעקראָכן איז דער אָנטרײַבער און האָט אין גרויס אײַלעניש אויסגעשפּאַנט, און דער לייבן־פירער האָט געשריגן:

— זײַט איידעס, איר אַלע דאָ, אַז קעגן מײַן ווילן און ביגוואַלד עפן איך די שטײַגן און לאָז אַרויס די לייבן און אַז איך פּראָטעסטיר קעגן אָט דעם האַר, אַז אַלץ דאָס בייז און יעדער שאָדן, וואָס די חײַעס קענען אָנטון, גייט אויף זײַן כעשבן, אַ צוגאָב מײַנע סכירעס און מײַנע רעוואָכים. אײַערע גענעדיקייטן, מײַנע האַרן, זאָלן זיך ערגיץ פאַרשטעקן איידער איך עפן, וואָרום מיר, בין איך זיכער, וועלן זיי קײַן בייז נישט טון.

נאָכאַמאָל האָט דער פּאָריץ אים גענומען אָפּריידן פון צו טון אַזאַ מעשוגאַעס, וואָרום אַזאַ אומזין צו באַגיין, וואָלט געמיינט שטעלן גאָט צום פּרווו. דערויף האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, אַז ער ווייסט וואָס ער טוט. דער פּאָריץ, ווידער, האָט אים געוואָרנט ער זאָל זיך פריער גוט באַטראַכטן, וואָרום ער איז זיכער, אַז ער נאַרט זיך.

— מײַן האַר, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — אויב איר ווילט נישט זײַן בײַ דער טראַגעדיע, ווי אײַך דאַכט זיך, גיט שוין די רעגע אַ טרײַב אײַער שקאַפּע און שטעלט אײַך אויסער סאַקאָנע.

געהערט האָט דאָס סאַנטשאָ, האָט ער אים מיט טרערן אין די אויגן געבעטן ער זאָל זיך אָפּלאָזן פון דעם אויפטו, וואָס אין פאַרגלײַך מיט דעם, זײַנען די געראַנגלען מיט די ווינטמילן, מיט די וואַלצערס און אַלע אַנדערע, לעקעך מיט טאָרט.

— באַרעכנט אײַך, מײַן האַר, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — אַז דאָ גייט נישט אָן קיין קישעף און נאָך אַזוינע זאַכן, וואָרום געזען האָב איך אַ נאָגל פון אַן עמעסן לייב, און וועדליק דער נאָגל, מוז דער לייב זײַן נאָך גרעסער ווי אַ באַרג.

— די מוירע, אַלנפאַלס, וועט דיר אים מאָלן גרעסער ווי אַ האַלבע וועלט. טרעט אָפּ, סאַנטשאָ, און לאָז מיך. טאָמער שטאַרב איך דאָ, ווייסטו שוין אונדזער אַלטן אָפּמאַך: וועסט צוגיין צו דולצינעאַן, און ווײַטער זאָג איך דיר גאָרנית.

געזאָגט האָט ער נאָך עפּעס אַזוינס, וואָס האָט בײַ אים צוגענומען יעדע האָפענונג, אַז ער וועט נישט באַגיין דעם אומזיניקן פּרווו. דער וואָס מיט דעם גרינעם ראָק האָט געוואָלט זיך קעגנשטעלן, נאָר געזען האָט ער ווי נישט גלײַך ער

איז קענן אים מיט דעם געווער און געטראכט האָט ער זיך אויך אַז ס'איז נישט קיין גלייכע זאַך האָבן צו טון מיט אַ מעשוגענעם, ווי ער האָט שוין געזען דאָן קי־כאָטן אַרום און אַרום. און בעיים דער האָט ווידער גענומען אונטעראייַלן דעם לייבן־פירער און אים סטראַשען, האָט דער פּאַריץ אַ טרייַב געטון זייַן שקאַפּע, סאַנטשאָ זייַן אייזל און דער אָנטרייַבער זייַנע מויל־אייזלען, און זיך געפּלייסט וואָס ווייַטער אָפּצוטרעטן פון דעם וואָגן, איידער די לייבן שפּרינגען אַרויס פון זייערע שטייגן. באַווייַנט האָט סאַנטשאָ דעם טויט פון זייַן האַר, וואָס קומט איצט אום, ווי ער האָט מיסטאָמע נעגלויבט, אין די נעגל פון די לייבן. געשאָלטן האָט ער זייַן מאַזל און אָנגערופן האָט ער בייזע שאָ, די מינוט ווען אים איז אַפּן געדאַנק געקומען ווידער צו שטעלן זיך אים דינען. נאָר דאָס וויינען און קלאָגן איז אים קיין שטער נישט געווען צו שמייַסן זייַן אייזל און וואָס ווייַטער זיך אָפּרוקן פון דעם וואָגן. און אַז דער לייבן־פירער האָט געזען די אַנטלויפנדיקע זייַנען שוין גענוג ווייַט אוועק, האָט ער ווידער גענומען צושטיין און בעטן באַ דאָן קיכאָטן דאָס וואָס ער האָט שוין פריער געהאַט געבעטן, און ער האָט געענטפערט, אַז ער הערט, נאָר דאָס צו־שטיין און דאָס בעטן וועט אים גאָרנים העלפן און ער זאָל זיך צואייַלן.

אין דער צייַט וואָס דער לייבן־פירער האָט זיך געזאַמט מיט עפענען די ערשטע שטייַג, האָט דאָן קיכאָט געקלערט ווי אַזוי עס איז בעסער צו פירן די שלאַכט. צו־פוס אָדער רייַטנדיק. און באַשלאָסן האָט ער דאָס צו טון שטייענדיק, מאַכמעס ראָסינאַנטע קען זיך נאָך איבערשרעקן ווען ער וועט דערזען די לייבן. ער איז דער־ריבער אַראָפּגעשפּרונגען פונעם פערד, אַוועקגעוואָרפן די שפּיז און אָנגעטון דעם שילד, און מיט דער אַנטבלויזטער שווערד, איז ער, טראָט בא טראָט, מיט ווונ־דערלעכן מוט און מוטיקן האַרצן צוגעגאַנגען צום וואָגן און זיך אַוועקגעשטעלט, און איבערגעגעבן האָט ער זיך פריער צו גאָט מיט דעם גאַנצן האַרצן און דערנאָך צו זייַן האַרנטע דולצינעאַ. און וויסן דאַרף מען, אַז ווען דער מעכאַבער פון דער דאָזיקער וואָרער געשיכטע קומט צו צו דעם שטעל, רופט ער אויס און זאָגט: „אָ, שטאַרקער און איבער יעדער האָזע מוטיקער דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, דער שפּיגל, וואָס אַלע מעכטיקע פון דער וועלט מעגן זיך אין אים אָנקוקן, דער צווייטער און נייַער דאָן מאַנועל דע לעאָן, וואָס איז געווען דער רום און קאָוועד פון די שפּאַנישע ריטער! מיט וואָס פאַר ווערטער וועל איך דערציילן אָט די שרעקלעכע העלדישקייט, אָדער מיט וואָסערע רייד וועל איך זי באַגלויבט מאַכן פאַר די קומענ־דיקע דורות, אָדער וואָסער לויב איז פאַראַן, וואָס פּאַסט דיר נית און קליידט דיר נים, ווען אַפילע זיי זאָלן זייַן גוזמע איבער גוזמע? דו אַף די פיס, דו איינער אַליין, דו אומדערשראָקן, דו גרויסמוטיק, מיט אַ בלויזער שווערד, און נישט פון די נאָר שניידנדיקע, מיט אַ שילד, נישט פון גאָר ריינעם און בלאַנקענדיקן שטאָל, שטייסט און וואַרטסט אָפּ און קוקסט דיך אייַן אין די ווילדסטע לייבן וואָס די אַפריקאַנישע וועלדער האָבן ווען אַרויסגעגעבן. זאָלן דיך דייַנע אייגענע מייסים לויבן, מעכטיקער לאַ מאַנטשער, און איך לאָז דיך דאַ איבער, מאַכמעס מיר פעלן אויס ווערטער זיי צו לויבן".

דאָ הערט אויף דער אויסגעשריי פון דעם מעכאַבער און ער בינדט ווידער אָן דעם פאָדים פון דער געשיכטע און זאָגט:

און אַז דער לייבן־פירער האָט דערזען דאָן קיכאָטן שוין שטיין אין דער פּאָזע און אַז ער קען נישט פאַרמיידן אַרויסצולאָזן דעם לייב, אויס מורא נישט אַרײַנ־צופאַלן אינעם אומכיין פון דעם דערצערנטן און דערוועגטן ריטער, האָט ער ברייט צעעפנט די ערשטע שטייג, ווו עס האָט זיך געפונען, ווי שוין געזאָגט, דער לייב, וואָס אויסגעזען האָט ער מוירעדיק גרויס און שרעקלעך מיעס. צום אַלעמערשטן האָט דער לייב אין דער שטייג, ווו ער איז געלעגן צעלייגט, זיך איבערגעדרייט אויף די לאַפּעס אויסגעצויגן און זיך אויסגעגלײַכט די ביינער. צעעפנט האָט ער דערנאָך דעם פּיסק און זייער פּאַמעלעך אַ געניץ געטון, און מיט די קימאַט צוויי שפּאַן צונג, וואָס ער האָט אַרויסגעשטעלט, האָט ער זיך די אויגן אויסגעווישט און דאָס פּנים זיך אָפּגעוואַשן. נאָכדעם ווי ער האָט דאָס געטון, האָט ער דעם קאָפּ פון דער שטייג אַרויסגעשטעקט און האָט זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זײַטן מיט אויגן ווי קוילן גליענדיקע, אַז זיי האָבן געקענט די אומדערשראָקנקייט אַליין איבערשרעקן. איין דאָן קיכאָט נאָר האָט שטייף געקוקט אויף אים און געוואַרט ער זאָל אַראָפּ־שפּרינגען פון דעם וואָגן און זיך וואַרפן אויף אים, און ער זאָל אים מיט זײַנע הענט צעפּיצלען.

אַזוי ווײַט האָט דערגרייכט דער שפּיץ פון זײַן אומדערהערטן משוגעת. נאָר דער גרויסמוטיקער לייב, אָנשטאָט כוצפּעדיק, איז גאָר געווען דערצויגן און האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף די קינדישקייטן און אויף דער אויסשטעלערישקייט. און נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זײַטן, האָט ער זיך אויסגעדרייט מיט דעם רוקן און געוויזן דאָן קיכאָטן דעם הינטן, און מיט גרויס גלײַכגילטיקייט און רו, האָט ער זיך ווידער אַוועקגעלייגט אין דער שטײַג. און אַז דאָן קיכאָט האָט דאָס דערזען, האָט ער געהייסן דעם לייבן־פירער מיט אַ שטעקן אים דערלאַנגען און אים צערייצן און אַרויסטרײַבן פון דער שטײַג.

— דאָס וועל איך נישט טון — האָט דער לייבן־פירער געענטפערט. — וואָרום אויב איך וועל אים צערייצן, וועט ער דעם ערשטן מיך אַליין צערײַסן אויף פּיצלעך. זאָל זיך, אײַער גנעדיקייט, האַר ריטער, צופרידנשטעלן מיט דעם וואָס איר האָט געטון, וואָס דאָס איז אַלץ וואָס מען קען זאָגן אויף דעם געביט פון מוט, און זאָל זיך אײַך נישט גלוסטן אַ צווייטן מאָל אײַנצושטעלן. דאָס טירל איז פאַר דעם לייב אָפן, ער האָט בעיאַד אַרויסצוגיין אָדער נישט אַרויסגיין. דאָס גרויסע האַרץ פון אײַער גנעדיקייט איז שוין ברייט דערוויזן, קיין שום בראַווער שלעגער, ווי מיר איז באַקאַנט, איז נישט מעכויעוו מער ווי אַ״ויסרופן זײַן סוינע אויף אַ פאַרמעסט און אָפּוואַרטן אים אָפן אָפּענעם פעלד, און אויב דער קעגנער קומט נישט, בלײַבט דער ביזאָיען פאַר אים און דער וואָס וואַרט, געווינט די קרוין פון ניצאָכן.

— דאָס איז וואָר — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט. — פאַרמאַך, פרײַנט מײַנער, דאָס טירל, און זיי מיר אַן איידעס, אויף דעם בעסטן מעגלעכסטן אויפן,

וועגן דעם וואָס דו האָסט מיך דאָ געזען טון. קעדײַ איז מען זאָל דאָס וויסן; ווי אַזוי דו האָסט געעפֿנט דעם לייב, איך האָב אַף אים געוואַרט, ער איז נישט אַרויסגעקומען, ווידער געוואַרט, ווידער נישט אַרויסגעקומען, און האָט זיך צוריק אַוועקגעלייגט. מער באַדאַרף איך נישט, און אויס מיט דעם קישעף, און זאָל גאָט העלפֿן דעם סייכל און דעם עמעס און דער עמעסער ריטערלעכקייט, און איצט פֿאַרמאַך, ווי איך האָב דיר שוין געזאָגט, און איך וועל דערווײַל געבן אַ צייכן די אַנטלאָפֿענע און דאָ נישט געוועזענע זיי זאָלן זיך דערוויסן פֿון דײַן מויל די העלדישקייט.

דער לייבן־פֿירער האָט אַזוי געטון און דאָן קיכאָט האָט אַף דעם שפּיץ שפּיז אויפֿגעשטעקט דעם טוך, וואָס ער האָט זיך מיט אים געהאַט אָפּגעווישט דעם רעגן מיט צוואָרעך פֿונעם פּאָנים, און האָט גענומען רופֿן די וואָס האָבן נאָך אַלץ געהאַלטן אין אַנטלויפֿן און אַף יעדן טראָט דעם קאָפּ אומגעדרייט, אַלע אין הורט, מיט דעם פּאַריץ פֿאַרויס. נאָר אַז סאַנטשאָ האָט דערזען דעם צייכן מיט דעם ווײַסן טוך, האָט ער געזאָגט:

— זאָל איך געהאַרגעט ווערן, אויב מײַן האַר האָט נישט באַזיגט די ווילדע כײַעס, און רופֿט אונדז צוריק.

אַלע זײַנען זיי שטיין געבליבן און האָבן דערקענט, אַז דאָס גיט זיי דאָן קי־כאָט דעם צייכן. פֿאַרשוווּנדן איז פֿון זיי אַ ביילעק שרעק און ביסלעכווײַז זײַנען זיי צוגעקומען אַלץ נענטער, ווו זיי האָבן שוין געקענט הערן דאָן קיכאָטן זיי רופֿן. זיי זײַנען צוריקגעקומען צום וואָגן און דאָן קיכאָט האָט זיך אָנגערופֿן צום באַ־לעגאָלע:

— נעמט, ברודער, שפּאַנט ווידער אײַן אײַערע מויל־אייזלען און פֿאָרט אײַך ווײַטער. און דו, סאַנטשאָ, גיב אים צוויי טאַלער גאָלד פֿאַר אים און פֿאַר דעם לייבן־פֿירער, אַ באַלוינונג דערפֿאַר וואָס זיי האָבן זיך צוליב מיר אָפּגעשטעלט.

— מיט דעם גרעסטן כיישעק וועל איך זיי דאָס געבן, — האָט סאַנטשאָ גע־זאָגט, — וואָס, אָבער, האָבן געטון די לייבן? זײַנען זיי טויט צי לעבן זיי?

דעמאָלט האָט דער לייבן־פֿירער, מיט אַלע פּראָטים און מיט זײַנע האַפּסאָ־קעס דערציילט דעם סאָף פֿון דער שלאַכט, מיט גוזמאָעס, ווי ווײַט ער האָט גע־קענט, וועגן דאָן קיכאָטס מוטיקייט, אַז ווי נאָר דער לייב האָט אים דערזען, האָט ער זיך דערשראָקן און האָט נישט געוואָלט און זיך נישט דערוועגט אַרויס־צוקומען פֿון דער שטײַג, כאָטש ער האָט געהאַלטן אַ היבשע ווײַל דאָס טירל אָפֿן. און מאַכמעס ער האָט דעם ריטער געזאָגט, אַז אויפֿרייצן דעם לייב ער זאָל אַף קויעך אַרויסקומען, קען זײַן ווילן, ווי ער האָט דאָס געוואָלט, וואָלט געהייסן שטעלן גאָט אַף דער פּרוּוו, האָט ער אים דערלויבט צוריק פֿאַרמאַכן דאָס טירל.

— ווי געפֿעלט דאָס דיר, סאַנטשאָ? — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — האָט עפּעס קישעף אַ ווערט קעגן עמעסער גוווּרע? די קישעפֿמאַכער קענען מיר דאָס מאַזל אַוועקנעמען, נאָר דעם קויעך און דעם מוט אַוועקנעמען וועט זיי נישט גע־לינגען.

סאַנטשאָ האָט זיי געגעבן די צוויי גאָלדשטיקלעך, דער באַלעגאָלע האָט איינגעשפּאַנט, דער לייבן־פירער האָט דאָן קיכאָטן די הענט געקושט פאַר דער טויווע און דעם גענאָד און האָט אים צוגעזאָגט דערציילן די העלדישקייט דעם קעניג אַליין, ווען ער וועט אים טרעפן אין הויף.

—טאָמער פרעגט דער קיניג ווער דאָס האָט געטון, זאָגט אים, אַז דער „לייבן־ריטער”, ווארום פון היינט און ווייטער, וויל איך, זאָל אויף דעם נאָמען אומגעביטן ווערן, געענדערט ווערן, פאַרוואַנדלט און איבערגעטראָגן ווערן דער נאָמען ריטער מיט דעם נעבעכדיקן פּנים, וואָס איך האָב ביז איצט געטראָגן. און דערין פאָלג איך נאָך דעם אַלטן מינהג פון די וואַנדער־ריטער, וואָס האָבן זיך די נעמען געביטן ווען זיי האָבן געוואָלט, אָדער ווען דאָס איז זיי צונוץ געקומען.

די פור איז זיך ווייטער געפאָרן איר וועג און דאָן קיכאָט, סאַנטשאָ און דער וואָס מיט דעם גרינעם ראָק זיינען זיך געפאָרן זייערן.

די גאַנצע צייט האָט דאָן דיעגאָ דע מיראַנדאַ קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט און האָט זיך בלויז איינגעקוקט און איינגעהערט צו אַלץ וואָס דאָן קיכאָט טוט און רעדט. און געדאַכט האָט זיך אים ער איז אַ קלאָרער מעשוגענער אָדער אַ מעשוגענער, וואָס האָט אין זיך עפּעס פון אַ קלאָרן. נאָר אַזוי ווי ער האָט נישט געוווּסט, האָט ער אים געהאַלטן דאָ פאַר אַ קלאָרן, דאָ פאַר אַ מעשוגענעם, מאַכמעם דאָס וואָס ער האָט גערעדט, איז געווען צו דער זאַך, עלעגאַנט און שיין געזאָגט, און וואָס ער האָט געטון, איז געווען מעשוגע, אָן אַ זין און נאַריש. און גערעדט האָט ער צו זיך:

„וואָס קען נאָך זיין אַ גרעסער מעשוגאַעס ווי אָנטון זיך אַ העלם פול מיט קעזלעך און מיינען, אַז קישעפמאַכער צעווייקן אים דעם שאַרבן? און וואָס קען נאָך זיין אַזוי אומזיניק און נאַריש ווי וועלן שלאָגן זיך אויף קויעך מיט לייבן?

פון די מאַכשאָוועס און רייד צו זיך אַליין, האָט אים אַרויסגעצויגן דאָן קיכאָט. געזאָגט האָט ער צו אים:

— ווער איז עס גאָר מעסופעק, האר דאָן דיעגאָ דע מיראַנדאַ, אַז אייער געגעדיקייט איז מיט דער מיינונג, אַז איך בין אַ נאַרישער מענטש און אַ מעשוגענער? און עס איז זיך נישט צו וווּנדערן איר זאָלט אַזוי דענקען, וואָרום דאָס וואָס איך טו, קען אויף עפּעס אַנדערש נישט ווייזן. פון דעסט וועגן, וויל איך אייער געגעדיקייט זאָל מערקן, אַז איך בין נישט אַזוי מעשוגע און נישט אַזוי כאָסערדייע ווי אייך מוז זיך דאַכטן. עס געפעלט דעם קיניג ווען אַ שלאַנקער ריטער גיט אַ געלונגענעם שטאָך מיט זיין שפּיז אַ ווילדן אָקס אויף דעם שטאָט־פּלאַץ. עס געפעלט אַ ריטער ווען ער טראָגט זיך פאַרביי די דאַמען אין זיין גלאַנציקן פאַנצערטראַכט, בעיים די פאַרמעסט־שפּילן, און עס געפעלן די אַלע ריטער, וואָס דערפרייען דאָס אויג בעיים די עקזערצירונגען און פּאַראַדן, און, אויב מען קען אַזוי זאָגן, פאַרשאַפן זיי קאָוועד די הייף פון זייערע פירשטן. נאָר מער ווי זיי אַלע געפעלט אַ וואַנדער־ריטער, וואָס וואַנדערט איבער מידבאָריעס און וויסטע ער־

טער, איבער קרייצוועגן, איבער וועלדער און בערגער, זוכן איינשטעלערישן גע־ראנגל, קעדיי צו דערגרייכן דעם גליקלעכן און מאזלדיקן שפיץ, בלויז קעדיי צו דערגרייכן דעם גלאָרייכן און אייביקן רום. בעסער, זאָג איך, געפעלט אַ וואנדער־ריטער, וואָס העלפט אַן אלמאָנע ערגיץ אין אַ פארוואָרפענעם עק, איידער אַ הויפּ־שער ריטער, וואָס מאכט קאָמפּלימענטן אַ שטאָטישן פריילן. אַלע ריטער האָבן זיך זייערע באַזונדערע פארנעמעכצן: עס דינט די דאמען דער הויפישער, ער באַ־שיינט דעם קיניגס הויף מיט ליווריייען, ער האלט אונטער די אָרימע ריטער מיט די רייכע מייכאָלים פון זיין טיש, ער גרייט צו געוועטן, האלט אוים טורנירן, און באוייזט זיך גרויס, מילד און פרעכטיק, און באַזונדערס קריסטלעך, און אויף אַזאַ אויפן פילט ער אוים זיינע היסכייוועסן. נאָר דער וואנדער־ריטער זוכט די פאר־וואָרפנסטע ווינקלען פון דער וועלט, ער פארקלייבט זיך אין די פארפּלאָנטערטס־טע לאַבירינטן, ער וואַרפט זיך יעדן אויגנבליק אויף דאָס אומעגלעכע, אויף די ווים־טע סטעפּעס טראָגט ער איבער די ברענענדיקע זון־שטראָלן אינמיטן זומער, און אום ווינטער די בייזע ווינטן און קעלטן, אים איבעראשן נישט קיין לייבן, אים שרעקן נישט קיין ווילטירן און עס וואַרפן נים אויף אים קיין מוירע די מאָנסטערס. וואָרום די איינע ארומצוזוכן, אויף יענע דאַרט זיך צו וואַרפן און אַלעמען מענאצייעך צו זיין איז זיין ריכטיקער און הויפּט־באַרוף.

„און איך, אַזוי ווי מיר איז באשערט צו זיין איינער פון די וואנדער־ריטער, קען איך מיך נישט אָפּהאַלטן פון איבערפאַלן אַלץ וואָס מיר דאכט זיך, אַז דאָס גייט אַריין אינעם גוויל פון מיין באַרוף. און ווען איך האָב מיך דערום געוואָרפן צו די לייבן, ווי איך האָב דאָס ערשט געטון, איז עס געווען דירעקט מיין זאַך, כאָטש געוווּסט האָב איך, אַז דאָס איז ווילד, אומזיניק. מאכמעס איך ווייס גאַנץ גוט וואָס אַזוינס איז מוט, אַז דאָס איז אַ געזונטע מידע, וואָס ליגט צווישן צוויי קראַנקע עקסטרעמען, ווי פּאַכדאָנעס און אומדערשראָקנקייט. נאָר זאָל דער מוטי־קער בעסער שטייגן צום פּינטל פון אומדערשראָקנקייט איידער ער זאָל זיך אַראָפּ־לאָזן צום פּינטל פון פּאַכדאָנעס. וואָרום אַזוי ווי דעם פארשווענדער איז גרינגער איידער דעם קאַרגן צו ווערן אַ מילדער, אַזוי איז גרינגער דעם אומדערשראָקע־נעם צוצוקומען צום עמעסן מוט, איידער דעם פּאַכדן זיך צו דערהויבן צו דער מוטיקייט. און וואָס שייעך זיך וואַרפן אין געראַנגל, קען מען, גלויבט מיר, אייער גענעדיקייט, האר דאָן דיעגאָ, אויף אַ קאָרט מער פארשפּילן איידער געווינען וואָ־רום בעסער קלינגט עס ווען מען זאָגט: „יענער ריטער איז אַ דערוועגטער אין אומדערשראָקענער" איידער ווען מען זאָגט: „יענער ריטער איז אומדרייסט און אַ פּאַכדן".

— איך זאָג אייך, האר דאָן קיכאָט — האָט געענטפערט דאָן דיעגאָ, — אַז אַלץ וואָס אייער גענעדיקייט האָט געזאָגט און געטון, האלט זיך אויף דער גלייכער וואָגשאָל פונעם סייכל, און איך מיין, אַז ווען די קלאָלים און געזעצן פון דעם וואנדער־ריטערטום זאָלן פארלוירן גיין, וועט מען זיי געפינען אין דער ברוסט פון אייער גענעדיקייט, ווי זי וואָלט געווען זייער אויצער און באהעלטעניש. און

לאמיר זיך צואײַלן, וואָרום עס ווערט שפּעט, און אַרײַנפאָרן צו מיר אין דאָרף און צו מיר אין הויז, ווו אייער גענעדיקייט וועט אָפּרוען פון אײַער מי, וואָס אויב זי איז נישט קיין פיזישע, איז זי געווען אַ גייסטיקע, וואָס גייט געוויינלעך אויס צו פיזישער מידקייט.

— איך נעם אָן אײַער אָנבאָט ווי אַ גרויסע טויווע און גענאָד, האָט דאָן דיעגאָ, האָט דאָן קיכאָט געענטפערט.

גענומען האָבן זיי שפּאָרענען די פערד און געווען איז שוין אַרום צוויי באַ־טאָג, ווען זיי זײַנען אָנגעקומען צום דאָרף און צום הויז פון דאָן דיעגאָ, וואָס דאָן קיכאָט האָט אים אַ נאָמען געגעבן דער ריטער מיט דעם גרינעם ראָק.

## אַכצנטער קאַפּיטל

### וועגן דעם וואָס דאָן קיכאָטן האָט פּאַסירט אינעם שלאָס אָדער הויז פון דעם ריטער מיט דעם גרינעם ראָק, און אַנדערע אויסטערלישע זאַכן.

געטראָפן האָט דאָן קיכאָט דאָן דיעגאָ מיראַנדאַס הויז אַ ברייטס, ווי געוויינ־לעך אַ דאָרפיש הויז. אַ הערב, פון דעסט וועגן, כאָטש אין פּאָשעטן שטיין אויסגעהאַקט, איבער דעם אַרײַנגאַנג. דער קעלער אינעם הויף, די הייל באַם טויער, און אַרום איר אַ סאַך גרויסע קרוגן, וואָס מאַכמעס געמאַכט ווערן זיי אין טאָ־באָסאָ, האָבן זיי אים אָפּגעפרישט אינעם זיכאָרן זײַן פאַרקישעפטע און פאַרענ־דערטע דולצינעע. און אַ זיפץ געטון האָט ער און, נישט געקוקט ווער עס שטייט פאַר אים, האָט ער געזאָגט:

— אָ, זיסע צירונג, פאַר מיר ביטערע,
זיסע און פרייל׳עכע, ווען גאָט וועט וועלן!

אָ, טאָבאָסער קרוגן, איר האָט מיר אָפּן גערדאַנק געבראַכט די זיסע צירונג פון מײַן גרעסטער ביטערניש!

געהערט האָט דאָס אַלץ דער סטודענט פּאָעט, דאָן דיעגאָס זון, וואָס איז מיט זײַן מוטער אים אַקעגן געגאַנגען, און מוטער און זון זײַנען שטיין געבליבן איבערראַשט פון דאָן קיכאָטס אויסטערלישער פיגור. ער איז אַראָפּ פון ראָסינאַנ־טען און איז מיט גרויס העפלעכקייט צוגעקומען צו זיי און געבעטן אירע הענט צום קושן, און דאָן דיעגאָ האָט געזאָגט:

— נעמט אויף, סעניאָראַ, מיט אײַער שטענדיקער געפעליקייט דעם האַר דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, וואָס שטייט דאָ פאַר אײַך, אַ וואַנדער־ריטער, דער מו־טיקסטער און דער קלוגסטער פון די וואָס די וועלט פאַרמאָגט.

די דאַמע, וואָס גערופן האָט מען זי דאָניאַ קריסטינאַ, האָט אים אויפגע־נומען און דערבײַ אַרויסגעוויזן גרויס ליבלעכקייט און העפלעכקייט, און דאָן קי־כאָט האָט זיך איר אָנגעבאָטן מיט איבערגעגענוג קלוגע און דערצויגענע רייד. קי־

מאַט אַזוי דערצווינגען האָט ער זיך באַגריסט מיט דעם סטודענט, וואָס דאָן קיכאָט האָט פון זײַנע רייד, וואָס ער האָט אים געהערט ריידן, אויסגעפונען אַז ער איז אַ קלוגער און אַ שאַרפזיניקער.

דאָ מאָלט אָפּ דער מעכאַבער די גאַנצע אויסשטאַטונג פון דאָן דיעגאָס הויז און דערציילט אונדז דערבײַ וואָס אַזוינס געפינט זיך אינעם הויז פון אַ רײַכן קאַוואַליר און דאָרפס מענטש. נאָר דעם איבערזעצער פון דער געשיכטע איז געפעלן די דאָזיקע און נאָך אַזוינע פּראַטים אויסצולאָזן, מאַכמעס זיי שטימען נישט מיט דעם הויפּט־ציל פון דער געשיכטע, וואָס איר קויעך איז דער עמעס און נישט די קאַלטע אָפּווייכונגען.

אַרײַנגעפירט האָט מען דאָן קיכאָטן אין אַ זאַל, סאַנטשאָ האָט אים דעם פּאַנצער אויסגעטון, געבליבן איז ער אינעם אָפּגעלייגטן קאָלנער מיט דעם זאַמשענעם זשילעט, אַ פאַרשמאָלצעוועטן מיט דעם קויט פונעם פּאַנצער: דער אָפּגעלייגטער קאָלנער איז געווען נישט קיין געקראָכמאַלעטער און אָן געהעפטן זוים, אַזוי ווי עס טראָגן די סטודענטן, די כאָלעוועס פון טייטל־קאָליר און די שיך פּאַרשנערעוועט. אָנגעגורט האָט ער זײַן היבשע שווערד, וואָס איז בא אים געהאָנגען אָפּ אַ רימען פון מאָרזן־לעדער. ער האָט אַ לאַנגע צײַט, זאָגט מען, געליטן אָפּ די נירן. געטראָגן האָט ער אַ מענטעלע פון אַ גוטן ברוינעם געוואַנט. נאָר פאַר אַלעמען, האָט ער זיך מיט פינף אָדער זעקס קעסלען וואַסער (פאַראַן אַ געוויסע בילוקע דייעס וועגן דער צאָל קעסלען), אַרומגעוואַשן דעם קאָפּ און דאָס פּאָנים, און נאָך האָט די וואַסער געהאַט דעם קאָליר פון סעראָוועטקע, אַ דאַנק סאַנטשאָס נאַשערײַ און זײַן אײַנקויף פון די שוואַרצע קעזלעך, וואָס האָבן אַזוי אָפּגעווײַסט זײַן האַר. אין דער שוין אָנגעוויזענער האַלבאָשע און מיט העפלעכן שטאָלץ און הײַטערקייט, איז דאָן קיכאָט אַרײַנגעגאַנגען אין אַ צווייטן זאַל, ווו דער סטודענט האָט געוואַרט אָפּ אים צום אונטערהאַלטן ביז מען וועט גרייטן צום טיש. וואָרום צוליב אַזאַ פײַנעם גאַסט האָט די דאַמע דאָניאַ קריסטינאַ געוואָלט באַווײַזן, אַז זי קען און ווייסט ווי מעכאַבעד צו זײַן די וואָס קומען צו איר אין הויז.

אין דער צײַט וואָס דאָן קיכאָט האָט געהאַלטן אין אָראָפּנעמען פון זיך די וואָפן, האָט דאָן לאָרענצאָ, וואָס אַזוי האָט מען גערופן דאָן דיעגאָס זון, צײַט געהאַט צו זאָגן זײַן פאָטער:

— ווער, זאָגט איר, איז ער, האַר פאָטער, דער קאַוואַליר, וואָס אײַער גענעדיקייט האָט אונדז אין הויז אַרײַנגעבראַכט? דער נאָמען, די געשטאַלט און אײַן פאַרשטעלן זיך ווי אַ וואַנדער־ריטער, האַלטן אונדז, מיך און דער מוטער, געשפּאַנט.

— איך ווייס נישט וואָס דיר צו זאָגן, מײַן זון — האָט דאָן דיעגאָ געענטפערט, — איך קען דיר נאָר זאָגן, אַז געזען האָב איך פון אים אַזוינס ווי ער וואָלט געווען דער גרעסטער מעשוגענער אין דער וועלט, און געהערט האָב איך אים ריידן אַזוינע קלוגע רייד, וואָס ווישן אָפּ און לייקענען אָפּ זײַנע מײַסים. רעד דו מיט אים און טאַפּ אים אויס דעם דויפעק, מיט וואָס ייִעקט ער, און ווי אַ קלוגער באַכער,

שאף דיר א מיינונג וועגן זיין כאַכמע אָדער נאַרישקייט, וואָס דיר וועט זיך בע־סער לייגן אַפן זינען. כאָטש, איך דעם עמעס געזאָגט, האַלט אים פאַר א מעשו־גענעם און נישט פאַר קיין קלאָרן.

דערמיט איז דאָן לאָרענצאָ אַוועק אונטערהאַלטן דאָן קיכאָטן, ווי עס איז שוין געזאָגט געווען, און צווישן אַנדערע געשפּרעכן, וואָס זיי ביידע האָבן צווישן זיך געהאַט, האָט דאָן קיכאָט געזאָגט צו דאָן לאָרענצאָן:

— דער האַר דאָן דיעגאָ דע מיראַנדאַ, דער פאָטער פון אייַער גנעדיקייט, האָט מיר געגעבן ידיעס וועגן דער זעלטענער פעיִקייט און פייַנער דערפינדעריש־קייט, וואָס אייַער גנעדיקייט באַזיצט, און דעריקער, אַז אייַער גנעדיקייט איז א גרויסער פּאָעט.

— א פּאָעט קען גאַנץ ווויל געמאָלט זיין, — האָט דאָן לאָרענצאָ געענט־פערט, — נאָר א גרויסער, קומט מיר אַפילע אַפן געדאַנק נישט. דער עמעס איז, אַז איך האָב א געוויסע נייגונג צו פּאָעזיע און צו לייענען גוטע פּאָעטן, אָבער נישט אַזוי ווייַט, אַז מען זאָל מיך קענען אָנרופן גרויסער, ווי מיין פאָטער זאָגט.

— מיר געפעלט אייַער באַשיידנקייט, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — וואָ־רום נישטאָ קיין איין פּאָעט, וואָס זאָל נישט האָבן די כוצפּע צו דענקען, אַז ער איז דער גרעסטער אין דער וועלט.

— נישטאָ קיין קלאַל אָן אַן אויסנאַם, — האָט דאָן לאָרענצאָ געענטפערט, — און פאַראַן זיכער אַזוינע, וואָס כאָטש זיי דענקען ניט אַזוי, זאָלן זיי עס דאַוור־קע זיין.

— ווייניק, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — נאָר זאָגט מיר, אייַער גנע־דיקייט, וואָס זייַנען דאָס פאַר פערזן, וואָס איר שרייַבט איצט, ווי אייַער פאָ־טער האָט געזאָגט, וואָס איר זייַנט צוליב זיי אַזוי אומרויִק און פאַרטראַכט? אויב דאָס איז א גלאָסע, פאַרשטיי איך מיך אביסל אַף דעם מין כאַלאָעס און עס וואָלט מיך געפרייט מיט איר זיך צו באַקענען. און אויב דאָס איז א ליטעראַרישער פאַר־מעסט, באַמיט אייַך, אייַער גנעדיקייט, צו באַקומען דעם צווייטן פריז, וואָרום דעם ערשטן נעמט שטענדיק די פּריווילעגיע אָדער די גרויסע כשיוועס פון דעם פאַרשוין, דעם צווייטן נעמט די בלויזע גערעכטיקייט, דער דריטער קומט שוין אויס דער צווייטער, און דער ערשטער, לויט דעם כעשבן, איז שוין דער דריטער, פּונקט ווי מיט די ליצענציעס, וואָס מען טיילט אין די אוניווערסיטעטן. דאָך, איז דער נאָמען פון דעם ע ר ש ט ן א גרויסע פערזענלעכקייט.

— ביז איצט — האָט זיך דאָן לאָרענצאָ געטראַכט, — וועל איך אים נישט קענען האַלטן פאַר קיין מעשוגענעם. מירן זען ווייַטער".

און געזאָגט האָט ער אים:

— קענטיק, אַז אייַער גנעדיקייט האָט דורכגעמאַכט א שול, וואָסערע וויסנשאַפטן האָט איר צוגעהערט?

— די שול פון דעם וואַנדער־ריטערטום — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — דאָס איז פּונקט אַזאַ גוטע שול ווי פון פּאָעזיע און נאָך מיט א צוויי פינגער בעסער.

— איך ווייס נישט וואָס פאַר אַ שול דאָס איז — האָט דאָן לאָרענצאָ אָפּ־געענטפערט, — איך האָב נאָך ביז היַינט ווענן אַזאַ שול נישט געהערט.

— דאָס איז אַ וויסנשאַפט, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — וואָס שליסט אין זיך איַין אַלע אַנדערע אָדער די מערסטע וויסנשאַפטן פון דער וועלט, מאַכמעס ווער עס פּראַקטיצירט זי, מוז זיַין אַ יוריסקאָנסולט און זיַין באַקאַנט מיט דער שטראָף־יוסטיץ און מיט דער יוסטיץ פון קויף און פאַרקויף, קעדיי יעדן אָפּצוגעבן וואָס איז זיַינס און וואָס אים קומט. ער מוז זיַין אַ טעאָלאָג, מאַכמעס ער מוז אויפקלערן, ווי נאָר מען פאָדערט עס פון אים, קלאָר און דיַיטלעך, דעם זין פון דעם געטלעכן געזעץ, וואָס ער פּרעדיקט. ער מוז זיַין אַ מעדיצינער און דעריקער אַ קענער פון קריַיטעכער, קעדיי אינמיטן פוסטן פעלד צו דערקענען די אייגנשאַפטן, וואָס די גראָזן האָבן אין זיך צו היילן די וווּנדן, וואָרום וואַנדער־ריטער דאַרפן נישט בא יעדן סקריפּ לויפן זוכן ווער עס זאָל זיי היילן. ער מוז זיַין אַן אַסטראָלאָג, קעדיי לויט די שטערן צו וויסן ווי שפּעט עס איז אין דער נאַכט און אין וואָסער טייל און אין וואָסער קלימאַט פון דער וועלט ער געפינט זיך. ער מוז קענען מאַטעמאַטיק, מאַכמעס אַף יעדן טראָט קען ער זיך אין דעם נייטיקן. שוין אָפּגערעדט, אַז ער מוז זיַין באַצירט מיט אַלע טעאָלאָגישע און קאַרדינאַלע מידעס*), און לאָזן מיר זיך אַראָפּ צו קלייניקייטן, מוז ער קענען שווי־מען, ווי פּעכע ניקאָלאַס אָדער ניקאָלאַאָ, דערציילט מען, איז געשווומען. ער דאַרף קענען אונטערשמידן אַ פערד און צורעכטמאַכן אַ זאָטל און אַ ציימל. און ווידער־דאָס אייגענע אַף אַרויף, מוז ער היטן זיַין גלויבן אין גאָט און אין זיַין דאַמע. ער מוז זיַין פרום אין זיַינע מאַכשאָוועס, אָרנטלעך אין זיַינע ווערטער, מילד אין זיַינע מייסים, מוטיק אין זיַינע אויפטוען, געדולדיק אין זיַינע ליַידן, מיטליַידן מיט די באַדערפטיקע, און צו דעם אַלעמען, זיך האַלטן באַם עמעס, אַפילע ווען די פאַרטיידיקונג פונעם עמעס זאָל אים דאָס לעבן קאָסטן.

„פון אָט די אַלע גרויסע און קליינע טיילן באַשטייט אַ גוטער וואַנדער־ריטער. און זאָל איַיער גענעדיקייט, האַן דאָן לאָרענצאָ, זען צי איז זי אַזאַ שנעק. די דאָזיקע וויסנשאַפט, וואָס דער ריטער לערנט זי זיך אויס, פאַרשט זי און פּרע־דיקט זי, און צי זיַינען צו איר גליַיך די אָנגעצויגענע וויסנשאַפטן, וואָס מען לערנט אין די גימנאַזיעס און שולן.

— אויב דאָס איז ריכטיק, — האָט דאָן לאָרענצאָ אָפּגעענטפערט, — זאָג איך, אַז די דאָזיקע וויסנשאַפט שטיַיגט זיי אַלעמען איבער.

— וואָס הייסט אויב דאָס איז ריכטיק? — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט.

— איך מיין דערמיט צו זאָגן, אַז איך בין אין ספֿפעק צי זיַינען ביז היַינ־טיקן טאָג געווען און צי זיַינען בא היַינטיקן טאָג פאַראַן וואַנדער־ריטער באַציר־טע מיט אַזויפיל מיַילעס.

— איך האָב שוין אַ סאַך מאָל געזאָגט דאָס אייגענע וואָס איך זאָג איצטער,

*) טעאָלאָגישע מידעס מיינט: עמונע, ביטאָכן און ראַכמים; קאַרדינאַלע מיינט: כאָכמע, צע־דעק, גוווּרע און זעהירעס. איבערז.

— האָט דאָן קיכאָט געזאָגט: — אַז מענטשן מיינען ביקלאַל אַז וואַנדער־ריטער זײַנען גאָר אַף דער וועלט נישט געווען, און מיר דאַכט זיך, אַז אויב דער הימל וועט זיי, בעדערעך נעם, נישט אַרײַנגעבן אַזאַ פאַרשטאַנד, אַז זיי זײַנען געווען און זײַנען פאַראַן, איז אומזיסט יעדע מי (ווי די פּראַקטיק האָט מיר שוין אַ סאַך מאָל דערוויזן), און איך וועל מיך איצט נישט אָפּשטעלן אַרויסצופירן אײַער גע־נעדיקייט פון דעם טאָעס, וואָס איר טיילט מיט אַנדערע. איך וויל בלויז בעטן דעם הימל, ער זאָל אײַך פון דעם טאָעס אַרויספירן און זאָל אײַך געבן צו פאַרשטיין ווי נוצלעך און ווי נייטיק די וואַנדער־ריטער זײַנען געווען דער וועלט אין די פאַרגאַנגענע צײַטן, און ווי נוצלעך זיי וואָלטן געווען אין דער הײַנטיקער צײַט, ווען זיי וואָלטן זײַן. נאָר איבער די מענטשנס זינד, זײַנען איצט גוווער די פויל־קייט, די לײדיקגייערײַ, די טײַווע און דער ווילטיק.

„אַרויסגעדרייט האָט זיך פון מיר אונדזער גאַסט — האָט צו זיך אַליין אַ זאָג געטון דערויף דאָן לאָרענצאָ, — דאָך איז ער אַ ספּריטנער מעטורעף און איך וואָלט נעווען אַ לויזער נאַר, ווען איך דענק אַנדערש".

דערביי האָט זיך פאַרענדיקט זייער שמועס, מאַכמעס גערופן האָט מען זיי עסן. געפרעגט האָט דאָן דיעגאָ בא זײַן זון, וואָס אַזוינס האָט ער נאָך אַלעמען אַרויסבאַקומען פון דעם גאַסט. דערויף האָט ער אים געענטפערט:

— קיין שום דאָקטער און קיין שום אָפּשרײַבער וועט אים שוין פון זײַן אָנ־געצייכנטער מעשוגאַעס נישט אַרויסראַטעווען: ער איז אַ צוזאַמענגעמישטער מע־טורעף, פול מיט קלאָרע האַפּסאָקעס.

געזעצט האָט מען זיך עסן, און דאָס עסן איז געווען ווי דאָן דיעגאָ האָט אין וועג נאָך געזאָגט ווי ער גרייט פאַר זײַנע געסט. נאָר מער ווי אַלץ איז דאָן קיכאָט געפעלן געווען די ווונדערלעכע שטילקייט, וואָס איז געשטאַנען אין גאַנצן הויז, אַ שטילקייט ווי אין אַ מאָנאַסטיר פון די קאַרטוכאַ־מאָנאַכן. נאָכדעם ווי מען האָט אָראָפּגענומען פונעם טיש, געבענטשט און געוואַשן די הענט, איז דאָן קיכאָט צו־געשטאַנען צו דאָן לאָרענצאָן ער זאָל אים לייענען די פערזן פון דעם ליטעראַרישן פאַרמעסט. דערויף האָט ער אים געענטפערט, אַז:

— קעדיי נים צו ווײַזן זיך ווי יענע פּאָעטן, וואָס ווען מען בעט זיי לייענען זייערע פערזן, זאָגן זיי אָפּ, און ווען מען בעט זיי נים, מייקענען זיי אַלץ אויס, וועל איך לייענען מײַן גלאָסע, וואָס פאַר איר דערוואַרט איך נישט קיין פּריז און האָב זי אָנגעשריבן בלויז קעדיי צו שלײַפן דעם געדאַנק.

— מײַנער אַ פרײַנט און אַ קלוגער מענטש, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — איז געווען מיט דער מיינונג, אַז מען דאַרף זיך נישט מאַטערן מיט גלאָסירן פערזן, מאַכמעס די גלאָסע, האָט ער געזאָגט, טרעפט קיינמאָל נישט אַרײַן אינעם טעקסט, און אַ סאַך אָדער מערסטנס טרעט די גלאָסע אַריבער די קאַוואָנע און דעם מיין דערפון וואָס מען גלאָסירט. ביפראַט, אַז די קלאָלים פון דער גלאָסע זײַ־נען צו ענגע: זיי דולדן נישט קיין פראַגעס, נישט „געזאָגט" און נישט „כ'וועל זאָגן", נישט פאַרבײַטן זאַכווערטער אַף צײַטווערטער, נישט ענדערן דעם זין און

נאָך אַזוינע פּענטעס און ענגשאַפטן, וואָס די גלאָסירער זײַנען מיט זיי געבונדן, ווי אײַער גענעדיקייט מוז דאָס וויסן.

— דעם עמעס געזאָגט, האר דאָן קיכאָט, — האָט דאָן לאָרענצאָ געזאָגט, — ווײַל איך כאַפּן אײַער גענעדיקייט באַ אַ קעסיידערדיקן גרײַז און איך קען נישט, מאַכמעס אין גליטשעט זיך מיר אַרויס פון צווישן די הענט ווי אַ וויון.

— איך פאַרשטיי ניט, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — וואָס אײַער גע־נעדיקייט מיינט אָדער ווײַל מיינען מיט דעם אַרויסגליטשען זיך.

— איכ'ל מיך באַמיִען איר זאָלט מיך פאַרשטיין, — האָט דאָן לאָרענצאָ געענטפערט. — און דערווײַל זאָל זיך אײַער גענעדיקייט אײַנהערן צו די גלאָסירטע פערזן און צו דער גלאָסע, וואָס לייענען זיך אָט ווי:

אויב מײַן געוועזן וועט ווערן איז,
נישט וואַרטן מער און זײַן
צי זאָל די צײַט שוין קומען איצט
פאַר דעם וואָס וועט ערשט זײַן!...

## ג ל אָ ס ע

צום סאָף, ווי אַלץ וואָס פאַרגייט,
אַזוי איז אויך דאָס גוטס, וואָס גליק
מיר האָט פאַרשאַפט אַ לאַנגע צײַט,
אַוועק און נישט געקומען צוריק.
נישט איבערמילד, נישט קאַרגערהייד,
נאָר יאָרן הונדערטער געוויס,
דאָ שטיי איך, גליק, צו דײַנע פיס:
גיב אָפּ צוריק דאָס מאָל מײַן
און איך וועל ווידער גליקלעך זײַן
„אויב מײַן געוועזן וועט ווערן איז".

איך ווייל נישט מער גענוס און גלאַר
און פאַלמען פאַר מיר אויסגעשפרייט,
איך ווייל נישט קיין ניצכוינעס גאַר,
נאָר האָבן ווידער יענע פרייד
וואָס איז זיקאָרן קומט מיר פאַר.
ווערסט דו מיך, גליק, נאָר לאָזן גיין
אַהין, און ס'איז געשטילט מײַן פּײַן
און פון מײַן פײַער גאָר דער גוואַלד,
ביפראָט ווען אָט דאָס גוטס וועט באַלד
„נישט וואַרטן מער און זײַן".

אומעגלעך איז אַזאַ מין זאַך,
ווײַל ווידער ברענגען אונדז די צײַט,
אַצינדערט ווען זי איז שוין ווײַט,
נישטאָ איז גאָר אַזאַ מין מאַכט
און מיט אַזאַ פאַרמאַסטנקייט.
די צײַט, זי לויפט און פליט ווי בליץ
און נישט צוריק, און ס'איז אַ וויץ
ווען עמיץ בעט די צײַט צוריק
צי שנעלער גיין אָף איין אויגנבליק,
„צי זאָל די צײַט שוין קומען איצט".

צו לעבן אינעם שנעלן דראַנג,
אָט וואַרטנדיק און אָט אין שרעק,
איז דאָך אַ טויט באַקאַנט שוין לאַנג
און בעסער איז אין טויט אַן עק
זיך אויסצוזוכן פאַר דעם באַנג.
געוועזן וואָלט פאַר מיר אַ שײַן
אַ סאָף צו מאַכן צו מײַן פּײַן,
נאָר ס'לעבן גיט מיר מער ווי ער
מיט דער איינער שרעק נישט מער
„פאַר דעם וואָס וועט ערשט זײַן".

ווען דאָן לאָרענצאָ האָט פאַרענדיקט לייענען זײַן גלאָסע, האָט דאָן קיכאָט זיך אויפגעשטעלט און מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָל, ווי ער וואָלט געשריגן, און מיט זײַן האַנט אָנכאַפּנדיק דאָן לאָרענצאָס רעכטע האַנט, האָט ער אים געזאָגט:

— לעבן זאָל דער הימל ווי ער איז צום העכסטן, פיַינער באַכער, אַז איר זיַינט דער בעסטער פּאָעט אין דער וועלט און אַז איר פאַרדינט געקרוינט צו ווערן, נישט פון קאפּריסן און נישט פון גאַעטאַ, ווי האָט געזאָגט איינער אַ פּאָעט, זאָל מיר גאָט מויכל זיַין, נאָר פון די אַטענער אַקאַדעמיעס, ווען זיי וואָלטן איצט געלעבט, און פון די וואָס לעבן איצט אין פּאַריז, בולאָן און סאַלאַמאַנקאַ! בעט גאָט, אַז די ריכ־טער, וואָס וועלן באַ איַיך אַוועקנעמען דעם ערשטן פּריז, זאָל פעבוס מיט זיַינע פיַילן דורכשטעכן און די מוזעס זאָלן קיינמאָל זייערע שוועלן נישט אַריבערטרעטן! לייענט מיר האָר, אויב איר ווילט, אייניקע גרעסערע פערזן, וואָרום איך וויל אָנ־טאַפּן אַף דורך און דורך דעם דויפעק פון איַיער מויעך.

עפּשער פּאַסט עס נישט צו זאָגן, אַז דאָן לאָרענצאָ האָט האַנאָע געהאַט דער־פון וואָס דאָן קיכאָט האָט אים געלויבט, כאָטש געהאַלטן האָט ער אים פאַר אַ מעַ־שוגענעם? אָ, דו קויעך פון כניפע, ווי וויַיט דו דערגייסט און ווי וויַיט עס ציִען זיך די שטאָכים פון דיַין ליבן גווול! אָט דעם עמעס האָט דאָן לאָרענצאָ באַשטעטיקט דערמיט וואָס ער האָט נאָכגעגעבן די באַקאָשע און דעם באַגער פון דאָן קיכאָטן און האָט אים געלייענט אָט דעם סאָנעט אַף דעם פאַבל אָדער דער געשיכטע פון פּיראַם און טיזבע:

## ס אָ נ ע ט

דעם מויער ברעכט דאָס יונגע שיינע מיידל
וואָס האָט פּיראַמען די שטאָלצע ברוסט צעשפּאָלטן;
אַמור גייט פון ציפּערן, ער וויל זען די שפּאָלטן
די וואונדערלעכע, ווי שמאָל זיי זיַינען און ווי איידל.

עס רעדט די שטילקייט דאָרט, נישט דרייסט איז
דאָס קאָל אין שמאָלן שפּאָלט אַריַינצודרינגען
די הערצער יאָ, אַמור מאַכט גרינגער
דאָס שווערסטע און דאָס וויַיטסטע.

באַגערן איז אַראָפּ פון וועג און ס'אומבאַטראַכטע מיידל
בעט ער אַליין זי זאָל דעם טויט אים געבן;
אָט אַ געשיכטע: זיך אַליין פאַרלענדט.

דער פאַל איז זעלטן! אַף איין אָרט ער טויט זיי ביידן,
באַגראָבט אַליין זיי און ברענגט אַפיר צום לעבן
אַ שווערד, אַ קייווער און אַ מאָנומענט.

געלויבט איז גאָט — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, ווען ער האָט אויסגעהערט דאָן לאָרענצאָן לייענען דעם סאָנעט, — וואָס צווישן אַזויפיל פאַרלענדעטע פּאָעטן וואָס זיַינען פאַראַן אַף דער וועלט, האָב איך געפונען איינעם אַ פאַרענדיקטן, ווי איַיער גענעדיקייט, האר מיַינער, ווי איך זע דאָס אין דער קינסטלערישקייט פון דעם סאָנעט!

פיר טעג האָט דאָן קיכאָט געלאָזט זיך וווילגיין אינעם הויז פון דאָן דיעגאָ און דערנאָך האָט ער געבעטן דערלויבעניש אַוועקצוגיין, און געזאָגט האָט ער, אַז ער דאַנקט אים פאַר דעם גענאָד און פאַר דעם גוטן צוזען, וואָס ער האָט אין דעם הויז געהאַט. נאָר מאַכמעס עס איז נישט גוט פאַר וואַנדער־ריטער אַזוי פיל צייַט אָוועקצוגעבן דעם ליידיקגיין און דעם וווילטיק, וויל ער נאָכקומען זייַן באַרוף, זוכן די געראַנגלען, וואָס ער ווייסט, אַז אין דעם לאַנד זייַנען זיי פאַראַן איבערגענוג און ער רעכנט דאָ צו זייַן ביז די פאַרמעסטן אין סאַראַגאָסאַ, וואָס דאָס איז זייַן גלייַכער וועג, און אַז צוערשט מוז ער אַרייַנגיין אין דער מאָנטעסינאָס־הייל, וואָס ער האָט וועגן איר אַזוי פיל ווונדערלעכע זאַכן געהערט דערציילן. אויך האָט ער זיך פונאַנדערגעפרעגט ווו עס הייבן זיך אָן און ווו עס געפינען זיך די ריכטיקע קוואַלן פון די זיבן אָזערעס, וואָס געוויינלעך רופט מען זיי רווידערא. דאָן דיעגאָ און זייַן זון האָבן געלויבט זייַן אָרנטלעכן באַשלוס און האָבן אים געזאָגט ער זאָל נעמען פון זייער הויז און פון זייער גוט אַלץ, וואָס אים ווילט זיך, אַז זיי וואָלטן אים דינען מיט דעם בעסטן ווילן און אַז דערצו איז זיי מעכייַעוו זייַן מוט און זייַן ערנהאַפטי־קער באַרוף.

געקומען איז סאָפקאָלסאָף דער טאָג פון זייַן אָפּפאָרן, אַ טאָג אַ פריילעכער פאַר דאָן קיכאָטן און אַ טרויעריקער און אומגליקלעכער פאַר סאַנטשאָ פּאַנצאַ, וואָס האָט זיך גאַנץ גוט געפילט אין דער שעפע פון דאָן דיעגאָס הויז און האָט קיין כיי־שעק נישט געהאַט צוריקצוגיין צו דעם הונגער אויף די פּוסטע פעלדער און אין די נעדיכטע וועלדער און צו דער נויט פון זייַנע קנאַפּ באַזאָרגטע טאָרבעס. פון דעסט וועגן, האָט ער זיי אָנגעפילט און אָנגעפּאַקעוועט מיט אַלץ וואָס ער האָט געפונען פאַר נייטיק, און באַם געזעגענען זיך, האָט דאָן קיכאָט געזאָגט צו דאָן לאָרענצאָן:

— איך ווייס נישט צי האָב איך אייַך שוין איינמאָל געזאָגט, און אויב איך האָב עס געזאָגט, זאָג איך עס נאָכאַמאָל, אַז אויב אייַער גענעדיקייט וויל זיך אייַנ־שפּאָרן די וועגן און די מי צו דערגרייכן דעם נישט צוטריטלעכן שפּיץ פון דעם טעמפּל פון באַרימטקייט, דאַרפט איר אייַך בלויז אָפּלאָזן פון דער פּאָעזיע, וואָס איר וועג איז אַביסל ענג און זיך נעמען אויף דעם ביז נאָר ענגן וועג פון דעם וואַנ־דער־ריטערטום, וואָס איז בעקוועמער אייַך צו מאַכן פאַר קייסער אין איין דערלאַנג מיר די שטרויי.

מיט די ווערטער האָט דאָן קיכאָט פאַרענדיקט דעם פּראָצעס פון זייַן מעשוּ־גאַעס, און נאָכמער מיט די ווערטער, וואָס ער האָט צוגעגעבן:

— איין גאָט ווייס ווי שטאַרק איך וואָלט וועלן מיטנעמען מיט זיך דעם האַר דאָן לאָרענצאָ אים צו לערנען ווי מען דאַרף מויכל זייַן די אונטערטעניקע און אָראָפּ־זעצן און מיט די הערנער שטויסן די שטאָלצע. מידעס, וואָס ביידע זייַנען זיי פּרעמד דעם באַרוף, וואָס איך האָב אויף מיר גענומען. נאָר מאַכמעס אים דערלאָזט דאָס ניט זייַן יונגשאַפט און אויך נישט זייַנע לויבנסווערטע ווערק, וויל איך בלויז אָנמערקן אייַער גענעדיקייט, אַז ווי אַ פּאָעט קען ער באַרימט ווערן נאָר דעמאָלט ווען ער זאָל זיך לאָזן פירן פון יענעמס אייַנזען און נישט פון זייַן איי־

גענעם. וואָרום נישטאָ אזא פּאָטער און אזא מוטער, וואָס זאָלן דענקען, אַז זייערע קינדער זײַנען מזיקים, און נאָכמער לעבן אין דעם דאָזיקן טאָעס די פּאָטערס און מוטערס פון דעם סייכל.

ווידער האָבן פּאָטער און זון זיך געוואונדערט אַף דאָן קיכאָטס געמישטע רייד, וואָס אָט זײַנען זיי קלוג און אָט נאַריש, און ווי פאַראַקשנט ער האַלט זיך בײַ זײַן שיגאָען, אומעטום אַרײַנצודרינגען מיט זײַן אומגליקלעכער גליקן און גראַנגל־זוכעניש, וואָס דאָס איז דער ציל און דער סאַף פון אַלע זײַנע באַגערן. עס כאַזערן זיך איבער די העפלעכקייטן און אָנבאָטן, און מיט דער דערלויבעניש פון דער שלאָס־דאַמע, זײַנען דאָן קיכאָט אַף ראָסינאַנטען און סאַנטשאָ פּאַנצאַ אַף זײַן אייזל ארויסגעפאָרן.

# ניינצנטער קאַפּיטל

## וו עס ווערט דערציילט וועגן דעם גראַנגל מיט דעם פאַרליבטן פּאַסטעך, און נאָך אַנדערע בעעמעס שפּאַסיקע געשעענישן.

אַ קליין שטיקל וועג איז דאָן קיכאָט געהאַט אָפּגעגאַנגען פון דאָן דיעגאָס דאָרף, ווי אָנגעטראָפן האָט ער צוויי סאַפעק־גײַסטלעכע סאָפעק־סטודענטן און צוויי פּויערים, וואָס זײַנען אָנגעקומען רײַטנדיק אַף פיר אייזלען. איינער פון די סטודענטן האָט מיט זיך געפירט, ווי אין אַ ציכל פון גרינעם ברין, אביסל ווײַסע זוימען אײַנגעבונדן און צוויי פּאָר גראָבע וואָלענע זאָקן. דער צווייטער האָט גע־פירט נישט מער ווי צוויי נײַע שוואַרצע פעכט־שווערדן, מיט זייערע שיכלעך אַף די שפּיצן. די פּויערים האָבן געפירט אַנדערע זאַכן, וואָס געווען איז פון זיי צו דערקענען, אַז זיי פּאָרן פון אַ גרעסערן מאָקעם, ווו זיי האָבן זיי אײַנגעקויפט און פירן זיי אין דאָרף אַרײַן. און סײַ די פּויערים און סײַ די סטודענטן זײַנען אַרײַנ־געפאַלן אין דער פאַרוווּנדערונג פון אַלע די וואָס פלעגן צום ערשטן מאָל דערזען דאָן קיכאָטן, און זײַנען מאַמעש אויסגעגאַנגען צו וויסן וואָס איז דאָס פאַר אַ מענטש, וואָס איז אַזוי אויסטערליש אַנדערש ווי אַלע מענטשן? דאָן קיכאָט האָט זיי געגריסט, און נאָכדעם ווי ער האָט זיך צעפרעגט וווּהין זיי רײַטן און האָט זיך דערוווּסט, אַז זיי רײַטן מיט דעם זעלבן וועג ווי ער, האָט ער זיי אָנגעבאָטן זײַן געזעלשאַפט און זיי געבעטן אײַנהאַלטן אביסל זייער טראָט, מאַכמעס זייערע אייז־לען האָבן געשפּאַנט גיכער ווי זײַן פערד. און קעדיי זיי צו פאַרפליכטן, האָט ער זיי אין קורצע ווערטער געזאָגט ווער ער איז, וואָס זײַן באַרוף און באַשעפטיקונג איז, אַז ער איז אַ וואַנדער־ריטער און זוכט גראַנגל אין אַלע טיילן וועלט. געזאָגט האָט ער זיי, אַז זײַן נאָמען איז דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ און זײַן בײַנאָמען איז דער לייבן־ריטער. פאַר די פּויערים איז דאָס געווען אַלצײַנס ווי ער וואָלט צו זיי גערעדט גריכיש אָדער אין אַ פאַרשטעלטן לאָשן. ניט אַזוי פאַר די סטודענטן, וואָס

האָבן באַלד פאַרשטאַנען אַף וואָס דאָן קיכאָט איז געריררט. דאָך האָבן זיי געקוקט אַף אים מיט באַוווּנדערונג און רעספּעקט און איינער פון זיי האָט זיך צו אים אָפּגערופן:

— אויב אײַער גנעדיקייט, האַר ריטער, האָט נישט קיין באַשטימטן וועג, ווי געוויינלעך גראַנגל־זוכער, זאָל אײַער גנעדיקייט מיטגיין מיט אונדז. איר וועט אַזוי אַרום זען איינע פון די שענסטע און רײַכסטע כאַסענעס, וואָס מען האָט וועו ביז הײַנט געפּראַוועט אין לאַ מאַנטשאַ און מײַלן ווײַט אַרום.

געפרעגט האָט דאָן קיכאָט צי וועט עס ניט זײַן אַ כאַסענע פון עפּעס אַ פּרינץ, וואָס ער רימט זי אַזוי אויס.

— ניין — האָט דער סטודענט געענטפערט, — דאָס וועט זײַן אַ כאַסענע פון אַ פּויער מיט אַ פּויערטע. ער, דער רײַכסטער אין דער גאַנצער געגנט, זי, די שענס־טע, וואָס מענטשן האָבן אַמאָל געזען.

די כאַסענע־צערעמאָניע וועט זײַן אויסטערליש און נײַ, מאַכמעס געפּראַוועט ווערט זי אין אַ פּאַרק, וואָס הינטער דעם דאָרף, ווו די קאַלע וווינט, וואָס רופן רופט מען זי מיט דעם בײַנאָמען „קיטעריאַ די שיינע", און דעם כאָסן רופט מען „קאַמאַטשאָ דער רײַכער". זי איז אַלט אַכצן יאָר און ער צוויי און צוואַנציק: איי־נער פאַרן צווייטן ווי אָנגעמאָסטן, כאָטש מענטשן נײַגיריקע, וואָס האָבן אַ זיכּאָרן פּאַר יעדנס יִיכעס, ווילן האָבן אַז דער יִיכעס פון דער שיינער קיטעריאַ איז גרע־סער ווי קאַמאַטשאָס. נאָר הײַנט קוקט מען שוין נישט דערויף: וואָרום מיט גווי־רעשאָפט פאַרגלעט מען הײַנט אַלע שפּאַלטן. און דער קאַמאַטשאָ האָט בעעמעס אַ פרײַע האַנט און פאַרגלוסט האָט זיך אים באַדעקן דעם גאַנצן פּאַרק פון אויבן מיט צווײַגן, אַזוי אַז די זון זאָל קוים אַרײַנגיין, טאָמער פאַרגלוסט זיך איר אַ קוק טון אַף דעם גרינס, וואָס די ערד איז דערמיט אויסגעשפּרייט. אויך האָט ער באַשטעלט טענץ, אַף שווערדן און מיט גלעקלעך, ווײַל בא אים אין דאָרף זײַנען פאַראַן אַזוי־נע, וואָס מאַכן דאָס זייער קונציק. וועגן די קנאַפּל־טענצער (וואָס טופּען אויס דעם טאַנץ אַף די קנאַפּל), וואָס מען זאָגט, יאָסבי אַז ער האָט זיי געדונגען, רעד איך שוין ניט. נאָר פון דעם אַלעמען וועט מען נישט אַזוי געדענקען די כאַסענע, ווי פון דעם וואָס באַסיליאָ, ווי איך שטעל מיר פאָר, האָט פאַרטראַכט אָפּצוטון אויס פּאַרדרוס. דער באַסיליאָ איז אַ באָכער, וואָס זײַן שטוב איז איבער אַ וואַנט מיט קיטעריאַס, און די ליבע האָט דאָ געגעבן דער וועלט אַ געלעגנהייט צו דערמאָנען די שוין פאַרגעסענע ליבע פון פּיראַם און טיזבע. וואָרום באַסיליאָ האָט זיך פאַר־ליבט אין קיטעריאַן נאָך אין זײַנע יונגע יאָרן און זי האָט אַף זײַן ליבע געענטפערט מיט אָן אַ שיר אָרנטלעכע געפעליקייטן. אַזוי ווײַט, אַז אין דאָרף פלעגט מען אַף סימכעס שמועסן וועגן דער ליבע צווישן די צוויי קינדער באַסיליאָ און קיטעריאַ. די קינדער זײַנען געוואַקסן און קיטעריאַס פאָטער איז אײַנגעפאַלן נישט צו לאָזן באַסיליאָן אַרײַנקומען צו אים אין שטוב. און קעדיי נישט אַרומצוגיין מיט שטענ־דיקע כשאָדים און איבערקלערעכצער, האָט ער געהייסן זײַן טאָכטער כאַסענע האָבן מיט דעם רײַכן קאַמאַטשאָ און ניט מיט באַסיליאָן, וואָס איז נישט אַזוי רײַך, ווי

שיין און קלוג. ווארום אז מען וויל זאָגן דעם עמעס, און אָן שום קינע, איז באַסיליאַ דער פּערפעקטסטער באַכער וואָס אונדז איז באַקאַנט, אַ גרויסער שטאַנגען־וואַרפער, אַ זעלטענער שטיַיערער און אַ גרויסער באַלעם־שפּילער. ער לויפט ווי אַ הירש, שפּרינגט בעסער ווי אַ ציג און וואַרפט אום די קלעצלעך ווי מיט קישעף; ער זינגט ווי אַ שוואַלב און שפּילט גיטאַרע אַז די סטרונעס ריידן באַ אים, און דעריקער פעכט ער מיט אַ שווערדל ווי דער בעסטער פעכטער.

— מאַכמעס דעם אַליין — האָט דאָן קיכאָט דערויף געזאָגט, — האָט דער באַכער די ווערט כאַסענע צו האָבן ניט נאָר מיט דער שיינער קיטעריאַ, נאָר מיט דער קיניגן זשענעווע אַליין, ווען זי לעבט הײַנט, צולאַכעס לאַנצעראָטן און יעדן איינעם, וואָס וועט אים וועלן שטערן.

— דערציילט עס מײַן ווײַב, — האָט זיך אָנגערופן סאַנטשאָ פּאַנצאַ, וואָס האָט די גאַנצע צײַט געשוויגן און זיך אײַנגעהערט. — זי וויל נאָר, אַז יעדער איינער זאָל כאַסענע האָבן מיט זײַנס גלײַכן און זי האַלט זיך באַ דעם שפּריכוואָרט, אַז „יעדער שנאָר מיט זײַן פּאָר". מיר וואָלט בעסער געפעלן, דער בראַווער באַסיליאַ, וואָס הייבט מיר שוין אָן צו געפעלן, זאָל כאַסענע האָבן מיט דער דאַמע קיטעריאַ, און לאַנגע יאָר און אַ גוטע רו זאָלן האָבן (געמיינט האָט ער פאַרקערט) די וואָס שטערן אַ זיווּעג, וואָס האָט זיך מיט אַן עמעס ליב.

— ווען אַלע וואָס האָבן זיך מיט אַן עמעס ליב, זאָלן כאַסענע האָבן, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — וואָלט מען באַ די עלטערן צוגענומען זייער בכירע, זייער רעכט כאַסענע צו מאַכן זייערע קינדער מיט וועמען און ווען זיי דאַרפן. און ווען מען זאָל זיך וועלן פאַרלאָזן אַף די טעכטער זיי זאָלן זיך אויסקלײַבן אַ מאַן, וואָלטן טייל זיך אויסגעקליבן דעם פּאָטערס אַ מעשאָרעס און אַ ליאַדע באַכער פון גאַס, מעג זײַן אַ פאַרפאַלענעם שלעגער. אַבי אַ שטאַלטנעם פאַרשוין. ליבע און געפעלן פאַרבלענדן דעם סייכל די אויגן, וואָס מען דאַרף זיי האָבן באַם אויסקלייבן דעם זיווּעג: אין אַ שידעך קען מען גרינג אַ טאָעס האָבן און אַף צוטרעפן מוז מען האָבן אַ גוטן כוש און דעם הימל צו הילף. אַז איינער וויל מאַכן אַ לאַנגע רײַזע, איז אויב ער איז אַ קלוגער, זוכט ער זיך פריער צו, איידער ער לאָזט זיך אין וועג אַרײַן, גוטע און זיכערע געזעלשאַפט, וואָס זאָל מיט אים מיטפאָרן: פאַרוואָס זשע זאָל אַזוי נישט טון דער וואָס קלייבט זיך אין וועג אַף זײַן גאַנצן לעבן ביז צום לעצטן אָרט, דעם טויט, ביפראַט ווען די געזעלשאַפט דאַרף אים באַגלייטן אין בעט און באַם טיש און אומעטום, ווי דאָס ווײַב דעם מאַן? אַ ווײַב איז נישט קיין געקויפטע סכוירע, וואָס מען קען זי אומקערן און איבערבײַטן. ס'איז אַן אַקצידענט אַף נישט צו שיידן זיך מיט אים און דויערט אַזוי לאַנג ווי דאָס לעבן דויערט. דאָס איז אַזאַ שלייף, וואָס אַז מען טוט אים איינמאָל אָן אַפן האַלדז, ווערט פון אים אַ גאָרדיקנופּ, וואָס אויב דעם מאַלעכאַמאָוועס קאָסע שניידט אים נישט איבער, קען מען אים נישט אויפבינדן. איך וואָלט נאָך אַ סאַך זאָגן געקענט זאָגן מיקויעך דעם איניען, ווען נישט דער באַגער צו וויסן וואָס נאָך האָט דער האַר ליצענציאַנט צו זאָגן מיקויעך דער געשיכטע מיט באַסיליאַ.

דערויף האָט געענטפערט דער סטודענט, באַקאַלאַווער אָדער ליצענציאַט, ווי דאָן קיכאָט האָט אים אָנגערופן:

— מיר בלײַבט נאָר צו זאָגן, אַז פון זינט באַסיליאָ האָט זיך דערוווּסט, אַז די שיינע קיטעריאַ האָט כאַסענע מיט קאַמאַטשאָ דעם רײַכן, האָט מען אים מער נישט געזען לאַכן און נישט ריידן מיט קיינעם. ער גייט אום אַ טרויעריקער און אַ פאַרטראַכטער און רעדט צו זיך אַליין, און ווײַזט דערמיט קלאָר אַרויס, אַז ער איז גערירט פון זינען: ער עסט ווייניק און שלאָפט ווייניק און עסן עסט ער נאָר פרוכטן, און שלאָפן שלאָפט ער, אויב ער שלאָפט, אין פעלד, אַף דער האַרטער ערד, ווי אַ בעהיימע, פון צײַט צו צײַט קוקט ער אַפן הימל און אַן אַנדערש מאָל שטעכט ער אײַן די אויגן אין דער ערד אַזוי פאַרטראָגן, אַז ער זעט דעמאָלט אויס ווי אַ סטאַטוע אין קליידער, וואָס דער ווינט צעבלאָזט זיי. בעקיצער, דאָס האַרץ איז בײַ אים, קענטיק, צעפלאַמט און ווער נאָר עס קען אים האָט מוירע, אַז ווען די שיינע קיטעריאַ וועט מאָרגן געבן איר יאָ, וועט דאָס זײַן דער גזאַר־דין זײַנער.

— גאָט וועט דאָס בעסער טון — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — וואָרום ער וואָס גיט די מאַקע, גיט אויך די רעפּוּאָ. קיינער ווייסט נישט וואָס עס וועט זײַן, פון הײַנט ביז מאָרגן איז נאָך פאַראַן גענוג צײַט, און אין איין שאָ, אין איין רעגע אַפילע, פאַלט אײַן אַ שטוב. איך האָב שוין געזען רעגענען ווען די זון שײַנט. איינער לייגט זיך שלאָפן אַף דער נאַכט אַ געזונטער און מאָרגן קען ער זיך פונעם בעט נישט רירן. און צי קען זיך עמיצער באַרימען, זאָגט מיר, אַז ער האָט אינעם מאַזלס רעדל אַ צוואָק אַרײַנגעקלאַפּט? און צווישן אַ מיידלס יאָ און ניין וואָלט איך מיך נישט דערוועגט אַ שפּילקע אַרײַנצושטעכן, וואָרום נישטאָ ווו. זאָל מיר עמיצער דערווײַזן, אַז קיטעריאַ קען ליב האָבן באַסיליאָן מיט איר גאַנצן האַרצן און מיט איר גאַנצן ווילן, וועל איך אים אָנשיטן אַ זאַק מיט גליקן. וואָרום ליבע, ווי איך האָב געהערט זאָגן, קוקט מיט אַזוינע ברילן, וואָס ווײַזן קופּער פאַר גאָלד, אָרים פאַר רײַך און אויגן־טריף פאַר פּערל.

— וווּהין פאַרקריכסטו, סאַנטשאָ, פאַרשאָלטן זאָלסטו זײַן? — האָט דאָן קיכאָט זיך אָנגערופן. — הייבסטו נאָר אָן אויפציילען דײַנע גלײַכווערטלעך און מײַסעס, קען מען זיך ניט דערוואַרטן יודאַש אַליין זאָל דיך כאַפּן. זאָג מיר, בעהיימע, וואָס ווייסטו פון צוועקעס, פון רעדלעך און פון נאָך אַזוינע זאַכן?

— אָ, אויב מען פאַרשטייט מיך ניט, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — איז קיין כידעש ניט וואָס מען האַלט מײַנע שפּריכווערטער פאַר פּלוידערײַען. נאָר דאָס מאַכט נישט אויס, איך אַליין פאַרשטיי מיך, און איך ווייס, אַז דערין וואָס איך האָב געזאָגט, זײַנען קיין סאַך נאַרישקייטן נישט געווען. נאָר אײַער גענעדיקייט, האַר מײַנער, איז שטענדיק דער פּריסקאַל פון מײַנע רייד, און אויך פון מײַנע מײַסים.

— פיסקאַל האָסטו געדאַרפט זאָגן — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט; — און נישט פּריסקאַל, דו פאַרדאַרבער פון פיינעם סטיל, גאָט זאָל דיך פאַרדאַרבן.

— זאָל מיך אײַער גענעדיקייט נישט פאַריכטן, — האָט סאַנטשאָ געענט־

פערט, — וואָרום איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב מיך נישט דערצויגן אינעם הויף און אויך נישט געלערנט אין סאַלאַמאַנקאַ, איך זאָל וויסן צי לייג איך צו אָדער איך נעם אַראָפּ אַן אָס בײַ מײַנע ווערטער. דאָס אייגענע מיין איך — שיץ מיך גאָט! — דאַרף מען נישט פאַרלאַנגען פון אַ געבוירענעם אין סאַזשאַגוועס ער זאָל ריידן ווי אַ געבוירענער אין טאָלעדאָ, און פאַראַן מיסטאָמע טאָלעדער אַליין, וואָס זײַנען אויך ניט אַזוי שאַרף אין דער איוורע.

— וואָס שײַעך ריידן געשליפן, איז עס ריכטיק, — האָט דער ליצענציאַט געזאָגט, — וואָרום די וואָס דערציען זיך אין די גאַרבאַרניעס און אין סאָקאָדאָ־ווער, קענען נישט ריידן אַזוי פײַן ווי די וואָס פאַרברענגען דעם גאַנצן טאָג אײַנגעשלאָסן אינעם קאַטעדראַל, און אַלע זײַנען זיי טאָלעדער. דער ריינער סטיל, דער אייגנטימלעכער, דער עלעגאַנטער און קלאָרער, געפינט זיך בײַ די קלוגע הויפלײַט, מעגן זיי האָבן געבוירן געוואָרן אין מאַכאַלאַהאָנדאַ. קלוגע, האָב איך געזאָגט, מאַכמעס פאַראַן זײַנען אויך נישט קיין קלוגע, און כאָכמע איז די גראַמאַטיק פון פיינעם סטיל, וואָס גייט באַגלייט מיט דעם געברויך. איך, מײַנע הערשאַפטן, פאַר מײַנע גרויסע זינד, האָב געלערנט קאַנאָנישן געזעץ אין סאַלאַמאַנקאַ און איך קען מיך באַרימען, אַז איך ברענג אַרויס מײַן געדאַנק אין אַ געוויסער מאָס, מיט קלאָרע, פּאַשעטע און באַטײַטפולע ווערטער.

— ווען איר באַרימט אײַך ניט, אַז איר קענט אײַך בעסער נוצן מיט די שוואַרצע שווערדלעך וואָס איר פירט, איידער מיט פיינעם סטיל, — האָט דער צווייטער סטודענט געזאָגט, — וואָלט איר געווען דער ערשטער די ליצענציע צו באַקומען, אַנשטאָט צו בלײַבן אינעם עק.

— הער אויס, באַקאַלאַווער, — האָט דער ליצענציאַט געזאָגט, — איר האָט די טאָעסדיקסטע מיינונג אין דער וועלט מיקויעך פלינקן פעכטן, וואָס איר האַלט פאַר אַ פוסטער זאַך.

— פאַר מיר איז עס נישט קיין מיינונג, נאָר אַ פעסטער עמעס, — האָט געענטפערט קאָרטשועלאָ, — און אויב איר ווילט איך זאָל עס אײַך באַווײַזן אין דער פראַקטיק, האָט איר מיט זיך שווערדן, באַקוועמקייט איז פאַראַן, פולס און קויעך האָב איך, און מיט אַביסל קוראַזש, וואָס דאָס איז גאַנץ וויכטיק, וועל איך אײַך צווינגען מוידע זײַן, אַז איך האָב קיין טאָעס ניט. קריכט אַראָפּ און נוצט אײַך מיט אײַער ריטעם אין די פיס, מיט אײַערע קרײַזן און ווינקלען און מיט אײַער וויסנשאַפט און איך רעכן אײַך צו ווײַזן די שטערן אינמיטן העלן טאָג מיט מײַן נײַ־מאָדנער און נישט געלערנטער פלינקייט, וואָס איך גלויב, נאָכדעם ווי איך גלויב אין גאָט, אַז פון איר וועט אַרויסקומען דער מענטש, וואָס וועט מיך צווינגען צו אים זיך מיט דעם רוקן אויסצודרייען, און אַז נישטאָ איז אַזאַ מענטש אויף דער וועלט, וואָס איך זאָל אים נישט צווינגען אָפּטרעטן.

וואָס שײַעך אויסדרייען זיך מיט דעם רוקן אָדער ניט, — האָט דער פלינקער געזאָגט, — ווייל איך מיך נישט מישן; כאָטש גאַנץ מעגלעך, אַז דאָרט ווו איר וועט דעם ערשטן מאָל דעם פוס אײַנגראָבן, זאָל מען אײַך דעם קייווער גראָבן,

איך מיין, איר זאָלט דאַרט בלײַבן ליגן אַ טויטער פון דער פלינקייט, וואָס איר זײַנט אַזוי מעוואַטל.

— מ׳עט עס באַלד זען, — האָט געענטפערט קאַרטשועלאַ און האָט אַ שנעלן שפּרונג אַראָפּ געטון פון זײַן אייזל און אַ בייזן כאַפּ געטון איינע פון די שווערדן, וואָס דער ליצענציאַט האָט געפירט מיט זיך אויף זײַן אייזל.

— נישט אַזוי דאַרף עס זײַן, — האָט אין דעם אויגנבליק אַ זאָג געטון דאָן קיכאָט, — וואָרום איך וויל זײַן דער מײַסטער פון דעם געפעכט און דער ריכטער פון דעם נישט צו פיל אויסגעפאָרשטן איניען.

און אַראָפּגעשפּרונגען איז ער פון ראָסינאַנטען, גענומען זײַן שפּיז און זיך אַוועקגעשטעלט אויפן מיטן וועג, דעמאָלט ווען דער ליצענציאַט איז שוין מיט אַ העפלעך גראַציעזן שטעל און שפּאַן געגאַנגען אַקעגן קאַרטשועלאַן, וואָס האָט זיך צו אים אַ לאָז געטון, ווי זאָגט מען עס, מיט פײַער אין די אויגן.

די צוויי פּויערים, וואָס האָבן זיי באַגלייט, זײַנען פון זייערע אייזלען נישט אַראָפּגעקראָכן און האָבן געדינט פאַר צוקוקער פון דער טויט-טראַגעדיע. די קלעפּ מיט דער שאַרף, מיט דעם שפּיץ, פון אויבן אַראָפּ און פון אונטן אַרויף, פון לינקס אויף רעכטס און מיטביידע הענט, וואָס קאַרטשועלאַ האָט געוואָרפן, זײַנען געווען אָן צאָל, געדיכטער ווי לעבער און אָפטער ווי האָגל. געוואָרפן האָט ער זיך ווי אַ צעררייצטער לייב. נאָר געגאַנגען איז אים אַנטקעגן אַ פאַרשטעקל פון דעם ליצענציאַטס שווערד-שיכעלע, און האָט אים אָפּגעשטעלט אין מיטן דער פוריע און אים געצוווּנגען דאָס אַ קוש צו טון, ווי דאָס וואָלט געווען אַ רעליקוויע, כאָטש נישט אַזוי פרום ווי מען קושט געוויינלעך אַ רעליקוויע און ווי מען דאַרף זי קושן. צום סאָף האָט אים דער ליצענציאַט מיט זײַן שפּיץ שערד אַלע קנעפּלעך איבערגעציילט אויף דער האַלבער זשיפּעצע, וואָס ער האָט געטראָגן, און האָט אים די פּאָלעס צעשנימן ווי די קלעמערס בא דער הידרע. צוויי מאָל האָט ער אים דעם הוט אַראָפּגעוואָרפן און האָט אים אַזוי פאַרמאַטערט, אַז פון פאַרדרוס, פון קאַעס און בייזקייט, האָט דער געכאַפּט די שווערד פאַר דעם הענטל און האָט זי מיט אַזאַ קויעך אַ וואָרף געטון אין דער לופטן, אַז איינער פון די פּויערים, וואָס געווען איז ער אַ דאָרף-שרײַבער, און איז געגאַנגען זי צוריקברענגען, האָט שפּעטער איידעס געזאָגט, אַז זי איז פאַרפלויגן עפּשער דרײַ פערטל מײַל די ווײַט. און דאָס איידעס זאָגן האָט געדינט און דינט אויף צו איבערצײַגן מיט דעם גאַנצן עמעס, ווי אַזוי דעם קויעך איז גויווער די קונסט. קאַרטשועלאַ האָט זיך אַוועקגעזעצט אַ פאַרמאַטערטער, און סאַנטשאָ איז צו אים צוגעקומען און געזאָגט:

— אויף מײַן וואָרט, האַר באַקאַלאַווער, אויב איר ווילט אויסהערן מײַן אייצע, זאָלט איר פון הײַנט און ווײַטער נישט אַרויסרופן קיינעם אויף געפעכט, נאָר אויף שטייערן זיך און וואַרפן דעם שטאַנג, וואָרום דערצו האָט איר די יאָרן און דעם קויעך. און ווען די וואָס מען רופט זיי פלינקעס, האָב איך געהערט זאָגן, אַז זיי שטעכן אַרײַן אַ שפּיץ שווערד אין אַן אויער פון אַ נאָדל.

— איך בין צופרידן, — האָט קאַרטשועלאַ געענטפערט, — וואָס איך בין

פונעם אייזל אראָפּגעפאַלן און וואָס די פּראַקטיק האָט מיר געוויזן דעם עמעס, וואָס איך בין פון אים אזוי ווייט געווען.

ער האָט זיך אויפגעהויבן, ארומגענומען דעם ליצענציאַט און זיי זײַנען זיך פאַרבליבן גוטע פרײַנט ווי פריער. נישט געוואָלט האָבן זיי וואַרטן ביז דער שרײַבער, וואָס איז געגאַנגען ברענגען די שווערד, ווען צוריקומען, מאַכמעס געדאַכט האָט זיך זיי, אז ס'איז צו לאַנג צו וואַרטן, און האָבן באַשלאָסן ווײַטער צו פאָרן, קעדיי פאַרפרי אָנצוקומען אין דאָרף ווו די שיינע קיטעריאַ וווינט, פון וואַנען זיי זײַנען געווען. אפן איבעריקן שטיק וועג, וואָס איז נאָך פאַרבליבן ביזן דאָרף, האָט דער ליצענציאַט דערציילט אַף וואָס זײַן שווערד איז אַלץ פּעיִק און האָט דאָס באַוויזן מיט אזוי פיל פיגורן און מאַטעמאַטישע אויסרעכענונגען, אז יעדער אייינער האָט געקענט זען וואָס די וויסנשאַפט איז בעיעכוילעס, און קאָרטשועלאָ איז געבליבן אויסגעהיילט פון זײַן אַקשאָנעס. געווען איז פאַרנאַכט, נאָר ווען זיי זײַנען צוגעקומען, האָבן זיי דערזען איבערן דאָרף אויסגעשפּרייט אַ הימל מיט פינקלדיקע שטערן. געהערט האָבן זיי אויך צאַרטע טענער אויסגעמישט פון אַלערליי אינסטרומענטן, ווי פלייטן, פּויקן, ציטרעס, טאַצן, פּײַקלעך און מעשלעך. און ווען זיי זײַנען צוגעקומען נענטער, האָבן זיי דערזען, אז דיביימער פון אַ צווײַגן־נעץ באַם סאַמע אַרײַנגאַנג אין דאָרף זײַנען באַהאָנגען מיט ליכטלעך, וואָס דער ווינט האָט נישט געלאָשן, מאַכמעס געבלאָזן האָט ער זייער שטיל און האָט קיין קויעך נישט געהאַט אפילע די בלעטער אַף די ביימער צו רירן.

די קלעזמער, וואָס האָבן פרייִלעך געמאַכט די כאַסענע זײַנען אומגעגאַנגען קאַפּעליעסווײַז איבער דעם מעכײַעדיקן אָרט, טייל האָבן געטאַנצט, אַנדערע האָבן געזונגען און נאָך אַנדערע האָבן געשפּילט אַף זייערע קיילים. עס האָט זיך בעעמעס געדאַכט ווי איבער דעם פּאַרק לויפט אום די פרייד און עס שפּרינגט אום די צופרידנקייט. געווען זײַנען אַנדערע פאַרנומען מיט אויפשטעלן רישטאָוואַניעס, פון וואַנען זיי זאָלן באַקוועם קענען זען צומאָרגנס די טענץ און די פאָרשטעלונגען, וואָס דאַרפן דאָרט פאָרקומען און צוגעבן פײַערלעכקייט דער כאַסענע פון דעם רײַכן קאַמאַטשאָ און דער קווורע פון דעם אָרימען באַסיליאָ. דאָן קיכאָט האָט נישט געוואָלט אַרײַנרײַטן אין דאָרף, כאָטש געבעטן האָבן אים דערוועגן סײַ דער פּויער און סײַ דער באַקאַלאַווער. אָנגעגעבן האָט ער אַ טערעץ אַ גאַנץ וואָגיקן, ווי זיי האָט זיך געדאַכט, אז באַ די וואַנדער־ריטער איז עס אַזאַ געוווינהייט, בעסער צו שלאָפן אַף די פעלדער און אין די וועלדער איידער אפן יִישעוו אפילע אונטער גילדענע דעכער. און מיט די ווערטער, האָט ער אָפּגעווײַכט אביסל פונעם וועג, עמעס, קעגן סאַנטשאָס ווילן, וואָס האָט געדענקט דאָס גלעגער, וואָס ער האָט געהאַט אינעם שלאָס אָדער הויז פון דאָן דיעגאָ.

# צוואַנציקסטער קאַפּיטל

## ווי עס ווערט דערציילט וועגן קאַמאַטשאָ דעם רײַכנס כאַסענע און באַסיליאָ דעם אָרימענס גליק.

די נאַר די ווײַסע מאָרגן־שײַן האָט פּלאַץ געמאַכט דעם שטראַלנדיקן פעבוס ער זאָל מיט דעם גלי פון זײַנע הייסע שטראַלן אָפּווישן די פּליסיקע פּערל פון אירע גילדערנע לאָקן, האָט דאָן קיכאָט אָפּגעטרייסלט די פוילקייט פון זײַנע גלידער און זיך אויף די פיס געשטעלט און אַ רוף געטון סאַנטשאָ זײַן וואָפנטרע־גער, וואָס האָט נאָך אַלץ געכראָפּעט. און איידער דאָן קיכאָט האָט אים אויפגע־וועקט, האָט ער אים דערום אַזוי געזאָגט:

— אָ, דו גליקלעכסטער פון אַלע לעבעדיקע איבער דעם אַנגעזיכט פון דער ערד, מאַכמעס דו ביזט קיינעם נישט מעקאַנע און קיינער איז דיך נישט מעקאַנע און דו שלאָפסט מיט רויִקן געמיט און דיך פאַרפּאָלגן נישט קיין קישעפמאַכער און קיין שום קישעף טרעפט דיך ניט! שלאָף, זאָג איך נאָכאַמאָל, און זאָגן וועל איך עס נאָך הונדערט מאָל, מאַכמעס דיך וועט נישט האַלטן אין קעסיידערדיקן וואַך זײַן די אייפערזוכט פון דײַן דאַמע און נישט די טראַכטענישן וועגן צאָלן די כויוועס, וואָס דו ביזט שולדיק, און אויך נישט ווי צו באַקומען עסן אויף מאָרגן פאַר דיר און דײַן קליינער באַקימערטער פאַמיליע.

„נישט די ערגייץ פאַרשאַפט דיר אומרו און נישט דער פּוסטער גלאַנץ פון דער וועלט מאַטערט דיך, — מאַכמעס די גרעניצן פון דײַנע באַגערן גייען נישט ווײַטער ווי די זאָרג פאַר דײַן אייזל, און דיך אַליין האָסטו אויף מײַנע פּלייצעס אַרויפגעלייגט: דאָס געוויכט און די לאַסט, וואָס די נאַטור און די געוווינהייט האָבן אַרויפגעלייגט אויף די האַרן. עס שלאָפט דער קנעכט און עס וואַכט דער האַר און טראַכט ווי אים אויסצוהאַלטן, ווי אים צו פאַרבעסערן און גענאַד צו טון. ווען מען זעט דער הימל ווערט קופּער און גיט נישט דער ערד דעם נייטיקן טוי, באַרירט נישט די זאָרג דעם דינער, נאָר דעם האַר, וואָס דאַרף אין אומגערעטעניש און הונגער אויסהאַלטן דעם וואָס האָט אים געדינט אין גערעטעניש און אין שעפע.

אויף דעם אַלעמען האָט סאַנטשאָ נישט געענטפערט, מאַכמעס ער איז גע־שלאָפן. און ער וואָלט זיך אַזוי גיך נישט אויפגעכאַפּט, ווען דאָן קיכאָט צעוועקט אים נישט מיט דעם שפּיץ פון זײַן שפּיז. און אומגעדרייט האָט ער צוערשט דאָס פּאָנים אויף אַלע זײַטן און געזאָגט:

— פון אָט דער זײַט באַצווייגונג, אויב איך נאַר מיך נישט, טראָגט זיך אַ רייעכל גיכער פון געבראָטענער שינקע איידער פון טשערעט און מעסער־גראָז. אַ כאַסענע, וואָס הייבט זיך אָן מיט אַזוינע רייעכלעך, בין איך זיכער, אַז דאָס איז אַ רײַכע און אַ זאַטע כאַסענע.

— גענוג דיר שוין, פרעסער, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — קום וועלן מיר

גיין זען די באַסענע און דאָס וואָס דער אָפּגעשטויסענער באַסיליאָ וועט דאָרט אָפּטון.

— זאָל ער זיך טון וואָס ער וויל — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — וואָלט ער נישט געווען אַזאַ קאַבצן, וואָלט ער באַסענע געהאַט מיט קיטעריען. מער פעלט בישט, נאָר אַן איין גראָשן וועלן באַסענע האָבן הימל הויך! מיט אַן עמעס, מײַן האַר, איך מיין, אַז אַ קאַבצן דאַרף זיך צופרידנשטעלן דערמיט וואָס איז פאַראַן און נישט זוכן זיך קיין לעקעכלעך. איך גיי אין געוועט אויף אַ האַנט, אַז קאַמאַ־טשאָ קען דעם באַסיליאָן אין געלט אײַנוויקלען. און אויב דאָס איז אַזוי, ווי דאָס מוז זײַן, וואָלט קיטעריאַ געווען אַ נאַר, ווען זי וואַרפט זיך מיט די קליידער און מיט דעם צירונג, וואָס קאַמאַטשאָ קען איר געבן און קלייבט זיך אויס באַסיליאָס וואַרפן מיט דעם שטאַנג און שפּילן מיט דער שווערד. פאַר אַ גוטן וואָרף מיט דעם שטאַנג אָדער פאַר פײַנעם פעכטן מיט דער שווערד, גיט מען אַפילו קיין קוואַרטירל ווײַן נישט אין שענק. קענטעניש און וויסן, וואָס זײַנען נישט צום פאַרקויפן, זאָל זיי בעסער האָבן גראַף דירלאָס. אַזוינע קענטענישן אַז זיי פאַלן אַרײַן צו איינעם וואָס האָט געלט, מעג איך האָבן אַזאַ יאָר ווי שיין זיי זײַנען. אויף אַ גוטן פונדאַמענט קען מען שטעלן אַ גוטן בנין, און דער בעסטער פונדאַ־מענט און גראָבן אין דער וועלט, איז געלט.

— באַ וואָס גאָט איז, סאַנטשאָ, — האָט זיך דערויף דאָן קיכאָט אָפּגע־רופן, — בעט איך דיך, הער אויף מיט דײַן דראָשע. וואָרום ווען מען לאָזט דיך אַזוי איטלעכס מאָל ווען דו הייבסט אָן, וואָלט דיר, דאַכט מיר, קיין צײַט נישט פאַרבליבן אויף צו עסן און אויף צו שלאָפן. די גאַנצע צײַט וואָלט באַ דיר אַוועק אויף ריידן.

— ווען אײַער גענעדיקייט וואָלט געהאַט אַ גוטן זיקאָרן, — האָט סאַנטשאָ אָפּגעענטפערט, — וואָלט איר אײַך באַדאַרפט דערמאָנען די קאַפּיטלען פון אונ־דזער אָפּמאַך איידער מיר זײַנען דעם איצטיקן מאָל אַרויסגעפאָרן פון דער היים: איינער פון די קאַפּיטלען איז געווען, אַז איר דאַרפט מיך לאָזן ריידן וואָס איך וויל, אַבי ניט עמיצן צום שאָדן אָדער קעגן דער מאַכט פון אײַער גענעדיקייט. און דערווײַל, דאַכט מיר, האָב איך נאָך אויף דעם קאַפּיטל נישט אויסגעוועער געווען.

— איך געדענק נישט, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — דעם דאָזיקן קאַפּיטל. און אַפילו יאָ, וויל איך דו זאָלסט אַנטשווייגן ווערן און גיין מיט מיר. וואָרום די קלעזמער, וואָס מיר האָבן נאָך נעכטן געהערט, מאַכן שוין ווידער פריילעך די לאָנקעס, און די צערעמאָניע וועט מען מיסטאָמע פראַווען אינעם קילן פרימאָרגן און ניט אין דער באַטאָגעדיקער היץ.

געטון האָט סאַנטשאָ וואָס דער האַר האָט אים באַפוילן, און ער האָט ראָסי־נאַנטעס דעם זאָטל אַרויפגעלייגט און זײַן העל־ברוינעם דאָס שטרוי־זעקל, און ביידע האָבן זיי זיך אויפגעזעצט און טראָט באַ טראָט האָבן זיי אַרײַנגעריטן אַי־

נעם באַצווייגטן פּאַרק. דאָס ערשטע וואָס סאַנטשאָ איז געקומען פאַר די אויגן איז געווען אַ גאַנצער ביק אויפגעשטאָכן אַף אַ בראָט־אײַזן ווי אַ טאָפּאָליע. און אָפּן פֿײַער, ווו ער האָט זיך געבראָטן, האָט געברענט אַ היבשער הויפן האָלץ, און זעקס טעפּ אַרום דעם פֿײַער, האָבן זיך געקאָכט באַזונדער פון דעם גרויסן קאָך־אויוון מיט די אַנדערע טעפּ, מאַכמעס געווען זײַנען דאָס זעקס האַלבע פּעַ־סער, און אין יעדן איינעם אַ לאָדן פלייש: גאַנצע לעמער זײַנען אין זיי פאַר־שווונדן, ווי דאָס וואָלטן געווען טויבן. די האָזן, שוין אָפּגעשונדענע, און די הינער, שוין אָפּגעפליקטע, וואָס זײַנען געהאָנגען אַף די ביימער צום באַגראָבן אין די טעפּ, איז גאָר קיין שיר נישט געווען. וואַלד־געפליגל פון אַלערליי מינים, אָן צאָל, זײַנען געהאָנגען אַף די ביימער די לופט זאָל זיי אָפּקילן. איבערגעציילט האָט סאַנטשאָ העכער זעכציק לאָגלען, צוויי־עמערדיקע, און געווען זײַנען זיי פול, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, מיט טײַערע ווײַנען. געליגן זײַנען אויך קופּעס ווײַסע כאַלע, אַנגעהויפנט ווי ווייץ אין די שײַערס. קעזן, ווי ציגל אויסגע־לייגטע האָבן אויפגעשטעלט אַ גאַנצן מויער, און אין צוויי קעסלען בוימל, גרע־סער ווי פאַרבערישע, האָט מען געפּרעגלט טייג־זאַכן, און מיט צוויי גרויסע לאָפּעַ־טעס האָט מען אַרויסגעצויגן די אָפּגעפּרעגלטע און זיי אונטערגעטונקען אין אַ צווייטן קעסל מיט האָניק, וואָס איז געשטאַנען דערנעבן.

קוכער און קעכנעס זײַנען געווען איבער פופציק, אַלע ריינע, אַלע באַשעפ־טיקטע און אַלע צופרידענע. אינעם צעעפנטן בויך פון דעם ביק זײַנען געליגן צוועלף יונגע צאַרטע כאַזיירימלעך און האָבן זיך געבראָטן איניינעם אַף צוצוגעבן געשמאַק און ווייכקײַט דעם אָקסן־פלייש. די אַלערליי געווירצן האָט מען, קענטיק, נישט געקויפט אָפּן פונט, נאָר אָפּן עמער, און געהאַלטן האָט מען זיי אָפן אין אַ גרויסן קאַסטן. מיט איין וואָרט, די כאַסענע איז געווען אַ פּאַשעטע, אָבער אַזאַ שעפעדיקע, אַז מען האָט מיט איר געקענט אָנהאָדעווען אַ גאַנצע אַרמיי. אַף אַלץ האָט סאַנטשאָ פאַנצאַ געקוקט, אַלץ האָט ער באַטראַכט און אַלץ האָט אים צוגע־צויגן. דאָס ערשטע האָבן אים געפאַנגען און אונטערטעניק געמאַכט צו זיך זײַן בײַשעק די טעפּ, וואָס ער האָט בײַשעק געהאַט אַרויסצונעמען פון זיי פאַר זיך אַ היבשן זופּן־פלייש. נאָך די טעפּ האָבן אים צוגעצויגן די לאָגלען און צום לעצט, די פרוכטן אַף די פאַנען, אויב מען קען אָנרופן פאַנען די גרויסע בײַכיקע קיילים; און מאַכמעס אים איז שווער געווען דאָס איבערצוטראָגן און עפּעס אַנדערש צו טון האָט ער אויך נישט געקענט, איז ער צוגעגאַנגען צו איינעם פון די פאַרטועכע סאַרווער און מיט העפלעכקייטן און הונגעריקע רייד אים געבעטן ער זאָל אים לאָזן אײַנטונקען אַ בראָקן ברויט אין איינעם פון די טעפּ.

דערויף האָט אים דער סאַרווער געענטפערט:

— הײַנטיקער טאָג, ברודער, איז נישט פון יענע וואָס ליגן אינעם מאַזל הונגער, אַ דאַנק דעם רײַכן קאַמאַטשאָ. קריכט אַראָפּ, זוכט אײַך דאָרט אויס אַ פּאָלאָניק און שוימט אײַך אַראָפּ אַ פּאָר הינער און זאָל אײַך ווויל באַקומען.

— איך זע דאָ נישט קיין פּאָלאָניס, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט.

— ווארט, — האָט דער סאַרווער געזאָגט, — זינדיקער מענטש וואָס איך בין, קוקט אים נאָר אָן דעם מעפּונעק, עס דערקענט זיך גאָרניט אַף אויך!

און ווי ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער געכאַפּט אַ שאַף, אַרײַנגעטון אים אין איינעם פון די האַלבע פעסער און אַרויסגענומען פון דאָרט דרײַ הינער און צוויי גענדז, און האָט געזאָגט צו סאַנטשאָן:

— עסט, גוטער ברודער, און כאַפּט איבער מיט דעם אָפּשוים, איידער מען זעצט זיך עסן.

— איך האָב נישט אין וואָס זיי אַרײַנצולייגן, — האָט סאַנטשאָ געענט־פערט.

— נעמט עס — האָט דער סאַרווער געזאָגט — מיט דעם שאַף, מיט אַלץ מיט אַן אַנדער, קאַמאַטשאָס רײַכקייט און צופרידנקייט וועט אַלץ אויסשטיין.

אין דער צײַט וואָס דאָס האָט פּאַסירט מיט סאַנטשאָן, האָט דאָן קיכאָט געזען ווי פון אַ זײַט באַצווייגטן פּאַרקן קומט אַרײַן אַ גאַנץ טוץ פּויערים, אַף אַ טוץ שיינע שקאַפּעס, מיט רײַכע פּאַרביקע פעלד־דעקעס און אַ סאַך גלעקלעך אַף די ברוסט־רימענעס, און אַלע יאָנטעוודיק און פריילעך. און אַוועקגעלאָזט האָבן זיי זיך אַלע בעכאַוורוסע אין אַ געיעג איבערן פּאַרק, אָן אַ שיר מאָל, מיט פריי־דיקן געשריי און געפּילדער:

— לעבן זאָלן קאַמאַטשאָ און קיטעריאַ, ער אַזוי רײַך ווי זי שיין און זי אַזוי שיין ווי די גאַנצע וועלט!

דאָן קיכאָט האָט דאָס געהערט און האָט זיך געטראַכט:

„קענטיק אַז די לײַט האָבן נישט געזען מײַן דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ. וואָלטן זיי זי געוועסט געזען, וואָלט זיי שוין נישט אַזוי איבערגעטריבן וועגן זייער קי־טעריאַ".

באַלד האָבן אָנגעהויבן אַרײַנקומען פון פאַרשידענע זײַטן באַצווייגונג אַלער־ליי טענץ, צווישן זיי אַ שווערדן־טאַנץ פון אַ פינף און צוואַנציק יונגעלײַט, אַלע שטאַלטנע און פעסטע, אַלע געקליידט אין דינעם ווײַסן וועבל, מיט זייערע טיכער אַפן קאָפּ פון פאַרשידענע קאָלירן, פון פיינעם זײַד אויסגעאַרבעטע. און איינער פון די וואָס האָבן געריטן אַף די שקאַפּעס האָט געפרעגט דעם וואָס האָט גע־פירט די טענצער, אַ פלינקער באָכער, צי איז נים עמיצער פון די טענצער פאַר־וווּנדעט?

— דערווײַל, אַ לויב צו גאָט, איז קיינער נישט פאַרוווּנדעט: אַלע זײַנען מיר גאַנץ.

און טייקעף האָט ער זיך גענומען דרייען מיט די אַנדערע כאַווירים זײַנע, אַזוי פלינק און אין אַזאַ געדריי, אַז כאָטש דאָן קיכאָט איז שוין געוווינט געווען צו זען אַזוינע טענץ, האָט ער נאָך אַזוי גוט טאַנצן נישט געזען. אויך איז אים געפעלן אַ צווייטער אַרײַנגעקומענער טאַנץ פון העכסט שיינע מיידלעך, אַלע אַזוינע יונגע, אַז קיין איינע פון זיי איז נישט יונגער געווען פון פערצן און נישט עלטער פון אַכצן, אַלע אין ווײַסער פּאַלמיליאַ געקליידט, די האָר האַלב פאַר־

פלאַכטן, האַלב צעלאָזן. נאָר אַלע אַזוינע בלאָנדע, אַז זיי האָבן געקענט מיט דער זון קאָנקורירן. אויף די האָר האָבן זיי געטראָגן קרענץ מיט זשאַסמינען, רויזן, אַמאַראַנט און וואַלדמוטער געפלאָכטן. געפירט האָט זיי אַ בעקאַוועדיקער זאָקן און אַן אַלטע יוסטע דאַמע, נאָר אַ סך פלינקער ווערדליק זייערע יאָרן.

צוגעשפילט האָט זיי אַ זאַמאַרער דודלזאַק, און זיי, אויף די פענימער און אין די אויגן די אומשולד און אין די פּיס די לײַכטקייט, האָט זיך געדראַכט, זײַנען די בעסטע טענצער אין דער וועלט. נאָך זיי איז אַרײַנגעקומען נאָך איין קונציקער טאַנץ, פון די וואָס מען רופט זיי געדרעדטע. באַשטאַנען איז ער פון אַכט נימפעס, צעשטעלט אין צוויי רייען: איינע פון די רייען האָט געפירט דער גאָט קופּיד און די אַנדערע — געלט. קופּיד, מיט פליגל, מיט אַ בויגן, אַ שיידל און פײַלן; געלט — אין רײַכער קאָלירטער קליידונג פון זײַד און גאָלד. די נימפעס וואָס זײַנען נאָכגעגאַנגען אַמורן, האָבן אויף די פּלייצעס געהאַט אויף ווײַסן פּאַרמעט מיט גרויסע אויסיעס אויפגעשריבן זייערע נעמען: „פּאָעזיע" האָט זיך גערופן די ערשטע, די צווייטע — „כאָכמע", די דריטע — „יִיכעס", די פערטע — „מוט". אויף דעם שטייגער זײַנען אויך באַצייכנט געווען די נימפעס, וואָס זײַנען נאָכגעגאַנגען דעם געלט: „מילדקייט" איז געווען די אויפשריפט בײַ דער ערשטער, „מאַטאָנע" בײַ דער צווייטער, „אוצער" בײַ דער דריטער און בײַ דער פערטער — „פרידלעכער באַזיץ". אַפריער פאַר זיי אַלעמען איז געגאַנגען אַ הילצערנער טורעם, געשלעפּט פון פיר אינדיאַנער, אַלע געקליידט אין פלאַקס און אין פּלישטש, געפאַרבט אַזוי נאַטירלעך גרין, אַז סאַנטשאָ האָט זיך שיר ניט דערשראָקן פאַר זיי. אינעם פראָנט פונעם טורעם און אויף אַלע זײַנע פיר זײַטן, איז געווען אַן אויפשריפט: „דער טורעם פון דער באַשיידנקייט". צוגעשפילט האָבן פיר פלינקע קלעזמער אויף פּייקל און פלייט. אָנגעהויבן האָט דעם טאַנץ קופּיד, און נאָכדעם ווי ער האָט געמאַכט צוויי פיגורן, האָט ער די אויגן אויפגעהויבן און האָט אָנגעשטעלט זײַן בויגן אויף איינעם פון די מיידלעך, וואָס האָט זיך אַוועקגעשטעלט צווישן די טורעם-ציינער, און ער האָט איר דערבײַ געזאָגט:

איך בין גאָט דער אַלמעכטיקער
אויף דער ערד און אין דער לופטן,
אויף דעם ים דעם צעכוואַליעטן
און אין אַלץ וואָס דער טעהאָם האָט
אין זײַן שרעקלעכן געגעם.
איך ווייס נישט וואָס הייסט מוירע,
וואָס איך וויל, דאָס קען איך,
אַפילע דאָס אומעגלעכע
און אַלץ וואָס איז מעגלעך
הייס איך, נעם איך, גיב איך און פאַרווער.

פאַרענדיקט האָט ער דעם קופּלעט און אויסגעשאָסן אַ פײַל העכער דעם טורעם און זיך צוריקגעקערט אויף זײַן אָרט. אַרויסגעקומען איז דערנאָך געלט און האָט אויך געמאַכט צוויי פיגורן; שטיל געבליבן זײַנען די פּייקלעך און ער האָט געזאָגט:

איך בין דער וואָס בין שטאַרקער פון אָמורן
און אָמור איז דער וואָס פירט מיך;
איך בין פונעם שטאָם דעם בעסטן,
וואָס הימל האָט אַף דער ערד דערצויגן,
דער באַקאַנטסטער און דער גרעסטער.
איך בין דאָס געלט, וואָס ווייניק
קענען זיך מיט מיר באַגיין געהעריק,
און אַז מיר באַגיין זיך איז אַ וואונדער;
און אַזוי ווי איך בין, ביזטו מיר געהייליקט,
אַף שטענדיק און אַף אייביק, אָמיין.

אָפּגעטראָטן איז געלט און ארויסגעטראָטן איז פּאָעזיע, וואָס האָט געמאַכט אירע פיגורן ווי די פריערדיקע. זי האָט אָנגעשטעלט אירע אויגן אַפן מיידל אינעם טורעם און האָט געזאָגט:

מיט ביז גאַר זיסע ווערטער,
הויכע, ערנסטע און קלוגע,
די בין גאַר זיסע פּאָעזיע
שיקט דאָס האַרץ דיר, סעניאָרא,
געהילט אין טויזנטער סאָנעטן.
אויב דו ביזט נישט באַלעסטיקט
מיט מײַן צוטריט, וועל איך דײַן גליק דיר,
וואָס אַנדערע זײַנען עס מעקאַנע,
ביז אַרויף דערהייבן
אַפן האָרן פון דער לעוואָנע.

אוועק איז די פּאָעזיע און מיצאַד דעם געלט איז אַרויסגעקומען מילדקייט אַזן נאָכדעם ווי זי האָט געמאַכט אירע פיגורן, האָט זי געזאָגט:

מילדקייט רופט מען אַז דאָס געבן,
וואָס מײַדט אוים די שפּיצן
פון דער פאַרשווענדערישקייט
און פון דער קאַרגשאַפטס טערוצים
פון לעבלעכן שוואַכן ווילן.
נאָר קעדיי זיך צו דערהויבן,
וועל איך ווײַטער זײַן נאָך מילדער;
און כאָטש דאָס איז אַ כעסאָרן,
איז עס אַרנטלעך און פון פאַרליבטן האַרצן,
וואָס דערקענט זיך בעייסן געבן.

אַף אַזאַ אויפן זײַנען אַרויסגעקומען און צוריקגעטראָטן אַלע נימפעס פון די צוויי רייען און יעדע איינע האָט געמאַכט אירע פיגורן און געזאָגט אירע פערזן, טייל עלעגאַנט, טייל נאַריש, און פאַרגעדענקט האָט דאָן קיכאָט (וואָס געהאַט האָט ער אַ גוטן זיקאָרן) בלויז די שוין געבראַכטע. דערנאָך האָבן זיי זיך אַלע געמישט, געדרייט און געפלאָכטן פרײַ און כיינעוודיק. און ווען אָמור איז פאַר־בײַגעגאַנגען דעם טורעם, האָט ער געשאָסן אין דער הויך זײַנע פײַלן, נאָר געלט האָט געוואָרפן אַף אים גאָלדענע שפּאָר־קעסטלעך. צולעצט, נאָכדעם ווי זיי האָבן

אַ היבשע ווײַל געטאַנצט, האָט געלט אַרויסגענומען אַ היבשן בײַטל, געמאַכט פון דעם פעלכל פון אַ רוימישן קאָטער, אַן אָנגעשטאָפּטן מיט געלט, און האָט אים אַ וואָרף געטון אינעם טורעם. פון דעם קלאַפּ, האָבן זיך צענומען די ברעטלעך, דער טורעם איז זיך צעפאַלן און דאָס מיידל איז שטיין געבליבן אַן אָפּגעדעקטע און אומבאַשיצטע. צוגעקומען איז געלט מיט זײַנע נימפן, וואָס האָבן איר אַ גרויסע גאָלדענע קייט אַרויפגעוואָרפן אויפן האַלדז און געוויזן ווי זיי נעמען זי געפאַנגען און מאַכן זי אונטערטעניק. אַז דאָס האָבן דערזען אַמור און די זײַניקע, האָבן זיי זיך אַ לאָז געטון זי אָפּצונעמען. און אַלע זייערע באַוועגונגען זײַנען געווען ריטמיש טאַנצנדיקע אונטערן קלאַנג פון די פײַקלעך. באַרויִקט האָבן זיי די אינדיאַנער, וואָס האָבן גאַנץ פלינק ווידער אויפגעשטעלט פון די ברעטלעך דעם טורעם, און דאָס מיידל האָט זיך ווידער אין אים אײַנגעשלאָסן און דערמיט האָט דער טאַנץ זיך פאַרענדיקט צו דער צופרידנקייט פון דעם עולם.

געפרעגט האָט דאָן קיכאָט איינע פון די נימפעס ווער דאָס האָט פאַרפאַסט און אויסגעשטעלט. געענטפערט האָט זי, אַז איינער אַ בענעפיציאַט פונעם דאָרפישן קלויסטער, וואָס האָט אַ גוטן קאָפּ פאַר אַזוינע אויסטראַכטענישן.

— איך קען גיין אין געוועט — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — אַז ער איז מער גוטער פרײַנט קאַמאַטשאָן איידער באַסיליאָן, דער באַקאַלאַווער אָדער בענעפיציאַט, און אַז ער איז מער סאַטיריקער ווי בענטשער: ער האָט פײַן אַרײַנגעפאַסט אינעם טאַנץ באַסיליאָס פעִיקייטן און קאַמאַטשאָס גווירישקייט!

סאַנטשאָ פאַנצאַ, וואָס האָט דאָס אַלץ אויסגעהערט, האָט זיך אָנגערופן:

— מײַן האַן איז קיניג: איך האַלט מיך בײַ קאַמאַטשאָן.

— וואָס איז דאָ צו ריידן — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — מען דערקענט אויף דיר, סאַנטשאָ, אַז דו ביזט אַ נידעריקער נעפעש און ביזט פון יענע וואָס זאָגן: „לעבן זאָל דער וואָס איז פון אויבן!“

— איך ווייס נישט פון וועלכע איך בין — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — נאָר ווײסן ווייס איך, אַז פון באַסיליאָס טעפּ וועל איך קיינמאָל נישט אַרויסבאַקומען אַזאַ עלעגאַנטן אָפּשוים, ווי איך האָב אַראָפּגענומען בײַ קאַמאַטשאָן פון די טעפּ.

און געוויזן האָט ער אים דעם פולן שאַף מיט גענדז און הינער און גענומען האָט ער איינע פון זיי און געגעסן פון איר מיט גרויס געשמאַק און כיישעק. געזאָגט האָט ער דערבײַ:

— באַסיליאָן אין די אויגן מיט זײַנע פעִיקייטן זאָג איך: האָסט די ווערט אַזוי פיל וויפל דו האָסט, און דו האָסט אַזוי פיל וויפל דו האָסט די ווערט. צוויי מינים יִיכעס זײַנען פאַראַן אויף דער וועלט, ווי מײַנע אַ באָבע פלעגט זאָגן: האָבן און נישט האָבן. און הײַנט, מײַן האַר דאָן קיכאָט, טאַפּט מען פריער דעם דויפעק בײַם האָבן ווי בײַם וויסן: אַן אייזל מיט גאָלד באַדעקט, האָט מער די ווערט ווי אַ פערד מיט אַ שטרויענעם זאַטל. איך זאָג דערום ווידער דאָס איינגענע, אַז איך האַלט מיך בײַ קאַמאַטשאָן, וואָס פון זײַנע טעפּ קען מען אַראָפּשוימען גענדז און

הינער, האָזן און קראָליקעס, און פון באַסיליאַס טעפּ וועט מען קענען אראָפּשווי־מען, אויב עס וועט צו דער האַנט קומען, כאָטש קומען קען גיכער צום פּוס, אביסל שיטערן גריץ.

— האָסט שוין פאַרענדיקט דײַן רעדע, סאַנטשאָ? — האָט דאָן קיכאָט גע־פרעגט.

— איך האָב זי געמוזט פאַרענדיקן — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — ווײַל איך זע אַז אײַער גענעדיקייט ערגערט זיך דערפון. ווען איר מישט אײַך נישט אַרײַן, האָב איך געהאַט צוגעשניטענעם שטאָף אויף דרײַ טעג.

— בעט גאָט, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט אָפּגעענטפערט, — איך זאָל דיך נישט זען אַ שטומען פאַר מײַן טויט!

— ווי דליק עס גייט איצט, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — וועל איך קייען די ערד איידער אײַער גענעדיקייט וועט שטאַרבן. דעמאָלט, מעגלעך, זאָל איך זײַן אַזוי שטום, אַז איך זאָל נישט קענען ריידן ביז סאָף וועלט, אָדער ווײַ־ניקסטנס, ביזן יום הדין.

— אַפילו דאָס זאָל אַזוי פּאַסירן, אָ, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט גע־ענטפערט, — וועסטו קיינמאָל נישט אַזוי פיל שווײַגן וויפל דו האָסט גערעדט, וויפל דו רעדסט און האָסט נאָך צו ריידן אויף דײַן לעבן. ביפראַט, אַז ס'איז גאַנץ נאַטירלעך איך זאָל שטאַרבן פאַר דיר. איך רעכן דערום קיינמאָל דיך נישט צו זען קיין שטומען, אַפילו נישט ווען דו טרינקסט אָדער ווען דו שלאָפסט, וואָס דאָס מעג איך דיר ווינטשן.

— גלייבט מיר, מײַן האַר, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — אַז מען דאַרף זיך נישט פאַרלאָזן אויף דעם אויסגעדעוועטן, אויף דעם טויט מיין איך, וואָס עסט אַזוי גוט שאָפּנס ווי לעמערנס. און אונדזער גאַלעך האָב איך געהערט זאָגן, אַז מיט דעם זעלבן פוס שפּאַנט ער אַרײַן אין די הויכע טורעמס צו די קיניגן, ווי אין די נידעריקע הײַזקעס צו די אָרימע. ער איז נים אַזוי מעפונעק ווי מעכטיק, דער דאָזיקער האַר. ער מיעסט זיך פון קיין שום זאַך נים: אַלץ עסט ער און אַלץ טוט ער, און מיט יעדן מענטשן, פון יעדן עלטער און כשיוועס, פילט ער אָן זײַנע טאָר־בעס. ער איז נישט פון יענע שניטער, וואָס שלאָפן נאָכמיטיק; צו יעדער צײַט שנײַדט ער דאָס טרוקענע ווי דאָס גרינע גראָז, און קײַעט נישט, דאַכט זיך, נאָר ער שלינגט וואָס נאָר עס קומט אים פאַר די אויגן. אַ הינטישן הונגער האָט ער, וואָס זעטיקט זיך קיינמאָל נישט. און כאָטש קיין בויך האָט ער נישט, זעט עס אויס ווי ער וואָלט געווען אומדערזעטיקט און דורשטיק אויסצוטרינקען וויפל נאָר לעבנס עס זײַנען פאַראַן אויף דער וועלט, ווי מען טרינקט אויס אַ קרוג קאַלט וואַסער.

— גענוג, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט אים דערויף אָפּגעשטעלט, — האַלט דיך אויף דער הויך און פאַל נישט אַראָפּ, וואָרום דאָס וואָס דו האָסט געזאָגט וועגן דעם טויט מיט דײַנע פּאַשעטע ווערטער, וואָלט בעעמעס געקענט זאָגן אַ גוטער פּרעדיקער. איך זאָג דיר, סאַנטשאָ, אַז מיט דעם נאַטירלעכן סייכל, וואָס דו האָסט,

וואָלסטו געמעגט נעמען אַ שטענדער אין דער האַנט און אומגיין איבער דער וועלט פּרעדיקן שיינע זאַכן.

— שיין פּרעדיקט דער וואָס לעבט שיין — האָט געענטפערט סאַנטשאָ, — און איך קען נישט קיין אַנדערע טעאָלאָגיעס.

— דו דאַרפסט זיי גאָרנישט קענען — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — נאָר איך הייב ניט אָן פאַרשטיין און קען נישט דערגיין ווי קומט עס, וואָס בעיים דער אָנהייב פון כאָכמע איז מוירע פאַר גאָט, האָסטו אַזוי פיל וויסן דעמאָלט ווען דו האָסט מער מוירע פאַר אַן עקדיש איידער פאַר גאָט.

— זייט אייך אַ מיוון, אייער גענעדיקייט, מיין האַר, אַף אייערע ריטער־זאַכן, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — און רוקט אייך נישט מיט אייער מעווינעס אין יענעמס מוירע, אָדער דרייסטקייטן. וואָרום איך האָב פּונקט אַזוי מוירע פאַר גאָט ווי יעדן שאָכנס זון. און לאָזט מיך, אייער גענעדיקייט, אָפּשנויצן דעם שוים, וואָרום אַלץ דאָס איבעריקע איז פּוסטע ווערטער, וואָס פאַר זיי וועט מען פון אונדז פאָדערן כעשבן אַף יענער וועלט.

און ווי ער האָט דאָס געזאָגט, איז ער ווידער אַרויפגעפאַלן אַפן שאַף פליישיק מיט אַזאַ ביישעק, אַז ער האָט אויפגעוועקט דעם ביישעק אויך בא דאָן קיכאָטן, און ער וואָלט אים זיכער אַרויסגעהאָלפן, ווען עס שטערט אים נישט דאָס וואָס מוז דערציילט ווערן ווייטער.

# איין און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

## ווו עס ציט זיך ווייטער קאַמאַטשאָס כאַסענע און אַנדערע געשמאַקע פּאַסירונגען.

דען דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ האָבן געהאַלטן בא דעם שמועס, וואָס ווערט איבערגעגעבן אינעם פריערדיקן קאַפּיטל, האָבן זיך דערהערט קוילעס אינעם פּאַרק און אַ ראָש האָט זיך אויפגעהויבן. די קוילעס זיינען געגאַנגען פון די וואָס זיינען געריטן אַף די שקאַפעס. דאָס האָבן זיי זיך אַ לאָז געטון מיט גערעג און געשריי מעקאַבל פּאָנים זיין כאַסן־קאַלע, וואָס זיינען אַריינגעקומען באַגלייט פון אַלערליי מינים קלעזמער און קונצן, מיט דעם גאַלעך און מיט די קרויווים פוןביידע צדאָדים און מיט אַלע כאַשעווע געסט פון די אַרומיקע דערפער, אַלע יאָנטעוודיק אָנגעטון.

און ווען סאַנטשאָ האָט דערזען די קאַלע, האָט ער געזאָגט:

— בענעמאָנעס, זי איז נישט געקליידט ווי אַ פּויערטע, נאָר ווי אַ פאַרפּוצטע הויף־דאַמע. לאָמיך אַזוי לעבן, ווי די דיסקן, וואָס זי טראָגט, דאַכט מיר, זיינען פון טייערן קאָראַל און די גרינע קוענקער פּאַלמיליאַ איז דרייסיק־האָריקער סאַמעט. מיינסט, עפּשער, אַז די באַפּוצעכץ איז פון ווייסער ליוונט, שווער איך, אַז זי איז

פון אטלעס! גיב אַ קוק אױף די הענט, דאכט זיך מיט אסאַבאַטשע*) באַצירט, זאָל איך נישט דערלעבן, אויב דאָס זײַנען נישט קיין גאָלדענע פינגערלעך און פון דעם עמעסן גאָלד, און באַזעצט מיט ווײַסע פערל, ווי די קעזלעך, וואָס יעדער פערל מוז קאָסטן אַן אויג פון קאָפּ. אָך, דו מאַמזוערעס, סאַראַ האָר בײַ איר, אויב זיי זײַנען נישט קיין פאַלשע, האָב איך נאָך אױף מײַן לעבן אַזוינע לאַנגע און אַזוינע בלאָנדע האָר נישט געזען! זאָגט איר אַליין, אויב זי האָט נישט עפּעס אַ כעסאָרן, צי קען מען נישט פאַרגלײַכן איר שטאַלטנקייט צו אַ פּאַלמע, וואָס וויגט זיך אַ באַלאָדענע מיט אירע קרענצלעך טייטלען? אַזוי אויך דאָס צירונג, וואָס הענגט בײַ איר פון די האָר און פּונעם האַלדז אַראָפּ. איך קען שווערן, אַז דאָס איז אַ מויד מיט גאָלד גלײַך, און מען וועט זי אָנעמען אין יעדער פלאַנדרישער באַנק.

דאָן קיכאָט האָט געלאַכט פון סאַנטשאָ פאַנצאַס פּראָסטער לויב. געדאַכט האָט זיך אים, אַז אַ כוץ זײַן דאַמע דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ, האָט ער נאָך אַזאַ שיינע פרוי נישט געזען. געווען איז די שיינע קיטעריאַ אַביסל אַן אויסגעבלייכטע, און מיסטאָמע איז דאָס געווען מאַכמעס דער שלעכטער נאַכט, וואָס קאַלעס, געוויינלעך, לעבן דורך ערעוו דער כאַסענע. געגאַנגען זײַנען זיי צו אַ בינע, וואָס איז געשטאַנען אַן אַ זײַט פּאַרק, אַ פאַרפּוצטע מיט טעפּיכער און צווײַגן, ווו עס האָט באַדאַרפט פאָרקומען די צערעמאָניע, און פון דאָרט האָבן, כאַסן־קאַלע געזאָלט קוקן אױף די טענץ און אױף די קונצן. און ווי זיי האָבן געהאַלטן בײַ צוקומען צו דעם אָרט, האָבן זיי הינטער זיך קוילעס דערהערט, און איינס פון די קוילעס האָט געשריגן: „וואַרט אַ ווײַל, אײַלט אײַך נישט, קוקט אײַך אום אױף מענטשן".

אױף דעם געשרײַ האָבן זיך אַלע אומגעקוקט, און דערזען האָבן זיי, אַז דאָס שרײַט איינער אין אַ שוואַרצן כאַלאַט מיט פלאַמיקע קאַרמעזין־רויטע פּאַסן. באַקרוינט איז ער געווען (ווי מען האָט דאָס באַלד באַמערקט) מיט קוואָרע־ציפּרעס. אין די הענט האָט ער געטראָגן אַ גרויסן שטעקן. ווען ער איז צוגעקומען נענטער, האָט מען אין אים דערקענט דעם שלאַנקן באַסיליאָ, און אַלע זײַנען שטיין געבליבן מיט אָפענע מײַלער און געוואַרט מיט וואָס וועט זיך ענדיקן זײַן שרײַען און זײַן ריידן, מאַכמעס מוירע געהאַט האָט מען עפּעס בייז זאָל נישט געשען מיט זײַן קומען אין אַזאַ צײַט. און אָט איז ער שוין דאָ, אַ פאַרמאַטערטער און אַ פאַרסאָפּעטער, און ער שטעלט זיך אַוועק פאַר כאַסן־קאַלע, שטעקט אַרײַן זײַן שטעקן אין דער ערד, וואָרום געהאַט האָט דער שטעקן אַ שטאָלענעם שפּיץ, אײַנגאַנצן אַ פאַרענדערטער אַפּן פּאָנים, די אויגן אױף קיטעריאַן אָנגעשטעלט, און מיט אַ ציטערנדיקן הייזעריקן קאָל, זאָגט ער איר אָט די ווערטער:

— דו ווייסט גאַנץ גוט, נישט דערקענטע קיטעריאַ, אַז לויט דעם הייליקן געזעץ, וואָס מיר האַלטן ערלעך, טאָרסטו נישט כאַסענע האָבן אַזוי לאַנג איך לעב. אויך איז דיר נישט אומבאַקאַנט, אַז מאַכמעס איך האָב געוואַרט אַז די צײַט און מײַן פלײַס זאָלן מיר פאַרבעסערן מײַן האָב און גוטס, האָב איך נישט אויפגעהערט וואַרטן דו זאָלסט דיך באַגיין אַזוי אָרנטלעך ווי דיר פּאַסט. נאָר דו האָסט אַלץ וואָס דו

*) אַסאַבאַטשע — אַזאַ גלאַנציקער שוואַרצער מינעראַל.

ביזט שולדיק מײַן אָרנטלעכן באַגערן הינטער זיך אַוועקגעוואָרפן, און ווילסט מאַכן פּאַר באַלעבאָס איבער דעם וואָס מיר קומט, אַ צווייטן, וואָס זײַן רײַכטום דינט אים נישט נאָר צום גוטן מאַזל, נאָר אויך צו גאָר גוטע גליקן, און קעדייַ ער זאָל דאָס האָבן מיט דער פולער מאָס (און נישט מאַכמעס איך מיין, אַז דאָס קומט אים, נאָר מאַכמעס דער הימל וויל אַזוי), וועל איך מיט מײַנע אייגענע הענט אָפּשאַפן די מעניע און דעם אָפּהאַלט, וואָס קענען אים דערצו שטערן און וועל מיך פון דעם וועג אָפּראַמען. זאָל לעבן, לעבן זאָל דער רײַכער קאַמאַטשאָ מיט דער דאַנק־פאַרגעסנדיקער קיטעריאַ לאַנגע און גליקלעכע יאָר, און שטאַרבן זאָל דער אומגליקלעכער באַסיליאָ, וואָס זײַן אָרימקייט האָט באַ זײַן גליק די פליגל אונטערגעהאַקט און האָט אים אין קייווער געפירט!

און ווי ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער געכאַפּט דעם שטעקן, וואָס איז געווען אײַנגעשטאָכן אין דער ערד, און אַזוי ווי איין העלפט זײַנע איז געבליבן שטעקן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז געדינט האָט ער ווי אַ שיידל פאַר אַ היבשן דאָלך, וואָס איז אין דעם שטעקן באַהאַלטן געווען. און אַוועקגעשטעלט האָט ער דאָס הענטל, ווי מען האָט דאָס געקענט אָנרופן, אַף דער ערד, און מיט דער זאָרגלאָזיקייט פון אַ פאָרויסבאַשטימטן באַשלוס, האָט ער זיך אַף אים אַרויפגעוואָרפן, און דער פאַרבלוטיקטער שפּיץ זײַנער האָט זיך באַוויזן אַף זײַן רוקן מיט אַ האַלבן מעסער־קלינגל, דאָס הענטל מיט זײַן בלוט באַוואַשן, אַף דער ערד, און ער, מיט זײַן אייגן געווער אַ דורכגעשטאָכענער. צוגעלאָפן זײַנען באַלד זײַנע גוטע ברידער אים צו הילף, באַצאַרטע פון זײַן גרויסן עלנט און אומגליק. איבערגעלאָזט האָט דאָן קיכאָט זײַן ראָסינאַנטע און איז צוגעקומען אים העלפן, און גענומען האָט ער אים אַף זײַנע הענט, און אויסגעפונען האָט ער, אַז ער איז נאָך נישט אויסגעגאַנגען. געוואָלט האָט מען אַרויסשלעפּן פון אים דעם דאָלך, נאָר דער גאַלעך, וואָס איז דערבײַ געשטאַנען, האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף אים נישט אַרויסשלעפּן איידער ער איז זיך מיסוואַדע, וואָרום אַרויסנעמען דעם דאָלך און די נעשאָמע אַרויסלאָזן, איז איינס. נאָר באַסיליאָ איז אַביסל צו זיך געקומען און מיט אַ שוואַכן ווייטיקלעכן קאָל האָט ער געזאָגט:

— ווען דו זאָלסט וועלן, מאַרשאַעס קיטעריאַ, אין אָט דער לעצטער און דרינגלעכער מינוט מיר געבן דײַן האַנט אַלס ווײַב, וואָלט איך כאָטש אַ רעגע געטראַכט, אַז מײַן דערוועגטער שריט האָט געהאַט אַ באַרעכטיקונג, ווײַל איך האָב דערמיט דערגרייכט דײַנער צו זײַן.

געהערט האָט דאָס דער גאַלעך און האָט אים געזאָגט, אַז פריער זאָל ער אין זינען האָבן דאָס געזונט פון דער נעשאָמע און דערנאָך די האַנאָע פונעם גוף, און ער זאָל מיט אַן עמעס בעטן מעכילע באַ גאָט אַף זײַנע זינד און אַף זײַן פאַרצווייפלטן שריט. דערויף האָט באַסיליאָ געענטפערט, אַז ער וועט זיך בעשומויפן נישט מיסוואַדע זײַן, אויב קיטעריאַ וועט אים נישט פריער געבן איר האַנט, אַז זי איז זײַן ווײַב. וואָרום די האַנאָע וועט שטאַרקן זײַן ווילן און וועט אים געבן מוט זיך מיסוואַדע צו זײַן. געהערט האָט דאָן קיכאָט די באַקאָשע פון דעם געשטאָכענעם און האָט אָפן קאָל גענומען שרײַען, אַז באַסיליאָ בעט אַ זייער גערעכטע זאַך, וואָס ליגט זיך אָפן

סייכל און לאָזט זיך נאָכגעבן, און דער האַר קאַמאַטשאַ וועט פאַרבלײַבן פונקט אַזאַ אָרנטלעכער מענטש, ווען ער וועט נעמען קיטעריאַ ווי די אַלמאָנע פון דעם מוטיקן באַסיליאָ, גלײַך ווי ער וואָלט זי גענומען פון אירע עלטערנס הויז.

— דאָ מוז קומען אַ יאָ־וואָרט, וואָס זײַן פעולע גייט נישט ווײַטער ווי דאָס זאָגן. מאַכמעס דאָס באַלייגעכץ וועט זײַן דער קייוועך.

קאַמאַטשאַ האָט דאָס אַלץ געהערט, און פון אַלץ איז ער געוועזן געפּלעפּט און צעטומלט, און האָט נישט געוווּסט וואָס צו טון און וואָס צו זאָגן. נאָר באַסיליאָס גוטע ברידער האָבן אַזוי געשריגן און אַזוי לאַנג געבעטן קיטעריאַן זי זאָל געבן באַסיליאָן די האַנט אַלס ווײַב, קעדיי די נעשאָמע זײַנע זאָל נישט פאַרלוירן גיין ווען ער וועט אַוועק פון דער וועלט, אַז זיי האָבן אים באַוועגט און אַפילע געצוווּנגען זאָגן, אַז אויב קיטעריאַ וויל אים געבן די האַנט, איז ער צופרידן, וואָרום עס גייט דאָ נישט מער ווי אַף איין מאָמענט לענגער אָפּציִען די דערגרייכונג פון זײַנע באַגערן. דערנאָך זײַנען אַלע צוגעשטאַנען צו קיטעריאַן, און טייל מיט געבעט, טייל מיט טרערן און אַנדערע מיט סייכלדיקע רייד, האָבן זי איבערגערעדט זי זאָל געבן די האַנט דעם אָרימען באַסיליאָ. און זי, האַרטער ווי אַ מירמלשטיין און רויִקער ווי אַ סטאַטוע, האָט אַרויסגעוויזן, אַז נישט זי ווייסט ווי אַזוי. נישט זי קען און נישט זי וויל אַ וואָרט ענטפערן. און זי וואָלט אויך נישט געענטפערט, ווען דער גאַלעך זאָגט איר נישט זי זאָל זיך גיכער אַנטשליסן וואָס צו טון, וואָרום באַסיליאָ האַלט שוין די נעשאָמע צווישן די ציין און עס איז קיין צײַט נישטאָ צו וואַרטן מיט אומדרייסטע באַשלוסן.

דעמאָלט האָט די שיינע קיטעריאַ, אָן איין וואָרט צו ענטפערן, קענטיק אַ צעמישטע, אַ טרויעריקע און באַצאַרטע, צוגעשפּאַנט אַהין ווו באַסיליאָ איז געליגן, די אויגן שוין איבערגעקערט, דער אָטעם פאַרהאַקט און שנעל, מיט קיטעריאַס נאָמען אַף די ליפּן, ווי ער וואָלט שוין גענומען אויסגיין ווי אַ געצנדינער און ניט ווי אַ קריסט. צוגעקומען איז קיטעריאַ, האָט זיך אַף די קניען אַוועקגעשטעלט, און מיט אַ צייכן, אָן ווערטער, האָט זי אים די האַנט געבעטן. באַסיליאָ האָט די אויגן געעפנט, האָט זי פעסט אָנגעקוקט און האָט איר געזאָגט:

— אָ, קיטעריאַ, דו האָסט דיך אַף מיר דערבאַרימט דעמאָלט ווען דײַן ראַכמאָנעס דאַרף מיר דינען ווי דאָס מעסער, וואָס האָט מיר דאָס לעבן אַוועקגענומען, וואָרום איך האָב שוין מער קיין קויכעס נישט צו טראָגן דעם גלאָר וואָס דו גיסט מיר, דערמיט וואָס דו האָסט מיך אויסדערוויילט פאַר דײַנעם, און קען ניט אײַנשטילן דעם ווייטיק, וואָס דעקט מיר אַזוי שנעל די אויגן צו מיט דעם שרעקלעכן שאָטן פון טויט! איך בעט דיך נאָר, אָ, באַשערטער שטערן מײַנער, אַז די האַנט, וואָס דו בעטסט בײַ מיר און וואָס דו ווילסט מיר געבן, זאָל נישט זײַן ווי אַ כוויוו אָפּצוקומען און מיך ווידער צו גענאַרן, נאָר זאָלסט מודע זײַן און זאָגן, אַז אָן שום צוואַנג איבער דײַן ווילן, ענטפערסטו זי מיר איבער און דו גיסט זי מיר ווי דײַן געזעצלעכן מאַן. וואָרום עס האָט נישט קיין זין, אַז אין אַזאַ מינוט ווי די איצטיקע,

זאָלסטו מיך געגאַרן און זיך פאַרשטעלן לעגאַבע מיר, וואָס איך האָב מיט דיר אַזוי פיל עמעסן אַרומגערעדט.

בעיים ער האָט דאָס געזאָגט, איז ער אָפּט געפאַלן אין אָנמאַכט און די וואָס זײַנען אַרום זיי געשטאַנען, האָבן באַ יעדן מאָל כאַלאַשעס פאַלן געמיינט, אַז די נעשאָמע גייט אים אויס. קיטעריאַ, אָרנטלעך און פאַרשעמט, האָט געהאַלטן באַסי־ליאָס רעכטע האַנט אין אירער און געזאָגט צו אים:

— קיין שום קויעך אין דער וועלט קען מײַן ווילן נישט בייגן, און מיט מײַן גאַנצן פרײַען ווילן, וואָס איך פאַרמאָג, גיב איך דיר מײַן האַנט ווי דײַן געזעצלעך ווײַב און איך נעם אָן דײַן האַנט, אויב דו גיסט זי מיר מיט דײַן פרײַען אויסוואַל, נישט געשטערט און נישט ווידערגעשפּראָכן פון דעם אומגליק, וואָס דו האָסט אָף זיך גענומען מיט דײַן איבערגעאײַלטן שריט.

— איך גיב דיר די האַנט, — האָט באַסיליאָ געענטפערט נישט צעמישטער־הייט און נישט מיט פאַרטונקלטן מויעך, נאָר מיט קלאָרן פאַרשטאַנד, וואָס דעם הימל איז געפעלן מיר צו געבן און איך גיב מיך דיר אַוועק און ענטפער מיך איבער צו דיר ווי דײַן מאַן.

— און איך ווי דײַן ווײַב, — האָט קיטעריאַ געזאָגט, — און לעב לאַנגע יאָר, איצט וועט מען פירט דיך פון מײַנע אָרעמס צום קייווער.

— ווערליק דער באָכער איז אַ געשטאָכענער, — האָט אין דער מינוט זיך אָנגערופן סאַנטשאָ פאַנצאַ, — רעדט ער צו פיל. זאָל ער זיך שוין אויפהערן ליוב־קען און די נעשאָמע אין זינען האָבן, וואָרום ווי מיר דאַכט זיך, האַלט ער די נע־שאָמע אָף דער צונג און ניט צווישן די ציין.

ווי זיי האָבן זיך אַזוי ביידע געהאַלטן באַ די הענט, באַסיליאָ און קיטעריאַ, האָט דער גאַלעך, וויינענדיק און צעוויטיקט, זיי געגעבן זײַן בראָכע און געבעטן דעם הימל ער זאָל געבן רו דער נעשאָמע פון דעם ערשט כאַסענע געהאַטן. און ווי נאָר באַסיליאָ האָט די בראָכע באַקומען, האָט ער זיך שנעל געגעבן אַ הייב אויף אָף די פיס און מיט אַ ווילערישן מאַך מיט דער האַנט אַרויסגעצויגן דעם דאָלך, וואָס זײַן גוף וואָלט אים פאַר אַ שיידל געדינט. געבליבן זײַנען אַלע, וואָס זײַנען אַרום געשטאַנען, פאַרווונדערט, און טייל, מיט מער טמימעס ווי נײַגיר, האָבן גענומען שרײַען:

— אַ נעס! אַ נעס!

נאָר באַסיליאָ האָט אָפּגעענטפערט:

— נישט אַ נעס, אַ נעס, נאָר אַ קונץ, אַ קונץ.

דער גאַלעך, אַ צעטראָגענער און דערשטויינטער, האָט זיך געכאַפּט מיט ביידע הענט באַסיליאָן די וווּנד צו באַטאַפּן, און דערזען האָט ער, אַז דאָס מעסער איז אַדורך ניט באַסיליאָס לײַב און ריפּן, נאָר אַן אײַזערנעם רער מיט בלוט, וואָס באַ־סיליאָ האָט זיך צוגעפּראַוועט און דאָס בלוט האָט ער אַזוי פאַרפּראַוועט, אַז דאָס זאָל נישט גליווערן. קורץ, דער גאַלעך מיט קאַמאַטשאָן מיט אַלע אַנדערע אַרום האָבן זיך דערפילט אָפּגענאַרט און אָפּגעשמיסן. דעם יונגן ווײַבל האָט דער כויזעק

גאַרנישט פאַרדראָסן, פאַרקערט, ווען זי האָט דערהערט מען רעדט, אַז די באַסענע אירע איז נישט גילטיק, מאַכמעס זי איז געווען אַ שווינדלערישע, האָט זי זיך אָנגערופן, אַז זי באַפעסטיקט נאָכאַמאָל איר וואָרט, און געדרונגען האָט מען דער־פון, אַז דאָס שפּיצל איז געווען אָפּגעאַרבעט מיט איר ווִיסן און העסקעם, און דער־פון האָט זיך קאַמאַטשאָ מיט זײַן צאַד דערפילט אַזוי פאַרשעמט, אַז זיי האָבן זייער נעקאָמע איבערגעגעבן די הענט, אַ סאַך האָבן געצויגן שווערדן פון די שיידן און זיך געוואָרפן אויף באַסיליאָן, און פון זײַן צאַד האָבן טייקעף אַנדערע געצויגן זייערע שווערדן. און דאָן קיכאָט איז אויף זײַן פערד אַרויס אויף פריער, מיט דער שפּיז אין דער האַנט און מיט דעם שילד גוט געשיצט און זיך געמאַכט אַ וועג צווישן ביידן.

סאַנטשאָ, וואָס אים האָבן קיינמאָל נישט געצויגן און נישט געווײַלט אַזעלכע בייזע מעשׂים, האָט זיך צוגעכאַפּט צו די ביטן, ווו ער האָט פריער געהאַט אָנגע־שעפּט זײַן ליבן שוים, און האָט באַטראַכט דאָס אָרט פאַר הייליק, וואָס מען מוז דערפאַר דערעכערען האָבן. דאָן קיכאָט האָט געשריגן:

— האַלט, מײַנע הערשאַפטן, האַלט, עס האָט קיין זין נישט נעקאָמע צו נעמען פאַר ביזיוינעס, וואָס ווערן אונדז פאַרשאַפט פון דער ליבע. און איר מוזט וויסן, אַז ליבע און מילכאָמע איז איינע און די זעלביקע זאַך. אַזוי ווי אין מילכאָמע איז דערלויבט צו נוצן סטראַטעגישע שפּיצלעך און קונצן אויף מענאַצייעך צו זײַן דעם סוינע, אַזוי גילטן אויך אין די ליבעס־שלאַכטן די שווינדלען און די פאַרווירונגען, וואָס ווערן באַגאַנגען קעדיי צו דערגרייכן דעם געווינשטן ציל, אַבי עס ווערט נישט דערמיט געמינערט דער קאָוועד פון דער געליבטער זאַך. קיטעריאַ געהער שוין צו באַסיליאָן און באַסיליאַ צו קיטעריאַן, לויט דעם גערעכטיקן און גינציקן געבאָט פונעם הימל. קאַמאַטשאָ איז רײַך און קען זיך אײַנשאַפן זײַן פאַרגעניגן ווען און ווו און ווי אַזוי ער וויל. באַסיליאָ האָט נישט מער ווי דאָס איינע שעפעלע און קיינער, ווי מעכטיק ער זאָל נישט זײַן, טאָר עס בײַ אים נישט צונעמען, און צוויי וואָס גאָט פאַרבינדט, קען אַ מענטש נישט צעשיידן. און ווער עס וועט דאָס פּרוּוון טאָן, וועט פריער מוזן דורכגיין דעם שפּיץ פון אָט דער שפּיז.

און דערבײַ האָט ער אַזאַ שטאַרקן און פלינקן פאָכע געטון מיט איר, אַז ער האָט אַ שרעק אָנגעוואָרפן אויף יעדן וואָס האָט אים נישט געקענט. און אַזוי טיף האָט זיך אײַנגעשניטן אין קאַמאַטשאָס מויעך קיטעריאַס אָפּשטויס, אַז ער האָט זי אין איין אויגנבליק פון זײַן געדעכעניש אויסגעמעקט. געהאָלפן האָט דאָס אײַנ־טײַנען פון דעם גאַלעך, וואָס געווען איז ער אַ קלוגער מענטש מיט גוטע קאַוואָ־נעס, און קאַמאַטשאָ מיט זײַן צאַד האָבן זיך אײַנגעשטילט און באַרויִקט. ווי אַ באַווײַז דערויף, האָבן זיי צוריק די שווערדן אַרײַנגעשטעקט אויף זייער אָרט, און באַ־שולדיקט האָבן זיי מער קיטעריאַס לײַכטזיניקייט ווי באַסיליאָס קונצשטיק. באַ־טראַכט האָט זיך קאַמאַטשאָ, אַז אויב קיטעריאַ האָט ליב געהאַט באַסיליאָן מיידל־ווײַז, וואָלט זי אים ליב געהאַט אויך באַסענע געהאַטערהייט, און אַז ער דאַרף גיי־כער דאַנקען דעם הימל, וואָס ער האָט זי בײַ אים צוגענומען איידער דערפאַר,

וואָס ער האָט זי אים געהאַט געגעבן. און אַז קאַמאַטשאָ און זײַן באַוורוסטע זײַנען שוין געווען געטרייסט און באַרויִקט, האָבן זיך באַרויִקט אויך די וואָס זײַנען געשטאַנען אַף באַסיליאָס צאַד, און קעדיי אַרויסצוווײַזן, אַז אים קי־מערט נישט דער כויזעק און ער האַלט עס נישט פאַר וויכטיק, האָט דער רײַ־כער קאַמאַטשאָ געהייסן ווײַטער אָנגיין מיט דער סודע, ווי ער וואָלט אין דער עמעסן געפּראַוועט די כאַסענע. נאָר נישט באַסיליאָ, נישט קיטעריאַ און נישט זייער צאַד האָבן געוואָלט בלײַבן און זײַנען אַוועק צו באַסיליאָן אין דאָרף. וואָרום קלוגע און פעיִקע אָרימעלײַט האָבן אויך וועד עס זאָל זיי נאָכגיין, ערן און שיצן, ווי עס האָבן די רײַכע וועד עס זאָל זיי באַגלייטן און מיט זיי מיטגיין.

גענומען האָבן זיי מיט זיך דאָן קיכאָטן, וואָס זיי האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ מוטיקן מענטשן מיט האָר אַף דער ברוסט. איין סאַנטשאָן איז פינצטער געוואָרן אַפן האַרצן, וואָס מען האָט אים נישט געלאָזט וואַרטן אַף קאַמאַטשאָס רײַכער סודע מיט דעם יאַנטעוו, וואָס האָט זיך געצויגן ביז אין דער נאַכט. און נאָכגעריטן האָט ער אַ טרויעריקער, אַ נישט ניכעדיקער דעם האַר, וואָס איז מיטגעגאַנגען מיט באַ־סיליאָס כעוורע, און אַזוי אַרום געלאָזט הינטער זיך די טעפּ פלייש פון מיצראַים, כאָטש געטראָגן האָט ער זיי בא זיך אין האַרצן. די טעפּ, וואָס זייער שוים, אַ קי־מאַט שוין פאַרצערטן און אויסגעגאַנגענעם, האָט ער געפירט אינעם שאַף, האָבן אין זײַנע אויגן מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם גלאָר און די זעט פון דעם פאַרלוירענעם גוטס. און אָט אַזוי, אַ באַקימערטער און אַ פאַרטראַכטער, כאָטש נישט קיין הונ־געריקער, האָט ער נאָכגעריטן אַף זײַן העל־ברוינעם די פוסטריט פון ראַסינאַנטע.

## צוויי און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

**ווי עס ווערט דערציילט וועגן דער גרויסער פּאַסירונג אין דער מאָנטעסינאָס־הייל, וואָס געפינט זיך אינעם סאַמע האַרץ פון לאַ מאַנטשאַ, גליקלעך פאַר־ענדיקט פון דעם מעכטיקן דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ.**

אַ סאַך און גרויסע קיבודים האָבן דאָן קיכאָטן צוגעטיילט די כאַסענע געהאַטע, מיט דאַנק פאַר דעם בײַשפּיל, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן בעיים פאַרטייטיקן זייער צאַד. זיי האָבן אים געהויבן פאַר זײַן מוט ווי פאַר זײַן כאָכמע און האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ ציד מיט זײַן גוורע און פאַר אַ ציצעראָן מיט זײַן קויאַך האַדי־בער. דער בראַוועד סאַנטשאָ האָט זיך דרײַ טעג צײַט געלאָזט וווילגיין אַפן כעשבן פון כאַסן־קאַלע, וואָס פון זיי האָט מען זיך דערוווּסט, אַז באַסיליאָס מיקלאַמער־שטער דערשטעכן זיך איז נישט געווען קיין אָפּגערעדטע זאַך מיט דער שיינער קי־טעריאַ, נאָר זײַנער אַ קונץ, און אַז ער האָט פון איר דערוואַרט דאָס וואָס מען האָט געזען. עמעס, ער האָט צו וויסן געגעבן וועגן זײַן גדאַנק עטלעכע גוטע ברידער זײַנע, זיי זאָלן אין דער נויטיקער צײַט אַרויסהעלפן זײַן מיין און זיך שטעלן לע־טויוועס דעם שווינדל.

— מען קען נישט און מען טאָר נישט אָנרופן שווינדל — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — דאָס וואָס האָט פאַר זיך זיטלעכע קאַוואַנעס. אַז פאַרליבטע זאָלן כאַסענע האָבן איז איינער פון די הויכע צילן, און דער גרעסטער סוינע פון ליבע, מערקט אײַך, איז הונגער און שטענדיקע נויט. מאַכמעס ליבע איז הוילע פרייד, סימכע און צופרידנקייט, ביפראַט דעמאָלט ווען דער פאַרליבטער האָט אין זײַנע הענט דאָס געליבטע, און נויט און עלנט זײַנען אירע אָפענע קעגנער.

געזאָגט האָט ער עס מיט דעם מיין, אַז דער האַר באַסיליאָ זאָל זיך אָפּלאָזן פון זײַנע פעיִקייטן און קענטעניש, וואָס כאָטש זיי שאַפן אים אַ נאָמען, שאַפן זיי אים אָבער נישט קיין געלט, און אײַנשאַפן זאָל ער זיך פאַרמעגן מיט מעלאָכע און דערלויבטע מיטלען, וואָס פעלן קיינמאָל נישט די קלוגע און פלײַסיקע לײַט. דער אָרנטלעכער אָרימאַן (אויב אַן אָרימאַן קען זײַן אָרנטלעך) האָט אַ צירונג אַ שיין ווײַב, וואָס אַז מען נעמט עס בײַ אים צו, רויבט מען בײַ אים אַוועק זײַן קאָוועד און מען ברענגט אים אום. אַ שיין און אָרנטלעך ווײַב, וואָס האָט אַן אָרימען מאַן, האָט די ווערט מען זאָל זי קרוינען מיט לאָרבער און פאַלמען פון ניצאָכן. די שיינקייט גופע ציט צו דעם באַגער פון יעדן וואָס זעט זי און קען זי, און ווי צו דעם פויגל אין שטײַג, לאָזן זיך גיריק אַראָפּ צו איר די קיניגליכע אָדלערס און די שטאָלצע פייגל. ווען אָבער צו דער שיינקייט קומט אונטער די נויט און די ענגשאַפט, פאַלן צו איר צו אויך די ראָבן, די שפּאַרבער און די אַנדערע רויב־פייגל. און אַ ווײַב וואָס האַלט זיך אין אַזוינע פאַלן פעסט, האָט ווויל די ווערט מען זאָל זי רופן די קרוין פון איר מאַן.

— הערט אויס, קלוגער באַסיליאָ, — האָט דאָן קיכאָט צוגעגעבן צו דעם פריערדיקן: — איינער אַ כאָכעם, איך געדענק שוין נישט ווער, האָט געהאַלטן, אַז פאַראַן איז אויף דער וועלט נישט מער ווי איין פײַנע פרוי, און געראָטן האָט ער, אַז יעדער איינער זאָל בײַ זיך טראַכטן און גלויבן, אַז אָט די איינציקע פײַנע פרוי איז זײַן ווײַב, און אַזוי אַרום וועט ער לעבן אַ צופרידענער. איך בין נישט קיין כאַסענע געהאַטער, און ביז הײַנט איז מיר אויפן זינען נישט געקומען כאַסענע צו האָבן, פון דעסט וועגן, נעם איך מיר די כוצפע צו ראָטן, ווען מען זאָל מיך פרעגן, ווי אַזוי אויסצוגעפינען אַ פרוי מיט איר כאַסענע צו האָבן. פאַר אַלעמען, וואָלט איך געראָטן מען זאָל קוקן מער אויף אַ גוטן נאָמען ווי אויף פאַרמעגן. וואָרום אַ פײַנע פרוי ווערט באַרימט נאָר דערמיט וואָס זי איז פײַן און וואָס מען קען זי פאַר אַזאַ וואָרום דער אָרנטלעכקייט פון דער פרוי שאַט מער איר פרײַע האַלטונג צווישן מענער ווי איר אויסבאַהאַלטענע אומאָרנטלעכקייט. ברענגסטו אַרײַן צו דיר אין שטוב אַ פײַנע פרוי, קענסטו לײַכט אײַנהיטן איר פײַנקייט און זי נאָך פײַנער מאַכן. ברענגסטו אָבער אַרײַן אַ נישט פײַנע, וועסטו מוזן האָרעווען זי צו פאַריכטן. און ס'איז גאָרנישט אַזוי גרינג איבערצוגיין פון איין עקסטרעם צום צווייטן. איך זאָג נישט, אַז דאָס איז אומעגלעך, איך האַלט אָבער, אַז דאָס איז שווער.

סאַנטשאָ האָט דאָס אַלץ אויסגעהערט און האָט גערעדט צו זיך אַליין: ווען איך רייד פון סייכלדיקע און גרינגטלעכע זאַכן, זאָגט מיר געוויינטלעך מײַן האַר,

אַז איך מעג מיר נעמען אַ שטעקנדער אין די הענט און אַרומגיין איבער דער וועלט פּרעדיקן. און איך זאָג וועגן אים, אַז ווען ער נעמט זיך אײַנפּעדימען קלוגע רייד און אייצעס געבן, מעג ער נעמען ניט איין שטעקנדער, נאָר צוויי אויף יעדן פינגער און אַרומגיין איבער די שטאָט־פּלעצער ריידן פון וואָס אַ מויל קען אויסריידן. ביזט מער סאָטן ווי וואַנדער־ריטער מיט דעם וואָס דו ווייסט! איך האָב אין דער עמעסן געמיינט, אַז ער ווייסט נאָר דאָס וואָס געהער זיך אָן צו ריטערײַ, נאָר פאַר אים איז נישטאָ אַזאַ זאַך, וואָס ער זאָל נישט אײַנבײַסן און ווו ער זאָל זײַן לעפל נישט אַרײַנשטעקן.

דערהערט האָט דאָן קיכאָט ווי סאַנטשאָ מורמלט עפּעס פאַר זיך, האָט ער אים געפרעגט:

— וואָס מורמלסטו, סאַנטשאָ?

— איך זאָג נישט גאָרנישט און מורמל נישט גאָרנישט — האָט סאַנטשאָ געענטפערט. — איך האָב מיר נאָר געטראַכט, אַז דאָס וואָס אײַער גענעדיקייט זאָגט וואָלט איך באַדאַרפט הערן איידער איך האָב כאַסענע געהאַט. איך וואָלט איצטער עפּשער געקענט זאָגן, אַז „אַ ניט געשפּאַנטער אָקס לעקט זיך גוט”.

— אַזאַ שלעכט ווײַב איז דיר טערעזאַ, סאַנטשאָ? — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט.

— זי איז נישט אַזוי שלעכט — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — אָבער אויך נישט אַזוי גוט. אַלנפאַלס, נישט אַזוי גוט ווי איך וואָלט וועלן.

— נישט גוט טוסטו, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — וואָס דו רעדסט לאָשן האָרע אויף דײַן ווײַב. זי איז דאָך די מוטער פון דײַנע קינדער.

— מיר בלײַבן זיך איינער דעם צווייטן גאָרניט שולדיק, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — וואָרום זי אויף מיר רעדט אויך קיין גוטס נישט ווען איר ווילט זיך, באַזונדערס, ווען זי איז אייפערזיכטיק. דער סאָטן נאָר קען פון איר דעמאָלט אויסהאַלטן.

בעקיצער, פאַרבראַכט האָבן זיי דרײַ טעג מיט די כאַסענע געהאַטע און געהאַלטן האָט מען זיי דאָרט מיט גרויס קאָוועד און באַדינט ווי די קייסאָרים. געבעטן האָט דאָן קיכאָט בײַ דעם פלינקן ליצענציאַט ער זאָל אים מיטשיקן אַ וועגווײַזער, וואָס זאָל אים אָנווײַזן דעם וועג צו דער מאָנטעסינאָס־הייל, מאַכמעס ער האָט גרויס כיישעק אַהין אַרײַנצוגיין און זען מיט די אייגענע אויגן צי זײַנען עמעס די וווּנדער, וואָס מען דערציילט וועגן איר אין די אַרומיקע מעקוימעס. געזאָגט האָט אים דער ליצענציאַט, אַז ער וועט מיטשיקן מיט אים זײַנעם אַ קוזען, וואָס וועט אים גערן צופירן ביז דער סאַמע הייל און וועט אים ווײַזן די רוידעראַ־אָזערעס, וואָס זײַנען אַזוי באַרימט אין גאַנץ לאַ מאַנטשאַ און אַפילע אין גאַנץ שפּאַניע. און דער קוזען האָט געזאָגט, אַז ער וועט אים פירן זייער גערן און מיט גרויס פאַרגעניגן, מאַכמעס איזן איז ער אַ יונגערמאַן, וואָס מאַכט ביכער צום דרוקן און ווידמעט זיי די פירשטן. געקומען איז דער קוזען צו רײַטן אויף אַ שוואַנגערער אייזלקע, וואָס האָט איבער דעם שטרויזאַק געהאַט אַ געפאַרבטן קילים אָדער ריאַדנע. סאַנטשאָ

האָט אָנגעזאָמלט ראַסינאַנטען און צוגעריכט זײַן העל־ברווינעם. באַזאָרגט האָט ער די טאָרבעס, וואָס צוגעקומען זײַנען צו זיי די טאָרבעס פון דעם קוזען, אויך גוט באַזאָרגטע, און, איבערגעגעבן זיך צו גאָט, זיך געזעגנט מיט אַלעמען, האָבן זיי זיך געלאָזט אין וועג אין דער ריכטונג צו דער באַרימטער מאָנטעסינאָס־הייל.

אין וועג האָט דאָן קיכאָט געפרעגט דעם קוזען וואָס פאַר אַ מין באַשעפטי־קונג האָט ער און אין וואָס באַשטייט זי, וועגן זײַן באַרוף און זײַנע שטודיעס. געענט־פערט האָט ער דערויף, אַז זײַן באַרוף איז צו זײַן אַ הומאַניסט (געבילדעט אין דער הומאַניסטישער ליטעראַטור. איבערז.), זײַן באַשעפטיקונג און זײַנע שטודיעס זײַנען צו פאַרפאַסן ביכער צום דרוקן, אַלע פון גרויס נוצן און פון נישט ווייניקער פאַר־ווײַלונג פאַר דער מעדינע. איין בוך רופט זיך „וועגן די ליוורייעס", ווו איך מאָל אָפּ זיבן הונדערט מיט דרײַ ליוורייעס, מיט זייערע קאָלירן, אויפשריפטן, און נו־מערן, ווו עס קענען זיך אונטערקלײַבן, אויב זיי ווילן, די הויפישע ריטער אַף אַ יאָנטעוו אָדער אַ סימכע, די וואָס פּאַסן זיך צו זייערע פאַרלאַנגען און קאַוואָנעס, און נישט דאַרפן גיין אויסבעטלען בא עמיצן, אָדער, ווי זאָגט מען עס, נישטערן אינעם מויעך.

— וואָרום איטלעכן באַזונדער, דעם אייפערזיכטיקן, דעם אָפּגעשטויסענעם, דעם פאַרגעסענעם און דעם צעשיידטן, גיב איך די ליווריע, וואָס לוינט זיך אים צום בעסטן און איז בעסער צוגעפּאַסט און זינדיקט ווייניקער קעגן זײַן כאַראַקטער. אַ צווייט בוך האָב איך, וואָס איך רוף עס אָן „מעטאַמאָרפאָזירונגען, אָדער דער שפּאַנישער אָווידיוס", דאָס איז אַ גאָר נײַע און זעלטענע דערפינדונג, מאַכמעס אין דעם בוך מאַך איך נאָך אָווידיוסן, און אַף אַ שפּאַסיקן אויפן מאָל איך אָפּ ווער עס איז די זשיראַלדאַ פון סעוויליע און דער מאַלעך פון דער מאַגדאַלענע, דער קאָר־דאָבער קאַניאָ דע וועסינגערא, די גוויסאַנדער אָקסן, די מאַרענאַ־בערג, די קוואַלן לעגאַניטאָס און לאַוואַפּיעס אין מאַדריד, און איך פאַרגעס אויך נישט דעם קוואַל פון דער לויז, פון דעם גילדערנעם רער און פון דער פּריאָרע, זיי מיט אַלע זייערע אַלעגאָריעס, מעטאַפאָרעס און איבערגעטראָגענע באַטײַטן, אַף אַזאַ אויפן, אַז זיי דערפרייען, אַנטציקן און לערנען אין איין צײַט. נאָך איין בוך האָב איך, וואָס איך רוף אים: „אַ צולאָג צו ווירגילי פּאָלידאָרוס", ווו עס רעדט זיך וועגן דעם אורשפּרונג פון די זאַכן, און איז פון גרויס שטודיום און באַהאַוונטקייט. צוליב דער גרויסער צאָל זאַכן פון גרויס באַדײַטונג, וואָס פּאָלידאָרוס האָט זיי נישט אַרײַנגענומען, און איך פאָרש זיי אויס און דערקלער זיי אין פײַנעם סטיל. פאַרגעסן האָט ווירגילי אונדז אויפצוקלערן ווער איז געווען דער ערשטער מענטש אַף דער וועלט וואָס האָט געהאַט אַ קאַטער, און ווער האָט זיך דער ערשטער געשמירט מיט זאַלב אַף אויסצוהיילן זיך פון אַ בובאָן, און איך קלער דאָס אויף געטרײַ צום טעקסט און באַפעסטיק דאָס מיט העכער פינף און צוואַנציק מעכאַברים. זאָגט איר אַליין, אײַער גענעדיקייט, צי איז נישט אַזאַ בוך נוצלעך יעדן איינעם.

סאַנטשאָ, וואָס האָט זיך די גאַנצע צײַט אײַנגעהערט צו דעם קוזענס רייד, האָט זיך אָנגערופן:

— זאָגט מיר, מײַן האַר, זאָל איך אײַך אַזוי גאָט אַ האַנט צולייגן איר זאָלט קענען אָפּדרוקן אײַערע ביכער: קענט איר מיר נישט זאָגן, אויב איר ווייסט, און אַלץ ווייסט איר דאָך, ווער איז געווען דער מענטש, וואָס האָט זיך דער ערשטער אין קאָפּ אַ קראַץ געטון? וואָרום, לויט איך פאַרשטיי, האָט דאָס געמוזט זײַן אונדזער פאָטער אָדאָם.

— זיכער — האָט דער קוזען געענטפערט, — וואָרום אַז אָדאָם האָט געהאַט אַ קאָפּ, איז דאָך קיין ספק נים, און אויב דאָס איז ריכטיק, און אויב ער איז געווען דער ערשטער מענטש אױף דער וועלט, האָט ער זיך מיסטאָמע אַמאָל גע־קראַצט.

— אַזוי גלויב איך — האָט סאַנטשאָ געענטפערט. — און איצט זאָגט מיר: ווער האָט דער ערשטער אױף דער וועלט קאָזולקעס געמאַכט?

— איך מוז אײַך זאָגן, ברודער — האָט דער קוזען געענטפערט, — אַז אין דער מינוט קען איך אײַך דאָס נישט זאָגן, ביז איך וועל עס אויספאָרשן. איך וועל דאָס אויספאָרשן ווען איך וועל צוריקומען אַהיים, וווּ איך האָב איצט מײַנע ביכער ליגן, און אַז מירן זיך נאָכאַמאָל זען, וואָרום מיר זעען זיך הײַנט נישט דעם לעצטן מאָל, וועל איך דערויף ענטפערן.

— הערט זשע מיך אויס, מײַן האַר — האָט סאַנטשאָ אָפּגעענטפערט, — איר דאַרפט אײַך דערוועגן נישט מאַטריעך זײַן, מאַכמעס מיר איז איצט אײַנגעפאַלן דער ענטפער דערויף וואָס איך האָב געפרעגט: זאָלט איר זשע וויסן, אַז דער ערשטער וואָס האָט געמאַכט קאָזולקעס אױף דער וועלט, איז געווען דער סאָטן, ווען מען האָט אים פונעם הימל אַרויסגעוואָרפן אָדער אַראָפּגעוואָרפן און ער האָט זיך געקײַקלט אין דער לופטן אינעם אָפּגרונט אַרײַן.

— ביזט גערעכט, מײַן פרײַנט, — האָט דער קוזען געזאָגט.

און דאָן קיכאָט האָט געזאָגט:

— אָט דער פרעג און דער ענטפער איז נישט דײַנער, סאַנטשאָ, פון עמיצן האָסטו דאָס געהערט.

— רעדט נישט, מײַן האַר, וואָרום ווען איך זאָל מיך נעמען פרעגן און ענט־פערן, וואָלט איך נישט פאַרענדיקט, מעגט איר מיר גלויבן, פון הײַנט ביז מאָרגן. אָט אַזוי ווי איר הערט, וואָרום אױף צו פרעגן טיפּשעסן און ענטפערן מיט נאַריש־קייטן, דאַרף מען נישט גיין צו אַ שאָכן באָרגן.

— אָבער געזאָגט האָסטו, סאַנטשאָ, דאָס וואָס דו ווייסט — האָט דאָן קי־כאָט געזאָגט, — וואָרום פאַראַן זײַנען אַזעלכע, וואָס מאַטערן זיך אויסצופאָרשן און נאָכצוזוכן אַזוינע זאַכן, וואָס נאָכדעם ווי מען האָט זיך שוין דערוווּסט פון זיי און אויסגעפאָרשט, האָבן זיי נישט קיין גראָשן באַטײַט נישט פאַרן מויעך און נישט פאַרן זיכּאָרן.

אין אָט די אוכדוימע געשמאַקע שמועסן איז זיי דער טאָג אַוועק און אױף נאַכט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אין אַ קליין דערפל, ווו דער קוזען האָט געזאָגט צו דאָן קיכאָטן, אַז פון דאָרט ביז דער מאָנטעסינאָס־הייל איז נישט מער ווי צוויי מײַל,

און אויב ער האָט בעדייע אהין אַרײַנצולאָזן זיך, מוז ער זיך באַזאָרגן מיט שטריק, קעדיי מיט זיי זיך צוצובינדן און אין דער טיפעניש זיך אָפּצובינדן. דאָן קיכאָט האָט דערויף געזאָגט, אַז אַפילו ער זאָל זיך מוזן ביזן גענעם אַראָפּלאָזן, מוז ער זען ווו די הייל ענדיקט זיך. געקויפט האָבן זיי עפּשער הונדערט פוס שטריק, און אַפן צווייטן טאָג, אַרום צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג, זײַנען זיי צוגעקומען צו דער הייל, ווו איר אַרײַנגאַנג איז ברייט און ראַכוועסדיק, נאָר פול מיט צאַפּן־גראָז, ציגן־פײַנען און אַנדערע ווילדגראָזן, אַזוי געדיכט און פאַרפּלאָנטערט, אַז זיי האָבן אים איינגאַנצן פאַרשטעלט און מען האָט אים קימאַט נישט אַרויסגעזען. דערזען די הייל, זײַנען זיי אַלע דרײַ, דער קוזען, סאַנטשאָ און דאָן קיכאָט, פון זייערע בעהיימעס אַראָפּגעקראָכן און יענע צוויי האָבן אים שטאַרק אַרומגעבונדן מיט דעם שטריק און בעיים זיי האָבן אים געוויקלט און געגאַרטלט, האָט סאַנטשאָ צו אים געזאָגט:

— באַטראַכט אײַך, אײַער גענעדיקייט, מײַן האַר, איידער איר טוט עס. לאָזט אײַך נישט לעבעדיקערהייד באַגראָבן, און שטעלט אײַך נישט דאָרט ווו אײַך דאַכט זיך ס'איז אַ פלאַש, וואָס מען האָט אין גרוב אַוועקגעשטעלט זיך אָפּקילן. אין דער עמעסן, איז עס נישט אײַער זאַך און נישט אײַך געהער עס אויסצופאָרשן אָט דאָס מין, וואָס איז, דאַכט זיך, ערגער פון אַ אונטערערדישער טפיסע.

— דו בינד און שווײַג — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — וואָרום גראַד אָט דאָס שטיקל אַרבעט, סאַנטשאָ פרײַנט, האָט אַף מיר געוואַרט.

דער וועגווײַזער האָט דערויף זיך אָנגערופן:

— אײַער גענעדיקייט, האַר דאָן קיכאָט, איך בעט אײַך גיט גוט אַכטונג און קוקט מיט הונדערט אויגן וואָס אינעווייניק טוט זיך. וואָרום מעגלעך דאָרט זאָלן זיך געפינען אַזוינע זאַכן, וואָס איך וועל זיי קענען אַרײַנשטעלן אין מײַן בוך פון די „טראַנספאָרמאַציעס".

— דאָס פּײַקל געפינט זיך אין אַזוינע הענט וואָס קענען גוט פּײַקלען, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט.

נאָכדעם ווי דאָס איז געזאָגט געוואָרן און געווען איז פאַרענדיקט דאָס צובינדן דאָן קיכאָטן (נים איבערן פאַנצער, נאָר איבערן לײַבצודעק, האָט דאָן קיכאָט גע־זאָגט:

— אונדז איז אַרויס פון זינען זיך צו באַוואָרענען מיט אַ גלעקל, וואָס זאָל זײַן צוגעבונדן צו מיר אַפן שטריק, און דערפון זאָל איך אײַך צו וויסן געבן צי האַלט איך מיך נאָך אין אַרונטערלאָזן און צי לעב איך נאָך. נאָר אַזוי ווי דאָס איז שוין איצט נישט מעגלעך, פאַרלאָז איך מיך אַף גאָט, ער זאָל מיך פירן.

באַלד דערויף האָט ער געקניט און אין דער שטיל מיספּאַלעל געווען און גע־בעטן גאָט ער זאָל אים שיקן האַצלאָכע אין דעם נײַעם און אַפן געפערלעכן גע־ראַנגל, און דערנאָך האָט ער אַפן קאָל געזאָגט:

— אָ, הערשערן פון מײַנע מײַסים און פון מײַן יעדן קער און ווענד, לויטערע און אָן גלײַכן דולציניאַ פון טאָבאָסאָ! אויב עס איז מעגלעך אַז צו דײַנע אויערן זאָלן דערגרייכן די טפילעס און דאָס געבעט פון דעם פאַרליבטן גראַנגלער פאַר

דײַן אומדערהערטער שײנקײט, בעט איך דיך דו זאָלסט זײ אױסהערן, און אײנס נאָר בעטן זײ, זאָלסט מיר נישט אָפּזאָגן דײַן שוץ און דײַן גונסט, איצט, װען איך נױטיק מיך אַזױ אין דיר. איך װעל מיך אַרונטערװאַרפן, אַרונטערלאָזן און אײַנ־זינקען אין דעם טעהאָם, װאָס שטײט פאַר מיר, נאָר קעדײ די װעלט זאָל װיסן, אַז אױב נאָר דו ביסט גענעדיק צו מיר, איז פאַר מיר נישטאָ אַזאַ אומעגלעכע זאַך, װאָס איך זאָל מיך אַף איר נישט װאַרפן און פאַרענדיקן.

און װי ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער צוגעשפּאַנט צום גרוב.

דערזען האָט ער, אַז עס איז נישט מעגלעך אַהין זיך אַראָפּצולאָזן און אױך נישט צוצוטרעטן, אױב ער װעט זיך נישט מאַכן אַ װעג מיט די אָרעמס אָדער מיט דעם מעסער. ער האָט דערום געכאַפּט די שװערד און גענומען אײַנװאַלגערן דאָס װילדגראָז באַם אַרײַנגאַנג אין דער הײל, און אַף דעם רױשן און קנאַקן פון די גראָזן, זײַנען אַרױס פון דאָרטן אָן אַ צאָל גװאַלדאָװנע גרױסע ראָבן אָדער קראָען, אין אַזאַ געדיכטער מאַכנע און מיט אַזאַ געאײַל, אַז זײ האָבן דאָן קיכאָטן אַף דער ערד אומגעװאָרפן. און װאָלט ער געװען אַזױ העלזעריש װי פרום, װאָלט ער דאָס געהאַלטן פאַר אַ שלעכטן סימען און װאָלט זיך אָפּגעזאָגט פון אײַנשליסן זיך אין אַזאַ מין אָרט.

בעקיצער, ער האָט זיך אױפגעהױבן. און אַז ער האָט געזען פון דער הײל קומען מער קײן קראָען נישט אַרױס און נישט קײן אַנדערע נאַכט־פײגל, אַכוץ פלעדערמײַז (װאָס זײַנען אױך געװען צװישן די קראָען), האָבן אים דער קוזען און סאַנטשאָ נאָכגעלאָזט דעם שטריק און ער האָט זיך גענומען אַרײַנלאָזן אין דער טיפעניש פון דער מױרעדיקער הײל. נאָר פאַרן אַרײַנגײן, נאָכדעם װי סאַנטשאָ האָט אים געזעגנט און טױזנט מאָל אים איבערגעצײלעמט, האָט ער געזאָגט:

— זאָל דיך גאָט פירן, און אױך דער פעלדז פון פראַנקרײך אינײנעם מיט דער דרײַאײניקײט פון גאַעטאַ, דו, בלום, סמעטענע און שױם פון די װאַנדער־ריטער! דאָ גײסטו, מוטיקער העלד פון דער װעלט, מיט דײַן שטאָלן האַרץ און מיט דײַנע בראָנזענע אָרעמס! נאָכאַמאָל, זאָל דיך גאָט פירן און דיך צוריקברענגען אַ פרײַען, אַ געזונטן און אָן מוירע, צו דער שײַן פון דעם לעבן, װאָס דו לאָזט איבער, קעדײ זיך צו פאַרגראָבן אין דער פינצטערניש, װאָס דו זוכסט.

מיט קימאַט אַזױנע טפילעס און באַקאָשעס האָט זיך געװעגדט דער קוזען.

דאָן קיכאָט האָט אַלץ געשריגן מען זאָל אים נאָכלאָזן דעם שטריק און זײ האָבן נאָכגעלאָזט פּאַמעלעכן. און װען די געשרײען, װאָס זײַנען פון דער הײל װי פון אַ רער אַרױסגעקומען, האָבן זיך מער נישט געהערט, האָבן זײ שױן געהאַט נאָכגע־לאָזט אַלע הונדערט פוס שטריק. געװען זײַנען זײ באַ דער מײנונג, אַז מען דאַרף דאָן קיכאָטן אָנהײבן אַרױסציען, מאַכמעס מער קײן שטריק האָבן זײ אים נישט געקענט נאָכלאָזן. דאָך, האָבן זײ אָפּגעװאַרט אַן ערעך אַ שאָ צײַט, און דערנאָך האָבן זײ גענומען אַרױסציען דעם שטריק, אָבער אַזױ גרינג, אָן שום װאָג, און זײ האָבן זיך דערום פאַרגעשטעלט, אַז דאָן קיכאָט איז געבליבן אינעװײניק. און מאַכמעס סאַנטשאָ האָט אַזױ געגלױבט, האָט ער ביטער געװײנט און געצױגן האָט

ער זייער שנעל, קעדיי וואָס גיכער צו זען זײַן טאָעס. נאָר ווען עס איז צוגעקומען, לויט זייער שאַצונג, צו עפּעס מער ווי אַכציק פּוס, האָבן זיי דערפילט וואָג און זיי האָבן זיך שטאַרק דערפרייט. בעקיצער, באַ די צען פוס, האָבן זיי דײַטלעך דערזען דאָן קיכאָטן, און סאַנטשאָ האָט גענומען שרײַען צו אים:

— ווויל זאָל זײַן דאָס צוריקומען פון אײַער גענעדיקייט, מײַן האַר. מיר האָבן שוין געמיינט, אַז איר פאַרבלײַבט דאָרט אַף זריע.

נאָר דאָן קיכאָט האָט קיין וואָרט נישט געענטפערט. און ווען זיי האָבן אים אינגאַנצן אַרויסגעצויגן, האָבן זיי דערזען, אַז ער האַלט די אויגן צוגעמאַכט, ווי ער וואָלט געשלאָפן.

אָוועקגעלייגט האָבן זיי אים אַף דער ערד און אויפגעבונדן. און דאָך, האָט ער זיך נישט אויפגעכאַפּט. נאָר אַזוי לאַנג האָבן זיי אים געדרייט אַף אַלע זײַטן, גע־שלעפּט און געטרייסלט, ביז ער איז, אין אַ היבשער ווײַל אַרום, צו זיך געקומען און זיך די ביינער אויסגעגלייכט, ווי ער וואָלט זיך אויפגעוועקט פון אַ טיפן און שווערן שלאָף. אומגעקוקט האָט ער זיך אַף אַלע זײַטן ווי אַ דערשראָקענער און געזאָגט:

— זאָל אײַך גאָט מוחל זײַן, מײַנע פרײַנט, וואָס איר האָט מיך אַרויסגע־בראַכט פון אַזאַ געשמאַקן ליבהאַרציקן לעבן און פון אַזאַ לאַנדשאַפט, וואָס קיין שום מענטש האָט נאָך נישט געזען און נישט דורכגעלעבט. איך האָב איצט בעַ־עמעס דערזען, אַז אַלע האַנאָעס פון דער וועלט גייען פאַריבער ווי אַ שאָטן און ווי אַ כאָלעם אָדער זיי פאַרוועלקן ווי אַ בלום אין פעלד. אָ, דו אומגליקלעכער מאָנטעסינאָס! אָ, דו טויטלעך צעוווּנדיקטער דוראַנדאַרטע! אָ, דו גליקלאָזע בעַ־לערמאַ! אָ, דו פאַרוויינטער גוואַדיאַנאַ, און איר, רוידעראַס גליקבאַרויבטע טעכ־טער, וואָס אין אײַערע וואַסערן דערקענט מען ווי שטאַרק אײַערע שיינע אויגן האָבן געוויינט!...

דער קוזען און סאַנטשאָ האָבן זיך גוט אײַנגעהערט צו דאָן קיכאָטס ווער־טער, וואָס האָט זיי געזאָגט ווי ער וואָלט זיי מיט גרויס ווייטיק פון זײַנע גע־דע־רים אַרויסגעריסן. געבעטן האָבן זיי אים ער זאָל זיי אויפקלערן וואָס ער האָט געזאָגט, און זאָל זיי זאָגן, וואָס ער האָט אין יענעם גענעם געזען.

— גענעם רופט איר דאָס אָן? — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — רופט דאָס נישט אַזוי, מאַכמעס דאָס פאַרדינט נישט דעם דאָזיקן נאָמען, ווי איר וועט באַלד זען.

געבעטן האָט ער מען זאָל אים געבן צו עסן. געווען איז ער שטאַרק הונגע־ריק. אויסגעשפּרייט האָט מען דעם קוזענס ריאַדנע אַפן גרינ̃עם גראָז, זיך גענומען צו די טאָרבעס, און אַלע דרײַ בעכאַוורוסע און אין ליבע, האָבן זיך אָוועקגעזעצט עסן וואַרמעס און וועטשערע אַפּאַמאָל. ווען מען האָט אָפּגעראַמט פון דער ריאַד־נע, האָט זיך אָנגערופן דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ:

— זאָל זיך קיינער נישט אויפהויבן, און הערט מיךביידע אויס.

# דריי און צוואנציקסטער קאפיטל

**וועגן די וווּנדערלעכע זאכן, וואס דער אויסערסט מוטיקער דאן קיכאט האט דערציילט, אז ער האט זיי געזען אין דער טיפער מאנטעסינאס־הייל, וואס מאכמעס זייער אומעגלעכקייט און גרויסקייט, זאל מען די פאסירונג געווען האלטן פאר אן אפאקריפישע.**

פיר אזייגער נאכמיטאג האט עס שוין געמוזט זיין, ווען די זון, צווישן וואלקנס פארהוילן, האט מיט קארגער שיין און ווארימע שטראלן געגעבן דאן קיכאטן די מעגלעכקייט ער זאל אן היץ און לעסטיקייט דערציילן פאר זיינע דערלויכטעגע צוהערער וואס ער האט אין דער הייל געזען. און אנגעהויבן האט ער אזוי:

— אן ערעך צוועלף אדער פערצן הייך פון א מענטשן די טיף אין דער אונטערערד, אין דער רעכטער האנט, באגעגנט מען א לאך אזוי גרויס, אז דארט קען זיך אוועקשטעלן א גרויסער וואגן, שוין מיט די אייזלען זיינע. אהין שפארט זיך דורך א שטיקל שיין דורך שפארונעס אדער לעכער, וואס גרייכן אהין פון ערגיץ ווייט אף דער אויבערפלאך פון דער ערד. אט דעם לאך און דאס פלאץ האב איך באצייטנס דערזען ווען איך בין שוין געווען פארמאטערט און פול מיט אנגסט פון הענגען אפן שטריק און זיך ארונטערלאזן אראפ אין דעם פינצטערן מאקעם, אן א זיכערן און באשטימטן וועג, און באשלאסן האב איך אהין אריינצוגיין און דארט אביסל אפרוען. איך האב גענומען שרייען און בעטן איר זאלט מיר מער נישט נאכלאזן דעם שטריק ביז איך וועל אייך הייסן. נאר איר האט מיך מיסטאמע נישט געהערט. איך האב צונויפגענומען דעם שטריק, וואס איר האט מיר נאכגעלאזט, האב געמאכט פון אים א בייגל אדער א קרענצל, און האב מיך אף אים אוועקגעזעצט און האב מיך פארטראכט וואס איך דארף טון אף אראפצולאזן זיך ביז צום דעק, ווען איך האב נישט ווער עס זאל מיך האלטן. און ווי איך בין אזוי געזעסן א פארטראכטער און א באטריבטער, איז מיך פלוצים באפאלן, ווען איך האב דאס גארנישט געוואלט, א טיפער שלאף. און אויך אזוי אומגעריכט, איך ווייס נישט ווי דאס איז געשען, האב איך מיך אויפגעכאפט פון שלאף און האב מיך דערזען אין דעם שענסטן דערפרייענדיקסטן און מעכייעדיקסטן גארטן, וואס די נאטור האט געקענט באשאפן און וואס די קלוגסטע מענטשלעכע פאנטאזיע האט געקענט אויסטראכטן.

„איך האב מיר די אויגן אויסגעריבן, זיי אויסגעווישט, און האב געזען, אז איך שלאף נישט, אז איך בין אף אן עמעס וואך. דאך, האב איך מיך א טאפ געטון באם קאפ און בא דער ברוסט, קעדיי איך זאל מיך איבערצייגן צי בין איך עס טאקע דער וואס זיץ דארטן אדער דאס איז עפעס א פוסטער פארקריפלטער געשפענצט. נאר דאס באטאפן, דאס פילן, די רייד וואס איך האב צו מיר גערעדט, האבן מיך איבערצייגט, אז איך בין עס דער אייגענער וואס זיץ דא מיט אייך. באוויזן האט זיך מיר באלד פאר די אויגן א קיניגלעכער פרעכטיקער פאלאץ אדער אלקאזאר,

וואָס זײַנע וועגט און מויערן האָבן אויסגעזען ווי פון דורכזיכטיקן קרישטאָל געמאַכט. געעפנט האָבן זיך אין אים צוויי גרויסע טירן און דערזען האָב איך פון דאָרט ארויסקומען און צו מיר זיך לאָזן גיין אַ בעקאָוועדיקן זאָקן מיט אַ קאַפּוצע פון טונקל פּיאָלעטענעם וואָל, וואָס האָט זיך אים אויף דער ערד נאָכגעשלעפּט. אויפן רוקן און אויף דער ברוסט איבערגעלייגט גרין אַטלעסענע בענדער ווי בײַ די גימנאַזיסטן. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ שוואַרץ מילאַנער מיצל, און די גרײַז־גרויע באָרד האָט אים געגרייכט איבער דעם גאַרטל. נישט געטראָגן האָט ער קיין שום געווער, נאָר אַ שנירל טפילע־קרעלן אין דער האַנט, גרעסערע ווי היבשע וועלטשענע ניס, און יעדע צענטע ווי גרויסע שטרויספייגלשע אייער. דער שטעל, דער טראָט, די ערנסטקייט און די ראַכוועסדיקע פיגור, יעדע זאַך באַזונדער און אַלץ אינײנעם האָט מיך געהאַלטן געפּלעפט און פאַרוווּנדערט. צוגעקומען איז ער צו מיר און צום אַלעם ערשטן האָט ער מיך שטײַף אַרומגענומען און באַלד דערויף מיר געזאָגט:

„— שוין אַ לאַנגע צײַט דערין, מעכטיקער ריטער דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, ווי מיר, דאָ פאַרקישעפטע, האָפן דיך צו זען, קעדיי דו זאָלסט צו וויסן געבן דער וועלט וואָס אַזוינס אַנטהאַלט אין זיך און פאַרהוילט די דאָזיקע טיפע הייל, וווּהין דו ביזט אַרײַנגעקומען, וואָס מען רופט זי די מאָנטעסינאָס־הייל: ס'איז אַ העלדישקייט, וואָס האָט געוואַרט זי זאָל באַגאַנגען ווערן פון דײַן אומבאַזיגטן האַרצן און פון דײַן ווונדערלעכן מוט. קום מיט מיר, דערלויכטענער האַר, וועל איך דיר באַווײַזן די ווונדער, וואָס זײַנען פאַרהוילן אין דעם דורכזיכטיקן אַלקאַזאַר, וואָס איך בין זײַן אייביקער הויפט־וועכטער און אויפזעער, וואָרום איך בין מאָנטעסינאָס אַליין, וואָס מײַן נאָמען טראָגט די הייל.

„ווי נאָר ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז מאָנטעסינאָס, האָב איך אים געפרעגט צי איז עס עמעס וואָס מען דערציילט אויבן אויף דער ערד, אַז ער האָט מיט אַ קליינעם דעגן אַרויסגענומען פונעם מיטן דער ברוסט בײַ זײַן גרויסן פרײַנט דוראַנדאַרטע דאָס האַרץ און האָט דאָס אָוועקגעטראָגן דער דאַמע בעלערמאַ, ווי ער האָט דאָס אים באַפוילן פאַר זײַן טויט. געענטפערט האָט ער מיר, אַז אַלץ איז עמעס, אַחוץ וועגן דעם דעגן, וואָרום נישט קיין דעגן איז עס געווען און נישט קיין קליינער, נאָר אַ דאָלך אַ געשליפענער, מיט אַ שפּיץ נאָך שאַרפער ווי אַן אָל.

— אַזאַ דאָלך — האָט סאַנטשאָ דערבײַ זיך אָנגערופן, — האָט געמוזט האָבן ראַמאָן דע האָסעז דער סעווילער.

— איך ווייס נישט, — האָט דאָן קיכאָט ווײַטער דערציילט, — נאָר געווען איז דער דאָלך נישט דעם דאָזיקן מעסער־העלדס, מאַכמעס ראַמאָן דע האָסעז איז געווען ערשט נעכטן און די מײַסע ראָנצעסוואַל, ווו דאָס אומגליק איז געשען, האָט פּאַסירט שוין זײַט לאַנגע יאָרן. נאָר די דאָזיקע נאָכפאָרשונג איז דאָ נישט וויכטיק און שטערט נישט און ענדערט נישט דעם געקייטל פון דער געשיכטע.

— ריכטיק — האָט דער קוזען געענטפערט: — זאָל אײַער גענעדיקייט, האַר דאָן קיכאָט, ווײַטער דערציילן, איך הער אויס מיט דעם גרעסטן פאַרגעניגן אין דער וועלט.

— מיט נישט ווייניקער פארגעניגן דערצייל איך עס, — האט דאן קיכאט געענטפערט, — און דער בעקאוועדיקער מאנטעסינאס, זאג איך, האט מיך ארײַנגעשטופט אין דעם קרישטאלענעם פאלאץ, ווו אין א נידעריקן זאל, אן אויסערגעוויינלעך קילן, אינגאנצן פון אלבאסטער, איז געשטאנען א מירמלשטיינערנער קייווער, מייַסטעריש אויסגעארבעט, און אף אים א ריטער אויסגעצויגן אין דער גאנצער לענג, נישט פון בראנז און נישט פון מירמלשטיין, נישט פון יאשפיס געמאכט, ווי מען זעט עס אף אנדערע קווארים, נאר מאמעש פלייש און ביינער. די רעכטע האנט (וואס, ווי מיר דאכט זיך, איז זי האריק און אדערדיק, א סימען, אז דער וועמעס זי איז, איז א שטארקער מענטש) האלט ער אף דער זייַט פונעם הארצן. און איידער איך האב עפעס געפרעגט דעם אלטן מאנטעסינאס, מאכמעס געבליבן בין איך געפלעפט ווען איך האב דערזען דעם קייווער, האט ער מיר געזאגט:

„— דאס איז מייַן פרייַנט דוראנדארטע, די בלום און דער שפיגל פון די פארליבטע און מוטיקע ריטער פון זייַן צייַט. דא האלט אים פארקישעפט, אים מיט נאך א סאך אנדערע, מערלין, דער פראנצויזישער קישעפמאכער, וואס מען זאגט, אז ער איז געווען דעם סאטנס א זון. און ווי איך מיין, איז ער געווען נישט דער זון זייַנער, ווארום געוווּסט האט ער עפעס מער ווי דער סאטן. ווי אזוי און צו וואס ער האט אונדז פארקישעפט, ווייסט קיינער נישט, נאר דאס וועט מען זיך דערוויסן מיט דער צייַט, וואס איז שוין נישט ווייַט, ווי איך שטעל מיר פאר. וואס מיך וווּנדערט, איז דאס וואס איך ווייס, ווי איצט איז טאג, אז דוראנדארטע האט זייַן לעבן פארענדיקט בא מיר אף די הענט, און אז נאכן טויט האב איך בא אים דאס הארץ ארויסגענומען מיט מייַנע אייגענע הענט. און געווויגן האט עס זיכער מער ווי צוויי פונט, ווארום לויט די געבירטיקע, איז א מענטש מיט א גרעסער הארץ באשאנקען מיט מער מוט, ווי דער וואס האט א קלענערס. און אויב דאס איז אזוי, און דער ריטער איז אף אן עמעסן געשטארבן, איז ווי קומט עס, וואס איצט קלאגט ער זיך און זיפצט פון צייַט צו צייַט ווי ער וואלט געווען לעבעדיק?

„ווי מאנטעסינאס האט דאס געזאגט, האט דער עלנטער דוראנדארטע געגעבן א הויכן קאל און געזאגט:

„א, מייַן קוזען מאנטעסינאס!
ס'לעצטע וואס איך האב געבעטן איז,
אז ווען איך וועל שוין טויט זייַן
און מייַן הארץ ארויסגעריסן,
זאלסט איר מייַן הארץ אוועקטראגן
אהין ווו בעלערמא איז,
פון ברוסט מייַנער ארויסנעמענדיק
מיט דעם דאלך אדער מיט א דעגן.

„און ווי דער בעקאוועדיקער מאנטעסינאס האט דאס אויסגעהערט, האט ער זיך אף די קניען געשטעלט פאר דעם באוויינטן ריטער און מיט טרערן אין די אויגן אים געזאגט:

„שוין, האר דוראנדארטע, טייַערער קוזען מייַנער, איך האב שוין געטון ווי איר

האָט מיר באַפֿוילן אינעם אומגליקלעכן טאָג פֿון אונדזער אומקום. איך האָב באַ
אײַך דאָס האַרץ אַרויסגענומען ווי ווײַט איך האָב געקענט און האָב דאָס מינדסטע
דערפֿון אין דער ברוסט נישט איבערגעלאָזט. איך האָב דאָס אַרומגעווישט מיט אַ
געהעפֿטן טיכל. איך האָב דערמיט שנעל אַוועקגעיאָגט קיין פֿראַנקרייך, נאָכדעם ווי
איך האָב אײַך אינעם שויס פֿון דער ערד אַרײַנגעלייגט מיט אַזוי פֿיל טרערן, אַז
איך האָב מיר געקענט מיט זיי די הענט וואַשן און אָפּווישן מיט זיי דאָס בלוט,
וואָס זיי האָבן אַף זיך געהאַט פֿון האָבן זיך געאײַסעקט אין דײַן אינגעווייד. און
נאָך אַ סימען וועל איך דיר געבן, האַרציקער קוזען מײַנער, אַז אין דעם ערשטן
יִשעוו, וואָס איך האָב אָנגעטראָפֿן, נאָכדעם ווי איך בין אַרויס פֿון ראָנצעסוואַל,
האָב איך אַף אײַער האַרץ אַביסל זאַלץ אַרויפֿגעשאָטן, קעדיי דאָס זאָל נישט האָבן
קיין שלעכטן רייעך, און אויב ניט פֿריש, זאָל עס ווייניקסטנס טרוקן זײַן פֿאַר דעם
אָנגעזיכט פֿון דער דאַמע בעלערמאַ. וואָס זי ווערט דאָ געהאַלטן פֿאַרקישעפֿט, אי-
ניינעם מיט דיר און מיט מיר און מיט גוואַדיאַנאַ, אײַער וואָפֿנטרעגער, און מיט
דער שענקערקע רואידעראַ מיט אירע זיבן טעכטער און צוויי פּלימעניצעס, מיט
נאָך אַ סאַך אַנדערע פֿון אײַערע באַקאַנטע און גוטע פֿרײַנט, דורך דעם געלערנטן
מערלען זײַט לאַנגע יאָרן. און כאָטש עס איז שוין מער ווי פֿינף הונדערט יאָר דערין,
איז נאָך קיינער פֿון אונדז נישט געשטאָרבן. עס פֿעלן בלויז רואידעראַ מיט אירע
טעכטער און פּלימעניצעס, וואָס מאַכמעס זייער געוויין, האָט מערלען זיך אָוואַדע
דערבאַרימט איבער זיי און האָט זיי פֿאַרוואַנדלט אין אָזערעס, וואָס אין דער וועלט
פֿון די לעבעדיקע און אין דער פּראָווינץ לאַ מאַנטשאַ רופֿט מען זיי איצט די רואי-
דעראַ־אָזערעס. די זיבן באַלאַנגען צו די קיניגן פֿון שפּאַניע, און די צוויי פּלימעני-
צעס, צו די ריטער פֿון אַ הייליקן אָרדן, וואָס מען רופֿט אים אָרדן פֿון הייליקן
כוּאַן.

„גוואַדיאַנאַ, אײַער וואָפֿנטרעגער, וואָס האָט אויך באַוויינט אײַער אומגליק,
איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טײַך, וואָס רופֿט זיך אַף זײַן נאָמען, און ווען ער
איז אַרויסגעקומען אַף דער אויבערפֿלאַך פֿון דער ערד און האָט דערזען די זון פֿון
אַן אַנדער הימל, איז אַזוי גרויס געווען זײַן צאַר דערפֿון וואָס ער האָט אײַך פֿאַר-
לאָזט, אַז ער איז ווידער אײַנגעזונקען אינעם אינגעווייד פֿון דער ערד. נאָר אַזוי
ווי ער מוז קומען צו זײַן נאַטירלעכן שטראָם, קומט ער ווו ניט ווו אַרויס און באַ-
ווײַזט זיך פֿאַר דער זון און פֿאַר מענטשן. די דאָזיקע אָזערעס שיקן אים צו זייערע
וואַסערן און איניינעם מיט זיי און מיט נאָך אַנדערע, וואָס קומען אונטער, שטראָמט
ער אַרײַן אַ גרויסער און אַ ראַכוועסדיקער קיין פּאָרטוגאַל.

„דאָך, אומעטום, ווו ער פֿליסט פֿאַרבײַ, ווײַזט ער זײַן טרויער און מאָרעשכוי-
רע, און האָט נישט דעם זכוס צו האָדעווען אין זײַנע וואַסערן קיין געשמאַקע און
טײַערע פֿיש ווי אין דעם גילדערנעם טאַכאָ. און דאָס וואָס איך זאָג אײַך דאָ, אָ,
קוזען מײַנער, האָב איך אײַך שוין אַ סאַך מאָל געזאָגט, און ווײַל איר ענטפֿערט
מיר נישט, מיין איך, אַז איר גלויבט מיר נישט, אָדער איר הערט נישט וואָס איך
זאָג, און איך לײַד דערפֿון, אַז איין גאָט ווייסט. אַ נײַעס וויל איך אײַך איצט דער-

ציילן, וואָס אויב דאָס וועט אײַך נישט דינען צו מילדערן אײַער ווייטיק, וועט דאָס אײַך בעשומויפן נישט פאַרערגערן. זײַט וויסן, אַז דאָ שטייט פאַר אײַך, און עפנט אײַערע אויגן און קוקט אים אָן, יענער גרויסער ריטער, וואָס דער געלערנטער מער־לען האָט וועגן אים אַזוי פיל זאַכן נעוויִעס געזאָגט; יענער דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, זאָג איך, וואָס האָט פון דאָסניַי, מיט גרעסערע מעגלעכקייטן ווי אין די פאַרגאַנגענע צײַטן, אויפגעלעבט אין דער הײַנטיקער צײַט דעם שוין פאַרגעסענעם וואַנדער־ריטערטום, וואָס מיט זײַן הילף און טויווע קען מעגלעך זײַן, מיר זאָלן באַ־פרײַט ווערן פון דעם קישעף. וואָרום גרויסע העלדישקייטן וואַרטן אַף גרויסע מענטשן.

„— און טאָמער ניט — האָט דער באַוויינטער דוראַנדאַרטע געענטפערט מיט אַן אָפּגעשוואַכטן שטילן קאָל, — טאָמער, זאָג איך, וועט אַזוי נישט זײַן, אָ, קוזען, איז ווײַטער געדולד און ווײַטער געטאַשט.

„און איבערגעדרייט האָט ער זיך אַף אַ זײַט און איז ווידער אַרײַן אין זײַן געוויינטלעכן שווײַגן, אָן אַ וואָרט מער צו ריידן. דערהערט האָבן זיך דעמאָלט גרויסע געוויינען און גרויסע ווײַ־געשרייען, איניינעם מיט טיפע זיפצן און אַנגסט־לעכן קרעכצן. איך האָב דעם קאָפּ אומגעדרייט, און דורך די קרישטאָלענע ווענט האָב איך דערזען אין אַ צווייטן זאַל אַ פּראָצעסיע זיך ציִען פון צוויי שורעס ווּנ־דער־שיינע יונגפרויען, אַלע אין טרויער אָנגעטון, מיט ווײַסע טורבאַנעס אַף די קעפּ, אַף דעם טערקישן אויפן. הינטן און אָפן עק פון די צוויי שורעס איז געגאַנגען אַ דאַמע, מאַכמעס לויט איר ערנסט האָט זי אַזוי אויסגעזען, אויך אין שוואַרצן געקליידט, מיט ווײַסע הויבן, אַזוינע לאַנגע, אַז זיי האָבן די ערד געקושט. איר טור־באַן איז געווען צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי דער גרעסטער באַ די אַנדערע. געהאַט האָט זי צונויפגעצויגענע ברעמען און די נאָז אַביסל פּלאַטשיק. דאָס מויל גרויס, נאָר די ליפּן רויט. די ציין, וואָס זי האָט עפּשער מיט אַ קיוון געוויזן, זײַנען געווען שיטערע און קרומע, כאָטש געווען זײַנען זיי ווײַס ווי אָפּגעשיילטע מאַנדלען. אין די הענט האָט זי געטראָגן אַ ווײַסן טוך, און אינעם טוך, ווי איך האָב געקענט מערקן, אַ האַרץ פון מומיע־פלייש, וועדליק טרוקן און אײַנגעשרומפּן.

„געזאָגט האָט אונדז מאָנטעסינאָס, אַז די אַלע וואָס גייען אין דער פּראָצע־סיע, זײַנען געווען די דינסטן פון דוראַנדאַרטע און בעלערמאַ, פאַרקישעפטע איניי־נעם מיט זייער האַר און האַרנטע, און אַז די לעצטע, די וואָס טראָגט אינעם ווײַסן טוך דאָס האַרץ, איז די דאַמע בעלערמאַ, וואָס גייט מיט אירע דינסטן פיר מאָג אין דער וואָך אין דער פּראָצעסיע און זיי זינגען אָדער ריכטיקער, זיי וויינען אויס די קלאָגלידער איבער דעם גוף און באַוויינטן האַרצן פון זײַן קוזען. און אויב זי זעט מיר אויס אַביסל מיִעס, אָדער נישט אַזוי שיין, וועדליק דעם שעם וואָס זי האָט געהאַט, איז עס מאַכמעס די שלעכטע נעכט און נאָך ערגערע טעג, וואָס זי האָט דורכגעמאַכט אין דער צײַט פון דעם קאַמף, ווי ער קען דאָס זען פון די בלויע רינגען אַרום אירע אויגן און פון איר געבראָכענעם קאָליר. און איר געלקייט און אירע בלויע רינגען נעמען זיך נישט פון דעם כוידעשלעכן צופאַל, וואָס איז גע־

וויינטלעך בא פרויען, ווארום שוין כאדאשים לאנג און אפילע יארן, ווי זי האט עס נישט און דאס קומט אפילע צו איר אף דער שוועל נישט ארויף, נאר פון דעם וויי־טיק, וואס איר הארץ פילט פאר דעם הארצן, וואס זי האלט קעסיידער אין די הענט, און ברענגט איר אלעמאל אפן זיקארן און פרישט איר אפ דאס אומגליק פון איר פרי פארשניטענעם ליבהאבער. ווארום ווען נישט דאס, וואלט זיך קוים געקענט גלייכן צו איר מיט איר שיינקייט, כיין און גלאנץ די גרויסע דולצינעא פון טאבאסא, וואס איז אזוי בארימט אין דער סוויווע ארום און אפילע אין דער גאנ־צער וועלט.

„— האלט אייך איין — האב איך מיך דערויף אנגערופן, — האר דאן מאנ־טעסינאס: איר דערציילט בעסער אייער געשיכטע ווי עס געהער צו זיין. ווארום איר ווייסט דאך, אז פארגלייכענישן זיינען דערווידער, און מען דארף קיינעם נישט פארגלייכן מיט קיינעם. די אן א גלייכן דולצינעא פון טאבאסא איז זיך ווער זי איז, און די דאמע דאניא בעלערמא איז זיך ווער זי איז אדער ווער זי איז געווען, און דא בלייבט שטיין.

„דערויף האט ער מיר געענטפערט:

„— האר דאן קיכאט, זאל מיר אייער גענעדיקייט מויכל זיין, איך בין מיך מוידע, אז איך בין באגאנגען א פעלער, איך האב נישט ריכטיק געזאגט ווען איך האב געזאגט, אז די דאמע דולצינעא קען זיך קוים פארגלייכן צו דער דאמע בע־לערמא, ווארום פאר מיר וואלט באדארפט גענוג זיין איך זאל מיך פון א ליאדע סימען אנשטויסן, אז אייער גענעדיקייט איז איר ריטער, אז איך זאל מיר געווען בעסער די צונג איינבייסן איידער איך האב זי פארגליכן אויב נישט מיט דעם הימל אליין.

„מיט דער באפרידיקונג, וואס דער גרויסער מאנטעסינאס האט מיר געגעבן, האט זיך בארויקט מיין הארץ פון דעם אומגעריכטן שרעק, וואס איך האב באקו־מען, ווען איך האב דערהערט, אז מען פארגלייכט מיין דאמע מיט בעלערמא.

— און מיך וווּנדערט — האט סאנטשא זיך אנגערופן, — וואס אייער גע־נעדיקייט איז נישט ארויף אף דעם אלטיטשקן און אים נישט די ביינער אנגע־בראכן און די בארד אויסגעפליקט, עס זאל פון איר קיין האר נישט בלייבן.

— ניין, סאנטשא פריינט, — האט דאן קיכאט געענטפערט, — מיר האט נישט געפאסט אזוי צו טון, ווארום אלע זיינען מיר מעכויעוו דערעכערעץ צו האבן פאר אלטע לייט, ווען אפילע זיי זיינען נישט קיין ריטער, ביפראט נאך ווען זיי זיינען עס און דערצו נאך פארקישעפטע. איך ווייס וואויל, אז מיר וועלן זיך איינער דעם צווייטן גארנישט שולדיק בלייבן בא אנדערע נאכפרעגן און ענטפערס, וואס וועלן צווישן אונדז ביידן פארקומען.

דא האט זיך דער קוזען אנגערופן:

— איך פארשטיי נישט, האר דאן קיכאט, ווי אזוי האט איר אין דער קור־צער צייט, וואס איר האט אונטן פארבראכט, געקענט אזוי פיל זאכן זען און אזוי פיל ריידן און ענטפערן.

— ווי לאַנג איז דען אַז איך בין אַראָפּ אונטן? — האָט דאָן קיכאָט געפרעגט.

— עפּעס מער ווי אַ שאָ — האָט סאַנטשאָ געענטפערט.

— דאָס קען נישט זײַן — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — ווארום דאָרט איז מיר נאַכט געוואָרן און טאָג געוואָרן, און ווידער נאַכט און ווידער טאָג, אַזוי דרײַ מאָל. לויט מײַן כעשבן, האָב איך דרײַ טעג פאַרבראַכט אין יענע פאַרוואָרפענע, פון אונדזוער אויג פאַרהוילענע ערטער.

— דעם עמעס מוז מײַן האַר זאָגן — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — אַז מאַכמעס אַלע זאַכן, וואָס האָבן אײַך פּאַסירט, זײַנען געווען דורך אַ קישעף, איז עפּשער דאָס וואָס אונדז דאַכט זיך אַ שאָ דאָרטן דרײַ טעג מיט דרײַ נעכט.

— קען זײַן — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט.

— האָט אײַער גענעדיקייט די גאַנצע צײַט עפּעס געגעסן, מײַן האַר? — האָט דער קוזען געפרעגט.

— איך האָב קיין ביסן אין מויל נישט גענהאַט — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — און בין נישט הונגעריק געווען אַפילע נישט אין געדאַנק.

— און די פאַרקישעפטע עסן? — האָט דער קוזען געפרעגט.

— זיי עסן נישט — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — און נישט זיי ליידיקן זיך אויס. כאָטש פאַראַן איז אַ מיינונג, אַז בײַ זיי וואַקסן די נעגל, די בערד און די האָר פון קאָפּ.

— און שלאָפן, שלאָפן זיי די פאַרקישעפטע, מײַן האַר? — האָט סאַנטשאָ געפרעגט.

— דאַכט זיך, אַז ניט, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט. — די דרײַ טעג, אַלנפאַלס, וואָס איך בין מיט זיי געווען, האָט קיינער פון זיי מיט קיין אויג נישט צוגעמאַכט. איך אויך נישט.

— דאָ לאָזט זיך זאָגן דאָס שפּריכוואָרט — האָט סאַנטשאָ געזאָגט: — זאָג מיר מיט וועמען דו גייסט וועל איך דיר זאָגן ווער דו ביסט". אײַער גענעדיקייט גייט אום צווישן פאַרקישעפטע, צווישן פאַסטער און טאַנייסים. צי איז נישט אַ גליק, וואָס בלויז עסט איר נישט און שלאָפט נישט אַזוי לאַנג איר זײַנט צווישן זיי. נאָר זײַט מיר מויכל, אײַער גענעדיקייט, מײַן האַר, אויב איך וועל אײַך זאָגן, אַז דאָס אַלץ וואָס איר האָט דאָ געזאָגט, — שטראָף מיך גאָט, — האָט באַדאַרפט זאָגן דער סאָטן, אויב איך האַלט אים פאַר עפּעס.

— ווי דען? — האָט דער קוזען געזאָגט, — צי דען זשע האָט דער האַר דאָן קיכאָט באַדאַרפט זאָגן ליגן, ווען ער האָט אַפילע קיין צײַט נישט געהאַט דעם מי־ליאָן ליגנס אויסצוטראַכטן און אויסצושטעלן?

— איך גלויב נישט, אַז מײַן האַר זאָגט ליגן, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט.

— וואָס זשע דען גלויבסטו? — האָט אים דאָן קיכאָט געפרעגט.

איך גלויב, אַז אָט דער מערלען, אָט דער קישעפמאַכער, וואָס האָט פאַרקי־שעפט די גאַנצע כאָפּטע, וואָס אײַער גענעדיקייט זאָגט, אַז איר האָט זיי געזען און גערעדט מיט זיי אונטן, האָט אײַך אינעם מויעך און אינעם זיקאָרן אַרײַנגעקלאַפּט

די גאַנצע מאַכיניע, וואָס איר האָט אונדז דערציילט און וואָס אײַך בלײַבט נאָך צו דערציילן.

— דאָס וואָלט אַלץ געקענט אַזוי זײַן, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט אָפּגע־ענטפערט, — עס איז אָבער נישט אַזוי. מאַכמעס דאָס וואָס איך האָב דערציילט, האָב איך געזען מיט מײַנע אייגענע אויגן און האָב עס אָנגעטאַפּט מיט מײַנע אייגענע הענט. וואָס, אָבער, וועסטו זאָגן, ווען איך וועל דיר איצט זאָגן, ווי אַזוי צווישן די אַן אַ שיר זאַכן און וואונדער, וואָס מאָנטעסינאָס האָט מיר געוויזן (וואָס איך וועל פּאַמעלעכן און איטלעכע זאַך אין איר צײַט דערציילן אין מעשעך פון דער נעסיע, מאַכמעס נישט אַלע זײַנען זיי דאָ אין פּלאַץ), האָט ער מיר געוויזן דרײַ פּויערטעס, וואָס זײַנען איבער יענע ראַכוועסדיקע לאָנקעס אומגעשפּרונגען און גע־האָפּסעט ווי די ציגן, און ווי נאָר איך האָב אַף זיי אַ קוק געטאָן, האָב איך אין איינער פון זיי דערקענט די אַן אַ גלײַכן דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ, און די אַנדערע צוויי — די אייגענע פּויערטעס, וואָס זײַנען איניינעם מיט איר געריטן און מיר האָבן מיט זיי גערעדט באַם אַרויספאָר פון טאָבאָסאָ? געפרעגט האָב איך מאָנטע־סינאָסן צי ער קען זיי, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ניין, ער קען זיי נים, נאָר ער שטעלט זיך פאָר, אַז דאָס מוזן זײַן פאַרקישעפטע בעקאָוועדיקע דאַמען, וואָס האָבן זיך ערשט מיט אייניקע טעג צוריק באַוויזן אַף יענע לאָנקעס, און איך זאָל מיך גאָרנישט וואונדערן דערויף, וואָרום פאַראַן זײַנען דאָרט נאָך אַ סאַך דאַמען פון די אַמאָליקע און הײַנטיקע צײַטן, פאַרקישעפטע און פאַרוואַנדלטע אין פאַרשידענע און מעשונעדיקע געשטאַלטן, און געקענט האָט ער צווישן זיי די קיניגן זשענעווע און איר שענקערקע קינטאַניאָנאַ אַנגיסנדיק ווײַן לאַנצעראָטן.

ווען ער איז פון ברעטאַניע דערשינען.

אַז סאַנטשאָ האָט דאָס דערהערט פון זײַן האַר, האָט ער געמיינט ער וועט מעשוגע ווערן אָדער שטאַרבן פאַר געלעכטער. אַזוי ווי ער האָט געוווּסט דעם עמעס וועגן דעם קלוימערשטן קישעף איבער דולצינעאַ, וואָס ער אַליין איז דערבײַ געווען דער קישעפמאַכער און דער איידעס־זאָגער, איז שוין באַ אים גאָר קיין ספּפעק נישט געווען, אַז זײַן האַר איז כאָסערדייע און מעשוגע ביז אַראָפּ און ער האָט אים אַזוי געזאָגט:

— אין אַ שלעכטן אומשטאַנד און נאָך ערגערער צײַט און אומגליקלעכן טאָג, איז אײַער גענעדיקייט, טײַערער האַר מײַנער, אַראָפּ אַף יענער וועלט און אין אַ ביייזער מינוט האָט איר אײַך אָנגעטראָפן מיט דעם האַר מאָנטעסינאָס, וואָס האָט אײַך אונדז אַזוי אומגעקערט. געווען איז דאָ אויבן אײַער גענעדיקייט באַ דעם פולן זינען, ווי גאָט האָט אים אײַך געגעבן, און גערעדט האָט איר קלוגע רייד און אייצעס געגעבן אַף יעדן טראָט, אָבער נישט איצט, ווען איר דערציילט די גרעסטע אומגעגלומפּערטקייטן, וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן.

— אַזוי ווי איך קען דיך, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — קימערן מיך נישט דײַנע רייד.

— און מיך אויך נישט די רייד פון אײַער גענעדיקייט, — האָט סאַנטשאָ גע־

ענטפערט, — איר מעגט מיך שטעכן, איר מעגט מיך דערהאַרגענען פאַר דעם וואָס איך האָב אײַך געזאָגט אָדער פאַר דעם וואָס איך רעכן אײַך צו זאָגן, אויב איר וועט אײַערע ווערטער נישט פאַריכטן און אויסבעסערן. זאָגט מיר, אײַער גענעדיקייט, איצט, ווען מיר זײַנען שאָלעם צווישן אונדז: ווי אַזוי אָדער אין וואָס האָט איר דערקענט אונדזער האַרנטע די דאַמע? און אויב איר האָט גערעדט מיט איר, וואָס האָט זי געזאָגט און וואָס האָט איר איר געענטפערט?

— איך האָב זי דערקענט — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט — מאַכמעס גע־טראָגן האָט זי די אייגענע מאַלבושים, וואָס זי האָט געטראָגן, ווען דו האָסט זי מיר געוויזן. גערעדט האָב איך מיט איר, נאָר זי האָט מיר אַ וואָרט נישט געענט־פערט; פאַרקערט, זי האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר מיט דעם הינטן און איז אַזוי שנעל אַנטלאָפן, אַז אַ פײַל וואָלט זי נישט געקענט דעריאָגן. איך האָב איר גע־וואָלט נאָכלויפן, נאָר מאָנטעסינאָס האָט מיך געראָטן איך זאָל מיך נישט באַמיִען, ווארום דאָס וועט זײַן אומזיסט, ביפראַט אַז עס איז שוין צײַט געוועז ארויפצוקר־מען צוריק פון דעם טעהאָם.

„געזאָגט האָט ער מיר אויך, אַז מיט דער צײַט וועט מען מיר צו וויסן געבן ווי אַזוי ער, בעלערמאַ און דוראַנדאַרטע, מיט די אַלע וואָס זײַנען דאָרט געוועזן, וועלן באַפרײַט ווערן פון דעם קישעף. נאָר דעם גרעסטן פּײַן, וואָס איך האָב דאָרטן צוגעזען, איז געוועזן ווען צו מיר איז צוגעקומען, בעיים מאָנטעסינאָס האָט מיר דאָס געזאָגט, איינע פון דער אומגליקלעכער דולצינעאַס כאַווערטאָרנס און מיט פולע אויגן טרערן און מיט אַ גערירטן שטילן קאָל, האָט זי מיר געזאָגט:

„— מײַן האַרנטע דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ קושט אײַער גענעדיקייט די הענט און בעט אײַער גענעדיקייט מיר צו וויסן געבן ווי איר פילט אײַך אין געזונט. און אַזוי ווי זי געפינט זיך אין אַ גרויסער נויט, בעט זי אײַער גענעדיקייט מיט דעם גאַנצן האַרצן איר זאָלט איר אויסבאָרגן אויף אָט דעם נײַעם בײַוואָלנעם אויבער־קליידל, וואָס איך האָב דאָ מיט זיך, אַ האַלבן טוץ זילבערמינצן, אָדער וויפל איר האָט, און זי גיט אײַך איר וואָרט, אַז זי וועט אײַך גאָר אינגיכן אומקערן.

„מיך האָט דערשטוינט און פאַרוווּנדערט די באַשיידנקייט און איך האָב מיך אומגעדרייט צו דעם האַר מאָנטעסינאָס און האָב אים געפרעגט:

„— איז עס מעגלעך, האַר מאָנטעסינאָס, אַז די בעקאָוועדיקע פאַרקישעפטע זאָלן לײַדן נויט?

„דערויף האָט ער מיר געענטפערט:

„— גלויבט מיר, אײַער גענעדיקייט, האַר דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, אַז דאָס וואָס מען רופט נויט, איז פאַראַן אומעטום און שפּרייט זיך אויס אויף אַלץ און אַלעמען טרעפט זי, און אַפילע די פאַרקישעפטע איז זי נישט מויכל. און אַזוי ווי די האַרנטע דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ שיקט בעטן בײַ אײַך די זעקס זילבער־מינצן און דאָס קליידל איז אַ גוטס, ווי מיר דאַכט זיך, מעגט איר זיי איר געבן, וואָרום זי מוז זיך אַוודע געפינען אין אַ גאָר ענגער לאַגע.

„— דאָס קליידל וועל איך נישט נעמען — האָב איך איר געענטפערט, —

און אויך וועל איך איר נישט געבן וויפל זי בעט בא מיר, וואָרום איך האָב בא מיר נישט מער ווי פיר זילבערמינצן, און איך האָב זיי איר געגעבן (די וואָס דו האָסט מיר אַנומלטן געגעבן, סאַנטשאָ, אַף צו טיילן נעדאָוועס די אָרימע לײַט, וואָס איך וועל אָנטרעפן אין וועג), און איך האָב איר געזאָגט:

„— גייט, מײַן פרײַנט, זאָגט דער גענעדיקער הארנטע, אַז אירע לײַדן פאַר־שאַפן מיר טיפן צאַר און אַז איך וואָלט וועלן זײַן אַ פוקאַר*) זיי צו מילדערן, און אַז איך גיב איר צו וויסן, אַז איך קען ניט און טאָר ניט זײַן געזונט, דעמאָלט ווען איך האָב נישט פאַר מײַנע אויגן איר ליבן פּנים און קלוגן געשפּרעך, און אַז איך בעט זי מיט דעם גאַנצן הארצן, איר גענעדיקייט זאָל זיך ווײַזן און ריידן מיט דעם גע־פאַנגענעם דינער אירן און פון וועג פאַרמאַטערטן ריטער. זאָגט איר אויך, אַז אין אַ טאָג, ווען זי וועט זיך גאָרניט ריכטן דערויף, וועט זי הערן, אַז איך האָב גע־שווירן און האָב אַ ניידער געטון, — אַזוי ווי דער ניידער פון דעם מאַרקיז פון מאַנטוא זיך נויקעם צו זײַן אָן זײַן פּלימעניק באַלדאָווינאָס, ווען ער האָט אים גע־טראָפן, — אָפּצוקומען אין די בערג: נישט צו עסן קיין ברויט אַף אַ טישטעך, מיט די אַנדערע פּראַטים, וואָס ער האָט צוגעגעבן, ביז ער וועט האָבן אויסגעפירט די נעקאָמע. און אַזוי אויך וועל איך טון, נישט צו רוען און אויסגיין אַלע זיבן טיילן פון דער וועלט, פּינקטלעכער ווי עס איז געגאַנגען דער פּרינץ דאָן פּעדראָ פון פּאָר־טוגאַל, ביז איך וועל זי באַפרײַען פון איר קישעף.

„— דאָס אַלץ און נאָכמער איז אײַער גענעדיקייט שולדיק מײַן הארנטע. — האָט מיר געענטפערט דאָס פרײַלן.

„און ווען זי האָט גענומען די פיר זילבערמינצן, האָט זי אַנשטאָט אַ רעווע־ראַנס צו מאַכן, אַזאַ שפּרונג געטון, אַז זי האָט זיך אויפגעהויבן צוויי מײַל אין דער לופטן.

— אָ, גאָט הייליקער! — האָט סאַנטשאָ דערויף אַ געשריי געטון: — איז עס מעגלעך אַזוינס זאָל פּאַסירן אַף דער וועלט און אַזאַ קויעך זאָלן אין איר האָבן די קישעפמאַכער און דער קישעף, אַז זיי האָבן פאַרוואַנדלט מײַן הארס קלאָרן סייכל אין אַזאַ אומגעלומפּערטער מעשוגאַעס? אָ, האר, מײַן האר, בא גאָט בעט איך אײַך, קוקט אײַך אַרום אַף זיך, אײַער גענעדיקייט, און קערט אײַך אום צו אײַער כשי־וועס און גלויבט נישט די פּוסטע זאַכן, וואָס האָבן אײַך דעם זינען אויסגעשטשער־בעט און אַרומגעצופּט!

— מאַכמעס דו האָסט מיך ליב, סאַנטשאָ, רעדסטו צו מיר אַזוי, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט. — און מאַכמעס דו ביזט נישט געניט אין די וועלט־זאַכן, דאַכט זיך דיר אויס יעדע זאַך, וואָס איז אַביסל שווערלעך, פאַר אומעגלעך. נאָר מיט דער צײַט, ווי איך האָב עס שוין געזאָגט, וועל איך דיר דערציילן טייל זאַכן פון די וואָס איך האָב דאָרטן געזען, אַז זיי וועלן דיך צווינגען צו גלויבן די וואָס איך האָב דאָ דערציילט, וואָס זייער עמעס דערלאָזט נישט קיין ענטפער און קיין וויקוכים.

---

*) פוקאַר — אַ גרויסער באַנקיר פון אָנהויב זעכצנטן יאָרהונדערט, וואָס האָט געפירט גרויסע געשעפטן אין שפּאַניע.

# פיר און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

**ווי עס ווערן דערציילט טויזנטער קלייניקייטן, וואָס זיינען אַזוי דרינגלעך ווי נויטיק קעדיי ריכטיק צו פֿאַרשטיין די דאָזיקע גרויסע געשיכטע.**

דער וואָס האָט איבערגעזעצט אָט די גראַנדיעזע געשיכטע פֿונעם אָריגינאַל, וואָס דער ערשטער מעכאַבער סידע האַמעטע בענענגעלי האָט אָנגעשריבן, מערקט אָן, אַז ווען ער איז צוגעקומען צו דעם קאַפּיטל מיט דער פּאַסירונג אין דער מאָנטעסינאַס-הייל, זיינען באַ די ראַנדן געווען צוגעשריבן מיט האַמעטעס האַנט גופֿע אָט די ווערטער:

„איך קען מיר נישט דערקלערן און איך קען מיר נישט איינריידן, אַז דעם מוטיקן דאָן קיכאָט זאָל געווען האָבן פּאַסירט פּינקטלעך אַלץ וואָס אין דעם פֿריערדיקן קאַפּיטל שטייט געשריבן. דאָס איז דערפֿאַר וואָס אַלע פּאַסירונגען, וואָס האָבן ביז אַהער פּאַסירט, זיינען געווען אַזוינע וואָס קענען פּאַסירן און קענען זיין עמעס; די אָבער, די פּאַסירונג אין דער הייל, איז אַזאַ, וואָס איך האָב בעשומויפֿן נישט געקענט געפֿינען די מעגלעכקייט זי צו האַלטן פֿאַר אַן עמעסער, מאַכמעס זי גייט אַרויס אויסער דעם גבול פֿונעם סייכל. דענקען, אַז דאָן קיכאָט זאָגט ליגן, ער דער אויפֿריכטיקסטער אַדעליקער און דער איידלסטער ריטער פֿון זיין צייט, איז נישט מעגלעך. ער וועט קיין ליגן נישט זאָגן מען זאָל אים אַפֿילע מיט פֿיילן דורכלעכערן. פֿון דער אַנדער זייט, האַלט איך, אַז ער האָט דאָס דערציילט באַ אַלע פֿריער אָנגעוויזענע אומשטאַנדן און אַז ער האָט נישט געקענט אין אַזאַ קורצער צייט אויסמעלאָכען אַזאַ גרויסע מאַכיניע מיט נישט געשטויגענע און נישט געפֿלויגענע זאַכן. און אויב די דאָזיקע פּאַסירונג זעט אויס צו זיין אַן אַפּאָקריפֿישע, בין איך ניט שולדיק, און איך שרייב זי דערום אויף, כאָטש איך גאַראַנטיר ניט פֿאַר איר פֿאַלשקייט אָדער עמעסדיקייט. דו, לייענער, ביזט אַ פֿאַרנינפֿטיקער מענטש, טראַכט דיר ווי דו פֿאַרשטייסט, איך טאָר נישט און איך קען נישט מער ווי דאָס, ווען אַפֿילע מען האַלט עס פֿאַר אַ זיכערער זאַך, אַז פֿאַר זיין סאָף און טויט, ווי מען זאָגט, האָט ער זיך פֿון איר אָפּגעזאָגט און האָט געזאָגט, אַז ער האָט זי אויסגעטראַכט, מאַכמעס געדאַכט האָט זיך אים, אַז זי איז נייטיק און פּאַסט זיך גוט אַריין אין די פּאַסירונגען, וואָס ער האָט געוועסט געלייענט אין זיינע געשיכטעס". און באַלד דערויף דערציילט ער ווייטער:

דערשראָקן האָט זיך דער קוזען, סיי פֿאַר סאַנטשאָ פּאַנצאַס דערוועגן זיך און סיי פֿאַר זיין האַרס געדולדיקייט, און געטראַכט האָט ער זיך, אַז די צופֿרידנקייט זיינע פֿון האָבן געזען זיין דאַמע דולציניאַ פֿון טאָבאָסאָ, ווען אַפֿילע אַ פֿאַרקישעפֿטע, האָט אים אַזוי ווייך געמאַכט, ווי ער האָט זיך דעמאָלט געוויזן. וואָרום ווען ניט דאָס, האָט אים סאַנטשאָ געזאָגט אַזוינס, אַז ער האָט די ווערט געהאַט מען זאָל אים די ביינער אָנברעכן. און אים האָט זיך מיט אַן עמעס געדאַכט, אַז ער האַלט זיך אַביסל צו כוצפּעדיק אַקעגן זיין האַר, און ער האָט אים אַזוי געזאָגט:

— איך האַלט, האָר דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, די רײַזע, וואָס איך האָב אײנײנעם מיט אײַער גענעדיקייט געמאַכט, פאַר אַ זײער גוט אויסגענוצטער, מאַכ־מעס איך האָב מיר אױף דער רײַזע קוינע געווען פיר זאַכן. ערשטנס, דאָס וואָס איך האָב מיך באַקענט מיט אײַער גענעדיקייט, וואָס איך האַלט פאַר אַ גרויס גליק. צווייטנס, וואָס איך האָב מיך דערוווּסט וואָס אין דער מאָנטעסינאָס־הייל געפינט זיך, מיט די פאַרוואַנדלונגען פון גוואַדיאַנאַ און די רואידערא־אָזערעס, וואָס וועלן מיר נוצן פאַר דעם „שפּאַנישן אָווידיוס", וואָס איך האַלט אין שרײַבן. דריטנס, דאָס וואָס איך האָב מיר אָפּגעגעבן אַ בעשבן וועגן דער עלטער פון קאָרטן־שפּיל, וואָס מען האָט שוין גענוצט לעבאַל האַפּאַכעס, נאָך אין די צײַטן פון דעם קייסער שאַרלעמאַן, ווי עס איז צו זען פון די ווערטער, וואָס אײַער גענעדיקייט זאָגט, אַז איר האָט זיי געהערט פון דוראַנדאַרטען, ווען ער האָט זיך פונעם שלאָף אויפגע־וועקט, נאָך דער לאַנגער ווײַלע, וואָס מאָנטעסינאָס האָט צו אים גערעדט, און האָט געזאָגט: „געדולד און ווײַטער געטאַשט". און אָט דאָס וואָרט און ריידנסאַרט האָט ער נישט געקענט באַקומען אַלס פאַרקישעפטער, נאָר איידער מען האָט אים פאַר־קישעפט, אין פראַנקרייך און אין דער צײַט פון דעם דערמאַנטן קייסער שאַרלעמאַן. און אָט די ידיעה איז ווי אָנגעמאָסטן פאַר אַ צווייט בוך, וואָס איך האַלט אין שרײַבן, וואָס דאָס איז דער „צולאָג צו ווירגילי פּאָלידאָריוס אינעם אויסגעפינען די אַלטערטימלעכקייטן". אין זײַן בוך, גלויב איך, האָט ער פאַרגעסן אַרײַנצושטעלן וועגן קאָרטן־שפּיל, און איך וועל זיי איצט אַרײַנשטעלן, וואָס דאָס וועט זײַן זייער וויכטיק. ביפראַט, אַז איך וועל אָנגעבן אַזאַ עמעסן מאַרע מאָקעם, ווי דער האַר דוראַנדאַרטע. פערטנס, האָב איך מיך ריכטיק דערוווּסט, ווו דער טײַך גוואַדיאַנאַ ווערט געבוירן, וואָס ביז הײַנט האָט מען דאָס נישט געוווּסט.

— אײַער גענעדיקייט איז גערעכט — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — איך וואָלט אָבער וועלן וויסן, אויב גאָט וועט אײַך שענקען זײַן גענאָד און מען וועט אײַך געבן די דערלויבעניש אָפּצודרוקן אָט די ביכער (וואָס דערין בין איך מעסופּעק), וועמען רעכנט איר זיי צו ווידמענען.

— פאַראַן אין שפּאַניע האַרן און גראַנדן, וואָס מען קען זיי די ביכער וויד־מענען — האָט דער קוזען געזאָגט.

— נישט קיין סאַך — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — און נישט מאַכמעס זיי האָבן נישט די ווערט, נאָר מאַכמעס זיי ווילן זיי נישט אָנעמען, קעדיי נישט צו נעמען אױף זיך דעם כויוו צו באַלוינען וואָס די מי און די העפלעכקייט פון די מעכאַברים פאַרדינט. מיר איז באַקאַנט איין פירשט, וואָס קען אויסקויפן די זינד פון די אַנדערע מיט אַזאַ איבערגעוויכט, אַז ווען איך דערוועג מיך דאָס צו זאָגן, וואָלט דאָס עפּשער אַרויסגערופן די קינע פון אַ סאַך פרײַגעביקע הערצער. נאָר זאָל עס דאָ בלײַבן אױף אַן אַנדערער בעסערער געלעגנהייט, און לאָמיר גיין זוכן ווו די נאַכט איבערצונעכטיקן.

— נישט ווײַט פון דאַנען — האָט דער קוזען געזאָגט, — שטייט אַן איינזאַם קלויסטערל, ווו עס וווינט אַ נאַזיר, וואָס געווען איז ער, זאָגט מען, אַ זעלנער און

מען האָט אים פאַר אַ גוטן מענטשן און דערצו אויך פאַר אַ קלוגן און מיטפילנ־דיקן. לעבן דעם קלויסטערל האָט ער אַ הײַזקע, וואָס ער האָט זיך אַליין אויפגעשטעלט, נאָר ווי קליין דאָס איז, קען עס אויפנעמען געסט.

— האָט ער עפּשער הינער, דער נאָזיר? — האָט סאַנטשאָ געפרעגט.

— ווייניק נעזירים פאַראַן וואָס האָבן נישט קיין הינער — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — וואָרום הײַנטיקע נעזירים זײַנען נישט ווי יענע, וואָס האָבן געוווינט אין די מידבאַריעס פון מיצראַים, און האָבן זיך געקליידט מיט פאַלמען־בלעטער און געגעסן די וואָרצלען פון דער ערד. און זאָל מען נישט מיינען, אַז דערמיט וואָס איך רייד גוטס וועגן יענע, זאָג איך נישט דאָס אייגענע וועגן די דאָ. איך מיין נאָר צו זאָגן, אַז די היינטיקע אָפּקומער דערגייען נישט צו דעם שטרענגן און אָרימען לעבן פון די אַמאָליקע. נאָר דאָס הייסט נישט, אַז ניט אַלע זײַנען זיי בראַוו. איך, אַלנפאַלס, האַלט זיי פאַר בראַווע לײַט. און ווען אַלץ איז מוטנע אומקלאָר, ברענגט דער צוויאַק, וואָס פאַרשטעלט זיך פאַר אַ פֿײַנעם מענטשן, ווייניקער שאָדן איידער דער וואָס זינדיקט בעפאַרעסיע.

אין דער רעגע האָבן זיי דערזען אַ מענטשן צו זיי אונטערקומען. געשפּאַנט האָט ער צו פוס און שנעל און מיט אַ שטעקן האָט ער געטריבן אַ מויל־אייזל, וואָס איז פול באַלאָדן געווען מיט אַלעבאַרדעס און שפּיזן. ווען ער איז צוגעקומען נאָענט, האָט ער געגריסט און האָט ווײַטער געשפּאַנט. דאָן קיכאָט האָט אים געזאָגט:

— שטייט אַ ווײַל, ליבער מענטש. איר שפּאַנט, דאַכט מיר, שנעלער ווי דאָס מויל־אייזל קען.

— איך קען מיך נישט פאַרהאַלטן, מײַן האַר — האָט דער מענטש געענטפערט, — מאַכמעס דאָס געווער, וואָס איך פיר דאָ, דאַרף מאָרגן גענוצט ווערן, און איך טאָר מיך דעריבער נישט אָפּשטעלן, און זײַט מיר געזונט. נאָר אויב איר ווילט וויסן צוליב וואָס איך פיר דאָס געווער, רעכן איך מיך אָפּשטעלן אַף באַנאַכט אין דער קרעטשמע, וואָס העכער דעם קלויסטערל. און אויב איר גייט מיט מיר איין וועג, וועט איר מיך דאָרטן טרעפן און איך וועל אײַך דערציילן וווּנדער. און זײַט מיר געזונט נאָכאַמאָל.

און ער האָט אַזאַ יאָג געטון דאָס מויל־אייזל, אַז דאָן קיכאָט האָט קיין צײַט נישט געהאַט אים צו פרעגן וואָס פאַר וווּנדער ער וויל זיי דערציילן. און אַזוי ווי געווען איז ער נייגעריק און שטענדיק באַלעסטיקט מיט דעם באַגער צו וויסן אַלץ נײַס, האָט ער באַפוילן שוין אָפּצופאָרן און איבערנעכטיקן אין קרעטשמע, ניט אָפּשטעלנדיק זיך בײַ דעם קלויסטערל, ווו דער קוזען האָט געוואָלט מען זאָל זיך אָפּשטעלן. אַזוי האָט מען געטון, אַלע דרײַ האָבן זיך אויפגעזעצט און זיך געלאָזט רײַטן גלײַך צו דער קרעטשמע, ווו זיי זײַנען אָנגעקומען נאָך פאַר נאַכט ווערן. דער קוזען האָט אַ רוף געטון דאָן קיכאָטן זיי זאָלן צורײַטן אהין נעמען אַ שלוק מאַשקע. סאַנטשאָ האָט דאָס נאָר דערהערט, האָט ער שוין אַ קירעווע געטון זײַן העל־ברוינעם צום קלויסטערל, און אַזוי אויך האָבן געטון דאָן קיכאָט און דער קוזען. נאָר אַף סאַנטשאָס בייז מאַזל, האָבן זיי דעם נאָזיר נישט געטראָפן אין דער היים.

אזוי האָט זיי געזאָגט אַן אונטער־נאַזיר, וואָס זיי האָבן געטראָפן אינעם קלויס־טערל. געבעטן האָבן זיי בא אים פונעם טײַערן. געענטפערט האָט ער זיי, אַז זײַן האר האָט נישט דערפון, נאָר אויב זיי ווילן ביליקן וואסער, וועט ער זיי גערן געבן.

— ווען איך וואָלט דורשטיק זײַן אַף וואסער, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — זײַנען פאַראַן ברונעמער אַפן וועג, און איך וואָלט אין זיי דעם דורשט געלאָשן. אַך, די כאַסענע קאַמאַטשאָס און די שעפע בא דאָן דיעגאָן אין הויז, ווי לאַנג איך וועל נאָך אײַך בענקען!

דערמיט זײַנען זיי אוועק פונעם קלויסטערל און גענומען טרײַבן צו דער קרעטשמע. און נאָך אַ קורצער ווײַל גיין, האָבן זיי דערזען אַ באָכערל, וואָס האָט געשפּאַנט ניט אזוי שנעל, און זיי האָבן אים אָנגעיאָגט. געטראָגן האָט ער אַ שווערד אַפן אַקסל און אַף דער שווערד אַ קלומעקל אויפגעהאָנגען, אָדער אַ בינטל, קענטיק, מיט זײַנע מאַלבושים, אוואדע אַ פּאָר מײַטקעס און אַ לײַבל, און עפּשער אויך אַ העמד, מאַכמעס געטראָגן האָט ער אַ סאַמעטענעם רעקל מיט אַ פּאָר פּאַסן אַטלעס און דאָס העמד אַף דרויסן, די זאָקן זײַדענע און די שיך פּירעקעבדיקע. הויפיש. גע־ווען איז ער אין עלטער פון אַ יאָר אכצן, נײַנצן, מיט אַ פרייליכן פּאָנים און קענ־טיק אַ פלינקער יאַט. צוגעזונגען האָט ער זיך סעגידיליאַס אַף צו פאַרווײַלן מיט עפּעס דעם וועג. ווען זיי זײַנען הינטערגעקומען, האָט ער געזונגען אַ קופּלעט, וואָס דער קוזען האָט אים פאַרגעדענקט אַף אויסנווייניק. און געזונגען האָט ער זיך, ווי מען זאָגט:

„אין מילכאָמע טרײַבט מיך די נויט ווי מיט צוואַנגען
וואָלט איך געלט געהאַט, וואָלט איך נישט געגאַנגען.“

דער ערשטער וואָס האָט גערעדט צו אים, איז געווען דאָן קיכאָט. געזאָגט האָט ער אים:

— זייער לײַכט גייט איר אָנגעטון, אײַער גענעדיקייט, עלעגאַנטער האר, ווו־הין, ליבער מענטש? מיר ווילן וויסן, אויב איר וועט אונדז זאָגן.

דערויף האָט דער באָכער געענטפערט:

— איך גיי אַזוי לײַכט אָנגעטון מאַכמעס דער היץ און דעם דאַלעס. און ניין גיי איך אין מילכאָמע אַרײַן.

— פאַרוואָס דאַלעס? — האָט דאָן קיכאָט געפרעגט, — היץ, פאַרשטייט מען.

— מײַן האר — האָט דער באָכער געענטפערט — איך טראָג דאָ אינעם בינטל מײַנע סאַמעטענע מײַטקעס, אַ פּאָר צו דעם רעקל. אויב איך וועל זיי אויסרײַבן אין וועג, וועל איך נישט האָבן מיט וואָס זיך אויסצופּוצן אין שטאָט, און אַנדערע צו קויפן, האָב איך נישט קיין געלט. דעריבער אויך, און קעדיי מיר זאָל לופטיקער זײַן, גיי איך אַזוי לײַכט אָנגעטון, ביז איך וועל אָנטרעפן עטלעכע ראָטעס פוס־גייער, וואָס שטייען אַן ערעך צוועלף מײַל פון דאַנען, און דאָרט וועל איך מיך אַנ־שליסן און מיר וועט שוין דעמאָלט קיין געפּעק נישט פעלן ביז דער שיף, וואָרום

אויפזעצן זיך, זאָגט מען, וועט מען אין קאַרטאַגענאַ. מיר ווילט זיך בעסער דינען דעם קיניג אין קריג, איידער עפּעס אַ פּליך אינעם הויף.

— האָט עפּשער אײַער גענעדיקייט עפּעס אַ פּריווילעגיע? — האָט דער קוזען געפרעגט.

— וואָלט איך געווען גדינט באַ אַ שפּאַנישן גראַנד אָדער אַן אָנגעזעענעם פּאַרשוין, — האָט דער באָכער געענטפערט, — וואָלט איך זיכער געהאַט אַ פּריווי־לעגיע. דאָס קומט פון דינען פיינע לייט: פון אַ מעשאָרעס ווערט מען געוויינלעך אַן אַלפערעז אָדער אַ קאַפּיטאַן, אָדער מען איז ביכלאַל אָפּ גוטע קעסט. איך, אָבער, אומגליקלעכער, האָב שטענדיק געדינט באַ קליינע הויפּלײַט אָדער באַ אַרויפגעאַר־בעטע, מיט אַזאַ מאָגערן טיש און געהאַלט, אַז אָפּ אַ קאָלנער אָנצוקראָכמאַלען איז באַ מיר אַוועק אַ האַלב פון מײַנע סכירעס. און עס וואָלט פּאַשעט געווען מיט ני־סים, אַז אַ פּאַזש זאָל דערגיין צו אַ לײַטישער שטעלע.

— און ווי לעבט זיך פרײַנט — האָט דאָן קיכאָט געפרעגט: — איז עס מעג־לעך, אַז פאַר די יאָרן וואָס איר דינט, האָט איר אײַך נישט געקענט דערדינען צו עפּעס אַ ליווריי?

— צוויי האָט מען מיר געגעבן — האָט דער פּאַזש געענטפערט, — נאָר אַזוי ווי באַ דעם מאָנאַך, וואָס פאַרלאָזט דעם קלויסטער, נעמט מען צו די זשיפּעצע און מען גיט אים צוריק זײַנע מאַלבושים, אַזוי האָבן מײַנע באַלעבאַטים מיר צוריק־גענעבן מײַנע, און ווען זיי פלעגן צוריקקומען פונעם הויף, ווו זיי האָבן זיך אָפּגע־פּאַרטיקט מיט זייערע געשעפטן, פלעגן זיי באַהאַלטן די ליווריעס, וואָס זיי פלעגן מיר געבן בלויז אָפּ אויסצושטעלן זיך.

— די עמעסע עספּילאָרקעריאַ, ווי דער איטאַליענער זאָגט, — האָט דאָן קי־כאָט געזאָגט. — דאָך מעגט איר אײַך שאַצן גליקלעך, וואָס איר זײַנט אַוועק פונעם הויף מיט אַזאַ גוטער קאַוואָנע ווי איר האָט. וואָרום נישטאָ נאָך אַזאַ אָרנטלעכע און אַזאַ נוצלעכע זאַך ווי דינען פריער גאָט און דערנאָך דעם קיניג און האַר, באַ־זונדערס אין דער אַרמיי, ווו מען קען דערגרייכן, אויב נישט רײַכטום, איז אַלנפאַלס מער קאָוועד ווי מיט שרײַפטנקענטשאַפט ווי איך האָב שוין אַ סאַך מאָל געוועסט געזאָגט. וואָרום כאָטש די שרײַפטנקענטשאַפט האָט געגרינדעט מער אַנשטאַלטן ווי די אַרמיי, האָבן נאָך אַלץ די געווער־מענטשן עפּעס אַזוינס, וואָס איז איבער די שרײַפטקענעוודיקע, אַזוינס, וואָס גיט זיי גלאַנץ און געפינט זיך אין זיי און שטעלט זיי העכער פון אַלעמען. און קריצט אײַך אײַן אין זיקאָרן וואָס איך וויל אײַך דאָ זאָגן, וואָרום דאָס וועט אײַך שטאַרק צו נוץ קומען און זײַן אַ טרייסט אין אײַער מאַטער: טרײַבט אַוועק פון אײַך דעם געדאַנק וועגן די אומגליקלעכע פאַלן, וואָס קענען אײַך פּאַסירן, וואָרום דאָס ערגסטע איז דער טויט, און ווען דער טויט איז גוט, איז דאָס בעסטע שטאַרבן.

„געפרעגט האָט מען אַמאָל יולי צעזאַר, דעם מעכטיקן רוימישן קייסער, וואָ־סער טויט איז דער בעסטער. געענטפערט האָט ער, אַז דער אומגעריכטער, דער פּלוצימדיקער און נישט פאָרויסגעזעענער. און כאָטש געענטפערט האָט ער ווי אַ

געצנדינער, וואָס איז ווײַט פון דערקענען דעם עמעסן גאָט, האָט ער דאָך גוט גע־ענטפערט, צוליב אײַנצושפּאָרן זיך מענטשלעכע לײַדן. וואָרום וואָס מאַכט עס אויס ווי מען דערהאַרגעט אײַך: באַ דעם ערשטן צוזאַמענשטויס, מיט אַ שאָס פון אַ קאַ־נאָן, אָדער אַ מינע רײַסט אײַך אויף? אַלציינס שטאַרבט מען, און אַ סאָף. און לויט טערעגניוס, איז דעם זעלנער וואָס פאַלט אין דער שלאַכט, בעסער איידער דעם לעבן געבליבענעם, וואָס האָט זיך געראַטעוועט מיט פּלייטע. און אַזוי פיל רום באַקומט אַ גוטער זעלנער וויפל געהאַרכזאַמקייט ער פאַרמאָגט צו זײַנע קאַפּי־טענער און צו די וואָס קענען אים באַפעלן. און מערקט אײַך, זון מײַנער, אַז פאַר דעם זעלנער איז בעסער צו שמעקן פּולווער איידער אַלגאַליע־וואָרצל. און אויב עס פאַלט אַף אײַך די עלטער אין דעם בעקאָוועדיקן פאַך, מעגט איר זײַן פול מיט וווּנדן און פאַרקריפּלט אָדער הינקען, פאַלט זי אַף אײַך, אַלנפאַלס, נישט אָן קאַ־ווער, און אָרימקייט וועט זי אײַך נישט קענען גרינגשעציק מאַכן. ביפראַט, אַז מען הייבט שוין אָן זאָרגן פאַר דעם ווויל פון די אַלטע און פאַרקריפּלטע זעלנער. וואָרום נישט גוט איז מען זאָל מיט זיי טון ווי יענע וואָס שיקן אַוועק און לאָזן פרײַ זייערע שוואַרצע, ווען זיי זײַנען שוין אַלט און קענען שוין נישט דינען. זיי טרײַבן זיי אַרויס פון דער שטוב מיט דעם טיטל פון פרײַע און מאַכן זיי דערנאָך פאַר שקלאַפן פונעם הונגער, וואָס פון אים באַפרײַען זיי זיך ערשט מיט דעם טויט. און איצט וועל איך מער גאָרניט זאָגן, נאָר זעצט אײַך אויף אַף דעם הינטן פון דעם פערד מײַ־נעם ביז דער קרעטשמע, און דאָרט וועט איר מיט מיר וועטשערע עסן און אינ־דערפרי וועט איר ווײַטער גיין אײַער וועג, און זאָל אײַך גאָט געבן אַזאַ וועג, ווי אײַערע באַגערן פאַרדינען עס.

דער פאַזש האָט נישט אָנגענומען דעם קיבעד זיך אויפצוזעצן אַפן פערד, כאָטש צו דער וועטשערע אין קרעטשמע האָט ער יאָ מאַסקים געווען, און סאַנטשאָ, זאָגט מען, האָט דערויף געזאָגט:

„— גאָט זאָל דיך שיצן, מײַן האַר! איז עס מעגלעך, אַז אַ מענטש, וואָס קען אַזוי ריידן און אַזוינע פײַנע זאַכן זאָגן ווי איר האָט ערשט געזאָגט, זאָל זאָגן, אַז ער האָט געזען די נישט געשטויגענע זאַכן, וואָס איר דערציילט פון דער מאָנטעסי־נאָס־הייל? אָט ווען מיר באַלד זען".

אַזוי שמועסנדיק, זײַנען זיי צוגעקומען צו דער קרעטשמע ווען עס האָט שוין אָנגעהויבן נאַכט ווערן און צו סאַנטשאָס צופרידנקייט, מאַכמעס געזען האָט ער, אַז זײַן האַר האָט זי אָנגענומען פאַר אַן עמעסע קרעטשמע און נישט פאַר קיין שלאָס, ווי ער איז געוווינט געווען. ווי נאָר זיי זײַנען אַרײַנגעקומען, האָט דאָן קי־כאָט געפרעגט דעם קרעטשמער אַף דעם מענטשן מיט די אַלעבאַרדעס און שפּיזן און געענטפערט האָט ער אים, אַז ער מאַכט איצט פּלאַץ אין שטאַל פאַר זײַן מויל־אייזל.

דאָס אייגענע האָבן געטון מיט זייערע אייזלען דער קוזען און סאַנטשאָ, און פאַר ראָסינאַנטען האָבן זיי אָפּגעגעבן די בעסטע קאָריטע און דאָס בעסטע פּלאַץ אין דער שטאַל.

# פינף און צוואנציקסטער קאפיטל

**ווי עס באווייזט זיך די פאסירונג מיט דעם אייזל־געשריי און די אויסטער־לישע באגעגעניש מיט דעם ליאלקע־שפילער און די דענקווירדיקע ענטפערס פון דעם אף דעם טרעפער.**

בא דאן קיכאטן, ווי זאגט מען עס, האט זיך דאס ברויט נישט געבאקן, ביז ער האט נישט אויסגעהערט און ביז ער האט זיך נישט דערוווּסט וואסערע ווונדער אים האט צוגעזאגט צו דערציילן דער מענטש, וואס האט געפירט דאס געווער. אוועק איז ער אים אויפזוכן דארט ווו דער שענקער האט אים געוועסט גע־זאגט, און דארט האט ער אים געטראפן און אים געזאגט ער זאל אים שוין איצט זאגן וואס ער האט אים געזאלט זאגן שפעטער מיקויעך דעם וואס ער האט אים געפרעגט אין וועג. געענטפערט האט אים דער מענטש:

— נישט געכאפט און נישט אף איין פוס דארף מען אויסהערן די מייסע מיט מיינע ווונדער. לאזט מיך אייער גנעדיקייט, ליבער האר, פריער מיין בעהיי־מע אנהאדעווען. איכל אייך באלד דערציילן אזוינס אז איר וועט גאפן.

— דאס דארף נישט זיין קיין מעניע — האט דאן קיכאט געזאגט, — איכל אייך צוהעלפן.

און אזוי האט ער אים דעם גערשטן איבערגעזופט און די קאריטע אויסגע־רייניקט, און אט די האנאע האט דעם מענטשן געצוווּנגען מיט זיין בעסטן ווילן צו דערציילן וואס ער האט אים געבעטן. אוועקגעזעצט האט ער זיך אף דער פריזבע און דאן קיכאט לעבן אים, און מיט דעם קוזען, דעם פאזש, סאנטשא פאנצאן און דעם שענקער ווי א כאשעווע מעסובע צוהערער, האט ער גענומען דערציילן בעזע האלאשן:

— זייט וויסן, אייערע גנעדיקייטן, אז אין א יישעוו פיר מיט א האלבער מייל פון דער קרעטשמע, האט פאסירט, אז בא איינעם א דארטיקן ראטמאן איז פאר־לוירן געגאנגען אן אייזל, מאכמעס אפגעטון האט אים א שפיצל א דינסט זיינע, א מיידל, וואס דאס איז א צו לאנגע מייסע צו דערציילן. און וואס דער דאזיקער ראטמאן האט נישט אלץ געטון דאס אייזל צו געפינען, איז עס אים נישט געגאנ־גען. אוועק זיינען צוויי וואכן, ווי דאס איז אלעמען באקאנט און באוווּסט, טרעפט אז דער ראטמאן פונעם פארלוירענעם אייזל, איז געשטאנען אפן מארק־פלאץ. צו־געקומען איז צו אים א צווייטער ראטמאן פון דעם דארף און זאגט צו אים:

„— גיט מיר אף מאזלטאוו, גוטער ברודער, אייער אייזל איז דא.

„— נאט אייך א גאנץ פיינעם מאזלטאוו, פריינט מיינער, — האט דער צווייטער געזאגט, — אבער, ווו איז עס?

„— אין וואלד — האט דער געפינער געזאגט, — איך האב אים היינט אינ־דערפרי געזען, אן דעם שטרוי־זעקל און אן שום געשפאן און אזא מאגערן, אז ס'איז א ראכמאנעס געווען צו קוקן אף אים. געוואלט האב איך אים כאפן און אייך אים

ברענגען, איז ער אָבער אַזוי פאַרווילדעוועט און אַזוי שרעקעוודיק געוואָרן, אַז ווי איך בין צו אים צוגעקומען, איז ער אַנטלאָפן און איז אַריין טיף אין וואַלד. אויב איר ווילט, וועלן מיר אים ביידע גיין אויפזוכן, לאָזט מיך נאָר מיין אייזל אַפּפירן אַהיים: איכל באַלד צוריקומען.

„— איר וועט מיר אַ גרויס פאַרגעניגן פאַרשאַפן — האָט דער פונעם פאַרלוירענעם אייזל געזאָגט, — און איך וועל אייך זען צאָלן מיט דער אייגענער מאָס.

„מיט אָט די אַלע דערביַיאיקע זאַכן און אַף דעם אייגענעם אויפן ווי איך דערצייל דאָס אייך, דערציילן דאָס אַלע די וואָס זיינען באַקאַנט מיט דעם עמעס פון דעם פאַל. בעקיצער, די צוויי ראַטמענער זיינען אַוועק צו פוס און האָנט באַ האָנט אין וואַלד אַריין, נאָר אַז זיי זיינען צוגעקומען צו דעם אָרט, ווו זיי האָבן גערעכנט טרעפן דאָס אייזל, האָט זיך עס נישט באַוויזן אינעם גאַנצן אַרום, ווי שטאַרק זיי האָבן עס נישט געזוכט. געזען, אַז דאָס אייזל איז נישטאָ, האָט דער ראַטמאַן, וואָס האָט דאָס געוועסט געזען, זיך אָנגערופן צום צווייטן:

„— הערט, מיין פריינט, מיר איז איצט אַפן געדאַנק געקומען אַ פּלאַן, וואָס מיט אים, בין איך, זיכער, וועלן מיר דאָס אייזל אויסגעפינען, אַפילע פון אונטער דער ערד, ווער שמועסט אין וואַלד. איך קען זייער גוט רעווען ווי אַן אייזל, און אויב איר קענט אויך עפּעס, איז די זאַך פאַרטיק.

„— עפּעס, זאָגט איר, קען איך, גוטער ברודער? — האָט דער צווייטער געזאָגט, — איך שווער אייך, אַז קיינער קען אַזוי נישט רעווען ווי איך, אַפילע נישט די אייזלען גופע.

„— מירן באַלד זען — האָט דער צווייטער ראַטמאַן געענטפערט, — מיר פאַלט איין אַז איר זאָלט גיין פון איין זייט וואַלד און איך פונעם צווייטן, אַזוי אַז מיר זאָלן אים אַרומגיין אינגאַנצן אַרום און אַרום, און פון מאָל צו מאָל וועט איר אַ רעווע טון, און איך וועל אַ רעווע טון, און עס איז נישט מעגלעך דאָס אייזל זאָל אונדז נישט דערהערן און אונדז נישט ענטפערן, אויב נאָר דאָס געפינט זיך אין וואַלד.

„דערויף האָט דער באַלעבאָס פונעם אייזל געענטפערט:

„— איך זאָג אייך, גוטער ברודער, אַז דער פּלאַן איז אַן אויסגעצייכנטער און נאָר אַזאַ מויעך ווי אייערן האָט ער געקענט איינפאַלן.

ביידע זיינען זיי זיך פונאַנדערגעגאַנגען, ווי עס איז געווען אָפּגעמאַכט, און גראַד האָבן ביידע קימאַט אין איין צייט אַ רעווע געטון. און איינער גענאַרט פון דעם צווייטנס רעווע, זיינען זיי ביידע געלאָפן זיך אויפזוכן, מאַכמעס געמיינט האָבן זיי דער אייזל האָט זיך שוין געפונען. און ווען זיי האָבן זיך ביידע דערזען, האָט דער פונעם פאַרלוירענעם אייזל זיך אָנגערופן:

— זאָל עס געווען מעגלעך זיין, גוטער ברודער, אַז נישט מיין אייזל האָט גערעוועט?

„— נישט אייער אייזל, נאָר איך — האָט דער צווייטער געענטפערט.

„— זאָג איך אייך איצט, — האָט דער באַלעבאָס געזאָגט, — אַז פון אייך

ביז אַן אייזל איז גאָר קיין כילעק ניט, וואָס שײַעך רעווען. וואָרום איך האָב נאָך אַף מײַן לעבן אַזוינס נישט געזען און נישט געהערט.

„דער ליבהאַרציקער לויב — האָט געענטפערט דער ראַטמאַן פונעם פּלאַן — קומט גיכער און פּאַסט גיכער אײַך, איידער מיר, גוטער ברודער. וואָרום איך שווער אײַך בײַ דעם גאָט וואָס האָט מיך אויפגעצויגן, אַז איר מעגט געבן צוויי רעווע פאַר דעם גרעסטן קענער און מייוון אין דער וועלט אַף אייזלשן רעוועז. וואָרום דאָס קאָל אײַערס איז הויך, דער האַלבער טאָן פּונקט אין צײַט און צום טאַקט, די פינאַלן נאָכאַנאַנדיקע און שנעלע, און, בעקיצער, איך דערקלער מיך פאַר באַזיגט און לייג צו אײַערע פיס די פּאַלמע און גיב אײַך איבער די פאָן פון דער זעלטענער פעיִקייט.

„— איך זאָג אײַך — האָט דער באַלעבאָס געענטפערט, — אַז פון הײַנט און ווײַטער וועל איך מיך אַליין שעצן העכער און וועל מיך גרויס האַלטן, וואָרום עפּעס קען איך, מיט עפּעס בין איך באַגאַבט. וואָרום כאָטש איך האָב געוווּסט, אַז איך קען רעווען ווי אַן אייזל, האָב איך אָבער קיינמאָל נישט געהאַלטן, אַז איך קען אַזוי גוט ווי איר זאָגט.

„— און איך זאָג אײַך טאַקע — האָט דער צווייטער געענטפערט, — אַז זעלטענע פעיִקייטן גייען פאַרלוירן אַף דער וועלט און ווערן נישט אויסגענוצט ווי גע־העריק פון די וואָס באַזיצן זיי.

„— אונדזערע פעיִקייטן — האָט דער באַלעבאָס געענטפערט — קענען אונדז אַף עפּעס אַנדערש נישט דינען, אויב ניט אין אַזאַ פאַל ווי מיר האָבן איצט. און אַפילע איצט, דאַרף מען גאָט בעטן דאָס זאָל אונדז זײַן צום נוצן.

„בײַ די ווערטער, זײַנען זיי זיך ווידער צעגאַנגען אַף ביידע זײַטן וואַלד און האָבן ווידער גערעוועט, אַף יעדן טראָט זיך אָפּגענאַרט און זיך ווידער צונויפגע־קומען, ביז זיי האָבן זיך געגעבן אַ סימען, אַז קעדיי זיי זאָלן זיכער זײַן, אַז דאָס רעווען ז יי און נישט דאָס אייזל, זאָלן זיי רעווען צוויי מאָל, איינמאָל נאָכן צווייטן. מיט דעם סימען, מיט דעם דאָפּלטן רעווען אַף יעדן טראָט, זײַנען זיי אַרומ־געגאַנגען דעם גאַנצן וואַלד און דאָס פאַרלוירענע אייזל האָט זיך נישט אָפּגערופן און אַפילע קיין פּיפּס נישט געטון. נאָר, ווי אַזוי זאָל דאָס אָרימע פּרי פאַרשני־טענע אייזל געוועזן ענטפערן, אַז געפונען האָבן זיי עס טיף פאַרשטעקט אין וואַלד אויפגעפרעסן פון די וועלף? און ווען דער באַלעבאָס האָט דאָס דערזען, האָט ער געזאָגט:

„— מיך האָט אָבער געוווּנדערט, וואָס ער ענטפערט נישט, וואָרום וואָלט ער נישט טויט געווען, וואָלט ער געמוזט ענטפערן אָדער גאָר קיין אייזל נישט זײַן. נאָר צוליב הערן אײַך אַזוי גוט רעווען ווי אַן אייזל, האָט ווערט געהאַט די מי אים אומ־צוזוכן, כאָטש געפונען האָבן מיר אים אַ טויטן.

„— איר זײַנט אין גוטער געזעלשאַפט, גוטער ברודער, — האָט געענטפערט דער צווייטער, — וואָרום כאָטש גוט זינגט דער גאַלעך, בלײַבט דער דיאַק נישט דערונטער.

„טרייסטלאָזע און הייזעריקע זײַנען זיי געקומען אין דאָרף, ווו זיי האָבן דער־

ציילט זייערע גוטע פריינט, שכיינים און באקאנטע וואס מיט זיי האט פאסירט ווען זיי זיינען געגאנגען זוכן דאס אייזל, און איינער האט מעגאזעם געוועזן דעם צווייטנס טאלאנט צום רעווען. באקאנט געווארן איז דאס אלץ און פארשפרייט געווארן איבער די ארומיקע דערפער, און דער טייוול, וואס שלאפט נישט און האט ליב אומעטום צו זייען קריג און מאכלויקעס, מאכט אן א ווירוואר אין דער לופטן און פון גארנישט שטעלט ער אויף א בוידעם, האט געמאכט אזוי, אז ווען א פויער פון א צווייטן דארף דערזעט א אונדזעריקן, הייבט ער אן רעווען ווי אן אייזל, ווי ער וואלט אונדז אין פאנים געווארפן דאס אייזלשע רעווען פון אונדזערע ראט־מענער.

„דערגאנגען איז עס צו כעוורע יונגווארג, וואס דאס איז אלציינס ווי דאס וואלט אריין אין די הענט און אין די מיילער פון דעם גאנצן געגעם מיט שיידים, און דער אייזל־געשריי איז אוועק פון דארף צו דארף, אזוי אז מיט דעם אייזל־געשריי דערקענט מען שוין א פויער פון אונדזער דארף, ווי מען דערקענט א נע־גער צווישן ווייסע. און דער אומגליקלעכער שפאס איז אוועק אזוי ווייט, אז אפט־מאל קומט עס צו געשלעג מיט געווער און די אפגעלאכטע גייען מיט מילכאמע אקעגן די אפלאכער, מאכנע קעגן מאכנע, און עס העלפט שוין נישט דערצו נישט דער קיניג, נישט דער טורעם, נישט קיין מוירע, נישט קיין בושע. מארגן, רעכן איך, אדער איבערמארגן, דארפן אונדזערע, די פונעם אייזלשן רעווען, ארויס מיט א מאכנע אקעגן א צווייטן דארף, צווי מייל ווייטער פון אונדזערן, וואס דערקוטשעט אונדז מער ווי אלע אנדערע. און קעדיי זיי גוט אנצולערנען, האב איך איינגע־האנדלט אט די העק מיט די שפיזן, וואס איר האט געזען. און דאס זיינען די ווונ־דער, וואס איך האב געהאט צו דערציילן, ווי איך האב אייך געזאגט. נאר אויב זיי געפעלן אייך נישט, האב איך נישט קיין אנדערע.

דערמיט האט דער דאזיקער מענטש פארענדיקט זיין שמועס און אריינגעקומען איז דורכן קרעטשמע־טויער א מענטש אינגאנצן אין זאמש אנגעטון, די זאקן, די מייטקעס און דאס לייבל, און אפן הויכן קאל א זאג געטון:

— האר באל־אכסאניע, האט איר נאכטלעגער? דער אף טרעפער קומט און דאס געמעל פון מעליסענדראס באפרייונג.

— איך קען שווערן! — האט דער קרעטשמער געזאגט. — מיר האבן דא דעם האר מייסטער פעדרא. מירן שוין האבן א גוטע נאכט.

פארגעסן האב איך צו זאגן, אז דער מייסטער פעדרא האט געהאט דאס לינקע אויג און א שטיק באק פארקלעפט מיט גרינעם טאפעטאן, א סימען, אז די גאנצע זייט פאנים מוז בא אים זיין א קראנקע. און דער קרעטשמער האט ווייטער גע־רעדט:

— מיט ליב אייער קומען, האר מייסטער פעדרא. ווו איז ערגיץ אייער אף און דאס געמעל, וואס איך זע זיי ניט?

— זיי זיינען שוין דא נאנט — האט געענטפערט דער זאמשענער, — איך בין פריער געקומען זען צי ס'איז דא נאכטלעגער.

— באַם דוקעס דע אַלבאַ אַליין וואָלט איך דאָס געלעגער אַוועקגענומען און אײַך אַוועקגעגעבן, האַר מײַסטער פּעדראָ, — האָט געענטפערט דער שענקער. זאָל נאָר קומען דער אויף מיט דעם געמעל. פאַראַן זײַנען הײַנטיקע נאַכט מענטשן אין קרעטשמע, וואָס וועלן צאָלן פאַר קוקן און פאַר דעם אַפּס קונצן.

— זאָל זײַן אין אַ מאַזלדיקער שאָ — האָט געענטפערט דער מענטש מיט דעם פּלאַסטער. — איך וועל נעמען ביליק, מיט דעם בלויזן קאָסט וועל איך מיך באַגענוגענען, און שוין גיי איך הייסן דער בויד אַהערצוקומען מיט דעם אַף און דעם געמעל.

און איז באַלד דערויף אַרויס פון דער קרעטשמע.

דאָן קיכאָט האָט באַלד געפרעגט דעם קרעטשמער ווער דער מײַסטער פּעדראָ איז און וואָס איז דאָס פאַר אַ געמעל און וואָס פאַר אַן אַף. און דער קרעטשמער האָט אים דערויף געענטפערט:

— דאָס איז אַ באַרימטער ליאַלקע־שפּילער, וואָס פאָרט אום זײַט אַ לענגערע צײַט איבער דער אַראַגאָנער מאַנטשאַ און ווײַזט אַ געמעל פון מעליסענדראָס באַפרײַונג דורך דעם באַרימטן דאָן גאַיפער, איינע פון די בעסטע און צום בעסטן געשפּילטע געשיכטעס, ווי מען האָט שוין לאַנגע יאָרן אין די מעקוימעס נישט גע־זען שפּילן. אויך האָט ער מיט זיך אַן אַף, וואָס ווײַזט אַזוינע קונצן, אַז מען זעט עס גאָרניט צווישן אַפּן, און מען קען זיך עס גאָרניט פאָרשטעלן צווישן מענטשן, וואָרום אַז מען פרעגט אים עפּעס, הערט ער אויס וואָס מען פרעגט אים, דערנאָך שפּרינגט ער אַרויף דעם באַלעבאָס אַפן אַקסל און רוימט אים אײַן אין אויער דעם ענטפער דערויף וואָס מען פרעגט אים, און מײַסטער פּעדראָ גיט איבער דעם ענט־פער פאַרן עולם. נאָר פון דאָס וואָס איז זיך פאַרלאָפן, זאָגט ער אַ סאַך מער ווי פון דעם וואָס וועט ערשט פאַסירן. און כאָטש נישט אַלעמאָל טרעפט ער, האָט ער אינעם איבעריקן קיין טאָעס ניט. אַזוי אַז ניט אַנדערש, טראַכסטו זיך. עס זיצט אַ טייוול אין אים. צוויי זילבער מינצן נעמט ער פאַר יעדן פרעג, אויב דער אַף ענטפערט, דאָס הייסט, אויב דער באַלעבאָס ענטפערט פאַר אים, נאָכדעם ווי ער האָט אים אַרײַנגעשושקעט אין אויער. מען שאַצט דערום דעם מײַסטער פּעדראָ פאַר זייער אַ רײַכן. און אַ גאַלאַנטער מענטש איז ער און (ווי זאָגט מען עס אין אי־טאַליע) באָן קאָמפּאַניאָ, און לעבט אַ גוטן טאָג. ער רעדט מער ווי פאַר זעקס און עסט מער ווי פאַר צוועלף, אַלץ אַפן כעשבן פון זײַן צונג, פון דעם אַפּס קונצן און פון דעם געמעל.

דערויף איז צוגעקומען מײַסטער פּעדראָ און אין אַ בויד האָט ער געפירט דאָס געמעל און אַ גרויסן אַף אָן אַ ווײדל, מיט אַ פילצענעם געזעס, נאָר דאָס פּאָ־נים אַ נישקאָשעדיקס. און ווי נאָר דאָן קיכאָט האָט אים דערזען, האָט ער אים געפרעגט:

— זאָגט נאָר, אײַער גנעדיקייט, האַר טרעפער, קע פעקסע פילאָמאָ! וואָס וועט זײַן פון אונדז? און נאָט אײַך מײַנע צוויי מינצן.

און געהייסן האָט ער סאַנטשאָן ער זאָל געבן די צוויי מינצן דעם מייסטער פּעדראָ, וואָס האָט געענטפערט פאַרן אַפֿ און געזאָגט:

— מײַן האַר, די כײַע ענטפערט נישט און גיט נישט קיין אויסקונפט ועגן זאַכן וואָס דאַרפן ערשט פּאַרקומען. וועגן דעם וואָס איז געווען, ווייסט ער עפּעס און אויך אַ ביסל וועגן איצט.

— איך שווער בײַ רוסן! — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — איך וועל קיין גראָשן נישט געבן פאַר זאָגן וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט, וואָרום ווער קען עס נאָך וויסן אַזוי גוט ווי איך? צאָלן פאַר זאָגן דאָס וואָס איך ווייס, איז אַ גרויס נאַרישקייט, נאָר אַזוי ווי איר ווייסט וואָס עס קומט פאָר איצט, האָט איר אײַך דאָ די צוויי זילבערמינצן און זאָל מיר דער האַר אַפֿ זאָגן, וואָס טוט איצט מײַן ווײַב טערעזאַ פּאַנצאַ און מיט וואָס פאַרווײַלט זי זיך?

מײַסטער פּעדראָ האָט נישט געוואָלט נעמען דאָס געלט און געזאָגט:

— איך וועל נישט נעמען פאַרויס דעם לוין איידער איך טו מײַן אַרבעט.

און אַ פּאַטש געטון האָט ער זיך צוויי מאָל מיט דער רעכטער האַנט אַפּן לינקן אַקסל און דער אַפֿ איז אַרויפגעשפּרונגען און מיט דעם מויל צו אים אין אויער מיט די ציין אַ שטשירע געטון און שנעל געקלאַפּט איין צאָן אָן אַנדערן. ווי נאָר ער האָט זײַנס געטון, איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פונעם אַקסל אַפֿ דער ערד, און מײַסטער פּעדראָ האָט זיך שנעל אַוועקגעשטעלט אַפֿ די קניען פאַר דאָן קיכאָטן און אים די פיס אַרומגענומען און געזאָגט:

— אָט די פיס נעם איך אַרום, ווי איך וואָלט אַרומגענומען די צוויי זײַלן פון הערקולעסן, אָ, מערקווירדיקער אויפלעבער פון דעם שוין פאַרגעסן געוועזענעם וואַנדער־ריטערטום! אָ, קיינמאָל נישט ווי געהעריק אויסגעלויבטער ריטער דאָן קי־כאָט פון לאַ מאַנטשאַ, מוט פון די אָפּגעשוואַכטע, אָנשפּאַר פון די פאַלנדיקע, אָרעם פון די געפאַלענע, אָנשפּאַר און טרייסט פון אַלע אומגליקלעכע!

דערשטוינט איז געבליבן דאָן קיכאָט, פאַרוווּנדערט סאַנטשאָ, געפּלעפּט דער קוזען, איבעראַשט דער פּאַזש, מיט אַן אָפן מויל פאַרטאַמט דער מענטש פון דעם אײַזלשן רעווען, צעטומלט דער קרעטשמער און, בעקיצער, אַן איימע איז באַפאַלן אַלעמען, אַלע די וואָס האָבן געהערט די רייד פון דעם ליאַלקע־שפּילער, און ער האָט ווײַטער געזאָגט:

— און דו, אָ, גוטער סאַנטשאָ פּאַנצאַ! דער בעסטער וואָפנטרעגער פון דעם בעסטן ריטער אין דער וועלט, פריי דיך, דײַן ליב ווײַב טערעזאַ לעבט וואויל, און פונקט איצט נעמט זי פונאַנדער אַ פונט פלאַקס, און נאָך אַ סימען, בײַ איר לינ־קער זײַט שטייט אַן אָפּגעדעקטער קרוג מיט אַ היבש ביסל ווײַן און דערמיט פאַר־ווײַלט זי זיך בײַ דער אַרבעט.

— אָט דאָס גלויב איך — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — וואָרום אַ גע־בענטשט ווײַב האָב איך, און ווען נית די אייפערזוכט אירע, וואָלט איך זי נישט פאַרביטן אַפֿ דער ריזיכע אַנדאַנדאָנאַ, וואָס לויט מײַן האַר זאָגט, איז זי אַ ווײַב

מיטן פולן מויל און א ווירטן. מײַן טערעזא איז פון יענע ווײַבער, וואָס לאָזן זיך נישט דאָס הארץ פארכאַלעשן, אפילו נישט אפן כעשבן פון די יאָרשים.

— און איך זאָג אײַך, — האָט זיך דאָן קיכאָט אָנגערופן, — אַז ווער עס לייענט אַ סאך און גייט אַ סאך, דער זעט אַ סאך און ווייסט אַ סאך. איך זאָג עס אָקעגן דעם וואָס קיין שום אײַנרעדעניש אין דער וועלט וואָלט מיך נישט געקענט איינריידן, אַז פאַראַן זײַנען אף דער וועלט אַפּן, וואָס טרעפן, ווען איך וואָלט דאָס איצטער נישט געזען מיט מײַנע אייגענע אויגן? מאַכמעס איך בין עס דער דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, וואָס אָט דער בראַווער אף האָט אָנגערופן, כאָטש ער האָט מיך אַ ביסל צו לאַנג געלויבט. נאָר ווי אַזוי איך בין, דאַנק איך דעם הימל, וואָס האָט מיך באַשאָנקען מיט אַ ווייך און מיטפילנדיק האַרץ, וואָס איז שטענדיק גרייט אַלעמען צו טון גוטס און קיינעם נישט קיין שלעכטס.

— ווען איך וואָלט געהאַט געלט — האָט דער פאַזש זיך אָנגערופן, — וואָלט איך געפרעגט דעם האַר אף וואָס מיט מיר וועט פאַסירן אף דעם וועג וואָס איך גיי.

דערויף האָט געענטפערט מײַסטער פּעדראָ (וואָס האָט זיך שוין געהאַט אויפגעהויבן פון קניען פאַר דאָן קיכאָטן):

— איך האָב שוין געזאָגט, אַז דאָס כײַעלע ענטפערט ניט אף דעם וואָס עס וועט פאַסירן. וואָלט דאָס געענטפערט, וואָלט נישט אויסגעמאַכט וואָס איר האָט קיין געלט ניט. דעם האַר דאָן קיכאָט, וואָס געפינט זיך דאָ, צוליב, וואָלט איך מויכל געווען אַלע מײַנע געלטער אין דער וועלט. און מאַכמעס איך בין אים שולדיק, און קעדיי אים צוליב טון, וויל איך איצט אויפשטעלן מײַן געמעל און פאַרשאַפן אַ פאַרגעניגן אַלעמען ווער נאָר עס איז פאַראַן אין קרעטשמע, אָן געצאָלטס.

דערהערט האָט דאָס דער קרעטשמער, איז ער געוואָרן אויסערסט פריילעך, און האָט אָנגעוויזן אַן אָרט, וווּ מען קען דעם געמעל אַוועקשטעלן, און אין איין אויגנבליק, איז עס געווען געמאַכט.

דאָן קיכאָט איז נישט גאָר צופרידן געווען מיט דעם אַפּס טרעפן; געדאַכט האָט זיך אים, אַז עס פּאַסט נישט אַן אַף זאָל טרעפן די קומענדיקע ווי די פאַרגאַנגענע זאַכן. און אין דער צײַט וואָס דער מײַסטער פּעדראָ האָט געהאַלטן אין אויפשטעלן די שירמע פאַר דעם געמעל, האָט ער זיך פאַרקליבן מיט סאַנטשאָן אין אַ ווינקל פון דער שטאַל, און, פון קיינעם נישט געהערט, האָט ער אים געזאָגט:

— הער מיך אויס, סאַנטשאָ, איך האָב מיך גוט פאַרטראַכט איבער דער אויסטערלישער פעיִקייט פון דעם אף, און איך געפין אויס, אַז דער דאָזיקער מײַסטער פּעדראָ מוז האָבן אַ שטילן אָדער אָפענעם פּאַקט מיט דעם טייוול.

— אויב דער פּאַטיאָ איז אָפּן און איז דעם טייוולס — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — מוז דאָס זײַן זייער אַ שמוציקער פּאַטיאָ. נאָר וואָס פאַר אַ נוצן קען דער דאָזיקער מײַסטער פּעדראָ האָבן פון די פּאַטיאָס?

— דו פאַרשטייסט מיך ניט סאַנטשאָ: איך מיין, אַז ער מוז האָבן אַן אָפּמאַך מיט דעם טייוול ער זאָל אַרײַנגעבן דעם אף די פעיִקייט מיט אים צו פאַרדינען,

און דערנאָך, אַז ער וועט רײַך ווערן, זאָל ער אים די נעשאָמע אוועקגעבן, וואָס דאָס איז אויסן דער וועלטס סוינע. איך דרינג עס דערפון, וואָס דער אַף ענטפערט נאָר אַף פאַרגאַנגענע זאַכן און אַף איצטיקע, ווײַל דעם טייוולס כאָכמע גייט נישט ווײַטער. דאָס וואָס וועט זײַן ווייסט ער בלויז פון דער האַשאָרע, און ניט שטענ־דיק: וואָרום נאָר גאָט איז געגעבן צו וויסן אַלע צײַטן און אַלע מאָמענטן און פאַר אים איז נישטאָ קיין פאַרגאַנגענהייט און קיין צוקונפט, אַלץ איז בײַ אים איצט.

„און העיווים דאָס איז אַזוי ווי דאָס איז, איז פאַרשטענדלעך, אַז דער אַף זאָל ריידן אינעם נוסעך פון דעם טייוול. מיך וווּנדערט נאָר ווי קומט עס וואָס מען האָט אים נאָך ביז איצט נישט אָנגעקלאָגט פאַר דער אינקוויזיציע און מען האָט אים נישט אויסגעפאָרשט און ביזן וואָרצל נישט דורכגעטרייבערט. ער זאָל זאָגן מיט וואָס פאַר אַ קויעך טרעפט ער. וואָרום זיכער איז דאָך, אַז קיין אַסטראָלאָג איז ער ניט, דער אַף, און נישט ער, נישט דער באַלעבאָס זײַנער הייבן אויף און קענען אויפהייבן די פיגורן, וואָס מען רופט זיי מישפּעט־פיגורן, וואָס דאָס ווערט איצט אַזוי געברויכט אין שפּאַניע, אַז עס איז נישטאָ הײַנט קיין איין פרייליך ווײַבל, קיין איין פּאַזש אָדער לאַטוטניק, וואָס זאָל זיך נישט האַלטן פאַר אַ פיגורן־הויבער, ווי דאָס וואָלט געווען אַ וואָלעט פון קאָרטן אויפצוהויבן פון דער ערד, און מיט זייערע שקאָרים און אומוויסן פאַרדאַרבן זיי די ווונדערלעכע וואָרהייט פון דער וויסנשאַפט. איך ווייס פון איינער אַ דאַמע, וואָס האָט געפרעגט איינעם אַזאַ פּי־גורן־הויבער צי וועט איר צויגל, וואָס זי האַלט שטענדיק בײַ איר אַפן שויס, פאַר־שוואַנגערן און געלעגן ווערן און וויפל הינטלעך וועט עס האָבן און פון וואָסער קאָ־ליר. און דער האַר מישפּעטער האָט איר געענטפערט, נאָכדעם ווי ער האָט אויפגע־הויבן די פיגור, אַז דאָס צויגל וועט פאַרשוואַנגערן און וועט געבוירן דרײַ הינט־לעך: איינס אַ גרינס, איינס אַ רויטס און דאָס דריטע געמישט, נאָר מיט דעם טנאַי, אַז דאָס צויגל זאָל צוגעדעקט ווערן צווישן עלף און צוועלף פאַר מיטאָג אָדער באַנאַכט אין אַ מאָנטיק אָדער אין אַ שאַבעס. אַרויסגעקומען איז נאָר, אַז דאָס צויגל איז אין צוויי טעג אַרום אַוועקגעפאַלן פון איבערפרעסן זיך, און דער האַר פיגורן־הויבער האָט אין זײַן שטאָט באַקומען אַ שעם פון אַ גוטן מישפּעטער, ווי אַלע אַנדערע פיגורן־הייבער.

— פון דעסט וועגן, וואָלט איך וועלן — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — אײַער גענעדיקייט זאָל זאָגן דעם מײַסטער פּעדראָ ער זאָל פרעגן בײַ זײַן אַף צי איז עמעס דאָס וואָס אײַער גענעדיקייט האָט פּאַסירט אין דער מאָנטעסינאָס־הייל. וואָרום איך בײַ מיר בין איך זיכער, זאָל מיר אײַער גענעדיקייט מויכל זײַן, אַז אַלץ איז געווען פאַרבלענדעניש און ליגן, אָדער, אַלנפאַלס, האָט זיך דאָס אײַך געכאָלעמט.

— דאָס וואָלט אַלץ געקענט מעגלעך זײַן — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — נאָר איך וועל טון ווי דו ראָטסט מיך, כאָטש מיר וועט נאָכדעם עפּעס בלײַבן אַפן געוויסן.

אַף די רייד איז מײַסטער פּעדראָ צוגעקומען בעטן דאָן קיכאָטן ער זאָל גיין

זען דעם געמעל, ווײַל ער איז שוין אײַנגעשטעלט און עס איז פֿאַראַן וואָס צו זען. דאָן קיכאָט האָט אים צו וויסן געגעבן וואָס ער האָט בעדייע און האָט אים גע־בעטן ער זאָל באַלד פֿרעגן בײַ זײַן אָף וועגן געוויסע זאַכן, וואָס האָבן מיט אים פּאַסירט אין דער מאָנטעסינאָס־הײַל, צי זיי זײַנען וואָר אָדער זיי האָבן זיך אים געכאָלעמט; מאַכמעס אים דאַכט זיך, אַז פֿאַראַן איז אין זיי פֿון אַלץ. מײַסטער פּעדראָ האָט דערויף קיין וואָרט נישט געענטפֿערט, נאָר געבראַכט האָט ער מיט זיך דעם אָף און פֿאַר דאָן קיכאָטן און סאַנטשאָן האָט ער אים געזאָגט:

— הערט אויס, האר אָף, דער ריטער וויל וויסן צי געוויסע זאַכן, וואָס האָבן מיט אים פּאַסירט אין אַ הייל, וואָס מען רופֿט זי מאָנטעסינאָס, זײַנען געווען פֿאַלשע אָדער עמעסע.

און געגעבן האָט ער אים דעם שטענדיקן צייכן, דער אָף איז אַרויף צו אים אָפֿן לינקן אַקסל, און נאָכדעם ווי ער האָט אים, ווי עס האָט זיך געדאַכט, אַרײַנ־גערעדט אין אויער, האָט מײַסטער פּעדראָ געזאָגט:

— די מאַלפּע זאָגט, אַז דאָס וואָס אײַער גענעדיקייט האָט געזען אין יענער הייל, איז פֿאַלש, און בלויז אַ טייל איז וואָר. און דאָס איז אינגאַנצן וואָס ער ווייס מיקויעך דעם וואָס איר פֿרעגט. נאָר אויב אײַער גענעדיקייט וויל וויסן מער, וועט ער דעם אַנדערן פֿרייטיק ענטפֿערן אַלץ וואָס מען וועט אים פֿרעגן. איצט האָט זיך די פֿעיִקייט בײַ אים אויסגעשעפּט און ביז פֿרייטיק וועט ער זי נישט האָבן, ווי שוין געזאָגט.

— האָב איך אײַך נישט געזאָגט — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — אַז מיר האָט זיך אָפֿן סייכל נישט געקענט לייגן, אַז אַלץ וואָס אײַער גענעדיקייט, האר מײַנער, האָט געזאָגט וועגן די פּאַסירונגען אין דער הייל, איז וואָר אַפֿילע אָף העלפֿט?

— די ווײַטערדיקע געשעענישן וועלן דאָס באַווײַזן, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געענטפֿערט. — די צײַט, וואָס דעקט אַלץ אויף, באַהאַלט פֿאַר זיך קיין שום זאַך אַ ניט אַרויסגעבראַכטע אָף דער שײַן פֿון דער זון, אַפֿילע זי זאָל זײַן אויסבאַהאַלטן אינעם שויס פֿון דער ערד. און אָף דערווײַל, גענוג, לאָמיר גיין זען דאָס געמעל פֿון דעם בראַוון האר מײַסטער פּעדראָ, וואָס איך רעכן, אַז ער מוז האָבן עפּעס נײַעס.

— וואָס הייסט עפּעס? — האָט מײַסטער פּעדראָ געענטפֿערט, — זעכציק טויזנט נײַעס האָט אין זיך דער געמעל מײַנער: איך זאָג אײַך, אײַער גענעדיקייט, מײַן האר דאָן קיכאָט, אַז דאָס איז איינע פֿון די שענצטע זאַכן, וואָס זײַנען הײַנט אָף דער וועלט פֿאַראַן, און אָפּעריבום קרעדיטע, עט נאַן ווערבים, און צו דער אַר־בעט, וואָרום עס ווערט שפּעט, און מיר האָבן אַ סאַך וואָס צו טון, וואָס צו זאָגן און וואָס צו ווײַזן.

געפֿאָלגט האָבן אים דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ, און געגאַנגען זײַנען זיי אַהין, וווּ עס איז שוין געווען גרייט און אָפּגעדעקט דאָס געמעל, פֿון אַלע זײַטן פֿול מיט ווערקסענע ליכט אָנגעצונדענע, וואָס האָבן אים צוגעגעבן גלאַנץ און שטראַליקייט. ווי נאָר מײַסטער פּעדראָ איז צוגעקומען, האָט ער זיך אַרײַנגערוקט אינעווייניק אָף צו

באוועגן מיט די קונציקע ליאַלקעס און פון דער דרויסנדיקער זײַט האָט זיך אוועק־געשטעלט א יינגל, מײַסטער פּעדראָס א דינער, אַף אויסצוטײַטשן און צו דער־קלערן די געהיימענישן פון דעם געמעל: געהאַלטן האָט ער אין דער האַנט א שטעקן און האָט מיט אים אָנגעוויזן אַף די אַרויסגעקומענע פיגורן. וויפל עס איז געווען מענטשן אין קרעטשמע, האָבן זיך אַלע אויסגעזעצט קעגניבער דעם געמעל, און דאָן קיכאָט, סאַנטשאָ, דער פּאַזש און דער קוזען אַף די בעסטע פּלעצער, און דער אויסטײַטשער האָט גענומען זאָגן וואָס עס וועט הערן און זען דער וואָס וועט זען און הערן אינעם ווײַטערדיקן קאַפּיטל.

## זעקס און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

### ווי עס קומט דער המשך פון דער אויסטערלישער באַגעגעניש מיט דעם ליאַלקע־שפּילער און אַנדערע מיט אַן עמעס שיינע זאַכן.

אַלע זײַנען זיי געזעסן און געשוויגן, די צוירים ווי די טראָיאַנער, אַלע די וואָס האָבן געקוקט אַף דעם געמעל האָבן זייערע אויגן אָנגעהאָנגען אַף דעם מויל פון דעם אויסטײַטשער, וואָס האָט אויסגעטײַטשט די ווונדער, און דערהערט האָט זיך פון הינטער דעם געמעל א פּייקלען פון צימבאַלן און א שאַלן פון טראָמפּייטן און א שיסערײַ פון קאַנאָנען. נאָר דאָס האָט נישט לאַנג געדויערט און דאָס יינגל האָט זײַן קאָל אויפגעהויבן און געזאָגט:

— די וואָרע געשיכטע וואָס ווערט דאָ פאָרגעשטעלט פאַר אײַערע גענעדי־קייטן, איז אָס באַ אָס אַרויסגענומען פון די פראַנצויזישע כראָניקעס און פון די שפּאַנישע ראָמאַנסן, וואָס גייען אום אינעם מויל פונעם פאָלק און פון די יינגלעך אין די גאַסן. עס קומט דאָ פאָר ווי אַזוי דער האַר דאָן גאַיפער האָט באַפרײַט זײַן ווײַב מעליסענדראַ, וואָס איז געפאַנגען געווען אין שפּאַניע אין די הענט פון די מאָרן, אין דער שטאָט סאַנסועניאַ, ווי מען האָט דעמאָלט גערופן די הײַנטיקע שטאָט סאַראַגאָסאַ. און דאָ זעט איר, אײַערע גענעדיקייטן, ווי דאָן גאַיפער שפּילט אין דאַמקעס, ווי עס זינגט זיך:

> עס שפּילט איצט אין דאַמקעס דאָן גאַיפער,
> וואָס מעליסענדראַ האָט אים שוין פאַרגעסן.

„און אָט יענער פּאַרשוין, וואָס קומט דאָרט אַרויס מיט א קרוין אַפן קאָפּ און א סצעפּטער אין האַנט, איז דער קייסער שאַרלעמאַן, מעליסענדראַס קלוימער־שטער פאָטער, וואָס איז מיד שוין פון צו זען זײַן איידעם א פוסטע־פּאַסנעם און א זאָרגלאָזן און דאָ קומט ער זיך קריגן מיט אים. און זעט ווי בייז ער איז און ווי האַסטיק ער גייט, אַז אָט דאַכט זיך וועט ער אים מיט דעם סצעפּטער א האַלבן טוץ קלעפּ איבערן קאָפּ אָפּצייילן, און ווי אַנדערע מעכאַברים זאָגן, האָט ער אים

שוין אָפּגעצײלט און גוט אָפּגעצײלט. און נאָכדעם װי ער רעדט אין אים אַרײַן װי גרױס די סאַקאָנע איז ער זאָל זײַן גוטן נאָמען פאַרלירן, אױב ער װעט נישט באַ־פרײַען זײַן װײַב, זאָגט ער אים, װי מען זאָגט:

כ׳האָב אײַך שוין װיפל מאָל געזאָגט, זעטן

„קוקט אײַך צו, אײַערע גענעדיקײטן, װי דער קײסער דרײט זיך אױס מיט דעם רוקן און לאָזט איבער דאָן גאיפערן אַ געערגערטן, און פאַר קאַעס און אומגעדולד, גיט ער אַ שמיץ פון זיך דאָס ברעטל מיט די דאַמקעס און הײסט זיך שנעל דער־לאַנגען זײַן פאַנצער און דאָן ראָלדאַנען, זײַן שװאָגער, בעט ער אױסצולײַען אים זײַן דורינדאַנער שװערד, און װי דאָן ראָלדאַן װיל זי אים נישט לײַען און שלאָגט זיך פאָר אַלײן גײן מיט אים און אים העלפן אין דער שװערער זאַך, װאָס ער נעמט זיך פאָר. נאָר דער מעכטיקער קאַעסניק װיל נישט זײַן הילף, ער אַלײן, זאָגט ער, האָט גענוג קױעך צו באַפרײַען זײַן װײַב, אפילע פון אונטער דער ערד. און אָט גײט ער אַרײַן זיך אָנטון דעם פאַנצער, קעדײ זיך צו לאָזן אין װעג אַרײַן. איצט, אײַערע גענעדיקײטן, קוקט אַהין, װוּ עס באַװײַזט זיך דער טורעם, אײנער פון די סאַראַ־גאָסער אַלקאַזאַר־טורעמס, װי מען רעכנט, װאָס איצט רופט מען אים אַלכאַפעריאַ. און זעט די דאַמע, װאָס באַװײַזט זיך אױפן באַלקאָן, מאָריש געקלײדט, דאָס איז די נישט צום פאַרגלײַכן מעליסענדראַ, װאָס פלעגט זיך דאָרט שטענדיק אװעקשטעלן קוקן אױפן װעג קײן פראַנקרײַך און מיט דעם געדאַנק געװענדט קײן פאַריז, צו איר מאַן, און זיך טרײסטן אין איר געפאַנגענשאַפט. קוקט זיך אױך צו צו דעם נײַעם פאַל, װאָס קומט דאָרט פאָר, און איז אומדערהערט. זעט איר ניט יענעם מאָר, װאָס גאַנװעט זיך אונטער שטילינקערהײד מיט דעם פינגער באַם מױל און רוקט זיך צו מעליסענדראַן פון הינטן? זעט װי ער גיט איר אַ קוש פּונקט אין די ליפּן און װי זי שפּײַט באַלד אױס און װישט זיך די ליפּן מיט דעם װײַסן אַרבל פונעם העמד, און װי זי קלאָגט און רײַסט זיך פאַר צאַר אירע שײנע האָר פונעם קאָפּ, װי זײ װאָלטן שולדיק זײַן אין דעם בײז, װאָס מען האָט איר געטון. איצטער גיט אַ קוק אױף דעם שטרענגן מאָר דאָרט אין די קאָרידאָרן. דאָס איז דער קיניג מאַר־סיליאָ פון סאַנסועניאַ. דערזען האָט ער די כוצפּע פון דעם מאָר, און כאָטש ער איז זײַנער אַ קאָרעװ און אַ גרױסער מעקורעװ זײַנער, באַפעלט ער אים כאַפּן און אַרײַנצײלן צװײ הונדערט שמיץ, בעײס מען פירט אים אינמיטן די הױפּט־גאַסן פון דער שטאָט:

מיט שרײַער װאָס גײען פאָרױס אים
און שטעקנס פון הינטן צװישן די פיס.

או דאָ, זעט איר, גײט מען אים מעקײעם פּסאַק זײַן, כאָטש דאָס פאַרברעכן איז קױם באַגאַנגען געװאָרן. מאַכמעס בײַ די מאָרן איז נישט אײַנגעפירט צו װיסן צו געבן דעם אָנגעקלאָגטן צאַד און אױך נישט קײן פאַרשן און מוידע זײַן, װי בײַ אונדז.

— יינגל, יינגל — האָט דאָן קיכאָט געגומען שרײַען אױפן קאָל, — גײ גלײַך מיט דער געשיכטע און פאַרדרײ דיך ניט אױף זײַטיקע װעגן אָדער אױף קרײצװעגן.

וואָרום אַף אַרויסצוברענגען אַ זאַך ריין און קלאָר, מוז מען האָבן באַוויזן און קענען־באַווייזן.

און מייַסטער פּעדראָ האָט זיך אָנגערופן פון אינעווייניק:

— פאַרקריך נישט, יינגל, אין קיין באַפּוצעכצן, נאָר טו וואָס דער האַר הייסט דיר, און דאָס איז דאָס גלייַכסטע. זינג פּאַשעט, אָן קאָנטראַ־פּונקטן, וואָרום פאַר איידלקייט קענען זיי זיך נאָך צעברעכן.

— איכ׳ל טון ווי מען הייסט מיר, — האָט דאָס יינגל געענטפערט און האָט ווייַטער גערעדט: — אָט די פיגור, וואָס איר זעט דאָ אַפן פערד, איז דאָן גאַיפער, וואָס זיין ווייַב זיצט שוין איצט אַ רויקערע, מיט אַ רויקערן פּאָנים, אַפן באַלקאָן, אַ באַפרידיקטע אין איר נעקאָמע פאַר דער כוצפּע פון דעם פאַרליבטן מאַר, און רעדט מיט איר מאַן, וואָס זי מיינט ער איז אַ רייזנדער, און פירט מיט אים די געשפּרעכן, וואָס וועגן זיי זינגט זיך אינעם ליד:

אויב איר גייט קיין פראַנקרייַך, ריטער,
אַף גאַיפערן פרעגט אייַך נאָך;

איך גיב זיי אייַך דאָ ניט איבער, מאַכמעס פון פּינקטלעכקייט קומט אָפט אַרויס לאַנגווייַל. קוקט בעסער ווי גאַיפער לאָזט זיך דערקענען און פון מעלי־סענדראַס פרייַלעכקייט פאַרשטייען מיר, אַז זי האָט אים דערקענט. ביפראַט ווען מיר זעען איצט ווי זי הענגט זיך אַריבער איבערן באַלקאָן, קעדיי זיך אַרויפצוזעצן אַפן הינטן פון איר גוטן מאַנס פערד. נאָר, וויי, אַן אומגליק! אַ זוים פון איר קלייד האָט זיך פאַרטשעפּעט אָן די אייזנס פונעם באַלקאָן און זי איז הענגען געבליבן אין דער לופטן און קען אַף דער ערד נישט אַראָפּ.

„זעט, אָבער, ווי דער דערבאַרימדיקער הימל העלפט אין דער גרעסטער נויט, ווייַל דאָן גאַיפער קומט אונטער און ער קוקט ניט וואָס זי קען נאָך צערייַסן איר טייַער קלייד, און ער כאַפּט זי אָן און קענן איר ווילן לאָזט ער זי אַראָפּ אַף דער ערד, און מיט איין שפּרונג זעצט ער זי באַלד אַרויף צו זיך אַפן פערד פון הינטן רייַטנדיק ווי אַ מאַן, און הייסט איר זיך אָנהאַלטן פעסט, און זי פאַרוואַרפט די הענט אַרום אים פון הינטן און נעמט אים אַרום, קעדיי ניט אַראָפּצופאַלן, מאַכמעס נישט געוווינט איז געווען די דאַמע מעליסענדראַ צו אַזאַ מין רייַטן. פונעם פערדס הירזשען, זעט איר אויך ווי צופרידן ער איז מיט דער מוטיקער און שיינער לאַדונג, וואָס ער טראָגט אַף זיך אין דער געשטאַלט פון זיין האַר און זיין הארנטע. זעט ווי זיי דרייען זיך אויס מיט דעם רוקן און פרייַלעך און צופרידן רייַטן זיי אַרויס פון דער שטאָט אַפן וועג קיין פּאַריז. פאָרט לעשאָלעם, אָ, פּאָרל וואָרע פאַרליבטע אָן אַ פּאָר צו אייַך! ראַטעוועט אייַך אין אייַער באַגערטן היימלאַנד און זאָל דאָס מאַזל ניט שטערן אייַער גליקלעכע נעסיע! זאָלן די אויגן פון אייַערע פריינט און קרויווים אייַך זען געניסן אין פרייד און אין פרידן די יאָרן (אַזוי לאַנג ווי נעסטאָרס יאָרן זאָלן זיי זיין) וואָס אייַך איז נאָך פאַרבליבן צו לעבן.

דאָ האָט ווידער מייַסטער פּעדראָ דאָס קאָל אויפגעהויבן און געזאָגט:

— אביסל פאַשעטער, יינגל, פּארפלי נישט צו הויך. אפעקטאַציעס פּאַסן זיך דאָ ניט.

דער אויסטײַטשער האָט גאָרנישט געענטפערט און ווײַטער גערעדט:

— נישט געפעלט האָבן ליידיקגייער, וואָס אַלץ זעען זיי, און געזען האָבן זיי אויך ווי מעליסענדרא לאָזט זיך ארונטער און ווי זי זעצט זיך אויף, און האָבן דאָס צו וויסן געגעבן דעם קיניג מארסיליאָ, און ער האָט באַלד געהייסן זײַן כאַיל אויפהייבן. און זעט ווי זיי איילן, ווי די שטאָט ווערט דערטרונקען אינעם גלעקערקלינגען, וואָס טראָגט זיך פון אַלע טורעמס אַף די מעטשעטן.

— דאָס ניט, — האָט דערויף זיך אָנגערופן דאָן קיכאָט, — וואָס שײַעך גלעקער־קלינגען, איז דאָ מײַסטער פּעדראָ זייער ניט אין פּלאַץ, מאַכמעס בא די מאָרן נוצט מען נישט קיין גלעקער, נאָר צימבאַלן און אַזוינע מינים דודעס, ווי אונדזערע טשירימיעס. און דאָס מין גלעקער־קלינגען אין סאַנסועניאַ איז בעעמעס אַ גרויסער אומזין.

אַז מײַסטער פּעדראָ האָט דאָס דערהערט, האָט ער אויפגעהערט קלינגען און האָט זיך אָנגערופן:

— קוקט אײַך נישט אום, אײַער גענעדיקייט, אַף קלייניקייטן, און פאַרלאַנגט נישט, אַז אַלץ זאָל זײַן צום פּינטעלע, ווארום איר וועט דאָס אין ערגיץ נישט געפינען. צי דען שפּילט מען נישט דאָרטן קימאַט טאָג נאָך טאָג די אַלערליי קאָמעדיעס, וואָס זײַנען פול מיט אָן אַ שיר אומפּינקטלעכקייטן און אומזיניקייטן, און דאָך גייען זיי מיט און מען הערט זיי אויס און ניט נאָר מען אַפּלאָדירט זיי, נאָר מען באַוווּנדערט זיי אַפילע. ווײַטער, יינגל, און זאָג זיי, אַז ווי נאָר איך וועל אָנשלאָגן מײַן בײַטל, וועל איך נאָך עפּשער שפּילן אַזוי פיל אומזיניקייטן וויפל די זון האָט אטאָמען.

— ריכטיק, — האָט אָפּגעענטפערט דאָן קיכאָט.

און דאָס יינגל האָט געזאָגט: זעט וויפל פּאַרפּוצטע קאַוואַלעריע עס לאָזט זיך ארויס פון דער שטאָט נאָכצויאָגן די צוויי פרומע פאַרליבטע. וויפל טרומייטן עס שאַלן, וויפל דודלזעק עס שפּילן און וויפל צימבאַלן און פּייקלעך עס פּויקען! איך האָב מוירע מען וועט זיי דעריאָגן און מען וועט זיי צוריקברענגען צוגעבונדענע צום עק פון זייער אייגן פערד, וואָס דאָס וואָלט געווען אַ שרעקלעך בילד צו־צוזען.

דערזען האָט דאָן קיכאָט אַזאַ גרויס מאָרן־געזינדל און דערהערט אַזוי פיל מאָרן־געפּילדער, האָט ער געפונען פאַר נויטיק אונטערצוקומען מיט הילף די אַנטלויפנדיקע און אויפגעשטעלט האָט ער זיך און אַפּן הויכן קאָל גענומען שרײַען:

— איך וועל נישט דערלאָזן קאַלזמאַן איך לעב מען זאָל אַף מײַנע אויגן קעגן אַזאַ באַרימטן ריטער און אַזאַ געוואַגטן ליבהאָבער ווי דאָן גאַיפער אַזאַ שווינדל באַגיין. האַלט, קאַנאַליע נידערטרעכטיקע, יאָגט זיי ניט און פאַרפאָלגט זיי ניט. מיט מיר קומט זיך שלאָגן!

און ווי ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער די שווערד ארויסגעכאַפּט פון דער־

שייד און מיט איין שפּרונג האָט ער זיך אוועקגעשטעלט בא דעם געמעל און מיט אַזאַ קאָעס, וואָס מען האָט נאָך פון אים קיינמאָל נישט געזען, האָט ער גענומען האַקן מיט דער שווערד איבער די מאַרן־ליאַלקעס, געשליידערט, די קעפּ געהאַקט, געשניטן און געבראָקט און דערביי אַזאַ האַק געטון מיט דער שווערד פון אויבן אַראָפּ, אַז ווען מייסטער פּעדראָ זעצט זיך ניט אַראָפּ און בויגט זיך נישט איין, וואָלט ער אים דעם קאָפּ אַראָפּגעהאַקט ווי אַ לעקעך. גענומען האָט מייסטער פּעדראָ שרייען:

— שטייט, אייער גנעדיקייט, האַר דאָן קיכאָט, זעט, דאָס זיינען דאָך נישט קיין לעבדיקע מאָרן, די וואָס איר האַקט און שליידערט און הארגעט, נאָר פון טייג געמאַכט. זעט, זינדיקער מענטש וואָס איך בין! איר מאַכט דאָך מיר כאָרעוו מיין גאַנץ באַלעבאַטישקייט.

נאָר דאָן קיכאָט האָט אים נישט געהערט און האָט ווייטער געהאַקט מיט ביידע הענט און געשניטן אַף לינקס און אַף רעכטס און אויסגעשאָטן איבער די ליאַלקעס אַ האָגל מיט קלעפּ, ביז ער האָט אַף פּיצלעך צעהאַקט אַלע זיינע מאַכ־שירים און פיגורן: דעם קיניג מאַרסיליאָ אַף טויט צעקלאַפּט און דעם קייסער שאַרלעמאַן די קרוין מיט דעם קאָפּ איניינעם אַף צוויייען צעשפּאָלטן. די מעסובע צוהערער איז אויפגעשפּרונגען, דער אַף איז דורכן פענצטער אַרויס און גענומען לויפן איבערן דאַך, דערשראָקן האָט זיך דער קוזען, דער פּאַזש האָט פּאַכעד באַ־קומען; און אַפילע סאַנטשאָ פּאַנצאַן איז אַן איימע באַפאַלן, מאַכמעס ווי ער האָט זיך געשוווירן נאָכדעם ווי דער שטורעם האָט זיך איינגעשטילט, האָט ער נאָך קיינמאָל זיין האַר נישט געזען אַזוי אין קאָעס. ווען דאָן קיכאָט האָט שוין געהאַט כאָרעוו געמאַכט דעם גאַנצן געמעל, האָט ער זיך אַביסל באַרויִקט און געזאָגט:

— געוואָלט וואָלט איך איצט האָבן פאַר מיר די אַלע, וואָס גלויבן נישט און ווילן נישט גלויבן ווי נוצלעך עס זיינען אַף דער וועלט די וואַנדער־ריטער: זעט, ווען איך וואָלט דאָ נישט געווען, וואָס וואָלט געוואָרן פון דעם בראַוון גאַיפער און פון דער שיינער מעליסענדראַ. די הינט וואָלטן זיי שוין זיכער געווען איצטער אָנ־געיאָגט און זיי עפּעס אַן אוולע געטון. האַקלאַל, לעבן זאָל דאָס וואַנדער ריטערטום איבער אַלץ וואָס לעבט איצט אַף דער וועלט!

— מיט מאַזל זאָלט איר לעבן — האָט זיך דערויף אָנגערופן מיט אַ שוואַכן קאָל מייסטער פּעדראָ, — און פּייגערן זאָל איך, דער אומגליקלעכער, וואָס קען זאָגן ווי דער קיניג ראָדריגאָ:

נעכטן בין איך געווען דער האַר פון שפּאַניע
און היינט האָב איך נישט קיין טורעם־צאָן,
וואָס איך זאָל קענען זאָגן ער איז מיינער.

„נאָך קיין האַלבע שאָ ניט, ניט אַ היבשע ווייל אַפילע, ווי איך בין געווען דער האַר פון קיניגן און קייסאָרים, מיינע שטאַלן און מיינע זעק און קאַסטנס פול מיט פערד אָן אַ שיר און מונדירן רייכע און איצט בין איך כאָרעוו און דערשלאָגן אָרעם און אַף בעטל־ברויט, און דעריקער, אָן מיין אַף, וואָס מיר ווען זיכער די

ציין שוויצן ביז איך וועל אים צוריק באַקומען, און אַלץ איבער דעם נישט באַ־טראַכטן קאַעס פון דעם האַר ריטער, וואָס מען זאָגט ער שיצט יעסוימים און פאַר־ריכט אוולעס און טוט אַנדערע גוטע מעשׂים, און נאָר אַז מיר האָט זיין גוטע קאַ־וואַנע זיך אויסגעלאָזט צום שלעכטן, געגלויבט און געאַכפּערט זאָלן זיין די הימלען דאָרט ווו זיי שפּרייטן זיך צום העכסטן. געמוזט האָט סאַפּקאַלסאַף דער ריטער מיט דעם נעבעכדיקן פּאָנים זיין דער וואָס זאָל אַזוי נעבעכדיק צעשמעטערן מיינע גע־שטאַלטער.

ווייך געוואָרן איז סאַנטשאָ פּאַנצאַ פון מייסטער פּעדראָס רייד און ער האָט אים געזאָגט:

— וויינט נישט, מייסטער פּעדראָ, און קלאָגט ניט, וואָרום איר צעברעכט מיר מיין האַרץ. איר דאַרפט וויסן זיין, אַז מיין האַר דאָן קיכאָט איז אַזאַ פרומער און געוויסנהאַפטיקער קריסט, אַז ווען ער וועט זיך אַרומזען, אַז ער איז באַגאַנגען עפּעס אַן אוולע, וועט ער וויסן ווי דיר צו באַצאָלן און דיך באַפרידיקן אַריבער און אַריבער.

— איך וואָלט צופרידן געווען דער האַר דאָן קיכאָט זאָל מיר באַצאָלן נאָר אַ העלפט דערפון וואָס ער האָט מיר שאָדן געבראַכט, און זיין גענעדיקייט וואָלט דערמיט זיין געוויסן פאַרזיכערט. וואָרום עס ראַטעוועט זיך נישט דער וואָס פאַר־האַלט באַ זיך יענעמס קעגן דעם ווילן פון דעם באַלעבאָס און קערט דאָס אים נישט אום.

— ריכטיק — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — נאָר דערווייל ווייס איך נישט, וואָס אַזוינס פאַרהאַלט איך אייערס, מייסטער פּעדראָ.

— וואָס הייסט איר ווייסט נישט? — האָט מייסטער פּעדראָ געענטפערט, — און די רעשטן, וואָס ליגן דאָ צעוואָרפן איבער דער האַרטער פּרוכטלאָזער ערד, ווער האָט זיי צעשליידערט און צענישטיקט, אויב נישט די אומבאַזיגלעכע מאַכט פון דעם מעכטיקן אָרעם? און וועמענס זיינען זייערע גופים, אויב נישט מיינע? און פון וועמען האָב איך געצויגן כיונע אויב נישט פון זיי?

— איך גלויב איצט — האָט דערויף דאָן קיכאָט געזאָגט, — דאָס וואָס איך האָב אַ סאַך מאָל געגלויבט, אַז די קישעפמאַכער, וואָס פאַרפאָלגן מיך, טוען נישט עפּעס אַנדערש, ווי נאָר זיי שטעלן מיר אַוועק פאַר די אויגן די געשטאַלטער ווי זיי זיינען און זיי פאַרענדערן און פאַרוואַנדלען זיי באַלד אין דאָס וואָס זיי ווילן. בעעמעס און וואָרהאַפטיק זאָג איך אייך, מיינע האַרן וואָס איר הערט מיך אויס, אַז דאָס וואָס איז דאָ פאָרגעקומען, האָט זיך מיר געדאַכט ווי דאָס קומט פאָר אַף דער וואָר: אַז מעליסענדראַ איז מעליסענדראַ, דאָן גאַיפער — דאָן גאַיפער, מאַרסיליאָ — מאַרסיליאָ און שאַרלעמאַן — שאַרלעמאַן. דערום בין איך אַזוי אויפגעבראַכט געוואָרן און האָב געוואָלט העלפן די אַנטלויפנדיקע, ווי דאָס הייסט מיר מיין וואַנדער־ריטערישער באַרוף, און מיט מיין גוטער קאַוואָנע האָב איך אָפּגעטון דאָס וואָס איר זעט דאָ. אויב דאָס איז מיר אַרויסגעקומען פאַרקערט, בין איך ניט שולדיק, שולדיק זיינען די רעשאָים, וואָס פאַרפאָלגן מיך. פון דעסט וועגן, וועל

איך פאַר דעם טאַם מײַנעם, כאָטש באַגאַנגען בין איך אים נישט מיט בייזן ווילן, מיך אַליין באַשטראָפן מיט די קאָסטן: זאָגט מיר, מײַסטער פּעדראָ, וואָס ווילט איר פאַר די צעבראָכענע ליאַלקעס? איך וועל אײַך טייקעף באַצאָלן פאַר זיי מיט שפּאַניש געלט אויוועך לאַסויכער.

פאַרנייגט האָט זיך מײַסטער פּעדראָ און געזאָגט:

— איך האָב מינער ווי דאָס נישט דערוואַרט פון דער נישט געהערטער נאָך ביז הײַנט קריסטלעכקייט פונעם מעכטיקן דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, דעם וועגן העלפער און דעם שוץ פון אַלע אָרימע און נויטבאַדערפטיקע שלעפּער. און זאָלן דאָ דער האַר קרעטשמער און דער גרויסער סאַנטשאָ זײַן די בוירערים און די שאַצער צווישן אײַער גענעדיקייט און מיר, וויפל עס קאָסטן אָדער קענען קאָסטן די שוין צעבראָכענע ליאַלקעס.

דער קרעטשמער און סאַנטשאָ האָבן געזאָגט, אַז זיי נעמען אַף זיך די מי און מײַסטער פּעדראָ האָט טייקעף פון דער ערד אויפגעהויבן דעם קיניג מאַרסיליאָ פון סאַראַגאָסאַ אָן דעם קאָפּ, און געזאָגט:

— איר זעט דאָך ווי אומעגלעך עס איז שוין דעם קיניג ווידער צו מאַכן פאַר דאָס וואָס ער איז געווען. און מיר דאַכט זיך, אויב איר מיינט ניט אַנדערש, אַז פאַר זײַן טויט און פאַר זײַן סאָף און אומקום דאַרף מען מיר געבן פיר גילדן מיט אַ האַלבן.

— ווײַטער — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט.

— פאַר אָט דעם שניט פון אויבן ביז אַראָפּ — האָט ווײַטער גערעדט מײַסטער פּעדראָ און האָט אין די הענט גענומען דעם קייסער שאַרלעמאַן, — וועט זײַן נישט קיין סאַך פאַרלאַנגט פון מײַן זײַט פינף גילדן מיט אַ פערטעלע.

— ס'איז נישט ווייניק — האָט סאַנטשאָ געזאָגט.

— און נישט קיין סאַך — האָט דער קרעטשמער אָפּגעענטפערט, — מאַכט אַ גלײַכן כעשבן און שטעלט פינף גילדן.

— גיט אים אַלע פינף מיט דעם פערטעלע — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — וואָרום ניט אין אַ פערטעלע מער אָדער אין אַ פערטעלע ווייניקער באַשטייט דער שאָדן, און פאַרענדיקט שנעלער, מײַסטער פּעדראָ, וואָרום עס איז שוין צײַט וועטשערע צו עסן און מיר דאַכט זיך, אַז מיך הונגערט שוין.

— פאַר דער ליאַלקע — האָט מײַסטער פּעדראָ געזאָגט, — וואָס די נאָז פעלט איר און האָט מיט איין אויג ווייניקער און מאַכמעס זי איז די שיינע מעליסאַנדראַ, וויל איך, און איך פאָדער דאָס ריכטיקע, צוויי גילדן מיט צוועלף גראָשן.

— אויך דאָ שטעקט דער טייוול — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — מעליסאַנדראַ מיט איר מאַן מוזן שוין איצטער זיכער זײַן אַף דער גרעניץ פון פראַנקרייך, וואָרום דאָס פערד, וואָס זיי זײַנען אַף אים געריטן, איז גיכער געפלויגן ווי געלאָפן, און מען דאַרף מיר דערום נישט פאַרקויפן קיין קאַץ פאַר אַ הינדיק, און מיר דאָ צושטעלן אַ מעליסאַנדראַ אָן אַ נאָז, בעיים יענע דאָרט מוז זיך שוין

איצט פרייען מיט איר מאַן אַפֿן ברייטן פֿוס. זאָל גאָט יעדן העלפֿן מיט דעם וואָס אים קומט, און לאָמיר גיין גלײַך און מיט גוטע קאַוואַנעס ווײַטער.

געזעען האָט מײַסטער פֿעדראָ, אַז דאָן קיכאָט גייט אַראָפּ פֿונעם וועג און פֿאַר־נעמט זיך ווידער אַף זײַן שטיינער, האָט ער אים נישט געוואָלט אָוועקלאָזן און האָט אים אַזוי געזאָגט:

— דאָס מוז ניט זײַן מעליסאַנדרע, נאָר איינע אַ פּריילן, וואָס האָט זי באַ־דינט, און מיט זעכציק גראָשן, וואָס איר וועט מיר פֿאַר איר געבן, וועל איך זײַן צופֿרידן און גוט באַלוינט.

אַף אַזאַ אויפֿן האָט ער אויך אָוועקגעשטעלט די פּרײַזן אַף די איבעריקע צעבראָכענע ליאַלקעס, און די בוירערים האָבן זיי דערנאָך פֿאַרמינערט צו דער צו־פֿרידנקייט פֿון ביידע צדאָדים, און דערגרייכט האָבן זיי צו פֿערציק גילדן מיט דרײַ פֿערטעלעך. אַכוצדעם וואָס דאָס האָט סאַנטשאָ טייקעף באַצאָלט פֿון זײַן קעשענע, האָט מײַסטער פֿעדראָ געבעטן נאָך צוויי גילדן פֿאַר כאַפּן דעם אַף.

— גיב זיי אים, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — ניט אַף צו כאַפּן דעם אַף, נאָר די אַפּעכע. און איך וואָלט איצט צוויי הונדערט געגעבן אַ מאַטאָנע דעם וואָס וועט מיר זאָגן אַף זיכער צי זײַנען שוין די דאַמע דאָניאַ מעליסענדראַ און דער האַר דאָן גאַיפֿער אין פֿראַנקרייך און צווישן אייגענע.

— קיינער וועט עס אײַך אַזוי זיכער נישט זאָגן ווי מײַן אַף — האָט מײַסטער פֿעדראָ געזאָגט, — נאָר וואָס פֿאַר אַ טײַוול וועט אים איצט כאַפּן. כאָטש איך מיין, אַז די געטרײַשאַפֿט און דער הונגער וועלן אים צווינגען נאָך קײַנטיקע נאַכט מיך אויפֿצוזוכן, און זאָל נאָר טאָג ווערן, וועלן מיר זען.

בעקיצער, דער שטורעם מיט דעם גנמעל האָט זיך אײַנגעשטילט, און מען איז אַוועק עסן אַלע בעכאַוורוסע אַפֿן כעשבן פֿון דאָן קיכאָטן, וואָס האָט זיך געוויזן מילד ביז גאָר.

איידער עס איז טאָג געוואָרן, איז אַוועק דער מענטש, וואָס האָט געפֿירט די העק מיט די שפּיזן, און נאָכדעם ווי עס איז טאָג געוואָרן, זײַנען געקומען זיך געזעגענען מיט דאָן קיכאָטן דער קוזען און דער פּאַזש; איינער אַף אַהיימצו־גיין און דער צווייטער ווײַטער צו גיין זײַן וועג און דאָן קיכאָט האָט אים געגעבן ווי צו הילף צוועלף גילדן. מײַסטער פֿעדראָ האָט מער נישט געוואָלט האָבן צו טון מיט דאָן קיכאָטן, וואָס געקענט האָט ער אים זייער גוט, און אויפֿגעשטאַנען איז ער דערום נאָך פֿאַר באַגינען, האָט צונויפֿגענומען די רעשטן פֿון זײַן גנמעל און זײַן אַף, און איז אויך אַוועק זוכן זײַנע גליקן. דער קרעטשמער, וואָס האָט דאָן קיכאָטן נישט געקענט, האָט זיך שטאַרק געוואונדערט אַף דאָן קיכאָטס מעש־וגאַעסן און אַף זײַן ברייטער האַנט. צום לעצט, האָט סאַנטשאָ אים באַצאָלט אַפֿן באַפֿעל פֿון זײַן האַר און זיי האָבן זיך מיט אים געזעגנט קימאַט אַכט אַזייגער אַפֿן טאָג. פֿאַרלאָזט האָבן זיי די קרעטשמע און זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. וועלן מיר לאָזן זיי גיין, מאַכמעס אַזוי לוינט זיך אונדז, קעדיי מיר זאָלן צײַט האָבן צו דערציילן אַנדערע זאַכן, וואָס האָבן אַ שײַכעס מיט דער דאָזיקער באַרימטער געשיכטע.

# זיבן און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

**ווי מען דערוויסט זיך ווער מײַסטער פּעדראָ און זײַן אָף זײַנען געווען, מיט דער קנאַפּער האַצלאַכע, וואָס דאָן קיכאָט האָט געהאַט אינעם געראַנגל מיט דעם אייזלשן רעווע, וואָס ער האָט פֿאַרענדיקט נישט ווי אים האָט זיך געוואָלט און נישט ווי ער האָט גערעכנט.**

סידע האַמעטע, דער שרײַבער פֿון אָט דער גרויסער געשיכטע, הייבט אָן דאָס קאַפּיטל מיט אָט די ווערטער: „איך שווער ווי אַ פֿרומער קריסט". דערויף זאָגט דער איבערזעצער, אַז דאָס וואָס סידע האַמעטע שווערט זיך ווי אַ פֿרומער קריסט דערמאָלט ווען ער איז גאָר אַ מאָר, ווי ער איז דאָס אָן שום ספֿק געווען, מיינט נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר, אַז אַזוי ווי אַ פֿרומער קריסט ווען ער שווערט, שווערט ער אָדער ער דאַרף שווערן עמעס, און זאָגן דעם עמעס אין אַלץ וואָס ער זאָגט, אַזוי זאָגט אויך ער דעם עמעס, ווי ער וואָלט געשווירן אַלס פֿרומער קריסט, און אַלץ וואָס ער האָט געוואָלט שרײַבן וועגן דאָן קיכאָטן, באַזונדערס מיקויעך דעם ווער עס איז געווען מײַסטער פּעדראָ און ווער עס איז געווען דער אָף דער טרעפֿער, וואָס אַלע יישובֿים אַרום האָבן געגאַפֿט אָף זײַן טרעפֿן. דאָ, זעט איר, זאָגט ער, אַז ווער עס האָט געוועסט געלייענט די ערשטע טייל פֿון דער געשיכטע, וועט זיך זיכער דערמאָנען אָן גינעס פּאַסאַמאָנטע, וואָס דאָן קיכאָט האָט אים פֿרײַ געלאָזט צווישן אַנדערע קאַטאָרזשניקעס אין די בערג מאָרענאַ. די טויווע, וואָס פֿאַר איר האָבן אַזוי שלעכט באַדאַנקט און נאָך ערגער באַצאָלט די בייזוויליקע און שלעכט פֿאַרווינטע לײַט. אָט דער גינעס פּאַסאַמאָנטע, וואָס דאָן קיכאָט האָט אים אָנגערופֿן גינעסיליאָ פֿון פּאַראַפּיליאַ, האָט דאָס צוגעגאַנוועט באַ סאַנטשאָ פּאַנצאַ זײַן אייזל, וואָס מאַכמעס אין דער ערשטער טייל איז, צוליב דער שולד פֿון די דרוקער, נישט אָנגעגעבן געווען ווי אַזוי און ווען דאָס איז געשען, האָט דער דרוק-פֿעלער אַ גרויסער צאָל מענטשן געגעבן צו דענקען, אַז דער מעכאַבער איז געשלאָגן אָפּן זיקאָרן. נאָר צוגעגאַנוועט האָט אים גינעס בעיים סאַנטשאָ פּאַנצאַ איז אָף אים געשלאָפֿן און באַנוצט האָט ער דערצו דאָס אייגענע שפּיצל וואָס ברונעלאָ, ווען ער האָט אַרויסגעפֿירט דאָס פֿערד פֿון אונטער סאַקריפּאַנטעס פּיס, בעיים ער איז געשלאָפֿן אין אַלבראַקאַ, און דערנאָך האָט אים סאַנטשאָ צוריקבאַקומען, ווי עס איז שוין פֿריער דערציילט. אָט דער גינעס, האָט מאַכמעס מוירע אַרײַנצופֿאַלן אין קרימינאַל, וואָס האָט אים אַרומגעזוכט אָף צו באַשטראָפֿן פֿאַר זײַנע אַלערליי נעוואָלעס און פֿאַרברעכנס, וואָס ער איז באַגאַנגען אַזוי פֿיל, אַז ער אַליין האָט זיי אויסדערציילט אין אַ גרויסן באַנד, באַשלאָסן אַריבערצוגיין אין דער מעדינע אַראַגאָן און דאָ האָט ער זיך דאָס לינקע אויג פֿאַרקלעפּט און איז אַרײַן אינעם פֿאַך פֿון די ליאַלקע-שפּילער, וואָס דאָס האָט ער געקענט אויסגעצייכנט פּונקט ווי די שוואַרצקונסט.

געטראָפֿן האָט זיך אים דעם אָף אָפּצוקויפֿן באַ קריסטן, וואָס זײַנען געקו־

מען פון בערבערן־לאַנד, אויסגעלערנט האָט ער אים, אַז ווען ער וועט אים געבן אַ געוויסן צייכן, זאָל ער אַרויפשפּרינגען צו אים אויף אַקסל און זאָל אים אַרײַנ־שעפּטשען, אָדער אין דעם ערעך, אין אויער אַרײַן. פּאַרטיק דערמיט, פלעגט ער יעדעס מאָל איידער ער איז אַרײַנגעקומען מיט זײַן געמעל און זײַן אַף אין אַ ישוו, זיך פונאַנדערפרעגן אינעם נאָנטסטן ישעוו אָדער בײַ וועמען נאָר ער האָט געקענט, וואָס און מיט וועמען עס האָט דאָרט עפּעס באַזונדערס פּאַסירט. ער פלעגט זיך דאָס אַרײַננעמען אינעם זיקאָרן און צוערשט פלעגט ער ווײַזן דאָס געמעל, וואָס געווען איז עס פון דער אָדער יענער געשיכטע צוזאַמענגעשטעלט, דעריקער, אַ פרייליכע, אַ פאַרוויילנדיקע און אַ באַקאַנטע. פאַרענדיקט די פאָר־שטעלונג, פלעגט ער נעמען אויסלויבן די פעיִקייטן פון זײַן אַף, וואָס טרעפט, ווי ער פלעגט זאָגן, די פאַרגאַנגענהייט און די קעגנוואַרט. נאָר אַף טרעפן די צוקונפט, האָט ער נישט אויסגעפונען דאָס פּאָרטל. פאַר ענטפערן אַף יעדן פרעג, האָט ער געפאָדערט צוויי גילדן, בײַ אַנדערע האָט ער גענומען ביליקער, לויט דעם דויפעק וואָס ער האָט אָנגעטאַפּט בײַ די פרעגער. און מאַכמעס צוערשט פלעגט ער מיסטאָמע גיין אין די הייזער צו די וואָס ער האָט געוווּסט וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט, כאָטש זיי האָבן בײַ אים נישט געפרעגט, קעדיי אים נישט צו דאַרפן צאָלן, פלעגט ער געבן אַ צייכן דעם אַף און דערנאָך זאָגן, אַז דער אַף האָט אים געוועסט געזאָגט די און די זאַך, וואָס איז געווען צוגעטראָפן צו דער פּאַסירונג. דערמיט האָט ער זיך אײַנגעשאַפט צוטרוי און מען האָט אים גענומען נאָכגיין. און מאַכמעס געווען איז ער קלוג, פלעגט ער אַן אַנדערש מאָל אַרויסבאַקומען דעם ענטפער דערפון, וואָס מען האָט אים געפרעגט. און מאַכמעס קיינער איז צו אים נישט צוגעשטאַנען ער זאָל זאָגן ווי אַרום דער אַף טרעפט, פלעגט ער יעדן גע־נאַרן און האָט אַזוי אַרום אָנגעשטאָפּט די טאַשן. ווי נאָר ער איז אַרײַנגעקומען אין קרעטשמע, האָט ער דערקענט דאָן קיכאָטן און סאַנטשאָ פּאַנצאַן, און מיט דער באַקאַנטשאַפט איז אים גרינג געווען אַרויסצורופן באַוווּנדערונג בײַ זיי גופע און בײַ יעדן וואָס איז דאָרט געווען. נאָר טײַער וואָלט אים געקאָסט, ווען דאָן קיכאָט לאָזט אַראָפּ אַ ביסל נידעריקער די האַנט, בעיס ער האָט דעם קאָפּ אַראָפּ־געשניטן בײַ קיניג מאַרסיליאָ און האָט צעהאַקט זײַן גאַנצע קאַוואַלעריע, ווי עס ווערט דערציילט אינעם פריערדיקן קאַפּיטל. אָט דאָס איז פאַראַן צו זאָגן וועגן מײַסטער פּעדראָ און וועגן זײַן אַף.

איך קער מיך אום צו דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ און זאָג, אַז נאָכדעם ווי ער איז אַרויס פון דער קרעטשמע, האָט ער באַשלאָסן צוערשט אַ קוק טון אַף די ברעגעס פונעם טײַך עבראָ און אַף דער געגנט אַרום איידער ער פּאָרט אַרײַן אין דער שטאָט סאַראַגאָסאַ, מאַכמעס די צײַט, וואָס האָט נאָך געפעלט צו די פּאַרוועטן, האָט אים געלאַנגט אַף אַלץ. מיט דער דייע איז ער ווײַטער געריטן זײַן וועג און געריטן איז ער אַזוי צוויי טעג און מיט אים האָט קיין זאַך נישט פּאַסירט, וואָס זאָל ווערט זײַן אויפצושרײַבן, ביז ער האָט אויפן דריטן טאָג, רײַטנדיק אַרויף אַ בערגל, דערהערט אַ ראַש פון פויקן, טרומייטערס און ראַד־ביקסן. געמיינט האָט

ער פון אָנהויב אַ רעגימענט זעלנער גייט דאָרט פאַרבײַ, און קעדיי אַף זיי אַ קוק צו טון, האָט ער אַ שפּאָרן געטון ראַסינאַנטען און איז אַרויף אַפן שפּיץ בערגל. און ווען ער איז שוין געווען אַפן שפּיץ, האָט ער צופוסנס דעם בערגל דערזען, ווי אים האָט זיך געדאַכט, העכער צוויי הונדערט מאַן, באַוואָפנטע מיט פאַרשידנערליי געווער, ווי לעמאָשל, שפּיזן, אַרבאַלעטן, אַלעבאַרדעס, טאָפּל-העק און פּיקעס, אויך ראָד-ביקסן און אַ היבשע צאָל שויס-דיסקן. ער איז אַראָפּ פונעם בערגל און איז צוגעריטן צום שקוואַדראָן אַזוי נאָנט, אַז ער האָט דײַטלעך געזען די פענער, האָט אונטערגעשיידט די קאָלירן און האָט געמערקט די אויפשריפטן, וואָס זיי האָבן אַף זיך געהאַט, באַזונדערס איינע אַף אַ שטאַנדאַרט אָדער אַף אַ שטיק ווײַסן אַטלעס, וואָס געווען איז אַף אים אויסגעמאָלט ביז גאָר לעבעדיק אַן אייזל, אַ סאַרדישער, דעם קאָפּ אַרויף, דאָס מויל אָפן און די צונג אינדרויסן, ווי בעייסן רעווען. און אַרום דעם מיט גרויסע אויסיעס אויפגעשריבן די צוויי פערזן:

נישט אומזיסט גערעוועט האָבן דרײַסטער
איינער נאָכן צווייטן, די בירגערמײַסטער.

פון דעם לאָזונג האָט דאָן קיכאָט פאַרשטאַנען, אַז די לײַט מוזן זײַן פון דעם דאָרף מיט דעם אייזלשן רעווען. און אַזוי אויך האָט ער געזאָגט סאַנטשאָ און האָט אים אויפגעקלערט וואָס אַפן שטאַנדאַרט איז אויפגעשריבן. אויך האָט ער אים געזאָגט, אַז דער מענטש וואָס האָט זיי דערציילט וועגן דעם פאַל, האָט געמאַכט אַ טאָעס ווען ער האָט געזאָגט, אַז די צוויי, וואָס האָבן גערעוועט זײַנען געווען ראַטמענער. לויט די פערזן אַפן שטאַנדאַרט, זײַנען זיי גאָר געווען בירגערמײַסטערס. דערויף האָט אים סאַנטשאָ געענטפערט:

— מײַן האַר, מען דאַרף זיך דערויף ניט שטעלן. די ראַטמענער, וואָס האָבן דעמאָלט גערעוועט, זײַנען מיט דער צײַט מעגלעך שוין געוואָרן בירגערמײַסטערס בײַ זיך אין דאָרף, און מען קען זיי דערום באַטיטלען מיט ביידע טיטלען. ביפראַט, אַז פאַר דער געשיכטע איז עס נישט קיין נאַפקעמינע צי זײַנען די וואָס האָבן גערעוועט געווען ראַטמענער אָדער בירגערמײַסטערס, אַבי זיי האָבן גערעוועט. וואָרום עס קען אַזוי רעווען אַ בירגערמײַסטער ווי אַ ראַטמאַן.

בעקיצער, דערוווּסט האָבן זיי זיך ווי אַזוי דאָס פאַרפאַלגטע דאָרף איז אַרויס אַף געשלעג מיט דעם צווייטן, וואָס האָט דאָס פאַרפאַלגט איבער דער מאָס און מער ווי עס פּאַסט פאַר גוטע שכיינים. צוגעשפּאַנט האָט צו זיי דאָן קיכאָט, ניט אָן שווערן געמיט בײַ סאַנטשאָן, וואָס האָט קיינמאָל נישט ליב געהאַט זיך צו געפינען אינמיטן פון אַזוינע שלאַכטן. די לײַט פונעם שקוואַדראָן האָבן אים אַרײַנגענומען אין דער מיט, מאַכמעס געמיינט האָבן זיי ער איז פון זייער צאַד. דאָן קיכאָט האָט דעם דאַשעק אויפגעהויבן מיט אַ פײַנעם און וווילערישן שטעל און איז צוגעקומען צו דעם שטאַנדאַרט מיט דעם אייזל און אַרומגעשטעלט האָבן זיך אַרום אים די הויפּלײַט פון דער אַרמיי אַ קוק צו טון אַף אים, און האָבן גע-גאַפט, ווי עס האָבן געווײַנלעך געגאַפט די וואָס האָבן אים צום ערשטן מאָל גע-

זען. געזען האָט דאָן קיכאָט מען קוקט אַזוי אַף אים און קיינער רעדט אַ וואָרט ניט און פרעגט אים נאַרניט, האָט זיך אים פאַרוואָלט אויסנוצן די שטילקייט און געבראָכן האָט ער זײַן אייגענע שטילקייט און האָט זײַן קאָל אויפגעהויבן און גע־זאָגט:

— מײַנע בראַווע לײַט, מיט דעם גאַנצן האַרצן בעט איך אײַך, רײַסט מיר נישט איבער דעם געדאַנק, וואָס איך וויל אײַך דאָ אַרויסזאָגן, אַז איר וועט זען ער איז אײַך דערווידער און לאַנגווײַלט אײַך, אויב עס וועט דערצו קומען, וועל איך בײַ דעם ערשטן צייכן, וואָס איר וועט מיר געבן, מײַן מויל צומאַכן און אַף מײַן מויל אַ מויל־שלאָס אויפהענגען.

אַלע האָבן אים געבעטן זאָגן וואָס ער וויל, זיי וועלן אים גערן אויסהערן, און מיט דער דערלויבעניש האָט דאָן קיכאָט ווײַטער צו זיי גערעדט:

— איך, מײַנע האַרן, בין אַ וואַנדער־ריטער און מײַן באַשעפטיקונג איז דאָס געווער און מײַן באַרוף איז מיך צו שטעלן אַף דער זײַט פון די וואָס נויטיקן זיך אין מיר און העלפן די נויטבאַדערפטיקע. זײַט עטלעכע טעג ווי איך האָב מיך דערוווּסט פון אײַער אומגליק און וואָס אַזוינס אײַך באַוועגט צו נעמען דאָס געווער אין די הענט אַף יעדן שריט זיך נויקעם צו זײַן אָן אײַערע סאָנים. נאָר ווען איך טראַכט מיך אַרײַן אין אײַער איניען געפין איך אויס, לויט די געזעצן פון דועל, אַז איר זײַנט אין טעות מיט אײַער פילן זיך באַליידיקט. וואָרום קיין שום יאָכיד קען נישט באַליידיקן אַ גאַנצע איידע, סײַדן ער באַשולדיקט זי אין קלאַל אַלס פאַרעטערן, ווען ער ווייסט נישט ווער דער יאָכיד איז געווען וואָס האָט פאַראַטן, קעדיי אים אַרויסרופן אַף אַ דועל. אַ בײַשפּיל דערפון האָבן מיר אין דאָן דיעגאָ אָרדאָניעז דע לאַראַ, וואָס האָט באַשולדיקט די גאַנצע איידע פון זאַ־מאָראַ, מאַכמעס ער האָט נישט געוווּסט, אַז איין וועלידאָ דאָלפאָס בלויז איז דעם פאַראַט באַגאַנגען און האָט דערהאַרגעט זײַן קיניג, און ער האָט דערום באַ־שולדיקט אַלעמען, און אַלעמען האָט באַלאַנגט נעקאָמע צו נעמען און צו ענט־פערן. כאָטש, אין דערעמעסן, האָט דער דאָן דיעגאָ איבערגעכאַפּט די מאָס און איז אַפילע אַריבער די גרעניצן פון טאַדלונג. וואָרום נישט געהאַט האָט ער צו־ליב וואָס צו טאַדלען די טויטע, די וואַסערן, די ברויטן, און אַפילע די וואָס דאַרפן ערשט געבוירן ווערן אוכעדוימע פּראָטים, וואָס ווערן דאָרט אָנגעוויזן. נאָר וואָס קען מען זיך העלפן, ווען דער צאָרן גייט אַרויס פון דער מוטער, איז נישטאָ קיין פאָטער, קיין לערער און קיין צוים, וואָס זאָל די צונג אײַנהאַלטן. און אויב דאָס איז אַזוי, אַז אַ יאָכיד קען נישט באַליידיקן אַ מעדינע, אַ פּראָווינץ, אַ שטאָט, אַ רעפּובליק אָדער אַ גאַנצע איידע, איז קלאָר, אַז עס איז נישטאָ פאַר־וואָס אַרויסצוגיין מיט נעקאָמע פאַר דער טאַדלונג אָדער באַליידיקונג, מאַכמעס זי איז עס נים. וואָרום שיין וואָלט דאָס אויסגעזען, ווען די איידע פון לאַ רעלאָכאַ גייט זיך אַרום שלאָגן אַף יעדן טראָט מיט יעדן איינעם, וואָס רופט זיי קיך־מע־נער, טאָמאַטן־פאַרקויפער, זייפן־זידער און נאָך אַזוינע מינים נעמען און צונע־מען, וואָס גייען אום אינעם מויל פון יונגוואַרג און פון דערוואַקסענע, וואָס מער־

אָדער וויניקער! שיין וועט עס אויסזען, ווען די אַלע אויסגעצייכנטע דערפער זאָלן זיך פאַרפאַלגן איינס דאָס אַנדערע און נעקאָמע נעמען איינס פון דאָס אַנ־דערע און קעסיידער אומגיין מיט די שווערדן און מיט די ביקסן באַ דער מינדס־מער מאַכלויקעס! ניין, ניין, זאָל גאָט היטן, זאָל ער דערצו נישט דערלאָזן. קלוגע רעגירער, גוט איינגעאָרדנטע מעדינעס דאַרפן נעמען דאָס געווער אין דער האַנט און די שווערדן ציען און איינשטעלן דאָס לעבן און דאָס פאַרמעגן צוליב פיר זאַכן. די ערשטע זאַך, צוליב פאַרטייטיקן דעם קאַטוילישן גלויבן; די צווייטע, צוליב פאַרטייטיקן דאָס אייגענע לעבן, וואָס דאָס איז דער געזעץ פון גאָט און פון דער נאַטור; די דריטע, פאַרטייטיקן דעם אייגענעם קאָוועד און דעם קאָוועד פון דער פאַמיליע און פונעם פאַרמעגן; די פערטע, צום דינסט דעם קיניג אין אַ גע־רעכטער מילכאָמע. און אויב מירן צו זיי צוגעבן אַ פינפטע (וואָס מען קען רעכע־נען פאַר דער צווייטער) איז עס די פאַרטייטיקונג פונעם פאָטערלאַנד. צו די פינף אורזאַכן, ווי צו קאַפּיטאַלע, קען מען צוגעבן נאָך עטלעכע גערעכטע, וואָס האָבן אויך אַ זין און קענען צווינגען צו נעמען דאָס געווער אין דער האַנט. נאָר נעמען עס צוליב קינדערשע זאַכן און פאַר אַזוינע זאַכן, וואָס זיינען אין דער עמעסן נישט מער ווי שפּאַס און פאַרוויילונג, איז, דאַכט מיר, אויסער יעדן געזונטן סייכל. ביפּראַט, אַז אומגערעכטע נעקאָמע (כאָטש גערעכט קען קיין שום נעקאָמע נישט זיין) איז דירעקט קעגן אונדזער הייליקן גלויבן, וואָס הייסט אונדז גוטס טון אונ־דזערע סאָנים און ליב האָבן די וואָס האָבן אונדז פיינט. אַ געבאָט, וואָס כאָטש אין פלוג איז עס שווער אויסצופירן, איז עס אָבער אין דער עמעסן שווער נאָר פאַר די, וואָס האָבן אין זיך וויניקער גאָט ווי וועלט און מער גוף ווי נעשאָמע, מאַכמעס יעזוס, דער וואָרער גאָט און מענטש, וואָס האָט קיינמאָל קיין ליגן נישט געזאָגט, און האָט נישט געקענט און קען נישט זאָגן קיין ליגן, האָט אַלס אונדזער געזעצגעבער געזאָגט, אַז זיין יאָך איז אַ ווייכער און זיין לאַסט איז אַ גרינגע. און ער וואָלט אונדז אויך נישט געקענט באַפעלן אַזוינע זאַכן, וואָס עס איז זיי שווער נאָכצוקומען. אַזוי אַרום, מיינע האַרן, זיינט איר פון די געטלעכע ווי פון די מענטש־לעכע געזעצן געצוווּנגען זיך איינצושטילן.

— זאָל מיך דער טייוול נעמען — האָט דערביי פאַר זיך אַ זאָג געטון סאַנ־טשאָ — אויב מיין האַר איז נישט אַ טעאָלאָג. אַז נים, איז ער ווי איין איי צום צווייטן אַזוינער.

דאָן קיכאָט האָט אַ ווייל אָפּגעאָטעמט, און אַז ער האָט געזען מען שווייגט נאָך, האָט ער געוואָלט ווייטער ציען דעם שמועס, און אַזוי וואָלט עס געטון, ווען עס מישט זיך נישט אַריין סאַנטשאָס שפּיציקייט, וואָס אַז ער האָט געזען זיין האַר האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט ער אים די האַנט איבערגענומען און גע־זאָגט:

— מיין האַר דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, וואָס האָט זיך אַמאָל גערופן דער ריטער מיט דעם נעבעכדיקן פּאָנים און היינט רופט ער זיך דער ריטער מיט די לייבן, איז זייער אַ קלוגער אַדעליקער און קען לאַטיין און פראָסט לאָשן ווי אַ

געענדיקטער גימנאַזיסט. און אַז ער טוט און ראַט, באַגייט ער זיך ווי זייער אַ גוטער זעלנער און אַלע געזעצן און קלאַלים דערפֿון וואָס מען רופֿט דו־על, האָט ער באַ זיך אַפֿן נאָגל. אַזוי אַז איר דאַרפֿט אײַך בלויז לאָזן פֿירן דערפֿון וואָס ער וועט אײַך זאָגן און פֿון מיר, אויב איר וועט אײַך טויע זײַן. ביפֿראַט. אַז דאָ איז שוין געזאָגט געוואָרן, אַז פֿאַרפֿאָלגן זיך איבער אייזלשן רעוועז איז אַ נאַרישקייט. איך געדענק, אַז ייִנגלווײַז פֿלעג איך רעוועז ווי אַן אייזל יעדעס מאָל ווען מיר פֿלעגט זיך פֿאַרגלוסטן און קיינער האָט מיך דערפֿאַר נישט געשלאָגן, און איך פֿלעג עס מאַכן אַזוי קונציק, אַז ווען איך פֿלעג רעוועז, פֿלעגן מיר אַלע אייזלען פֿונעם דאָרף נאָכרעוועז. און דערפֿון בין איך נישט אויס זון באַ מײַן טאַטע־מאַמע, אַגעוו, זייער אָרנטלעכע מענטשן. און כאָטש פֿאַר אָט דער פֿעיִקייט מײַנער, האָבן מיך אַ סאַך גאַדלאָנים אין דאָרף מעקאַנע געוועז, האָט עס מיך נישט אָנגעהויבן אַרן. און קעדיי איר זאָלט זעז, אַז איך זאָג אײַך דעם עמעס וואַרט אַ ווײַל, וועט איר הערן. דאָס איז פּונקט אַזאַ קונץ ווי שווימען, לערנט מען זיך עס איינמאָל אויס, קען מען עס שוין אַפֿן גאַנצן לעבן.

און באַלד טאַקע האָט ער צוגעלייגט די האַנט צו דער נאָז און גענומען אַזוי שטאַרק אייזלש רעוועז, אַז אַלע טאָלן ארום האָבן געציטערט. נאָר איינער וואָס איז לעבן אים געשטאַנען און האָט געמיינט ער כויזעקט פֿון זיי, האָט אויפֿגע־הויבן אַ סאַזשען, וואָס ער האָט אין דער האַנט געהאַלטן, און האָט מיט אים סאַנ־טשאָן אַזאַ זעץ געטון, אַז ער האָט אים אומגעוואָרפֿן צו דער ערד, כאָטש מער ווי דאָס איז אים נישט געשען.

דערזען האָט דאָן קיכאָט סאַנטשאָן אין אַזאַ לאַגע, האָט ער זיך אַ וואָרף געטון אַף דעם וואָס האָט אים דעם זעץ געטון, און מיט דער שפּיז אים דערלאַנגט איבער דער האַנט. נאָר אַזוי פֿיל זייערע האָבן אים פֿאַרשטעלט, אַז עס איז נײַשט מעגלעך געוועז אים אָפּצוצאָלן. און אַז דאָן קיכאָט האָט געזען עס טראָגט זיך אַף אים אַ כמאַרע מיט שטיינער און עס הויבן זיך קעגן אים אַזוי פֿיל אַרבאַלעטן און נישט ווייניקער ראָד־ביקסן, האָט ער פֿאַרקירעוועט ראָסינאַנטען, און אַזוי שנעל ווי מעגלעך זיך פֿון זיי אַרויסגערוקט און האָט מיט דעם גאַנצן האַרצן גאָט געבעטן ער זאָל אים ראַטעווען פֿון דער סאַקאָנע, מאַכמעס מוירע געהאַט האָט ער, אַז יעדע מינוט קען אים אַ קויל טרעפֿן אין רוקן און אַרויס דורך דער ברוסט. און יעדע ווײַל האָט ער געכאַפּט דעם אָטעם, קעדיי צו זען צי קען ער נאָך אָטע־מען. נאָר די לײַט פֿונעם שקוואַדראָן האָבן זיך צופֿרידנגעשטעלט דערמיט וואָס זיי האָבן אים געזען אַנטלויפֿן און האָבן נישט געשאָסן. סאַנטשאָן האָבן זיי, ווי נאָר ער איז צו זיך געקומען, אַרויפֿגעזעצט אַף זײַן אייזל און האָבן אים געלאָזט נאָכרײַטן זײַן האַר, כאָטש טרײַבן דאָס אייזל האָט ער נאָך נישט געקענט. נאָר דער העל־ברוינער האָט נאָכגעפֿאָלגט ראָסינאַנטען, וואָס אָן אים האָט ער זיך אַ מינוט נישט געפֿונען. אָפּגעלאָפֿן איז דאָן קיכאָט אַ שטיק וועג און ווען ער האָט זיך אומגעקוקט, האָט ער דערזען סאַנטשאָ רײַט אים נאָך און אַז קיינער יאָגט זיך נישט נאָך אים. די לײַט פֿונעם שקוואַדראָן זײַנען דאָרט פֿאַרבליבן ביז נאַכט, און

אזוי ווי זייערע קעגנער זײַנען נישט אַרויסגעקומען צו דער שלאַכט, זײַנען זיי אַהיימגעגאַנגען פריילעך און צופרידן. און וואָלטן זיי באַקאַנט געווען מיט דעם אַלטן מינעג פון די גריכן, וואָלטן זיי אויפגעשטעלט אויף יענעם אָרט אַ דענקמאָל פון ניצאָכן.

## אַכט און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

**וועגן זאַכן, וואָס בענענגעלי זאָגט, אַז וויסן וועט זיי ווער עס וועט זיי לייענען, אויב ער וועט לייענען מיט קאָפּ.**

פון דער באַרימטער אַנטלויפט, איז דער שווינדל אויף דער האַנט. און קלוגע גיבוירים היטן זיך אויס אויף אַ בעסערער צײַט. אָט דער עמעס האָט זיך אַרויסגעוויזן מיט דאָן קיכאָטן, וואָס פריער האָט ער געלאָזט דעם פּאָלקס צאָרן אויפברויזן און די בייזע מאַכשאָווע זיך באַווײַזן בײַ דעם אויפגעבראַכטן שקוואַדראָן און דערנאָך האָט ער גענומען די פיס אויף די פּלייצעס, האָט פאַרגעסן אָן סאַנטשאָן און אָן דער סאַקאָנע, וווּ ער האָט אים איבערגעלאָזט, און האָט זיך אָפּגעטראָגן אַזוי ווײַט, ווו אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז אויסער געפאַר. סאַנטשאָ האָט אים נאָכגעהאַלטן אָן אַרויפגעוואָרפענער אויף זײַן אייזל, ווי עס איז שוין דערציילט. נאָענט צוגעקומען איז ער שוין אַ צו זיך געקומענער פון דעם קלאַפּ און האָט זיך אַראָפּגעוואָרפן פון זײַן אייזל צו די פיס פון ראָסינאַנטע אין הוילע אַנגסטן, אַ צעקלאַפּטער און אַ צעמאַלענער. אַראָפּגעקראָכן איז דאָן קיכאָט באַקוקן זײַנע וווּנדן, נאָר אַז ער האָט אים דערזעען אַ גאַנצן, פון קאָפּ ביז די פיס, האָט ער מיט גרויס צאָרן אים געזאָגט:

— אין אַ בייזער שאָ האָסטו זיך אויסגעקליבן רעווען, סאַנטשאָ! און ווו האָסטו דאָס אויסגעפונען, אַז מען מעג דערמאָנען אַ שטריק בײַ אַ געהאָנגענעם אין שטוב? וואָס פאַר אַ צושפּיל קען בעסער זײַן צו אייזל־מוזיק, אויב ניט סאָזשענעס? דאַנק גאָט, סאַנטשאָ, וואָס מען האָט דיך איבערגעציילעמט מיט אַ שטעקן און נישט געמאַכט איבער דיר דעם „פּער סיגנום קרוציס" מיט אַ טערקישן זעבל.

— איך בין איצט נישט בעקויעד צו ענטפערן, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — ווײַל מיר דאַכט זיך, אַז איך רייד דורך דעם רוקן. לאָמיר זיך אויפזעצן און אַוועקיאָגן פון דאַנען, און מער וועל איך נישט רעווען, נאָר זאָגן וועל איך, אַז וואַנדער־ריטער אַנטלויפן און לאָזן איבער זייערע בראַווע וואָפנטרעגער צעמאָלענע ווי אַ ביריטשענע אָדער ווי אַ קאָרעץ ווייץ אין די הענט פון זייערע סאָנים.

— ווער עס ציט זיך צוריק, דער אַנטלויפט ניט, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט. — וואָרום וויסן זאָלסטו, סאַנטשאָ, אַז מוט, וואָס איז נישט געשטיצט

אַף פֿאַרנונפֿט, רופֿט מען אָן דערוועגטקייט, און די העלדישקייטן פֿון די דער־וועגטע שרײַבט מען צו מער דעם מאָל איידער דעם מוט זייערן. איך בין מיך דערום מוידע, אַז איך האָב מיך צוריקגעצויגן, אָבער נישט אַנטלאָפֿן. און דערין האָב איך נאָכגעטון אַ סאַך מוטיקע, וואָס האָבן זיך אויסגעהיט פֿאַר בעסערע צײַטן, און די געשיכטעס זײַנען פֿול דערמיט. איך דערצייל זיי דיר דאָ ניט, מאַב־סעם דיר וועלן זיי נישט נוצן און מיר זײַנען זיי נישט צום האַרצן.

בעיים מײַסע איז שוין סאַנטשאָ געזעסן, מיט דאָן קיכאָטס הילף, אַף זײַן אייזל און דאָן קיכאָט אַליין האָט זיך שוין אויך אויפֿגעזעצט אַף זײַן ראָסינאַנ־טע, און געלאָזט האָבן זיי זיך פּאַמעלעך אַרײַנרײַטן אין אַן אַלשענעם וועלדל, וואָס האָט זיך אָנגעזען אַ פֿערטל מײַל די ווײַט פֿון דאָרטן. פֿון מאָל צו מאָל האָט סאַנטשאָ אַ טיפֿן קרעכץ געגעבן און אַ ווייטיקלעכן זיפֿץ געטון. און ווען דאָן קיכאָט האָט אים געפֿרעגט פֿאַרוואָס ער זיפֿצט אַזוי ביטער, האָט ער געענט־פֿערט אַז פֿונעם עק רוקנביין ביזן נאַקן טוט אים אַזוי וויי, אַז ער גייט שיר ניט פֿונעם זינען אַראָפּ.

— דיר מוז אַוודע וויי טון דערפֿאַר, וואָס דער שטעקן, וואָס מען האָט דיר דערלאַנגט מיט אים, איז געווען אַ לאַנגער און אַ גלײַכער און האָט דיר פֿאַר־כאַפּט דעם גאַנצן רוקן, ווו עס קומען אַרײַן די אַלע טיילן וואָס טוען דיר וויי, און וואָלט ער דיר נאָכמער פֿאַרכאַפּט, וואָלט דיר נאָכמער וויי געטון.

— באַ גאָט — האָט סאַנטשאָ געזאָגט — אַז אײַער גענעדיקייט האָט מיך פֿון אַ גרויסן סאָפֿעק באַפֿרײַט און האָט מיר דאָס מיט שיינע ווערטער אויפֿגע־קלערט. באַ מײַן געזונט! אַזוי פֿאַרהוילן איז געווען די סיבע פֿון מײַן ווייטיק, אַז מען האָט מיר געמוזט זאָגן, אַז מיר טוט וויי אַלץ, אַלץ וואָס דער שטעקן האָט פֿאַרכאַפּט? וואָלטן מיר די קנעכלען וויי געטון, וואָלט מען נאָך עפּשער באַדאַרפֿט טרעפֿן פֿאַרוואָס זיי טוען מיר וויי, נאָר אַז מיר טוט וויי מאַכמעס מען האָט מיך צעמאָלן, איז נישט קיין גרויסע קונץ צו טרעפֿן, כ'לעבן, האַר באַלעבאָס אונ־דזערער, אַז אַ צווייטנס צאָרע איז אַף אַ האָר אָנגעהאָנגען און וואָס אַ טאָג באַטרעט איך מער יאַבאָשע פֿון דעם ביסל, וואָס איך קען דערוואַרטן פֿון דער כאַוורוסע מיט אײַער גענעדיקייט. וואָרום אויב איר האָט מיך דאָסמאָל גֿעלאָזט כאַפּן קלעפּ, פֿיל איך שוין די ווײַטערדיקע און מירן נאָך צוריקגיין צו דעם באַרימטן העצקען אַף דער קאָלדרע און אַנדערע שפּאַסן, וואָס אויב איצט גייען זיי מיר אַרוים דורכן רוקן, וועלן זיי מיר שפּעטער אַרויס דורך די אויגן. דאָס בעסטע וואָלט געווען, ווען איך פֿאָר מיר איצט אַהיים צו מײַן ווײַב און קינדער זיי אויסצוהאַלטן און אויפֿצוכאָוון מיט וואָס גאָט האָט מיר געגעבן און נישט נאָכגיין אײַער גענעדי־קייט איבער די וועגלאָזע וועגן און שטעגלאָזע שטעגן און טרינקען שלעכט און עסן נאָך ערגער. נעמט, לעמאָשל, דאָס שלאָפֿן! צייל דיר אָפּ, וואָפּנטרעגער, זיבן פֿוס ערד, און ווילסטו נאָך, נעם דיר נאָכאַמאָל אַזוי פֿיל, דו קענסט דיר אַליין צוטיילן, און צי דיך אויס אין דער גאַנצער לענג און ברייט, פֿאַרברענט זאָל דער ווערן און אַף שטויב צעמאָלן וואָס האָט זיך דער ערשטער אַרײַנגעשטעלט

אינעם וואנדער־ריטערטום, אלנפאלס, דער ערשטער, וואס האט זיך פארדונגען פאר א וואפנטרעגער בא אזעלכע טיפשים, ווי די אמאליקע וואנדער־ריטער האבן געמוזט זיין. ווען די היינטיקע זאג איך א ווארט נישט, טאכמעס אייער גענע־דיקייט איז איינער פון זיי, האב איך פאר זיי דערעכערעץ, און מאכמעס אייער גענעדיקייט ווייסט עפעס מער ווי דער טייוול, בעיס איר רעדט און בעיס איר דענקט.

— איך וואלט איצט געגאנגען אין א גוטן געוועט מיט אייך, סאנטשא, — האט דאן קיכאט געזאגט, — אז וויל איר רעדט איצט אזוי און קיינער טשעפעט אייך נים, טוט אייך אין ערגעץ נישט וויי. רעדט, מיין קינד, רעדט אלץ, וואס אייך פאלט איין און וואס אייך קומט אין מויל אריין; ווארום פונקט ווי אייך טוט גארנישט נישט וויי, אזוי וועל איך פארגעניגן האבן פון דעם פארדרוס, וואס אייערע כוצפעדיקע רייד פארשאפן מיר. און אויב אייך ווילט זיך אזוי שטארק אהיים־גיין צו אייער וייב און קינדער, זאל גאט נישט דערלאזן איך זאל אייך דערפון אפהאלטן: מיין געלט איז בא אייך, רעכנט אוים ווי לאנג איז שוין אז מיר זיינען ארויסגעפארן צום דריטן מאל פון אונדזער דארף און וויפיל איר קענט און דארפט פארדינען א כוידעש, און באצאלט אייך דערפון.

— ווען איך האב געדינט — האט סאנטשא געענטפערט, — בא טאמע קא־ראסקא, דעם פאטער פון דעם באקאלאווער סאמסאן קאראסקא, וואס אייער גע־נעדיקייט קען אים גאנץ ווויל, פלעג איך באקומען צוויי דוקאטן א כוידעש מיט עסן. מיט אייער גענעדיקייט וויים איך נישט וויפל איך דארף פארדינען, מאכ־מעס איך וויים, אז א וואפנטרעגער בא א וואנדער־ריטער האט מער ארבעט ווי אזא איינער וואס דינט בא א פויער. ווארום ווי שווער מיר פעלד־ארבעטער אר־בעטן דעם גאנצן טאג, עסן מיר אפדערנאכט א געקעכטס און לייגן זיך שלאפן אין בעט, און איך בין שוין אין א בעט נישט געשלאפן פון זינט איך דין בא אייער גענעדיקייט, אויב נישט רעכענען די קורצע צייט ,וואס מיר האבן זיך אויפגע־האלטן אין הויז בא דאן דיעגא מיראנדא, דעם מאלצייט, וואס איך האב גע־האט מיט דעם וואס איך האב ארויפגעשוימט פון קאמאטשאס טעפ, און וואס איך האב געגעסן, געטרונקען און געשלאפן בא באסיליאן אין הויז. די גאנצע איבע־ריקע צייט בין איך געשלאפן אף דער הארטער ערד און אונטער דעם פרייען הימל, אונטערגעווארפן, ווי זאגט מען עס, דעם הימלס געוויטער, האב מיך גע־שפייזט מיט אפשניצלעך קעז און בראקנס ברויט און געטרונקען וואסער פון די טייכלעך אדער פון די קוואלן, וואס מיר האבן אנגעטראפן איבער די פוסטע פעל־דער, ווו מיר בלאנקען אום.

— איך בין דיר מוידע — האט דאן קיכאט געזאגט — אז אלץ וואס דו זאגסט, סאנטשא, איז עמעס. וויפל, מיינט איר, דארף איך געבן מער ווי איר האט באקומען פון טאמע קאראסקא?

— לויט מיין איינזען, האט סאנטשא געזאגט — וועט אייער גענעדיקייט מיט צוויי גילדן מער אף יעדן כוידעש מיר האבן גוט באצאלט. דאס איז וואס שייעך

דער סכירעס פאַר מײַן אַרבעט. נאָר וואָס שײַעך דעם וואָרט, וואָס אײַער גענעדיקייט האָט מיר געגעבן וועגן איבערגעבן מיר די רעגירונג פון אַן אינדזל, וואָלט רעכט געווען איר זאָלט מיר צולייגן נאָך זעקס גילדן, וואָס אַרום און אַרום ווערט דאָס אויסמאַכן דרײַסיק גילדן.

— זייער פײַן — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — און איצט רעכנט צונויף פינף און צוואַנציק טעג זינט מיר זײַנען אַרויסגעפאָרן פון אונדזער דאָרף, לויט דער סכירעס, וואָס איר האָט אײַך באַשטימט: רעכנט צונויף, סאַנטשאָ, און זעט וויפל איך קום אײַך און באַצאָלט אײַך, ווי איך האָב אײַך שוין געזאָגט, מיט אײַער אייגענער האַנט.

— זאָל איך אַזוי געזונט זײַן! — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — אײַער גענעדיקייט האָט אַ גרויסן טעות אינעם כעשבן. וואָרום וואָס שײַעך דעם האַפטאָכבע פונעם אינדזל, דאַרף מען רעכענען פון דעם טאָג וואָס אײַער גענעדיקייט האָט מיר צוגעזאָגט, ביז דעם הײַנטיקן טאָג.

— איז, ווי לאַנג איז שוין, סאַנטשאָ, אַז איך האָב אײַך צוגעזאָגט? — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט.

— אויב מײַן זיקאָרן נאַרט מיך נישט — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — דאַרף שוין זײַן איבער צוואַנציק יאָר, דרײַ טעג מער אָדער ווייניקער.

דאָן קיכאָט האָט זיך אַ פּאַטש געטון אינעם שטערן און האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט מיט גרויס כיישעק און געזאָגט:

— אין די מאָרענאַ־בערג, ווו מיר זײַנען די גאַנצע צײַט אומגעפאָרן, בין איך דאָך געווען קוים צוויי כאָדאָשים, און דו, סאַנטשאָ, זאָגסט, אַז שוין צוואַנציק יאָר ווי איך האָב דיר דעם אינדזל צוגעזאָגט? זאָג איך דיר, אַז דו ווילסט מיט דײַנע סכירעס אויפעסן דאָס גאַנצע געלט מײַנס, וואָס דו האַלטסט באַ דיר. איז אויב אַזוי, און דיר געפעלט עס, נעם עס דיר און זאָל דיר וווּל באַקומען. און אײדער צו האָבן אַזאַ שלעכטן וואָפּנטרעגער, וויל איך גלײַכער בלײַבן אָן געלט און אָן אָרימאַן. נאָר זאָג מיר, דו פאַרדאַרבער פון די וואָפּנטרעגערישע קלאָלים באַ די וואַנדער־ריטער, ווו האָסטו געזען אָדער געלייענט, אַז אַ וואָפּנטרעגער באַ אַ וואַנדער־ריטער זאָל זיך שטעלן דינגען מיט זײַן האַר „אַזוי פיל פאַר אַזוי פיל דאַרפט איר מיר געבן אַ כוידעש פאַר דינען אײַך"? טוק דיך אונטער, טוק דיך אונטער, דו מענוּוול, פּויליאַק און קריפּל, וואָס דאָס אַלץ ביזטו, טוק דיך אונטער, זאָג איך, אין דעם יאַם האַגאָדל פון די ריטער־געשיכטעס, אויב דו וועסט געפינען, אַז אַ וואָפּנטרעגער האָט אַמאָל געזאָגט אָדער אַפילע בלויז געטראַכט דערפון וואָס דו זאָגסט, וויל איך דו זאָלסט עס מיר אָפּן שטערן אויסקריצן און דערצו נאָך עטלעכע קנײַפּ טון מיר אין פּאָנים. פאַרקירעווע דײַן העלברוינעם און פאָר דיר אַהיים, וואָרום מיט מיר וועסטו פון דאַנען קיין איין שפּאַן ווײַטער נישט געבן. אָ, ברויט פאַרלייקנטער! אָ, נישט אָפּן ריכטיקן פּלאַץ געגעבענע האַפטאָכבעס! אָ, דו מענטש, וואָס דו האָסט אין זיך מער כײַע, ווי מענטשלעך וועזן! איצט, ווען איך האָב גערעכנט דיך צו דערהויבן און, טראָץ דײַן ווײַב, זאָל מען

דיך רופן אײַער הערשאַפט, זאָגסטו דיך אָפּ? איצט גייסטו אַוועק, ווען איך האָב פּעסט און גילטיק בעדייע דיך צו מאַכן פּאַר דעם האַר פון דעם בעסטן אינדזל אַף דער וועלט? קוריץ, ווי זאָגסטו אַליין: האַניק איז ניט פּאַר... און אַזוי ווײַטער. אַן אייזל ביזטו, אַן אייזל וועסטו זײַן און אַן אייזל וועסטו פאַרבלײַבן ביזן טויט. וואָרום זיכער בין איך, אַז גיכער וועט דער טויט צו דיר קומען, איידער דו וועסט דיך אַרומקוקן, אַז דו ביזט געווען אַ בעהיימע.

סאַנטשאָ האָט שטייף געקוקט אַף דאָן קיכאָטן בעיס ער האָט אים דאָס אַלץ פּירגעוואָרפן, און עס האָט אים אַזוי שטאַרק באַנג געטון, אַז טרערן האָבן זיך אים געשטעלט און מיט אַ צעווייטיקטן שוואַכן קאָל האָט ער זיך אָנגערופן:

— מײַן האַר, איך בין מיך מוידע, אַז אַף צו זײַן דורכויס אַן אייזל, פּעלט מיר בלויז דער עק. אויב אײַער גענעדיקייט וויל מיר אים צוטשעפּען, וועט ער זײַן גוט צוגעטשעפּעט, און איך וועל אײַך דינען פּאַר אַן אייזל אַזוי לאַנג מיר בלײַבט נאָך צו לעבן. זאָל מיר אײַער גענעדיקייט מויכל זײַן און זיך מעראַכעם זײַן אַף מײַן נאַרישקייט און אין אַכט נעמען, אַז איך ווייס קנאַפּ וואָס, און טאָמער רייד איך אַ סאַך, נעמט זיך עס פון קראַנקייט און נישט פון בייזקייט: נאַר ווער עס גרײַזט און וויל זיך פּאַריכטן, זאָל ער זיך אַף גאָטס הילף ריכטן.

— איך וואָלט מיך געוווּנדערט, סאַנטשאָ, ווען דו וואָרפסט נישט אַרײַן אין דײַן שמועס קיין גלײַכוווערטל. איצט, ווען דו ווילסט דיך פּאַריכטן, בין איך דיר מויכל, מיט דעם טנאַי, אַז אַף ווײַטער זאָלסטו נישט זײַן אַזוי אַרײַנגעטון אין דײַן אייגננוץ, נאַר ברייטער אויס דײַן האַרץ און האָב מוט און קויעך צו וואַרטן אַף מײַנע האַפטאָכעס, וואָס קענען עפּשער קומען שפּעט, נאַר אומעגלעך זײַנען זיי נים.

סאַנטשאָ האָט געענטפּערט, אַז ער וועט זיך באַמיען, ווען אַפילע ער וועט דאַרפן ציען קויכעס פון דער שוואַכקייט.

באַ די ווערטער זײַנען זיי אַרײַנגעריטן אינעם אַלשענעם וועלדל און דאָן קיכאָט האָט זיך צוגעזעצט צו די פיס פון אַן אַלבע און סאַנטשאָ צו די פיס פון אַ בוקאַווע ביימל, מאַכמעס דער דאָזיקער מין ביימער און זייערס גלײַכן האָבן שטענדיק פיס און נישט קיין הענט. סאַנטשאָ האָט געהאַט זייער אַ שווערע נאַכט, מאַכמעס אין דער שטילקייט, האָט זיך דער סאַזשען געלאָזט פילן שטאַרקער. דאָן קיכאָט האָט פּאַרבראַכט די נאַכט אין זײַנע שטענדיקע ראַיוינעס. דאָך האָבן זיך אים די אויגן גענויגט צום שלאָף, און אין באַגינען האָבן זיי זיך געלאָזט ווײַטער אין וועג צו די ברעגעס פון דעם באַרימטן עבראָ, וווּ עס האָט זיי פּאַסירט דאָס וואָס וועט זײַן דערציילט אינעם קומענדיקן קאַפּיטל.

# ניין און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

## וועגן דעם באַרימטן געראַנגל מיט דעם פּאַרקישעפּטן שיפל

מיט איבערגעציילטע און נישט איבערגעציילטע טריט, זײַנען דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ, צוויי טעג נאָכדעם ווי זיי זײַנען אַרויסגעקומען פון דעם וואַלד, צוגעקומען צום טײַך עבראָ, און אַ גרויס פאַרגעניגן איז עס געווען פאַר דאָן קיכאָטן אויף דעם טײַך צו קוקן, וואָרום באַטראַכט האָט ער און געזען די פריילעכקייט פון די ברעגעס, די לויטערקייט פון די וואַסערן, די רויִקייט פון דעם שטראָם און די שעפע פליסיקע קרישטאָלן, וואָס זייער פריידיקער אָנבליק האָט אין זײַן מויעך אויפגעלעבט אַלערליי ראַיוינעס פון ליבע. באַזונדער האָט זיך אים דערמאָנט וואָס ער האָט געזען אין דער מאָנטעסינאָס־הייל. וואָרום כאָטש מײַסטער פּעדראָס אַף האָט אים געזאָגט, אַז אַ טייל פון יענע זאַכן זײַנען געווען עמעס און אַ טייל ליגן, האָט ער זיך מער געהאַלטן בײַ די עמעסע ווי בײַ די ליגנערישע. פּונקט פאַרקערט ווי סאַנטשאָ, וואָס האָט זיי אַלע באַטראַכט פאַר איין ליגן.

אָט אַזוי שפּאַנענדיק, איז אים פאַר די אויגן געקומען אַ קליין שיפל, אָן רודערס און אָן די אַנדערע מאַכשירים, צוגעבונדן בײַם ברעג צו אַ בוים, וואָס איז דאָרטן געשטאַנען.

אַרומגעקוקט האָט זיך דאָן קיכאָט אַף אַלע זײַטן און האָט קיינעם נישט געזען, און באַלד טאַקע איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון ראָסינאַנטעס און אויך סאַנטשאָן האָט ער געהייסן אַראָפּקריכן פון זײַן העל־ברוינעם און צובינדן ביידע בעהיימעס אײנײנעם צום שטאַם פון אַן אַלבע אָדער פון אַ ווערבע, וואָס איז דאָרט געוואַקסן. געפרעגט האָט סאַנטשאָ דאָן קיכאָטן צו וואָס דאָס אַראָפּקריכן און דאָס צובינדן, און געענטפערט האָט ער אים:

— דו מוזט וויסן, סאַנטשאָ, אַז דאָס שיפל, וואָס שטייט דאָ, רופט מיך צו זיך און פאַרבעט מיך, און עס קען גאָר אַנדערש נישט זײַן, איך זאָל מיך טייקעף אַרײַנזעצן דערין און גיין העלפן איינעם אַ ריטער אָדער אַן אַנדערן כאַשעווען פּאַרשוין, וואָס נייטיקט זיך אין דער הילף, ווײַל ער געפינט זיך אין אַ גרויסער אָנגסט. וואָרום אַזוי פירט זיך עס אין די ביכער מיט די ריטער־געשיכטעס און מיט קישעפמאַכער, וואָס מישן זיך אַרײַן און פירן דאָרט זייערע געשפּרעכן. ווען אַ ריטער געפינט זיך אין אַ צאָרע און קען פון איר נישט אַרויס ווי נאָר מיט דער הילף פון אַ צווייטן ריטער (כאָטש זיי זײַנען ווײַט איינער פונעם צווייטן צוויי אָדער דרײַ טויזנט מײַל און נאָכמער) כאַפּן זיי אים אַרויף אַף אַ וואָלקן אָדער זיי שיקן אים אונטער אַ שיפל ער זאָל זיך דערין אַרײַנזעצן און אין איין אויגנבליק פירן זיי אים אַוועק, אין דער לופטן אָדער איבערן יאַם, אַהין וווּ זיי ווילן און וווּ די הילף איז נייטיק. אַזוי אַז אָט דאָס שיפל, אָ, סאַנטשאָ, איז דאָ צוליב דעם אַוועקגעשטעלט. און דאָס איז אַזוי וואָר ווי איצט איז טאָג, און איידער דאָס

שיפל שווימט אוועק, בינד צו דעם העל־ברוינעם און ראַסינאַנטען, און מיר וועלן זיך לאָזן אַף גאָטס באַראָט, זאָל ער אונדז פירן, וואָרום איך וועל מיך נישט אָפּ־האַלטן פון אַרײַנזעצן מיך דערין, אַפילע באַרוועסע מאַנאַכן זאָלן עס מיך בעטן.

— אויב דאָס איז אַזוי, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — און אײַער גע־נעדיקייט וויל דורכוים אַרײַנפאַלן אַף יעדן טראָט אין אָט די, איך ווייס ניט צי זאָל איך זיי אָנרופן אומזיניקייטן, מוז מען פאָלגן און דעם קאָפּ אָנבייגן, ווי דאָס שפּריכוואָרט זאָגט: „טו וואָס דער באַלעבאָס הייסט דיר און זעץ דיך מיט אים צום טיש". דאָך אָבער, צוליב מײַן געווי͏סן, וויל איך אײַער גענעדיקייט וואָרענען, אַז ווי מיר דאַכט זיך, איז דאָס שיפל נישט אונטערגעשיקט פון קיין קישעפמאַ־כער, וואָרום מיט דעם שיפל כאַפּט מען די בעסטע סאַבאָגאַ־פיש אין דער וועלט.

געזאָגט האָט דאָס סאַנטשאָ און בעיים מײַסע צוגעבונדן די בעהיימעס און זיי געלאָזט אָפּן באַראָט פון די קישעפמאַכער, מיט גרויס ווייטיק אין האַרצן.

דאָן קיכאָט האָט אים געזאָגט, ער זאָל זיך נישט מעצאַער זײַן וואָס די בע־היימעס בלייבן אַף העפקער, וואָרום דער וואָס וועט זיי פירן איבער די לאַנגיקוועע וועגן און געגנטן, וועט אויך אין זינען האָבן זיי צו שפּײַזן.

— איך פאַרשטיי נישט וואָס דאָס זײַנען פאַר לאָגיקוועס — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — איך האָב נאָך זינט איך לעב אַזאַ וואָרט נישט געהערט.

— לאָנגיקווע — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט — מיינט ווײַטע. און עס איז גאָר קיין כידעש ניט וואָס דו פאַרשטייסט עס ניט, וואָרום דו ביזט נישט מעכויעוו צו קענען קיין לאַטיין, ווי יענע וואָס מיינען, אַז זיי פאַרשטייען און ווייסן ווייסן זיי אַן אָס ניט.

— די בעהיימעס זײַנען שוין צוגעבונדן — האָט סאַנטשאָ זיך אָנגערופן — וואָס דאַרפן מיר איצט טון?

— וואָס? — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — איבערצײלעמען זיך און אויפהייבן דעם אַנקער. איך מיין אַרײַנזעצן זיך און איבערשניידן דעם שטריק, וואָס האַלט דאָס שיפל צוגעבונדן.

און נאָכדעם ווי דאָן קיכאָט איז אַרײַנגעשפּרונגען און סאַנטשאָ נאָך אים, האָט ער איבערגעשניטן דעם שטריק און דאָס שיפל האָט גענומען פּאַמעלעך זיך דערווײַטערן פונעם ברעג. און ווען סאַנטשאָ האָט זיך דערזען צוויי קלאַפטער אָפּן טײַך, האָט ער אָנגעהויבן ציטערן און האָט מוירע באַקומען, אַז דאָ קומט זײַן סאָף. נאָר קיין שום זאַך האָט אים אַזוי פיל צאַר ניט פאַרשאַפט, ווי הערן זײַן אייזל שרײַען און זען ווי ראַסינאַנטע רײַסט זיך פונעם שטריק. און געזאָגט האָט ער צו זײַן האַר:

— דער העל־ברוינער שרײַט, ער לײַדט פון אונדזער שיידונג, און ראַסינאַנ־טע רײַסט זיך באַפרײַען און אונדז נאָכלויפן. אָ, טײַערע פרײַנט מײַנע! זײַט רויק, און דאָס מעשוגאַעס, וואָס שיידט אונדז מיט אייך, וועט איבערגיין אין אַנטוישונג און וועט אונדז צו אײַך צוריקברענגען.

און ער האָט זיך דערבײַ אַזוי ביטער צעוויינט, אַז דאָן קיכאָט האָט אים אַ געערגערטער און מיט קאַעס געזאָגט:

— פאַרוואָס שרעקסטו דיך, פּאַכדאָניש קינד? פאַרוואָס וויינסטו, פּוטער־דיק האַרץ? ווער יאָגט דיך און ווער פאַרפאָלגט דיך, נעשאָמע פון אַ שטוב־מויז? אָדער, וואָס פעלט דיר, דו בעטלער אינעם אינגעווייד פון דער שעפע? צי עפּשער גייסטו אַ באָרוועסער און צו פוס איבער די פעלזיקע בערג, און ניט דו זיצסט דיר אַף אַ ברעט, ווי אַן אַרכידוקעס, אַף דעם מעשופּעדיקן פלוס פון דעם ליבן טײַך, וואָס וועט אונדז באַלד אַרײַנפירן אינעם ברייטן יאַם? מיר זײַנען שוין אוואָדע אַרויס פונעם טײַך און שוין אָפּגעשווומען וויניקסטנס אַ זעקס אָדער אַכט הונדערט מײַל. און וואָלט איך דאָ געהאַט אַן אַסטראָלאַביום צו קענען אָפּמעסטן די הויך פון דעם פּאָליוס, וואָלט איך דיר געזאָגט וויפל מיר זײַנען שוין אָפּגע־שווומען. כאָטש מעגלעך, אַז איך פאַרשטיי מיך קנאַפּ דערויף, אָדער מיר זײַנען שוין אַריבער, צי מיר וועלן באַלד אַריבער די ליניע פונעם קאַוו האַמאַשווע, וואָס שנײַדט איבער פונקט אַף דער מיט דעם שטעטך צווישן די צוויי פּאָליוסן.

— און אַז מיר וועלן צוקומען צו דער ליניע, וואָס אײַער גענעדיקייט זאָגט, — האָט סאַנטשאָ געפרעגט — וויפל וועלן מיר האָבן אָפּגעשווומען?

— אַ סאַך — האָט דאָן קיכאָט אָפּגעענטפערט, — וואָרום פון די דרײַ הונ־דערט מיט זעכציק גראַדן, וואָס פון זיי באַשטייט דער ערד און וואַסער־קײַלעך, לויט פּטאָלאָמעוסן, וואָס ער איז געווען דער גרעסטער קאָסמאָגראַף אַף וויפל דאָס איז באַקאַנט, וועלן מיר האָבן אָפּגעשווומען פונקט אַ העלפט ווען מיר וועלן צוקומען צו דער ליניע.

— גאָט איז מיט אײַך — האָט סאַנטשאָ געזאָגט — אײַער גענעדיקייט נעמט זיך פאַר אַן איידעם אַ געצנדינער! אַ פּוטאָ און אַ גאַפּאָ און דערצו נאָך אַ מעאָן, אָדער מעאַ, אָדער ווי איר זאָגט דאָרטן*).

דאָן קיכאָט האָט געלאַכט דערפון ווי סאַנטשאָ טײַטשט אויס דעם נאָמען און דעם כעשבן פון דעם הימל־מעסטער פּטאָלאָמעוס און האָט אים געזאָגט:

— דאַרפסט וויסן, סאַנטשאָ, אַז די שפּאַניער און ביכלאַל די וואָס זעצן זיך אויף אין קאַדיז אַף די שיפן צו פאָרן אין די מיזרעך־אינדישע לענדער, האָבן איינעם אַ געוויסן סימען, אַז זיי זײַנען שוין אַריבער דעם קאַוו האַמאַשווע. דער סימען איז, אַז באַ אַלעמען אַף דער שיף פאַרשווינדן די לײַז און עס בלײַבט קיין איינע נישט פון זיי, זאָלסט געבן אַ רענדל פאַר אַ לויז. דו קענסט דיך דערום, סאַנ־טשאָ, אַ טאַפּ טון באַם גראָבן פלייש, איז טאָמער טאַפּסטו דאָרט אָן עפּעס אַ לע־בעדיקס, וועלן מיר אַרויס פונעם ספק. און אַז נישט, זײַנען מיר נאָך נישט אַריבער.

— איך גלויב נישט אַן אָס דערפון — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — דאָך וועל איך טון ווי אײַער גענעדיקייט הייסט מיר. כאָטש איך ווייס נישט צוליב וואָס מען באַדאַרף דעם פּרווו, דעמאָלט ווען איך זע מיט מײַנע אויגן, אַז מיר

*) פּוטאָ — אַ מאַן אַ הור; גאַפּאָ — מעצוירע; מעאָן — פּישער.

זײַנען נאָך קײן פֿינף קלאַפּטער ניט אָפּגעשװוּמען פֿונעם ברעג, און פֿון דאָרט װוּ די בײמער שטײען, קײן צען קלאַפּטער ניט, מאַכמעס איך זע ראַסינאַנטען און דעם העל־ברױנעם אױף דעם אָרט, װוּ מיר האָבן זײ איבערגעלאָזט. און אַז מיר נעמען די מאָס װי איך נעם זי, שװער איך אײַך, אַז מיר קריכן װי די מע־רעשקעס.

— דו, סאַנטשאָ, נעם די מאָס װאָס איך הײס דיר און זוך דיר ניט קײן אַנדערע, מאַכמעס דו װײסט ניט װאָס אַזױנס זײַנען ספּערעס, ליניעס, פּאַראַלעלן, זאָדיאַק, עקליפּטיק, פּאָליוסן, טקופֿעס, פּלאַנעטן, מאַזאָלעס, פּונקטן, די אַלע מאָסן, װאָס פֿון זײ באַשטײט די הימלשע און די ערדישע ספּערע. װאָרום װען דו װאָלסט דאָס אַלץ װיסן אָדער בלױז אַ טײל דערפֿון, װאָלסטו קלאָר געזען װאָסע־רע פּאַראַלעלן מיר האָבן איבערגעשניטן, װאָסערע מאַזאָלעס מיר האָבן געזען און װאָסער לאַנדשאַפֿט מיר האָבן הינטער אונדז געלאָזט און לאָזן איצט הינטער אונדז! און איך זאָג דיר נאָכאַמאָל, גיב דיך אַ טאַפּ און כאַפּ אַרום אײנע, כאָטש מיר דאַכט זיך, אַז דו ביזט איצט אַזױ רײן װי אַ גלאַטער װײַסער בױגן פּאַפּיר.

באַטאַפּט האָט זיך סאַנטשאָ און איז מיט דער האַנט פֿאַרקראָכן טיף ביז אונטער דער לינקער קני, האָט דעם קאָפּ אױפֿגעהױבן, אַ קוק געטון אױף זײַן האַר און געזאָגט:

— אָדער דער פּרוּװ איז אַ פֿאַלשער, אָדער מיר זײַנען נאָך מײַלן װײַט פֿון דעם אָרט, װוּ איר־ער געגעדיקײט זאָגט.

— װאָס זשע — האָט דאָן קיכאָט געפֿרעגט — האָסט עפּעס געפּאַקט?

— נאָכמער װי עפּעס, — האָט סאַנטשאָ געענטפֿערט.

און אָפּגעטרײסלט האָט ער זיך די פֿינגער און די גאַנצע האַנט אײַנגעטונ־קען אינעם װאַסער, איבער װעלכן דאָס שיפֿל איז זיך רויִק געשװוּמען אינמיטן דעם פֿלוס, נישט געשטױסן פֿון קײן שום געהײמען צוזאַמענרײד און פֿון קײן שום אױסבאַהאַלטענעם קישעפֿמאַכער, נאָר מיט דעם שטראָם גופֿע, װאָס איז דע־מאָלט געװען שטיל און װײך.

דערזען האָבן זײ פּלוצים גרױסע װאַסער־מילן שטײן אין סאַמע מיטן טײַך, און װי נאָר דאָן קיכאָט האָט זײ דערזען, האָט ער גענומען שרײַען צו סאַנטשאָן:

— דו זעסט, דאָרטן, אָ, פֿרײַנט מײַנער! מען זעט שױן אַרױס די שטאָט, דעם שלאָס, אָדער די פֿעסטונג, װוּ עס מוז זיך געפֿינען אַ ריטער אַ געפֿײניקטער, אַ קיניגן, אַ פּרינצעסן אָדער אַ פּירשטן אין אַ נױט, װאָס זײ צו הילף בין איך אַהער פֿאַרטראָגן.

— װאָס מיר שטאָט און װאָס מיר שלאָס אָדער פֿעסטונג? — האָט סאַנ־טשאָ געזאָגט. — זעט איר דען ניט, אַז דאָס זײַנען װאַסער־מילן, װאָס שטײען אינעם טײַך און מאָלן װײץ?

— שװײַג, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — כאָטש דאָס זעען אױס װאַסער־מילן, זײַנען זײ עס ניט, איך האָב דיר שױן װיפֿל מאָל געזאָגט, אַז קי־שעף פֿאַרװאַנדלט דעם נאַטירלעכן װעזן פֿון די זאַכן און פֿאַרענדערט זײ. איך

מיין נישט, אז זיי זײַנען זיי מעגאַלנ‏ל אין אַ צווייטן וואָרן ווען, נאָר דאָס דאַכט זיך אַזוי, ווי דאָס האָט באַוויזן די דערפֿאַרונג מיט דער פֿאַרענדערונג פֿון דולצינעא, די איינציקע שוץ־וואַנט פֿאַר מײַנע האָפֿענונגען.

אין דער רעגנ‏ע האָט דאָס שיפֿל, וואָס איז אַרײַן אין מיטן שטראָם, גענומען גיין נישט אַזוי לאַנגזאַם ווי ביז דעמאָלט. דערזען האָבן די מילנער דאָס שיפֿל גיין מיט דעם וואַסער און אַז דאָס וועט זיך אָנשלאָגן אָנעם רעדער־שטראָם, זײַנען אַ סאַך זייערע אַרויס מיט לאַנגע שטאַנגען דאָס צו פֿאַרהאַלטן. און מאַכמעס אַרויסגעקומען זײַנען זיי פֿון דער מיל פֿאַרמעליקטע, מיט דעם ווײַסן שטויב באַדעקט די פּנימער ווי דאָס אָנטון, האָבן זיי געמאַכט אַ מעשונעדיקן אײַנדרוק. געשריגן האָבן זיי:

— טייוואָלים וואָס איר זײַנט, וווּהין קריכט איר? אײַך איז עפּשער דאָס לעבן נימעס געוואָרן און איר ווילט אײַך דערטרענקען און פֿון די רעדער צעריבן ווערן אױף פּיצלעך?

— האָב איך דיר נישט געזאָגט, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — אַז מיר זײַנען צוגעקומען צו אַן אָרט, וווּ איך מוז באַווײַזן ווי ווײַט עס גרייכט מײַן שטאַרקער אָרעם? זע סאַראַ מענגוואָלים און פּוילּיאַקעס עס גייען מיר אַרויס אַנטקעגן! זע וויפֿל מאָנסטערס עס שטעלן זיך מיר אין וועג! איר וועט באַלד זען, נידערטרעכטיקע לײַט!

און אויפֿגעשטעלט האָט ער זיך אינעם שיפֿל און גענומען אױפֿן קאָל שרײַען צי די מילנער:

— ביי‌זוויליקע און בייז אָנגערעדטע מענגוואָלים, באַפֿרײַט און פֿרײַען ווילן נים דעם פּאַרשוין, וואָס איר האַלט דאָ אין אײַער פֿעסטונג אָדער טפּיסע אײַנגעשפּאַרט, אַ הויכן אָדער אַ נידעריקן, ווער ער איז און פֿון וועלכן גראַד ער זאָל נישט זײַן. איך בין דאָן קיכאָט פֿון לאַ מאַנטשאַ, וואָס רופֿט זיך אויך מיט דעם נאָמען „דער ריטער מיט די לייבן", וואָס מיר איז באַשערט, אױפֿן באַפֿעל פֿונעם הימל, אַ גליקלעכן סאָף צו מאַכן צו דעם גערא‌נגל.

און ווי ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער אַרויסגעכאַפּט זײַן שווערד און גענומען מיט איר פֿאָכען אַקעגן די מילנער, וואָס האָבן געהערט און נישט פֿאַרשטאַנען די זינלאָזע פּלוידערײַ און מיט זייערע שטאַנגען גענומען פֿאַרהאַלטן דאָס שיפֿל, וואָס איז שיר נישט אַרײַן אינעם שטראָם און אינעם קאַנאַל פֿון די רעדער.

געשטעלט האָט זיך דאָן קיכאָט אױף די קניען און האָט פֿרום געבעטן דעם הימל ער זאָל אים ראַטעווען פֿון דער אָפֿענער סאַקאָנע, און דער הימל האָט דאָס געטון מיט דער געשיקטקייט און שנעלקייט פֿון די מילנער מיט זייערע שטאַנגען, וואָס האָבן דאָס שיפֿל פֿאַרהאַלטן. אָבער, נישט אױף אַזאַ אויפֿן, אַז דאָס זאָל זיך נישט איבערקערן און אַרײַנוואַרפֿן דאָן קיכאָטן און סאַנטשאָן אינעם וואַסער. נאָר דאָן קיכאָטן איז צו נוץ געקומען דאָס וואָס ער האָט געקענט שווימען ווי אַ גאַנדז, כאָטש די שווערקייט פֿון דעם געווער האָט אים צוויי מאָל צום גרונט אַראָפּגעצויגן. און ווען נים די מילנער, וואָס האָבן זיך אינעם וואַסער געוואָרפֿן

און האָבן זייביידן ווי אין דער לופטן אַרויסגעצויגן, וואָלטן זיי דאָרט ביידע געהאַט דעם סאָף פון טראָיאַ. שוין אַף דער יאַבאָשע, ניט אַזוי דורשטיק ווי נאַס, האָט סאַנטשאָ זיך אַף די קניעז אַוועקגעשטעלט, די הענט צוזאַמענגעלייגט און די אויגן צום הימל אויפגעהויבן, און מיט אַ לאַנגער פרומער טפילע גאָט געבעטן ער זאָל אים פון היַינט און וויַיטער ראַטעווען פון זיַין האַרס געוואַגטע איַינפאַלן און איבערפאַלן.

אָנגעקומען זיַינען דערוויַיל די פישער, די באַלעבאַטים פונעם שיפל, וואָס די רעדער פון די וואַסער־מילן האָבן עס צעפיצלט, און אַז זיי האָבן עס דערזען אַ צעבראָכנס, האָבן זיי גענומען נאַקעט אויסטון סאַנטשאָן און פאָדערן פון דאָן קיכאָטן ער זאָל זיי באַצאָלן. און מיט דער גאַנצער געלאַסנקייט, גליַיך גאָרניט וואָלט געשען, האָט ער געזאָגט די מילנער און די פישער, אַז ער וועט זייער שיין באַצאָלן פאַר דעם שיפל, נאָר מיט דעם טנאַי, מען זאָל אַרויסלאָזן פריַי און אָן שום מוירע דעם פאַרשוין אָדער די פאַרשוינען, וואָס זיַינען אינעם שלאָס פאַרשפאַרט.

— וועגן וואָסערע פאַרשוינען און וועגן וואָסער שלאָס רעדסטו, מעשוגענער מענטש וואָס דו ביזט? ווילסט עפשער אַוועקפירן מיט זיך די מענטשן וואָס זיַינען געקומען אין די מילן זייער ווייץ אָפמאָלן?

„גענוג — האָט פאַר זיך אַ זאָג געטון דאָן קיכאָט, — באַוועגן מיט געבעט די מענוּוואָלים זיי זאָלן טון אַ גוטע זאַך, וואָלט געהייסן פרעדיקן אין דער מידבער, און אין דעם געראַנגל האָבן זיך געמוזט אָנטרעפן צוויי שטאַרקע קישעפמאַכער, און איינער צעשטערט וואָס דער צווייטער טוט אויף: איינער האָט מיר דאָס שיפל צוגעשיקט און דער צווייטער האָט מיך איבערגעקערט. זאָל גאָט אָן אייצע געפינען. פול איז די וועלט מיט קאָלערליי מאַכינאַציעס און שפיצלעך פון איינעם קעגן צווייטן, איך קען נישט מער.

און אויפגעהויבן האָט ער דאָס קאָל און, מיט די אויגן צו די מילן, האָט ער גענומען שריַיען:

— מיַינע פריַינט, ווער איר זיַינט, וואָס איר געפינט זיך אין דער טפיסע איַינגעשלאָסן, זיַיט מיר מויכל. צו מיַין אומגליק און צו איַיערן, קען איך איַיך פון איַיער צאָרע נישט אַרויסציען. דער געראַנגל מוז אַוואַדע זיַין באַשטימט פאַר אַ צווייטן ריטער.

נאָכדעם ווי ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער זיך פאַרגליַיכט מיט די פישער און האָט באַצאָלט פאַרן שיפל פופציק גילדן, וואָס סאַנטשאָ האָט זיי אָן כיישעק געגעבן און האָט דערביַי געזאָגט:

— צוויי אַזעלכע שיפלעך וועלן מיר מיט דעם גאַנצן פאַרמעג צו גרונט שיקן.

די פישער און די מילנער האָבן געקוקט אַף די צוויי אויסטערלישע פאַרשוינען, וואָס זיַינען אַזוי אַנדערש געווען פון אַלע אַנדערע מענטשן, און האָבן זיך געוווּנדערט און האָבן נישט פאַרשטאַנען וואָס באַטייטן די רייד און די פראַגעס, וואָס דאָן קיכאָט פרעגט זיי. באַטראַכט האָבן זיי די לײַט ווי מעשוגאָים, און אַוועק זיַינען די מילנער צוריק צו זייערע מילן און די פישער צו זייערע הייזקעס. צוריק־

געגאַנגען זײַנען דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ צו זייערע בעהיימעס און אַליין בע־היימעס צו זײַן. און דאָס איז געווען דער סאָף פֿון דער פּאַסירונג מיט דעם פאַר־קישעפטן שיפֿל.

## דרייסיקסטער קאַפּיטל

### וועגן דעם וואָס דאָן קיכאָטן האָט פּאַסירט מיט אַ שיינער יעגערן.

זייער טרויעריק און אין אַ שלעכטער לוינע זײַנען צוגעקומען צו זייערע בע־היימעס ריטער און וואָפּנטרעגער. נאָכמער סאַנטשאָ, וואָס אים פֿלעגט ביז צום האַרצן דערלאַנגען דאָס דערלאַנגען צום בײַטל מיט געלט, און דאַכטן פֿלעגט זיך אים, אַז דאָס וואָס ער נעמט אַרויס פֿון דאָרטן, נעמט ער אַרויס די שוואַרצאַפּלען פֿון די אויגן. בעקיצער, אָן איין וואָרט אַרויסצורײדן, האָבן זיי זיך אויפגעזעצט און האָבן זיך דערווײַטערט פֿון דעם באַרימטן טײַך. דאָן קיכאָט פֿאַרגראָבן אין די ראַיוינעס פֿון זײַן ליבע, און סאַנטשאָ אין זײַן אויפקום, וואָס געדאַכט האָט זיך אים דעמאָלט, אַז ער איז זייער ווײַט פֿון אים. וואָרום, עפּשער איז עס נאַריש, נאָר ער האָט גאַנץ גוט פֿאַרשטאַנען, אַז אַלץ אָדער דאָס מערסטע, וואָס זײַן האַר טוט, איז אומזין, און האָט געזוכט אַ געלעגנהייט, אין איינעם אַ טאָג, אָן שום כעשבוינעס און געזעגענישן מיט זײַן האַר, זיך אָפּצורײַסן און אַוועק אַהיים. דער גוירל אָבער האָט געוואָלט פּונקט דאָס פֿאַרקערטע דערפֿון וואָס אים האָט גע־שראָקן. געשען איז, אַז אין איינעם אַ פֿאַרנאַכט, ווען די זון האָט זיך געהאַלטן אין זעצן און זיי זײַנען אַרויסגעקומען פֿון אַ וועלדל, האָט דאָן קיכאָט זײַן בליק אויסגעשפּרייט איבער אַ גרינער לאָנקע און אין סאַמע עק האָט ער דערזען מענטשן, און ווען ער איז צוגעקומען נענטער, האָט ער דערקענט, אַז דאָס זײַנען יעגער און פֿון דער הויכער געזעלשאַפֿט. צוגעקומען איז ער נאָך נענטער, און דערזען האָט ער צווישן זיי אַ שלאַנקע דאַמע אויף אַ זויבער־ווײַסער שקאַפּע אָדער האַקאַנעע, מיט גרינעם שפּאַן־געצייג און אַ זילבערנעם רײַט־שטול. אויך די דאַ־מע איז געווען געקליידט אין גרינס, און אַזוי רײַך און הערלעך, אַז זי איז געווען די הערלעכקייט אַליין. אין דער לינקער האַנט האָט זי געהאַלטן אַ שפּאַרבער, און געדרונגען האָט דערפֿון דאָן קיכאָט, אַז דאָס מוז זײַן עפּעס אַ גראַן־דאַמע און די האַרנטע פֿון די אַלע יעגער, ווי דער עמעס איז געווען. און געזאָגט האָט ער דערום צו סאַנטשאָן:

— לויף צו, סאַנטשאָ זון, און זאָג דער דאַמע מיט דער שקאַפּע און מיט דעם שפּאַרבער, אַז איך דער ריטער מיט די לייבן, קוש די הענט איר גרויס שיינקייט, און אויב איר גרויסקייט באַוויליקט מיר, וועל איך צוקומען זיי איר קושן און איר דינען ווי ווײַט מײַנע קויכעס וועלן מיר גרייכן און איר הויכגעבוירנקייט וועט מיר באַפֿעלן. און גיב אַכטונג, סאַנטשאָ, ווי דו רעדסט, און זע בראָק ניט אַרײַן אין דער שליכעס דײַנער עפּעס אַ גלײַכווערטל.

— געטראָפן האָט איר דעם אַרײַנבראָקער. — האָט סאַנטשאָ געענטפערט.

— מ י ר זאָגט איר דאָס! עס איז נישט דעם ערשטן מאָל אין מײַן לעבן ווי איך פיר אוים אַ שליכעס צו הויכע און אויסגעוואַקסענע דאַמען.

— אַ כוץ דער שליכעס וואָס דו האָסט געפירט צו דער דאַמע דולצינעאַ — האָט דאָן קיכאָט אים אָפּגעענטפערט, — ווייס איך נישט אויב דו האָסט נאָך איינע אַזאַ שליכעס געפירט, אַלנפאַלס, אונטער מײַן מאַכט.

— דאָס איז ריכטיק — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — נאָר אַ גוטער צאָ־לער האָט נישט מוירע פאַר דעם מאַשקן און אין אַ רײַכער שטוב קאָכט זיך די וועטשערע גיכער: איך מיין דערמיט, אַז מיר דאַרף מען גאָרנישט נישט זאָגן און מיך דאַרף מען נישט וואָרענען, וואָרום פאַראַן בײַ מיר פון אַלץ און אַף אַלץ קלעקט בײַ מיר צו ביסלעך.

— איך גלויב עס דיר, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט: — גיי אין אַ מאַזלדיקער שעה און זאָל דיך גאָט פירן.

סאַנטשאָ האָט זיך געלאָזט לויפן, ער האָט אַרויסגעבראַכט פון זײַן געוויינ־לעכן שפאַן דאָס אייזל, און איז צוגעקומען צו דעם אָרט, וווּ די דאַמע איז גע־שטאַנען. ער איז אַראָפּ פונעם אייזל, האָט זיך געשטעלט פאַר איר אַף די קניען און איר געזאָגט:

— שיינע דאַמע, דער ריטער, וואָס איר זעט דאָרטן, און רופט זיך דער רי־טער מיט די לייבן, איז מײַן האַר, און איך בין זײַן וואָפּנטרעגער, וואָס אין דער היים רופט מען מיך סאַנטשאָ פּאַנצאַ. אָט דער ריטער מיט די לייבן, וואָס האָט נישט לאַנג צוריק זיך גערופן דער ריטער מיט דעם נעבעכדיקן פּאָנים, שיקט דורך מיר זאָגן אײַער גרויסקייט, איר זאָלט אַזוי גוט זײַן און אים געבן דערלויבעניש, ער זאָל מיט אײַער ווילן, ווילגעפעלן און האַסקאָמע קומען אויספירן זײַן פאַר־לאַנג, וואָס איז נישט מער, ווי ער זאָגט און איך דענק, ווי דינען אײַער העכסטער הויכקייט און שיינקייט. און אויב אײַער הערשאַפט וועט אים די דערלויבעניש געבן, וועט איר טאָן אַזוינס וואָס וועט זײַן אײַך צום נוצן, און ער וועט דערפון האָבן אויסערגעוויינלעכן גענאָד און האַנאָע.

— בראַווער וואָפּנטרעגער, איר האָט בעעמעס אויסגעפירט אײַער שליכעס מיט אַלע פּראָטים, וואָס אַזוינע שליכעסן פאָדערן. הויבט אײַך אויף פון דער ערד, וואָרום עס איז נישט רעכט, אַ וואָפּנטרעגער פון אַזאַ גרויסן ריטער ווי עס איז דער ריטער מיט דעם נעבעכדיקן פּאָנים, וואָס מיר האָבן שוין אַזויפיל געהערט פון אים, זאָל שטיין אַף די קניען. הויבט אײַך אויף, מײַן פרײַנט, און זאָגט אײַער האַר, זאָל ער אין אַ גוטער שעה צוקומען אַהער און זיך דינען מיט מיר און מיט דעם דוקעס מײַן מאַן, אין אַ פאַרווײַלונגס־הויז, וואָס מיר האָבן דאָ.

אויפגעהויבן האָט זיך סאַנטשאָ, אַ פאַרוווּנדערטער, פאַרוווּנדערט אַף דער שיינקייט פון דער ליבער דאַמע און איר העפלעכקייט און דערצויגנקייט, און נאָכמער דערויף וואָס זי האָט אים געזאָגט, אַז זי האָט געהערט וועגן זײַן האַר דעם ריטער מיט דעם נעבעכדיקן פּאָנים, און אויב זי רופט אים נישט דער ריטער מיט

די לייבן, מוז עס זײַן דערפֿאַר וואָס דער נאָמען איז נאָך אַ נײַער, ערשט פֿריש אָנגענומען. געפֿרעגט האָט אים די פֿירשטן (וואָס איר טיטל ווייסט מען נאָך ניט):

— זאָגט מיר, ברודער וואָפּנטרעגער, איז נישט אײַער האַר, איינער, וואָס ווען אים איז אָפּגעדרוקט אַ געשיכטע, וואָס רופֿט זיך „דער אדעליקער באַלמיועך דאָן קיכאָט פֿון לאַ מאַנטשאַ“, און זײַן דאַמע איז איינע אַ דולציניאַ פֿון טאָ־באָסאָ?

— דאָס איז ער, האַרנטע — האָט סאַנטשאָ געענטפֿערט; — און דער וואָפּנטרעגער זײַנער, דער וואָס גייט מיט אים, אָדער מוז אַוודע אומגיין מיט אים אין יענער געשיכטע, און מען רופֿט אים סאַנטשאָ פּאַנצאַ, בין איך, אויב מען האָט מיך נישט פֿאַרביטן אינעם ווינגל. איך מיין, אויב מען האָט מיך נישט פֿאַר־ביטן אינעם דרוק.

— דאָס אַלץ פֿאַרשאַפֿט מיר גרויס פֿאַרגעניגן — האָט די פֿירשטן געזאָגט.

— גייט, ברודער סאַנטשאָ, און זאָגט אײַער האַר, ווײַל זאָל זײַן זײַן קומען אין מײַנע גיטער, און אַז קיין גרעסער פֿאַרגעניגן האָב איך מיר נישט געקענט ווינטשן.

מיט אָט דעם ליבהאַרציקן ענטפֿער, איז סאַנטשאָ מיט זייער גרויס פֿאַר־געניגן צוריקגעריטן צו זײַן האַר און האָט אים דערציילט אַלץ וואָס די גראַן־דאַמע האָט אים געוועסט געזאָגט, און מיט זײַנע פּראָסטע ווערטער האָט ער ביזן הימל געהויבן איר גרויס שיינקייט, איר באַכמע און העפֿלעכקייט. דאָן קיכאָט האָט זיך אַ שטרעק געטון אינעם זאָטל, האָט זיך גוט אײַנגעפֿעסטיקט אין די סטרעמעניעס, צורעכטגעמאַכט דעם דאַשעק, האָט אַ שפּאָרן געטון ראָסינאַנטען און איז מיט באַהאַרצטער העפֿלעכקייט אַוועק קושן די האַנט דער פֿירשטן, וועלכע האָט דער־ווײַל, בעיים דאָן קיכאָט איז צו איר געריטן, צוגערופֿן איר מאַן און האָט אים דערציילט ווען דער שליכעס. און מאַכמעסביידע האָבן שוין געהאַט געלייענט די ערשטע טייל פֿון דער געשיכטע און האָבן פֿון איר שוין געוווּסט ווען דאָן קיכאָטס שיגאָען, האָבן זיי מיט גרויס פֿאַרגעניגן און מיט גרויס כיישעק אים צו קענען, אים אויפֿגענומען, גרייט נאָכצוהאַלטן זײַן לוינע, נאָכגעבן אים אין אַלץ וואָס ער וועט זאָגן און זיך באַגיין מיט אים ווי מיט אַ וואַנדער־ריטער פֿון יענע טעג ווען זיי זײַנען נאָך געווען, מיט אַלע צערעמאָניעס, ווי עס פֿירט זיך איז די ריטער־ראָמאַנען, וואָס זיי האָבן געוועסט געלייענט און זײַנען אין זיי אַפּילע פֿאַר־ליבט געווען.

צוגעקומען איז דאָן קיכאָט און האָט דעם דאַשעק אויפֿגעהויבן. און ווי נאָר ער האָט געמאַכט אַ באַוועג אַראָפּצוגיין פֿונעם פֿערד, האָט סאַנטשאָ געאײַלט אים די סטרעמעניע צוצוהאַלטן. נאָר געטון האָט ער עס אַזוי אומגעשיקט, אַז בעיימן אַראָפּגיין פֿונעם אייזל, האָט זיך אים אַ פֿוס פֿאַרטשעפּעט אָן אַ שטריקל פֿונעם שטרוי־זעקל און ער האָט זיך דערפֿון נישט געקענט אַרויספּלאָנטערן. גע־בליבן איז ער הענגען מיט דעם מויל און מיט דער ברוסט באַ דער ערד. דאָן קי־

כאַט, וואָס איז נישט געווינט געוועז אַראָפּצוגיין אָן דעם מען זאָל אים צוהאַלטן די סטרעמעניע, האָט געמיינט, אַז סאַנטשאָ האַלט זי שוין, און ער האָט זיך מיט דעם גאַנצן גוף אַ האַסטיקן בויג געטון און האָט מיט זיך מיטגעשלעפּט ראָסי־נאַנטעס זאָטל, וואָס איז אַוואַדע געווען שוואַך אָנגעצויגן, און ער איז אײַנגעפאַלן מיט דעם זאָטל אויף דער ערד געפאַלן, צו זײַן גרויסער בושע, און מיט קללעס צווישן די ציין האָט ער געשאָלטן דעם אומגליקלעכן סאַנטשאָ, וואָס האָט נאָך געהאַלטן דעם פוס אינעם קלעם.

דער פירשט האָט געשיקט זײַנע יעגער זיי זאָלן העלפן דעם ריטער און דעם וואָפּנטרעגער, און זיי האָבן אויפגעהויבן דאָן קיכאָטן אַ צעקלאַפּטן פון דעם פאַל, און ווי ווײַט ער האָט געקענט, האָט ער צוגעהונקען און געקניט פאַר די האַרן. נאָר דער פירשט האָט דאָס בעשומויפן נישט דערלאָזט, פאַרקערט, ער איז אַראָפּ פון זײַן פערד און איז צוגעגאַנגען און האָט אַרומגענומען דאָן קיכאָטן און אים געזאָגט:

— עס טוט מיר לייד, האַר ריטער מיט דעם נעבעכדיקן פּאָנים, וואָס אײַער ערשטער באַזוך בײַ מיר אויפן לאַנד איז אַרויסגעקומען אַזוי שלעכט, ווי איר זעט דאָס. נאָר די נאַכלעסיקייט פון די וואָפּנטרעגער איז אָפט די סיבע פון נאָך ערגערע פּאַסירונגען.

— דער פאַרגעניגן, וואָס איך האָב געהאַט אײַך צו זען, מעכטיקער פירשט, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — קען נישט זײַן געמינערט איך זאָל אַפילע געווען פאַלן ביז דער טיפעניש פון די אָפּגרונטן, וואָרום פון דאָרטן וואָלט איך מיך אויפגעהויבן און וואָלט געהאַט דעם גלאָר אײַך צו האָבן געזען. מײַן וואָפּנ־טרעגער, זאָל אים גאָט שילטן, בינדט בעסער די צונג פונאַנדער אויף צו ריידן בייז־וויליקייטן איידער אַ רימען אָדער אַ זאָטל צובינדן. נאָר ווי אַזוי איך זאָל מיך נישט געפינען, אַ געפאַלענער אָדער אַן אויפגעהויבענער, צופוס אָדער רײַטנדיק, וועל איך אײַך שטענדיק שטיין צו דינסט, אײַך און אײַער דאַמע דער פירשטין, אײַער ווירדיקע פרוי און ווירדיקע דאַמע פון דער שיינקייט און פון אַלעמען פאַר־ערטע פּרינצעסן פון דער העפלעכקייט.

— פּאַמעלעך, מײַן האַר דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ — האָט דער פירשט געזאָגט — דאָרט וווּ עס איז פאַראַן מײַן האַרנטע דאָניאַ דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ, איז נישט רעכט אַזוי צו לויבן אַנדערע שיינהייטן.

סאַנטשאָ איז שוין בעיים מײַסע פרײַ געווען פון דעם שלייף און איז גע־שטאַנען נאָענט לעבן זיי און איידער נאָך זײַן האַר האָט געקענט ענטפערן, האָט ער זיך אָנגערופן:

— מען קען נישט לייקענען, פאַרקערט, מען קען פעסטשטעלן, אַז מײַן האַרנטע דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ איז זייער אַ שיינע, נאָר דאָרט וווּ מען ריכט זיך ניט, שפּרינגט אַרויס דער האָז. געהערט האָב איך זאָגן, אַז דאָס וואָס מען רופט נאַטור, איז ווי אַ טעפּער וואָס מאַכט לייַמענע קיילים, און ווער עס מאַכט אַ שיינע קיילע, דער קען אויך מאַכן צוויי אָדער דרײַ און אַפילע הונדערט: איך

זאָג עס אָקעגן דעם וואָס מײַן הארנטע די פירשטן איז, בא מײַנע נעמאָנעס, נישט הינטערשטעליק אין שיינקייט פון מײַן באַלעבאָסטע די הארנטע דולצינעא פון טאָבאָסאָ.

אומגעדרייט האָט זיך דאָן קיכאָט צו דער פירשטן און געזאָגט:

— שטעלט אײַך פאָר, אײַער גרויסקייט, אַז קיין שום וואַנדער־ריטער אין דער וועלט האָט נישט געהאַט אַ וואָפנטרעגער אַזאַ פלאַפלער און אַזאַ וויצלער ווי איך האָב. און אויב אײַער הויכע דערהויבנקייט וועט זיך אַמאָל וועלן דינען מיט מיר, וועט ער מיך באַווײַזן פאַר אײַך אַ ריכטיקן.

דערויף האָט די פירשטן געענטפערט:

— מיר איז זייער ליב וואָס דער בראַווער סאַנטשאָ איז אַ וויצלער, וואָרום דאָס באַווײַזט, אַז ער איז קלוג, וואָרום שפּאַס און וויצן, האר דאָן קיכאָט, ווי אײַער גענעדיקייט ווייסט זייער וווּל, רוען נישט אויף טעמפּע גייסטער. און אויב דער בראַווער סאַנטשאָ איז שפּאַסיק און וויציק, האַלט איך אים שוין פאַר אַ קלוגן.

— און פאַר אַ פּלאַפּלער, — האָט דאָן קיכאָט צוגעגעבן.

— נאָך בעסער — האָט דער פירשט געזאָגט, — וואָרום קיין סך וויצן קען מען מיט ווייניק ווערטער נישט זאָגן. און קעדיי די צײַט זאָל אונדז נישט אַוועק דערמיט, קומט, גרויסער ריטער מיט דעם נעבעכדיקן פּאָנים.

— מיט די לייבן, דאַרף אײַער הויכקייט זאָגן — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — וואָרום נישטאָ שוין מער קיין נעבעכדיקער פּאָנים; זאָל שוין זײַן פּאָנים זײַן ווי בא די לייבן.

דער פירשט האָט פאַרענדיקט זײַנע ווערטער:

— דער האר ריטער מיט די לייבן, זאָג איך, זאָל אַרײַנקומען אין מײַנעם אַ שלאָס, וואָס שטייט דאָ נישט ווײַט, ווו מען וועט אים אויפנעמען ווי עס קומט מיט רעכט אַזאַ הויכן פּאַרשוין, און ווי איך און די פירשטן זײַנען מיר געוווינט אויפצונעמען די וואַנדער־ריטער וואָס קומען אַהער.

פאַר דער צײַט האָט שוין סאַנטשאָ געהאַט אײַנגעצויגן ווי געהעריק און אָנגעזאָטלט ראָסינאַנטען. דאָן קיכאָט, וואָס האָט זיך אויף אים אויפגעזעצט, און דער פירשט אויף אַ שיינעם פערד, האָבן אַרײַנגענומען די פירשטן אינמיטן און זײַנען געריטן צום שלאָס. באַפוילן האָט די פירשטן סאַנטשאָן ער זאָל רײַטן לעבן איר, מאַכמעס איר איז ביז גאָר געפעלן אויסצוהערן זײַנע כאָכמעס. סאַנטשאָ האָט זיך נישט געלאָזט בעטן און האָט זיך אַרײַנגעוועבט צווישן זיי דרײַען ווי אַ פערטער אינעם שמועס, צום גרויסן פאַרגעניגן פון דער פירשטן און דעם פירשט, וואָס האָבן דאָס גרויסע גליק געהאַט אויפצונעמען אינעם שלאָס אַזאַ וואַנדערנדיקן ריטער און אַזאַ דערפאַרענעם וואָפנטרעגער.

# איין און דרייסיקסטער קאַפּיטל

## ווי עס רעדט זיך וועגן אַ פּאַך און וועגן גרויסע זאַכן.

גרויס איז געווען די פרייד, וואָס סאַנטשאָ האָט אין זיך דערפילט, ווען ער האָט זיך דערזען אַזאַ נאָענטער שמעלקע מיט דער פירשטן, ווי אים האָט זיך געדאַכט, וואָרום אויסגעמאָלט האָט זיך אים, אים וואָס האָט אַזוי ליב געהאַט אַ לעב צו טון, אַז אינעם שלאָס וועט ער אָנטרעפן דאָס וואָס אין דאָן דיעגאָס און אין באַסיליאָס הויז. און אָנגעכאַפּט האָט ער דערום די געלעגנהייט בײַ דער טשופּרינע, וואָס שײַעך לאָזן זיך ווױלגיין ווען נאָר עס מאַכט זיך. די געשיכטע דערציילט, אַזוי, אַז איידער זיי זײַנען אָנגעקומען צום זומער־הויז אָדער צום שלאָס, איז דער פירשט אַוועק אַף פריער און האָט באַפוילן אַלע זײַנע דינער ווי אַזוי זיי זאָלן אומגיין מיט דאָן קיכאָטן. און ווי נאָר ער איז צוגעקומען מיט דער פירשטן צום שלאָס־טויער, זײַנען אין דער רעגע אַרויס צו אים צוויי לאַקייען אָדער לאָקאַיס, ביז די פיס אָנגעטון אין כאַלאַטן פון פיינסטן קאַרמעזין־אַטלעס און, נישט געזעענע, נישט געהערטע, האָבן זיי געכאַפּט דאָן קיכאָטן אונטער די אָרעמס און אים געזאָגט:

— גייט, אײַער גרויסקייט, אַראָפּנעמען מײַן הארנטע די פירשטן.

דאָן קיכאָט האָט אַזוי געטון און גרויסע קאָמפּלימענטן זײַנען בעיים מײַסע געזאָגט געוואָרן צווישן זייביידן אַרום דעם איניען. נאָר גויווער געווען האָט די אַקשאָנעס פון דער פירשטן, און זי האָט נישט געוואָלט אַראָפּגיין פון דער שקאַפּע אויב נישט אין די אָרעמס פונעם פירשט, מאַכמעס זי פילט זיך נישט ווירדיק, האָט זי געזאָגט, צו געבן אַזאַ גרויסן ריטער אין די הענט אַזאַ נוצלאָזע מאַסע. קורץ, אַרויסגעקומען איז דער פירשט זי אַראָפּנעמען. און ווי זיי זײַנען אַרײַנגעקומען אין אַ גרויסן הויף, זײַנען צו זיי צוגעקומען צוויי שיינע מיידלעך און האָבן אַרויפגעוואָרפן דאָן קיכאָטן אַף די אַקסלען אַ גרויסן שאַל פון פיינסטן שאַרלאַך, און אין איין אויגנבליק זײַנען אַלע קאָרעדאָרן אינעם הויף באַקראַנצט געוואָרן מיט דינער און דינערנס וואָס האָבן אויסגעשריגן:

— ליב אונדז מיט דער בלום און דער סמעטענע פון די וואַנדער־ריטער!

און אַלע אָדער די מערסטע זייערע האָבן געשפּריצט בלעזלעך שמעקעדיק וואַסער אַף דאָן קיכאָטן און אַף די פירשטן, און דאָן קיכאָט האָט אַף אַלץ זיך געוווּנדערט. און געווען איז עס דער ערשטער טאָג אַף זײַן לעבן ווי ער האָט זיך געפילט ווי אַן עמעסער, נישט אויסגעטראַכטער וואַנדער־ריטער און האָט געגלייבט אַז ער איז עס, מאַכמעס געזען האָט ער ווי מען פירט זיך מיט אים אַף דעם זעלביקן אויפן ווי ער האָט געוועסט געלייענט מען האָט זיך געפירט מיט דעם מין ריטער אין די פאַרגאַנגענע צײַטן.

איבערגעלאָזט זײַן אייזל אַף הפקר, האָט סאַנטשאָ זיך צוגעקלעפּט צו דער פירשטן און איז אַרײַנגעקומען אין שלאָס. נאָר גענומען האָט אים פּלאָגן דאָס גע־

ווייסן פּאַרוואָס ער האָט געלאָזט דאָס אייזל אַליין און צוגעגאַנגען איז ער צו איינער אַ בעקאָוועדיקער ווירטן, וואָס איז אײנײנעם מיט די אַנדערע אַקעגנגע־גאַנגען, דער פּירשטן און האָט איר שטילערהייד געזאָגט:

— האַרנטע גאַנסאַלעז, אָדער ווי מען רופט אײַער גענעדיקייט.

— דאָניאַ ראָדריגעז דע גריכאַלבאַ הייס איך — האָט די ווירטן געענט־פערט. — וואָס באַפעלט איר, ברודער?

דערויף האָט סאַנטשאָ געענטפערט:

— איך האָב געוואָלט אײַער גענעדיקייט זאָל מיר טון די טויווע און אַרויס־גיין פאַר דער טיר פונעם שלאָס, ווו איר וועט טרעפן אַ העל־ברוינעם אייזל מײַ־נעם: זאָל אײַער גענעדיקייט זײַן אַזוי גענעדיק און הייסן אים אַרײַנפירן אָדער אַליין אַרײַנפירן אין שטאַל, מאַכמעס ער איז אַ ביסל שרעקעוודיק, דער אָרימינ־קער, און וועט בעשומויפן נישט קענען זײַן אַליין.

— אויב דער האַר איז אַזוי קלוג ווי דער דינער — האָט די ווירטן געענט־פערט, — זעען מיר שיין אויס. גייט, ברודער, אַ שוואַרץ מאַזל אויף אײַך און אויף די וואָס האָבן אײַך אַהער געבראַכט, און גייט האָט אײַך אַליין אין זינען אײַער אייזל. וואָרום מיר, די ווירטנס פון דעם הויז, זײַנען מיר נישט געוווינט צו אַזוינע אַר־בעטן.

— און איך — האָט סאַנטשאָ געענטפערט — האָב בעפיירעש געהערט ווי מײַן האַר, אַ מײַדים אין די ריטער־געשיכטעס, האָט דערציילט די מײַסע מיט לאַנצאַראָטן,

ווען ער איז פון ברעטאַניע געקומען
האָבן אים דאַמען געהיילט
און ווירטנס זײַן ראַסינען:

און וואָס שײַעך מײַן אייזל, וואָלט איך אים נישט פאַרביטן אויף לאַנצאַראָטס פערד.

— אויב איר זענט אַ קונצנמאַכער, ברודער — האָט געענטפערט די ווירטן — באַהאַלט אײַערע כאָכמעס אויף ערגיץ אַנדערש, ווו מען וועט אײַך פאַר זיי באַצאָלן. איך קען אײַך פאַר זיי געבן נישט מער ווי אַ פײַג.

— גוט איז דאָס — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — אַבי אַ צײַטיקע, אײַער גענעדיקייט וועט דאָך צוליב ווייניקער נישט גיין פאַטערן דאָס בינטל יאָרן.

— מאַמזער! — האָט די ווירטן געזאָגט אָן אָנגעצונדענע. — פאַר גאָט, און נישט פאַר אײַך דאַרף איך געבן כעשבן צי בין איך אַלט אָדער ניט, פויער, קנאָבל־פרעסער.

און געזאָגט האָט זי דאָס אַזוי הויך, אַז די פּירשטן האָט דאָס דערהערט. און אַז זי האָט דערזען די ווירטן איז אַזוי אויפגעבראַכט און די אויגן ברענען בײַ איר, האָט זי איר געפרעגט מיט וועמען זי האָט זיך געקריגט.

— מיט אָט דעם מענטשן האָב איך מיך געקריגט — האָט די ווירטן געענט־פערט, — געבעטן האָט ער מיך איך זאָל אַרײַנפירן אין שטאַל דאָס אייזל זײַנס,

וואָס שטייט פאַר דער טיר פונעם שלאָס און פאַר אַ בײַשפּיל האָט ער מיר גע־בראַכט, אַז ערגיץ האָבן די דאָמען געהיילט איינעם אַ לאַנצאַראָט און די ווירטנס האָבן געהיילט זײַן קליאַטשע, און פאַר אַ צוגאָב, האָט ער מיך נאָך אָנגערופן אַלטע.

— דאָס וואָלט איך באַטראַכט פאַר דער גרעסטער באַליידיקונג, — האָט די פּירשטן געזאָגט, — וואָס מען וואָלט מיר געקענט וואַרפן אין פּנים.

און צו סאַנטשאָן האָט זי זיך אָנגערופן:

— איר דאַרפט וויסן, סאַנטשאָ פרײַנט, אַז דאָניאַ ראָדריגעז איז נאָך אַ יונגע פרוי און אַז די קליידער טראָגט זי צוליב איר אַמט, ווײַל אַזוי איז דער אײַנפיר און ניט צוליב די יאָרן אירע.

— זאָל מיר אַזוי שלעכט זײַן מײַן רעשט ביסל יאָרן, — האָט סאַנטשאָ גע־ענטפערט, — אויב איך האָב זי געמיינט צו באַליידיקן: איך האָב עס בלויז גע־זאָגט מאַכמעס גרויס ליבשאַפט צו מײַן אייזל, מיר האָט זיך געדאַכט איך וועל אים נישט קענען אָנגעטרויען עמיצן אַנדערש, ווי נאָר דער גוטהאַרציקער האַרנטע דאָניאַ ראָדריגעז.

צוגעהערט האָט דאָס אַלץ דאָן קיכאָט און געזאָגט:

— איז דאָס אַ שמועס, סאַנטשאָ, פאַר אַזאַ אָרט?

— מײַן האַר, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — יעדער איינער מעג ריידן וועגן דעם וואָס ער באַדאַרף ווו ער זאָל נישט זײַן. איך האָב מיך דאָ דערמאָנט אַף מײַן העל־ברוינעם, האָב איך גערעדט וועגן אים, און ווען איך דערמאָן עס מיך אין שטאַל, וואָלט איך עס גערעדט אין שטאַל.

אָנגערופן האָט זיך דערויף דער פּירשט:

— סאַנטשאָ איז זייער גערעכט, און עס איז נישטאָ פאַרוואָס אים צו טאַד־לען. דעם העל־ברוינעם וועט מען געבן וואָס אַ מויל קען אויסריידן, און זאָרגט אײַך נישט, סאַנטשאָ, מען וועט אים באַדינען ווי אײַך אַליין.

מיט די רייד, וואָס זײַנען אַלעמען געפעלן, אַכוץ דאָן קיכאָטן, זײַנען זיי אַרויפגעקומען אין דער הויך און אַרײַנגעפירט האָט מען דאָן קיכאָטן אין אַ זאַל פאַרפּוצט מיט אַ רײַכן געוועב פון גאָלד און בראָקאַט. זעקס מיידלעך האָבן אים דעם פּאַנצער אויסגעטון און אים געדינט פאַר פּאַזשן, אויסגעמושטערטע פון דעם פּירשט און דער פּירשטן און געוואָרנטע וואָס זיי האָבן צו טון און ווי זיי דאַרפן אומגיין מיט דאָן קיכאָטן, קעדיי ער זאָל זיך פאָרשטעלן און זיך זען באַדינט ווי אַ וואַנדער־ריטער. געבליבן איז דאָן קיכאָט, נאָכדעם ווי מען האָט אים דעם פּאַנ־צער אויסגעטון, אין זײַנע שמאָלע מײַטקעס און זאַמשענעם לײַבל, אַ דאַרער, אַ הויכער, אַ געשטרעקטער, און די קינבאַקן האָבן זיך פון אינעווייניק געקושט איינע מיט דער צווייטער; אַ געשטאַלט, וואָס ווען די מיידלעך וואָלטן נישט אײַנזינען געהאַט, אַז זיי באַדינען אים אין שפּאַס און טאָרן נישט לאַכן (וואָס דאָס איז געווען איינער פון די שטרענגע באַפעלן וואָס זיי האָבן באַקומען פון זייערע האַרן), וואָלטן זיי געפּלאַצט פאַר געלעכטער.

געבעטן האָבן זיי אים ער זאָל זיך לאָזן אויסטון נאַקעט, קעדיי אים אַ העמד־

אָנצוטון. נאָר ער האָט בעשומויפן דערצו נישט מאַסקים געווען, מאַכמעס די אָנ־שטענדיקייט, האָט ער געזאָגט, פּאַסט זיך די וואַנדער־ריטער פּונקט ווי דער מוט. דאָך, האָט ער געזאָגט, זאָל מען געבן דאָס העמד סאַנטשאָן. און פאַרשלאָסן האָט ער זיך מיט אים אין אַ צימער, ווּ עס איז געשטאַנען אַ רײַך געלעגער, און דאָרט האָט ער זיך אויסגעטון און אָנגעטון דאָס העמד. און ווען ער איז געווען אַליין מיט סאַנטשאָן, האָט ער אים געזאָגט:

— זאָג מיר, דו הײַנטצײַטיקער זשוליק און פאַרצײַטיקער כוצפּעניק. איז עס לײַטיש פון דײַן זײַט צו באַליידיקן און צו פאַרשעמען אַזאַ בעקאָוועדיקע און רעספּעקטאַבלע ווירטן? איז עס פּונקט דעמאָלט די צײַט זיך צו דערמאָנען אָן דעם העל־ברוינעם, אָדער זײַנען דאָס אַזוינע האַרן, וואָס וועלן לאָזן די בעהיימעס הונגערן בעיים זיי באַגייען זיך אַזוי עלעגאַנט מיט די רײַטער? איך וואָרן דיך, סאַנטשאָ, באַ ווער גאָט איז, דו זאָלסט דיך נעמען אין די הענט אַרײַן און נישט אַרויסווײַזן די פּאַסטריגעס מען זאָל דערקענען פון וואָס פאַר אַ גראָבן פויערשן שטאָף דו ביזט גענייט. מעגסט עס וויסן, זינדער וואָס דו ביזט, אַז וואָס אָנשטענ־דיקער און דערצויגענער די דינער זײַנען, אַלץ געשעצטער איז דער האַר, און אַז דער גרעסטער זכוס, וואָס פּרינצן האָבן איבער אַלע אַנדערע מענטשן, איז דאָס וואָס זיי באַדינען זיך מיט פּונקט אַזוינע דערצויגענע מענטשן ווי זיי זײַנען. טראַכסטו נישט, גאָרנישט וואָס דו ביזט און אומגליקלעכער וואָס איך בין, אַז ווען זיי וועלן זען דו ביזט אַ גראָבער פויער אָדער אַ כאָסערדייעדיקער וויצלער, וועלן זיי מיינען איך בין עפּעס אַ שווינדלער אָדער איך האָב מיך פאַרשטעלט פאַר אַ ריטער? ניין, ניין, סאַנטשאָ פרײַנט, אַנטלויף פון אַזוינע אומפּאַסיקע גענג; וואָרום ווער עס שטעלט זיך אויס ווי אַ פלוידערזאַק און אַ וויצלער, פאַלט ער באַם ערשטן אונטערגעשטעלטן פוס און קומט אַרויס ווי אַ אומגליקלעכער זשוליק. האַלט אײַן די צונג, באַטראַכט און צעקײַע איטלעכס וואָרט איידער דו לאָזט עס אַרויס פונעם מויל, און געדענק, אַז געקומען זײַנען מיר אין אַן אָרט, ווּ מיט גאָטס הילף און מיט מײַן אָרעם, וועלן מיר אַרויסקומען מיט אַ דריטל און אַ פינפטל רײַכער מיט אונדזער נאָמען און פאַרמעג.

סאַנטשאָ האָט אים מיט אַלערליי שווּעס צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיך גיכער דאָס מויל פאַרנייען און די צונג אײַנבייסן איידער זאָגן אַ נישט פּאַסיק וואָרט, ווי ער וואָרנט אים, און ער זאָל דערוועגן גאָר קיין יעסורים נישט האָבן, אַז פון אים וועט מען פאַר קיין פאַל נישט דערקענען ווער זיי זײַנען. דאָן קיכאָט האָט זיך אָנגעטאָן, האָט דעם רימען מיט דער שווערד אָנגעגורט, דעם שאַרלאַך־שאַל אַף זיך אַרויפגעוואָרפן און אָנגעטון אַ גרין־אַטלעסענעם בערעט אַפן קאָפּ, וואָס די מיידלעך האָבן אים געגעבן, און אָט אַזוי פאַרפּוצט איז ער אַרײַנגעקומען אין גרויסן זאַל, ווּ ער האָט געטראָפן די מיידלעך אין צוויי שורעס אויסגעשטעלט, אַזוי פיל פון איין זײַט ווי פון דער צווייטער, און אַלע מיט קיילים צום האַנט־וואַשן. און דערלאַנגט האָבן זיי אים אַלץ מיט קניקסן און צערעמאָניעס. באַלד זײַנען אונטערגעקומען צוועלף פּאַזשן מיט דעם זאַל־מײַסטער אים אַרײַנפירן צום

עסן, ווו די הארן האָבן שוין געוואַרט אַף אים. זיי האָבן אים אַרײַנגענומען אין דער מיט, און מיט גרויס פּאָמפּע און מאַיעסטעטישקייט האָבן זיי אים אַרײַנגע־פירט אין אַ צווייטן זאַל, וווּ עס איז געווען געדעקט אַ רײַכער טיש מיט בלויז פיר סערוויזן. דער פירשט מיט דער פירשטן זײַנען אַרויסגעקומען אַף דער טיר פונעם זאַל אים אויפצונעמען, און איינעם מיט זיי אַ שטרענגער גאַלעך, פון די גאַלאָכים וואָס רעגירן מיט די פירשטלעכע הייזער; איינער פון יענע, וואָס אַליין בישט ווי פּרינצן געבוירענע, געלינגט עס זיי נישט אויסצולערנען די וואָס זײַ־נען עס, ווי אַזוי דאָס צו זײַן; איינער פון די וואָס ווילן, אַז די גרויסקייט פון די גרויסע זאָל געמאָסטן ווערן מיט זייער ענגהאַרציקייט; איינער פון די וואָס ווילן לערנען זייערע רעגירטע צו זײַן באַגרעניצט און מאַכן זיי פּאַר גאַרנישטן. פון דעם מין, זאָג איך, איז אַוודע געווען דער שטרענגער גאַלעך, וואָס איז אַרויסגעקומען מיט די פירשטן אויפנעמען דאָן קיכאָטן. געמאַכט האָבן זיי אָן אַ שיר קאָמפּלי־מענטן און אַלערליי העפלעכקייטן געזאָגט און צום לעצט אים אַרײַנגענומען אין דער מיט אָן געגאַנגען זיך זעצן צום טיש. מעכאַבעד געווען האָט דער פירשט דאָן קיכאָטן מיט דעם אויבנאָן, ער זאָל זײַן דער קאָפּ פונעם טיש, און כאָטש ער האָט זיך דערפון אָפּגעזאָגט, איז דער פירשט צו אים אַזוי לאַנג צוגעשטאַנען, ביז ער האָט געמוזט אָנעמען דעם קאָוועד. דער גאַלעך האָט זיך אַוועקגעזעצט אַקעגן און דער פירשט מיט דער פירשטן פון ביידע זײַטן.

סאַנטשאָ האָט אַלץ צוגעזען און געשטוינט און אַ פאַרגאַפטער געקוקט וויפל קאָוועד די פירשטן גיבן אַף זײַן האַר. און ווען ער האָט געזען וויפל צערעמאָניעס און בעטעניש עס גייען פאַר צווישן דעם פירשט מיט דאָן קיכאָטן אים אַוועקצו־זעצן אויבנאָן, האָט ער זיך אָנגערופן:

— אויב אײַערע גנעדיקייטן וועלן מיר דערלויבן, וועל איך אײַך דערציילן אַ מעשׂה, וואָס האָט פּאַסירט בא מיר אין דאָרף אַרום דעם אָרט באַם טיש.

ווי סאַנטשאָ האָט דאָס אַרויסגערעדט, האָט דאָן קיכאָט אַ ציטער געטון, ער וועט זיך זיכער אַרויסכאַפּן מיט אַ נאַרישקייט, האָט ער זיך געטראַכט. סאַנ־טשאָ האָט אַף אים אַ קוק געטון און האָט אים פאַרשטאַנען און האָט דערום גע־זאָגט:

— האָט קיין מוירע ניט, אײַער גנעדיקייט, מײַן האַר, איך זאָל אַראָפּ פּור־נעם וועג אָדער איך זאָל זאָגן אַזוינס וואָס פּאַסט זיך ניט, וואָרום איך האָב נאָך נישט פאַרגעסן די לער, וואָס אײַער גנעדיקייט האָט מיר ערשט געגעבן וועגן ריידן אַ סאַך אָדער ווייניק און וועגן מיעס אָדער שיין ריידן.

— איך געדענק נישט, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — זאָג וואָס דו ווילסט, אויב דו ווילסט זאָגן גיך.

— דאָס וואָס איך וויל זאָגן, איז אַזוי עמעס — האָט סאַנטשאָ גע־זאָגט, — אַז מײַן האַר דאָן קיכאָט, וואָס זיצט דערבײַ, וועט מיר נישט לאָזן קיין ליגן זאָגן.

— מײַנעט וועגן — האָט דאָן קיכאָט אָפּגעענטפערט — זאָג ליגן וויפל דו

ווילסט, איך וועל מיך מיט דיר דערפאר ניט שלאָגן. נאָר באַטראַכט דיך וואָס דו זאָגסט.

— דאָס איז באַ מיר אַזוי באַטראַכט און איבערגעטראַכט, אַז דער איבער־טראַכטער איז אויסער סאַקאַנע, ווי איר וועט עס באַלד זען.

— עס וואָלט גוט געווען — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — איר זאָלט הייסן דעם נאָר אַרויסוואַרפן פון דאַנען, מאַכמעס ער קען נאָך דאָ אָנפּלוידערן אַלערליי גראָבקייטן.

— באַם לעבן פונעם פירשט בעט איך — האָט די פירשטן געזאָגט — סאַנ־טשאָ זאָל פון מיר אַ רעגע נישט אָפּטרעטן: איך האָב אים שטאַרק ליב, ווײַל איך ווייס ער איז זייער אַ קלוגער.

— קלוגע טעג זאָל לעבן אײַער הייליקייט — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — פאַר דעם צוטרוי, וואָס איר האָט צו מיר, כאָטש איך פאַרמאָג דאָס נישט. און די מײַסע וואָס איך וויל דערציילן, איז אָט די: פאַרבעטן האָט צו זיך אַן אַדעליקער פון מײַן דאָרף, זייער אַ רײַכער און אַן אָנגעזעענער, מאַכמעס שטאַמען שטאַמט ער פון לאָס אַלאַמאָס דע מעדינאַ דעל קאַמפּאָ און האָט כאַסענע געהאַט מיט דאָניאַ מענסיאַ דע קיניאָנעס, וואָס איז געווען אַ טאָכטער פון דאָן אַלאָנסאָ דע מאַראַניאָן, אַ קאַוואַליר פון דעם סאַנטיאַגאָ־אָרדן, און האָט זיך דערטראָנקען אין לאַ הערראַדורא, און צוליב אים איז באַ אונדז אין דאָרף צוריק מיט יאָרן אַרויס־געקומען אַ מאַכלויקעס, וואָס ווי מיר געדענקט זיך, איז דער האַר דאָן קיכאָט געווען אין איר פאַרמישט און אַרויסגעקומען איז פון דעם געשלעג מיט וווּנדן דער שטיפער טאָמאַסיליאָ, באַלבאַסטראָ דעם שמידס אַ זון... איז דאָס אַלץ ניט ריכטיק, האַר באַלעבאָס מײַנער? זאָגט, זאָלט איר מיר לעבן, און זאָלן מיך די הערן נישט האַלטן פאַר עפּעס אַ ליגנער און אַ פּלאַפּלער.

— דערווײַל האָט דער גאַלעך געזאָגט — האַלט איך אײַך פאַר מער פּלאַפּ־לער ווי ליגנער, נאָר שפּעטער ווייס איך נישט פאַר וואָס איך וועל אײַך האַלטן.

— דו שטעלסט אַזוי פיל איידעס, סאַנטשאָ, און דו גיסט אָן אַזוי פיל סי־מאָנים, אַז איך קען נישט פאַרלייקענען, אַז דו זאָגסט דעם עמעס. גיי ווײַטער און מאַך עס בעקיצער, וואָרום דו האָסט דיך פאַרנומען אַף אַזאַ וועג, אַז דו וועסט אין צוויי טעג די מײַסע נישט פאַרענדיקן.

— זאָל ער זי נישט קירצן — האָט די פירשטן געזאָגט, — פון מײַן פאַר־געניגן וועגן, זאָל ער דערציילן די מײַסע ווי ער קען, אַפילע זעקס טעג נאָכאַנאַנד. וויפל טעג דאָס דערציילן וועט געדויערן, וועלן דאָס זײַן די בעסטע טעג אין מײַן לעבן.

— איז אָט דער אַדעליקער, זאָג איך, מײַנע הערן — האָט סאַנטשאָ ווײַטער דערציילט, — וואָס איך קען אים ווי מײַנע פינף פינגער, מאַכמעס פון מײַן שטוב צו זײַנער איז נישט מער ווי אַ שאָס מיט דעם בויגן, האָט פאַרבעטן צו זיך אַן אָרימען פּויער, נאָר אַן אָרנטלעכן.

— ווײַטער, ברודער, — האָט דער גאַלעך דערביי זיך אָנגערופן, — וואָרום

אַט אַזוי ווי איר גייט, וועט איר אַרויסקומען מיט דעם סאָף פון אײַער מײַסע ערשט אויף יענער וועלט.

— אין וויניקער ווי העלפט, וועל איך מירצעשעם פאַרענדיקן, — האָט סאַנ־טשאָ געענטפערט. — און אַז דער פויער, זאָג איך, איז אַרײַנגעקומען צו דעם אַדע־ליקן, וואָס האָט אים פאַרבעטן, זאָל זײַן נעשאָמע רוען אויף יענער וועלט, וואָרום ער איז שוין געשטאָרבן, און אויב איר ווילט וויסן, איז ער געשטאָרבן, זאָגט מען, ווי אַ מאַלעך, כאָטש איך בין נישט געווען דערבײַ, מאַכמעס פונקט דעמאָלט בין איך געווען אויף שניט אין טעמבלעקע...

—ווי גאָט איז אײַך ליב, זון מײַנער, קומט גיכער אַהיים פון טעמבלעקע און לאָזט נישט דעם אַדעליקן ליגן אַ נישט באַגראָבענעם, וואָרום איר קענט נאָך וועלן זאָגן נאָך אים אַ העספּעד, און פאַרענדיקט גיכער די מײַסע.

— די מײַסע איז — האָט סאַנטשאָ אָפּגעענטפערט — וואָס בעשאַס זיי זײַ־נען געגאַנגען זיך זעצן צום טיש, און איך זע עס דאַכט מיר איצט אַזוי קלאָר שטיין פאַר די אויגן...

די פירשטן האָט געשעפּט נאַכעס פון דער ערגערניש, וואָס דער גאַלעך נע־בעך האָט אַרויסגעוויזן, בעיים סאַנטשאָ האָט זײַן מײַסע אויסגעצויגן און געמאַכט זײַנע האַפּסאָקעס בעיים דערציילן, און דאָן קיכאָט האָט זיך לעבעדיקערהייט געפרעסן פאַר קאַעס און פאַרדרוס.

— איך זאָג — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — אַז בעיים זיי זײַנען ביידע, זאָג איך, געגאַנגען צום טיש זיך זעצן עסן, האָט דער פויער זיך געאַקשנט מיט דעם אַדעליקן ער זאָל זײַן דער קאָפּ באַם טיש, און דער אַדעליקער האָט זיך געאַקשנט, אַז דער פויער זאָל זײַן דער קאָפּ, מאַכמעס בא אים איז שטוב מוז מען טון וואָס ער הייסט: נאָר דער פויער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ העפלעכן און גוט דער־צויגענעם מענטשן און האָט בעשום־אויפן נישט געוואָלט, ביז דער אַדעליקער, שוין אַ געערגערטער, האָט אים אָנגענומען מיט ביידע הענט פאַר די אַקסלען און האָט אים מיט גוואַלד אַוועקגעזעצט, און געזאָגט דערבײַ: זעצט אײַך, שווע־רער מענטש וואָס איר זענט, ווו איך וועל מיך זעצן, דאָרט וועט זײַן אײַער קאָפּ". אָט דאָס איז די מײַסע, און איך מיין מיט אַן עמעס, אַז זי איז דאָ נישט אויסערן פּלאַץ.

דאָן קיכאָט איז געוואָרן אַלע קאָלירן, וואָס האָבן זיך באַ אים אָפּן טונקעלן פּאָנים געביטן. די הערן האָבן אײַנגעהאַלטן דעם געלעכטער, קעדיי דאָן קיכאָט, וואָס האָט פאַרשטאַנען סאַנטשאָס בייזן שטאָך, זאָל נישט פאַרשעמט ווערן, און קעדיי דעם שמועס אַוועקצופירן אויף אַן אַנדער וועג און סאַנטשאָ זאָל ווײַטער נישט דערציילן אַזוינע מײַסעס, האָט די פירשטן געפרעגט דאָן קיכאָטן, וואָסערע יעדיעס ער האָט פון דער דאַמע דולצינעאַ, צי האָט ער איר די טעג געשיקט אַ מאַטאָנע אַ פּאָר ריזן אָדער אויסוואורפן, וואָרום זיכער האָט ער פאַר דער צײַט אַ היבש ביסל פון זיי אַוועקגעלייגט. און דאָן קיכאָט האָט דערויף געענטפערט:

— האַרנטע מײַנע, מײַנע אומגליקן האָבן אפילע געהאַט אַן אָנהויב, נאָר זיי

וועלן קיינמאָל קיין סאָף נישט האָבן. איך האָב ריזן אַוועקגעלייגט און שווינדלער און אויסוואורפן איר געשיקט, נאָר ווו זאָלן זיי זי טרעפן, אַז זי איז פּאַרקישעפּט, און איז פאַרוואַנדלט אין אַזאַ מיעסער פּויערטע, וואָס מען קען זיך קוים פאָר־שטעלן?

— איך ווייס נישט, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — מיר דאַכט זיך, אַז זי איז דאָס שענצטע מענטשן־קינד אין דער וועלט. אַלנפאַלס, וואָס געהער זיך אָן צו פלינקייט און שפּרינגען, בין איך זיכער, אַז זי וועט נישט בלייבן דערונטער פון יעדן קונצנמאַכער. בענעמאָנעס, האַרנטע פירשטן, זי שפּרינגט פון דער ערד אַף אַן אייזל אַרויף, אַזוי ווי אַ קאַץ.

— איר האָט זי געזען אַ פאַרקישעפּטע, סאַנטשאָ? — האָט דער פירשט געפרעגט.

— אַוואַדע האָב איך זי געזען! — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — ווער דען, אַז נישט איך בין דער ערשטער געפאַלן אַף דעם כאַלאַעם מיט דעם קישעף? זי איז אַזוי פאַרקישעפּט ווי מיין טאַטע איז פאַרקישעפּט.

דערהערט האָט דער גאַלעך מען רעדט וועגן ריזן, פּויליאַקעס און קישעף, האָט ער זיך געכאַפּט, אַז דאָס מוז זיין דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, וואָס דער פירשט פלעגט געוויינלעך לייענען זיין געשיכטע, און ער פלעגט אים אָפט פיר־האַלטן און אים זאָגן, אַז עס האָט קיין זין ניט צו לייענען אַזוינע זינלאָזע מיי־סעס. און אַז ער האָט זיך איבערצייגט, אַז דאָס וואָס ער האָט כווישעד געווען איז ריכטיק, האָט ער גענומען ריידן צום פירשט אַ שטאַרק אויפגעבראַכטער:

— אייער עקסעלענץ, האַר מיינער, אַ מענטש מוז אָפּגעבן חשבון פאַר גאָט, אונדזער האַר, וואָס ער טוט. אָט דער דאָן קיכאָט, אָדער דאָן טיפּעש, אָדער ווי איר ווילט אים אָנרופן, שטעל איך מיר פאָר, מוז ניט זיין אַזאַ כאָסערדייע, ווי אייער עקסעלענץ וויל אים זען, און איר העלפט אים אָנצוגיין מיט זיינע נאַריש־קייטן און פּוסטע זאַכן.

און פאַרקירעוועט האָט ער דעם שמועס צו דאָן קיכאָטן און אים געזאָגט:

— און אייך, שטומע נעשאָמע, ווער האָט אייך אין מויעך אַריינגעקלאַפּט, אַז איר זיינט אַ וואַנדער־ריטער און אַז איר באַזיגט ריזן און כאַפּט אויסוואורפן? גייט אייך געזונטערהייד און אין אַ מאַזלדיקער שאָ, און אין אַזאַ שאָ זאָג איך אייך: גייט אייך צוריק אַהיים און דערציט אייערע קינדער, אויב איר האָט זיי, און זאָרגט פאַר אייער ווירטשאַפט און הערט אייך אויף אומבלאָנקען איבער דער וועלט און שלינגען ווינט און זיין צו געלעכטער פאַר יעדן וואָס קען אייך און וואָס קען אייך ניט. ווו האָט איר, צום שוואַרצן יאָר, אויסגעפונען, אַז עס זיינען געווען און אַז איצט זיינען פאַראַן וואַנדער־ריטער? ווו האָט איר ריזן אין שפּאַניע, אָדער אויסוואורפן אין לאַ מאַנטשאַ, פאַרקישעפטע דולצינעאַס און די גאַנצע מענגע נארישע זאַכענישן, וואָס מען דערציילט וועגן אייך?

איינגעהערט האָט זיך דאָן קיכאָט צו די רייד פון דעם בעקאָוועדיקן מענטשן, און ווען ער האָט געזען ער שוויַיגט שוין, האָט ער אָן שום דרעכבערעץ פאַר די

פירשטן, אן אויפגערעגטער, מיט אן אַנגעצונדענעם פּנים, זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט... נאָר דער ענטפער פאַרדינט אַ קאַפּיטל פאַר זיך.

## צוויי און דרייסיקסטער קאַפּיטל

**וועגן דעם ענטפער, וואָס דאָן קיכאָט האָט געגעבן זײַן טאַדלער, מיט נאָך אַנדערע ערנסטע און שפּאַסיקע פּאַסירונגען.**

אויפגעהויבן פון זײַן שטול און פון קאָפּ ביז די פיס אַ צעציטערטער, ווי אָנגעפילט מיט קוועקזילבער, האָט דאָן קיכאָט גענומען ריידן, מיט אָטעם און צעטומלט:

— דאָס אָרט, וווּ איך געפין מיך, און די מענטשן, אַקעגן וועמען איך שטיי, ווי דער דערעכערעץ, וואָס איך האָב שטענדיק געהאַט און האָב אויך איצט צו דעם שטאַנד, וואָס אײַער גענעדיקייט געהער צו אים, האַלטן אײַן און בינדן די הענט פון מײַן גערעכטן צאָרן. און מאַכמעס דעם אַלעמען וואָס איך האָב שוין געזאָגט, און מאַכמעס איך ווייס, אַז דאָס געווער פון די טאָגע־טרעגער איז, ווי דאָס געווער פון דער פרוי, די צונג, וועל איך מיט מײַן צונג אין גלײַכן קאַמף אַרײַנטרעטן מיט אײַער גענעדיקייט, וואָס פון איר איז גיכער געווען צו דערוואַרטן אַ גוטן ראַט איידער אַ לעסטערנדיקע טאַדלונג. הייליקער און גוט געמיינטער פאַרוווּרף נייטיקט זיך אין אַן אַנדער אומגעבונג און פאָדערט אַן אַנדער אָרט. אײַער טאַדלען מיך פאַר מענטשן אין די אויגן און אַזוי שאַרף, איז אַריבער אַלע גרעניצן פון גוטער טאַדלונג, מאַכמעס דער גוטער ראַט באַרוט גיכער אַף ווייכקייט איידער אַף האַרטקייט. און אַז מען איז נישט באַקאַנט מיט דער זינד, וואָס מען טאַדלט, איז נישט רעכט, גלאַט אין דער וועלט אַרײַן, אָנצורופן דעם זינדער נאָר און כאַסערדייע. עלע ניט, זאָגט מיר, אײַער גענעדיקייט, מאַכמעס וואָס פאַר אַ אומזיניקייט, וואָס איר האָט אַף מיר דערזען, טראָגט איר אַרויס אַף מיר דעם פּסאַק און איר שטראָפט מיך און הייסט מיר אַהיימגיין אין זינען האָבן מײַן שטוב, מײַן ווײַב און מײַנע קינדער, דעמאָלט ווען איר ווייסט נישט צי האָב איך גאָר אַ ווײַב און קינדער? איז עס גענוג, ווען מען פאַלט אַרײַן פון דער העלער הויט אין אַ פרעמדער שטוב צו רעגירן די באַלעבאַטים, דעמאָלט ווען אַליין האָט מען זיך דערצויגן אין דער שמאָלקעפּיקייט פון ערגיץ אַ יעסוימים־הויז, און מען האָט מער קיין וועלט נישט געזען ווי די צוואָנציק אָדער דרײַסיק מײַל אַרום פון דער סוויווע, אַז מען זאָל זיך נעמען די כוצפּע צו דיקטירן געזעצן דעם ריטערטום און מישפּעטן די וואַנדער־ריטער? איז עס טאָקע אַ פּוסטע זאַך, אָדער אַרויסגעוואָרפן די צײַט, וואָס מען גיט אַוועק אַף וואַנדערן איבער דער וועלט, ניט צוליב דעם וווילטיק וואָס דאָס קען ברענגען, נאָר צוליב דעם שווערן וועג איבער וועלכן די גוטע הייבן זיך אַרויף צו דער אומשטאַרבלעכקייט? וואָלטן מיך פאַר אַ נאַר

געהאַלטן די ריטער, די פּראַקטיקע, די אײדעלע, די הויך־געבוירענע, וואָלט איך דאָס געהאַלטן פאַר אַ אומפּאַריכטלעכער באַלײדיקונג, נאָר ווען מיך האַלטן פאַר אַ טיפּעש די שטודענטן, וואָס זײַנען קײנמאָל נישט באַטראַכטן און נישט געגאַנגען אַף די וועגן פון דעם ריטערטום, באַרירט עס מיך נישט וואָס אַ פּרוטע האָט די ווערט: אַ ריטער בין איך און אַ ריטער וועל איך שטאַרבן, אויב דעם וואָס אין הימל וועט געפעלן. טײל גײען איבער דעם ברײטן פעלד פון דער שטאָלצער גײווע, אַנדערע איבער דעם וועג פון קנעכטישער און נידעריקער כניפע, אַנדערע, ווידער, איבער דעם וועג פון גענאַרערישער צוויעס און אײנצלנע בלויז איבער דעם וועג פון עכטן גלויבן; נאָר איך, אַפּן רוף פון מײַן שטערן גײ איך איבער דעם שמאָלן וועג פון דעם וואַנדער־ריטערטום, און צוליב אים קוק איך אַוועק פון פאַרמעגן, אָבער נישט פון מײַן קאָוועד. איך האָב אָפּגעווישט ביזיונעס, גלײַך געמאַכט קרומקייטן, באַשטראָפט כוצפּע, באַזיגט ריזן און צעשמעטערט מאָנסטערס, איך בין אַ פאַרליבטער, בלויז דערפאַר וואָס וואַנדער־ריטער מוזן זײַן פאַרליבט, און פאַרליבט בין איך ניט מיט דער ליבע פון די פאַרדאָרבענע, נאָר פון די אָפּגעהיטע פּלאַטאָניקער. מײַנע מאַכשאָוועס ריכטן מיך שטענדיק צו גוטע צילן, דאָס זײַנען: טון גוטס יעדן אײנעם און קײנעם נישט קײן שלעכטס. זאָגט איר, אײַערע גענעדיקייטן, עקסעלענטער פירשט און פירשטן, צי דער וואָס פאַרשטייט אַזוי, דער וואָס טוט אַזוי און שטרעבט דערצו, פאַרדינט מען זאָל אים רופן מעטורעף.

— גוט, — האָט סאַנטשאָ זיך אָנגערופן, — איך בעט אײַך, אײַער גענעדי־קײט, האַר און באַלעבאָס מײַנער, רעדט נישט מער, זאָגט נישט קײן אײן וואָרט מער צו אײַער רעכטפאַרטיקונג, ווארום מער דאַרף מען נישט זאָגן, מער נישט טראַכטן און מער קײן קיעם נישט האָבן אַף דער וועלט, ביפראַט, אַז וואָס נאָך קען מען זאָגן דעם דאָזיקן האַר, וואָס לײקנט, ווי ער האָט דאָס געטון, אַז אַף דער וועלט זײַנען גאָר קײן וואַנדער־ריטער נישט געווען; וואָס קען מען, אַז נישט זאָגן אים אַז ער ווייסט נישט אַן אָס וועגן דעם וואָס ער האָט גערעדט.

— צי זײַנט איר ניט עפּשער, ברודער — האָט דער גאַלעך געזאָגט, — יע־נער סאַנטשאָ פּאַנצאַ, וואָס אײַער האַר, זאָגט מען, האָט אים צוגעזאָגט אַן אינדזל?

— יאָ, איך בין עס, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — און איך בין דער וואָס האָב דאָס די ווערט פּונקט ווי ווער עס איז. איך בין דער וואָס „כאַוועך דיך מיט גוטע, וועסטו זײַן אײנער פון זיי. און איך בין אויך פון יענע, וואָס „נישט מיט וועמען דו ברידערסט דיך, נאָר מיט וועמען דו פּיטערסט דיך" און פון די וואָס „ווער עס שפּאַרט זיך אָן אַ גוטן בוים, דער רוט אין גוטן שאָטן". איך האָב מיך אָנגעשפּאַרט אָן אַ גוטן האַר, און שוין היבשע עטלעכע כאָדאָשים ווי איך גײ מיט אים און וועל דערום זײַן אַזאַ ווי ער, אַז גאָט וועט וועלן; און לעבן זאָל ער און לעבן זאָל איך: און אים וועלן קײן אימפּעריעס נישט פעלן צום הערשן און מיר נישט קײן אינדזלען צום רעגירן.

— איך מײן מיט אַן עמעס, סאַנטשאָ פרײַנט — האָט דער פירשט זיך דע־רויף אָנגערופן, — אין נאָמען פון דעם האַר דאָן קיכאָט, גיב איך אײַך איבער צום רעגירן מײַנעם אַן אינדזל, אַ נישט גאָר גרויסן, אָבער אַ גאַנץ וויכטיקן.

— שטעל דיך אף די קניען, סאנטשאַ — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — און קוש די פיס פון זיין עקסעלענץ פאַר דעם גענאַד, וואָס ער האָט מיט מיר געטון.

סאַנטשאָ האָט אַזוי געטון. און ווען דער גאַלעך האָט דאָס דערזען, האָט ער זיך אַ באַרויגעזער פונעם טיש אויפגעהויבן און געזאָגט:

— בּאַ דעם אָרדן, וואָס צו אים געהער איך, שווער איך אײַך, אַז איך בין גרייט צו זאָגן אײַער עקסעלענץ, אַז איר זײַנט אַזוי נאַריש ווי די דאָזיקע זינדער. זאָגט איר אַליין, צי מעגן זיי ניט זײַן מעשוגע, ווען די קלאָרע קאָנאָניזירן זייער מעשוגאַעס! פאַרבלײַבט אײַך מיט זיי, אײַער עקסעלענץ. אַזוי לאַנג זיי געפינען זיך דאָ בײַ אײַך אין הויז, וועל איך זײַן בײַ מיר אין הויז, און איך זאָג מיך אָפּ פון טאַדלען דאָס וואָס מען קען נישט פאַריכטן!

און מער אַ וואָרט נישט גערעדט און אויך נישט געגעסן מער, איז ער פונעם טיש אַוועק, און עס האָט נישט געהאָלפן דאָס בעטן פון די פירשטן. כאָטש קיין סאַך האָט אים דער פירשט נישט געבעטן, מאַכמעס געשטערט האָט אים דאָס גע־לעכטער, וואָס יענעמס אײַנגעזעסענער קאָעס האָט אים פאַרשאַפט. ווען ער האָט אויפגעהערט לאַכן, האָט ער זיך אָנגערופן צו דאָן קיכאָטן:

— אײַער גענעדיקייט, האַר ריטער מיט די לייבן, האָט ווענן זיך אַזוי שטאָלץ געענטפערט, אַז אײַך בלײַבט נישט מער וואָס אָפּצוּווישן פון אָט דאָס וואָס קען זיך דאַכטן אַ באַליידיקונג און איז עס ניט בעשומויפן. וואָרום אַזוי ווי פרויען באַליידיקן נישט, אַזוי באַליידיקן אויך נישט גאַלאָכים, ווי אײַער גענעדיקייט ווייסט דאָס בעסער פון מיר.

— ריכטיק — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — און דאָס איז מאַכמעס דעם וואָס, ווער עס קען נישט ווערן באַליידיקט, דער קען אויך נישט קיינעם באַליי־דיקן. מאַכמעס דעם וואָס גאַלאָכים קענען זיך נישט פאַרטייטיקן אפילע ווען זיי ווערן אָנגעגריפן, קענען זיי אויך נישט ווערן געשענדט. וואָרום צווישן באַליידי־קונג און שענדונג איז פאַראַן אָט דער בילעק, ווי אײַער עקסעלענץ ווייסט דאָס בעסער. שענדונג קומט פון אַזוינעם וואָס קען דאָס טון, וואָס טוט דאָס און האַלט אָן די טאַט, באַליידיקונג קען קומען פון וואַנען עס איז און זאָל דאָך ניט שענדן. אַ בײַשפּיל: איינער שטייט אין גאַס אַ זאָרגלאָזער און ריכט זיך אַף גאָרניט, קו־מען צו גיין צען מענטשן מיט באַוואָפנטע הענט און שלאָגן אים, כאַפּט ער זיך צו דער שווערד און טוט וואָס ער איז מעכויעוו צו טון, נאָר די מענגע קעגנער שטעלט זיך אים אַקעגן און דערלאָזט אים נישט אויספירן זײַן קאַוואָנע, נעקאָמע צו נע־מען, בלײַבט דער דאָזיקער באַליידיקט אָבער ניט געשענדט.

„דאָס אייגענע קען באַשטעטיקן אַ צווייטער בײַשפּיל: איינער שטייט מיט דעם רוקן אַוועקגעדרייט, קומט איינער צו און דערלאַנגט אים אַ קלאַפּ און אַנט־לויפט, און דער אַנדערער לויפט אים נאָך און כאַפּט אים ניט, האָט דער וואָס האָט באַקומען געשלאָגן, באַקומען אַ באַליידיקונג, אָבער נישט קיין שענדונג. וואָרום שענדונג מוז האָבן דויער. ווען דער שלעגער, מעג זײַן אומגעריכט, וואָלט זיך געכאַפּט צו דער שווערד און וואָלט שטיין געבליבן מיט דעם פּאָנים צום גע־

שלאגנעם, וואלט דעמאלט דער געשלאגענער געווען סיי באליידיקט און סיי געשענדט; באליידיקט מאכמעס מען האט אים געשלאגן פארעטעריש, געשענדט, מאכמעס דער שלעגער האט ווייטער אנגעהאלטן דאס וואס ער האט געטון, נישט אומגעדרייט זיך מיט דעם רוקן, נאר געבליבן שטיין.

„לויט די פארשאלטענע געזעצן פונעם דועל, קען איך דערום זיין באליידיקט, אבער ניט געשענדט, ווארום קינדער פילן נישט, פרויען אויך נישט, נישט זיי קענען אנטלויפן, נישט זיי דארפן ווארטן, און דאס אייגענע די וואס דינען אין דער הייליקער קירך. די דריי מינים באזיצן נישט קיין אנגרייפעריש און אויך נישט קיין פארטייטיקונגס געווער. און כאטש אלפי טעווע זיינען זיי מעכויעוו זיך צו פארטייטיקן, זיינען זיי אבער נישט מעכויעוו אנצוגרייפן ווער עס איז. נאר כאטש איך האב פריער געזאגט, אז איך קען מיך פילן באליידיקט, זאג איך איצט, אז איך קען דאס בעשומויפן ניט, מאכמעס דער וואס קען נישט ווערן געשענדט, קען נאך ווייניקער שענדן. און צוליב די אלע סיבעס דארף איך מיך נישט פילן באליידיקט און פיל מיך נישט באליידיקט דערפון, וואס יענער ליבער האר האט מיר געזאגט; איך וואלט נאר וועלן אביסל אפווארטן, קעדיי אים צו פארשטיין געבן, אז ער האט א טאעס דערין וואס ער דענקט און זאגט, אז אף דער וועלט זיינען גאר קיין וואנדער־ריטער נישט געווען. און ווען דאס דערהערט אמאדיס אדער איינער פון דער גרויסער צאל זיינע אפשטאמיקע, ווייס איך, אז זיין גענעדיקייט וואלט זיך געפילט נישט גאר באקוועם.

— דאס קען איך אייך שווערן — האט סאנטשא געזאגט; — זיי וואלטן אים מיט א מעסער געגעבן און וואלטן אים צעשפאלטן פון אויבן ביז אראפ ווי א מילגרוים אדער ווי א צייטיקן ארבוז. געפונען די ריכטיקע לייט וואס זאלן פארטראגן ווען מען קיצלט זיי! איך קען שווערן, אז ווען רעינאלדאס פון מאנטאלבאן הערט ריידן אט דאס מענטשל, וואלט ער אים אזוי פארמאכט דאס מויל, אז ער זאל עס דריי יאר נאכאנאנד נישט קענען עפענען. מיט זיי וואלט ער זיך באדארפט פארטשעפען, וואלט איר געזען ווי ער וואלט פון זייערע הענט ארויס!

די פירשטן האט זיך געעקט פון געלעכטער ווען זי האט געהערט סאנטשאן ריידן און האט אים געהאלטן פאר א סאך קלוגער און פאר נאכמער מעשוגע ווי זיין האר, און געווען זיינען אין יענער צייט א סאך, וואס האבן אזוי געהאלטן.

בעקיצער, דאן קיכאט האט זיך בארויִקט, און דער מיטיק האט זיך פארענדיקט, און בעייסן אראפנעמען פון טיש, זיינען אריינגעקומען פיר מיידלעך, איינע מיט א זילבערנער שיסל, די צווייטע מיט א קרוג וואסער, אויך א זילבערנעם, די דריטע מיט צוויי שניי־ווייסע האנטעכער אפן אקסל און די פערטע די ארעמס ביז העלפט אנטבלויזט און אין אירע ווייסע הענט (אוודע זיינען זיי ווייס געווען) א קויל נאפאליטאנישן זייף. צוגעגאנגען איז די וואס מיט דער שיסל און האט זי מיט גרויס כיין אונטערגעשטעלט דאן קיכאטן אונטער דער בארד. ער האט גארנישט געזאגט, נאר געגאפט האט ער אף דער צערעמאניע און געמיינט ס'איז א מינעג אזא אין די מעקוימעס צו וואשן נאכן עסן נישט די הענט, נאר די בארד.

און אַרײַנגעשטעקט האָט ער זי אין שיסל ווי ווײַט ער האָט געקענט. די אַנדערע האָט גענומען גיסן וואַסער פֿונעם קרוג און די דריטע די באָרד אײַנזייפֿן און האָט מיט דער זייף עמעצע שניי־קוילן געמאַכט, אַזוי ווײַס איז געווען דער זייפֿן־שוים, וואָס זי האָט אים צעשמירט איבערן גאַנצן פּנים און איבער די אויגן פֿון דעם געהאָרכיקן ריטער, און ער האָט זיי געמוזט צומאַכן. דער פֿירשט מיט דער פֿירשטין, וואָס האָבן דערפֿון גאָרניט געוווּסט, האָבן אָפּגעוואַרט ביז דאָס מין וואַשן וועט זיך פֿאַרענדיקן. פּונקט דעמאָלט ווען דאָס פּנים איז בײַ אים געווען אַ פֿערטל די הייך מיט זייפֿן־שוים, האָט בײַ דעם מיידל ראַזירערקע קלוימערשט אויסגעפֿעלט וואַסער און האָט געשיקט דאָס מיידל מיט דעם קרוג אַרײַנברענגען, און דער האַר דאָן קיכאָט וועט צוּוואַרטן. זי האָט געפֿאָלגט און דאָן קיכאָט איז שטיין געבליבן אין דער מעשונעדיקער פּאָזע און אַף געלעכטער. ווער עס איז געווען דערבײַ, און געווען זײַנען דעמאָלט אַ סאַך מענטשן, האָט געקוקט אַף אים, און מאַכמעס אַרויסגעשטעקט האָט אים אַ האַלבער קלאַפּטער היבש פֿאַרברוינטער האַלדז, די אויגן צוגעמאַכט און די באָרד אַן אײַנגעזייפֿטע, האָט מען נאָר מיט ניסים און מיט גרויס פֿאַרנונפֿט געקענט אײַנהאַלטן דאָס געלעכטער. די מיידלעך, וואָס האָבן געמאַכט דעם שפּאַס, האָבן געהאַלטן די אויגן אַראָפּגעלאָזט און האָבן זיך נישט דערוועגט צו קוקן די האַרן אין די אויגן. די האַרן האָבן אינעווייניק געשטיקט דער כּעס און דער געלעכטער, און זיי האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טון: באַשטראָפֿן די חוצפּה פֿון די מיידלעך אָדער זיי באַלוינען פֿאַר דעם פֿאַרגעניגן, וואָס זיי האָבן געהאַט צו זען דאָן קיכאָטן אין אַזאַ פּאָזע.

קורץ, דאָס מיידל איז געקומען מיט דעם קרוג וואַסער און מען האָט דאָן קיכאָטן אַרומגעוואַשן. דערלאַנגט האָט מען אים די האַנטעכער און ער האָט זיך זייער פֿאַמעלעך אַרומגעווישט און אָפּגעטריקנט, און אַלע פֿיר האָבן זיי זיך ברייט און טיף פֿאַרנויגט פֿאַר אים און אַ קניקס געמאַכט און געוואָלט אָפּגיין, נאָר קעדיי דאָן קיכאָט זאָל זיך נישט אַרומזען, אַז מען האָט פֿון אים כּוויזעק געמאַכט, האָט דער פֿירשט צוגערופֿן צו זיך דאָס מיידל מיט דער שיסל און איר געזאָגט:

— איצטער קום אַהער און וואַש מיך אַרום, נאָר זע עס זאָל דיר קיין וואַסער נישט פֿאַרפֿעלן.

אַ פֿיפֿיקע און אַ פֿלייסיקע, איז דאָס מיידל צוגעגאַנגען און האָט אונטערגעשטעלט דעם פֿירשט די שיסל אַזוי ווי דאָן קיכאָטן און האָט אים שנעל אַרומגעזייפֿט און אַרומגעוואַשן און אים געלאָזן אַ ריינעם און אַן אָפּגעטרוקנטן. געמאַכט האָבן זיי פֿאַר אים די קניקסן און זײַנען אָפּגעגאַנגען. דערנאָך האָט מען זיך דערוווּסט, אַז דער פֿירשט האָט געשוווירן, אַז אויב זיי וועלן אים נישט אַרומוואַשן אַזוי ווי דאָן קיכאָטן, וועט ער זיי באַשטראָפֿן פֿאַר זייער צעלאָזנקייט און זיי האָבן דאָס קלוגערהייד פֿאַריכט דערמיט, וואָס זיי האָבן אויך אים אײַנגעזייפֿט.

צוגעקוקט האָט זיך סאַנטשאָ צו דער צערעמאָניע מיט דעם וואַשן און האָט צו זיך גערעדט:

„שיץ מיך גאָט! צי איז נישט אין די מעקוימעס אײַנגעפֿירט אויך די וואָפּנ־

טרענער איינצוזייפן די באָרד, און נישט נאָר די ריטער? וואָרום איך וואָלט עס, כ'לעבן, באַדאַרפט האָבן, כאָטש בעסער וואָלט געווען ווען מען ראַזירט זי מיר אָפּ".

— וואָס רעדט איר דאָס צו זיך, סאַנטשאָ? — האָט די פירשטין געפרעגט.

— איך זאָג, מיין הארנטע — האָט ער געענטפערט, — אַז בײַ אַנדערע פירשטן אין די הייף, האָב איך געהערט זאָגן, גיט מען וואַסער די הענט צו וואַשן נאָכן עסן, אָבער נישט קיין זאָלע פאַר דער באָרד. און אויב אַזוי, זאָג איך, איז קעדיי צו לעבן וואָס לענגער, קעדיי וואָס מער צו זען, כאָטש זאָגן זאָגט מען אויך, אַז וואָס לענגער מען לעבט, מער צאָרעס זעט מען זיך אָן. פון דעסט וועגן, איז אַפילע אַזוי זיך אַרומצעוואַשן גיכער אַ פאַרגעניגן ווי אַ מאַטער.

— נישט גערייגעט, פריינט סאַנטשאָ, — האָט די פירשטין געזאָגט, — איכ'ל שוין זען מיינע מיידלעך זאָלן אייך אַרומוואַשן, אַפילע אין זאָלע אַריינלייגן אויב מען וועט באַדאַרפן.

— איך וועל מיך צופרידנשטעלן מיט דער באָרד — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — דערוויל אַלנפאַלס. שפּעטער, וויים איין גאָט וואָס עס וועט זיין.

— זאַלמייסטער — האָט די פירשטין געזאָגט — הערט אויס וואָס דער בראַווער סאַנטשאָ בעט, און טוט וואָס ער פאַרלאַנגט, וואָרט אין וואָרט.

דער זאַלמייסטער האָט געענטפערט, אַז ער וועט אין אַלע דינגען דעם האַר סאַנטשאָ און מיט די ווערטער איז ער געגאַנגען עסן און האָט מיטגענומען סאַנטשאָן, און געבליבן זיינען די פירשטן מיט דאָן קיכאָטן בײַם טיש ריידן פון פאַרשידענע זאַכן, נאָר אַלץ אַרום געווער און וואַנדער־ריטערטום. די פירשטין האָט געבעטן דאָן קיכאָטן, אַזוי ווי ער האָט קענטיק אַ גוטן זיקאָרן, זאָל ער איר אָפּמאָלן די שטריכן פון דולצינעאַס שיינקייט, וואָס לויט די באַרימטקייט לויבט זי אויס, מוז זי זיין דאָס שענצטע מענטשן־קינד אין דער וועלט און אַפילע פון לאַ מאַנטשאַ.

דאָן קיכאָט האָט אַ זיפץ געטון, ווען ער האָט דערהערט וואָס די פירשטין פאַרלאַנגט פון אים און האָט געזאָגט:

— ווען איך וואָלט געקענט מיין האַרץ אַרויסנעמען און דאָס אוועקלייגן פאַר די אויגן פון אייער גרויסקייט דאָ אָפן טיש, אויף אַ טעלער דערלאַנגט, וואָלט איך מיין צונג די מי איינגעשפּאָרט קוים צו זאָגן דאָס וואָס איז צום דענקען, קעדיי אייער עקסעלענץ זאָל זי זען אינגאַנצן ווי אָפן פאָרטרעט. אָבער, צו וואָס איצט נעמען אָפּמאָלן פונקט נאָך פונקט און טייל נאָך טייל די שיינקייט־שטריכן פון דער נישט צום פאַרגלייכן דולצינעאַ, ווען דאָס איז אַ לאַסט פאַר מער ווירדיקע פּלייצעס ווי מיינע. באַדאַרפט וואָלטן זיך באַשעפטיקן דערמיט די פּענדזלען פון פּאַראַזיוס, פון טימאַנטעס און אַפּעלעס און די שטיכלען פון ליזיפּוס, זי צו מאָלן און קריצן, אויף טאַוולען אויף בראָנדז און אין מירמלשטיין, און די ציצעראָנישע און דעמאָסטענישע רעטאָריק זי צו לויבן.

— וואָס מיינט עס דעמאָסטענישע, האַר דאָן קיכאָט! — האָט די פירשטין געפרעגט, — איך האָב אַזאַ וואָרט זינט איך לעב נישט געהערט.

— דעמאָסטעניִשע רעטאָריק — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — איז דאָס אייגענע ווי צו זאָגן די רעטאָריק פון דעמאָסטענעס, ווי ציצעראָניִשע פון ציצעראָן, וואָס געווען זײַנען זיי די צוויי גרעסטע רעטאָריקער אין דער וועלט.

— ריכטיק — האָט דער פירשט געזאָגט, — און איר האָט אײַך נישט פאַרנאַנדערגעקליבן בעיים איר האָט דאָס געפרעגט. פון דעסט וועגן, וואָלט אונדז דער האַר דאָן קיכאָט גרויס פאַרגעניגן פאַרשאַפט, ווען ער מאָלט זי אונדז אָפּ. וואָרום אַפילע מיט בלויזע צייכנס און גרויסע שטריכן, מוז זי אַרויסקומען אַזוי, אַז זי זאָל דערוועקן די קינע פון די שענצטע.

— איך וואָלט עס זיכער געטון, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — ווען עס מעקט זי מיר נישט אָפּ פונעם געדאַנק דער אומגליק, וואָס איז מיט איר נישט לאַנג צוריק געשען, און אַזוי גרויס איז דער אומגליק, אַז מיר גלוסט זיך גיכער זי צו באַוויינען איידער צו באַשרײַבן. וואָרום אײַערע גרויסקייטן מוזן וויסן, אַז צוריק מיט אייניקע טעג, ווען איך בין געגאַנגען קושן אירע הענט און בעטן איר בראָכע, איר הסכּמה און דערלויבעניש צום דריטן אַרויספאָר, האָב איך געטראָפן גאָר אַן אַנדערע ווי די וואָס איך האָב דערוואַרט. געטראָפן האָב איך זי אַ פאַרקישעפטע און אַ פאַרוואַנדלטע פון אַ פרינצעסן אין אַ פּויערטע, פון אַ שיינער אין אַ מיִעסער, פון אַ מאַלעך אין אַ טייוול, פון אַ וווילשמעקנדיקער אין אַ שטינקענדיקער, פון אַ פײַן־ריידנדיקער אין אַ פּראָסטער, פון אַ רויִקער אין אַ שפּרינגענדיקער, פון ליכט אין פינצטערניש און גאַנץ פּאָשעט, פון דולצינעאַ דעל טאָבאָסאָ אין אַ סאַיאַגער פּויערטע.

— שיץ מיך גאָט! — האָט דער פירשט דערויף אַף אַ הויכן קאָל אויסגעשריגן. — ווער האָט דאָס דער וועלט אַזאַ בייזן שפּיצל אָפּגעטון? ווער האָט דאָס באַ דער וועלט צוגענומען די שיינקייט, וואָס האָט זי געשיצט, דעם כיין וואָס האָט זי פאַרווײַלט און די אָנשטענדיקייט, וואָס האָט זי באַפעסטיקט?

— ווער? — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט. — ווער קען דאָס זײַן, אַז נישט איינער אַ בייזוויליקער מעכאַשעף פון דער גרויסער צאָל זייערער, וואָס זײַנען מיך מעקאַנע און פאַרפאָלגן מיך? די פאַרשאָלטענע אומע, וואָס איז אַף דער וועלט געקומען פאַרטונקלען און צו נישט מאַכן די מײַסים פון די גוטע קעדיי צו געבוירן און אַרויסצוהייבן די מײַסים פון די שלעכטע. קישעפמאַכער האָבן מיך פאַרפאָלגט, קישעפמאַכער פאַרפאָלגן מיך און קישעפמאַכער וועלן מיך פאַרפאָלגן ביז זיי וועלן מיך אַרײַנטרײַבן, מיך מיט מײַנע ריטערישע העלדישקייטן, אינעם טיפן טעהאָם פון פאַרגעסן, און זיי טרעפן דאָרט, וווּ איך פיל צום שטאַרקסטן. וואָרום אָוועקנעמען באַ דעם וואַנדער־ריטער זײַן דאַמע, הייסט צוגעמען באַ אים די אויגן פון קאָפּ, וואָס מיט זיי קוקט ער, די זון, וואָס מיט איר באַלייכט ער זיך און די כאַיונע, וואָס מיט איר האַלט ער זיך אויף. איך האָב דאָס שוין אַ סאַך מאָל געזאָגט, און איצט זאָג איך עס נאָכאַמאָל: אַז דער וואַנדער־ריטער אָן אַ דאַמע איז ווי אַ בוים אָן בלעטער, ווי אַ ביניען אָן אַ פונדאַמענט און ווי אַ שאָטן אָן דעם גוף, וואָס שאַפט אים.

— **מער דאַרפֿט איר נישט זאָגן** — האָט די פֿירשטן געזאָגט, דאָך, אויב מען זאָל גלויבן דער געשיכטע, וואָס איז וועגן דעם האַר דאָן קיכאָט צוריק מיט אייניקע טעג דערשינען, אונטער דעם אַלגעמיינעם לויב פֿון דעם ברייטן עולם, דרינגט פֿון דאָרטן אַרויס, אויב דער זיקאָרן נאַרט מיך נאָך נישט, אַז אייער גענעדיקייט האָט גאָר קיינמאָל די האַרנטע דולצינעאַ נישט געזען, אַז אַזאַ דאַמע איז גאָר אַף דער וועלט נישטאָ, אַז זי איז נישט מער ווי אַ פֿאַנטאַזיע, וואָס אייער גענעדיקייט האָט זי פֿאַרטראַכט און געבוירן אין אייער דימיען און איר האָט זי אײַך אויסגעמאָלט מיט אַלע חיינען און מעלעס, וואָס איר האָט געוואָלט.

— וועגן דעם איז פֿאַראַן אַ סאַך וואָס צו ריידן — האָט דאָן קיכאָט געענטפֿערט, — גאָט ווייסט צי איז פֿאַראַן אָדער עס איז נישט פֿאַראַן קיין דולצינעאַ אַף דער וועלט, און צי זי איז אַ פֿאַנטאַזיע אָדער נישט קיין פֿאַנטאַזיע. דאָס איז נישט פֿון די זאַכן, וואָס מען קען זיך וועגן זיי דערגרונטעווען ביזן גרונט. נישט איך האָב באַשאַפֿן און נישט איך האָב געבוירן מײַן דאַמע, כאָטש איך זע זי אַזוי ווי אַ דאַמע באַדאַרף צו זײַן, מיט אַלע מעלעס, וואָס זאָלן זי קענען באַרימט מאַכן איבער דער גאָרער וועלט, ווי: שיין זאָל זי זײַן, אָן אַ מום, ערנסט און שטאָלץ, פֿאַרליבט און אָרנטלעך, דאַנק־שולדיק אויס העפֿלעכקייט, העפֿלעך אויס דערצויגנקייט, און צום לעצט, הויך צוליב איר אָפּשטאַם, מאַכמעס אַף מעיוכעסדיקע רוט און שטראַלט די שיינקייט מיט מער שליימעס איידער אַף די אָרים געבוירענע שיינהייטן.

— ריכטיק — האָט דער פֿירשט געזאָגט, — נאָר איר מוזט מיר דערלויבן, האַר דאָן קיכאָט, איך זאָל אײַך זאָגן, וואָס מיך צווינגט צו זאָגן די געשיכטע פֿון אײַערע העלדישקייטן, וואָס איך האָב געלייענט. פֿון דאָרט באַקומט זיך, אַז כאָטש עס ווערט דערלאָזט, אַז אין טאָבאָסאָ אָדער אויסער טאָבאָסאָ איז דולצינעאַ פֿאַראַן, און אַז זי איז שיין ביזן העכסטן גראַד, ווי אײַער גענעדיקייט מאָלט זי אונדז, קען מען זי אָבער, וואָס שײַעך הויכן אָפּשטאַם, נישט פֿאַרגלײַכן מיט די אָריאַנאַס, מיט די אַלאַסטראַכאַרעאַס, מיט די מאַדאַסימאַס און אַנדערע פֿון דעם מין, וואָס פֿול זײַנען מיט זיי די געשיכטעס, וואָס אײַער גענעדיקייט ווייסט שוין.

— דערויף קען מען זאָגן — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — אַז דולצינעאַ איז די טאָכטער פֿון אירע מעַסים, און אַז גוטע מידעס בעסערן אויס דאָס בלוט און אַז אַ מענטש פֿון נידעריקן שטאַם מיט הויכע מידעס איז מער ווערט ווי אַ פֿאַרדאָרבענער מענטש פֿון הויכן שטאַם. ביפֿראַט, אַז דולצינעאַ איז פֿון אַ שטאָף, וואָס קען זי דערהויבן ביז אַ קרוין און אַ סצעפּטער. וואָרום דער ווערט פֿון אַ שיינער זיטלעכער פֿרוי קען וווּנדער באַווײַזן, און ווען אַפֿילע נישט פֿאָרמעל, טראָגט זי אין זיך פּאַקטיש דאָס העכסטע גליק.

— איך זאָג, האַר דאָן קיכאָט — האָט די פֿירשטן געזאָגט, — אַז אין אַלץ וואָס אײַער גענעדיקייט זאָגט, טרעט איר מיט בלײַענע פֿיס און, ווי זאָגט מען עס, מיט דעם לאָט אין דער האַנט, און פֿון הײַנט אָן וועל איך גלויבן און וועל דאָס גאַנצע הויז מײַנס איבערצייגן און דערין אויך דעם פֿירשט, מײַן מאַן, אויב דאָס וועט נייטיק זײַן, אַז אין טאָבאָסאָ איז פֿאַראַן אַ דולצינעאַ, אַז זי לעבט הײַנט,

אז זי איז שיין און הויך געבוירן און זי האט די ווערט, אז אזא ריטער, ווי דער האר דאן קיכאט איז, זאל איר דינען, און דאס איז דאס העכסטע, וואס איך קען טון, און וואס איך קען פארלאנגען פון אנדערע. איך קען אבער נישט פארשווייגן איינעם א סאפעק און א געוויסן פאריבל וואס איך האב אף סאנטשא פאנצא. דער סאפעק באשטייט דערין, וואס אין דער געשיכטע זאגט זיך, אז אט דער סאנ־טשא פאנצא, האט די הארנטע דולצינעא, בעיס ער האט איר געבראכט איינער א בריוו, געטראפן לופטערן א זאק ווייץ אף דער רעשעטע און א סימען האט ער אנגעגעבן, אז געווען איז דער ווייץ פון דעם מין, וואס מען רופט רוביאן, און דאס ווארפט א סאפעק אף איר ווילגעבוירנקייט.

דערויף האט דאן קיכאט געענטפערט:

— מיין הארנטע, אייער גרויסקייט מוז וויסן, אז די מערסטע זאכן, וואס פאסירן מיט מיר, פאסירן אויסער די מאסן, ווי זיי פאסירן געוויינטלעך מיט אנדערע וואנדער־ריטער. צי מאכמעס אזוי איז דער גוירל וואס איז נישט צום פארשן, אדער מאכמעס אף דעם וועג שטויסט זיי די בייזוויליקייט פון א קישעף־מאכער, וואס איז מיך מעקאנע. און אזוי ווי באקאנט איז שוין, אז אלע אדער די מערסטע בארימטע וואנדער־ריטער באזיצן, ווער די גאב נישט צו קענען פארקישעפט ווערן, ווער אזא לייב, וואס קיין פיילן טרעטן צו אים נישט צו, ווי דער בארימטער ראלדאן, איינער פון די צוועלף פארן פון פראנקרייך, וואס וועגן אים דערציילט מען, אז מען האט אים נישט געקענט פארוואונדן סיידן אין דער לינקער פיאטע, און דאס נאר מיט דעם שפיץ פון א גראבער שפילקע און בע־שומויפן נישט מיט אן אנדער געווער. און ווען בערנארדא דעל קארפיא האט אים דערהארגעט אין ראנצעסוואליעס, האט ער געזען, אז ער קען צו אים נישט צו־טרעטן מיט קיין אייזן, און האט אים דערום פון דער ערד אויפגעהויבן אין זיינע ארעמס און אים דערשטיקט, מאכמעס דערמאנט האט ער זיך דעמאלט ווי אזוי הערקולעס האט דערשטיקט אנטעאנען, יענעם ווילדן ריז, וואס מען האט אף אים געזאגט, אז ער איז דער זון פון דער געטן ערד.

„פון דעם געזאגטן, וויל איך ארויסברענגען, אז אויך איך מוז באזיצן אזא גאב, ניט מען זאל מיך נישט קענען פארוואונדן, מאכמעס די פראקטיק האט מיר א סאך מאל באוויזן, אז איך האב גראד א ווייך לייב און בעשומויפן נישט אזוי הארט, אז קיין מעסער זאל עס נישט נעמען, און אויך נישט מען זאל מיך נישט קענען פארקישעפן. מאכמעס געווען בין איך שוין פארשפארט אין א שטייג, ווו קיין שום מענטש אין דער וועלט וואלט דעם קויעך נישט געהאט מיך דארט צו פארשפארן, ווען נישט דער קישעף. נאר מאכמעס פון יענעם קישעף האב איך מיך באפרייט, וויל איך גלויבן, אז מיט מיר וועט זיך שוין קיינער פון זיי נישט אנהויבן. און ווען די מעכאשפים זעען, אז אף מיר גופע קענען זיי שוין נישט אויסנוצן זייערע בייזע שפיצלעך, נעמען זיי נעקאמע פון די זאכן, וואס זיינען מיר ליבער ווי אלץ און זיי ווילן בא מיר דאס לעבן צונעמען דערמיט וואס זיי פייניקן דולצינעאן, וואס פאר איר לעב איך. און דערום גלויב איך, אז בעיס מיין וואפנטרעגער האט איר געבראכט מיין בריוו האבן זיי זי פארוואנדלט אין א

פויערטע און אַ באַשעפּטיקטע באַ אַזאַ נידעריקער מעלאָכע ווי רייניקן ווייץ אַף
אַ רעשעטע. נאָר איך האָב שוין אַמאָל געזאָגט, אַז דאָס איז נישט געווען קיין
רוביאַן און גאָר קיין ווייץ ניט, נאָר קערנער מיזרעך־פּערל. און ווי אַ באַווייַז
פון אָט דעם עמעס, וויל איך זאָגן אײַערע גרויסקייטן, אַז ווען איך בין נישט לאַנג
דערין געקומען קיין טאָבאָסאָ, האָב איך בעשומויפן נישט געקענט געפינען דול־
ציגעאַס פּאַלאַצן. און אַף מאָרגן, נאָכדעם ווי סאַנטשאָ, מײַן וואָפּנטרעגער, האָט
זי געזען אין איר אײגענער געשטאַלט, וואָס איז די שענסטע אין דער וועלט,
האָב איך זי געזען ווי אַ פּאָשעטע און מיעסע פויערטע, און גאָרנישט קיין קלוגע,
דעמאָלט ווען זי איז די גאָרע כאָכמע פון דער וועלט. און מאַכמעס איך בין נישט
פאַרקישעפט און קען אויך אַ היבשע צײַט נישט זײַן פאַרקישעפט, איז זי די פאַר־
קישעפטע, די געטראָפענע און פאַרוואַנדלטע, די געענדערטע און איבערגעענדער־
טע, און אין איר האָבן מײַנע סאָנים פון מיר נעקאָמע גענומען, און צוליב איר
וועל איך לעבן אין אייביקן געוויין, ביז איך וועל זי דערזען אין איר לויטערער
געשטאַלט. דאָס אַלץ זאָג איך, קעדיי קיינער זאָל זיך נישט אָפּשטעלן דערויף
וואָס סאַנטשאָ האָט געזאָגט וועגן דולציגעאַס רייניקן אָדער לופטערן ווייץ. וואָ־
רום אויב מיר האָט מען זי פאַרענדערט, איז וואָסזשע דער כידעש, וואָס אים
האָט מען זי פאַרביטן. דולציגעאַ איז אַ כאָשעווע, אַ ווױלגעבוירענע און פון די
אַדעליקע שטאַמען, וואָס פאַראַן איז פון זיי אין טאָבאָסאָ אַ סאַך, גאַנץ אַלטע
און פײַנע. זיכער, אַז אַ גרויסער כײלעק דערפון פאַלט אוים אַף דולציגעאַן, וואָס
איר שטאָט ווערט צוליב איר באַרימט און וועט באַקאַנט ווערן פאַר די קומענ־
דיקע דורעס, ווי טראָיאַ צוליב העלענען און שפּאַניע צוליב דער מעשומעדעס,
כאָטש מיט אַ בעסערן נאָמען.

„נאָך וויל איך אײַערע הערשאַפטן זאָלן וויסן, אַז סאַנטשאָ פּאַנצאַ איז איי־
נער פון די קונציקסטע וואָפּנטרעגער, וואָס האָבן אַמאָל באַדינט אַ וואַנדער־ריטער.
ער ווײַזט אַמאָל אַרויס אַזאַ טמימעס, אַז שוין דאָס טראַכטן אַליין צי איז ער
קלוג אָדער טמימעסדיק, איז אַ גענוס. ער האָט אין זיך אַזוינע בײזוויליקייטן,
וואָס ווײַזן אים פאַר אַ יאַבעדניק, אַזוינע פאַרזעענס, וואָס באַשטעטיקן אים
פאַר אַ טאָם. אין אַלץ צווייפלט ער און אין אַלץ גלויבט ער. דעמאָלט ווען איך
רעכן, אַז ער וועט זיך אויפירן ווי אַ נאַר, קומט ער אַרויס מיט אַזאַ כאָכמע, וואָס
דערהויבט אים ביזן הימל. ביכלאַל, וואָלט איך אים אַף אַן אַנדער וואָפּנטרעגער
נישט פאַרביטן, מען זאָל מיר אַפילע צוצאָלן אַ גאַנצע שטאָט. איך בין דערום
איז סאָפעק צי איז ער פּאַסיק איבערצונעמען די רעגירונג, וואָס אײַער גרויסקייט
האָט אים גנענדיק געגעבן. כאָטש איך זע אין אים אַ געוויסע פעיִקייט אין דעם
איניען רעגירן, זאָל ער נאָר אַביסל אונטערשערן דעם סייכל, וועט ער מיט אַ ליאַ־
דע רעגירונג אַרויסקומען ווי דער קיניג מיט זײַנע צינזן. ביפראַט אַז פון דער
פּראַקטיק ווייסן מיר, אַז אַף צו זײַן אַ רעגירער, איז גאָרנישט נייטיק אַזוי פיל
פעיִקייט און אַזויפיל קענטעניש, פאַראַז הונדערטער זייערע, וואָס קענען קוים
לייענען און זיי רעגירן וואָס בעסער דאַרף מען ניט. דעריקער, די קאַוואָנע זאָל באַ
זיי זײַן אַ גוטע און זיי זאָלן וועלן זײַן יוישעדיק, וועלן זיך שוין געפינען קלוגע לײַט

מיט אייצעס און אַנוווײַזן וואָס זיי האָבן צו טון, ווי יענע רעגירער קאַוואַלירן און נישט קענעוודיקע, וואָס פּאַסקענען מיט אַן אייצע־געבער. איך וואָלט אים גע־אייצעט ער זאָל זיך נישט לאָזן אונטערקויפן און זאָל אויך נישט מעוואַטער זײַן אַף זײַן רעכט, און נאָך אַזוינע זאַכעלעך, וואָס בלײַבן מיר אינעם מאָגן און מיט דער צײַט וועלן זיי אַרויסקומען צום געברויך פאַר סאַנטשאָן און צום נוצן דעם אינדזל, וואָס ער וועט רעגירן.

ווען דער שמועס צווישן דעם פירשט, דער פירשטן און דאָן קיכאָטן איז צו־געקומען צו דעם אָרט, האָבן זיך פּלוצים דערהערט קוילעס און געפּילדערס פון מענטשן אינעם פּאַלאַץ און אומגעריכט איז אין זאָל אַרײַנגעלאָפן סאַנטשאָ אַ דערשראָקענער, מיט אַ קיך־שמאַטע אַף דער ברוסט פאַר אַ סערוועטקע, און נאָך אים אַ מענגע דינער, ריכטיקער, קיך־לייצים און קליינוואַרג, און איינער מיט אַ מולטערל וואַסער, וואָס לויט דעם קאָליר און דער אומריינקייט האָט מען געזען, אַז דאָס איז וואַסער פונעם רינשטאָק. דער וואָס מיט דעם מולטערל איז אים נאָכ־געלאָפן גרייט אים אָפּצוואַשן.

— וואָס איז דאָ, ברידער? — האָט די פירשטן געפרעגט. — וואָס קומט דאָ פאָר, וואָס ווילט איר טון מיט דעם ליבן מענטשן? איר נעמט גאָרניט אין אַכט, אַז ער איז באַשטימט פאַר גובערנאַטאָר?

און דער לעץ דער ראַזירער האָט דערויף געענטפערט:

— דער האַר וויל זיך נישט לאָזן אַרומוואַשן ווי דער מינהג איז, און ווי דער פירשט מײַן האַר און ווי זײַן האַר באַלעבאָס.

— אַוואַדע וויל איך — האָט סאַנטשאָ געענטפערט זייער בייז, — נאָר מיט אַ ריינעם האַנטוך און נישט מיט אַזאַ קוויטיקער זאַלע און קוויטיקע הענט. וואָרום עס איז גאָרניט אַזאַ גרויסער כילעק צווישן מיר און מײַן האַר, אַז אים זאָל מען וואַשן מיט ענגל־וואַסער און מיך מיט טײַוולשער זאַלע. די מינהגים פון דעם לאַנד און פון די פירשטלעכע פּאַלאַצן זײַנען גוט ווען זיי פאַרשאַפן ניט קיין צאַר, נאָר דאָס מין וואַשעכץ, וואָס איז דאָ אײַנגעפירט, איז ערגער ווי דער קאַנ־טשיק. איך האָב אַ ריינע באָרד און איך דאַרף נישט מען זאָל זי מיר אַזוי וואַשן. און טאָמער וועט עמיצער זיך דערוועגן מיר אַ האָר פון קאָפּ אָנצורירן, איך מיין פון דער באָרד, וועל איך אים — מיט דער פולער געהאָרכיקייט רײדנדיק — דערלאַנגען אַזאַ זעץ מיט דער פויסט, אַז זי וועט אים אינעם שאַרבן פאַרבלײַבן. וואָרום מיר דאַכט זיך, אַז דער מין צירימאָניעס און אײַנזייפעכצער זײַנען גיכער בויזעק ווי קיבעד פאַר די געסט.

געעקט האָט זיך פאַר געלעכטער די פירשטן ווען זי האָט געהערט ווי סאַנ־טשאָ רעדט און קייסט זיך, נאָר דאָן קיכאָטן איז גאָרניט געפעלן ווי ער איז אַזוי צוגעריכט מיט דעם אויסגעפּלעקטן האַנטוך און אַרומגערינגלט מיט די קיך־יונגען, וואָס פאַרווײַלן זיך אַזוי מיט אים. ער האָט זיך דערום טיף פאַרנויגט פאַר די פירשטן, ווי ער וואָלט געבעטן דערלויבעניש צו ריידן, און מיט אַ רויקן קאָל האָט ער זיך געווענדט צו די מענגוואַלים:

— הערט אויס, הארן ריטער! זאָלן אייערע גענעדיקייטן צו רו לאָזן דעם יונג און גייט אייך אהין פון וואנען איר זיינט געקומען, אָדער ערגיץ אנדערש, אויב איר ווילט. ווארום מיין וואַפּנטרעגער איז פונקט אזוי ווי עמיצער אנדערש, און די מולטערלעך זיינען פאַר אים ענגע פיינלעכע ראנדלעך. הערט אויס מיין ראָט און לאָזט אים אָפּ, מאַכמעס נישט ער און נישט איך ווייסן מיר פון שפּאַס.

סאַנטשאָ האָט בא אים די רייד איבערגענומען און געזאָגט:

— ניין, גייט בעסער מאַכט כוויזעק פון עפּעס אַ שלעפּער, מיך וועט עס אזוי קימערן ווי איצט איז נאַכט. איר ברענגט אהער אַ קעמל אָדער אַ פערדישן קאַם און קעמט מיר אויס די באָרד, און אויב איר וועט געפינען עפּעס אזוינס וואָס איז אַ באַליידיקונג פאַר דער ריינלעכקייט, זאָלט איר זי מיר אָפּשערן, ווי מען שערט אָפּ אַ שאָף.

די פירשטן האָט נישט אויפגעהערט לאַכן און האָט געזאָגט:

— סאַנטשאָ פּאַנצאַ איז גערעכט אין אַלץ וואָס ער זאָגט און ער וועט שטענדיק זיין גערעכט: ער איז ריין און, ווי ער זאָגט, האָט ער קיין נויט נישט זיך צו וואַשן. און אויב אונדזער איינפיר געפעלט אים נישט, איז ער אַליין אַף זיך באַלעבאָס. ביפראַט, אַז איר, די מעמונים אַף ריינקייט, זיינט געוועזן צו נאַכלעסיק, איך ווייס נישט צי זאָל איך זאָגן כוצפּעדיק, און אַזאַ פּאַרשוין אין אַזאַ באָרד, האָט איר אָנשטאָט גינגאָלדענע שיסלען און קרוגן מיט ווערבלנע האַנטעכער, גאָר אונטערגעטראָגן הילצערנע מולטערס און באַליעס און קיך־שמאַטעס. קורץ, איר זיינט בייז אין אומדערצויגן און איר קענט נישט, אויסוואורפן וואָס איר זיינט, אויסבאַהאַלטן דאָס בייזע האַרץ וואָס איר האָט אַף די וואָפּנטרעגער און וואַנדער־ריטער.

גערעכט האָט זיך די קלוגעטשקע מעמונים, און אויך דעם זאַלמייסטער, אַז די פירשטן רעדט ערנסט, און אַראָפּגענומען האָבן זיי די שמאַטע בא סאַנטשאָן פון דער ברוסט, און אַלע זיינען זיי אַוועק צעטומלט און קימאַט ווי אַרויסגעטריבענע און האָבן אים צו רו געלאָזט. און ער, אַז ער האָט זיך דערזען אויסער דער גרויסער סאַקאָנע, ווי אים האָט זיך געדאַכט, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט פאַר דער פירשטן אַף די קניען און געזאָגט:

— פון גרויסע דאַמען איז צו דערוואַרטן גרויס גענאָד: דער גענאָד, וואָס אייער גענעדיקייט האָט מיר היינט אַרויסגעוויזן, קען נישט באַצאָלט ווערן מיט ווייניקער ווי מיט מיין ווונטש מיך צו זען איינגעשוווירן פאַר אַ וואַנדער־ריטער, קעדיי איך זאָל אַלע טעג פון מיין לעבן קענען דינען אַזאַ הויכער דאַמע. אַ פּויער בין איך, סאַנטשאָ פּאַנצאַ הייס איך, כ'בין אַ כאַסענע געהאַטער און קינדער האָב איך און פאַר אַ וואָפּנטרעגער דין איך. אויב איך קען מיט עפּעס דערפון דינען אייער גרויסקייט, וועל איך ווייניקער וואַרטן מיט מיין געהאָרכן, ווי אייער הערשאַפט מיט אייער באַפעלן.

— קענטיק, סאַנטשאָ — האָט די פירשטן געזאָגט — איר האָט אייך גוט אויסגעלערנט העפלעך צו זיין אין דער שול פון דער העפלעכקייט אַליין. קענטיק,

מיין איך, איר האָט אײַך דערצויגן אױף דער ברוסט פֿון דאָן קיכאָטן, די סמעטענע פֿון די העפֿלעכקייטן און די בלום פֿון די צערעמאָניעס, אָדער צירימאָניעס, ווי איר זאָגט. ווײַל איז צו אַזאַ האר און ווײַל צו אַזאַ דינער, אײַנער דער אונטערשטערן פֿון דעם וואַנדער־ריטערטום און דער צווייטער דער מאָרגנשטערן פֿון דער וואָפּנטרעגערישער טרײַהייט! הויבט אײַך אויף, סאַנטשאָ פֿרײַנט, אײַערע העפֿלעכקייטן וועל איך באַלוינען דערמיט, וואָס איך וועל זען, אַז דער פֿירשט, מײַן מאַן, זאָל ווי ווײַט מעגלעך גיכער אויספֿילן דעם גענאַד, וואָס ער האָט אײַך פֿאַרשפּראָכן מיקויעך דער רעגירונג.

דערמיט האָט זיך דער שמועס פֿאַרענדיקט און דאָן קיכאָט איז געגאַנגען שלאָפֿן דעם נאָכמיטיק־שלאָף און די פֿירשטן האָט געבעטן סאַנטשאָן, אַז אויב ער האָט נישט קיין גרויסן כיישעק צו גיין שלאָפֿן, זאָל ער בלײַבן פֿאַרברענגען דעם נאָכמיטיק מיט איר און אירע פֿרײַלנס אין אַ גאַנץ קילן זאַל. סאַנטשאָ האָט געענטפֿערט, אַז עמעס ער איז געוווינט צו שלאָפֿן אַ פֿיר אָדער פֿינף שאָ אין די זומערדיקע נאָכמיטיקן, נאָר קעדיי דער גוטסקייט צו דינען, וועט ער זיך מיט אַלע זײַנע קויכעס באַמיען ניט צו שלאָפֿן דעם גאַנצן טאָג, און וועט געהאָרכן איר באַפֿעל. און ער איז אַוועק.

דער פֿירשט האָט נײַע באַפֿעלן אַרויסגעגעבן ווי אומצוגיין מיט דאָן קיכאָטן, ווי מיט אַ וואַנדער־ריטער און דערבײַ זאָל מען נישט אָפּטרעטן פֿון דעם שטייגער ווי מען פֿלעגט אומגיין, ווי מען דערציילט, מיט די וואַנדער־ריטער.

## דרײַ און דרײַסיקסטער קאַפּיטל

**וועגן דעם געשמאַקן שמועס, וואָס די פֿירשטן און אירע פֿרײַלנס האָבן געפֿירט מיט סאַנטשאָ פּאַנסאַ, וואָס איז קעדיי מען זאָל אים לייענען און מערקן.**

די געשיכטע, אַלזוי, דערציילט, אַז סאַנטשאָ איז יענעם נאָכמיטיק נישט געשלאָפֿן. געהאַלטן האָט ער וואָרט און פֿרום איז ער געגאַנגען זען די פֿירשטן און מיט דעם פֿאַרגעניגן וואָס זי האָט געהאַט צו הערן אים ריידן, האָט זי אים אוועקגעזעצט לעבן זיך אויף אַ נידעריקן בענקעלע. כאָטש סאַנטשאָ האָט, אויס בלויזער דערצויגנקייט, נישט געוואָלט זיצן, האָט אים די פֿירשטן געהייסן זיך זעצן ווי אַ גובערנאַטער און ריידן ווי אַ וואָפּנטרעגער, כאָטש צווישן די ביידע זאַכן קען מען אוועקשטעלן די באַנק פֿון דעם ציד רוי דיאַז קאַמפּעאַדאָר. סאַנטשאָ האָט מיט די אַקסלען געהויבן און געפֿאָלגט און די פֿירשטן מיט אַלע פֿרײַלנס און ווירטנס האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום אים און אין גרויסער שטילקייט אָן אויער צוגעלייגט אויסצוהערן וואָס ער וועט זאָגן. נאָר פֿאַר אַלעמען האָט די פֿירשטן געזאָגט:

— איצט, ווען מיר זײַנען אַליין און קיינער הערט אונדז ניט, וואָלט איך וועלן דער האר גובערנאַטער זאָל מיר קלאָר מאַכן געוויסע ספֿייקעס, וואָס זײַנען

באַ מיר אַרויפגעשווומען פון דער געשיכטע וועגן דעם גרויסן דאָן קיכאָט, וואָס גייט אום אַ געדרוקטע. איינע פון די ספּייקעס איז אָט וועלכע: ווי אַזוי האָט דער בראַווער סאַנטשאָ זיך דערוווּסט, דעמאָלט ווען ער האָט קיינמאָל נישט געזען דולצינעאַן (איך מיין די האַרנטע דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ) און האָט איר אויך נישט איבערגעגעבן דאָן קיכאָטס בריוו, מאַכמעס געבליבן איז דער בריוו אין דעם נאָטיץ־ביכל פון די מאָרענאַ־בערג. ווי אַזוי, פרעג איך, האָט סאַנטשאָ זיך דערוועגט אויסצוטראַכטן דעם ענטפער און אַז ער האָט זי געטראָפן רייניקן ווייץ אַף אַ רעשעטע, וואָס דאָס איז כוויזעק און ליגן און צום שאָדן דער גוטער מיינונג, וואָס מען קען האָבן פון דער נישט צום פאַרגלייַכן דולצינעאַ, זאַכן, וואָס זייַנען נישט אין העסקעם מיט דער כשיוועס און געטרייַשאַפט פון די גוטע וואָפנטרעגער?

אַף די רייד האָט סאַנטשאָ אַ וואָרט נישט געענטפערט, נאָר אויפגעהויבן האָט ער זיך און מיט שטילע טריט, אַן אייַנגעבויגענער אַף פאָרויס און מיט דעם פינגער אַף די ליפּן, איז ער אומגעגאַנגען איבער דעם גרויסן זאַל און האָט פאַרצויגן די פאָרהאַנגען. און ווי נאָר ער האָט דאָס געטון, איז ער צוריקגעקומען און האָט זיך אַוועקגעזעצט און געזאָגט:

— איצט, האַרנטע מייַנע, ווען איך בין זיכער, אַז קיינער הערט זיך נישט אונטער, אַכוץ די וואָס זייַנען דאָ פאַראַן, וועל איך אייַך אָן שום שרעק און מוירע ענטפערן דערויף וואָס איר פרעגט מיך און אַף אַלץ וואָס איר וועט מיך פרעגן. און פאַר אַלעמען, זאָג איך אייַך, אַז איך האַלט מייַן האַר דאָן קיכאָט פאַר אַ פאַרפאַרלענעם מעטורעף, כאָטש ער זאָגט אָפּט אַזוינע זאַכן, וואָס ווי מיר דאַכט זיך, און ווי עס דאַכט זיך יעדן איינעם וואָס הערט אים אויס, זייַנען זיי אַזוי קלוג און אַף אַזאַ ריכטיקן וועג, אַז דער סאָטן אַליין קען זיי בעסער נישט זאָגן. פון דעסט וועגן, איז מיר מיט אַן עמעס און אָן שום סאָפעק קלאָר געוואָרן, אַז ער איז אַ כאָסערדייע. און אַזוי ווי באַ מיר איז עס קלאָר, דערוועג איך מיך אים אייַנצורעדן זאַכן, וואָס הויבן זיך נישט אָן און לאָזן זיך נישט אויס, אַזוי ווי דעמאָלט מיט דעם ענטפער אַף זייַן בריוו און ערשט צוריק מיט אַ זעקס אָדער אַכט טעג, וואָס כאָטש אין דער געשיכטע איז עס נאָך נישט פאַראַן, איז קעדייַ מען זאָל דאָס וויסן: די מייַסע מיט דעם קישעף וואָס ליגט אַף מייַן האַרנטע דאָניאַ דולצינעאַ, האָב איך אים אייַנגערעדט און דאָס איז אַזוי עמעס ווי די אובעדער בערג זייַנען עמעס.

געבעטן האָט אים די פירשטן ער זאָל איר דערציילן וועגן דעם דאָזיקן קישעף אָדער שפּאַס, און סאַנטשאָ האָט איר אַלץ דערציילט אַזוי ווי דאָס איז פאָרגעקומען און די צוהערערנס האָבן דערפון גרויס האַנאָע געהאַט. און די פירשטן האָט ווייַטער געפירט דעם שמועס און געזאָגט:

— דערפון וואָס סאַנטשאָ האָט מיר דערציילט, שפּרינגט שוין באַ מיר אום אַ כשאַד אין האַרצן און עפּעס אַזוינס שעפּטשעט מיר אַרייַן אינעם אויער און זאָגט מיר: אויב דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ איז מעשוגע, מעטורעף און כאָסערדייע

און סאַנטשאָ פּאַנצאַ, זײַן וואָפּנטרעגער, ווייסט דאָס און דאָך דינט ער אים און גייט אים נאָך און איז צוגעבונדן צו זײַנע פּוסטע האַפּטאַכעס, מוז ער, אָן שום ספק, זײַן נאַכמער משוגע און נאַריש ווי זײַן האַר. און אויב דאָס איז אַזוי ווי דאָס איז, וועט דיר, האַרנטע פירשטן, קיין גוטס נישט אַרויסקומען דערפון וואָס דו וועסט געבן סאַנטשאָ פּאַנצאָן אַן אינדזל צום רעגירן. וואָרום אויב ער קען זיך אַליין נישט רעגירן, ווי אַזוי וועט ער קענען רעגירן אַנדערע?

— באַ גאָט, מײַן האַרנטע — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — דער כשאַד איז אַ ריכטיק געבוירענער, נאָר זאָגט אים, אײַער גענעדיקייט, ער זאָל ריידן קלאָרער, אָדער ווי ער וויל זיך, וואָרום איך וויים, אַז ער זאָגט דעם עמעס: ווען איך וואָלט געווען קלוג, וואָלט איך שוין לאַנג פון מײַן האַר אַוועקגעגאַנגען. נאָר מײַן מזל איז עס געווען און אויך מײַן שלימזל. אַנדערש קען איך נישט, איך מוז אים נאָכגיין. ביידע זײַנען מיר פון איין אָרט, איך האָב זײַן ברויט געגעסן, איך האָב אים ליב, ער דאַנקט מיר דערפאַר, ער האָט מיר זײַנע אייזלען געגעבן, און דערי־קער, איך בין געטרײַ. דערום איז עס אומעגלעך אונדז זאָל צעשיידן עפּעס אַנ־דערש ווי די לאָפּעטע און די קאָסע. און אויב אײַער שטאַלץ וועט נישט וועלן מען זאָל מיר געבן די צוגעזאָגטע רעגירונג, האָט מיך גאָט באַשאַפן נאָך מינער, און עס קען זיך מאַכן, דאָס זאָל זיך אויסלאָזן לטובֿיוועס מײַן געוויסן. עפּשער איז עס נאַריש, נאָר מיר קומט אָפּן געדאַנק דאָס שפּריכוואָרט: „פון איר ראָע וועגן זײַנען דער מערעזשקע פליגל אויסגעוואַקסן". און עס קען מעגלעך זײַן, אַז סאַנ־טשאָ דער וואָפּנטרעגער זאָל גיכער זײַן אין גאַנײדן איידער סאַנטשאָ דער גובער־נאַטער. דאָ באַקט מען פּונקט אַזאַ גוט ברויט ווי אין פראַנקרייך, און באַנאַכט זײַנען אַלע קעץ ברוין, און געגוג אומגליקלעך איז דער מענטש, וואָס האָט צוויי אַזייגער באַטאָג נאָך אין זײַן מויל נישט געהאַט. און נישטאָ אַזאַ מאָגן, וואָס זאָל כאָטש איין פּערטל זײַן גרעסער פונעם צווייטן, און אָנפילן קען מען אים, ווי זאָגט מען עס, מיט שטרוי און מיט היי. און די פייגעלעך אין פעלד האָבן גאָט פאַר אַ זאָרגער און באָרגער. און פיר איילן קוענקער שטאָף וואַרימען בעסער ווי פיר איילן סעגאָוויער. און אַז מען פאַרלאָזט די וועלט און מען גייט אין דער ערד אַרײַן, גייט דער פּרינץ פּונקט אַף אַזאַ שמאָלער סטעזשקע ווי דער טאָגלוי־נער און דער פּויפּסט פאַרנעמט דעמאָלט נישט מער איילן ערד ווי דער קלויסטער־שאַמעס, כאָטש איינער איז העכער פונעם צווייטן. אין קייווער פּאַסן מיר זיך אַלע אַרײַן און מיר בויגן אונטער די פיס, אָדער מען בויגט זיי אונדז אונטער און מען פּאַסט אונדז אַרײַן, מעג עס אונדז פאַרדריסן, און אַ גוטע נאַכט.

„און איך זאָג אײַך נאָכאַמאָל, אַז אויב אײַער הערשאַפט וועט מיר נישט וועלן געבן דאָס אינדזל דערפאַר וואָס איך בין אַ נאַר, וועל איך וויסן אַז איך דאַרף מער קיין שום זאַך נישט אָנעמען פאַר אַ כאָכמע. און געהערט האָב איך זאָגן, אַז הינטער דעם צײלעם שטייט דער טייוול, און אַז נישט אַלץ וואָס גלאַנצט איז גאָלד, און אַז פון צווישן די אָקסן, אַקערס און לייצעס, האָט מען דעם פּויער וואַמבאַ גענומען ער זאָל ווערן קיניג פון שפּאַניע. און פון צווישן בראָקאַטן, באַנ־

קעטן און רייכטום האָט מען ראַדריגאָן אַרויסגעפירט די שלענג זאָלן אים פרעסן, אויב די לידער פון די אַלטע ראָמאַנסן זאָגן נישט קיין ליגן.

— און נאָך וואָס פאַר אַ ליגן! — האָט זיך דערויף אָפּגערופן דאָניאַ ראָדריגעז, די ווירטן, וואָס איז געוועזן איינע פון די צוהערערנס: — פאַראַן אַ ראָמאַנס, וואָס דערציילט, אַז מען האָט דעם קיניג ראָדריגאָ אַ לעבעדיקן אַרײַנגעלייגט אין אַ קייווער, וואָס איז פול געווען מיט זשאַבעס, מיט שלענג און מיט עקדישן, און אין צוויי טעג אַרום האָט דער קיניג פונעם קייווער אַרויסגערעדט מיט אַ שוואַך און צעוויייטיקט קאָל:

שוין פרעסן זיי, שוין פרעסן זיי מיך
וווּ איך האָב מערער זינד געהאַט.

און דער האַר האָט דערום גאַנץ רעכט ווען ער וויל בעסער זײַן אַ פּויער איידער אַ קיניג, אויב די שראַצים דאַרפן אים פרעסן.

נישט געקענט האָט זיך די פירשטן אײַנהאַלטן פון לאַכן איבער דער ווירטנס פלאַטשיקייט און נישט געקענט האָט זי זיך אָפּוווּנדערן פון סאַנטשאָס רייד און שפּריכווערטער, און געזאָגט האָט זי:

— דער ליבער סאַנטשאָ ווייסט שוין, אַז אויב אַ ריטער זאָגט עפּעס צו, באַמיט ער זיך דאָס צו דערפילן עס זאָל אים אַפילו דאָס לעבן קאָסטן. דער פירשט, מײַן האַר און מאַן, איז אַפילו נישט פון די וואַנדערנדיקע, נאָר אַ ריטער איז ער, און ער וועט האַלטן זײַן וואָרט מיקויעך דעם צוגעזאָגטן אינדזל, נישט געקוקט אויף דער ניט פאַרגינערישקייט און בייזוויליקייט פון דער וועלט. זאָל סאַנטשאָ זײַן רויִק, אומגעריכט וועט ער זיך דערזען אויפן דעם שטול פון זײַן אינדזל און פון זײַן מעדינע, וואָס איצט זיצט אויף אים, מיט הויכן בראָקאַט באַצויגן, אַ צווייטער, און וועט נעמען די רעגירונג אין זײַנע הענט. איך וויל אײַך נאָר וואָרענען, איר זאָלט אַכטונג געבן ווי איר רעגירט מיט אײַערע לאַנדקנעכט, וואָס אַלע זײַנען זיי געטרײַע און דערצויגענע.

— וואָס שײַעך גוט רעגירן, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — דאַרף מען מיך נישט וואָרענען, מאַכמעס בעטעווע בין איך אַ גוטער און האָב ראַכמאָנעס אויף אָרימעלײַט. און בײַ דעם וואָס קנעט און באַקט, גאַנווע נישט צו דאָס פלעצל, און בײַ מײַנע נעמאָנעס, אַז מיך וועט מען נישט גענאַרן. איך בין אַן אַלטער הונט און איך פאַרשטיי יעדן מוץ, און איך קען מיך אויך אָפּשנויצן צו יעדער צײַט, און האָב נישט ליב מיר זאָלן קריכן מײַז פאַר די אויגן, ווײַל איך ווייס ווו דער שוך קוועטשט מיר. איך זאָג עס אַקעגן דעם וואָס די גוטע וועל איך דערלאַנגען אַ האַנט און די שלעכטע קיין פוס און קיין צוטריט. און מיר דאַכט זיך, אַז אין דעם איניען רעגירן, איז דער איקער אָנהייבן, און נאָך צוויי וואָכן זײַ גובערנאַטער, זאָל איך, מעגלעך, שוין האָבן די הענט אויפגעפרעסן אין דעם פאַך און איך זאָל עס קענען בעסער ווי די פעלד־אַרבעט, וואָס אין איר בין איך געוואַקסן.

— איר זײַנט גערעכט, סאַנטשאָ, — האָט די פירשטן געזאָגט, — וואָרום קיינער ווערט נישט געבוירן קיין געלערנטער און בישאָפן קומען אַרויס פון

מענטשן, ניט פון שטיינער. קומען מיר צוריק צום שמועס, וואָס מיר האָבן פריער געפירט מיקוייעך דעם קישעף פון דער הארנטע דולצינעאַ, איז עס באַ מיר אַ זי־בערע און אויפגעקלערטע זאַך, אַז דער געדאַנק, וואָס סאַנטשאָ האָט געהאַט צו נעמען זײַן האַר אַף בוויזעק און אים אײַנריידן, אַז די פוויערטע איז דולצינעאַ, און אַז אויב זײַן האַר דערקענט זי ניט, מוז עס זײַן דערפאַר, וואָס זי איז פאַרקי־שעפט, איז אין דער עמעסן געווען צוגעטראַכט פון איינעם פון די קישעפמאַכער, וואָס פאַרפאָלגן דאָן קיכאָטן, וואָרום אין דער וואָרער ווירקלעכקייט ווייס איך פון אַ געוויסן צאַד, אַז די פוויערטע, וואָס איז אַרויפגעשפּרונגען אַף דעם אייזל איז געווען און איז דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ און אַז דער בראַווער סאַנטשאָ, וואָס מיינט ער איז דער גענאַרער, איז אין דער עמעסן דער גענאַרטער. און מען דאַרף דערין נישט צווייפלען מער ווי אין זאַכן, וואָס מיר האָבן קיינמאָל נישט געזען. און דער האַר סאַנטשאָ פאַנצאַ מעג וויסן, אַז אויך מיר האָבן דאָ קישעפמאַכער, וואָס האָבן אונדז ליב און זאָגן אונדז וואָס אַף דער וועלט פאַסירט, פּראָסט און פּאָ־שעט, אָן פּלאָנטערס און אָן מאַכינאַציעס. און גלויבט מיר, אַז די שפּרינגענדיקע פוויערטע איז געווען און איז דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ, וואָס איז פונקט אַזוי פאַר־קישעפט, ווי די מאַמע וואָס האָט זי געהאַט. און אַ ליאַדע מינוט וועלן מיר זי זען אין איר אייגענער געשטאַלט, און דעמאָלט וועט סאַנטשאָ אַרויס פון דעם טאָעס, אין וועלכן ער לעבט.

— אַלץ קען געמאָלט זײַן — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — און איצט וויל איך גלויבן וואָס מײַן האַר האָט מיר דערציילט וועגן דעם וואָס ער האָט געזען אין דער מאָנטעסינאָס־הייל, ווו ער האָט געזען, זאָגט ער, די הארנטע דולצינעאַ פון טאָ־באָסאָ אַזוי געקליידט ווי איך האָב געזאָגט, אַז איך האָב זי געוועסט געזען בעיס איך האָב זי פאַרקישעפט, ווײַל מיר האָט זיך אַזוי געוואָלט. און געמוזט האָט גאָר זײַן פונקט פאַרקערט, ווי אײַער גנעדיקייט, מײַן הארנטע, זאָגט. וואָרום פון מײַן נישטיקן מויעך איז נישט צו דערוואַרטן און מען דאַרף פון אים נישט דער־וואַרטן ער זאָל אין איין אויגנבליק אויסאַרבעטן אַזאַ שאַרפן שפּיצל, און איך גלויב אויך ניט, אַז מײַן האַר זאָל זײַן אַזוי מעשוגע, ער זאָל פון אַזאַ מאָגערער איבערריידונגס קראַפט ווי איך פאַרמאָג, זיך לאָזן אײַנריידן אַזאַ זאַך וואָס איז אויסער יעדער מאָס. אָבער, הארנטע מײַנע, צוליב דעם איז נישט רעכט איר זאָלט מיך האַלטן פאַר אַ ראָשע, וואָרום אַזאַ רויער מענטש ווי איך בין, איז נישט מעבויעוו זיך צו בויערן אין די געדאַנקען און אין דעם בייזן ווילן פון די רישעס־דיקע קישעפמאַכער. איך האָב דאָס צוגעטראַכט קעדיי מיך אַרויסצודרייען פון מײַן האַר דאָן קיכאָטס טאַדלונגען און נישט מיט דעם געדאַנק אים שאָדן צו ברענגען. און אויב אַרויסגעקומען איז פאַרקערט, איז דאָ אַ גאָט אין הימל, און זאָל ער מישפּעטן די הערצער.

— דאָס איז ריכטיק — האָט די פירשטן געזאָגט, — נאָר זאָגט מיר איצט, סאַנטשאָ, וואָס אַזוינס זאָגט איר וועגן דער מאָנטעסינאָס־הייל? איך וואָלט עס וועלן וויסן.

דערציילט האָט איר דערויף סאַנטשאָ פּאַנצאַ וואָרט באַ וואָרט דאָס וואָס איז שוין דערציילט מיקויעך דער פּאַסירונג. און נאָכדעם ווי די פירשטין האָט דאָס אויסגעהערט, האָט זי געזאָגט:

— פון דער פּאַסירונג קען מען דרינגען, אַז אויב דער גרויסער דאָן קיכאָט זאָגט, אַז ער האָט דאָרט געזען די אייגענע פּויערטע, וואָס סאַנטשאָ האָט געזען בעיס ער איז אַרויסגעגאַנגען פון טאָבאָסאָ, איז זי אָן שום ספק דולצינעאַ, און די קישעפמאַכער דאָ זיינען גאַנץ געשיקטע בעוורע־לייט און צו נייגיריק.

— דאָס זאָג איך דאָך — האָט סאַנטשאָ פּאַנצאַ געזאָגט, — דאָס וואָס מיין הארנטע דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ איז פאַרקישעפט, איז עס איר שאָדן, און איך דאַרף מיך נישט פאַרטשעפּען מיט מיין הארס סאָנים, וואָס ער מוז זיי האָבן אַ סאַך און זייער בייזע. דער עמעס איז, אַז די וואָס איך האָב געזען, איז געווען אַ פּויערטע און איך האָב זי פאַר אַ פּויערטע אָנגענומען און ווי וועגן אַ פּויערטע געטראַכט. און אויב זי איז געווען דולצינעאַ, דאַרף זי דאָס נישט זיין אַף מיין כעשבן. מען דאַרף נישט באַ יעדן סקריפּ אַלץ אַרויפוואַרפן אַף מיר און געזאָגט און גערעדט, „סאַנטשאָ האָט געזאָגט, סאַנטשאָ האָט געטון, סאַנטשאָ איז געגאַנגען און סאַנטשאָ איז געקומען”, גלייך סאַנטשאָ וואָלט געווען אַן אַבי ווער און נישט דער אייגענער סאַנטשאָ פּאַנצאַ, וואָס מען שרייבט שוין וועגן אים אין די ביכער איבער דער גאָרער וועלט, ווערליק סאַמסאָן קאַראַסקאָ האָט מיר געזאָגט, וואָס, אַלנפאַלס, איז ער אַ מענטש, וואָס האָט שטודירט אין סאַלאַמאַנקאָ. און די לייט טאָרן קיין ליגן נישט זאָגן, סיידן דעמאָלט ווען זיי פאַרגלוסט זיך אָדער ווען עס פּאַסט זיי צום רומל. אַזוי אַז קיינער דאַרף זיך צו מיר נית טשעפּען. און אַזוי ווי איך האָב אַ גוטן נאָמען און ווערליק געהערט האָב איך מיין האר אָפּט זאָגן, אַז אַ גוטער נאָמען איז בעסער ווי רייכקייט, איז פּאַקעוועט מיר איין די רעגירונג, וועט איר זען ווונדער. וואָרום ווער עס איז געווען אַ גוטער וואָפנטרעגער, וועט אויך זיין אַ גוטער גובערנאַטער.

— אַלץ וואָס דאָ האָט געזאָגט דער בראַווער סאַנטשאָ — האָט די פירשטין געזאָגט, — זיינען קאַטאָנישע עמעסן אָדער ווייניקסטנס פון די געדערים אַרויס באַ מיקאַעל ווערינאָ „פלאָרענטיבוס אָקצידיט אַנים”. בעקיצער, ווי וואָלט איר געזאָגט, אונטער אַ שלעכטן מאַנטל טרעפט מען אַ גוטן טרינקער.

— דעם עמעס געזאָגט, מיין הארנטע — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — האָב איך אַף מיין לעבן נישט געטרונקען צו לעהאַכעס. דורשטיקערהייד קען זיין, מאַכמעס איך האָב נישט אין מיר קיין שום צוויעס. איך טרינק ווען מיר ווילט זיך און ווען מיר ווילט זיך נישט און ווען מען גיט מיר, קעדיי מען זאָל מיך נישט האַלטן פאַר קיין מעפונעק אָדער פאַר קיין אומדערצויגענעם, וואָרום מען דאַרף האָבן אַ האַרץ פון מירמלשטיין נישט צו נעמען אַ לעכאַים מיט אַ גוטן ברודער. נאָר כאָטש איך טראָג זיי, שמיר איך זיי ניט אויס. ביפראַט, אַז וואָפנטרעגער באַ די וואַנדערריטער טרינקען קימאַט שטענדיק וואַסער, מאַכמעס זיי גייען איבער סטעפּעס

און וועלדער און פעלדער, איבער בערגער און פעלזן און טרעפן נישט אָן קיין טראָפּן ווײַן פאַר ראַכמאָנעס, זיי זאָלן אַפילע אָן אויג דערפאַר אָוועקגעבן.

— איך גלויב אײַך, — האָט די פירשטן געענטפערט. — און דערווײַל, סאַנטשאָ, גייט רוט אײַך אויס. שפּעטער וועלן מיר שמועסן לענגער און מירן באַפעלן מען זאָל אײַך וואָס גיכער אײַנפּאַקעווען, ווי איר זאָגט, די רעגירונג.

ווידער האָט סאַנטשאָ געקושט די הענט בא דער פירשטן און האָט זי געבעטן זי זאָל אים טון די טויווע און מען זאָל גוט אויפּפּאַסן אַף זײַן העל־ברוינעם, מאַכמעס ער איז די שײַן פון זײַנע אויגן.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ העל־ברוינער? — האָט די פירשטן געפרעגט.

— מײַן אייזל, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — איך רוף אים געוויינלעך העל־ברוינער, קעדיי אים ניט אָנצורופן מיט דעם נאָמען, און דער האַרנטעם ווירטן האָב איך געבעטן, בעיים איך בין אַרײַנגעקומען אין דעם פּאַלאַץ, מען זאָל אַף אים אויפּפּאַסן און זי האָט זיך דערהפון אויפגערעגט גלײַך איך וואָלט איר געזאָגט מיעסע אָדער אַלטע, דעמאָלט ווען פאַר ווירטנס וואָלט אַ סאַך פּאַסיקער און נאַטירלעכער געווען אינזינען צו האָבן אייזלען איידער די זאָלן מיט זיך אויסצופּוצן. אָ, שיץ מיך גאָט, ווי שלעכט עס האָט זיך מיט די דאַמען אויפגעפירט אַן אַדעליקער פון מײַן דאָרף!

— ער מוז זײַן אַ פּויער — האָט די ווירטן דאָניאַ ראָדריגעז געזאָגט, — וואָרום ווען ער וואָלט געווען אַן אַדעליקער און אַ דערצויגענער מענטש, וואָלט ער זיי אַפּן האָרן פון דער לעוואָנע געזעצט.

— איצט — האָט די פירשטן געזאָגט, — זאָל מען זיך מער נישט קריגן. שווײַגט, דאָניאַ ראָדריגעז און זאָל זיך באַרויִקן דער האַר פּאַנצאַ, און צוזען דעם העל־ברוינעם נעם איך אַף מיר. ווײַל דאָס איז סאַנטשאָס אַ צירונג, וועל איך אים מיר אַף מײַנע שוואַרצאַפּלען לייגן.

— גענוג אַז ער וועט שטיין אין שטאַל — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — וואָרום אַף די שוואַרצאַפּלען פון אײַער גרויסקייט זײַנען מיר נישט ווערט צו ליגן קיין איין רעגע ניט, נישט ער און נישט איך, איך וועל עס נישט דערלאָזן ווי אַ מעסער מיר אין האַרצן, וואָרום כאָטש מײַן האַר זאָגט, אַז אין העפלעכקייט איז גלײַכער צו פאַרלירן מער איידער ווייניקער, מוז מען אין אייזלשע איניאָנים אומגיין מיט דעם קאָמפּאַס אין דער האַנט אין האַלטן די מאָס.

— נעמט אים, סאַנטשאָ — האָט די פירשטן געזאָגט — צו אײַך אין דער רעגירונג, דאָרט וועט איר אים קענען צוזען וויפל איר ווילט און אפילע אַ פּענסיע אים באַשטימען.

— מיינט ניט אײַער גענעדיקייט, האַרנטע פירשטן, אַז איר האָט איבערגעטריבן, — איך האָב שוין געזען מער ווי צוויי אייזלען אין דער רעגירונג, און עס וואָלט קיין נײַס נישט געווען ווען איך נעם מײַנעם אַהין.

סאַנטשאָס ווערטער האָבן אָפּגעפרישט בא דער פירשטן די האַנאָע און דעם געלעכטער און נאָכדעם ווי זי האָט אים אָוועקגעשיקט אָפּרוען, איז זי אָוועק דער־

ציילן דעם פירשט, וואָס זי האָט גערעדט מיט אים, און ביידע האָבן זיי אויסגע־פּלאַנעוועט און באַפוילן אָפּצוטון דאָן קיכאָטן אַ שפּיצל, וואָס זאָל ווערן באַרימט און זאָל אויך זײַן אינעם ריטערישן סטיל. און אָפּגעטון האָבן זיי אים אַ סאַך שפּיצ־לעך, פּאַסיקע און קלוגע, וואָס זיי זײַנען די בעסטע פּאַסירונגען, וואָס זײַנען פאַראַן אין דער גרויסער געשיכטע.

## פיר און דרייסיקסטער קאַפּיטל

**וואָס דערציילט וועגן דער יעדיע, וואָס האָט זיך באַקומען ווי אַזוי מען דאַרף אָפּטאָן דעם קישעף פון דער דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ, וואָס דאָס איז איינע פון די באַרימטסטע פּאַסירונגען אין דעם בוך.**

גרויס איז געווען דער פאַרגעניגן, וואָס דער פירשט מיט דער פירשטן האָבן געהאַט פון זייער געשפּרעך מיט דאָן קיכאָטן און סאַנטשאָ פּאַנצאַן. און פעסט אין זייער באַשלוס אָפּצוטון עטלעכע שפּיצלעך, וואָס זאָלן האָבן דעם פּאַ־נים און שײַן פון אַוואַנטורע, האָבן זיי אַלס גרונד גענומען דאָס וואָס דאָן קיכאָט האָט זיי געוועסט דערציילט וועגן דער מאָנטעסינאָס־הייל, קעדיי צו מאַכן מיט אים אַ שפּאַס, וואָס זאָל ווערן באַרימט. נאָר מער ווי אַלץ האָט דער פירשטן גע־וווּנדערט דאָס וואָס סאַנטשאָס טמימעס איז אַזוי גרויס, אַז ער האָט גענומען גלויבן, אַז דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ איז מיט אַן עמעס פאַרקישעפט און אַז ער אַליין איז דער קישעפמאַכער און דער שווינדלער אין דעם אייסעק. זיי האָבן דער־רום געגעבן זייער דינערשאַפט אַ באַפעל וואָס זיי האָבן צו טון, און אין זעקס טעג אַרום האָבן זיי אים מיטגענומען אויף אַ וואַלד־געיעג, אַרומגעשטעלט מיט אַזאַ רייכקייט, מיט יעגער און לויפער, וואָס נאָר אַ געקרוינטער קיניג האָט דאָס געקענט אויספירן. דאָן קיכאָטן האָבן זיי געגעבן אַ וואַלד־אָנצוג און סאַנטשאָן אַ צווייטן, אַ גרינעם פון פײַנסטן שטאָף. נאָר דאָן קיכאָט האָט אים נישט געוואָלט אָנטון, מאַכמעס מאָרגן, האָט ער געזאָגט, מוז ער צוריקגיין צו דעם שווערן באַ־רוף פון דעם געווער, און ער קען מיט זיך נישט פירן קיין קליידער־שראַנקען און קאַמערס. סאַנטשאָ האָט יאָ גענומען דעם אָנצוג, וואָס מען האָט אים געגעבן, מיט דעם געדאַנק אים צו פאַרקויפן בײַ דער ערשטער געלעגנהייט, וואָס וועט זיך אים מאַכן. אַז עס איז געקומען דער דערוואַרטער טאָג, האָט דאָן קיכאָט אויף זיך זײַן פּאַנצער אָנגעצויגן און סאַנטשאָ האָט זיך אָנגעטון, און רײַטנדיק אויף זײַן העל־ברוינעם, וואָס ער האָט אים נישט געוואָלט איבערלאָזן, כאָטש געגעבן האָט מען אים אַ פערד, איז ער אַרײַן צווישן דער מאַכנע וואַלד־יעגער. די פירשטן איז אַרויסגעקומען פּרעכטיק פאַרפּוצט, און אויס ריינער העפלעכקייט, האָט דאָן קיכאָט אָנגענומען דאָס ציימל בײַ איר שקאַפּע, כאָטש דער פירשט האָט נישט געוואָלט דערצו, און צוגעקומען זײַנען זיי אויף לעצט צו אַ וואַלד צווישן צוויי הויכע בערג, ווו די מענטשן האָבן פאַרנומען די אַלערליי פּאָסטנס, די אויס־

באַהעלטעניש, די שטעגלעך, און אָנגעהויבן האָט זיך די יאַגד מיט גרויס געקנאַל און געפּילדער, אַזוי אַז איינער האָט דעם צווייטן נישט געקענט הערן, סײַ צוליב דעם בילן פֿון די הינט און סײַ צוליב דעם שאַלן פֿון די טרומייטערס.

די פּירשטן איז אַראָפּ פֿונעם פֿערד און, מיט אַ שאַרפֿער פֿײַל אין דער האַנט, האָט זי פֿאַרנומען אַן אָרט, ווו זי האָט געוווּסט, אַז דאָרט גייען געוויינלעך פֿאַרבײַ די ווילדע כאַזיירים. אַראָפּ פֿון זייערע פֿערד זײַנען אויך דער פּירשט און דאָן קיכאָט און האָבן זיך אַוועקגעשטעלט פֿון ביידע זײַטן. סאַנטשאָ איז נישט אַראָפּ פֿון זײַן אייזל און האָט זיך מיט אים אַוועקגעשטעלט הינטער אַלעמען. מוירע געהאַט האָט ער איבערצולאָזן זײַן העל־ברוינעם אַף העפקער, עס זאָל אים, כאָלילע, עפּעס נישט געשען. און ווי נאָר זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ שורע, מיט נאָך אַ סאַך דינער זייערע, האָבן זיי דערזען אַ ווילדן כאַזער לויפֿן, געיאָגט פֿון הינט און פֿון יעגער, און ער קריצט מיט די ציין און קליקעס און אַ שוים זעצט אים פֿונעם מויל. און ווי דאָן קיכאָט האָט אים דערזען, האָט ער אָנגעטון זײַן שויץ אַפֿן אָרעם, גענומען די שווערד אין דער האַנט, און איז אַרויסגעטראָטן אים אַקעגן. דאָס אייגענע האָט געטון דער פּירשט מיט זײַן פֿײַל, נאָר די פּירשטן וואָלט אים אַקעגנגעלאָפֿן ווײַטער פֿון זיי ביידן, ווען דער פּירשט שטערט איר ניט. נאָר סאַנטשאָ, ווען ער האָט דערזען די ווילדע כײַע, האָט ער איבערגעלאָזט זײַן העל־ברוינעם און גענומען לויפֿן ווי ווײַט ער האָט געקענט און גענומען אַרויפֿקלעטערן אַף אַ הויכן דעמב, נאָר ער האָט נישט געקענט. ווען ער איז שוין געווען אַף האַלב אַרויפֿגעקלעטערט און האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן אַ צווײַג, קעדיי צו קלעטערן ביזן שפּיץ, האָט זיך די צווייג, צו זײַן שלימאַזל, אײַנגעבראָכן און ער איז געבליבן הענגען אַף אַ האָק פֿונעם דעמב און האָט נישט געקענט אַראָפּ אַף דער ערד. און אַז ער האָט זיך דערזען אין אַזאַ לאַגע, דער גרינער מאַלבעש צעריסן, און אין שרעק טאָמער קומט צו די ווילדע כײַע און דערלאַנגט אים, האָט ער גענומען שרײַען און מיט אַזאַ אימפּעט בעטן הילף, אַז ווער עס האָט אים געהערט און נישט געזען, האָט געקענט מײַנען, אַז עפּעס אַ כײַע האַלט אים שוין אין אירע ציין. צום סאָף איז דער ווילדער כאַזער מיט זײַנע גרויסע קליקעס געבליבן ליגן אַ דורכגעשטאָכענער מיט די שפּיצן פֿון די פֿײַלן, וואָס האָבן זיך אים אַקעגנגעשטעלט. און ווען דאָן קיכאָט האָט דעם קאָפּ אומגעדרייט אַף סאַנטשאָס געשרייען, מאַכמעס פֿון די געשרייען האָט ער אים דערקענט, האָט ער אים דערזען הענגען אַף דעם דעמב מיט דעם קאָפּ אַראָפּ און לעבן אים זײַן העל־ברוינער, וואָס האָט אים אין דער אייס־צאָרע נישט פֿאַרלאָזן. און סידע האַמעטע זאָגט, אַז ער האָט זעלטן געזען סאַנטשאָ פּאַנצאַן אָן דעם העל־ברוינעם אָן סאַנטשאָ פּאַנצאָן: אַזוי גרויס איז געווען די פֿרײַנטשאַפֿט און דער צוטרוי, וואָס זיי האָבן אײַנגעהיט איינער צום צווייטן.

צוגעקומען איז דאָן קיכאָט און האָט אַראָפּגענומען סאַנטשאָן פֿונעם האָק, און ווען ער האָט זיך שוין דערזען אַף דער ערד, אַ באַפֿרײַטער, האָט ער אַ קוק געטון אַף זײַן צעריסענעם מאַלבעש, און עס האָט אים דאָס האַרץ ווײ געטון. וואָרום גע־

טראַכט האָט ער זיך, אַז מיט דעם מאַלבעש האָט ער באַקומען אַ העכערן ראַנג. בעיים מײַסע, האָט מען דעם מעכטיקן ווילדן כאַזער אַף אַ לאַסט־אייזל אַרויפגע־לייגט, אײַנגעדעקט אים מיט ראַזמאַרין־קוסטעס און מיט מירטן־צווײַגן און ווי אַ ניצאָכן־טראָפּיי געפירט צו אַ געצעלט, וואָס איז געווען אויפגעשטעלט אין מיטן וואַלד, ווו געטראָפן האָבן זיי די טישן גרייט און דאָס עסן פאַרטיק, אַזוי רײַך און ראַכוועסדיק, אַז מען האָט דערין געזען די האַרלעכקייט און ברייטהאַרציקייט פון דעם וואָס האָט דאָס געגעבן. סאַנטשאָ האָט געוויזן דער פירשטן די ווונדן פון זײַן צעריסענעם מאַלבעש און געזאָגט:

— וואָלט די יאָגד געווען אַף האָזן אָדער אַף פייגעלעך, וואָלט מײַן מאַלבעש פאַרזיכערט געווען פון אַזאַ אומגליק. איך ווייס נישט וואָס איז דאָס פאַר אַ פאַר־גניגן באַ מענטשן אָפּצוּוואַרטן אַ כײַע, וואָס ווען זי טרעפט אײַך מיט איין קליק אירן, וואָלט זי באַ אײַך דאָס לעבן אַוועקגענומען. איך געדענק, איך האָב אַמאָל געהערט זינגען אַן אַלטן ראָמאַנס:

פון די בערן זאָלסטו ווערן געפרעסן
ווי פאַווילאַ דער באַרימטער.

— געווען איז ער אַ גאָדישער קיניג — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — וואָס אַ בער האָט אים אויפגעפרעסן ווען ער איז געגאַנגען אַף יאָגד אין וואַלד.

— אָט דאָס זאָג איך דאָך — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — אַז איך וואָלט נישט וועלן די קיניגן און פירשטן זאָלן זיך אויסשטעלן אַזוינע סאַקאָנעס צוליב דעם פאַרגעניגן, וואָס וואָלט דאַכט זיך קיין פאַרגעניגן נישט באַדאַרפט זײַן, מאַכ־מעס ער באַשטייט פון הארגענען אַ כײַע, וואָס איז קיין שום פאַרברעכן נישט באַ־גאַנגען.

— איר האָט אַ טאָעס, סאַנטשאָ — האָט דער פירשט געענטפערט, — מאַכ־מעס וואַלד־געיעג איז די פּאַסיקסטע און נייטיקסטע פאַרנעמעניש פאַר קיניגן און פירשטן. וואַלד־יאָגד איז אַן אָפּבילד פון מילכאָמע: פאַראַן דערין סטראַטעגיע, פּיקכעס, שפּיצלעך ווי מענאַצייעך צו זײַן דעם סוינע און אַליין אַרויסקומען גאַנץ. מען פילט דערבײַ גרויסע קעלטן און היצן נישט איבערצוטראָגן, מען פאַרגעסט זיך אַף רו און שלאָף, די קויכעס ווערן באַם יעגער געשטאַרקט, די גלידער געשטרעקט־טער און ביכלאַל איז עס אַ פאַרנעמעניש, וואָס קען קיינעם ניט שאַטן און פאַר אַ סאַך פאַרגעניגן פאַרשאַפן. און דאָס בעסטע דערין איז דאָס וואָס דאָס איז נישט קיין פאַרנעמעניש פאַר יעדן איינעם ווי אַנדערע מינים יאָגד, מיט דעם אויסנאַם פון יאָגד אַף פייגל, וואָס איז אויך בלויז פאַר קיניגן און גרויסע האַרן. אַזוי אַז, אַ, סאַנטשאָ, ענדערט אײַער מיינונג, און אַז איר וועט ווערן גובערנאַטער, פאַר־נעמט אײַך מיט יאָגד, וועט איר זען ווי איין ברויט וועט אײַך באַשטיין פאַר הונדערט.

— דאָס ניט — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — אַ גוטער גובערנאַטער זאָל אַ פוס צעבראָכן און בלײַבן זיצן אין דער היים. שיין וואָלט עס אויסגעזען, סאָכרים

זאָלן צו אים קומען מיד פונעם וועג, און ער פאַרוויילט זיך ערגיץ אין וואַלד! אַזאַ רעגירונג וואָלט קיין מאָל נישט געהאַט. באַ מײַנע נעמאַנעס, מײַן האַר, יאַגד און פאַרוויילונג וואָלט באַדאַרפט זײַן בלויז פאַר לײדיקגייער און נישט פאַר גובערנאַ־טערס. מײַן פאַרוויילונג, רעכן איך, זאָל זײַן שפּילן אַ טויז טרײַנוף אין די גרויסע כאַגאַעס, און די זונטיקן און געוויינלעכע יאָנטויווים — קעגלען. מאַכמעס דאַס מין יאַגד שטימט נישט מיט מײַן שטאַנד און נישט מיט מײַן געווסן.

— בעט גאָט, סאַנטשאַ, דאָס זאָל אַזוי זײַן, וואָרום פון זאָגן ביז טון, איז פאַלג מיך אַ גאַנג.

— זאָל זײַן ווי ווײַט — האָט סאַנטשאַ געענטפערט, — וואָרום אַ גוטער צאָ־לער האָט נישט מוירע פאַר דעם מאַשקן, און מער איז ווערט דער וואָס גאָט העלפט אים איידער דער וואָס שטייט פרי אויף, און די קישקעס שלעפּן די פיס און נישט די פיס די קישקעס. איך מיין, אַז אויב גאָט וועט מיר העלפן און איך וועל טון דאָס וואָס איך באַדאַרף טון מיט גוטע קאַוואָנעס, וועל איך זיכער רעגירן בעסער ווי ווער עס איז. אויב איר גלויבט מיר ניט, לייגט מיר אַרײַן דעם פינגער אין מויל, וועט איר זען צי וועל איך אים נישט בײַסן.

— פאַרשאָלטן זאָלסטו ווערן פון גאָט און פון אַלע זײַנע הייליקע, סאַנטשאַ פאַרשאָלטענער! — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט. — ווען וועסטו שוין אַמאָל ריידן, ווי איך האָב דיר שוין וויפל מאָל געזאָגט, מיט פאַרשטענדלעכע און פּאַסיקע ווער־טער, אָן גלייכווערטלעך? לאָזט אײַך אָפּ פון דעם נאַר, אײַערע גרויסקייטן, ער קען אײַך נאָך אַמאָל דאָס האַרץ צעמאָלן ניט נאָר צווישן צוויי, נאָר צווישן צוויי טויזנט גלײַכווערטלעך, צונויפגעשטוקעוועטע, צי זיי פּאַסן זיך צי ניט, אַבי גע־זונט, און ווער עס זאָל זיי אויסהערן.

— סאַנטשאָס גלײַכווערטלעך — האָט די פירשטן געזאָגט, — כאָטש ער האָט זיי מער ווי דער גריכישער קאָמענדאַטער, זײַנען אָבער נישט ווייניקער ווערט צו־ליב דער קורצקייט פון דער באַלערונג. וואָס שײַעך מיר, קען איך אײַך זאָגן, אַז זיי געפעלן מיר מער ווי אַנדערע, מעגן יענע זײַן מער צוגעפּאַסט און מער אין צײַט.

מיט דעם מין פאַרוויילנדיקן געשפּרעך, זײַנען זיי אַרויס פון דעם געצעלט אין וואַלד אַרײַן זוכן ווי זיך צו שיצן פון דער היץ. און שנעל איז זיי דער טאָג אַריבער און עס איז זיי נאַכט געוואָרן, און נישט אַזוי העל און נישט אַזוי טונקל, ווי די צײַט האָט דאָס געפאָדערט, מאַכמעס געווען איז עס אינמיטן זומער. נאָר געבראַכט האָט די נאַכט מיט זיך אַ געוויסן ליכט און שאָטן, וואָס האָט אַ סאַך צו־געהאָלפן דער קאַוואָנע פון די פירשטן, און קוים איז נאַכט געוואָרן, באַלד נאָכן ביינאַשמאָשעס, האָט זיך פּלוצים גענומען דאַכטן ווי דער וואַלד ברענט פון אַלע זײַטן און פון דאָ און דאָרט, פון אומעטום האָט זיך געטראָגן אַ שאַלן פון טרו־מייטערס און האָרנס און אַ געקלימפּער פון קלייזײַען, ווי גאַנצע מאַכנעס רײַטער וואָלטן איבערן וואַלד געריטן. דער אָפּשײַן פון דעם פײַער און דער אָפּקלאַנג פון דעם קלייזײַען, האָט געבלענדט די אויגן און געדונערט אין די אויערן פון די וואָס זײַנען דאָרט געזעסן און פון יעדן איינעם וואָס האָט זיך געפונען אין וואַלד. באַלד

האָט זיך דערהערט אַ געפּילדער פון אומויפהערנדיקן מאָרישן „אַלאַ איל אַלאַ".
געשאַלט האָבן טראָמפּייטן און קלאַרנעטן, געדונערט האָבן פּויקן, געוויינט האָבן פלייטן, און אַלע איניינעם און איינע די אַנדערע יאָגנדיק, אַזוי אַז אַלע אייוורים זײַנען דורכגעדרונגען מיט דעם מישמאַש פון קלאַנגען. דערשראָקן האָט זיך דער פירשט, פאַרגאַפט געבליבן איז די פירשטין, פאַרוווּנדערט דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ פּאַרציטערט, און אַפילו די וואָס האָבן געוווּסט וואָס דאָרט קומט פאָר, איז אַן איימע באַפאַלן.

אַ שטילקייט איז פּלוצים אײַנגעפאַלן און אײַנגעריטן איז אַ מעשולעך, ווי אַ טײַוול געקליידט, און געבלאָזן אין אַ גרויסן פוסטן האָרן, אַנשטאָט אַ טרומייט, וואָס האָט פון זיך אַרויסגעגעבן אַ שרעקלעכן הייזעריקן קלאַנג.

— הערט נאָר, ברודער מעשולעך, — האָט דער פירשט געזאָגט, — ווער זײַנט איר, וווּהין גייט איר און וואָס איז דאָס פאַר אַ כאַיל, וואָס יאָגט זיך דאָרט איבערן וואַלד?

געענטפערט האָט דער מעשולעך מיט אַן אויסגעהוילט הילכיקן און צעבראָכן קאָל.

— איך בין דער סאָטן: איך זוך דאָ אַרום דאָן קיכאָטן פון לאַ מאַנטשאַ. דאָס כאַיל דאָרט זײַנען זעקס מאַכנעס קישעפמאַכער, וואָס פירן אויף אַ טריוּנף-וואָגן די נישט צום פאַרגלײַכן דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ. זי פאָרט אַ פאַרקישעפטע איניינעם מיט דעם שטאָלצן פראַנצויז מאָנטעסינאָס, קעדיי אײַנצעווײַזן דאָן קיכאָטן ווי אַזוי די דאַמע דאַרף באַפרײַט ווערן פון איר קישעף.

— וואָלט איר געווען דער סאָטן, ווי איר זאָגט און ווי איר זעט אויס, וואָלט איר שוין געוועסט דערקענט דעם ריטער דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, מאַכמעס דאָ שטייט ער פאַר אײַך.

— בײַ גאָט און בײַ מײַן געוויסן — האָט דער סאָטן געענטפערט, — אַז איך האָב אים נישט געזען. מײַנע געדאַנקען זײַנען פאַרנומען מיט אַזוי פיל שיינע זאַכן, אַז די הויפּט-זאַך, וואָס צוליב איר בין איך געקומען, האָב איך פאַרגעסן.

— ער מוז זײַן אַ גאַנץ לײַטישער מענטש, דער סאָטן, און אַ ווױלער קריסט. עלע ניט, וואָלט ער דאָך ניט געשוווירן בײַ גאָט און בײַ מײַן געוויסן. איך גלויב איצטער, אַז אין גענעם אַפילע מוזן זײַן לײַטישע מענטשן.

ווי דער סאָטן איז אַזוי געזעסן אויף זײַן פערד, האָט ער באַלד זײַן בליק געווענדט צו דאָן קיכאָטן און געזאָגט:

— צו דיר, דעם ריטער מיט די לייבן (וואָס אין זייערע נעגל זע איך דיך), שיקט מיך דער אומגליקלעכער נאָר מוטיקער ריטער מאָנטעסינאָס, מיט דעם באַפעל פון זײַן זײַט דיר צו זאָגן דו זאָלסט אויף אים וואַרטן אויף דעם אָרט, וווּ איך וועל דיך טרעפן, מאַכמעס ער פירט מיט זיך די וואָס מען רופט דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ, מיט אַן אָנווײַז צו דיר, ווי אַזוי פון איר דעם קישעף אָפּצוטון. און מאַכמעס מײַן קומען אַהער איז נישט מער ווי צוליב דעם, דאַרף איך מיך לענגער דאָ נישט אויפהאַלטן: זאָלן די טײַוואָלים, ווי איך דאָ, פאַרבלײַבן מיט דיר, און די גוטע מאַלאָכים זאָלן פאַרבלײַבן מיט די האָרן.

און ווי ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער אַ בלאָז געטון אין דעם גרויס: װאָרן און האָט זיך אויסגעדרייט מיט דעם רוקן און איז אַוועק, נישט וואַרטנדיק אַף קיין ענטפער. ווידער האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט דאָס שטוינען, באַזונדער דאָן קיכאָטן און סאַנטשאָן: געשטוינט האָט סאַנטשאָ, וואָס נישט געקוקט אַף דעם עמעס, ווײַל מען דורכוים האָבן, אַז דולצינעאַ איז פּאַרקישעפּט און דאָן קיכאָט, מאַכמעס דער נישט זיכערקייט צי דאָס וואָס האָט פּאַסירט אין דער מאָנטעסינאָס־הייל איז געווען עמעס אָדער ניט. און ווי ער איז אַזוי פאַרטראָגן געווען אין זײַנע געדאַנקען, האָט דער פירשט געפרעגט:

— רעכנט אײַער גענעדיקייט צו וואַרטן, האַר דאָן קיכאָט?

— ווי דען! — האָט ער געענטפערט. — דאָ וועל איך וואַרטן פעסט און אומ־דערשראָקן, אַפילע דער גאַנצער גענעם זאָל מיך דאָ באַפאַלן.

— און איך, אויב איך וועל זען נאָך איין טײַוול אַזאַ און וועל הערן נאָך איין האָרן פון דעם מין, וועל איך דאָ בלײַבן וואַרטן ווי אין פלאַנדריען. — האָט סאַנטשאָ געזאָגט.

דערווײַל איז די נאַכט פינצטערער געוואָרן און גענומען האָבן אומלויפן פײַערלעך איבערן וואַלד, אַזוי ווי די טרוקענע אויסשטראַלונגען פון דער ערד, וואָס לויפן איבערן הימל, און אונדז דאַכט זיך זיי זײַנען פליענדיקע שטערן. דערהערט האָט זיך אויך אַ שרעקלעכער גערויש, ווי דאָס סקריפּען פון שווערע רעדער אַף אָקסענע פורן, וואָס פאַר זייער סקרוכען, זאָגט מען, אַנטלויפן די וועלף און די בערן, אויב זיי געפינען זיך דאָרט ווו די פורן פאָרן.

צו דעם שטורעם איז צוגעקומען אַ צווייטער, וואָס האָט די שרעק נאָך גרעסער געמאַכט. געדאַכט האָט זיך מיט אַן עמעס, אַז אין אַלע פיר זײַטן וואַלד קומען פאָר שלאַכטן, וואָרום געהערט האָט זיך פון אַלע זײַטן אַפאַמאָל דער האַרטער קנאַל פון קאַנאָנען און קעסיידערדיקע שיסערײַ פון ביקסן. קימאַט נאָנט האָט מען געהערט זעלנערישע קוילעס אין דער שלאַכט, דערטראָנקענע אין די האָגערישע „אַלאַ איל אַלאַס”, און דערצו נאָך האָבן די האָרנס, די קאַרנעטן, די פײַפער, די קלאַרנעטן, די טרומייטן, די פּויקן, די קאַנאָנען, די ראָד־ביקסן און דער מוירעדיקער סקריפּען פון די וועגענער, אַלע אינײנעם געשאַפן אַזאַ מישמאַש און גרויל, אַז דאָן קיכאָט האָט געמוזט דאָס גאַנצע האַרץ זײַנס אָנשטרענגען אַף דאָס איבערצוטראָגן. נאָר סאַנטשאָס האַרץ האָט נישט אויסגעהאַלטן, ער איז געפאַלן כאַלאַשעם דער פירשטן אינעם פּאָדאָלעק און זי האָט אים אויפגענומען און שנעל געהייסן אים גיסן וואַסער אַפן פּאָנים.

אַזוי האָט מען געטון און ער איז באַצײַטנס צו זיך געקומען, מאַכמעס אַ וואָגן מיט סקריפּענדיקע רעדער איז שוין געווען צוגעקומען צו דעם אָרט. געשלעפּט האָבן אים פיר פוילע אָקסן, אַלע באַדעקט מיט שוואַרצע דעקעס. בײַ יעדן האָרן האָבן זיי געהאַט אַ גרויסן אָנגעצונדענעם וועקסענעם שטורקאַץ צוגעבונדן. און אַף דעם וואָגן איז געמאַכט געווען אַ הויכער זיץ, און אַף אים איז געזעסן אַ בעקאָוועדיקער זאָקן מיט אַ באָרד ווײַסער ווי שניי און לאַנג ביז איבערן גאַרטל. געטראָגן האָט ער

אַ לאַנגע קאַפּאָטע פון גראָבן שווארצן ליין, און מאַכמעס ער איז אַרומגעשטעקט געווען מיט פּײַערן, האָט מען דײַטלעך געקענט זען וואָס אַף אים געפינט זיך. אַנ־געטריבן האָבן אַפּן וואָגן צוויי מיִעסע שיידים, אויך אין שווארצן ליין אַנגעטון, מיט אַזוינע מיִעסע פּענימער, אַז ווי נאָר סאַנטשאָ האָט זיי דערזען, האָט ער די אויגן פאַרמאַכט און האָט מער נישט געוואָלט קוקן אַף זיי. ווי דער וואָגן איז צוגעקומען צום פּאָסטן, האָט זיך דער בעקאַוועדיקער אַלטער פון זײַן זיץ אויפגעהויבן און שטייענדיקערהייד האָט ער אַף אַ הויכן קאָל געזאָגט:

— איך בין דער געלערנטער לירגאַנדעוס.

און מער האָט ער אַ וואָרט נישט געזאָגט און דער וואָגן איז זיך ווײַטער געפאָרן. נאָך אים איז צוגעפאָרן אַ צווייטער וואָגן, אַף דעם אייגענעם אויפן אויס־געריכט, מיט אַ צווייטן זאָקן אַפּן זיץ. געהייסן האָט ער אָפּשטעלן די אָקסן און מיט אַ שווערן קאָל ווי יענער, האָט ער אויסגעשריגן:

— איך בין דער געלערנטער אַלקיף, דער גרויסער פרײַנט פון אורגאַנדע דער אומבאַקאַנטער.

און איז ווײַטער אוועק. אַף דעם אייגענעם אויפן איז צוגעקומען אַ דריטער וואָגן. נאָר געזעסן איז אַף אים נישט קיין זאָקן, נאָר אַ קרעפּטיקער פאַרשוין מיט אַ רישעסדיקן פּאָנים. ווען ער איז צוגעקומען צו דעם אָרט, האָט ער זיך, ווי די פריערדיקע, אויפגעהויבן און מיט אַ נאָכמער הייזעריקן און טײַוולאָנישן קאָל גע־זאָגט:

— איך בין אַרקאַלאַוס דער קישעפמאַכער, אַ טויט־סוינע אַמאַדיסן פון גאַו־לאַ און פון זײַן גאַנצן שטאַם.

און איז ווײַטער געפאָרן. אַביסל אָן אַ זײַט האָבן זיך אָפּגעשטעלט דרײַ וועג־נענער און אויפגעהערט האָט דאָס לעסטיקע סקריפּען פון די רעדער. און באַלד האָבן זיך דערהערט, שוין נישט גערויש, נאָר קלאַנגען פון אַ צאַרטער האַרמאָנישער מוזיק, וואָס סאַנטשאָ האָט זיך דערפרייט מיט זיי, און האָט דאָס באַטראַכט פאַר אַ גוטן סימען און געזאָגט האָט ער דער פירשטן, וואָס ער איז שוין פון איר אַ שפּאַן נישט אָפּגעטראָטן:

— מײַן הארנטע, דאָרט ווו עס איז פאַראַן מוזיק, קען קיין שלעכטס נישט געשען.

— אויך דאָרט ווו ליכט און שײַן, — האָט די פירשטן געענטפערט.

אָפּגעענטפערט האָט דערויף סאַנטשאָ:

— ליכט קומט פונעם פײַער און שײַן פון די שייטערס, ווי מיר זעען דאָס איצט אַרום אונדז, און זיי קענען אונדז אויך אָפּבריען. נאָר מוזיק איז שטענדיק אַ סימען פון פרייד און פון יאָנטעוו.

— מירן באַלד זען — האָט זיך אָנגערופן דאָן קיכאָט, וואָס האָט אַלץ גע־הערט.

און ריכטיק האָט ער געזאָגט, ווי מען זעט דאָס אינעם קומענדיקן קאַפּיטל.

# פינף און דרייסיקסטער קאַפּיטל

**זוי עס קומט דער העמשעך פון דער יעדיע, וואָס דאָן קיכאָט האָט באַקומען וועגן דעם ווי אָפּצוטון דעם קישעף פון דולצינעע, און נאָך אַנדערע וווּנדערלעכע פּאַסירונגען.**

צום טאַקט פון דער אײַנגענומענער מוזיק, האָבן זיי געזען אַ וואָגן צוקומען, פון די וואָס מען רופט זיי טריומף־וועגענער, געשפּאַנט מיט זעקס ברוינע מויל־אייזלען, נאָר איבערגעדעקטע מיט ווײַסן טוך, און אויף יעדן פון זיי רײַטנדיק אַ באַקיטלטער, אויך אין ווײַסן, מיט אַ גרויסן אָנגעצונדענעם וועקסענעם שטורקאַץ אין דער האַנט. געווען איז דער וואָגן צוויי מאָל אָדער דרײַ מאָל אַזוי גרויס ווי די פריערדיקע, און בײַ די זײַטן און פאָרויס אים זײַנען געריטן נאָך צוועלף באַקיטלטע, ווײַסע ווי שניי, אַלע מיט זייערע אָנגעצונדענע שטורקאַצן. אַ בילד וואָס האָט אין איין צײַט אַנטציקט און געשראָקן. און אויף אַ הויכן טראָן איז געזעסן אַ נימפע, געקליידט אין טויזנט שלייערן פון זילבער־שטאָף און געבליאַסקעט האָבן אויף זיי אָן אַ שיער גאָלד־בלעטער, און געווען איז די קליידונג אויב נישט רײַך, איז אָלנפאַלס בלענדנדיק. דאָס פּנים איז בײַ איר פאַרהאָנגען געווען מיט אַ דינעם דורכזיכטיקן טוך, אַזוי דורכזיכטיק, אַז די קעטע האָט נישט געשטערט אַרויסצוזען אַ זעלטן שיין מיידלש פּנים און בײַ דער גרויסער צאָל פײַערן האָט מען געקענט מערקן איר שיינקייט ווי אירע יאָרן, וואָס האָבן נישט געגרייכט, ווי עס איז קענטיק געווען, די צוואַנציק, און זײַנען נית אַריבער די זיבעצן. געזעסן איז לעבן איר אַ געשטאַלט אָנגעטון אין דאָס וואָס מען רופט אַ שרײַענדיקן מאַלבעש, אַ לאַנגן ביז די פיס, און דער קאָפּ פאַרדעקט מיט אַ שוואַרצן שלייער. ווי נאָר אָבער דער וואָגן איז צוגעקומען צו אָן אָרט פונקט קעגניבער די פירשטן און דאָן קיכאָטן, איז שטיל געבליבן די פלייטן־מוזיק, דערנאָך אויך פון די האַרפעס און לוטעס, וואָס האָבן אויפן וואָגן געשפּילט, און אויפגעשטעלט האָט זיך די געשטאַלט און האָט צענומען אויף בײדע זײַטן איר לאַנגן מאַלבעש און אַראָפּגענומען דעם שלייער פונעם פּאָנים און אַנטפּלעקט האָט זיך די ביינערדיקע מיעסע געשטאַלט פון טויט, וואָס האָט אויף דאָן קיכאָטן אַ פּײַנלעכן אײַנדרוק געמאַכט און אויף סאַנטשאָן אַ שרעק אָנגעוואָרפן, און אַפילו די פירשטן האָבן געמאַכט אַ מינע פון מוירע. הויך און אויפגעשטעלט, האָט דער לעבעדיקער טויט מיט אַ ביסל אַ פאַרשלאָפן קול און מיט אַ צונג אויך נישט גאָר קיין ניכטערע, גענומען ריידן מיט אָט די ווערטער:

„איך בין מערלען, יענער מערלען, וואָס די געשיכטן
זאָגן, אַז מײַן פאָטער געוועזן איז דער טײַוול
(אַ ליגן, וואָס די צײַט געמאַכט האָט אים צו גלויבן),
אַ פירשט בין איך פון דער מאַגיע און אַ קיניג
און אַן אויצער פון דער כאָכמע זאָראָאַסטערס,
אַ קעגנער צו יאָרהונדערטן און צײַטאַלטערס,

וואָס דערוועגן זיך פאַרדעקן די העלדישקייטן
פון די וואַנדערנדיקע און בראַווע ריטער,
וואָס איך האָב ליב געהאַט און האָב זיי ליב.
און כאָטש עס איז פאַר קישעפמאַכער
און פאַר מאַגן אָדער מאַגיקער קעסיידער
האַרט און שווער און ביטער זייער לעבן,
איז מײַן לעבן צאַרט און מילד און ליב און
זוכט נאָר גוטס צו טון אַ יעדן מענטשן.
צו די היילן פינצטערע פון ריטער,
ווו מײַן זעל געוועזן איז באַשעפטיקט
מיט צייכענען געוויסע אויסיעס און ראַמבן,
דערגאַנגען איז דאָס קאָל פון דער שיינער
און אָן גלײַכן דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ.
דערוווסט זיך פון דעם קישעף און איר אומגליק
און איר פאַרוואַנדלונג פון אַ הויכער דאַמע
אין אַ פויערטע, האָט עס מיר גענומען ווי טון
און האָב מײַן גײַסט פאַרטיפט אין דער הוילקייט
פון דער שרעקלעכער און ווילדער אַנאַטאָמיע,
האָב הונדערט טויזנט ביכער אויסגעבלעטערט
פון אָט דער לער דער טײַוולשער און טעמפער
און כ'ברענג איצט די נייטיקע רעפוע
צו דעם גרויסן ווײי און דעם גרויסן אומגליק.
אָ, דו, גלאָר און קאָוועד פון די וואָס טראָגן
די מאַנטלען שטאָלענע און פון בריליאַנטן,
די שײַן און דער לאַמטערן, וועג און שטעג און ווײַזער
פון אַלע וואָס פאַרלאָזן דאָס פוסטעפּאַסנע שלאָפן
אין די פעדערן, און נעמען דאָס קלייזײַען
שווערע, בלוטיקע און נישט באַקוועמע!
דיר, אָ, גיבער, זאָג איך, נאָך נישט ווי געהעריק
אויסגעלויבטן, דיר דעם מעכטיק שטאַרקן
און אויך קלוגן דאָן קיכאָט, פון לאַ מאַנטשאַ
דער גלאַנץ און פון שפּאַניע דער שטערן,
אַז קעדיי איר ערשטן גלאַנץ באַקומען ווידער
זאָל די אָן גלײַכן דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ,
מוז סאַנטשאָ, דײַן וואַפנטרעגער, זיך לאָזן געבן
דרײַ טויזנט שמיץ, און דרײַ הונדערט אַף אַ יעדער
פון זײַנע מעכטיקע ביידע זיץ־פלייש טיילן,
פרײַ אַנטפּלעקטע, און אים אַזוי זיי געבן,
אַז זיי זאָלן בײַסן און ביטער אים פאַרדריסן.
און אויסגעלייזט זאָלן דערמיט ווערן אַלע
וואָס האָבן דיר פאַרשאַפט דאָס אומגליק;
און צוליב דעם בין איך געקומען, מײַנע האַרן.

— איך שווער! — האָט סאַנטשאָ דערויף זיך אָנגערופן, — אַז קיין דרײַ טויזנט שמיץ ניט, נאָר דרײַ וועל איך מיר געבן, ווי דרײַ שטעך מיט דעם מעסער. זאָל דיך דער טייוול כאַפּן מיט דײַן אויפן אָפּטון דעם קישעף! איך פאַרשטיי

נישט וואָס קערן זיך אָן מײַנע לענדן מיט דעם קישעף. באַ גאָט, זאָג איך אײַך, אַז אויב דער האַר מערלען האָט נישט געפונען קיין אַנדער אויפן ווי אָפּצוטון דעם קישעף פון דער האַרנטע דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ, מעג זי גיין אין קייווער פאַר־קישעפטערהייד.

— באַדאַרפט וואָלט איך אײַך נעמען — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — האַר פויער קנאַבל־פרעסער, און צו אַ בוים אײַך צובינדן, נאַקעט ווי די מאַמע האָט אײַך געהאַט, און נישט דרײַ טויזנט מיט דרײַ הונדערט, נאָר זעקס טויזנט מיט זעקס הונדערט שמיץ אײַך געבן, און צוקלעפּן זיי אַזוי, אַז מען זאָל זיי מיט דרײַ טויזנט און דרײַ הונדערט שלעפּ ניט אַראָפּרײַסן. און קיין איין וואָרט זאָלט איר מיר נישט זאָגן אַקעגן, וואָרום איך וועל אײַך די נעשאָמע אַרויסלאָזן.

דערהערט האָט דאָס מערלען און ער האָט זיך אָפּגערופן:

— נישט אַזוי דאַרף דאָס זײַן, מאַכמעס די שמיץ, וואָס דער בראַווער סאַנטשאָ דאַרף באַקומען, מוז ער אַף זיך נעמען מיט זײַן אייגענעם ווילן, נישט אַרויפגעצוווּנגענערהייד און נאָר דעמאָלט ווען אים וועט זיך וועלן, אָן אָן אָפּגעשטעלטער צײַט. און זאָל אים דערלויבט זײַן, אויב ער וויל אָפּקומען די שטראָף מיט אַ העלפט שמיץ, ער זאָל זיי באַקומען פון אַ פרעמדער האַנט, מעג זײַן אַ שווערע.

— נישט פון קיין פרעמדער און נישט פון קיין אייגענער, נישט פון קיין שווערער און נישט פון אַזאַ וואָס לייגט זיך שווער — האָט סאַנטשאָ דערויף געענטפערט. — מיך וועט קיין שום האַנט נישט באַרירן. צי דען האָב איך געבוירן די האַרנטע דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ, וואָס מײַנע לענדן דאַרפן אָפּקומען פאַר די זינד פון אירע אויגן? מײַן האַר באַלעבאָס, זעט איר, ער איז איר נענטער, אַף יעדן טראָט רופט ער זי „מײַן לעבן, מײַן נעשאָמע", זײַן אָנלען און זײַן אָנשפּאַר, זאָל ער זיך לאָזן שמײַסן פאַר איר און טון וואָס מען באַדאַרף קעדיי פון איר דעם קישעף אָפּצוטון. נאָר איך זאָל מיך לאָזן שמײַסן! אַבערנונטיאָ.

ווי סאַנטשאָ האָט דאָס געזאָגט, האָט זיך אויפגעשטעלט די באַזילבערטע נימפע, וואָס איז געקומען אינאיינעם מיט מערלענס גייסט, האָט אַראָפּגענומען דעם דינעם שלייער פון איר פּאָנים און האָט דאָס אַנטפּלעקט אַזוי, אַז אַלע האָבן געזען, אַז זי איז מער ווי צו שיין, און מיט מענערישער כוצפע און אַ ניט צו ווײַבערישן קאָל, האָט זי גענומען ריידן גלײַך צו סאַנטשאָ פּאַנצאַ און אים אַזוי געזאָגט:

— אָ, דו, שלימאַזלדיקער וואָפּנטרעגער, דו נעשאָמע פון אַ קרוג, האַרץ פון אַ דעמב, געדערים פאַרשטיינערטע פון קיזלשטיין! ווען מען זאָל דיר געוועזן הייסן, דו גאַנעוו, שינדער, דו זאָלסט דיך פון אַ הויכן טורעם אַף דער ערד אַראָפּוואַרפן, ווען מען זאָל פון דיר געוועזן פאָדערן, דו סוינע פונעם מענטשן־מין, דו זאָלסט אַ מויז זשאַבעס אויפעסן, מיט צוויי עקדישן און דרײַ שלענג, ווען מען זאָל דיר געוועזן אײַנריידן דו זאָלסט דײַן ווײַב און קינדער קוילען מיט אַ שרעקלעכן מערקישן שווערד, וואָלט קיין וווּנדער נישט געווען וואָס דו זשעניערסט דיך און

זוכסט דיך ארויסצודרייען. נאָר מאַכן אַ ווענזע פון דרײַ טויזנט מיט דרײַ הונדערט שמיץ, וואָס אַ ליאַדע ביידער־יינגל באַקומט זיי יעדן כוידעש, פּאַרוואָנדערט און דערשרעקט און דערשטוינט די פרומע אינגעווייידן פון יעדן איינעם, וואָס הערט דאָס און אויך פון די וואָס וועלן דאָס מיט דער צײַט דערהערן און זיך דערפון דערוויסן. שטעל אָן, אָ, דו עלנטע פאַרהאַרטעוועטע בעהיימע, שטעל אָן, זאָג איך, דײַנע אויגן פון אַ צעשראָקענער סאָווע אויף די שוואַרצאַפּלען פון מײַנע אויגן, וואָס זײַנען צו פאַרגלײַכן מיט די פינקלדיקע שטערן, וועסטו זען ווי זיי ווייינען פּאָדים נאָך פּאָדים און קנויל נאָך קנויל און לאָזן איבער שפּורן און וועגן און שטעגן אויף מײַנע שיינע באַקן־פעלדער. ריר דיך, דו שעלמע און מאָנסטער מיט בייזע מאַכ־שאָוועס, וואָרום מײַן בליענדיקע עלטער (וואָס איז ערשט אין די ...צנטע יאָרן, מאַכמעס איך בין נײַנצן יאָר אַלט און נאָך קיין צוואַנציק ניט, ווערט פאַרצערט און פאַרוועלקט אונטער דער קאָרע פון אַ פּאַשעטער פּויערטע, און אויב איצט איז עס אויף מיר נישט קענטיק, איז עס אַ באַזונדערער גענאָד פון דעם האַר מער־לען, וואָס געפינט זיך דאָ, און ער האָט מיר דעם גענאָד געטון, קעדיי מײַן שיינ־קייט זאָל דײַן האַרץ ווייך מאַכן, קעדיי די טרערן פון אַ באַצאַרטער שיינהייט זאָלן די פעלדזן אין וואָל פאַרוואַנדלען און די לעמפּערטן אין שעפעלעך. ריר דיך, ריר דיך אין דעם שווערן לײַב דײַנעם, דו אומגעצוימטער ווילדטיר, און וואַרף ארויס פון דײַן פוילקייט דעם דראַנג, וואָס שטויסט דיך נאָר צום פרעסן און נאָכאַמאָל צום פרעסן, און לייז אוים די גלאַטקייט פון מײַן לײַב, די מילדקייט פון מײַן שטאַנד און די שיינקייט פון מײַן פּאָנים, נאָר אויב דו ווילסט נישט נאָכ־געבן צוליב מיר און צוקומען צום גוואַל פון דער פאַרנונפט, טו דאָס צוליב דעם נעבעכדיקן ריטער, וואָס שטייט לעבן דיר. פאַר דײַן האַר, זאָג איך, טו דאָס, וואָס זײַן נעשאָמע, זע איך, שטעקט שוין פּאַפּערעק באַ אים אין האַלדז, ווייניקער ווי צעז פינגער פון די ליפּן, און וואַרט בלויז אויף דײַן האַרטן אָדער ווייכן ענט־פער, צי זאָל זי דורכן מויל אַרויס אָדער צוריק אין מאָגן זיך פאַרקלייבן.

דאָן קיכאָט האָט אַ צי געטון דעם האַלדז ווען ער האָט דערהערט די ווער־טער און האָט זיך אומגעדרייט צום פירשט און אים געזאָגט:

— באַ גאָט, מײַן האַר, דולצינעאַ האָט דעם עמעס געזאָגט, וואָרום איך פיל ווי די נעשאָמע שטעקט באַ מיר אינעם האַלדז פּאַפּערעק, ווי די נוס אינעם בויגן.

— וואָס זאָגט איר דערויף, סאַנטשאָ? — האָט די פירשטן געפרעגט.

— איך זאָג, מײַן האַרנטע, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — דאָס וואָס איך האָב שוין געזאָגט, אַז פון די שמיץ, אַבערנונטיאָ.

— אַברענונטיאָ דאַרף מען זאָגן, סאַנטשאָ און ניט ווי איר זאָגט — האָט דער פירשט געזאָגט.

— לאָזט מיך צו רו, אײַער גרויסקייט — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — מיר ליגט נישט דער קאָפּ איצט צו די פיינקייטן און צו אַן אָס מער אָדער אַן אָס ווינציקער. וואָרום איך בין אַזוי צעמישט פון די שמיץ, וואָס מען דאַרף מיר געבן אָדער וואָס איך דאַרף מיר געבן, אַז איך ווייס נישט וואָס איך זאָג און ווייס נישט

וואָס איך טו. נאָר איך וואָלט וועלן הערן פון מײַן הארנטע, פון מײַן הארנטע דאָניא דולצינעא פון טאָבאָסאָ, ווי האָט זי זיך אויסגעלערנט אזוי בעטן ווי זי בעט מיך. זי בעט מיך איך זאָל מײַן לײַב צעעפּענען פאַר שמיץ און רופּט מיך געשאָמע פון א קרוג און אומגעצוימטער ווילדטיר, מיט אזא בינטל צונעמען. אז נאָר דער טייוול קען זיי פארטראָגן. צי דען איז מײַן לײַב פון קופּער אָדער גייט עס מיר אין לעבן עס זאָל זיך פון איר דער קישעף אָפּטון אָדער זי זאָל מיט אים פארבלײַבן? וואָסערע קוישן וועש טראָגט זי מיר אקעגן, מיט העמדער און מיט קליידער און מיט טופליעס, כאָטש איך נוץ זיי ניט, אבוע איין טאָדל נאָכן צווייטן, אז איך זאָל איר נאָכגעבן, ווען עס איז אזוי באקאנט דאָס שפּריכוואָרט, ווי זאָגט זיך עס, אז אן אייזל מיט גאָלד באלאָדן גייט גרינגער דעם בארג ארויף, און אז מאטאָנעס ברעכן אפילע פעלדזן און אז צו גאָט זאָלסטו בעטן און ניט אויפהערן קנעטן, און אז איין מאָל נעם האָט מער די ווערט ווי צוויי מאָל איך וועל דיר געבן? און מײַן האר, דער באַלעבאָס, וואָס וואָלט מיר באדארפט איבער בערג א האנט דערלאַנגען איך זאָל ווערן ווי וואָל ווייך און ווי געקעמטער לײַן, זאָגט נאָר, אז ער וועט מיך נעמען און צו א בוים צובינדן און וועט מיר די פּאָרציע שמיץ פארטאָפּלען. און די ראכמאָנעסדיקע הארן וואָלטן אויך באדארפט געדענקען, אז זיי הייסן שמײַסן נים נאָר א וואָפּנטרעגער, נאָר אויך א גובערנאַטער, ווי זאָגט מען עס: א געטראנק מיט ווײַנשל. לערנט אײַך, לערנט אײַך אויס, אין א בייזער שאָ, ווי צו בעטן און ווי צו זײַן דערצויגן, וואָרום נישט אלע צײַטן זײַנען אלציינע און נישט אלע מענטשן זײַנען שטענדיק אין א גוטער לוינע. איך פּלאַץ איצט פאַר ווייטיק וואָס איך זע מײַן גרינעם מאַלבעש צעריסן און איר קומט און איר הייסט מיר איך זאָל מיך אליין לאָזן שמײַסן, ווען איך בין אזוי ווײַט דערפון ווי פון א קאציק צו ווערן.

— און איך זאָג אײַך, פרײַנט סאַנטשאָ — האָט דער פירשט זיך אָנגערופן — אז אויב איר וועט נישט ווייך ווערן ווי א צײַטיקע פייג, וועט איר די רעגירונג נישט באַקומען. שיין וואָלט דאָס געווען ווען איך שיק ארײַן מײַנע אינדזלבאַוווינער א גובערנאַטער אן אכזער מיט שטיינערנעם אינגעווייד, וואָס בייגט זיך נישט פאַר די טרערן פון געפּלאָגטע יונגפרויען און פאַר דעם געבעט פון די פּאַרצײַטיקע שטרענגע כאַכאָמים און קישעפמאַכער. בעקיצער, סאַנטשאָ, אָדער דו וועסט דיך שמײַסן, אָדער מען וועט דיך שמײַסן און דו וועסט קיין גובערנאַטער נישט ווערן.

— מײַן האר — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — וועט מען מיר אפילע קיין צוויי טעג נישט געבן אָפּ נאָכצוקלערן וואָס פאַר מיר איז בעסער?

— ניין, בעשומויפן — האָט מערלען געזאָגט, — שוין, די מינוט און אָפּ דעם אָרט מוז באַשטימט ווערן וואָס פון דעם אייסעק זאָל ארויסקומען: אָדער דולצינעא וועט צוריקגיין אין דער מאָנטעסינאָס-הייל און צו איר רייניקסטן שטאַנד אלס פּויערטע, אָדער מען וועט זי אוועקפירן שוין איצט, אזוי ווי זי שטייט און

גיים, צו די עליזעום־פעלדער, ווו זי וועט ווארטן ביז מען וועט איַיך אָפּציילן די צאָל שמיץ.

— היי, בראוועד סאַנטשאָ — האָט די פירשטן געזאָגט, — האָט מוט און דאַנקט פאַר דעם ברויט פון דעם האַר דאָן קיכאָט, וואָס איר האָט געגעסן, און וואָס מיר אַלע מוזן אים דינען און דאַנקען פאַר זײַן בראַוון באַרוף און הויכער ריטערלעכקייט! גייט אײַן, מײַן זון, אָפּן שמײַסן און זאָל דער טייוול גיין צום טייוול און די מוירע צום פּאַכדן, וואָרום אַ גוט האַרץ ברעכט אַ שלעכטן גזאַר, ווי איר אַליין ווייסט עס.

אַף די רייד האָט סאַנטשאָ געענטפערט מיט אַן אומזין: ער האָט זיך געווענדט צו מערלענען און אים געפרעגט:

— זאָגט מיר, אײַער גנעדיקייט, האַר מערלען: ווען דער טייוול מעשולעך איז אַהער געקומען, האָט ער איבערגעגעבן פאַר מײַן האַר אַ שליכעס פון דעם האַר מאָנטעסינאָס און אים געזאָגט ער זאָל דאָ ווארטן אַף אים, מאַכמעס ער קומט אַהער מיט אַ באַפעל אָפּצוטון דעם קישעף פון דער האַרנטע דולצינעא פון טאָבאָסאָ, און ביז איצט האָבן מיר נאָך נישט געזען דעם האַר מאָנטעסינאָס און נישט זײַנע לײַט.

דערויף האָט מערלען געענטפערט:

— דער טייוול, פרײַנט סאַנטשאָ, איז אַן אַמאָרעץ און אַ גרויסער מענוול. איך האָב אים געשיקט אויפזוכן אײַער האַר, אָבער נישט מיט דער שליכעס פון מאָנטעסינאָס, נאָר מיט מײַן אייגענער. דער האַר מאָנטעסינאָס זיצט זיך דאָרט אין זײַן הייל און פאַרשטייט, ריכטיקער, ער ווארט אַרויסצוקומען פון זײַן קישעף, וואָרום ער האָט נאָך דעם עק אָפּצושינדן. אויב ער איז אײַך עפּעס שולדיק, אָדער איר האָט מיט אים אַסאָקים, וועל איך אים אײַך צושטעלן ווו איר וועט וועלן. און דערווײַל מאַכט עס בעקיצער און גיט אײַער העסקעם אַף דער שטראָף, און גלויבט מיר, אַז זי וועט אײַך שטאַרק צו נוץ קומען, פאַרן גוף און פאַר דער נעשאָמע: פאַר דער נעשאָמע צוליב דער גוטהאַרציקייט, וואָס איר וועט דערמיט אַרויסווײַזן און פאַרן גוף, מאַכמעס איך ווייס איר זײַנט אַ פולבלוטיקער און אַ ביסל בלוט באַ אײַך אָפּצאַפּן, וועט אײַך ניט שאַטן.

— שוין צופיל דאָקטוירים פאַראַן אַף דער וועלט, אַפילע די קישעפמאַכער זײַנען דאָקטוירים — האָט סאַנטשאָ געענטפערט. — נאָר אַזוי ווי אַלע ראָטן מיך, כאָטש איך זע נישט צוליב וואָס, בין איך מאַסקים, זאָג איך, מיר צו געבן דרײַ טויזנט מיט דרײַ הונדערט שמיץ, ביטנײַ איך זאָל זיי מיר געבן ווען איך וועל וועלן, מען זאָל מיר נישט אָפּשטעלן קיין טאָג און קיין טערמין, און איך וועל זען אָפּצאָלן דעם כויוו ווי מעגלעך גיכער, קעדיי די וועלט זאָל געניסן די שיינקייט פון דער האַרנטע דולצינעא פון טאָבאָסאָ, מאַכמעס פונקט פאַרקערט ווי איך האָב גערעכנט, איז זי, קענטיק, בעעמעס שיין. אויך נעם איך אויס, אַז ס'איז נישט קיין מוז איך זאָל בלוטן פונעם שמײַסן. טאָמער מאַכט זיך אַ שמיץ טרײַבט בלויז אַראָפּ די פליגן, זאָל מען אים מיר פאַררעכענען. דאָס אייגענע, טאָ־

מער האָב איך אַ טאָעם אין כעשבן, זאָל דער האַר מערלען, וואָס אַלצדינג ווייסט ער, נעמען אַף זיך דאָס ציילן און מיר צו וויסן טון וויפל מיר פעלט נאָך אָדער צי איך האָב שוין אַריבער דער צאָל.

— וועגן מער וועט מען נישט דאַרפן צו וויסן געבן — האָט מערלען געענט־פערט, — וואָרום פונקט צו דער ריכטיקער צאָל וועט די האַרנטע דולצינעאַ אומ־געריכטערהייד אַרויסקומען פון איר קישעף און וועט מיט דאַנק קומען אויפזוכן דעם בראַוון סאַנטשאָ און אים דאַנקען און אַפילע באַלוינען פאַר דעם גוטן אויפ־טו. אַזוי אַז איר דאַרפט נישט זאָרגן טאָמער האָט איר אײַך געגעבן איבעריקע שמיץ אָדער טאָמער פעלן אײַך נאָך, און דער הימל דערלאָזט אויך נישט איך זאָל עמיצן גענאַרן אַפילע אַף אַ האָר.

— איז אויב אַזוי, זאָל זײַן אין אַ גוטער שאָ! — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — איך בין מאַסקים צו מײַן אומגליק, איך נעם אָן, מיין איך, די שטראָף מיט די אָנגעגעבענע טנאָים.

ווי סאַנטשאָ האָט דאָס געזאָגט, האָט זיך ווידער דערהערט דאָס שפּילן פון די דודעס און דאָס קנאַלן פון די ראָד־ביקסן, און דאַן קיכאָט האָט זיך אָנגעהאָנ־גען סאַנטשאָן אַפן האַלדז און האָט אים טויזנט מאָל געקושט אינעם שטערן און אין די באַקן. דער פירשט מיט דער פירשטן און אַלע אַרום האָבן זיך געוויזן שטאַרק צופרידן, און דער וואָגן האָט גענומען רירן, און ווען די שיינע דולצינעאַ איז פאַרבײַגעפאָרן, האָט זי דעם קאָפּ אָנגעבויגן פאַר דער פירשטן און אַ קניקס געמאַכט פאַר סאַנטשאָן. אין דער רעגע האָט זיך שוין דער באַגינען באַוויזן אַ פרייליכער און אַ צעשמייכלטער, די בלימעלעך אַף די פעלדער האָבן זיך געהויבן און געשטרעקט אַרויף און דער פּליסיקער קרישטאָל פון די טייכלעך האָט גע־מורמלט צווישן די ווײַסע און ברוינע שטיינדעלעך און זײַן צושטייער געטראָגן צו די טײַכן, וואָס האָבן געוואַרט דערויף. פרייליך די ערד, העל דער הימל, ריין די לופט, לויטער די שײַן, יעדער פאַר זיך און אַלע אינײנעם האָבן אָפן געוויזן, אַז דער טאָג, אַז דער פרימאָרגן, וואָס טרעט אים די פיאַטעס, וועט זײַן אַ לויטערער, אַ העלער.

און די פירשטן, צופרידן מיט דער יאַגד און מיט זייער קלוגן און געלונגען דורכגעפירטן אויפטו, האָבן צוריקגעקערט צו זיך אין פּאַלאַץ מיט דעם געדאַנק ווײַטער אָנצוגיין מיט זייער שפּאַס. וואָרום נישט געווען איז אַזאַ ערנסט, וואָס זאָל זיי אַזוי פיל פאַרגעניגן פאַרשאַפן.

# זעקס און דרייסיקסטער קאפיטל

**ווי עס ווערט דערציילט וועגן דער אויסטערלישער און נישט דא געדאכטער פאסירונג מיט דער ווירטן דאלארידא, אדער ווי נאך זי הייסט, גראפיניע טריפאלדי, און א בריוו, וואס סאנטשא פאנצא האט געשריבן צו זיין ווייב טערעזא פאנצא.**

געהאט האט דער פירשט א הויפמייסטער א גרויסן שפאסמאכער און פריילעכן יונג, וואס ער האט געשפילט די ראל פון מערלענען און האט צונויפגעשטעלט די גאנצע מאכערייַ פון דער לעצטער פאסירונג. ער האט אויך פארפאסט די פערזן און האט פארפוצט איינעם א פאזש פאר דולצינעען. בעקיצער, מיט דער הילף פון זיינע הארן, האט ער צונויפגעשטעלט א צווייטע מאכערייַ, אזא אויסטערליש קונציקע און שפאסיקע, וואס מען קען זיך קוים פארשטעלן. געפרעגט האט איינמאל די פירשטן בא סאנטשאן צי האט ער שוין גענומען אויספירן די שטראף, וואס ער האט אף זיך גענומען קעדיי אויסצולייזן דולצינעען פונעם קישעף. געענטפערט האט ער, אז יענע נאכט האט ער זיך שוין געגעבן פינף שמיץ. מיט וואס, האט אים די פירשטן געפרעגט, און ער האט געענטפערט, אז מיט דער האנט.

— פעטשלעך זיינען עס און נישט קיין שמיץ, — האט די פירשטן אפגעענטפערט. — מיר דאכט זיך, אז דער געלערנטער מערלען וועט אף אזא מילדקייט נישט איינגיין. באדארפט וואלט דער בראווער סאנטשא זיך שמייסן מיט א קאנטשיק, פון די וואס האבן בלייערס אף די שפיצן רימענדלעך, אדער מיט ריטער, וואס זאלן זיך לאזן פילן; ווארום די טוירע, זאגט מען, קריכט אין קאפ ארייַן מיט בלוט און די דערלייזונג פון אזא גרויסער דאמע ווי דולצינעא קען מען נישט לייזן פאר אזוי ביליק. געדענקט, סאנטשא, אז לעבלעכע און לויז געגעבענע צדאקע האט קיין ווערט נית.

דערויף האט סאנטשא געענטפערט:

— זאל מיר אייער הערשאפט פארשאפן עפעס א לייטישע רוט אדער א קאנטשיק, וואס זאל מיר נישט איבעריק ווייטון, וועל איך מיך דערמיט שמייסן. ווארום אייער גענעדיקייט דארף וויסן זיין, אז כאטש איך בין א פויער, איז מיין לייב מער וואטע ווי קלאטשע און עס איז נישט רעכט איך זאל קראנק ווערן צוליב וועמעם עס איז נוצן.

— זאל זיין אין א גוטער שא — האט די פירשטן געענטפערט, — מארגן וועל איך אייך געבן א קאנטשיק, וואס וועט זיין פאר אייך ווי אנגעמאסטן און די רוימענדלעך צוגעפאסט צו אייער וויכן לייב, ווי לייבלעכע שוועסטער אייערע.

דערויף האט סאנטשא געזאגט:

— זייט וויסן, אייער הויכקייט, הארציקע מיינע, אז איך האב אנגעשריבן א בריוו צו מיין ווייב טערעזא פאנצא און האב איר אויסדערציילט וואס מיט מיר האט פאסירט פון זינט איך בין אוועק פון איר. איך האב אים דא בא מיר אין בוזים

און מען דאַרף אַף אים נאָך דעם אַדרעס אויפשרײַבן. איך וואָלט וועלן אײַער פאַר־נינפּטיקייט זאָל אים לייענען, וואָרום מיר דאַכט זיך, אַז געשריבן איז ער ווערליך ווי פון אַ גובערנאַטער, איך מיין, אַזוי ווי גובערנאַטערס דאַרפן שרײַבן.

— און ווער האָט אים דיקטירט? — האָט די פירשטן געפרעגט.

— ווער זאָל אים געוועזן דיקטירן, אַז ניט איך, זינדיקער מענטש וואָס איך בין? — האָט סאַנטשאָ געענטפערט.

— און איר האָט אים אויך געשריבן? — האָט די פירשטן געזאָגט.

— ניט אַפילו אין דער מאַכשאָווע — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — וואָרום איך קען נישט לייענען און נישט שרײַבן, כאָטש אונטערשרײַבן קען איך.

— לאָמיר נאָר אַ קוק טון. — האָט די פירשטן געזאָגט, — אין דעם בריוו מוזט איר זיכער אַרויסווײַזן אײַער סייכל און אײַערע פעיִקייטן.

אַרויסגענומען האָט סאַנטשאָ פונעם בוזים אַן אָפענעם בריוו און די פירשטן האָט אים גענומען און געזען האָט זי, אַז אין דעם בריוו שרײַבט זיך אַזוי:

## אַ בריוו פון סאַנטשאָ פּאַנסאַ צו טערעזאַ פּאַנסאַ זײַן ווײַב

„אויב מען האָט מיר גוטע שמיץ געגעבן, האָב איך מיך ריטערלעך גוט גע־האַלטן: אויב איך האָב אַ גוטע רעגירונג, קאָסט זי מיך גוטע שמיץ. איצט וועסטו דאָס נאָך נישט פאַרשטיין, טערעזאַ מײַנע, וואָרום באַ מיר איז אָפּגעמאַכט דו זאָלסט פאָרן אין אַ קאַרעטע, ווי עס פּאַסט. וואָרום יעדער אַנדער מין פאָרן הייסט געקראַכן. ביזט דעם גובערנאַטערס ווײַב: לאָז דיך נישט גריזשען די קנאַפּל. דאָ שיק איך דיר אַ גרינעם יעגער־מאַלבעש, וואָס מײַן הארנטע די פירשטן האָט מיר אים געגעבן. מאַך פון אים אַ קליידל און אַ קאַפּטל פאַר אונדזער טאָכטער. דאָן קיכאָט, מײַן האַר, ווי איך האָב דאָ געהערט זאָגן, איז אַ קלאָרער מעשוגענער און אַ קלוגער נאַר און איך בין נישט ווײַט געזעט פון אים. געוועזן זײַנען מיר אין דער מאָנטעסינאָס־הייל און דער געלערנטער מערלען האָט מיך געפּאַקט דורך מיר אויס־צולייזן פון איר קישעף דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ, וואָס באַ אונדז רופט מען זי אַל־דאָנסאַ לאָרענצאָ. מיט דרײַ טויזנט און דרײַ הונדערט שמיץ, ווייניקער פינף, וואָס איך דאַרף מיר געבן, וועט זי ווערן ריין פון איר קישעף ווי די מאַמע האָט זי גע־האָט. דערצייל נישט קיינעם אַ וואָרט דערפון, וואָרום שטעל צום ראַט דײַנעם אַן איניען, וועט איינער זאָגן ס'איז ווײַס און דער אַנדערער וועט זאָגן ס'איז שוואַרץ. אין אייניקע טעג אַרום וועל איך אָפּפאָרן צו דער רעגירונג. איך פאָר אַהין מיט גרויס ביישעק געלט צו מאַכן, מאַכמעס געזאָגט האָט מען מיר, אַז אַלע נײַע גו־בערנאַטערס האָבן דעם דאָזיקן ביישעק. איך וועל אַ טאַפּ טון דעם דויפעק און וועל דיר צו וויסן געבן צי דו זאָלסט קומען זײַן מיט מיר אָדער ניט. דער העל־ברוינער איז געזונט און שיקט דיר אַ סאַך גריסן, און איך רעכן אים נישט איבערצולאָזן אַפילו מען זאָל מיך נעמען צו ווערן דער גרויסער טערק. די פירשטן, מײַן הארנטע, קושט דיר טויזנט מאָל די הענט, שיק איר צוריק צוויי טויזנט מאָל, וואָרום נישטאָ

נאָך אַזאַ זאַך, ווי זאָגט מײַן האַר, וואָס זאָל קאָסטן אַזוי ביליק און זאָל אַזוי ווײַ־ניק די ווערט האָבן ווי אַ כניפּעלע. נישט באַשערט איז מיר געווען פֿון גאָט צו געפֿינען נאָך איין רענצל מיט נאָך הונדערט טאָלער, ווי דאָס פֿריערדיקע, נאָר דײַנע נישט, טערעזאַ מײַנע, וואָרום ווי מען נעמט זיך אונטער אַזוי העלפֿט גאָט און געבליבן איז אונדז נאָך אַן עקל, די רעגירונג, וואָס וועט אונדז אַלץ דעקן. געער־נערט האָט מיך נאָר דאָס וואָס מען זאָגט מיר, אַז ווער ער האָט איינמאָל פּאַרזוכט רעגירן, דער וועט שוין די הענט אויפֿעסן און זיך יאָגן נאָך דעם, און אויב אַזוי, וועט דאָס מיר נישט ביליק קאָסטן, כאָטש קאַליקעס און איינהאַנטיקע האָבן שוין זייער נוסעך צום בעטלען, אַזוי אַז אַף דעם וועג אָדער אַף אַן אַנדערן, וועסטו שוין זײַן רײַך און גליקלעך. זאָל דיר גאָט געבן ווי ער קען און מיך זאָל ער באַשירעמען פֿון דײַנעטוועגן. געשריבן דאָ אין שלאָס, 20 טעג אין יולי 1614.
דײַן מאַן דער גובערנאַטער
סאַנטשאָ פּאַנצאַ."

געענדיקט לייענען דעם בריוו, האָט די פֿירשטן זיך אָנגערופֿן צו סאַנטשאָן:

— מיט צוויי זאַכן איז דער בראַוור גובערנאַטער אַראָפּ פֿונעם וועג: ערשטנס, דערמיט וואָס איר זאָגט אָדער איר גיט אָנצוהערן, אַז די רעגירונג האָט מען אײַך געגעבן פֿאַר די שמיץ, וואָס איר דאַרפֿט אײַך געבן, דעמאָלט ווען איר ווייסט און קענט ניט לייקענען, אַז ווען דער פֿירשט מײַן האַר האָט זי אײַך צוגעזאָגט, האָט מען אַפֿילו נישט געכאָלעמט, אַז עס וועלן זײַן שמיץ אַף דער וועלט. צווייטנס, באַווײַזט איר אײַך אין דעם בריוו זייער געלטגײַציק, און איך וואָלט נישט וועלן איר זאָלט זײַן אַזאַ ענגלגעווירע, וואָרום גײַציקייט צערײַסט דעם זאַק, און אַ גײַ־ציקער גובערנאַטער פֿאַרדאַרבט די גערעכטיקייט.

— איך האָב נישט אַזוי פֿיל געמיינט, מײַן האַרנטע — האָט סאַנטשאָ גע־ענטפֿערט, — נאָר אויב אײַער גענעדיקייט מיינט, אַז דער בריוו דאַרף נישט זײַן אַזוי געשריבן, קען מען אים צערײַסן און אָנשרײַבן אַ נײַעם, כאָטש מעגלעך ער זאָל אַרויסקומען נאָך ערגער ווען מען זאָל זיך פֿאַרלאָזן אַף מײַן קאָפּ.

— ניין, ניין — האָט די פֿירשטן געענטפֿערט, — דער בריוו איז גוט, איך וויל נאָר דער פֿירשט זאָל אים לייענען.

מיט די רייד זײַנען זיי אַוועק אין אַ גאָרטן, וווּ זיי האָבן יענעם טאָג באַ־דאַרפֿט עסן. געוויזן האָט די פֿירשטן סאַנטשאָס בריוו דעם פֿירשט און אים האָט שטאַרק האַנאָע געטאָן פֿון אים. אָפּגעגעסן און זיך פֿאַרווײַלט אַ היפּשע ווײַל באַ די אָפּגעראַמטע טישן מיט סאַנטשאָס געשמאַקן געשפּרעך, האָט זיך פּלוצים דער־הערט אַ טרויעריקער שפּילן פֿון אַ פֿלייט און דאָס דרינגדזשענדיקע פּויקן פֿון אַ נאָכגעלאָזענעם פּויק. ווי דערשראָקן האָבן זיך אַלע אויפֿגעכאַפּט פֿון דער מעשונע־דיק טרויעריקער קריגערישער מוזיק, באַזונדערס דאָן קיכאָט, וואָס האָט אַפֿן שטול נישט געקענט אײַנזיצן פֿאַר אומרו. פֿון סאַנטשאָן איז אָפּגערעדט, אַז די שרעק האָט אים פֿאַרטריבן אין זײַן געוויינטלעכער באַהעלטעניש, אין דער פֿירשטנס פּאָדאָלעק. וואָרום די מוזיק, וואָס מען האָט געהערט איז מיט אַן עמעסן געווען אַ

טרויעריקע און אַ מאַרעשכווירעדיקע. און ווי זיי זײַנען געשטאַנען אַזוי געפּלעפּט, האָבן זיי דערזען אין גאָרטן אַרײַנקומען צוויי מענער אין טרויער געקליידט, אין אַזוינע לאַנגע קליידער, אַז זיי האָבן זיך זיי איבער דער ערד געשלעפּט. געקלאַפּט האָבן זיי אין צוויי פּויקן, אויך מיט שוואַרצן באַדעקטע. לעבן זיי איז געגאַנגען די פּליִיט, אַ שוואַרצער, אַן אויסגעצויגענער, ווי די אַנדערע צוויי.

הינטער די דרײַ איז געגאַנגען אַ פּאַרשוין מיט אַ ריזיקן גוף, נישט קיין אָנ־געטוענער נאָר אַן אָנגעפּעלצטער, אין אַ שוואַרצער קאַפּאָטע מיט אומגעהויער לאַנ־גע און ברייטע פּאָלעס. איבער דער קאַפּאָטע איבערגעקרייצט האָט ער געטראָגן אַ ברייטן רימען, וואָס געהאָנגען איז אויף אים אַ גרויסע טערקישע שווערד מיט שוואַרצן באַזוימט און אין אַ שוואַרצער שייד. דאָס פּאָנים איז בײַ אים געווען פאַר־דעקט מיט אַ שוואַרצן שלייער און אַרויסגעזען האָט זיך פון הינטער אים אַ לאַנגע שניי־ווײַסע באָרד. געשטעלט האָט ער די טריט צום טאַקט פון די פּויקן מיט גרויס ערנסט און כשיוועס. קורץ, זײַן גרויס, זײַן הויבן זיך, זײַן שוואַרצקייט און זײַן באַ־גלייט האָבן געקענט האַלטן געפּלעפּט יעדן איינעם וואָס האָט אים געזען און נישט געקענט. צוגעקומען איז ער מיט דער גאַנצער ראַכוועס און אָנגעבלאָזנקייט ווי מיר האָבן אים געזען, זיך שטעלן אויף די קני פאַר דעם פּירשט, וואָס איז געשטאַנען אינאיינעם מיט אַלע איבעריקע און האָט אים אויסגעהערט. נאָר דער פּירשט האָט אים בעשומויפן נישט געלאָזט ריידן ביז ער וועט זיך נישט אויפהייבן. געפּאָלגט האָט אים די מעשונע גרויסע סטראַשידלע און ווען ער איז שוין געווען אויפגע־שטעלט, האָט ער אַראָפּגענומען דעם צודעק פונעם פּאָנים און האָט אַנטפּלעקט די שרעקלעכסטע, די לענגסטע, די ווײַסטע און געדיכטסטע באָרד, וואָס מענטשלעכע אויגן האָבן ווען געוועסט געזען, און אַרויסגעצויגן האָט ער פון דער ברייטער און צעשפּרייטער ברוסט אַ טיפן און הילכיקן קאָל און, מיט די אויגן צום פּירשט גע־ווענדט, האָט ער געזאָגט:

— זייער הויכער און מעכטיקער האַר, מיך רופט מען טריפאַלדין מיט דער ווײַסער באָרד. איך בין דער וואָפנטרעגער פון דער גראַפיניע טריפאַלדי, באַקאַנט אויך מיט דעם נאָמען ווירטן דאָלאָרידאַ, וואָס פון איר זײַט ברענג איך צו אײַער גרויסקייט אַ שליכעס. אײַער גרויס פּרעכטיקייט זאָל אַזוי גוט זײַן און איר געבן אַ רעשוס און אַ דערלויבעניש צו קומען פאַר אײַך אויסדערציילן איר ווייטיס און איר זאָרג, וואָס איז איינע פון די נײַסטע און ווּנדערלעכסטע זאָרגן, וואָס אַ זאָר־געוודיקער מויעך האָט געקענט אויסטראַכטן. און פאַר אַלעמען וויל זי וויסן צי געפינט זיך אין דעם שלאָס אײַערן דער מעכטיקער און קיינמאָל נישט באַזיגטער ריטער דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, וואָס צוליב אים קומט זי צו אײַער מעדינע, וואָס דאָס מוז מען באַטראַכטן פאַר אַ ווּנדער אָדער צושרײַבן דעם קויעך פון דעם קישעף. זי איז שטיין געבליבן באַם טויער פון דער פעסטונג אָדער פעלד־הויז און וואַרט אויף אײַער באַוויליקונג אַרײַנצוקומען. איך האָב פאַרענדיקט.

באַלד דערנאָך האָט ער אָפּגעהוסט און האָט זיך באַטאַפּט די באָרד פון אויבן ביז אַראָפּ מיטביידע הענט און מיט גרויס רו האָט ער אויסגעהערט דעם פּירשטס ענטפער, וואָס איז אַזוי געווען:

— שוין לאַנג, בראַווער וואָפּנטרעגער טריפּאַלדין מיט דער ווײַסער באָרד, ווי מיר האָבן געהערט וועגן דער זאָרג פֿון מײַן האַרנטע די גראַפֿיניע טריפֿאַלדי, וואָס קישעפֿמאַכער האָבן איר אַ נאָמען געגעבן ווירטן דאָלאָרידאַ. איר קענט איר וויל זאָגן, גרויסאַרטיקער וואָפּנטרעגער, זי זאָל אַרײַנקומען און אַז דאָ געפֿינט זיך דער מעכטיקער ריטער דאָן קיכאָט פֿון לאַ מאַנטשאַ, וואָס פֿון זײַן מילדקייט קען מען דערוואַרטן יעדן שוץ און גענאָד. און פֿון מײַן זײַט קענט איר איר אויך זאָגן, אַז אויב זי וועט זיך נייטיקן אין מײַנער אַ געפֿעליקייט, וועט דאָס איר נישט פֿעלן, וואָרום מיך איז מעכײַעוו דערצו שוין דאָס וואָס איך בין אַ ריטער און מיר איז נאָנט און עס געהערט מיר באַהילפֿיק צו זײַן יעדן מין פֿרויען, באַזונדערס די ווירטנס אַלמאָנעס, אָפּגעקומענע און צעוויייטיקטע, ווי איר הערשאַפֿט מוז זײַן.

אויסגעהערט האָט דאָס טריפּאַלדין און האָט אײַנגעבויגן די קני ביז דער ערד, האָט געגעבן אַ צייכן דער פּלייט און די פּויקן זיי זאָלן אָנהייבן שפּילן און מיט דעם זעלביקן טאַקט און דעם זעלביקן טראָט ווי ער איז אַרײַנגעקומען, איז ער אַרויסגעגאַנגען פֿונעם גאָרטן און האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט אַלעמען פֿאַרגאַפֿט אָף זײַן געשטאַלט און באַנעמונג. און אומגעדרייט האָט זיך דער פֿירשט צו דאָן קיכאָטן און אים געזאָגט:

— ווי איר זעט, באַרימטער ריטער, קענען נישט די כמאַרעס פֿון דער בייזוויליקייט און פֿון דער אומוויסנקייט פֿאַרשטעלן און פֿאַרטונקלען די שײַן פֿון מוט און טוגנט. איך זאָג עס אָקעגן דעם וואָס קוים זעקס טעג ווי אײַער געפֿעליקייט געפֿינט זיך אין דעם שלאָס, און שוין קומען פֿרעגן אָף אײַך פֿון ווײַטע און פֿאַרוואָרפֿענע לענדער, און נישט אין קאַרעטעס און נישט אָף קעמלען, נאָר צו פֿוס און אויסגעהונגערט די באַצאַרטע און פֿאַרטרויערטע, מיט דעם גלויבן, אַז אין דעם ביז גאָר שטאַרקן אָרעם וועלן זיי געפֿינען אַ טרופֿע צו זייערע לײַדן און פּײַן, אַ דאַנק אײַערע גרויסע העלדישקייטן, וואָס דער שעם זייערער גייט אום איבער דער גאָרער אַנטפּלעקטער וועלט.

— מיר וואָלט זיך וועלן, האַר פֿירשט, — האָט דאָן קיכאָט געענטפֿערט, — דאָ זאָל זיך איצט געפֿינען יענער גליקזעליקער דיאַק, וואָס האָט אַנומלטן באַם טיש אַזאַ נישט גערנקייט און אַזאַ בייז האַרץ אַרויסגעוויזן צו די וואַנדער־ריטער, און זאָל ער מיט זײַנע אייגענע אויגן זען ווי נייטיק די דאָזיקע ריטער זײַנען אָף דער וועלט: ער וואָלט ווייניקסטנס מיט די הענט אָנגעטאַפּט, אַז די אויסערסט באַצאַרטע און טרייסטלאָזע, ווען עס טרעפֿט זיי אַן אומגליק, גייען זיי נישט זוכן הילף אין די הײַזער פֿון די שרײַבקענעוודיקע און פֿון די דאָרפֿישע גאַלאָכים, ניט צו דעם ריטער, וואָס טרעט קיינמאָל נישט אַריבער די גרעניץ פֿון זײַן שטאָט און נישט צו דעם פֿוילן הויפֿמענטשן, וואָס זוכט זיך נײַסן אָף איבערצודערציילן אָנשטאָט עפּעס אויפֿצוטון, אַז אַנדערע זאָלן האָבן וואָס צו דערציילן און באַשרײַבן. אַ מיטל צו צאָרעס, הילף די נויטבאַדערפֿטיקע, שוץ די יונגפֿרויען, טרייסט די אַלמאָנעס געפֿינט מען נישט בײַ קיינעם אַזוי ווי בײַ די וואַנדער־ריטער. און איך בין שולדיק אַ גרויסן דאַנק דעם הימל, וואָס איך בין עס און יעדע מי און יעדן לײַד,

וואָס קען מיך טרעפן בעייסן אויספירן די בעקאָוועדיקע שליכעס, האָלט איך פאַר רעכט. זאָל די ווירטן צוקומען און זאָל זי בעטן וואָס זי וויל, איך וועל איר די טרופע צו אירע לייַדן צושטעלן מיט דער קראַפט פון מיַין אָרעם און מיט דעם אומ־דערשראָקענער אַנטשיידנקייט פון מיַין מוטיקן גייַכט.

# זיבן און דרייסיקסטער קאַפּיטל

## ווי עס קומט דער העמשעך פון דער באַרימטער פּאַסירונג מיט דער ווירטן דאָלאָרידאַ.

שטארק האַנאַע געטון האָט דעם פירשט און דער פירשטן ווען זיי האָבן גע־זען ווי דאָן קיכאָט לאָזט זיך פאַנגען אַף זייער ווענדקע, און סאַנטשאָ האָט זיך אָנגערופן:

— איך וואָלט ניט וועלן, אַז די הארנטע ווירטן זאָל זיַין אַ שטער צום צוזאָג וועגן מיַין רעגירונג. וואָרום געהערט האָב איך אַמאָל זאָגן אַ טאָלעדער אַפּ־טייקער, אַז דאָרט ווו ווירטנס מישן זיך, קען קיין גוטס נישט אַרויסקומען. באַהיט גאָט, וואָס דער אַפּטייקער האָט וועגן זיי אויסגערעדט! און דערפון נעם איך, אַז אויב אַלע ווירטנס, פון וועלכן מיז און גראַד זיי זאָלן נישט זיַין, זיַינען איַינגע־נעסענע וויַיבער און נודניצעס, היינט נאָך ווי די צעוויייטיקטע, ווי מען רופט די גראַפיניע מיט די דריַי פּאָלעס אָדער עקן*). וואָרום אין אונדזערע מעקוימעס זיַינען פּאָלעס און עקן, עקן און פּאָלעס, אַלץ איין זאַך.

— שוויַיג, סאַנטשאָ פריַינט — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — אויב די הארנ־טע ווירטן קומט פון אַזוי וויַיט זיך פרעגן אַף מיר, מוז זי נישט זיַין פון יענע וואָס דער אַפּטייקער האָט געהאַט באַ זיך אַפן צעטל, ביפראַט אַז די דאָזיקע ווירטן איז אַ גראַפיניע און אויב גראַפיניעס דינען פאַר ווירטנס, מוז דאָס זיַין באַ קיניגנס און קייסעריניעס, און באַ זיך אין שטוב זיַינען זיי גרויסע פּריצעס און לאָזן זיך באַדינען פון אַנדערע ווירטנס.

דערויף האָט זיך אָנגערופן דאָניאַ ראָדריגעז, וואָס זי איז געווען דערבייַ:

— מיַין הארנטע האָט ווירטנס, וואָס וואָלטן געמעגט זיַין גראַפיניעס, ווען דאָס מאַזל גיט זיך צו זיי אַ קער. נאָר פאַראַן זיַינען געזעצן געמאַכט פון די קי־ניגן און זאָל מען קיין שלעכטס ניט ריידן אַף קיין ווירטנס און שוין אוודע נישט אַף די פאַרצייטיקע און אַף די הויפישע, וואָרום כאָטש איך בין עס נישט, ווייס איך, אַז אַ הויפישע ווירטן שטייט העכער פון אַ ווירטן אַן אַלמאָנע, און ווער אונדז האָט געשווירן, איז געבליבן מיט דער שער אין דער האַנט.

— פון דעסט וועגן — האָט סאַנטשאָ אָפּגעענטפערט, — איז נאָך פאַר־בליבן אַ סאַך וואָס צו שערן באַ די ווירטנס, ווי מיַין שערער זאָגט, און גלייַכער איז נישט צו מישן די קאַשע, מעג זי צוברענען.

*) די טיַיטש פון טריפאַלדי.

— די וואַפּנטרעגער — האָט געענטפערט דאָניאַ ראָדריגעז, — זײַנען אונדז אײביקע סאָנים, דערפאַר וואָס זיי קריכן ווי די שײדים אין די פּאָדער־צימערן און זעען אונדז אויף יעדן טראָט און די צײַט וואָס זיי דאַווענען ניט (וואָס זיי האָבן איבערגענוג), גייט בײַ זיי אַוועק אונדז צו באַריידן, זיי גראָבן אונדז אויס די ביינער פון די קוואָרים און באַגראָבן דאָרט אונדזער גוטן נאָמען. און איך זאָג אײַך, איר קלעצער גייענדיקע, אַז אײַך אויף צו פּיקעניש וועלן מיר נאָך לעבן אויף דער וועלט און דינען אין לײַטישע הייזער, מיר זאָלן אַפילו פון הונגער שטאַרבן און מיט שוואַרצן צודעקן אונדזערע איידעלע אָדער נישט איידעלע לײַבער, ווי מען דעקט צו דעם מיסטקאַסטן מיט אַ טעפּיך ווען מען גייט פאַרבײַ מיט אַ פּראָצעסיע. בײַ מײַנע נעמאָנעס, ווען מען לאָזט מיך צו, וואָלט איך אײַך געוויזן, ניט נאָר די וואָפּנטרעגער וואָס שטייען דאָ, נאָר אַלע וואָפּנטרעגער פון דער גאַנצער וועלט, אַז אַלע גוטע מידעס שטייען אײַן בײַ די ווירטנס.

— איך האַלט, — האָט די פירשטן זיך אָנגערופן, — אַז מײַן ליבע דאָניאַ ראָדריגעז איז גערעכט, און זייער גערעכט, נאָר גלײַכער וועט זײַן זי זאָל אַן אַנדערסמאָל זיך אָנעמען איר קריוודע און די קריוודע פון די ווירטנס ביכלאַל קעגן דער פאַלשער מיינונג פון יענעם בייזן אַפּטייקער און אויסוואָרצלען זי פון דער ברוסט בײַ דעם גרויסן סאַנטשאָ פּאַנצאַ.

דערויף האָט סאַנטשאָ געענטפערט:

— אַז איך האָב שוין גובערנאַטערישע גייווע, נעמט מען בײַ מיר צו די וואָפּנטרעגערישע האָפערדיקייט, און איך ווייס שוין נישט אויף וויפל ווירטנס עס איז פאַראַן איין פײַג.

מען וואָלט נאָך ווער ווייס ווי לאַנג געשמועסט וועגן די ווירטנס, ווען עס דערהערט זיך נישט ווידער די פּלייט מיט די פּויקן און מען דרינגט נישט דערפון, אַז די ווירטן דאָלאָרידאַ קומט. געפרעגט האָט די פירשטן דעם פירשט צי דאַרף מען איר אַקעגנגיין, מאַכמעס זי איז אַ גראַפיניע און אַ כאַשעווער פאַרשוין.

— אויף וויפל זי איז גראַפיניע — האָט סאַנטשאָ געכאַפּט ענטפערן איידער דער פירשט האָט באַוויזן צו ענטפערן, — האַלט איך, דאַרפן אײערע גרויסקייטן איר אַקעגנגיין, נאָר אויף וויפל זי איז ווירטן, מיין איך, דאַרפט איר אײַך פונעם אָרט נישט רירן.

— ווער הייסט זיך דיר מישן אין די זאַכן? — האָט דאָן קיכאָט זיך אָנגערופן.

— ווער? — האָט סאַנטשאָ געענטפערט — איך, מײַן האַר, ווײַל איך מעג מיך מישן ווי אַ וואָפּנטרעגער, וואָס האָט געלערנט די קלאָלים פון העפלעכקייט איז שול פון אײַער גענעדיקייט, באַם העפלעכסטן און דערצויגנסטן ריטער אין דער גאַנצער העפלעכקייט. און אין די זאַכן, ווי איך האָב פון אײַער גענעדיקייט געהערט, פאַרלירט מען אַלציינס, אַ קאָרט מער צי אַ קאָרט ווייניקער, און פאַר אַ קלוגן האָרף מען קיין סאַך נישט ריידן.

— אַזוי איז עס ווי סאַנטשאָ זאָגט — האָט דער פירשט זיך אָנגערופן: —

מירן זען ווי די גראַפֿיניע זעט אויס און לויט איר אויסזען וועלן מיר וויסן וואָס פֿאַר אַ קאָוועד איר קומט.

אַף די רייד זײַנען אַרײַנגעקומען די פּויקן מיט דער פֿלייט, ווי דעם ערשטן מאָל. און דאָ האָט דער מעכאַבער פֿאַרענדיקט דאָס קורצע קאַפּיטל און האָט אָנגעהויבן אַ צווייטס, אַלץ וועגן דער אייגענער פּאַסירונג, וואָס איז איינע פֿון די מערקווירדיקסטע אין דער געשיכטע.

## אַכט און דרייסיקסטער קאַפּיטל

### ווי עס ווערט דערציילט וואָס די ווירטן דאָלאָרידאַ האָט דערציילט וועגן איר ביטער מאַזל.

נאָך די טרויעריקע קלעזמער האָבן זיך אין גאָרטן געלאָזט אַרײַנגיין אַן ערעך צוועלף ווירטנס, אין צוויי שורעס אויסגעשטעלט. אַלע אָנגעטון אין ברייטע שוואַרצע קליידער, ווי די מאָנאַשקעס, פֿון געוואַלצטן וואָל, ווי עס האָט זיך געדאַכט, מיט ווײַסע קאַפּנטיכער פֿון דינעם לײַוונט, אַזוינע לאַנגע, אַז זיי האָבן קוים אָפּגעדעקט דעם זוים פֿון די קליידער. הינטער זיי איז געגאַנגען די גראַפֿיניע טריפֿאַלדי, געפֿירט בײַ דער האַנט פֿון איר וואָפּנטרעגער טריפֿאַלדין מיט דער ווײַסער באָרד, אין אַ קלייד פֿון שוואַרצער נאָך נישט אויסגעריבענער בייקע, וואָרום אויסגעריבענערהייד וואָלט מען דורך איר אַרויסגעזען יעדן פּרישטש, ווי אַן אַרבעס די גרויס, פֿון די גוטע, די מאַרטאָסער. דער עק אָדער דער שלעפּ פֿון דעם קלייד, אָדער ווי איר ווילט אים אָנרופֿן, האָט געהאַט דרײַ פּאָלעס, און געטראָגן האָבן אים דרײַ פּאַזשן, אויך אין טרויער אָנגעטון, און פֿון די דרײַ שאַרפֿע ווינקלען, וואָס האָבן זיך געשאַפֿן פֿון די דרײַ שלעפּן, האָט זיך אויסגעפֿורעמט אַ פּרעכטיקע מאַטעמאַטישע פֿיגור. און ווער עס האָט אַ קוק געטון אַף די דרײַ פּאָלעס, האָט זיך באַלד געכאַפּט, אַז דערפֿאַר, קענטיק, רופֿט זיך די גראַפֿיניע טריפֿאַלדי, ווי מיר וואָלטן געזאָגט די גראַפֿיניע מיט די דרײַ פּאָלעס. און בענענגעלי זאָגט, אַז דאָס איז די וואָרהייט, און אַז דער עמעסער בײַנאָמען פֿון דער גראַפֿיניע איז געווען לאָבונאַ, מאַכמעס אין איר באַצירק האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן אַ סאַך וועלף, און ווען אָנשטאָט וועלף, וואָלטן זיך דאָרט אויפֿגעהאַלטן פֿוקסן, וואָלט זי זיך גערופֿן סאָרונאַ, ווײַל אײַנגעפֿירט איז געווען אין יענע מעקוימעס, אַז די פּריצים האָבן זייערע נעמען גענומען פֿון דער זאַך אָדער פֿון די זאַכן, וואָס האָבן זיך מער ווי אַלץ געפֿירט אַף זייערע לענדערייען. נאָר די גראַפֿיניע האָט געוואָלט אַרויסווײַזן געפֿעליקייט איר נײַעם קלייד און האָט פֿאַרוואָרפֿן דעם לאָבונאַ און זיך גענומען דעם טריפֿאַלדי.

געשפּאַנט האָבן די צוועלף ווירטנס מיט זייער האַרנטע ווי אין אַ פּראָצעסיע, די פּעניטער פּאַרדעקט מיט שוואַרצע דעקטיכער, ניט אַזוינע דורכזיכטיקע ווי טריפּאָלדינס, נאָר אַזוי געדיכט, אַז קיין שום זאַך האָט זיך נישט דורכגעזען.

ווי נאָר דער שקוואַדראָן ווירטנס האָט זיך באַוויזן, האָבן זיך דער פֿירשט מיט דער פֿירשטן און אויך דאָן קיכאָט אויפֿגעשטעלט און אײַניינעם מיט זיי, די אַלע וואָס האָבן געקוקט אויף דער פּראָצעסיע. די צוועלף ווירטנס זײַנען שטיין געבליבן און געבילדעט אַ גאַס, וואָס דאָלאָרידאַ האָט דורכגעשפּאַנט און טריפּאַלדין האָט איר די גאַנצע צײַט די האַנט נישט אָפּגעלאָזט. דער פֿירשט, די פֿירשטן און דאָן קיכאָט האָבן דאָס דערזען, זײַנען זיי איר אַקעגנגעגאַנגען אַן ערעך צוועלף טריט. זי האָט זיך געשטעלט מיט די קני אויף דער ערד, און מיט אַ קאָל, וואָס איז ניכער געווען גראָב און הייזעריק איידער דין און איידל, האָט זי געזאָגט:

— זאָל אײַערע גרויסקייטן וווילגעפֿעלן ניט אַרויסצוווײַזן אַזוי פֿיל העפֿלעכקייט מיר אײַער דינער, איך מיין מיר אײַער דינערן, מאַכמעס איך בין פֿאַרווייטיקט און וועל עפּשער נישט קענען ענטפֿערן דערויף וואָס איך דאַרף ענטפֿערן צוליב מײַן אויסטערלישן און אומדערהערטן אומגליק און מײַן סייכל האָט מיך פֿאַרפֿירט איך ווייס אַליין ניט ווו, נאָר מיסטאָמע זייער ווײַט, וואָרום וואָס מער איך זוך, אַלץ ווייניקער געפֿין איך.

— אָן סייכל, האַרנטע גראַפֿיניע — האָט דער פֿירשט געענטפֿערט — וואָלט געווען יענער, וואָס וואָלט נישט פֿון אײַער פּאַרשוין גופֿא אַרויסגעזען אײַער מיט, וואָס אָן ווײַטערדיקן נאָכקלערן, פֿאַרדינט איר דאָס גאַנצע אויבערשטע פֿון דער העפֿלעכקייט און די גאַנצע בלום צערעמאָניעס פֿון דער דערצויגנקייט.

דאָן קיכאָט האָט געשוויגן און סאַנטשאָ איז אומגעגאַנגען און האָט געכאַפּט זען דאָס פּאָנים בײַ טריפֿאַלדין און בײַ איינער כאָטש פֿון די ווירטנס. נאָר דאָס איז נישט מעגלעך געווען, ביז זיי האָבן זיך מיט זייער אייגענעם ווילן אָפּגעדעקט. ווען אַלע זײַנען שוין געווען באַרויִקט און אײַנגעשטילט, האָט מען געוואַרט עמיצער זאָל די שטילקייט איבערייסן און געטון האָט דאָס די ווירטן דאָלאָרידאַ מיט די ווערטער:

— איך גלויב, מעכטיקער האַר, העכסט שיינע האַרנטע און העכסט פֿאַרנינפֿטיקע לײַט, וואָס געפֿינען זיך דאָ, אַז מײַן העכסט גרויסע זאָרג וועט אין אײַערע העכסט מוטיקע ברוסטן אָנטרעפֿן אַ נישט ווייניקער געפֿעליקע ווי ברייטהאַרציקע און מיטפֿילנדיקע אויפֿנאַמע. וואָרום אַזוי גרויס איז מײַן פּײַן, אַז זי קען אַ מירמלשטיין רירן און דימענטן ווייך מאַכן, און דעם שטאָל פֿון די האַרטסטע הערצער אין דער וועלט צעקרישלען; נאָר איידער זי קומט צום פֿאָרום פֿון אײַער געהער (קעדיי נישט צו זאָגן אײַערע אויערן), וואָלט איך וועלן מען זאָל מיר צו וויסן געבן צי געפֿינט זיך אין דער איידע, מעסובע אָדער כאַוורוסע, דער העכסט אומבאַפֿלעקטער ריטער דאָן קיכאָט פֿון דער העכסט גרויסער לאַ מאַנטשאַ און זײַן העככט וואָפּנטרעגערישער פּאַנצאַ.

— דער פּאַנצאַ — האָט געענטפֿערט סאַנטשאָ איידער אַלע אַנדערע האָבן

זיך אָנגערופן — איז דאָ, און דער העכסט דאָן קיכאָטישער אויך. און איר קענט דעריבער העכסט צעוויטיקטע העכסטע ווירטן, זאָגן וואָס איר העכסט פאַרלאַנגט, מאַכמעס מיר זײַנען גרייט און העכסט געשפּאַנט צו זײַן אײַערע העכסט דינענ־דיקע.

דערויף האָט זיך אויפגעהויבן דאָן קיכאָט און מיט זײַנע ווערטער געווענדט צו דער פאַרוויטיקטער ווירטן, האָט ער געזאָגט:

— אויב אײַערע אַנגסטן, באַצאַרטע הארנטע, קענען זיך דערלויבן עפּעס אַ האָפענונג אַף גענעזונג מיט דעם מוט אָדער קויעך פון אַ וואַנדער־ריטער, האָט איר דאָ מײַן מוט און מײַן קויעך, וואָס כאָטש שוואַך און קרענק, וועלן זיי גע־שטעלט ווערן צו אײַער דינסט. איך בין דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ און מײַן זאַך איז קומען צו הילף יעדן מין באַדערפטיקע. און ווײַל דאָס איז אַזוי, האָט איר נישט קיין נויט, מײַן הארנטע, צו געווינען וויליגנפּעליקייטן און זוכן האַקדאָמעס, נאָר גלײַך און אָן דריידלעך זאָגן וואָס אײַך קוועלט, וואָרום אײַך הערן אויערן, וואָס אויב נישט העלפן, וועלן זיי אײַך ווייניקסטנס מיטפילן.

ווי די צעוויטיקטע ווירטן האָט דאָס דערהערט, האָט זי געמאַכט אַ באַוועג זיך צו וואַרפן דאָן קיכאָטן צו די פיס, און זי האָט זיך טאַקע געוואָרפן און גע־וואָלט זיי אַרומנעמען און דערבײַ האָט זי געזאָגט:

— פאַר אָט די פיס וואַרף איך מיך, אָ, נישט באַזיגטער ריטער, ווײַל זיי זײַנען דער גרונט און די זײַלן פון דעם וואַנדער־ריטערטום: אָט די פיס וויל איך קושן, ווײַל פון זיי הענגט אָפּ די גענעזונג פון מײַן אומגליק, אָ, מעכטיקער גייער, וואָס אײַערע עמעסע העלדישקייטן לאָזן הינטער זיך און פאַרטונקלען די פאַבל־האַפטיקע מײַסים פון די אַמאַדיסן, עספּלאַנדיאַנען און בעליאַניסן.

און אָפּגעלאָזט האָט זי דאָן קיכאָטן און זיך געווענדט צו סאַנטשאָ פּאַנצאַן און אים פאַר די הענט אָנגענומען און געזאָגט:

— אָ, דו, געטרײַסטער וואָפּנטרעגער, וואָס האָט ווען געדינט אַ וואַנדער־ריטער אין די הײַנטיקע און אַמאָליקע צײַטן, נאָך לענגער איז דײַן גוטסקייט ווי די באָרד בײַ טריפאַלדינען מײַן באַגלייטער, וואָס געפינט זיך דאָ! דו קענסט דיך וויל גרויס האַלטן, וואָרום דערמיט וואָס דו דינסט דעם גרויסן דאָן קיכאָט, דינסטו אין קלאַל דער גאַנצער מאַכנע ריטער אין דער וועלט, וואָס האָבן געגור־מען דאָס געווער אין דער האַנט. איך באַשווער דיך, בײַ אַלץ וואָס דו האָסט צו דאַנקען דײַן העכסט געטרײַער גוטסקייט, דו זאָלסט זײַן אַ גוטער פירשפּרעכער פאַר דײַן האַר, ער זאָל זיך באַלד שטעלן צום גונסטן דער העכסט אָרימער און העכסט אומגליקלעכער גראַפיניע.

און סאַנטשאָ האָט דערויף געענטפערט:

— אַז מײַן גוטסקייט, הארנטע מײַנע, זאָל זײַן אַזוי לאַנג און גרויס ווי די באָרד בײַ אײַער וואָפּנטרעגער, איז מיר גאָרנישט אַזוי שטאַרק צום האַרצן, זאָל מיר נאָר מײַן נעשאָמע זײַן באַוואַקסן מיט באָרד און וואָנצעס ווען זי וועט די דאָזיקע וועלט פאַרלאָזן, אָט דאָס גייט מיר אָן. די אַף דער־וועלטיקע בערד קיי־

מערן מיך גאַנץ ווייניק אָדער גאָרניט. נאָר אָן די דריידלעך און באַקאַשעס, וועל איך בעטן מײַן האַר (וואָס איך ווייס, אַז ער האָט מיך ליב, און נאָכמער איצט, ווען ער באַדאַרף מיך צוליב אַ געוויסן איניען), ער זאָל אײַער גענעדיקייט העלפן און גוטס טון מיט וואָס ער וועט קענען. פּאַקעוועט אויס, אײַער גענעדיקייט, די דײַנעם אײַערע, און דערציילט זיי אונדז, מירן זיך שוין צוזאַמענריידן.

געפּלאַצט האָבן פון געלעכטער די פירשטן, ווי די וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם צונויפשטעל, און האָבן צווישן זיך געלויבט די שאַרפזיניקייט און די פאַרשטעלעניש פון דער טריפאַלדי, וואָס האָט זיך אַוועקגעזעצט און האָט גענומען דערציילן:

— איבער דער באַרימטער מדינה קאַנדאַיאַ, וואָס ליגט צווישן דער גרויסער טראַפּאָבאַנאַ און דעם דאָרעם־יאַם, צוויי מײַל ווײַטער פון דעם קאַפּ קאָמאָרין, האָט געהערשט די קיניגן דאָניאַ מאַגונציאַ, די אַלמאָנע פונעם קיניג אַרכיפּיעלאַ, איר האַר און מאַן וואָס פון זיי איז אַרויסגעקומען און זיי האָבן דערצויגן די פּרינצעסן אַנטאָנאָמאַסיאַ, די יורשטע פון זייער מלוכה. און אָט די פּרינצעסן אַנטאָנאָמאַסיאַ איז געוואַקסן און האָט זיך דערצויגן אונטער מײַן לער און השגחה, מאַכמעם געווען בין איך די כאַשעווסטע און די עלצטע ווירטן בא איר מוטער.

„האָט פּאַסירט, אַז טעג זײַנען געגאַנגען און טעג זײַנען געקומען און דאָס מיידעלע אַנטאָנאָמאַסיאַ איז געוואָרן פערצן יאָר אַלט, מיט אַזאַ גרויסער השלאָמע אין איר שיינקייט, אַז שענער וואָלט זי שוין די נאַטור נישט געקענט באַשאַפן. מיר זאָגן, ווען איר פאַרנינפטיקייט איז נאָך געווען אַ שנעק. געווען איז זי אַזוי קלוג ווי שיין און געווען איז זי די שענצטע אין דער וועלט, און נאָך איצט איז זי אַזוי קלוג און שיין, אויב די נישט פאַרגינערישע וואַלדמיידלעך און פאַרהאַרטעוועטע פאַרצעס האָבן שוין ניט אָפּגעהאַקט איר לעבנס געוועב. נאָר מיסטאָמע האָבן זיי עס נישט געטון, וואָרום דער הימל קען נישט דערלאָזן מען זאָל דער ערד אַזוי פיל שלעכטס טון, ווי אָפּשניידן אומצײַטיקערהייד דאָס קרענצל שענצטע טרויבן אַף דער ערד. אין אָט דער שיינקייט (און ניט ווי מײַן שטומפּיקע צונג רעדט דאָס אַרויס) האָבן זיך פאַרליבט אָן אַ שיר פּרינצן, דאָרטיקע ווי פון דער פרעמד, און צווישן זיי אַלע האָט זיך דערוועגט זײַנע אויגן אויפצוהייבן צו אָט דער שיינקייט איינער אַ פּריוואַטער קאַוואַליר, אַ ריטער פונעם הויף, וואָס האָט זיך פאַרלאָזט אַף זײַן יוגנט און שטאַלטנע פיגור, אַף זײַן כיין און פעיִקייטן, ווי אַף זײַן שפּילעוודיקן מויעך. וואָרום אײַערע גרויסקייטן מוזן וויסן, אויב איר נעמט עס ניט פאַר אומגוט, אַז געשפּילט האָט ער אַף אַ גיטאַרע, וואָס האָט בא אים גערעדט אונטער די פינגער, און דערצו נאָך איז ער געווען אַ פּאָעט און אַ גרויסער טענצער, און אַ שטייגל פלעגט ער מאַכן פאַר די פייגעלעך, וואָס נאָר דערמיט אַליין וואָלט ער זיך געקענט אָפּן לעבן פאַרדינען, ווען ער פאַלט אַרײַן אין אַ נויט. אַלץ מײַלעס וואָס קענען אַ באַרג אײַנוואַרפן (ניט בלויז אַ יונג מיידל). נאָר די אַלע מײַלעס און מאַטאָנעס וואָלטן ווייניק געהאָלפן אָדער גאָרניט גע־

האָלפן איינצונעמען מיין מיידלס פעסטונג, ווען דער גאַנעוו הויטשינדער וואָלט נישט אָנגעווענדט אַ מיטל צוערשט מיך אַליין איינצונעמען. צוערשט האָט דער אויסוואורף און האַרצלאָזער הולטיי געוואָלט געווינען מיין ווילן און אָפּקויפן מיין געשמאַק, קעדיי איך, די פאַרדאָרבענע שלאָס־היטערן, זאָל אים איבערגעבן די שליסלען צו דער פעסטונג וואָס איך האָב געהיט. קורץ, מיט כניפע האָט ער פאַרשלעפּערט מיין פאַרשטאַנד און האָט באַזיגט מיין ווילן מיט קאָלערליי צירונגען און שמאַכטעס, וואָס ער האָט מיר געגעבן. נאָר דעריקער האָט ער מיך גענומען און צו דער ערד פאַר זיך אוועקגעלייגט מיט די לידלעך, וואָס איך האָב אים געהערט זינגען איינמאָל אַ נאַכט דורך די גראַטעס, וואָס זיינען אַרייַנגעקומען אין אַ געסל, ווו ער איז געשטאַנען, און, אויב דער זיקאָרן דינט מיר, האָט ער געזונגען:

מיין זיסער סוינע טוט מיך פּלאָגן
און פאַרשאַפט נאָר וווּנדן אין דער זעל מיר,
און דערצו נאָך וויל זי און באַפעלט מיר
איך זאָל בלויז פּילן און נישט זאָגן.

דאָס ליד האָט מיר ווי פּערל אויסגעזען און דאָס קאָל ווי סיראָפּ, נאָר איצטער זאָג איך אייַך, און איך זאָג עס פון זינט איך בין אין דער נעץ פון דעם לידל אַרייַנגעפאַלן, און פון נאָך אַזוינע לידלעך, אַז פון גוט איינגעאָרדנטע מעדינעס וואָלט מען באַדאַרפט פאַרטרייַבן די פּאָעטן, ווי פּלאַטאָן האָט געראָטן, אַלקאָלפּאָנים די לייד־שאַפּטלעכע, וואָס שרייַבן זייערע לידער נישט ווי דער מאַרקיז פון מאַנטואַ, וואָס פאַרווייַלן און רופן אַרויס טרערן בײַ קינדער און ווייַבער, נאָר מיט אַזוינע שאַרפקייטן, וואָס דרינגען אַרייַן אינעם האַרצן ווי דערנער ווייכע און טרעפן אייַך ווי אַ בליץ, וואָס לאָזט דאָס אָנטון גאַנץ. אַן אַנדערשמאָל האָט ער געזונגען:

קום טויט אין שאָטן מיך פאַרוועבן,
איך זאָל די טריט דייַנע נישט הערן
און זאָל דער טייַנעג פון נישט ווערן
מיך נישט ציען דיר מיין לעבן אָפּצוגעבן.

און נאָך אַזוינע לידלעך און שטראָמבאָטן, וואָס אַז מען זינגט זיי אַנטציקן זיי און געשריבענערהייד פּלעפן זיי. וואָס דאַרפט איר מער, זיי לאָזן זיך אַרונטער און פאַרפּאַסן דעם מין קופּלעטן, וואָס מען פלעגט דעמאָלט זינגען אין קאַנדאַיאַ און האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן סעגידיליאַס. איך זאָג אייַך, דאָס האַרץ הויבט זיך פון זיי צום שפּרינגען און צום לאַכן, דעם גוף צערודערן זיי און אַלע כושים גיסן זיי אָן מיט קוועקזילבער. אָט דעם מין פּאָעטן, זאָג איך אייַך, מייַנע האַרן, וואָלט מען מיט אַן עמעס באַדאַרפט פאַרשיקן אַף די עקדיש־אינדזלען. נאָר זיי זייַנען ניט שולדיק, שולדיק זייַנען די טמימים, וואָס לויבן זיי און די נאַראָנים וואָס גלויבן זיי. און וואָלט איך געווען אַזאַ גוטע ווירטן ווי איך וואָלט באַדאַרפט זייַן, וואָלטן מיך נישט באַדאַרפט רירן זייַנע נאַכטוואַנדלערישע כניפעס און איך וואָלט נישט באַדאַרפט האַלטן פאַר וואָר דאָס וואָס מען זאָגט: „איך לעב אינעם

טויט, איך ברען אינעם אייז, איך ציטער אינעם פייער, איך האָב אין דער פאַרצווייפלונג, איך בין אַוועק און בלייב", מיט נאָך אַזוינע אומעגלעכקייטן פון דעם מין וואָס זייערע שריפטן זיינען פול מיט זיי. דערצו נאָך ווען זיי הייבן אָן צוזאָגן דעם פויגל פעניקס פון אַראַביע, די קרוין פון אַריאַדנאַ, די פערד פון דער זון, די פערל פון דאָרעם, דאָס גינגאָלד פון טיבאַר און דעם באַלזאַם פון פאַנקאַיאַ! דאָ ערשט צעלאָזן זיי זיך מיט זייערע פענעס, וואָרום וואָס קאָסט זיי צוזאָגן אַזוינס וואָס זיי טראַכטן אַפילו ניט נאָכצוקומען און קענען עס גאָרניט נאָכקומען. נאָר, ווו פאַרווייל איך מיך? ווייי צו מיר, אומגליקלעכע וואָס איך בין! וואָס איז דאָס פאַר אַ מעשוגאַעס אָדער וואָס איז דאָס פאַר אַ נאַרישקייט, וואָס הייסט מיר אויסדערציילן פרעמדע זינד, אַז איך אַליין בין פול מיט זינד? נאָכאַמאָל ווייי צו מיר, אומגליקלעכע! נישט די לידלעך האָבן מיך פאַרפירט, נאָר מיין אייגענע נאַרישקייט. נישט דאָס געזאַנג האָט מיך ווייך געמאַכט, נאָר מיין לייכטזיניקייט. מיין גרויס אומוויסן און מיין ווייניק געוואָרנטקייט האָבן געעפנט דעם וועג און אָפּגערייניקט די סטעזשקע פאַר די טריט פון דאָן קלאַוויכאָ, וואָס אַזוי רופט מען יענעם ריטער. און אָט אַזוי, מיט מיר ווי אַ פאַרמיטלערן, האָט ער זיך געפונען איינמאָל און אַ סאַך מאָל אינעם צימער פון דער אָפּגענאַרטער דורך מיר און נישט דורך אים אַנטאָנאָמאַסיאַ, אַזוי ווי אַ ריכטיקער מאַן. נאָר כאָטש אַ זינדערן, וואָלט זי זיך כאַסענע נישט מאַסקים געווען ער זאָל זיין אַפילו דאָס בענדל פון אירע שיך.

„ניין, ניין, דאָס ניט: כאַסענע האָבן, דאָס איז דאָס ערשטע, וואָס אָן דעם גיי איך נישט אַיין אַף קיין שום געשעפט. איין אומגליק נאָר איז פאַראַן דערביי, וואָס דאָן קלאַוויכאָ איז אַ פּריוואַטער קאַוואַליר און די פּרינצעסן אַנטאָנאָמאַסיאַ איז אַ יורשטע, ווי שוין געזאָגט, פון דער קרוין. עטלעכע טעג האָב איך דעם פּלאַנטער געהאַלטן אויסבאַהאַלטן און פאַרשטעלט אין דער פאָרזיכטיקייט פון מיין שווייגן, ביז מיר האָט זיך געדאַכט, אַז עפּעס אַ געשווילעכץ פון אַנטאָנאָמאַסיאַס בויך מוז מיט דער צייט דעם איניען אויפדעקן, און די מוירע האָט אונדז אַלע דריי צונויפגעבראַכט און געבליבן איז צווישן אונדז, אַז איידער דער בייזער סאָד וועט אַנטפּלעקט ווערן, זאָל דאָן קלאַוויכאָ בעטן דורכן וויקאַר אַנטאָנאָמאַסיאַן פאַר אַ ווייב, אַפן גרונד פון אַ צעטעלע, וואָס די פּרינצעסן האָט אים צוגעשיקט, און וואָס איך האָב צוגעטראַכט, אַז זי וויל אים פאַר איר מאַן, און מיט אַזאַ קויעך, אַז שימשן האַגיבער אַליין וואָלט אים נישט איינגעבראָכן. מען האָט אויסגעפאָרשט דעם איניען, דער וויקאַר האָט באַטראַכט דאָס צעטעלע, האָט גענומען אַף אַ פאַרהער דאָס ווייבל, זי האָט גלייך מוידע געווען און ער האָט זי אַוועקגעשיקט אין הויז צום געריכטס אָפיציר, זייער אַ אָרנטלעכן...

דערביי האָט זיך סאַנטשאָ אָנגערופן:

— אויך אין קאַנדאַיאַ זיינען פאַראַן געריכטס אָפיצירן, פּאָעטן און קופּלעטן? איך וואָלט דערפון געקענט שווערן, אַז אומעטום איז איין וועלט. נאָר איילט אייך אַביסל אונטער, אייער גענעדיקייט האַרנטע טריפאַלדי, וואָרום עס איז שוין שפּעט, און איך כאַלעש שוין וויסן דעם סאָף פון דער לאַנגער געשיכטע.

— אַזוי וועל איך טון — האָט די גראַפיניע געענטפערט.

# נײַן און דרײַסיקסטער קאַפּיטל

## זוי די גראַפיניע טריפאַלדי דערציילט ווייַטער איר וווּנדערלעכע און מערקווירדיקע געשיכטע.

פון יעדן וואָרט וואָס סאַנטשאָ האָט געזאָגט, האָט די פירשטן האַנאַ געהאַט אַזוי פיל וויפל דאָן קיכאָטן האָט דאָס פאַרדראָסן. און ווי נאָר ער האָט באַפּויקן סאַנטשאָן שווייַגן, האָט די פאַרוויייטיקטע ווידער אָנגעהויבן דערציילן:

— בעקיצער, נאָך אַ סך ווענדונגען און ענטפּערס, און אַזוי ווי די פּרינצעסן האָט קעסיידער געטייַנעט אירס און האָט נישט אָפּגעטראָטן און אַ וואָרט נישט געענדערט פון איר ערשטער דערקלערונג, האָט דער וויקאַר געפּאַסקנט לעטויזועס דאָן קלאַוויכאָ און האָט זי אים איבערגעגעבן פאַר זייַן געזעצלעך ווייַב, און דאָס האָט דער קיניגן מאַגונציאַ, דער מוטער פון דער פּרינצעסן אַנטאָנאָמאַסיאַ, אַזוי געערגערט, אַז אין דרייַ טעג אַרום האָבן מיר זי באַגראָבן.

— טאָקע געשטאָרבן? — האָט סאַנטשאָ געזאָגט.

— פאַרשטייט זיך! — האָט טריפאַלדין געענטפערט: — אין קאַנדאַיאַ באַגראָבט מען נישט קיין מענטשן לעבעדיקערהייד, נאָר געשטאָרבענע.

— מען האָט שוין געזען האַר וואָפנטרעגער — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — באַגראָבן אַ געכאַלעשטן, וואָס מען האָט געמיינט ער איז טויט, און מיר דאַכט זיך, אַז איידער די קיניגן מאַגונציאַ איז געשטאָרבן, האָט זי געמוזט כאַלעשן. אַז מען לעבט, ווערן אַ סאַך זאַכן פאַריכט און די פרינצעסן איז נאָר אַזאַ גרויס נאַרישקייט נישט באַגאַנגען, אַז די מוטער זאָל געוועזן דאַרפן אַזוי שטאַרק לייַדן דערפון. וואָלט די טאָכטער געוועזן כאַסענע געהאַט מיט אירן אַ פּאַזש אָדער מיט אַן אַנדער הויז־דינער, ווי אַ סאַך אַנדערע האָבן געטון, ווי איך האָב געהערט, וואָלט דאָס אוממגליק געוועזן ניט צום פאַריכטן, נאָר אויב זי האָט כאַסענע געהאַט מיט אַזאַ פייַנעם און מיט אַזאַ קלוגן ריטער, ווי מען האָט אים אונדז דאָ אָפּגעמאָלט, איז עס זיכער געוועזן אַ נאַרישקייט, אָבער ניט אַזאַ גרויס נאַרישקייט ווי מען דענקט, וואָרום לויט די קלאָלים פון מייַן האַר, וואָס געפינט זיך דאָ, און ער וועט מיך נישט לאָזן קיין ליגן זאָגן, קען מען פון ריטער, ביפראַט פון וואַנדערנדיקע, מאַכן קיניגן און קיסאָרים, פּונקט ווי מען מאַכט פון שרייַבערעקעוודיקע מענטשן בישאָפן.

— דו ביזט גערעכט, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — וואָרום אַ וואַנדער־ריטער, אויב ער האָט נאָר צוויי פינגער מאַזל, איז ער זייער נאָענט בעקייעך צו ווערן דער גרעסטער האַר אין דער וועלט. נאָר זאָל די האַרנטע דאָלאָרידאַ ווייַטער דערציילן, וואָרום ווי איך זע, פעלט נאָך צו דערציילן דאָס ביטערע אין דער ביז איצט זיכער געשיכטע.

— און נאָך ווי ביטער איז דאָס פאַרבליבענע! — האָט די גראַפיניע געענטפערט. — אַזוי ביטער אַז אין פאַרגלייַך דערמיט זייַנען פעפערס זיס און ליאַנדער באַטאַמט.

„געשטאָרבן די קיניגן און נישט געכאַלעשט, האָבן מיר זי באַגראָבן. און ווי נאָר מיר האָבן זי מיט דער ערד פאַרשאָטן און איר געזאָגט דעם לעצטן זײַ געזונט, ווי פלוצים, קווים טאַליאַ פאַנדאַ טעמפּערעט אַ לאַקרימיס?, האָט זיך אָפּן קייווער פון דער קעניגן באַוויזן, אַף אַ הילצערנעם פערד רײַטנדיק, דער ריז מאַלאַמבּרונאַ, מאַגונציאַס אַ געשוועסטערקינד, וואָס אַכוץ זײַן רישעס, איז ער אויך אַ מעכאַשעף, און אויס נעקאָמע פאַרן טויט פון זײַן געשוועסטערקינד, ווי אַ שטראָף פאַר דאָן קלאַוויכאָס דערוועגן זיך און פאַר קאָעס איבער אַנטאָנאָמאַסיאַס העפקיירעס, האָט ער זיי, מיט זײַנער אַ קונץ, שטיין געלאָזט פאַרקישעפטע אָפּן קייווער גופע: זי אין אַ בראָנזענער מאַלפּע פאַרוואַנדלט און אים אין אַ קראָקאָדיל פון עפּעס אַ אומבאַ־קאַנטן מעטאַל, און צווישן זייביידן שטייט אַ זייל, אויך פון מעטאַל, מיט אַן אויפשריפט אין דער סירישער שפּראַך, וואָס אין דער קאַנדאַישער פאַרטײַטשט, און איצט אין דער קאַסטעליאַנישער, האָט זי אָט דעם באַטײַט: די צוויי כוצפּע־דיקע פאַרליבטע וועלן ניט צוריקבאַקומען זייער פריערדיקע געשטאַלט ביז דער מעכטיקער לאַ מאַנטשער וועט נישט קומען מיט מיר זיך שלאָגן אַף אַ דועל, וואָרום די פעעס האַלטן דעם נאָך גישט געזעענעם געראַנגל נאָר פאַר זײַן גרויסן מוט וועגן".

„ווי ער האָט דאָס אָפּגעטון, האָט ער פון דער שייד אַרויסגענומען אַ ברייטע גרויסע טערקישע שווערד, האָט מיך פאַר די האָר אָנגעכאַפּט און האָט מיט דער שווערד אַ פאָכע געטון קעדיי מיר דעם האַלדז איבערצושנײַדן און דעם קאָפּ אַראָפּ־צוהאַקן. איך בין צעמישט געוואָרן, דאָס קאָל האָט זיך מיר צום גומען צוגעקלעפּט און בין געבליבן אינגאַנצן אַ פאַרשטיינערטע. דאָך האָב איך מיר אַ קויעך אָנגע־טון און מיט אַ צעשראָקן און צעוויטיקט קאָל האָב איך אים אַזוינס אַרײַנגעזאָגט, אַז די הענט האָבן זיך אים אַראָפּגעלאָזט און ער האָט זײַן שטרענגע שטראָף נישט אויסגעפירט. צום לעצט האָט ער באַפוילן ברענגען אַהין אַלע ווירטנס פונעם פּאַ־לאַץ, וואָס איר זעט דאָ, און נאָכדעם ווי ער האָט אויסגערעכנט אַ צעטל נישט גע־שטויגענע כאַטאָים אונדזערע און געטאַדלט די אויפירונג פון די ווירטנס, זייערע שלעכטע געוווינהייטן און נאָך ערגערע זיטן, און אַרויפגעוואָרפן אַף זיי אַלעמען די שולד, וואָס איך איינע האָב געטראָגן, האָט ער געזאָגט, אַז מיטן טויט וויל ער אונדז פאַר דער וועלט אָפּטויטן אָפּן גאַנצן לעבן. און ווי ער האָט דאָס אַרויסגע־רעדט, האָבן מיר אַלע דערפילט ווי עס עפענען זיך די שפּעלטלעך באַ אונדז אַף די פּענימער און ווי נאָדלען וואָלטן אונדז געגומען שטעכן. מיר האָבן זיך באַלד אַ טאַפּ געטון באַ די פּענימער און אָנגעטאַפּט האָבן מיר זיי אַזוי ווי איר זעט.

און באַ די ווערטער, האָט די צעוויטיקטע און די אַנדערע ווירטנס זיך די דעקטיכער אַרונטערגענומען און אָפּגעדעקט האָבן זיי פּענימער אַלע באַוואַקסענע מיט בערד, באַ וועמען בלאָנדע, באַ וועמען שוואַרצע, באַ וועמען ווײַסע און באַ וועמען געפאַרבטע, און אַרויסגעוויזן האָבן דערבײַ פאַרווונדערונג דער פירשט מיט דער פירשטן. דערשראָקן האָבן זיך דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ און געשטוינט האָבן אַלע אַרומיקע. און די גראַפינע טריפאַלדי האָט ווײַטער דערציילט:

— אַט אַזוי האָט אונדז באַשטראָפט דער ראָשע מערושע מאַלאַמברונאָ. באַ־דעקט האָט ער אונדזערע ווײַסע און צאַרטע פּענימער מיט אַט די האַרטע שעטינעס. געבעטן וואָלט איך דעם הימל ער זאָל אונדז בעסער געווען די קעפּ אָפּהאַקן מיט זײַן גרויסער שווערד, איידער די שײַן פון אונדזערע פּענימער אונדז צו פאַרשאַ־טענען מיט דעם ציגן־וואָל, וואָס באַדעקט אונדז. ווּאָרום אַז מיר גיבן זיך אָפּ אַ בעשבן, מײַנע הארן (און דאָס וואָס איך גיי אײַך איצט זאָגן, וואָלט איך וועלן זאָגן מיט אויגן אין קוואַלן פאַרוואַנדלט. נאָר דאָס טראַכטן וועגן אונדזער אומגליק און די יאָמען וואָס זיי האָבן שוין ביז איצט אויסגערעגנט, האָבן זיי ווי די פעלדזן טריקן געמאַכט, און איך וועל דאָס זאָגן אָן טרערן), איז וווּהין, זאָג איך, קען אַ ווירטן גיין מיט אַזאַ באָרד? וואָסער טאַטע און וואָסער מאַמע וועט פאַר איר דאָס האַרץ ווײ טון? ווער וועט איר אַרויסהעלפן אין דער נויט? אַז אַפילו מיט אַ גלאַטן פּאָנים, אַ געפּײַניקטן מיט טויזנטערליי שמירעכצער און זאַלבן, געפינט זיך קוים ווער עס זאָל זי ליב האָבן, ביפּראַט נאָך, אַז ער וועט אָנטרעפן אַ וואַלד אויפן פּאָנים? אַ, ווירטנס און כאַווערטעס מײַנע, אין אַ אומגליקלעכער שאָ זײַנען מיר געבוירן, אין אַ בייזער שאָ האָבן אונדזערע עלטערן אונדז אויף דער וועלט געבראַכט!
און ווי זי האָט דאָס געזאָגט, האָט זי דעם קאָפּ פאַרוואָרפן ווי צום כאַלעשן.

## פערציקסטער קאַפּיטל

**וועגן זאַכן וואָס האָבן אַ שײַכעס און באַרירן דעם דאָזיקן געראַנגל און די מערקווירדיקע געשיכטע.**

די אַלע וואָס האָבן ליב דעם מין געשיכטעס, מוזן בעעמעס דאַנקען דעם סידע האַמעטע, איר ערשטן מעכאַבער, פאַר דער זאָרג און מי וואָס ער האָט זיך גענומען צו דערציילן אירע מינדסטע פּראָטים און האָט נישט איבערגעלאָזט קיין שום זאַך ווי קליין זי איז, ער זאָל זי ניט גאַנץ דײַטלעך אַרויסברענגען. ער מאָלט די מאַכשאָווע, דעקט אויף דאָס געדאַכטע, ענטפערט אויף דאָס נישט אַרויסגעזאָגטע, קלערט אויף דאָס סאָפעקדיקע און ציט אונטער דעם סאַכאַקל. קורץ, ער אַנטפּלעקט די אַטאָמען פון דעם ווייסנגיריקסטן פאַרלאַנג. אָ, דו גרויס געפּײַערטער מעכאַבער! אָ, דו גליקלעכער דאָן קיכאָט! אָ, דולצינעאַ באַרימטע! אָ, סאַנטשאָ פּאַנצאַ באַכיינ־טער! אַלע אײנײנעם און איטלעכער פון אײַך באַזונדער זאָלט איר יאָרהונדערטן לעבן צום גענוס און צײַטפאַרטרײַב פון די לעבעדיקע.
דערציילט, הייסט עס, די געשיכטע, אַז ווען סאַנטשאָ האָט דערזען דאָלאָרי־דאַ כאַלעשט, האָט ער זיך אָנגערופן:
— באַ דער נעמאָנעס פון אַן אָרנטלעכן מענטשן שווער איך, און באַ די יאָרן פון מײַנע אָוועס די פּאַנצאַס, אַז איך האָב נאָך אויף מײַן לעבן נישט געהערט און נישט געזען, נישט מײַן האַר האָט מיר ווען דערציילט און נישט אין זײַן מאַכשאָווע איז אים ווען אײַנגעפאַלן אַזאַ געראַנגל ווי דער.

„טויזנט מאָל סאָטן, זאָג איך, ווײַל איך וויל דיך ניט שילטן, מאַלאַמברונאַ, ווי אַ ריז און מעכאַשעפֿ. קיין אַנדער מין שטראָף האָסטו שוין נישט אויס־געפֿונען פֿאַר די זינדערנס ווי נאָר זיי באַבערדיקן? ווי קען דאָס זײַן! צי וואָלט דען נישט בעסער געווען אױך פֿאַר זיי אויך פֿאַסיקער, האַלבע נעזער בײַ זיי אָראָפּנעמען פֿונעם מיטן אַרויפֿצו, אַפֿילע זיי זאָלן דערפֿון בלײַבן פֿאָנפֿאַטע, איידער מיט בערד זיי באַקלעפּ? איך גיי אין געוועט, אַז זיי האָבן נישט אַזאַ פֿאַרמעגן צו באַצאָלן עמיצן וואָס זאָל זיי אָפּראַזירן.

— דאָס איז דער ריינער עמעס, מײַן האַר — האָט געענטפֿערט איינער פֿון די צוועלף, — מיר האָבן קיין געלט נישט אויף אָראָפּצונעמען אונדז די בערד. טייל אונדזערע האָבן שוין גענומען נוצן, אויף אײַנצושפּאָרן זיך הויצאָע, פֿעך־פּלאַסטערס, וואָס אַז מען קלעפּט זיי צו און מען רײַסט זיי דערנאָך ראַפּטאָם אַראָפּ, בלײַבט דאָס פּנים גלאַט ווי דער דעק אין אַ שטיינערנעם שטייסל. וואָרום כאָטש פֿאַראַן זײַנען אין קאַנדאַיאַ ווײַבער, וואָס גייען פֿון שטוב צו שטוב דעם פּוך אָראָפּנעמען, די ברעמען צופּן און געבן אַלערליי שמירעכצער די ווײַבער, האָבן מיר, אָבער, די ווירטנס פֿון אונדזער האַרנטע, קיינמאָל נישט געוואָלט אָנקומען צו זיי, מאַכמעס מערסטנס זײַנען זיי מעקלערנס און נאָכשמעקערקעס, און אויב דער האַר דאָן קיכאָט וועט אונדז נישט העלפֿן, וועט מען אונדז מיט די בערד אין קייווער פֿירן.

— איך וועל מיר מײַן אייגענע באָרד לאָזן אָפּראַזירן אין מאָרן־לאַנד — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט — אויב איך וועל צו אײַערע קיין מיטל נישט געפֿינען.

בײַ די ווערטער האָט די גראַפֿיניע טריפֿאַלדי פֿון איר כאַלאַשעס זיך אויפֿגעכאַפּט און געזאָגט:

— דער אָפּקלאַנג פֿון אײַער צוזאָג, מעכטיקער ריטער, אינמיטן מײַן כאַלעשן, איז דערגאַנגען צו מײַנע אויערן און האָט געבראַכט דערצו איך זאָל צו זיך קומען און זאָל צוריקבאַקומען אַלע מײַנע כושים, און איך בעט אײַך דערום נאָכאַמאָל, דערלויכטענער גייער און אומגעצוימטער האַר, אַז אײַער שיינער צוזאָג זאָל ווערן אַ טאַט.

— אין מיר וועט קיין מעניע נישט זײַן — האָט דאָן קיכאָט געענטפֿערט.

—זאָגט א י ר, מײַן האַרנטע, וואָס איך דאַרף איצט טון, וואָרום מיטן האַרצן בין איך גרייט אײַך צו דינען.

— די זאַך איז — האָט דאָלאָרידאַ געענטפֿערט, — וואָס פֿון דאַנען ביז דער מעדינע קאַנדאַיאַ, אויב מען זאָל גיין מיט דער יאַבאַשע, איז פֿאַראַן פֿינף טויזנט מײַל, מיט צוויי מער אָדער ווייניקער, נאָר מיט דער לופֿט, שנײַדנדיק גלײַך. איז פֿאַראַן דרײַ טויזנט צוויי הונדערט מיט זיבן און צוואַנציק. איר דאַרפֿט אויך וויסן, אַז מאַלאַמבּרונאַ האָט מיר געזאָגט, אַז אויב דאָס מאַזל וועט מיר צושיקן דעם ריטער, אונדזער באַפֿרײַער, וועט ער פֿאַר אײַך צושיקן אַ סאַך אַ בעסער רײַט־מיטל, ניט אַזאַ קאַפּריזנעם ווי געוויינלעך די באַ־עגאָלישע. דאָס מוז אַוודע זײַן דאָס הילצערנע פֿערד, וואָס אויף אים האָט דער מעכטיקער פּיערעס אַוועקגערויבט די שיינע מאַגעלאָנע. דאָס פֿערד לאָזט מען גיין מיט אַזאַ שפּונט, וואָס איז פֿאַראַן בײַ

אים אָפּן שטערן, און דינט אים פּאַר אַ ציימל, און פליען פליט ער אין דער לופטן אַזוי שנעל ווי דער טײַוול וואָלט אים געטראָגן. קוים אַן אַלטער מעסווירע האָט דאָס פערד געמאַכט דער באַרימטער געלערנטער מערלען און ער האָט דאָס אויסגעלייען פיערעס, וואָס איז געווען זײַנער אַ גוטער ברודער, און ער האָט מיט אים געמאַכט גרויסע נעסיעס און האָט אַרויסגעגאַנוועט, ווי שוין געזאָגט, די שיינע מאַגעלאָנע און זי געפירט מיט זיך רײַטנדיק אין דער לופטן און ווער עס האָט זיי געזען פון דער ערד, האָט געגאַפט. און אויסבאַרנן פלעגט ער אים נאָר די וואָס ער האָט ליב געהאַט אָדער די וואָס האָבן אים בעסער באַצאָלט. און זינט דעם גרויסן פיערעס ביז הײַנט, ווייסן מיר נישט אויב עמיצער איז אַף אים געריטן. פון דאָרטן האָט אים מאַלאַמבּרונאַ אַרויסגענומען מיט זײַן קישעף און ער האַלט אים אין זײַן מאַכט, און דינט זיך מיט אים פאַר זײַנע נעסיעס; וואָס ער מאַכט פון צײַט צו צײַט אין פאַרשיידענע עקן וועלט, און הײַנט געפינט ער זיך דאָ און מאָרגן אין פראַנקרײַך און איבערמאָרגן אין פּאָטאָסי. און די גרעכטע מײַלע פון דעם פערד איז דאָס וואָס ער עסט נישט און שלאָפט נישט און רײַבט נישט אויס די פּידקאָוועס און אין אַ פליגל גייט ער אין דער לופטן מיט אַזאַ גלאַטן טראָט, אַז דער ריטער קען טראָגן אַ פולע גלאָז וואַסער אין דער האַנט און אַ טראָפּן נישט איבערגיסן און דערפאַר האָט די שיינע מאַגעלאָנע שטאַרק ליב געהאַט רײַטן אַף אים.

דערויף האָט סאַנטשאָ זיך אָנגערופן:

— אַף גיין גלאַט און רויִק, איז מײַן העל-בראַונער, כאָטש ער פליט נישט אין דער לופטן. נאָר אַף דער ערד שטעל איך אים אין געוועט מיט אַלע לויפערס אין דער וועלט.

אַלע האָבן געלאַכט און דאָלאָרידאַ האָט ווײַטער דערציילט:

— און אָט דאָס פערד (אויב מאַלאַמבּרונאַ וויל מיט אַן עמעסן אַ סאָף מאַכן צו אונדזער אומגליק) וועט נאָך הײַנט, אַ האַלבע שאָ פאַר נאַכט ווערן, זײַן דאָ מיט אונדז. וואָרום דער סימען, וואָס ער דאַרף מיר געבן אַף דעם אָרט, ווו איך וועל האָבן געטראָפן דעם ריטער וואָס איך זוך, דאַרף זײַן דאָס פערד. און ער דאַרף עס מיר צושיקן שנעל און מיט אַלע באַקוועמקייטן.

— און וויפל פאַרשוין קען דאָס פערד אַף זיך טראָגן? — האָט סאַנטשאָ געפרעגט.

געענטפערט האָט דאָלאָרידאַ:

— צוויי פאַרשוין, איינעם אין זאָטל און דעם צווייטן אָפּן הינטן. און מערסטנס זײַנען די צוויי פאַרשוין ריטער און וואָפּנטרעגער, ווען עס מאַכט זיך נישט עפּעס אַן אַרויסגעגאַנוועטע יונגפרוי.

— געוואָלט וואָלט איך וויסן, האַרנטע דאָלאָרידאַ, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט — ווי אַזוי רופט מען דאָס פערד.

— דער נאָמען — האָט דאָלאָרידאַ געענטפערט — איז נישט ווי בעלעראָפאָנטס פערד, וואָס מען האָט אים גערופן פּעגאַזוס, נישט ווי דעם גרויסן אַלעקסאַנדערס פערד, וואָס מען האָט אים גערופן בוצעפאַלוס, נישט ווי דעם בייזן אָרלאַנדס, וואָס זײַן נאָמען איז געווען ברילי‌אַדאָר, אויך נישט באַיאַרט, ווי דאָס פערד

פון רעינאַלדאָס פון מאָנטאַלבאַן, נישט פּראַנטינאַ ווי רודזשיעראָס, נישט באָאָטעס און נישט פּעריטאָאַ, ווי מען רופט, זאָגט מען, די פערד פון דער זון, אויך רופט מען עס נישט אָרעליאַ, ווי מען האָט גערופן דאָס פערד, וואָס אויף אים איז דער אומ־גליקלעכער ראָדעריק, דער לעצטער גאָדן־קיניג, אַרײַן אין דער שלאַכט, וווּ ער האָט פאַרלוירן זײַן לעבן און זײַן מעלוכע.

— איך קען וועטן — האָט סאַנטשאָ געזאָגט — אַז אויב מען האָט דעם פערד נישט געגעבן קיין איינעם פון די באַרימטע פערדישע נעמען, האָט מען אים אויך נישט אַ נאָמען געגעבן ווי מײַן הארס פערד, ראָסינאַנטע, וואָס שטײַגט איבער, ווי אַן אייגענער, אַלע צונעמען, וואָס איר האָט אויסגערעכנט.

— ריכטיק — האָט געענטפערט די באַבערדיקטע גראַפיניע, — נאָר דער נאָמען פּאַסט אים זייער, מאַכמעס מען רופט אים קלאַווילעניאָ על אַליבעראָ, לע־ניאָ ווײַל אַ הילצערנער און קלאַווי צוליב דעם שפּונט, וואָס ער האָט אָפן שטערן, און אַליבעראָ צוליב דער שנעלקייט ווי ער לויפט. און איך מיין, דערום, אַז מיט דעם נאָמען, קען ער זיך פאַרגלײַכן מיט דעם באַרימטן ראָסינאַנטע.

— דער נאָמען איז מיר נישט אומגעפעלן — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — נאָר מיט וואָס פאַר אַ ציימל און מיט וואָס פאַר אַ לייצע קירעוועט מען אים?

— איך האָב אײַך שוין געזאָגט — האָט די גראַפיניע טריפאַלדי געענטפערט, — אַז מיט דעם שפּונט, וואָס דער ריטער, ווען ער רײַט אויף אים, דרייט מיט אים אהער אָדער אהין, ווּהין ער וויל קירעווען דאָס פערד, סײַ ווען ער פליט אין דער לופטן און סײַ ווען ער שלעפּט זיך איבער דער ערד און קערט מאַמעש דעם שטויב, אָדער אין דער מיטן, וואָס דאָס דאַרף מען זוכן און אין זינען האָבן אין אַלץ וואָס מען טוט ווי עס געהער צו זײַן.

— איך וואָלט אים שוין געוואָלט אָנקוקן — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — נאָר איך זאָל מיך אויף אים אויפזעצן, אינעם זאָטל אָדער אָפן הינטן, איז ווי מען זאָל בעטן באַרנעס בײַ דעם אולמען־בוים. ווען איך קען מיך קוים האַלטן אויף מײַן העל־ברוינעם און אויף אַ שטרוי־זעקל, וואָס איז ווי זײַד ווייך, וויל מען איך זאָל מיך אויפזעצן אויף אַ הילצערנעם הינטן אָן אַ זאָטל און אָן עפּעס אַ קישן. איך שווער אײַך, אַז איך טראַכט אַפילע נישט מיר דיביינער צו ברעכן צוליב עמיצן די באָרד אָראָפּצונעמען. זאָל זיך איטלעכער קראַצן זײַן באָרד ווי אים איז באַקוועמער, איך דענק גאָרנישט מײַן האָר צו באַגלייטן אויף אַזאַ לאַנגער רײַזע, ביפראַט אַז איך בין גאָרנישט מעכויעוו זיך נעמען צום האַרצן דאָס אָפּקראַצן די בערד, ווי דאָס אָפּטון דעם קישעף פון מײַן האַרנטע דולצינעאַ.

— יאָ, מײַן פרײַנט, איז זענט מעכויעוו — האָט די גראַפיניע טריפאַלדי גע־ענטפערט — און מעכויעוו זײַנט איר, מאַכמעס אָן אײַער זײַן דערבײַ, פאַרשטיי איך, וועלן מיר גאָרניט אויפטון.

— לאָמיר נאָר זען די ריכטיקייט! — האָט סאַנטשאָ געזאָגט. — וואָס קערן זיך אָן די וואָפּנטרעגער מיט די גראַנגלען פון זייערע האַרן? דאַרפן זיי זיך נע־מען דעם קאָוועד פון די גראַנגלען, וואָס זיי פאַרענדיקן, און מיר זאָלן בלויז האָבן די אַרבעט? בײַ מײַן לעבן! וואָלטן נאָך די געשיכטע־שרײַבער געשריבן: „דער

און דער ריטער האָט פאַרענדיקט דעם און דעם גערעכנגל, נאָר מיט דער הילף פון יענעם וואָפּנטרעגער, וואָס אַן אים וואָלט נישט מעגלעך געווען פאַרענדיקן.״ נאָר אַז מען שרײַבט אַזוי זיך: „דאָן פּאַראַליפּאָמענאָן מיט די דרײַ שטערן האָט פאַרענ־דיקט דעם גערעכנגל מיט די זעקס פּיפּערנאָטערס״ און מען דערמאָנט נישט דעם נאָמען פון דעם וואָפּנטרעגער, וואָס איז בײַ אַלץ בײַגעווען, גלײַך ער וואָלט גאָר אויף דער וועלט נישט געווען! זאָג איך אײַך, איצט נאָכאַמאָל, מײַנע האַרן, אַז מײַן האַר קען זיך גיין אײנער אַלײן און זאָל אים ווויל באַקומען. איך בלײַב דאָ אין דער גע־זעלשאַפט פון דער פירשטן, מײַן האַרנטע, און ווען ער וועט צוריקקומען, זאָל ער מעגלעך טרעפן די לאַגע פון דער האַרנטע דולצינעאַ פאַרבעסערט אויף אַ דריטל מיט אַ פינפטל, ווײַל איך קען אין דער פרײַער און נישט באַשעפטיקטער צײַט, רעכן איך מיר געבן אַ בינטל שמיץ, קעדיי עס זאָל אויף איר קיין האָר נישט אָנוואַקסן.

— דאָך מוזט איר אים באַגלייטן, אויב מען וועט באַדאַרפן, ליבער סאַנטשאָ, ווײַל גוטע מענטשן ווען אײַך בעטן. עס טאָרן דאָך איבער אײַער אומנוצלעכער מוירע נישט בלײַבן מיט באַוואַקסענע פּענימער די דאָזיקע פרויען, וואָס דאָס וואָלט בעעמעס געווען אַ אומגליק.

— איז לאָמיר ווידער זען די ריכטיקייט! — האָט סאַנטשאָ אָפּגעענטפערט, — וואָלט די מיצווע געטון געווען פון פרומע בסולעס ווען אָדער פּאַר קלויסטער־מיידלעך, קען אַ מענטש נעמען אויף זיך די שווערסטע אַרבעט, אָבער לײַדן צוליב די בערד אַראָפּנעמען בײַ די ווירטנס? אַ שוואַרץ יאָר! איך וואָלט זיי גיכער אַלעמען געוואָלט זען מיט בערד, פון דער עלטסטער ביז דער ייִנגסטער, פון דער גרעסטער מעפּונעטשקע ביז דער גרעסטער שליאָך.

— איר פאַרטראָגט זיך שלעכט מיט די ווירטנס, סאַנטשאָ פרײַנט, — האָט די פירשטן געזאָגט, — איר לאָזט אײַך צופיל פירן פון דעם טאָלעדער אַפּטייקערס מיינונג. בײַ מײַנע נעמאָנעס, איר זײַנט אומגערעכט. בײַ מיר אין הויז זײַנען פאַראַן ווירטנס, וואָס קענען זײַן אַ מוסטער פון ווירטנס. אָט האָט איר, לעמאָשל, מײַן דאָניאַ ראָדריגעז, וואָס וועט מיר עפּעס אַנדערש נישט לאָזן זאָגן.

— זאָל בעסער אײַער עקסעלענץ זאָגן — האָט די ווירטן ראָדריגעז געזאָגט. — גאָט ווייסט דעם עמעס, אַלע זײַנען מיר, די גוטע ווי די שלעכטע, די בערדיקע ווי מיט די גלאַטע פּענימער, פון מאַמעס געבוירן גלייך מיט אַלע אַנדערע פרויען, און אַז גאָט האָט אונדז אויף דער וועלט אַראָפּגעשיקט, ווייסט ער מיסטאָמע צוליב וואָס, און אין זײַן דערבאַרימדיקייט זוך איך שוץ און נישט אין עמיצנס באָרד.

— איך האָף, האַרנטע ראָדריגעז — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט — און איר, האַרנטע טריפאַלדי און קאָמפּאַניע, אַז דער הימל וועט צוזען אײַער פּײַן, אַז סאַנ־טשאָ וועט טון וואָס איך וועל אים הייסן, זאָל נאָר קומען קלאַווילעניאָ און לאָמיך נאָר מיך טרעפן מיט מאַלאַמברונאָן. איך ווייס, אַז נישטאָ איז אַזאַ ראַזיר־מעסער, וואָס וועט אײַך אַזוי לײַכט אָפּראַזירן, ווי מײַן שווערד וועט פון די אַקסלען אַראָפּ־ראַזירן מאַלאַמברונאָס קאָפּ. גאָט דולדעט די רעשאָים, נאָר נישט אייביק.

— אוי! — האָט דערויף זיך אָנגערופן דאָלאָרידאַ. — מיט מילדע אויגן, מעכ־טיקער ריטער, זאָלן אויף אײַער גרויסקייט קוקן אַלע שטערן פון די הימלשע קרײַזן

און אין אײַער הארצן אַרײַנגעבן אַלדאָס וואָס איר האָט מיט אַלדעם מוט, קעדייִ איר זאָלט זײַן דער שוץ און פאַנצער פון דעם געשטראָפטן און דערשלאָגענעם ווירטן־מין, וואָס איז געהאַסט פון אַפּטייקערס, באַרעדט פון וואָפנטרעגער און גענאַרט פון פּאַזשן. אַ שוואַרץ יאָר דער כצופע, וואָס איז נישט געגאַנגען בעסער ווערן אַ מאַנאַשקע אייִ־דער זי איז געוואָרן אַ ווירטן. ווי צו אונדז, ווירטנס, וואָס כאָטש מיר שטאַמען אַפּ אין גלײַכן שטאַם פון העקטאָר דעם טראָיאַנער, האָבן זיך ניט אָפּ אונדזערע האַרנטעם פון שרײַען אַפּ אונדז, ווײַל זיי מײַנען, אַז דערמיט ווערן זיי קיניגנס! אָ, דו ריז מאַלאַמבּרונאַ, וואָס כאָטש דו ביזט אַ מעכאַשעפע, האַלטסטו דײַן צוזאָג! שיק אונדז שוין צו דעם אָן גלײַכן צו זיך קלאַווילעניאָ און זאָל אַ סאָף נעמען צו אונ־דזער אומגליק, וואָרום טאָמער ווערט הייס און מיר בלײַבן מיט די בערד, איז וויי צו אונדזער מאַזל!

געזאָגט האָט דאָס טריפאַלדי מיט אַזאַ געפיל, אַז בײַ אַלע אַרום האָבן זיך גע־שטעלט טרערן אין די אויגן, און אַפילו בײַ סאַנטשאָן האָבן זיי זיך דורכגעריסן. און געפּויעלט האָט ער בײַ זיך אין האַרצן מיטצוגיין מיט זײַן האַר ביז עק וועלט, אויב נאָר מען וועט דערמיט קענען אַראָפּנעמען די וואָל פון די זייער כאַשעווע פּענימער.

# איין און פערציקסטער קאַפּיטל

## וועגן דעם אָנקומען פון קלאַווילעניאָ מיט דעם סאָף פון דער דאָזיקער לאַנגער פאַסירונג.

דערווײַל איז נאַכט געוואָרן און געווען איז שוין די העכסטע צײַט דאָס באַרימ־טע פערד קלאַווילעניאָ זאָל אָנקומען און זײַן זאַמען ויך האָט נערגערט דאָן קיכאָטן, וואָרום נעטראַכט האָט ער זיך, אַז אויב מאַלאַמבּרונאַ שיקט אים ניט צו, איז אָדער ער איז נישט דער ריטער, וואָס אַפּ אים וואַרט דער געראַנגל, אָדער מאַ־לאַמבּרונאַ דערוועגט זיך נישט מיט אים אַפּ אַ דועל צו גיין. אין דער רעגע, אָבער, זײַנען אין גאָרטן אַרײַנגעקומען פיר אינדיאַנער, אַלע מיט גרינעם קלעטער־גראָז באַ־קליידט און אַפּ די אַקסלען האָבן זיי געטראָגן אַ גרויסן הילצערנעם פערד. אוועק־געשטעלט האָבן זיי עס מיט די פיס אַפּ דער ערד, און איינער פון די אינדיאַנער האָט דערביי געזאָגט:

— זאָל זיך אַפּ דער מאַשין זעצן דער ריטער וואָס האָט דעם מוט דערצו.

— איך זעץ מיך נישט — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — ווײַל ניט איך האָב דעם מוט דערצו און ניט איך בין אַ ריטער.

און דער אינדיאַנער האָט ווײַטער געזאָגט:

— און אַפּ דעם הינטן זאָל זיך אויפזעצן דער וואָפנטרעגער, אויב ער האָט מוט, און זאָל ער זיך פאַרלאָזן אַפּ דעם מעכטיקן מאַלאַמבּרונאַ, אַז אויב נישט פון זײַן שווערד, וועט ער פון קיין אַנדער שווערד און פון קיין שום אַנדער בייז נישט

לײַדן. איר דאַרפֿט בלויז אַ דרײ טון דעם שפּונט, וואָס געפֿינט זיך דאָ אױפֿן האַלדז, וועט ער אײַך אין דער לופֿטן פֿירן אַהין, ווּ מאַלאַמבּרונאַ געפֿינט זיך. נאָר קעדײ די הױכקײט און דערהױבנקײט פֿונעם וועג, זאָל אײַך נישט פֿאַרשאַפֿן קײן קאָפּשווינדל, דאַרפֿט איר אײַך פֿאַרבינדן די אױגן ביז דאָס פֿערד וועט נעמען הירזשען, וואָס דאָס וועט זײַן אַ סימען, אַז ער איז אױפֿן אָרט אָנגעקומען.

ווי נאָר ער האָט דאָס געזאָגט, האָבּ זײ געזאָגט שטײן קלאַווילעניאָ און זײַנען צוריקגעגאַנגען אַהין פֿון וואַנען זײ זײַנען געקומען. דאָלאָרידאַ האָט דערזען דאָס פֿערד, האָט זי קימאַט מיט טרערן אין די אױגן געזאָגט צו דאָן קיכאָטן:

— מעכטיקער ריטער, מאַלאַמבּרונאַ האָט געהאַלטן וואָרט: דאָס פֿערד איז דאָ, אונדזערע בערד וואַקסן און מיר אַלע, און יעדע אײנע פֿון אונדז און מיט יעדער האָר אונדזערער, בעטן מיר אײַך איר זאָלט אונדז אָפּראַזירן און אָרומשערן, איר דאַרפֿט אײַך נאָר אױפֿזעצן אױף דעם פֿערד, איר מיט אײַער וואָפֿנטרעגער, און אָנהײבן אײַער נײַע רײַזע.

— זײער גערן און מיט דעם בעסטן ווילן, האַרנטע גראַפֿיניע טריפֿאַלדי, וועל איך דאָס טון און איך וועל מיר אַפֿילע קײן דעקע נישט אונטערבעטן און די שפּאָרן ניט אָנטון, קעדײ נישט צו פֿאַרציען. אַזױ גרױס איז מײַן פֿאַרלאַנג, האַרנטע, צו זען אײַך מיט אַלע די ווירטנס, גלאַטע און אָפּגעשײלטע.

— איך וועל דאָס נישט טון — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — נישט אין גוטער און נישט אין שלעכטער לױנע און בעשומױפֿן נישט. און אױב דאָס אָפּראַזירן קען נישט צו שטאַנד קומען אָן מײַן זיצן אױפֿן פֿערדס הינטן, מעג זיך מײַן האַר אױסזוכן אַן אַנדער וואָפֿנטרעגער וואָס זאָל מיט אים מיטפֿאָרן און די האַרנטעס אַן אַנדער אױפֿן ווי זיך דאָס פּאָנים גלאַט צו מאַכן. איך בין נישט קײן מעכאַשעף מיר זאָל זיך גלוסטן רײַטן אין דער לופֿטן. און וואָס וועלן מײַנע אינדזל־לײַט זאָגן, ווען זײ וועלן זיך דערווּיסן, אַז זײער גובערנאַטער שפּאַצירט זיך אום איבערן ווינט? און נאָך אַ זאַך: אַזױ ווי פֿון דאַנען ביז קאַנדאַיאַ איז דרײַ טױזנט מײַל מיט נאָך עפּעס, קען זיך מאַכן דאָס פֿערד זאָל מיד ווערן אָדער דער ריז זאָל דערווײַל בארויגעז ווערן, און מיר וועלן באַדאַרפֿן אַ האַלב טוץ יאָרן אױף אַהײמצוקומען, און ביז דעמאָלט וועט מיך שױן קײן שום אינדזל און קײן שום אינדזעלע אױף דער וועלט נישט דערקענען. און אַזױ ווי מען זאָגט, אַז אינעם פֿאַרשפּעטיקן ליגט שױן די געפֿאַר, און אַז מען גיט דיר דאָס ביקל, לױף נאָכן שטריקל, זאָלן מיר די בערד פֿון די האַרנטעס מױכל זײַן, דער הײליקער פּעטרוס געפֿינט זיך גאַנץ ווױל אין רױם. איך פֿיל מיך, הײסט עס, גאַנץ ווױל דאָ ווּ איך בין און ווּ מען ווײַזט מיר אַרױס אַזױ פֿיל גענאָד און איך דערוואַרט פֿונעם האַר אַזאַ גרױס געפֿעליקײט ווי צו ווערן גובערנאַטער.

דערױף האָט דער פֿירשט זיך אָנגערופֿן:

— סאַנטשאָ פֿרײַנט, דאָס אינדזל, וואָס איך האָב אײַך צוגעזאָגט, רירט זיך ניט פֿונעם אָרט און אַנטלױפֿט ניט: דאָס האָט אַזױנע טיפֿע וואָרצלען, אין די טיפֿענישן פֿון דער ערד פֿאַרוואָרפֿן, אַז מען וועט זײ מיט קײן דרײַ שלעפּ נישט אַרױסשלעפּן און נישט אַריבּערטראָגן פֿון דעם אָרט ווּ זײ געפֿינען זיך. און אַזױ ווי איר

ווייסט, אז איך ווייס, אז נישטאָ איז אָזאַ אמת, פון די גרעסערע, וואָס מען זאָל קענען באַקומען אָן אַ געוויסן אָפּקויף, אַמאָל אַ גרעסערן, אַמאָל אַ קלענערן, פאַר־לאַנג איך ווי אָפּקויף פאַר אַט דער רעגירונג איר זאָלט מיטגיין מיט אייַער האַר דאָן קיכאָט און קרוינען און פאַרענדיקן דעם דענקווירדיקן גערא̇נגל; און סײַ איר וועט צוריקומען אַף דעם קלאַווילעניאָ אַזוי גיך ווי פון זײַן שנעלקייט איז צו דער־וואַרטן, סײַ דאָס פאַרקערטע מאַזל וועט אײַך צוריקברענגען צופוס, ווי אויליע רעגל, פון אַכסאַניע צו אַכסאַניע און פון קרעטשמע צו קרעטשמע, וועט איר טרעפן אײַער אינדזל דאָרט ווו איר האָט אים איבערגעלאָזט און אײַערע אינדזל־לײַט מיט דעם אייגענעם באַגער ווי אַלעמאָל אײַך אויפצונעמען פאַר גובערנאַטער, און אויך מײַן ווילן וועט זײַן דער אייגענער. און צווייפלט ניט אין דער ריכטיקייט, האַר סאַנטשאָ, וואָרום דאָס וואָלט געווען אַ גרויס באַליידיקונג פאַר מײַן באַגער אײַך צו דינען.

— מער פאַרלאַנג איך ניט, מײַן האַר, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט. — איך בין אָן אָרימער וואָפּנטרעגער און קען אַף מיר נישט טראָגן אַזויפיל העפלעכקייטן. זאָל מײַן האַר זיך אויפזעצן, זאָל מען מיר די אויגן פאַרבינדן און גיט מיך איבער צו גאָט אין די הענט, און זאָגט מיר צי וועל איך בעיסן פליען אין די הויכקייטן, מיך קענען איבערגעבן צו גאָט אונדזער האַר, אָדער רופן זײַנע מלאָכים צו הילף.

דערויף האָט טריפאַלדי געענטפערט:

— איר קענט אײַך איבערגעבן צו גאָט, סאַנטשאָ, אָדער צו וועמען איר ווילט, וואָרום כאָטש מאַמברונאָ איז אַ מעכאַשעף, איז ער אַ קריסט און זײַן קישעף פֿראַ־וועט ער מיט גרויס פאָרזיכט און אַ סאַך טאַקט און מיט קיינעם פאַרטשעפּעט ער זיך ניט.

— עך, — האָט סאַנטשאָ אַ זאָג געטון, זאָל מיר גאָט און די גאָעטער הייליקסטע דרײַ־אייניקייט העלפן.

— זינט דעם דענקווירדיקן גערא̇נגל מיט די וואַלצהאַמערס — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — האָב איך נאָך סאַנטשאָן נישט געזען אַזוי מוירע האָבן ווי איצט, און וואָלט איך געגלויבט אין שלעכטע סימאָנים, וואָלט זײַן פּאַכדאָנעס איצט ערגיץ אַ קיצל געטון באַ מיר אין האַרצן. נאָר קומט אַהער, סאַנטשאָ, מיט דער דערלויבעניש פון די האַרן, וויל איך מיט אײַך ריידן אַ פּאָר ווערטער אויג אַף אויג.

און אָוועקגעפירט האָט ער סאַנטשאָן הינטער אַ פּאָר ביימער אינעם גאָרטן, האָט אים באַ ביידע הענט אָנגענומען און אים געזאָגט:

— דו זעסט דאָך, סאַנטשאָ ברודער, וואָס פאַר אַ לאַנגע רײַזע אונדז שטייט פאָר, און גאָט ווייס ווען מיר וועלן פון דער רײַזע צוריקומען און וואָס פאַר אַ פלאַץ און באַקוועמלעכקייט מיר וועלן בעיים דעם אייסעק האָבן, וואָלט איך וועלן דו זאָלסט שוין איצט אַרײַנגיין צו דיר אין קיידער, קלוימערשט ווילסטו עפעס מיטנעמען אין וועג אַרײַן, און אין איין הויב מיר אויף דאָס שטרויעלע, זאָלסטו אָפּן כעשבן פון די דרײַ טויזנט מיט דרײַ הונדערט שמיץ, וואָס דו האָסט דיך

מעכייעוו געווען, דיר געבן כאַטשבי אַ פינף הונדערט, און דו וועסט זיי דיר האָבן אָפּגעגעבן, וואָרום יעדע האסכּאָלע איז אַ האַלבער סאָף.

— באַ גאָט — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — אײַער גענעדיקייט מוז אוואדע זײַן כּאָטשער דייע. דאָס איז יאָ ווי מען זאָגט. „דו זעסט איך בין אין קלעם, און ווילסט פון מיר די בסולים!” פּונקט איצט, ווען איך דאַרף מיך אָוועקזעצן אַף דער האַרטער ברעט, וויל אײַער גענעדיקייט איך זאָל מיר דאָס זיך־פּלייש צעפּײַניקן? אײַער גענעדיקייט איז מיט אַן עמעסן נישט באַם זינען. לאָמיר פריער די ווירטנס אָפּקראַצן. צוריקצוּוועגס, זאָג איך צו אײַער גענעדיקייט, ווי איך בין סאַנטשאָ, אַז איך וועל זען וואָס גיכער מײַן כוויו סילעקן, אַזוי אַז אײַער גענע־דיקייט, זאָל זײַן צופרידן, און מער זאָג איך אַ וואָרט נישט.

— מיט דעם צוזאָג, ליבער סאַנטשאָ, לאָז איך מיך אין וועג אַרײַן אַ גע־טרייסטער און איך גלויב, אַז דו וועסט האַלטן וואָרט. וואָרום דער עמעס איז, אַז כאָטש דו ביזט אַ נאַר, ביזטו אַ וואָרטסמאַן.

און באַ די ווערטער האָבן זיי זיך אויפגעזעצט אַף דעם קלאַווילעניאָ און באַם אויפזעצן זיך, האָט דאָן קיכאָט געזאָגט:

— בינדט אײַך צו די אויגן, סאַנטשאָ, און זעצט אײַך אויף, סאַנטשאָ. אויב מאַלאַמברונאַ שיקט נאָך אונדז פון אַזוי ווײַט, מוז עס זײַן נישט קעדיי אונדז צו גענאַרן, וואָרום גאַנץ ווייניק קאָוועד קען איר פאַרשאַפן דאָס גענאַרן דעם וואָס געטרויט אים. און זאָל אַפילע פּאַסירן פּונקט פּאַרקערט ווי איך שטעל מיר פאָר, וועט די רישעס נישט קענען פאַרטונקלען אונדזער קאָוועד פון האָבן געגאַנגען אַף אַזאַ העלדישקייט.

— גיכער מײַן האַר, וואָרום די בערד און די טרערן פון די ווײַבער האָבן זיך מיר אינעם האַרצן אײַנגעשטאָכן און מיר וועט קיין ביסן נישט באַקומען ביז איך וועל זיי נישט זען אַזוי גלאַט ווי זיי זײַנען געווען. זעצט איר אײַך אויף פריער, אײַער גענעדיקייט, און פאַרבינדט אײַך די אויגן, וואָרום אויב איך דאַרף מיך זעצן אַפן הינטן, איז דאָך קלאָר, אַז איר דאַרפט אײַך פריער אַרײַנזעצן אי־נעם זאָטל.

— ריכטיק — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט.

און אַרויסגענומען האָט ער אַ טיכל פון דער קעשענע און האָט געבעטן דאָ־לאָרידאַ זאָל אים פאַרבינדן די אויגן. און נאָכדעם ווי זי האָט אים פאַרבונדן, האָט ער זיך ווידער אָפּגעבונדן און זיך אָנגערופן:

— אויב דער זיכּאָרן דינט מיר, האָב איך באַ ווירגילין געלייענט, אַז פּאַ־לאַדיאָן, וואָס געווען איז עס דאָס הילצערנע פערד, וואָס די גריכן האָבן עס גע־בראַכט צו דער געטן פּאַלאַס, איז טראָגעדיק געווען מיט באַוואָפנטע ריטער, וואָס זיי זײַנען עס געווען דער כורבן און דער סאָף פון טראָיאַ. עס וואָלט דערום אַ יוישער געווען צוערשט אַ קוק טון וואָס דער קלאַווילעניאָ טראָגט באַ זיך אינעם מאָגן.

— דאָס איז נישט נייטיק — האָט דאָלאָרידאַ געזאָגט, — איך פאַרלאָז מיך אַף מאַלאַמבראָנאַ און ווייס, אַז ער איז נישט קיין פאַלשער און אויך נישט

קיין פאַרעטער. אײַער גענעדיקייט, האר דאָן קיכאָט, מעג זיך אויפזעצן אָן שום מוירע, און איך נעם אַף מיר די אַכרײַעס, טאָמער וועט עמיצן עפּעס געשען.

געדאַכט האָט זיך דאָן קיכאָט, אַז וואָס ער זאָל נישט אָפּענטפערן מיקויעך זיכערקייט, וועט דאָס מינערן פון זיין מוט, און ער האָט דערום אָן שום ווײַטערדיקן אָפּענטפערן, זיך אויפגעזעצט אַף קלאַווילעניאָן און אַ צי געטון האָט אים צו זיך דער שפּונט וואָס האָט זיך גאַנץ לײַכט געדרייט. און אַזוי ווי קיין סטרעמעניעס האָט ער נישט געהאַט און די פיס זײַנען אים אַרונטערגעהאָנגען, האָט ער אויסגעזען ווי די פיגורן אַף די פלעמישע טעפּיכער, מיט אַן אויסגעמאָלטן אָדער אויסגעוועבטן רוימישן טריונף־מאַרש. נישט גערן און פּאַמעלעך איז אַרויפגעקראָכן סאַנטשאָ. נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַקוועם געמאַכט ווי ווײַט ער האָט געקענט אַף דעם הינטן, האָט ער אויסגעפונען, אַז אים איז האַרטלעך צו זיצן און האָט געבעטן דעם פירשט, ער זאָל אים געבן, אויב מעגלעך, עפּעס אַ דעקע אָדער אַ קישן, מעג זײַן פון דער פירשטנס דיוואַנען אָדער פון אַ געלעגער בײַ איינעם פון די פּאַזשן, מאַכמעס דער הינטן בײַ דעם פערד איז גיכער אַ מירמלשטייענער איידער אַ הילצערנער, אַזוי האַרט איז ער. טריפאַלדי האָט דערויף געזאָגט, אַז קלאַווילעניאָ דולדעט נישט אַף זיך קיין שום צודעק און קיין שום באַפּוצעכץ, דאָס איינציקע וואָס ער קען טון, איז זיך זעצן אַפן ווײַבערישן שטייגער, וועט ער נישט פילן אַזוי די האַרטקייט. סאַנטשאָ האָט אַזוי געטון, געזאָגט אַ זײַט געזונט און זיך געלאָזט די אויגן פאַרבינדן. און ווען ער האָט זיי שוין געהאַט פאַרבונדן, האָט ער זיי ווידער אָפּגעבונדן און האָט באַקוקט אַרום זיך דעם גאָרטן און מיט אַ בענקשאַפט און טרערן אינעם קאָל געבעטן מען זאָל אים העלפן אין דער אייסצאָרע מיט פאַטערנאָסטערס און אַוועמאַריאַס, און דערפאַר זאָל זיי גאָט צושיקן ווער עס זאָל פאַר זיי בעטן ווען זיי וועלן זיך געפינען אין אַזאַ אייסצאָרע.

דערויף האָט דאָן קיכאָט געזאָגט:

—גאַנעוו דו, שטעקסט עפּשער מיטן קאָפּ אין דער טליע אָדער דו שטייסט מיט איין פוס אין קייווער, אַז מען זאָל פאַר דיר אַזוי בעטן? צי זיצטו ניט, דו האַרצלאָזער און פּאַכדאָנישער נעפעש, אַף דעם אָרט ווו די שיינע מאַגעלאָנע איז געזעסן, און פון דעם אָרט איז זי אַראָפּ נישט אין קייווער, נאָר צו ווערן קיניגן אין פראַנקרײַך, אויב די געשיכטעס זאָגן נישט קיין ליגן? און צי דען קען איך נישט, איך, וואָס איך זיץ לעבן דיר, זיך גלײַכן מיט דעם מעכטיקן פּיערעס, וואָס האָט געקוועטשט דאָס אייגענע אָרט וואָס איך קוועטש איצטער? פאַרבינד דיר די אויגן, פאַרבינד, דו האַרצלאָזע כײַע און זאָל דיר דער פּאַכעד אַפן מויל נישט קומען, ווייניקסטנס ווען איך בין דערבײַ.

— פאַרבינדט — האָט סאַנטשאָ געענטפערט; — אויב איר ווילט נישט איך זאָל מיך צו גאָט איבערגעבן און אויך איר גיט מיך נישט איבער, איז וואָס איז דער כידעש וואָס איך האָב מוירע ערגיץ אָנצוטרעפן אַפן וועג אַ געגנט מיט טייוואָלים, וואָס זאָלן זיך מיט אונדז ספּראַווען?

דאָן קיכאָט האָט זיך די אויגן פאַרבונדן און אַז ער האָט דערפילט ער זיצט גוט, האָט ער אָנגעטאַפּט דעם שפּונט, און ווי נאָר ער האָט אים מיט די פינגער

באריגט, האָבן אַלע ווירטנס אפּאמאָל און ווער נאָר דאָרט איז געווען, גענומען שרײַען:

— „זאָל דיך גאָט פירן, מעכטיקער ריטער! זאָל גאָט זײַן מיט דיר, אומ־דערשראָקענער וואָפנטרעגער! שוין, איר פליט שוין, איר שפּאַלט שוין די לופטן שנעלער ווי אַ פײַל! שוין שטוינען און באַווונדערן אײַך די וואָס קוקן אַף אײַך פון אונטן! האַלט דיך, מעכטיקער סאַנטשאָ, וואָרום דו שאָקלסט דיך! גיב אַכטונג זאָלסט ניט אַראָפּפאַלן, וואָרום פאַלסטו אַראָפּ, וועסטו אָפּשנײַדן נאָך ערגער ווי יענער יונג, וואָס האָט געוואָלט אָנטרײַבן דעם רײַטוואָגן פון זײַן טאַטן, דעם גאָט פון דער זון!"

סאַנטשאָ האָט געהערט די קולעס און האָט זיך צוגעדריקט צו זײַן האַר, און בעיס ער האָט אים מיט די אָרעמס ארומגענומען, האָט ער אים געזאָגט:

— מײַן האַר, ווי אַזוי קענען זיי זאָגן, אַז מיר פליען אַזוי הויך, ווען זייערע קולעס גרייכן אָהער ווי זיי וואָלטן גערעדט אָט דאָ לעבן אונדז?

— דו קוק נישט דערויף, סאַנטשאָ; אַזוי ווי די אַלע זאַכן און פליעכצער זײַנען אייסער דעם דערעך האַטעװע, קענסטו פאַר טויזנט מײַל הערן און זען וואָס דו ווילסט. און דריק מיך נישט אַזוי, וואָרום דו וועסט מיך נאָך אַראָפּ־שטופּן. און איך ווייס בעעמעס נישט וואָס ביזטו אַזוי צעטומלט און וואָס שרעקסטו דיך אַזוי. איך קען שווערן, אַז זינט איך לעב, בין איך נאָך אַף אַזאַ רויקן פערד נישט געריטן: גלײַך מיר וואָלטן זיך פונעם אָרט נישט גערירט. פאַרטרײַב, פרײַנט מײַנער, די מוירע, וואָרום אַלץ גייט ווי עס באַדאַרף צו גיין און דער ווינט איז אונדז פון הינטן.

— דאָס איז עמעס — האָט סאַנטשאָ געענטפערט — וואָרום פון ד ע ר זײַט פיל איך אַזאַ ווינט, ווי מען וואָלט פון טויזנט בלאָז־זעק געבלאָזן.

און אַזוי איז עס טאַקע געווען, וואָרום גרויסע בלאָז־זעק האָבן אַף זיי פון הינטן אַ ווינט געמאַכט אַזוי גוט אײַנגעשטעלט האָבן דעם געראַנגל דער פירשט מיט דער פירשטן און זייער הויפמײַסטער, אַז קיין איין פּראַט האָט נישט געפעלט צו מאַכן אים בישלײמעס. דערפילט האָט דאָן קיכאָט דאָס בלאָזן און געזאָגט:

— מיר מוזן שוין אוודע זײַן, סאַנטשאָ, אין דער צווייטער לופט־געגנט, וווּ האָגל און שניי ווערן געבוירן. דונערן, בליצן און בליץ־שטראַלן ווערן געבוירן אין דער דריטער געגנט, און אויב מירן אַזוי שנעל פליען אַרויף, וועלן מיר באַלד זײַן אין דער פײַער־געגנט, און איך ווייס נישט ווי אײַנצוהאַלטן דעם שפּונט אַף נישט אַרײַנצופליען דאָרט וווּ מיר קענען פאַרברענט ווערן.

אין דער רעגע האָט מען זיי גענומען די פּענימער וואַרימען מיט קלאָטשע, וואָס צינדט זיך און לעשט זיך שנעל, צוגעבונדן צו אַ רער. סאַנטשאָ האָט דער־פילט די וואַרימקייט און האָט זיך אָנגערופן:

— זאָל מען מיר אַ מיסע אָנטון, אויב מיר זײַנען שוין נישט אין דער פײַער־געגנט אָדער נאָענט פון איר, מאַכמעס אַ גרויס שטיק באָרד מײַנע האָט זיך צו־געסמאַליעט און איך האָב כיישעק מיר די אויגן אָפּצובינדן, מײַן האַר, און זען וווּ מיר געפינען זיך.

— טו דאָס נישט — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — און דערמאָנט דיך די עמעסע מײַסע מיט דעם ליצענציאַט טאַראַלבאַ, וואָס די שיידים האָבן אים אין דער לופטן געטראָגן רײַטנדיק אױף אַ רער מיט פאַרמאַכטע אויגן און אין צוועלף שאָ צײַט איז ער אָנגעקומען קיין רוים און איז אַראָפּ אױפן טורעם אין דער נאָנאַ, אַ גאַס אַזאַ אין רוים, און דאָרט האָט ער געזען די מאַפּאָלע, דעם איבערפאַל און דעם טויט פונעם באָרבאָן, און גאַנץ פרי איז ער שוין געווען צוריק אין מאַד־ריד, ווו ער האָט איבערגעגעבן אַלץ וואָס ער האָט געזען. געזאָגט האָט ער, אַז בעיסן פליען, האָט אים דער טייוול געהייסן די אויגן עפענען, און אַז ער האָט זיי געעפנט, האָט ער זיך דערזען אַזוי נאָנט פון דער לעוואָנע, ווי אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט זי געקענט מיט דער האַנט אָנטאַפּן, און ער האָט זיך נישט דערוועגט אױף דער ערד אַראָפּצוקוקן קעדיי דער קאָפּ זאָל זיך אים נישט פאַר־דרייען. מען דאַרף זיך דערום, סאַנטשאָ, די אויגן נישט אָפּבינדן און דער וואָס פירט אונדז, איז פאַר אונדז אָרעוו. נאָר עס קען זײַן מיר הייבן זיך אַרויף, קעדיי מיר זאָלן מיטאַמאָל אַראָפּפאַלן אױף דער מעדינע קאַנדאַיאַ, ווי דער שפּאַרבער אױף דער צאַפּליע זי אָנצוכאַפּן, ווי הויך ער זאָל נישט פליען. און כאָטש אונדז דאַכט זיך, אַז ס׳איז נאָך קיין האַלבע שאָ נישט פון זינט מיר זײַנען אַרויסגעפלויגן פונעם גאָרטן, מעגסטו מיר גלויבן, אַז מיר זײַנען שוין אָפּגעפלויגן אַ היבשן מע־האַלעך.

— איך ווייס נישט וואָס דאָס איז, — האָט געענטפערט סאַנטשאָ פּאַנצאַ, — נאָר איך קען אײַך זאָגן, אַז אויב די דאַמע מאַגאַליאַנעס אָדער מאַגאַלאָנאַ האָט זיך געפילט גוט אױף דעם פערדישן הינטן, האָט זי נישט געמוזט האָבן אַזאַ איידל לײַב.

די אַלע געשפּרעכן צווישן די צוויי מוטיקע לײַט האָבן אויסגעהערט דער פירשט מיט דער פירשטן און אַלע וואָס זײַנען געווען אינעם גאָרטן, און האָבן פון זיי שטאַרק האַנאָע געהאַט. און מאַכמעס געוואָלט האָבן זיי אַ סאָף מאַכן צו דער אויסטערלישער און גוט אויסגעאַרבעטער אַווענטורע, האָבן זיי מיט קלאָטשע אונטערגעצונדן קלאַווילעניאָן באַם עק, און מאַכמעס אינעווייניק איז ער פול גע־ווען מיט קנאַקנדיקן פײַערווערק, האָט ער באַלד אויפגעריסן אין דער לופטן מיט אַ שרעקלעכן קנאַל און דאָן קיכאָט מיט סאַנטשאָ פּאַנצאָן זײַנען ביידע אױף דער ערד געפאַלן האַלב צוגעסמאַליעטע.

געווען איז שוין דעמאָלט פאַרשוווּנדן פונעם גאָרטן דער גאַנצער בערדיקער שקוואַדראָן וווירטנס אײַנעם מיט דער ווירטן טריפאַלדי און אַלע איבעריקע. די לײַט וואָס זײַנען געווען אין גאָרטן, זײַנען געבליבן ליגן ווי אין כאַלאָשעס אױף דער ערד אויסגעצויגן. דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ האָבן זיך אויפגעהויבן צע־קלאַפּטע און ווען זיי האָבן זיך אומגעקוקט אױף אַלע זײַטן, האָבן זיי געשטוינט וואָס זיי געפינען זיך אינעם גאָרטן אױף דעם אייגענעם אָרט, פון וואַנען זיי זײַנען אַרויסגעריטן, און אַזוי פיל מענטשן אױף דער ערד אויסגעצויגן. נאָך גרעסער איז געווען זייער פאַרוווּנדערונג ווען זיי האָבן דערזען אין אַ זײַט גאָרטן אַ גרויסן פלאָקן אײַנגעשטעקט אין דער ערד און אױף גרינע זײַדענע שנורן אָנגעהאָנגען אַ

וויַסער גלאַטער פּאַרמעט און אַף אים מיט גרויסע גאָלדענע אויסיעס אויפגע־שריבן:

„דער דערלויכטענער ריטער דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ האָט פאַרענדיקט דעם געראַנגל פון דער גראַפיניע טריפאַלדי, באַקאַנט אויך מיט דעם נאָמען ווירטן דאָלאָרידאַ, און קאָמפּאַניע, מיט דעם בלויזן אונטערנעמען.

„מאַלאַמברונאָ איז פונעם גאַנצן האַרצן צופרידן און באַפרידיקט, די בערד באַ די ווירטנס זיַינען שוין גלאַט און אָפּגעשיילט און דאָס קיניג־פּאָר קלאַוויכאָ און אַנטאָנאָמאַסיאַ האָבן צוריק באַקומען זייער פריערדיקע געשטאַלט. און ווען דעם וואָפּנטרעגערס שמיַיסן זיך וועט ווערן אויסגעפירט, וועט די וויַיסע טויב אויסגעלייזט ווערן פון די פעסט־טראָגנדיקע שפּאַרבערס, וואָס פאַרפאָלגן זי, און אין די אָרעמס פון איר געליבטן וואָרקענדיקן „ער", ווי דאָס האָט באַפוילן דער געלערנ־טער מערלען, דער אור־מעכאַשעף פון די מעכאַשפים".

אַז דאָן קיכאָט האָט איבערגעלייענט די אויפשריפט אַפן פאַרמעט, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דאָס רעדט זיך וועגן דולצינעאַס דערלייזונג פונעם קישעף. גע־דאַנקט האָט ער דעם הימל, וואָס מיט אַזוי ווייניק איינשטעלעניש איז אויפגעטון געוואָרן אַזאַ גרויסע זאַך, און די פענימער באַ די כאָשעווע ווירטנס, וואָס זענען שוין אַזוי נישט אויס, האָבן צוריק באַקומען זייער פריערדיקע גלאַטע הויט, און צוגעשפּאַנט האָט ער צו דעם אָרט, ווו דער פירשט מיט דער פירשטין זיַינען גע־ליגן נאָך ניט געקומענע צו זיך און ער האָט אַ טרייסל געטון דעם פירשט באַ דער האַנט און אים געזאָגט:

— היי, מיַין ליבער האַר, שרעקט איַיך נישט, שרעקט איַיך נישט, וואָרום ס'איז גאָרניט; דער געראַנגל איז שוין פאַרענדיקט אָן דעם שאָדן פון די צדאָ־דים, ווי דאָס איז קלאָר צו זען פון דער אויפשריפט אַף יענעם זיַיל.

ביסלעכוויַיז, און ווי ער וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנט, איז דער פירשט צו זיך געקומען, און דאָס אייגענע די פירשטין און אַלע איבעריקע, וואָס זיַינען געווען געליגן אומגעפאַלענע אינעם גאָרטן, און האָבן דערביַי אַרויסגעוויזן אַזוי פיל פאַרוווּנדערונג און שרעק, אַז מען האָט קוים געקענט מיינען, אַז דאָס וואָס זיי האָבן אַזוי גוט נאָכגעמאַכט אין שפּאַס, האָט מיט אָן עפּעס פּאַסירט. איבער־געלייענט האָט דער פירשט די מוידאָע מיט פאַרזשמורעטע אויגן און מיט צעעפנ־טע אָרעמס איז ער אָקעגנגעגאַנגען דאָן קיכאָטן אים אַרומצונעמען און האָט אים געזאָגט, אַז ער איז דער בעסטער ריטער, וואָס מען האָט געוועסט געזען אין אַלע פריערדיקע יאָרהונדערטער. סאַנטשאָ איז אומגעגאַנגען און האָט געוואָלט זען וואָס פאַר אַ פּאָנים דאָלאָרידאַ האָט אָן דער באָרד און צי איז זי אָן דער באָרד אַזוי שיין, ווי איר שטאַלצער שטעל האָט געגעבן צו דענקען. נאָר געזאָגט האָט מען אים, אַז ווי נאָר קלאַווילעניאָ איז אַראָפּ אַף דער ערד אַ ברענענדיקער, איז דער גאַנצער שקוואַדראָן ווירטנס, איניינעם מיט טריפאַלדי, פאַרשוווּנדן, און אַזוועק זיַינען זיי שוין אָן די בערד און אָן דער סטערניע אַפן פּאָנים.

געפרעגט האָט די פירשטין באַ סאַנטשאָן ווי איז אים געגאַנגען אַף דער לאַנ־גער רייזע, און סאַנטשאָ האָט געענטפערט:

— איך, מײַן הארנטע, האָב געפילט ווי מיר פליען, ווערליק מײַן האר האָט געזאָגט, אין דער פײַער־געגנט, און האָב מיר געוואָלט אָפּבינדן א ביסל די אויגן. נאָר ווען איך האָב געבעטן בא מײַן יאר א דערלויבעניש דערויף, האָט ער נישט נאָכגעגעבן. נאָר אַזוי ווי איך האָב אין מיר עפּעס אַזוינס פון א נייגיריקן, האָב איך געוואָלט וויסן פאַרוואָס מען שטערט מיר און פאַרוואָס מען לאָזט מיך נישט, און יאָב שטילינקערהייד און קיינער זאָל נישט זען, אונטערגעהויבן א קאַפּעלע בא דער נאָז דאָס טיכל, וואָס האָט מיר די אויגן פאַרשטעלט און האָב ... דעם שפּעטל אַף דער ערד אַראָפּגעקוקט, און געדאַכט האָט זיך מיר איך זע זי נישט גרעסער ווי א קערנדל זענעפט, און די מענטשן, וואָס זײַנען אַף איר אומגע־גאַנגען, עפּעס גרעסער ווי האָזענע ניסלעך. דערפון איז צו זען ווי הויך מיר האָבן דעמאָלט געמוזט זײַן.

דערויף האָט די פירשטן געזאָגט:

— סאַנטשאָ, פרײַנט, הערט וואָס איר רעדט", מיר דאַכט זיך, אַז נישט די ערד האָט איר געזען, נאָר די מענטשן אַף איר. וואָרום עס איז דאָך קלאָר, אַז אויב די ערד האָט אויסגעזען ווי א קערנדל זענעפט, און יעדער מענטש ווי א האָזן־ניסל, האָט איין איינציקער מענטש באַדאַרפט די גאַנצע ערד צודעקן.

— ריכטיק, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — נאָר איך האָב פון א זײַטע־לע א קוק געטון און האָב זי געזען אינגאַנצן

— הערט, סאַנטשאָ, — האָט די פירשטן געזאָגט, — פון א זײַטעלע זעט מען נית די גאַנצע זאַך, וואָס מען קוקט אַף איר.

— איך פאַרשטיי מיך נישט אין דעם איניען קוקן, — האָט סאַנטשאָ גע־ענטפערט, — איך ווייס נאָר, אַז אײַער הערשאַפט מוז וויסן, אַז מאַכמעס געפלויגן זײַנען מיר אונטער קישעף, האָב איך מיט דעם קישעף געקענט זען די גאַנצע ערד און אַלע מענטשן, פון וואָס פאַר א זײַט איך זאָל נישט געוועסט געווען קוקן אַף זיי. און אויב איר גלויבט מיר ניט, וועט אײַער גנעדיקייט אויך נישט גלויבן, אַז ווען איך האָב געעפנט א שפּעלטעלע בא די ברעמען, האָב איך מיך געזען אַזוי נאָנט צום הימל, אַז פון מיר ביז צו אים איז געווען נישט מער ווי אַנדערהאַלבן שפּאַן, און איך קען אײַך דערום שווערן, אַז ער איז זייער גרויס. און געריטן זײַנען מיר אין יענער זײַט, וווּ עס געפינען זיך די זיבן ציגעלעך, און איך שווער אײַך בא נאַט און בא מײַנע נעמאָנעס, אַז מאַכמעס נאָך קינדווײַז האָב איך גע־האָט א שיואַכקייט צו ציגעלעך, האָט יך מיר פאַרגלוסט א שפּיל טון מיט זיי ווי נאָר איך האָב זיי דערזען, און ווען איך טו דאָס ניט, וואָלט איך דאַכט זיך מיר געפּלאַצט.

„גיי איך און נעם, און וואָס טו איך? איך זאָג קיינעם א וואָרט נישט, נישט מײַן האר אפילע און קריך מיר פּאַוואָ־ינקע און שטילינקערהייד אַראָפּ פון דעם קלאַווילעניאָ און זעץ מיך אַזועק שפּילן מיט די ציגעלעך, אַזוינע שיינינקע ווי די נעגעלעך־בלומען, אַן ערעך דרײַ פערטל שאָ. און קלאַווילעניאָ איז געשטאַנען אַף איין אָרט און האָט זיך א טראָט ווײַטער נישט גערירט.

— און מיט וואָס האָט זיך דערווײַל פאַרנומען דער האר דאָן קיכאָט —

האט דער פירשט געפרעגט — אין דער צייט וואס דער בראַווער סאַנטשאָ האָט זיך פאַרווײַלט מיט די ציגעלעך?

דערויף האָט דאָן קיכאָט געענטפערט:

— העיוים די אַלע זאַכן און פּאַסירונגען זײַנען מיכוץ לעדערעך האַטעווע, איז קיין כידעש ניט, אַז סאַנטשאָ זאָל דאָס זאָגן. וואָס שײַעך מיר, האָב איך מיר נישט אָפּגעדעקט די אויגן נישט אויבן אַרום און נישט אונטן אַרום און האָב דערום נישט געזען, נישט דעם הימל, נישט די ערד, נישט דעם יאַם און נישט דאָס זאַמד. עמעס, געפּילט האָב איך, אַז איך פלי איבער דער לופט־געגנט און אַז איך באַריר די פײַער־געגנט, נאָר אַז מיר זאָלן געווען פליען העכער, קען איך נישט גלויבן, וואָרום אויב די פײַער־געגנט געפינט זיך צווישן דעם לעוואָנע־הימל און דער לעצטער לופט־געגנט, האָבן מיר נישט געקענט צוקומען צו יענעם הימל, ווו עס געפינען זיך די זיבן ציגעלעך. וואָס סאַנטשאָ זאָגט, און דערבײַ נישט פאַרברענט ווערן. און אַזוי ווי מיר האָבן זיך נישט פאַרברענט, איז אָדער סאַנ־טשאָ זאָגט ליגן אָדער אים כאָלעמט זיך.

— נישט איך זאָג ליגן און נישט מיר כאָלעמט זיך, — האָט סאַנטשאָ גע־ענטפערט, — פרעגט מיך בעסער ווי אַזוי די ציגן האָבן אויסגעזען, וועט איר וויסן צי זאָג איך עמעס אָדער ניט.

— זאָגט, סאַנטשאָ — האָט די פירשטן זיך אָנגערופן.

— צוויי — האָט סאַנטשאָ געענטפערט — זײַנען גרין, צוויי זײַנען רויט, צוויי זײַנען בלאָ און דאָס לעצטע איז געמישט.

— אַ נײַער מין ציגן — האָט דער פירשט געזאָגט, — בײַ אונדז אויף דער ערד זעט מען גאָרניט די קאָלירן, איך מיין, ציגן מיט אַזוינע קאָלירן.

— קלאָר — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — אַז ניט, וואָס פאַר אַ כילעק וועט זײַן צווישן הימלישע און ערדישע ציגן.

— נו, און אַ צאַפּ, סאַנטשאָ — האָט דער פירשט געפרעגט: — קיין צאַפּ האָט איר צווישן די ציגן נישט געזען?

— ניין, מײַן האַר, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — נאָר הערנער, האָב איך געהערט, האָבן זיי, נישט גרעסער ווי בײַ דער לעוואָנע.

מער האָבן זיי סאַנטשאָן וועגן זײַן רייזע נישט געוואָלט פרעגן, מאַכמעס געזען האָבן זיי, אַז ער קלייבט זיך אַ גאַנץ קניילכל פאָדים אויפוויקלען איבער אַלע הימלען און דערציילן וואָס ער האָט דאָרט אַלץ געזען, דעמאָלט ווען ער האָט זיך אַפילע פונעם גאָרטן נישט גערירט. קורץ, געווען איז דאָס דער סאָף פון דער פּאַסירונג מיט דער ווירטן דאָלאָרידאַ, וואָס האָט די פירשטן געגעבן שטאָף צום לאַכן ניט נאָר דעמאָלט, נאָר אויפן גאַנצן לעבן, און סאַנטשאָן וואָס צו דערציילן הונדערטער יאָרן, ווען ער וואָלט אַזוי לאַנג געלעבט. און צוגעגאַנגען איז דאָן קי־כאָט צו סאַנטשאָן און אים אויפן אויער געזאָגט:

— אויב דו ווילסט, סאַנטשאָ, איך זאָל דיר גלויבן וואָס דו האָסט געזען אין הימל, וויל איך דו זאָלסט מיר גלויבן וואָס איך האָב געזען אין דער מאָנטע־סינאָס־הייל, און מער זאָג איך דיר אַ וואָרט ניט.

# צוויי און פערציקסטער קאַפּיטל

**וועגן די לערעס, וואָס דאָן קיכאָט האָט געגעבן סאַנטשאָ פּאַנסאַן אייער ער גייט רעגירן מיט דעם אינדזל, מיט נאָך אַנדערע ליַיטישע רייד.**

נעבליבן זיַינען די פּירשטן אַזוי צופרידן מיט דעם געלונגענעם און קאָמישן אויסגאַנג פון דעם שפּאַס מיט דאָלאָרידאַ, אַז זיי האָבן באַשלאָסן וויַיטער אָנצוגיין מיט די שפּאַסעריַיען, אַלץ מיט דער קאַוואָנע, וואָס זיי האָבן געהאַט, מען זאָל זיי אָנעמען פאַר ערנסט. און נאָכדעם ווי דער פּירשט האָט אָנגעזאָגט זיַינע דינער און לאַנדקנעכט זיי זאָלן זיך אויפירן מיט סאַנטשאָן ווי מיט דעם רעגירער פון דעם צוגעזאָגטן אינדזל, האָט ער אויפן צווייטן טאָג, נאָך דעם געשעעניש מיט קלאַווילעניאָס פליען, געהייסן סאַנטשאָן זיך צופּוצן און זיך צורעכטמאַכן אויף צו גיין ווערן גובערנאַטער, מאַכמעס זיַינע אינדזל־ליַיט וואַרטן שוין אויף אים ווי אויף מאַיאָווע רעגן. סאַנטשאָ האָט זיך פאַר אים אונטערטעניק געמאַכט און געזאָגט:

— נאָכדעם ווי איך בין פונעם הימל אַראָפּ, און נאָכדעם ווי איך האָב פון זיַין הויכקייט אויף דער ערד אַראָפּגעקוקט און האָב זי געזען אַזוי קליין, האָט זיך אין מיר אָפּגעקילט אַ ביסל דער כיישעק, וואָס איז פריער באַ מיר שטאַרק געווען, צו ווערן גובערנאַטער. וואָרום, וואָס איז דאָס פאַר אַ גרויסקייט צו רעגירן איבער אַ קערנדל זענעפט, אָדער וואָס פאַר אַ ראַנג און הערשאַפט איז עס צו רעגירן איבער אַ האַלבן טוץ מענטשן, די גרויס ווי אַ האָזן־ניסל, און ווי מיר האָט זיך געדאַכט, איז גאָר מער אויף דער וועלט נישטאָ? וואָלט איַיער הערשאַפט אַזוי גוט געווען און מיר געגעבן אַ קליין שטיקעלע הימל, נישט מער ווי אַ האַלבע מיַיל די גרויס, וואָלט איך עס גענומען מיט מער כיישעק ווי דעם גרעסטן אינדזל אין דער וועלט.

— הערט אויס פריַינט סאַנטשאָ, — האָט דער פּירשט געענטפערט: — קיין שטיקל הימל קען איך קיינעם נישט געבן, מעג זיַין ווי אַ נאָגל די גרויס, וואָרום דער מין גענאָד און געשאַנקען געהערן נאָר צו גאָט. איך גיב איַיך דאָס וואָס איך קען איַיך געבן, אַן אינדזל פיקס און פאַרטיק, היבש און קיילעכיק, און אויסערסט פריכפּערדיק און שעפעדיק און אויב איר וועט נאָר וויסן ווי דאַרט זיך צו רירן, וועט איר מיט דער ריַיכקייט פון דער ערד איַיך קענען איַינשאַפן די ריַיכקייט פונעם הימל.

— אויב אַזוי, איז רעכט — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — גיט מיר אַהער דעם אינדזל און איך וועל מיך באַמיען צו זיַין אַזאַ גובערנאַטער, אַז צולאָכעס די רעשאָים, וועל איך גיין אין הימל אַריַין. און נישט מאַכמעס גייציקייט אָדער מאַכמעס איך וויל אַרויס פון דער אייגענער הויט, און אויך נישט מאַכמעס גיַיווע, נאָר מאַכמעס איך האָב כיישעק צו באַוויַיזן וואָס אַזוינס הייסט זיַין גובערנאַטער.

— וועט איר עס איינמאָל באַוויַיזן, סאַנטשאָ, — האָט דער פּירשט געזאָגט, — וועט איר איַיך שוין דערנאָך די הענט אויפעסן אין גיעיג נאָך דעם רעגירן. וואָרום זיס איז צו באַפעלן און וויסן, אַז מען פאָלגט איַיך. איך בין זיכער, אַז ווען

אײַער האר װעט װערן קײסער, און ער װעט עס מיסטאָמע װערן, װעדליק עס האַלט שױן איצט, װעט מען עס בײַ אים אַזױ גלאַט נישט אַרױסרײַסן, און אים װעט גוט װײ טון און עס װעט אים ביזן בײַן פאַרדריסן די צײַט, װאָס ער װעט דאָס נישט האָבן געװען.

— מײַן האר — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — איך שטעל מיר פאָר, אַז רעגירן איז גוט, מעג זײַן אַ סטאַדע בעהײמעס.

— מיט אײַך אַפילו אין קײװער, סאַנטשאָ, װאָרום אַלץ װײסט איר — האָט דער פירשט געענטפערט, — און איך האָף, אַז איר װעט זײַן אַזאַ גובערנאַטער, װי עס איז צו דערװאַרטן פון אײַער פאַרשטאַנד, און זאָל דאָס בלײַבן צװישן אונדז. און מערקט אײַך, אַז שױן מאָרגן פרי דאַרפט איר איבערנעמען די רעגירונג פון דעם אינדזל, און הײַנט פאַרנאַכט װעט מען אײַך צוגרײטן דעם געהעריקן אָנצוג, װאָס איר װעט דאַרפן טראָגן, און אַלץ װאָס איז נױטיק צו אײַער אָפּפאָרן.

— מ׳מ׳ מיך אָן — האָט סאַנטשאָ געזאָגט — װי איר װילט, װאָרום װאָסער מאַלבעש איך זאָל נישט טראָגן, װעל איך אַלץ זײַן סאַנטשאָ פּאַנצאַ.

— דאָס איז ריכטיק — האָט דער פירשט געזאָגט, — נאָר אַן אָנצוג דאַרף זײַן צוגעפּאַסט צום אַמט אָדער צום ראַנג, װאָס אײנער האָט: נישט גוט װאָלט געװען, אַז אַ ריכטער זאָל גײן אָנגעטון װי אַ זעלנער, און אַ זעלנער װי אַ גאַלעך. איר, סאַנטשאָ, װעט זײַן געקלײדט האַלב װי אַ ריכטער און האַלב װי אַ קאַפּיטאַן, װאָרום אױף דעם אינדזל, װאָס איך גיב אײַך, איז געװער פּונקט אַזױ נײטיק װי שריפטקענטעניש און שריפטקענטעניש װי געװער.

— קענטעניש — האָט סאַנטשאָ געענטפערט — האָב איך װײניק, װאָרום איך קען נאָך ניט דעם אַלעפבײס, נאָר גענוג איז מיר צו געדענקען דעם „קריסטוס”, איך זאָל קענען זײַן אַ גוטער גובערנאַטער. געװער װעל איך נוצן דאָס װאָס מען װעט מיר געבן, ביז איך װעל פאַלן, און פאַרױס מיר גאָט.

— מיט זײַן גוטן זיקאָרן — האָט דער פירשט געזאָגט, — װעט סאַנטשאָ אין קײן זאַך קײן טאָעס נישט קענען האָבן.

אין דער רגע איז צוגעקומען דאָן קיכאָט און מאַכמעס געװוּסט האָט ער װאָס דאָ קומט פאָר און װי שנעל סאַנטשאָ פאָרט אָפּ צו זײַן רעגירונג, האָט ער אים, מיט דער דערלױבעניש פון דעם פירשט, בײַ דער האַנט אָנגענומען און איז מיט אים אַרײַנגעגאַנגען צו זיך אין צימער, קעדײ אים צו לערנען װי אַזױ ער דאַרף זיך האַלטן אין זײַן אַמט. אַרײַנגעקומען אינעם צימער, האָט ער הינטער זיך צוגעשלאָסן די טיר און האָט קימאַט מיט געװאַלד געצװוּנגען סאַנטשאָן ער זאָל זיך לעבן אים אַװעקזעצן און מיט אַ געלאַסענעם קאָל אים געזאָגט:

— אָן שיר דאַנקען שיק איך צום הימל, סאַנטשאָ פרײַנט, װאָס פריער װי מיר און אײדער איך האָב אָנגעטראָפן עפּעס אַ גליק, איז דאָס מאַזל דיר אַקעגנגעקומען. איך, װאָס האָב די סכירעס פאַר דײַן באַדינען מיך אױסגעשטעלט אױף מײַן גליק, הײב ערשט אָן זיך אַרױסצוהײבן, און דו, זעסט דיך שױן באַלױנט אין דײַנע באַגערן פ א ר דער צײַט, קעגן יעדן סײכל האַיאָשער. אַנדערע קױפן

אונטער, זײַנען צודרינגלעך, שיקן באַקאַשעס, פאַרלויפן יענעם דעם וועג, בעטן מיט טרערן אין די אויגן, אַקשענען זיך אײַן, און זיי פּויעלן נישט דאָס וואָס זיי נעמען זיך פיר; קומט אַ צווייטער, וואָס הייבט נישט אָן וויסן פון גאָרנישט, און ער באַקומט די שטעלע אָדער דעם אמט, וואָס אַנדערע האָבן צו אים געגאַרט. און דאָ פּאַסט זיך זייער גוט דאָס וואָרט, אַז צו כּישעק מוז מען נאָך האָבן מאַזל. דו, וואָס אין מײַנע אויגן ביזטו, אָן שום ספק, געווען אַ גוילעם, ביזטו אָן שלאָפ־לאָזע נעכט און אָן גרויסן פאַרטאָג אויפשטיין, אָן שום מי פון דײַן זײַט און נאָר מיט דעם הויך, וואָס דאָס וואַנדער־ריטערטום האָט דיך מיט אים באַרירט, פּלוצים געוואָרן גובערנאַטער פון אַן אינדזל, גלײַך ווי גאָרניט. דאָס אַלץ זאָג איך דיר, אָ, סאַנטשאָ, קעדיי דו זאָלסט דעם באַקומענעם גענאָד ניט צושרײַבן דײַן אייגע־נעם ווערט, נאָר דאַנקען זאָלסטו דעם הימל, וואָס פירט אַזוי מילד די וועלט. דער־נאָך זאָלסטו דאַנקען דער גרויסקייט וואָס ליגט אינעם באַרוף פון דעם וואַנדער־ריטערטום. און מיט דעם האַרצן גרייט צו גלויבן אין אַלץ וואָס איך האָב גע־זאָגט. הער זיך אײַן, אָ, זון מײַנער, צו די רייד פון דעם קאַטאָן דײַנעם, וואָס וויל דיר ראַטן און זײַן דײַן אונטערשטערן און דײַן וועג־ווײַזער, וואָס זאָל דיך אַרויספירן אָפן וועג און אַרויספירן צו אַ זיכערן האַפן אָף דעם שטורמישן יאַם, ווו דו גייסט דיך אַרײַנוואַרפן. וואָרום די הויכע שטעלעס און אַמטן זײַנען ניט עפּעס אַנדערש ווי אַ טיפער יאַם פול מיט פאַרווירונגען.

„פאַר אַלעמען, אָ, זון מײַנער, דאַרפסטו מוירע האָבן פאַר גאָט. וואָרום אין דער מוירע פאַר גאָט ליגט די כאָכמע. און וועסטו זײַן אַ כאָכעם, וועסטו אין קיין שום זאַך נישט גרייזן.

„צווייטנס, דאַרפסטו דיך אַרײַנטראַכטן און וויסן ווער דו ביזט, זיך אַליין קענען, וואָס דאָס איז די שווערסטע קענטעניש, וואָס דו קענסט דיר פאָרשטעלן. פון קענען זיך, וועט אַרויסקומען דאָס נישט בלאָזן זיך, ווי די זשאַבע וואָס האָט זיך געוואָלט גלײַכן צום אָקס. וואָרום טאָמער בלאָזטו זיך, וועט פאַר דיר גאָרניט שיין זײַן ווען מען וועט זאָגן, אַז בײַ דיר אין דער היים האָסטו כאַזיירים גע־פּאַשעט.

— דאָס איז וואָר — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — נאָר געווען איז עס דעמאָלט ווען איך בין נאָך געווען אַ ייִנגל. שפּעטער, אָבער, ווען איך בין שוין געווען אונטערגעוואַקסן, האָב איך געפּאַשעט גענדז, נישט קיין כאַזיירים. נאָר דאָס, דאַכט מיר, געהער זיך גאָרנישט אָן צו דעם, וואָרום נישט אַלע רעגירער קומען אַרויס פון קיניגלעכן שטאַם.

— עמעס — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט — און די רעגירער פון נישט אַדעליקן שטאַם מוזן דערום באַגלייטן די כשיוועס פון דעם אַמט וואָס זיי טראָגן, מיט ווייכער מילדקייט, וואָס אַז מען ווענדט זי אָן מיט פאַרנונפט, דערלאָזט זי נישט צו זיי די ביזוויליקע מורמלערייען, וואָס קיין שום מעדינע איז פון זיי נישט פרײַ.

„שטעל אַרויס, סאַנטשאָ, די באַשיידנקייט פון דײַן שטאַם און שעם דיך נישט צו זאָגן, אַז דו קומסט אַרויס פון פּויערים; וואָרום אַז מען וועט זען דו אַנט־

לויפסט נישט, וועט דיך קיינער נישט יאָגן. און זיי בעסער שטאָלץ דערמיט וואָס דו ביזט אַ באַשיידענער מענטש מיט גוטע מידעס און נישט קיין זינדיקער באַל־גייווע. אָן צאָל זיינען די געבוירענע פון נידעריקן שטאַם, וואָס האָבן דערגרייכט דעם גרעסטן פויפסטלעכן און קייסערלעכן אַמט. און וועגן דעם עמעס וואָלט איך דיר געקענט ברענגען אַזוי פיל ביישפילן, אַז זיי וואָלטן דיך פאַרמאַטערט.

„הער אויס, סאַנטשאָ, ווערסטו דיר נעמען פאַר אַ מאָס די גוטע זיטן און ווערסטו דיך גרויסן דערמיט וואָס דו טוסט אויף זיטלעכע זאַכן, דאַרפסטו נישט מעקאַנע זיין די וואָס טראָגן טיטלען פון פרינצן און הארן. ווארום בלוט יאַרשנט מען און מידעס געווינט מען, און גוטע מידעס האָבן אַ ווערט פאַר זיך און בלוט נית.

„און ווייל דאָס איז אַזוי, זאָלסטו נישט אָפּשטויסן און נישט באַליידיקן טאָמער קומט צו דיר, ווען דו ווערסט זיין באַ דיר אַפּן אינדזל, עמיצער פון דיינע קרויווים. פאַרקערט, נעם אים אויף, פריי דיך מיט אים און זע אים צו, ווארום דערמיט ווערסטו צופרידנשטעלן דעם הימל, וואָס האָט ליב, אַז קיינער זאָל זיך נית שעמען דערמיט וואָס ער האָט באַשאַפן, און נאָכקומען ווערסטו דערמיט דער גוט איינגעשטעלטער נאַטור.

„אויב דו ווערסט ברענגען צו זיך דיין ווייב (ווארום עס פאַסט נישט פאַר מענטשן וואָס שטייען לאַנג באַ דער רעגירונג אַ לאַנגע צייט צו זיין אָן זייער ווייב), ווייז איר אָן, לערן זי און איידל זי אויס פון איר נאַטירלעכער גראָב־קייט. ווארום אַלץ וואָס אַ קלוגער גובערנאַטער שאַפט זיך געווינלעך איין, קען אַ גראָב און נאַריש ווייב צעטרענצלען.

„טאָמער ווערסטו אַן אַלמען (אַ זאַך וואָס טרעפט זיך) און צוליב דיין אַמט ווילסטו דיר נעמען אַ בעסער ווייב, זאָלסטו נישט נעמען אַזאַ ווייב וואָס זאָל דיך דינען פאַר אַ ווענדקע און פאַר אַ פישער־שטאַנג און פאַר באַזונדערע כעשבוי־נעס. ווארום דעם עמעס זאָג איך דיר, אַז פאַר אַלץ וואָס דעם ריכטערס ווייב נעמט, מוז דער מאַן אָפּגעבן כעשבן באַ דעם וועלט־מישפּעט, ווו ער וועט טייטער־הייד אָפּצאָלן מיט פראָצענט די גערעכטע צדאָדים, וואָס ער האָט זיך באַם לעבן פאַר זיי נישט איינגעשטעלט.

„זאָלסט דיך קיינמאָל נישט לאָזן פירן פון דיין אייגענעם איינזען בעייסן מישפּעט, ווארום דאָס קער זיך שטאַרק אָן מיט טיפּשים וואָס האַלטן זיך פאַר באַכאָמים.

„זאָלן די טרערן פונעם אָרימאַן געפינען באַ דיר מער מיטלייד, נאָר נישט מער גערעכטיקייט ווי דעם רייכנס באַווייזן.

„באַמי דיך אויסצוגעפינען דעם עמעס צווישן דעם רייכנס מאַטאָנעס און צוזאָגעכצער, ווי צווישן דעם אָרימאַנס קרעכצן און געבעט.

„ווו עס קען און מוז זיין יוישער, לייג נישט אַרויף דעם גאַנצן גזאַר־דין אויף דעם פאַרברעכער. ווארום נישט בעסער איז דער שעם פון דעם שטרענגן ריכטער ווי פון דעם מיטפילנדיקן.

„אויב דו בייגסט אמאָל אראָפּ די וואָגשאָל פון דער גערעכטיקייט, זאָל דאָס נישט זײַן מיט דער וואָג פון דער מאַטאָנע, נאָר מיט דער וואָג פון ראַכמאָנעס.

„אויב דיר וועט אמאָל אויסקומען מישפּעטן אין אַן איניען פון דײַנעם אַ סוינע, ווענד אָפּ דײַן געדאַנק פון דער באַליידיקונג און ווענד אים צום עמעס פון דעם פאַל.

„זאָל דיך נישט פאַרבלענדן דײַן אייגענע ליידנשאַפט אין אַ צווייטנס איניען. וואָרום די פעלערן, וואָס דו וועסט דערבײַ באַגיין, וועלן מערסטנטייל נישט קענען פאַריכט ווערן, און אויב יאָ, וועט דאָס זײַן אָפּן כעשבן פון דײַן גוטן נאָמען און אַפילע פון דײַן פאַרמעג.

„אויב אַ שיין ווײַב וועט קומען צו דיר בעטן גערעכטיקייט, ווענד אָפּ דײַנע אויגן פון אירע טרערן און דײַנע אויערן פון אירע קרעכצן. באַטראַכט געלאַסן דעם עצעם דערפון וואָס זי בעט דיך, אויב דו ווילסט נישט, אַז דײַן סייכל זאָל דערטרונקען ווערן אין איר גוטסקייט און אין אירע זיפצן.

„דעם וואָס דו דאַרפסט באַשטראָפן מיט מײַסים, זאָלסטו נישט פּלאָגן מיט ווערטער. גענוג איז דעם אומגליקלעכן די פּײַן פון דער שטראָף, אָן דעם צוגאָב פון די שאַרפע ווערטער.

„דעם שולדיקן, וואָס פאַלט אַרונטער אונטער דײַן רעשוס, זאָלסטו באַטראַכטן ווי אַן אומגליקלעכן מענטשן, וואָס איז אונטערגעוואָרפן די אייגנשאַפטן פון אונדזער פאַרדאָרבענער נאַטור, און אַף וויפל עס הענגט אָפּ פון דיר, אָן דעם שאָדן פאַרן צווייטן צאַד, ווײַז אַרויס גענאָד און מיטגעפיל. וואָרום כאָטש אַלע גאָטס אייגנשאַפטן זײַנען גלײַכווערטיק, גלאַנצט אָבער און פלאַטערט פאַר אונדזערע אויגן מער די ראַכמאָנעס איידער די גערעכטיקייט.

„אויב דו וועסט דיך האַלטן באַ די פאַרשריפטן און קלאָלים, סאַנטשאָ, וועסטו לאַנג לעבן און דײַן נאָמען וועט פאַרבלײַבן אַף אייביק, וועסט באַקומען דײַן סכאַר און דײַן גליק וועט זײַן נישט צום באַשרײַבן, דײַנע קינדער וועסטו כאַסענע מאַכן לויט דײַן באַגער, טיטלען וועלן זיי האָבן, זיי און דײַנע אייניקלעך, וועסט לעבן אין פרידן און אין דעם וווילגעפעלן פון די מענטשן, און באַ די לעצטע טריט פון דײַן לעבן, וועט דער טויט צו דיר קומען אינעם צײַטיקן און מילדן עלטער און עס וועלן דיר דײַנע אויגן צומאַכן די צאַרטע און איידעלע הענט פון דײַנע אור־אורייניקלעך. דאָס וואָס איך האָב דיר ביז איצט געזאָגט, זײַנען ווערטן, וואָס דאַרפן באַצירן דײַן נעשאָמע. איצטער הער אויס די וואָס דאַרפן דיר דינען צו באַצירן דײַן גוף.

# דריי און פערציקסטער קאַפּיטל

## וועגן דעם צווייטן מין לערעס, וואָס דאָן קיכאָט האָט געגעבן צו סאַנטשאָ פּאַנסאַ.

ווער וואָלט דאָס אויסגעהערט דאָן קיכאָטס ערשטע אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען און אים נישט געהאַלטן פאַר אַ זייער קלאָרן מענטשן מיט די בעסטע קאַוואָנעס? נאָר, ווי עס איז שוין אין מעשׂעך פון דער גרויסער געשיכטע אַ סאַך מאָל געזאָגט געוועז, האָט ער גערעדט נאַרישקייטן נאָר דעמאָלט ווען עס איז געקומען צו רייד וועגן ריטערטום, און אין אַלעם איבעריקן, האָט ער אַרויסגעוויזן ערנסטן און קלאָרן פאַרשטאַנד, אַזוי אַז אויף יעדן טראָט האָבן זײַנע מײַסים אָפּגעלייקנט זײַן סייכל, און זײַן סייכל זײַנע מײַסים. נאָר דאָס מאָל, בעת ער האָט געגעבן סאַנטשאָן אָט די צווייטע אָנווײַזונגען, האָט ער זיך אַרויסגעוויזן פאַר זייער שאַרפזיניק און האָט אויפגעשטעלט זײַן כאָכמע און שיגאָען אויף אַ גאָר הויכער מאַדרייגע. סאַנטשאָ האָט זיך גוט אײַנגעהערט און געוואָלט אײַנהיטן די לערעס בײַ זיך אינעם מויעך, ווי ער וואָלט זיי וועלן אויסבאַהאַלטן קעדיי מיט זייער הילף אַ גוטע קימפּעט צו האָבן פון זײַן טראָגן מיט דער רעגירונג. דאָן קיכאָט האָט דערום ווײַטער געצויגן זײַן שמועס און געזאָגט:

— וואָס שײַעך דעם ווי אַזוי דו דאַרפסט רעגירן דײַן אייגענעם נעפעש און דײַן הויז, סאַנטשאָ, איז דאָס ערשטע וואָס איך זאָג דיר אָן, דו זאָלסט דיך האַלטן ריין און זאָלסט דיר אָפּשנײַדן די נעגל, נישט לאָזן זיי וואַקסן, ווי עס טוען אַנדערע, וואָס זייער אומוויסן האָט זיי אײַנגערעדט, אַז לאַנגע נעגל מאַכן שיין די הענט, גלײַך דער קאָל און דער איבעריקער אָנוווּקס וואָלטן געווען נאָגל, בעת אין דער עמעסן איז דאָס דער קראַל פון דעם שפּאַרבער עקדישן־פרעסער און אויסערגעוויינלעכע כאַזערישע אויסנוצעריי.

„גיי נישט אום אַ לויזער און צעגאַרטלטער, סאַנטשאָ, וואָרום נאַכלעסיקער אָנטון איז אַ באַווײַז פון גײַסטיקער אָפּגעלאָזנקייט, סײַדן די נאַכלעסיקייט און די לויזקייט נעמט זיך פון שעלמישקייט, ווי מען האָט דאָס פאַרשטאַנען בײַ יולי צעזאַר.

„פאָרזיכטיק טאַפּ אויס וואָס דיר קען זײַן נוצלעך צו דײַן אַמט, און אויב דו פילסט, אַז דו דאַרפסט דײַנע דינער געבן ליווריעס, גיב זיי אָרנטלעך און זיי צום נוצן, ניט שרײַעריש און אויסשטעלעריש, און טייל זיי אײַן צווישן דײַנע דינער און די אָרימעלײַט: איך מיין דערמיט, אַז אויב דו דאַרפסט באַקליידן זעקס פּאַזשן, באַקלייד בלויז דרײַ און די אַנדערע דרײַ גיב אַוועק די אָרימעלײַט, און דו וועסט אַזוי אַרום האָבן מעשאָרסים פאַרן הימל און מעשאָרסים פאַר דער ערד. צו אַזאַ מין געבן ליווריעס דערגייען נישט די באַרימער.

„עס נישט קיין קנאָבל און קיין ציבעלע, קעדיי מען זאָל אינעם רייעך נישט דערשמעקן דײַן פּויערישקייט.

„גיי פּאוואָליע, רעד געלאַסן, נאָר נישט אַזוי, אַז דאָס זאָל אויסזען ווי דו הערסט דיך אַליין ריידן, וואָרום יעדער מין מאַנירלעכקייט איז שעדלעך.

„עס ווייניק צום מיטיק און נאָך ווייניקער צו וועטשערע, וואָרום דאָס גע־זונט פונעם גאַנצן גוף ווערט אויסגעשמידט אינעם מאָגן.

„טרינק מיט אַ מאָס און נעדענק, אַז צופיל ווײַן האַלט נישט דעם סאָד און האַלט אויך נישט קיין וואָרט.

„היט דיך, סאַנטשאָ, נישט צו קײַען אָףביידע באַקן און נים אַרויפצוגעבן יענעם אין די אויגן.

— אַרויפגעבן פאַרשטיי איך נישט וואָס דאָס מיינט — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — און דאָן קיכאָט האָט געענטפערט:

— אַרויפגעבן מיינט דאָס איינענע וואָס גרעפּצן, וואָס דאָס איז איינס פון די מיעסטע ווערטער אין אונדזער שפּראַך, כאָטש פון גרוים באַדײַטונג, און פאַר־זיכטיקע מענטשן האָבן אויסגעזוכט אַן איידל וואָרט און אַנשטאָט גרעפּצן זאָגן זיי אַרויפגעבן און אָף אַ גרעפּץ זאָגן זיי, אַז עס שלאָגט זיי אַרויף. און טאָמער פאַר־שטייט עמיצער נישט דעם טײַטש דערפון, מאַכט אויך נישט אויס. דער געברויך פירט מיט דער צײַט אײַן די ווערטער און מען פאַרשטייט זיי, און אַזוי באַרײַ־כערט מען די שפּראַך, וואָס די מאַכט איבער איר האָט דאָס פאָלק און דער גע־ברויך.

— איינע פון די לערעס און וואָרענונגען, וואָס איך רעכן גוט צו נעמען זיך אין זינען — האָט סאַנטשאָ זיך אָפּגערופן, — וועט בעעמעס זײַן דאָס נישט גרעפּצן, וואָרום איך טו דאָס זייער אָפט.

— אַרויפגעבן, סאַנטשאָ, און נישט גרעפּצן — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט.

— אַרויפגעבן וועל איך זאָגן פון הײַנט און ווײַטער — האָט סאַנטשאָ גע־ענטפערט, — און באַ מײַנע נעמאָנעס איך וועל דאָס נישט פאַרגעסן.

— דאַרפסט אויך נישט אַרײַנבראָקן אינעם שמועס, סאַנטשאָ, אַזאַ שלאַל מיט גלײַכווערטלעך ווי דו טוסט עס. וואָרום כאָטש יעדער גלײַכווערטל איז אַ קור־צע לערע, ברענגסטו דאָס אָבער אָפטמאָל צו שלעפּן באַ די האָר און דעמאָלט איז עס שוין נישט קיין לערע, נאָר אַן אומזין.

— דאָס קען מיר נאָר איין גאָט פאַריכטן — האָט סאַנטשאָ געענטפערט. — וואָרום איך קען מער גלײַכווערטלעך ווי אַ בוך, און באַם ריידן, קומען זיי מיר אין מויל אַרײַן מאַכנעסווײַז און שטופּן זיך אָף אַרויס איינס פאַר דאָס אַנדערע, און די צונג וואַרפט זיי אַרויס אַזוי ווי זיי קומען איר אונטער, נישט איבער־קלייבנדיק צי זיי פּאַסן צי נים. נאָר פון הײַנט און ווײַטער וועל איך געדענקען, אַז מען דאַרף זאָגן נאָר די וואָס פּאַסן זיך צו דער כשיוועס פון מײַן אַמט. וואָ־רום אין אַ רײַך הויז קאָכט זיך די וועטשערע גיכער, און ווער עס טיילט דער טאַשט נים, און ווער עס קלינגט איז אויסער געפאַר, און אָף געבן און האָבן מוז מען סייכל האָבן.

— אָט אַזוי, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — פּאַקעווע די גלײַכ־ווערטלעך, צילע זיי איינס נאָכן אַנדערן אָפּן שנירל, דערין קען זיך קיינער צו

דיר נישט גלײַכן: די מאַמע פּאַטשט און איך יאָג דאָס דו־ידל. איך הײם דיר אויפהערן מיט די גלײַכװערטלעך און דו האָסט מיר טײקעף דערויף אָנגעשאָטן אַ פולן מיזמער מיט װערטלעך, װאָס קלעפּן זיך אַהער װי אַן אַרבעס צו דער װאַנט. הער אויס, סאַנטשאַ, איך זאָג דיר נישט, אַז אַ גלײַכװערטל, פּאַסיק צום איניען, איז נים שײן, נאָר שיטן מיט גלײַכװערטלעך אַן אַ טאָלק, מאַכט דעם שמועס לאַנגװײליק און פּלאַטשיק.

„אַז דו זעצט דיך אױף אַ פערד, שפּאַר דיך נישט אָן אױף דעם הינטערשטן שפּיץ זאָטל, האַלט נישט די פיס שטײף און אױסגעשטרעקט און אָפּגעשפּאַרט פונעם פערדס בױך, און אױך זאָלסטו נישט רײַטן אַזױ לױז, גלײַך דו װאָלסט געריטן אױף דײַן העל־ברױנעם, װאָרום דאָס מין רײַטן אױף אַ פערד, מאַכט אײנעם פאַר אַ ריטער און אַ צװײטן פאַר אַ שטאַל־יונג.

„שלאָפן זאָלסטו מיט אַ מאָס, װאָרום װער עס שטײט נישט אױף מיט דער זון גלײַך, דער געניסט נים פונעם טאָג. און מערק דיר, אָ, סאַנטשאָ, אַז פלײס איז דער פאָטער פון מאַזל און אַז פױלקײט, זײַן קעגנער, איז קײנמאָל נישט דער־גאַנגען אַהין װוּ דער װוּנטש געפינט זיך.

„די לעצטע לערע, װאָס איך װיל דיר געבן, כאָטש זי דינט נישט װי אַ צירונג דעם גוף, װײל איך דו זאָלסט זי דיר גוט אין קאָפּ אַרײַנעמען, װאָרום זי װעט דיר צו נוץ קומען נישט װײניקער װי די אַנדערע, װאָס איך האָב דיר ביז איצט נעגעבן: דו זאָלסט דיך קײנמאָל נישט אַרײַנלאָזן אין אַ װיקועך מיקױעך יױכעס, אַלנפאַלס, אָן פאַרגלײַכעניש, װאָרום צװישן די װאָס מען פאַרגלײַכט, מוז זײַן אײנער אַ גרעסערער מעיוכעס, און דער װאָס דו האַלטסט נישט פון אים, װעט דיך פײַנט באַקומען, בעײס דער װאָס דו הױבסט אים, װעט דערפון גאָרנישט געװינען.

„זאָלסט טראָגן גאַנצע שיך, אַ רעקל אַ לענגערס, אַ לײַבל עפּעס לענגער, מײַטקעס זאָלן דיר אַפילע אָפּן געדאַנק נישט קומען, זײ פּאַסן זיך נים, נישט פאַר ריטער און נישט פאַר גובערנאַטערס.

„אױף דערװײַל, סאַנטשאָ, איז מיר אײַנגעפאַלן דיר דאָס צו ראָטן. די צײַט גײט זיך, און לױט די אומשטענדן אַזױ װעלן זײַן מײַנע אָנװײַזונגען, דו דאַרפסט נאָר זען מיר צו װיסן געבן אין װאָס פאַר אַ לאַגע דו געפינסט דיך.

— מײַן האַר — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — איך זע בעפײרעש, אַז די אַלע זאַכן, װאָס אײַער גענעדיקײט האָט מיר אָנגעזאָגט, זײַנען גוטע, הײליקע און נוצלעכע זאַכן, נאָר װאָס נוצן זײ מיר, אַז איך געדענק פון זײ קײן אײנע נים? דאָס אײנציקע, װאָס מיר װעט פון קאָפּ נישט אַרױס, איז דאָס װאָס אײַער גענעדיקײט האָט מיר געזאָגט װעגן נישט לאָזן װאַקסן די נעגל און װעגן אַ צװײטן מאָל כאַסענע האָבן, װען עס װעט זיך מאַכן. נאָר די אַנדערע מישעבצער און יע־קעבצן געדענק איך נישט און װעל זײ נישט געדענקען, װי איך געדענק נישט די פּאַראַיאַריקע כמאַרעס. בעסער װאָלט דעריבער געװען װען איר גיט זײ מיר אױפ־געשריבן. װאָרום כאָטש איך קען נישט לײענען און נים שרײַבן, װעל איך זײ געבן

מײַן גאַלעך ער זאָל זײַ מיר באַהאַלטן און ווען איך וועל באַדאַרפן, זאָל ער זײַ מיר גילטיק מאַכן.

— ווײַ! — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — ווי שלעכט דאָס איז פאַר אַ גובערנאַטער נישט קענען לייענען און שרײַבן! וואָרום וויסן דאַרפסטו, אָ, סאַנטשאָ, אַז אויב אַ מענטש קען נישט לייענען אָדער ער איז אַ געלינקטער, איז איינס פון די צוויי: אָדער ער שטאַמט פון צו אָרימע און צו נידעריקע עלטערן, אָדער ער איז געווען אַזאַ שטיפער און אַזאַ געמיינער יונג, אַז פון אים האָט קיין לײַט נישט געקענט ווערן. אַ גרויסן כיסאָרן האָסטו און איך וואָלט געוואָלט דו זאָלסט דיך כאָטש אויסלערנען כאַסמענען.

— כאַסמענען קען איך — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — וואָרום אין דער צײַט וואָס איך בין געווען אויפזעער בײַ אונדז אין דער כאַוורוסע, האָב איך מיך אויסגעלערנט אָנצייכענען עטלעכע אותיות, ווי די מאַרקעס אויף געפּעק, וואָס דאָס, האָט מען געזאָגט, איז מײַן נאָמען. אין ערגסטן פאַל, קען איך אָנגעבן אַ טערעץ, אַז בײַ מיר איז די רעכטע האַנט געליימט, און איך וועל געבן אַ צווייטן אונטערשרײַבן פאַר מיר. יעדע מאַקע האָט זיך איר רעפוע, און נאָר דער טויט האָט קיין רעפוע נישט. און אַז איך האַלט דעם שטעקן און די מאַכט אין די הענט, וועל איך טון וואָס איך וועל וועלן, ביפראַט, אַז ווער עס האָט אַ טאַטן אַ ראָש האַקאָהעל... און אַזוי ווי איך בין גובערנאַטער, וואָס איז נאָך גרעסער ווי ראָש האַקאָהעל, איז קומט נאָר אַהער, באַווײַזט אײַך! אַ נו, פּרוּווט נאָר מיך באַלייזדיקן. אירט קומען נאָך וואָל און אַהיימגיין אָפּגעשוירענע. און וועמען גאָט האָט ליב, דעם שמעקט די שטוב. און דעם רײַכנס נאַרישקייטן גילטן פאַר כאָכמעס איבער גאָר דער וועלט. און אַז איך בין רײַך און בין גובערנאַטער און דערצו נאָך מיט אַ ברייטער האַנט, ווי איך רעכן צו האָבן, איז נישטאָ אַזאַ מום וואָס זאָל אױף מיר קענטיק זײַן. ווער דו נאָר האָניק, וועלן צו דיר קלעפּן די פליגן. האָסט די ווערט אַזוי פיל וויפל דו האָסט, האָט מײַנע אַ באָבע געזאָגט. און פון אַן אײַנגעפונדעוועטן מענטשן וועסטו קיין נעקאָמע נישט נעמען.

— פאַרשאָלטן זאָלסטו ווערן פון גאָט, סאַנטשאָ! — האָט דערויף דאָן קיכאָט געזאָגט. — זעכציק טויזנט שיידים זאָלן דיך וויסן, דיך מיט דײַנע גלײַכווערטלעך! שוין אַ שאָ צײַט ווי דו צילעסט זיי איינס נאָך איינס און מיט יעדן איינעם גיסטו מיר ווייטיקן אײַנצונעמען.

„איך בין דיר אָרעוו, אַז די גלײַכווערטלעך וועלן דיך נאָך אַמאָל צו דער טליע פירן. איבער די ווערטלעך וועלן דײַנע לאַנדקנעכט בײַ דיר די רעגירונג אוועקנעמען, סײַדן פאַראַן בײַ זיי קעהילעס מיט סיכסוכים. זאָג מיר ווּ נעמסטו זיי, דו גראָבער יונג? אָדער ווי אַזוי קלעפּסטו זיי, דו טיפּעש איינער? איך, אַז איך דאַרף זאָגן אַ גלײַכווערטל, שוויץ איך און איך האָרעווע, ווי איך וואָלט ערד געגראָבן.

— בײַ גאָט, האַר באַלעבאָס מײַנער — האָט סאַנטשאָ אָפּגעענטפערט, — אײַער גענעדיקייט קלאָגט זיך אױף אַזוינע קלייניקייטן. צו וועלכע טײַוואָלים זאָל פוילן מײַן פאַרמעג, אַז איך קען מיך נוצן דערמיט, און קיין אַנדער פאַרמעג און

קיין אנדערע אויצרעס, האָב איך נישט אַכוץ גלײַכוווערטלעך און נאָכאַמאָל גלײַכוווערטלעך? ערשט די מינוט זײַנען מיר גאַנצע פיר אַף דער צונג געקומען, אָפּגעמאַליעוועטע, ווי די באַרן אין קיישל, נאָר איך וועל זיי נישט זאָגן, וואָרום גוט שווײַגן רופט מען סאַנטשאָ.

— נישט דו ביזט יענער סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט; — וואָרום ניט נאָר שווײַגסטו נישט גוט, נאָר דו רעדסט שלעכט און אַקשנסט דיך שלעכט. און דאָך, וואָלט איך וועלן וויסן וואָס זײַנען דאָס פאַר פיר גלײַכוווערטלעך, וואָס זײַנען דיר איצט אײַנגעפאַלן און זײַנען אַזוי פּאַסיק, ווי דו זאָגסט, צו דעם איניען. וואָרום איך מיש איצט בײַ מיר אין זיקאָרן, און אַ זיקאָרן האָב איך אַ גוטן, און מיר פאַלט קיין איין גלײַכוווערטל נישט אײַן.

— וואָס דאַרפט איר בעסער, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — ווי: צווישן צוויי סייכל־ציינער שטופּ נישט די פינגער און אַף אַרויס פון מײַן שטוב, און וואָס טשעפּעסטו מײַן ווײַב, איז נישטאָ קיין ענטפער, און צי קלאַפּט זיך אָן דער קרוג אין שטיין אָדער דער שטיין אין קרוג, איז ווי דעם קרוג. און אַלע זײַנען זיי דאָ ווי אָנגעמאָסטן? זאָל זיך קיינער נישט פאַרטשעפּען מיט זײַן גובערנאַטער און מיט דעם וואָס האָט די מאַכט, וואָרום ער וועט אַרויס אַ צעקאַליעטשעטער ווי דער וואָס שטופּט די פינגער צווישן די סייכל־ציינער, און אַפילע צווישן גלאַט באַקציינער. און וואָס דער גובערנאַטער זאָגט, טאָר מען אים נישט אָקעגנריידן, ווי אַף אַרויס פון מײַן שטוב און וואָס טשעפּעסטו מײַן ווײַב. וואָס שײַעך דעם קרוג מיט דעם שטיין, קען אַפילע אַ בלינדער זען. אַזוי אַז ווער עס זעט דאָס שפּענדל בײַ יענעם אין אויג, מוז בײַ זיך אין אויג זען דעם בעליק, און זאָל מען וועגן אים נישט דאַרפן זאָגן, אַז „דערשראָקן האָט זיך די טויטע פאַר דער גע־קעפּטער". און אײַער גענעדיקייט ווייסט גאַנץ גוט, אַז דער נאַר ווייסט וואָס בײַ אים אין שטוב טוט זיך בעסער ווי דער קלוגער אין יענעמס.

— דאָס ניט, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט. — דער נאַר ווייסט נישט וואָס בײַ אים אין שטוב טוט זיך און אויך נישט וואָס בײַ יענעם, וואָרום אַף טיפּשעס שטעלט מען נישט קיין קלוגן ביניען. און לאָמיר דאָס אָפּלאָזן, סאַנ־טשאָ, וואָרום אויב דו וועסט שלעכט רעגירן, וועט עס זײַן דײַן שולד און מײַן בושע. איך טרייסט מיך נאָר דערמיט וואָס איך האָב מײַנס געטון און האָב דיך געראָטן מיט דעם ערנסט און פאַרנונפט, ווי ווײַט איך האָב געקענט: דערמיט ווער איך פּאָטער פון מײַן כוויוו און פון מײַן צוזאָג. זאָל דיך גאָט פירן, סאַנטשאָ, און זאָל ער דיך רעגירן בײַ דײַן רעגירן און מיך זאָל ער אַרויספירן פון דער מוי־רע, וואָס איז מיר פאַרבליבן, אַז דו קענסט דאָס גאַנצע אינדזל איבערקערן מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. וואָרום איך וואָלט מיך געקענט אַרויסנעמען פון דער אַכרײַעס מיט בלויזן אָנווײַזן דעם פירשט ווער דו ביזט, אַז דאָס גאַנצע פעטס מיט דעם שטיקל נעפּעש איז נישט מער ווי אַ זאַק מיט גלײַכוווערטלעך און בייזוויליקייטן.

— מײַן האַר — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — אויב אײַער גענעדיקייט דאַכט זיך, אַז איך קען פאַר דער רעגירונג קיין שום נוצן נישט ברענגען, לאָז איך מיך

אַף פון איר די מינוט. ווארום דאָס שווארצע אונטערן נאָגל פון מײַן נעשאָמע, איז מיר טײַערער ווי דער גאַנצער גוף. און איך סאַנטשאָ, אַזוי ווי איך בין, וועל מיך דערהאַלטן מיט ברויט און ציבעלע, איידער ווי אַ גובערנאַטאָר מיט וואָלד־הינדלעך און שאַפּנס. ביפראט, אַז שלאָפנדיקערהייד זײַנען אַלע גלײַך, די גרע־סערע ווי די קלענערע, די אָרימע ווי די רײַכע. און אויב איַער גענעדיקייט וויל זיך דערמאָנען, וועט איר זען, אַז איר אַליין האָט מיך ארויפגעפירט אַף דעם רעגירן: ווארום איך ווייס אין רעגירן אינדזלען אַזוי פיל וויפל אַ שפּארבער. און זאָל זיך מיר נאָר דאַכטן, אַז פאַר ווערן גובערנאַטאָר וועט מיך דער טייוול נעמען, וויל איך בעסער ארויף אין הימל אַלס סאַנטשאָ פּאַנצאַ איידער אַלס נר בערנאַטאָר אין גענעם.

— איך שווער דיר, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — אַז פאַר בלויז אָט די לעצטע ווערטער דײַנע, האָסטו די ווערט צו זײַן גובערנאַטאָר פון טויזנט אינדזלען: אַ גוטן כאַראַקטער האָסטו, און אָן דעם האָט קיין שום וויסן קיין ווערט נים. גיב דיך איבער צו גאָט און זע נישט ארײַנצופאַלן אין אַ טאָעס זיך נאָכ־געבנדיק דעם ערשטן דראַנג: איך מיין דערמיט, אַז דו זאָלסט שטענדיק האָבן דעם פעסטן ווילן, אַז אַלע דײַנע געשעפטן זאָלן ארויס געלונגען. ווארום דער הימל איז שטענדיק אַף דער זײַט פון די גוטע באַגערן. און קום עסן, ווארום די האַרן, דאַכט זיך מיר, ווארטן שוין אַף אונדז.

## פיר און פערציקסטער קאַפּיטל

**ווי אַזוי מען האָט סאַנטשאָ פּאַנצאַן געפירט צו דער רעגירונג און וועגן דעם אויסטערלישן געראַנגל, וואָס האָט מיט דאָן קיכאָטן פּאַסירט אינעם שלאָס.**

מען זאָגט, אַז אינעם אָריגינאַל גופע פון דער געשיכטע לייענט זיך, אַז ווען סידע האַמעטע איז צוגעקומען שרײַבן דעם קאַפּיטל, האָט אים זײַן פּאַרטײַ־טשער נישט איבערגעזעצט אַזוי ווי ער האָט אים געוועסט אָנגעשריבן, ווארום נעוועון איז עס אַ מין באַקלאָגן זיך פון דעם מאָר אַף זיך אַליין, וואָס ער האָט אין די הענט ארײַן גענומען אַזאַ טרוקענע און אַזאַ באַגרעניצטע געשיכטע, ווי די געשיכטע פון דאָן קיכאָטן, ווו ער מוז, ווי אים האָט זיך געדאַכט, שטענדיק נאָר ריידן וועגן אים און וועגן סאַנטשאָן און טאָר זיך נישט דערוועגן אויסצושפּרייטן אַף אַנדערע מער ערנסטע און מער פאַרוויילנדיקע אַפּווײַכונגען און עפּיזאָדן. און נעזאָגט האָט ער, אַז דאָס שטענדיקע האַלטן דעם מויעך, די האַנט און די פען בײַ איין טעמע און דאָס ריידן מיט דעם מויל פון נישט מער ווי אַ פּאָר פּאַרשוי־נען, איז אַ אומדערטרעגלעכע ארבעט, וואָס אירע פּרוכט זײַנען נישט לעמוווּעס דעם מעכאַבער. און קעדיי אויסצומײַדן דעם דאָזיקן איבל, האָט ער אין דער ערשטער טייל ארײַנגעשטעלט עטלעכע ראָמאַנען, ווי דער ראָמאַן פון דעם אײַנ־נעגעסענעם גריבלער און פון דעם געפאַנגענעם קאַפּיטאַן, וואָס זײַנען ווי אויס־

געטיילט פון דער געשיכטע, כאָטש די אַנדערע וואָס ווערן דאָרט דערציילט, זײַ־נען פאַלן, וואָס האָבן פּאַסירט מיט דאָן קיכאָטן גופע און מען האָט זיי נישט געקענט פאַרבײַגיין זיי נישט אויפצושרײַבן. נערעכנט האָט ער אויך, ווי ער זאָגט, אַז מאַכמעס אַ סאַך לייענער זײַנען פאַרכאַפּט פון דעם אינטערעס, וואָס דאָן קי־כאָטס העלדישקייטן מאָנען פאַר זיך, קענען זיי שוין ניט שענקען דעם געהעריקן אינטערעס צו די ראָמאַנען און גייען זיי אַריבער צו שנעל אָדער נאָר מיט פאַר־דרוס און מערקן נישט די שיינקייט און די קונסט, וואָס געפינט זיך אין זיי, און זיי וואָלטן זיך גוט אָנגעזען ווען זיי דערשײַנען זעלבשטענדיק, ניט אָנגעשפּאַרט אָן דאָן קיכאָטס מעשוגאַעסן און סאַנטשאָס נאַרישקייטן. נישט געוואָלט האָט ער דערום אין אָט דער צווייטער טייל אײַנשליסן נישט קיין אויסגעטיילטע און נישט קיין צונעטשעפּעטע ראָמאַנען, נאָר עטלעכע עפּיזאָדן, וואָס זאָלן צו זיי ענלעך זײַן, אַרויסגעקומענע פון די געשעענישן גופע, וואָס דער עמעס שטעלט זיי צו, און אויך די, אַף אַ גאַנץ באַשרענקטן אופן, מיט די שטרענג נייטיקע ווערטער וואָס מען באַדאַרף קעדיי זיי אויפצוקלערן. און מאַכמעס ער האַלט זיך אין די ענגע גרעניצן פון דערציילן, דעמאָלט ווען ער באַזיצט די פעיִקייטן, די טיכטיקייט און דעם פאַרשטאַנד אַרומצונעמען די גאַנצע וועלט, בעט ער מען זאָל נישט גרינג־שעצן זײַן אַרבעט און לויבן זאָל מען אים נישט פאַר דאָס וואָס ער שרײַבט, נאָר פאַר דאָס וואָס ער האָט נישט געשריבן.

און באַלד דערויף גייט ער ווײַטער אָן מיט דער געשיכטע און ער זאָגט: נאָכדעם ווי דאָן קיכאָט האָט געענדיקט דאָס עסן יענעם טאָג ווען ער האָט סאַנ־טשאָן געגעבן די אָנווײַזונגען, האָט ער זיי אים בײַטאָג געגעבן אויפגעשריבענע, קעדיי ער זאָל זיך זוכן עמיצן וואָס זאָל זיי אים לייענען. ווי נאָר אָבער ער האָט זיי אים געגעבן, זײַנען זיי בײַ סאַנטשאָן פון די הענט אַרויסגעפאַלן און אַרײַנגעקומען זײַנען זיי צום פירשט אין די הענט, וואָס האָט זיי געוויזן דער פירשטן און ביידע האָבן זיי פון דאָס נײַ באַוואונדערט דאָן קיכאָטס שיגאָען און סייכל. און זיי זײַנען ווײַטער אָנגעגאַנגען מיט זייער שפּאַס, און יענעם פאַרנאַכט האָבן זיי אָוועקגעשיקט סאַנטשאָן מיט גרויס באַגלייט צו דעם אָרט, וואָס האָט פאַר אים באַדאַרפט זײַן אַן אינדזל. געשען איז, אַז דער וואָס האָט אים געפירט פאַרנעמען דעם אַמט, איז געווען אַ הויפמײַסטער באַם פירשט, זייער אַ קלוגער און זייער אַ שאַרפזיניקער, וואָרום עס קען נישט זײַן קיין שאַרפזין דאָרט ווו עס איז קיין כאָכמע נישטאָ, וואָס ער אויך האָט געשפּילט די ראָל פון דער גראַפיניע טריפאַלדי, מיט דעם שוין באַקאַנטן ביין. און מיט דער כאָכמע זײַנער און אַ צוגעגרייטער פון זײַנע האַרן ווי אַזוי זיך אויפצופירן מיט סאַנטשאָן, האָט ער זיך אויסגעצייכנט ספּראַוועט מיט זײַן אויפטראָג.

פּאַסירט האָט אַזוי, זאָג איך, אַז ווי נאָר סאַנטשאָ האָט דערזען דעם הויפּ־מײַסטער, האָט זיך אים געוואָרפן אין די אויגן, אַז בײַ אים איז דאָס אייגענע פּאָנים ווי בײַ דער גראַפיניע טריפאַלדי, און ער האָט זיך אומגעדרייט צו זײַן האַר און אים געזאָגט:

— מײַן האַר, אָדער דער טייוול וועט מיך אַוועקכאַפּן פון דעם אָרט ווו איך

שטיי גערעכטיק און גלויביק, אָדער אַ־יער גענעדיקייט וועט מוזן מוידע זײַן, אַז דאָס פּאָנים באַ דעם פירשטס הויפמײַסטער, וואָס געפינט זיך דאָ, איז דאָס אייגענע וואָס באַ דער ווירטן דאָלאָרידאַ.

דאָן קיכאָט האָט זיך גוט אײַנגעקוקט אינעם הויפמײַסטערס פּאָנים און באַלד האָט ער זיך אָנגערופן צו סאַנטשאָן:

— דער טייוול דאַרף דיך ניט כאַפּן, סאַנטשאָ, נישט גערעכטיק און נישט גלויביק (וואָס איך וויים נישט וואָס דו מיינסט דערמיט); דאָלאָרידאַס פּאָנים איז דעם הויפמײַסטערס, נאָר דאָס מיינט ניט, אַז דער הויפמײַסטער איז דאָלאָרידאַ, ווארום ווען דאָס זאָל זײַן ריכטיק, וואָלט דאָס געווען זייער אַ גרויסער ווידערשפּרוך, און איצט איז נישט די צײַט פאַר כקירעס און דרישעס, ווארום דאָס וואָלט אונדז פאַרפירט אין פאַרפּלאָנטערטע לאַבירינטן. גלויב מיר, מײַן פרײַנט, אַז מען מוז גאָט בעטן ער זאָל אונדז ביידן אויסלייזן פון בייזע קישעפמאַכער.

— ס'איז נישט קיין שפּאַס, מײַן האַר, — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — איך האָב אים פריער געהערט ריידן, האָט זיך מיר געדאַכט איך הער ריידן טרי־פאַלדי. איצט, פאַרשטייט זיך, וועל איך שווײַגן, נאָר פון הײַנט אָן וועל איך מיך צו אים צוקוקן עפּשער וועל איך אויסגעפינען נאָך אַ סימען, וואָס זאָל מײַן כשאַד באַשטעטיקן אָדער באַזײַטיקן.

— אַזוי זאָלסטו טון, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט — און זאָלסט מיר צו וויסן געבן אַלץ וואָס דו וועסט אין דעם פאַל אויסגעפינען און פון אַלץ וואָס מיט דיר וועט געשען באַם רעגירן.

בעקיצער, סאַנטשאָ איז אַרויסגעפאָרן, באַגלייט פון אַ גרויסן אוילעם, גע־קליידט ווי אַ ריכטער, און איבער דעם ריכטער־מאַלבעש, אַ זייער ברייטער ראָק פון געפּרעסטן לייבן־קאָלירטן קעמל־וואָל, מיט אַ בערעט פון דעם אייגענעם שטאָף, אויף אַ מויל־אייזל רײַטנדיק, און הינטער אים, אויף באַפעל פונעם פירשט, דער העל־ברוינער, מיט אייזלשער באַפּוצעכץ, שפּאָגל נײַע און זײַדענע. סאַנטשאָ האָט פון צײַט צו צײַט דעם קאָפּ אויסגעדרייט אַ קוק צו טון אויף זײַן אייזל, און איז אַזוי צופרידן געווען וואָס ער באַגלייט אים, אַז ער וואָלט זיך דעמאָלט נישט גע־ביטן מיט דעם דײַטשן קייסער.

באַם געזעגענען זיך מיט די פירשטן, האָט ער זיי די הענט געקושט, און אַ בראָכע האָט ער גענומען באַ זײַן האַר, וואָס האָט זי אים געגעבן מיט טרערן אין די אויגן און סאַנטשאָ האָט דערבײַ געבראָכן פּיסקעס צום וויינען.

זאָל דער ליבהאַרציקער לייענער לאָזן דעם בראַוון סאַנטשאָ פאָרן בעשאָ־לעם און אין אַ מאַזלדיקער שאָ, און זיך ריכטן אויף צוויי קאָרעץ געלעכטער, וואָס דיר וועט פאַרשאַפן די מײַסע ווי אַזוי ער האָט זיך אויפגעפירט אויף זײַן אַמט און הער דערווײַל אויס וואָס די נאַכט האָט פּאַסירט מיט זײַן האַר, און אויב דו וועסט דערפון נישט לאַכן, וועסטו ווייניקסטנס די ליפּן צענעמען מיט אַ מאַלפּישן שמייכל, ווארום די מײַסים פון דאָן קיכאָט דאַרף מען אויפנעמען מיט שטוינען אָדער מיט געלעכטער.

מען דערציילט, אַלזוי, אַז ווי נאָר סאַנטשאָ איז אָפּגעפאָרן, האָט דאָן קי־

באַט דערפילט זײַן עלנט, און װען ער װאָלט אים קענען צוריקרופן פון זײַן שלי־בעס און אָפּנעמען בײַ אים די רעגירונג, װאָלט ער עס געטון.

דערזען האָט די פירשטין זײַן מאַרעשכװירע, האָט זי אים געפרעגט װאָס ער איז אַזױ טרױעריק; אַז אױב דאָס איז מאַכמעס דער שײדונג מיט סאַנטשאָ, זײַנען בײַ איר אין הױז פאַראַן מעשאַרסים, װירטנס און שטוב־מײדלעך, װאָס װעלן אים דינען און באַפרידיקן זײַנע באַגערן.

— דער עמעס איז, מײַן האַרנטע, אַז איך בענק נאָך סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — נאָר נישט דערפאַר דעריקער זע איך אױס אַזױ טרױעריק, און פון אַלץ װאָס אײַער עקסעלענץ באַט מיר אָן, קלײַב איך מיר אױס און איך נעם אָן בלױז דעם גוטן װילן, װאָס איר װײַזט דערבײַ אַרױס. אינעם איבע־ריקן, בעט איך אײַער עקסעלענץ, אַז בײַ מיר אין בײדער זאָל מען מיר דערלױבן איך זאָל מיך אַלײן באַדינען.

— אין דער עמעסן — האָט די פירשטין געזאָגט, — דאַרף עס אַזױ נישט זײַן, האַר דאָן קיכאָט: װאָרום באַדינען װעלן אײַך פיר פון מײַנע שטוב־מײדלעך, שײנע װי די בלומען.

— פאַר מיר — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט —װעלן זײ זײַן נישט װי בלומען, נאָר װי דערנער, װאָס װעלן מיך אין דער נעשאָמע שטעכן. װי נאָר זײ װעלן צו מיר אין בײדער אַרײַנקומען, אָדער װאָס, װעל איך אַרױסלױפן. אױב אײַער גרױסקײט װיל מיר װײַטער טון גענאָד, װאָס איך האָב נישט פאַרדינט, לאָזט מיך אַלײן און איך זאָל מיך בײַ מיר אין בײדער אַלײן באַדינען, איך זאָל שטעלן אַ װאַנט צװישן מײַנע פאַרלאַנגען און מײַן אָרנטלעכקײט, און איך װיל אַט די געװױנהײט נישט אָנװערן צוליב דער מילדקײט, װאָס אײַער הױכקײט װיל מיר אַרױסװײַזן. קורץ, איך װעל גיכער שלאָפן אין אָנטון אײדער דערלאָזן עמיצער זאָל מיך אױסטון.

— אַדעראַבע, אַדעראַבע, האַר דאָן קיכאָט — האָט די פירשטין געענטפערט.

— מײַנעטװעגן, קען איך באַפעלן, אַז צו אײַך אין בײדער זאָל אַפילע אַ פליג נישט אַרײַנקומען, װער רעדט שױן אַ מײדל. איך בין נישט דער מענטש, װאָס צוליב מיר זאָל געמינערט װערן דעם האַר דאָן קיכאָטס צניעס, װאָרום װעדליק איך האָב אַרױסגעזען, פלאַטערט די צניעס איבער אַלע אַנדערע גוטע זײטן אײַע־רע. זאָל זיך אײַער גענעדיקײט אױסטון און אָנטון אַלײן און װי אײַך געפעלט, װען און װי אַזױ איר װילט, קײנער װעט אײַך דערין ניט שטערן און בײַ אײַך אין בײדער װעט איר געפינען די נױטיקע קײלים צום געברױך פאַר אַ מענטשן, װאָס שלאָפט מיט אַ פאַרשלאָסענער טיר, אַז קײן שום נאַטירלעכע באַדערפעניש זאָל אײַך נישט צװינגען זי צו עפענען. זאָל טױזנט יאָרהונדערטן לעבן די גרױסע דול־צינעאַ פון טאָבאָסאָ און זאָל איר נאָמען זײַן אױסגעשפּרײט איבער דעם גאַנצן ערד־קײלעך, װאָס זי האָט זױכע געװען געליבט צו װערן פון אַזאַ מוטיקן און אַזאַ אָרנטלעכן ריטער, און זאָל דער מילדער הימל אַרײַנגעבן אינעם האַרצן פון סאַנ־טשאָ פאַנצאַ, אונדזער גובערנאַטער, אַ באַגער װאָס גיכער זיך אָפּצושײלן זײַנע

שמיץ, קעדיי די וועלט זאָל ווידער קענען געניסן די שיינקייט פון אזא גרויסער דאַמע.

דערויף האָט דאָן קיכאָט געזאָגט:

— אייער הויכקייט האָט גערעדט ווי אזא דאַמע דאַרף ריידן, וואָרום פונעם מויל בא די הויכע דאַמען טאָר קיין שלעכט וואָרט נישט אַרויסקומען. און נאָך מאָזלדיקער און באַריממטער וועט זיין דולצינעא דערמיט וואָס אייער גרויסקייט האָט זי געלויבט מיט דער לויב, וואָס די גרעסטע שיין־רעדנער אין דער וועלט קענען איר געבן.

— און איצט, האר דאָן קיכאָט — האָט די פירשטין געענטפערט, — איז צייט וועטשערע עסן און דער פירשט מוז שוין וואַרטן: קומט צום טיש, אייער געדיקייט, וועלן מיר אָפּעסן און איר וועט אייך גיין לייגן פרי שלאָפן, וואָרום אייער נעכטיקע רייזע קיין קאַנדאיא איז גאָר נישט געווען אזא קורצע, איר זאָלט אייך נישט פילן פון איר אביסל צעבראָכן.

— איך פיל נישט גאָרניט, מיין האַרנטע, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט. — מאַכמעס איך דערוועג מיך צו שווערן אייער עקסעלענץ, אז איך בין נאָך אף אזא רויִקן פערד מיט אזא גוטן טראָט ווי קלאַווילעניא זינט איך לעב נישט געריטן, און איך ווייס נישט וואָס אזוינס האָט געקענט באַוועגן מאַלאַמברונען ער זאָל אוועקפּאַטערן אזא לייכטע און אזא פיינע רייט־בעהיימע און אומזיסט און אומנישט זי פאַרברענען.

— דאָס מוז מען זיך דערקלערן דערמיט — האָט די פירשטין געענטפערט — וואָס ער האָט כאַראָטע געהאַט אף דעם שלעכטס וואָס ער האָט געטון דער גראַפיניע טריפאַלדי און אירע באַוועַרטעם און נאָך אנדערע און אף דער רישעס, וואָס ער איז אוואָדע באַגאַנגען אַלס קישעפמאַכער און האָט געוואָלט א סאָף מאַכן צו דעם געצייג פון זיין באַרוף און קלאַווילעניאָן האָט ער פאַרברענט ווי דעם הויפּט־געצייג, וואָס האָט אים אזוי פיל אומרו פאַרשאַפט און אים געטראָגן פון לאַנד צו לאַנד. זאָל מיט דעם פאַרברענטן אש און מיט דער מוידאָע ווי א טראָפּיי, בלייבן פאַראייביקט דער מוט פון דעם גרויסן דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ.

נאכאמאָל און מיט נייע דאַנקווערטער האָט דאָן קיכאָט געדאַנקט דער פירשטין, און נאָכן עסן איז דאָן קיכאָט אוועק צו זיך אין כיידער איינער אַליין און האָט נישט דערלאָזט עמיצער זאָל מיט אים אַריינגיין אים צו באַדינען: אזוי ג״ויס איז געווען זיין מוירע פאַר א געלעגנהייט, וואָס זאָל אים ברענגען אָדער צווינגען אָבּ־ווערן די צניעס, וואָס ער האָט געהאַט לעגאַבע זיין דאַמע דולצינעא, מיט דער גוטסקייט פון אַמאַדיסן פאַר די אויגן, די בלום און דער שפּיגל פון די וואַנדער־ריטער. ער האָט הינטער זיך די טיר צוגעשלאָסן און בא דער שיין פון צוויי וועקס־מענע ליכט, האָט ער זיך אויסגעטון און באַם אויסטון די שיך (אָ, סאַראַ אומווירדיקער אומגליק פאַר אזא פּאַרשוין!) האָבן זיך בא אים אַרויסגעריסן, נישט קיין זיפצן אָדער באַלילע עפּעס אזוינס וואָס זאָל פאַרמינערן זיין ריינעם האַלטן זיך, נאָר א פּאָר טוץ שטעך פון א זאָק, וואָס איז דערפון געוואָרן ווי א שטאָרע.

דער בראַוועַר האַר האָט זיך דאָס גענומען שטאַרק צום האַרצן און ער וואָלט

דעמאָלט אַ אונץ זילבער אוועקגעגעבן פאַר אַ דראַכמע גרינעם זײַדנפאָדים. גרינעם, זאָג איך, מאַכמעס די זאַקן זײַנע זײַנען געווען גרינע. דאָ האָט בענענגעלי אויסגערופן און אַרײַנגעשריבן:

„אָ, דו דאַלעס, דאַלעס! איך ווייס ניט וואָס אַזוינס האָט געבראַכט דעם גרויסן קאָרדאָבער דיכטער דיך אָנצורופן, „הייליקע אומדאַנקבאַרע גאָב!" איך בין אפילו אַ מאָר, נאָר פון קומען צווישן קריסטן, ווייס איך, אַז הייליקייט באַשטייט אין ראַכמאָנעס, אין האַכנאָע, אין עמונע, אין געהאָרכן און אין אָרימקייט; דאָך, זאָג איך, אַז דער, וואָס דער דאַלעס איז אים ליב, מוז נישט האָבן צופיל גאָט אין זיך, אויב דאָס מיינט ניט יענער מין אָרימקייט, וואָס איינער פון זייערע גרעסטע הייליקע האָט ווענן איר געזאָגט: „האָב אַלץ וואָס דו האָסט גלײַך דו וואָלסט עס נישט געהאַט." דאָס רופט מען גײַסט־אָרימקייט. דו אָבער, דער דאַלעס (וואָס ווענן אים רייד איך איצט), וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף די אַדעליקע און וויל־געבוירענע מער ווי אויף אַלע אַנדערע? פאַרוואָס צווינגסטו זיי לייגן לאַטעס אויף די שיך און די קנעפּ אויף זייערע רעק זאָלן זײַן איינער אַ זײַדענער, אַ צווייטער אַ שעטינענער און אַ דריטער אַ גלעזערנער? פאַרוואָס מוזן זייערע קעלנער זײַן שטענדיק געקאַרבטע און נישט קיין צעעפנטע מיט אַ פורעם?" „דערפון קען מען דרינגען אַז געקראָכמאַלעטע און אָפענעם קעלנער טראָגט מען שוין זײַט גאַנץ לאַנג). און ווײַטער האָט ער געשריבן:

„ ווײַ איז דעם וווילגעבוירענעם, וואָס שרימפּט אײַן זײַן קאָוועד און עסט באַ געשלאָסענע טירן נישט צו דער זעט און גייט אַרוים אין גאַס מיט דעם צוויעסדיקן ציינשטעכערל נאָכדעם ווי ער האָט גאָרנישט געגעסן אַזוינס ער זאָל זיך מוזן די ציין רייניקן! ווײַ איז יענעם, זאָג איך, וואָס דער קאָוועד ציטערט באַ אים און האָט מוירע מען זאָל באַ אים פאַר אַ מײַל נישט דערזען די לאַטע אויפן שוך, דעם שווייס אויפן קאַפּעליוש, דאָס אויסגעריבענע אויפן לײַבצודעק און דעם הונגער באַ אים אינעם מאָגן!"

דאָס אַלץ איז דאָן קיכאָטן באַנײַס דורכגעגאַנגען דורכן געדאַנק, ווען ער האָט דערזען די צעטרענטע נאָט. נאָר געטרייסט האָט ער זיך ווען ער האָט דערזען, אַז סאַנטשאָ האָט אים אַ פּאָר שטיוול איבערגעלאָזט, און ער האָט גערעכנט אָן אָנדערשמאָל זיי אָנטון. בעקיצער, ער האָט זיך אַרײַנגעלייגט אין בעט אַ פאַרקלערטער און באַצאַרטער, סײַ דערפון וואָס סאַנטשאָ האָט אים געפעלט און סײַ פון דעם אומגליק נישט צום פאַריכטן מיט די זאָקן, וואָס ער וואָלט זיי פאַריכט מעג זײַן מיט אָן אַנדער קאָליר זײַד־פאָדים, וואָס דאָס איז איינער פון די גרעסטע סימאָנים דאַלעס, וואָס קען טרעפן אַן אַדעליקן אין זײַן זויבערער נויט. ער האָט אויסגעלאָשן די ליכט, — געוועז איז הייס און ער האָט נישט געקענט אײַנשלאָפן. אויפגע־וויבן האָט ער זיך פון זײַן געלעגער און האָט אביסל צעעפנט דאָס פענצטער פון אַ באַלקאָן מיט גראַטעס, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין אַ שיינעם גאָרטן. אָן בעיי; צעעפענען, האָט ער דערפילט און דערהערט, אַז פאַראַי זײַנען מענטשן אין נעם גאָרטן. ער האָט זיך גענומען אײַנהערן, די אונטערשטע האָבן גענומען ריידן העכער און ער האָט דערום געקענט אויסהערן אָט דעם שמועס:

— שטיי נישט אַזוי צו צו מיר, אַ, עמערענציאַ, איך זאָל זינגען, וואָרום פון זינט דער פּרעמדער איז געקומען אַהער אין שלאָס און מײַנע אויגן האָבן אױף אים אַ קוק געטון, קען איך נישט זינגען, נאָר וויינען. ביפּראַט, אַז מײַן האַרנטע האָט אַזאַ גרינגען שלאָף און איך וואָלט נישט וועלן זי זאָל אויפשטיין און אונדז דאָ טרעפן פאַר קיין שום אוצער אין דער וועלט. און אַפילע זי שלאָפט שטאַרק און וועט נישט אויפשטיין, וועט אומזיסט זײַן מײַן זינגען, אויב עס וועט זיך נישט אויפכאַפּן מיך צו הערן דער נײַער ענעוס, וואָס איז געקומען אין מײַנע קאַנטן איבער מיר שפּאַס צו טרײַבן.

— קוק נישט דערויף, אַלטיסידאָראַ פרײַנט, — האָט מען געענטפערט, — וואָרום די פירשטן און אַלע דאָ אין הויז שלאָפן שוין זיכער, אַבוץ עפּשער דעם האַר פון דײַן האַרצן און דעם וועקער פון דײַן נעשאָמע, וואָרום געהערט האָב איך ערשט ווי ער האָט צעעפנט דאָס פענצטער אַפן באַלקאָן פון זײַן צימער. זינג, פאַרוווּנדעטע מײַנע, זינג שטיל און צאַרט, מיט דײַן האַרפע באַגלייט, און טאָמער וועט אונדז די האַרנטע דערהערן, וועלן מיר זאָגן, אַז די היץ איז שולדיק.

— נישט אין דעם גייט עס, אַ, עמערענציאַ! — האָט אַלטיסידאָראַ געענטפערט, — איך וואָלט נישט וועלן מײַן געזאַנג זאָל מײַן האַרץ אַנטפּלעקן און מענטשן, וואָס ווייסן נישט וואָס די מעכטיקע קויכעס פון דער ליבע זײַנען, זאָלן מיך האַלטן פאַר אַ קאַפּריזנע און לײַכטזיניק מיידל. נאָר זאָל זײַן וואָס עס וויל זיך, וואָרום בעסער אַ בושע אין פּאָנים איידער אַ מאַקע אין האַרצן.

און אין דער רעגע האָט זיך דערהערט אַ זייער צאַרטער שפּילן אױף אַ האַרפע. און אַז דאָן קיכאָט האָט דאָס דערהערט, איז ער געבליבן געפּלעפט, וואָרום געקומען זײַנען אים אין דער רעגע אַפן געדאַנק די אָן אַ שיר אַוואַנטורעס ווי יענע, מיט פענצטער, גראַטעס און גאָרטנס, מיט געזאַנג, קאָמפּלימענטן און כאַלעשן, וואָס ער האָט געוועסט געלייענט אין זײַנע פאַרכאַלעשטע ריטער־ראָמאַנען. באַלד האָט זיך אים געדאַכט, אַז דער פירשטנס אַ שטוב־מיידל מוז זײַן פאַרליבט אין אים און די אָנשטענדיקייט צווינגט זי האַלטן איר פאַרלאַנג אין געהיים. ער האָט מוירע באַקומען טאָמער גיט ער זיך איר אונטער, און פירגענומען האָט ער זיך בײַ זיך אין געדאַנק נישט צו לאָזן זיך באַזיגן. איבערגעגעבן האָט ער זיך מיט זײַן גאַנצן האַרצן און מיט זײַן גאַנצן ווילן צו זײַן דאַמע דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ, און האָט באַשלאָסן אויסצוהערן דאָס געזאַנג, און קעדיי צו וויסן געבן, אַז ער שטייט דאָרטן, האָט ער אַ קלוימערשטן נים געטון, וואָרום עפּעס אַנדערש זײַנען זיי נישט אויסגעוועז, ווי נאָר דאָן קיכאָט זאָל זיי הערן. דורכגעלאָפן איז אַלטיסידאָראַ די האַרפע מיט די פינגער, אָנגעצויגן די סטרונעס און האָט גענומען זינגען דעם ראָמאַנס:

אַ, דו, וואָס דו ליגסט אױף דײַן בעט דאָרט
און הילסט דיך אין וועבלנעם לײַלעך
און שלאָפסט אויסגעצויגן און זאָרגלאָז
פון פרי ביז דער נאַכט ביז באַגינען.

דו, מוטיקסטער וואַנדערער ריטער,
וואָס מאַנטשאַ האָט פון זיך געגעבן.
מער אָרנטלעך און אויך געבענטשטער
פון פײַנסטן אַראַבישן גינגאָלד!

הער אויס מיך, א טרויעריק מיידל.
דערוואקסן און נישט גאר געראטן.
וואס פילט איר נעשאמע זיך ברענען
אין שיין פון דיינע העלישע זונען.

דו זוכסט דיך געראנגל און גליקן
און פרעמדן נאר אומגליק געפינסטו.
פארשאפסט נאר די וואונדן און גיסט ניט
דאס מיטל די וואונדן צו היילן.

דו זאג מיר נאר, מוטיקער באכער,
צו גאט דיינע אנגסטן דיך מערן,
צי ביזטו געבוירן אין ליביע,
צי גאר אף די בערגער פון כאקא;

צי האבן דיך שלאנגען געזויגן,
צי זיינען געווען דיינע אמען
געדיכטעניש הארטע פון וועלדער
און שרעק פון די בארגיקע שפאלטן.

עס מעג זיך גאנץ וויל דולצינעא,
א מויד א געזונטע, א פעסטע,
זיך רימען, אז זי האט געצוימט דיך,
א טיגער, א צעווילדיקטע כייע.

בארימט וועט זי זיין שוין דעריבער
פון הענארעס און ביז צו כאראמא,
פון טאכא און ביז מאנסאנארעס,
פון ביסוערנא און ביז צו ארלאנא.

איך וואלט מיט איר זיך געביטן
און איר ווי א צוגאב געגעבן
א קלייד פון מיינע די שענסטע,
באצירטע מיט גאלדענע פאסן.

זוי וואלט איך בא דיר אין די ארעמס,
צי לעבן דיין בעט כאטש געליגן!
געקראצט וואלט איך אינעם קאפ דיר
און אים אויסגעריי ניקט פון שופן.

צו פיל, און איך בין נישט די ווערט גאר
דעם גרויסן גענאד צו באקומען;
די פיס וואלט איך גערן דיר ברענגען,
געגוג פאר אן ארימען מיידל.

א, סארענע טשעפטשיקעס האב איך,
און וויפל שקארפעטן פון זילבער,
און סארענע שיך פון דאמעסעק,
און וויפל האלענדישע ליבלעך!

און פערל געבראכט וואלט איך פיינע,
א יעדערער גרויס ווי א גאלעש,
וואס מאכמעס זיי האבן קיין גלייכן,
מען רופט זיי די איינזאמע פערל.

נישט קוק פון דיין טארפעע ארונטער
ווי איך ווער פארברענט אין דיין סרייפע.
דו אכזער, דו נעראן לא מאנטשער,
צעשאר נישט מיט בייזן דאס פייער.

א מיידל, א קנאספ און א צארטע,
בין איך נאך קיין פופצן נישט אלט איצט,
ערשט פערצן מיט דריי כאדאשים געווארן,
איך שווער דיר בא גאט און באם לעבן.

איך בין נישט קיין לאמע און הינק נישט
און האב אויך די הענט מיינעביידע,
די האר מיינע זיינען ווי ליליען,
וואס שלעפן זיך מיר אף דער ערד נאך.

און כאטש ווי באם אדלער מיין מויל איז
און פלאטשיק בא מיר איז דאס נעזל,
האב איך אבער ציין ווי טאפאזן,
וואס הייבן מיין שיינקייט צום הימל.

מיין קאל איז אזוי ווי דו הערסט עס,
און זיס ווי דאס זיסטע צום גלייכן,
איך בין נישט קיין הויכע געוואקסן,
און נידעריקער בין איך פון מיטל.

אט די און נאך אנדערע כיינען
פון פייגן־שייך זיינען פון דיינעם;
א דינסטמיידל בין איך אין הויז דא,
מיין נאמען איז אלטיסידארא.

דא האט זיך אפגעהאקט דאס געזאנג פון דער פארליבטער אלטיסידארא און אנגעהויבן האט זיך דאס שטוינען פון דעם אויפגעפאדערטן דאן קיכאט, וואס האט א טיפן זיפץ געטון און פאר זיך געזאגט:

„אזא אומגליקלעכער וואנדער־ריטער מוז איך זיין, אז יעדער מיידל וואס

גיט א קוק אף מיר, מוז זיך אין מיר פארליבן! אזוי ווייניק מאָל מוז האָבן די נישט צום פארגלייַכן דולצינעא פון טאָבאָסאָ, אַז מען לאָזט איר נישט אַליין גע־ניסן מייַן פעסטקייט אָן א גלייַך? וואָס ווילט איר פון איר האָבן, קיניגנס? וואָס פארפאָלגט איר זי, קייסעריניעס? וואָס מאַטערט איר זי, מיידלעך צווישן פערצן און פופצן יאָר? לאָזט זי אָפּ, לאָזט איר, דער עלנטער, זיגן, געניסן און זיך באַ־רימען מיט דעם גורל, וואָס אמור האָט איר געשענקט דערמיט וואָס ער האָט איר מייַן האַרץ אונטערטעניק געמאַכט און מייַן נעשאָמע אוועקגעגעבן. ווייסט, איר פארליבטע מענגע, אַז בלויז פאַר דולצינעאַן בין איך טייג מיט אייַנגעמאַכץ און פאַר אַלע אַנדערע בין איך קיזלשטיין. פאַר איר בין איך האָניק און פאַר אייַך אַליוז. פאַר מיר איז מייַן דולצינעא די שיינע, די קלוגע, די אָרנטלעכע, די שטאָלצע און די וווילגעבוירענע, און די איבעריקע זייַנען די מיעסע, די נאַרישע, די לייַכטזי־ניקע און פון ערגסטן שטאַם. קעדיי אירער צו זייַן און ווייַטער קיינעמס ניט, האָט מיך גאָט אַף דער וועלט אַראָפּגעשיקט. זאָל אַלטיסידאָרא זינגען אָדער וויינען, זאָל פאַרצווייפלט זייַן די מאַדאַם, וואָס צוליב איר האָט מען מיך געשלאָגן אינעם שלאָס פונעם פארקישעפטן מאָר, איך מוז זייַן דולצינעאַס געקאָכטערהייד אָדער אָפּגעבראָטן, א ריינער, א זיטלעכער און אַן אָרנטלעכער צולאָכעס אַלע קישעפמאַ־כער פון דער וועלט".

און דערבייַ האָט ער מיט א קלאַפּ דאָס פענצטער צוגעמאַכט, און מיט גרויס צאַר און פאַרדרוס, ווי עפּעס א גרויס אומגליק וואָלט אים געטראָפן, האָט ער זיך אין בעט אַרייַנגעלייגט, וווּ מיר לאָזן אים דערווייַל ליגן, מאַכמעס אונדז רופט צו זיך דער גרויסער סאַנטשאָ פּאַנצאַ, וואָס וויל מאַכן דעם אָנהויב צו זייַן באַרימטן רעגירן.

## פינף און פערציקסטער קאַפּיטל

### וועגן דעם ווי אַזוי דער גרויסער סאַנטשאָ פּאַנצאַ האָט איבערגענומען דאָס אינדזל און ווי אַזוי ער האָט גענומען רעגירן

דו אייביקער אַנטדעקער פון די אַנטיפּאָדן, דער וועלטס פּאַקעל, דעם הימלס אויג, מילדער געוויג פון די וואַסער־געפעסן! דאָ טימבריוס, דאָרטן פעבוס, דאָ שיסער, דאָרטן היילער, פאָטער פון דער פּאָעזיע, דערפינדער פון דער מוזיק! דו, וואָס שטענדיק גייסטו אויף און, כאָטש עס דאַכט זיך, גייסטו קיינמאָל נישט אונטער! דיך מיין איך, אָ, זון! דיר, וואָס דו העלפסט דעם מענטשן געבוירן דעם מענטש, דיר זאָג איך דו זאָלסט מיר טון די געפעליקייט און באַ־לייַכטן די פינצטערניש אין מייַן מויעך, קעדיי איך זאָל קענען אינעם דערציילן נאָכגיין טראָט נאָך טראָט דאָס רעגירן פון דעם גרויסן סאַנטשאָ פּאַנצאַ. וואָרום אָן דיר, פיל איך מיך לעבלעך, נאָכגעלאָזן און צעמישט.

סאַנטשאָ, אַלזוי, איז מיט זייַן באַגלייט געקומען אַף אַן אָרט פון אַן ערעך

טויזנט הײַזער, אײנס פֿון די בעסטע וואָס דער פּירשט האָט פֿאַרמאָגט. געגעבן האָט מען אים צו וויסן, אַז דאָס אינדזל רופֿט זיך באַראַטאַריאַ, צי דערפֿאַר וואָס דאָס שטעטל האָט מען גערופֿן באַראַטאַריאָ אָדער מאַכמעס מען האָט עס אים גע־געבן צום רעגירן פֿאַר ביליק. ווען ער איז צוגעקומען צו די טויערן פֿון דעם שטעטל, וואָס געווען איז עס אַרומגעצוימט, איז אים אַקעגנגעגאַנגען דער שטעטלשער רע־גימענט, די גלעקער האָבן געקלונגען און אַלע אײַנוווינער האָבן אויסגעוויזן יאָנ־מעוודיק. מיט גרויס פֿײַערלעכקייט האָט מען אים געפֿירט אינעם הויפּט־קלויסטער נאָט דאַנקען און, מיט אַלערליי צערעמאָניעס צום לאַכן, האָט מען אים דאָרט אי־בערגעגעבן די שליסלען פֿון דעם שטעטל און אויפֿגענומען אַפֿן לעבן לאַנג פֿאַר גובערנאַטער פֿון דעם אינדזל באַראַטאַריאַ.

די האַלבאַשע, די באָרד, דער נידעריקער און דיקער גוף פֿון דעם נײַעם גו־בערנאַטער, האָט פֿאַרכידעשט די מענטשן, וואָס האָבן נישט געוווּסט פֿון דעם שפּיצל און אַפֿילע די, וואָס האָבן יאָ געוווּסט, און געווען זײַנען זיי אַסאַך. צום סאָף, ווען מען איז אַרויסגעקומען פֿונעם קלויסטער, האָט מען אים געפֿירט אין געריכט־הויז, דאָרט האָט מען אים אַוועקגעזעצט אױף דעם ריכטער־שטול, און דעם פּירשטס הויפּמײַסטער האָט זיך צו אים געווענדט:

— עס איז אַן אַלטער מינעג אױף דעם אינדזל, האר גובערנאַטער, אַז דער וואָס קומט איבערנעמען דאָס באַרימטע אינדזל, מוז ענטפֿערן אױף אײנער אַ פֿראַ־גע, אַביסל אַ פֿאַרפּלאָנטערטער און אַ שווערער, און פֿון דעם ענטפֿער טאַפּט אָן דער אױלעם די כאָכמע פֿון דעם נײַעם גובערנאַטער און לויט דעם פֿרייט ער זיך מיט זײַן קומען אָדער, פֿאַרקערט, ער ווערט טרויעריק.

בעיס דער הויפּמײַסטער האָט דאָס געזאָגט, האָט סאַנטשאָ געקוקט אױף אַן אויפֿשריפֿט מיט גרויסע אותיעס, וואָס איז געווען אויפֿגעשריבן אױף דער וואַנט קעגנאיבער דער שטול, און אַזוי ווי ער האָט נישט געקענט לייענען, האָט ער גע־פֿרעגט וואָס אַזוינס איז אויסגעמאָלט אױף דער וואַנט. געענטפֿערט האָט מען אים:

— אויפֿגעשריבן איז דאָ, מײַן האַר, און פֿאַרצייכנט איז דער טאָג ווען אײַער הערשאַפֿט האָט איבערגענומען דאָס דאָזיקע אינדזל און אַפֿן אויפֿשריפֿט זאָגט זיך: „הײַנט דעם און דעם טאָג אין דעם כוידעש פֿון דעם יאָר האָט איבערגענומען דעם אינדזל דער האַר דאָן סאַנטשאָ פּאַנצאַ, צום געניסן לאַנגע יאָרן".

— וועמען רופֿט איר עס דאָן סאַנטשאָ פּאַנצאַ? — האָט סאַנטשאָ געפֿרעגט.

— אײַער הערשאַפֿט — האָט דער הויפּמײַסטער געענטפֿערט. — דעם אינדזל האָט נאָך קיין אַנדער פּאַנצאַ נישט באַטראָטן אַכוץ דעם וואָס זיצט דאָ אױף דעם שטול.

— זאָלט איר זשע וויסן, ברודער, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — אַז איך באַ־זיץ נישט קיין דאָן און אין מײַן גאַנצן שטאַם האָט אים קיינער נישט באַזעסן: מיך רופֿט מען גלאַט סאַנטשאָ פּאַנצאַ, סאַנטשאָ האָט געהייסן מײַן טאַטע און סאַנטשאָ מײַן זיידע, און אַלע זײַנען זיי געווען פּאַנצאַס אָן שום צולאָג, אָן דאָנען און דאָ־נעס. ווי איך שטעל מיר פֿאָר, מוזן דאָ אױף דעם אינדזל זײַן מער דאָנען ווי שטיי־נער. נאָר גענוג: גאָט פֿאַרשטייט מיך, און זאָל נאָר מײַן רעגירונג אָנהאַלטן מער

ווי פיר טעג, וועל איך מעגלעך אויסיעטן פון דאַנען די דאָנען, וואָס מאַכמעס דער מענגע זייערער, מוזן זיי דאָ זײַן לעסטיק ווי די פֿליגן. זאָל דער האַר הויפּטמײַסטער אַרויסקומען מיט זײַן פראַגע און איך וועל אַף איר ענטפערן ווי איך וועל קענען, און זאָל דער אוילעם ווערן טרויעריק אָדער נישט טרויעריק.

אין דער רעגע איז אין געריכט־הויז אַרײַנגעקומען אַ פרוי פעסט אײַנגעקלאַ־מערט צו אַ מאַן געקליידט ווי אַ רײַכער פּיציכטער, און געשריגן האָט זי אַף קוילע קוילעס:

— גערעכטיקייט, האַר גובערנאַטער, גערעכטיקייט! און אַז איך וועל אַף דער ערד נישט געפינען קיין גערעכטיקייט, וועל איך זוכן גערעכטיקייט אין הימל. האַר גובערנאַטער, האַרציקער מײַנער: אָט דער שלעכטער מענטש האָט מיך געכאַפּט אין מיטן פעלד און האָט זיך מיט מײַן גוף אויסגענוצט ווי מיט אַ שמאַטע צום וואַשן, און, וויי צו מיר! ער האָט בײַ מיר צוגערויבט דאָס וואָס איך האָב דרײַ און צוואַנציק יאָר נאָכאַנאַנד געשיצט און אויסגעהיט פון מאַרן און פון קריסטן, פון היגע און פון פרעמדע, און בין שטענדיק האַרט געווען ווי אַ דעמב און האָב מיך אײַנגעהיט אַ גאַנצע, ווי אַ סאַלאַמאַנדרע אינעם פײַער, אָדער ווי אַ וואָל צווישן דערנער, איז געקומען דער דאָזיקער מאַן מיט זײַנע ריינע הענט און האָט מיך באַטאַפּט.

— מירן באַלד זען צי זײַנען זיי בײַ אים ריין, בײַ דעם פרויען־יעגער, צי ניט, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט.

און געווענדט האָט ער זיך צום מאַן און האָט אים געפרעגט וואָס זאָגט ער און וואָס ענטפערט ער אַף די טײַנעס פון דער פרוי. און אינגאַנצן אַ צעטומלטער, האָט דער מאַן געענטפערט:

— מײַנע האַרן, איך בין אַן אָרימער פּיציכטער, פון כאַזירים־פי, און הײַנט אינדערפרי בין איך אַרויסגעגאַנגען פונעם שטעטל פאַרקויפן (זאָלט איר מיר מויכל זײַן) פיר כאַזיירים, און מיט שטײַערן און שפּיצלעך האָט מען בײַ מיר צוגענומען עפּעס ווייניקער דערפון וואָס זיי האָבן די ווערט. צוריקצוועגס אין שטעטל אַרײַן, האָב איך אָפּן וועג אָנגעטראָפן די פרוי, און דער טײַוול, וואָס אַלץ מישט ער און אַלץ קאָכט ער, האָט מיך אָנגערעדט, איך זאָל מיך מיט איר לייגן. איך האָב איר גוט באַצאָלט און זי איז נישט צופרידן און לאָזט מיך נישט אָפּ איך זאָל גאָר גיין מיט איר אַהער. זי זאָגט, אַז איך האָב זי פאַרגוואַלטיקט, נאָר ס'איז אַ ליגן, איך קען שווערן. און דאָס איז דער גאַנצער עמעס, עס פעלט נישט אַ ברעקל.

דערויף האָט אים דער גובערנאַטער געפרעגט צי האָט ער בײַ זיך זילבער־געלט. געענטפערט האָט ער, אַז ער האָט צוואַנציק טאַלער בײַ זיך אין בוזים, אין אַ לעדערנעם זעקל אײַנגעבונדן. געהייסן האָט ער אים אַרויסנעמען דאָס געלט און אַזוי ווי דאָס איז, איר אָוועקגעבן. געציטערט האָט ער און איר דאָס געלט געגעבן. גענומען האָט די פרוי דאָס געלט און האָט זיך פאַר יעדן אָן אַ שיר מאָל געבוקט און גאָט געבעטן פאַר דעם לעבן און געזונט פון דעם גובערנאַטער, וואָס נעמט זיך אָן פאַר אָרימע יעסוימעס און מיידלעך, און מיט דעם זעקעלע געלט איןביידע הענט צוגעדריקט, איז זי אַרויס פונעם געריכט־הויז, נאָכדעם ווי זי האָט אַרײַנ־

געקוקט דערין צי איז דאָס געלט טאַקע זילבערנס. ווי נאָר זי איז אַרויסגעגאַנגען, האָט סאַנטשאָ אַ זאָג געטון צום פּיציכטער, וואָס בײַ אים האָבן זיך שוין געשטעלט די טרערן אין די אויגן און דאָס האַרץ איז בײַ אים נאָכן זעקעלע מיט געלט אויסגעגאַנגען:

— ליבער מענטש, גייט באַלד נאָך דער פרוי און נעמט בײַ איר צו דאָס געלט, מעג זײַן קעגן איר ווילן, און קומט צוריק אַרײַן מיט איר.

און געזאָגט האָט מען דאָס נישט קיין נאַר און נישט קיין טויבן, וואָרום באַלד איז ער ווי אַ בליץ אַרויסגעפלויגן טאָן ווי מען האָט אים געהייסן. די וואָס זײַנען געווען דערבײַ, האָבן געשטוינט און געוואַרט וואָס פון דעם מישפּעט וועט אַרויס־קומען. באַלד זײַנען דער מאַן מיט דער פרוי צוריקגעקומען נאָך ענגער אײַנגע־קלאַמערט ווי פריער: זי, מיט דעם קליידל אויפגעהויבן און אינעם פאַדאָלעק דאָס זעקעלע געלט, און ער האָט דאָס געוואָלט בײַ איר אַרויסרײַסן. נאָר ער האָט בע־שומויפן נישט געקענט, מאַכמעס די פרוי האָט עס גוט געשיצט און האָט געשריגן:

— גאָטס און דער וועלטס גערעכטיקייט! זעט, האַר גובערנאַטער, ווי ער האָט גאָר קיין בושע ניט און קיין מוירע ניט, דער האַרצלאָזער מענטש, אינמיטן דער גאַס, פאַר מענטשן אין די אויגן, האָט ער בײַ מיר געוואָלט צונעמען דאָס געלט, וואָס איר האָט מיר געהייסן געבן.

— און ער האָט עס בײַ אײַך צוגענומען? — האָט געפרעגט דער גובערנאַטער.

— ווי הייסט צונעמען? — האָט די פרוי געענטפערט, — איך וואָלט זיך גי־כער דאָס לעבן לאָזן צונעמען איידער דאָס געלט. אַ שיינע מײַסע! זאָל מען מיר אַנדערע קאַטערס אין פּאָנים אַרײַן וואַרפן און נישט דעם מיעסן שלימאַזל! מיט צוואַנגען און מיט האַמערס, מיט קלעצלעך און מיט דלאָטעס וועט מען עס בײַ מיר פון די נעגל נישט אַרויסרײַסן, נישט אַפילו מיט לייבן־לאַפּעס. גיכער וועט מען בײַ מיר אַרויסרײַסן די נעשאָמע פונעם גוף, אַ צעשפּאָלטענעם אױף צווייען!

— זי איז גערעכט — האָט דער מאַן געזאָגט, — איך האָב צו איר קיין קויעך נישט און איך גיב מיך אונטער. איך בין מיך מוידע, אַז עס איז נישט פאַר מײַנע קויכעס בײַ איר דאָס צוצונעמען און איך לאָז עס איר איבער.

דערויף האָט דער גובערנאַטער זיך אָנגערופן צו דער פרוי:

— ווײַז נאָר אַהערצו מיר דאָס זעקעלע, דו העלדיש און אָרנטלעך ווײַבל.

זי האָט עס אים אָװעקגעגעבן און דער גובערנאַטער האָט עס צוריקגעגעבן דעם מאַן און געזאָגט האָט ער דער גוואַלטאָװנער און נישט פאַרגוואַלטיקטער:

— שוועסטער מײַנע, ווען איר וואָלט אײַער גוף פאַרטיידיקט מיט דעם מוט און קויעך ווי איר האָט ערשט אַרויסגעוויזן בעייסן פאַרטייטיקן דאָס זעקעלע געלט, צי מיט אַ העלפט דערפון, וואָלטן הערקולעסעס קויכעס נישט געקלעקט אײַך צו פאַרגוואַלטיקן. גייט אײַך אין גאָטס נאָמען און אין אַ בייזער שאָ און זאָל אײַער פוס נישט געדאַכט ווערן אױף דעם גאַנצן אינדזל און זעקס מײַל אַרום אים, אויב איר ווילט נישט קיין צוויי הונדערט שמיץ. אַוועקט, זאָג איך אײַך, די מינוט פון דאַנען, כצופע, פלוידערזאַק און שווינדלערקע.

דערשראָקן האָט זיך די פרוי און איז אַוועק אַ דערשלאָגענע און אַ אומצו־פרידענע און דער גובערנאַטער האָט געזאָגט צום מאַן:

— נייט אײַך געזונטערהייד אהיים מיט אײַער געלט און, אַף ווײַטער, אויב איר ווילט עס נישט אָנווערן, זאָל זיך אײַך נישט גלוסטן לייגן מיט וועמען עס איז.

דער מאַן האָט אים געדאַנקט אַזוי שלעכט ווי ער האָט געקענט, און איז אַוועק. און דער אוילעם אַרום איז געבליבן זיצן פאַרגאַפּט פון דעם נײַעם גובערנאַטערס כאָכמע און פון דעם פּסאַק, וואָס ער האָט אַרויסגעטראָגן.

דערנאָך זײַנען אין געריכט־הויז אַרײַנגעקומען צוויי מענטשן, איינער ווי אַ פּויער אָנגעטון און דער צווייטער אַ שנײַדער, מאַכמעס געטראָגן האָט ער אַ שער אין דער האַנט, און אָנגערופן האָט זיך דער שנײַדער:

— האַר גובערנאַטער: איך און דער פּויער קומען מיר פאַר אײַער געגנעדיקייט מאַכמעס אַט דער מענטש איז נעכטן אַרײַנגעקומען צו מיר אין קראָם (וואָרום איך בין, זאָלן מיר די וואָס זיצן דאָ, מויכל זײַן, אַ שנײַדער מיט אַן עקזאַמען, געלויבט דער אויבערשטער) און ער האָט מיר אין די הענט אַרײַן געגעבן אַ שטיקל שטאָף און האָט מיך געפרעגט: „מײַן האַר, איז דאָ פאַראַן גענוג שטאָף אַף צו מאַכן מיר אַ מיצל?" איך האָב אַ קוק געטון אַף דעם שטאָף און אים געזאָגט, אַז יאָ. אים האָט זיך מיסטאָמע געמוזט דאַכטן, ווי מיר דאַכט זיך, און איך האָב גוט געדאַכט, אַז איך וויל בא אים אַראָפּגאַנווענען עפּעס פונעם שטאָף, ווי אים האָט אונטערגעזאָגט זײַן אייגענע אומאָרנטלעכקייט און די שלעכטע מיינונג וואָס ער האָט וועגן שנײַדערס, און געענטפערט האָט ער איך זאָל זען עפּשער קען מען דערפון מאַכן צוויי. איך האָב פאַרשטאַנען וואָס ער טראַכט און האָב געזאָגט, אַז יאָ. און ער, פאַראַקשנט אין זײַן שעדלעכן פאַרדאַכט, האָט אַלץ צוגעלייגט אַ מיצל און איך אַ יאָ, אַזוי ביז פינף מיצלעך. און איצט איז ער געקומען נאָך זיי. איך גיב זיי אים, און ער וויל מיר נישט באַצאָלן פאַר דער אַרבעט, — נאָכמער, ער וויל איך זאָל אים באַצאָלן, אָדער זײַן שטאָף אומקערן.

— איז עס ריכטיק אַזוי, ברודער? — האָט סאַנטשאָ געפרעגט.

— ריכטיק, מײַן האַר, — האָט דער פּויער געענטפערט; — נאָר זאָל אײַער געגנעדיקייט אים הייסן באַווײַזן די מיצלעך, וואָס ער האָט מיר געמאַכט.

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, — האָט געענטפערט דער שנײַדער.

און אַרויסגענומען האָט ער די מינוט די האַנט פון אונטערן לײַבל און געוויזן פינף מיצלעך אָנגעטון אַף די שפּיץ פינגער פון דער האַנט, און געזאָגט:

— דאָ האָט איר אײַך די פינף מיצלעך, וואָס דער ליבער מאַן פאָדערט פון מיר. און בא גאָט און בא מײַן געוויסן שווער איך אײַך, אַז מיר איז פונעם שטאָף גאָרנישט נים געבליבן, און די אַרבעט וועל איך ווײַזן פאַר מעווינים פון דעם פאַך.

געלאַכט האָט מען פון די מיצלעך און פון דעם נײַעם מישפּעט. סאַנטשאָ האָט זיך פאַרטראַכט אַ ווײַל און האָט געזאָגט:

— ווי מיר דאַכט זיך, איז נישטאָ דאָ לאַנג וואָס צו קלערן, נאָר באַלד אַרויסגעבן אַ קלוגן פּסאַק. מײַן פּסאַק איז, אַז דער שנײַדער דאַרף אָנווערן זײַן מעלאָכעגעלט און דער פּויער זײַן שטאָף, און די מיצלעך זאָל מען אַוועקגעבן די אַרעסטאַנטן אין מפּיסע, און גענוג.

אויב דער פריערדיקער פּסאַק מיט דעם באַזירניקס זעקעלע געלט האָט באַם

אוילעם ארויסגערופן באַוווּנדערונג, האָט דער צווייטער אַרויסגערופן געלעכטער. נאָר געטון האָט מען וואָס דער גובערנאַטער האָט געהייסן און באַלד דערויף זײַנען אַרײַנגעקומען צוויי אַלטע לײַט: איינער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַ רער ווי אויף אַ שטעקן, און דער צווייטער, וואָס אָנעם שטעקן, האָט געזאָגט:

מײַן האַר, איך האָב דעם דאָזיקן מאַן אַנומלטן געליען צען טאַלער גאָלד אין גאָלד, קעדיי אים אַ טויווע צו טון און אַ גוטע זאַך, ביטנדיק ער זאָל זיי מיר אָפּגעבן ווען איך וועל זיי בײַ אים מאָנען. עס זײַנען אַוועק אַ סאַך טעג און איך האָב זיי בײַ אים נישט געמאָנט, קעדיי אים נישט צו פאַרשאַפן קיין גרעסערע נויט ווי ער האָט געהאַט דעמאָלט ווען איך האָב זיי אים געליען. נאָר אַזוי ווי מיר האָט זיך גענומען דאַכטן, אַז אים קימערט גאָרניט מיר אָפּצוגעבן דעם כויוו, האָב איך גענומען בײַ אים מאָנען, און ער, ניט נאָר גיט ער מיר נישט אָפּ דעם כויוו, נאָר ער לייקנט אינגאַנצן און זאָגט, אַז איך האָב אים גאָר קיינמאָל קיין צען טאַלער נישט געליען, און טאָמער האָב איך אים יאָ געליען, האָט ער מיר זיי שוין אָפּגעגעבן. איך האָב נישט קיין איידעס נישט פונעם לייען און נישט פונעם אָפּגעבן, מאַכמעס ער האָט זיי מיר נישט אָפּגעגעבן. איך וואָלט וועלן אײַער גענעדיקייט זאָל בײַ אים נעמען אַ שוווּע, און אויב ער וועט שווערן, אַז ער האָט זיי מיר אומגעקערט, בין איך זיי אים מויכל פאַר די מענטשן, וואָס זײַנען דאָ פאַראַן, און פאַר גאָט.

— וואָס זאָגט איר דערויף, ליבער אַלטער מיט דעם שטעקן? — האָט סאַנטשאָ געפרעגט.

דער אַלטער האָט דערויף געענטפערט:

— האַר גובערנאַטער, איך בין מוידע, אַז ער האָט זיי מיר געליען, און זאָל אײַער גענעדיקייט מיר צובייגן דעם רוט צום שווערן, וואָרום אַזוי ווי ער פאַרלאָזט זיך אויף מײַן שוווּע, וועל איך שווערן, אַז איך האָב זיי אים ריכטיק און מיט אַן עמעס צוריקגעגעבן.

דער גובערנאַטער האָט דעם רוט צוגעבויגן און בעיים מײַסע האָט דער אַלטער מיט דעם שטעקן געגעבן דעם שטעקן צו האַלטן דעם אַלטן, וואָס אַן דעם שטעקן, ביז ער וועט אָפּשווערן, ווי ער וואָלט אים צו שווער געווען, און באַלד דערויף האָט ער אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן צייל״עם וואָס אויף דעם רוט און געשווירן, אַז עמעס מען האָט אים געליען די צען טאַלער, וואָס מען פאָדערט פון אים, נאָר ער האָט זיי אומגעקערט פון האַנט צו האַנט, און מאַכמעס יענער זעט זיי ניט, מאָנט ער זיי בײַ אים ווידער.

געזען האָט דאָס דער גרויסער גובערנאַטער, האָט ער געפרעגט דעם מאַלווע וואָס ער ענטפערט דערויף וואָס דער קעגנער זײַנער זאָגט, און געענטפערט האָט ער, אַז דער באַלכויוו זאָגט זיכער דעם עמעס, מאַכמעס ער האַלט אים פאַר אַן אָרנטלעכן מענטשן און אָרנטלעכן קריסט, און אַז ער האָט געמוזט האָבן פאַרגעסן ווען און ווי אַזוי יענער האָט זיי אים אומגעקערט, און אַז מער וועט ער זיי בײַ אים נישט מאָנען. דער באַלכויוו האָט צוריקגענומען זײַן שטעקן און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ איז ער אַרויס פונעם געריכטס הויז. געזען האָט סאַנטשאָ ווי ער גייט זיך אַזוי אַרויס און אויך מיט וואָס פאַר אַ געדולד דער מאַנער האָט דעם

קאָפּ אָנגעבויגן אויף דער ברוסט, האָט ער צוגעשטעלט דעם ציין־פינגער פון דער רעכטער האַנט צווישן די ברעמען איבער דער נאָז, ווי ער וואָלט זיך פאַרטראַכט און באַלד האָט ער דעם קאָפּ אויפגעהויבן און געהייסן אַרײַנרופן דעם אַלטן מיט דעם שטעקן, וואָס איז שוין געהאַט געווען אַרויסגעגאַנגען. געבראַכט האָט מען אים צו פירן, און אַז סאַנטשאָ האָט אים דערזען, האָט ער זיך צו אים אָנגערופן:

— גיט מיר נאָר אַהער דעם שטעקן, ליבער מענטש, איך דאַרף אים האָבן.

— איך וועל אים אײַך גערן געבן — האָט דער אַלטער געזאָגט — דאָ האָט איר אים.

און ער האָט אים דערלאַנגט דעם שטעקן. גענומען האָט אים סאַנטשאָ אין דער האַנט און האָט אים איבערגעגעבן דעם אַנדערן אַלטן מיט די ווערטער:

— גייט געזונטערהייד, אײַער כוויו איז שוין געדעקט.

— מײַן כוויו? — האָט דער אַלטער געזאָגט, — צי דען האָט דער רער די ווערט צען טאַלער גאָלד?

— יאָ — האָט דער גובערנאַטער געזאָגט, — אָדער איך בין דער גרעסטער טיפּעש אין דער וועלט. און אַט וועט איר זען צי האָב איך נישט אַ קאָפּ צו רעגירן אַ גאַנצע מדינה.

און געהייסן האָט ער מען זאָל דאָרט טאַקע פאַר אַלעמען אין די אויגן איבערברעכן דעם רער און אים צעעפענען. אַזוי האָט מען געטון און געפונען מען אינעם האַרץ פונעם שטעקן די צען טאַלער גאָלד. אַלע זײַנען שטיין געבליבן פאַרגאַפט און האָבן באַטראַכט זייער גובערנאַטער פאַר אַ נײַעם שלוימע המלך. געפרעגט האָט מען אים פונוואַנען האָט ער עס גענומען, אַז די צען טאַלער געפינען זיך אין דעם רער, און געענטפערט האָט ער, אַז בעיים דער אַלטער האָט געשווירן, אַז ער האָט בא אים גענומען די צען טאַלער און זיי אים אומגעקערט, האָט ער געגעבן זײַן שטעקן צו האַלטן דעם מאַנער און באַלד נאָכן שווערן ווידער גענומען בא אים דעם שטעקן, און דערפון איז אים אַפן געדאַנק געקומען, אַז אין דעם שטעקן געפינט זיך ער דער כוויו, וואָס ער איז אים שולדיק. דערפון קען מען דרינגען, אַז רעגירער, מעגן זיי זײַן נאַראָנים, ווערן זיי מעגלעך געפירט פון גאָט בעייסן מישפּטן; ביפראַט, אַז ער האָט אַזאַ מײַסע געהערט דערציילן זייער דאָרפישן גאַלעך, און ער האָט אַזאַ שטאַרקן זיקאָרן, אַז אויב נאָר ער וויל נישט פאַרגעסן וואָס אים לוינט זיך נישט צו געדענקען, וואָלט אַזאַ שטאַרקער זיקאָרן ווי זײַנער, אַפן גאַנצן אינדזל נישט געווען. בעקיצער, איין אַלטער אַ פאַרשעמטער און דער צווייטער אַן אָפּגעצאָלטער, זײַנען אַוועק און דער אוילעם איז געבליבן אַ פאַרגאַפטער, און דער וואָס האָט פאַרשריבן סאַנטשאָס רייד, זײַנע מײַסים און מנועס, האָט נישט געקענט בא זיך קלאָר ווערן צי זאָל ער אים האַלטן און פאַרצייכענען פאַר אַ נאַר אָדער פאַר אַ קלוגן. וואָרום דאָס אַלץ האָט פאַרצייכנט זײַן כראָניקער און באַלד איבערגעשיקט צום פירשט, וואָס האָט מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט דערויף. און זאָל דער בראַווער סאַנטשאָ בלײַבן דאָ, מאַכמעס מיר זײַנען שטאַרק געאיילט צוליב זײַן האַר, וואָס גייט אום אַן אויפגעהייטערטער מיט אַלטיסידאָראַס געזאַנג.

## זעקס און פערציקסטער קאַפּיטל

### וועגן דער שרעקלעכער גלעקלדיקער און קעצישער איימע, וואָס איז באַפאַלן דאָן קיכאָטן בעשאַס דער ליבע־שפּיל פון דער פאַרליבטער אַלטיסידאָראַ.

איבערגעלאָזט האָבן מיר דעם גרויסן דאָן קיכאָט אַ פאַרפלאָנטערטן אין די מאַכשאָוועס, וואָס באַ אים האָט אַרויסגערופן דאָס געזאַנג פון דעם פאַרליבטן שטוב־מיידל אַלטיסידאָראַ. מיט די מאַכשאָוועס האָט ער זיך אַוועקגעלייגט, און זיי, ווי פליי וואָלטן זיי געווען, האָבן אים נישט געלאָזט שלאָפן און אַ מינוט נישט רוען, און צו זיי זײַנען נאָך צוגעקומען די מאַכשאָוועס וועגן זײַנע זאָקן. נאָר אַזוי ווי די צײַט יאָגט און עס איז נישטאָ אַזאַ פאַרצוימונג וואָס זאָל זי אָפּהאַלטן, האָט זי זיך אַף די שאָען צו רײַטן אויפגעזעצט און געקומען איז די פרימאָרגן־שאָ. און אַז דאָן קיכאָט האָט זי דערזען, האָט ער איבערגעלאָזט די ווייכע פערענע און, גאָרנישט פויל, האָט ער זיך די שטיוול אָנגעטון, קעדיי צו פאַרדעקן דעם אומגליק מיט די זאָקן. אַרויפגעוואָרפן האָט ער אַף זיך זײַן רויטן כאַלאַט און אָפּן קאָפּ אַ מיצל פון גרינעם סאַמעט מיט זילבער באַזוימט, אַריבערגעוואָרפן איבערן אַקסל דעם רימען מיט זײַן גוטער שנײַדנדיקער שווערד, גענומען אַ גרויס שנירל טפילע־קרעלן, וואָס ער האָט שטענדיק מיט זיך געהאַלטן, און מיט גרויס האַרכאָווע און צירלעכקייט, איז ער אַרויסגעגאַנגען אינעם פאָדער־זאַל, ווו דער פירשט מיט דער פירשטן זײַנען געשטאַנען שוין אָנגעטון און ווי זיי וואָלטן געוואַרט אַף אים. פאַרבײַגעגאַנגען איז ער אַ גאַלערייע און געטראָפן האָט ער דאָרט שטיין און וואַרטן אַף אים אַלטיסידאָראַ מיט דעם אַנדערן שטוב־מיידל, איר כאַווערטע. און ווי נאָר אַלטיסידאָראַ האָט דערזען דאָן קיכאָטן, האָט זי זיך געמאַכט ווי זי כאַלעשט און איר כאַווערטע האָט זי צו זיך אין שוים אַרײַנגענומען און שנעל גענומען אויפשפּיליען איר די ברוסט.

דאָן קיכאָט האָט דאָס דערזען, איז ער צוגעקומען צו זיי און געזאָגט:

— איך ווייס שוין פון וואָס די אָנפאַלן קומען.

— איך ווייס נישט פון וואָס — האָט די כאַווערטע געענטפערט, — וואָרום אַלטיסידאָראַ איז דאָס געזונטסטע מיידל אינעם גאַנצן הויז, און פון זינט איך קען זי, האָב איך פון איר קיין קרעכץ נישט געהערט: אַ בייז מאַזל אַלע וואַנדער־ריטער פון דער גאָרער וועלט, אויב אַלע פאַרמאָגן זיי נישט דעם געפיל פון ד[illegible] גייט אײַך, אײַער גענעדיקייט, האַן דאָן קיכאָט, וואָרום אַזוי לאַנג איר וועט דאָ שטיין, וועט דאָס אָרימע מיידל צו זיך נישט קומען.

דערויף האָט דאָן קיכאָט געענטפערט:

— זעט, אײַער גענעדיקייט, מײַן האַרנטע, מען זאָל מיר די נאַכט צו מיר אין כיידער אַ לויטע אַרײַנברענגען. איך וויל, ווי ווײַט איך קען, טרייסטן דאָס פאַרוווּנדעטע מיידל. וואָרום שנעלע אַנטוישונג, געוויינטלעך, איז די בעסטע רעפוע פאַר אַ ליבע, וואָס האַלט באַם אָנהייב.

דערמיט איז ער, אומגעמערקט פון די וואָס זײַנען דאָרט געשטאַנען, אוועק.

און ווי נאָר ער איז אוועק, איז די געבאַלעשטע אַלטיסידאָראַ צו זיך געקו־מען און זיך אָנגערופן צו איר באַוווערטע:

— מען דאַרף זען אַרײַנברענגען אים די לויטע. דאָן קיכאָט מוז אונדז אַוודע וועלן עפּעס זינגען, און אויב נאָר זײַנס, מוז עס זײַן ניט שלעכט.

באַלד זײַנען זיי אוועק דערציילן דער פירשטן וואָס דאָ האָט פּאַסירט און וועגן דער לויטע, וואָס דאָן קיכאָט בעט מען זאָל אים געבן, און זי, אַ שטאַרק אויפגעלייגטע, האָט אָפּגעמאַכט מיט דעם פירשט און מיט די מיידלעך צו מאַכן מיט אים אַ שפּאַס, וואָס זאָל זײַן מער צום לאַכן ווי אים ווייַ צו טון. און מיט גרויס האַנאָע האָבן זיי די נאַכט אָפּגעוואַרט, און געקומען איז די נאַכט אַזוי שנעל ווי דער טאָג, וואָס איז זיי אוועק אין באַטאַמטע געשפּרעכן מיט דאָן קיכאָטן. יענעם טאָג האָט די פירשטן מיט אַן עמעס און ריכטיק אַוועקגעשיקט איר אַ פּאַזש, דעם וואָס האָט אין וואַלד זיך פאַרשטעלט פאַר דער פאַרקישעפּטער דול־צינעאַ, צו טערעזאַ פּאַנצאַ, מיט דעם בריוו פון איר מאַן סאַנטשאָ פּאַנצאַ און מיט דעם בינטל קליידער, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט צום אוועקשיקן, און האָט אים אָנגעזאָגט ער זאָל צוריקברענגען אַ פּינקטלעכן דינוועכעשבן פון אַלץ וואָס מיט איר וועט פּאַסירן. אָפּגעפּאַרטיקט זיך, איז געוואָרן עלף אַזייגער באַנאַכט, און דאָן קיכאָט האָט געפונען אַ גיטאַרע בײַ זיך אין חיידער. ער האָט זי אָנגעצויגן, האָט צעעפנט דאָס פענצטער און האָט דערהערט אַז פאַראַן זײַנען מענטשן אין גאָרטן. און נאָכדעם ווי ער האָט באַטאַפּט די גיטאַרע פון אַלע זײַטן און זי גוט אײַנגעפּעסטיקט, האָט ער זיך אויסגעהוסט און אויסגעשפּיגן און מיט אַ הייזע־ריקלעכן כאָטש קרעפטיקן קאָל האָט ער גענומען זינגען דעם ראָמאַנס. וואָס ער אַליין האָט יענעם טאָג פאַרפאַסט:

דער קויעך פון ליבע פאַרווירט אָפּט
און ברויזט אויף די רו פון די הערצער;
ער נעמט אַלס געצײַג זיך קעסיידער
דאָס פוסטע און זאָרגלאָזע לעבן.

עס איז אָפּט דאָס נייען און שטריקן,
זײַן שטענדיק מיט עפּעס פאַרנומען,
דער גיפט קעגן סאַם פון דער ליבע,
קעגן אירע באַגערן און אַנגסטן.

פאַר פרומע באַשיידענע מיידלעך,
וואָס שטרעבן צו כאַסענע האָבן,
איז אָרנטלעכקייט זייער נאַדן,
דער נאָמען, וואָס זיי האָבן באַקומען.

די ריטער וואָס וואַנדערן אומעט,
סײַ די וואָס גייען נאָר אום אין די הויפן —
זיי שפּילן אַ ליבע מיט פרײַע,
מיט אָרנטלעכע שטעלן זיי כופּע.

פאַראַן זײַנען ליבעס פֿון מיזרעך,
געפֿירטע מיט געסט אױף דער רײַזע,
זײ קומען אַז שנעל צו דעם מײַרעות,
באַנאַנד מיט דעם גאַסט זײ פֿאַרגײען.

די הײַנט ערשט געקומענע ליבע,
וואָס ווערט באַלד אױף מאָרגן פֿאַרשוווּנדן —
זי לאָזט נאָך זיך אַפֿילו נישט איבער
קײן בילד אײַנגעקריצט אינעם האַרצן.

אײן פֿאַרב געלײגט אױף דער צווײטער,
זעט קײנער נישט אַז און באַמערקט נישט,
און דאָרט ווו פֿאַראַן איז אײן שײנהײַט,
האָט שױן די צווײטע קײן ווערט נישט.

דולצינעאַ די קרױן פֿון טאָבאָסאָ
אױף גלאַטיקער ברעט איז געמאָלן,
באַ מיר אַזױ אינעם האַרצן,
אַז קײנער וועט זי נישט אָפּמעקן.

די פֿעסטקײט באַ עמעס געליבטע,
איז איבער פֿיל מײלעס געשעצטער:
מיט איר טוט די ליבע אױך וווּנדער,
מיט איר אױך ווערט זי דערהױבן.

ביז אַהער איז דאָן קיכאָט צוגעקומען מיט זײַן געזאַנג, וואָס איז אױסגעהערט געוואָרן פֿון דעם פֿירשט מיט דער פֿירשטן, פֿון אַלטיסידאָראַ און פֿון קימאַט אַלע מענטשן אינעם שלאָס, ווי פּלוצים האָט זיך פֿון אַ דעכל איבער דעם באַלקאָן, ווו דאָן קיכאָט איז געשטאַנען, אַראָפּגעלאָזט אַ שטריק מיט איבער הונדערט גלעקלעך אָנגעבונדן און באַלד דערױף האָט מען אױסגעשאָטן אַ גרױסן זאַק מיט קעץ, אױך מיט גלעקלעך אָנגעבונדן צו די עקן.

געוועזן איז אַזױ גרױס דער געקלימפּער פֿון די גלעקלעך און דאָס מיאַוקען פֿון די קעץ, אַז די פֿירשטן גופֿא, וואָס האָבן דעם שפּאַס צוגעטראַכט, זײַנען שטײן געבליבן דערשראָקענע. צום אומגליק, זײַנען צווײ אָדער דרײַ קעץ אַרײַן דורך די גראַטעס צו דאָן קיכאָטן אין כײדער און דאָרט גענומען אימלױפֿן פֿון אײן אָרט אױפֿן אַנדערן, ווי אַ גאַנצע מאַכנע שײדים וואָלטן דאָרט אומגעלאָפֿן. זײ האָבן אױסגעלאָשן די ליכט, וואָס האָבן אין כײדער געברענט און האָבן געזוכט דורך וואַנען צו אַנטלױפֿן. דאָס הײבן דעם שטריק אַרױף און אַראָפּ האָט נישט אױפֿגעהערט: די מערסטע מענטשן פֿונעם שלאָס, וואָס האָבן נישט געוווּסט וואָס דאָ קומט פֿאָר, האָבן געשטױנט און זיך געוווּנדערט.

דאָן קיכאָט האָט זיך אױפֿגעשטעלט, האָט אַרױסגעכאַפּט די שווערד און גענומען מיט איר פֿאָכען איבער די גראַטעס און שרײַען אױפֿן קול:

— אַרױסט, איר בײזע קישעפֿמאַכער! אַרױסט, מענגוואַלים, איך בין דאָן קיכאָט פֿון לאַ מאַנטשאַ, קעגן מיר האָבן אײַערע בײזע קאַוואָנעס קײן מאַכט און קײן האַפֿט נישט!

געוואָרפֿן האָט ער זיך מיט דער שווערד צו די קעץ, וואָס זיינען איבערן כייַ־דער אומגעלאָפֿן. די קעץ זיינען צוגעשפּרונגען צו די גראַטעס און דאָרט אַרום אַרויס, נאָר איינע אַ קאַץ איז אַזוי ווילד געוואָרן פֿון דאָן קיכאָטס פּאָכען מיט דער שווערד, אַז זי איז אים אָפּן פּאָנים אַרויפֿגעשפּרונגען און מיט די ציין און מיט די נעגל אים באַ דער נאָז אָנגעכאַפּט, און דאָן קיכאָט האָט גענומען שרייַען מיט באַנומענע קוילעס. דערהערט האָבן דער פֿירשט מיט דער פֿירשטן די קוילעס און האָבן זיך געכאַפּט וואָס דאָרט האָט געקענט פּאַסירן. גיך זיינען זיי אַרויף אויבן און מיט אַ האַטשיק די טיר געעפֿנט און דערזען האָבן זיי ווי דער אָרימער ריטער ווענדט אָן אַלע זיינע קויכעס אָפּצורייַסן באַ זיך די קאַץ פֿונעם פּאָנים.

אַרייַנגעקומען זיינען זיי מיט אַ ליכט און דערזען דעם נישט גלייַכן געראַנגל. צוגעלאָפֿן איז דער פֿירשט זי אָפּרייַסן און דאָן קיכאָט האָט געשריגן:

— נעמט אים נישט אַוועק פֿון מיר! לאָזט מיך אַליין מיט דעם שעד, מיט דעם מעכאַשעף, מיט דעם בייזן צויבערער, איך וועל אים ווייַזן ווער עס איז דאָן קיכאָט פֿון לאַ מאַנטשאַ!

נאָר די קאַץ האָט גאָרנישט געוואָלט וויסן און נישט הערן און האָט געוואָרטשעט און געביסן, ביז דער פֿירשט האָט זי פֿון אים אָפּגעריסן און האָט זי דורך די גראַטעס אַרויסגעוואָרפֿן. דאָן קיכאָט איז געבליבן מיט אַ פּאָנים ווי אַ רעשעטע און די נאָז אויך נישט גאַנץ, כאָטש מיט גרויס פֿאַרדרוס וואָס מען האָט אים נישט געלאָזט פֿאַרענדיקן די שלאַכט, וואָס ער האָט פֿאַרפֿירט מיט דעם אויסוווּרף דעם מעכאַשעף.

געבראַכט האָט מען הייל־בוימל, און אַלטיסידאָראַ אַליין, מיט אירע ווייַסע הענט, האָט אים די וווּנדן פֿאַרבונדן, און בעיִס מייַסע, האָט זי אים שטיל אייַנגערוימט:

— די אַלע אומגליקן פּאַסירן דיר, פֿאַראַקשנטער ריטער, פֿאַר דייַנע זינד, וואָס דו זינדיקסט מיט דייַן האַרטנעקיקייט און אַקשאָנעס. איך בעט גאָט, אַז סאַנטשאָ דייַן וואָפּנטרעגער, זאָל פֿאַרגעסן זיך שמייַסן און דייַן געליבטע דולצינעאַ זאָל קיינמאָל נישט אַרויס פֿון איר קישעף און דו זאָלסט זי נישט קענען געניסן און נישט גיין מיט איר צום באַלייגעכץ, אַזוי לאַנג איך לעב און האָב דיך ליב.

דאָן קיכאָט האָט אַף די רייד אַ וואָרט נישט געענטפֿערט און האָט בלויז אַ טיפֿן זיפֿץ געטון, דערנאָך האָט ער זיך אין בעט אויסגעצויגן און האָט געדאַנקט די פֿירשטן פֿאַר זייער כעסעד, נישט מאַכמעס ער האָט מוירע געהאַט פֿאַר די מענוווּלדיקע קעץ מיט זייערע גלעקלעך און קישעף, נאָר פֿאַר דער גוטער קאַוואָנע, וואָס זיי האָבן געהאַט מיט דער הילף, וואָס זיי זיינען געקומען אים געבן. די פֿירשטן האָבן אים געלאָזט זיך באַרויִקן און זיינען אַוועק באַצאַרטע פֿון דער פֿאַ־סירונג, מאַכמעס נישט געריכט האָבן זיי זיך דער שפּאַס זאָל זיין אַזאַ שווערער און די אַוואַנטורע זאָל דאָן קיכאָטן אַזוי טייַער קאָסטן, און געקאָסט האָט זי אים פֿינף טעג ליגן אין בעט, ווו פּאַסירט האָט מיט אים נאָך איין געראַנגל, אַ געשמאַקערער ווי דער ערשט פֿאַרענדיקטער, און דער געשיכטע־שרייַבער וויל אים נישט דערציילן, ווייַל ער גייט אַריבער צו סאַנטשאָ פּאַנצאַ, וואָס פֿילט זיך שטאַרק געליבט און זייער געווייַלט באַ זיין רעגירונג.

# זיבן און פערציקסטער קאַפּיטל

**ווו עס ווערט ווײַטער דערציילט ווי אַזוי סאַנטשאָ פּאַנצאַ האָט זיך אויפגעפירט אַף זײַן אַמט אַלס רעגירער.**

י געשיכטע דערציילט, אַז פונעם געריכט־הויז האָט מען סאַנטשאָ פּאַנצאַן אַוועקגעפירט אין אַ פּרעכטיקן פּאַלאַץ, ווו געשטאַנען איז געגרייט, אין אַ גרויסן זאַל, אַ קיניגלעכער און אַ ריינער טיש. און ווי נאָר סאַנטשאָ איז אַרײַנגעקומען אין זאַל, האָט מען גענומען שפּילן אַף דודעס און אַרויסגעקומען זײַנען פיר פּאַזשן און אים דערלאַנגט וואַסער די הענט צו וואַשן און סאַנטשאָ האָט דאָס אָנגענומען מיט גרויס ערנסט. דאָס שפּילן האָט אויפגעהערט און סאַנטשאָ האָט זיך אַוועקגעזעצט באַם טיש אויבנאָן, מאַכמעס מער ווי איין שטול איז באַם טיש נישט געווען און אויך זײַנען מער קיין סערוויזן נישט געווען אַפן גאַנצן טיש. אַוועקגעשטעלט האָט זיך לעבן אים אַ פּאַרשוין, וואָס שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ דאָקטער, מיט אַ פישביינערנעם טײַטל אין דער האַנט. אַראָפּגענומען האָט מען אַ טײַערן ווײַסן האַנטעך, וואָס האָט צוגעדעקט די פרוכטן און די טעלער מיט פאַרשידנערליי מײַכאָלים. איינער וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ כעמינאַריסט האָט סאַנטשאָן די בראָכע געגעבן און אַ פּאַזש האָט אים אַף דער ברוסט אָנגעטון אַ געהאָפטן גאַווער־הערצל. אַ צווייטער, וואָס האָט געדינט פאַר זאַל־מײַסטער, איז צוגעקומען מיט אַ טעלער פרוכטן פאַרויס געטראָגן, און ווי נאָר סאַנטשאָ האָט גענומען איין ביסן אין מויל, האָט דער וואָס מיט דעם טײַטל, באַרירט דערמיט דעם טעלער און מען האָט אים שנעל אַוועקגענומען, נאָר דער זאַל־מײַסטער האָט אים צוגעבראַכט אַ צווייטן מײַכל. געוואָלט האָט סאַנטשאָ פאַרזוכן, נאָר אײדער ער האָט זיך דערצו צוגערירט, האָט שוין דאָס טײַטל באַרירט דעם טעלער און אַ פּאַזש האָט דעם טעלער אַראָפּגעכאַפּט אַזוי ווי דעם טעלער מיט פרוכט.

סאַנטשאָ האָט דאָס דערזען, איז ער געבליבן זיצן אַ געפּלעפטער, ער האָט אַלעמען אַרום אָנגעקוקט און געפרעגט צי דאַרף מען דאָ עסן אַזוי ווי מען שפּילט אין פּעטשערלעך. געענטפערט האָט אים דער וואָס מיט דעם טײַטל:

— עסן דאַרף מען אַזוי ווי דער מינעג איז און ווי דאָס איז אײַנגעפירט אַף די אַנדערע אינדזלען, ווו עס זײַנען פאַראַן גובערנאַטערס. איך, האַר מײַנער, בין אַ דאָקטער, און אָנגעשטעלט האָט מען מיך אַף דעם אינדזל איך זאָל זײַן דער דאָקטער פון די גובערנאַטערס וואָס קומען אַהער אָן, און אַכטונג געבן אַף אײַער געזונט מער ווי אַף מײַנעם, און איך שטודיר טאָג ווי נאַכט און איך טאַפּ אָן דעם גובערנאַטערס קאָמפּלעקציע, קעדיי צו וויסן ווי אים צו היילן ווען ער וועט קראַנק ווערן. דעריקער, שטיי איך דערבײַ ווי ער עסט מיטיק און וועטשערע און איך לאָז אים עסן נאָר דאָס וואָס מיר דאַכט זיך אַז דאָס איז גוט פאַר אים און איך נעם צו דאָס וואָס איך שטעל מיר פאָר, אַז דאָס קען אים שאַטן צום מאָגן. געהייסן האָב איך דערום צונעמען דעם טעלער מיט פרוכט, מאַכמעס זיי

זיינען צו פייכט, און דאָס אַנדערע מייכל, מאַכמעס צו הייס און צו פיל געווירצט, וואָס דאָס פאַרשאַפט דורשט. און אַז מען טרינקט אַ סאַך, טויט מען אָפּ און מען פאַרצערט די גרינטלעכע פייכטקייט, וואָס דערין באַשטייט דאָס לעבן.

— אויב אַזוי, וועט מיר ניט שאַטן אָט יענער טעלער מיט קוראַפּאַטוועס, וואָס שטייען דאָרט געבראָטענע, און ווי מיר דאַכט זיך, פּונקט צום טאַם.

דערויף האָט דער דאָקטער געענטפערט:

— דער האַר גובערנאַטער וועט זיי נישט עסן קאַלזמאַן איך לעב.

— פאַרוואָס? — האָט סאַנטשאָ געפרעגט.

און דער דאָקטער האָט געענטפערט:

— דערפאַר וואָס אונדזער לערער היפּאָקראַט, דער לייכטורעם און וועג־ווייזער פון דער מעדיצין, זאָגט אין זיינעם אַפאָריזם: אָמניס סאַטוראַטיאָ מאַלאַ, פּערדיציס אַוטעם פעססימאַ. דאָס מיינט: יעדע איבערזעטיקונג איז שלעכט, נאָר איבערפרעסן זיך מיט קוראַפּאַטוועס איז אויסערסט שלעכט.

— אויב דאָס איז שוין אַזוי — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — זאָל דער האַר דאָקטער אַ קוק טון אָפּן טיש און זען וואָסער מייכל איז פאַר מיר גוט און קען מיר ווייניקער שאַטן און זאָל מען מיך לאָזן עסן דערפון און נישט צוכאַפּן. וואָרום איך שווער אייך בײַ מײַן גובערנאַטאָרישן לעבן, און זאָל מיר אַזוי גאָט לאָזן געניסן דערפון, אַז איך בין טויט הונגעריק, און דערמיט וואָס מען נעמט בײַ מיר צו דאָס עסן, ווי דאָס זאָל נישט פאַרדריסן דעם האַר דאָקטער, נעמט מען בײַ מיר צו דאָס לעבן און נישט מען פאַרלענגערט עס מיר.

— אײַער גענעדיקייט איז גערעכט, האַר גובערנאַטער — האָט דער דאָקטער געענטפערט, — און אײַער גענעדיקייט טאָר דערום נישט עסן, לויט מײַן אײַנזען, דעם קראָליק־בראָטן, וואָס שטייט דאָרטן, וואָרום דאָס איז זייער אַ שעדלעכער מייכל. פון דעם קעלבערנעם, ווען דאָס איז נישט געבראָטן און צוגעפּראַוועט, וואָלט איר נאָך געמעגט פאַרזוכן, נאָר עס איז נישט קעדײַ.

און געזאָגט האָט סאַנטשאָ:

— יענער גרויסער טעלער, וואָס סע זעצט פון אים די פּאַרע, איז דאַכט מיר אָליאַ פּאָדרידאַ (פּוילער טאָפּ — שפּאַנישער זופּן־פלייש), וואָס האָט אין זיך אַזוי פיל זאַכן, אַז עפּעס אַזוינס וועל איך דערין אָנטרעפן, וואָס זאָל מיר זײַן צום געשמאַק און צום נוצן.

— אָסער — האָט דער דאָקטער געזאָגט, — טרײַבט אָפּ פון אײַך די בייזע מאַכשאָווע: נישטאָ נאָך אַזאַ שלעכטע שפּײַז אויף דער וועלט ווי אָליאַ פּאָדרידאַ. דאָס מייכל פּאַסט זיך פאַר קאַנאָניקער, פאַר פּראָפעסאָרן אָדער פאַר אַ פּויערישער כאַסענע און באַפרײַ מיר דערפון די גובערנאַטערישע טישן, וווּ אַלע מייכאָלים מוזן זײַן פּרימאַראַזע און ציכטיקע. דער סייכל דערפון איז וואָס איינפאַכע רעפּועס זײַנען שטענדיק און אומעטום און פון וועמען זיי זאָלן נישט קומען, בעסער ווי צונויפגעשטעלטע פון אַ סאַך זאַכן, מאַכמעס אין די איינפאַכע קען מען קיינמאָל קיין טאָעס נישט מאַכן און אין די געמישטע יאָ, ווען מען גיט נישט די ריכטיקע דאָזע פון די זאַכן, וואָס שטעלן זי צונויף. דאָס איינציקע וואָס דער

האר גובערנאטער מעג איצט עסן אף אײַנצוהיטן זיך דאָס געזונט און דאָס צו באַפעסטיקן, איז אַ מייע פארפל געבלאָזענע און אַ פּאָר דינע רייפּטלעך גוטעסן־קאָמפּאָט, וואָס דאָס איז גוט צום מאָגן און העלפט דער פאַרדײַונג.

אַז סאַנטשאָ האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך אָפּגעוואָרפן אַפן אָנלען פון נעם שטול, האָט אַ קרומען קוק געטון אַפן דאָקטער און גאַנץ ערנסט אים אַ פרעג געטון ווי מען רופט אים און ווּ ער האָט געלערנט. און יענער האָט דערויף גע־ענטפערט:

— מיך, האר גובערנאטער, רופט מען דאָקטער פּעדראָ רעסיאָ דע אַגוערא, און געבוירן בין איך אין אַן אָרט מיט דעם נאָמען טירטעאַפוערא, וואָס געפינט זיך צווישן קאַראקועל און אַלמאָדאָוואַר דעל קאַמפּאָ, פון דער רעכטער זײַט. און דעם דאָקטער־דיפּלאָם האָב איך פון דעם אוניווערזיטעט אין אָסונאַ.

דערויף האָט סאַנטשאָ, אַן אָנגעצונדענער פאַר קאַעס, געענטפערט:

— זאָלט איר זשע, האר דאָקטער פּעדראָ רעסיאָ דע מאַל אַגוערא (פון בייזער געוווּע), געבוירענער אין טירטעאַפוערא (וואַרף דיך אַרויס), אַן אָרט, וואָס גע־פינט זיך רעכטס ווען מען גייט פון קאַראקועל קיין אַלמאָדאָוואַר דעל קאַמפּאָ, דיפּלאָמירטער אין אָסונאַ, טייקעף אומיאַד אַרויס פון דאַנען, וואָרום אַז ניט, שווער איך אײַך בײַ דער זון, אַז איך וועל נעמען אַ שטעקן און, אָנהייבנדיק פון אײַך, וועט קיין איין דאָקטער נישט בלײַבן אף דעם אינדזל, אַלנפאַלס, פון די וואָס איך פאַרשטיי, אַז זיי ווייסן גאָרנים. די קלוגע, די פאַרנינפטיקע, די וואָס ווייסן, וועל איך מיר אַפן קאָפּ אַרויפזעצן און וועל זיי ערלעך האַלטן ווי געטלעכע מענער. און נאָכאַמאָל זאָג איך, אַז פּעדראָ רעסיאָ זאָל אַרויס פון דאַנען, אַז ניט, וועל איך נעמען אָט דעם שטול, וואָס איך זיץ אף אים, און וועל אים אף אײַער קאָפּ צעברעכן, און זאָל מען מיך רופן פון דער רעזידענץ. איך וועל פון מיר די שולד אַראָפּוואַרפן דערמיט וואָס איך האָב אַוועקגעהאַרגעט אַ שלעכטן דאָקטער, אַ הענקער פון דער מעדינע. און זאָל מען מיך לאָזן עסן, אַז ניט, נעמט אײַך צו די רעגירונג צוריק: וואָרום אַן אַמט, וואָס ניט נישט דעם באַאַמטן צו עסן, האָט קיין צוויי אַרבעס נישט די ווערט.

דערשראָקן האָט זיך דער דאָקטער ווען ער האָט דערזען דעם גובערנאַטער אין אַזאַ גרימצאָרן, און האָט זיך געוואָלט אַרויסוואַרפן פון דעם זאַל, נאָר אין דער רעגע האָט זיך פון דרויסן דערהערט אַ פּאָסט־האָרן פײַפן, און ווי נאָר דער זאַל־מײַסטער האָט אַ קוק געטון דורכן פענצטער, איז ער צוריקגעקומען מיט די ווער־טער:

— אַ שעליעך איז געקומען פונעם פירשט, מײַן האַר. ער ברענגט אַוואַדע מיט זיך אַ וויכטיקע דעפּעשע.

אַרײַנגעקומען איז דער שעליעך אַ פאַרשוויצטער, אַ דערשראָקענער, און האָט אַרויסגענומען אַ בויגן פּאַפּיר פונעם בוזים און אים דערלאַנגט דעם גובער־נאַטער, און סאַנטשאָ האָט אים איבערגעגעבן דעם הויפמײַסטער און אים גע־הייסן איבערלייענען וואָס אַפן קאָנווערט שרײַבט זיך, און געלייענט האָט ער זיך

אזוי: „צו דאָן סאַנטשאָ פּאַנצאַ, גובערנאַטאָר פון דעם אינדזל באַראַטאַריאַ, אים אייגנהענטיק אָדער זיין סעקרעטאַר". סאַנטשאָ האָט דאָס אויסגעהערט און געזאָגט:

— ווער איז דאָ מיין סעקרעטאַר?

— איך, מיין האַר, ווייל איך קען לייענען און שרייבן און בין אַ ביסקאַיער.

— מיט דעם צולאָג — האָט סאַנטשאָ געזאָגט — קענט איר זיין סעקרעטאַר באַם קייסער אַליין. עפנט דעם פּאַפּיר און זאָגט מיר וואָס דאָרט שרייבט זיך.

דער פריש־געבאַקענער סעקרעטאַר האָט אַזוי געטון, און ווי נאָר ער האָט איבערגעלייענט דאָס פּאַפּיר, האָט ער געזאָגט, אַז דאָס איז אַן איניען צום באַהאַנדלען צווישן פיר אויגן. סאַנטשאָ האָט באַפוילן פאַרלאָזן דעם זאַל און בלייבן זאָלן נאָר דער הויפמייסטער מיט דעם זאַל־מייסטער. אַלע איבעריקע, מיט דעם דאָקטער, זיינען אַרויסגעגאַנגען. באַלד דערויף האָט דער סעקרעטאַר איבערגעלייענט פאַר זיי דעם בריוו און געשריבן האָט זיך דאָרט אַזוי:

„צו מיר איז דערגאַנגען אַ ידיע, האַר דאָן סאַנטשאָ פּאַנצאַ, אַז אייניקע סאָנים מיינע און פון דעם אינדזל, גרייטן אַ בייזן איבערפאַל אויף אייך, איך ווייס נישט וועלכע נאַכט. מען דאַרף ניט שלאָפן און זיין אויף דער וואַך, קעדיי מען זאָל אייך נישט איבערפאַלן אומגעריכטערהייד. מיר איז אויך באַקאַנט דורך ריכטיקע שפּיאָנען, אַז אַריינגעקומען זיינען אין דעם אָרט פיר פאַרשטעלטע פאַרשווינען קעדיי אייך דאָס לעבן אַוועקצונעמען, ווייל זיי האָבן מוירע פאַר אייער סייכל: האַלט אַן אויג און גיט אַכטונג ווער עס קומט צו אייך מיט באַקאַשעס און עסט נישט וואָס מען דערלאַנגט אייך. איך וועל אייך זען העלפן אויב איר וועט אייך געפינען אין אַ צאָרע, און אין אַלץ זאָלט איר אייך באַגיין ווי עס איז צו דערוואַרטן פון אייער פאַרשטאַנד. דאָ אין דעם אָרט, זעכצן טעג אין אויגוסט, פיר אַזייגער פאַרטאָג.

אייער פריינט,

דער פירשט".

סאַנטשאָ איז געבליבן אַ דערשטוינטער און אויך די אַרומיקע האָבן אַרויסגעוויזן שטוינען, און געווענדט האָט ער זיך צום הויפמייסטער און אים געזאָגט:

— דאָס ערשטע וואָס מען באַדאַרף איצטער טון, און טאַקע באַלד, איז אין אַ קאַרצער פאַרשפּאַרן דעם דאָקטער רעסיאָ. וואָרום אויב עמיצער וויל מיך אַוועקהאַרגענען, איז עס ער, און מיט אַזאַ אומדירעקטן און שוואַרן טויט ווי הונגער.

— אויך מיר דאַכט זיך — האָט דער זאַל־מייסטער געזאָגט, — אַז גלייכער איז נישט צו עסן אַלץ וואָס מען האָט דערלאַנגט צום טיש, מאַכמעס געגרייט האָבן מאָנאַשקעס, און ווי זאָגט מען עס, הינטערן ציילעם שטייט דער טייוול.

— איך וואַרף דאָס ניט אָפּ — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — און ברענגט מיר דערווייל אַריין אַ שטיק ברויט מיט אַן ערעך פיר פונט טרויבן, ווייל אין טרויבן קען קיין גיפט נישט זיין. איך קען מיט אַן עמעסן אָן עסן נישט אויסקומען, און אויב מיר דאַרפן זיין גרייט צו די שלאַכטן, וואָס דראָען אונדז, מוזן מיר

זײַן גוט געענטערט, ווארום דער מאגן האלט אויף דאס הארץ און נישט דאס הארץ דעם מאגן. און איר, סעקרעטאר, ענטפערט דעם פירשט מײַן האר, און שרײַבט אים, אז דאס וואס ער באפעלט, וועט זײַן אויסגעפירט אזוי ווי ער באפעלט, א האר נישט מינער. און איר וועט פון מײַן זײַט קושן די הענט מײַן הארנטע די פירשטן, און איך בעט זי נישט צו פארגעסן שיקן מיט א באזונדערן שליעך מײַן בריוו און מײַן בינטל צו מײַן ווײַב טערעזא פאנצא, וואס דאס וועט זײַן פאר מיר א גרויס גענאד, און איך וועל מיך באמיען איר צו דינען מיט אלץ, ווי ווײַט מײַנע קויכעס וועלן טראגן. אין איין וועגס קענט איר אַרײַנשטעלן א קוש אין דער האנט מײַן האר דאן קיכאט פון לא מאנטשא, און זאל ער זען, אז איך וויים ווי צו דאנקען פאר ברויט. און איר, ווי א גוטער סעקרעטאר און ווי א גוטער ביסקאיער, קענט איר צולייגן וואס נאר איר וועט וועלן און וואס עס וועט זיך פאסן צום איניען. און נעמט אראפ די טישטעכער און גיט מיר אפצועסן, און איך וועל מיך שוין אן אייצע געבן מיט די שפיאנען, טויט־שלעגער און קישעפמאכער וואס וועלן באפאלן מיך און מײַן אינדזל.

אין די רייד איז אַרײַנגעקומען א פאזש און געזאגט:

— דא געפינט זיך א פויער א סויכער, וואס וויל ריידן מיט אײַער גענעדיקייט וועגן געשעפטן, ווי ער זאגט, פון גרויס וויכטיקייט.

— א מאדנע זאך מיט די הענדלער — האט סאנטשא געזאגט. — זײַנען זיי טאקע אזוינע טיפּשים, אז זיי זעען ניט, אז ס'איז נישט איצט די צייט צו קומען ריידן וועגן געשעפטן? צי דען זײַנען מיר, רעגירער און ריכטער נישט קיין מענטשן פון פלייש אוןביין און אז מען דארף אונדז לאזן רוען וויפל ס'איז נייטיק, און ניט ווי זיי ווילן מיר זאלן זײַן פון מירמלשטיין? בא גאט און בא מײַן געוויסן, אז אויב מײַן רעגירונג וועט לאנג אנהאלטן (און ווי איך זע וועט זי לאנג נישט אנהאלטן), וועל איך מער ווי איין סויכער אנלערנען. און איצט זאגט דעם מענטשן ער זאל אַרײַנקומען. נאר גיט אכטונג אפריער צי איז ער ניט עמיצער פון די שפיאנען אדער פון די וואס ווילן מיך דערהארגענען.

— ניין, מײַן האר — האט דער פאזש געענטפערט, — ווי מיר דאכט זיך, איז ער נישט קיין גרויסער כאכעם, און אדער איך בין קיין מיווין ניט אדער ער איז גוט ווי א שטיקל ברויט.

— נישטא וואס צו שרעקן זיך — האט דער הויפמײַסטער געזאגט, — מיר שטייען דא אלע גרייט.

— איז עס עפשער מעגלעך, זאלמײַסטער, — האט סאנטשא געזאגט — אז איצט ווען דער דאקטער פעדרא רעסיא איז נישטא, זאל איך אפעסן א פעסטע און זעטיקע זאך, זאל זײַן א שטיקל ברויט מיט ציבעלע?

— די נאכט, צו וועטשערע, וועט מען אײַך מעמאלע זײַן וואס אײַך פעלט צום מיטיק און אײַער הערשאפט וועט בלײַבן צופרידן און באלוינט, — האט דער זאלמײַסטער געזאגט:

— האלעווײַ זאל עס עמעס זײַן. — האט סאנטשא געענטפערט.

אין דער רעגע איז אַרײַנגעקומען דער פויער, מיט א גאנץ כאשעווון אויסזען

און מען האָט פאַר אַ מײַל נעקענט זען, אַז ער איז אַ לײַטישער מענטש און אַ גוטע נעשאָמע.

— ווי נאָר ער איז אַרײַנגעקומען, האָט ער געזאָגט:

— ווער איז דאָ דער האַר גובערנאַטער?

— ווער זאָל ער זײַן — האָט דער סעקרעטאַר געענטפערט, — אַז נישט דער וואָס זיצט אַפן שטול?

— דערנידעריק איך מיך, אַלזאָ, פאַר אײַער דאָ זײַן. — האָט דער פויער געזאָגט.

און ער האָט זיך געשטעלט אַף די קניען און האָט בא אים געבעטן די האַנט צום קושן. סאַנטשאָ האָט אים די האַנט נישט געוואָלט געבן און אים געהייסן אויפשטיין און זאָגן וואָס ער וויל. דער פויער האָט אַזוי געטון און טייקעף אָנ־געהויבן:

— איך, מײַן האַר, בין אַ פויער, געבוירן אין מיגעל טוראַ, אַן אָרט, וואָס שטייט צוויי מײַל פון סיודאַד רעאַל.

— נאָך איין טירטעאַפוערא? — האָט סאַנטשאָ געזאָגט — רעדט, ברודער, איך קען אײַך נאָר זאָגן, אַז מיגעל טוראַ איז מיר גוט באַקאַנט און אַז דאָס אָרט געפינט זיך נישט ווײַט פון מײַן דאָרף.

— די מײַסע, מײַן האַר, איז די, — האָט דער פויער ווײַטער געצויגן, — וואָס איך בין מיט דער הילף פון גאָט דעם דערבאַרימדיקן אַ כאַסענע געהאַטער אין פרידלעכן שוים פון דעם הייליקן רוימיש קאַטוילישן גלויבן. איך האָב צוויי זין סטודענטן, דער יִינגערער שטודירט אַף באַקאַלאַווער און דער עלטערער אַף לי־צענציאַט. איך בין אַן אַלמען, ווײַל מײַן ווײַב איז געשטאָרבן, בעסער געזאָגט, אַ שלעכטער דאָקטער האָט זי אַוועקגעהאַרגעט מיט אַן אַפּפיר־מיטל דעמאָלט ווען זי האָט געשוואַנגערט, און ווען גאָט זאָל געווען ווען זי זאָל איבערקומען בע־שאָלעם און מיר געווען געבוירן אַ יִינגל, וואָלט איך אים געלאָזט לערנען אַף דאָקטער, ער זאָל נישט טראָגן קיין קינע אין האַרצן צו זײַנע ברידער דעם באַ־קאַלאַווער און דעם ליצענציאַט.

— דאָס הייסט, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט — אַז ווען אײַער ווײַב שטאַרבט נים, אָדער מען וואָלט זי אײַך נישט געווען דערהאַרגעט, וואָלט איר איצט קיין אַלמען נישט געווען.

— ניין, מײַן האַר — האָט דער פויער געענטפערט.

— בעסער אַזוי! — האָט סאַנטשאָ געזאָגט; — ווײַטער, ברודער מײַנער, וואָרום איצט איז צײַט שלאָפן און נישט ריידן וועגן געשעפט.

— האָט אָט דער זון מײַנער — האָט דער פויער געזאָגט — וואָס דאַרף ווערן באַקאַלאַווער, הייסט עס, זיך פאַרליבט, בא מיר אין דאָרף טאַקע, אין אַ מיידל, וואָס מען רופט זי קלאַראַ פערלערינאַ, אַ טאָכטער פון אַנדרעס פערלע־רינאַ, זייער אַ רײַכער פויער. און דער בײַנאָמען פערלערינאַ איז בא זיי נישט קיין שטאַמיקער און אויך נישט פון גרויסן יִיכעס, וואָרום שטאַמען שטאַמען זיי

אַלע פון די פּערלאַטיקער, נאָר קעדיי דעם נאָמען אויסצופּײַנערן, רופן זיי זיך פּערלערינער. כאָטש דעם עמעס געזאָגט, איז דאָס מיידל אַן עמעסער מיזרעך־פּערל, און אַז מען קוקט אַף איר פון דער רעכטער זײַט, איז זי שיין ווי אַ פעלד־בלום. פון דער לינקער זײַט ניט אַזוי, מאַכמעס דאָס לינקע אויג פעלט איר און איז בײַ איר אַרויסגעשפּרונגען פון פּאָקן. און כאָטש גריבלעך אַפן פּנים האָט זי אַ סאַך און גאַנץ היבשע, זאָגן אָבער די פּאַרליבטע, אַז דאָס זײַנען נישט קיין גריבלעך, נאָר קוואַרים, וווּ זיי באַגראָבן דאָס האַרץ זייערס. זי איז, דאַרפט איר וויסן, זייער אַ ריינע בײַ זיך, און קעדיי דאָס פּנים ניט אײַנצושמירן, האַלט זי די נאָז, זאָגט מען, פּאַרקאַטשעט אַף אַרויף, ווי זי וואָלט אַנטלאָפן פונעם מויל. מיט דעם אַלעמען, איז זי אַ גאַנץ שיינע, וואָרום זי האָט אַ גרויס מויל, און ווען ניט דאָס צענדלינג אָדער דער טוץ ציינער וואָס איר פעלט, וואָלט מען זי געקענט פּאַרעכענען צווישן די שענסטע מיידלעך. וועגן די ליפּן אירע איז נישטאָ וואָס צו ריידן, וואָרום זיי זײַנען בײַ איר אַזוי פײַן און דין, אַז ווען מען וואָלט ליפּן וויק־לען, וואָלט מען מיט זיי געקענט מאַכן אַ גאַנצן קנויל, נאָר מאַכמעס זיי זײַנען פון אַן אַנדער קאָליר ווי געוויינלעך ליפּן זײַנען, זײַנען זיי שיין אַף כידושים, זיי זײַנען גרין און בלוי און פּיאַלעטעווע. און זײַט מיר מויכל, האַר גובערנאַטער, וואָס איך מאָל פאַר אײַך אָפּ אירע מײַלעס מיט אַלע פּראַטים, סאַפּקאַלסאַף, דאַרף זי דאָך ווערן מײַן טאָכטער, און איך האָב זי ליב, און מיר זעט זי גאָרניט אויס אַזוי מיעס.

— מאַלט וויפל אײַער האַרץ גלוסט — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — איך פאַר־ווײַל מיך דערווײַל מיט דער מאָלעריי, און וואָלט איך געווען אָפּגעגעסן, וואָלט מען קיין בעסערן דעסערט נישט באַדאַרפט ווי דאָס בילד וואָס איר האָט אָפּגע־מאָלט.

— דעם דעסערט דאַרף איך ערשט דערלאַנגען — האָט דער פּויער געזאָגט, — נאָר מיט דער צײַט וועלן מיר נאָך זײַן אָפּגעגעסן, אויב מיר זײַנען עס נאָך נישט. איך זאָג אײַך, מײַן האַר, אַז ווען איך וואָלט אײַך געקענט אָפּמאָלן איר פײַנקייט און איר שטאָלט, וואָלט דאָס געווען צום באַוואונדערן, נאָר דאָס קען מען נישט, מאַכמעס זי גייט אַזוי געהויקערט און אײַנגעבויגן, אַז די קניען זײַנען איר צום מויל נאָנט, און דאָך זעט מען, אַז ווען זי וואָלט זיך קענען אויסגלײַכן, וואָלט זי דערלאַנגט מיטן קאָפּ די סטעליע. און זי וואָלט שוין געוועסט געווען נעגעבן מײַן באַקאַלאַווער איר האַנט, זײַן ווײַב צו זײַן, ווען זי וואָלט די האַנט געקענט אויסשטרעקן און וואָלט זי נישט געהאַלטן פּאַרבונדן. דאָך דערקענט מען פון אירע לאַנגע פּאַרונדיקטע נעגל, די גוטסקייט אירע און די פײַנע מעלאָכע.

— זייער פײַן — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — און איצט, ברודער, אַז איר האָט זי שוין אָפּגעמאָלט פון קאָפּ ביז די פיס, וואָס ווילט איר נאָך? נאָר גלײַך צום איקער, נישט הינטן אַרום און נישט מיט זײַטיקע געסלעך, אָן רעשטן און אָן צו־לאָגן.

— איך וואָלט וועלן, מײַן האַר — האָט דער פּויער געזאָגט, — אײַער גע־נעדיקייט זאָל מיר טון די גענעדיקייט און מיר געבן אַ באַקאָשע־בריוו צו מײַן

מעכוטן און אים בעטן ער זאָל איינגיין אַף דעם שידעך, וואָרום מיר זײַנען מיט אים אַף גלײַכן פוס סײַ לויטן פּאַרמעגן און סײַ לויט דעם ווי די נאַטור האָט אונדז באַשאַנקען. דעם עמעס דאַרף איך אײַך זאָגן, אַז אין מײַן זון האָט זיך אַ שעד פאַר־קליבן, עס גייט נישט אַוועק אַ טאָג ער זאָל נישט געפּײַניקט ווערן פון בייזע רו־כעס. און מאַכמעס איינמאָל איז ער אין פּײַער אַרײַנגעפאַלן, איז באַ אים דאָס פּאָנים צעקנייטשט ווי אַ פּאַרמעט, און עס רינט אים פון די אויגן ווי פון אַ קוואָל. ער איז אָבער גוט ווי אַ מאַלעך, און וואָלט ער זיך אַליין נישט געשמיסן און מיט די פויסטן געשלאָגן, וואָלט ער געווען אַ טײַער קינד.

— איר ווילט נאָך עפּעס, ליבער מענטש? — האָט סאַנטשאָ געפרעגט.

— איך וואָלט נאָך געוואָלט — האָט דער פּויער געזאָגט, — נאָר איך האָב נישט די דרייסטקייט צו זאָגן; סאָפּקאָלסאָף, אָבער, דאַרף עס באַ מיר אין האַרצן נישט פוילן, צי עס פּאַסט זיך צי ניט. איך האָב געוואָלט, זאָג איך, אײַער גענע־דיקייט זאָל מיר געבן דרײַ הונדערט אָדער זעקס הונדערט טאַלער אַף צוצולייגן צום נאַדן פון מײַן זון דעם באַקאַלאַווער, איך מיין אַרויסצוהעלפן אים די שטוב אײַנשטעלן, וואָרום סאָפּקאָלסאָף מוזן זיי דאָך וווינען באַזונדער און נישט ליגן צו לאַסט אַף דעם שווער.

— עפּשער ווילט איר נאָך עפּעס — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — זאָגט, האָט נישט קיין מוירע און שעמט אײַך נים.

— דעם עמעס געזאָגט, בעט איך נישט מער — האָט דער פּויער געענט־פערט.

און ווי דער פּויער האָט דאָס געזאָגט, האָט דער גובערנאַטער זיך אויפגע־הויבן און געכאַפּט דעם שטול, וואָס ער איז אַף אים געזעסן, און זיך אָנגערופן:

— איך שווער אײַך, דאָן פּויער, גראָבער העסלעכער נעפעש, אַז אויב איר וועט באַלד נישט אַוועק פון דאַנען און איר וועט אײַך נישט אויסבאַהאַלטן איך זאָל אײַער פּאָנעם נישט אָנקוקן, וועל איך אײַך מיט דעם שטול דעם קאָפּ שפּאַלטן! דו מאַמזער, מענוּוול און מאָלער פונעם טייוול אַליין, אין אַזאַ שאָ קומט איר צו מיר בעטן זעקס הונדערט טאַלער? ווו זאָל איך זיי דיר נעמען, דו איפּעש? און פאַרוואָס זאָל איך זיי דיר געבן, אפילע איך זאָל זיי האָבן, דו כיטראַק און טי־פּעש? און וואָס גייט מיר אָן מיגעל טורא מיט דעם גאַנצן ייִכעס פון די פּערלע־רינעס? אַוועק פון מיר, זאָג איך, אַז ניט, שווער איך דיר באַם לעבן פון דעם פירשט מײַן האַר, אַז איך וועל טון ווי איך האָב געזאָגט! דו מוזט נישט זײַן פון מיגעל טורא, נאָר עפּעס אַ כיטראַק, וואָס דער גענעם אַליין האָט דיך אַהער גע־שיקט מיך אויסצופּרוּוון. זאָג מיר, דו, אומענטש, ערשט אָנדערהאַלבן טעג ווי איך בין באַ דער רעגירונג, און שוין ווילסטו זאָל איך האָבן זעקס הונדערט טאַלער?

דער זאַלמײַסטער האָט אַ ווונק געגעבן דעם פּויער ער זאָל אַרויסגיין פון זאַל, און געטון האָט עס מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט דער גובערנאַטער זאָל אים נישט מעקײַעם פּסאַק זײַן, אַזוי גוט האָט דער כיטראַק זײַן שטיקל אַרבעט געמאַכט.

נאָר לאָמיר איבערלאָזן סאַנטשאָן מיט זײַן צאָרן, און זאָל זײַן שאָלעם אין

שטעטל, און מיר וועלן צוריקגיין צו דאָן קיכאָטן, וואָס איז געבליבן ליגן מיט א פארבונדענעם פּאָנים, געהיילט פון די קעציש֞ע ווונדן, וואָס האָבן זיך נישט פארהיילט גאַנצע אכט טעג, און אין די טעג האָט אים פּאַסירט דאָס וואָס סידע האמעטע זאָגט אונדז צו צו דערציילן מיט דער גאַנצער פּינקטלעכקייט און וואָר־האַפטיקייט, ווי ער דערציילט געוויינלעך די פּאַסירונגען אין דער דאָזיקער גע־שיכטע, ווי קליין זיי זאָלן נישט זײַן.

## אַכט און פערציקסטער קאַפּיטל

**וועגן דעם וואָס דאָן קיכאָטן האָט פּאַסירט מיט דאָניאַ ראָדריגעז, דער פירשטנס ווירטן, מיט אַנדערע פּאַסירונגען, וואָס פאַרדינען פאַרשריבן צו ווערן און אייביק צו געדענקען.**

ביז גאָר טרויעריק און געערגערט איז געווען דער צעוווּנדיקטער דאָן קיכאָט, דאָס פּאָנים פארבונדן, א געצייכנטער, נישט פון גאָטס האַנט, נאָר פון קעציש֞ע נעגל, אַן אומגליק, וואָס געהערט זיך נישט אָן מיט דעם וואַנדער־ריטער־טום. זעקס טעג איז ער אין דרויסן נישט אַרויס, און אין איינער פון די נעכט, ווען ער איז געלעגן א וואַכער און א שלאָפלאָזער און האָט געטראַכט פון זײַנע אומגליקן און פון אַלטיסידאָראָס פאַרפאָלגן אים, האָט ער דערהערט ווי מען עפנט מיט א שליסל די טיר פון זײַן ביידער, און געקומען איז אים באַלד אָפן געדאַנק, אַז דאָס גייט דאָס פארליבטע מיידל זײַן אָרנטלעכקייט באַפאַלן און אים ברענ־גען דערצו ער זאָל פעלשן די טרײַהייט צו זײַן דאַמע דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ, וואָס ער איז מעכויעוו צו היטן. „ניין, האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט, מאַכמעס גע־גלויבט האָט ער, אַז אזוי איז עס ווי ער שטעלט זיך פאָר (און געזאָגט האָט ער עס מיט א קאָל וואָס מען האָט עס געקענט דערהערן), די גרעסטע שיינהייט אין דער וועלט וועט באַ מיר נישט פּויעלן איך זאָל אויפהערן פאַרערן די, וואָס איז אײַנגעקריצט און אָפּגעשטעמפּלט אין דער מיט פון מײַן האַרצן און אין די טיפס־טע פאַרבאָרגענישן פון מײַנע געדערים, מעגסטו זײַן, האַרנטע מײַנע, פאַרוואַנדלט אין א פּויערטע, ווי א ציבעלע א צעוואַקסענע, אָדער אין א נינפע פונעם גילדער־נעם טאַכאָ, וואָס וועבט גילדערנע און זײַדערנע געוועבן, מעג דיך מערלען אָדער מאַנטעסינאָס האַלטן ווו זיי ווילן, אומעטום ביזטו מײַנע און אומעטום בין איך געוועזן און וועל זײַן דײַנער".

געעפנט האָט זיך די טיר אין דעם אויגנבליק, ווי ער האָט די ווערטער פאַר־ענדיקט. אויפגעשטעלט האָט ער זיך אין בעט, אַן אײַנגעוויקלטער פון אויבן ביז אַראָפּ אין א געלער אַטלעסענער קאָלדרע, מיט א מיצל אָפן קאָפּ, און דאָס פּאָנים מיט די וואָנציקעס פארבונדן: דאָס פּאָנים מאַכמעס די גראַבלען, און די וואָנצעס, קעדיי זיי זאָלן נישט אָפּכאַלעשן און אַראָפּפאַלן, אין אָט דער האַלבאַשע, האָט ער אויסגעזען דער מעשונעדיקסטער געשפּענסט, וואָס מען קען זיך נאָר פאַרשטעלן.

ער האָט די אויגן אין דער טיר אײַנגעשטאָכן און ווען ער האָט זיך גראָד געריכט עס זאָל אַרײַנקומען די אונטערגעגעבענע און אין האַרצן פּאַרוואונדעטע אַלטיסי־דאַרא, האָט ער דערזען אַרײַנקומען אַ זייער כאַשעוועט הויז־ווירטן, אין ווײַסן גע־קאַרבטן און לאַנגן אונטער־וועש, וואָס האָט זי אײַנגעהילט פון קאָפּ ביז די פּיס. צווישן די פינגער פון דער לינקער האַנט האָט זי געטראָגן אַן אָנגעצונדן האַלב ליכט און מיט דער רעכטער האָט זי געמאַכט אַ שאָטן, אַז די שײַן זאָל איר ניט שלאָגן אין די אויגן,וואָס זײַנען פאַרשטעלט געווען מיט אַ פּאָר גרויסע ברילן. געטראָטן האָט זי שטילינקערהייד און ווייך די פּיס געשטעלט.

דאָן קיכאָט האָט אַ קוק געטון אויף איר פון זײַן וואַך־טורעם, און אַז ער האָט געזען ווי זי איז אָנגעטון און ווי שטיל זי טרעט, האָט ער זיך געטראַכט, אַז דאָס מוז זײַן עפּעס אַ מאַכשייפע, אָדער אַ וואָרזאָגערן איז צו אים געקומען אַזוי אָנגע־טון, קעדיי אים עפּעס אָפּצוטון, און ער האָט זיך גענומען שנעל צײלעמען. דער־געשפּענסט איז צוגעקומען אַלץ נעענטער און ווען זי איז שוין געווען אין מיטן כיידער, האָט זי דערזען ווי דאָן קיכאָט צײלעמט זיך. און אויב ער האָט זיך דער־שראָקן ווען ער האָט איר געשטאַלט דערזען, איז איר אַ פּאַכעד באַפאַלן פון זײַ־נער, און ווי נאָר זי האָט אים דערזען אַזאַ הויכן, אַ געלן, מיט דער קאָלדרע און מיט די באַנדאַזשן, וואָס האָבן אים געמאַכט נישט צו דערקענען, האָט זי אַ גע־שריי געגעבן:

— יעזוס! וואָס זע איך?

און פון דער שרעק, איז בא איר דאָס ליכט אַרויסגעפאַלן פון די הענט. און אַז זי האָט זיך דערזען אין דער פינצטער, האָט זי זיך אויסגעדרייט מיט דעם רוקן אויף אַרויסצוגיין, נאָר פון שרעק האָט זי זיך פאַרטשעפּעט אין איר כאַלאַט און איז אומגעפאַלן. דאָן קיכאָט האָט מוירע באַקומען און האָט גענומען זאָגן:

— איך באַשווער דיך, געשפּענסט, אָדער ווער דו ביזט, זאָלסט מיר זאָגן ווער דו ביזט און דו זאָלסט מיר זאָגן וואָס דו ווילסט פון מיר האָבן. אויב דו ביזט אַ נעשאָמע פונעם אוילעם האַטויע, זאָג מיר, וועל איך טון אַלץ וואָס אין מײַנע קויכעס איז, וואָרום איך בין אַ פרומער קריסט און האָב ליב גוטס צו טון יעדן איי־נעם. דערויף האָב איך אָנגענומען דעם אָרדן פון דעם וואַנדער־ריטערטום, וואָס זײַן באַרוף איז אויסגעשפּרייט אויך אויף גוטס צו טון די נעשאָמעס וואָס לײַטערן זיך.

דערהערט האָט די ווירטן, אין איר שווערער לאַגע, ווי מען באַשווערט זי, האָט זי פון איר דערשרעק פאַרשטאַנען ווי דערשראָקן עס איז דאָן קיכאָט, און מיט אַ שטילן באַנגלעכן קאָל האָט זי געענטפערט:

— האַר דאָן קיכאָט (אויב אײַער גענעדיקייט איז בעעמעס דאָן קיכאָט), איך בין נישט קיין געשפּענסט און נישט קיין וויזיע, און אויך נישט קיין נעשאָ־מע פונעם אוילעם האַטויע, ווי אײַער גענעדיקייט האָט זיך געמוזט טראַכטן, איך בין דאָניאַ ראָדריגעז, די ערן־ווירטן פון מײַן האַרנטע די פירשטן, און איך קום צו אײַער גענעדיקייט מיט מײַן נויט, וואָס אײַער גענעדיקייט קען מיר געבן אַ טרופע צו איר.

— זאָגט מיר, הארנטע דאָניאַ ראָדריגעז, צי קומט איר נישט צומאָל מיט עפּעס אַ שידעך? וואָרום וויסן זאָלט איר, אַז איך בין נישט פּאַר קיינעמס גע־ברויך, אַ דאַנק דער שיינקייט און אַ גליַיכן פון מיַין דאַמע דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ. גאַנץ קורץ זאָג איך איַיך, הארנטע דאָניאַ ראָדריגעז, אַז אויב איר וועט אויס־מיַידן און אוועקלייגן אַף אַ זיַיט יעדע ליבע־שליכעס, קענט איר ווידער איַיער ליכט אָנצינדן און צוריקומען שמועסן וועגן אַלץ וואָס איַיער הארץ גלוסט, מיט דעם תנאַי, ווי געזאָגט, איר זאָלט נישט פּרוּוון מיך איבערצורייידן מיט כניפּע און זיסע רייד.

— איך קום דען מיט עמיצנס אַ שליכעס, מיַין האר? — האָט די ווירטן געענטפערט. — אויב איר מיינט אַזוי, קענט איר מיך נישט, איַיער גענעדיקייט. איך בין נאָך גאָרניט אַזוי אַלט, איך זאָל מיך אָפּגעבן מיט אַזוינע קינדערשע זאַכן. איך האָב נאָך, אַ לויב צו גאָט, אַ נעשאָמע באַ מיר אינעם גוף און אַלע מיַינע פאָדערשטע ציין און מיַינע באַקציינער אין מויל, אַ חוץ די עטלעכע וואָס זיַינען מיר אַרויסגעפאַלן פון די קאַטערס, וואָס מען באַקומט דאָ אַזוי אָפט אין דער אַראַ־גאָנער מעדינע. נאָר וואַרט אַף מיר אַ וויַיל, איַיער גענעדיקייט, איך וועל אַרויס־גיין מיַין ליכט אָנצינדן און וועל באַלד צוריקומען איַיך אויסצודערציילן מיַין אומ־גליק, ווי פאַר אַ מענטשן וואָס האָט אַ טרופּע צו אַלע אומגליקן אין דער וועלט.

און נישט געוואַרט אַף קיין ענטפערס, איז זי אַרויס פונעם ציידער, ווו דאָן קיכאָט איז געבליבן וואַרטן אַף איר איינער אַליין, אַ באַרויקטער און אַ פאַר־טראַכטער. באַלד אָבער זיַינען אים טויזנטער געדאַנקען באַפאַלן וועגן דעם ניַיעם געראַנגל. געדאַכט האָט זיך אים, אַז ער טוט זייער שלעכט און עס איז פון זיַין זיַיט אַ אומבאַטראַכטע זאַך דאָס וואָס ער לאָזט צו צו זיך די געפאַר פון ברעכן דאָס וואָרט, וואָס ער האָט געגעבן זיַין דאַמע. און גערעדט האָט ער צו זיך אַליין: „ווער ווייס צי וויל נישט דער טייוול, וואָס איז שטענדיק אַזוי גלאַט און מאַ־נירלעך, מיך איצט פון וועג אַראָפּפירן מיט דער ווירטן, דאָס וואָס אים איז נישט געלונגען מיט קייסערינעס, קיניגנס, פירשטנס, מאַרקיזעס און גראַפיניעס? וואָ־רום געהערט האָב איך אָפטמאָל זאָגן און פון קלוגע ליַיט, אַז אויב ער קען, וועט ער זי איַיך גיכער דערלאַנגען אַ קורנאָסע איידער מיט אַ האַרבאַטער נאָז. און ווער ווייס צי וועט נישט אָט דער עלנט, די געלעגנהייט און די שטילקייט אויפ־וועקן אין מיר די לוסטן, וואָס שלאָפן איצט און מיך ברענגען דערצו איך זאָל אָפּן סאָף פון מיַינע יאָרן פאַלן דאָרט, ווו איך בין קיינמאָל נישט געשטרויכלט געוואָרן? אין אַזוינע פאַלן, איז דאָס בעסטע אַנטלויפן איידער אָפּוואַרטן די שלאַכט. נאָר איך בין אַוודע נישט באַ מיַינע געדאַנקען, אויב איך רייד און טראַכט אַזוינע נאַרישקייטן. ווי קען גאָר עפּעס אַן אויסגעצוויגענע ווירטן אין אַ וויַיסן כאַלאַט, מיט ברילן, וועקן לוסט־מאַכשאָוועס אין אָט דער טרוקנסטער ברוסט פון איבער דער גאָרער וועלט! איז דען פאַראַן אַ ווירטן אַף דער וועלט מיט אַ רעכט ליַיב? איז דען פאַראַן אַזאַ ווירטן אַף דער ערד, וואָס זאָל נישט זיַין קיין גערונצלטע, קיין מאַנירלעכע און קיין נודניצע? אַוועק מיט דער כאַפּטע ווירטנס וואָס טויגן צו קיין שום מענטשלעכן געניס נישט. אַ, ווי גוט האָט יענע דאַמע

געטון, וואָס האָט געהאַט באַ זיך, ווי מען זאָגט, צוויי ליאַלקעס פאַר ווירטנס אָנגעטון, מיט זייערע ברילן און מיט זייערע קישעלעך אָפּן עק דיוואַן, ווי זיי וואָלטן געשטריקט, און גערינגט האָבן זיי איר סײַ פאַר סטאַטועס און סײַ פאַר ריכטיקע ווירטנס".

און ווי ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער זיך אַ וואָרף געטון צו דער טיר זי צו פאַרשליסן און נישט לאָזן אַרײַנגיין די הארנטע ראָדריגעז. נאָר ווען ער איז צוגעקומען צו דער טיר, איז שוין די הארנטע ראָדריגעז געווען צוריקגעקומען מיט אַן אָנגעצונדן ליכט פון ווײַסן וואַקס. און אַז זי האָט דערזען פון דער נאָנט דאָן קיכאָטן אין דער קאָלדרע אײַנגעהילט, מיט די באַנדאַזשן און מיט דעם מיצל, האָט זי ווידער מוירע באַקומען, און האָט אָפּגעטראָטן צוויי שפּאַן און געזאָגט:

— זײַנען מיר זיכער, האַר ריטער? וואָרום איך האַלט עס פאַר גאָרניט קיין אָרנטלעכן סימען דאָס וואָס אײַער גענעדיקייט איז פונעם בעט אַראָפּגעגאַנגען.

— דאָס אייגענע וואָלט איך באַ אײַך געדאַרפט פרעגן, מײַן הארנטע — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — און איך פרעג טאַקע צי בין איך זיכער, אַז איך וועל נישט ווערן איבערגעפאַלן און באַצוווּנגען.

— קענן ווען אָדער באַ וועמען פאָדערט איר די זיכערקייט, האַר ריטער?

— האָט די ווירטן געענטפערט.

— באַ אײַך און קענן אײַך פאָדער איך זי — האָט דאָן קיכאָט אָפּגעענט-פערט, — וואָרום נישט איך בין פון מירמלשטיין און נישט איר זענט פון קופּער, און איצט איז נישט צען אין דער פרי, נאָר האַלבע נאַכט און עפּשער נאָך שפּעטער, ווי איך שטעל מיר פאָר, און אין אַזאַ אָפּגעשלאָסענעם און געהיי-מען כיידער, אַז ער וואָלט געקענט זײַן די הייל, ווו דער פאַרעטערישער און דער-וועגטער ענעוס האָט גענאָסן די שיינע פרומע דידאָ. נאָר גיט מיר אײַער האַנט, מײַן הארנטע, קיין אַנדער פאַרזיכערונג און קיין גרעסערע פון דער פאַרלאַנג איך ניט, ווי נאָר מײַן אייגענע צניעס און די צניעס וואָס אָט די ערווירדיקע קליידער פאַרזיכערן מיר.

און ווי ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער אַ קוש געטון איר רעכטע האַנט און זי אַרײַנגענומען אין זײַנער. און זי האָט אים איר האַנט דערלאַנגט מיט דער אייגע-נער צערעמאָניע.

דאָ מאַכט סידע האַמעטע אַ האַפּסאַקע און זאָגט, אַז ער שווערט באַ מאַכ-מעדן, אַז ער וואָלט זײַן בעסטע אַלמאַלאַפע (מאַרישער כאַלאַט) פון די צוויי וואָס ער האָט, אַוועקגעגעבן, אַבי צו זען זיי ביידן גיין געאָרעמט פון דער טיר ביז צום בעט. בעקיצער, דאָן קיכאָט איז אַרײַן צו זיך אין בעט און דאָניאַ ראָדריגעז איז געבליבן זיצן אַף אַ שטול אַ ביסל אָפּגערוקט פונעם בעט, אין די ברילן, מיט דעם דעק-טוך. דאָן קיכאָט האָט זיך אײַנגעקאָרטשעט און זיך אינגאַנצן אײַנגע-דעקט און נאָר דאָס פּאָנים געלאָזט אָפּגעדעקט. און ווען ביידע האָבן זיך באַרויִקט, האָט דאָן קיכאָט דער ערשטער איבערגעריסן די שטילקייט און געזאָגט:

— איצט קען אײַער גענעדיקייט, מײַן הארנטע דאָניאַ ראָדריגעז, זיך אויפ-טרענען און אויסשיטן וואָס איר האָט באַ זיך אינעם געפּײַניקטן האַרצן און אין די

צעוויטיקטע געדערים, איך וועל אײַך אויסהערן מיט צנועדיקע אויערן און וועל אײַך העלפֿן מיט פֿרומע מעשׂים.

— אַזוי גלויב איך — האָט די ווירטן געענטפֿערט, — פֿון אײַער גענעדי־קייטס ליבער און פֿײַנער פּערזאָן איז עפּעס אַנדערש ניט געווען צו דערוואַרטן ווי דעם קריסטלעכן ענטפֿער. די מײַסע, האַר דאָן קיכאָט, איז די, וואָס כאָטש אײַער גענעדיקייט זעט מיך דאָ זיצן אויף דעם שטול, אינמיטן דער מעדינע אַראַגאָן און אין דער קליידונג פֿון אַ נישטיקער און געפּאַלענער ווירטן, בין איך אַ גע־בוירענע אין די אַסטוריאַס פֿון אָוויעדאָ, און פֿון אַ מישפּאָכע, וואָס פֿון איר קומען אַרויס די בעסטע פֿון יענער פּראָווינץ, נאָר מײַן קורץ מאַזל און די נישט פֿאַר־זיכטיקייט פֿון מײַנע עלטערן, וואָס זײַנען פֿאַר דער צײַט און אומגעריכט פֿאַר־אָרימט געוואָרן, האָבן מיך געפֿירט קיין מאַדריד, אין הויף, ווו מײַנע עלטערן האָבן, פֿון שאָלעם וועגן און קעדיי אויסצומײַדן נאָך ערגערע נויט, מיך אַרײַנ־געגעבן פֿאַר אַ שטוב־מיידל, אויף העפֿטן, צו אַן אַנגעזעענער דאַמע. און אײַער גענעדיקייט, ווײַל איך, זאָל ווײַסן, אַז אויף אויסדריבלען אַ זוים און אויף ווײַסן גע־העפֿט איז מיך נאָך קיינער קיינמאָל נישט איבערגעשטיגן. מײַנע עלטערן האָבן מיך איבערגעלאָזט דינען און אַליין זײַנען זיי אַוועק צוריק צו זיך אויף דער ערד, און פֿון דאָרט, אין אַ פּאָר יאָר אַרום, מיסטאָמע אין הימל אַרײַן, וואָרום געווען זײַנען זיי גוטע און פֿרומע יעסוימע און מיט אַ נישטיקן געהאַלט און פֿײַנלעכע טויוועס, וואָס מען טוט געוויינלעך אַזוינע דינסט־מיידלעך אינעם הויף. און צו יענער צײַט, כאָטש איך האָב דערצו קיין געלעגנהייט נישט געגעבן, האָט זיך אין מיר פֿאַרליבט אַ מעשאָרעס פֿון דעם הויז, אַ מענטש שוין אין די יאָרן, מיט אַ באָרד און מיט אַ שטאָלט, און דעריקער, אַן איידל דערצויגע־נער, אַזוי ווי דער קיניג, מאַכמעס געווען איז ער אַ באַרג־מענטש. מיר האָבן אונ־דזער ליבע נישט געהאַלטן אַזוי געהיים, אַז די באַלעבאָסטע זאָל זיך דערפֿון נישט דערוויסן, און קעדיי אויסצומײַדן גערעדטערס און געזאָגטערס, האָט זי אונדז כאַסענע געמאַכט אינעם פֿרידלעכן שויס פֿון דער הייליקער רוימיש־קאַטוילישער מוטער די קירכע, און פֿון דער כאַסענע איז אונדז געבוירן אַ טאָכטער, וואָס איר איז באַשערט געווען אַ סאָף צו מאַכן צו מײַן גליק, אויב איך האָב אַזוינס גע־האַט, ניט כאָלילע איך זאָל געווען שטאַרבן פֿון דער קימפּעט, וואָרום געהאַט האָב איך זי ריכטיק און צו דער רעכטער צײַט, נאָר מאַכמעס אין אַ קליין שטיקל צײַט אַרום איז מיר מײַן מאַן געשטאָרבן פֿון אַ שרעק, און ווען איצט וואָלט צײַט גע־ווען צו דערציילן, וואָלט אײַער גענעדיקייט, ווייס איך, געגאַפֿט.

און דערבײַ האָט זי זיך צעוויינט און געזאָגט:

— זײַט מיר מויכל, אײַער גענעדיקייט, האַר דאָן קיכאָט, וואָס איך קען מיך נישט אײַנהאַלטן. ווען נאָר איך דערמאָן מיך אין מײַן פֿרי פֿאַרשטאָרבענעם, נייען מיר איבער די אויגן מיט טרערן. אַזוי העלף מיר גאָט, ווי הערלעך ער פֿלעגט דאָס פֿירן מײַן האַרנטע אויפֿן הינטן פֿון אַ מעכטיקן מויל־אייזל, אַ שוואַרצן ווי קויל! וואָרום דעמאָלט פֿלעגט מען נישט נוצן קיין קאַרעטעס מיט קיין זאָטלען, ווי הײַנט, זאָגט מען, נוצט מען, און די דאַמען פֿלעגן רײַטן אויפֿן הינטן מיט זייע־

רע מעשׂרסים. און דאָס, וויניקסטנס, מוז איך אײַך דערציילן, קעדיי איר זאָלט זען ווי דערצווינגן און פּינקטלעך מײַן ליבער מאַן איז געווען. איינמאָל ווען ער איז אַרײַנגעריטן אין דער סאַנטיאַגאָ־גאַס אין מאַדריד, אַ ביסל אַ שמאָלע גאַס, איז אים אַקעגנגעקומען רײַטנדיק אַ הויפּמײַסטער, מיט צוויי פּאָליציאַנטן פאַר זיך. און ווי נאָר דער בראַוועשער מעשאָרעס האָט דאָס דערזען, האָט ער אַ צי געטון די לייצעס אַף אויסצוקירעווען און זיי באַגלייטן. מײַן הארנטע אַפן הינטן האָט אים שטיל אַ זאָג געטון:

„— וואָס טוסטו, שלימאַזל? א י ך רײַט דאָך מיט דיר!

„דער הויפּמײַסטער האָט פון העפלעכקייט וועגן זײַן פערד אָפּגעשטעלט און געזאָגט צו מײַן מאַן:

„— גייט ווײַטער אײַער וועג, מײַן האַר; באַגלייטן דאַרף איך גאָר מײַן הארנטע דאָניאַ קאַסילדאַ (אַזוי האָט מען מײַן הארנטע גערופן).

„מײַן מאַן האָט זיך אַלץ געאַקשנט מיט דעם היטל אין דער האַנט, אַז ער וויל באַגלייטן דעם הויפּמײַסטער. אַז מײַן הארנטע האָט דאָס דערזען, איז זי שרעקלעך אין קאַעס געוואָרן און האָט אַרויסגענומען אַ גראָבע שפּילקע, אָדער, דאַכט מיר, אַן אָל, פון אַ שיידל, און אים אין רוקן אַרײַנגעשטאָכן, אַזוי אַז מײַן מאַן האָט אַ שטאַרקן געשריי געגעבן און זיך אַזאַ דריי געטון מיטן גאַנצן גוף, אַז ער איז אַראָפּגעפאַלן אינאיינעם מיט מײַן הארנטע אַף דער ערד. צוגעלאָפן זײַנען צוויי לאַקייען אירע זי אויפצוהייבן און דאָס אייגענע דער הויפּמײַסטער מיט די פּאָליציאַנטן. גוואַדאַלאַכאַראַ גייט אַף רעדלעך, איך מיין, די לײַדיקגייער אין גאַס האָבן געטומלט. מײַן הארנטע איז געקומען אַהיים צו פוס, און מײַן מאַן איז אַוועק צו אַ שערער, מאַכמעס די קישקעס, האָט ער געזאָגט, זײַנען אים דורכגעלעכערט אַף דורך און דורך. מײַן מאַנס העפלעכקייט איז אַזוי באַרימט געוואָרן, אַז ייִנגלעך פלעגן אים נאָכלויפן אין גאַס. און מאַכמעס דעם, ווי אויך מאַכמעס געווען איז ער אַ ביסל קורצזיכטיק, האָט מײַן הארנטע אים אָפּגעזאָגט, און פאַר ערגערניש מיסטאָמע, ווי איך רעכן, איז ער קראַנק געוואָרן אַף טויט. געבליבן בין איך אַן אַלמאָנע, עלנט און מיט אַ מיידל דערצו, וואָס איז געוואָרן אַזוי שיין ווי דער שוים פונעם יאַם. נאָר אַזוי ווי איך האָב געהאַט אַ שעם פאַר אַ גוטער העפטערן, האָט מײַן הארנטע די פירשטן, וואָס האָט ערשט געהאַט כאַסענע געהאַט מיט דעם פירשט מײַן האַר, מיך גענומען מיט זיך אַהער אין דער מעדינע אַראַגאָן, און מײַן טאָכטער דאָס אייגענע. און אויסגעוואַקסן איז זי מיט אַלע כיינען פון דער גאַרער וועלט: זי זינגט ווי אַ פייגעלע, טאַנצט ווי דער געדאַנק שנעל, ביז צום פאַרלירן זיך, לייענט און שרײַבט ווי אַ לערער, און ציילט ווי אַ קאַרגער. וועגן איר ריינקייט רעד איך שוין ניט, לויפנדיק וואַסער איז נישט ריינער. און אַלט איז זי איצט, אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, זעכצן יאָר מיט פינף כאָדאָשים און דרײַ טעג, אַ טאָג מער אָדער ווייניקער.

„בעקיצער, אין דעם מיידל מײַנעם האָט זיך פאַרליבט אַ זון פון זייער אַ רײַכן פּויער, וואָס וווינט באַ מײַן האַר דעם פירשט אין אַ דאָרף, נישט גאָר ווײַט פון דאַנען. איך ווייס נישט ווי דאָס איז געשען, נאָר זיי זײַנען זיך צונויפגעקומען,

ער האָט איר געשוווּירן, אַז ער וועט זי נעמען, און האָט זי אָפּגענאַרט, און איצט וויל ער נישט האַלטן זײַן וואָרט. און כאָטש דער פירשט מײַן האַר ווייסט עס, מאַכמעס איך האָב מיך געקלאָגט פאַר אים, נישט איין מאָל, נאָר אַ סאַך מאָל, און אים געבעטן ער זאָל הייסן דעם פּויער כאַסענע האָבן מיט מײַן טאָכטער, וויל ער מיך אַפּילע נישט אויסהערן, מיסטאָמע דערפאַר, וואָס דעם יונגס פאָטער איז זייער רײַך און ער לײַט אים געלט און אָפט איז ער אָרעוו פאַר אים אין זײַנע שווינדלערישע געשעפטן, און ער וויל אים נישט ערגערן און אָנבאַרויגעזן קעגן זיך. איך וואָלט דעריבער וועלן, מײַן האַר, אײַער גענעדיקייט זאָל נעמען אַף זיך אָראָפּצונעמען פון מיר דעם ביזאָיען, מיט גוטן אָדער מיט דעם געווער, וואָרום ווי מען זאָגט, איז אײַער גענעדיקייט אַף דער וועלט געקומען קעדיי ביזיונעס אָפּצעווישן, קריוודעס זיך אָנצונעמען און עלנטע שיצן. און נעמט אײַך אין זינען, אײַער גענעדיקייט, מײַן טאָכטערס יעסוימעשאַפט, איר פּײַנקייט, איר יוגנט, מיט אַלע גוטע מײַלעס וואָס איך האָב אײַך אויסגערעכנט. איך שווער אײַך בײַ גאָט און בײַ מײַן געוויסן, אַז צווישן די אַלע מיידלעך וואָס זײַנען דאָ אין הויף בײַ מײַן האַרנטע פּאַראַן, קומט קיין איינע נישט צו איר פּאָדעשווע, און אַז איינע וואָס מען רופט זי אַלטיסידאָראַ און מען האַלט זי פאַר דעם העכסט דרײַסטן און גע־ראָטנסטן מיידל, איז אין פאַרגלײַך מיט מײַן טאָכטער, צוויי מײַל פון איר נישט דערגאַנגען. וואָרום אײַער גענעדיקייט, וויל איך, זאָל וויסן, אַז נישט אַלץ איז גאָלד וואָס גלאַנצט און אָט די אַלטיסידאָראַ האָט אין זיך מער גײַווע ווי שיינ־קייט און מער העפקיירעס ווי צניעס. דערצו איז זי נישט גאָר קיין געזונטע, וואָ־רום עס פילט זיך בײַ איר אַזאַ רייעך פונעם מויל, אַז מען קען לעבן איר אַ מינוט נישט אײַנשטיין, און אַפילע מײַן האַרנטע די פירשטן... לאָמיך בעסער שווײַגן, וואָרום מען זאָגט, אַז ווענט האָבן אויערן.

— וואָס אַזוינס האָט זי, מײַן האַרנטע די פירשטן, ווי גאָט איז אײַך ליב, דאָניאַ ראָדריגעז? — האָט דאָן קיכאָט געפרעגט.

— אַז איר באַשווערט מיך אַזוי — האָט די ווירטן געענטפערט — מוז איך אײַך ענטפערן דערויף וואָס איר פרעגט מיך, מיט דעם גאַנצן עמעס. איר זעט, אײַער גענעדיקייט, האַר דאָן קיכאָט, ווי שיין זי איז, מײַן האַרנטע די פירשטן, איר גלאַטע הויט אַפן פּאָנים, ווי אַ שווערד אַ געשליפענע, אָן אויסגעפּאָלירטע, די צוויי באַקן אירע, קאַרמין און מילך, וואָס אַף איינער האָט זי די זון שײַנען און אַף דער צווייטער די לעוואָנע, און ווי שלאַנק זי גייט און טרעט די ערד אַזוי גרינגשעציק, ווי דאָס געזונט וואָלט פון איר געשפּריצט וווּ נאָר זי גייט? זאָלט איר זשע וויסן, אײַער גענעדיקייט, אַז דאַנקען דאַרף זי פריער גאָט און דערנאָך די צוויי קוואַלן, וואָס זי האָט אין ביידע פיס, וואָס דורך זיי פליסט אַרויס די גאַנצע בייזע זאַפט, וואָס זי האָט אין זיך, ווי די דאָקטוירים זאָגן.

— הייליקע מאַריע! — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט. — איז עס מעגלעך, אַז מײַן האַרנטע די פירשטן זאָל האָבן אַזוינע רינעס? איך וואָלט עס נישט געגלויבט ווען דאָס זאָגן מיר באָרוועסע מאָנאַכן, נאָר אַז די האַרנטע דאָניאַ ראָדריגעז זאָגט עס, מוז עס זײַן עמעס. נאָר אַזוינע קוואַלן און אַף אַזוינע ערטער, דאַרפן פליסן

נישט מיט בייזער זאַפט, נאָר מיט בורשטין פליסיקן. בעעמעס, איך הייב ערשט איצט אָן צו גלויבן, אַז מאַכן זיך קוואַלן אין די פיס איז זייער וויכטיק פאַרן געזונט.

ווי נאָר דאָן קיכאָט האָט די ווערטער ארויסגערעדט, האָבן זיך מיט אַ קלאַפּ צעפּראַלט די טירן פונעם כיידער און פון דעם קלאַפּ און פון דער שרעק, איז בא דאָניא ראָדריגעז דאָס ליכט ארויסגעפאַלן פון די הענט, און דאָס כיידער איז געבליבן, ווי זאָגט מען עס, ווי באַם וואָלף אין מויל. באַלד דערויף האָט די אָרימע ווירטן דערפילט ווי צוויי הענט האָבן איר באַם גאָרגל אָנגעכאַפּט אַזוי פעסט, אַז זיי האָבן איר וואָיען נישט געלאָזט, און אַ צווייטער פּאַרשוין האָט, אַ וואָרט נישט אויסריידנדיק, שנעל געכאַפּט און איר דאָס קלייד פאַרהויבן און מיט אַ פּאַנטאָפל, קענטיק, האָט ער איר גענומען שמײַסן, אַז עס איז געווען אַ ראַכמאָנעס צו קוקן. און כאָטש דאָן קיכאָט האָט אַף איר ראַכמאָנעס געהאַט, האָט ער זיך פונעם געלע־גער נישט גערירט, און האָט נישט געוווּסט וואָס דאָס קען באַטײַטן, און געלעגן איז ער שטיל און רויק און האָט מוירע געהאַט טאָמער קומט צו אים די ריי מיט די שמיץ. און נישט אומזיסט האָט ער זיך געשראָקן, וואָרום נאָכדעם ווי מען האָט אָנגע־פּאַטשט די ווירטן (וואָס האָט זיך נישט דערוועגט אַ קרעכץ צו טון), האָבן זיך די שטומע טאַליאַנים גענומען צו דאָן קיכאָטן, האָבן אים פון דעם לײַלעך און פון דער קאָלדרע ארויסגעוויקלט און אים אַזוי שטאַרק און אימפּעטיק גענומען קנײַפּן, אַז ער האָט זיך געמוזט פאַרטיידיקן מיט די פויסטן און אַלץ אין דער שטיל.

געדויערט האָט די שלאַכט אַ האַלבע שאָ צײַט. אַוועק זײַנען די געשפּענסטער, דאָניא ראָדריגעז האָט זיך דאָס קלייד צורעכטגעמאַכט און איז ארויס פון דער טיר מיט אַ זיפץ אַף איר אומגליק אָן אַ וואָרט צו זאָגן דאָן קיכאָטן, און ער איז גע־בליבן אַליין, אַ צעקנײַפּטער, אַ צעמישטער און פאַרקלערטער, ווו מיר וועלן אים לאָזן מיט דעם ווונטש צו וויסן ווער דאָס איז געווען דער פאַרדאָרבענער מכאַשעף, וואָס האָט אים אַזוי איבערגעלאָזט. נאָר דאָס וועט אין דער געהעריקער צײַט גע־זאָגט ווערן, מאַכמעס סאַנטשאָ פּאַנצאַ רופט אונדז און דער גוטער אויסשטעל פון דער געשיכטע פאָדערט דאָס.

## ניין און פערציקסטער קאַפּיטל

### וועגן דעם וואָס סאַנטשאָ פּאַנצאַן האָט פּאַסירט אַף אַ רונדע איבער זײַן אינדזל.


יבערגעלאָזט האָבן מיר דעם גרויסן גובערנאַטאָר אָן אויפגעבראַכטן און אַ גע־ערגערטן פון דעם פּויער, דעם מאָלער און כיטראַק, וואָס איז צוגעגרייט גע־ווען פון דעם הויפמײַסטער און דער הויפמײַסטער פון דעם פירשט און אַלע דרײַ האָבן זיי גענומען סאַנטשאָן אַף כויזעק. נאָר ער האָט זיי אַלעמען געהאַלטן געשפּאַנט, כאָטש אַ נאַר, אַ נישט געשליפענער און אַ פּויער, און אָנגערופן האָט ער זיך צו

די וואָס זײַנען מיט אים געווען, און אויך צום דאָקטער, וואָס איז שוין געהאַט צוריקגעקומען אין זאַל אַרײַן נאָכדעם ווי מען האָט פאַרענדיקט לייענען בעסאָד דעם פירשטס בריוו:

— איצט, זע איך שוין מיט אַן עמעס, אַז ריכטער און גובערנאַטערס מוזן אָדער דאַרפֿן זײַן פון קופער אַף נישט צו פילן די לעסטיקייט פון די געשעפֿטסלײַט, וואָס ווילן מען זאָל זיי אויסהערן און דערלײדיקן צו יעדער שאָ און צו יעדער צײַט, און אינזינען האָבן בלויז זייערע געשעפֿטן, מעג זיך זײַן וואָס עס וויל. און אַז דער ריכטער, ווײ צו אים, הערט זיי נישט אויס און דערלײדיקט זיי נישט, אָדער ווײַל ער קען נישט אָדער מאַכמעס ס׳איז נישט די צײַט זיי אויפצונעמען, שילטן זיי אים און באַריידן אים און גריזשען אים די ביינער אָדער גאָר נעמען זיי טרייבערן דעם ייִכעס זײַנעם. גאַרישער סויכער, טיפּעש וואָס דו ביזט, אײַל דיך נישט אַזוי, וואַרט ביז דאָס געשעפֿט וועט זיך אויסצײַטיקן, ביז אַ גוטער געלעגנהייט: קום נישט ווען יענער עסט אָדער ווען עס איז צײַט שלאָפֿן גיין, וואָרום אַ ריכטער איז דאָך אויך אַ מענטש פון פֿלייש און ביין און מוז אָפּגעבן דער נאַטור, וואָס זי פֿאָדערט פון אים נאַטירלעך, ניט אַזוי ווי איך, וואָס איך גיב מײַן נאַטור נישט צו עסן, אַדאַנק דעם האַר דאָקטער פּעדראָ רעסיאָ טירטעאַפוערא, וואָס שטייט דאָ, און ניט אַנדערש ער וויל איך זאָל פון הונגער אויסגיין, און אָט דער טויט, זאָגט ער, איז לעבן. זאָל אים גאָט צאָלן, אים און דעם גאַנצן שטאַם זײַנעם: איך מיין די שלעכטע דאָקטוירים, די גוטע פאַרדינען פּאַלמען און לאָרבער.

ווער נאָר עס האָט געקענט סאַנטשאָ פּאַנצאַן, האָט זיך געוווּנדערט ווי ער רעדט אַזוי עלעגאַנט, און האָבן נישט געוווּסט צו וואָס דאָס צוצושרײַבן, סײַדן ערנסטע אַמטן רעגן אַן די כושים אָדער זיי פאַרטעמפּן זיי.

אָפּן סאָף, האָט דער דאָקטער פּעדראָ רעסיאָ אַגוערא דע טירטעאַפוערא צו־געזאָגט אים לאָזן עסן וועטשערע, ער זאָל אַפילע מוזן איבערטרעטן היפּאָקראַ־טעס אַפאָריזמען. דער גובערנאַטער האָט זיך דערמיט צופרידנגעשטעלט און מיט גרוים אנגסט האָט ער געוואַרט עס זאָל נאַכט ווערן און מיט דער נאַכט זאָל קו־מען די צײַט פון וועטשערע עסן. און כאָטש די צײַט, ווי אים האָט זיך גערּאַכט, איז געשטאַנען און האָט זיך פונעם אָרט נישט גערירט, איז זי דאָך געקומען, אַ לאַנג געגאַרטע, און מען האָט אים דערלאַנגט צום עסן אַ וויניגרעט פון אײַנגע־האַקטן קעלבערנס מיט ציבעלע און געקאָכטע קאַלבפיס, שוין אַביסל איבערגע־שטאַנענע. איבערגעגעבן האָט ער זיך צום עסן מיט אַזאַ געשמאַק, גלײַך דאָס וואָלט געווען אַ מילאַנער וואַלד־הון, אַ רוימישער פאַיזאַן, אַ סאָרענטער קאַלבסבראַטן, אַ מאָראָנער קוראָפּאַטווע, אָדער אַ לאַכאָזער געגנדזל. און בעייסן עסן האָט ער זיך אויסגעדרייט צום דאָקטער און אים געזאָגט:

— הערט אויס, האַר דאָקטער, פון הײַנט און ווײַטער זאָלט איר מיר נישט אונטערקלײַבן קיין פּײַנע מײַכאָלים און קיין דעליקאַטע זאַכן צום עסן, וואָרום דער־מיט וועט איר מיר נאָר דעם מאָגן פאַרדאַרבן. געוווינט איז ער צו ציגנס און צו רינדערנס, צו געזאַלצענעם ווי צוגעטרוקנטן כאַזער, צו ריבן און צו ציבעלעס. און אַז מען דערלאַנגט אים אַמאָל אַ הויפיש מאַכל, עסט ער נישט גערן און אַן אַנ־

דערשמאָל איז עס אים דערווידער. דער זאַלמײַסטער מעג מיר דערלאַנגען דאָס מײַכל, וואָס מען רופט עס פּוילער טאַפּ, וואָס פּוילער דאָס איז, אַלץ בעסער שמעקט עס, און אַרײַנלײגן דערין מעג ער וואָס ער וויל, אַבי נאָר צום עסן, איך וועל אים דאַנקען און וועל אים אויך אַמאָל באַצאָלן דערפֿאַר. און זאָל מיך קײנער נישט בעמען אַף כּויזעק, וואָרום אָדער מיר זײַנען אָדער מיר זײַנען נישט. לאָמיר אַלע לעבן און עסן אין שאָלעם און כאַוורוסע, וואָרום ווען גאָט שטייט אויף פֿאַרטאָג, שטייט ער אויף פֿאַר יעדן. איך וועל רעגירן מיט דעם אינדזל אָן מעבילע און אָן אונטערקויף, און זאָל יעדער האַלטן אַן אויג און קוקן אַפּן שטעקן. וואָרום ווייסן זאָלט איר, אַז דער טײַוול איז שוין אין קאַנטיליאַנאַ, און אויב מען וועט מיך צוברענגען דערצו, וועט איר קוקן און גאַפּן. ווערט נאָר האָניק, וועלן שוין די פֿליגן צו אײַך קלעפּן.

— האַר גובערנאַטער — האָט דער זאַלמײַסטער געזאָגט — אײַער גענעדיקייט איז בעעמעס גערעכט אין אַלץ וואָס איר זאָגט, און אינעם נאָמען פֿון אַלע אינדזל־לײַט פֿון דעם אינדזל, בין איך גרייט צו דינען אײַער גענעדיקייט מיט דער גאַנצער פּינקטלעכקייט, ליבשאַפֿט און לײַטזעליקייט, וואָרום דאָס מײַן רעגירן, וואָס אײַער גענעדיקייט האָט אין די ערשטע טעג אַרויסגעוויזן, דערלאָזט זיי דענקען אָדער טון אַזוינס, וואָס זאָל זײַן לעראָע אײַער גענעדיקייט.

— אַזוי מיין איך — האָט סאַנטשאָ געענטפֿערט, — און געווען וואָלטן זיי טיפּשים, ווען זיי דענקען און טוען פֿאַרקערט. און נאָכאַמאָל זאָג איך אײַך אַז איר זאָלט געדענקען מיך צו דערנערן, מיך און מײַן העל־ברוינעם, וואָס אין דעם איניען איז עס דער איקער און וויכטיקער ווי אַלץ. און אַזוי ווי עס איז שוין צײַט, וועלן מיר מאַכן די באַנאַכטיקע רונדע, וואָרום איך האָב בעדייע אָפּצורייניקן דאָס אינדזל פֿון יעדן מין העפּקיירעס און פֿון די נאַכטוואַנדלער, פּוסטעפּאַסניקעס און הול־טאַיעס. וואָרום איך וויל איר זאָלט ווײסן, מײַנע פֿרײַנט, אַז לײדיקגייער און פֿויר־ליאַקעס זײַנען פֿאַר דער מעלוכע דאָס אייגענע וואָס די פּוסטע בינען אינעם בינ־שטאָק, וואָס עסן אויף דעם האָניק, וואָס די אַרבעטנדיקע בינען אַרבעטן אויס.

„איך האָב בעדייע צו טון גוטס די פּויערים, אײַנהאַלטן די אַדעליקע בײַ זייערע פּריווילעגיעס, באַלוינען די זיטלעכע און דעריקער שוינען די קירכע און דעם קאָוועד פֿון די קירכעלײַט. ווי געפֿעלט דאָס אײַך, מײַנע פֿרײַנט? זאָג איך עפּעס אָדער איך ברעך מיר דעם קאָפּ?

— אײַער גענעדיקייט זאָגט אַזוי פֿיל — האָט דער הויפֿמײַסטער געזאָגט, — אַז איך וווּנדער מיך ווי אַזוי אַזאַ נישט געבילדעטער מענטש ווי אײַער גענעדיקייט, וואָס איר האָט נישט, ווי מיר דאַכט זיך, קיין שום בילדונג, זאָלט זאָגן אַזויפֿיל זאַכן, וואָס זײַנען פֿול מיט כאָכמע און פֿאָרזיכטיקייט, גאָרניט לויט דעם סייכל, וואָס מיר אַהער געשיקטע און אַהער געקומענע, האָבן דערוואַרט פֿון אײַער גענעדי־קייט. וואָס אַ טאָג זעט מען אַלץ נײַע זאַכן אַף דער וועלט: שפּאַס ווערט ערנסט און די אָפּשפּעטער צו שפּאַט.

געוואָרן איז נאַכט און דער גובערנאַטער האָט מיט דער דערלויבעניש פֿון דעם האַר דאָקטער רעסיאָ געגעסן וועטשערע. צוגעגרייט האָט מען זיך צו דער

רונדע: ארויסגעגאנגען איז ער מיט דעם הויפּמײַסטער, דעם סעקרעטאַר און דעם זאַלמײַסטער און מיט דעם כראָניקער, וואָס האָט זיך געמיט צו פאַרגעדענקען זײַנע מײַסים, און דערצו פּאָליציאַנטן און שרײַבער, אַזױפיל, אַז מען האָט מיט זיי געקענט צונויפשטעלן אַ היבשן שקוואַדראָן. אינמיטן איז געגאַנגען סאַנטשאָ מיט זיין רוט, נאָר אַף כּידושים צו קוקן, און ווי זיי זײַנען דורכגעגאַנגען אַ פּאָר גאַסן, האָבן זיי דערהערט אַ מעסער־געקלימפּער. צוגעקומען זײַנען זיי און האָבן דאָרט געטראָפן צוויי מענטשן זיך קריגן, וואָס אַז זיי האָבן דערזען די גערעכטיקייט גייט, זײַנען זיי שטיין געבליבן, און איינער פון זיי האָט זיך אָנגערופן:

— די גערעכטיקייט פון גאָט און פון קיניג! ווי קען מען עס גאָר דערלאָזן אַזאַ גאַזלעוואַי אין אַ שטאָט מיט מענטשן, מען זאָל באַפאַלן און באַרויבן אַ מענטשן אין מיטן גאַס?

— באַרויִקט אײַך, ליבער מענטש — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — און דערציילט מיר איבער וואָס קריגט איר אײַך, איך בין דער גובערנאַטער.

דער צווייטער האָט זיך אָנגערופן:

— איך וועל אײַך דערציילן בעקיצער. אײַער גענעדיקייט מוז וויסן, אַז אָט דער פײַנער מענטש האָט דאָ קעגניבער אינעם שפּילהויז געוווּנען העכער טויזנט גילדן, און איין גאָט ווייסט ווי אַזוי. און אַזוי ווי איך בין געשטאַנען דערבײַ, בין איך געווען אַף זײַן זײַט, כאָטש קעגן דעם וואָס מײַן געוויסן האָט מיר אונטערגעזאָגט, יעדן מאָל ווען דאָס מאַזל האָט זיך געווענדט. אויפגעהויבן האָט ער זיך מיט דעם געווינס, און ווען איך האָב גערעכנט, אַז ער דאַרף מיר געבן פאַרן קוקן כאָטשבי אַ טאַלער, ווי עס איז אײַנגעפירט צו געבן אַזוינע לײַטישע מענטשן ווי מיר, וואָס מיר שטייען אַף מאַזל און האַלטן אונטער אַ פאַלשקייט און דערלאָזן נישט צו קיין קריג, האָט ער אַרײַנגעלייגט דאָס געלט אין קעשענע און איז זיך ארויס אינדרויסן. מיך האָט עס פאַרדראָסן און איך בין ארויס נאָך אים, און מיט גוטן און מיט העפלעכע רייד האָב איך בײַ אים געבעטן כאָטש אַכט גילדן, וואָרום ער ווייסט, אַז איך בין אַ לײַטישער מענטש און האָב נישט קיין מעלאָכע אין דער האַנט און קיין פּאַרנאָסע אויך ניט, וואָרום מײַנע עלטערן האָבן מיך נישט געלערנט און האָבן מיר גאָרנישט איבערגעלאָזט. און ער, דער כיטראַק, נישט מער גאַנעוו ווי קאַקוס און נישט מער שולער ווי אַנדראַדיליאַ, האָט מיר מער נישט געוואָלט געבן ווי פיר גילדן. זעט, אײַער גענעדיקייט, האַר גובערנאַטער, ווי ער האָט גאָר קיין בושע ניט און קיין געוויסן. נאָר בײַ מײַנע נעמאָנעס, ווען אײַער גענעדיקייט קומט נישט אָן, וואָלט ער בײַ מיר אויסגעמייקנט דעם גאַנצן געווינס און איך וואָלט אים געוויזן וויפל אַף דער וואָג איז געווען.

— און איר, וואָס זאָגט איר דערצו? — האָט סאַנטשאָ געפרעגט.

און געענטפערט האָט דער צווייטער, אַז אַלץ וואָס יענער האָט געזאָגט, איז עמעס, און אַז געגעבן האָט ער אים נישט מער ווי פיר גילדן, מאַכמעס ער האָט אים שוין אַסאַך מאָל געגעבן, און די וואָס שטייען אַף קוקן, דאַרפן האָבן ווייניקער פּרעטענזיעס און נעמען מיט אַ שיין פּאָנים וויפל מען גיט זיי און נישט דינגען זיך מיט די געווינער, ביפראַט דעמאָלט ווען זיי זײַנען נישט זיכער, אַז זיי זײַנען

שולערס און געווינען מיט שווינדל. אז איך בין א לײַטישער מענטש און נישט קיין גאנעוו, ווי ער זאגט, קענט איר זען דערפון וואס איך האב אים גארנישט געוואלט געבן, ווארום די קוקערס לעבן נאר פון די שולערס וואס זיי קענען.

— אזוי איז עס — האט דער הויפּמײַסטער געזאגט: — זאגט, אײַער גענעדיקייט, האר גובערנאטער, וואס זאל מען טון מיט די מענטשן.

— טון דארף מען אט וואס — האט סאנטשא געענטפערט: — דער געווינסטער, גוט צי שלעכט, אדער נישט דאס און נישט יענץ, זאל טייקעף אויסצאלן דעם איבערפאלער הונדערט גילדן, און אבוצדעם דרייסיק גילדן פאר די ארימע אין טפיסע. און איר, וואס איר האט נישט קיין מלאכע און קיין פארנאסע אויך נית, און איר דרייט אײַך ארום פוסטעפּאס אף דעם אינדזל, נעמט אײַך די הונדערט גילדן און שוין מארגנדיקן טאג זאלט איר פארלאזן דאס אינדזל, אן ארויסגעשיקטער אף צען יאר, און טאמער פאלגט איר מיך נית, וועט איר מיך פאלגן אף יענער וועלט, ווארום איך אליין וועל אײַך אפן סלופּ אויפהענגען, אדער דער טאליען וועט דאס טון אף מײַן באפעל. און זאל מיר קיינער א ווארט נישט קעגנריידן, ווארום איך וועל אף אים די האנט ארויפלייגן.

איינער האט געגעבן, דער אנדערער האט גענומען, דער האט דאס אינדזל פארלאזט, יענער איז אהיימגעגאנגען און דער גובערנאטער איז געבליבן און געזאגט:

— און איצט, אדער איך וועל די מאכט נישט האבן, אדער איך וועל די שפּילהײַזער אפּראמען; ווארום מיר שײַנט, אז זיי זײַנען זייער שעדלעך.

— אט דאס שפּילהויז, אלנפאלס — האט איינער פון די שרײַבער זיך אנגערופן, — וועט אײַער גענעדיקייט נישט קענען אפּראמען, ווארום א גאר אנגעזעענער פארשוין האלט עס און עס איז גאר קיין פארגלײַך נישט וואס דער מענטש פארלירט א יאר מיט דעם וואס ער נעמט ארויס פון די קארטן. אײַער מאכט וועט אײַער גענעדיקייט קענען ארויסווײַזן קעגן די אנדערע שפּילהײַזער, די קלענערע, וואס זיי זײַנען די שעדלעכסטע און באהאלטן אויס גרעסערע שווינדלען, מאכמעס אין די באלעבאטישע הײַזער און צווישן די גרויסע לײַט דערוועגן זיך נית די שולערס זייערע קונצן ארויסצווײַזן. און אזוי ווי די לײַדנשאפט צו קארטן־שפּיל איז שטארק פארשפּרייט, איז גלײַכער מען זאל שפּילן אין די באלעבאטישע הײַזער איידער ערגיץ בא אן אפּיציר, ווו מען פאקט ארײַן א פארשוין נאך האלבער נאכט און מען שינדט אים דארט אפּ א לעבעדיקן.

— איצט וויים איך, שרײַבער, — האט סאנטשא געזאגט, — אז פאראן איז אין דעם איניען אסאך וואס צו זאגן.

אין דער רעגע איז צוגעקומען א פּאליציאנט מיט א באכערל בא דער האנט, און געזאגט:

— האר גובערנאטער, דער יונגערמאנטשיק איז אונדז אנטקעגן געגאנגען, ווי נאר אבער ער האט דערבליקט די יוסטיץ, האט ער זיך אויסגעדרייט און גענומען לויפן ווי א הירש, א סימען, אז ער האט געמוזט באגיין עפּעס א פארברעכן.

איך האָב מיך געלאָזט לויפן נאָך אים, און ווען ער פאַרטשעפּעט זיך נישט און פאַלט נישט, וואָלט אים קיינער נישט אָנגעיאָגט.

— מענטש, פאַרוואָס ביזטו אַנטלאָפן? — האָט סאַנטשאָ געפרעגט.

דערויף האָט דער יונגערמאַנטשיק געענטפערט:

— איך בין אַנטלאָפן, מײַן האַר, קעדיי נישט צו דאַרפן ענטפערן אויף דעם שלאַל מיט פראַגעס, וואָס די יוסטיץ־לײַט שטעלן.

— וואָס איז דײַן מעלאָכע?

— אַ וועבער.

— וואָס וועבסטו?

— אײַזנס אויף שפּיצן, מיט אײַער דערלויבעניש, אײַער גענעדיקייט.

— ביזט מיר צו אַ גרויסער כאָכעם! האַלטסט זיך פאַר אַ וויצלער? ניי, גוט! וווּהין זשע ביזטו איצט געגאַנגען?

— כאַפּן לופט, מײַן האַר.

— וווּ זשע כאַפּסטו לופט אויף דעם אינדזל?

— דאָרט וווּ ער בלאָזט.

— זייער ווויל: דו ענטפערסט צו דער זאַך, ביזט אַ קלוגער באָכער. נאָר שטעל דיר פאָר, אַז איך בין די לופט און איך בלאָז דיר פון הינטן און שיק דיך אויף גלײַך אין טפיסע. היי! נעמט אים און פירט אים! איכל שוין זען: ער זאָל דאָרט איבערשלאָפן די נאַכט אָן לופט.

— שווער איך אײַך! — האָט דער יונגערמאַנטשיק געזאָגט, — אַז אײַער גענעדיקייט קען מיך אַזוי צווינגען איך זאָל שלאָפן אין טפיסע, ווי איר קענט מיך צווינגען צו ווערן קייסער.

— פאַרוואָס זשע וועל איך דיך נישט קענען צווינגען שלאָפן אין טפּיסע? — האָט סאַנטשאָ געענטפערט. — האָב איך דען נישט די מאַכט דיך צו כאַפּן און דיך אָפּלאָזן ווען איך וויל?

— מיט אײַער גאַנצער מאַכט — האָט דער יונגערמאַנטשיק געזאָגט — קענט איר מיך נישט צווינגען שלאָפן אין טפיסע.

— וואָס הייסט איך קען נישט? — האָט סאַנטשאָ געענטפערט: — די מינוט נעמט אים און זאָל ער זען, אַז ער נאַרט זיך, ווען אַפילע דער אויפזעער זאָל האָבן מיט אים אײַנזען פאַר עפּעס. איך קען אים באַשטראָפן מיט צוויי טויזנט טאַלער, טאָמער לאָזט ער דיך אַפילע אַ טראָט אויסער דער טפּיסע.

— ס׳איז דאָך נאָר צום לאַכן! — האָט דער יונגערמאַנטשיק געענטפערט. — עס זאָלן קומען אַלע לעבעדיקע מענטשן פון גאָר דער וועלט, וועלן זיי מיך נישט צווינגען שלאָפן אין טפּיסע.

— זאָג מיר, דו שעד, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — דו האָסט עפּעס אַ מאַ־לעך, וואָס זאָל דיך אַרויסנעמען פון דאָרט און אַראָפּנעמען פון דיר די רינגען, וואָס איך רעכן דיר הייסן אָנטון אויף די פיס?

— איצט, האַר גובערנאַטער — האָט דער יונגערמאַנטשיק בייזעוודיק גע־ענטפערט — לאָמיר דעם איניען באַטראַכטן און לאָמיר קומען אויף אַ דערעך.

שטעלט אײַך פֿאָר, אײַער גענעדיקייט, אַז איר שיקט מיך אין טפֿיסע, אַז דאָרט טוט מען מיר אָן רינגען און קייטן אויף די פֿיס און מען וואַרפֿט מיך אַרײַן אין קאַרצער, און מען באַשטראָפֿט דעם אויפֿזעער מיט אַ שווערער שטראָף אויב ער לאָזט מיך אַרויסגיין, און ער פֿירט אויס אַלץ ווי מען הייסט אים, און פֿון דעסט־וועגן, אַז איך וועל נישט וועלן שלאָפֿן און וועל זײַן וואַך די גאַנצע נאַכט און אַז אויג נישט צומאַכן, וועט אייער גענעדיקייט מיט אײַער גאַנצער מאַכט מיך קענען צווינגען שלאָפֿן, ווען איך וויל ניט?

— זיכער אַז ניין, — האָט דער סעקרעטאַר זיך אָפּגערופֿן, — און דער מענטש האָט זײַנס אויסגעפֿירט.

— הייסט עס — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — אַז נישט קעדיי מיר צו דער־ווידערן וועסטו נים שלאָפֿן, נאָר ווײַל דו וועסט נישט קענען?

— ניין, מײַן האַר, ניין, — האָט דער יונגערמאַנטשיק געזאָגט, — דאָס איז מיר אַפֿילו אויף דער מאַכשאָווע נישט געקומען.

— גיי זשע דיר געזונטערהייד — האָט סאַנטשאָ געזאָגט — גיי דיר שלאָפֿן צו דיר אַהיים און האָב אַ רויִקן שלאָף, איך וועל אים בא דיר נישט צונעמען. נאָר פֿון הײַנט און ווײַטער, ראָט איך דיך, זאָלסט פֿון דער יוסטיץ קיין כוויזעק נישט פּראָווען, וואָרום דו קענסט אָנטרעפֿן אויף אַזוינעם, וואָס זאָל דיר דערלאַנגען מיט דעם כוויזעק אין קאָפּ אַרײַן.

דער יונגערמאַנטשיק איז אַוועק און דער גובערנאַטער איז ווײַטער אָנגעגאַנ־גען מיט דער רונדע, און באַלד דערויף זײַנען צוגעקומען צוויי פּאָליציאַנטן מיט אַ מאַן געפֿירט אונטער די הענט, און געזאָגט:

— האַר גובערנאַטער, דער מאַן וואָס איר האָט דאָ פֿאַר אײַך, איז נישט קיין מאַן, נאָר אַ פֿרוי, און גאָר נישט קיין מיִעסע, וואָס האָט זיך אָנגעטאָן אין מענע־רישע קליידער.

צוגעטראָגן האָט מען אים צו די אויגן צוויי אָדער דרײַ לאַמטערנס, און בא זייער שײַן, האָט מען דערזען אַ פּנים פֿון אַ מיידל פֿון זעכצן יאָר, אָדער מער, די האָר פֿאַרנומען אין אַ האָר־נעץ פֿון גאָלד מיט גרינעם זײַד, שיין ווי טויזנט פּערל. באַקוקט האָט מען זי פֿון אויבן ביז אַראָפּ און געזען האָט מען, אַז זי טראָגט רויטע זײַדענע זאָקן, מיט זאָקנבענדלעך פֿון ווײַסן טאַפֿעטאַן מיט בליטשקעס פֿון גאָלד און בּיסער, די מײַטקעס גרינע פֿון גאָלד־געוועב, און אַ קאַפּטל אָדער אַ לײַבל פֿון דעם אײגענעם שטאָף, אַ צעשפּיליעטס און אונטער דעם אַ זשילעט פֿון פֿײַנסטן שטאָף, גאָלד און ווײַס, און די שיך ווײַסע און מענערישע. נישט געטראָגן האָט ער קיין שווערד אָנגעגורט, נאָר אַ זייער רײַכן דעגן און רינגלעך אויף די פֿינגער, אַסאַך און גוטע. קורץ, די באָכערטע איז אַלעמען געפֿעלן, און קיינער פֿון די וואָס האָבן זי געזען, האָט זי נישט געקענט, און די שטעטלשע האָבן גע־זאָגט, אַז זיי קענען גאָרנישט אײַנפֿאַלן ווער זי איז, און די וואָס זײַנען געווען אײַנ־געשווירן אין דעם שפּאַס, וואָס מען טרײַבט מיט סאַנטשאָן, האָבן זיך מער ווי אַלע געכידעשט, וואָרום די פּאַסירונג מיט דער באַגעגעניש, איז נישט געווען פֿון זייער צוגעגרייט, און זיי האָבן נישט געוווּסט וואָס דאָ קומט פֿאָר און האָבן גע־

װאָרט װאָס דערפֿון װעט אַרױסקומען. סאַנטשאַ איז געװען געפּלעפּט פֿון דעם מײדלס שײנקײט און האָט זי געפֿרעגט װער זי איז, װוּהין זי גײט און װאָס האָט זי געצװוּנגען אַזױ זיך אָנצוטון. און זי, מיט די אױגן צו דער ערד, מיט פֿרומער בושע, האָט געענטפֿערט:

— איך קען נישט זאָגן, מײַן האַר, פֿאַר אַלעמען אין די אױגן, דאָס װאָס איך װאָלט װעלן האַלטן בעסאָד. אײן זאַך נאָר װיל איך מען זאָל מיך פֿאַרשטײן, אַז איך בין נישט קײן גאַנעװ און נישט קײן פֿאַרפֿירער, נאָר אַ אומגליקלעך מײדל, אָן מאַזל, און דער קװיעך פֿון אײפֿערזוכט האָט מיך געבראַכט דערצו איך זאָל אײַבערטרעטן די אָנשטענדיקײט, װאָס דער אָרנטלעכער קומט.

געהערט האָט דאָס דער הױפֿמײַסטער און האָט זיך אָנגערופֿן צו סאַנטשאָן:

— זאָגט דעם גאַנצן אױלעם, האַר גובערנאַטער, ער זאָל אָפּטרעטן, אַחוץ דעם הױפֿמײַסטער, דעם זאַלמײַסטער און דעם סעקרעטאַר. און װען זײ אַלײן זײַנען געבליבן, האָט דאָס מײדל װײַטער דערצײלט:

— מײַנע האַרן, איך בין די טאָכטער פֿון פּעדראָ פּערעז מאַזאָרקאַ, אָפּדינגער פֿון דעם היגן װאָל, און ער קומט אָפֿט צו מײַן פֿאָטער אין הױז.

— דאָס איז נישט אָפּן ריכטיקן װעג, מײַן האַרנטע — האָט דער הױפֿמײַסטער געזאָגט — װאָרום איך קען זײער גוט פּעדראָ פּערעס, און איך װײס, אַז ער האָט קײן קינדער ניט, נישט קײן זין און נישט קײן טעכטער. אַחוצדעם, זאָגט איר, אַז ער איז אײַער פֿאָטער און דערנאָך גיט איר צו, אַז ער קומט אָפֿט אַרײַן צו אײַער פֿאָטער אין הױז.

— איך האָב דאָס שױן באַמערקט, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט.

— איך בין איצט צעטומלט, מײַנע האַרן, און איך װײס נישט װאָס איך זאָג, — האָט דאָס מײדל געענטפֿערט, — נאָר דער עמעס איז, אַז איך בין די טאָכטער פֿון דיעגאָ פֿון דעם פּלײַן, װאָס אײַערע גנעדיקײטן קענען אים זיכער.

— דאָס איז שױן באַם װעג — האָט דער הױפֿמײַסטער געזאָגט, — װאָרום איך קען דיעגאָ פֿונעם פּלײַן, און איך װײס, אַז ער איז אַן אָנגעזעענער און אַ רײַכער אַדעליקער, און האָט אַ זון מיט אַ טאָכטער, און אַז נאָכדעם װי דאָס װײַב איז אים געשטאָרבן, קען קײנער נישט זאָגן, ער זאָל האָבן געזען זײַן טאָכטער אין פּאָנים, מאַכמעס דער פֿאָטער האַלט זי פֿאַרשפּאַרט און לאָזט אַפֿילע די זון אױף איר נישט אַ קוק טון. פֿון דעסט װעגן, האָט זי אַ שעם פֿאַר אַן אױסטערלישער שײנהײט.

— ס'איז ריכטיק — האָט דאָס מײדל געענטפֿערט, — און איך בין די טאָכטער. צי איז עמעס אָדער ליגן דער שעם װעגן מײַן שײנקײט, האָט איר אײַך שױן מיסטאָמע, מײַנע האַרן, אָנטױשט, װי נאָר איר האָט מיך געזען.

און זי האָט זיך דערבײַ צערטלעך צעװײנט. דערזען האָט דאָס דער סעקרעטאַר, האָט ער שטיל אָפּן אױער אַ זאָג געטון צום זאַלמײַסטער:

— דעם מײדל, װײ צו איר, האָט געמוזט פּאַסירן עפּעס זײער װיכטיקס, אױב זי, אַזאַ לײַטיש קינד, איז אַרױס פֿון שטוב אַזױ שפּעט אין דער נאַכט און אַזױ פֿאַרקלײדט.

— זיכער — האָט דער זאַלמײַסטער געענטפערט, — מען דערקענט עס אויך פון איר וויינען.

סאָנטשאָ האָט זי געטרייסט מיט די בעסטע ווערטער וואָס ער האָט געקענט, און האָט זי געבעטן זי זאָל אים אָן שום מוירע זאָגן, וואָס מיט איר האָט פּאַסירט; אַלע וועלן איר זען העלפן מיט גאַנצן ערנסט און מיט אַלע מעגלעכקייטן.

— די מעַיסע איז, מײַנע הארן — האָט זי געענטפערט, — וואָס שוין צען יאָר ווי מײַן פאָטער האַלט מיך פאַרשפּאַרט, אַזוי לאַנג ווי מײַן מאַמען עסט די ערד. אין דער היים באַ אונדז ריכט מען אָפּ טפילעס אין אַ שיינער קאַפּליצע און איך האָב די גאַנצע צײַט בלויז געזען די זון באַטאָג און די לעוואָנע מיט די שטערן באַנאַכט, נישט איך ווייס וואָס אַזוינס זײַנען גאַסן, שטאָט־פּלעצער און קלויסטערס, נישט אַפילע וואָס מענער זײַנען, אַ כוץ מײַן פאָטער און מײַן ברודער, און דעם פּעדראָ פּערעס, דעם אָפּדינגער, וואָס מיר איז אײַנגעפאַלן צו זאָגן, אַז ער איז מײַן פאָטער, מאַכמעס ער קומט אָפּט אַרײַן צו אונדז, און איך האָב נישט געוואָלט זאָגן ווער מײַן פאָטער איז. דאָס פאַרשפּאַרן מיך און נישט לאָזן גיין אין גאַס, אַפילע נישט אין קלויסטער, רויבט אַוועק באַ מיר יעדע טרייסט, זײַט לאַנגע טעג און כאַדאָשים: איך וואָלט וועלן זען די וועלט, אָדער כאָטשבי דאָס שטעטל ווו איך בין געבוירן, און מיר דאַכט זיך, אַז דער באַגער איז נישט קעגן דער אָנ־שטענדיקייט, וואָס לײַטישע מיידלעך דאַרפן היטן. ווען איך פלעג הערן, אַז ס'איז פאַראַן אָקסן־געפעכט, רערן־געפעכט און מען שפּילט קאָמעדיעס, פלעג איך פרעגן באַ מײַן ברודער, וואָס איז אַ יאָר יינגער פון מיר, ער זאָל מיר זאָגן וואָס דאָס איז און וואָס אַזוינס זײַנען נאָך אַנדערע זאַכן, וואָס איך האָב זיי נישט געזען. ער האָט מיר אַלץ דערציילט ווי ער האָט געקענט, נאָר דאָס האָט נאָכמער געררייצט מײַן פאַרלאַנג זיי צו זען. צום סאָף, קעדיי לאַנג נישט אויפצוהאַלטן אײַך מיט דער מײַסע פון מײַן באַגאַנגענער זינד, האָב איך געבעטן באַ מײַן ברודער דאָס וואָס איך וואָלט אים קיינמאָל נישט באַדאַרפט בעטן.

און זי האָט זיך ווידער צעוויינט. דער הויפמײַסטער האָט איר געזאָגט:

— דערציילט ווײַטער, אײַער גענעדיקייט, וואָס מיט אײַך האָט פאַסירט, אַלע זײַנען מיר אָנגעהאַנגען אָפּ אײַערע רייד און אָפּ אײַערע טרערן.

— ווייניק רייד זײַנען מיר שוין געבליבן — האָט דאָס מיידל געענטפערט, — און אַ סאַך טרערן צום וויינען, וואָרום שלעכטע פאַרלאַנגען קענען צו עפּעס אַנדערש נישט פירן.

פאַרקליבן האָט זיך אינעם הארצן פונעם זאַלמײַסטער דעם מיידלס שיינקייט, און ער האָט ווידער צוגעשטעלט צו איר פּאָנים זײַן לאָמטערן, קעדיי נאָכאַמאָל זי אָנצוקוקן, און געדאַכט האָט זיך אים, אַז נישט מיט טרערן וויינט זי, נאָר מיט ביסער אָדער מיט דעם טוי פון די פעלדער, און נאָך העכער, מיט מיזרעך־פּערל, און באַגערט האָט ער, אַז איר אומגליק זאָל נישט זײַן אַזוי גרויס ווי עס האָט זיך געקענט דאַכטן פון איר וויינען און זיפצן. אומגעדולדיק איז דער גובערנאַטער געוואָרן מיט דעם צעצויגענעם אויפן ווי דאָס מיידל דערציילט איר געשיכטע און

ער האָט איר געזאָגט זי זאָל אויפהערן ציען די אָצאָמעס, מאַכמעס עס איז שוין שפּעט און עס פעלט נאָך אַ סאַך אומצוגיין איבערן שטעטל.

קרעכצנדיק און מיט אָפּגעהאַקטע זיפצן, האָט זי געזאָגט:

— מײַן אומגליק באַשטייט דערין וואָס איך האָב געבעטן מײַן ברודער ער זאָל מיך פאַרקליידן פאַר אַ מאַן מיט זײַנעם אַן אָנצוג און אין אַ באַנאַכט, ווען מײַן פאָטער וועט שלאָפן, זאָל ער מיך אַרויסנעמען אָנקוקן דאָס שטעטל. איך בין אַזוי לאַנג צוגעשטאַנען צו אים ביז ער האָט נאָכגעגעבן מײַן פאַרלאַנג און האָט מיך פאַרקליידט אין אָט דעם אָנצוג און זיך אין מײַנעם, וואָס ליגט אויף אים ווי אָנגעמאָסטן, ווײַל ער האָט נאָך נישט קיין האָר אויף דער באָרד און זעט אויס ווי אַ זעלטן שיין מיידל. ערשט אַ שאָ ווי מיר זײַנען פון דער שטוב אַרויסגעגאַנגען, און פאַרטון אין אונדזער יונגן געשפּרעך, זײַנען מיר דאָס גאַנצע שטעטל דורכגעגאַנגען, און ווען מיר האָבן שוין געוואָלט אַהיימגיין, האָבן מיר דערזען אַ מענגע מענטשן און מײַן ברודער האָט מיר געזאָגט:

„— שוועסטער, דאָס מוז זײַן די רונדע: טו דיר אָן פליגל אויף די פיס און לאָמיר גיין שנעלער, דו לויף מיר נאָך, מען זאָל אונדז נישט דערקענען און דערציילן. און ווי ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער זיך אויסגעדרייט און גענומען נישט לויפן, נאָר פליען. איך האָב קוים געמאַכט עטלעכע שפּאַן און בין אומגעפאַלן אַ דערשראָקענע און דעמאָלט איז צוגעקומען צו מיר דער יוסטיץ־באַאַמטער, וואָס האָט מיך געבראַכט פאַר אײַערע גענעדיקייטן, און איך שעם מיך איצט פאַר אַזוי פיל מענטשן, וואָס איך בין אַזאַ שלעכטע און קאַפּריזנע.

— האָט אײַך מיט אַן עמעס, האַרנטע, קיין גרעסער אומגליק נישט פּאַסירט? — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — נישט קיין אייפערזוכט, ווי איר האָט פון אָנהויב געזאָגט, האָט אײַך פון אײַער שטוב אַרויסגעבראַכט?

— מיר האָט גאָרנישט פּאַסירט, און נישט קיין אייפערזוכט האָט מיך פון דער שטוב אַרויסגעבראַכט, נאָר דער פאַרלאַנג די וועלט צו זען, וואָס איז נישט גגאַנגען ווײַטער פון די שטעטלשע גאַסן.

און דאָס וואָס דאָס מיידל האָט דערציילט, האָט זיך באַשטעטיקט ווען די פּאָליציאַנטן זײַנען צוגעקומען מיט איר ברודער אַן אַרעסטירטן, וואָס איינער פון זיי האָט אים געכאַפּט ווען ער איז אַנטלאָפן פון זײַן שוועסטער. געהאַט האָט ער אויף זיך נישט מער ווי אַ טײַער קליידל און אַ מענטעלע פון דאַמעסקער טוך מיט פײַנעם גאָלד באַזוימט, דער קאָפּ נישט צוגעדעקט, נאָר באַצירט מיט די אייגענע האָר, ווי גאָלדענע רינגלעך, אַזוי בלאָנד און געקרויזט זײַנען זיי געווען. אָוועקגערופן האָבן אים אָן אַ זײַט דער גובערנאַטער, דער הויפּמײַסטער און דער זאַלמײַסטער, און אַזוי אַז די שוועסטער זאָל נישט הערן, האָבן זיי אים געפרעגט ווי קומט ער צו זײַן אַזוי געקליידט. און ער, נישט ווייניקער ווי זי פאַרשעמט און צעטומלט, האָט דערציילט דאָס אייגענע וואָס די שוועסטער, און דער פאַרליבטער זאַלמײַסטער האָט דערפון שטאַרק האַנאָע געהאַט. נאָר דער גובערנאַטער האָט געזאָגט:

— אוודאי איז עס געווען אַ דערוואַקטע שטיפערײַ, מײַנע האַרן, און אויף צו

דערציילן דאָס נאַרישקייט און דעם דערוועגטן אײַנפֿאַל, האָט מען נישט באַ־
דאַרפֿט אַזאַ לאַנגע מײַסע דערציילן און אַזוי פֿיל וויינען און זיפֿצן, נאָר גלײַך
זאָגן: מיר זײַנען דער און די און מיר האָבן זיך פֿון טאַטנס שטוב אַרויסגעכאַפּט
מיט דעם מיטל, אויס נייגיר, אָן שום אַנדער מיין", און די מײַסע איז אויס, און
נישט מיט די וויינערלעך און קרעכצערלעך און אַזוי ווײַטער.

— עמעס — האָט דאָס מיידל געענטפֿערט, — נאָר אײַערע גענעדיקייטן
דאַרפֿן וויסן, אַז איך בין געווען אַזוי צעמישט, אַז איך האָב נישט געקענט געפֿי־
נען די ווערטער.

— מיר האָבן דערמיט גאָרנישט פֿאַרלוירן — האָט סאַנטשאָ געענטפֿערט;
— קומט, וועלן מיר צופֿירן אײַערע גענעדיקייטן ביז צו אײַער פֿאָטערס שטוב.
ער בענקט שוין מיסטאָמע נאָך אײַך. און פֿון הײַנט און ווײַטער זאָלט איר נישט
זײַן אַזוי קינדיש און אַזוי נייגיריק די וועלט צו זען, וואָרום אַן אָרנטלעך מיידל
זאָל זיך בעסער אַ פֿוס צעברעכן און בלײַבן זיצן אין דער היים, וואָרום ווײַבער
און הינער פֿאַרלירן זיך גיך. און ווער עס האָט כיישעק צו זען, האָט אויך כיי־
שעק צו ווײַזן. מער זאָג איך גאָרנישט.

דער באָכער האָט געדאַנקט דעם גובערנאַטער פֿאַר דער געפֿעליקייט, וואָס ער
וויל מיט זיי טון און זיי צופֿירן אַהיים, און זיי זײַנען צוגעגאַנגען ביז דער שטוב,
וואָס איז געווען נישט ווײַט.

צוגעקומען, האָט דער ברודער אַ ציי געטון אַ שנירל באַ אַ באַלקאָן און אַראָפּ־
געקומען איז אַ דינסט, וואָס האָט שוין געוואַרט אַף זיי און האָט זיי געעפֿנט די
טיר און זיי זײַנען אַרײַנגעגאַנגען און אַלעמען געלאָזט שטיין פֿאַרוווּנדערט, סײַ
מיט זייער פֿײַנקייט און סײַ מיט זייער שיינקייט, ווי מיט זייער כיישעק צו זען
די וועלט באַנאַכט און נישט אַרויס פֿון שטעטל. נאָר געטראַכט האָבן זיי זיך אַלע,
אַז דאָס קומט דערפֿון וואָס זיי זײַנען נאָך יונג. דער זאַלמײַסטער איז געבליבן
מיט אַ דורכגעשטאָכן האַרץ און האָט זיך פֿירגענומען שוין מאָרגן צוגיין צום
מיידלס פֿאָטער און זי בעטן פֿאַר אַ ווײַב, און ער איז זיכער געווען, אַז ער וועט
אים נישט אָפּזאָגן, ווי דעם פֿירשטס אַ דינער, און אַפֿילע סאַנטשאָן איז אַפּן גע־
דאַנק געקומען און באַפֿאַלן איז אים אַ כיישעק כאַסענע צו מאַכן דעם באָכער
מיט סאַנטשיקאַ, זײַן טאָכטער, און האָט באַ זיך אָפּגעמאַכט אַ שמועס צו טון
דערוועגן, מיט דער אויסרעכענונג, אַז פֿון אַ גובערנאַטערס אַ טאָכטער וועט זיך
קיין שום מאַן נישט אָפּזאָגן. דערמיט האָט זיך יענע נאַכט פֿאַרענדיקט די רונדע,
און אין אַ פּאָר טעג אַרום אויך די רעגירונג, און אונטערגעהאַקט און אָפּגעמעקט
זײַנען געוואָרן אַלע פֿירגענומענע זאַכן, ווי מען וועט דאָס ווײַטער זען.

# פופציקסטער קאַפּיטל

**ווי עס ווערט אויפגעקלערט ווער עס זיינען געווען די קישעפמאַכער און טאַליאַנים, וואָס האָבן געשמיסן די ווירטן און געקנייפּט און צעדראַפּעט דאָן קיכאָטן, און די האַצלאָכע פון דעם פּאַזש, וואָס האָט געבראַכט דעם בריוו פון טערעזאַ פּאַנצאַ, סאַנטשאָ פּאַנצאַס ווייב.**

סידע האמעטע, דער אויסערסט פּינקטלעכער פאַרשער, וואָס האָט זיך גע־גריבלט אין די אטאָמען פון דער דאָזיקער עמעסער געשיכטע, זאָגט, אַז אין דער צייט וואָס דאָניאַ ראָדריגעז איז ארויסגעגאַנגען פון איר כיידער אף אַריינצו־גיין אין כיידער צו דאָן קיכאָטן, האָט אַ צווייטע ווירטן, וואָס איז מיט איר געשלאָפן, דאָס דערפילט, און אַזוי ווי אַלע ווירטנס זיינען גרויסע ליבהאָבערנס צו וועלן וויסן, נאָכקוקן און אָנשמעקן, איז זי איר שטיל נאָכגעגאַנגען, אַזוי אַז די בראַווע ראָדריגעז האָט זי נישט געמערקט. און ווי נאָר אָט די ווירטן האָט זי געזען אַריינגיין צו דאָן קיכאָטן אין כיידער, האָט זי נישט געוואָלט באַגיין קיין זינד קעגן דער טעווע פון די ווירטנס צו טרייבן רעכילעס, און איז באַלד אוועק אָפּטראָגן איר הארנטע דער פּירשטן, אַז דאָניאַ ראָדריגעז זיצט בא דאָן קיכאָטן אין כיידער.

די פּירשטן האָט דאָס דערציילט דעם פּירשט און האָט אים געבעטן אַ דער־לויבעניש, אַז זי מיט אַלטיסידאָראַן זאָלן גיין זען וואָס פאַר מאַכזאָקעס יענע ווירטן האָט מיט דאָן קיכאָטן. דער פּירשט האָט זיי געגעבן די דערלויבעניש און, טראָט נאָך טראָט, מיט גרויס שטילקייט און שטאַרק געשפּאַנט, זיינען זיי צוגע־קומען צו דער טיר פון כיידער און האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אַזוי נאָנט, אַז זיי האָבן געהערט אַלץ וואָס מען האָט אינעווייניק גערעדט. און ווען די פּירשטן האָט געהערט דאָניאַ ראָדריגעז ברענגט ארויס די רעכילעס וועגן אירע קוואַלן, האָט זי נישט אויסגעהאַלטן, דאָס אייגענע אַלטיסידאָראַ, און מיט גרויס צאָרן און דורשט נעקאָמע צו נעמען, האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אינעם כיידער און האָבן צעלעכערט דאָן קיכאָטן ווי אַ רעשעטע און אָנגעשמיסן די ווירטן, אַזוי ווי עס ווערט דערציילט. וואָרום באַליידיקונגען וואָס זיינען דירעקט געווענדט קעגן דער שיינקייט און גייווע פון די ווייבער, צערייצן זיי אויסערגעוויינלעך און צינדן אָן אין זיי נעקאָמע־געפילן. דערציילט האָט דערנאָך די פּירשטן דעם פּירשט וואָס מיט איר האָט פּאַסירט און דאָס האָט אים שטאַרק האַנאָע געטון, און קעדיי ווי־טער אָפּצולאַכן פון דאָן קיכאָטן און דערמיט זיך צו פאַרוויילן, האָט זי דעם פּאַזש, וואָס האָט זיך געהאַט פאַרשטעלט פאַר דולצינעאַן בעיים דעם שפּאַס מיט אויסלייזן זי פונעם קישעף, וואָס איז שוין סאַנטשאָן פונעם קאָפּ ארוים צוליב זיין פאַרנומענקייט מיט דעם רעגירן, אַוועקגעשיקט צו טערעזאַ פּאַנצאַ זיין ווייב, מיט איר מאַנס בריוו און מיט אירן אַן אייגענעם, אינאיינעם מיט אַ בינטשל טייערע קרעלן אַ מאַטאָנע.

די געשיכטע דערציילט, אַז דער פּאַזש איז געווען זייער אַ קלוגער און אַ

שאַרפער באַכער און מיט דעם באַגער צו דינען זײַנע האַרן, האָט ער זייער גערן געמאַכט די נעסיע אין דעם דאָרף, פון וואַנען סאַנטשאָ איז געווען, און פאַר דעם ווי ער איז אַרײַנגעקומען אין דאָרף האָט ער געזען בײַ אַ טײַכל אַ סאַך ווײַבער וועש וואַשן און ער האָט זיי געפרעגט צי זיי ווייסן נישט אויב אין דעם דאָרף וווינט אַ פרוי מיט דעם נאָמען טערעזאַ פּאַנצאַ, דאָס ווײַב פון אַ געוויסן סאַנ־טשאָ פּאַנצאַ, דעם וואָפּנטרעגער פון אַ ריטער מיט דעם נאָמען דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, און אויף זײַן פראַגע, האָט זיך פונעם וואַשן אויפגעהויבן אַ יונג מיידל און האָט זיך אָנגערופן:

— טערעזאַ פּאַנצאַ איז מײַן מאַמע און סאַנטשאָ איז מײַן האַר טאַטע, און דער ריטער איז אונדזער פּאַריץ.

— אויב אַזוי, מיידל, קום פיר מיך צו דײַן מאַמען, וואָרום איך פיר פאַר איר אַ בריוו און אַ מאַטאָנע פון אײַער טאַטן.

— גערן וועל איך עס טון, מײַן האַר — האָט געענטפערט דאָס מיידל, וואָס האָט אויסגעזען אַ יאָר פערצן, מער אָדער ווייניקער.

און איבערגעלאָזט האָט זי דאָס וועש וואָס זי האָט געוואַשן, אויף אירער אַ כאַווערטע, און אַזוי ווי זי איז געשטאַנען, נישט צוגעקעמט און די שיך נישט אָנגעטון, אַ צעשויבערטע און אַ באָרוועסע, האָט זי אַ שפּרונג געטון פאָרויס דעם ריטער און געזאָגט:

— זאָל אײַער גענעדיקייט מיר נאָכרײַטן, מיר וווינען דאָ אָנהויב דאָרף, און מײַן מאַמע איז שוין שטאַרק אומרויִק וואָס זי האָט נישט אַזוי לאַנג קיין יע־דיע פון מײַן האַר טאַטן.

— ברענג איך איר טאַקע אַזוינע גוטע יעדיעס פון אים, — האָט דער פּאַזש געזאָגט, — אַז זי מעג דאַנקען גאָט פאַר זיי.

דאָס מיידל איז אַזוי לאַנג געשפּרונגען, געלאָפן און געהעפּעט ביז זי איז צוגעקומען צום דאָרף, און איידער נאָך זי איז אַרײַן אין שטוב, האָט זי נאָך אויף דער שוועל שטייענדיק אויסגעשריגן:

— מאַמע טערעזאַ, קום אַרויס! קום אַרויס, אַ מענטש איז געקומען און געבראַכט אַ בריוו און גוטע זאַכן פון מײַן גוטן טאַטן.

אויף אירע קוילעס איז אַרויסגעקומען טערעזאַ פּאַנצאַ, איר מוטער, מיט אַ קנויל קלאָטשע, וואָס זי האָט געהאַלטן אין שפּינען, אין אַ ברוין קליידל (וואָס איז אַזוי קורץ געווען, אַז ניט אַנדערש מען האָט עס אונטערגעשניטן אויף אַ שע־מעוודיק אָרט). און אַן אָפן קאַפּטל אויך אַ ברוינס, מיט אַ ברוסט־העמד. געווען איז זי נישט גאָר אַלט, כאָטש סענטיק שוין אַריבער די פערציק, נאָר קרעפטיק און שטייף, אָדערדיק און יאָדערדיק. און אַז זי האָט דערזען איר טאָכטער און דעם פּאַזש אויפן פערד, האָט זי צו איר געזאָגט:

— וואָס איז געשען, קינד מײַנס? ווער איז דער מענטש?

— אַ דינער בין איך פון מײַן האַרנטע דאָניאַ טערעזאַ פּאַנצאַ, — האָט דער פּאַזש געענטפערט.

און ווי ער האָט דאָס געזאָגט, איז ער אראָפּגעשפּרונגען פונעם פערד זיך צו שטעלן אַף די קני פאַר דער הארנטע טערעזא, און געזאָגט:

—זאָל מיר, אײַער גענעדיקייט, מײַן הארנטע דאָניא טערעזא, געבן די הענט, ווי די גזזעצלעכע פּאַרנעמע פרוי פונעם האר דאָן סאַנטשאָ פּאַנצא, אײַ־נענער גובערנאַטער פון דעם אינדזל באַראַטאַריאַ.

— וויי איז צו מיר, האר מײַנער! גייט אַוועק פון מיר, טוט עס נישט — האָט טערעזא געענטפערט, — איך בין נישט קיין הויפדאַמע, נאָר אַ פּאָשעטע פויער־טע, אַ טאָכטער פון ערדגרעבער און די פרוי פון אַ וואַנדערער אַ מעשאָרעס, און נישט פון קיין גובערנאַטער.

— אײַער גענעדיקייט — האָט דער פּאַזש געענטפערט — איז די כּאָשעווע פרוי פון אַן אַרציכּאָשעוון גובערנאַטער, און ווי אַ באַווײַז, אַז דאָס איז וואָר, זאָל אײַער גענעדיקייט צונעמען דעם בריוו מיט דער מאַטאָנע.

און אַרויסגענומען האָט ער דערויף פון דער קעשענע אַ בײַטשל קרעלן מיט גילדערנע ראַנדן און האָט איר אַפּן האַלדז אָנגעטון און איר געזאָגט:

— דער בריוו איז פונעם האר גובערנאַטער, און אַ צווייטער בריוו, וואָס איך האָב מיט מיר, און די קרעלן, זײַנען פון מײַן הארנטע די פירשטן, וואָס האָט מיך צו אײַך געשיקט.

טערעזא איז שטיין געבליבן אַ געפּלעפטע, און דאָס אייגענע איר טאָכטער, און אָנגערופן האָט זיך דאָס מיידל:

— זאָל איך שטאַרבן, אויב דאָס איז נישט די אַרבעט פון אונדזער האר פּאָריץ, דאָן קיכאָט, וואָס האָט אַוודאי געגעבן דעם טאַטן די רעגירונג אָדער דאָס פירשטנטום, וואָס ער האָט אים אַזוי פיל מאָל צוגעזאָגט.

— ריכטיק — האָט דער פּאַזש געענטפערט, — אויס פאַרערונג צום האר דאָן קיכאָט איז איצט דער האר סאַנטשאָ גובערנאַטער פון דעם אינדזל באַראַ־טאַריאַ, ווי איר וועט דאָס זען פון דעם בריוו.

— לייענט מיר אים איבער, אײַער גענעדיקייט, האר זשענטלמאַן — האָט טערעזא געזאָגט, — וואָרום כאָטש איך קען שפּינען, קען איך אַ בראָקן נישט לייענען.

— איך אויך ניט — האָט סאַנטשיקאַ צוגעלייגט — נאָר וואַרט צו, איך וועל עמיצן רופן וואָס זאָל אים איבערלייענען, אָדער דעם גאַלעך אַליין אָדער דעם באַקאַלאַווער סאַמסאָן קאַראַסקאָ, זיי וועלן גערן קומען הערן נײַעס פונעם טאַטן.

— מען דאַרף קיינעם נישט רופן, וואָרום איך קען ניט שפּינען, נאָר לייע־נען קען איך און איך וועל אים אײַך איבערלייענען.

און ער האָט איבערגעלייענט דעם בריוו, וואָס מאַכמעס עס איז שוין וועגן אים דערציילט, ווערט ער דאָ ניט איבערגעגעבן. און באַלד האָט ער אַרויסגענומען אַ צווייטן בריוו, דער פירשטנס, וואָס האָט זיך געלייענט אַזוי:

„פרײַנט טערעזא: אײַער מאַן סאַנטשאָס מײַלעס, זײַן גוטסקייט און זײַן קלוג־שאַפט, האָבן מיך באַוויזן און געצוווּנגען בעטן בײַ מײַן מאַן דעם פירשט ער

זאָל אים איבערגעבן צו רעגירן מיט איינעם פֿון זײַנע פֿיל אינדזלען. איך האָב יעדיעס, אַז ער רעגירט ווי אַ שפּאַרבער און איך בין דערפֿון זייער צופֿרידן, און דערום אויך דער פֿירשט מײַן האַר. און דערום דאַנק איך דעם הימל, וואָס איך האָב מיך נישט גענאַרט דערמיט וואָס איך האָב אים אויסגעקליבן פֿאַר רעגירער, און איך וויל, אַז די האַרנטע טערעזאַ זאָל וויסן, אַז שווער קומט אָן צו געפֿינען אַ גוטן גובערנאַטער אַף דער וועלט, און זאָל מיר אַזוי גאָט גוטס גינען, ווי סאַנטשאָ רעגירט גוט. דאָ שיק איך אײַך, מײַן טײַערע, אַ בײַטשל קרעלן מיט גילדערנע ראַנדן: מיר וואָלט ליבער געווען ווען דאָס זאָלן זײַן מיזרעך־פּערל, נאָר ווער עס גיט דיר דעם ביין, דער וויל ניט דײַן געוויין: מירן נאָך צײַט האָבן זיך צו באַקענען און זיך דורכריידן, און גאָט וויים וואָס דאָס וועט זײַן. גריסט אײַער טאָכטער סאַנטשיקאַ און זאָגט איר פֿון מײַן זײַט זי זאָל זיך גרייטן, ווײַל איך מוז איר כאַסענע מאַכן גאָר הויך, אַ ליאַדע טאָג. מען זאָגט מיר, אַז בײַ אײַך זײַנען פֿאַראַן פֿעטע דעמבענע ניסלעך, שיקט מיר צו אַ צוויי טוץ, זיי וועלן מיר זײַן זייער אָנגעלייגט דערמיט וואָס איך וועל וויסן, אַז זיי קומען פֿון אײַך, און שרײַבט מיר אַ לענגערן בריוו און מעלדעט מיר וועגן אײַער געזונט און ווויל־שטאַנד. און אויב איר נייטיקט אײַך אין עפּעס, דאַרפֿט איר נאָר דאָס מויל עפֿענען, און אײַער מויל וועט זײַן אַ מאָס: און זאָל מיר גאָט אײַך היטן. דאָ אין דעם אָרט: אײַער פֿרײַנט, וואָס ליבט אײַך,

די פֿירשטן".

— ווײַ, סאַראַ גוטע זי איז! — האָט טערעזאַ זיך אָנגערופֿן ווען זי האָט אויסגעהערט לייענען דעם בריוו — און סאַראַ פּאָשעטע און באַשיידענע דאַמע! מיט אַזוינע דאַמען זאָל מען מיך אין איין קייווער לייגן, און נישט ווי די היגע פֿריצעטעס, וואָס מיינען, אַז ווײַל זיי זײַנען אַדעליקע, טאָר דער ווינט אַף זיי נישט בלאָזן, און אין קלויסטער גייען זיי מיט אַזאַ פֿאַנטאַזיע, גלײַך זיי וואָלטן געווען קיניגינס און ס'איז גאָר אַ בושע זיי אַ קוק צו טון אַף אַ פּויערטע. און זעט אַ דאַמע, כאָטש זי איז אַ פֿירשטין, רופֿט זי מיך פֿרײַנט און רעדט צו מיר ווי איך וואָלט געווען איר גלײַכן, כאָטש איך זע זי גלײַך מיט דעם העכסטן שפּיץ קלויסטער, וואָס איז פֿאַראַן אין לאַ מאַנטשאַ. און וועגן די דעמבענע ניסלעך, מײַן האַר, וועל איך איר שיקן אַ גאַנצע קוואָרט, פֿעטע נאָר אַף כידושים. דו, סאַנטשיקאַ, זע דערווײַל צו דעם האַר: פֿיר אַרײַן דאָס פֿערד אין שטאַל, נעם אַרויס אייער און שנייד אָן געזאַלצענעם כאַזער אַ סאַך, און לאָמיר אים געבן צו עסן ווי אַ פּרינץ. פֿאַר די גוטע נײַעס וואָס ער האָט אונדז געבראַכט און פֿאַר דעם גוטן פּאָנים וואָס ער האָט, איז ער עס די ווערט. און איך וועל דערווײַל אַרויסלויפֿן צו די שכיינעס דערציילן די גוטע נײַעס, וואָס מיר האָבן, און אויך צום פּאָטער גאַלעך און צו מײַסטער ניקאָלאַס, דעם שערער, וואָס זײַנען אונדז גוטע פֿרײַנט און זײַנען אויך דײַן טאַטן גוטע פֿרײַנט געווען.

— יאָ, מאַמע, אַזוי וועל איך טון — האָט סאַנטשיקאַ געענטפֿערט, — נאָר דו דאַרפֿסט מיר געבן אַ האַלב פֿון די קרעלן, וואָרום די פֿירשטן, מיין איך, איז גאָרניט אַזאַ נאַר, זי זאָל זיי געווען שיקן אינגאַנצן פֿאַר דיר.

— אַלץ איז פאַר דיר, טאָכטער, — האָט טערעזאַ געענטפערט, — נאָר לאָז מיך זיי טראָגן אַפן האַלדז אַ פּאָר טעג, מיר דאַכט זיך מיט אַן עמעסן, אַז זיי דערפרייען מיר מײַן האַרץ.

— איר וועט אײַך ערשט דערפרייען — האָט דער פּאַזש געזאָגט, — ווען איר וועט זען וואָס אין דעם בינטל טוט זיך. דאָ ליגט אַ מאַלבעש פון פײַנסטן שטאָף, וואָס דער גובערנאַטער האָט בלויז איין טאָג געטראָגן אַף יאַגד, און ער שיקט דאָס אינגאַנצן פאַר דער האַרנטע סאַנטשיקאַ.

— טויזנט יאָר זאָל ער מיר לעבן — האָט סאַנטשיקאַ געענטפערט, — און דער דאָס וועט טראָגן אויך אַזוי פיל, און אַז מען וועט דאַרפן איז צוויי טויזנט.

טערעזאַ איז אַרויס פון דער שטוב מיט די בריוו און מיט דעם בײַטשל קרעלן אַפן האַלדז און האָט געפּויקט אין די בריוו ווי אין אַ פּײַקל. און ווען זי האָט צו־פעליק אָנגעטראָפן דעם גאַלעך און סאַמסאָן קאַראַסקאָ, האָט זי זיך צעטאַנצט און געזאָגט:

— איצט איז מיט אַן עמעס אויס אָרימע קרוווע: איצט האָבן מיר אַ גאַנ־צע רעגירונג, און זאָל זיך נאָר איצט פאַרטשעפּען מיט מיר די שענצטע פּריצע; אַ נײַענקע וועט זי בּאַ מיר אַרויס!

— וואָס איז געשען, טערעזאַ פאַנצאַ? וואָס זײַנען דאָס פאַר מעשוגענע שטיק און וואָס זײַנען דאָס פאַר פּאַפּירן?

— נישט קיין משוגענע שטיק זײַנען עס, נאָר בריוו, פון פירשטנס און פון גובערנאַטערס, און די קרעלן, וואָס איר זעט בּאַ מיר אַפן האַלדז, זײַנען עמעסע קרעלן, און די אָוועמאַריאַס מיט די פּאַטערנאָסטערס זײַנען פון געהאַמערטן גאָלד און איך בין גובערנאַטערשע.

— פון אויבן ביז אַרונטער, פאַרשטייען מיר דיך ניט, טערעזאַ, און מיר ווייסן ניט וואָס דו זאָגסט.

— נאַט, זעט אַליין — האָט זיי טערעזאַ געענטפערט און האָט זיי דער־לאַנגט די בריוו.

דער גאַלעך האָט זיי געלייענט אַפן קאָל אַז סאַמסאָן קאַראַסקאָ זאָל זיי הערן, און סאַמסאָן מיט דעם גאַלעך האָבן זיך איבערגעקוקט און געגאַפט דערויף וואָס זיי האָבן געלייענט, און דער באַקאַלאַווער האָט געפרעגט ווער עס האָט די בריוו געבראַכט. געענטפערט האָט טערעזאַ, אַז אויב זיי ווילן צוגיין מיט איר צו איר אין שטוב, וועלן זיי דאָרט זען דעם שעליעך, אַ באָכער ווי אַ סאָסנע אַ גיל־דערנע, און נאָך איין מאַטאָנע האָט ער איר געבראַכט, וואָס האָט נאָכמער די ווערט.

אַראָפּגענומען האָט בּאַ איר דער גאַלעך די קרעלן פונעם האַלדז און האָט זיי אָנגעקוקט, און ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זיי זײַנען עמעסע, האָט ער ווידער געגאַפט און געזאָגט:

— בּאַ מײַן ראַנג שווער איך, אַז איך ווייס נישט וואָס איך זאָל דערויף זאָגן און וואָס איך זאָל טראַכטן וועגן די בריוו מיט די מאַטאָנעס. פון איין זײַט

זע איך און איך טאַפּ אָן די פֿײַנקייט פֿון די קרעלן און פֿון דער אַנדער זײַט זע איך אַ פּירשטן בעט מען זאָל איר שיקן צוויי טוץ כאַזער־ניסלעך.

— גלײַכט מיר אויס די צוויי מאָסן — האָט קאַראַסקאַ דערויף זיך אָנגערופֿן. — לאָמיר נאָר צוגיין אַ קוק טון אויף דעם שעליעך, וואָס האָט געבראַכט די בריוו, וועלן מיר זיך שוין פֿון אים דערוויסן וואָס אונדז איז קאַשע.

אַזוי האָבן זיי געטון, און טערעזאַ איז מיט זיי מיטגעגאַנגען. געטראָפֿן האָבן זיי דעם פּאַזש אויסוויייען אויף אַ רעשעטע אַ ביסל גערשטן פֿאַר זײַן פֿערד, און סאַנטשיקאַ האָט געשניטן געזאַלצענעם כאַזער אויף אײַנצופּרעגלען אין אייער פֿאַר דעם פּאַזש, וואָס זײַן שטאַלט און פּוץ איז זיי ביידן שטאַרק געפֿעלן. און נאָכדעם ווי זיי האָבן אים העפֿלעך געגריסט, און ער זיי, האָט סאַמסאָן אים געבעטן דערציילן סײַ וועגן דאָן קיכאָטן און סײַ וועגן סאַנטשאָ פּאַנצאַ. וואָרום כאָטש זיי האָבן געלייענט די בריוו, סאַנטשאָס און דער פּירשטנס, קענען זיי נאָך אַלץ נישט קלאָר ווערן און הייבן נישט אָן פֿאַרשטיין וואָס פֿאַר אַ רעגירונג איז עס וואָס סאַנטשאָ האָט באַקומען, ביפֿראַט פֿון אַן אינדזל, דעמאָלט ווען אַלע אָדער קימאַט אַלע אינדזלען וואָס זײַנען פֿאַראַן אין מיטללענדישן יאַם געהערן זײַן מאַיעסטעט. דערויף האָט דער פּאַזש געענטפֿערט:

— אַז דער האַר סאַנטשאָ פּאַנצאַ איז גובערנאַטער, דאַרף בײַ אײַך קיין שום ספֿק נישט זײַן. צי דאָס וואָס ער רעגירט איז אַן אינדזל אָדער ניט, דערין מיש איך מיך נישט. נאָר גענוג איז, אַז דאָס איז אַ שטעטל פֿון העכער טויזנט מישפּאָכעס. און וואָס שײַעך די דעמבענע ניסלעך, זאָג איך אײַך, אַז מײַן האַרנטע די פּירשטן פֿירט זיך אַזוי פּאַשעט און האַלט זיך אַזוי באַשיידן, אַז ניט נאָר קען זי שיקן בעטן דעמבענע ניסלעך בײַ אַ פּויערטע, נאָר זי קען אַרײַנשיקן צו אַ שכיינע בעטן מען זאָל איר אַ קעמל אויסבאָרגן. וואָרום אײַערע גענעדיקייטן, וויל איך, זאָלן וויסן, אַז די אַראַגאָנער דאַמען, די אָנגעזעענסטע אַפֿילע, זײַנען נישט אַזוי גרויס בײַ זיך און האַלטן זיך נישט אַזוי פֿאַריסן ווי די קאַסטעליאַנער; זיי פֿאַרהאַלטן זיך מיט מענטשן פּאַשעטער.

אינמיטן דעם שמועס, איז סאַנטשיקאַ, מיט אַ פּאָדאָלעק אייער צוגעלאָפֿן צום פּאַזש און אים געפֿרעגט:

— זאָגט מיר, מײַן האַר, מײַן טאַטע, ווי אַ גובערנאַטער, מוז איצט אוואַדע טראָגן געשפּיליעטע שיך.

— איך האָב מיך נישט צוגעקוקט — האָט דער פּאַזש געענטפֿערט, — נאָר מיסטאָמע טראָגט ער.

— אוי, גאָט! — האָט סאַנטשיקאַ געענטפֿערט, — וואָלט איך געוואָלט זען מײַן טאַטן אין שיך מיט סקריפּ! איז עס ניט שיין, וואָס זינט איך לעב ווילט זיך מיר זען מײַן טאַטן אין געשפּיליעטע שיך?

— אַז מירן לעבן, וועט איר נאָך זען אײַער טאַטן אין אַזוינע שיך — האָט דער פּאַזש געענטפֿערט. — גאָט מײַנער! ערשט צוויי כאָדאָשים אַז ער איז בײַ דער רעגירונג און ער האָט נאָך אַזוי לאַנג צו טראָגן זײַן שויץ־היטל.

דער גאַלעך מיט דעם באַקאַלאַווער האָבן גוט געזען, אַז דער פּאַזש שפּאַסט,

נאָר די פּײַנקייט פון די קרעלן און דער יאַגד־מאַלבעש, וואָס סאַנטשאָ האָט צוגעשיקט, האָט אַלץ צעשטערט (טערעזאַ האָט זיי שוין געהאַט געוויזן דעם מאַלבעש), און זיי האָבן נישט אויפגעהערט לאַכן פון סאַנטשיקאַס באַגערן, ביפראַט נאָכדעם ווי טערעזאַ האָט זיך אָנגערופן:

— האַר גאָלעך, ווערט אָקערשט געוואָר צי פּאָרט נישט עמיצער קיין מאַדריד אָדער טאָלעדאָ, ער זאָל מיר דאָרט קויפן אַ גאָרסעט, ווי מען טראָגט הײַנט, פון די בעסטע וואָס זײַנען פאַראַן. וואָרום, מיט אַן עמעסן, איך מוז דאָך, מיט וואָס איך קען נאָר, צוגעבן כשיוועס מײַן מאַנס רעגירונג, און ווי מיך זאָל נישט פאַרדריסן, מוז איך דאָך פאָרן אין הויף און לאָזן שטיין אַ קאַרעטע וואָרטן אויף מיר, ווי אַלע טוען. אַז מען האָט אַ מאַן אַ גובערנאַטער, מעג מען האָבן אַ קאַרעטע אויף אויסצוהאַלטן.

— און נאָך ווי אַזוי, מאַמע! — האָט סאַנטשיקאַ זיך אָנגערופן. — איך וואָלט געבעטן גאָט דאָס זאָל זײַן נאָך הײַנט און נישט מאָרגן, און מיך אַרט נישט מען זאָל זאָגן, ווען מען וועט מיך זען מיט מײַן האַרנטע מוטער אין דער קאַרעטע: קוקט זי נאָר אָן, דעם קנאָבל־פרעסערס טאָכטער, ווי זי זיצט זיך אַזוי צעשפּרייט באַ זיך אין דער קאַרעטע, ווי זי וואָלט געווען אַ געשווויר!" נאָר זאָלן זיי קנעטן די בלאָטע און איך וועל מיר פאָרן אין דער קאַרעטע מיט די פיס נישט אײַנגעשמירט. אַ בייז יאָר און אַ בייזער כווידעש אויף אַלע באַריידער אין דער וועלט, און, זאָל די וועלט לאַכן, איך וועל מיר וואַרים מאַכן. בין איך נישט גערעכט, מאַמע?

— אַזאַ יאָר אויף מיר, טאָכטער! — האָט טערעזאַ געענטפערט, — און אָט דאָס גאַנצע גליק, און נאָכמער, האָט מיר מײַן טײַערער סאַנטשאָ צוגעזאָגט. וועסט זען, טאָכטער, ווי איך וועל נאָך ווערן אַ גראַפיניע, וואָרום גליקלעך צו זײַן דאַרף מען נאָר אָנהייבן. און ווי פלעגט זאָגן דײַן טײַערער טאַטע (ער איז דאָך ניט נאָר דײַן טאַטע, נאָר אויך דער טאַטע פון די גלײַכווערטלעך), אַז מען גיט דיר דאָס ביקל, לויף מיט דעם שטריקל; מען גיט דיר אַ רעגירונג, נעם; מען גיט דיר אַ פירשטנטום, כאַפּ עס; און אַז מען גיט דיר עפּעס אַ לײַטישן אונטערקויף אין דער האַנט, לייג אים אַרײַן אין קעשענע. נישט קיין פאַרשלאָפענער זײַן און נישט לאָזן קלאַפּן דאָס מאַזל אין טיר און אפילו נישט ענטפערן.

— וואָס אַרט עס מיך — האָט סאַנטשיקאַ צוגעלייגט, — וואָס ווער עס וועט זאָגן, ווען מען וועט מיך זען אַרויסגיין מיט פאַנטאַזיע און מיט גאַדלעס: האָסטו געזען אַ הונט מיט אַ שפּונט, און נאָך אַזוינס.

אויסגעהערט האָט דאָס דער גאָלעך און געזאָגט:

— נישט אַנדערש אַז די פּאַנצאַס זײַנען אַלע אויף דער וועלט געקומען מיט אַ זאַק גלײַכווערטלעך אינעם בויך: איך האָב נאָך קיין איין פּאַנצאַ נישט געזען וואָס זאָל ניט שיטן מיט גלײַכווערטלעך צו יעדער צײַט און צו יעדן געשפּרעך.

— ריכטיק — האָט דער פּאַזש זיך אָנגערופן; — דער האַר גובערנאַטער סאַנטשאָ האָט אויף יעדן טראָט אַ גלײַכווערטל, אפילו ווען עס קלעפּט זיך נישט, איז עס מאָלע טאַם, און מײַן האַרנטע די פירשטן און דער פירשט קווועלן אַן פון זיי.

— וואָס זשע, אײַער גענעדיקייט, האַר מײַנער, — האָט דער באָקאַלאָווער געזאָגט, — האַלט זיך נאָך דערבײַ אַז סאַנטשאָס רעגירונג איז אַן עמעסע זאַך און אַז פּאַראַן איז אַ פּירשטן אַף דער וועלט, וואָס שיקט איר מאַטאָנעס און שרײַבט איר? וואָרום מיר, כאָטש מיר טאַפּן אָן מיט די הענט די מאַטאָנעס און כאָטש מיר האָבן די בריוו געלייענט, גלויבן מיר ניט, און מיר מיינען נאָך אַלץ אַז ס'איז עפּעס אַן אויפטו פון דאָן קיכאָט, אונדזער לאַנדסמאַן, וואָס אַלץ ווערט בײַ אים געמאַכט מיט קישעף. און דערום זאָג איך, אַז מיר וואָלטן וועלן אָנרירן אײַער גענעדיקייט און אײַך באַטאַפּן צי זײַנט איר אַ פאַנטאַסטישער שעליעך אָדער אַ מענטש פון פלייש און ביין.

— מײַנע האַרן, איך וועגן מיר ווייס ניט עפּעס אַנדערש — האָט דער פּאַזש געענטפערט, — איך ווייס נאָר, אַז איך בין אַן עמעסער שעליעך, און אַז דער האַר פּאַנטשאָ פּאַנצאַ איז אַן עמעסער גובערנאַטער, און אַז מײַנע האַרן, דער פּירשט מיט דער פּירשטן, קענען געבן און האָבן געגעבן די רעגירונג, און געהערט האָב איך זאָגן, אַז דער סאַנטשאָ פּאַנצאַ פּירט זי זייער גרויסמוטיק. צי איז דערין פּאַראַן קישעף צי ניט, זאָלן אײַערע גענעדיקייטן וועגן דעם פּירן וויקוחים, איך ווייס נאָר איינס, לויט דער שווּוּע וואָס איך גיב באַם לעבן פון מײַן טאַטע־מאַמע, וואָס לעבן נאָך און איך האָב זיי שטאַרק ליב.

— דאָס קען וווּל געמאָלט זײַן — האָט דער באָקאַלאָווער געענטפערט, — נאָר, דוביטאַט אַווגוסטינוס.

— זאָל זיך צווייפלען ווער עס וויל — האָט דער פּאַזש געענטפערט, — איך האָב געזאָגט דעם עמעס, און דער עמעס דאַרף שטענדיק שטיין איבער דעם ליגן, ווי בוימל איבער דעם וואַסער. אַז ניט, איז אָפּעריבוס קרעדיטע, עט נאָן ווערביס; זאָל איינער פון אײַערע גענעדיקייטן קומען מיט מיר, וועט איר מיט אײַערע אויגן זען וואָס אײַערע אויערן גלויבן ניט.

— איך וועל מיטפאָרן — האָט סאַנטשיקאַ זיך אָנגערופן, — נעמט מיך מיט, אײַער גענעדיקייט, מײַן האַר, אַף אײַער פערד פון הינטן, וואָרום איך וואָלט זייער געוואָלט זען מײַן האַר פאָטער.

— גובערנאַטערישע טעכטער דאַרפן נישט פאָרן איינע אַליין איבער די וועגן, נאָר באַגלייט מיט קאַרעטעס און טראָג־שטולן און מיט אַ סך דינער.

— איך שווער אײַך — האָט סאַנטשיקאַ געענטפערט, — אַז איך וואָלט מיך אַליינס געצערעמאָניעט, צי איך וואָלט געפאָרן אַף אַן אייזל אָדער אין אַ קאַרעטע.

— שווײַג, מיידל, דו ווייסט ניט וואָס דו רעדסט — האָט טערעזאַ געזאָגט, — דער מענטש איז גערעכט; וואָסער צײַט אַזאַ לײַט: אַז דער מאַן איז סאַנטשאָ איז דאָס ווײַב סאַנטשאַ און אַז דער מאַן איז גובערנאַטער איז דאָס ווײַב אַ דאַמע, און איך ווייס נישט צי זאָג איך עפּעס.

— די האַרנטע טערעזאַ זאָגט מער ווי זי דענקט — האָט דער פּאַזש געזאָגט, — און גיט מיר עפּעס אָפּעסן און לאָזט מיך אָפּ, וואָרום איך וויל נאָך הײַנט נאָכ־מיטיק אַהיימפאָרן.

דערויף האָט דער גאַלעך זיך אָנגערופן:

— אײַער גענעדיקייט וועט גיין זיך אָפּפּאַסטן מיט מיר, וואָרום די האַרנטע טערעזאַ האָט מער גוטן ווילן ווי צירונג צו דינען אַזאַ אָנגעלייגטן גאַסט.

דער פּאַזש האָט זיך אָפּגעזאָגט, נאָר געמוזט האָט ער נאָכגעבן פֿון זײַן אייגענער טויווע וועגן, און דער גאַלעך האָט אים זייער גערן צו זיך גענומען, קעדיי אים פּאַמעלעך אויסצופֿרעגן וועגן דאָן קיכאָטן און זײַנע מײַסים. דער באַקאַלאַווער האָט זיך פֿירגעשלאָגן שרײַבן פֿאַר טערעזאַן דעם ענטפֿער אױף די בריוו, נאָר זי האָט נישט געוואָלט ער זאָל זיך ארײַנמישן אין אירע זאַכן, וואָרום זי האָט אים געהאַלטן פֿאַר אַ שטיקל לעץ, און האָט דערום איינעם אַ מאָנאַכל געגעבן אַ קיכל מיט צוויי אייער, און ער האָט איר אָנגעשריבן צוויי בריוו, איינעם פֿאַר איר מאַן און דעם צווייטן פֿאַר דער פֿירשטן, פֿון איר אייגענעם קאָפּ געטאָלקעוועט, און זיי זײַנען נישט פֿון די ערגסטע, וואָס זײַנען אין דער געשיכטע ארײַנגעקומען, ווי מען וועט דאָס ווײַטער זען.

# איין און פֿופֿציקסטער קאַפּיטל

## וועגן דעם פֿאָרשריט פֿון סאַנטשאָ פּאַנצאַס רעגירונג מיט נאָך גאַנץ ווילע פּאַסירונגען.

עס איז טאָג געוואָרן נאָך דער נאַכט מיט דעם גובערנאַטערס רונדע, וואָס דער זאַלמײַסטער האָט פֿאַרבראַכט אָן שלאָף, דער קאָפּ פֿאַרנומען מיט דעם פּאָנים פֿון דעם איבערגעטועענעם מיידל, מיט איר כאָכמע און שיינקייט, און דער הויפֿמײַסטער די רעשט פֿאַרנומען מיט אַרויסשרײַבן זײַנע האַרן וואָס סאַנטשאָ פּאַנצאַ האָט געזאָגט און געטון, אַ באַגײַסטערטער פֿון זײַנע מײַסים ווי פֿון זײַנע ווערטער, מאַכמעס געווען זײַנען די ווערטער און מײַסים איבערגעפֿלאָכטן מיט קלוגע און נאַרישע אָנמערקונגען. אויפֿגעשטאַנען איז דער גובערנאַטער, און אַפֿן באַפֿעל פֿונעם דאָקטער פּעדראָ רעסיאָ, האָט מען אים געגעבן אױף פֿרישטיק אַ ביסל קאָנסערוון און פֿיר שלונג קאַלט וואַסער, וואָס סאַנטשאָ וואָלט דאָס בעסער פֿאַרביטן אױף אַ שטיקל ברויט מיט אַ קרענצל טרויבן. נאָר געזען האָט ער, אַז דאָס איז מער צוואַנג ווי גוטער ווילן, האָט ער דאָס איבערגעטראָגן מיט גרויס ווייטיק אין האַרצן און מיט מאַטער אינעם מאָגן, און פּעדראָ רעסיאָ האָט אים אײַנגערעדט, אַז ווייניק און דעליקאַט עסן וועקט דעם מויעך, וואָס דאָס איז דער איקער בײַ מענטשן, וואָס שטייען בײַ דער מאַכט און זײַנען פֿאַרנומען אױף ערנסטע שטעלעס. אַ דאַנק דעם דאָזיקן פּילפּל, איז סאַנטשאָ געווען הונגעריק, און אַזוי שטאַרק הונגעריק, אַז בײַ זיך אין האַרצן האָט ער געשאָלטן די רעגירונג און אויך די וואָס האָבן זי אים געגעבן. נאָר הונגעריקערהייד און מיט דעם ביסל קאָנסערוון, וואָס ער האָט געגעסן, האָט ער זיך געזעצט אַפֿן ריכטער־שטול, און דאָס ערשטע וואָס איז יענעם טאָג פֿאַר אים געקומען, איז געווען אַ פֿראַגע, וואָס איינער אַ צוגערײַזטער האָט אים געשטעלט (און געשטאַנען זײַנען דערבײַ דער הויפֿמײַסטער מיט אַלע אַנדערע אונ־

טערהעלפער), און געוועז איז די פראגע אט די: א טיפער טייך צעטיילט אף צווייען די נאכלע פון איינעם א האר (און זאל זיך אייער גענעדיקייט גוט איינהערן, וואָ־רום דער איניען איז זייער א וויכטיקער און א שווערער). איז איבער דעם טייך פאראן א בריק, און באם עק בריק שטייט א טליע און א מין טריבונאל, ווו עס זיצן קעסיידער פיר ריכטער, וואס ווענדן אן דאס געזעץ, וואס דער באזיצער פון דעם טייך, פון דער בריק און דער נאכלע האט ארויסגעגעבן, און דאס געזעץ איז אזא: וויל עמיצער אריבערגיין די בריק פון איין זייט אף דער צווייטער, מוז ער פריער שווערן וווהין און נאכוואס ער גייט; שווערט ער ריכטיק, לאזט מען אים אריבער, און טאמער פאלש, הענגט מען אים טייקעף אומיאד אויף אף דער טליע.

„אונטער דעם געזעץ מיט דעם שטרענגן טנאי, גייען אריבער די בריק א סאך מענטשן; ווי נאר זיי שווערן, זעט מען באלד צי זאגן זיי דעם עמעס און די ריכטער לאזן זיי פריי אדורך. האט פאסירט, אז זיי האבן בא איינעם די שוווע אפגענומען און ער האט געשוווירן אז ער וועט אומקומען אף דער טליע און נישט פון עפעס אנדערש. זיינען די ריכטער שטיין געבליבן און געזאגט: „ווילן מיר דעם מענטשן פריי אריבערלאזן די בריק, האט ער געשוווירן פאלש, און לויטן געזעץ, מוז מען אים הענגען; האט ער דאך אבער געשוווירן, אז ער וועט אומקומען אף דער טליע, און געשוווירן עמעס, און אויב אזוי קומט אים אריבערגיין פריי". פרעגט מען בא אייער גענעדיקייט, האר גובערנאטער, וואס זאלן די ריכטער מיט דעם מענטשן טון, מאכמעס ביז היינטיקן טאג זיינען זיי אין סאפעק, נישט אהער און נישט אהין. און העיווים זיי האבן געהערט וועגן אייער הויכן פארשטאנד און שארפן סייכל, האבן זיי מיך געשיקט צו אייך מיט דער באקאשע איר זאלט זאגן אייער מיינונג אין דעם פארפלאנטערטן און אומקלארן איניען.

דערויף האט סאנטשא געענטפערט:

— די הארן ריכטער, וואס שיקן אייך צו מיר, האבן זיך בעעמעס געמעגט פארשפארן די טירכע, ווארום איך האב גארנישט אזא שארפן קאפ. פון דעסט וועגן, כאזערט מיר נאכאמאל איבער דעם איניען אזוי אז איך זאל אים באנעמען, עפשער וועל איך פארט ארייַנטרעפן אינעם קארב.

איבערגעכאזערט האט דער פרעגער איינמאל און א צווייטן מאל וואס ער האט פון אנהויב געפרעגט, און סאנטשא האט זיך אנגערופן:

— דעם איניען וואלט איך אויסגעלייגט מיט צוויי שמיר, אט אזוי: האט דער מענטש געשוווירן, אז ער וועט שטארבן אף דער טליע, און וועט ער שטארבן, האט ער געזאגט אן עמעס, קומט אים לויטן געזעץ פריי אריבערצוגיין; הענגט מען אים אבער נישט אויף, האט ער שוין געשוווירן פאלש, און לויט דעם אייגענעם געזעץ קומט אים אויפהענגען.

— ריכטיק איז עס ווי דער האר גובערנאטער זאגט — האט דער שעליעך געזאגט, — און וואס שייעך באנעמען דעם איניען, קען מען פון אייך מער נישט פארלאנגען.

— דערום אויך זאג איך, — האט סאנטשא געענטפערט, — דארף מען די העלפט פון דעם מענטשן, וואס האט געשוווירן עמעס, לאזן אריבערגיין, און די

העלפט וואָס האָט געשוווירן פאַלש, זאָל מען אויפהענגען. און אַזוי אַרום, ווער דער מניי פאַר אַריבערגיין די בריק אויסגעפירט ווערן ווי עס פאָדערט דאָס אָם פונעם געזעץ.

— אויב אַזוי, האַר גובערנאַטער — האָט דער פרעגער אָפּגעענטפערט, — וואָלט מען דאָך דעם מענטשן באַדאַרפט צעשניידן אויף צוויי; איין טייל אַ פאַלשע און די צווייטע אַן עמעסע; אַ צעשניטענער, מוז ער שטאַרבן און עס וועט נישט אויסגעפירט ווערן וואָס דאָס געזעץ פאָדערט, און אויספירן דאָס געזעץ, איז אַן אויסגעשפּראָכענע נויטווענדיקייט.

— קומט נאָר אַהער, האַר ליבער מענטש — האָט סאַנטשאָ געענטפערט: — אָדער איך בין אַ שויטע, אָדער דער מענטש וואָס איר זאָגט, האָט פּונקט אַזאַ רעכט צו שטאַרבן אויף דער טליע, ווי לעבן צו בלייבן און אַריבערצוגיין די בריק. וואָרום אויב דער עמעס ראַטעוועט אים, פאַרמישפּעט אים דער ליגן און אויב דאָס איז ריכטיק, איז מיין אייצע, איר זאָלט זאָגן די האַרן, וואָס האָבן אייך צו מיר געשיקט, אַז העיווים דאָס צינגל אויף דער וואָגשאָל פאַר באַפרייען און פאַרמישפּעטן שטייט פּונקט אויף דער מיט, זאָל מען אים לאָזן פריי אַריבערגיין, וואָרום גוטס טון איז שטענדיק מער געלויבט ווי שלעכטס טון. און דאָס וואָלט איך אייך אונטערגעשריבן ווען איך קען, און אין דעם פאַל, רעד איך נישט פון מיין קאָפּ, נאָר דערמאָנט האָב איך מיך איינע אַ לער, צווישן אַ סאַך אַנדערע, וואָס מיין האַר דאָן קיכאָט האָט מיר געגעבן אין דער נאַכט איידער איך בין געוואָרן גובערנאַטער פון דעם אינדזל: און די לער זאָגט, אַז אויב די גערעכטיקייט בלייבט שטיין פאַר אַ ספק, זאָל איך מיך נויגן אויף דער זייט פון ראַכמים. און גאָט האָט געוואָלט איך זאָל מיך איצט דערין דערמאָנען, ווען דאָס איז ווי אָנגעמאָסטן.

— ריכטיק — האָט געענטפערט דער הויפמייסטער, — און איך בין זיכער, אַז ליקורג אַליין, דער וואָס האָט געגעבן געזעצן די לאַקעדעמאָנער, וואָלט קיין בעסערן פסאַק נישט אַרויסגעטראָגן ווי דער גרויסער פאַנצאַ האָט דאָס געטון, און זאָל זיך דערמיט פאַרענדיקן די זיצונג פון היינטיקן פרימאָרגן און איך וועל באַפעלן מען זאָל דעם האַר גובערנאַטער לאָזן עסן צו דער זעט.

— אָט דאָס בעט איך, און אָן שווינדל — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — גיט מיר נאָר אָפּצועסן, מעג עס שוין דערנאָך רעגענען אויף מיר מיט פראַצעסן און מיט ספּייקעס. אין דער לופטן וועל איך זיי לייזן.

— דער הויפמייסטער האָט געהאַלטן וואָרט, וואָרום באַטראַכט האָט ער עס פאַר אַ געוויסן־זאַך, דאָס לאָזן אויסהונגערן אַזאַ קלוגן גובערנאַטער. ביפראַט, אַז גערעכנט האָט ער די נאַכט מיט אים צו פאַרענדיקן און מאַכן מיט אים דעם לעצטן שפּאַס, וואָס מען האָט אים פאַרגעבן צו מאַכן. געשען איז, אַז פּונקט דעמאָלט ווען ער האָט אָפּגעגעסן, קענען די קלאָלים און אָפּאָריזמען פונעם דאָקטער טירטעאַפוערא, ווען מען האָט פונעם טיש אַראָפּגענומען, איז אַריינגעקומען אַ שעליעך מיט אַ בריוו פון דאָן קיכאָטן פאַרן גובערנאַטער. סאַנטשאָ האָט באַפוילן דעם סעקרעטאַר ער זאָל דעם בריוו איבערלייענען פאַר זיך, און אויב דאָרט איז נישטאָ אַזוינס, וואָס איז ווערט צו האַלטן בעסאָד, זאָל ער אים לייענען אין דער הויך. דער סעקרעטאַר האָט

אזוי געטון און נאָכדעם ווי ער איז אים צוערשט דורכגעלאָפן מיט די אויגן, האָט ער זיך אָנגערופן:

— מען מעג אים גאַנץ ווויל לייענען אין דער הויף, ווארום דאָס וואָס דער האר דאָן קיכאָט שרייבט צו אייער גענעדיקייט, פארדינט צו זיין אויפגעשריבן און אָפּגעדרוקט מיט גילדענע אויסיעס, און ער לייענט זיך אזוי:

א בריוו פון דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ צו סאַנטשאָ פאַנצאַ,
גובערנאַטער פון דעם אינדזל באַראַטאַריאַ

„געריכט האָב איך מיך אף יעדיעס וועגן דיין נאָכלעסיקייט און כוצפּע, סאַנ־טשאָ פריינט, און באַקומען האָב איך יעדיעס וועגן דיין כאָכמע, און איך האָב דערום א באַזונדער דאַנק געשיקט צום הימל, וואָס הויבט די אָרימע פונעם מיסט ארויף און מאַכט נאַראָנים קלוג. מען זאָגט מיר, אז דו רעגירסט ווי דו וואָלסט געוועזן א מענטש, און אז א מענטש ביזטו ווי דו וואָלסט געוועזן א בעהיימע, אזוי פּאָשעט פירסטו דיך. און איך וויל דו זאָלסט דיר מערקן, סאַנטשאָ, אז אָפט לוינט זיך און עס פּאָדערט זיך, צוליב דעם אמט וואָס מען פארנעמט, צו גיין קעגן דעם הארצנס פּאָשעטקייט. ווארום דער דרויסנדיקער פּוץ פון דעם פארשוין, וואָס איז אוועקגעשטעלט אף אן ערנסטן אמט, מוז זיין אין העסקעם דערמיט וואָס דער אמט פּאָדערט, און נישט לויט דער מאָס, וואָס זיין באַשיידענער שטאַנד ציט צו איר. טו דיך אָן ווי געהעריק, ווארום א באַפּוצטער שטעקן זעט שוין אויס נישט קיין שטעקן. איך זאָג נישט, אז דו דאַרפסט טראָגן רינגען אף די פינגער, אָדער טייערע קליידער, אָדער זאָלסט דיך קליידן מיליטעריש דעמאָלט ווען דו ביזט א ריכטער, נאָר טו דיך אָן דאָס מאַלבעש וואָס דיין אמט פּאָדערט, און ריין זאָל עס זיין און צו דער מאָס געניייט.

„ווילסטו געווינען די ליבע פונעם פאָלק, וואָס דו רעגירסט, מוזטו געדענקען צוויי זאַכן: ערשטנס, צו יעדן איינעם ריידן איידל, כאָטש איך האָב עס דיר שוין איינמאָל געזאָגט, און צווייטנס, דאָס פאָלק זאָל אַלץ האָבן בעשעפע, ווארום קיין זאַך מאַטערט נישט אזוי דאָס האַרץ פון די אָרימע, ווי הונגער און יאָקרעס.

„מאַך נישט קיין אייגענע אויסבעסערונגען צו די געזעצן, און אויב דו מאַכסט זיי, זאָלן זיי זיין גוטע, און דעריקער, מען זאָל זיי היטן און אויספירן. ווארום אן אויסבעסערונג וואָס ווערט נישט געהיט, איז גלייך ווי זי וואָלט נישט געוועזן גע־מאַכט. גיכער גיט זי צו דענקען, אז דער פרינץ וואָס האָט געהאַט דעם סייכל און די מאַכט זי צו מאַכן, האָט דעם מוט נישט געהאַט צו זען מען זאָל זי היטן. און גע־זעצן, וואָס שרעקן און ווערן נישט אויסגעפירט, איז ווי יענער בעליק, דער מיי־לעך פון די פרעש, וואָס פון אָנהויב האָט ער זיי געשראָקן און מיט דער צייט האָבן זיי זיך פון אים אויסגעלאַכט און זיינען אף אים געקראָכן. צו די גוטע מידעס זיי א פאָטער און צו די זינד א שטיף־פאָטער. זיי נישט שטענדיק שטרענג אָדער שטענ־דיק ווייך, קלייב אויס די מיט צווישן ביידע שפּיצן, ווארום דערין שטעקט דאָס פינטעלע כאָכמע. גיי זיך דורך אין די טפיסעס, אין די יאַטקעס און איבער די מאַרקפּלעצער, ווארום דעם גובערנאַטערס ווייזן זיך אין די ערטער, איז זייער וויכ־טיק; ער טרייסט די אַרעסטאַנטן, וואָס וואַרטן אף זייער גיכן מישפּעט, ער איז

די שרעק פון די קאַצאָווים, וואָס כאַפּן זיך געבן אַ גוטע וואָג, און איז די סטראַ־שידלע פון די מאַרקזיצערס, אויך צוליב דעם. ווײַז דיך נישט (אפילע ווען דו ביזט עס, כאָטש איך גלויב עס נישט) פאַר אַ געלט־גנײַציקן, פאַר אַ פּרויען־יעגער און אויך נישט פאַר קיין פּרעסער. וואָרום אַז דאָס פּאָלק און די לײַט וואָס דו קומסט דיך מיט זיי צונויף, וועלן זיך דערוויסן צו וואָס דיך ציט, וועלן זיי אויף דעם אָרט אין דיר שיסן, ביז זיי וועלן דיך אַרײַנוואַרפן אינעם טעהאָם פון דער געפאַלנקייט. קוק אַרײַן און לייען איבער נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל די לערעס און די קלאָלים, וואָס איך האָב דיר אויפגעשריבן איידער דו ביזט פון דאַנען אָפּגעפאָרן איבערנע־מען דײַן רעגירונג, וועסטו זען, אַז אין זיי וועסטו האָבן, אויב דו וועסט זיי היטן, אַ בײַהילף אויף איבערצוטראָגן דעם מאַטער און די שוועריקייטן, וואָס גובערנאַטערס טרעפן אָן אויף יעדן טראָט. שרײַב צו דײַנע האַרן און ווײַז אַרויס צו זיי דײַן דאַנק, וואָרום פאַרגעסן אַ טויווע, איז די טאָכטער פון גאַדלעס און איינע פון די גרעסטע זינד, וואָס זײַנען באַקאַנט אין דער וועלט. און אַ מענטש וואָס געדענקט אַ טויווע, באַווײַזט, אַז ער וועט אויך געדענקען דאָס גוטס וואָס גאָט האָט מיט אים געטון און טוט מיט אים קעסיידער.

„די האַרנטע פירשטן האָט אָוועקגעשיקט אַ באַזונדערן שעליעך מיט דײַן מאַל־בעש און מיט נאָך אַ מאַטאָנע פאַר דײַן ווײַב טערעזאַ פאַנצאַ. פון מינוט צו מינוט וואַרטן מיר אָן ענטפער. איך בין אַ ביסל נישט געזונט געווען צוליב געוויסע קעצישע מײַסים נישט גאָר לעטויוועס מײַן נאָז. נאָר ס'איז גאָרניט, וואָרום אויב עס זײַנען פאַראַן קישעפמאַכער וואָס פּײַניקן מיך, זײַנען אויך פאַראַן אַזוינע וואָס שיצן מיך.

„גיב מיר צו וויסן צי האָט דער הויפמײַסטער וואָס געפינט זיך מיט דיר. גע־האָט עפּעס אַ שייכעס צום איניען טריפאַלדי, ווי דו האָסט כוישעד געווען, און פון אַלץ וואָס מיט דיר וועט פּאַסירן, זאָלסטו מיר צו וויסן געבן, וואָרום דער וועג איז אַ קורצער; ביפראַט, אַז איך דענק אינגיכן צו פאַרלאָזן דאָס פּוסטעפּאַסנע לעבן, וואָס איך פיר איצט, מאַכמעס איך בין נישט צוליב דעם באַשאַפן. מיר האָט זיך געמאַכט אָן איניען, וואָס איך רעכן, אַז ער וועט מיך אַרײַנוואַרפן אין אומכיין צו די האַרן. נאָר כאָטש דאָס קימערט מיך שטאַרק, קימערט עס מיך ווייניק, וואָרום, סאַפּקאַלסאַף, מוז איך גיכער געטרײַ זײַן מײַן באַרוף איידער זייער געפעלן, אין העסקעם דערמיט וואָס מען זאָגט: אַ מ י ק ו ס פּ ל אַ ט אָ , ס ע ד מ אַ־ ג י ס אַ מ י ק אַ וו ע ר י ט אַ ס . איך שרײַב דיר דעם לאַטייניש שפּריכ־וואָרט, מאַכמעס איך שטעל מיר פאָר, אַז זינט דו ביזט גובערנאַטער האָסטו דיך שוין אויסגעלערנט לאַטיין. און זאָל דיך גאָט היטן עמיצער זאָל אויף דיר ראַכמאָ־נעס האָבן.

דײַן פרײַנט,
דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ".

סאַנטשאָ האָט דעם בריוו אויסגעהערט מיט קאָפּ, און ווער עס האָט דעם בריוו געהערט לייענען, האָט אים געגלויבט, אַז ער איז קלוג אָנגעשריבן, און סאַנטשאָ

האָט זיך באַלד אויפגעהויבן פונעם טיש און צוגערופן דעם סעקרעטאַר און האָט זיך מיט אים פאַרשלאָסן באַ זיך אינעם כיידער, מאַכמעס געוואָלט האָט ער טייקעף און אומפאַרזאַמט ענטפערן זײַן האַר דאָן קיכאָט, און געהייסן האָט ער זײַן סעקרע־טאַר שרײַבן וואָס ער וועט אים זאָגן, ניט צולייגן און נישט אַראָפּנעמען קיין איין וואָרט, און אַזוי האָט ער געטון. און דער בריוו וואָס ער האָט געענטפערט, איז געווען אַזוי געשריבן:

אַ בריוו פון סאַנטשאָ פּאַנצאַ צו דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ

„די פאַרנומענקייט מיט מײַנע געשעפטן איז אַזוי גרויס, אַז איך האָב קיין צײַט נישט מיך אין קאָפּ צו קראַצן און אויך נישט די נעגל אָפּשנײַדן, זיי וואַקסן דערום באַ מיר אַף גאָטס באַראָט. איך זאָג עס, האַרציקער האַר מײַנער, קעדיי אײַער גענעדיקייט זאָל זיך ניט שרעקן וואָס איך האָב ביז איצט נישט געגעבן צו וויסן וועגן מײַן ווױלשטאַנד אָדער שלעכטן פילן זיך באַ דער רעגירונג, וווּ איך בין הונגעריקער ווי דעמאָלט ווען מיר זײַנען ביידע אומגעגאַנגען איבער די וועל־דער און פוסטע פעלדער.

„דער פירשט, מײַן האַר, האָט מיר צוריק מיט אַ פּאָר טעג געשריבן און גע־וואָרנט, אַז געוויסע שפּיאָנען זײַנען אַרײַנגעדרונגען אָפן אינדזל מיך צו דערהאַר־געגען און ביז הײַנט האָב איך אויסגעפונען נישט מער ווי אַ געוויסן דאָקטער, וואָס ווערט דאָ אויסגעהאַלטן אַף אומצוברענגען די גובערנאַטערס וואָס קומען אַהער: מען רופט אים דאָקטער פּעדראָ רעסיאָ, אַ געבוירענער פון טירטעאַפוערא. פונעם נאָמען אַליין קען אײַער גענעדיקייט זען, אַז איך האָב מוירע כ'וועל פון זײַנע הענט נישט אַרויס קיין לעבעדיקער. אָט דער דאָקטער זאָגט וועגן זיך אַליין, אַז ער היילט נישט די קראַנקייטן ווען זיי באַווײַזן זיך, נאָר ער פאַרהיט זיי זאָלן נישט קומען. און די רעפּועס וואָס ער נוצט, זײַנען דיעטע און ווידער דיעטע, ביז ער מאַכט פונעם מענטשן הויט און ביינער, גלײַך מאָגערקייט וואָלט נישט ערגער געווען ווי היץ. סאָפּקאָלסאָף וועט ער מיך פאַרהונגערן, און איך וועל שטאַרבן פון פאַרדרוס, וואָרום גערעכנט האָב איך, אַז צו דער רעגירונג גיי איך עסן וואַרימס און טרינקען קאַלטס און גלעטן דאָס לײַב מיט ווענלנע לײַלעכער אַף פעדערנע איבערבעטן, צום סאָף בין איך גאָר אַהער געקומען פאַסטן ווי אַ נאָזיר. און אַזוי ווי איך טו דאָס נישט מיט דעם אייגענעם ווילן, האָב איך מוירע, אַז סאָפּקאָלסאָף וועט מיך דער טייוול נעמען.

„ביז הײַנט האָב איך קיינעמס רעכט נישט אָנגערירט און באַ קיינעם קיין כאַבאַר נישט גענומען, און איך ווייס אַפילע נישט וואָס דאָס קען באַטײַטן. וואָרום געזאָגט האָט מען מיר דאָ, אַז די גובערנאַטערס וואָס קומען געוויינטלעך אַף דעם אינדזל, נעמען אָדער לײַען באַ די איינוווינער געלט נאָך איידער זיי קומען. אַזוי פירן זיך געוויינטלעך אַלע וואָס נעמען זיך רעגירן, נישט נאָר דאָ.

„נעכטן באַנאַכט, אַף דער רונדע, האָב איך אָנגעטראָפן אַ שיין מיידל אין מע־נערישער קליידונג, און אירן אַ ברודער אין פרויען־קליידער. אינעם מיידל האָט זיך פאַרליבט מײַן זאַלמײַסטער און באַ זיך אין געדאַנק האָט ער זי אויסגעקליבן זיך פאַר אַ ווײַב, ווי ער זאָגט, און איך האָב אויסגעקליבן דעם באָכער מיר פאַר אַן

איידעס. היינט וועלן מיר אונדזערע פארלאנגען ארויסברענגען אין שמועסן מיט זייער ביידנס פאטער, א געוויסער דיעגא פונעס טאל, אן אלטער קריסט און פאריין.

„איך גיי אום איבער די מארקפלעצער, ווי אייער גענעדיקייט ראט מיך, און נעכטן האב איך געטראפן א קרעמערקע, וואס האט פארקויפט נייע האזן־ניסלען און האב אויסגעפונען, אז זי האט א מעסטל נייע ניסלעך אויסגעמישט מיט א מעסטל אלטע, לײדיקע און פוילע. איך האב זיי בא איר צוגענומען פאר די קינדער פונעם יעסוימים־הויז, און זיי וועלן זיי שוין איבערקלייבן, און זי האב איך באשטראפט מיט צוויי וואכן נישט טארן ארויסקומען אפן מארק. מען האט מיר געזאגט, אז איך האב זייער גוט געטון. איך קען נאר זאגן אייער גענעדיקייט, אז דא איז עס א באקאנטע זאך, אז נישטא קיין ערגערס ווי מארק־זיצערקעס, ווארום אלע זיינען זיי אומפארשעמטע, הארצלאזע און כוצפעניצעס. און ווערליק איך האב געזען אין אנדערע ערטער, איז עס ריכטיק.

„דערפון וואס מיין הארנטע, די פירשטן, האט געשריבן צו מיין ווייב, טערעזא פאנצא, און איר געשיקט די מאטאנע, וואס אייער גענעדיקייט זאגט, בין איך זייער צופרידן, און איך וועל מיך באמיען אין דער געהעריקער צייט איר צו דאנקען. זאל איר אייער גענעדיקייט קושן די הענט פאר מיר און איר זאגן, אז איך זאג, אז זי האט דאס נישט ארײנגעשאטן אין א לעכערדיקן זאק, ווי מיינע מייסים וועלן דאס איר באווייזן. איך וואלט נישט וועלן אייער גענעדיקייט זאל האבן סיכסוכים און ערגערנישן מיט די הארן מיינע. ווארום אויב אייער גענעדיקייט וועט מיט זיי באַרויגעז ווערן, וועט זיך דאס אויסלאזן מיר צום שאדן, און דעמאלט ווען איר ראט מיך נישט צו פארגעסן קיין טויווע, וועט עס נישט גוט זיין, אז אייער גענעדיקייט זאל פארגעסן דעם גענאד, וואס זיי האבן מיט אייך אזוי פיל געטון און ווי פיין זיי האבן אייך געהאלטן בא זיך אין שלאס.

„דאס וואס איר שרייבט וועגן די קעצישע מייסים, פארשטיי איך ניט, נאר איך שטעל מיר פאר, אז דאס מוז זיין עפעס א בייזער שפיצל, וואס די בייזע קישעפ־מאכער טוען געוויינטלעך אפ מיט אייער גענעדיקייט. איך וועל מיך דאס דערוויסן, ווען מיר וועלן זיך זען. איך וואלט וועלן עפעס שיקן פאר אייער גענעדיקייט, נאר איך ווייס נישט וואס איך זאל שיקן, אויב ניט עטלעכע שפרינצאווקעס, וואס מען מאכט דא זייער קונציקע, פאר די בלאדערס, כאטש אויב איך וועל לענגער פאר־בלייבן אפ מיין אמט, וועל איך זיי אייך, אזוי אדער אנדערש צושיקן.

„אויב מיין ווייב טערעזא פאנצא וועט מיר שרייבן, זאל אייער גענעדיקייט באצאלן פאסט־געלט און מיר צושיקן דעם בריוו. איך האב גרוים כיישעק צו וויסן ווי עס גייט בא מיר אין שטוב און וועגן מיין ווייב און קינדער. און דערמיט זאל גאט אויסהיטן אייער גענעדיקייט פון קישעפמאכער מיט בייזע קאוואנעס און מיך זאל ער בעשאלעם ארויסראטעווען פון דער רעגירונג, וואס איך בין דערין מעסופעק, ווערליק מיך באהאנדלט דער דאקטער פעדרא רעסיא.

דינער פון אייער גענעדיקייט,

סאנטשא פאנצא, דער גובערנאטער.

דער סעקרעטאר האָט דעם בריוו פאַרמאַכט און טייקעף אָפּגעשיקט אַף דער פּאָסט, און פאַרזאַמלט האָבן זיך די אָפּלאַכער פון סאַנטשאָ און האָבן צווישן זיך אָפּגעמאַכט ווי אַזוי אים אַרויסצופּאַטערן פון דער רעגירונג. יענעם נאָכמיטיק האָט סאַנטשאָ אויסגענוצט אַף צו מאַכן געוויסע טאַקאָנעס פאַר זיין מאַקעס, וואָס איז זיין דימיען איז עס געווען אַן אינדזל, און האָט באַפוילן, אַז אַף די מערק פון זיין מעדינע זאָלן נישט זיין קיין איבערפאַרקויפער, און אַז מען מעג אַריינפירן ווײַן פון ווו מען וויל, נאָר מיט אַ טנײַ, אַז מען מוז אָנווײַזן פון וואַנען ער קומט, קעדיי צו באַשטימען פאַר אים אַ פּרײַז לויט זיין ווערט און גוטסקייט און לויט דעם נאָמען וואָס ער האָט, און ווער עס וועט צומישן וואַסער אָדער ענדערן דעם נאָמען, זאָל דערפאַר באַצאָלן מיטן לעבן. אַראָפּגעזעצט האָט ער די פּרײַזן אַף שיך, וואָרום ווי אים האָט זיך געדאַכט, זיינען זיי געווען צו הויך. אָפּגעטאַקסירט האָט ער אַ לוין פאַר די דינער, וואָס איז ביז אים געווען העפקער. באַשטראָפט האָט ער שטרענג די זינגער פון אויסגעלאַסענע און טײַוועלידער, סײַ באַנאַכט און סײַ באַטאָג. פאַרזאָגט האָט ער אַז בלינדע זאָלן נישט זינגען קיין לידער וועגן די ווונדער פון די הייליקע, אָן אַ באַשטעטיקונג, אַז דאָס האָט ריכטיק פּאַסירט, וואָרום געדאַכט האָט זיך אים, אַז די מערסטע ווונדער וואָס די בלינדע באַזינגען, זיינען געפעלשטע, צום שאָדן פון די עמעסע. אײַנגעשטעלט האָט ער אַ מאַשגיעך איבער די בעטלער, נישט קעדיי זיי צו פאַרפאָלגן, נאָר קעדיי צו זען אויב זיי זיינען טאַקע קאַליקעס. וואָרום פאַרשטעלט פאַר אָנהאַנטיקע און צעוווּנדיקטע, דרייען זיך אום גאַנאָווים און שיקורים. בעקיצער, אײַנגעפירט האָט ער אַזוינע גוטע זאַכן, וואָס נאָך הײַנט היט מען זיי דאָרטן אָפּ און מען רופט זיי: „די טאַקאָנעס פון דעם גרויסן גובערנאַטער סאַנטשאָ פּאַנצאַ".

## צוויי און פופציקסטער קאַפּיטל

**ווו עס ווערט דערציילט וועגן דעם גערעַנגל פון דער צווייטער ווירטן דאָלאָרידאַ (די צעווייטיקטע) אָדער אַנגוסטיאַדאַ (די פּאַרומערטע), וואָס איז אויך באַקאַנט מיט דעם נאָמען דאָניאַ ראָדריגעז.**

סידע האַמעטע דערציילט, אַז ווען דאָן קיכאָט איז שוין געווען אויסגעהיילט פון זיינע גראַבלען אַפן פּאָנים, האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז דאָס לעבן וואָס ער פירט אין דעם שלאָס, איז קעגן דעם גאַנצן ריטער־אָרדן, וואָס אים דינט ער. באַשלאָסן האָט ער דערום בעטן באַם פירשט אַ דערלויבעניש אָפּצופּאָרן קיין סאַראַגאָסאַ, וואָס איר יאַר־יאַנטעוו הייבט זיך באַלד אָן, און ער רעכנט צו געווינען דעם פּאַנצער, וואָס ווערט נעגעבן דעם געווינער. און איינמאָל, ווען ער איז געזעסן באַם טיש מיט די פירשטן און האָט געזאָלט אַרויסקומען מיט זיין באַגער צו בעטן אַ דערלויבעניש, זיינען פּלוצים אַריינגעקומען אינעם זאַל צוויי ווײַבער (ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן) אין טרויער געקליידט פון קאָפּ ביז די פיס. און

איינע פון זיי איז צוגעטראָטן צו דאָן קיכאָטן און האָט זיך צו זײַנע פיס געוואָרפן, אויסגעצויגן אַף דער ערד ווי לאַנג זי איז געווען, מיט איר מויל צו דאָן קיכאָטס פיס צוגעקלעפּט, און האָט אַזוי טרויעריק, טיף און ווייטיקלעך געקרעכצט, אַז אַלע אָרום, וואָס האָבן דאָס צוגעזען און צוגעהערט, זײַנען געבליבן ווי צעמישט. און כאָטש די פירשטן האָבן זיך געטראַכט, אַז דאָס מוז זײַן עפּעס אַ שפּאַס, וואָס זײַנע דינער ווילן מאַכן מיט דאָן קיכאָטן, זײַנען זיי געבליבן זיצן אין סאַפּעק און גע־פּלעפט, ווען זיי האָבן געזען מיט וואָסער אימפעט די פרוי זיפצט און קרעכצט און וויינט, ביז דאָן קיכאָט, אַ גערירטער, האָט זי פון דער ערד אויפגעהויבן און האָט זי געבעטן אַראָפּנעמען דעם דעקטוך פון איר פּאַרוויינטן פּאָנים. זי האָט אים גע־פּאָלגט און אַרויסגעוויזן האָט זיך אַזוינס, וואָס מען האָט זיך דאָס גאָר קיינמאָל נישט געקענט פאַרשטעלן, מאַכמעס אָפּגעדעקט האָט זי דאָס פּאָנים פון דאָניאַ ראָד־ריגעז, די הויז־ווירטן, און די צווייטע אין טרויער געקליידטע, איז געווען איר טאָכ־טער, די אָפּגענאַרטע פון דעם רײַכן פּויערס זון.

געוווּנדערט האָבן זיך די וואָס האָבן זי געקענט, וואָרום כאָטש געהאַלטן האָט מען זי פאַר אַ נאַר און אַ שטילן מענטש, אָבער נישט אַזוי ווײַט אַז זי זאָל באַגיין אַזוינע נאַרישקייטן. געוווּנדערט האָט זיך דאָניאַ ראָדריגעז צו די האַרן און געזאָגט:

— זאָלן אײַערע עקסעלענצן אַזוי גוט זײַן מיר דערלויבן שמועסן אַ רעגע מיט דעם ריטער, ווײַל דאָס איז נייטיק קעדיי אַ סאָף צו מאַכן צו דעם איניען, וואָס איך האָב, צוליב דער כוצפּע פון אַ בייזוויליקן פּויער.

געענטפערט האָט דער פירשט, אַז ער דערלויבט איר און זאָל זי שמועסן מיט דעם האַר דאָן קיכאָט וויפל איר האַרץ גלוסט. זי האָט זיך מיט דעם פּאָנים און מיט דעם קאָל אויסגעדרייט צו דאָן קיכאָטן און צו אים אַזוי געזאָגט:

— צוריק מיט אייניקע טעג, מעכטיקער ריטער, האָב איך אײַך דערציילט וועגן דעם אומרעכט און דעם רישעס, וואָס אַ שלעכטער פּויער האָט געטון צו מײַן טײַע־רער און געליבטער טאָכטער, די אומגליקלעכע וואָס שטייט דאָ, און איר האָט מיר צוגעזאָגט, אַז איר וועט אײַך אָנעמען די קריוודע וואָס מען האָט איר געטון, און איצט איז צו מיר דערגאַנגען, אַז איר ווילט אַוועקגיין פון דעם שלאָס זוכן דאָס גליק, וואָס גאָט וועט אײַך צושיקן. און דערום וואָלט איך וועלן, אַז איידער איר לאָזט אײַך איבער די וועגן, זאָלט איר אַרויסרופן דעם ווילדן דאַרפסיונג און אים צווינגען כאַסענע האָבן מיט מײַן טאָכטער, ווי ער האָט איר דאָס וואָרט געגעבן פאַר דעם און נאָכדעם ווי ער איז מיט איר געלעגן. וואָרום זיך ריכטן, אַז דער פירשט מײַן האַר זאָל מיר טון גערעכטיקייט, איז ווי זוכן באַרן אַף אַן אולמען־בוים, צוליב דעם וואָס איך האָב שוין אײַער גענעדיקייט פון ריינעם האַרצן געזאָגט. און דערמיט זאָל גאָט אונדזער האַר געבן אײַער גענעדיקייט אַ סאַך געזונט און אונדז זאָל ער נישט לאָזן אָן שוץ.

דערויף האָט דאָן קיכאָט געענטפערט מיט גרויס ערנסט און כשיוועס:

— ליבע ווירטן, שטילט אײַן אײַער געוויין, ריכטיקער, ווישט אָפּ אײַערע טרערן און האַלט אײַן אײַערע זיפצן. איך נעם אַף מיר צו פאַריכטן די אוולע, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן אײַער טאָכטער, וואָס בעסער וואָלט פאַר איר געווען

ווען זי איז נישט אַזוי לײַכטגלויביק צו די האַפּטאָכעס פֿון פֿאַרליבטע, וואָס מערסטנס איז זיי גרינג צוצוזאָגן און שווער נאָכצוקומען. און איך וועל דערום, מיט דער דערלויבעניש פֿון דעם פֿירשט מײַן האַר, באַלד אַרויספֿאָרן אויפֿזוכן דעם האַרצלאָזן יונג און איך וועל אים געפֿינען און אים אַרויסרופֿן אויף אַ געשלעג און וועל אים אַוועקלייגן טויט, אויב ער וועט זיך אָפּזאָגן צו האַלטן זײַן וואָרט, וואָרום די הויפּט־זאַך אין מײַן באַרוף איז מויכל זײַן די שאָפּלדיקע און באַשטראָפֿן די גרויסהאַלטער, איך מיין, העלפֿן די עלנטע און אומברענגען די האַרטנעקיקע.

— עס איז נישט נייטיק — האָט דער פֿירשט געענטפֿערט, — אַז אײַער גענעדיקייט זאָל זיך נעמען די מי אויסצוזוכן דעם פּויער, וואָס די בראַווע ווירטן באַקלאָגט זיך אויף אים, און עס איז אויך נישט נייטיק אײַער גענעדיקייט זאָל בײַ מיר בעטן דערלויבעניש אים אַרויסצורופֿן. איך האַלט אים שוין פֿאַר אַן אַרויסגערופֿענעם אויף דעם דועל, און איך נעם אויף מיר אים צו וויסן געבן דערוועגן און ער זאָל דערויף אײַנגיין און ער אַליין זאָל קומען ענטפֿערן דאָ אינעם שלאָס, ווו איך וועל אײַך ביידן געבן אַ זיכער פֿעלד, ווו עס זאָלן אָפּגעהיט ווערן אַלע קלאָלים, וואָס מוזן און ווערן בײַ אַזוינע אַקטן אָפּגעהיט, און אָפּגעהיט זאָל אויך ווערן יעדן אײנעם זײַן גערעכטיקייט, ווי עס זײַנען מעכויעוו אָפּצוהיטן די פּרינצן, וואָס שטעלן צו אַ פֿרײַ פֿעלד פֿאַר די וואָס דועלירן לויט די קלאָלים פֿון זייערע הערשאַפֿטן.

— מיט דער פֿאַרזיכערונג און גוטער דערלויבעניש פֿון אײַער גרויסקייט — האָט דאָן קיכאָט געענטפֿערט, — זאָג איך מיך שוין אָפּ דאָס מאָל פֿון מײַן אַדעליקן שטאַנד און ווער בײַ מיר פּראָסט און פּאַס מיך אײַן אין דער פּראָסטקייט פֿון דעם שעדיקער, און איך מאַך מיך גלײַך מיט אים, קעדיי ער זאָל זיך קענען שלאָגן מיט מיר. און דערום רוף איך אים אַרויס אויף אַ דועל, כאָטש ער איז נישטאָ דאָ, אָפּן גרונט דערפֿון וואָס ער האָט שלעכטס געטון און אָפּגענאַרט אָט דער עלנטער, וואָס איז געווען אַ מיידל און איז עס נישט מער, צוליב זײַן שולד, און ער מוז האַלטן דאָס וואָרט, וואָס ער האָט איר געגעבן צו זײַן איר געזעצלעכער מאַן, אָדער אומקומען אינעם געשלעג.

און אויסגעטון האָט ער דערבײַ זײַנע אַ הענטשקע און זי אַ וואָרף געטון אָפּן מיטן זאַל, און דער פֿירשט האָט זי אויפֿגעהויבן, מיט דער פֿאַרזיכערונג, ווי שוין געזאָגט, אַז ער נעמט אָן דעם אַרויסרוף אין נאָמען פֿון זײַן לאַנדקנעכט, און האָט אָפּגעשטעלט אַ צײַט אויף אין זעקס טעג אַרום, דאָס פֿעלד אויף דעם שלאָס־פּלאַץ גופֿע און דאָס געווער וואָס ריטער געוויינלעך נוצן: אַ שפּיז, אַ שילד און אַ געקייטלטן פּאַנצער, מיט די איבעריקע מאַכשירים, אָן שום גענאַר און שווינדל אָדער וועלכן עס איז אָבערגלויבן, אונטער דער האַשגאָכע און קאָנטראָל פֿון פֿעלד־ריכטער.

— נאָר פֿריער פֿאַר אַלץ מוז די בראַווע ווירטן און דאָס פֿאַרדאָרבענע מיידל איבערגעבן דאָס רעכט אויף זייער גערעכטיקייט אין די הענט פֿון דעם האַר דאָן קיכאָט, וואָרום אָן דעם וועט קיין שום זאַך נישט געטון ווערן און דער דועל וועט נישט צושטאַנד קומען.

— איך גיב דאָס איבער — האָט די ווירטן געענטפֿערט.

— און איך אויך — האָט געענטפערט די טאָכטער, אַ פּאַרוויינטע, אַ פאַר־שעמטע און אַ געערגערטע.

גאָכדעם ווי דער אָפּמאַך איז געוואָרן אָנגענומען און דער פירשט האָט צוגע־טראַכט וואָס ער האָט אין דעם פאַל צו טון, זײַנען די אין טרויער געקליידטע אַוועק, און די פירשטן האָט פאַרזאָגט מען זאָל זיי אַף ווײַטער נישט באַטראַכטן ווי אירע דינסטן, נאָר ווי געראַנגל־זוכנדיקע דאַמען, וואָס זײַנען צו איר אין הויז געקומען זוכן גערעכטיקייט. און אָפּגעגעבן האָט מען זיי דערום אַ צימער באַזונדער און באַ־דינט האָט מען זיי ווי צוגערייזטע, צום שטוינען פון די אַנדערע דינסטן, וואָס האָבן נישט געוווּסט מיט וואָס קען זיך ענדיקן דאָס שטום און די פרײַהייט, וואָס דאָניאַ ראָדריגעז און איר שלימאַזלדיקע טאָכטער האָבן זיך דערלויבט. אין דער רעגע, איז, ווי אַף אונטערצוהאַלטן די פאַרווײַלונג און פריילעך צו פאַרענדיקן דעם מיטיק, פּונקט אַרײַנגעקומען דער פּאַזש, וואָס האָט געפירט די בריוו מיט די מאַטאָנעס פאַר טערעזאַ פּאַנצאַ, דאָס ווײַב פונעם גובערנאַטער סאַנטשאָ פּאַנצאַ. און שטאַרק דער־פרייט האָבן זיך די פירשטן מיט זײַן אָנקומען, וואָרום געגאַרט האָבן זיי וויסן ווי מיט אים איז צוגעגאַנגען אַף דער רײַזע. אַף זייער פרעגן, האָט זיי דער פּאַזש גע־ענטפערט, אַז ער קען דאָס זיי נישט זאָגן פאַר איטלעכן אין די אויגן און אַזוי קורץ: זאָלן זייערע עקסעלענצן אַזוי גוט זײַן און דאָס איבערלאָזן אַף דער צײַט ווען זיי וועלן זײַן אַליין און זאָלן זיי זיך דערווײַל פאַרווײַלן מיט די בריוו. און אַרויסגענומען האָט ער צוויי בריוו און זיי דערלאַנגט דער פירשטן אין די הענט: אַף איינעם איז געווען אויפגעשריבן: „אַ בריוו פאַר מײַן האַרנטע דער פירשטן אַזוי און אַזוי פון איך ווייס נישט ווו"; און אַפן צווייטן: צו מײַן מאַן סאַנטשאָ פּאַנצאַ, גובערנאַטער פונעם אינדזל באַראַטאַריאַ, גאָט זאָל אים דערלענגערן זײַנע יאָרן מער ווי מײַנע".

באַ דער פירשטן, ווי זאָגט מען עס, האָט זיך דאָס ברויט נישט געבאַקן, ביז זי האָט דעם בריוו נישט איבערגעלייענט. זי האָט אים געעפנט און פריער איבער־געלייענט פאַר זיך, און אַז זי האָט געזען זי מעג אים לייענען אין דער הויך, דער פירשט און די אַרומיקע זאָלן הערן, האָט זי אַזוי געלייענט:

## אַ בריוו פון טערעזאַ פּאַנצאַ צו דער פירשטן

„גרויס האַנאָע האָט מיר פאַרשאַפט, האַרנטע מײַנע, דער בריוו, וואָס אײַער גרויסקייט האָט מיר געשריבן, וואָרום איך האָב אים מיט אַן עמעס שטאַרק באַ־גערט. דאָס בײַטשל קרעלן איז זייער אַ גוטס, און מײַן מאַנס יאַגד־מאַלבעש, נישט ווייניקער. דאָס וואָס אײַער הערשאַפט האָט סאַנטשאָן, מײַן געמעל, געמאַכט פאַר גובערנאַטער, האָט דאָס גאַנצע דאָרף אויפגענומען זייער גערן, כאָטש קיינער גלויבט דאָס נישט, און מער ווי אַלע גלויבט נישט דער גאַלעך און מײַסטער ניקאָלאַס, דער שערער, און סאַמסאָן קאַראַסקאָ, דער באַקאַלאַווער. נאָר מיך אַרט דאָס נישט, אַבי דאָס איז ריכטיק, מעג זיך יעדער איינער זאָגן וואָס ער וויל, כאָטש דעם עמעס צו זאָגן, וואָלט איך אויך נישט געגלויבט, ווען נישט די קרעלן מיט דעם מאַלבעש. מאַכמעס דאָ אין דאָרף האַלט איטלעכער מײַן מאַן פאַר אַ שוטע, און אויב נישט צו

רעגירן אַ סטאַדע ציגן, קענען זיי זיך נישט פאַרשטעלן צו וואָסער אַנדער רעגירונג ער קען טויגן. זאָל אים גאָט פירן, בעוויַיל ער זעט ווי נויטיק ער איז פאַר זייַנע קינדער. איך, מייַן ליבהאַרציקע האַרנטע, האָב באַ מיר אָפּגעמאַכט, מיט דער דער־לויבעניש פון אייַער גענעדיקייט, דעם גוטן טאָג צו מיר אין שטוב אַרייַנעמען, און צופאָרן צום הויף אין אַ קאַרעטע צעלייגט און זאָלן די אויגן אַרויסקריכן באַ די אַן אַ שיר נישט פאַרגינערס, וואָס איך האָב שוין. דערום בעט איך אייַך, אייַער עקסע־לענץ, זאָגט מייַן מאַן ער זאָל מיר צושיקן אַ ביסל געלט, און טאָקע אַ רעכט ביסל, וואָרום אין הויף זייַנען די הויצאָעס גרויס: ברויט קאָסט אָפּן גילדן און פלייש דרייַ־סיק גראָשן אַ פונט, וואָס דאָס איז מאַמעש אַ שטראָף. און אויב ער וויל נישט איך זאָל פאָרן, זאָל ער מיר באַצייַטנס צו וויסן טון, וואָרום די פיס הייבן זיך באַ מיר אין וועג אַרייַן. מייַנע גוטע פרייַנט און שאָכנטעס זאָגן מיר, אַז אויב מיר וועלן גיין, איך מיט מייַן טאָכטער, אין הויף אַרייַן רייַך פאַרפּוצט און פּרעכטיק אָנגעטון, וועט מייַן מאַן גיכער באַרימט ווערן דורך מיר, ווי איך דורך אים, מאַכמעס מען וועט דאָך מוזן פרעגן: ווער זייַנען עס די דאַמען פון דער קאַרעטע?" און מייַנער אַ דינער וועט ענטפערן: די פרוי און טאָכטער פון סאַנטשאָ פּאַנצאַ, דעם גובערנאַטער פונעם אינדזל באַראַטאַריאַ", און אַזוי אַרום וועט סאַנטשאָ ווערן באַרימט און איך געשעצט, און זאָל עס גיין אַ גאַנג.

„מיר טוט לייַד, ווי שטאַרק מיר קען לייַד טון, וואָס היי־יאָר האָט מען דאָ קיין דעמבענע ניסלעך ניט אויפגעקליבן. דאָך, שיק איך פאַר אייַער הויכקייט קימאַט אַ האַלבע קוואָרט, וואָס איך אַליין בין געגאַנגען אין וואַלד זיי אויפקלייבן און אוי־בערקלייבן איינס אין איינס, נאָר קיין גרעסערע האָב איך נישט געפונען, כאָטש איך וואָלט וועלן זיי זאָלן זייַן אַזוינע גרויסע ווי שטרויספויגלשע אייער.

„זאָל אייַער פּרעכטיקייט נישט פאַרגעסן מיר שרייַבן. איך וועל אינזינען האָבן אייַך צו ענטפערן און מעלדן וועגן מייַן געזונט און אַלץ וואָס פון דאַנען וועט זייַן וואָס צו מעלדן. איך פאַרבלייַב דאָ בעטן אונדזער האַר גאָט, ער זאָל שיצן אייַער גרויסקייט און אָן מיר נישט פאַרגעסן. סאַנטשאָ מייַן טאָכטער און מייַן זון קושן אייַער גענעדיקייט די הענט.

„די וואָס ווינטשט זיך אייַער הערשאַפט מער צו זען ווי צו שרייַבן,

אייַער דינסט,

טערעזאַ פּאַנצאַ".

גרויס איז געווען באַ אַלעמען דער פאַרגעניגן ווען זיי האָבן אויסגעהערט טערעזאַ פּאַנצאַס בריוו. אַ באַזונדער פאַרגעניגן האָבן געהאַט דער פירשט מיט דער פירשטן. און די פירשטן האָט געפרעגט דאָן קיכאָטן ווי מיינט ער, צי פּאַסט זיך עפענען דעם בריוו, וואָס איז געשריבן צום גובערנאַטער, וואָרום ווי זי שטעלט זיך פאָר, מוז דער בריוו זייַן זייער אַ שיינער. דאָן קיכאָט האָט געזאָגט, אַז ער וואָלט אים געעפנט, כדיי זיי צו פאַרשאַפן אַ נאַכעס רועך, און אַזוי האָט ער גע־טון, און געזען האָט ער, אַז דאָרט שרייַבט זיך אַזוי:

## אַ בריוו פון טערעזאַ פּאַנצאַ צו סאַנטשאָ פּאַנצאַ איר מאַן

„דײַן בריוו האָב איך באַקומען, סאַנטשאָ מײַנער האַרציקער, און איך זאָג דיר צו און שווער דיר ווי אַ פֿרומע קריסטן, אַז איך בין שיר נישט מעשוגע געוואָרן פֿאַר פֿרייד. הער אויס, ברודער, אַז איך האָב דערהערט ביזט גובערנאַטער, האָב איך גערעכנט פֿאַלן אַפֿן אָרט אַ טויטע פֿאַר נאַכעס. וואָרום דו ווייסט דאָך ווי מען זאָגט, אַז אומגעריכטע פֿרייד האַרגעט פּונקט ווי גרויס לייד. סאַנטשיקאַ דײַן טאָכטער האָט פֿאַר גרויס פֿרייד דאָס וואַסער געלאָזט און אַפֿילע נישט געפֿילט. דאָס קלייד וואָס דו האָסט מיר געשיקט, איז מיר פֿאַר די אויגן געליגן, די קרעלן, וואָס מײַן האַרנטע די פֿירשטן האָט מיר געשיקט, אַפֿן האַלדז, די בריוו אין די הענט, און דער מענטש, וואָס האָט זיי געבראַכט, איז פֿאַר מיר געשטאַנען, און דאָך האָב איך געגלויבט און געטראַכט, אַז דאָס אַלץ וואָס איך זע און טאַפּ אָן, איז אַ כאָלעם. וואָרום ווער האָט זיך גאָר געקענט דענקען, אַז אַ פּאַסטעך פֿון ציגן, זאָל ווערן אַ גובערנאַטער פֿון אינדזלען? דו ווייסט דאָך, פֿרײַנט מײַנער, ווי מײַן מאַמע פֿלעגט זאָגן, אַז מען לעבט אַ סאַך, זעט מען אַ סאַך. איך זאָג עס אָקעגן דעם, וואָס איך רעכן מיך נישט אָפּצושטעלן ביז איך וועל דיך זען פֿאַר אַרענדאַר אָדער צינזן־מאָנער, צוויי פֿאַרנאָסעס, וואָס דער טייוול מעג כאַפּן די וואָס נוצן זיי צום בייזן, נאָר סאָפּקאָלסאָף זעט מען זיך מיט געלט. מײַן האַרנטע די פֿירשטן וועט דיר זאָגן ווי גרויס מײַן באַגער איז צו פֿאָרן אין הויף: טראַכט זיך אַרײַן און זאָג מיר ווי געפֿעלט עס דיר. איכ'ל שוין זען אַז מײַן פֿאָרן אין דער קאַרעטע זאָל דיר פֿאַרשאַפֿן קאָווער.

„דער גאַלעך, דער שערער, דער באַקאַלאַווער או אַפֿילע דער דיאַק, קענען זיך נישט גלויבן, אַז דו ביזט גובערנאַטער, זיי זאָגן, אַז דאָס איז אַלץ אַ שווינדל, אָדער אַ קישעף, ווי אַלץ וואָס ווערט געטון פֿון דאָן קיכאָט דײַן האַר. און סאַמסאָן זאָגט, אַז ער מוז גיין דיך אויפֿזוכן און דיר אַרויסשלאָגן די רעגירונג פֿונעם קאָפּ און דאָן קיכאָטן דאָס מעשוגאַעס פֿונעם שאַרבן. איך לאַך פֿון אים און קוק אַף די קרעלן און פּלאַנעווע וואָס צו מאַכן דער טאָכטער אונדזערער פֿון דײַן מאַלבעש.

„איך שיק אַ ביס'ל דעמבענע ניסלעך פֿאַר מײַן האַרנטע. איך וואָלט וועלן זיי זאָלן זײַן גילדערנע. שיק מיר צו עטלעכע בײַטשלעך קרעלן, אויב בא דיר אַפֿן אינדז'ל איז פֿאַראַן.

„די נײַסן בא אונדז אַפֿן דאָרף זײַנען די: בערועקאַ האָט כאַסענע געמאַכט איר טאָכטער מיט אַ פֿאַרבער אַ קאַליקע, וואָס איז אַהער געקומען פֿאַרבן וואָס עס מאַכט זיך. דער דאָרפֿסראַט האָט אים געגעבן אָפּצופֿאַרבן דעם הערב פֿון זײַן מאַיעסטעט אַף דער טיר פֿונעם ראַט־הויז: געבעטן האָט ער צוויי טאַלער און מען האָט זיי אים געגעבן אַף פֿאָרויס, אָפּגעאַרבעט האָט ער אַכט טעג און ס'איז גאָרנים אַרויסגעקומען, צום סאָף האָט ער געזאָגט, אַז אַזוינע קליינינקייטן פֿאַרבט ער נישט. דאָס געלט האָט ער אומגעקערט, נאָר כאַסענע געהאַט האָט ער ווי אַ גוטער באַלמעלאָכע. עמעס, ער האָט פֿאַרוואָרפֿן דעם פּענדז'ל און זיך גענומען צום גראַב־

אייזן און גייט אַרוים אין פעלד ווי אַ פיינער מענטש. פעדראָ דע לאַבאַס זון האָט באַקומען דעם ראַנג און דאָס קרוינדל אַף צו ווערן גאַלעך. דערוווּסט האָט זיך מינגיליאַ, מינגאָ סילוואַטאַס אייניקל, און האָט אים אָנגעקלאָגט, אַז ער האָט איר געגעבן דאָס וואָרט מיט איר כאַסענע צו האָבן. בייזע צינגער זאָגן, אַז זי איז פון אים טראָגעדיק, נאָר ער לייקנט ביז אַראָפּ. היי־יאָר איז נישטאָ קיין איילבירטן און קיין טראָפּן עסיק אין גאַנצן דאָרף. דורכגעגאַנגען איז דאָ אַ ראָטע זעלנער, האָבן זיי מיט זיך פאַרשלעפּט דריי מוידן פונעם דאָרף. איך וויל דיר נישט זאָגן ווער זיי זיינען, עפּשער וועלן זיי נאָך צוריקומען, און עס וועט זיך שוין געפינען ווער עס זאָל פאַר זיי כאַסענע האָבן, מיט זייער גוטן אָדער שלעכטן מום. סאַנטשיקאַ העפּט אוים שפּיצן און פאַרדינט אַכט געלעכערטע גראָשן אַ טאָג און קלייבט זיי אין אַ פּושקע אַף אויסשטייער פאַר זיך. נאָר איצט, אַז זי איז אַ גובערנאַטערס אַ טאָכטער, וועסטו איר געבן נאָדן און זי וועט נישט דאַרפן אַרבעטן. דער קוואַל אַפן שטאָטפּלאַץ האָט אויסגעטרוקנט. אַ בליץ האָט געטראָפן דעם טליע־סלופּ, און אַהין ברענגט מען אַלע נייסן. איך וואַרט אַף ענטפער און וואָס דו זאָגסט וועגן מיין פאָרן אין הויף. און דערמיט, זאָל דיך גאָט שיצן מער יאָרן ווי מיך, אָדער אַזוי פיל ווי מיך, וואָרום איך וויל דיך נישט איבערלאָזן אָן מיר אַף דער וועלט.

דיין ווייב.
טערעזאַ פּאַנצאַ".

די בריוו האָט מען געלויבט, געלאַכט פון זיי, געשאַצט און באַוווּנדערט, און אַף צו פאַרענדיקן מיט אַ כסימע, האָט דער פּאָטשטאַליאָן אַריינגעבראַכט סאַנטשאָס בריוו צו דאָן קיכאָטן, וואָס מען האָט אים אויך געלייענט אין דער הויף און האָט געשטעלט אין סאָפעק דעם גובערנאַטערס נאַרישקייט. די פירשטן איז אַרויסגעגאַנגען זיך דערוויסן פונעם פּאַזש וואָס אים האָט פּאַסירט אין סאַנטשאָס דאָרף, און ער האָט איר אויסדערציילט בעאַריכעס און האָט קיין פּראַט נישט פאַרפעלט. געגעבן האָט ער איר די דעמבענע ניסלעך און אויך אַ קעזל, וואָס טערעזאַ האָט אים געגעבן און האָט דאָס אויסגעלויבט, אַז דאָס איז נאָך בעסער ווי די טראָנטשאָנער. די פירשטן האָט עס אָנגענומען מיט גרוים פאַרגעניגן און דערמיט לאָזן מיר זי דאָ איבער און מיר גייען איבער דערציילן דעם סאָף וואָס איז געוואָרן פון דער רעגירונג, וואָס איז געפירט געווען פון סאַנטשאָ פּאַנצאַ, די בלום און דער שפּיגל פון אַלע אינדזלדיקע גובערנאַטערס.

# דריי און פופציקסטער קאַפּיטל

## וועגן דעם פֿײַנלעכן סאָף און אָפּשלום, וואָס סאַנטשאָ פּאַנצאַס רעגירונג האָט געהאַט.

דענקען, אַז אַלץ וואָס קומט פֿאַר אינעם לעבן אַף ד ע ר וועלט, מוז שטענדיק בלײַבן אין איין שטאַנד, הייסט דענקען וועגן אַן אומעגלעכער זאַך, גיכער, דאַכט זיך, גייט דאָס לעבן קײַלעכדיק, איך מיין אַרום און אַרום. נאָך וועסנע קומט זומער, נאָכן זומער דער אָסיען, און נאָכן אָסיען דער ווינטער און נאָכן ווינטער ווידער וועסנע, און אָט אַזוי דרייט זיך און גייט זיך די צײַט אין דער אייביקער ראָד. נאָר דעם מענטשנס לעבן גייט צום סאָף, שנעלער ווי די צײַט, און האָפט נישט אַף באַנײַונג, סײַדן אַף י ע נ ע ר וועלט, וווּ דאָס לעבן איז אויסער צײַט און אויסער גרעניצן". אַזוי זאָגט סידע האַמעטע, דער מאָכמעדאַנישער פֿילאָזאָף. וואָרום די לײַכטזיניקייט און ניט שטאַנדהאַפטיקייט פֿונעם לעבן אַף ד ע ר וועלט און די דויערהאַפטיקייט פֿון דעם אייביקן לעבן, וואָס מען וואַרט דערויף, האָבן אַ סאַך באַנומען אָן דער שײַן פֿון גלויבן און נאָר מיט זייער נאַטירלעכער שײַן. און דאָ זאָגט עס אונדזער מעכאַבער אַקעגן דעם ווי גיך עס האָט אַ סאָף גענומען, ווי פֿאַרצערט און צו נישט געוואָרן און ווי אַוועק עס איז ווי אַ רויך און אַ שאָטן סאַנטשאָס רעגירונג. געליגן איז סאַנטשאָ, איז דער זיבעטער נאַכט פֿון זײַנע רעגירונגס טעג, בא זיך אין בעט, נישט געזעטיקט מיט ברויט און מיט ווײַן, נאָר זאַט פֿון מישפּעטן און מיינונגען אַרויסזאָגן און פֿון מאַכן טאַקאָנעס און צוגאָב־געזעצן, און ווען דער שלאָף, נישט געקוקט אַף דעם הונגער, האָט גענומען זײַנע וויעס צושליסן, האָט ער דערהערט אַזאַ גערויש פֿון קוילעס און גלעקער, אַז ער האָט געמיינט נישט אַנדערש, נאָר דאָס אינדזל גייט אײַנזינקען.

אויפֿגעזעצט האָט ער זיך אין בעט און האָט זיך אײַנגעהערט עפּשער וועט ער דערגיין וואָס איז די סיבע פֿון די גוואַלדן. נאָר נישט נאָר איז ער עס נישט דערגאַנגען, נאָר צו די קוילעס מיט דעם גלעקער־געקלאַנג, איז נאָך צוגעקומען אַ געשאַל פֿון טראָמפּייטן און אַ אומאויפֿהערלעכער קלאַפּן אין פּויקן, וואָס דאָס האָט אים נאָכמער צעטומלט און אָנגעפֿילט מיט שרעק און מיט פּאַכעד. ער איז אויפֿגעשטאַנען און אָנגעטון אַ פּאָר פּאַנטאָפֿל, מאַכמעס די ערד איז דאָרט געווען נאַס, און אָן אָפּעס אַ מאַלבעש צו נעמען אַף זיך, אַ שלאַפּראָק אָדער אין דעם ערעך, איז ער אַרויס אַף דער טיר פֿון זײַן כיידער און אין דער רעגע דערזען לויפֿן איבער די קאָרידאָרן אַ צוואָנציק מענטשן מיט אָנגעצונדענע שטורקאַצן אין די הענט און מיט די שווערדן אַנטבלויזט, און אַלע שרײַען זיי: „געוואַלד, גוואַלד, האַר גובערנאַטער! גוואַלד, וואָרום אַרײַנגעריסן האָבן זיך אַפֿן אינדזל סאָנים אַן אַ שיר, און מיר זײַנען פֿאַרלוירן, אויב אײַער כאָכמע און גווורע וועט אונדז נישט העלפֿן!"

מיט די געשרייען, מיט דעם גוואַלד און געפֿילדער זײַנען זיי צוגעקומען צו

דעם אָרט ווו סאַנטשאָ איז געשטאַנען ווי אַ געליימטער, מיט אַן אָפּגענומענעם לאָשן דערפון וואָס ער האָט געהערט און געזען, און ווען זיי זײַנען שוין געשטאַ־נען לעבן אים, האָט איינער צו אים אַ געשריי געטון:

— נעמט שוין דאָס געווער, אײַער הערשאַפט, אויב איר ווילט נישט פאַר־לוירן גיין און דאָס גאַנצע אינדזל זאָל גיין פאַרלוירן.

— איך זאָל מיך נעמען צום געווער? — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — וואָס ווייס איך פון געווער און פון העלפן? די זאַכן לאָמיר בעסער איבערלאָזן פאַר מײַן האר דאָן קיכאָט, ער וועט זיי מיט איין שמיר אָפּפּאַרטיקן און אין ארכיוו אַרײַנגעבן. איך, זינדיקער מענטש, פאַרשטיי מיך נישט אַף דעם מין בעהאַלעס.

— אָך, האר גובערנאַטער! — האָט אַ צווייטער געזאָגט, — וואָס זײַנען דאָס פאַר טערוצים? נעמט, אײַער גענעדיקייט, דאָס געווער, דאָ האָט איר עס, צום אָנפאַלן און צום פאַרטייטיקן זיך, און קומט אַרויס אַפן פּלאַץ און זײַט אונדזער קאַפּיטאַן און פירט אונדז, וואָרום איר האָט אַ רעכט דערויף, איר זײַנט גובער־נאַטער.

— זאָל שוין זײַן אַזוי, טוט אָן — האָט סאַנטשאָ מאַסקים געווען.

און צוגעבראַכט האָבן זיי טייקעף צוויי לאַנגע שילדן, וואָס זיי האָבן אים איבערן העמד אָנגעטון, און האָבן אים נישט געלאָזט אָנטון קיין אַנדער מאַל־בעש, און דורך די לעכער, וואָס זיי האָבן געהאַט, האָבן זיי אים די הענט אַרויס־געשלעפּט און מיט שטריק אַרומגעבונדן, אַזוי אַז ער איז שטיין געבליבן ווי צווישן צוויי ווענט אַן אײַנגעבונדענער, אַ גלײַכער, ווי אַ שפּינדל, און האָט נישט געקענט די קניען אײַנבייגן, נישט רירן זיך און קיין טראָט נישט טון. אַרײַנגערוקט האָט מען אים אין די הענט אַ שפּיז, און ער האָט זיך אַף איר אָנגעשפּאַרט, קעדיי צו קענען זיך האַלטן אַף די פיס. ווען דאָס אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק, האָט מען אים געהייסן גיין און פירן און אַלעמען אויפמונטערן, וואָרום ער איז זייער נאָרד־שטערן, זייער מאָרגנשטערן, זייער לאַמטערן, און מיט אים וועט אַלץ גוט זײַן.

— ווי אַזוי זאָל איך גיין, גרויסער אומגליק מײַנער! — האָט סאַנטשאָ גע־ענטפערט, — אַז איך קען מיט דעם קנאַכן פון די קניען נישט רירן, איבער די ברעטער, וואָס זײַנען מיר צום לײַב צוגעדריקט? איר וואָלט מיך באַדאַרפט אַף די הענט נעמען און אַף אַ לאָדן מיך אַוועקלייגן אָדער אַוועקשטעלן און איך זאָל אים היטן מיט דער שפּיז אָדער מיט מײַן גוף.

— גייט, האר גובערנאַטער — האָט נאָך איינער געזאָגט, — נישט די ברעט־טער, נאָר די מוירע לאָזט אײַך נישט גיין. רירט אײַך, איינמאָל פאַר אַלע מאָל, עס ווערט שפּעט, און די סאָנים וואַקסן, און די קוילעס שטײַגן און די געפאַר ווערט אַלץ גרעסער.

אַף די אָנרעגונגען און טאַדלונגען, האָט דער גובערנאַטער, וויי צו אים, גע־פּרוּווט זיך אַ ריר טון און איז אומגעפאַלן מיט אַזאַ טראַסק, אַז ער האָט געמיינט ער ווערט צעשאָטן. געבליבן איז ער ליגן אַף דער ערד ווי אַ טשערעפּאַכע אונטער איר שילד, אָדער ווי אײַנגעזאַלצענער כאַזער צווישן צוויי מולטערס, אָדער גאָר ווי אַ שיף, וואָס האָט זיך קווער אַרײַנגעשניטן אינעם זאַמד. און די לייצים האָבן אים

געזען פאַלן און האָבן אַף אים גאָר קיין ראַכמאָנעס נישט געהאַט. פאַרקערט. זיי האָבן גענומען נאָך העכער שרײַען און שלעפּן דאָס געווער און געטראָטן איבער סאַנטשאָן, וויי צו אים, און מיט די מעסערס געהאַקט איבער די שילדן, אַזוי אַז ווען ער טוליעט זיך נישט צו און קאָרטשעט זיך נישט אײַן, וואָלט ער גאָר שלעכט אָפּגעשניטן, דער גובערנאַטער, נעבעך, וואָס האָט אין זײַן ענגשאַפט, אַן אײַנגע־קאָרטשעטער, אַ באַשלאָגענער מיט אַנגסטן, געשוויצט און מיט דעם גאַנצן האַרצן צו גאָט זיך איבערגעגעבן ער זאָל אים פון דער סאַקאָנע אַרויסנעמען. טייל האָבן איבער אים געשטרויכלט, אַנדערע זײַנען איבער אים געפאַלן, און איינער האָט זיך געפונען, וואָס האָט זיך אַף אים אַוועקגעשטעלט, און אַזוי אַ היבשע ווײַל פון דאָרט, ווי פון אַ וואַך־טורעם, געקאָמאַנדעוועט און געשריגן:

— אונדזערע, אַהערצו! דאָרט שפּאַרן די סאָנים שטאַרקער! היט יענעם טויער! די טיר פאַרמאַכט! פאַריגלט יענע טרעפּ! גראַנאַטן גיט אַהער, סמאָלע מיט זשיוועצע און טעפּ מיט זודיקן אייל! זאָל מען די גאַסן פאַרבאַריקאַדירן מיט מאַטראַצן!

קורץ, יענער האָט אויסגערעכנט די אַלע פּראַטים, קליי־זײַען און קריגס מאַכ־שירים, וואָס מען נוצט אַף צו פאַרטייטיקן אַ באַפאַלענע שטאָט, און דער צע־קלאַפּטער סאַנטשאָ, וואָס האָט דאָס אַלץ געהערט און איבערטראָגן, האָט צו זיך אַליין גערעדט:

„אָ, ווען גאָט העלפט און מען פאַרלירט שוין איינמאָל פאַר אַלע מאָל דאָס אינדזל, און איך זע מיך שוין אַ טויטער אָדער באַפרײַט פון דער אַנגסט!"

צוגעהערט האָט דער הימל זײַן באַקאָשע און ווען ער האָט זיך שוין גאָרניט געריכט דערויף, האָט ער דערהערט שרײַען:

— אַ ניצאָכן, אַ ניצאָכן! די סאָנים אַנטלויפן! היי, האַר גובערנאַטער: הייבט אײַך אויף, אײַער גענעדיקייט, און קומט פײַערן דעם ניצאָכן און טיילן זיך מיט דעם זאַקרויב, וואָס מיר האָבן צוגענומען בײַ די סאָנים, אַ דאַנק דעם מוט פון דעם אומבאַזיגטן אָרעם.

— הייבט מיך אויף — האָט סאַנטשאָ זיך געבעטן מיט אַ צעווייטיקטן קאָל.

געהאָלפן האָט מען אים אויפשטיין און שוין אַף די פיס שטייענדיק, האָט ער זיך אָנגערופן:

— דעם סוינע וואָס איך זאָל האָבן באַזיגט, וויל איך מען זאָל אים מיר אין שטערן אַרײַנגעקלאַפּן: איך וויל נישט טיילן דעם זאַקרויב פון די סאָנים, נאָר אַ גומער פרײַנט וואָלט איך געבעטן, אויב איך האָב אַזוינעם, ער זאָל מיר דערלאַנ־גען אַ שלונק ווײַן, וואָרום איך ווער פאַרטרוקנט, און דעם שווייס זאָל ער מיר אָפּווישן, וואָרום איך ווער צעגאָסן.

מען האָט אים אָרומגעווישט, געבראַכט ווײַן צו טרינקען, אָפּגעבונדן אים די שילדן און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף זײַן געלעגער און פון מוירע, פון דעם איבערשרעק און פון דעם ווייטיק, האָט ער געכאַלעשט. די לייצים האָט שוין באַנג געטון וואָס זיי האָבן מיט אים אַזאַ שווערן שפּאַס געמאַכט, נאָר סאַנטשאָס קומען צו זיך האָט זיי גרינגער געמאַכט אַפן האַרצן. געפרעגט האָט ער ווי שפּעט עס

איז, און געענטפערט האָט מען אים, אַז עס טאָגט שוין. ער האָט גאָרנישט ניט געזאָגט, נאָר גענומען האָט ער זיך אָנטון, אַן איינגעגראָבענער אינעם שטיל־שווייגן, און איטלעכער האָט געקוקט אַף אים און געוואָלט זען וואָס איז ער אויסן מיט זיין גיכן אָנטון זיך. אָנגעטון, איז ער זיך פּאַמעלעך אַוועק אין שטאָל, מאַכ־מעם געוועזן איז ער שטאַרק צעקלאָפּט און גיך האָט ער נישט געקענט גיין, און ווער נאָר דאָרט איז געווען, איז אים נאָכגעגאַנגען. און ווי ער איז צוגעקומען צום העל־ברוינעם, האָט ער אים אַרומגענומען און אים אַ קוש געטון אַ שאַלעם־קוש אין שטערן, און מיט טרערן אין די אויגן, האָט ער צו אים גערעדט:

— קום אַהער, כּאַוועך און פריינט מיינער, וואָס דו טראָגסט איינעם מיט מיר מיין פּיין און מיין עלנט. ווען איך האָב מיט דיר אומגעוואַנדערט און האָב קיין אַנדערע טראַכטעניש נישט געהאַט ווי נאָר די זאָרג ווי צו פאַריכטן דיין געשפּאַן און ווי צו דערנערן דיין גופל, זיינען מיינע שאָען, מיינע טעג און מיינע יאָרן, געווען גליקלעכע. ווי נאָר, אָבער, איך האָב דיך פאַרלאָזט און האָב גענומען שטייגן אַף די טורעמס פון קאָוועד און גדולע, האָבן זיך מיר אין מיין נעשאָמע באַזעצט טויזנט נויטן, טויזנט פּיינען און פיר טויזנט אומרוען.

בעשאַסן ריידן האָט ער זיין אייזל אָנגעזאָטלט און קיינער האָט אים גאָר־נישט ניט געזאָגט. אָנגעזאָטלט זיין העל־ברוינעם, האָט ער מיט גרויס באַנג און ווייטיק זיך אויפגעזעצט אַף אים און, מיט זיינע רייד געווענדט צום הויפמייס־טער, צום סעקרעטאַר, צום זאַלמייסטער און צו פּעדראָ רעסיאָ, זיין דאָקטער, און צו אַ סאַך אַנדערע, וואָס זיינען דאָרט געשטאַנען, האָט ער געזאָגט:

— מאַכט מיר וועג, מיינע האַרן, און לאָזט מיך צוריקגיין צו מיין אַלטער פריייהייט: לאָזט מיך גיין אויפזוכן מיין פריערדיק לעבן, און זאָל עס מיך מעכייע־מייסים זיין פון דעם איצטיקן טויט. איך בין נישט געבוירן צו זיין גובערנאַטער און נישט צו פאַרטייטיקן אינדזלען און שטעט פון סאָנים, וואָס זוכן זיי צו באַ־פאַלן. איך פאַרשטיי מיך בעסער אַף אַקערן און גראָבן, אַף באַשניידן ווייַנשטאָקן און בינדן די לאָזעס, איידער אַף געבן געזעצן און פאַרטייטיקן מעדינעס מיט מע־לוכעס. דער הייליקער פּעטרוס פילט זיך גוט אין רוים: איך מיין דערמיט צו זאָגן, אַז יעדער איינער פילט זיך גוט אין דעם באַרוף, וואָס צו אים איז ער געבוירן. מיר איז באַקוועמער אַ שנייַדמעסער אין האַנט צו האַלטן איידער אַ גובערנאַטאָ־רישן סצעפּטער. איך וויל מיך בעסער דערנערן מיט אַ קאַלטן גריץ איידער אויסצושטיין דעם עלנט פון אַ כוצפּעדיקן דאָקטער, וואָס זאָל מיך אַף טויט פאַרהונגערן, און בעסער וויל איך מיך לייגן אינעם שאָטן פון אַ דעמב אום זומער און אָנטון אַ שאָפּן־פּעלצל מיט צוויי האָר אינעם ווינטער פון מיין פריייהייט, איידער ליגן אַ געבונדענער צו מיין רעגירונג אונטער וועבלנע לייַלעכער און טראָגן סויבלנע מאַרדערס. פאַרבלייַבט מיט גאָט, אייערע גענעדיקייטן, און זאָגט דעם פירשט מיין האַר, אַז נאַקעט בין איך געבוירן און נאַקעט בין איך איצט, איך פאַר־ליר נישט און געווין נישט. איך מיין צו זאָגן, אַז איך בין אַן אַ פּרוטע געקומען צו דער רעגירונג און אַן אַ פּרוטע גיי איך פון איר אַוועק, פּונקט פאַרקערט ווי עס גייען אַוועק די גובערנאַטערס פון אַנדערע אינדזלען. און טרעט אָפּ פון מיר און

לאָזט מיך גיין, מאַכמעס איך מוז מיך באַפּלאַסטערן, אַזוי צעבראָכן פיל איך מײַנע ביינער, אַ דאַנק די סאָנים, וואָס האָבן הײַנטיקע נאַכט שפּאַצירט איבער מיר.

— ניט אַזוי דאַרף עס זײַן, האַר גובערנאַטער — האָט דער דאָקטער רעסיאָ זיך אָנגערופן, — איך וועל אײַער גנעדיקייט געבן אַ געטראַנק צו געבראָכענע ביינער, וואָס וועט אײַך צוריק מאַכן אַזוי גאַנץ און געזונט ווי געווען, און וואָס שײַעך עסן, זאָג איך אײַך צו, אַז איך וועל מיך פאַריכטן און וועל אײַך לאָזן עסן זויפל און וואָס איר ווילט.

— האָסט צו שפּעט געגומען פישטשען! — האָט סאַנטשאָ געענטפערט — איך קען אַזוי צוריקגיין ווערן גובערנאַטער ווי איך קען ווערן אַ טערק. אַזוינע שפּאַסן מאַכט מען נאָר איין מאָל. איך שווער אײַך, אַז דאָ פאַרבלײַב איך נישט און מער קיין רעגירונג נעם איך נישט, מען זאָל זי מיר אַפילע דערלאַנגען צווישן איין מײַכל און צווייטן, אָדער ווי איך וואָלט איצט געגאַנגען פליען אָן פליגל אין הימל אַרײַן. איך שטאַם פון די פּאַנצאַס, איינס און איינס אַקשאָנים, אַז זיי זאָגן איינמאָל ס'איז אָן אום, מוז עס זײַן אָן אום, מעג די גאַנצע וועלט זאָגן ס'איז אַ גראָד.

„זאָלן דאָ אין דער שטאַל פאַרבלײַבן די מערעשקע־פליגל, וואָס האָבן מיך אין דער לופטן אויפגעהויבן, קעדיי מיך זאָלן סטריזשן עסן און נאָך אַזוינע מינים פייגל, און לאָמיך ווידער טרעטן די ערד מיט דעם גאַנצן פוס. ער וועט עפּשער נישט זײַן באַצירט מיט שאַגרינענע שיך, נאָר אים וועלן נישט פעלן קיין שטריקענע פּאַסטעלעס: יעדער שנאָר מיט זײַן פּאָר, און קיינער שטרעקט נישט דעם פוס לענגער פונעם צודעק. און לאָזט מיך דורך, ווײַל עס ווערט שפּעט.

דערויף האָט זיך דער הויפמײַסטער אָנגערופן:

— האַר גובערנאַטער, זייער גערן וועלן מיר לאָזן אײַער גנעדיקייט גיין, כאָטש אונדז וועט שטאַרק באַנג טון אײַך צו פאַרלירן. אײַער סייכל און אײַער מענטשלעכע באַנעמונג הייסן אונדז אײַך צו באַגערן, נאָר עס איז אַ באַקאַנטע זאַך, אַז יעדער גובערנאַטער איז מעכויעוו איידער ער פאַרלאָזט דאָס אָרט וווּ ער האָט רעגירט, מעלדן אין דער רעזידענץ: זאָל אײַער גנעדיקייט זיך מעלדן צו די צען טעג וואָס איר האָלט די רעגירונג און גייט אײַך געזונטערהייד.

— קיינער קען עס פון מיר נישט פאַרלאַנגען — האָט סאַנטשאָ געענטפערט — סײַדן וועמען דער פירשט, מײַן האַר, וועט דאָס באַפעלן: איך וועל מיך מיט אים זען, און אים וועל איך אָנגעבן די מעלדונג אָן אָפּגעטאָקטע. ביפראַט, אַז ווען איך גיי אַוועק פון דאַנען, אַזאַ ווי איך גיי, אַ נאַקעטער, דאַרף מען מער קיין באַווײַזן נישט האָבן, אַז איך האָב רעגירט ווי אַ מאַלעך.

— ווי גאָט איז עמעס, אַז דער גרויסער סאַנטשאָ איז גערעכט — האָט דער דאָקטער רעסיאָ זיך אָנגערופן, — און איך מיין, אַז מען דאַרף אים לאָזן גיין, מאַכמעס דעם פירשט וועט שטאַרק האַנאָע האָבן אים צו זען בײַ זיך.

אַלע האָבן דערצו מאַסקים געווען, און מען האָט אים געלאָזט אַוועקגיין, נאָר צוערשט האָבן זיי זיך אָנגעבאָטן אים צו באַגלייטן און אים געבן וואָס נאָר ער וויל אַף צו דערקוויקן דאָס האַרץ און אַף צו רײַטן באַקוועמער. געבעטן האָט סאַנטשאָ

נישט מער ווי א ביסל גערשטן פאר דעם העל־ברוינעם, און א האלבן קעזל מיט א האלבן ברויט פאר זיך, ווארום אזוי ווי דער וועג איז א קורצער, האט ער נישט נייטיק קיין גרעסערן און קיין בעסערן שפייז־רעזערוו. אלע האבן אים ארומגענו־מען און אויך ער זיי, מיט טרערן אין די אויגן, און ער האט זיי געלאזט שטיין פארגאפטע סיי אף זיינע רייד און סיי אף זיין קלוגן און אנטשלאסענעם שריט.

## פיר און פופציקסטער קאפיטל

### וואס באריררט זאכן, וועלכע האבן א שייכעס צו דער דאזיקער געשיכטע און נישט צו קיין אנדערער.

אגעמאכט האבן בא זיך דער פירשט מיט דער פירשטן, אז דער דועל, וואס דאן קיכאט האט צו אים ארויסגערופן זייער לאנדקנעכט צוליב דער שוין דערציילטער סיבע, זאל דורכגעפירט ווערן. און אזוי ווי דער באכער איז גאר אין פלאנדריע, וווּהין ער איז אנטלאפן, קעדיי נישט צו האבן דאניא ראדריגעז פאר א שווינער, האבן זיי באשלאסן שטעלן אף זיין ארט זייערן א לאקיי, א גאס־קאניער מיט דעם נאמען טאסילאס, און פריער זאל מען גוט איינכאזערן מיט אים וואס ער האט צו טון. מיט צוויי טעג שפעטער האט דער פירשט געזאגט דאן קי־כאטן, אז אין פיר טעג ארום וועט קומען זיין קעגנער און וועט זיך צושטעלן אפן פעלד א באוואפנטער ווי א ריטער, און וועט טיינען זיינס, אז דאס מיידל ליגנערט ביז האלבער באָרד אדער גאר אף דער גאנצער באָרד, אויב זי זאגט, אז ער האט איר געגעבן דאס ווארט כאסענע צו האבן.

דאן קיכאט איז צופרידן געווען מיט דער יעדיע, און האט זיך אליין צוגעזאגט וויַזן ווּנדער בא דעם פאל, און האט עס געהאלטן פאר א גרויס גליק, וואס מען גיט אים די געלעגנהייט, אז די הארן זאלן קענען זען ווי וויַט עס גרייכט די גוווּרע פון זיין מעכטיקן אָרעם. און ער האט דערום מיט גרויס פרייד און פארגעניגן אויסגעווארט די פיר טעג, וואס לויט דעם כעשבן פון זיין כיישעק, זיינען זיי גע־ווען פיר הונדערט יארהונדערטן. לאמיר זיי לאזן גיין (ווי מיר לאזן גיין אנדערע זאכן) און לאמיר באגלייטן סאנטשאן, וואס איז האלב פריילעך האלב טרויעריק געריטן אף זיין העל־ברוינעם אויפזוכן זיין האר, וואס זיין געזעלשאפט איז אים ליבער געווען ווי צו זיין גובערנאטער איבער די אינדזלען פון גאר דער וועלט.

נישט געהאט האט ער אפגעריטן וויַט פון דעם אינדזל, וואס ער האט רע־גירט (ווייל ער האט זיך קיינמאל נישט באמיט צו וועלן וויסן צי דאס וואס ער רע־גירט איז אן אינדזל, א שטאט, א שטעטל אדער א דארף), ווי באוויזן האבן זיך אפן וועג ווו ער איז געריטן, זעקס וואנדערער, מיט זייערע וואנדער־שטעקנס, פון דעם מין אויסלענדער וואס בעטלען מיט געזאנג. ווען זיי האבן זיך צו אים דער־נענט, האבן זיי זיך אויסגעשטעלט אין א ריי, און אלע אין איין קאל, האבן זיי גע־נומען זינגען אין זייער לאשן אזויגס וואס סאנטשא האט נישט געקענט פאר־

שטיין, אכוץ איין ווארט, וואס זיי האבן קלאר ארויסגערעדט, „לימאזנא", וואס דערפון האט ער פארשטאנען אז מיט זייער זינגען בעטן זיי א נעדאווע. און אזוי ווי געווען איז ער, ווי סידע האמעטע זאגט, א גוטהארציקער, האט ער פון זיין טארבע ארויסגענומען דעם האלבן ברויט מיט דעם האלבן קעזל, וואס ער האט זיך דערמיט פארזארגט, און האט דאס זיי אוועקגעגעבן, און דערביי מיט צייכנס גע־וויזן, אז עפעס אנדערש האט ער נישט וואס צו געבן. זיי האבן דאס זייער גערן צוגענומען און זיך אנגערופן:

— געלטע, געלטע!

— איך פארשטיי נישט — האט סאנטשא געענטפערט, — וואס איר ווילט פון מיר; מיינע ליבע לייט.

דערויף האט איינער פון זיי ארויסגענומען א זעקעלע פונעם בוזים און דאס געוויזן סאנטשאן, און דערפון האט ער געדרונגען, אז זיי ווילן געלט. דערויף האט ער צונעלייגט זיין גראבן פינגער צום האלדז און די האנט ארויפגעהויבן און האט זיי געגעבן צו פארשטיין, אז ער האט בא זיך קיין האלבן גראשן ניט, און האט א טרייב געטון זיין העל־ברוינעם און זיי פארביינעריטן. נאר ווי ער איז אזוי דורכ־געריטן, האט איינער פון זיי זיך שטארק איינגעקוקט אין אים און איז צו אים צו־געלאפן און אים ארומגעכאפט מיט די הענט באם גארטל, און איז ארויס מיט לאשן, א ריין קאסטעליאנישן, און געזאגט:

— שיץ מיך גאט! וואס זע איך? איז עס מעגלעך אז איך האלט אין מיינע ארעמס מיין טייערן פריינט און ליבן שאכן סאנטשא פאנצא? געווים האלט איך אים, ס׳איז נאר קיין סאפעק נישט, ווארום נישט איך שלאף און נישט איך בין שיקער.

נעוואונדערט האט זיך סאנטשא וואס ער הערט זיין נאמען ארויסריידן און זעט זיך ארומגענומען פון דעם פרעמדן וואנדערער. ער האט זיך אין אים שטארק איינגעקוקט, א ווארט נישט רייידנדיק, און האט אים בעשומויפן נישט דערקענט. נאר אז דער וואנדערער האט געזען ווי ער שטוינט, האט ער זיך צו אים אנגערופן:

„— ווי? איז עס מעגלעך, סאנטשא פאנצא ברודער, אז דו דערקענסט נישט דיין שאכן ריקאטע, דעם מאר מעשומעד, דעם קרעמער פון דיין דארף?

— וואסער טייוול קען דיך דערקענען, ריקאטע, אין דעם מאלבעש פון א פארשטעלטן, וואס דו טראגסט? זאג מיר נאר, ווער האט דיך געמאכט פאר א פראנצויז, און ווי אזוי האסטו דיך דערוועגט קומען צוריק קיין שפאניע, וווּ מען קען דיך כאפן, און אז מען וועט דיך דערקענען, וועט זיין ווייי צו דיר?

— אויב דו וועסט מיך נישט אויסגעבן, סאנטשא — האט דער וואנדערער געענטפערט, — בין איך זיכער, אז אין דער האלבאשע וועט מיך קיינער נישט דערקענען. קום מיט מיר צו צו אט יענע טאפאליעס, וואס דו זעסט בא דער זייט וועג, מיינע כאווירים ווילן זיך דארט אוועקזעצן עסן און אפרוען. וועסטו עסן מיט זיי, זיי זיינען שטילע מענטשן. דארט וועל איך דיר דערציילן וואס מיט מיר האט פאסירט פון זינט איך האב פארלאזט אונדזער דארף בעיים דער גזיירע פון זיין

מאַיעסטעט, וואָס האָט אַזוי שטרענג גערודעפּט די אָרימע ברידער פון מײַן פּאָלק, ווי דו האָסט מיסטאָמע געהערט.

סאַנטשאָ האָט אַזוי געטון, און ריקאָטע האָט עפּעס געזאָגט די אַנדערע וואַנדערער, און זיי זיינען צוגעקומען צו דער שורע טאָפּאָליעס, וואָס זײַנען געשטאַנען בײַ דער זײַט שליאַך. זיי האָבן אַוועקגעוואָרפן אַף דער ערד די וואַנדערשטעקנס, האָבן אויסגעטון די מוצעטן אָדער פּעליערינעס זייערע און זײַנען געבליבן נאַקעט. און געווען זײַנען זיי אַלע יונגע קרעפּטיקע מענטשן, אַחוץ ריקאָטען, וואָס איז געווען שוין אין די עלטערע יאָרן. אַלע האָבן זיי געהאַט מיט זיך טאָרבעס. און אַלע טאָרבעס, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, גוט געפּאַקט, אַלנפּאַלס מיט רייצנדיקע זאַכן, וואָס רופן דעם דורשט פון צוויי מײַל די ווײַט.

אויסגעשפּרייט האָבן זיי זיך אַף דער ערד, און פון די גראָזן טישטעכער געמאַכט, און אַף זיי אויסגעלייגט ברויט און זאַלץ און מעסערס, ניס און רייפטלעך קעז, ביינער פון שינקען, וואָס אויב קײַען האָבן זיי זיך נישט געלאָזט, האָבן זיי זיך דערפאַר געלאָזט סמאָטשקען. אויך האָבן זיי אַוועקגעשטעלט אַזאַ שוואַרצן מײַכל, וואָס מען רופט עס קאַוויאַר און געמאַכט איז ער פון פיש־רויג, אַ גרויסער אויפוועקער פון דעם לאָגל. עס האָבן נישט געפעלט קיין איילבירטן, אַפילע טרוקענע און נישט צוגעפּראַוועטע, נאָר געשמאַקע און פּיקאַנטע. נאָר מער ווי אַלץ האָבן געפּלאַטערט איבער דעם באַנקעט־פעלד זעקס לאָגלען ווײַן, וואָס יעדער איינער האָט פון זײַן טאָרבע אַרויסגענומען. אַפילע דער בראַוועכר ריקאָטע, וואָס איז פון אַ מאָר אַ מעשומעד געוואָרן אַ דײַטש אָדער אַ טויטש, האָט זײַן לאָגל אַרויסגענומען, וואָס לויט דער גרויס האָט ער זיך געקענט פאַרמעסטן מיט יענע פינף. מען האָט זיך גענומען עסן מיט גרויס געשמאַק און זייער פּאַמעלעך און בײַ יעדן ביסן, וואָס זיי האָבן צום מויל צוגעטראָגן אָפן שפּיץ מעסער, און פון אַלץ צו ביסעלעך, האָבן זיי זיך באַלעקט, און דערנאָך האָבן זיי אַלע אַפּאַמאָל די הענט מיט די לאָגלען אויפגעהויבן אין דער לופטן, די פיסקלעך צום מויל און די אויגן צום הימל אײַנגעשטאָכן און געדאַכט האָט זיך ווי זיי צילעווען זיך. דערבײַ האָבן זיי געשאָקלט מיט די קעפּ הין און הער, ווי זיי וואָלטן מאַסקים געווען צום טאַם, וואָס זיי פילן, און אַ היבשע ווײַל אַזוי געגאָסן צו זיך אין די מאָגנס דעם אינגעווייד פון די קיילים.

סאַנטשאָ האָט אַלץ צוגעזען און קיין שום זאַך האָט אים נישט געקימערט, פאַרקערט, קעדיי מעקײַעם צו זײַן דאָס שפּריכוואָרט, וואָס איז אים גוט באַקאַנט געווען, אַז „ווען דו פאָרסט קיין רוים, מאַך דיך אַז דו זעסט", האָט ער געבעטן בײַ ריקאָטען דעם לאָגל און האָט אָנגעשטעלט דעם ציל פּונקט ווי יענע און מיט נישט ווייניקער פאַרגעניגן. פיר מאָל האָבן זיך די לאָגלען געלאָזט אויפהייבן, נאָר דעם פינפטן מאָל איז עס שוין נישט מעגלעך געווען, וואָרום געווען זײַנען זיי שוין אַזוי אײַנגעשרומפּן און טרוקן ווי אַ פּאַפּער, וואָס דאָס האָט אַביסל צוגעשלאָגן די פריילעכקייט, וואָס זיי האָבן געהאַט אַרויסגעוויזן. פון צײַט צו צײַט האָט איינער פון זיי געדריקט סאַנטשאָן די האַנט און געזאָגט:

— שפּאַניער און טויטש טוטאָ אונאָ באָן קאָמפּאַניאָ.

און סאַנטשאַ האָט געענטפערט:

— באַן קאָמפּאַניאַ דזשוראַ די.

און פלעגט דערבײַ אויספּלאַצן מיט אַ געלעכטער אַף אַ גאַנצער שאַ, און נישט געדענקען דאָס מינדסטע דערפון וואָס מיט אים האָט פּאַסירט בעייסן רעגירן. וואָרום אַף דער צײַט וואָס מען עסט און מען טרינקט, האָט די זאָרג קיין שליטע נים. אַף לעצט, ווען עס האָט זיך באַ זיי אַלעמען אויסגענומען דער ווײַן, האָט זיי אַלעמען גענומען שלעפערן און אַלע זײַנען אײַנגעשלאָפן באַ די טישן. בלויז ריקאָטע מיט סאַנטשאָן זײַנען וואַך געבליבן, מאַכמעס זיי האָבן מער געגעסן און ווייניקער געטרונקען. אוועקגענומען האָט ריקאָטע סאַנטשאָן אַף אַ זײַט, אוועקגעזעצט זיך מיט אים אונטער אַ בוקסנבוים, די אַנדערע וואַנדערער געלאָזט פאַרגראָבענע אין זיסן שלאָף, און אין ריינעם שפּאַניש, נישט געשטרויכלט אַף זײַן מאַרישן לאָשן, האָט אים ריקאָטע אַזוי געזאָגט:

— דו ווייסט גאַנץ גוט, אָ, סאַנטשאָ פּאַנצאַ! שאָכן און פרײַנט מײַנער, ווי אַזוי דער אויסרוף און באַפעל, וואָס זײַן מאַיעסטעט האָט אַרויסגעלאָזט קעגן די מענטשן פון מײַן פאָלק, האָט אַף אונדז אַלעמען אָנגעוואָרפן אַן איימע און אַ שרעק. מיך אַלנפאַלס האָט דאָס אַזוי איבערגעשראָקן, אַז איידער נאָך עס איז געקומען דער טערמין, וואָס מען האָט אונדז געגעבן אַף צו פאַרלאָזן שפּאַניע, האָב איך שוין דערפילט אַף מיר די האַרטע שטראָף, וואָס ווערט אַרויפגעלייגט אַף מיר און אַף מײַנע קינדער. איך האָב באַ מיר אָפּגעמאַכט, ווי מיר דאַכט זיך, גאַנץ פאַרנונפטיק (ווי איינער וואָס ווייסט, אַז צו אַ געוויסער צייט וועט מען אים פון זײַן שטוב אַרויסטרײַבן, און ער מוז זיך גיין זוכן אַ צווייטע ווו זיך אַרײַנצוקלײַבן), אָפּגעמאַכט האָב איך אַליין צו פאַרלאָזן דאָס דאָרף, אָן מײַן ווײַב און קינדער, און גיין זוכן ווו זיי אַרײַנצונעמען באַקוועמער, און נישט ווי אַנדערע, וואָס זײַנען אוועק אין אײַלעניש וואָרום איך האָב גאַנץ גוט געזען, און אַזוי אויך האָבן געזען אונדזערע אַלטע לײַט, אַז די אויסרופן זײַנען נישט בלויז אַף אָנצושרעקן, ווי אַנדערע האָבן געזאָגט, נאָר ריכטיקע געזעצן, וואָס וועלן אין זייער געהעריקער צײַט אויסגעפירט ווערן. און געפירט האָבן מיך צו דעם עמעס די נאַרישע און בייזע קאַוואָנעס, וואָס אונדזערע האָבן געהאַט, אַזוינע קאַוואָנעס, אַז מיר דאַכט זיך גאָט אַליין האָט אַרײַנגעגעבן אַזאַ זין זײַן מאַיעסטעט ער זאָל אָנעמען אַזאַ שטאָלצן באַשלוס, נישט מאַכמעס אַלע זאָלן מיר געווען זײַן שולדיק — געווען זײַנען צווישן אונדז פעסטע און עמעסע קריסטן — נאָר אַזוי ווייניק, אַז זיי האָבן זיך נישט געקענט אַקעגנשטעלן קעגן די וואָס זײַנען דאָס נישט געווען, און עס איז נישט רעכט געווען צו האָדעווען אַ שלאַנג אין בוזים און האַלטן די סאָנים באַ זיך אין הויז.

דער סאָף איז געווען, אַז מיט רעכט האָט מען אונדז באַשטראָפט מיט דער שטראָף פון גיירעש, אַ מילדע און ווייכע שטראָף ווי אַנדערע מיינען, נאָר ווי אונדז דאַכט זיך, די שרעקלעכסטע שטראָף, וואָס מען האָט אונדז געקענט געבן. ווו מיר זײַנען, וויינען מיר נאָך שפּאַניע, וואָרום נאָך אַלעמען זײַנען מיר אין שפּאַניע געבוירן און זי איז אונדזער נאַטירלעך פאָטערלאַנד. אין קיין שום לאַנד געפינען

מיר ניט די גאַסטפֿרײַנטשאַפֿט וואָס אונדזער אומגליק פֿאַרדינט. און אין בערבערן־לאַנד און אומעטום אין אַפֿריקע, וווּ מיר האָבן זיך געריכט מען זאָל אונדז אויפֿנעמען, אַרײַנעמען און זאָרגן פֿאַר אונדז, דאָרט ערשט באַליידיקט מען אונדז און מען באַגייט זיך מיט אונדז שלעכט. מיר האָבן נישט געוווּסט ווי גוט אונדז איז געווען, ביז מיר האָבן דאָס גוטס נישט פֿאַרלוירן. און אַזוי גרויס איז קימאַט אונדזער איטלעכס באַגער צוריקצוקערן קיין שפּאַניע, אַז די מערסטע אונדזערע (און אונדזער צאָל איז גרויס), וואָס קענען דאָס לאָשן אַזוי ווי איך, קערן זיך אום און לאָזן איבער זייערע ווײַבער און קינדער עלנטע דאָרט וווּ זיי זײַנען: אַזוי גרויס איז זייער ליבע צו שפּאַניע. ערשט איצט פֿיל איך, ווי זאָגט מען עס, אַז די ליבע צום פֿאָטערלאַנד איז זיס. איך בין אַוועק, ווי געזאָגט, פֿונעם דאָרף, אַרײַנגעקומען קיין פֿראַנקרײַך, און כאָטש דאָרט האָט מען אונדז גוט אויפֿגענומען, האָב איך געוואָלט זען די וועלט, איך בין אַריבער קיין איטאַליע און בין אָנגעקומען קיין דײַטשלאַנד, און דאָרט האָט זיך מיר געדאַכט, קען מען לעבן פֿרייער, מאַכמעס אירע באַוווינער זײַנען נישט אַזעלכע מעפֿונאָקים: יעדער איינער לעבט ווי ער וויל, מאַכמעס אין גרעסטן טייל לעבט מען דאָרט מיט געוויסן־פֿרײַהייט.

„איך האָב געדונגען אַ שטוב אין אַ דאָרף לעבן אויגוסטאַ. צוגעשטאַנען בין איך צו די וואַנדערער, וואָס האָבן אַ געוווינטשאַפֿט אַרײַנצופֿאָרן קיין שפּאַניע מאַכנעסוויִז יעדן יאָר אויף באַזוכן אירע הייליקע ערטער, וואָס זיי האַלטן פֿאַר זייער אינדיען־לאַנד, פֿאַר אַן אָרט מיט זיכערער פּאַרנאָסע און גוטע רעוואָכים. זיי גייען אויס קימאַט דאָס גאַנצע לאַנד, און עס איז נישטאָ קיין איין דאָרף, וואָס זיי זאָלן פֿון דאָרט נישט אַרויסגיין, ווי זאָגט מען עס, אָפּגעגעסענע און אָפּגעטרונקענע און מיט אַ מעזומענעם גילדן אין קעשענע, און צום סאָף פֿון דער נעסיע פֿאָרן זיי אַהיים מיט מער ווי הונדערט טאַלער, וואָס זיי בײַטן אויס אין גאָלד, פֿאַרשטעקן עס אינעם אויסגעהויל פֿון זייערע וואַנדערשטעקנס אָדער פֿאַרנייען עס אין די פֿאַלדן פֿון זייערע פּעלירינעס, צי מיט אַנדערע קונצן, וואָס זיי ווייסן, און פֿירן דאָס אַרויס פֿונעם לאַנד און פֿירן דאָס אַרײַן צו זיך אין זייערע מעדינעס, כאָטש מען באַזוכט זיי אויף די גרעניצן און אין די האַפֿנס. איצט, סאַנטשאָ, האָב איך בעדייע אויסצוגראָבן דעם אוצער, וואָס איך האָב פֿאַרגראָבן, און אַזוי ווי דאָס איז אַרויסן דאָרף, וועל איך עס קענען טון אָן אַ סאַקאָנע, און שרײַבן אָדער אַריבערפֿירן פֿון וואַלענסיאַ צו מײַן טאָכטער און מײַן ווײַב, וואָס געפֿינען זיך איצט אין אַלזשיר, און זען ווי אַזוי איך זאָל זיי אַריבערברענגען אין אַ פֿראַנצויזישן האַפֿן און פֿון דאָרט קיין דײַטשלאַנד, וווּ מיר וועלן האָפֿן, אַז גאָט זאָל מיט אונדז פֿירן ווי ער וויל. ווײַל נאָך אַלעמען, סאַנטשאָ, ווייס איך אויף זיכער, אַז ריקאָטאַ, מײַן טאָכטער, און פֿראַנציסקאַ, מײַן ווײַב, זײַנען פֿרומע קריסטנס, און כאָטש איך בין נישט אַזוי פֿרום, האָב איך נאָך אַלץ אין זיך מער קריסטלעכקייט ווי מאָרישקייט, און איך בעט גאָט ער זאָל מיר עפֿענען די אויגן פֿונעם פֿאַרשטאַנד און זאָל מיר געבן צו ווייסן ווי אַזוי איך זאָל אים דינען. און מיך וווּנדערט נאָר פֿאַרוואָס מײַן ווײַב מיט מײַן טאָכטער זײַנען געפֿאָרן קיין בערבערן־לאַנד און נישט קיין פֿראַנקרײַך, וווּ זיי זאָלן קענען לעבן ווי קריסטנס.

דערויף האָט סאַנטשאָ געענטפערט:

— דאָס, ריקאָטע, איז קענטיק נישט געווען באַ זיי אין די הענט, וואָרום ארויסגעפירט האָט זיי כּוּאַן טיאַפּיעזשאָ, דיַין וויַבס ברודער, און אַזוי ווי ער איז מיסטאָמע אַ פיַינער מאַן, איז ער געגאַנגען אהין ווּ ס'איז לויזער. און איך קען דיר נאָך עפּעס זאָגן: איך מיין, אַז דו וועסט אומזיסט זוכן דאָס וואָס דו האָסט באַהאַלטן, וואָרום געהאַט האָבן מיר אַ ידיעה, אַז באַ דיַין שוואָגער און באַ דיַין וויַב, האָט מען בעייסן באַזוכן צוגענומען אַסאַך פּערל און אַסאַך גאָלדן־געלט, וואָס זיי האָבן מיט זיך געפירט.

— דאָס קען גאַנץ ווויל געמאָלט זיַין — האָט ריקאָטע געענטפערט, — נאָר איך ווייס, סאַנטשאָ, אַז מיַין אוצר האָבן זיי נישט גערירט, מאַכמעס איך האָב זיי נישט אויסגעזאָגט ווּ ער געפינט זיך, קעדיי עס זאָל עפּעס נישט געשען. דערום, סאַנטשאָ, אויב דו ווילסט גיין מיט מיר און מיר העלפן אויסגראָבן דעם אוצער און קיינעם נישט אויסזאָגן, וועל איך דיר געבן צוויי הונדערט טאַלער, דו זאָלסט אַביסל אַרויס פון דיַין נויט, וואָרום דו ווייסט דאָך, אַז איך ווייס ווי גרויס דיַין נויט איז.

— איך וואָלט עס געטון — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — נאָר איך בין נאַרנישט געלט־גיַיציק, וואָרום וואָלט איך געווען אַ גיַיציקער, האָב איך היַינט אין דערפרי פון די הענט אַרויסגעלאָזט אַ פּאַרנאָסע, וואָס וואָלט מיר געגעבן אַף צו באַדעקן די ווענט באַ מיר אין שטוב מיט גאָלד, און אין וויַיניקער ווי אַ האַלב יאָר צײַט וואָלט איך שוין געגעסן אין זילבערנע טעלער. נאָר סײַ צוליב דעם, ווי צוליב דעם וואָס מיר דאַכט זיך, אַז איך וואָלט געפעלשט אין מיַין קיניג, ווען איך טו אַ טויווע זיַינע סאָנים, וועל איך מיט דיר נישט גיין, אפילע דו זאָלסט מיר געבן ניט נאָר צוויי הונדערט טאַלער, נאָר פיר הונדערט דאָ אַפן אָרט אָפּגעציילט.

— וואָס זשע פאַר אַ פּאַרנאָסע האָסטו אָוועקגעלאָזט, סאַנטשאָ? — האָט ריקאָטע געפרעגט.

— איך האָב אָוועקגעלאָזט אַ גובערנאַטאָר־שטעלע אַף אַן אינדזל — האָט סאַנטשאָ געענטפערט.

— ווּ זשע געפינט זיך דאָס אינדזל? — האָט ריקאָטע געפרעגט.

— ווּ? — האָט האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — צוויי מיַיל פון דאַנען און דאָס אינדזל רופט מען באַראַטאַריאַ.

— שוויַיג שוין, סאַנטשאָ — האָט ריקאָטע זיך אָנגערופן, — די אינדזלען געפינען זיך אַפן ים און אַף דער יאַבאַשע זיַינען קיין אינדזלען נישטאָ.

— וואָס הייסט נישטאָ? — האָט סאַנטשאָ געענטפערט. — איך זאָג דיר, ריקאָטע פריַינט, אַז ערשט היַינט אין דער פרי בין איך פון דאָרט אָוועקגעריטן און נאָך נעכטן האָב איך דאָרט רעגירט מיט דער ברייטער האַנט ווי אַ פיַילנשיסער. דאָך האָב איך די שטעלע אָוועקגעוואָרפן, מאַכמעס געדאַכט האָט זיך מיר, אַז דאָס גובערנאַטאָר־פאַך איז צו געפערלעך.

— וואָס זשע האָסטו מיט דיַין רעגירן פאַרדינט? — האָט ריקאָטע געפרעגט.

— איך האָב פאַרדינט דאָס — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — וואָס איך

האָב מיך דערוווּסט, אַז איך טויג נישט צום רעגירן סײַדן אַ טשערעדע בעהיימעס, און אַז דאָס אַשירעס וואָס נעמט זיך פון אַזאַ רעגירונג, באַקומט מען אָפּן כּעשבן פון דער רו און פון דעם שלאָף, וואָס מען פאַרלירט און אַפּילע פונעם עסן. וואָרום אַף די אינדזלען מוזן די גובערנאַטערס עסן ווייניק, ביפראַט נאָך ווען זיי האָבן דאָקטוירים, וואָס גיבן אַכטונג אַף זייער געזונט.

— איך פאַרשטיי דיך ניט, סאַנטשאָ, — האָט ריקאָטע געזאָגט, — נאָר מיר דאַכט זיך, אַז דו רעדסט וואָס נישט געשטויגן און נישט געפלויגן. וואָרום ווער האָט דאָס דיר געקענט געבן אינדזלען צום רעגירן? זײַנען שוין גאָר קיין פּעניקערע מענטשן פון דיר נישטאָ אַף צו זײַן גובערנאַטערס? שווײַג שוין, סאַנטשאָ, און באַזין דיך, און באַטראַכט דיך עפּשער וועסטו פאָרט גיין מיט מיר, ווי איך האָב דיר געזאָגט, מיר העלפן אויפגראָבן דעם אוצער, וואָס איך האָב פאַרגראָבן. דאָרט איז מיט אַן עמעס פאַראַן אַזויפיל, אַז מען מעג אים אָנרופן אוצער, און איך וועל דיר געבן מיט וואָס צו לעבן, ווי איך האָב דיר שוין געזאָגט.

— איך האָב דיר שוין געזאָגט, ריקאָטע — האָט סאַנטשאָ אָפּגעענטפערט, — אַז איך וויל נישט. דו זײַ צופרידן וואָס איך וועל דיך נישט אויסגעבן, און גיי דיר דײַן וועג און איך וועל מיר גיין מײַנעם, וואָרום איך ווייס, אַז דאָס ערלעך פאַרדינטע גייט נישט פאַרלוירן און דאָס אומערלעכע גייט פאַרלוירן איינעם מיט דעם פאַרדינער.

— איך וויל מיך ניט שפּאַרן, סאַנטשאָ — האָט ריקאָטע געזאָגט, — נאָר זאָג מיר, ביזטו געווען אין דאָרף בעיים מײַן ווײַב און מײַן טאָכטער מיט מײַן שוואָגער זײַנען אַוועק פון דאָרט?

— איך בין געווען — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — און איך קען דיר זאָגן, אַז אַוועקגעגאַנגען איז דײַן טאָכטער אַזאַ שיינע, אַז ווער עס איז געווען אין דאָרף, איז אַרויסגעגאַנגען קוקן אַף איר, און געזאָגט האָט איטלעכער, אַז נאָך אַזאַ שיינהייט איז אַף דער וועלט נישטאָ. זי האָט געוויינט און געהאַלדזט אַלע אירע כאַווערטעס און באַקאַנטע און אַלעמען ווער נאָר דאָרט איז געווען, און האָט געבעטן מען זאָל פאַר איר צו גאָט בעטן און צו זײַן הייליקער מוטער. און געבעטן האָט זי מיט אַזאַ געפיל, אַז איך האָב געוויינט, כאָטש דו קענסט מיך נישט פאַר אַ וויינער. און באַ מײַנע נעמאָנעס זאָג איך דיר, אַז געווען זײַנען אַסאַך אַזוינע וואָס האָבן כיישעק געהאַט זי אויסצובאַהאַלטן אָדער אין וועג זי אָפּצושלאָגן. נאָר די מוירע צו גיין קעגן דעם קיניגס באַפעל, האָט זיי אָפּגעהאַלטן. באַזונדער איז פאַרכאַפּט געווען דאָן פּעדראָ גרעגאָריאָ, דער רײַכער באָכער, דער עלצטער, דו קענסט אים, וואָס איז געווען, זאָגט מען, שטאַרק פאַרליבט אין איר, און פון זינט זי איז אַוועק, האָט מען אים שוין מער נישט געזען באַ אונדז אין דאָרף, און מיר האָבן אַלע גערעכנט, אַז ער איז איר נאָכגעלאָפן, קעדיי זי ערגעץ אַוועקצוגאַנווענען, נאָר ביז הײַנט האָט מען גאָרנישט נישט געהערט דערפון.

— איך האָב אָבער שטענדיק געהאַט אַ כשאַד — האָט ריקאָטע געזאָגט, — אַז דער קאַוואַליר איז פאַרליבט אין מײַן טאָכטער, נאָר פאַרלאָזט האָב איך מיך אַף מײַן ריקאָטאַ, און האָב קיין שום אָנגסט נישט געהאַט, וואָס ער איז אין איר

פאַרליבט. האָסט אַוואדע געהערט, אַז מאַרישע טעכטער ליבן זיך נישט מיט קיין אַלטע קריסטן, און מײַן טאַכטער, וואָס איז, ווי איך רעכן, געווען מער קריסטן ווי פאַרליבטע, וואָלט זיך גאַנץ ווייניק געקימערט וואָס דער דאָזיקער האַר עלצטער זון שטייט צו צו איר.

— זאָל גאָט געבן — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — עס זאָל זיי ביידן נישט געלינגען. און לאָז מיך גיין, ריקאָטע פרײַנט, וואָרום איך וויל נאָך די נאַכט אָנקומען אַף דעם אָרט, וווּ מײַן האַר דאָן קיכאָט געפינט זיך.

— זאָל דיך גאָט באַגלייטן, סאַנטשאָ ברודער, מײַנע כאַווײרים וועקן זיך שוין איבער, און פאַר אונדז איז שוין אויך צײַט צו גיין.

און ביידע האָבן זיי זיך אַרומגענומען, און סאַנטשאָ האָט זיך אויפגעזעצט אַף זײַן העל־ברוינעם, און ריקאָטע האָט זיך אָנגעשפּאַרט אַף זײַן וואַנדערשטאָק, און זיי זײַנען זיך פונאַנדערגעגאַנגען.

## פינף און פופציקסטער קאַפּיטל

### וועגן זאַכן וואָס האָבן פּאַסירט מיט סאַנטשאָן אין וועג, און אַנדערע זאַכן, וואָס נאָר אַף כידושים.

מאַכמעס דעם וואָס סאַנטשאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט ריקאָטען, איז אים קיין צײַט נישט געבליבן אָנצוקומען נאָך דעם טאָג צום פירשט אין שלאָס, כאָטש געפעלט האָט אים נישט מער ווי אַ האַלבע מײַל צוצוגיין, און די נאַכט האָט אים פאַרכאַפּט אַ פינצטערע און אַ פאַרוואָלקנטע. נאָר אַזוי ווי ס'איז געווען זומער, האָט עס אים נישט געקימערט און ער איז דערום אָפּגעטראָטן פונעם וועג, מיט דער דייע אָפּצוּוואַרטן ביז אין דער פרי. און דער קורצער מאַזל זײַנער האָט אַזוי געפירט, אַז בעיסן גיין זוכן אַ פּלאַץ וווּ בעסער זיך באַקוועם צו מאַכן, זײַנען זיי אַרײַנגעפאַלן, ער מיט זײַן העל־ברוינעם, אין אַ טיפן און פינצטערן גרוב, וואָס איז געווען אויסגעגראָבן צווישן אַלטע כורוועס. און בעיס ער איז אַרײַנגעפאַלן, האָט ער זיך צו גאָט איבערגעגעבן מיט דעם גאַנצן האַרצן, און געמיינט, אַז אַזוי וועט ער שוין פאַלן ביז אין די טיפסטע אָפּגרונטן. נאָר געשען איז אַנדערש, וואָרום דרײַ איילן מיט עפּעס די טיף, האָט דער העל־ברוינער אָנגעטאַפּט דעם דעק, און סאַנטשאָ איז געבליבן זיצן אָפּן אייזל רײַטנדיק אָ נישט צעשעדיקטער און נישט צעקלאַפּטער. ער האָט זיך באַטאַפּט דעם גאַנצן גוף און האָט דעם אָטעם אַרײַנגעצויגן, אַף צו זען צי איז ער גאַנץ אָדער ערגעץ צעלעכערט. און אַז ער האָט געזען ער איז גאַנץ און גוט און פרום מיטן געזונט, האָט ער נישט אויפגעהערט דאַנקען גאָט אונדזער האַר פאַר דעם כעסעד, וואָס ער האָט מיט אים געטון, וואָרום געטראַכט האָט ער זיך אַוואדע, אַז ער איז אַף טויזנט שטיקלעך צעשאָטן. באַטאַפּט האָט ער אויך מיט די הענט די ווענט פונעם גרוב, צי איז נישט מעגלעך פון דאָרט אַרויסצוקומען אָן עמיצנס הילף, נאָר געווען זײַנען די ווענט גלאַט און

עס איז נישט געווען בא וואס זיך אנצוהאלטן, וואס דאס האט אים שטארק גע־ ערגערט, ביפראט ווען ער האט דערהערט זיין אייזל ביטער און מיט געבעט זיך קלאגן. און נישט געווען איז עס איבערגעטריבן און אויך נישט פון געוווינהייט. ער איז מיט אן עמעסן געווען אין נישט קיין וואזשנער לאגע.

— ווײ! האט סאנטשא פאנצא זיך אנגערופן. — וויפל אומגערעכטע זאכן עס פאסירן מיט מענטשן אף דער ארימער וועלט! ווער וואלט עס זאגן, אז דער וואס איז ערשט נעכטן געווען דערהויבן צו גובערנאטער פון אן אינדזל און האט זיך געשאפט מיט זיינע דינער און לאנדקנעכט, זאל היינט ליגן באגראבן אין א גרוב, און עס איז נישטא ווער עס זאל אים קומען צו הילף? דא וועלן מיר שוין מוזן פון הונגער אומקומען, איך מיט מיין אייזל אויב מיר וועלן נאך פריער נים שטארבן, ער פון די קלעפ און צעבראכענע ביינער, און איך פון אנגסט. אלנפאלס, וועל איך נישט זיין אזוי גליקלעך ווי מיין האר דאן קיכאט פון לא מאנטשא איז געווען ווען ער האט זיך ארונטערגעלאזט און ארפגעלאזט אין דער הייל פון דעם פארקישעפטן מאנטעסינאס, ווו ער האט געטראפן ווער עס זאל אים צוזען נאך בעסער ווי אין דער היים, אזוי אז נישט אנדערש ער איז אהין אריין אף אלעם גרייטן, מיט עסן און מיט שלאפן. געזען האט ער דארט שיינע שטילע זעונגען. און איך דא, דאכט מיר, וועל זען שלאנגען און עקדישן. ווײ איז צו מיר, צו וואס איך בין דערגאנגען מיט מיינע מעשוגאעסן און איינרעדענישן! מיינע ביינער וועט מען פון דאנען ארויסנעמען, אויב מיר וועט באשערט זיין און מען וועט זיי גע־ פינען ארומגעגריזשעטע, ווייסע און צעפרעסענע, און אינײנעם מיט מיינע די ביי־ נער פון מיין טייערן העל־ברוינעם, און דערפון וועט מען זיך עפשער דערוויסן ווער מיר זיינען, אלנפאלס, די וואס האבן געהערט, אז סאנטשא פאנצא האט זיך קיינ־ מאל נישט געשיידט מיט זיין אייזל, און אויך נישט דאס אייזל מיט סאנטשא פאנצא. נאכאמאל זאג איך: ווײ איז צו אונדז! נישט באשערט איז אונדז געווען מיר זאלן שטארבן אין דער היים, צווישן אייגענע, ווו אפילע עס וואלט צו אונ־ דזער אומגליק קיין טרופע נישט געווען, וואלט זיך כאטש געפונען ווער עס זאל אונדז מיטפילן און אין דער לעצטער שא פון אונדזערע גדאנקען אונדז די אויגן צומאכן. א, כאווער און פריינט מיינער, ווי שלעכט איך האב דיר אפגעצאלט פאר די טויוועס וואס דו האסט געטון מיט מיר! זיי מיר מויכל, און בעט צום מאזל, ווי אזוי דו קענסט, ער זאל אונדז ארויספירן פון דעם עלנט און פיין, ווו מיר זיינען ביידע אריינגעפאלן, און איך זאג דיר צו א לארבער־קראנץ דיר אפן קאפ אנצו־ טון, זאלסט אויסזען ווי א געקרוינטער פאעט, און אויך א דאפלטע פארציע האבער דיר געבן.

אזוי האט זיך סאנטשא פאנצא באקלאגט און זיין אייזל האט אויסגעהערט און האט קיין ווארט נישט געענטפערט: אין אזא קלעם און אזא צעקלעמטער איז ער געווען, דער ארימער. נאך א גאנצער נאכט פון קלאגעניש און קרעכצעניש, איז טאג געווארן און בא דעם טאג־ליכט האט סאנטשא, סאפקאלסאף, דערזען, אז נישט מעגלעך איז מיט דער גאנצער אומעגלעכקייט, ארויסצוקומען פון דעם גרוב אן עמיצנס הילף, און האט גענומען קרעכצן און שרייען, עפשער וועט אים עמי־

צער דערהערן, נאָר געווען זײַנען אַלע זײַנע געשרייען אַ געשריי אין דער מיד־בער, וואָרום נישט געווען איז אינעם גאַנצן אַרום קיין איין מענטש, וואָס זאָל אים דערהערן. און באַשלאָסן האָט ער דעמאָלט זיך צו באַטראַכטן פאַר טויט. געליגן איז דער העל־ברוינער מיט דעם מויל אַרויף, און סאַנטשאָ פּאַנצאַ האָט אים אויסגעקירעוועט אַזוי, אַז ער האָט זיך אַליין אויפגעשטעלט, כאָטש ער האָט זיך קוים געקענט האַלטן אויף די פיס. און אַרויסגענומען האָט ער פון די טאָרבעס, וואָס האָבן געהאַט זײַן מאַזל בעייסן פאַלן, אַ שטיקל ברויט און האָט דאָס געגעבן דעם אייזל, און דאָס האָט דעם אייזל גאַנץ ווויל געשמעקט, און סאַנטשאָ האָט צו אים אַ זאָג געטון, ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען:

— מיט ברויט איז יעדער ווייטיק קלענער.

אין דער רעגע האָט ער אָן אַ זײַט גרוב דערזען אַ לאָך, ווו אַ מענטש האָט געקענט דורכגיין אײַנגעבויגענערהייד. צוגעגאַנגען איז ער צו דעם לאָך, האָט זיך אײַנגעבויגן און איז אַרײַן, און דערזען האָט ער, אַז אינעווייניק איז דער לאָך גע־רוים און לאַנג. און געזען האָט ער עס, מאַכמעם דורך דער סטעליע, אויב מען קען זי אַזוי אָנרופן, האָט אַרײַנגעדרונגען אַ שטראַל זון, וואָס האָט די הייל באַ־לויכטן. געזען האָט ער אויך, אַז זי ווערט אַלץ ברייטער און פאַרנעמט זיך צו אַ נײַער הייל, אַ גערוימערער. אַז ער האָט דאָס דערזען, איז ער צוריקגעגאַנגען צו דעם אָרט ווו זײַן אייזל איז געווען, און מיט אַ שטיין גענומען אָפּוואַלגערן די ערד פונעם לאָך, אַזוי אַז אין ווייניק צײַט האָט ער פּלאַץ געמאַכט דאָס אייזל זאָל אהין קענען לײַכט אַרײַנגיין, און אַזוי טאַקע האָט ער געטון. געפירט האָט ער אים באַם ציימל און געקוקט צי איז נישט פאַראַן קיין אַנדער אַרויסגאַנג. טייל־מאָל האָט ער געשפּאַנט אין דער פינצטער, טיילמאָל אָן שײַן, נאָר קיין איינמאָל נישט אָן מוירע.

„שיץ מיך גאָט אַלמעכטיקער! — האָט ער צו זיך אַליין גערעדט, — דאָס וואָס פאַר מיר איז אַ אומגליק, וואָלט עפּשער פאַר מײַן האַר דאָן קיכאָט געוועזן אַ גליק. ער וואָלט זיכער אָט די טיפענישן און אונטערערדישע געפענגענישן אָנ־גענומען פאַר בליענדיקע גערטנער און גאַליאַנעם פּאַלאַצן און וואָלט געהאָפט אַרויסצוקומען פון דער ענגשאַפט און פינצטערניש אויף עפּעס אַ צעבליטן פעלד. נאָר איך, שלימאַזל, אָן ראַט און אָן מוט, טראַכט אַלץ איבער צי עפנט זיך מיר נישט פּלוצים אַ נײַער גרוב אונטער די פיס, אַ נאָך טיפערער, מיך אײַנצושלינ־גען. ווי ווויל ביזטו, אומגליק, ווען דו קומסט איינער אַליין!"

אָט אַזוי, און מיט די גדאַנקען, איז ער אָפּגעגאַנגען, ווי אים האָט זיך גע־דאַכט, עפּעס מער ווי אַ האַלבע מײַל, ווען באַוויזן האָט זיך פאַר אים אַ מוטנע שײַן, וואָס איז דורך ערגיץ אַרײַנגעדרונגען און איז פאַר אים געווען אַ סימען, אַז עס נעמט שוין אַ סאַך צו זײַן וועג איבער י ע נ ע ר וועלט.

סידע האַמעטע בענענגעלי לאָזט אים דאָ איבער, און נעמט זיך ווידער צו דאָן קיכאָטן, וואָס האָט פריילעך און צופרידן געוואַרט עס זאָל שוין קומען די צײַט פון דער שלאַכט מיט דעם יונג, וואָס האָט אָפּגערויבט די ערע בײַ דאָניאַ ראָד־רינעזעס טאָכטער, און אָנעמען זיך איר קריוודע און פאַריכטן די אוולע; וואָס איז

איר געטון געווארן. פאסירט האט אזוי: אין איינעם א פרימארגן, ווען ער איז ארויסגעפארן איינטראכטן זיך און איינגעוווינען זיך דערין וואס ער האט צו טון בעיים דער באגעגעניש, וואס ער רעכנט צו האבן אין איינעם פון די טעג, האט ער אומגערן א צי געטון אדער א יאג געטון ראסינאנטען און ער האט די פיס א שטעל געטון אזוי נאנט צום ראנד פון א הייל, אז ווען ער האלט אים נישט שנעל איין די לייצעס, וואלט אים נישט אויסגעמיטן דאס אריינפאלן.

קורץ, ער האט אים פארהאלטן און איז נישט אריינגעפאלן. און ווען ער איז צוגעקומען א ביסל נענטער, האט ער פונעם פערד אראפ אריינגעקוקט אין דער טיפעניש. און בעייסן קוקן, האט ער דערהערט גרויסע געשרייען פון אינעווייניק, און ווען ער האט זיך גוט איינגעהערט, האט ער פארנומען ווי דער וואס שרייט, שרייט ארויפצו:

— היי, איר פון אויבן! איז פאראן דארט עמיצער וואס הערט מיך? איז פאראן א ריטער מיט א גוט הארץ, וואס זאל ראכמאנעס האבן אף א זינדיקן מענטשן, א לעבעדיקערהייד באגראבענעם, אף א אומגליקלעך פארלוירענעם גו־בערנאטער?

געדאכט האט זיך דאן קיכאטן, אז ער הערט סאנטשא פאנצאס קאל, און איז שטיין געבליבן אן אפהענטיקער און א דערשטוינטער. אויפגעהויבן האט ער זיין קאל ווי הויך ער האט געקענט, און געזאגט:

— ווער איז דארט אונטן? ווער קרעכצט דארטן?

— ווער זאל דא זיין און ווער זאל דא קרעכצן — האט מען געענטפערט — אז ניט דער פארווירטער סאנטשא פאנצא, דער גובערנאטער, פאר זיינע זינד און שלעכטע געננג, פונעם אינדזל באראטאריא, וואס געוועזן איז ער וואפנטרעגער בא דעם בארימטן ריטער דאן קיכאט פון לא מאנטשא?

דאס דערהערט, האט דאן קיכאט דאפלט זיך געוווּנדערט און געוואקסן איז זיין שרעק, און געקומען איז אים אפן געדאנק, אז סאנטשא מוז שוין זיין טויט און אז דארט גייט אום זיין נעשאמע. און געפירט פון דעם געדאנק, האט ער גע־זאגט:

— איך באשווער דיך מיט אלץ וואס איך קען דיך באשווערן ווי א פרומער קריסט, זאלסט מיר זאגן ווער דו ביזט. און אויב דו ביזט א נעשאמע פונעם אוי־לעם האטויע, זאג מיר וואס ווילסטו זאל איך טון פאר דיר. ווארום אזוי ווי מיין בארוף איז צו העלפן און גוטס טון די וואס געפינען זיך אין א נויט אף ד ע ר וועלט, וועט ער אויך נוצן צו העלפן און גוטס טון די נויט־ליידנדיקע אף יענער וועלט, וואס קענען זיך אליין נישט העלפן.

אויב אזוי — האט סאנטשא געענטפערט, — איז אייער גענעדיקייט וואס רעדט צו מיר, מיין האר דאן קיכאט פון לא מאנטשא, און אפילע דאס קאל איז נישט עמיצנס אן אנדערנס.

דאן קיכאט בין איך — האט דאן קיכאט געענטפערט, — וואס מיין בארוף איז העלפן אין זייערע נויטן די לעבעדיקע און די טויטע. זאג מיר דערום ווער

דו ביזט, מאַכמעס דו האַלטסט מיך אַ צעטומלטן. ביזטו מײַן וואָפנטרעגער סאַנ־טשאָ פּאַנצאַ און דו ביזט געשטאָרבן, איז ווי קומט עס וואָס די טייוואָלים האָבן דיך נישט צוגעכאַפּט און דו ביזט, מיט גאָטס כעסעד, אַרײַן אין דער לײַטערונג? אונדזער רוימיש־קאַטוילישע עמונע האָט געגוג יענוועלטיקע מײַסים טויווים, וואָס קענען דיך אויסלייזן פון דײַן אָפּקומעניש, און איך פון מײַן זײַט וועל דאָס זען צו פּויעלן מיט וואָס נאָר איך פאַרמאָג. מאַך מיך דעריבער קלאָר, און זאָג מיר ווער דו ביזט.

— איך שווער! — האָט מען געענטפערט, — איך שווער בײַ דער געבורט פון וועמען אײַער גענעדיקייט וועט פאַרלאַנגען, איך שווער, פאַר דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, אַז איך בין אײַער וואָפנטרעגער סאַנטשאָ פּאַנצאַ, און אַז זינט איך לעב, בין איך נאָך קיינמאָל נישט געשטאָרבן; איך האָב נאָר מײַן רעגירונג אי־בערגעלאָזט צוליב זאַכן און אורזאַכן, וואָס מען דאַרף דערצו מער צײַט זיי אויס־צודערציילן, און די נאַכט בין איך אַרײַנגעפאַלן אין דעם גרוב, ווו איך ליג, דאָס אייזל אינײַנעם מיט מיר, און ער וועט מיר נישט לאָזן קיין ליגן זאָגן, און אויב איר ווילט אַ בעסערן סימען, געפינט זיך דאָס אייזל דאָ מיט מיר.

און נאָכמער: נישט אַנדערש אַז דאָס אייזל האָט פאַרשטאַנען וואָס סאַנ־טשאָ האָט געזאָגט, וואָרום אין דער רעגע האָט ער גענומען רעווען אַזוי שטאַרק, אַז די גאַנצע הייל האָט אָפּגעקלונגען.

— אַ באַרימטער עדות! — האָט דאָן קיכאָט זיך אָנגערופן, — מיר איז באַקאַנט דאָס רעווען, ווי דאָס וואָלט געווען מײַנס, און אויך דײַן קאָל הער איך, סאַנטשאָ. וואַרט, איך וועל צופאָרן צום פּירשט אין שלאָס, וואָס איז דאָ נישט ווײַט, און וועל ברענגען עמיצן וואָס זאָל דיך אַרויסשלעפּן פון דעם גרוב, ווו דײַנע זינד, אַוודע, האָבן דיך אַרײַנגעוואָרפן.

— גייט, אײַער גענעדיקייט — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — און קערט אײַך גיך אום, ווי מיר האָבן איין גאָט אויף דער וועלט. וואָרום איך קען דאָ מער נישט זײַן לעבעדיקערהייד באַגראָבן, און איך שטאַרב פאַר שרעק.

דאָן קיכאָט האָט אים איבערגעלאָזט און איז אַוועק אין שלאָס דערציילן די פּירשטן וואָס מיט סאַנטשאָ פּאַנצאַ האָט פּאַסירט, און זיי האָבן זיך נישט ווײ־ניק געוווּנדערט, כאָטש פאַרשטאַנען האָבן זיי, אַז ער האָט געמוזט האָבן אַרײַנ־געפאַלן אין יענער הייל, וואָס איז דאָרט געמאַכט געוואָרן מען געדענקט שוין ניט ווען. זיי האָבן אָבער נישט געקענט פאַרשטיין ווי קומט עס וואָס ער איז אַוועק פון דער רעגירונג און מען האָט זיי אפילע נישט צו וויסן געטון, אַז ער קומט. בע־קיצער, מען איז אַוועק אַהין, זאָגט מען, מיט שטריק און מיט ווישקעס, און מיט אַ גרויסן אוילעם און גרוים מי האָט מען אַרויסגעצויגן דעם העל־ברוינעם און סאַנ־טשאָן פון דער פינצטערניש צו דער ליכטיקייט. געזען האָט דאָס אַ שטודענט און האָט זיך אָנגערופן:

— אַזוי וואָלטן באַדאַרפט פאַרלאָזן זייערע רעגירונגען אַלע שלעכטע גו־בערנאַטערס, ווי אָט דער זינדיקער פון דער טיפעניש פונעם אָפּגרונט: טויט־הונ־געריק, אָפּגעריבן און אָן געלט, ווי מיר דאַכט זיך.

דערהערט האָט דאָס פּאַנטשאַ, און האָט געזאָגט:

— אַכט מעג איז שוין, אָדער צען, ברודער מורמלער, ווי איך בין אַרײַן רע־גירן דאָס אינדזל, וואָס מען האָט מיר געגעבן, און פֿאַר דער צײַט בין איך אַפֿילע אײן שאָ זאַט נישט געווען. פֿאַרפֿאָלגט האָבן מיך אין דער צײַט דאָקטוירים און סאָנים האָבן מיר די ביינער געבראָכן. איך האָב קיין צײַט נישט געהאַט צו נעמען כּאַבאַר און אויך נישט קיין שטײַערן. און איך האָב דערום נישט פֿאַרדינט, ווי מיר דאַכט זיך, אַזוי אַרויסצוקומען. נאָר דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט. און גאָט ווייסט וואָס גוט איז, און וואָס יעדן איינעם פּאַסט זיך. און וואָס פֿאַר אַ צײַט, אַזאַ לײַט. און זאָל קיינער נישט זאָגן פֿון דעם וואַסער וועל איך נישט טרינקען. ווארום ווו עס זײַנען פֿאַראַן כּאַזיירים, זײַנען קיין פּלעקער נישטאָ. און גאָט ווייסט וואָס איך מיין, און גענוג, מער זאָג איך נישט, איך זאָל אַפֿילע מעגן.

— זיי נישט בארויגעז, סאַנטשאַ, און ערגער דיך נישט דערפֿון וואָס מען זאָגט, ווארום דאָס איז אַ מײַסע אָן אַן עק. זאָל מען זאָגן וואָס מען וויל, אַבי באַ דיר איז דאָס געוויסן ריין, מען קען דעם לאָשן האָרע די צונג נישט פֿאַרבינדן, ווי מען קען אַפֿן פֿעלד קיין טירן ניט שטעלן. גייט דער גובערנאַטער אַרויס פֿון דער רעגירונג רײַך, זאָגט מען ער איז אַ גאַנעוו, גייט ער אַרויס אָרים, זאָגט מען ער איז אַ טויגעניכטס און אַ שויטע.

— מיך, בין איך זיכער — האָט סאַנטשאַ געענטפֿערט, — וועט מען גיכער האַלטן פֿאַר אַ שויטע איידער פֿאַר אַ גאַנעוו.

מיט אָט די געשפּרעכן, און צווישן אַן אוילעם יונגען און אַלערליי מענטשן, איז מען צוגעקומען צום שלאָס, ווו דער פּירשט מיט דער פּירשטן האָבן באַ זיך אין די קאָרידאָרן שוין געוואַרט אַף דאָן קיכאָטן און סאַנטשאַ פּאַנצאַן, וואָס האָט נישט געוואָלט אַרויפֿגיין זען דעם פּירשט איידער ער וועט אַרײַנשטעלן דעם העל־ברוינעם אין שטאַל, ווארום געהאַט האָט ער, ווי ער האָט געזאָגט, זייער אַ שלעכ־טע נאַכט אַף דער אַכסאַניע. און באַלד דערויף איז ער אַרויף זען זײַנע האַרן און האָט זיך פֿאַר זיי אַף די קניען געשטעלט און געזאָגט:

— איך, מײַנע האַרן, ווי אײַער גרויסקייט האָט דאָס געוואָלט, בין געגאַנגען רעגירן אײַער אינדזל באַראַטאַריאַ, ווו איך בין אַרײַן אַ נאַקעטער און נאַקעט בין איך איצט. איך פֿאַרליר נישט און געווין נישט. צי איך האָב רעגירט גוט אָדער שלעכט, האָב איך איידעס, וואָס וועלן זאָגן וואָס זיי געפֿעלט. איך האָב אויפֿגע־קלערט ספּייקעס, אַרויסגעטראָגן פּסאַק־דינים און שטענדיק אַ טויט־הונגעריקער, מאַכמעס אַזוי האָט געוואָלט דער דאָקטער פּעדראָ רעסיאָ, אַ געבוירענער אין טיר־טעאַפֿועראַ, דער אינדזלשער און גובערנאַטערישער דאָקטער. באַפֿאַלן זײַנען אונדז סאָנים באַנאַכט, און נאָכדעם ווי זיי האָבן אונדז געהאַלטן שטאַרק אין קלעם, זאָגן די אינדזל־לײַט, זײַנען זיי אַרויס פֿרײַ און מיט ניצאָכן אַ דאַנק דעם מוט פֿון מײַן אָרעם: זאָל זיי אַזוי גאָט געבן געזונט, ווי זיי זאָגן עמעס. קורץ, איך האָב פֿאַר דער צײַט אָנגעטאַפּט די לאַסטן און פֿליכטן פֿון רעגירן און האָב אַליין אויסגע־פֿונען, אַז מײַנע פּלייצעס זײַנען צו שוואַך זיי צו טראָגן, אַז די מאַסע איז נישט

פאַר מײַנע ביינער און די פּײַלן זײַנען נישט פון מײַן שייד. און איידער די רעגי־רונג זאָל אַ שליידער טון מיט מיר, האָב איך דערום אַ שליידער געטון מיט דער רעגירונג, און נעכטן אין דער פרי האָב איך איבערגעלאָזט דאָס אינדזל אַזוי ווי איך האָב עס געטראָפן, מיט די גאַסן און הײַזער און דעכער, וואָס דאָס האָט גע־האַט בעיים איך בין אַהין אָנגעקומען. איך האָב באַ קיינעם קיין געלט נישט גע־באָרגט און צו קיינעם זיך נישט אײַנגעקויפט אין ליבע. און כאָטש געקענט האָב איך אײַנצופירן עטלעכע נוצלעכע טאַקאָנעס, האָב איך קיין איינע נישט אײַנגע־פירט, אויס מוירע, אַז מען וועט זיי נישט היטן, וואָס דאָס איז אַלציינס ווי ניט אײַנפירן. פאַרלאָזט האָב איך דאָס אינדזל, ווי איך זאָג אײַך, נישט באַגלייט פון קיינעם, אַכוץ פון מײַן העל־ברוינעם. אַרײַנגעפאַלן בין איך אין אַ גרוב, און מיט דעם גרוב בין איך געגאַנגען ביז איך האָב אין דער פרי, באַם טאָגליכט, דערזען דעם אַרויסגאַנג, כאָטש נישט אַזוי גרינג. ווען דער הימל שיקט מיר נישט צו אַהין מײַן האַר דאָן קיכאָט, וואָלט איך דאָרטן פאַרבליבן ביז סאָף וועלט. און אָט מײַנע האַרן, פירשט און פירשטן, האָט איר פאַר אײַך אײַער גובערנאַטער סאַנטשאָ פּאַנצאַ, וואָס האָט באַוויזן, פאַר בלויז די צען טעג וואָס ער האָט געהאַלטן די רעגירונג, זיך צו דערוויסן, אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו יאָגן זיך צו ווערן גובערנאַ־טער פון אַן אינדזל און אַפילע ניט פון דער גאָרער וועלט. און מיט דער האַנאָכע, קוש איך אײַערע גענעדיקייטן די פיס, און ווי אינעם קינדער־שפּיל: „נאַ דיר דאָס, גיב מיר יענץ", לאָז איך אָפּ די רעגירונג און גיי איבער אָפּ דינסט צו מײַן האַר דאָן קיכאָט. מיט אים, ווי דאָס זאָל ניט זײַן, עס איך אַפילע מײַן ברויט מיט שרעק, אָבער צו דער זעט. און פאַר מיר איז אַלציינס מיט וואָס איך זעטיק מיך, מיט מערן צי מיט וואַלד־הינדלעך.

דערמיט האָט סאַנטשאָ פאַרענדיקט זײַן לאַנגן געשפּרעך, וואָס דאָן קיכאָט האָט אַלץ מוירע געהאַט, אַז ער וועט אין אים אַרײַנבראָקן טויזנטער נאַרישקייטן. און אַז ער האָט געזען ער פאַרענדיקט מיט אַזוי ווייניק, האָט ער אין האַרצן באַ זיך געדאַנקט דעם הימל, און דער פירשט האָט אַרומגענומען סאַנטשאָן און האָט אים געזאָגט, אַז אים טוט האַרציק באַנג לעמײַ ער פאַרלאָזט אַזוי גיך די רעגי־רונג. נאָר ער וועט זען מען זאָל אים געבן באַ אים אין דער מעדינע אַן אַנדער שטעלע, ניט אַזאַ שווערע און אַ מער האַכנאָסעדיקע. אַרומגענומען האָט אים אויך די פירשטן, און האָט אָנגעזאָגט מען זאָל אים צוזען, וואָרום ס'איז קענטיק אָף אים אַז ער איז שטאַרק צעקלאַפּט און נאָך שטאַרקער באַליידיקט.

# זעקס און פופציקסטער קאַפּיטל

**װעגן דער אױסטערלישער און נאָך נישט דאָ געװעזענער שלאַכט, װאָס איז פֿאָרגעקומען צװישן דאָן קיכאָט פֿון לאַ מאַנטשאַ און דעם לאַקײ טאָרילאָס צוליב דער פֿאַרטײטיקונג פֿון דאָניאַ ראָדריגיזעס טאָכטער.**

די פֿירשטן האָבן קײן כּראָטע נישט געהאַט אױף דעם שפּאַס, װאָס מען האָט געפּראַװעט איבער סאַנטשאָן מיט דער רעגירונג, װאָס זײ האָבן אים געגעבן. ביפּראַט, אַז נאָך דעם אײגענעם טאָג איז געקומען זײער הױפּמײַסטער און האָט זײ דערצײלט אָס באַ אָס קימאַט יעדער װאָרט און יעדן קער, װאָס סאַנטשאָ האָט געװעסט געזאָגט און געטון אין יענע טעג. און אױפֿן סאָף האָט ער זײ אָנדערצײלט גוזמאָעס װעגן דעם איבערפֿאַל אױף דעם אינדזל, װאָס דאָס האָט זײ פֿאַרשאַפֿט נישט װײניק פֿאַרגעניגן. דערנאָך, דערצײלט די געשיכטע, איז געקומען דער טאָג פֿון דער אָפּגעלײגטער שלאַכט. און נאָכדעם װי דער פֿירשט האָט נאָכאַנאַנד אײַנגעקנעלט מיט דעם לאַקײ טאָסילאָס װי אַזױ ער זאָל זיך באַגײן מיט דאָן קיכאָטן, אים גװיװער צו זײַן און נישט הארגענען אָדער צעװוּנדן, האָט ער באַפֿױלן מען זאָל באַ די שפּיזן דאָס אײַזן אַראָפּנעמען, מאַכמעס דאָס קריסטלעכקײט, האָט ער געזאָגט דאָן קיכאָטן, װאָס ער רימט זיך אַזױ דערמיט, דערלאָזט נישט, אַז די שלאַכט זאָל דורכגעפֿירט װערן מיט אַזױ פֿיל אײַנשטעלעניש און לעבנסגעפֿאַר, און זאָל ער זײַן צופֿרידן דערמיט װאָס ער גיט אים אַ פֿרײַ פּלאַץ באַ זיך אױפֿן לאַנד, כאָטש דאָס איז קעגן דעם דעקרעט פֿון דעם הײליקן קאָנסיליום, װאָס פֿאַרװערט אַזױנע דועלן, און ער װאָלט נישט װעלן דורכפֿירן די שאַרפֿע באַגעגעניש מיט דער גאַנצער האַרבקײט.

דאָן קיכאָט האָט געזאָגט, אַז זײַן עקסעלענץ מעג צוגרײטן די זאַך װי אים איז ליבער, און ער װעט אים פֿאָלגן. װען עס איז געקומען דער געפֿירכטעטער טאָג, האָט דער פֿירשט געהײסן אױפֿשטעלן אױפֿן פּלאַץ פֿאַרן שלאָס אַ גאַנץ ברײטע רישטאָװאַניע פֿאַר די פֿעלד־ריכטער, פֿאַר די װירטנס, פֿאַר דער מוטער מיט דער טאָכטער, די אײַנקלאָגערנס, און אָנגעלאָפֿן איז זיך פֿון אַלע שטעטלעך און דערפֿער אַרום אַ גרױסער אױלעם זען דאָס נײַס מיט דער שלאַכט. װאָרום נישט געזען און נישט געהערט האָבן נאָך אַזױנס אױף יענער ערד נישט די װאָס האָבן דאָרט װען געלעבט און נישט די װאָס זײַנען דאָרט װען געשטאָרבן. דער ערשטער איז אַרױף אױפֿן פּלאַץ און אױף דער רישטאָװאַניע דער צערעמאָניע־מײַסטער. ער האָט אױסגעטאַפּט דאָס פֿעלד און איז עס דורכגעגאַנגען, קעדײ דאָרט זאָל ניט זײַן עפּעס אַ שװינדל אָדער עפּעס אױסבאַהאַלטן אַזױנס מען זאָל איבער דעם שטרױכלען און פֿאַלן. דערנאָך זײַנען אַרױסגעקומען די װירטנס און האָבן זיך אױסגעזעצט אױף זײערע פּלעצער, פֿאַרדעקט מיט דעקטיכער ביז די אױגן אָדער גאָר ביז די ברוסטן, קענטיק שטאַרק גערירטע. װי נאָר דאָן קיכאָט האָט זיך באַװיזן אױף דעם אַרומגעצױמטן פּלאַץ, באַגלײט מיט דעם שאַל פֿון טראָמפּײטן, האָט זיך פֿון

אַ זײַט באַוויזן אַף אַ מעכטיקן פערד, וואָס האָט אַלעמען פּאַרכאַפּט, דער גרויסער לאַקיי טאָסילאָס, מיט דעם דאָשעק אַראָפּגעלאָזט, אײַנגאַנצן אַן אײַנגעשטייפּטע אין אַ שטאַרקן גלאַנציקן פּאַנצער־געווער. דאָס פערד אַ פריזלענדישער, אַ ברייטער און גרוי־געפּלעקטער, מיט אַ בינטל וואָל אַראָפּגעהאָנגען בײַ יעדן פוס.

געקומען איז דער מעכטיקער קעמפער גוט אײַנגעלערנט פון דעם פירשט זײַן האַר ווי אַזוי ער דאַרף זיך אויפירן מיט דעם מעכטיקן דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, פאַרזאָגט ער זאָל אים בעשום־אופן נישט האַרגענען, נאָר זען אַרויסדרייען זיך פון דעם ערשטן שטויס, קעדיי אויסצומײַדן דעם טויט, וואָס איז אַ זיכערע זאַך אויב זיי זאָלן זיך צוזאַמענשטויסן מיט דעם גאַנצן אימפּעט. דורכגעריטן האָט ער דאָס פּלאַץ און איז צוגעקומען צו דעם אָרט ווו די ווירטנס זײַנען געזעסן, און האָט זיך פאַרהאַלטן אַ ווײַל אָנצוקוקן די וואָס וויל אים פאַר אַ מאַן. צוגערופן האָט דער פעלדמײַסטער דאָן קיכאָטן, וואָס איז שוין געהאַט אַרויפגעקומען אַפן פּלאַץ, און אײַנײנעם מיט טאָסילאָסן, האָט ער גערעדט צו די ווירטנס און האָט זיי געפרעגט צי זײַנען זיי מאַסקים, אַז פאַר זייער רעכט זאָל זיך אָננעמען דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ. געזאָגט האָבן זיי, אַז זיי זײַנען מאַסקים און אַז אַלץ וואָס ער וועט טון, וועלן זיי אָננעמען פאַר גוט געטון, פאַר רעכט און גילטיק. צו דער צײַט זײַנען שוין דער פירשט מיט דער פירשטן געזעסן אַף אַ גאַלערייע, וואָס איז אַרייסגעקומען צום פּלאַץ, אײַנגאַנצן אַרומגעשטעלט מיט אַ גרויסן אוילעם, וואָס האָט געוואַרט צו זען די שאַרפע נאָך קיינמאָל נישט געזעענע שלאַכט. אָפּגעמאַכט איז געווען צווישן די דועליסטן, אַז אויב דאָן קיכאָט וועט גווינער זײַן, דאַרף זײַן קעגנער כאַסענע האָבן מיט דער טאָכטער פון דאָניאַ ראָדריגעז, און אויב, פאַרקערט, יענער וועט גווינער זײַן, איז ער פרײַ פון דעם וואָרט, וואָס מען פאָדערט פון אים, אָן שום באַפרידיקונג. אײַנגעטיילט האָט צווישן זיי דער צערעמאָניע־מײַסטער די זון און האָט יעדן אײנעם אַוועקגעשטעלט אַף דעם אָרט, ווו ער דאַרף שטיין.

דערהערט האָט מען די פויקן קלאַפּן, פול געוואָרן איז די לופט מיט דעם שאַלן פון די טראָמפּייטן, געציטערט האָט די ערד אונטער די פיס, אָנגעהאָנגען זײַנען געווען די הערצער פון דעם צוקוקנדיקן האַמוין, טייל מיט שרעק, טייל מיט האָפענונג, אַף דעם גוטן אָדער שלעכטן אויסגאַנג פון דעם פאַל. דאָן קיכאָט, מיט דעם גאַנצן האַרצן איבערגעגעבן צו גאָט אונדזער האַר און צו דער דאַמע דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ, האָט געוואַרט מען זאָל אים געבן דעם נייטיקן צייכן אָנצוגרייפן. אונדזער לאַקיי אָבער האָט געהאַט אַנדערע געדאַנקען: געטראַכט האָט ער גאָר דערין וואָס איך וועל אײַך דאָ באַלד דערציילן: מאַשמאָעס, אַז בעיים ער איז געשטאַנען און געקוקט אַף זײַן סוינעטע, האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער האָט נאָך אַזאַ שיינע פרוי אַף זײַן לעבן נישט געזען, און דאָס בלינדינקע יִנגעלע, וואָס אַף אונדזערע גאַסן רופט מען עם געוויינלעך אַמור, האָט נישט געוואָלט אָנווערן די געלעגנהייט וואָס מען האָט דעם געגעבן צו באַזיגן די לאַקייִשע נעשאָמע און זי אַרײַנשטעלן אינעם צעטל פון זײַנע טראָפייען. צוגעלאָפן איז ער דערום שטי־

לינקערהייד, ווען קיינער האָט נישט געזען, און האָט דעם אָרימען לאַקיי אַ פּיל אַרײַנגעשטאָכן, צוויי אײלן די לענג, אין דער לינקער זײַט און האָט אים דאָס האַרץ דורכגעשטאָכן אַף דורך און דורך. און דאָס איז אים גוט געלונגען, מאַכ־מעס אָמור לאָזט זיך נישט זען און גייט אַרײַן און אַרויס ווו ער וויל און קיינער פאָדערט פון אים קיין דין וועכעשבן נישט פאַר זײַנע מעשׂים.

און ווען מען האָט שוין געגעבן, הייסט עס, דעם צייכן צום אָנגרייפן, איז גאָר אונדזער לאַקיי געווען אַ פּאַרטראַגענער, און האָט געטראַכט וועגן דער שיינ־קייט פון דער וואָס איז שוין געווען די האַרנטע פון זײַן פרײַהייט, און ער האָט דערום אַפילע נישט געהערט דעם שאַל פונעם טראָמפּייט, ווי דאָן קיכאָט, וואָס קוים האָט ער אים דערהערט, האָט ער אַ יאָג געטון אַף זײַן סוינע, ווי ווײַט ראָסי־נאַנטע האָט געקענט. דערזען האָט דאָס זײַן בראַווער וואָפּנטרעגער סאַנטשאָ, האָט ער גענומען שרײַען צו אים:

— זאָל דיך גאָט פירן, סמעטענע און בלום פון די וואַנדער־ריטער! זאָל דיר גאָט געבן דעם ניצאָכן, וואָרום די גערעכטיקייט איז מיט דיר!

און כאָטש טאָסילאָס האָט געזען דאָן קיכאָט לויפט אַף אים, האָט ער זיך פונעם אָרט נישט אַ ריר געטון. אָנשטאָט דעם האָט ער גענומען שרײַען און רופן דעם פעלדמײַסטער, און ווען ער איז צוגעקומען זען וואָס ער וויל, האָט ער זיך צו אים אָנגערופן:

— מײַן האַר, צי ווערט נישט די שלאַכט געפירט קעדיי איך זאָל כאַסענע האָבן מיט יענער דאַמע?

— ריכטיק — האָט מען אים געענטפערט.

— אויב אַזוי, — האָט דער לאַקיי געזאָגט — האָב איך מוירע פאַר מײַן געוויסן, וואָרום איך וואָלט אַף אים זייער פיל גענומען, ווען די שלאַכט זאָל ווײַ־טער אָנהאַלטן. איך זאָג דערום, אַז איך גיב מיך אונטער און איך וויל טייקעף כאַסענע האָבן מיט דער דאַמע.

געשטוינט האָט דער פעלדמײַסטער איבער טאָסילאָס רייד, און אַזוי ווי גע־ווען איז ער איינער פון די וואָס האָבן געוווּסט פון דער גאַנצער מאַכינאַציע, האָט ער נישט געוווּסט וואָס אים צו ענטפערן. שטיין געבליבן איז דאָן קיכאָט אין מיטן נעיעג ווען ער האָט געזען, אַז זײַן קעגנער גייט אים נישט אַקעגן. דער פירשט האָט נישט געוווּסט די סיבע דערפון וואָס די שלאַכט גייט ווײַטער נישט אָן. נאָר דער פעלדמײַסטער איז אַוועק אים איבערגעבן וואָס טאָסילאָס האָט געזאָגט, און ער האָט זיך שטאַרק פאַרלוירן און איז ביז גאָר אין קאַעס געוואָרן. דערווײַל איז טאָסילאָס צוגעריטן צו דעם אָרט ווו דאָניאַ ראָדריגעז איז געזעסן, און אַפן הויכן קאָל צו איר אַזוי געזאָגט:

— איך וויל כאַסענע האָבן מיט אײַער טאָכטער, מײַן האַרנטע, און איך וויל נישט מיט געשלעג און קריג באַקומען דאָס וואָס איך קען באַקומען מיט שאָלעם און אָן טויט־געפאַר.

דערהערט האָט דאָס דער מעכטיקער דאָן קיכאָט און האָט זיך אָנגערופן:

— אויב אַזוי, בין איך פרײַ פון מײַן צוזאָג: האָט כאַסענע און זאָל זײַן מיט מזל, און אויב גאָט אונדזער האַר האָט זי אײַך געגעבן, וועט זי דער הייליקער פּעטרוס בענטשן.

דער פּירשט איז אַראָפּגעגאַנגען אַפֿן פּלאַץ פאַרן שלאָס, איז צוגעגאַנגען צו זײַן לאַקיי טאָסילאָס און אים געזאָגט:

— איז עס עמעס, באָכער, אַז דו גיסט דיך אונטער, און אַז דו ווילסט כאַ־סענע האָבן מיט דעם מיידל מאַכמעס דײַן אָנגעשראָקענער געווייסן האָט דיך דער־צו אָנגערעגט?

— יאָ, מײַן האַר, — האָט טאָסילאָס געענטפערט.

— ער טוט זייער גוט — האָט זיך דערויף אָנגערופן סאַנטשאָ פּאַנצאַ. — וואָרום דאָס וואָס דו דאַרפסט געבן דער מויז, גיב דער קאַץ, און אויס מיט דער מוירע.

טאָסילאָס האָט געהאַלטן אין אָפּבינדן זיך דעם קיווער און האָט געבעטן מען זאָל אים וואָס גיכער העלפן, וואָרום ער פילט אַז אים וועט פאַרפעלן אָטעם און אַז ער וועט לאַנג נישט אויסהאַלטן די ענגשאַפט, אין וועלכער מען האָט אים אַרײַנגעזעצט. מען האָט שנעל אַראָפּגענומען דעם קיווער און אַלע האָבן דערזען דעם לאַקייִשן פּאָנים. און אַז דאָניאַ ראָדריגעז און איר טאָכטער האָבן דאָס דער־זען, האָבן זיי גענומען שרײַען:

— ס'איז אַ שווינדל! אַ שווינדל איז עס! מען האָט אונדז אונטערגעשטעלט טאָסילאָן, דעם לאַקיי פון מײַן האַר דעם פּירשט אַפֿן אָרט פון מײַן עמעסן מאַן! די גערעכטיקייט פאָדער איך פון גאָט און פונעם קיניג פאַר אַזאַ בייזוויליקייט, ווײַל איך וויל נישט זאָגן נידערטרעכטיקייט!

— רעגט אײַך נישט אויף, מײַנע דאַמען — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט. — ס'איז נישט קיין בייזוויליקייט און נישט קיין נידערטרעכטיקייט. און אויב יאָ, איז עס נישט די שולד פונעם פּירשט, נאָר פון די בייזע קישעפמאַכער, וואָס פאַר־פאָלגן מיך. זיי פאַרגינען מיר נישט דעם קאָוועד וואָס איך האָב דערגרייכט מיט דעם ניצאָכן, און האָבן פאַרוואַנדלט דאָס פּאָנים פון אײַער מאַן אינעם פּאָנים פון דעם וואָס איר זאָגט, אַז ער איז דעם פּירשטס לאַקיי. הערט אויס מײַן אייצע און, קעגן דעם בייזן ווילן פון מײַנע סאָנים, האָט מיט אים כאַסענע, וואָרום ער איז זיכער דער, וואָס איר ווילט אים באַקומען פאַר אַ מאַן.

געהערט האָט דאָס דער פּירשט און האָט זײַן גאַנצן קאַעס געוואָלט אויס־גיסן אין אַ געלעכטער, און האָט זיך אָנגערופן:

— מיט דעם האַר דאָן קיכאָט פּאַסירן אַזוינע אויסטערלישע זאַכן, אַז איך בין גרייט צו דענקען, אַז דער לאַקיי מײַנער איז נישט ער. נאָר לאָמיר נוצן אַזאַ מין מיטל: מירן אָפּלייגן די כאַסענע אויף צוויי וואָכן, אויב איר ווילט, און דעם פאַרשוין, וואָס האַלט אונדז אין סאָפעק, ווען מיר אײַנשפּאַרן, עפשער וועט ער פאַר דער צײַט צוריק באַקומען זײַן פריערדיק געשטאַלט. נישט לאַנג וועט אָנ־האַלטן דאָס בייזע האַרץ, וואָס די קישעפמאַכער טראָגן אויף דעם האַר דאָן קיכאָט,

ביפראַט, אַז זיי גייט גאָרניט אין לעבן צו נוצן די שווינדלען מיט די פאַרוואַנדלונגען.

— אַ, מײַן האַר — האָט סאַנטשאָ זיך אָפּגערופן, — ס'איז שוין אַזאַ געוויינהייט בײַ די אויסוווּרפן צו פאַרוואַנדלען און פאַרבײַטן די זאַכן, וואָס האָבן אַ שייכעס מיט מײַן האַר! איינעם אַ ריטער, וואָס ער האָט אַנומלטן באַזיגט, מיט דעם נאָמען דער ריטער מיט די שפּיגלען, האָבן זיי פאַרוואַנדלט אין דער געשטאַלט פון דעם באַקאַלאַוור סאַמסאָן קאַראַסקאָ, אונדזערער אַ לאַנדסמאַן און אַ גרויסער פרײַנט אונדזערער, און מײַן הארנטע דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ האָבן זיי פאַרוואַנדלט אין אַ פּאָשעטער פּויערטע. איך שטעל מיר דערום פאָר, אַז דער לאַקיי וועט שוין שטאַרבן אַ לאַקיי און וועט זײַן גאַנץ לעבן זײַן אַ לאַקיי.

דערויף האָט דאָניאַ ראָדריגעזעס טאָכטער זיך אָנגערופן:

— זאָל ער זײַן ווער ער איז, דער וואָס וויל מיך פאַר זײַן ווײַב (איך דאַנק אים), וואָרום בעסער וויל איך זײַן דאָס געזעצלעכע ווײַב פון אַ לאַקיי, איידער אַ אויסגעלאַכטע צו ווערן פון אַ ריטער, כאָטש דער וואָס האָט מיך אויסגעלאַכט, איז עס נישט.

קורץ, די אַלע מעשׂיות און פּאַסירונגען האָבן זיך פאַרענדיקט דערמיט וואָס טאָסילאָס איז זיך אַהיימגעגאַנגען אָפּוואַרטן מיט וואָס די פאַרוואַנדלונג וועט זיך פאַרענדיקן. אַלע האָבן באַגריסט דאָן קיכאָטס ניצחון, און די מערסטע זײַנען אַוועק טרויעריק און באַטריבט וואָס זיי האָבן נישט געזען די צוויי קעגנער אויף שטיקער צעפּיצלט, ווי די יִינגלעך וואָס בלײַבן טרויעריק, ווען מען הענגט נישט דעם פאַרמישפּטן, מחמת דער צווייטער צד אָדער דאָס געריכט האָט אים באַגנאָדיקט. צעגאַנגען איז זיך דער עולם, דער פירשט מיט דאָן קיכאָטן זײַנען אַוועק אין שלאָס און אײַנגעשפּאַרט טאָסילאָסן, געבליבן זײַנען דאָניאַ ראָדריגעז מיט איר טאָכטער צופרידן, וואָס אַזוי אָדער אַנדערש האָט זיך דער איניען פאַרענדיקט מיט אַ כאַסענע, און טאָסילאָס האָט מער ווי דערויף נישט געוואַרט.

## זיבן און פופציקסטער קאַפּיטל

### ווי עס רעדט זיך וועגן דעם ווי דאָן קיכאָט האָט זיך געזעגנט מיט דעם פירשט און וואָס אים האָט פּאַסירט מיט דער קלוגער און דרײַסטער אַלטיסידאָראַ, דער פירשטנס שטוב־מיידל.

געדאַכט האָט זיך דאָן קיכאָטן, אַז ער וואָלט שוין באַדאַרפט אַוועק פון דעם פוסטעפּאַסנעם לעבן, וואָס ער פירט אין דעם שלאָס. געהאַלטן האָט ער פאַר אַ גרויסער זינד קעגן זיך אַליין דאָס וואָס ער גיט זיך נאָך, אין דער פוילענצעריי און איינגעשלאָסנקייט, דעם ווויליטיק און די פאַרגעניגנס, וואָס די האַרן פאַרשאַפן אים ווי אַ וואַנדער־ריטער, און געדאַכט האָט זיך אים, אַז ער וועט דאַרפן אָפּגעבן אַ גענויעם דינוועכעשבן דעם הימל פאַר דעם ליידיקגיין און אָפּ־

זונדערן זיך. געבעטן האָט ער דערום באַ די פֿירשטן אַ דערלויבעניש אַוועקצוגיין.

געגעבן האָבן זיי אים די דערלויבעניש און דערבײַ געגעבן צו פֿילן, אַז עס מוט זיי שטאַרק באַנג, וואָס ער פֿאַרלאָזט זיי. אָפּגעגעבן האָט די פֿירשטן סאַנטשאָ פּאַנצאַן זײַן וויַיבס בריוו און ער האָט געוויינט איבער זיי און געזאָגט:

— ווער וואָלט זיך עס גלויבן, אַז אַזוינע גרויסע האָפֿענונגען, ווי עס האָבן דערוועקט באַ מײַן ווײַב טערעזאַ פּאַנצאַ די ידיעס וועגן מײַן רעגירן, מוזן זיך פֿאַרענדיקן מיט מײַן צוריקקערן איצט צו די שווערע גראַנגל־זוכענישן פֿון מײַן האר דאָן קיכאָט פֿון לאַ מאַנטשאַ? פֿון דעסט וועגן, טוט מיר האַנאָע, וואָס מײַן טערעזאַ האָט באַוויזן ווער זי איז און האָט געשיקט דער פֿירשטן די דעמבענע ניס־לעך. וואָרום ווען זי שיקט זיי נישט, וואָלט זי זיך געוויזן פֿאַר אַ קאַפּעטיווע־ניצע, און מיר וואָלט דאָס ווי געטון. מײַן טרייסט איז, וואָס די מאַטאָנע קען מען נישט אָנרופֿן כּאַבאַר, מאַכמעס ווען זי האָט זיי געשיקט, האָב איך שוין געהאַט די רעגירונג, און עס לייגט זיך אָפּן זינען, אַז ווער עס באַקומט עפּעס אַ טויווע, זאָל באַדאַנקען, מעג זײַן מיט אַ קלייניקייט. און בעעמעס בין איך אַרײַן אין דער רעגירונג אַ נאַקעטער און נאַקעט גיי איך אַרויס פֿון איר, און איך וועל דערום קענען זאָגן מיט דעם גאַנצן געוויסן, און דאָס איז נישט ווייניק: נאַקעט בין איך אױף דער וועלט געקומען, נאַקעט בין איך איצט, איך פֿאַרליר נישט און געווין נישט.

אַזוי האָט סאַנטשאָ פֿאַר זיך געטראַכט דעם טאָג פֿונעם אָפּפֿאָרן. און דאָן קיכאָט, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַ נאַכט פֿריער שוין געהאַט געזעגנט מיט די פֿירשטן, איז ער אין פֿרימאָרגן אַרויס אין זײַן פּאַנצער אָפּן פּלאַץ פֿאַרן שלאָס. געקוקט האָבן אױף אים פֿון די קאָרידאָרן אַלע מענטשן פֿונעם שלאָס, און אויך די פֿירשטן זײַנען אַרויסגעקומען אַ קוק טון אױף אים. געזעסן איז סאַנטשאָ אױף זײַן העל־ברוינעם מיט זײַנע טאָרבעס, מיט דעם רענצל און מיט דער פּראָוויזיע, אַ צופֿרידענער, מאַכמעס דעם פֿירשטס הויפֿמײַסטער, דער וואָס איז געווען די גראַפֿיניע טריפֿאַלדי, האָט אים דערלאַנגט אַ זעקעלע מיט צוויי הונדערט טאַלער גאָלד, אױף דער הוצאָה אין וועג, און דאָס האָט נאָך דאָן קיכאָט נישט געוווּסט. אין דער צײַט, ווי געזאָגט, ווען אַלע האָבן געקוקט אױף דאָן קיכאָטן, האָט פֿון צווישן די אַנדערע ווירטנס און שטוב־מיידלעך, איר קאָל אויפֿגעהויבן די דרייסטע און קלוגע אַלטיסידאָראַ, און קלאָגעריש געזאָגט:

הער אויס, דו שלעכטער ריטער;
האַלט אײַן אַביסל די לייצעס;
פֿאַרמאַטער נישט די אַלטע דיכן
באַ דײַן שלעכט געפֿירטער בעהיימע.

אַנטלויפֿסט דאָך נישט, דו פֿאַלשער,
פֿון עפּעס אַ שלאַנג אַ ווילדער,
נאָר פֿון אַ שעפֿעלע איינעם,
וואָס איז גאַנץ ווײַט קיין שאָף נישט.

האסט אויסגעלאכט, דו מאנסטער,
דאס שענצטע מיידל, וואס געזען האט
אף אירע בערגער דיאנא,
און וועגוס אין אירע וועלדער.

דו אכזער ווירענוס, ענעוס דער פאליט,
זאל באראבא דיר נאכגיין: דארט וועט עס דיך טרעפן.

דו טראנסט, דו זינדיקער רויבערן
אין דיינע בלוטיקע נעגל־קראלן
דאס אינגעווייד פון א צארטער,
אן ארימער און א פארליבטער.

דרײַ טיכלעך האסטו צוגענומען
און זאקנבענדלעך פון מײַנע ווײַסע
און גלאטע פיס ווי מארמער,
ווי מארמער ווײַסע און שווארצע.

צוויי טויזנט מײַנע זיפצן,
וואס קענען ווי פײַער פארברענען
צוויי טויזנט טראיעס, ווען ס׳וואלטן
צוויי טויזנט טראיעס געווען.

דו אכזער ווירענוס, ענעוס דער פאליט,
זאל באראבא דיר נאכגיין: דארט וועט עס דיך טרעפן.

בא דײַן מעשארעס סאנטשא
פארטעמפט זאלן זײַן די געדערים
און הארט, אז דײַן דולצינעא
זאל קיינמאל ניט ארוים פונעם קישעף.

עס טראגט איבער דיר אינעם הארצן
א ווייטיק דאס טרויעריקע מיידל;
קען זײַן אז אין אונדזער מעדינע
באצאלן די גוטע פאר די שלעכטע.

די פײַנסטע פון דײַנע געראנגלען
פארוואנדלט זאלן ווערן אין אומגליק;
דײַן טײַנעג צערונען אין כאלעם,
דײַן וואר אפגעמעקט און פארגעסן.

דו אכזער ווירענוס, ענעוס דער פאליט,
זאל באראבא דיר נאכגיין: דארט וועט עס דיך טרעפן..

מען זאל פאר א פאלשן דיך האלטן
פון סעווילִיִא ביז מארטשענא,
פון גראנאדע ביז דער לאכא
פ ון לאנדאן ביז ענגלאנד.

און אַז דו וועסט שפּילן אַף מײלעך,
אַף הונדערטער אָדער אַף ערשטער,
זאָלסטו דו קיין מעלאָכים נישט האָבן,
קיין טײַז נישט און אויך נישט קיין זיבן.

און וועסטו דיר שנײַדן מאַזאָליעס,
זאָל בלוט פון די וווּנדן דיר רינען
און בלײַבן זאָלן דיר וואָרצלען
ווען דו וועסט די ציין דיר אויסרײַסן.

דו אַכזער ווירענוס, ענעוס דער פּאָליט,
זאָל באַראַבאַ דיר נאָכגיין: דאָרט וועט עס דיך טרעפן..

די גאַנצע צײַט וואָס די באַליידיקטע אַלטיסידאָראַ האָט זיך באַקלאָגט אַף איר גוירל, האָט דאָן קיכאָט געקוקט אַף איר. ער האָט איר אַ וואָרט נישט געענטפערט, נאָר אומגעדרייט זיך צו סאַנטשאָן און אים געזאָגט:

— בײַ דײַנע אָוועס, סאַנטשאָ מײַנער, באַשווער איך דיך זאָלסט זאָגן דעם עמעס. דו האָסט עפּשער גענומען די דרײַ טיכלעך מיט די זאָקנבענדלעך, וואָס דאָס פאַרליבטע מיידל זאָגט?

געענטפערט האָט דערויף סאַנטשאָ:

— די דרײַ טיכלעך האָב איך, נאָר די זאָקנבענדלעך זײַנען שעקער וועקעזעוו.

געגאַפט האָט די פירשטין אַף אַלטיסידאָראָס דרייסטקייט, וואָרום זי האָט זי אַפילע געהאַלטן פאַר אַ כוצפּעניצע, אַ ווילצלערן און אַ דרייסטער, אָבער נישט אַזוי ווײַט זי זאָל זיך דערלויבן אַזאַ העפקיירעס. און אַזוי ווי זי האָט זיך אַף דעם שפּאַס נישט געריכט, האָט זי איר נאָכמער באַוווּנדערט. געוואָלט האָט דער פירשט נאָכמער רייץ צוגעבן צו דעם שפּאַס, און האָט זיך אָנגערופן:

— מיר געפעלט עס נישט, האַר ריטער, וואָס נאָכדעם ווי מען האָט אײַך בײַ מיר אין שלאָס אַזוי גוט אויפגענומען, זאָלט איר אײַך דערוועגן צונעמען ווייניקסטנס דרײַ טיכלעך און דערצו נאָך די זאָקנבענדלעך בײַ מײַן שטוב-מיידל, סימאָנים פון אַ שלעכט האַרץ און מײַסים וואָס פּאַסן זיך נישט צו אײַער באַרימטן נאָמען. קערט איר אום אירע זאָקנבענדלעך, וואָרום אויב ניט, רוף איך אײַך אַרויס אַף אַ טויט-געשלעג, און האָט נישט מוירע, אַז אויסוווּרפן מעכאַשפים זאָלן מיך פאַרוואַנדלען און דאָס פּאָנים פאַרענדערן, ווי זיי האָבן עס געטון מיט מײַן לאַקיי טאָסילאָס, וואָס האָט זיך מיט אײַך פאַרבונדן אין אַ געשלעג.

— זאָל מיך גאָט אויסהיטן — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט — פון ציען מײַן שווערד קעגן אײַער דערלויכטנקייט, וואָס האָט מיר אַזוי פיל כסאָדים געטון: די טיכלעך וועל איך אומקערן, מאַכמעס סאַנטשאָ זאָגט, אַז ער האָט זיי. די זאָקנבענדלעך איז אומעגלעך, נישט איך און נישט ער האָבן מיר זיי באַקומען און זאָל זיך אײַער שטוב-מיידל מאַטריעך זײַן און אַ זוך טון אין אירע באַהעלטענישן, וועט זי זיי זיכער געפינען. איך, האַר פירשט, בין קיינמאָל קיין גאַנעוו נישט געוועזן און רעכן עס אויך ווײַטער נישט צו זײַן ווי לאַנג איך וועל לעבן און

גאָט וועט מיך פון זײַן האַנט נישט אָפּלאָזן. דאָס מיידל רעדט (ווי זי אַליין זאָגט) ווי אַ פאַרליבטע, און איך בין דערין ניט שולדיק, און איך דאַרף דערום באַ איר אויך קיין מעכילע נישט בעטן, נישט באַ איר און נישט באַ אײַער עקסעלענץ, איך בעט נאָר אַ בעסערע מיינונג צו האָבן וועגן מיר, און איר זאָלט מיר פון דאָס נײַ געבן די דערלויבעניש ווײַטער צו גיין מײַן וועג.

— גאָט זאָל געבן — האָט די פירשטין זיך אָנגערופן, — האַר דאָן קיכאָט, און מיר זאָלן שטענדיק הערן גוטע נײַס וועגן אײַערע מײַסים, און גייט אײַך געזונטערהייד, ווארום וואָס לענגער איר פאַרהאַלט אײַך דאָ, אַלץ גרעסער ווערט דאָס פײַער אין די הערצער פון די מיידלעך, וואָס קוקן אױף אײַך, און מײַנע וועל איך אַזוי באַשטראָפן, אַז מער זאָל זי זיך נישט וואַרפן, נישט מיט קיין בליקן און נישט מיט קיין ווערטער.

— איין וואָרט נאָך בעט איך, זאָלסטו מיך אויסהערן, יאָ, מעכטיקער דאָן קיכאָט! — האָט דערויף זיך אָנגערופן אַלטיסידאָרא, — איך בעט דיך מעכילע פאַר דער גנייווע פון די זאָקנבענדלעך, ווארום אַזוי זאָל מיר גאָט העלפן, ווי איך טראָג זיי, און איך בין אַרײַנגעפאַלן אין דעם טאָעס פון יענעם, וואָס האָט געריטן אױף זײַן אייזל און האָט עס אַרומגעזוכט.

— האָב איך אײַך נישט געזאָגט? — האָט סאַנטשאָ זיך אָנגערופן. — שיין וואָלט געוועזן, אַז איך זאָל אויסבאַהאַלטן גנייוועס, ווארום ווען איך זאָל געוועזן וועלן, וואָלט איך גאַנץ גוט געקענט אויסנוצן די געלעגנהייט ווען איך בין געוועזן גובערנאַטער!

דאָן קיכאָט האָט דעם קאָפּ אָנגעבויגן און האָט זיך פאַרנויגט פאַר די פירשטן און פאַר אַלע אַרומיקע, האָט אַ צי געטון די לייצעס באַ ראָסינאַנטען, און סאַנטשאָ הינטער אים אױף זײַן העל־ברוינעם, און זיי האָבן פאַרלאָזט דעם שלאָס און האָבן זיך פאַרנומען אַפן וועג קיין סאַראַגאָסאַ.

## אַכט און פופציקסטער קאַפּיטל

**וואָס דערציילט ווי עס האָבן זיך געשאָטן איבער דאָן קיכאָטן אַזוי פיל געראַנגלען, אַז זיי האָבן איינער דעם צווייטן נישט געלאָזט זיך אויסצייטיקן.**

אַז דאָן קיכאָט האָט זיך דערזען אױף דעם פרײַען פעלד, פרײַ און פּאָטער פון אַלטיסידאָראס כאַנפענען זיך צו אים, האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָ געפינט ער זיך אין זײַן ספערע, אַז באַקומען האָט ער נײַעם מוט ווײַטער אָנצוגיין מיט זײַן ריטערטום, און געווענדט האָט ער זיך צו סאַנטשאָן און אים געזאָגט:

— פרײַהייט, סאַנטשאָ, איז איינע פון די טײַערסטע מאַטאָנעס, וואָס דער הימל האָט געשענקט די מענטשן. נישט גלײַך זײַנען צו איר די אויצרעס, וואָס געפינען זיך באַהאַלטן אין דער ערד און וואָס דער יאַם דעקט צו. פאַר דער פרײַהייט ווי פאַר דער ווערדע, קען מען און מען דאַרף דאָס לעבן אײַנשטעלן. און

פארקערט, איז די געפאנגענשאפט דאס גרעסטע אומגליק וואס קען עמיצן טרעפן. איך זאג עס אקעגן דעם, סאנטשא, וואס דו האסט געזען דעם ווילזיין און די זעט, וואס מיר האבן געהאט אין דעם שלאס, וואס מיר האבן פארלאזט. זאג איך דיר, אז אין מיטן די באטאמטע באנקעטן און קאלטע געטראנקען, האט זיך מיר גערדאכט, אז איך בין פארשטעקט אין הונגער־נויט, מאכמעס איך האב זיי נישט גענאסן אזוי פריי ווי ווען זיי וואלטן געווען מיינע, מאכמעס דער כוויו וואס מען פילט אף זיך אפצוצאלן די באקומענע טוווועס און כסאדים, זיינען ווי פענטעס, וואס לאזן נישט דאס פרייע הארץ צו פלאטערן. גליקלעך איז דער, וואס דער הימל האט אים געגעבן א שטיקל ברויט אן דעם כוויו צו דאנקען דערפאר עמיצן אכוץ דעם הימל.

— נישט געקוקט אף דעם אלעמען — האט סאנטשא זיך אנגערופן — וואס אייער גענעדיקייט האט ערשט געזאגט, פאסט עס נישט, אז מיר פון אונדזער זייט זאלן נישט דאנקען פאר צוויי הונדערט טאלער גאלד, וואס דער הויפמייסטער האט מיר געגעבן אין א זעקעלע, און איך טראג עס ווי א זאפרען־פלאסטער און ווי א קרעפטיקונג אפן הארצן, מאמער באדארף מען, ווארום ניט שטענדיק טרעפט מען אן שלעסער, ווו מען זאל אונדז לאזן זיך ווילגיין, מען קען אנטרעפן אף קרעטשמעס, ווו מען זאל אונדז דערלאנגען קלעפ.

מיט אט די אוכעדוימע געשפרעכן האבן זיי געריטן, דער וואנדער־ריטער מיט זיין וואפנטרעגער, און ווי זיי האבן אזוי אפגעריטן עפעס מער ווי א מייל, האבן זיי דערזען אן ערעך צוועלף מענטשן ווי פויערים געקליידט, זיצן אף א לאנקע, מיט די מאנטלען אפן גראז אויסגעשפרייט און עסן. ארום זיי האט מען געזען מינים לייל־לעכער וואס דעקן עפעס צו, טייל אויפגעשטעלט, אנדערע אויסגעשפרייט און איינס פון דאס אנדערע אפגעטיילט. צוגעקומען איז דאן קיכאט צו די לייט, וואס זיינען געזעסן און געגעסן, און האט זיי העפלעך געגריסט און געפרעגט וואס אזוינס האלטן זיי צוגעדעקט מיט די לייל־לעכער.

געענטפערט האט איינער פון זיי:

— אונטער די לייל־לעכער, מיין האר, ליגן געשניצטע בילדער פאר א בילדער־וואנט, וואס מיר מאכן בא אונדז אין דארף. מיר האבן זיי פארדעקט, קעדיי זיי זאלן נישט אפבלאקעווען און אף די אקסלען טראגן מיר זיי, קעדיי זיי זאלן זיך נישט צעברעכן.

— ווען איר ווילט אזוי גוט זיין — האט דאן קיכאט געענטפערט, — וואלט איך א באלן געווען זיי אנקוקן, ווארום בילדער וואס מען טראגט זיי אזוי אפגעהיט מוזן זיכער זיין גוטע.

— און נאך ווי גוט! — האט א צווייטער זיך אנגערופן, — אויב איר גלויבט נישט, פרעגט וויפל זיי קאסטן. קיין איינס פון זיי קאסט נישט ווייניקער פון פופ־ציק טאלער. און אויב אייער גענעדיקייט וויל זען ווי עמעס דאס איז, ווארט א וויילע, וועט איר זיי זען מיט אייערע אייגענע אויגן.

ער האט אוועקגעלייגט דאס עסן, האט זיך אויפגעהויבן און איז צוגעגאנגען

און האָט אָפּגעדעקט דאָס ערשטע בילד, און אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז ס'איז דאָס בילד פון דעם הייליקן געאָרג אַף אַ פערד, מיט אַ שלאַנג אַרומגעוויקלט אַרום די פיס, אַזוי ווילד ווי זי ווערט געווײַנלעך געמאָלט, און די שפּיז איז איר אין מויל אַרײַנגעשטאָכן. אויסגעזען האָט דאָס בילד, ווי זאָגט מען עס, ווי אַ גילדענע פײַער־קויל. באַטראַכט האָט דאָן קיכאָט דאָס בילד און געזאָגט:

— געווען איז דער ריטער איינער פון די בעסטע וואַנדער־ריטער, וואָס גאָטס כאַיל האָט פאַרמאָגט. גערופן האָט מען אים דאָן סאַן כאָרכע און צו דעם אַלעמען, איז ער געווען אַ פּאַרטייטיקער פון בסולעס. לאָמיר נאָר זען דאָס אַנדערע.

אָפּגעדעקט האָט דער מענטש דאָס צווייטע בילד און פאַרגעשטעלט האָט עס דעם הייליקן מאַרטין אַף אַ פערד, ווי ער טיילט זײַן מאַנטל מיט דעם אָרימאַן און גיט אים אַ העלפט. ווי נאָר דאָן קיכאָט האָט אים דערזען, האָט ער געזאָגט:

— אויך דער ריטער איז געווען פון די קריסטלעכע גראַנגל־זוכער, און ווי מיר דאַכט, מער מילד ווי מוטיק, ווי דו קענסט עס זען, סאַנטשאָ, דערפון, וואָס ער טיילט זײַן מאַנטל מיט דעם אָרימאַן און גיט אים די העלפט. און געמוזט האָט דע־מאָלט זײַן ווינטער, וואָרום אַז ניט, וואָלט ער אים אַוועקגעגעבן דעם גאַנצן מאַנטל, אַזאַ גוטהאַרציקער איז ער געווען.

— נישט דערפאַר — האָט סאַנטשאָ זיך אָפּגערופן, — נאָר מיסטאָמע האָט ער זיך געהאַלטן בײַ דעם שפּריכוואָרט, אַז צו געבן און האָבן מוז מען האָבן סייכל.

דאָן קיכאָט האָט זיך צעלאַכט און האָט געבעטן אָפּדעקן אַ דריטן לייוונט, און געווען איז אונטער דעם לײַלעך דאָס בילד פון שפּאַניעס הייליקן שיצער אַף אַ פערד, די שווערד אין בלוט אײַנגעטונקט און ער וואַרפט זיך אַף מאָרן און טרעט איבער זייערע קעפּ. ווי דאָן קיכאָט האָט דערזען דאָס בילד, האָט ער געזאָגט:

— דער איז בעעמעס אַ ריטער פון קריסטוסעס שקוואַדראָנען: דאָן סאַן דיעגאָ דער מאָרן־טויטער רופט מען אים, איינער פון די מוטיקסטע הייליקע און ריטער, וואָס די ערד האָט געהאַט און איצט האָט אים דער הימל.

באַלד דערנאָך האָט מען אָפּגעדעקט נאָך איין לײַלעך און אַנטפּלעקט האָט זיך דאָס בילד פון דעם הייליקן פּאַול, ווי ער פאַלט אַראָפּ פונעם פערד, מיט דעם גאַנצן אַרום, ווי מען מאָלט געווײַנלעך זײַן טויפונג אַף די קלויסטער־ווענט. געזען האָט אים דאָן קיכאָט אַזוי לעבעדיק גלײַך קריסטוס וואָלט צו אים גערעדט און ער וואָלט אים געענטפערט.

— געווען איז ער — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — דער גרעסטער קעגנער, וואָס די עמונע פון גאָט אונדזער האר האָט אין יענער צײַט געהאַט, און דער גרעס־טער פּאַרטייטיקער, וואָס זי וועט ווען עס איז האָבן. אַ וואַנדער־ריטער איבערן לעבן און דער טויט האָט אים געמאַכט פאַר אַ הייליקן פוסגייער, דער קיינמאָל נישט אײַנגעמאַטערטער אַרבעטער אין גאָטס ווײַנגאָרטן, דער לערער פון די מענטשן, וואָס דער הימל איז געווען זײַן שול און יעזוס אַליין זײַן לערער.

מער קיין בילדער זײַנען נישט געווען און דאָן קיכאָט האָט דערום געהייסן זיי צוריק פאַרדעקן און צו די טרעגער האָט ער געזאָגט:

— פאַר אַ גוטן סימען האַלט איך עס, ברידער, וואָס איך האָב געזען דאָס וואָס איך האָב געזען, וואָרום געהאַט האָבן די הייליקע און ריטער דעם אייגענעם באַרוף וואָס איך, דעם באַרוף פונעם געווער. דער כילעק צווישן מיר און זיי, איז דאָס וואָס זיי זײַנען געווען הייליקע און האָבן זיך געשלאָגן געטלעך און איך בין אַ זינדיקער מענטש און איך שלאָג מיך מענטשלעך. זיי האָבן מיט זייער אָרעם דעם הימל אײַנגענומען, מאַכמעס דער הימל האָט אַ קויעך, און איך וויים ביז הײַנטיקן טאָג נישט וואָס איך נעם אײַן מיט מײַן מי און מאַטער. נאָר אַז מײַן דולצינעא פון טאָבאָסאָ וועט פּאַטער ווערן דערפון אַף וואָס זי לײַדט, און עס וועט פאַריכט ווערן מײַן מאַזל און מײַן סייכל, וועל איך מיך מעגלעך פאַרנעמען אַף אַ בעסערן וועג, ווי דער וואָס אַף אים גיי איך איצט.

— זאָל אײַך גאָט דערהערן און די זינד זאָל טויב ווערן, — האָט סאַנטשאָ דערויף זיך אָנגערופן.

געוווּנדערט האָבן זיך די לײַט סײַ אַף דאָן קיכאָטס געשטאַלט און סײַ אַף זײַנע רייד און האָבן נישט פאַרשטאַנען אַ העלפט דערפון וואָס ער האָט געמיינט צו זאָגן. אָפּגעגעסן, האָבן זיי גענומען די בילדער אַף די אַקסלען, זיך געזעגנט מיט דאָן קיכאָטן און ווײַטער געגאַנגען זייער וועג. סאַנטשאָ איז שטיין געבליבן ווי ער וואָלט ביז איצט זײַן האַר נישט געקענט, און האָט זיך געוווּנדערט אַף זײַנע קענטעניש, און געדאַכט האָט זיך אים, אַז עס מוז נישט זײַן אַזאַ געשיכטע און אַזאַ פּאַסירונג אַף דער וועלט, וואָס ער זאָל זי נישט האָבן בײַ זיך אָפּן נאָגל און אײַנגעקריצט בײַ זיך אינעם מויעך, און געזאָגט האָט ער:

— אויב דאָס וואָס מיר האָבן ערשט אָנגעטראָפן קען אָנגערופן ווערן געראַנגל, איז עס בעעמעס געווען, האַר באַלעבאָס, פון די מילדסטע און צאַרטסטע געראַנגלען, וואָס מיר האָבן אָנגעטראָפן אין מעשעך פון אונדזער וואַנדערונג: מיר זײַנען פון אים אַרויס אָן קלעפּ און אָן שרעק, נישט מיר האָבן זיך געכאַפּט צו דער שווערד, נישט מיר האָבן זיך געוואַלגערט אַף דער ערד און נישט מיר זײַנען געבליבן הונגעריק. געלויבט ביזטו גאָט, וואָס דו האָסט מיר באַשערט איך זאָל דאָס זען מיט מײַנע אייגענע אייגן.

— זייער ריכטיק זאָגסטו, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — דו מוזט אָבער וויסן, אַז נישט אַלע צײַטן זײַנען גלײַך און נישט אַלע האָבן זיי דעם אייגענעם מאַזל. און דאָס וואָס דער פּאָשעטער אוילעם רופט עס געוויינלעך שלעכטע באַגעגעניש און שטיצט זיך נישט אַף קיין שום נאַטירלעכן גרונד, דאַרף באַטראַכט ווערן פון אַ קלוגן מענטשן און אָנגענומען ווערן ווי אַ גוטע פּאַסירונג. שטייט זיך אויף אַזאַ טרעפער אין פרימאָרגן און גייט אַרויס פון שטוב און באַגעגנט אַ גאַלעך פון דעם הייליקן פראַנציסקאַס אָרדן, גיט ער זיך באַלד אַ דריי אויס מיטן רוקן, ווי ער וואָלט זיך מיט אַ רויב־פויגל אָנגעטראָפן, און לויפט גיך אַהיים. האָט זיך בײַ אַ צווייטן מענדאָזאַ די זאַלץ אָפּן טיש אויסגעשאָטן, צעגיסט זיך בײַ אים אַ טרויער איבערן האַרצן, גלײַך די נאַטור איז מעכויעוו אים צו וויסן צו געבן דורך אַזוינע קלייניקייטן יעדן אומגליק וואָס אים וועט פּאַסירן. אַ פרומער

און א קלוגער מענטש טאָר נישט זײַן אַזוי עמפּפינדלעך צו אַלץ וואָס דעם הימל ווילט זיך טון מיט אים. קומט סקיפּיאָן קיין אַפריקע און פאַרטשעפּעט זיך אָן עפּעס באַם אַראָפּשפּרינגען פון דער שיף, נעמען עס אָן זײַנע כאַיאַלעס פאַר אַ שלעכטן סימן, נאָר ער כאַפּט זיך אַרום מיט דער ערד און זאָגט: „דו וועסט פון מיר נישט אַוועק, אַפריקע, וואָרום איך האַלט דיך פעסט אין מײַנע אָרעמס". דערום, סאַנטשאָ, איז פאַר מיר דאָס וואָס איך האָב מיך אָנגעטראָפן מיט די בילדער אַ גרויסע פאַר־סירונג.

— אַזוי גלויב איך — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — און איך וואָלט וועלן אײַער גנעדיקייט זאָל מיר זאָגן: פון וואַנען נעמט זיך עס וואָס די שפּאַניער שרײַען אויס, בעיים זיי וואַרפן זיך אין דער שלאַכט, דעם נאָמען פון דעם הייליקן דיעגאָ דעם מאָרן־שלעגער: „סאַנטיאַגאָ אי סיערא עספּאַניאַ! איז דען שפּאַניע אַזוי אָפן, אַז מען זאָל זי דאַרפן שליסן, אָדער וואָס מיינט דער מינהג?

— ביזט נאַריש ביז גאָר, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט. — דעם גרויסן ריטער מיט דעם רויטן ציילעם האָט גאָט געגעבן שפּאַניע פאַר אַ שיצער און באַשיצער אין דער צײַט פון די ביטערע שלאַכטן, וואָס די שפּאַניער האָבן געפירט מיט די מאָרן. זיי רופן אים שוין דערום אַרויס אַלס זייער פּאַרטייטיקער אין אַלע שלאַכטן, און אַ סך מאָל האָבן זיי אים מאַמעש געזען יאָגן, באַפאַלן, וואַרפן און מיימעסן די האָגערישע שקוואַדראָנען, און איך וואָלט דיר געקענט ברענגען עמעסע בײַשפּילן, וואָס ווערן געבראַכט אין די עמעסע געשיכטעס פון שפּאַניע.

אומגעביטן האָט סאַנטשאָ דעם געשפּרעך און האָט זיך אָנגערופן צו זײַן האַר:

— מיך וווּנדערט, מײַן האַר, די דרייסטקייט פון אַלטיסידאָראַ, דער פירשטנס דינסטמיידל. געמוזט האָבן איר שטאַרק טרעפן די פײַלן פון דעם וואָס מען רופט אַמור, פון דעם בלינדן ייִנגעלע, ווי זאָגט מען עס, וואָס כאָטש די אויגן זײַנען באַ אים פאַרקיסניעטע, אָדער ער האָט גאָר קיין אויגן ניט, טרעפט ער גלײַך אינעם האַרץ, ווי קליין דאָס זאָל נישט זײַן און שטעכט עס דורך, אַף דורך און דורך, מיט זײַנע פײַלן. איך האָב אַפילע געהערט זאָגן, אַז ווען די פײַלן טרעפן אָן אַף מיידלשער בושע און צניעס, ווערן באַ זיי די שפּיצן אָפּגעבראָכן אָדער אָפּגעטעמפּט, נאָר באַ אָט דער אַלטיסידאָראַ, דאַכט מיר, ווערן זיי נאָך שאַרפער.

— זיי ווייסן, סאַנטשאָ, -- האָט דאָן קיכאָט געזאָגט — אַז ליבע קוקט נישט אַף דערעכערעץ און הערט זיך נישט אײַן צום סייכל. פונקט ווי דער טויט, קלייבט זי ניט איבער צווישן הויכע קיניגלעכע פּאַלאַצן און נידעריקע פּאַסטעך־הײַזקעס. און פאַרכאַפּט זי אַ האַרץ, נעמט זי צוערשט אַוועק באַ דעם די מוירע און די בושע. דערום אויך האָט אַלטיסידאָראַ אָן מוירע און בושע אַרויסגעזאָגט אירע באַגערן, וואָס באַ מיר אין האַרצן האָבן זיי גיכער אַרויסגערופן פאַרווירונג איידער מיטלייד.

— אָן אָפּענע אַכזאָריעס! — האָט סאַנטשאָ זיך אָנגערופן. — מען זאָל אַזוי אָפּוואַרפן אַ טויווע איז נאָך נישט געהערט געוואָרן! איך, קען איך אײַך זאָגן, וואָלט מיך באַ דעם מינדסטן וואָרט פון ליבע אונטערגעגעבן און אונטערטעניק געוואָרן: מען דאַרף דאָך האָבן, מאַמזער־יונג, אַ האַרץ פון מירמלשטיין, אַ קופּערנעם מאָגן

און אַ ליימענע נעשאָמע! נאָר איך הייב ניט אָן פאַרשטיין וואָס דאָס מיידל האָט אַזוינס דערזען אַף אײַער גענעדיקייט, וואָס זי איז פון אײַך אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן און האָט זיך אײַך אַזוי איבערגעגעבן. וואָסער שטאָלט, וואָסער גלאַנץ, וואָסער כיין, וואָסער פּאָנים, וואָס אַזוינס פון די אַלע זאַכן באַזונדער אָדער אַלע אין איינעם האָבן זי אײַנגעליבט? וואָרום דעם ריינעם עמעס אײַך זאָגן, שטעל איך מיך אָפּט אָוועק און באַטראַכט אײַער גענעדיקייט פון די שפּיץ פּיס ביז דער לעצטער האָר אַפן קאָפּ און זע אַף אײַך מער אַזוינס וואָס קען אָפּשרעקן איידער אײַנליבן. און אַזוי ווי שיינקייט, האָב איך געהערט זאָגן, איז די ערשטע און די הויפּטזאַך אין ליבע, ווייס איך נישט, אין וואָס דאָס מיידל האָט זיך פאַרליבט, ווען איר פאַרמאָגט ניט קיין מינדסט ביסל שיינקייט.

— זיי וויסן, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — אַז פאַראַן זײַנען צוויי מינים שיינקייט: איינע פון דער נעשאָמע און די צווייטע פונעם גוף. די שיינקייט פון דער נעשאָמע פלאַטערט און איז קענטיק אינעם פאַרשטאַנד, אין דער אָרנטלעכקייט, אין דער זיטלעכקייט, אין דער מילדקייט און דערצויגנקייט, און די אַלע מײַלעס האָבן פּלאַץ און קענען זיך געפינען אין אַ מיעסן מענטשן. און קוקט מען זיך אײַן אין אָט דער שיינקייט, נישט אין דער גופישער, דערוועקט זיך די ליבע נאָכמער און מיט אימפּעט. איך זע גאַנץ גוט, סאַנטשאָ, אַז איך בין גאָרניט קיין שיינער איך ווייס אָבער אויך, אַז איך בין נישט קיין קריפּל. און גענוג איז פאַר אַן אָרנטלעכן מענטשן, אַז ער איז נישט קיין מאָנסטער, מען זאָל אים ליב באַקומען, מאַכמעס ער באַזיצט די גאָב פון דער נעשאָמע, וואָס איך האָב דיר פריער געזאָגט.

אין מיטן דעם שמועס זײַנען זיי אַרײַנגעקומען אין אַ וועלדל בײַ דער זײַט וועג און אומגעריכט און אומדערוואַרט האָט דאָן קיכאָט זיך דערזען אָן אײַנגעפּלאָנטערטער אין אַ נעץ פון גרינעם פאָדים, וואָס האָט זיך געצויגן פון איין בוים צום צווייטן. און אַזוי ווי ער האָט זיך נישט געקענט פאַרשטעלן וואָס דאָס קען זײַן, האָט ער זיך אָנגערופן צו סאַנטשאָן: זאָל איך שטאַרבן, אויב דאָס ווילן נישט די קישעפמאַכער, וואָס פאַרפאָלגן מיך, מיך פאַרפּלאָנטערן אין דער נעץ און מיך פאַרהאַלטן אין וועג אויס נעקאָמע פאַר מײַן האַרטן באַגיין זיך מיט אַלטיסידאָראַ. און איך זאָג, אַז ווען די נעצן, וואָס זײַנען געמאַכט פון גרינעם פאָדים, זאָלן זײַן פון דימענטן האַרטע אָדער נאָך שטאַרקער ווי יענע נעצן, וואָס דער אייפערזיכטיקער גאָט פון די שמידן האָט אין זיי אײַנגעפּלאָנטערט ווענוסן און מאַרסן, מוזן זיי זיך צערײַסן ווי זיי וואָלטן געווען פון יאַם-גראָזן און פון בײַוואָלצוויטן.

ווי נאָר אָבער ער האָט געוואָלט אַ שפּאַן טון ווײַטער און אַלץ צערײַסן, זײַנען פאַר אים פּלוצים שטיין געבליבן, פון צווישן די ביימער אַרויסגעקומענע, צוויי שיינע פּאַסטושקעס, אַלנפאַלס געקליידט ווי פּאַסטושקעס, נאָר די פעלצלעך מיט די סאַראַפאַנען זײַנען געווען פונעם פיינסטן בראָקאַט, און די אויבערשטע קליידלעך פון געכוואַליעטן גאָלד-זײַדנס. די האָר, אַזוי בלאָנד, אַז זיי האָבן זיך געקענט

פארגלייכן מיט די זון־שטראַלן, פונאַנדערגעלאָזט איבער די פּלייצעס און אויבן באַקראַנצט מיט גירלאַנדן פון גרינעם לאָרבער און רויטן אַמאַראַנט צונויפגע־פלאָכטן. אין די יאָרן, קענטיק נישט יינגער פון פופצן און נישט עלטער פון אכצן. א בילד, וואָס האָט פאַרוואונדערט סאַנטשאָן און אָפּהענטיק געמאַכט דאָן קיכאָטן, וואָס די זון האָט אין מיטן איר גאַנג זיך אָפּגעשטעלט דערויף א קוק צו טון און האָט זיי אַלע פיר אין א וואונדערלעכן שווייגן געהאַלטן. בעקיצער, די ערשטע האָט זיך אָנגערופן איינע פון די פּאַסטושקעס און האָט געזאָגט צו דאָן קיכאָטן:

— האַלט אייך אָפּ, האַר ריטער, און צערייסט נישט די נעצן, וואָרום נישט אייך צום שאָדן, נאָר אונדז צום פאַרווייַלן זיינען זיי דאָ אויפגעצויגן. און מאַכמעס איך ווייס, אַז איר וועט אונדז פרעגן צו וואָס מיר האָבן זיי דאָ אוועקגעשטעלט און ווער מיר זיינען, וועל איך עס אייך זאָגן בעקיצער. אין א דאָרף, צוויי מייל פון דאַנען, זיינען איצט פאַראַן אַסאַך אָנגעזעענע לייט און אַדעליקע און גווירים, האָט מען צווישן מישפּאָכע און באַקאַנטע אָפּגעמאַכט אַהערצו קומען, ווי אויף איינעם פון די שענסטע ערטער אין דער געגנט, מיט די ווייבער, מיט די זין און טעכטער, שכיינים און גוטע פריינט דאָ פאַרווייַלן און אַלע איניינעם דאָ אויפשטעלן א נייַע פּאַסטוכישע אַרקאַדיע, די מיידלעך זאָלן זיך אָנטון פאַר פּאַסטושקעס און די באָ־כורים פאַר פּאַסטעכער.

„געבראַכט האָבן מיר מיט זיך צוויי עקלאָגעס איינגעבאַזערטע, איינע פון דעם באַרימטן פּאָעט גאַרסילאַסאָ און די צווייטע פון דעם דערהויבענעם קאַמאָענס, אין זיין פּאָרטוגעזישן לאָשן, וואָס מיר האָבן ביז היינט נאָך נישט געשפּילט. נעכטן ערשט זיינען מיר געקומען. צווישן די צווייגן האָבן מיר אוועקגעשטעלט געצעלטן, וואָס מען רופט זיי, ווי מען זאָגט, פעלד־ביידלעך, באַם ברעג פון א טיפן טייַכל, וואָס זעטיקט די אַרומיקע לאָנקעס. באַנאַכט האָבן מיר אויסגעשפּרייט די נעצן אויף אַרייַנצונאַרן די נאַרישע פייגעלעך, וואָס אַז זיי דערהערן אונדזער געפילדער, קומען זיי אַהער צו פליען. אויב אייך איז ליב, מיין האַר, צו זיין אונדזער גאַסט, וועלן מיר זיך פרייַ און העפלעך פרייען מיט אייך. וואָרום דאָ דערווייַל טאָר נישט אַרייַנקומען קיין צאַר און קיין טרויער.

מער האָט זי גאָרנישט געזאָגט און דאָן קיכאָט האָט דערויף געענטפערט:

— בעעמעס זאָג איך אייך, העכסט שיינע דאַמע, אַז ווען אַנטעאָן האָט פלו־צים דערזען דיאַנאַן זיך באָדן, איז ער נישט אַזוי אָפּהענטיק געבליבן ווי איך, ווען איך האָב דערזען אייער שיינקייט. מיין לויב דעם אויפן ווי איר פאַרווייַלט אייך און מיין דאַנק פאַרן פאַרבעטן. און אויב איך קען אייך נוצלעך זיין, קענט איר מיר באַפעלן, מיט דער זיכערקייט, אַז איך וועל אייך געהאָרכן. וואָרום מיין באַרוף איז נישט קיין אַנדערער ווי גוטס טון און דאַנק אַרויסווייַזן יעדן מין מענטשן, בי־פּראָט די אָנגעזעענע לייַט, וואָס איר פאַרטרעט דאָ. און זאָלן די נעצן, וואָס פאַר־נעמען אַוואַדע א קליינעם פלאַץ, דעם גאַנצן ערד־קייַלעך פאַרנעמען, וועל איך אַנ־דערע וועלטן אויפזוכן ווו דורכצוגיין, אַבי נישט זיי צערייַסן. און קעדיי איר זאָלט א קליין ביסל גלויבן מיין גוזמע, מוזט איר וויסן זיין, אַז דאָס זאָגט אייך אַלנ־

פאלם דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, אויב דער נאָמען איז דערגאַנגען צו אײַערע אויערן.

— אוי, כאַוווערטע מײַנע האַרציקע — האָט די צווייטע פּאַסטושקע זיך אָנגערופן,, — סאַראַ גליק אונדז האָט געטראָפן! דו זעסט דעם האַר וואָס שטייט פאַר אונדז? זאָלסטו וויסן זײַן, אַז ער איז דער שטאַרקסטער, דער פאַרליבטסטער און דער העפלעכסטער מאַן וואָס די וועלט פאַרמאָגט, אויב די געשיכטע פון זײַנע מעשׂים, וואָס איז אָפּגעדרוקט און איך האָב זיי געלייענט, נאַרט נישט און ליגנערט נישט. איך קען גיין אין געוועט, אַז דער בראַווער מאַן וואָס גייט מיט אים, איז איינער אַ סאַנטשאָ פּאַנצאַ, זײַן וואָפּנטרעגער, וואָס צו זײַנע כאָכמעס איז גאָר קיין גלײַכן נישטאָ.

— דאָס איז ריכטיק — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — איך בין עס דער וויצלער און דער וואָפּנטרעגער וואָס אײַער גענעדיקייט זאָגט, און דער מאַן איז מײַן האַר, דער עמעסער דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, וואָס וועגן אים שרײַבט זיך און דערציילט זיך.

— אוי! — האָט די ערשטע זיך אָנגערופן. — לאָמיר אים בעטן, טײַערע, ער זאָל דאָ בלײַבן, אונדזערע עלטערן און אונדזערע ברידער וועט עס גאָר שטאַרק פרייען. איך האָב געהערט וועגן זייערע גוווּרעס און זייערע כאָכמעס, וואָס דו האָסט געזאָגט. באַזונדער, זאָגט מען, איז ער דער שטאַנדהאַפטיקסטער און געטרײַסטער פאַרליבטער, וואָס די וועלט קען, און זײַן דאַמע איז אַ געוויסע דולציניע פון טאָבאָסאָ, וואָס מען טיילט איר צו די קרוין פון שיינקייט אין גאַנץ שפּאַניע.

— מיט רעכט טיילט מען איר צו די קרוין — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — אויב אײַער שיינקייט אָן אַ גלײַכן, שטעלט דאָס נישט אונטער אַ ספק. נעמט אײַך נישט די מי, מײַנע דאַמען, מיך צו פאַרהאַלטן, וואָרום די פליכטן פון מײַן באַרוף לאָזן מיך ניט שטיין בלײַבן אויף איין אָרט.

צוגעקומען איז אין דער רעגע צו דעם אָרט ווו די פיר זײַנען געשטאַנען, אַ ברודער פון איינער פון די צוויי פּאַסטושקעס, אויך פאַר אַ פּאַסטעך געקליידט, און אויך אַזוי רײַך און פאַרפּוצט ווי די פּאַסטושקעס. זיי האָבן אים דערציילט, אַז דער וואָס שטייט מיט זיי, איז דער מעכטיקער דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ און דער צווייטער איז זײַן וואָפּנטרעגער סאַנטשאָ, וואָס ער האָט שוין געהערט פון זיי, מאַכמעס געהאַט האָט ער שוין געלייענט זייער געשיכטע.

דער שלאַנקער פּאַסטעך האָט זיך אָנגעבאָטן און האָט זיי געבעטן צוגיין מיט אים צו די געצעלטן. דאָן קיכאָט האָט געמוזט נאָכגעבן און אַזוי האָט ער געטון. דערווײַל איז מען אָנגעלאָפן מיט דעם יאַגד־געפילדער און פול געוואָרן זײַנען די נעצן מיט פאַרשידענע פייגעלעך, וואָס דער קאָליר פון די נעצן האָט זיי פאַרנאַרט און זיי זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין דער געפאַר, וואָס פון איר זײַנען זיי אַנטלאָפן. צונויפגעקומען זײַנען זיך אויף דעם אָרט עפּשער מער ווי דרײַסיק מענטשן, אַלע פאַרפּוצטע ווי פּאַסטעכער און פּאַסטושקעס, און אין איין אויגנ־

בליק האָבן זיי זיך אַלע דערוווּסט ווער עס איז דאָן קיכאָט און זײַן וואָפּנטרעגער, און זיי זײַנען דערפֿון שטאַרק צופֿרידן געווען, מאַכמעס זיי האָבן שוין געוועסט געהערט וועגן אים פֿון זײַן געשיכטע. מען איז צוגעקומען צו די געצעלטן, האָט מען שוין דאָרט געטראָפֿן די טישן גרייט, רײַך און זאַט און ריין. באַערט האָט מען דאָן קיכאָטן און אים אָפּגעגעבן דעם אויבנאָן. אַלע האָבן געקוקט אַף אים און האָבן אים באַוווּנדערט. אַפֿן סאָף, ווען מען האָט שוין די טישטעכער אַראָפּגענומען, האָט דאָן קיכאָט מיט גרויס רויִקייט דאָס קאָל אויפֿגעהויבן און געזאָגט:

— צווישן די גרעסטע זינד וואָס מענטשן באַגייען רעכענען אַנדערע צוערשט די גײַוווע, איך מיין אַז ערגער איז ווען מען פֿאַרגעסט אַ טויווע, לויט דעם שפּריכוואָרט, אַז מיט די טויווע־פֿאַרגעסער איז פֿול דער גענעם. די דאָזיקע זינד האָב איך געזוכט אויסצומיידן, ווי ווײַט מיר איז מעגלעך געווען, פֿון זינט איך בין צו מײַן סייכל געקומען. און אויב איך קען נישט צאָלן פֿאַר די טויוועס וואָס מען טוט מיר, מיט דער פּולער מאָס, ווײַז איך אָנשטאָט דעם אַרויס מײַן גוטן ווונטש. און אויב דאָס איז ווייניק, מאַך איך אים באַקאַנט. וואָרום ווער עס מאַכט באַקאַנט פֿאַר אַלעמען די טויוועס וואָס ער באַקומט, וואָלט אויך באַלוינט פֿאַר זיי ווען ער קען. וואָרום מערסטנס זײַנען די וואָס נעמען, אין אַן ערגערער לאַגע ווי די וואָס גיבן. און גאָט איז דערום איבער אַלעמען, מאַכמעס ער איז אַלעמענס געבער און דעם מענטשנס מאַטאָנעס קענען זיך ווײַט נישט פֿאַרמעסטן מיט די מאַטאָנעס פֿון גאָט. און דעם מאַנגל פּילט אויס אין אַ געוויסער מאָס דער דאַנק. איך דאַנק דערום פֿאַר דעם גענאָד וואָס מען האָט מיר דאָ געטון און וואָס איך קען נישט באַלוינען מיט דער אייגענער מאָס, און אין די ענגע גרעניצן פֿון מײַן מאַכט, באַט איך אָן וואָס איך קען און וואָס איך פֿאַרמאָג פֿון מײַן גערעטעניש. איך וועל דערום אין מיטן דעם שליאַך, וואָס פֿירט צו סאַראַגאָסאַ צוויי טעג נאָכאַנאַנד אויסרופֿן, אַז די צו דער פֿאַר געמאַכטע דאַמען פּאַסטושקעס זײַנען די שענסטע און די העפֿלעכסטע יונגפֿרויען אין דער וועלט, מיט דעם איינציקן אויסנאַם פֿון דער אָן גלײַכן צו זיך דולצינעאַ פֿון טאָבאָסאָ, די איינציקע דאַמע וואָס פֿאַרנעמט מײַנע געדאַנקען, ניט צום שאָדן געזאָגט, פֿון די אַלע וואָס הערן מיך.

סאַנטשאָ, וואָס האָט זיך די גאַנצע צײַט אײַנגעהערט צו דאָן קיכאָטס רייד, האָט דערויף אַפֿן הויכן קאָל אויסגעשריגן:

— איז עס מעגלעך אַף דער וועלט זאָלן זיך נאָך געפֿינען אַזוינע וואָס דערוועגן זיך זאָגן, אַז מײַן האַר איז אַ מעשוגענער? זאָלן אײַערע גענעדיקייטן, הערן פּאַסטעכער, זאָגן: צי איז נאָך פֿאַראַן אַזאַ דאָרפֿס גאַלעך, ווי קלוג און געלערנט ער זאָל נישט זײַן, וואָס זאָל זאָגן דאָס וואָס מײַן האַר האָט געזאָגט. אָדער איז נאָך פֿאַראַן אַזאַ וואַנדער־ריטער, ווי באַרימט ער זאָל נישט זײַן מיט זײַן גוורע, וואָס זאָל קענען אָנבאָטן דאָס וואָס מײַן האַר האָט אָנגעבאָטן?

אויסגעדרייט האָט זיך דאָן קיכאָט צו סאַנטשאָן און מיט אַן אָנגעצונדענעם פּנים פֿאַר קאַעס, האָט ער אים געזאָגט:

— איז עס מעגלעך, אָ, סאַנטשאָ! עס זאָל זיך געפֿינען אַף דער וועלט אַזאַ

מענטש, וואָס זאָל זאָגן, אַז דו ביזט נישט קיין נאַר, מיט נאַרישקייט אונטערגעבעט און מיט רישעס און נידערטרעכטיקייט אַרומגעזוימט? ווער שטופּט דיך אין מײַנע געשעפטן און ווער הייסט דיר אויסגעפינען צי בין איך אַ כאַכעם אָדער אַ נאַר. שווײַג און ענטפער מיר נישט, און זאָטל אָן ראָסינאַנטען, אויב ער איז אויסגעזאָטלט. לאָמיר גיין אויספירן מײַן צוזאָג, וואָרום אַז איך גיב אַ וואָרט, מעגסטו באַצייטנס האַלטן פאַר אונטערגעגעבן יעדן איינעם, וואָס שטעלט זיך דערקעגן.

און מיט שטאַרקן געבייזער און קענטיקן קאַעס האָט ער זיך פונעם שטול אויפגעהויבן און אַלע אַרום זײַנען שטיין געבליבן פאַרגאַפט און האָבן נישט געוווּסט צי זאָלן זיי אים האַלטן פאַר אַ מעשוגענעם אָדער פאַר אַ קלאָרן.

צום סאָף, נאָכדעם ווי זיי האָבן אים געבעטן ער זאָל דאָס נישט טון, מאַכמעס זיי אָנערקענען זײַן גוטן ווילן און מער קיין באַווײַזן זײַנען נישט נויטיק, אַז מען זאָל דערקענען זײַן מעכטיקן מוט, און גענוג זײַנען די וואָס ווערן דערציילט אין דער געשיכטע פון זײַנע העלדישקייטן, האָט ער דאָך זײַנס אויסגעפירט. אויפגעזעצט אַף זײַן ראָסינאַנטע, מיט זײַן שילד אַפן אָרעם און די שפּיז אין דער האַנט, האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט אַפן מיט וועג, נישט ווײַט פון דער גרינער לאָנקע. נאָכגעשפּאַנט האָט אים סאַנטשאָ אַף זײַן העל־ברוינעם מיט אַלע לײַט פון דער פּאַסטעכישער איידע, וואָס איז גיריק געווען צו וויסן מיט וואָס וועט זיך פאַרענדיקן זײַן שטאָלצער און ביז דעמאָלט נישט געהערטער צוזאָג. אָוועקגעשטעלט האָט זיך דאָן קיכאָט אַפן מיט וועג (ווי איך האָב אײַך שוין געזאָגט), און האָט די לופט געשפּאַלטן מיט אָט די ווערטער:

— אָ, איר פאַרבײַגייער און רייזנדער, ריטער, וואָפּנטרעגער, פוסגייער און רײַטער, וואָס איר גייט איבער דעם וועג אָדער איר וועט איבער אים גיין אין די צוויי טעג פון איצט און ווײַטער! וויסן זאָלט איר, אַז דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, וואַנדערנדיקער ריטער, שטייט דאָ אַף צו פאַרטייטיקן דעם עמעס, אַז איבער אַלע שיינקייטן און העפלעכקייטן פון גאָר דער וועלט, שטייגן די שיינקייטן און העפלעכקייטן, וואָס געבענטשט זײַנען מיט זיי די נימפעס באַוווינערנס פון אָט די לאָנקעס און וועלדלעך, נישט אַרײַנגערעכנט די האַרנטע פון מײַן האַרצן דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ. און ווער עס דענקט אַנדערש, זאָל אַהערצו גיין, וואָרום איך וואַרט אַף אים.

צוויי מאָל האָט ער איבערגעכאַזערט די אייגענע ווערטער און ביידע מאָל זײַנען זיי נישט דערהערט געוואָרן פון קיין איין גערעדנגל־זוכער. נאָר דאָס מאַזל, וואָס האָט אים אָנגעהויבן גיין פון בעסער צו בעסער, האָט געוואָלט, אַז טייקעף זאָל זיך איבערן וועג באַווײַזן אַ האַמוין מענטשן רײַטנדיק און אַ סאַך זייערע מיט שפּיזן אין די הענט, אַלע צונויפגעדרענגט און אין גרויס אײַלעניש.

ווי נאָר די לײַט וואָס זײַנען געווען מיט דאָן קיכאָטן האָבן זיי דערזען, האָבן זיי זיך אויסגעדרייט מיט די פּלייצעס און זײַנען ווײַט אָפּגעטראָטן פונעם וועג, וואָרום געוווּסט האָבן זיי, אַז אויב זיי וועלן וואַרטן, קען זיי געשען עפּעס גערפערלעכס. איין דאָן קיכאָט, מיט זײַן אומדערשראָקענעם מוט, איז שטיין געבליבן,

און סאַנטשאָ פּאַנצאַ האָט זיך געשיצט אין ראָסינאַנטעס הינטן. דערנענט האָט זיך די מאַכנע אולאַנער, און איינער פון זיי, וואָס איז גערים אַפריער, האָט גענומען שרייַען צו דאָן קיכאָטן:

— אַוועק פונעם וועג, דו טייוולאָנישער מענטש, די אָקסן וועלן דיך אָפּ שטיקלעך צערייַסן.

— היי, אויסוואורף! — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — פאַר מיר האָבן קיינע אָקסן קיין ווערט נישט, מעגן זיי זייַן די בעסטע, וואָס פיטערן זיך אויף די ברעגעס פונעם כאַראַמאַ. זייַט מודה, איר אויסוואורפן, אַז דאָס וואָס איך האָב דאָ אויסגערופן איז עמעס. אַז ניט, זייַנט איר מיט מיר אין קריג.

דער אָקסן־טרייַבער האָט קיין צייַט נישט געהאַט צו ענטפערן און דאָן קי־כאָט האָט קיין צייַט נישט געהאַט אָפּצוטרעטן פונעם וועג, ער זאָל אַפילו געוועלן וועלן, און די מאַכנע אָקסן, די ווילדע ווי די נעצווימטע, מיט דער מאַכנע אָקסנ־טרייַבער און אַנדערע, וואָס האָבן זיי געפירט צו אַן אָרט אויף אייַנשפּאַרן און דער־נאָך זיי אַרויסלאָזן אויף דער אַרענע, זייַנען אַריבער איבער דאָן קיכאָטן און איבער סאַנטשאָן, איבער ראָסינאַנטען און דעם העל־ברוינעם און זיי אַלעמען אומגע־וואָרפן און צעטראָטן. סאַנטשאָ איז אַרויס אַ צעמאָלענער, דאָן קיכאָט אַ צעשראָ־קענער, דער העל־ברוינער אַ צעשמיסענער און נישט גאָר גאַנץ ראָסינאַנטע. נאָר נאָך אַלעמען, האָבן זיי זיך אַלע אויפגעהויבן און דאָן קיכאָט איז נאָכגעלאָפן נאָך דער סטאַדע, געשטרויכלט און געפאַלן און ווייַטער געלאָפן און געשריגן:

— שטייט, וואַרט אויס, אויסוואורפן וואָס איר זייַנט, איין ריטער בלויז וואַרט אויף אייַך און שטעלט אייַך קיין טנאָים ניט און האַלט נישט דערפון וואָס מען זאָגט, אַז אויב דער סוינע אַנטלויפט, שפּרייט פאַר אים אַ זילבערנע בריק.

נאָר די אייַלנדיקע געפעכט־אָקסן האָבן זיך אויף די געשרייען נישט אָפּגע־שטעלט און די סטראַשונקעס האָבן זיי געאַרט ווי די פאַראַיאָריקע כמאַרע. דאָן קיכאָטן האָט אָפּגעשטעלט זייַן פאַרמאַטערטקייט, און מער בארויגעז ווי מיט גע־שטילטער נעקאָמע, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויפן וועג וואַרטן ביז סאַנטשאָ מיט ראָסינאַנטען און דעם העל־ברוינעם וועלן אונטערקומען. צוגעקומען, האָבן זיך האַר און מעשאָרעס ווידער אויפגעזעצט און, נישט אומגעקערט האָבן זיי זיך גע־זעגענען מיט דער אויסגעטראַכטער און נאָכגעמאַכטער אַרקאַדיע, נאָר מיט מער בזיאָיען ווי פאַרגעניגן, זייַנען זיי ווייַטער גערים מיט דעם וועג.

## נייַן און פופציקסטער קאַפּיטל

**ווי עס ווערט דערציילט וועגן דער אויסטערלישער פּאַסירונג, וואָס מען קען זי אָנעמען פאַר אַ גערעַנגל און האָט פּאַסירט מיט דאָן קיכאָטן.**

צו דעם שטויב און צו דער פאַרמאַטערטקייט, וואָס דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ האָבן אַרויסגעטראָגן פון דער אָקסישער אומהעפלעכקייט, איז אַ הילף גע־ווען דער קלאָרער און ריינער קוואַל, וואָס זיי האָבן אָנגעטראָפן אין אַ קילן וועלדל.

ווי האר און דינער, פונעם וועג אָפּגעטראָטענע, האָבן פריַיגעלאָזט אָן רימענעס און ציימלעך, ראַסינאַנטען און דעם העל־ברוינעם, און באַ זיַין זוים זיך צוגע־זעצט. סאַנטשאָ איז צוגעפאַלן צום אָפּליוג פון זיַינע טאָרבעס און האָט פון דאָרט ארויסגענומען דאָס וואָס ער פלעגט אָנרופן צוביַיסן. ער האָט זיך דאָס מויל אויסגעשווענקט, דאָן קיכאָט האָט זיך דאָס פּאָנים אָפּגעוואַשן, און די אַנטמור־טיקטע הערצער זיַינען פון דער אָפּפרישונג מונטערער געוואָרן. דאָן קיכאָט האָט אויס בלויזער ערגערניש נישט געגעסן און אויך סאַנטשאָ האָט זיך נישט צוגע־רירט צו די מיַיכאָלים, וואָס זיַינען פאַר אים געשטאַנען, אויס בלויזער העפלעכ־קייט, און האָט געוואָרט דער האר זיַינער זאָל פריער פארזוכן. נאָר אַז ער האָט געזען דער האר איז פאַרטראָגן אין זיַינע געדאַנקען און דערמאָנט זיך נישט צו־טראָגן דאָס ברויט צום מויל, האָט ער גאָרנישט נישט געזאָגט, נאָר גליַיך אריבער־געטראָטן יעדן מין דערצוייערקייט און האָט גענומען פּאַקעווען אינעם מאָגן דאָס ברויט מיט דעם קעז, וואָס זיַינען פאַר אים געליגן.

— עס, סאַנטשאָ פריַינט — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט: — לעז דיר אונטער דאָס האַרץ, וואָרום פאַר דיר איז עס וויכטיקער ווי פאַר מיר, און לאָז מיך אויס־גיין אונטער מיַינע אייגענע געדאַנקען און פון מיַינע אייגענע יעסורים. איך, סאַנ־טשאָ, בין געבוירן געוואָרן צו לעבן שטאַרבנדיקערהייד, און דו צו שטאַרבן עסנדי־קערהייד. און קעדיי דו זאָלסט זען, אַז דאָס איז דער ריינער עמעס, גיב אַ קוק אַף מיר, וואָס איך דרוק מיך אין די געשיכטעס, בין באַרימט מיט מיַין געווער, בין העפלעך אין מיַין אומגאַנג מיט מענטשן, בין רעספּעקטירט פון פּרינצן און באַגערט פון יונג־פרויען, און צום סאָף, ווען איך האָב דערוואַרט פּאַלמען, טריונפן און קרוינען, מיט מיַינע העלדישע מיַיסים פאַרדינט, ווער איך היַינט אין דער פרי געטראָטן און געשטויסן און מיט די פיס צעמאַזיקט פון אומווירדיקע און ניוועז־דיקע בעהיימעס. אָט דער געדאַנק מאַכט מיר די ציין איַיליק, די באַקציין טעמפּ, באַלעשט מיר אַף די הענט און נעמט באַ מיר צו דעם גאַנצן ביישעק צו עסן, און איך בין דערום גרייט זיך לאָזן פון הונגער אויסגיין, שטאַרבן מיט דעם גרוי־ליקסטן טויט.

— אויב אַזוי — האָט סאַנטשאָ געזאָגט און האָט אויפגעהערט קיַיען שנעל, — איז איַיער גענעדיקייט נישט מאַסקים מיט דעם שפּריכוואָרט, וואָס זאָגט: „שטאַרבן זאָל זי, נאָר מיט אַ פולן מאָגן". איך, אַלנפאַלס, בין גאָרנישט גרייט זיך אַליין אַ מיסע אָנצוטון. גיכער וועל איך טון ווי יענער שוסטער, וואָס ציט אַזוי לאַנג דעם לעדער מיט די ציין, ביז ער ציט אים אויס וויפל ער באַדאַרף; איך וועל ציען דאָס לעבן מיַינס און וועל עסן אַזוי לאַנג ביז קומען וועט דער סאָף, וואָס איז מיר פונעם הימל באַשערט. און איר מעגט עס וויסן, מיַין האר, אַז נישטאָ נאָך אַזאַ מעשוגאַעס ווי וועלן אריַינפאַלן אין יעוש, אַזוי ווי איַיער גענעדיקייט. פאָלגט מיך, עסט אָפּ און לייגט איַיך באַלד צו שלאָפן אַף אָט די גרינע גראָזענע מאַטראַצן, וועט איר זען, אַז ווען איר וועט אויפשטיין, וועט איר איַיך פילן בעסער.

אזוי האָט דאָן קיכאָט געטון. און געדאַכט האָט זיך אים, אַז סאַנטשאָ רעדט ווי אַ פילאָזאָף און גאָרניט ווי קיין נאַר, און האָט זיך צו אים געווענדט:

— ווען דו, אָ, סאַנטשאָ, זאָלסט וועלן טון פאַר מיר דאָס וואָס איך וועל פון דיר בעטן, וואָלט מיר זיכער גרינגער געוואָרן און מיַינע יסורים וואָלטן נישט געווען אַזוי גרויס. אין דער ציַיט וואָס איך וועל שלאָפן, ווי דו ראָטסט מיך, זאָלסטו אָפּטרעטן אַ ביסל וויַיטער פון דאַנען, און מיט ראָסינאַנטעס לייצעס זאָלסטו דיר אויפן נאַקעטן לײַב אָפּציילן אַ דריַי אָדער פיר הונדערט שמיץ אויף כעשבן פון די דריַי טויזנט מיט עפּעס, וואָס דו דאַרפסט דיר געבן צוליב דולציַנעאַס דערלייזונג. וואָרום עס איז נישט קיין קלענער ראַכמאָנעס אויף דער אָרימער דאַמע, וואָס גייט אום אַ פאַרקישעפטע איבער דיַינעם אַ פאַרזען און איבער דיַינער אַ נאַכלעסיקייט.

— פאַראַן אַ סאַך וואָס צו ריידן דערוועגן — האָט סאַנטשאָ געזאָגט: — לאָמיר דערוויַיל ביידע זיך לייגן שלאָפן, דערנאָך וועט שוין גאָט זאָגן וואָס עס זאָל זיַין. איַיער גענעדיקייט מוז וויסן, אַז דאָס מין שמיַיסן זיך קאַלטבלוטיקערהייד, איז אַ האַרבע זאַך, ביפראָט ווען די שמיץ פאַלן אויף אַ שוואַך געהאָדעוועטן און נאָך ערגער געזעטיקטן לײַב. זאָל מיַין האַרנטע דולציַנעאַ האָבן געדולד, אומגעריכטערהייד וועט איר מיך אַמאָל טרעפן אַ צעלעכערטן פון די שמיץ ווי אַ רעשעטע. און ביז צום שטאַרבן לעבט מען: איך לעב נאָך, הייסט עס, און האָב נאָך דעם באַגער מעקיַיעם צו זיַין דאָס וואָס איך האָב צוגעזאָגט.

דאָן קיכאָט האָט אים געדאַנקט דערפאַר און האָט עפּעס געגעסן, און סאַנטשאָ האָט געגעסן אַ סאַך, און ביידע האָבן זיי זיך געלייגט שלאָפן און איבערגעלאָזט אויף זייער אייגענעם באַראָט און אָן שום פאַרזאָג זיך פיטערן אינעם געדיכטן גראָז, וואָס די לאָנקע איז דערמיט פול געווען, די צוויי שטענדיקע באַווײַרים און פריַינט, ראָסינאַנטען און דעם העל־ברוינעם. אויפגעכאַפּט האָבן זיי זיך שפּעטלעך און האָבן זיך ווידער אויפגעזעצט און זיַינען וויַיטער געריטן מיט דעם וועג. און געריטן האָבן זיי שנעל, קעדיי אָנצוקומען אין אַ קרעטשמע, וואָס האָט זיך אָנגעזען אַ מיַיל וויַיטער. אַ קרעטשמע, זאָג איך, מאַכמעס אַזוי האָט דאָן קיכאָט זי אָנגערופן, נישט ווי ער איז געוווינט געווען אָנצורופן אַלע קרעטשמעס פאַר שלעסער. צוגעריטן צו דער קרעטשמע, האָבן זיי געפרעגט דעם קרעטשמער צי איז פאַראַן אַ נאַכטלעגער. געענטפערט האָט מען זיי אַז פאַראַן, און מיט דער גאַנצער באַקוועמקייט און מיט דעם גאַנצן וווילטיק, נישט ערגער ווי אין סאַראַגאָסאַ. זיי זיַינען אַראָפּגעקראָכן און סאַנטשאָ האָט זיַינע טאָרבעס אַריַינגענומען אין אַ כיידער, וואָס דער קרעטשמער האָט אים דערפון דעם שליסל געגעבן. אַריַינגעפירט האָט ער די בעהיימעס אין שטאַל, אָנגעשאָטן זיי אָברעק און איז אַרויסגעקומען פרעגן בא דאָן קיכאָטן, וועלכער איז זיך געזעסן אויף אַ פריזבע, וואָס ער זאָל וויַיטער טון, און האָט אַ באַזונדערן דאַנק געשיקט צום הימל, וואָס זיַין האַר זעט איצט נישט די קרעטשמע פאַר אַ שלאָס. ציַיט געוואָרן איז וועטשערע צו עסן, זיַינען זיי אַריַינגעגאַנגען צו זיך אינעם כיידער. געפרעגט האָט סאַנטשאָ דעם קרעטשמער וואָס איז פאַראַן צום עסן, און דער קרעטשמער האָט געענטפערט, אַז ער האָט וואָס אַ מויל קען אויסריידן. ער מעג דערום בעטן פייגל פון דער לופטן,

אויפעם פון דער יאַבאָשע און פיש פונעם יאַם, וואָרום מיט אַלץ איז זײַן קרעטש־מע באַשטאַט.

— אַזוי פיל דאַרף מען ניט — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — מיט אַ פּאָר אָפּגעבראָטענע הענדלעך וועלן מיר זיך צופרידנשטעלן, מאַכמעס מײַן האַר איז דע־ליקאַט און עסט ווייניק, און איך בין אויך נישט קיין גרויסער פרעסער.

געענטפערט האָט דער קרעטשמער, אַז קיין הענדלעך האָט ער נישט, מאַכ־מעס די קאָרשונעס האָבן זיי אויסגעשטיקט.

— אויב אַזוי, הייסט פאַר אונדז אָפּבראָטן אַ הון, אַ ווייכע.

— אַ הון! טאַטע פּאָטער! — האָט דער קרעטשמער געענטפערט, — גלייבט מיר, איך האָב ערשט נעכטן אַוועקגעשיקט אין שטאָט אַרײַן פאַרקויפן העכער פופציק שטיק. בעט, אײַער גענעדיקייט, וואָס איר ווילט, אַבוץ הון.

— אויב אַזוי — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — האָט איר אַוודע קעלבערנס, ציגנס.

— דאָס האָב איך דערווײַל ניט, — האָט דער באַלעבאָס געענטפערט, — וואָרום מיר איז גאָרנישט פאַרבליבן. די אַנדערע וואָך וועל איך זיכער האָבן.

— מען קען דערפון היבש אויסזען! — האָט סאַנטשאָ געענטפערט. — איך וואָלט אײַך געזאָגט, אַז דאָס אַלץ וואָס איר האָט נישט, זאָלט איר דעקן מיט שפּעק און אייער.

— גאָט מײַנער! — האָט דער באַלעבאָס געענטפערט, — איר האָט דעם עמעסן כיישעק! איך האָב דאָך אײַך געזאָגט, אַז קיין הענער און הינער האָב איך נים, איז ווי זשע זאָל איך אײַך נעמען אייער? טראַכט צו אַנדערע פײַנע זאַכן און לאָזט אײַך אָפּ פון די הינער.

— אַ סאָף זאָל עס נעמען, ווייסט עס דער טייוול — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — זאָגט מיר וואָס איר האָט, און הערט מיך אויף אויסטאָפּן, האַר באַלעבאָס.

געענטפערט האָט דער קרעטשמער:

— אין דער עמעסן האָב איך צוויי רינדערנע קנאַכן, וואָס זײַנען אַזוי גוט ווי קעלבערנע, אָדער צוויי קעלבערנע קנאַכן, וואָס זײַנען אַזוי גוט ווי רינדערנע, גע־קאָכט מיט נאָוט מיט ציבעלעס און מיט כאַזער־פעטס און בעטן זיך עסן.

— איך צייכן זיי אָפּ פאַר מיר — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — און זאָל זיי קיינער נישט רירן. איך וועל פאַר זיי באַצאָלן מער ווי אַ צווייטער, וואָרום אַף קיין געשמאַקערן מײַכל דערפון האָב איך מיך נישט געריכט.

— קיינער וועט זיי נישט רירן — האָט דער קרעטשמער געזאָגט, — וואָרום די אַנדערע געסט מײַנע, גאָר כאַשעווע, פירן מיט זיך אַן אייגענעם קיכער מיט אַן אייגענעם שפּײַז־קרעמער און אַן אייגענער שפּײַז־קראָם.

— אויב עס גייט אין כשיוועס — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — איז קיינער נישט אַזוי כאַשעוו ווי מײַן האַר, נאָר דער באַרוף זײַנער דערלאָזט אים נישט פירן מיט זיך קיין שפּײַז־קראָמען מיט קיין שענקען: מיר שפּרייטן זיך אויס אַפן מיטן פעלד און מיר זעטיקן זיך מיט דעמבענע ניסלעך אָדער מיט מיספּלען.

אָט דעם שמועס האָט סאַנטשאָ געהאַט מיט דעם קרעטשמער און מער האָט

אים סאַנטשאָ נישט געוואָלט ענטפערן, וואָרום געפרעגט האָט ער אים שוין וואָס פאַר אַ באַרוף דאָס איז אָדער וואָס פאַר אַ באַשעפטיקונג האָט זיין האַר. געקומען איז צו וועטשערע, איז דאָן קיכאָט אַריין צו זיך אין ביידער, דער קרעטשמער האָט אים אַריינגעבראַכט דאָס מײַכל און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט עסן ווי עס באַדאַרף צו זיין. קענטיק, אַז אינעם צווייטן ביידער, לעבן דאָן קיכאָטס, וואָס איז אָפּגעטיילט געווען מיט אַ דין ווענטל, האָט דאָן קיכאָט געהערט ווי איינער זאָגט צום צווייטן:

— זאָל מיר אײַער גענעדיקייט אַזוי לעבן, האַר דאָן כעראָנימאָ, איידער מען ברענגט אַרײַן די וועטשערע, לאָמיר איבערלייענען נאָך איין קאַפּיטל פון דער „צווייטער טייל דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ.‟

ווי נאָר דאָן קיכאָט האָט דערהערט זיין נאָמען אָנרופן, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און זיך אײַנגעהערט וואָס מען רעדט דאָרט פון אים, און געהערט האָט ער ווי דער דערמאָנטער דאָן כעראָנימאָ ענטפערט:

— צו וואָס טויג עס אײַער גענעדיקייט, האַר דאָן כואַן, לייענען די ניט געשטויגענע זאַכן? ווער עס האָט געלייענט די ערשטע טייל „געשיכטע פון דאָן קיכאָט דע לאַ מאַנטשאַ‟, קען שוין פון דער צווייטער טייל קיין האַנאָע נישט האָבן.

— פון דעסט וועגן, — האָט דאָן כואַן געענטפערט, — איז קעדײַ צו לייענען, וואָרום נישטאָ איז אַזאַ שלעכט בוך, וואָס זאָל אין זיך נישט האָבן עפּעס גוטס. מיך ברענגט נאָר אַרויס פון די קיילים דאָס וואָס ער מאָלט דאָן קיכאָטן שוין אָן אָפּגעקילטן צו דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ.

דערהערט האָט דאָס דאָן קיכאָט, איז ער פול געוואָרן מיט פאַרדרוס און צאָרן און האָט אָפן הויכן קאָל זיך אָנגערופן:

— ווער דאָס זאָל נישט זאָגן, אַז דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ האָט פאַרגעסן אָדער אַז ער קען פאַרגעסן דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ, וועל איך אים מיט גלײַכן געווער צו וויסן געבן, אַז ער איז זייער ווײַט פונעם עמעס. וואָרום נישט עס קען פאַרגעסן ווערן די אָן גלײַכן דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ, און נישט בײַ דאָן קיכאָטן קען געמאָלט זיין פאַרגעסן: זיין הערב איז די שטאַנדהאַפטיקייט און זיין באַרוף איז זי צו היטן צאַרט און אָן אָנשטרענג.

— ווער ענטפערט דאָס אונדז? — האָט מען אינעם אַנדערן ביידער זיך אָפּגערופן.

— ווער זאָל עס זיין — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — אויב נישט דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ גופא, וואָס וועט באַשטעטיקן דאָס וואָס ער האָט געזאָגט און וואָס ער וועט זאָגן. וואָרום אַ גוטער צאָלער האָט נישט מוירע פאַרן מאַשקן.

ווי נאָר סאַנטשאָ האָט דאָס געזאָגט, זײַנען אין דער טיר פונעם ביידער אַרײַנגעקומען צוויי קאַוואַלירן, ווי עס איז קענטיק געווען, און איינער פון זיי האָט זיך געוואָרפן דאָן קיכאָטן אָפן האַלדז און אים געזאָגט:

— נישט אײַער אויסזען קען אָפּלייקענען אײַער נאָמען און נישט אײַער נאָמען קען אָפּהאַלטן די באַשטעטיקונג פון אײַער אויסזען. אָן שום ספק, מײַן האַר, זײַנט איר דער עמעסער דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, אָונטשטערן און

מאַרגנשטערן פון דעם וואַנדער־ריטערטום, צום טראַץ און פאַרדרוס פון דעם וואָס האָט געוואָלט אײַער נאָמען באַרויבן און פאַרניכטן אײַערע העלדישקייטן, ווי דאָס האָט געטון דער מעכאַבער פון דעם בוך, וואָס איך דערלאַנג אים אײַך דאָ.

און דערלאַנגט האָט ער אים אין די הענט אַרײַן אַ בוך, וואָס זײַן כאַווער האָט מיט זיך געהאַט, און דאָן קיכאָט האָט אים גענומען אין די הענט און אָן אַ וואָרט צו ריידן, האָט ער אים גענומען בלעטערן, און אין אַ ווײַל אַרום האָט ער עס אים צוריקגעגעבן מיט די ווערטער:

— אין דעם ביסל וואָס איך האָב געזען, האָב איך געפונען דרײַ זאַכן, וואָס זײַנען ווערט געטאַדלט צו ווערן. ערשטנס, די עטלעכע ווערטער וואָס איך האָב געלייענט אין דער האַקדאָמע; צווייטנס, איז די שפּראַך אַן אַראַגאָנישע, מאַכמעס ער שרײַבט אָן די אַרטיקלען; דריטנס, און דאָס באַווײַזט אױף אַ באַזונדערן אויפן זײַן אַמוראַצעס, מאַכט ער אַ טאָעס און טרעט אָפּ פונעם עמעס אינעם איקער פון דער געשיכטע. וואָרום דאָ זאָגט ער, אַז דאָס ווײַב פון סאַנטשאָ פּאַנצאַ, מײַן וואָפנטרעגער, רופט מען מאַרי גוטיערעז, און נישט אַזוי רופט מען זי, נאָר טערעזאַ פּאַנצאַ. און אַז מען מאַכט אַ טאָעס אין אַזאַ איקער־זאַך, קען מען זיך ריכטן ער זאָל מאַכן טאָעסן אין אַלע אַנדערע איקער־זאַכן פון דער געשיכטע.

דאָ האָט זיך סאַנטשאָ אָנגערופן:

— שוין דער עמעסער געשיכטע־שרײַבער! ער מוז שוין אַ היבש ביסל וויסן וואָס מיט אונדז פּאַסירט, אויב ער רופט אָן טערעזאַ פּאַנצאַ, מײַן ווײַב, מאַרי גוטיערעז! נעמט נאָכאַמאָל דאָס בוך, מײַן האַר, און גיט אַ קוק צי בין איך דאָרט פאַראַן און צי האָט ער מיר נישט דעם נאָמען פאַרביטן.

— דערפון וואָס איך האָב איצט געהערט ריידן, מײַן פרײַנט, — האָט דאָן בעראָנימאָ זיך אָנגערופן — מוזט איר אַוודע זײַן סאַנטשאָ פּאַנצאַ, דער וואָפנטרעגער פון דעם האַר דאָן קיכאָט.

— איך בין עס — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — און איך בין שטאָלץ דערמיט.

— זאָג איך אײַך באַ מײַנע נעמאָנעס — האָט דער קאַוואַליר געזאָגט — אַז דער נײַער מעכאַבער באַגייט זיך נישט מיט אײַך אַזוי ריין ווי איר ווײַזט אײַך. ער מאָלט אײַך פאַר אַ טאַם און אַ פרעסער און אָן אַ ברעקל כיין, גאָר אַן אַנדער סאַנטשאָ ווי אין דער ערשטער טייל געשיכטע, וואָס באַשרײַבט אײַער האַר.

— זאָל אים גאָט מויכל זײַן — האָט סאַנטשאָ געזאָגט. — וואָלט ער מיך בעסער לאָזן אין אַ ווינקעלע און זיך גאַרנישט דערמאָנען אָף מיר, וואָרום ווער עס וויל דער קלינגט, און דער הייליקער פּעטרוס פילט זיך גאַנץ גוט אין רוים.

די צוויי קאַוואַלירן האָבן פאַרבעטן דאָן קיכאָטן צו זיך אין כיידער עסן מיט זיי וועטשערע, וואָרום געוווּסט האָבן זיי, אַז אין דער קרעטשמע איז נישטאָ אַזוינס וואָס זאָל טויגן פאַר אים. דאָן קיכאָט, העפלעך ווי שטענדיק, האָט נאָכגעגעבן און האָט געגעסן מיט זיי. געבליבן איז סאַנטשאָ פולמעכטיקער הערשער איבערן גאַנצן טאָפּ. אַוועקגעזעצט האָט ער זיך אויבנאָן באַם טיש, און מיט אים

דער קרעטשמער, וואָס איז נישט ווייניקער ווי סאַנטשאָ געווען אַ בעריע אַף נוצן זיך מיט הענט און נעגל.

באַם עסן, האָט דאָן כואַן געפרעגט דאָן קיכאָטן צי האָט ער יעדיעס ווענן זיַין דאַמע דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ, צי האָט זי כאַסענע געהאַט, צי האָט זי שוין אַ קינד אָדער זי איז מעוברעס, אָדער זי איז נאָך אַ בסולע און האָט אין זינען (מיט איר אָרנטלעכקייט און אָנשטענדיקייט אַפגעהיט) דעם האַר דאָן קיכאָטס מאַכשאָוועס פון אַ פאַרליבטן.

דערויף האָט ער געענטפערט:

— דולצינעאַ איז אַ בסולע און מיַינע מאַכשאָוועס זיַינען שטאַנדהאַפטיקער ווי ווען עס איז, די פאַרהעלטעניש טרוקן ווי אַמאָל און איר שיינקייט אין אַ אומ־ווירדיקער פויערטע פאַרוואַנדלט.

דערנאָך האָט ער זיי דערציילט פינטל נאָך פינטל וועגן דעם קישעף איבער דער דאַמע דולצינעאַ און וואָס מיט אים האָט פאַסירט אין דער מאָנטעסינאָס־הייל, מיט דעם באַפעל פון דעם געלערנטן מערלען ווי אָפּצוטון פון איר דעם קי־שעף מיט די שמיץ, וואָס סאַנטשאָ דאַרף זיך געבן. גרויס איז געווען די האַנאָע וואָס די קאַוואַלירן האָבן געהאַט ווען זיי האָבן געהערט דאָן קיכאָטן דערציילן די אויסטערלישע פאַסירונגען פון זיַין געשיכטע, און געגאַפט האָבן זיי פון זיַינע ניט געשטויגענע מיַיסעס, ווי פון דעם עלעגאַנטן אויפן ווי ער האָט זיי דערציילט. אָט האָבן זיי אים געזען ווי אַ כאָכעם און אָט איז ער זיי אין מויעך דורכגעלאָפן ווי אַ טיפּעש, און האָבן נישט געקענט אָפּטאַקסירן אַף וואָסער מאַדרייגע צווישן כאָכמע און מעשוגאַעס זיי זאָלן אים אָוועקשטעלן.

סאַנטשאָ האָט פאַרענדיקט די וועטשערע, האָט געלאָזט דעם קרעטשמער אַ שיקערן און איז אַריַינגעגאַנגען אין כיידער צו זיַין האַר, און ווען ער איז אַריַינ־געקומען האָט ער געזאָגט:

— זאָל איך שטאַרבן, מיַינע האַרן, אויב דער מעכאַבער פון דעם בוך, וואָס איַיערע גענעדיקייטן האָבן מיט זיך, פאַרלאַנגט נישט מיר זאָלן עפּעס עסן אַף כאַווערשאַפט. איך וואָלט וועלן, אַז אויב ער רופט מיך שוין פרעסער, ווי איַיערע גענעדיקייטן זאָגן, זאָל ער מיך שוין אויך נישט רופן זויפער.

— יאָ, — האָט דאָן כעראָנימאָ געענטפערט, — נאָר איך געדענק שוין נישט אַף וואָס פאַר אַן אויפן, כאָטש איך ווייס, אַז מיט גאָרניט קיין שיינע ווערטער און דערצו נאָך ליגנערישע, אַף וויפל איך דערקען עס אינעם בראַוון סאַנטשאָס פּאָנים.

— גלויבט מיר, איַיערע גענעדיקייטן, — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — אַז דער סאַנטשאָ מיט דעם דאָן קיכאָט פון דער געשיכטע, מוזן זיַין גאָר אַנדערע ווי די וואָס גייען אום אין יענער געשיכטע, וואָס איר מעכאַבער איז סידע האָמעטע בע־נענגעלי, וואָס דאָס זיַינען מיר: מיַין האַר, אַ מוטיקער, אַ קלוגער און אַ פאַר־ליבטער, און איך דער נאַר און ווערטלזאָגער און נישט פרעסער און זויפער.

— אַזוי גלויב איך — האָט דאָן כואַן געזאָגט, — און וואָלט דאָס מעגלעך געווען, וואָלט מען באַדאַרפט פאַרזאָגן, אַז קיינער זאָל זיך נישט דערוועגן נעמען

אין די הענט אריין די אסאקים פון דעם גרויסן דאָן קיכאָט אבוץ סידע האמעטע. זיין ערשטער מעכאבער, אזוי גוט ווי אלעקסאנדער האָט פארזאָגט, אז קיינער זאָל זיך נישט דערוועגן מאָלן זיין בילד אויסער אפעלעסן.

— זאָל מיך מאָלן ווער עס וויל — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — נאָר זאָל ער מיך נישט צעמאָלן, וואָרום עס טרעפט מען פארלירט די געדולד ווען מען ווערט באליידיקט.

— נישטאָ אזא באליידיקונג — האָט דאָן כואַן געזאָגט, — וואָס דער האר דאָן קיכאָט זאָל זיך פאר איר נישט נויקעם זיין, אויב ער פאריכט זי נישט מיט זיין געדולד, וואָס איז, ווי מיר דאכט זיך, גרויס און שטארק.

מיט אָט די אוכעדוימע שמועסן האָבן זיי פארבראכט א שטיק אין דער נאכט. און כאָטש דאָן כואַן וואָלט געוואָלט, אז דאָן קיכאָט זאָל וויַיטער לייענען אינעם בוך און זען וואָס ער זאָגט וועגן אים, האָבן זיי דאָס נישט געקענט פויעלן בא אים, געזאָגט האָט ער אז ער האַלט דאָס פאר שוין איבערגעלייענט און באַ־שטעטיקט דאָס פאר דורכויסיקער טיפּשעס, און ער וויל נישט, טאָמער קומט אָן צום מעכאבער, אז ער האָט דאָס בוך אין די הענט געהאַלטן, יענער זאָל זיך פרייען וואָס ער האָט דאָס געלייענט. וואָרום פון מיעסע און טעמפּע זאכן דארף דער גע־דאנק זיך דערוויַיטערן, ביפראט די אויגן. געפרעגט האָבן זיי אים וווּהין ער האָט באשטימט צו פארן. געענטפערט האָט ער, אז קיין סאראַגאָסאָ צום פארמעסט אפן פאנצער, וואָס מען פירט דאָרט דורך יעדן יאָר.

געזאָגט האָט אים דאָן כואַן, אז אין דער ניַיער געשיכטע דערציילט זיך, אז דאָן קיכאָט, ווער ער זאָל נישט זיין, האָט זיך דאָרט געפונען אף א געוועט פון רע־טענישן, אָן א טראָפּן האמצאָע, אָרים אין וויסן און נאָך אָרימער אין הויפליַיט, כאָטש רייך אין פלאכקייטן.

— אויב אזוי — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — וועט מיַין פוס נישט זיין אין סאראַגאָסאָ, און אָפן פאר דער גאנצער וועלט וועל איך ארויסשטעלן די ליגנע־רישקייט פון דעם ניַיעם געשיכטע־שריַיבער און זאָל מען זען, אז איך בין נישט דער דאָן קיכאָט וואָס ער זאָגט.

— זייער גליַיך וועט איר טון — האָט דאָז כערוּנימאָ געזאָגט; — פאראַן פארמעסטן אויך אין בארצעלאָנע, וווּ דער האר דאָן קיכאָט וועט קענען באוויַיזן זיין גוורע.

— אזוי רעכן איך טון, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — און זאָלן מיר איַיע־רע גענעדיקייטן דערלויבן, וואָרום עס איז שוין ציַיט גיין אין בעט און שטעלט מיך אריַין אינעם צעטל פון איַיערע בעסטע פריַינט און דינער.

— און מיך אויך — האָט סאנטשאָ געזאָגט, — עפּשער וועל איך צו עפּעס טויגן.

דערמיט האָבן זיי זיך געזעגנט, און דאָן קיכאָט מיט סאנטשאָן זיַינען אוועק צו זיך אין כיידער און דאָן כואַנען מיט דאָן כערוּנימאָן האָבן זיי איבערגעלאָזט זיך וווּנדערן אף דעם געמיש פון כאָכמע און מעשוגאַעס, און זיי האָבן בעעמעס

געגלויבט, אַז דאָס זײַנען די עמעסע דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ, און נישט יענע, וואָס זײַנען באַשריבן פון דעם אַראַגאָנער מעכאַבער.

דאָן קיכאָט איז אויפגעשטאַנען קאַיאָר, האָט אָנגעקלאַפּט אינעם ווענטל פו־נעם שכיינישן כיידער און האָט זיך געזעגנט מיט זײַנע גאַסטגעבער. סאַנטשאָ האָט גרויסאַרטיק באַצאָלט דעם קרעטשמער און האָט אים געראָטן ער זאָל ווייני־קער לויבן די באַשטאַטונג פון זײַן קרעטשמע און זאָל זי בעסער באַשטאַטן.

## זעכציקסטער קאַפּיטל

### וועגן דעם וואָס דאָן קיכאָטן האָט פּאַסירט אַפן וועג קיין באַרצעלאָנע.

געווען איז דער פרימאָרגן אַ קילער און קיל האָט זיך אויך געוויזן דער טאָג, ווען דאָן קיכאָט איז אַרויס פון דער קרעטשמע און האָט זיך פונאַנדערגע־פרעגט מיט וועלכן וועג מען גייט גלײַך קיין באַרצעלאָנע, נישט באַרירנדיק סאַראַ־גאָסאַ. אַזוי גרויס איז געווען זײַן באַגער אַרויסצושטעלן פאַר אַ ליגנער דעם נײַעם געשיכטע־שרײַבער, וואָס מען זאָגט, אַז ער רעדט וועגן אים שלעכטס. פּאַסירט האָט אַזוי, אַז העכער זעקס טעג האָט מיט אים נישט פּאַסירט אַזוינס וואָס זאָל די ווערט האָבן צו שרײַבן דערוועגן. נאָך די זעקס טעג, ווען זיי האָבן גראָד גע־האַט אָפּגעטראָטן פונעם וועג, איז זיי נאַכט געוואָרן צווישן געדיכטע דעמבעס אָדער פּראָפּן־ביימער, וואָס סידע האַמעטע איז דערין נישט מאַקפּיד, ווי ער איז זיך נויהעג אין אַנדערע זאַכן. האַר און דינער זײַנען אַראָפּגעקראָכן פון זייערע בעהיימעס און, נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך באַקוועם געמאַכט צווישן די שטאַמען, איז סאַנטשאָ, וואָס האָט יענעם טאָג געהאַט געמיטיקט, גלײַך אַרײַן אין די טויערן פון שלאָף. נאָר דאָן קיכאָט, וואָס זײַנע מאַכשאָוועס האָבן אים געהאַלטן וואַך, נאָכמער ווי דער הונגער, האָט מיט קיין אויג נישט געקענט צומאַכן: געטראָגן האָט אים דער געדאַנק איבער פאַרשידענע ערטער. אָט האָט זיך אים געדאַכט, געפינט ער זיך אין דער מאָנטעסינאָס־הייל, אָט זעט ער דולצינעאַן, אין אַ פּויערטע פאַר־וואַנדלט, ווי זי צעבריקעוועט זיך און שפּרינגט אַרויף אויף איר אייזל, אָט רוישן אים אין די אויערן די ווערטער פון דעם געלערנטן מערלען, וואָס ווײַזן אים אָן וואָס אַזוינס מען דאַרף טון קעדיי אָפּצוטון דעם קישעף פון דולצינעאַן. פאַר־צווייפלט איז ער פון דער נאָכלעסיקייט און פון דער קנאַפּער ראַכמאָנעס, וואָס סאַנטשאָ, זײַן וואָפּנטרעגער, ווײַזט דערבײַ אַרויס, וואָרום, לויט זײַן כעשבן, האָט ער זיך ערשט פינף שמיץ געגעבן, אַ נישטיקע צאָל אין פאַרגלײַך מיט דעם וואָס פעלט נאָך. און דערפון האָט ער אַזוי פיל יעסורים און פאַרדרוס, אַז ער גיט זיך אַ טראַכט: אויב אַלעקסאַנדער מוקדן האָט איבערגעהאַקט דעם גאָרדי־קנופּ און האָט דערבײַ געזאָגט: „אַלציינס איז איבערהאַקן ווי אויפבינדן", און דאָס האָט אים נישט געשטערט צו ווערן דער האַר און הערשער פון גאַנץ אַזיע, קען דאָך דאָס איינגענע געשען איצט מיט דולצינעאַס דערלייזונג, אויב איך וועל אָפּשמײַסן

סאַנטשאָן קענן זײַן װילן. אויב די רעפוע באַשטײט דערין װאָס סאַנטשאַ דאַרף באַקומען די דרײַ טויזנט מיט עפּעס שמיץ, װאָס זשע מאַכט עס מיר אויס, צי ער אַליין נעמט זיך זײ, אָדער עמיצער גיט זײ אים, דער איקער איז דאָך ער זאָל זײ באַקומען, פון װאַנען זײ זאָלן נישט קומען".

מיט דער מאַכשאָװע איז ער צוגעגאַנגען צו סאַנטשאָן, נאָכדעם װי ער האָט געהאַט אַראָפּגענומען די לײצעס באַ ראָסינאַנטען און זײ צונויפגעלײגט אַזוי, אַז ער זאָל אים קענען שמײַסן מיט זײ, און האָט אים גענומען אויפבינדן דעם גאַרטל, און באַקאַנט איז אַז געהאַט האָט ער נישט מער װי איין גאַרטל, װאָס האָט אים די מײַטקעס צוגעהאַלטן. װי נאָר אָבער ער איז צו אים צוגעקומען, האָט זיך סאַנ־טשאָ אויפגעכאַפּט אינגאַנצן אַ ניכטערער, און געזאָגט:

— װאָס איז דאָס? װער אײַסעקט זיך לעבן מיר און צעגאַרטלט מיך?

— דאָס בין איך — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — איך װיל אָפּטון דאָס װאָס דו טוסט נית, און שטילן מײַן אַנגסט. איך װיל דיך שמײַסן, סאַנטשאָ, און אַראָפּנעמען אַ טײל פון דעם כויװ, װאָס דו האָסט אַף זיך גענומען. דולצינעאַ קומט אום, דו לעבסט דיר אָן דײַגעס, איך גײ אויס פון באַגערן; װײַז כאָטש אַרויס דײַן װילן. מײַן װילן, אַלנפאַלס, איז דיר אָפּצוציילן װײניקסטנס צװײ טויזנט שמיץ.

— דאָס נית — האָט סאַנטשאָ געזאָגט. — רירט אײַך נית צו צו מיר, אײַער גענעדיקייט, װאָרום אַז נית, שװער איך אײַך באַ גאָט דעם עמעסן, אַז טויבע װעלן אונדז דערהערן. די שמיץ, װאָס איך האָב אַף מיר גענומען, דאַרפן זײַן פרײַװיליקע און נישט קיין געצװוּנגענע, און איצט האָב איך קיין כײשעק נית מיך צו שמײַסן. גענוג, אַז איך גיב אײַער גענעדיקייט דאָס װאָרט, אַז איך װעל מיך שמײַסן און פּיצקען װען מיר װעט זיך גלוסטן.

— אַף דײַן העפלעכקייט, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — קען מען זיך נישט פאַרלאָזן, װאָרום אַ האַרץ האָסטו אַ האַרטס, און דאָס לײַב באַ דיר, באָטש דו ביזט אַ פּויער, איז װײך.

און ער האָט זיך אַלץ געריסן אים אָפּצוגאַרטלען.

געזען האָט סאַנטשאָ ער לאָזט נישט אָפּ, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, האָט זיך אַ װאַרף געטון אַף זײַן האַר און מיט דעם גאַנצן קויעך אים אַרומגעכאַפּט, האָט אים אונטערגעשטעלט אַ פיסל און אומגעװאָרפן מיטן מויל אַרויף. אַרויפ־געשטעלט האָט ער אים די רעכטע קני אַף דער ברוסט און מיט די הענט אים די הענט צוגעהאַלטן, אַזוי אַז ער האָט זיך נישט געקענט רירן און נישט אָטעמען.

דאָן קיכאָט האָט אים אַ זאָג געטון:

— װײ, פאַרעטער, קעגן דײַן האַר און באַלעבאָס הייבסטו אַ האַנט! מיט דעם װאָס גיט דיר ברױט צו עסן, דערװעגסטו דיך?

— נית איך װאַרף אַראָפּ און נית איך שטעל אַרויף אַ קיניג — האָט סאַנ־טשאָ געענטפערט, — איך העלף מיר אַליין, װײַל איך בין האַר איבער מיר. זאָל מיר אײַער גענעדיקייט צוזאָגן, אַז איצט װעט איר אײַך האַלטן רויִק און נישט פּרוּװן מיך שמײַסן, װעל איך אײַך אָפּלאָזן. אַז נית,

וועסטו שטאַרבן דאָ, פּאָרעטער,
סוינע פון דער דאָניאַ סאַנטשאַ.

דאָן קיכאָט האָט אים צוגעזאָגט און האָט אים געשוווירן באַם לעבן פון זײַנע מאַכשאָוועס, אַ האָר נישט אָנצורירן באַ אים אַף די בגאָדים, און אַז ער וועט אים לאָזן זיך שמײַסן מיט זײַן אייגענעם ווילן און בכירע ווען בכירע ווען אים וועט זיך גלוסטן.

סאַנטשאָ האָט זיך אויפגעהויבן און איז אָפּגעטראָטן אַ היבשן מעהאַלעך פון יענעם אָרט, און ווי ער האָט זיך געוואָלט צושפּאַרן צו אַ בוים, האָט ער דערפילט עמיצער רירט אים אָן באַם קאָפּ. אויפגעהויבן האָט ער די הענט און אָנגעטראָפן האָט ער זיך מיט צוויי מענטשישע פיס אין שיך און אין זאָקן. פאַר שרעק האָט ער אַ ציטער געטון און איז צוגעגאַנגען צו אַ צווייטן בוים, און ווידער האָט מיט אים פּאַסירט דאָס אייגענע. גענומען האָט ער שרײַען און רופן דאָן קיכאָטן ער זאָל אים העלפן.

— דו האָסט נישט פאַרוואָס זיך צו שרעקן, מאַכמעס די פיס וואָס דו טאַפּסט אָן און דו זעסט זיי נים, זײַנען פון אַנטלאָפענע קאַטאָרזשניקעס און גאַזלאָנים, וואָס מען האָט זיי דאָ אויפגעהאָנגען. די יוסטיץ הענגט זיי דאָ, ווען זי כאַפּט זיי, צו צוויי אָדער דרײַ צענדליגג מיטאַמאָל. דערפון שטעל איך מיר פאָר אַז איך בין שוין נישט ווײַט פון באַרצעלאָנע.

און געווען איז עס טאַקע ווי ער האָט זיך פאַרגעשטעלט. ווען עס האָט גענומען טאָגן, האָבן זיי די אויגן אויפגעהויבן און האָבן דערזען, אַז די אָראָפּהענגענדיקע קרענצלעך זײַנען טויטע גופים פון גאַזלאָנים. דערווײַל איז טאָג געוואָרן און אויב פאַר די טויטע האָבן זיי זיך דערשראָקן, איז זיי מאַמעש דאָס האַרץ אײַנגעפאַלן ווען זיי האָבן דערזען אַריבער פערציק לעבעדיקע גאַזלאָנים, וואָס האָבן זיי אַרומגערינגלט און אין קאַטאַלאַנישן לאָשן זיי געזאָגט זיי זאָלן זיך פונעם אָרט נישט רירן און אַזוי שטיין ביז זייער קאַפּיטאַן וועט צוקומען. דאָן קיכאָט איז בעיים מײַסע געשטאַנען אַף דער ערד, דאָס פערד איז געווען אָנעם ציימל, די שפּיז צו אַ בוים אָנגעשפּאַרט, קורץ, אָן שוץ. ער האָט דערום געמוזט די הענט פאַרלייגן, דעם קאָפּ אָנבייגן און זיך אײַנהיטן אַף אַ בעסערער צײַט און געלעגנהייט.

די גאַזלאָנים זײַנען צוגעלאָפן אַ נישטער טון באַם העל־ברוינעם און האָבן צוגענומען אַלץ וואָס ער האָט געהאַט אין די טאָרבעס און אינעם רענצל. סאַנטשאָס גליק איז געווען, וואָס די טאַלערס, וועלכע דער פירשט האָט אים געגעבן און די וואָס ער האָט פון דער היים געהאַט, האָט ער געהאַלטן אין אַ לײַב־גאַרטל, אַרום בויך אַרומגעוויקלט. נאָר אַלציינס וואָלטן אים די בראַווע לײַט אָפּגעשונדן צי האָט ער נישט עפּעס אונטער דער הויט באַהאַלטן, ווען פונקט דעמאָלט קומט נישט אָן זייער קאַפּיטאַן, אַפן אויסזען אַ קרעפּטיקער מענטש צווישן דרײַסיק און פערציק, העכער פון מיטעלן וויקס, מיט אַ שטרענגן בליק און ברוינעם פּאָנים. געריטן האָט ער אַף אַ מעכטיקן פערד, אין אַ פּאָלירטן פּאַנצער־העמד און פיר פּיסטוילן (וואָס דאָרט רופט מען זיי פּעדרעניאַלן — קרעמניע־ביקסן) באַ די זײַטן.

אַז ער האָט געזען זײַנע וואָפּנטרעגער, ווי מען רופט די לײַט, וואָס זײַנען אין זײַן
אַרמיי אָנגעשלאָסן, ווילן באַרויבן סאַנטשאָ פּאַנצאַ, האָט ער זיי באַפוילן אים נישט
אָנרירן, און זיי האָבן אים טייקעף אויסגעפּאָלגט, און אַזוי אַרום האָט זיך דער
לײַב־גאַרטל געראַטעוועט פון זיי. פאַרוווּנדערט איז ער געבליבן ווען ער האָט דער־
זען די שפּיז אָנעם בוים אָנגעשפּאַרט, דער שילד אויף דער ערד און דאָן קיכאָט
אינעם פּאַנצער, אַ פאַרקלערטער, מיט אַזאַ טרויעריק פּנים ווי נאָר דער טרויער
אַליין האָט געקענט באַווײַזן. צוגעגאַנגען איז ער צו אים און אים געזאָגט:

— זײַ נישט אַזוי טרויעריק, מענטש, ביזט נישט אַרײַנגעפאַלן צו עפּעס אַ
רישעסדיקן אַזירים אין די הענט, ביזט אין די הענט פון ראָקע גינאַרט, וואָס איז
נישט אַזוי שטרענג ווי גוטהאַרציק.

— נישט דערפון בין איך טרויעריק — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט —
וואָס איך בין אַרײַנגעפאַלן צו דיר אין די הענט, אָ, מעכטיקער ראָקע, וואָס צו
דײַן באַרימטקייט זײַנען קיין גרעניצן נישטאָ; טרויעריק בין איך וואָס איך בין
געווען אַזוי נישט געהיט און דײַנע זעלנער האָבן מיך פאַרכאַפּט אָנעם ציימל, דע־
מאָלט ווען לויט דעם אָרדן פון דעם וואַנדער־ריטערטום, וואָס צו אים באַלאַנג איך,
וואָלט איך באַדאַרפט שטענדיק וואַכן איבער אים און זײַן מײַן אייגענער שוימער.
וואָרום וויסן זאָלסטו, אָ, גרויסער ראָקע, אַז ווען זיי טרעפן מיך אויפן פערד, מיט
מײַן שפּיז און שילד, וואָלטן זיי מיך אַזוי גרינג נישט אונטערטעניק געמאַכט.
וואָרום איך בין דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, דער וואָס מיט זײַנע העלדישקייטן
איז פול די גאַנצע וועלט.

ראָקע גינאַרט האָט באַלד דערקענט, אַז דאָן קיכאָטס קראַנקייט שטרײַכט מער
אין מעשוגאַעס ווי אין גוווּרע. און כאָטש ער האָט שוין געהאַט געהערט פון אים,
האָט ער אָבער קיינמאָל נישט געהאַלטן זײַנע מײַסים פאַר עמעס און האָט זיך
קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז אין אַ מענטשלעך האַרץ זאָל זיך געפינען אַזאַ גע־
מיט. און ביז גאָר געפרייט האָט אים וואָס ער האָט זיך מיט אים געטראָפן, קעדיי
פון דער נאָענט אָנצוטאַפּן דאָס וואָס ער האָט פון דער ווײַטנס געהערט, און ער
האָט אים אַזוי געזאָגט:

— מעכטיקער ריטער, נעמט אײַך נישט צום האַרצן און נעמט נישט אָן פאַר
אַזוי שרעקלעך דעם אומגליק וואָס אײַך האָט געטראָפן. קען זײַן, אַז גראָד מיט
אײַער שטרויכלונג זאָל אײַער שלעכט מאַזל אויפגעריכט ווערן. וואָרום דער הימל
הויבט געוויינלעך אויף די געפאַלענע און מאַכט רײַך די אָרימע מיט אַזוינע מע־
שונעדיקע נישט געזעענע אומוועגן, וואָס מענטשן שטעלן זיך גאָרנישט פאָר.

דאָן קיכאָט האָט אים שוין געוואָלט דאַנקען, ווי פּלוצים האָבן זיי הינטער
זיך דערהערט אַ קלאַפּן פון קאָפּיטעס ווי אַ מאַכנע פערד וואָלט געלאָפן. און געווען
איז עס נישט מער ווי איינער אַ פערד, וואָס געקומען איז אויף אים צו רײַטן מיט
דעם גאַנצן געוויטער אַ באָכער פון אַ יאָר צוואַנציק, געקליידט אין גרינעם דאַ־
מעסעק מיט גאָלד באַזוימט, מײַטקעס און אַ העמדל, מיט אַ הוט פּאַפּעריק, ווי
עס טראָגן די וואַלאָנער, לאַקירטע געפּאַסטע שטיוול, שפּאָרן, דעגן און שווערד
גאָלדענע, אַ קליינע ביקס אין די הענט און צוויי פּיסטוילן בײַ די זײַטן.

אף דעם געוויש האָט ראָקע דעם קאָפּ אומגעדרייט און האָט דערזען די שיינע געשטאַלט, וואָס איז צו אים צוגעקומען און אים געזאָגט:

— צו דיר קום איך, אָ, מעכטיקער ראָקע, קעדיי אין דיר צו געפינען אויב ניט אַ טרופע, איז אַ מילדערונג אין מיין אומגליק, און קעדיי דיך לאַנג נישט צו האַלטן אין שטוינען, מאַכמעס איך ווייס דו האָסט מיך נישט דערקענט, וויל איך דיר זאָגן ווער איך בין: איך בין קלאַוודיע כעראָנימאַ, די טאָכטער פון סימאָן פאָרטע, דיין איינציקער פריינט און באַזונדערער סוינע פון קלאָודעל טאָרעליאַס, וואָס איז אויך דיינער אַ סוינע, ווי איינער פון דיין קעגנערישער באַנדע. און דו ווייסט דאָך, אַז דער טאָרעליאַס האָט אַ זון, וואָס רופט זיך דאָן וויצענטע טאָרעליאַס, אָדער האָט זיך אַלנפאַלס אַזוי גערופן מיט צוויי שאָ צוריק. קעדיי צו מאַכן דיר בעקיצער די געשיכטע פון מיין אומגליק, וועל איך דיר אין קורצע ווערטער זאָגן וואָס דער האָט מיר אָפּגעטון. ער האָט מיך דערזען און גענומען קאָרטעזשירן, און איך האָב אים געגלויבט און האָב מיך אין אים פאַרליבט אַז מיין פאָטער זאָל נישט וויסן. וואָרום נישטאָ אַזאַ פרוי, ווי פרום און צוריקגעהאַלטן זי זאָל נישט זיין, וואָס זאָל נישט געפינען קיין צייט אויסצופירן אירע איבערגעאיילטע באַגערן. קורץ, ער האָט מיר צוגעזאָגט ווערן מיין מאַן און איך האָב אים געגעבן דאָס וואָרט צו ווערן זיינע, כאָטש ווייטער דערפון איז עס נישט געגאַנגען. נעכטן האָב איך מיך דערוווּסט, אַז ער האָט פאַרגעסן זיין צוזאָג און האָט כאַסענע מיט אַן אַנדערער, און אַז היינט אין דער פרי דאַרפן זיי ווערן מאַן און ווייב. די ידיע האָט מיר די געדאַנקען צעמישט און צו מיין געדולד אַ סאָף געמאַכט. און אַזוי ווי מיין פאָטער איז נישט געווען דערביי, האָב איך מיך געמוזט אָנטון אין די בגאָדים וואָס דו זעסט, און אַף דעם פערד האָב איך אָנגעיאָגט דאָן וויצענטען אַ מייל וועג פון דאַנען, און גלייך, אָן טייַנעס און מיינעס, האָב איך אין אים אויסגעשאָסן פון דער ביקס און אַ צוגאָב פון די צוויי פּיסטוילן. און ווי איך רעכן, האָב איך אים אַרייַנגעזעצט מער ווי צוויי קוילן אינעם גוף און האָב געעפנט אַ טיר, אַז מיין קאָוועד זאָל דורך איר אַרויס אַ רויטער, אַ פאַרבלוטיקטער. דאָרט לאָז איך אים ליגן צווישן זיינע דינער, וואָס האָבן זיך נישט דערוועגט און האָבן זיך אויך נישט געקענט איינשטעלן פאַר אים. איך קום צו דיר דו זאָלסט מיך אַריבערשטעלן קיין פראַנקרייך, וווּ איך האָב קרויווים, באַ זיי צו לעבן, און איך וויל דיך בעטן זאָלסט שיצן מיין פאָטער, אַז דאָן וויצענטעס קרויווים זאָלן זיך נישט דערוועגן פון אים מוירעדיק נעקאָמע צו נעמען.

ראָקע האָט געגאַפט אַף דעם שטאָלץ און מוט און אַף דער געשטאַלט אין אויפטו פון דער שיינער קלאַוודיע און האָט זיך צו איר אָנגערופן:

— קום מיט מיר, סעניאָראַ, וועלן מיר זען צי איז דיין סוינע טויט. דערנאָך וועלן מיר זען וואָס פאַר דיר איז בעסער.

דאָן קיכאָט האָט זיך איינגעהערט צו דעם וואָס קלאַוודיע האָט דערציילט און וואָס ראָקע גינאַרט האָט געענטפערט, און האָט זיך פון זיין זייט אָנגערופן:

— איר דאַרפט אייך נישט מאַטריעך זיין צו נעמען די דאַמע אונטער אייער

שויִ, איך נעם עס אַף מיר: גיט מיר מײַן פערד און מײַן געווער, און ווארט מיך דאָ אָפּ, איך וועל גיין אויפזוכן דעם קאַוואַליר און, אַ טויטן אָדער אַ לעבעדיקן, וועל איך אים צווינגען האַלטן דאָס וואָרט, וואָס ער האָט געגעבן אַזאַ שײנקייט.

— קיינער זאָל דערין קיין ספק נישט האָבן — האָט סאַנטשאָ זיך אָנגערופן, — וואָרום מײַן האַר האָט אַ גרינגע האַנט צו שאַדכאָנעם, ערשט צוריק מיט עטלעכע טעג האָט ער כאַסענע געמאַכט איינעם, וואָס האָט אויך נישט געוואָלט האַלטן דאָס וואָרט וואָס ער האָט געגעבן איינער אַ מיידל. און וואָלטן די קישעפמאַכער, וואָס פאַרפאָלגן אים, נישט פאַרביטן די ריכטיקע געשטאַלט פון יענעם באָכער אַף דער געשטאַלט פון אַ לאַקיי, וואָלט שוין דאָס מיידל איצט אויס מיידל געווען.

ראָקעס געדאַנק איז פאַרנומען געווען מיט דעם וואָס עס האָט פּאַסירט דער שיינער קלאַוודיע און האָט זיך נישט אײַנגעהערט צו דעם וואָס האָט אין דינער ריידן און האָט זיי אויך נישט פאַרשטאַנען. נאָכדעם ווי ער האָט באַפוילן זײַנע וואָפנטרעגער זיי זאָלן אומקערן סאַנטשאָן אַלץ וואָס זיי האָבן אַראָפּגענומען בײַ אים פונעם העל־ברוינעם, האָט ער זיי אויך באַפוילן צוריקגיין אַהין ווו זיי האָבן יענע נאַכט גענעכטיקט און אַליין איז ער שנעל אַוועק מיט קלאַוודיען אויפזוכן דעם טויטן אָדער פאַרוווּנדעטן דאָן וויצענטע. צוגעקומען זײַנען זיי צו דעם אָרט, ווו קלאַוודיע האָט אים געהאַט געטראָפן, און האָט דאָרט געפונען נישט מער ווי ערשט פאַרגאָסן בלוט. נאָר געוואָרפן האָבן זיי זייערע בליקן אַף אַלע זײַטן און האָבן אָפּן רוקן פון אַ בערגל דערזען אַ רעדל מענטשן און האָבן פאַרשטאַנען, ווי דער עמעס איז געווען, אַז דאָס מוז זײַן דאָן וויצענטע, וואָס זײַנע דינער האָבן אים אַהין אַוועקגעטראָגן אַ טויטן אָדער אַ לעבעדיקן, אים צו היילן אָדער צו באַגראָבן. זיי האָבן זיך אונטערגעאײַלט, און מאַכמעס יענע האָבן געשפּאַנט פּאַמעלעך, האָבן זיי לײַכט זיי אָנגעיאָגט.

געטראָפן האָבן זיי דאָן וויצענטען בײַ זײַנע דינער אַף די הענט, ווי ער בעט זיך בײַ זיי מיט אַ מידן און שוואַכן קאָל זיי זאָלן אים דאָרט לאָזן שטאַרבן, מאַכמעס דער ווייטיק וואָס ער פילט, לאָזט אים ווײַטער נישט גיין. אַראָפּגעוואָרפן האָבן זיך קלאַוודיע און ראָקע פון די פערד און זײַנען צו אים צוגעגאַנגען. די דינער האָבן זיך דערשראָקן ווען זיי האָבן דערזען ראָקען, און קלאַוודיע איז צעמישט געוואָרן ווען זי האָט דערזען דאָן וויצענטען. און מיט אַ געמיש פון שטרענגקייט און געריר טקייט איז זי צו אים צוגעגאַנגען, האָט אים בײַ די הענט אָנגענומען און געזאָגט:

— ווען דו וואָלסט מיר געווען געגעבן אָט די הענט, ווי מיר האָבן אָפּגערעדט, וואָלסטו קיינמאָל צו דער לאַגע נישט געקומען.

דער פאַרוווּנדעטער קאַוואַליר האָט זײַנע קימאַט געשלאָסענע אויגן געעפנט, האָט דערקענט קלאַוודיען און איר געזאָגט:

— איך זע שוין, דו שיינע און אָפּגענאַרטע סעניאָראַ, אַז דו ביזט עס געווען די וואָס האָט מיך דערהאַרגעט; אַ נישט פאַרדינטע שטראָף פאַר מײַנע באַגערן,

וואָס מיט זיי און מיט מײַנע מײַסים, האָב איך נישט געוואָלט און אויך נישט גע־קענט דיך באַליידיקן.

— איז עס נישט עמעס, הייסט עס, — האָט קלאַוודיע געזאָגט, — אַז הײַנט אין דער פרי האָסטו געזאָלט כאַסענע האָבן מיט לעאָנאָר, די טאָכטער פון דעם רײַכן באַוואַסטראַ?

—מיט אַן עמעס, ניין — האָט דאַן וויצענטע געענטפערט: — מײַן גורל, אוואַדע, האָט דיר צוגעטראָגן די יעדיע, קעדיי דו זאָלסט פון אייפערזוכט מיר דאָס לעבן אוועקנעמען, און איך האַלט דאָס פאַר אַ גליק וואָס איך לאָז עס איבער אין דײַנע הענט און אין דײַנע אָרעמס. קעדיי דו זאָלסט דערין זיכער זײַן, דריק מיר צו מײַן האַנט און נעם מיך אָן פאַר דײַן מאַן, אויב דו ווילסט. וואָרום קיין גרעסערע באַפרידיקונג האָב איך נישט פאַר דער באַליידיקונג, וואָס דיר דאַכט זיך, אַז דו האָסט פון מיר באַקומען.

קלאַוודיע האָט אים די האַנט געדריקט און בײַ איר האָט דאָס האַרץ זיך צו־זאַמענגעדריקט, אַזוי אַז זי איז אַף זײַן ברוסט און אין זײַן בלוט אין אָנמאַכט גע־פאַלן און ער האָט אַ האַרצשלאָג באַקומען. ראָקע איז געבליבן צעמישט און האָט נישט געוווּסט וואָס ער זאָל טון. געלאָפן זײַנען די דינער ברענגען וואַסער זיי אָפּן פּאָנים צו גיסן, און זיי האָבן געבראַכט וואַסער און זיי אָפּגעגאָסן. קלאַוודיע איז צו זיך געקומען פון איר אָנמאַכט, נאָר נישט דאָן וויצענטע פון זײַן האַרצשלאָג, מאַכמעס אים האָט זיך דאָס לעבן געענדיקט. אַז קלאַוודיע האָט דערזען איר זיס לעבט נישט מער, האָט זי די לופט געשפּאָלטן מיט אירע זיפצן און די הימ־לען מיט אירע געשרייען, זי האָט זיך די האָר געריסן און זיי אָפּן ווינט געלאָזט און מיט אירע אייגענע הענט זיך דאָס פּאָנים פאַרמיעסט, מיט אַלע גרימאַסן פון ווייטיק און צאַר פון אַ געבראָכן האַרץ, וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן.

— אָ, בייזע און אומבאַטראַכטע פרוי — האָט זי געקלאָגט, — ווי לײַכט דו האָסט דיך געכאַפּט אויספירן דעם שלעכטן געדאַנק! אָ, דו בייזער קויעך פון דער אייפערזוכט, צו וואָס פאַר אַ פאַרצווייפלטן סאָף דו פירסט די וואָס לאָזן דיך אַרײַן צו זיך אין דער ברוסט! אָ, מאַן מײַנער, וואָס דײַן אומגליק, אַלס מײַן צי־רונג, האָט דיך פון דער כופּע צום קייווער געפירט!

מיט אַזוינע טרויעריקע טײַנעס האָט קלאַוודיע געקלאָגט, אַז טרערן האָבן זיך געשטעלט בײַ ראָקען, וואָס האָט בעטעווע נישט געקענט וויינען בײַ קיין שום פאַל.

די דינער האָבן געוויינט, קלאַוודיע האָט אַף יעדן טראָט געכאַלעשט און דער גאַנצער אָרום האָט אויסגעזען ווי אַ פעלד פון טרויער, ווי אַ טאָל פון געוויין. אַף לעצט, האָט ראָקע גינאַרט באַפוילן דאָן וויצענטעס דינער זיי זאָלן אוועקטראָגן דעם גוף צו דעם יישעוו ווו זײַן פאָטער געפינט זיך, נישט ווײַט פון דאָרטן, מען זאָל אים מעקאַבער זײַן.

קלאַוודיע האָט געזאָגט ראָקען, אַז זי וויל גיין אין אַ מאָנאַסטיר, ווו אירע אַ מומע איז אַבאַדעסע, און דאָרט פאַרבלײַבן אָפּן גאַנצן לעבן, אין דער באַגלײַ־טונג פון אַ בעסערן און אייביקערן מאַן. ראָקע האָט געלויבט איר גוטע מאַכשאָ־

זוע און האָט זיך אָנגעבאָטן זי צו באַגלייטן ווהין זי וויל און שיצן איר פּאַטער פון דאָן וויצענטעס קרוווים און פון יעדן איינעם. קלאַווודיע האָט בעשומויפן נישט געוואָלט ער זאָל זי באַגלייטן און האָט אים געדאַנקט מיט די בעסטע ווער־טער וואָס זי האָט געקענט און מיט טרערן אין די אויגן, האָט זי זיך מיט אים גע־זעגנט.

דאָן וויצענטעס דינער האָבן אָוועקגעטראָגן דעם טויטן און ראָקע איז צוריק אַוועק צו זײַנע לײַט. און דאָס איז געווען דער סאָף פון קלאַוודיע כעראָנימאָס ליי־בע. נאָר וואָס איז זיך דאָ צו וווּנדערן, אַז דאָס געוועב פון איר באַדויערלעכער געשיכטע האָבן אויסגעוועבט די שטרענגע און אומבאַזיגטע קויכעס פון דער איי־פערזוכט?

געטראָפן האָט ראָקע גינאַרט זײַנע וואָפּנטרעגער דאָרט וווּ ער האָט זיי באַ־פוילן צו זײַן, און דאָן קיכאָט צווישן זיי אַף זײַן ראָסינאַנטע, רעדט פאַר זיי און וויל זיי אײַנרײדן זיי זאָלן אַוועקוואַרפן זייער געפערלעכן אַרט לעבן, געפער־לעך פאַר דער נעשאָמע, ווי פאַר דעם גוף. נאָר אַזוי ווי מערסטנס זײַנען זיי געווען גאַסקאָניער, גראָבע און פאַרדאָרבענע מענטשן, איז זיי דאָן קיכאָטס רעדע אין קאָפּ נישט געקראָכן.

ווען ראָקע איז צוריקגעקומען, האָט ער געפרעגט סאַנטשאָ פּאַנצאַ צי מען האָט אים אומגעקערט די צירונג און ווערט־זאַכן, וואָס זײַנע לײַט האָבן גענהאַט אַראָפּגענומען פונעם העל־ברוינעם.

סאַנטשאָ האָט געענטפערט, אַז יאָ, נאָר עס פעלן אים דרײַ טיכלעך, וואָס האָבן די ווערט דרײַ שטעט.

— וואָס רעדסטו, מענטש? — האָט זיך אָפּגערופן איינער פון די לײַט, וואָס איז דערבײַ געשטאַנען, — די טיכלעך האָב איך בײַ מיר און זיי האָבן קיין דרײַ־צענער נישט די ווערט.

— ריכטיק — האָט דאָן קיכאָט זיך אָנגערופן, — נאָר מײַן וואָפּנטרעגער שאַצט זיי מאַכמעס געגעבן האָט זיי מיר די וואָס האָט זיי מיר געגעבן.

ראָקע גינאַרט האָט באַפוילן טייקעף זיי אומצוקערן און, נאָכדעם ווי ער האָט באַפוילן אַלע זײַנע לײַט אויסשטעלן זיך אין אַ ריי, האָט ער געהייסן צו־נויפברענגען אַהין אַלץ וואָס זיי האָבן אָנגעראַבעוועט זינט דער לעצטער באַלוקע, מאַלבושים, צירונג און געלט. אַף שנעל האָט ער אַלץ איבערגעטאַפּט, דאָס וואָס מען קען נישט צעטיילן, האָט ער אין געלט אָפּגעשאַצט, און האָט דאָס אַלץ פונאַנ־דערגעטיילט צווישן דער כעווּרע אַזוי קלוג און גערעכט, אַז ער האָט קיינעם נישט באַאוולט און אויך דער יוישער איז נישט געבליבן באַשווינדלט.

נאָכדעם ווי ראָקע האָט דאָס דורכגעפירט און אַלע זײַנען געבליבן צופרידן, באַפרידיקט און באַלוינט, האָט ער זיך אָנגערופן צו דאָן קיכאָטן:

— ווען מען זאָל צווישן די לײַט נישט היטן די פּינקטלעכקייט, וואָלט מען מיט זיי נישט געקענט לעבן.

דערויף האָט סאַנטשאָ זיך אָנגערופן:

— לויט דעם וואָס איך האָב דאָ געזען, איז די גערעכטיקייט אַזאַ גוטע זאַך, אַז מען מוז זי אָנווענדן אַפילע צווישן גאַנאַווים.

דערהערט האָט דאָס איינער פון די וואַפּנטרעגער, האָט ער אויפגעהויבן די קאָלבע פון זײַן ראָד־ביקס, און ער וואָלט מיט איר זיכער סאַנטשאָן דעם קאָפּ צעשפּאָלטן, ווען ראָקע שרײַט אָף אים נישט אָן ער זאָל זײַן רויִק.

סאַנטשאָ האָט זיך דערשראָקן און האָט בא זיך אָפּגעמאַכט דאָס מויל נישט צו עפענען אַזוי לאַנג ער געפינט זיך צווישן די לײַט. אין דער רעגע איז אָנגע־לאָפן איינער אָדער עטלעכע פון די וואָפּנטרעגער, וואָס זײַנען צעשטעלט געווען אָף דער וואַך איבער די וועגן אָף צו זען וואָסערע מענטשן פאָרן דאָרט און צו וויסן געבן זייער עלצטן, און האָט געזאָגט:

— מײַן האַר, נישט ווײַט פון דאַנען, אָפן וועג קיין באַרצעלאָנע, גייט אַ גרויסע מאַכנע מענטשן.

דערויף האָט ראָקע געפרעגט:

— האָסטו געמערקט צי זײַנען עס פון די וואָס זוכן אונדז, אָדער פון די וואָס מיר זוכן זיי?

— זיי זײַנען פון די וואָס מיר זוכן. — האָט דער וואָפּנטרעגער געענטפערט.

— אויב אַזוי, גייט איר אַלע און ברענגט זיי מיר טייקעף צו פירן, קיין איי־נער פון זיי זאָל זיך ניט אויסדרייען.

זיי זײַנען אוועק און געבליבן זײַנען בלויז דאָן קיכאָט, סאַנטשאָ און ראָקע, צו זען וועמען די וואָפּנטרעגער וועלן ברענגען צו פירן און ראָקע האָט זיך אָנגע־רופן צו דאָן קיכאָטן:

— אַ נײַער אַרט לעבן מוז דאָס אויסזען דעם האַר דאָן קיכאָט, וואָס מיר פירן דאָ, נײַע געראַנגלען, נײַע פּאַסירונגען, און אַלץ געפערלעכע. און עס איז גאָר קיין וווּנדער נישט דאָס זאָל אײַך אַזוי אויסזען, ווארום דער עמעס איז, אַז נאָך אַזאַ אומרויִק לעבן און פול מיט שרעק, ווי אונדזערס, איז נישטאָ. מיך האָט צו דעם לעבן געבראַכט אַ מין דורשט נאָך נעקאָמע, וואָס איז בעקויעך די רויִקסטע געמיטער אויפצוברויזן. בעטעווע בין איך אַ מענטש מיט אַ ווייך האַרץ און מיט די בעסטע מאַכשאָווע, נאָר מאַכמעס דעם מוירעדיקן פאַרלאַנג, ווי איך האָב אײַך שוין געזאָגט, נעקאָמע צו נעמען פאַר אַן אַוולע, וואָס מען איז קעגן מיר באַ־גאַנגען, ווערן אַלע מײַנע גוטע ווונטשן, וואָס איך טראָג באַ מיר אין האַרצן, צו נישט. און אַזוי ווי איין אָפּגרונט רופט דעם צווייטן און איין אַוויירע ציט נאָך זיך די צווייטע, האָבן זיך באַ מיר די נעקאָמעס אָנגעקייטלט איינע אָן דער צוויי־טער, אַזוי אַז נישט נאָר מײַנע, נאָר אויך פרעמדע נעם איך אָף מײַנע פּלייצעס. נאָר איך האָף צו גאָט, אַז אינמיטן דעם גרעסטן פּלאָנטער פון מײַנע פאַרווירונ־גען, וועל איך אַרויסקומען אָף אַ גוטן וועג.

דאָן קיכאָט איז שטיין געבליבן פאַרוווּנדערט וואָס ער הערט פון ראָקען אַזוינע אָרנטלעכע און גלײַכע רייד, ווארום פאַרגעשטעלט האָט ער זיך, אַז צווישן די וואָס פאַרנעמען זיך מיט אַזוינע מעלאָכעס, ווי גאַנווענען, הארגענען און גאַז־

לענען, קען נישט זײַן אזא אײנער, וואָס זאָל אזוי אָרנטלעך דענקען, און ער האָט אים געענטפערט:

האר ראָקע, דער איקער פון געזונט זײַן באַשטייט אין קענען די אייגענע קראַנקייט און אין וועלן אײַנעמען די רעפועס, וואָס דער דאָקטער פאַרשרײַבט דעם כוילע. אײַער גענעדיקייט איז קראַנק, איר קענט אײַער קרענק, און דער הימל, גאָט, בעסער געזאָגט, וואָס ער איז אונדזער דאָקטער, וועט אײַך געבן רע־פועס, וואָס וועלן אײַך געזונט מאַכן, נאָר זיי מאַכן געזונט ביסלעכווײַז, נישט מיטאַמאָל און נישט מיט קיין נעס. נאָכמער, קלוגע באַלאָווייִרעניקעס ווערן גיכער גענעזן ווי נאַראָנים. און אזוי ווי אײַער גענעדיקייט ווײַזט ארויס כאָכמע אין אײַערע רייד, דאַרפט איר נאָר האָבן מוט און זוכן די רעפועס צו אײַער קראַנקייט אינעם געוויסן. און אויב אײַער גענעדיקייט וויל זיך אײַנשפּאָרן וועג און וואָס שנעלער זיך שטעלן אויף דעם וועג צו אײַער דערלייזונג, קומט מיט מיר, איך וועל אײַך לערנען זײַן אַ וואַנדער־ריטער, וואָס מאַכט דורך פּײַן און נויט, און אויב איר וועט זיי אָננעמען פאַר אַן אָפּקומעניש, וועלן זיי אײַך מיט צוויי שמיר צו־שטעלן גלײַך אין הימל אַרײַן.

געלאַכט האָט ראָקע פון דאָן קיכאָטס אײַצע און קעדיי דעם געשפּרעך אומ־צובײַטן, האָט ער אים דערציילט די טראַגישע פּאַסירונג מיט קלאַוודיע הערע־נימאַ, וואָס סאַנטשאָ האָט זיך דערפון שטאַרק גענומען צום האַרצן, מאַכמעס אים איז געפעלן די שיינקייט, די דרייסטקייט און שטאָלץ פון דער מויד.

דערוויל זײַנען די וואַפּנטרעגער צוריקגעקומען פונעם געיעג און האָבן מיט זיך געבראַכט צוויי קאַוואַלירן אויף פערד און צוויי וואַנדערער פוסגייער, און אַ קאַרעטע מיט ווײַבער, באַגלייט עפּשער מיט זעקס דינער צופוס און רײַטנדיק, מיט נאָך צוויי יונגען אויף מויל־אייזלען, וואָס די קאַוואַלירן האָבן מיט זיך גע־האַט. די וואַפּנטרעגער האָבן זיי אַלעמען אַרײַנגענומען אין דער מיט, און זיגער און באַזיגטע האָבן אין גרויס שטילשווײַגן געוואַרט דער גרויסער גינאַרט זאָל ריידן. געפרעגט האָט ער די קאַוואַלירן ווער זיי זײַנען, וווּהין זיי פאָרן און וויפל געלט האָבן זיי מיט זיך. אײנער פון זיי האָט געענטפערט:

— מײַן האַר, מיר זײַנען צוויי קאַפּיטענער פון דער שפּאַנישער פוסגייער־אַרמײ, אונדזערע טײלן זײַנען אין נעאַפּאָל און מיר גייען זיך אויפזעצן אויף אײי־נעם פון די פיר גאַלערעס, וואָס שטייען, זאָגט מען, אין באַרצעלאָנע, מיט אַ פאַר־אָרדענונג אָפּצושווימען קיין סיציליע. געלט פירן מיר מיט זיך פון צוויי ביז דרײַ הונדערט טאַלער, און דערמיט, ווי אונדז דאַכט זיך, זײַנען מיר רײַך און צופרידן, וואָרום די געוויינלעכע זעלנערישע דאַקעס דערלויבט אונדז נישט אָנזאַמלען קיין גרעסערע אוצרעס.

די וואַנדערער האָט ראָקע געפרעגט דאָס אייגענע וואָס די קאַפּיטענער. גע־ענטפערט האָבן זיי אים, אַז זיי גייען זיך אויפזעצן אויף דער שיף, קעדיי אָנצוקו־מען קיין רוים, און אַז ביידע אינײנעם פאַרמאָגן זיי אַן ערעך זעכציק גילדן. גע־וואָלט האָט ער אויך וויסן ווער עס פאָרט אין דער קאַרעטע און וווּהין, און וויפל געלט זיי פירן, און אײנער פון די רײַטער האָט געענטפערט:

— מײַן הארנטע דאַניאַ גיאַמאַר דע קיניאַנעס, די פרוי פון דעם רעגענט פון נעאַפּאָלער וויצעקעניגרייך, מיט אַ מעכטערל, אַ דינסטמיידל און אַ ווירטן, פאָרן אין דער קאַרעטע: מיר, זעקס דינער, באַגלייטן זיי און געלט האָבן מיר זעקס הונ־דערט טאַלער.

— האָבן מיר שוין, הייסט עס, — האָט ראָקע גינאַרט געזאָגט, — נײַן הונ־דערט טאַלער מיט זעכציק גילדן: זעלנער האָב איך דאָ אַן ערעך זעכציק. באַרעכנט איר וויפל עס קומט אויס אויף יעדן איינעם, וואָרום איך בין אַ קליינער באַל־בעשבן.

דערהערט האָבן דאָס די גאַזלאָנים, האָבן זיי גענומען שרײַען אויף די העכס־טע קוילעס:

— לעבן זאָל ראָקע גינאַרט לאַנגע יאָר, כאָטש דאָס בילעניש, וואָס ער טראָגט אין זיך, פירט אים אַראָפּ פון וועג!

די קאַפּיטענער האָבן קענטיק געהאַט אַנגסט, די דאַמע רעגענטיכע איז טרויעריק געוואָרן און די וואַנדערער האָט עס גאַרנישט געפרייט וואָס מען קאָנ־פיסקירט זייער פאַרמעגן. אַ ווײַל האָט זיי ראָקע געלאָזט שטיין אַזוי אַפּהענטיק. נאָר ער האָט נישט געוואָלט זיי זאָלן בלײַבן באַ זייער טרויער, וואָס האָט זיך גע־לאָזט דערקענען אויף אַ שאָס די ווײַט, און געווענדט האָט ער זיך צו די קאַפּי־טענער און זיי געזאָגט:

— אײַערע גענעדיקייטן, הארן קאַפּיטענער, זאָלן אַזוי גוט זײַן און מיר אהערגעבן זעכציק טאַלער, און די דאַמע רעגענטיכע אכציק, אויף צופרידנצושטעלן די שקוואַדרע וואָס באַגלייט מיך, וואָרום דער אַבאַד שלינגט דערפון וואָס ער זינגט, און איר וועט אײַך קענען פרײַ און זאָרגלאָז גיין אײַער וועג מיט אַ פּאַ־סיר־שײַן, וואָס איך וועל אײַך געבן. טאָמער טרעפט איר אָן אויף אַנדערע שקוואַד־רעס מײַנע, וואָס זײַנען צעשטעלט אין די מעקוימעס, זאָלן זיי אײַך קיין בייז נישט טון. וואָרום איך האָב נישט בעדייע צו באַאוולען זעלנער אָדער ווײַבער, ביפראַט נאָך באַשעוועס ווײַבער.

מיט אָן אַ שיר שיינע רייד האָבן די קאַפּיטענער געדאַנקט ראָקען פאַר זײַן העפלעכקייט און מילדקייט, ווי זיי האָבן אָנגערופן דאָס וואָס ער לאָזט זיי איבער זייער געלט. די דאַמע דאָניאַ גיאַמאַר דע קיניאָנעס האָט זיך געוואָלט פון דער קאַרעטע אַרויסוואַרפן און קושן די הענט און די פיס דעם גרויסן ראָקע, נאָר ער האָט בעשומויפן נישט דערלאָזט; פאַרקערט, געבעטן האָט ער באַ איר מעכילע פאַר דער אוולע, וואָס ער האָט איר געטון, אַלס געצוווּנגענער נאָכצוקומען פּינקט־לעך די פליכטן פון זײַן נים שיינעם פאַך.

די דאַמע רעגענטיכע האָט באַפוילן אירן אַ דינער ער זאָל טייקעף אוועק־געבן די אַכציק טאַלער, וואָס איז אויסגעפאַלן אויף איר בײַלעק, און די קאַפּיטע־נער האָבן שוין געהאַט אַרויסגענומען פון די קעשענעס די זעכציק. געזאָלט האָבן די וואַנדערער אָפּגעבן זייער גאַנץ ביסל אַרימקייט, נאָר ראָקע האָט זיי געהייסן אָפּוואַרטן, און אומגעדרייט האָט ער זיך צו זײַנע לײַט און זיי געזאָגט:

— פון די אַלע טאַלערס, פאַלט אויס אויף יעדן איינעם צו צוויי טאַלער, און

עס בלײַבן נאָך איבער צוואַנציק. זאָל מען צען אַוועקגעבן די צווײ וואַנדערער און די אַנדערע צען אָט דעם בראַון וואָפּנטרעגער, און זאָל ער קענען דערצײלן גוטס וועגן דער באַגעגעניש.

און געבראַכט האָט מען אים שרײַב־געצײַג, וואָס ער האָט שטענדיק מיט זיך געהאַט, און אָנגעשריבן האָט ער זײ אַ פּאַסיר־שײַן פֿאַר די עלצטע פֿון זײַנע שקוואַדרעס. ער האָט זיך מיט זײ געזעגנט און האָט זײ פֿרײַגעלאָזט פֿול מיט באַוווּנדערונג פֿאַר זײַן אײדלקײט, פֿאַר זײַן שטאָלצער האַלטונג און אויסטערלישער באַנעמונג, און באַטראַכט האָבן זײ אים גיכער ווי אַן אַלעקסאַנדער מוקדן אײדער ווי אַ באַרימטן גאַנעוו. אײנער פֿון די וואָפּנטרעגער האָט זיך אָנגערופֿן אַף זײַן גאַסקאָנישן און קאַטאַלאַנישן לאָשן:

— אונדזער קאַפּיטאַן פּאַסט זיך בעסער פֿאַר אַ פּראַדע (גאַלעך) אײדער פֿאַר אַ גאַזלען: אויב ער וויל זיך ווײַטער אַרויסשטעלן פֿאַר אַ מילדן, זאָל ער עס טון מיט זײַן פֿאַרמעגן, נישט מיט אונדזערן.

געזאָגט האָט עס דער אומגליקלעכער נישט אַזוי שטיל, אַז ראָקע זאָל עס נישט דערהערן, און געכאַפּט האָט ראָקע זײַן שווערד און האָט אים דעם קאָפּ צעשפּאָלטן שיר ניט אַף צווײען, און געזאָגט האָט ער דערבײַ:

— אָט אַזוי באַשטראָף איך די לאַנגע צינגער און כוצפּעניקעס.

אַלע האָבן זײ זיך דערשראָקן און קײנער האָט זיך נישט דערוועגט אַ וואָרט צו זאָגן: אַזוי גרויס איז געווען זײער געהאָרכן צו אים.

— אָפּגעטראָטן איז ראָקע אָן אַ זײַט און האָט אָנגעשריבן אַ בריוו צו זײַנעם אַ פֿרײַנט אין באַרצעלאָנע, העיווים מיט אים געפֿינט זיך דער באַרימטער דאָן קיכאָט פֿון לאַ מאַנטשאַ, דער וואַנדער־ריטער, וואָס מען דערצײלט זיך אָן פֿון אים אַזוי פֿיל זאַכן, גיט ער אים צו וויסן, אַז ער איז דער קאָמישסטער און דער פֿאַרשטענדיקסטער מענטש אין דער וועלט, און אַז אין פֿיר טעג אַרום, אינעם טאָג פֿונעם הײליקן יאָהאַנעס דעם טויפֿער, וועט ער אים צושטעלן אין מיטן פּליאַזש, אַ באַוואָפֿנטן מיט זײַן פֿולן וואָפֿן, אַף ראָסינאַנטע זײַן פֿערד, און זײַן וואָפּנטרעגער סאַנטשאָ אַף זײַן אײזל. און זאָל ער צו וויסן טון דערוועגן זײַנע גוטע ברידער די ניאַראָס, זײ זאָלן זיך מיט אים פֿאַרווײַלן. און ער וואָלט נישט וועלן פֿאַרשאַפֿן דאָס פֿאַרגעניגן די קאַדעלס, זײַנע סאָנים, נאָר דאָס איז נישט מעגלעך, מאַכמעס דאָן קיכאָטס מעשוגאַעסן און קלוגע רײד, ווי די כאָכמעס פֿון זײַן וואָפּנטרעגער סאַנטשאָ, מוזן פֿאַרשאַפֿן פֿאַרגעניגן יעדן אײנעם. אַוועקגעשיקט האָט ער דעם בריוו מיט אײנעם פֿון זײַנע וואָפּנטרעגער, וואָס האָט אומגעביטן זײַנע גאַזלען־קלײדער אַף פּויערישע און איז אַרײַנגעקומען קײן באַרצעלאָנע און האָט איבערגעגעבן דעם בריוו צו דעם וועמען ער איז געשיקט געווען.

# איין און זעכציקסטער קאַפּיטל

**וועגן דעם וואָס מיט דאָן קיכאָטן האָט פּאַסירט באַ זײַן אָנקומען קיין באַר־צעלאָנע, און נאָך זאַכן, וואָס האָבן אין זיך מער עמעס ווי כאָכמע.**

דרײַ טעג און דרײַ נעכט איז דאָן קיכאָט געווען מיט ראָקען, און וואָלט ער מיט אים דרײַ הונדערט יאָר געווען, וואָלט ער געהאַט וואָס צו זען און וואָס צו באַוווּנדערן אין זײַן אָרט לעבן: דאָ איז מען ערשט אויפגעשטאַנען, דאָרט האָט מען געגעסן, אָט איז מען אַנטלאָפן קיינער ווייסט נישט פאַר וועמען, און אָט וואַרט מען קיינער ווייסט ניט אויף וועמען, מען שלאָפט שטייענדיקערהייד, מען רייסט איבער דעם שלאָף, מען ציט זיך איבער פון איין אָרט אויפן צווייטן, מען שטעלט אַוועק שפּיאָנען, מען הערט אויס וועכטער, מען בלאָזט אָן ראָד־ביקסן, כאָטש פאַראַן זײַנען זיי ווייניק, מאַכמעס אַלע האָבן זיי מיט זיך קרעמניע־ביקסן. ראָקע פאַרברענגט די נעכט אָפּגעזונדערט פון זײַנע לײַט, אין אַזעלכע ערטער, וווּ זיי זאָלן נישט וויסן וווּ ער איז, מאַכמעס די גרויסע צאָל באַנדעס, וואָס דער באַרצעלאָנער שייני לעמעלעך האָט אַרויסגעשיקט אויף זײַן לעבן, האַלטן אים אין שרעק און אומרו, און ער דערוועגט זיך נישט עמיצן צו געטרויען און האָט מוירע זײַנע אייגענע לײַט זאָלן אים הארגענען אָדער איבערגעבן דער יוסטיץ: בעעמעס אַן עלנט און געמאַטערט לעבן. בעקיצער, איבער אומוועגן, קווערוועגן און אויסבאַהאַלטענע סטעזשקעס, האָבן זיך ראָקע, דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ, מיט נאָך זעקס וואָפּנטרעגער, אַוועקגעלאָזט קיין באַרצעלאָנע. געקומען זײַנען זיי צום פּליאַזש די נאַכט פאַר דעם הייליקן יאָהאַנעס און ראָקע האָט אַרומגענומען דאָן קיכאָטן און סאַנטשאָן און האָט אים געגעבן די צוגעזאָגטע צען טאַלער, וואָס ער האָט זיי אים ביז דעמאָלט נאָך נישט געהאַט געגעבן, און איבערגעלאָזט האָט ער זיי ביידן מיט די טויזנטער דינסט־גרייטקייטן, וואָס איינער דעם צווייטן האָט געבאָטן. ראָקע איז אַוועק, געבליבן איז דאָן קיכאָט וואַרטן אויף טאָג, אָט אַזוי ווי ער איז געקומען, אויפן פערד זיצנדיק. און נישט לאַנג האָט געדויערט, האָט דורך די פענצטער פונעם מיזרעך זיך גענומען ווײַזן דאָס אַנגעזיכט פון דעם ווײַסן באַ־גינען און האָט דערפרייט די גראָזן און די בלומען, אַנשטאָט צו דערפרייען דאָס געהער, כאָטש אין איין צײַט דערמיט האָבן אויך דאָס געהער דערפרייט דער קלאַנג פון אַ סאַך פײַפיאָלן און צימבאַלן, דער געקלימפּער פון גלעקלעך, דאָס טופּען פון רייטער, וואָס פאַרלאָזן קענטיק די שטאָט.

דער באַגינען האָט פּלאַץ געמאַכט דער זון, וואָס האָט זיך באַוויזן מיט אַ פּאָנים גרעסער ווי אַ רונדער שילד, און האָט זיך גענומען הייבן ביסלעכווײַז אי־בער דעם נידעריקסטן האָריזאָנט. געשטרעקט האָבן דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ זייער בליק אויף אַלע זײַטן: געזען האָבן זיי דעם יאַם, וואָס זיי האָבן אים ביז דעמאָלט נאָך נישט געהאַט געזען. באַוויזן האָט ער זיך פאַר זיי ברייט און לאַנג, אַ סאַך ברייטער און לענגער ווי די רודיערער אָזיערעס, וואָס זיי האָבן געהאַט געזען אין לאַ מאַנטשאַ. געזען האָבן זיי די גאַליערעס, וואָס זײַנען געשטאַנען באַם האַפן,

ווען מען האָט באַ זיי די זעגלען אַראָפּגעצויגן און באַוויזן האָבן זיי זיך פֿול מיט ווימפּלען און פֿענדלעך, וואָס האָבן געפֿלאַטערט אָפּן ווינט און געקושט און גע־ווישט דאָס וואַסער. אינעווייניק האָבן קלאַרנעטן און טרומייטערס געשאַלט און דודעס האָבן געשפּילט, וואָס האָבן נאָענט און וויַיט פֿול געמאַכט די לופֿט מיט מיל־דע און קריגערישע טענער.

געגומען האָבן זיי זיך וויגן און ווי צוזאַמענשטויסן זיך איבער דעם שטילן וואַסער, און קימאַט אַף דעם אייגענעם אויפֿן האָבן איבער די גאַסן זיך געגומען וויגן רייטער אַף שיינע פֿערד, מיט ראַשיקע ליווריעס, וואָס זיַינען דאַכט זיך פֿון שטאָט אַהין געריטן. די זעלנער פֿון די גאַליערעס האָבן אַן אויפֿהער געשאָסן פֿון קאַנאָנען און געענטפֿערט האָט זיי די אַרטילעריע פֿון די שטאָט־מויערן און פֿעס־טונגען. די שווערע אַרטילעריע האָט מיט אירע שרעקלעכע קנאַלן די ווינטן גע־שפּאָלטן און געענטפֿערט האָבן זיי די קאַנאָנען וואָס אָפּן דעק פֿון די גאַליערעס. דער פֿריילעכער יאַם, די מונטערע ערד, די לויטערע לופֿט, עפּשער בלויז אַביסל מוטנע פֿון דעם אַרטילעריע־רויך, ווילן דאַכט זיך אויפֿוועקן און אַרייַנגיסן נישט דערוואַרטן געגוס אין יעדן מענטשן. סאַנטשאָ האָט זיך נישט געקענט פֿאַרשטעלן ווי נעמען עס אַזוי פֿיל פֿיס די פּעק, וואָס גייען איבערן יאַם.

צונויפֿגעקומען זיַינען זיך דערוויַיל מיט אַ געשריי, מיט געליאַרם און געפּיל־דער די לייַט מיט די ליווריעס אַרום דאָן קיכאָטן, וואָס איז געשטאַנען און האָט געגאַפֿט און געשטוינט. און איינער פֿון זיי, דער וואָס ראָקע האָט אים צו וויסן געגעבן, האָט גענומען אויסשרייען:

— זאָל זיַין מיט גליק דיַין אָנקומען צו אונדז אין שטאָט, שפּיגל, לאָמטערן, שטערן און וועגוויַיזער פֿון דעם גאַנצן וואַנדער־ריטערטום, דאָרט ווו ער איז צום לענגסטן. גליקלעך, זאָג איך, זאָל זיַין דאָס אָנקומען פֿון דעם מעכטיקן דאָן קיכאָט פֿון לאַ מאַנטשאַ: נישט דער פֿאַלשער, דער אויסגעטראַכטער, דער נאָכגעמאַכטער, וואָס מע האָט אים די טעג געוויזן אין פֿאַלשע געשיכטעס, נאָר דער עמעסער, דער געזעצלעכער און געטריַיער, וואָס אים האָט באַשריבן סידע האַמעטע בענענ־געלי, די בלום פֿון די געשיכטע־שריַיבער.

דאָן קיכאָט האָט קיין וואָרט נישט געענטפֿערט, און די ריַיטער האָבן אויך נישט געוואָרט ער זאָל ענטפֿערן, נאָר גענומען האָבן זיי זיך אַריַינדרייען און זיך אויסמישן מיט דעם אוילעם וואָס איז אים נאָכגעגאַנגען און איינענעם מיט זיי זיך גענומען דרייען אַרום און אַרום דאָן קיכאָטן, און ער האָט זיך אומגעדרייט צו סאַנטשאָן און אים געזאָגט:

— זיי האָבן אונדז באַלד דערקענט: איך קען גיין אין געוועט, אַז זיי האָבן געליייענט אונדזער געשיכטע און אויך די ערשט אָפּגעדרוקטע געשיכטע, וואָס דער אַראַגאָנער האָט אָנגעשריבן.

דער ריַיטער וואָס האָט פֿריער גערעדט צו דאָן קיכאָטן, איז ווידער צוגע־קומען און האָט אים געזאָגט:

— זאָל איַיער גענעדיקייט, האַר דאָן קיכאָט, גיין מיט אונדז, אַלע זיַינען מיר גרויסע פֿריַינט און דינער פֿון ראָקע גינאַרט.

דערויף האָט דאָן קיכאָט געענטפערט:

— אויב העפלעכקייטן רופן אַרויס העפלעכקייטן, איז אײַער העפלעכקייט, האַר קאַוואַליר, אַ טאָכטער אָדער אַ נאָנטע קרוויווע פון דעם גרויסן ראָקעס העפלעכקייט: פירט מיך וווּהין איר ווילט, איך וועל קיין אַנדער ווילן נישט האָבן אַכוץ אײַערן, ביפּראַט אויב איר ווילט אים אָנווענדן צו אײַער באַדינונג.

מיט נישט ווייניקער העפלעכע ווערטער האָט אים געענטפערט דער רײַטער, און אַלע האָבן זיי אים אַרײַנגענומען אין דער מיט און זײַנען אַוועק מיט אים, אונטער די קלאַנגען פון די דודעס און צימבאַלן, אין שטאָט אַרײַן. באַם אַרײַנקומען אין שטאָט, האָט דער מאַזיק, וואָס פאַרשאַפט אַל דאָס בייז, און די גאַסן־יונגען, וואָס זײַנען נאָך גרעסערע מאַזיקים ווי דער מאַזיק, באַזונדערס צוויי זייערע, שטיפער און כוצפּעניקעס, זיך אַרײַנגעריסן צווישן אוילעם, און איינער פון זיי האָט פאַרהויבן דעם עק באַם העל־ברוינעם און דער צווייטער באַ ראָסינאַנטען, און האָבן זיי אָנגעטשעפּעט שטעכערעס. דערפילט האָבן די אָרימע בעהיימעס די נײַע שפּאָרן, האָבן זיי צוגעדריקט די עקן און נאָך ערגער געמאַכט, און זיי האָבן זיך צעבריקעוועט און אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די באַלעבאַטים זייערע. דאָן קיכאָט, אַ פאַרשעמטער און אַ באַליידיקטער, האָט אָפּגעטשעפּעט דעם טראָלד פון זײַן פערדס עק, און סאַנטשאָ באַ זײַן העל־ברוינעם. די וואָס האָבן געפירט דאָן קיכאָטן האָבן געוואָלט באַשטראָפן די כוצפּע פון די גאַסן־יונגען, נאָר זיי האָבן דאָס נישט געקענט באַווײַזן, מאַכמעס זיי האָבן זיך אויסגעמישט צווישן די טויזנט נאָכלויפער.

דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ האָבן זיך ווידער אויפגעזעצט, און מיט די זעלביקע קלאַטשערייען און מיט דער זעלביקער מוזיק זײַנען זיי צוגעקומען צום הויז פון דעם וואָס האָט זיי געפירט, אַ גרויס ראַכוועסדיק הויז, ווי פון אַ רײַכן קאַוואַליר, וווּ מיר לאָזן זיי דערווײַל איבער, ווײַל אַזוי וויל סידע האַמעטע.

## צוויי און זעכציקסטער קאַפּיטל

**וואָס דערציילט וועגן דער פּאַסירונג מיט דעם פאַרקישעפטן קאָפּ מיט נאָך קלייניקייטן, וואָס מען קען זיי נישט פאַרבײַגיין אומדערציילט.**

דאָן אַנטאָניאָ מאָרענאָ האָט מען גערופן דאָן קיכאָטס גאַסטגעבער, אַ רײַכער און קלוגער קאַוואַליר, וואָס האָט ליב געהאַט פײַן און אָרנטלעך צו פאַרברענגען. ווי נאָר ער האָט דערזען דאָן קיכאָטן באַ זיך אין שטוב, האָט ער גענומען צוטראַכטן ווי אַזוי ער זאָל, אָן שאָדן, אַרויסרופן זײַנע מעשוגענע גענג, וואָרום אַ שפּאַס טוט נישט וויי און אַ פאַרווײַלעכץ איז קיין פאַרווײַלעכץ נישט, אויב זי ברענגט עמיצן שאָדן.

צום אַלעם ערשטן, האָט ער געזען דאָן קיכאָט זאָל אויסטון זײַן פּאַנצער און זאָל זיך באַווײַזן מיט זײַן ענגן זאַמשענעם קאַמזויל (ווי מיר האָבן אים שוין אַמאָל באַשריבן און אָפּגעמאָלט) אַף אַ באַלקאָן, וואָס גייט אַרויס צו איינער פון די הויפּט־

גאסן, פאר מענטשן און גאסן־יונגען, וואס האבן געקוקט אף אים ווי אף א מאלפע. ווידער זיינען פארביי אים געגאנגען הין און צוריק די לייט מיט די ליווריייעס, ווי מען וואלט זיי דארט אוועקגעשטעלט נישט קעדיי אויפצוהיטערן דעם יאנטעוו־דיקן טאג, נאר ספּעציעל פאר אים. און סאנטשא איז העכסט צופרידן געווען, מאכמעס גערעכט האט זיך אים, אז דא האט ער אנגעטראפן אף נאך איין קאמא־טשאס כאסענע, אף נאך אזא שטוב ווי דאן דיעגא דע מיראנדאס און אף נאך אזא שלאס ווי דעם פירשטס. גענעסן האבן יענעם טאג בא דאן אנטאניא עטלעכע גוטע ברידער זיינע, און אלע האבן זיי זיך באגאנגען מיט דאן קיכאטן ווי מיט א וואנ־דער־ריטער און אים קאוועד אפגעגעבן, און ער האט אנגעקוואלן פאר טיינעג, א פרעכטיקער, אן אויפגעבלאזענער. סאנטשא האט זיך אזוי פיל געוווּרטלט, אז אלע הויז־דינער און ווער נאר עס האט אים געהערט, זיינען מאמעש געווען אנגעהאנ־גען אף זיין מויל.

באם טיש, האט דאן אנטאניא זיך אנגערופן צו סאנטשאן:

— מיר האבן געהערט, ליבער סאנטשא, אז איר זיינט א גרויסער ליבהאבער אף מאיאנעז פון הון און קאטלעטן אין סאוס, און וואס אייך בלייבט אינעם טעלער, באהאלט איר אין בוזעם אף מארגן.

— ניין, מיין האר, ס'איז נישט ריכטיק — האט סאנטשא געענטפערט, — ווארום איך בין מער צוכט ווי נאשער, און מיין האר דאן קיכאט, וואס אט זיצט ער דא, ווייסט גאנץ גוט, אז מיר ביידע קענען מיר דורכלעבן א גאנצע וואך מיט א הויפן דעמבענע אדער וועלטשענע ניס. עמעס, עס טרעפט מען גיט מיר דאס ביקעלע, לויף איך נאכן שטריקעלע, עס איך, הייסט עס, וואס מען גיט מיר און איך נעם זיי צייט ווי זי גייט. אויב אבער עמיצער האט געזאגט, אז איך בין א גרויסער פרעסער און א אומצוכט, מעגט איר זיכער זיין, אז ס'איז נישט עמעס. און איך וואלט עס נאך אנדערש געזאגט, ווען איך זע נישט אזוי פיל בעקאוועדיקע פּעני־מער זיצן באם טיש.

— סאנטשאס ארטיקייט און ציכטיקייט באם עסן — האט דאן קיכאט געזאגט — מעג מען זיכער אויפשרייבן און לאזן אויסקריצן אף בראנדזענע טאוולען, דאס זאל בלייבן אן אנדענק לעדאר דוירעס. עמעס איז, אז ווען ער איז הונגעריק, דאכט זיך דעמאלט, אז ער איז א שטיקל פרעסער, מאכמעס דעמאלט עסט ער שנעל און קייט אף ביידע באקן. די ציכטיקייט, אבער, האלט ער שטענדיק אף דער געהערי־קער הויך און פאר דער צייט וואס ער איז געווען גובערנאטער, האט ער זיך אויס־געלערנט עסן ווי א מעפונעק. ער פלעגט עסן טרויבן און אפילע מילגרוים־קערנער מיט א גאפל.

— וואס! — האט דאן אנטאניא זיך פארוואונדערט, — גובערנאטער איז סאנ־טשא געווען?

— יא — האט סאנטשא געענטפערט, — גובערנאטער פון אן אינדזל מיט דעם נאמען באראטאריא. צען טעג האב איך איבער דעם אינדזל רעגירט וואס בע־סער דארף מען נים. אין די צען טעג האב איך פארלוירן מיין רו און האב מיך אויסגעלערנט פיינט האבן אלע רעגירונגען פון דער גארער וועלט. איך ביז פון

דאָרטן אַנטלאָפן און בין אַרײַנגעפאַלן אין אַ הייל, ווו איך האָב געמיינט, אַז איך בין שוין טויט, און נאָר מיט אַ נעס בין איך פון דאָרט ניצל געוואָרן.

דאָן קיכאָט האָט דערציילט מיט אַלע פּראַטים די מײַסע מיט סאַנטשאָס רעגירן און האָט דערמיט פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגן די צוהערער. ווי מען האָט זיך נאָר אויפגעהויבן פונעם טיש, האָט דאָן אַנטאָניאָ אָנגענומען דאָן קיכאָטן בײַ דער האַנט און איז מיט אים אַרײַנגעגאַנגען אין אַ באַזונדערן צימער, ווו עס איז קיין שום מעבל נישט געווען, אַחוץ אַ יאַשפּענעם טיש אויף איין פוס, און אויף דעם טיש אַ קאָפּ, אַ בראָנדזענער, ווי עס האָט זיך געדאַכט, ווי די קעפּ פון די רוימישע אימפּעראַטאָרס, ביז איבער דער ברוסט. דורכגעשפּאַצירט האָט דאָן אַנטאָניאָ מיט דאָן קיכאָטן דאָס גאַנצע צימער, עטלעכע מאָל זיך אַרומגעדרייט אַרום דעם טיש און צום סוף זיך אָנגערופן:

— און איצט, הער דאָן קיכאָט, ווען איך בין זיכער, אַז קיינער הערט אונדז נישט און די טיר איז צוגעשלאָסן, וויל איך אײַער גענעדיקייט דערציילן איינע פון די זעלטנסטע פּאַסירונגען, אָדער ריכטיקער געזאָגט, נײַסן, וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן, ביטנײַ, אַז דאָס וואָס איך וועל אײַער גענעדיקייט דערציילן, זאָל עס בלײַבן בײַ אײַך אויסבאַהאַלטן אין די ווײַטסטע ווינקעלעך פון אײַערע געהיימענישן.

— איך שווער אײַך — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — און צוליב נאָכמער זיכערקייט, וועל איך דערויף אַ שטיין אַרויפלייגן, וואָרום איך וויל, אַז אײַער גענעדיקייט, הער דאָן אַנטאָניאָ (געוווּסט האָט ער שוין ווי מען רופט אים) זאָל וויסן, אַז איר רעדט מיט אַ מענטשן, וואָס האָט אויערן צום הערן און נישט קיין צונג צום ריידן. אַזוי אַז וואָס אײַער גענעדיקייט טראָגט בײַ זיך פאַרבאָרגן, מעגט איר זיכער אַריבערטראָגן צו מיר אין האַרצן, עלעהיי איר האָט דאָס אַרײַנגעוואָרפן אין די אָפּגרונטן פון דעם שטילשווײַגן.

— מיט דעם פאַרטרויען אויף אײַער צוזאָג, — האָט דאָן אַנטאָניאָ געענטפערט — וויל איך אײַער גענעדיקייט פאַרווונדערן דערמיט וואָס איר וועט דאָ הערן און זען און מיר זאָל גרינגער ווערן די לאַסט וואָס איך טראָג בײַ מיר אויפן האַרצן, מחמת איך האָב נישט מיט וועמען צו טיילן מײַנע סודעס, וואָס נישט איטלעכן קען מען זיי פאַרטרויען.

געשטאַנען איז דאָן קיכאָט און האָט מיט שטוינען געוואַרט צו וואָס די אַלע באַוואָרענישן פירן. און דאָ האָט דאָן אַנטאָניאָ אים בײַ דער האַנט אָנגענומען און האָט מיט איר געפירט איבער דעם בראָנדזענעם קאָפּ, איבער דעם יאַשפּענעם טיש און אויך איבער דעם פוס, וואָס האָט דעם טיש אויף זיך געהאַלטן, און געזאָגט:

— אָט דעם קאָפּ, הער דאָן קיכאָט, האָט געמאַכט איינער פון די גרעסטע קישעפמאַכער און וואָרזאָגער, וואָס די וועלט האָט ווען געהאַט, אַ פּאָלאַק, דאַכט מיר, אַ תּלמיד פון דעם באַרימטן עסקאָטוליאָ, וואָס מען דערציילט זיך וועגן אים אַן אַזוי פיל וווּנדער. געווען איז ער בײַ מיר אין שטוב און פאַר טויזנט טאַלער, וואָס איך האָב אים באַצאָלט, האָט ער אויסגעמײַסטרעוועט אָט דעם קאָפּ, וואָס האָט די אייגנשאַפט און די פעיִקייט צו ענטפערן וואָס נאָר מען פרעגט אים אויפן

אויער. געוואַכט האָט ער אויף די ווענט, געצייכנט אויסיעס, געקוקט אויף די שטערן, ביז ער האָט אים אַרויסגעבראַכט מיט דער שליימעס, ווי מיר וועלן מאָרגן זען. מאַכמעס אין די פּרייטיקן שווייגט ער, און אַזוי ווי היינט איז פרייטיק, הייסט ער אונדז וואַרטן ביז מאָרגן. דערווייל וועט אייער גנעדיקייט קענען צוטראַכטן וואָס איר ווילט פרעגן, מאַכמעס פון דער פּראַקטיק וויים איך, אַז ער ענטפערט נאָר דעם עמעס.

פאַרוווּנדערט איז געבליבן דאָן קיכאָט פון דער אייגנשאַפט און פון דעם קויעד, וואָס דער קאָפּ האָט אין זיך, און האָט געהאַלטן בא נישט גלויבן דאָן אַנ־טאָניאָן. נאָר אַזוי ווי קיין סאַך צייט אויף צו פאָרשן דעם עמעס, איז נישט געווען, האָט ער אים גאָרנישט גיט געוואָלט זאָגן, און האָט אים נאָר געדאַנקט וואָס ער האָט פאַר אים אַנטפּלעקט אַזאַ גרויסן סאָד. ווען זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען פונעם ביידער, האָט דאָן אַנטאָניאָ הינטער זיך די טיר פאַרשלאָסן מיט אַ שליסל, און איז אַריינגעגאַנגען אינעם זאַל צו די אַנדערע קאַוואַלירן.

אין דער צייט האָט זיי סאַנטשאָ דערציילט אַ סאַך פון די גערּאַנגלען און פאַ־סירונגען, וואָס האָבן מיט זיין האַר געטראָפן. יענעם פאַרנאַכט האָבן זיי אַרויסגע־נומען דאָן קיכאָטן אויף אַ שפּאַציר, נישט אינעם פּאַנצער, נאָר שטאָטיש, אין אַ ראָק מיט אַ קאַפּיושאָן פון לייבן־קאָלירטן טוך, וואָס אפילו אייז וואָלט פון אים געשוויצט בא דעם וועטער. באַפוילן האָבן זיי די דינער זיי זאָלן פאַרווײַלן סאַנ־טשאָן אַזוי אַז ער זאָל פון דער שטוב נישט אַרויסגיין. געריטן איז דאָן קיכאָט נישט אויף ראָסינאַנטען, נאָר אויף אַ גרויסן שיין געפּוצטן אָגער מיט אַ גלאַטן טראָט. אָנגע־טון האָט מען אים דעם ראָק, און אויפן רוקן, ער זאָל נישט זען, האָט מען אים צוגע־שפּיליעט אַ פּאַרמעט און מיט גרויסע אויסיעס אויפגעשריבן: „דאָס איז דאָן קי־כאָט פון לאַ מאַנטשאַ". ווי נאָר דער שפּאַציר האָט זיך אָנגעהויבן, אַזוי האָט אַלע־מענס אויגן גערופן די אויפשריפט און אַלע האָבן געלייענט: „דאָס איז דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ", און דאָן קיכאָט האָט זיך געוווּנדערט וואָס אַלע קוקן אויף אים און אַלע רופן אים אָן באַם נאָמען און קענען אים. און אומגעדרייט האָט ער זיך צו דאָן אַנטאָניאָן, וואָס איז לעבן אים געריטן און אים געזאָגט:

— גרויס איז דער זכות פון דעם וואַנדער־ריטערטום, וואָס מאַכט באַקאַנט און באַרימט די וואָס באַלאַנגען צו אים איבער אַלע עקן וועלט. גיט אַ קוק, אייער גנעדיקייט, האַר דאָן אַנטאָניאָ, אפילו די גאַסן־יונגען דאָ, וואָס האָבן מיך קיינ־מאָל נישט געזען, קענען מיך.

— ריכטיק, האַר דאָן קיכאָט — האָט געענטפערט דאָן אַנטאָניאָ; — אַזוי ווי דאָס פייער קען מען נישט אויסבאַהאַלטן און באַגראָבן, קען אויך די טוגנט נישט בלייבן אומבאַקאַנט. און די טוגנט, וואָס ווערט דערגרייכט מיט דעם באַרוף פונעם געווער, גלאַנצט און פלאַטערט איבער אַלע אַנדערע טוגנטן.

אינמיטן דער קלאַטשערײַ, קומט צו אַ קאַסטעליאַנער, וואָס האָט איבערגע־לייענט דאָס שילדל אויף דאָן קיכאָטס רוקן און נעמט שרייען:

— אָט האָסטו דיר צום טייוול דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ! וואָס, דו לעבסט נאָך, נאָך די אָן אַ שיר קלעפּ, וואָס דו האָסט באַקומען? ביזט אַ מעשוגענער, נאָר

וואָלסטו דיר געוועזן מעשוגע פֿאַר זיך, הינטער די טירן פֿון דײַן מעשוגאַעס, וואָלט נאָך געוועזן אַ האַלבע צאָרע, נאָר דו האָסט אַ קויעך מעשוגע און דול צו מאַכן יעדן איינעם וואָס האָט מיט דיר אַ מאַגעמאַסע. טאָמער גלויבסטו מיר נישט, גיב אַ קוק אַף די האַרן, וואָס באַגלייטן דיך. פֿאַר אַהיים, דו מעטורעף, און גיב אַכטונג אַף דײַן באַלעבאַטישקייט, אַף דײַנע ווײַב און קינדער, און לאָז דיך אָפּ פֿון די פּוסטע זאַכן, וואָס צעפּרעסן דיר דעם מויעך און הייבן אַראָפּ בײַ דיר דעם סייכל.

— ברודער — האָט דאָן אַנטאָניאָ זיך צו אים אָנגערופֿן, — גייט אײַך אײַער וועג און שטופּט אײַך נישט מיט אײַערע אייצעס ווו מען בעט זיי ניט בײַ אײַך. דער האַר דאָן קיכאָט פֿון לאַ מאַנטשאַ איז אַ קלאָרער מענטש, און מיר, זײַנע באַגלייטער, זײַנען נישט קיין טיפּשים. טוגנט פֿאַרדינט קאָוועד ווו נאָר זי באַווײַזט זיך. און גייט אײַך צום שוואַרץ יאָר און מישט אײַך נישט ווו מען רופֿט אײַך נישט.

— איר זענט גערעכט, בענעמאָנעס, אײַער גענעדיקייט — האָט דער קאַסטעליאַנער געענטפֿערט. — דעם מענטשן אייצעס געבן, איז ווי בריקען מיט דעם פֿוס קעגן אַ גיפֿט פֿון אַ בין. דאָך איז מיר אַ שאָד, וואָס דער גרויסער סייכל, וואָס דער מעטורעף ווײַזט אַרויס, זאָגט מען, אין אַלע אַנדערע זאַכן, רינט בײַ אים אויס דורך דער רינע פֿון זײַן וואַנדער־ריטערטום. און דאָס שוואַרץ יאָר, וואָס אײַער גענעדיקייט ווינטשט מיר, נעם איך פֿאַר מיר און פֿאַר מײַנע קינדס קינדער, אויב איך וועל פֿון הײַנט און ווײַטער, איך זאָל אַפֿילע לעבן מעסושעלעכס יאָרן, עמיצן אַן אייצע געבן, מען זאָל מיך אַפֿילע בעטן.

דער באַלוויעץ איז אַוועק, דער שפּאַציר איז זיך ווײַטער געגאַנגען, נאָר געוואָרן איז אַזוי גרויס דער געדרענג פֿון די יונגען און גלאַט מענטשן, וואָס זײַנען נאָכגעגאַנגען און געלייענט דאָס שילדל, אַז דאָן אַנטאָניאָ האָט דאָס געמוזט אַראָפּנעמען, ווי ער וואָלט בײַ אים אַראָפּגענומען ווער ווייס וואָס.

ס'איז נאַכט געוואָרן, זײַנען זיי אַהיימגעקומען. דאַמען זײַנען זיך צונויפֿגעקומען פֿאַרברענגען, מאַכמעס דאָן אַנטאָניאָס ווײַב, אַן אָנגעזעענע און פֿריילעכע דאַמע, אַ שיינע און אַ קלוגע, האָט פֿאַרבעטן צו זיך אירע כאַווערטעס זיי זאָלן קומען באַערן דעם גאַסט און פֿאַרגעניגן האָבן פֿון זײַנע אומדערהערטע מעשוגאַסן. מען האָט אָפּגעגעסן אַ פּרעכטיקע וועטשערע און די טענץ האָבן זיך אָנגעהויבן אַרום צען אַזייגער אין דער נאַכט. געווען זײַנען צווישן די דאַמען צוויי שטיפֿערקעס, שפּאַסמאַכערקעס, און כאָטש געווען זײַנען זיי גאַנץ אָרנטלעכע, האָבן זיי זיך אָבער אַ ביסל צו פֿיל דערוועגט, מאַכמעס געוואָלט האָבן זיי דער שפּאַס זאָל פֿאַרווײַלן און נישט לאַנגווײַלן. די דאָזיקע דאַמען האָבן איינע נאָך דער אַנדערער מיט אַזאַ אימפּעט גענומען דאָן קיכאָטן צום טאַנצן, אַז ער איז פֿון זיי אַרויס אַ צעבראָכענער נישט נאָר מיט דעם גוף, נאָר אויך מיט דער נעשאָמע. ס'איז געווען אַף בידושים צו קוקן ווי דאָן קיכאָט טאַנצט, אַ לאַנגער, אַן אויסגעצויגענער, אַ דאַרער און אַ געלער, אין זײַן שמאָלן מאַלבעש, אומגעשיקט און דער איקער אומבאַוועגלעך.

— פֿוגיטע פּאַרטעס אַדווערסאַיע! (אַוועקט מײַנע קעגנער) לאָזט מיך אין מײַן

רו, מאַכשאָוועס אומגעבעטענע: נעמט אײַך אין די הענט אַרײַן, מײַנע דאַמען, און צוימט אײַערע באַגערן, וואָרום די קיניגן פון מײַנע באַגערן, די אָן א גלײַכן דול־צינעאַ פון טאָבאָסאָ, דערלאָזט נישט, אַז אַנדערע, נישט אירע באַגערן, זאָלן מיך באַהערשן און אונטערטעניק מאַכן.

און ווי ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אינמיטן זאַל אױף דער ערד, אַ צעמאַלענער און צעבראָכענער פון אַזוי פיל טאַנצן. דאָן אַנטאָניאָ האָט גע־זען מען זאָל אים אַוועקפירן צו זיך אין בעט און דער ערשטער וואָס האָט אים אָנ־גענומען בײַ דער האַנט, איז געווען סאַנטשאָ, וואָס האָט אים דערבײַ געזאָגט:

— אין אַ אומגליקלעכער שאָ, מײַן האַר, האָט איר גענומען טאַנצן! איר מיינט, אַ פּאָנים, אַז אַלע גיבורים זײַנען טענצער און אַלע וואַנדער־ריטער זײַנען באַלעט־מײַסטערס? אויב איר מיינט אַזוי, זאָג איך אײַך, אַז איר האָט אַ טאָעס: איינער קען זיך אונטערנעמען גיכער אַ ריז צו דערהאַרגענען איידער אַ האָפּקע צו טון. וואָלט איר באַדאַרפט אויסטופּען, וואָלט איך עס פאַר אײַך געטון, וואָרום איך טופּע אויס אַ טענצל, ווי אַ שפּאַרבער, נאָר וואָס שײַעך טאַנצן, קען איך קיין פוס נישט שטעלן.

מיט די און נאָך אַזוינע רייד, האָט סאַנטשאָ אַרויסגערופן געלעכטער בײַ די דאַמען און קאַוואַלירן, און האָט זײַן האַר אין בעט אַרײַנגעלייגט און האָט אים אײַנ־געדעקט ער זאָל אויסשוויצן די קעלט פון זײַן טאַנצן.

אױפן צווייטן טאָג האָט דאָן אַנטאָניאָ געפונען פאַר פּאַסיק צו מאַכן דעם סעאַנס מיט דעם פאַרקישעפטן קאָפּ, און פאַרשלאָסן האָט ער זיך אין דעם ביידער, ווו דער קאָפּ איז געשטאַנען, מיט דאָן קיכאָטן, סאַנטשאָן און נאָך צוויי גוטע ברידער, מיט די צוויי דאַמען, וואָס האָבן יענע נאַכט פאַרמאַטערט דאָן קיכאָטן מיט דעם טאַנצן און זײַנען געבליבן נעכטיקן מיט דאָן אַנטאָניאָס ווײַב. דערציילט האָט ער וואָס פאַר אַ קויעך דער קאָפּ האָט אין זיך, האָט זיי געבעטן האַלטן דעם סאָד און האָט זיי געזאָגט, אַז ער פּרוּווט איצט אויס צום ערשטן מאָל דעם קויעך פון דעם פאַר־קישעפטן קאָפּ און אַז אַ חוץ די צוויי גוטע ברידער זײַנע, ווייסט קיינער נישט אין וואָס דער קישעוף באַשטייט, און וואָלט ער זיי פריער נישט געווען דערציילט, וואָלטן זיי אויך אַזוי נעגאַפּט ווי די אַנדערע: אַזוי קונציק און אױף אַזאַ אַרט איז ער גע־מאַכט. דער ערשטער איז צוגעגאַנגען צום אויער פונעם קאָפּ דאָן אַנטאָניאָ אַליין, און מיט אַ שוואַכן קאָל, נאָר נישט אַזוי שטיל, אַז מען זאָל אים נישט הערן, האָט ער געזאָגט:

— זאָג מיר, קאָפּ, מיט דעם קויעך, וואָס דו האָסט אין זיך, וואָס טראַכט איך איצט?

און געענטפערט האָט אים דער קאָפּ, אָן אַ ריר מיט די ליפּן, מיט אַ קלאָרן און דײַטלעכן קאָל, אַזוי אַז אַלע האָבן אים געהערט, אָט די ווערטער:

— איך מישפּעט נישט קיין געדאַנקען.

געבליבן זײַנען אַלע דערשטוינט ווען זיי האָבן דאָס דערהערט, ביפראַט ווען זיי האָבן געזען, אַז אַרום טיש און אינעם גאַנצן ביידער איז קיינער נישטאָ וואָס זאָל געווען קענען ענטפערן.

— וויפל זײַנען מיר דאָ? — האָט דאָן אַנטאָניאָ ווידער געפרעגט.

און געענטפֿערט האָט מען אים שטילער, נאָר מיט דעם זעלביקן קאָל:

— דו מיט דײַן װײַב, מיט צװײ דײַנע גוטע ברידער און צװײ אירע כאַװע־טעם, און אײנער אַ באַרימטער ריטער מיט דעם נאָמען דאָן קיכאָט פֿון לאַ מאַנ־טשאַ, און זײַנער אַ װאָפּנטרעגער, װאָס סאַנטשאָ פּאַנצאַ איז זײַן נאָמען.

דאָ האָבן זיך מיט אַן עמעסן אַלע פֿאַרװוּנדערט! דאָ האָבן זיך מיט אַן עמעסן באַ אַלעמען די האָר אױפֿגעשטעלט פֿאַר שרעק! און אָפּגעטראָטן איז דאָן אַנטאָ־ניאָ פֿונעם קאָפּ און האָט זיך אָנגערופֿן:

— דאָס איז פֿאַר מיר גענוג אַף צו װיסן, אַז דער װאָס האָט מיר אים פֿאַר־קױפֿט, האָט מיך נישט באַשװינדלט. אַ װיסנדיקער קאָפּ, אַ רײדנדיקער קאָפּ, אַן ענטפֿערנדיקער קאָפּ, אַ װוּנדערלעכער קאָפּ! זאָל נאָך עמיצער צוגײן און פֿרעגן װאָס ער װיל.

און אַזױ װי װײַבער זײַנען בעטעװע נײַגיריק, איז די ערשטע צוגעגאַנגען אײ־נע פֿון זײַן װײַבס כאַװערטעס און האָט געפֿרעגט:

— זאָג מיר, קאָפּ: װאָס דאַרף איך טון אַף צו זײַן זײער שײן?

און באַקומען האָט זי דעם ענטפֿער:

— זײער אָרנטלעך זײַן.

— מער פֿרעג איך דיך נישט — האָט די פֿרעגערקע געזאָגט.

נאָך איר איז צוגעגאַנגען די צװײטע און האָט געזאָגט:

— איך װיל װיסן, קאָפּ, צי האָט מיך מײַן מאַן ליב אָדער ניט.

און געענטפֿערט האָט מען איר:

— זע װאָס ער טוט פֿאַר דיר, װעסטו װיסן.

די כאַסענע געהאַטע איז אָפּגעטראָטן און געזאָגט:

— אַף דעם ענטפֿער האָט מען נישט באַדאַרפֿט פֿרעגן, װאָרום פֿון דעם װאָס אײנער טוט, זעט מען דעם װילן װאָס ער האָט דאָס צו טון.

דערנאָך איז צוגעגאַנגען אײנער פֿון דאָן אַנטאָניאָס גוטע ברידער און האָט געפֿרעגט:

— װער בין איך?

און געענטפֿערט האָט מען אים:

— דו װײסט עס.

— ניט דאָס פֿרעג איך דיך — האָט דער קאַװאַליר געענטפֿערט, — איך פֿרעג צי דו קענסט מיך.

— יאָ, איך קען דיך — האָט מען אים געענטפֿערט, — דו ביזט פּעדראָ נאָריז.

— מער װיל איך נישט װיסן, פֿאַר מיר איז עס גענוג, אָ, קאָפּ, איך זאָל דער־פֿון זען, אַז דו װײסט אַלץ.

ער איז אָפּגעטראָטן און צוגעגאַנגען איז דער צװײטער גוטער ברודער און האָט געפֿרעגט:

— זאָג מיר, קאָפּ, װאָס אַזױנס װינטשט זיך מײַן עלצטער זון?

— איך האָב שױן געזאָגט — האָט מען אים געענטפֿערט — אַז איך מיש־

פּעט נישט קיין ווּנטשן. דאָך, קען איך דיר זאָגן, אַז דײַן זונס ווּנטש איז דיך צו באַגראָבן.

— ריכטיק — האָט דער קאַוואַליר געזאָגט, — וואָס איך זע מיט די אויגן, דאָס ווײַז איך מיט דעם פינגער.

און מער האָט ער נישט געפרעגט. צוגעגאַנגען איז דאָן אַנטאָניאָס ווײַב און האָט געזאָגט:

— איך ווייס נישט, קאָפּ, וואָס איך זאָל בא דיר פרעגן. איך האָב נאָר גע־וואָלט וויסן צי וועל איך נאָך לאַנגע יאָרן האָבן מײַן גוטן מאַן.

און געענטפערט האָט מען איר:

— יאָ, דו וועסט אים האָבן, וואָרום זײַן געזונט און זײַן געמעסיקטער אַרט לעבן זאָגן צו לאַנגע יאָר, וואָס אַ סאַך פאַרקירצן זיי דערמיט וואָס זיי כאַפּן אי־בער די מאָס.

— צוגעגאַנגען איז דערנאָך דאָן קיכאָט און האָט געזאָגט:

— זאָג מיר דו, וואָס דו ענטפערסט, איז עס געווען אַ וואָר אָדער אַ כאָלעם דאָס וואָס איך דערצייל וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט אין דער מאָנטעסינאָס־הייל? זײַנען זיכער די שמיץ פון סאַנטשאָ מײַן וואָפנטרעגער? וועט דולצינעאַ פרײַ ווערן פון איר קישעף?

— וואָס שײַעך דער הייל — האָט מען געענטפערט, — איז פאַראַן אַ סאַך וואָס צו זאָגן: פאַראַן דערין אַלץ. סאַנטשאָס שמיץ וועלן גיין פּאַמעלעך. דולצי־נעאַס דערלייזונג וועט מעקויעם ווערן.

— מער וויל איך נישט וויסן — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט; — וועל איך נאָר זען דולצינעאַן אַ דערלייזטע, וועט זיך מיר דאַכטן, אַז אַלע מײַנע ווּנטשן זײַנען מיר מיטאַמאָל מעקוים געוואָרן.

דער לעצטער פרעגער איז געווען סאַנטשאָ, און געפרעגט האָט ער אָט וואָס:

— עפּשער ווייסטו, קאָפּ, צי וועל איך ווידער אַמאָל רעגירן? וועל איך מיך באַפרײַען פון דער וואָפנטרעגערישער נויט? וועל איך נאָכאַמאָל זען מײַן ווײַב און קינדער?

דערויף האָט מען אים געענטפערט:

— וועסט רעגירן בא דיר אין דער היים. און אויב דו וועסט אַהיימגיין, וועסטו זען דײַן ווײַב און קינדער. און אַז דו וועסט מער נישט דינען, וועסטו מער קיין מעשאָרעס נישט זײַן.

— כ׳לעב גוט! — האָט סאַנטשאָ פּאַנצאַ געזאָגט. — איך אַליין וואָלט דאָס געזאָגט, דער נאָווי פּעראָגרוליאָ וואָלט מער נישט געזאָגט.

— בעהיימע — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט — וואָס ווילסטו זאָל מען דיר ענטפערן? איז דיר קאַרג וואָס דער קאָפּ ענטפערט דערויף וואָס מען פרעגט אים?

— מיר איז גענוג — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — איך וואָלט אָבער וועלן ער זאָל מיר זאָגן מער און דײַטלעכער.

דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט דאָס פרעגן מיט דעם ענטפערן, נאָר נישט פאַרענדיקט האָט זיך אַלעמענס פאַרווּנדערונג, אַכוץ פון די צוויי גוטע ברידער,

וואָס האָבן געוווּסט וואָס אַזוינס דאָ קומט פֿאָר. סידע האַמעטע האָט געפֿונען פֿאַר נויטיק דעם איניען טייקעף אויפֿצוקלערן קעדיי נישט צו האַלטן די וועלט אין שטוינען און קעדיי מען זאָל נישט מיינען, אַז עפּעס אַן אויסטערלישער גע־היימנישפֿולער קישעפֿמאַכער האָט זיך באַזעצט אין דעם קאָפּ. דערום זאָגט ער דאָ, אַז דאָן אַנטאָניאָ האָט דעם קאָפּ נאָכגעמאַכט אַ צווייטן אַזאַ, וואָס ער האָט גע־האַט געזען אין מאַדריד, אויסגעאַרבעט פֿון איינעם אַ גראַווירער, ווי אַ צײַט־פֿאַרטרײַב און אַף איבערצוראַשן די אומווויסנדיקע, און געמאַכט איז ער געווען אַזוי: די ברעט פֿונעם טיש איז געווען אַ הילצערנע, אָפּגעפֿאַרבט און אָפּגעלאַקירט ווי יאַשפּע, און דער פֿוס, וואָס אַף אים האָט זיך די ברעט געהאַלטן, איז אויך געווען אַ הילצערנער, מיט פֿיר אָדלער־קראַלן, וואָס זײַנען זיך פֿון דעם פֿוס פֿונ־נאַנדערגעגאַנגען, פֿון פֿעסטקייט וועגן. דער קאָפּ, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ מעד־דאַל מיט דעם פּאָנים פֿון אַ רוימישן קייסער און אָפּגעפֿאַרבט מיט בראָנדז־קאָ־ליר, איז אינעווייניק געווען אינגאַנצן הויל, און דאָס אייגענע די ברעט פֿונעם טיש, ווו ער איז געווען אַזוי אײַנגעפּאַסט, אַז מען האָט נישט אָנגעזען ווו זיי קומען זיך צונויף. דער פֿוס איז אויך געווען אַן אויסגעהוילטער און איז זיך צו־נויפֿגעקומען מיט דעם האַלדז און מיט דער ברוסט פֿון דעם קאָפּ, און דאָס אַליץ איז זיך צונויפֿגעקומען מיט אַ צווייטן ביידער, אונטער דעם ביידער ווו דער קאָפּ איז געשטאַנען. דאָרט איז צו דער אויסהוילונג געווען צוגעמאַכט אַ בלעכענער רער אַזוי אַז קיינער זאָל אים נישט קענען זען. און אָט אין דעם אונטערשטן ביי־דער האָט זיך אַוועקגעשטעלט דער וואָס האָט באַדאַרפֿט ענטפֿערן, מיט דעם מויל צום רער צוגעשטעלט, און געגאַנגען איז דאָס קאָל פֿון אויבן אַראָפּ און פֿון אונ־טן אַרויף קלאָר און דײַטלעך, און מען האָט אַזוי אַרום נישט געקענט דערקענען דעם שווינדל. דאָן אַנטאָניאָס אַ פּלימעניק, אַ שטודענט מיט אַ שאַרף קעפּל, איז געווען דער ענטפֿערער. אַזוי ווי דער פֿעטער זײַנער האָט אים פֿריער צו וויסן גע־געבן ווער עס וועט יענעם טאָג זײַן מיט אים אינעם ביידער מיטן קאָפּ, איז אים גרינג געווען פֿינקטלעך צו ענטפֿערן אַף דער ערשטער פֿראַגע. אַף די איבעריקע האָט ער שוין געענטפֿערט לויט זײַן אייגענער האַשאָרע און ווי אַ קלוגער, גאַנץ קלוג.

און נאָך דערציילט אונדז סידע האַמעטע, אַז די דאָזיקע וווּנדערלעכע מאַ־שין האָט זיך געהאַלטן נישט מער ווי צען אָדער צוועלף טעג, מאַכמעס פֿאַר־שפּרייט האָט זיך אין שטאָט דאָס נײַעס, אַז דאָן אַנטאָניאָ האָט בײַ זיך אין שטוב אַ פֿאַרקישעפֿטן קאָפּ, וואָס ענטפֿערט אַף אַליץ וואָס מען פֿרעגט אים, און אַזוי ווי ער האָט מוירע געהאַט דאָס זאָל נישט דערגיין צו די היטער פֿון אונדזער גלויבן, וואָס שלאָפֿן נישט, האָט ער אויפֿגעקלערט די זאַך פֿאַר די האַרן אינקווי־זיטאָרן, און זיי האָבן אים געהייסן די מאַשין פֿונאַנדערנעמען און מער זאָל מען נישט הערן פֿון איר, קעדיי דער אומווויסנדיקער האַמוין זאָל נישט אויפֿגעבראַכט ווערן. נאָר אין געדאַנק בײַ דאָן קיכאָטן און סאַנטשאָ פּאַנצאַן איז דער קאָפּ פֿאַרבליבן אַ פֿאַרקישעפֿטער און אַן ענטפֿערנדיקער, מער צו דאָן קיכאָטס ווי צו סאַנטשאָס צופֿרידנקייט.

אַף דאָן אַנטאָניאָס באַקאָשע און צום קאָוועד פון דאָן קיבאָטן, האָבן די קאַ־וואַלירן פון דער שטאָט געגרייט אַ רינגל־געוועט אין זעקס טעג אַרום, וואָס איז נישט פאָרגעקומען, צוליב אַן איניען, וואָס וועט ווייטער אויפגעקלערט ווערן. פאַר־גלוסט האָט זיך דאָן קיכאָטן מאַכן אַ שפּאַציר איבער דער שטאָט צו פוס און פּאַשעט, אויס מוירע די יונגען זאָלן אים נישט נאָכלויפן ווען ער וועט זיך באַ־וויזן רייטנדיק, און ער מיט סאַנטשאָן מיט נאָך צוויי דינער, וואָס דאָן אַנטאָניאָ האָט זיי מיטגעגעבן, זיינען אַרויס שפּאַצירן. דורכגעגאַנגען זיינען זיי אַ גאַס, ווו דאָן קיכאָט האָט די אויגן אויפגעהויבן און האָט דערזען איבער אַ טיר אָנגעשריבן מיט גרויסע אויסיעס: „דאָ דרוקט מען ביכער". דאָס האָט אים שטאַרק געפרייט, וואָרום ביז דעמאָלט האָט ער נאָך נישט געהאַט געזען קיין דרוקעריי, און געוואָלט האָט ער זען ווי זי זעט אויס. אַריינגעקומען איז ער מיט זיין גאַנצן באַגלייט, און געזען האָט ער אַף איין אָרט דרוקט מען, אַף אַ צווייטן אָרט קאָרעק־טירט מען, דאָ זעצט מען, דאָרט פאַריכט מען, און ביכלאַל די גאַנצע מאַשי־נעריע, וואָס מען זעט אין די גרויסע דרוקערייען.

צוגעגאַנגען איז דאָן קיכאָט צו אַ קאַסטן און האָט געפרעגט וואָס מען טוט דאָרטן. די מייסטערס האָבן אים געוויזן און ער האָט זיך געוווּנדערט און איז ווייטער געגאַנגען און זיך אָפּגעשטעלט לעבן די אַנדערע. איינעם האָט ער געפרעגט וואָס ער טוט, און דער מייסטער האָט אים געענטפערט:

— מיין האַר, אָט דער קאַוואַליר, וואָס איר זעט דאָ, — און אָנגעוויזן אַף אַ שטאַלטנעם פאַרשוין מיט אַן ערנסטן פּאָנים — האָט איבערגעזעצט אַ טאָסקאַ־נישן בוך אין דער קאַסטעליאַנישער שפּראַך, און איך זעץ אים אויס צום דרוקן.

— ווי הייסט דאָס בוך? — האָט דאָן קיכאָט געפרעגט.

געענטפערט האָט אים דער מעכאַבער:

— אין טאָסקאַניש, מיין האַר, רופט זיך דאָס בוך „לע באַגאַטעללע".

— און וואָס מיינט „לע באַגאַטעללע" אין אונדזער קאַסטעליאַניש? — האָט דאָן קיכאָט געפרעגט.

— „לע באַגאַטעללע„ — האָט דער מעכאַבער געזאָגט — איז ווי מיר וואָלטן אין אונדזער לאַשן געזאָגט דאָס שפּילצייג. און כאָטש דער נאָמען פון דעם בוך איז אַ באַשיידענער, זיינען אין דעם פאַראַן גוטע און עמעסע טאָך־זאַכן.

— איך — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט פאַרשטיי אַ ביסל טאָסקאַניש, און איך קען מיך באַרימען, אַז איך זינג אייניקע סטאַנסן פון אַריאָסטאָ. נאָר זאָגט מיר, אייער גענעדיקייט, האַר מיינער (און איך זאָג עס נישט מאַכמעס איך וויל נעמען דעם סייכל פון אייער גענעדיקייט אָפּ פאַרהער, נאָר אויס פּאַשעטער נייגערי־קייט), האָט איר אַמאָל אָנגעטראָפן אין טאָסקאַנישער שריפט דאָס וואָרט „פּי־ניאַטאַ"?

— יאָ, אַ סאַך מאָל אָנגעטראָפן — האָט דער מעכאַבער געענטפערט.

— און ווי זעצט דאָס איבער אייער גענעדיקייט אין קאַסטעליאַנישן לאָשן? — האָט דאָן קיכאָט געפרעגט.

— ווי זאָל איך דאָס איבערזעצן — האָט דער מעכאַבער געענטפערט — אַז נישט „אַליאַ” (אַ טאַפּ)?

— אַהאַ — האָט דאַן קיכאַט געזאָגט, — סאַראַ מיַידים איר זיַינט אין דער טאָסקאַנישער שפּראַך! איך קען גיין אין אַ גרויס געוועט, אַז דאָרט ווו עס זאָגט זיך אין טאָסקאַניש „פּיאַטשע” שריַיבט איַיער גנעדיקייט „פּלאַסע”, ווו עס זאָגט זיך „פּיו” שריַיבט איר „מאַס”, ווו „סו” פאַרטיַיטשט איר „אַריבאַ” און ווו „גיו” — אַבאַכאָ.

— יאָ, אַזוי פאַרטיַיטש איך — האָט דער מעכאַבער געזאָגט, — וואָרום דאָס איז זייער ריכטיקער טיַיטש.

— איך קען שווערן — האָט דאַן קיכאַט געזאָגט, — אַז איַיער גנעדיקייט איז נישט באַקאַנט אין דער וועלט, וואָס האָלט נישט פון באַלוינען די צעבליטע גייַסטער און די לויבנסווירדיקע מי. וויפל פעיִקייטן דאַ גייען פאַרלוירן! וויפל גייַסטער עס זיַינען פאַראַן אין אַ ווינקל פאַרשטעקטע! וויפל טאַלאַנטן נית דערשאַצטע! פון דעסט וועגן, דאַכט זיך מיר, אַז איבערזעצן פון איין שפּראַך אין דער צווייטער, ביפּראַט פון גריכיש און לאַטיין, די קיניגנס פון די שפּראַכן, איז ווי מען וואָלט געקוקט אַף אַ פלעמישן טעפּיך פון דער לינקער זיַיט; כאָטש מען זעט די פיגורן, זיַינען זיי פול מיט פעדים וואָס פאַרווישן זיי און מען זעט זיי נישט אַזוי גלאַט און נעט ווי אַף דער פאָדער־זיַיט. און איבערזעצן פון גרינגע שפּראַכן פאָדערט נישט קיין סייכל און אויך נישט די קונסט פון בויען אַ זאַץ, ווי עס פאָדערט זיך ניט ווען מען קאָפּירט אָפּ פון איין פּאַפּיר אַף דעם צווייטן. איך מיין נישט דערמיט צו זאָגן, אַז די אַרבעט פון איבערזעצן פאַרדינט נישט קיין לויב, וואָרום דער מענטש וואָלט זיך געקענט פאַרנעמען מיט ערגערע זאַכן, וואָס זאָלן אים נאָך ווייניקער נוצן ברענגען. פון דעם צעטל שליס איך אויס צוויי באַרימטע איבערזעצער: איינער איז דער דאָקטער קריסטאָבאַל פיגעראָאַ מיט זיַין „פּאַסטעך פידאָ”, און דער צווייטער איז דאַן כואַן דע כאַורעגי מיט זיַין „אַמינטאַ”, וואָס מען קען באַ זיי בעעמעס נישט וויסן ווו עס איז די איבערזעצונג און ווו דער אָריגינאַל. נאָר זאָגט מיר, איַיער גנעדיקייט, דרוקט איר דעם בוך אַף איַיער כעשבן אָדער איר האָט פאַרקויפט דאָס רעכט עמיצן אַ בוכהענדלער?

— איך דרוק עס אַף מיַין כעשבן — האָט דער מעכאַבער געענטפערט — און איך רעכן פאַרדינען דערביַי צום ווינציקסטן טויזנט דוקאַטן פון דער ערשטער אויפלאַגע, וואָס וועט באַשטיין פון צוויי טויזנט עקזעמפּלאַרן, און וועלן זיך פאַרקויפן, איינס און צוויי, אַף זעקס גילדן אַן עקזעמפּלאַר.

— איַיער גנעדיקייט, זעט מען, איז געפאַלן אַפּן סייכל! — האָט דאַן קיכאַט געזאָגט — קענטיק, אַז איר ווייסט נישט וואָסערע הויצאָעס און וואָסערע האַכנאָסעס די דרוקער האָבן און וואָס זיי בליַיבט אינעם אונטערצי. איך בין איַיך מאַוועטיעך, אַז ווען איר וועט איַיך דערזען באַלאָדן מיט די צוויי טויזנט עקזעמפּלאַרן, וועט איר איַיך דערפילן אַזוי דערדריקט, אַז אַ שרעק וועט איַיך אַרומכאַפּן, ביפּראַט ווען דאָס בוך איז אַ ביסל אויסערן וועג און נישט פּיקאַנט.

— וואָס זשע! — האָט דער מעכאַבער געזאָגט — איַיער גנעדיקייט מיינט,

אז איך וואָלט דאָס באַדאַרפֿט אָוועקגעבן אַ בוכהענדלער און ער זאָל מיר פֿאַר דעם רעכט געבן דרײַ גראָשן און נאָך מיינען, אַז ער טוט מיר אַ טויווע, וואָס ער גיט זיי מיר? איך דרוק נישט מײַנע ביכער קעדיי באַרימט צו ווערן: איך וויל נוצן האָבן, וואָרום אָן דעם נוצן האָט די באַרימטקייט קיין גראָשן נישט די ווערט.

— זאָל אײַך גאָט געבן אַ גרינגע האַנט — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט.

און איז צוגעקומען צו אַ צווייטן קאַסטן, ווו ער האָט געזען קאָרעקטירן אַ בויגן פֿון אַ בוך מיט דעם נאָמען „דאָס ליכט פֿון דער נעשאָמע", און ווי ער האָט דאָס דערזען, האָט ער זיך אָנגערופֿן:

— אָט אַזוינע ביכער, כאָטש פֿאַראַן זײַנען שוין געגוג פֿון דעם מין, דאַרפֿן געדרוקט ווערן, וואָרום פֿאַראַן זײַנען גענוג זינדיקע און מען דאַרף האָבן אַ סאַך ליכט פֿאַר די פֿאַרפֿירטע.

געגאַנגען איז ער ווײַטער און האָט געזען מען קאָרעקטירט אַ צווייט בוך, און ווען ער האָט געפֿרעגט ווי דאָס רופֿט זיך, האָט מען אים געענטפֿערט, אַז דאָס איז „די צווייטע טייל פֿון דעם אַדעליקן באַלמויעך דאָן קיכאָט פֿון לאַ מאַנטשאַ", פֿאַרפֿאַסט פֿון איינעם אַ טוישעוו פֿון טאָרדעסיליאַ.

— וועגן דעם בוך האָב איך שוין געהערט — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — און איך זאָג אײַך בעעמעס און גאַנץ אויפֿריכטיק, אַז איך האָב געמיינט ער איז שוין פֿאַר זײַן בוצפֿע לאַנג פֿאַרברענט און צו שטויב געמאַכט, נאָר קומען וועט אויך אױף אים אַ טאָג, ווי אױף יעדן כאַזער, וואָרום אויסגעטראַכטע געשיכטעס זײַנען גוט און פֿאַרגעניגנדיק אױף אַזוי פֿיל אױף וויפֿל זיי זײַנען נאָנט צום עמעס אָדער זעען אויס ווי אָן עמעס, און די עמעסע, וואָס עמעסער זיי זײַנען אַלץ בעסער זײַנען זיי.

געזאָגט האָט ער עס מיט אַ קענטיקן פֿאַרדרוס און איז אַרויס פֿון דער דרוקעריי. דעם אייגענעם טאָג האָט דאָן אַנטאָניאָ געהייסן אים פֿירן צום ברעג יאַם אָנקוקן די גאַליערעס, וואָס זײַנען דאָרט געשטאַנען, און סאַנטשאָ האָט זיך שטאַרק געפֿרייט דערמיט, וואָרום ער האָט נאָך אױף זײַן לעבן קיין גאַליערעס נישט געהאַט געזען.

דאָן אַנטאָניאָ האָט צו וויסן געגעבן דעם שעף פֿון די גאַליערעס, אַז דעם פֿאַרנאַכט פֿירט ער אַהין זײַן גאַסט, דעם באַרימטן דאָן קיכאָט פֿון לאַ מאַנטשאַ, וואָס דער שעף פֿון די גאַליערעס און אַלע שטאָטישע איינוווינער האָבן שוין געהערט פֿון אים. און וואָס מיט אים האָט אױף די גאַליערעס פּאַסירט, וועט זיך דערציילן אינעם ווײַטערדיקן קאַפּיטל.

# דריי און זעכציקסטער קאַפּיטל

**ווי סאַנטשאָ פּאַנצאַן איז נישט געראָטן דער באַזוך אַף די גאַליערעס און די נייַע פּאַסירונג מיט דעם שיינעם מאָרישן מיידל.**

לאַנג האָט דאָן קיכאָט געטראַכט איבער די ענטפערס פון דעם פאַרקישעפטן קאָפּ און איז דאָך נישט געפאַלן אַפן שווינדל, און אַלע זייַנע מאַכשאָוועס זייַנען געווען געווענדעט צו דעם צוזאָג, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר זיכער, וועגן דולצינעעס דערלייזונג. אומגעשפּאַנט האָט ער הין און צוריק און אין האַרצן זיך געפרייט און געגלויבט, אַז אינגיכן וועט דאָס מעקויעם ווערן. און סאַנטשאָ, כאָטש דערעסן האָט אים צו זייַן גובערנאַטער, ווי עס איז שוין געזאָגט, האָט זיך אים נאָך אַלץ געגלוסט אַמאָל באַפעלן און מען זאָל אים געהאָרכן. דאָס איז דער איבל, וואָס קומט פון רעגירן, ווען אַפילע אין שפּאַס.

בעקיצער, דער גאַסטגעבער דאָן אַנטאָניאָ, מיט זייַנע צוויי גוטע ברידער, מיט דאָן קיכאָטן און סאַנטשאָ, זייַנען אַוועק צו די גאַליערעס. דער שעף, וואָס איז געוואָרנט געווען וועגן זייער קומען, האָט באַלד ווי ער האָט דערזען אָנקומען די צוויי באַרימטקייטן, קיכאָט און סאַנטשאָ, באַפוילן אַראָפּציען די זעגלען און עס האָבן זיך צעפּייַפט די דודעס. אַראָפּגעלאָזט האָט מען באַלד אַ שקיף אינעם וואַסער, באַצירט מיט רייַכע טעפּיכער און קישנס פון קאַרמעזין־רויטן סאַמעט, און ווי נאָר דאָן קיכאָט האָט אַ פוס אַרייַנגעשטעלט אינעם שקיף, האָט אָפּגעקנאַלט דער גרויסער קאַנאָן פון אַפן דעק און די אַנדערע גאַליערעס האָבן נאָכגעטון. און ווען דאָן קיכאָט איז אַרויפגעגאַנגען די טרעפּ רעכטס, האָט אים די גאַנצע גאַליערן־מאַנשאַפט באַגריסט, ווי עס פירט זיך ווען אַ כאָשעווער פּאַרשוין קומט אַרויף אַפן גאַליער, און דרייַ מאָל אויסגעשריגן: „הו! הו! הו!" דער גענעראַל, ווי מיר וועלן אים רופן, אַ כאָשעווער קאַוואַליר פון וואַלענציע, האָט אים די האַנט געדריקט און האָט אים אַרומגענומען, מיט די ווערטער:

— דעם טאָג וועל איך באַצייכענען מיט אַ ווייַסן שטיין, ווי איינעם פון די שענסטע טעג וואָס איך רעכן צו לעבן אַף דער וועלט, דערמיט וואָס איך האָב געזען דעם האַר דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ; אַ טאָג און אַ צייכן, וואָס באַווייַזן אונדז, אַז אין אייַך האַלט זיך אויף און אַז אַף אייַך האַלט זיך דער גאַנצער ווערט פון דעם וואַנדער־ריטערטום.

מיט נישט ווייניקער העפלעכע רייד האָט אים געענטפערט דאָן קיכאָט, אויסערגעוויינלעך צופרידן, וואָס מען נעמט אים אויף ווי אַ גרויסן האַר.

אַלע זייַנען זיי אַרויף אַף דער הינטערטייל, וואָס איז געווען זייער שיין צוגעפּוצט, און האָבן זיך אויסגעזעצט אַף די בענק באַם באָרט. דורכגעגאַנגען איז דער אויפזעער דעם דעק און מיט אַ פייַף האָט ער באַפוילן די מאַטראָסן אַראָפּוואַרפן פון זיך די העמדער, וואָס דאָס איז געטון געוואָרן אין איין אויגנבליק. דערזען האָט סאַנטשאָ אַזוי פיל נאַקעטע לייַבער, האָט ער זיך דערשראָקן, ביפראַט ווען ער האָט געזען ווי שנעל זיי ציען אַרויף די זעגלען, און גערעכט האָט זיך אים, אַז נישט

מענטשן, נאָר טייוואָלים אַרבעטן. נאָר דאָס איז נאָך לעקעך מיט טאָרט אַקעגן דעם וואָס איך וועל אייך באַלד דערציילן. געזעסן איז סאַנטשאָ אַפּן קלאָץ, וואָס מען וויקלט אַרום אים די שטריק, לעבן דעם רודערער פון רעכטס, און דער האָט שוין געוווּסט וואָס ער האָט צו טון, און האָט אַ כאַפּ געטון סאַנטשאָן און אים אויפגעהויבן אין דער הויך, אַרום אים דאָס גאַנצע מאַטראָסן־געזינדל וואַרטנדיק אַף די פיס, און פון רעכטס אָנגעהויבן, האָט ער אים צו זיי אַ וואָרף געטון, און פון האַנט צו האַנט און פון באַנק צו באַנק, האָט ער זיך אַזוי שנעל געקײַקלט, אַז די אויגן האָבן זיך אים צוגעמאַכט און געמיינט האָט ער שיידים טראָגן אים. און ניט אָפּגעשטעלט האָבן זיי זיך ביז זיי האָבן אים צוריקגעבראַכט פון דער לינקער זײַט צום הינטערטייל. געבליבן איז ער, וויי צו אים, אַ צעבראָכענער, אַ פאַרסאָפּעטער און אַ פאַרשוויצטער, און האָט זיך גאָרניט געקענט פאַרשטעלן וואָס מיט אים האָט פּאַסירט.

געזען האָט דאָן קיכאָט סאַנטשאָ פליט אַזוי אָן פליגל, האָט ער געפרעגט דעם גענעראַל צי איז עס אַזאַ צערעמאָניע, וואָס מען פּראַוועט מיט די וואָס קומען צום ערשטן מאָל אַרויף אַף אַ גאַליער. וואָרום אויב דאָס איז אַזוי, וואָלט ער נישט וועלן דאָס דורכמאַכן, מאַכמעס ער האָט נישט בעדייע אַרײַנצוטרעטן אין דעם פאַך, און ער שווערט, אַז אויב עמיצער וועט צו אים צוגיין אים צו כאַפּן און קײַקלען, וועט ער אים די נעשאָמע אַרויסלאָזן. און ווי ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און זיך געכאַפּט צו דער שווערד. אין דער רעגע האָט מען די זעגלען אַראָפּגעצויגן און מיט אַ מוירעדיקן קנאַל געלאָזט פאַלן אַפּן דעק דעם קווער־שטאַנג. געמיינט האָט סאַנטשאָ דער הימל ברעכט זיך און אָט פאַלט ער אים אַפּן קאָפּ, און ער האָט זיך מיט שרעק אײַנגעבויגן און אים צווישן די פיס פאַרשטעקט. אויך דאָן קיכאָט איז מיט זיך נישט זיכער געווען און האָט אויפגעשוידערט, די אַקסלען אויפגעצויגן און איז בלייך געוואָרן. די אַרעסטאַנטן האָבן אויפגעהויבן דעם קווער־שטאַנג מיט אַזאַ אימפּעט און אַזוי שנעל ווי זיי האָבן אים אַראָפּגעלאָזט, און אַלץ שטילשווײַגנדיק, גלײַך זיי וואָלטן קיין לאָשן און קיין אָטעם נישט געהאַט. געגעבן האָט דער אויפזעער אַ באַפעל מען זאָל דעם אַנקער אויפהייבן און אַ שפּרונג געטון האָט ער אַפּן מיטן דעק מיט זײַן קאַנטשיק, אָדער אַראַפּניק, און גענומען שמײַסן מיט אים איבער די רוקנס פון די אַרעסטאַנטן און דער גאַליער האָט זיך גענומען רוקן אין יאַם אַרײַן. אַז סאַנטשאָ האָט דערזען אַזוי פיל רויטע פיס, אַלע ווי איינער, שפּאַנען (אַזוי האָבן אים אויסגעזען די וועסלעס), האָט ער צו זיך אַ זאָג געטון: „אָט דאָס איז מיט אַן עמעסן קישעף, און ניט דאָס וואָס מײַן האַר נעמט אָן פאַר קישעף. וואָס אַזוינס האָבן די אומגליקלעכע געטון, וואָס מען שמײַסט זיי אַזוי? און ווי דערוועגט זיך עס דער איינער מענטש, וואָס גייט אום מיט דעם פײַפער אין מויל, שמײַסן אַזוי פיל מענטשן? אָט דאָ, זאָג איך, איז דער גענעם, אַלנפאַלס, די אָפּטיילונג פון לײַטערונג".

געזען האָט דאָן קיכאָט סאַנטשאָ קוקט זיך צו צו אַלץ וואָס קומט דאָרט פאָר, האָט ער זיך צו אים אָנגערופן:

— אַך, סאַנטשאָ פּרײַנס, וואָס קען עס דיך קאָסטן און ווי שנעל קענסטו אַראָפּציען דאָס העמד און זיך אַרײַנזעצן צווישן אָט די הארן און אַ סאָף מאַכן צו דולצינעעס פּאַרקישעפטקייט! צווישן אַזוי פיל עלנט און פּײַן וועסטו דײַן אייגענעם ווייטיק נישט פילן; ביפראַט ווען דער געלערנטער מערלען, וואָלט יעדן שמיץ, אַ דערלאַנגטן מיט אַ פעסטער האַנט, דיר פאַררעכנט פאַר צען פון די וואָס דו וואָלסט דיר אַליין געגעבן.

געוואָלט האָט דער גענעראַל פרעגן וועגן וואָס פאַר אַ שמיץ רעדט זיך עס און וואָס איז עס פאַר אַ קישעף דולצינעעס, נאָר דער שיפספירער האָט אַ זאָג געטון:

— מאָנטכוויטש גיט אונדז צייכנס, אַז פאַראַן איז אַ רודער־שיף באַם ברעג צום מײַרעוודיקן באָרט.

דאָס דערהערט, האָט דער גענעראַל אַ שפּרונג געטון אַפן דעק און געזאָגט:

— הײ, יונגען, זי וועט זיך פון אונדז נישט אויסדרייען! דאָס מוז זײַן אַ רויבער־שיף, וואָס מען וואָרנט אונדז וועגן איר פונעם טורעם.

צוגעשווומען זײַנען באַלד די אַנדערע דרײַ גאַליערס צו דער קאַפּיטאַן־שיף הערן וואָס מען באַפעלט זיי. באַפוילן האָט דער גענעראַל, אַז צוויי גאַליערס זאָלן זיך אַרויסלאָזן אין יאַם, און ער, מיט נאָך איינער, וועלן שווימען מיט דעם ברעג, קעדיי די רויבער־שיף זאָל זיך פון זייערע הענט נישט אַרויסדרייען.

די אַרעסטאַנטן האָבן אַ דריק געטון די וועסלעס און די גאַליערס האָבן אַ שפּאַר געטון מיט אַזאַ אימפּעט, ווי זיי וואָלטן געפלויגן. די וואָס זײַנען אַרויס אין יאַם, האָבן אַן ערעך צוויי מײַל פונעם ברעג דערזען אַ זעגל־שיף און אַפן אויג זי אָפּגעשאַצט, אַז זי מוז האָבן פון פערצן ביז פופצן בענק (און אַזוי איז עס געווען). און אַז די זעגל־שיף האָט דערזען די גאַליערס, האָט זי גענומען אַנטלויפן, זיך ראַטעווען מיט איר שנעלקייט. נאָר דאָס איז איר נישט געלונגען, וואָרום דער פאָדערשטער גאַליער איז געווען איינער פון די שנעלסטע, וואָס איז איבערן יאַם געשווומען, און איז אַזוי ווײַט אַרויס, אַז די רויבער־שיף האָט שוין גאַנץ גוט געזען, אַז זי וועט זיך נישט אַרויסדרייען. דער מאַרישער קאַפּיטאַן האָט שוין געזאָלט הייסן אָוועקלייגן די וועסלעס און זיך אונטערגעבן, קעדיי ניט אַרײַנצורברענגען אין קאַעס דעם קאַפּיטאַן פון אונדזערע גאַליערס, נאָר דאָס מאַזל האָט אַנדערש געפירט, און ווען דער פאָדערשטער גאַליער האָט דערזען ער איז שוין אַזוי נאָענט, אַז די לײַט פון דער זעגל־שיף קענען שוין דערהערן דעם באַפעל זיך אונטערצוגעבן, האָבן צוויי טאָראַקיס, וואָס דאָס קען הייסן צוויי שיכּורע טערקן, וואָס זײַנען אַף דער זעגל־שיף געפאָרן, מיט נאָך צוועלף, אויסגעשאָסן פון צוויי ביקסן און האָבן מיט זיי דערשאָסן צוויי פון די זעלנער, וואָס זײַנען צעשטעלט געווען באַם באָרט אַף אונדזערע שיפן.

דערזען האָט דאָס דער גענעראַל, האָט ער געשוווירן, אַז ער וועט קיין איינעם נישט לאָזן אַ לעבעדיקן פון די וואָס מען וועט נעמען געפאַנגען מיט דער שיף. און ווי ער האָט מיט דעם גאַנצן אימפּעט אַ שפּאַר געטון אַף דער זעגל־שיף, האָט זי זיך פון אונטער די וועסלעס אַרויסגעדרייט, און דער גאַליער האָט זיך אַ לאָז

געטון ווײַט פֿאָרויס. געזען האָבן די פֿון דער זעגל־שיף, אַז זיי זײַנען פֿאַרלוירן, האָבן זיי אַ יאָג געטון אויף אַלע זעגלען אין דער צײַט וואָס דער גאַליער איז צו־ריקגעגאַנגען, און האָבן זיך ווידער געפּרוּווט אַנטלויפֿן. נאָר זייער פּליִים האָט זיי נישט אַזוי פֿיל געהאָלפֿן וויפֿל זייער כוצפּע האָט זיי געשעדיקט. וואָרום ווי נאָר דער פֿאָדערשטער גאַליער האָט זיי אָנגעיאָגט אַ האַלבע מײַל ווײַטער, האָט ער אַ רודער געטון צו איר און זיי אַלעמען גענומען געפֿאַנגען לעבעדיקערהייד. צוגע־שווומען זײַנען די אַנדערע צוויי גאַליערס, און אַלע פֿיר, אײַנײַנעם מיט דעם גע־פֿאַנג, זײַנען צוריקגעקומען צום ברעג, וווּ עס האָט זיי אָפּגעוואַרט אַ גרויסער אוילעם, וואָס איז גיריק געווען צו זען וואָס זיי ברענגען מיט זיך. פֿאַראַנקערט האָט דער גענעראַל נאָנט פֿון דער יאַבאָשע און האָט זיך דערוווּסט, אַז באַם ברעג געפֿינט זיך דער וויצע־קיניג פֿון דער שטאָט.

באַפֿוילן האָט ער אַראָפּלאָזן אַ שקיף, וואָס זאָל אים צופֿירן, און געהייסן האָט ער אַראָפּציִען דעם קוואַר־שטאַנג, קעדיי אויף אים אויפֿצוהענגען דעם מאָ־רישן קאַפּיטאַן און די איבעריקע טערקן, וואָס זײַנען מיט אים געווען אויף דער שיף, אײַנײַנעם זעקס און דרײַסיק פּאַרשוין, אַלע פֿעסטע און געשטרעקטע, און די איבעריקע, טערקישע שיסער. געפֿרעגט האָט דער גענעראַל ווער איז דער קאַפּיטאַן פֿון דער שיף, און אָנגעוויזן האָט אויף אים, אין דער קאַסטעליאַנישער שפּראַך, איי־נער פֿון די געפֿאַנגענע (וואָס שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ שפּאַניער, אַ מעשומעד):

— אָט דער באָכער, מײַן האַר, וואָס איר זעט דאָ, איז אונדזער קאַפּיטאַן.

און אָנגעוויזן האָט ער אויף איינעם פֿון די שענסטע און געשטרעקסטע יונגע־לײַט, וואָס די מענטשלעכע פֿאַנטאַזיע קען אויסמאָלן, קענטיק, נאָך קיין צוואַנציק יאָר נישט אַלט. געפֿרעגט האָט אים דער גענעראַל:

— זאָג מיר, דו שלעכט באַראָטענער הונט, ווער האָט דיך אָנגערעדט צו דערשיסן מײַנע זעלנער, דעמאָלט ווען דו האָסט געזען, אַז דו קענסט נישט אַנט־לויפֿן? איז דאָס דער רעשפּעקט וואָס קומט די קאַפּיטאַן־שיפֿן? ווייסטו נישט, אַז כוצפּע איז נישט קיין מוט? סאָפּעקדיקע אויסזיכטן דאַרפֿן מאַכן אַ מענטשן גע־וואָגט אָבער נישט כוצפּעדיק.

געוואָלט האָט דער קאַפּיטאַן ענטפֿערן, נאָר דער גענעראַל האָט דעם ענטפֿער נישט געקענט אויסהערן, מאַכמעס געלאָפֿן איז ער אויפֿנעמען דעם וויצע־קיניג, וואָס איז שוין געהאַט אַרויפֿגעקומען אויפֿן גאַליער, און מיט אים איייניקע פֿון זײַנע דינער און עטלעכע פּאַרשוין פֿונעם אוילעם.

— אַ גוטן פֿאַנג האָט איר געהאַט, האַר גענעראַל! — האָט דער וויצע־קיניג געזאָגט.

— אײַער עקסעלענץ — האָט דער גענעראַל געזאָגט — וועט ערשט זען ווי גוט ער איז, ווען דער פֿאַנג וועט הענגען אויפֿן קוואַר־שטאַנג.

— פֿאַרוואָס? — האָט דער וויצע־קיניג געפֿרעגט.

— דערפֿאַר וואָס — האָט דער גענעראַל געענטפֿערט — זיי האָבן מיר דער־האַרגעט, קעגן יעדן געזעץ און גרונד און קעגן אַלע קלאָלים פֿון מילכאָמע, צוויי

זעלנער פון די בעסטע, וואָס זיינען אַף די גאַליערעס געווען, און איך האָב גע־שווירן אויפהענגען אַלע געפאַנגענע, באַזונדער דעם יונג, וואָס ער איז דער קאַ־פּיטאַן פון דער רויבער־שיף.

און ער האָט אָנגעוויזן אַף דעם יונג, וואָס איז שוין געשטאַנען די הענט פאַרבונדן און דער שטריק אַרום האַלדז און געוואַרט אַפן טויט. דער וויצע־קיניג האָט אַף אים אַ קוק געטון, און אַז ער האָט געזען ווי שיין און געשטרעקט ער איז און ווי באַשיידן, ווי זיין שיינקייט וואָלט אים אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו דערלאַנגט, האָט זיך אים פאַרוואָלט לעבן לאָזן דעם יונג, און ער האָט אים געפרעגט:

— זאָג מיר, קאַפּיטאַן, ביזטו אַ טערק, אַ מאַר צי אַ מעשומעד!

געענטפערט האָט דער באָכער אויך אין קאַסטעליאַניש:

— איך בין נישט קיין טערק, נישט קיין מאַר און נישט קיין מעשומעד.

— וואָס זשע דען ביזטו? — האָט דער וויצע־קיניג געפרעגט.

— אַ קריסטלעכע פרוי — האָט דער באָכער געענטפערט.

— אַ פרוי און אַ קריסטלעכע, אין אַזוינע בגאָדים און אין אַזאַ לאַגע? ס'איז גיכער צו שטוינען איידער צו גלויבן.

— שטעלט אָפּ, אָ, מיינע האַרן — דעם אויספיר פון מיין טויט; איר וועט גאָרניט פאַרלירן דערמיט וואָס איר וועט אָפּלייגן אייער נעקאָמע איבער דער צייט וואָס איך וועל אייך דערציילן מיין געשיכטע.

ווער וואָלט דאָס געהאַט אַזאַ האַרץ, וואָס זאָל פון די ווערטער נישט גערירט ווערן, ווייניקסטנס, אַף אויסצוהערן וואָס דער אומגליקלעכער טרויעריקער באָ־כער האָט צו דערציילן? באַפוילן האָט אים דער גענעראַל זאָגן וואָס ער האָט צו זאָגן; ער זאָל אָבער נישט דערוואַרטן קיין מעכילע פאַר זיין אָפענער שולד. מיט דער דערלויבעניש האָט דער באָכער גענומען דערציילן:

— פון יענעם פאָלק, וואָס איז נישט אַזוי קלוג ווי אומגליקלעך און וואָס אויסגעגאָסן האָט זיך אַף אים אין אונדזערע טעג אַ יאַם מיט פּלאָג, פון מאַרי־שע קריסטן, בין איך געבוירן. מיט דעם שטראָם פון זייער אומגליק, האָבן מיך מיינע צוויי פעטערס געבראַכט קיין בערבערן־לאַנד און מיר האָט נישט געהאָלפן וואָס איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך בין אַ קריסטן, ווי איך בין עס מיט אַן עמעסן, און נישט פון די געמאַכטע און לעפאַנימדיקע, נאָר פון די עמעסע און פרומע. נישט געהאָלפן האָט מיר וואָס איך האָב דעם עמעס געזאָגט די לייט, וואָס האָבן אַף זיך גענומען אויספירן דעם אומגליקלעכן גייערעש, און אויך מיינע פעטערס האָבן מיר נישט געוואָלט גלויבן. זיי האָבן דאָס באַטראַכט פאַר אַ ליגן און פאַר אַן האַמצאָע אַף צו פאַרבלייבן אין לאַנד וווּ איך בין געבוירן, און זיי האָבן מיך דערום מיטגענומען מער מיט גוואַלד ווי מיט מיין אייגענעם ווילן. געווען איז מיין מוטער אַ קריסטן און מיין פאָטער אַ קלוגער מענטש און נישט ווייניקער קריסט. איינגעזויגן האָב איך דאָס קריסטלעכע גלויבן מיט מיין מאַמעס מילך, דערצויגן האָב איך מיך אין גוטע זיטן. נישט מיט דער שפּראַך און נישט מיט די זיטן בין איך געווען אַ מאַרישע.

„אין איין צייט מיט אַט די גוטע מידעס (און איך מיין, אַז זיי זיינען עס),

האָט געוואַקסן מײַן שיינקייט, אויב איך בין שיין. און כאָטש איך בין געווען בּיז גאָר צוריקגעהאַלטן און אײַנגעשלאָסן, דאָך, מיסטאָמע נישט אַזוי שטרענג, אַז איך זאָל מיך נישט געווען קענען זען מיט אַ קאַוואַליר, אַ באָכער מיטן נאָמען דאָן גאַספּאַר גרעגאָריאָ, דער עלצטער זון פון אַ קאַוואַליר, וואָס האָט נישט ווײַט פון אונדזערן זײַנעם אַ יִשוב. ווי נאָר ער האָט מיך דערזען און מיר האָבן גערעדט, האָט ער זיך אין מיר פאַרליבט, און מאַכמעס איך אין אים נישט אַזוי, וואָלט עס צו לאַנג גענומען צו דערציילן, ביפראַט ווען איך האָב מוירע, אַז צווישן דער צונג און דעם האַלדז וועט זיך דורכציען דער שטרענגער שטריק וואָס וואַרט אַף מיר.

און איך ווער אײַך דערום בלויז זאָגן, אַז דאָן גרעגאָריאָ איז מיטגעגאַנגען מיט מיר אינעם גיירעש. ער האָט זיך אויסגעמישט מיט די מאָרן, וואָס מען האָט פאַרטריבן פון די אַנדערע ערטער, מאַכמעס געקענט האָט ער גוט די שפּראַך, און אין וועג איז ער געוואָרן פרײַנט מיט מײַנע צוויי פעטערס, וואָס האָבן מיך מיטגענומען, וואָרום מײַן פאָטער, אַ קלוגער און פאָרזיכטיקער מענטש, איז באַצײַטנס, ווי נאָר ער האָט דערהערט דעם ערשטן דעקרעט וועגן אונדזער גיירעש, אַוועק פון דער היים און איז געפאָרן זוכן אַ היים אין אַנדערע לענדער, וואָס זאָל אונדז אויפנעמען. איבערגעלאָזט האָט ער פאַרגראָבן אין דער ערד, אַף אַן אָרט, וואָס נאָר איך ווייס דערפון, אַ סאַך פּערל און טײַערע שטיינער, מיט אַ ביסל געלט אין גאָלדענע מאַטבייעס. געוואָרנט האָט ער מיך איך זאָל בעשומויפן נישט אָנרירן דעם אוצער, אויב מען וועט אונדז אַרויסשיקן פונעם לאַנד איידער ער וועט צוריקומען. איך האָב אים געפאָלגט און, מיט מײַנע צוויי פעטערס און נאָך קרוווים, זײַנען מיר אַריבערגעפאָרן אין בערבערן-לאַנד, און מיר האָבן זיך באַזעצט אין אַלזשיר, ווי מיר וואָלטן זיך באַזעצט אין סאַמע גענעם.

דערוווּסט האָט זיך דער קיניג וועגן מײַן שיינקייט, און דערגאַנגען איז צו אים די יעדיע צוליב מײַן רײַכקייט, וואָס דאָס איז טיילווײַז געווען מײַן גליק. ער האָט מיך גערופן צו זיך, האָט מיך אויסגעפרעגט פון וואָס פאַר אַן אָרט אין שפּאַניע איך קום און וויפל געלט און צירונג איך האָב מיט זיך געבראַכט. איך האָב אים געזאָגט פון וואַנען איך בין און אַז דאָס צירונג מיט דעם געלט זײַנען דאָרט געבליבן פאַרגראָבן, נאָר מען קען עס גרינג באַקומען ווען איך אַליין זאָל עס פאָרן ברענגען. דאָס אַלץ האָב איך אים געזאָגט און האָב מוירע געהאַט, אַז מײַן שיינקייט זאָל אים נישט פאַרבלענדן מער ווי זײַן געלטגײַציקייט. ווי ער האָט מיט מיר אַזוי גערעדט, איז מען אים געקומען זאָגן, אַז מיט מיר איז געקומען איינער פון די שענסטע און שלאַנקסטע באָכורים, וואָס מען קען זיך פאָרשטעלן. איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָס רעדט זיך וועגן דאָן גאַספּאַר גרעגאָריאָ, וואָס זײַן שיינקייט לאָזט הינטערשטעליק די גרעסטע שיינקייט וואָס מען קען זיך ווינטשן. די סאַקאָנע וואָס איז פאָרגעשטאַנען דאָן גרעגאָריאָן, האָט מיך צעמישט, וואָרום צווישן יענע באַרבאַרישע טערקן האָט מען ליבערשט אַ שיין יִנגל, אָדער באָכער, איידער אַ פרוי, ווי שיין זי זאָל נישט זײַן. באַפוילן האָט דער קיניג מען זאָל אים ברענגען דעם באָכער, ווײַל ער וויל אים זען, און מיך האָט ער געפרעגט צי אין עס עמעס וואָס מען זאָגט וועגן אים. איך האָב געענטפערט, קימאַט ווי פונעם

הימל געוואָרנט, אַז ס'איז עמעס, נאָר ער איז נישט קיין באָכער, נאָר אַ מיידל, פּונקט ווי איך, און איך בעט אים ער זאָל מיך לאָזן גיין זי איבערטון אין אירע מיידלשע מאַלבושים, קעדיי ער זאָל זי זען אין איר גאַנצער שיינקייט און זי זאָל קענען דרייסטער קומען צו אים. געהייסן האָט ער מיר גיין אין אַ מאַזלדי־קער שאַ, און אַז אַ צווייטן טאָג וועלן מיר ריידן וועגן דעם ווי אַזוי איך קען צוריק־פֿאָרן קיין שפּאַניע אויסגראָבן דעם באַהאַלטענעם אויצער. איך האָב מיך געזען מיט דאָן גאַספּאַרן און האָב אים דערציילט וואָס פֿאַר אַ סאַקאָנע אים שטייט פֿאָר ווען ער זאָל זיך באַווייַזן אַלס באָכער, איך האָב אים פֿאַרקליידט פֿאַר אַ מאָ־ריש מיידל און נאָך דעם אייגענעם טאָג האָב איך אים געבראַכט צום קיניג, און ווי נאָר דער קיניג האָט אים דערזען, איז ער געבליבן פֿאַרגאַפֿט און האָט אָנגע־זאָגט מען זאָל זי שיקן פֿאַר אַ מאַטאָנע דעם גרויס־וויזיר. און קעדיי זי זאָל אויס־מייַדן די געפֿאַר, וואָס קען זיך מאַכן אין זייַן האַרעם, צוליב אים גופֿע, האָט ער באַפֿוילן זי אָפּשיקן אין אַ הויז צו אָנגעזעענע מאָרישע ווייַבער, זיי זאָלן זי האַלטן בא זיך און זי באַדינען, און אַהין האָט מען זי אַוועקגעפֿירט.

„וואָס מיר האָבן דעמאָלט ביידע געפֿילט (איך קען ניט לייקענען, אַז איך האָב אים ליב), זאָלן זיך פֿאָרשטעלן די וואָס מוזן זיך שיידן ווען זיי האָבן זיך ליב. באַלד האָט דער קיניג געגעבן אַ פֿאַראָרדענונג איך זאָל צוריקפֿאָרן קיין שפּאַניע מיט דער זעגל־שיף און באַגלייטן זאָלן מיך צוויי טערקן, די זעלביקע וואָס האָבן דערשאָסן אייַערע זעלנער. געפֿאָרן איז מיט מיר אויך דער מעשומעד — און האָט דערבייַ אָנגעוויזן אויף דעם וואָס האָט גערעדט דער ערשטער — וואָס איך ווייס, אַז ער איז אַ פֿאַרשטעלטער קריסט און אַז ער האָט מער כיישעק צו פֿאַרבלייַבן אין שפּאַניע איידער צוריקצופֿאָרן קיין בערבערן־לאַנד. די איבעריקע לייַט פֿון דער זעגל־שיף זייַנען מאָרן און טערקן, וואָס טויגן ניט צו עפּעס אַנדערש, ווי נאָר צו רודערן מיט די וועסלעס. די צוויי טערקן, געלט־גייציקע און כוצפּעדיקע, האָבן נישט אויסגעפֿאָלגט דעם באַפֿעל, וואָס מיר האָבן געהאַט, מען זאָל מיך מיט דעם מעשומעד אַראָפּלאָזן באַם ערשטן אָרט אין שפּאַניע, אין קריסטלעכע קליידער (וואָס מיר האָבן מיט אונדז), און האָבן צוערשט געוואָלט באַרויבן דעם ברעג און אַוועקפֿירן פֿון דאָרטן, אויס מוירע טאָמער טרעפֿט עפּעס מיט אונדז ביידן און מיר זאָגן אויס, אַז די רויבער־שיף שטייט נישט ווייַט פֿונעם ברעג, און אויב דאָ שטייען גאַליערס, וועלן זיי זיכער זי איבערפֿאַלן.

„די נאַכט האָבן מיר דערזען דעם ברעג, און מאַכמעס מיר האָבן נישט גע־וווּסט, אַז דאָ שטייען די פֿיר גאַליערס, האָט מען אונדז דערזען, און עס האָט מיט אונדז פּאַסירט דאָס וואָס איר ווייסט שוין.

„דער סאָף איז: דאָן גרעגאָריאָ, אין פֿרויען־קליידער, געפֿינט זיך צווישן פֿרויען, אין דער סאַקאָנע זיך צו פֿאַרלירן, און איך שטיי דאָ מיט געבונדענע הענט און וואַרט, ריכטיקער, איך האָב מוירע צו פֿאַרלירן מייַן לעבן, וואָס איך בין שוין מיד דערפֿון. דאָס איז דער סאָף, מייַנע האַרן, פֿון מייַן טרויעריקער געשיכטע, וואָס איז אַזוי עמעס ווי אומגליקלעך. איך בעט נאָר מען זאָל מיך לאָזן

שטאַרבן ווי אַ קריסטן, מאַכמעס ווי איך האָב אײַך שוין געזאָגט, בין איך מיט קיין זאַך ניט שולדיק פאַר די זינד, וואָס מײַן פאָלק איז אין זיי אַרײַנגעפאַלן.

און מער האָט זי גאָרניט געזאָגט, נאָר די אויגן זײַנען איר אָנגעגאָסן געוועזן מיט וואַרימע טרערן, ווי בײַ אַ סאַך, וואָס זײַנען דערבײַ געשטאַנען. דער וויצע־קיניג, אַ געריררטער און אַ מיטפילנדיקער, איז צו איר צוגעגאַנגען, אָן אַ וואָרט אויסצורײדן, און האָט מיט זײַנע הענט אָפּגעבונדן דעם שטריק, וואָס האָט געהאַלטן געבונדן די שיינע הענט פון דעם מאַרישן מיידל. אין דער צײַט וואָס דאָס קריסטלעכע מאָרן־מיידל האָט דערציילט איר שיינע געשיכטע, האָט אויף איר געהאַלטן זײַנע אויגן אָנגעהאָנגען אַן אַלטער וואַנדערער, וואָס איז געהאַט אַרויפגעקומען אויף דעם גאַליער בעיים דער וויצע־קיניג איז אַרויפגעגאַנגען. ווי נאָר זי האָט פאַרענדיקט דערציילן, האָט ער זיך אַ וואָרף געטון צו אירע פיס, האָט זיי אַרומגעכאַפּט, און מיט זיפצן און קרעכצן, וואָס האָבן זײַנע ווערטער איבערגעריסן, האָט ער געזאָגט:

— אָ, אַנאַ פעליקס, אומגליקלעכע טאָכטער מײַנע! איך בין דײַן פאָטער, ריקאָטע, וואָס זוכט דיך אַרום, ווײַל איך קען אָן דיר נישט לעבן, ווײַל דו ביזט מײַן נעשאָמע!

בײַ די ווערטער האָט סאַנטשאָ די אויגן געעפנט און דעם קאָפּ אויפגעהויבן (געהאַלטן האָט ער אים אַראָפּגעלאָזט און געטראַכט וועגן זײַן אומגליקלעכן שפּאַציר), און ווי ער האָט אַ קוק געטון אויף דעם וואַנדערער, האָט ער דערקענט ריקאָטען, דעם זעלביקן, וואָס ער האָט זיך מיט אים געטראָפן יענעם טאָג ווען ער האָט פאַרלאָזט זײַן רעגירונג, און באַשטעטיקט האָט זיך, אַז זי איז זײַן טאָכטער, און זי האָט אַרומגעכאַפּט איר פאָטער, שוין אָן אָפּגעבונדענע, און האָט אויסגעמישט אירע טרערן מיט זײַנע. און געזאָגט האָט ער צום גענעראַל און צום וויצע־קיניג:

— דאָס איז מײַן טאָכטער, האַרן מײַנע, וואָס אירע איבערלעבענישן זײַנען אומגליקלעכער ווי איר נאָמען. אַנאַ פעליקס רופט זי זיך, מיט דעם פאַמיליען־נאָמען ריקאָטע, באַרימט מיט איר שיינקייט און מיט איר רײַכקייט. איך בין אַוועק פון מײַן פאָטערלאַנד זוכן אין פרעמדע לענדער אַ היים, וואָס זאָל אונדז אויפנעמען און שיצן. געפונען האָב איך די היים אין דײַטשלאַנד און בין צוריקגעקומען אין די קליידער פון אַ וואַנדערער, מיט אַנדערע דײַטשן, אויפזוכן מײַן טאָכטער און אויפגראָבן די רײַכטימער וואָס איך האָב באַהאַלטן.

„מײַן טאָכטער האָב איך נישט געפונען, געפונען האָב איך דעם אוצר, וואָס איך טראָג אים מיט מיר, און איצט האָט זיך דאָס מאָל אַזאַ דריי געטון, אַז איך האָב געפונען אָט דעם אוצער, וואָס מאַכט מיך נאָך רײַכער — מײַן טײַערע טאָכטער. אויב אונדזער קליינע שולד און איר געוויין מיט מײַנעם פאַר אײַער גערעכטיקייט זײַנען בעקוויעך צו עפענען די טויערן פון גענאָד, טוט עס פאַר אונדז, וואָס מיר האָבן קיינמאָל אַפן געדאַנק נישט געהאַט אײַך צו באַליידיקן, און מיר האָבן קיין כײַלעק נישט געהאַט אין די מאַכשאָוועס פון די אונדזעריקע, וואָס זײַנען מיט רעכט פאַרטריבן געוואָרן.

דעמאָלט האָט סאַנטשאָ זיך אָנגערופן:

— איך קען גאַנץ גוט ריקאַטען און ווייס, אַז דאָס וואָס ער זאָגט וועגן אַנאַ פּעליקס, זײַן טאָכטער, איז עמעס, וואָס שײַעך די איבעריקע שאַלעמויזן, וועגן גיין און קומען, גוטע אָדער שלעכטע מאַכשאָוועס, מיש איך מיך נישט.

געוווּנדערט האָבן זיך אַלע אַף דעם מעשונעדיקן צופאַל און דער גענעראַל האָט געזאָגט:

— אײַערע טרערן, איינע און איינע, וועלן מיך נישט לאָזן אויספירן מײַן שוווּע. לעבט אײַך, שיינע אַנאַ פּעליקס, די יאָרן, וואָס זײַנען אײַך פונעם הימל באַשערט, און זאָלן אָפּקומען פאַר זייערע זינד די בוצפעניקעס, וואָס זײַנען זיי באַגאַנגען.

געטון האָט דער גענעראַל וואָס דער וויצע־קיניג האָט אים געבעטן, נישט־אויסצופירן קאַלטבלוטיק די נעקאָמע. מען האָט באַלד גענומען זוכן אַן אייצע ווי אַרויסצובאַקומען דאָן גאַספּאַר גרעגאָריאָ פון דער סאַקאָנע, ווו ער איז פאַרבליבן. געגעבן האָט דערויף ריקאָטע מער ווי צוויי טויזנט דוקאַטן, וואָס ער האָט געהאַט ליגן אין פּערל און אין צירונג. אַ סאַך אייצעס האָט מען געגעבן, נאָר די בעסטע אייצע האָט געגעבן דער מעשומעד, וואָס האָט זיך אָנגעבאָטן צוריקפאָרן קיין אַלזשיר אַף אַ קליינער שיף מיט נישט מער ווי זעקס בענק, באַזעצט מיט קריסט־לעכע רודערער, מאַכמעס ער האָט געוווּסט ווו, ווי אַזוי און ווען מען קען אַראָפּ־גיין און האָט אויך געוווּסט ווו עס שטייט דאָס הויז, ווו דאָן גאַספּאַר איז פאַר־בליבן. דער גענעראַל און דער וויצע־קיניג האָבן נישט געטרויט דעם מעשומעד און אויך נישט די קריסטלעכע רודערער; געטרויט האָט אים נאָר אַנאַ פּעליקס, און ריקאָטע, איר פאָטער, האָט געזאָגט, אַז ער וועט אויסלייזן די קריסטן, אויב זיי וועלן זיך פאַרלירן. אַ פאַרזיכערטער אַ דאַנק אָט דער גרייטקייט, איז דער וויצע־קיניג אַראָפּגעגאַנגען פון דער שיף, און דאָן אַנטאָניאָ מאָרענאָ האָט מיט זיך גענומען, אַף דער באַקאָשע פון דעם וויצע־קיניג, דאָס מאָרישע מיידל און איר פאָטער, ווי ווײַט מעגלעך זיי צוצוזען און טרייסטן, און ער פון זײַן זײַט האָט אָנגעבאָטן אַלץ וואָס בײַ אים אין שטוב איז פאַראַן פון זייער לאַבונג וועגן. אַזוי גרויס איז געווען די וווילטעטיקייט און דער מיטלייד, וואָס די שיינקייט פון אַנאַ פּעליקס האָט אין זײַן ברוסט אַרײַנגעגאָסן.

## פיר און זעכציקסטער קאַפּיטל

**וואָס דערציילט וועגן דער באַגעגעניש, וואָס האָט געטראָפן דאָן קיכאָטן שווערער ווי אַלע אַנדערע, וואָס האָבן מיט אים ביז איצט געטראָפן.**

דאָן אַנטאָניאָ מאָרענאָס ווײַב, דערציילט די געשיכטע, איז העכסט צופרידן געווען צו האָבן אַנאַ פּעליקס בײַ זיך אין שטוב. זי האָט זי ליבהאַרציק אויפגענומען, אַ פאַרליבטע אין איר שיינקייט ווי אין איר קלוגשאַפט, וואָס איןביידע זאַכן האָט דאָס מאָרישע מיידל דערגרייכט אַ הויכע מאַדרייגע, און ווי

דער גלאָק וואָלט זיי גערופן, זײַנען מענטשן געקומען זי אָנקוקן. דאָן קיכאָט האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דאָן אַנטאָניאָן, אַז ווי אים דאַכט זיך, איז דער אופן ווי מען רעכנט באַפרײַען דאָן גרעגאָריאָן, נישט קיין גוטער, וואָרום ער איז נישט אַזוי לוינענדיק ווי געפערלעך, און בעסער וואָלט געווען מען זאָל אַריבערשטעלן קיין בערבעריע אים מיט זײַן פערד און וואָפן, און ער וואָלט אים אַרויסגעפירט פון דאָרט קעגן דעם גאַנצן מאָרנטום, ווי דאָן גאַיפער האָט געטון מיט זײַן ווײַב מעליסענדרא.

— מערקט אײַך, אײַער גענעדיקייט — האָט סאַנטשאָ געזאָגט — ווען ער האָט דאָס דערהערט, — אַז דער האַר דאָן גאַיפער האָט אַרויסגעפירט זײַן ווײַב פון דער יאַבאָשע, און געפירט האָט ער זי קיין פראַנקרײַך, אויך איבער יאַבאָשע. דאָ אָבער, אַפילו מירן באַפרײַען דאָן גרעגאָריאָן, האָבן מיר נישט דורך וואָגען אים צו ברענגען קיין שפּאַניע, מאַכמעס אין מיטן איז דער יאַם.

— צו אַלץ איז פאַראַן אַ מיטל, אַבוץ צום טויט — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — ווען די שיף וועט צוקומען צום ברעג, קענען מיר זיך אויפזעצן, די גאַנצע וועלט אַפילו זאָל זיך קעגנשטעלן.

— זייער שיין מאָלט דאָס אויס און שטעלט עס אַרויס אײַער גענעדיקייט — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — נאָר פון זאָגן ביז טאָן איז נאָך ווײַט, און איך האַלט מיך בײַ דעם מעשומעד, וואָס, ווי מיר דאַכט זיך איז ער אַ לײַטישער מענטש, מיט אַ פעסטן כאַראַקטער.

דאָן אַנטאָניאָ האָט געזאָגט, אַז אויב דעם מעשומעד וועט דאָס אײַסעק געראָטן, וועט ער זײַן דערפאַר, אַז דער גרויסער דאָן קיכאָט זאָל אַריבערפאָרן קיין בערבעריע.

אין צוויי טעג אַרום איז דער מעשומעד אָפּגעשוווּמען אויף אַ לײַכטער שיף מיט זעקס רודערער אויף יעדער זײַט, באַזעצט מיט אַ קרעפּטיקער מאַנשאַפט, און מיט צוויי טעג שפּעטער זײַנען די גאַליערס אָפּגעשוווּמען צו מיזרעך, און דער גענעראַל האָט געבעטן דעם וויצע־קיניג ער זאָל אַזוי גוט זײַן און אים צו וויסן געבן וואָס עס וועט פאַסירן מיט דער באַפרײַונג פון דאָן גרעגאָריאָן און מיט דעם פאַל אַנאַ פעליקס. צוגעזאָגט האָט אים דער וויצע־קיניג צו טון, ווי ער האָט געבעטן. און אין אַ פרימאָרגן, ווען דאָן קיכאָט איז אַרויסגעגאַנגען אויף אַ שפּאַציר באַם ברעג יאַם, אַ באַוואָפנטער מיט אַלע זײַנע קלייזײַען, ווי ער פלעגט אָפט זאָגן, אַז זיי זײַנען זײַן צירונג און זײַן רו איז דער קאַמף, און אַז אָן זיי קען ער אַ מינוט נישט זײַן, האָט ער דערזען אים אַקעגנגיין אַ ריטער, אויך אַזוי באַוואָפנט, אַלץ אין ווײַסן, און אויפן שילד בײַ אים אַ צעשטראַלטע לעוואָנע אויסגעמאָלט. און ווי נאָר ער איז צוגעקומען גענוג נאָענט מען זאָל אים קענען דערהערן, האָט ער זיך אויפן הויכן קאָל געווענדט צו דאָן קיכאָטן מיט די ווערטער:

— אויסגעצייכנטער ריטער און קיינמאָל נישט ווי געהעריק אויסגעלויבטער דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, איך בין דער ריטער מיט דער ווײַסער לעוואָנע, וואָס מײַנע אומדערהערטע העלדישקייטן זײַנען זיכער צו דיר דערגאַנגען. איך קום מיך פאַרמעסטן מיט דיר און אויספּרוּוון די קראַפט פון דײַנע אָרעמס, קעדיי

זיך צו צווינגען אָנערקענען און מוידע זײַן, אַז מײַן דאַמע, ווער זי זאָל נישט זײַן, איז אָן אַ פאַרגלײַך שענער פון דײַן דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ. און אויב דו וועסט גלײַך מוידע זײַן אױף אָט דעם עמעס, וועסטו דיר פאַרמײַדן דעם טויט און מיר די מי דיך צו טייטן. וועסטו דיך אָבער שלאָגן, און איך וועל דיך בײַקומען, ווײַל איך נישט קיין אַנדער באַפרידיקונג, נאָר אַוועקליגן זאָלסטו דאָס געווער, אויפהערן זוכן געראַנגל, און זיך פאַרקלײַבן צו דיר אין דײַן היים אױף אַ יאָר צײַט, ווו דו זאָלסט לעבן, אָן דער שווערד אין דער האַנט צו נעמען, אין שטילער רו און אין נוצלעכן פרידן, מאַכמעס דערין נויטיקט זיך דײַן באַלעבאַטישקייט און דער אויסלייז פון דײַן נעשאָמע. וועסטו מיך בײַקומען, בלײַבט מײַן קאָפּ אױף דײַן באַראָט און צו דיר וועט געהערן מײַן פערד און וואָפן און צו דײַן רום וועט איבערגיין דער רום פון מײַנע העלדישקייטן. באַטראַכט דיך וואָס פאַר דיר איז בעסער און ענטפער מיר שוין, ווארום הײַנטיקן טאָג האָב איך באַשטימט אױף צו פאַרענדיקן דעם איניען.

דאָן קיכאָט איז שטיין געבליבן אַ דערשטוינטער, סײַ פון דער כוצפּע, וואָס דער ריטער מיט דער ווײַסער לעוואָנע ווײַזט אַרויס און סײַ פון דער זאַך, וואָס צוליב איר רופט ער אים אַרויס אױף געשלעג, און ער האָט אים רויִק און שטרענג געענטפערט:

— ריטער מיט דער ווײַסער לעוואָנע, וואָס דײַנע העלדישקייטן זײַנען צו מיר ביז איצט נישט דערגאַנגען, איך וועל אײַך צווינגען שווערן, אַז איר האָט קיינמאָל נישט געזען די דערלויכטענע דולצינעאַ, ווארום ווען איר וואָלט זי האָבן געזען, ווייס איך, וואָלט איר אַזאַ זאַך נישט אונטערגענומען, מאַכמעס איר וואָלט אײַך איבערצייגט, אַז נישט געווען איז נאָך און עס קען נישט זײַן אַזאַ שיינקייט, וואָס זאָל זיך מיט אירער פאַרגלײַכן. און דערום זאָג איך אײַך נישט, אַז איר זאָגט ליגן, נאָר אַז איר האָט נישט געטראָפן דערין וואָס איר נעמט אײַך אונטער, און מיט דעם טנײַ וואָס איר שטעלט מיר, נעם איך אָן אײַער אַרויסרוף, און שוין טייקעף, קעדיי דער טאָג, וואָס איר האָט דערויף באַשטימט, זאָל נישט אַריבער. איינס נעם איך נישט אָן, אַז דער רום פון אײַערע העלדישקייטן זאָל אַריבער צו מיר, ווײַל איך ווייס נישט וואָסערע העלדישקייטן איר האָט אַרויסגעוויזן: מיר קלעקן מײַנע אייגענע העלדישקייטן אַזוי ווי זיי זײַנען. נעמט אײַך, דערום, די זײַט פעלד, וואָס אײַך איז ליבער, איך וועל טון דאָס אייגענע, און וועמען גאָט וועט געבן, וועט דער הייליקער פּעטרוס בענטשן.

דערזען האָט מען פון דער שטאָט דעם ריטער מיט דער ווײַסער לעוואָנע און מען האָט דאָס איבערגעגעבן דעם וויצע־קיניג, און אַז ער רעדט מיט דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ. גערעכנט האָט דער וויצע־קיניג, אַז דאָס מוז זײַן עפּעס אַ נײַ שפּיצל צוגעטראַכט פון אַנטאָניאָ מאָרענאָ אָדער פון אַן אַנדערן שטאָטישן קאַוואַליר, און איז באַלד אַרויס צום ברעג אינאיינעם מיט דאָן אַנטאָניאָ און נאָך קאַוואַלירן, וואָס האָבן אים באַגלייט. אָנגעקומען זײַנען זיי ווען דאָן קיכאָט האָט פאַרקירעוועט ראָסינאַנטען אױף אָפּצוטרעטן פעלד וויפל עס איז נויטיק צום אָנפאַלן. געזען האָט דער וויצע־קיניג, אַז זיי גיבן זיך די צייכנס צום צוזאַמענשטויס,

האָט ער זיך אוועקגעשטעלט אין דער מיט און האָט געפרעגט וואָס אַזוינס האָט זיי באַוויזן צו דער אומגעריכטער שלאַכט.

דער ריטער מיט דער ווײַסער לעוואָנע האָט געענטפערט, אַז דאָ גייט אין דער בכוירע פון שיינקייט, און בעקיצער אים דערציילט וואָס ער האָט געזאָגט דאָן קיכאָטן און וואָס זיי האָבן צווישן זיך אָפּגעמאַכט. צוגעגאַנגען איז דער וויצע־קיניג צו דאָן אַנטאָניאָן און האָט אים געפרעגט צי ער ווייסט ווער דער ריטער איז מיט דער ווײַסער לעוואָנע, אָדער איז עס עפּעס אַ שפּאַס, וואָס מען וויל מאַכן מיט דאָן קיכאָטן. דאָן אַנטאָניאָ האָט אים געענטפערט, אַז ער ווייסט נישט ווער ער איז און ווייסט אויך נישט צי איז דער דועל אַ שפּאַס אָדער אַן ערנסט.

דער ענטפער האָט דעם וויצע־קיניג געשטעלט אין אַ פאַרלעגנהייט צי זאָל ער זיי לאָזן ווײַטער אָנגיין מיט דעם דועל אָדער ניט. נאָר אַזוי ווי ער האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז דאָס איז נישט קיין שפּאַס, האָט ער אָפּגעטראָטן און געזאָגט:

— הערן ריטער, אויב דאָ איז קיין אַנדער מיטל נישטאָ נאָר מוידע זײַן אָדער פאַלן אַ טויטער, און דער האר דאָן קיכאָט האַלט זיך באַ זײַנע דרײַצן און זײַן געדעריקייט מיט דער ווײַסער לעוואָנע האַלט זיך באַ זײַנע פערצן, טאָ זאָל אײַך גאָט העלפן, און הייבט אָן.

מיט העפלעכע און קלוגע רייד האָט דער ריטער מיט דער ווײַסער לעוואָנע געדאַנקט דעם וויצע־קיניג פאַר דער דערלויבעניש, וואָס ער גיט זיי, און דאָס אייגענע דאָן קיכאָט, וואָס האָט זיך מיט דעם גאַנצן האַרצן צום הימל איבערגעגעבן, און צו זײַן דולצינעאַ (ווי ער איז געוווינט געווען יעדן מאָל איידער ער איז אַרײַן אין דער שלאַכט, וואָס אים איז פאַרגעשטאַנען). ער האָט ווידער אַ שטיקל פעלד אָפּגעטראָטן, מאַכמעס געזען האָט ער, אַז דער קעגנער טוט אויך אַזוי, און אָן שום טראָמפּייט אָדער אַנדער מילכאָמע־אינסטרומענט, וואָס זאָל געבן דעם צייכן אָנצופאַלן, האָבן זיי ביידע אין איין צײַט די פערד אויסגעקירעוועט. און אַזוי ווי דאָס פערד פון דעם ריטער מיט דער ווײַסער לעוואָנע איז געווען פלינקער, איז ער צוגעקומען צו דאָן קיכאָטן צוויי דריטל וועג, און דאָרט האָט ער אים אַזאַ מעכטיקן שטויס געטון, אָן דער שפּיז צו באַנוצן (געהאַלטן האָט ער זי מיט אַ קיוון אין דער הויך), אַז ראָסינאַנטע מיט דאָן קיכאָטן האָבן אַ געפערלעך פאַל געטון צו דער ערד. ער איז טייקעף אַרויף אַף אים און מיט דער שפּיז צום דאַשעק צוגעשטעלט, האָט ער אים געזאָגט:

— איר זענט באַזיגט, ריטער, און אויך טויט, אויב איר זענט נישט מוידע וואָס מיר האָבן אויסגענומען פאַר דער שלאַכט.

דאָן קיכאָט, אַ דערדריקטער און צעטומלטער, האָט דעם דאַשעק נישט אויפגעהויבן, און ווי ער וואָלט פון אַ קייווער אַרויסגערעדט, האָט ער מיט אַ שוואַכן און קראַנקן קאָל געענטפערט:

— דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ איז די שענסטע פרוי אין דער וועלט און איך בין דער אומגליקלעכסטער ריטער אַף דער ערד און מײַן שוואַכקייט טאָר נישט אָפּ־

לייקענען דעם עמעס. דריק צו, ריטער, די שפּיז, און נעם בײַ מיר דאָס לעבן צו, ווײַל דו האָסט בײַ מיר מײַן ווערדע צוגענומען.

— זײַט זיכער, אַז איך וועל דאָס נישט טון — האָט געזאָגט דער ריטער מיט דער וואַסער לעוואָנע, — זאָל לעבן, לעבן זאָל גאַנץ ווי ער איז דער שיינקייטס־רום פון דער האַרנטע דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ. פאַר מיר איז גענוג, אַז דער גרויסער דאָן קיכאָט זאָל אַהיימגיין אַף אַ יאָר צײַט, אָדער אַף אַזוי לאַנג ווי איך וועל אים הייסן, ווי מיר האָבן אויסגענומען איידער מיר זײַנען אַרײַן אין דער שלאַכט.

אויסגעהערט האָבן דאָס דער וויצע־קיניג און דאָן אַנטאָניאָ מיט די אַנדערע קאַוואַלירן, וואָס זײַנען דאָרט געווען, און געהערט האָבן זיי אויך ווי דאָן קיכאָט ענטפערט, אַז העיוים ער פאָדערט נישט פון אים אַזוינס וואָס זאָל זײַן צום שאָדן פון דולצינעען, וועט ער אַלץ דאָס איבעריקע, ווי אַ ריטער, פינקטלעך און ריכטיק אויספירן. נאָכדעם ווי דאָן קיכאָט האָט דאָס מוידע געווען, האָט דער ריטער מיט דער ווײַסער לעוואָנע פאַרקירעוועט, האָט זיך פאַרנויגט פאַר דעם וויצע־קיניג, און אין האַלבן גאַלאָפ אַוועק אין שטאָט. געהייסן האָט דער וויצע־קיניג דאָן אַנטאָניאָן אים נאָכרײַטן און זיך דערוויסן, אַלנפאַלס, ווער ער איז. מען האָט אויפגעהויבן דאָן קיכאָטן, אים אָפגעדעקט דאָס פּאָנים, און דערזען האָט מען אים אַ בלייכן און מיט אַ שווייס באַדעקט.

ראָסינאַנטע האָט זיך פאָשעט נישט געקענט באַוועגן, אַזוי צעקלאַפט איז ער געווען. סאַנטשאָ, אַ טרויעריקער, מיט אַ שווער געמיט, האָט נישט געוווּסט וואָס צו טראַכטן און וואָס צו טון. געדאַכט האָט זיך אים, אַז אַלץ וואָס איז געשען, איז פאָרגעקומען אין כאָלעם, און אַז די גאַנצע מאַכינאַציע איז נישט מער ווי אַ קישעף. געזען האָט ער זײַן האַר אַ אונטערגעגעבענעם, אַ געצוווּנגענעם אַ יאָר צײַט נישט צו נעמען דאָס געווער אין דער האַנט. פאָרגעשטעלט האָט ער זיך די שײַן פון העלדן־רום אַ פאַרטונקלטע, די האָפענונגען פון זײַנע נײַע האַפטאָכעס צע־שוווּמען, ווי עס צעשווימט אַ רויך מיט דעם ווינט. געשראָקן האָט ער זיך טאָמער בלײַבט ראָסינאַנטע אַ קאַליקע אָדער זײַן האַר אַן אויסגעלענקטער, וואָס דאָס וואָלט עפשער געווען אַ גליק פאַר אים. אַף לעצט האָט מען אים אַף אַ האַנט־שטול, וואָס דער וויצע־קיניג האָט געהייסן ברענגען, אַוועקטראָגן אין שטאָט אַרײַן, און אויך דער וויצע־קיניג איז אַהין אַוועק מיט דעם באַגער צו וויסן ווער עס איז דער רי־טער מיט דער ווײַסער לעוואָנע, וואָס האָט אין אַזאַ ניט שיינער לאַגע איבערגעלאָזט דאָן קיכאָטן.

# פינף און זעכציקסטער קאַפּיטל

## ווי עס ווערט געגעבן צו וויסן ווער עס איז געווען דער ריטער מיט דער ווײַסער לעוואָנע, מיט דער באַפרײַונג פון דאָן גרעגאָריאָ און אַנדערע געשעענישן.

נאָכגעריטן האָט דאָן אַנטאָניאָ באָרענאָ דעם ריטער מיט דער ווײַסער לעוואָנע און נאָכגעלאָפן זײַנען אים אויך די יינגלעך פון גאַס, ביז ער איז אַרײַן אין אַ שטאָטישן אײַנפאָר־הויז. אַהין איז אַרײַן אויך דאָן אַנטאָניאָ מיט דעם באַגער אים צו קענען. אַרויסגעקומען איז אַ משאָרעס אים אויפצונעמען און באַ אים די וואָפן אַראָפּנעמען, און אַרײַנגעגאַנגען איז ער אין אַ נידעריקן זאַל, און מיט אים דאָן אַנטאָניאָ, וואָס איז אומגעדולדיק געווען צו וויסן ווער ער איז. געזען האָט דער וואָס מיט דער ווײַסער לעוואָנע, אַז דער קאַוואַליר לאָזט אים ניט אָפּ, האָט ער זיך אָנגערופן:

— איך ווייס, מײַן האַר, צוליב וואָס איר זײַנט געקומען, איר ווילט וויסן ווער איך בין. און אַזוי ווי איך האָב נישט צוליב וואָס דאָס פון אײַך אויסצובאַהאַלטן, וועל איך אײַך, אין דער צײַט וואָס מײַן דינער וועט מיך אויסטון, אויסדערציילן דעם גאַנצן עמעס, עס זאָל גאָרנישט נישט פעלן. זײַט וויסן, מײַן האַר, אַז מיך רופט מען דער באַקאַלאַווער סאַמסאָן קאַראַסקאָ. איך בין פון דעם אייגענעם דאָרף וואָס דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, און זײַן משוגאַעס און נאַרישקייט רופט אַרויס ראַכמאָנעס צו אים באַ יעדן איינעם פון אונדז, די וואָס קענען אים, און צווישן די וואָס האָבן אַף אים ראַכמאָנעס מער ווי אַלע אַנדערע, בין איך אײַנער. און אַזוי ווי איך מיין, אַז זײַן געזונט פאָדערט רו און צו זיצן באַ זיך אין דאָרף און באַ זיך אין שטוב, בין איך געפאַלן אַף דער האַמצאָע, ווי אים אַהיימצוברענגען. אַזוי אַרום בין איך מיט דרײַ כאַדאָשים צוריק אים אין וועג געקומען ווי אַ וואַנדער־ריטער און האָב מיך אָנגערופן דער ריטער מיט די שפּיגלען, מיט דער דייע זיך מיט אים צו שלאָגן און אים בײַצוקומען אָן צו באַגיין קעגן אים וועלכן עס איז בייז, מיט דעם טנײַ, אַז דער באַזיגטער זאָל בלײַבן אויסגעשטעלט אַפן באַראָט פונעם זיגער, און גערעכנט האָב איך פון אים פאַרלאַנגען (מאַכמעס געהאַלטן האָב איך אים שוין פאַר אַ באַזיגטן) ער זאָל זיך אומקערן אַהיים און פון דער שטוב נישט אַרויסגיין אַ גאַנץ גייענדיק יאָר און אין מעשעך פון דער צײַט וואָלט ער זיך אויסגעהיילט. נאָר געפירט האָט דאָס מאַזל אַנדערש, וואָרום בײַגעקומען האָט ע ר מיך און נישט איך אים, און ער האָט מיך פונעם פערד אַראָפּגעוואָרפן, און פון מײַן געדאַנק איז גאָרנישט געוואָרן. ער איז זיך ווײַטער געגאַנגען זײַן וועג און איך בין אַהיימגעפאָרן אַ באַזיגטער, אַ באַטריבטער און צעקלאַפּטער פון דעם פאַל, וואָס איז דערצו נאָך געווען אַ געפערלעכער. נאָר דאָס האָט באַ מיר נישט אַוועקגענומען דעם באַגער אים ווידער אויפצוזוכן און בײַקומען, ווי מען האָט עס הײַנט געזען. און אַזוי ווי ער איז אַזוי געהיט אין די קלאָלים פון דעם וואַנדער־ריטערטום, וועט ער אָן שום סאָפּעק היטן מײַן פאַרזאָג און האַלטן זײַן וואָרט.

„אָט דאָס, מײַן האר, קומט דאָ פּאַר, און איך האָב אײַך מער גאָרנישט וואָס צו זאָגן. איך בעט אײַך נאָר מיך ניט אויסגעבן און ניט זאָגן דאָן קיכאָטן ווער איך בין, קעדיי מײַנע גוטע קאַוואַנעס זאָלן האָבן אַ פּועלע, און זאָל צוריקבאַקומען זײַן קלאָרן סייכל אַ מענטש, וואָס דער סייכל איז בײַ אים זייער אַ קלאָרער, ווען עס לאָזן אים אָפּ די ריטערישע נאַרישקייטן.

— אָ, מײַן האר! — האָט דאָן אַנטאָניאַ געזאָגט. — זאָל אײַך גאָט מויכל זײַן די אַוולע וואָס איר באַגייט אַקעגן דער גאַנצער וועלט, דערמיט וואָס איר ווילט קלאָר מאַכן דעם גײַסטרײַכסטן פון די מעשוגאָים וואָס די וועלט פאַרמאָגט. צי דען זעט איר נישט מײַן האר, אַז דער נוצן דערפון וואָס דאָן קיכאָט וועט קלאָר ווערן, וועט נישט זײַן אַזוי גרויס ווי דער גענוס, וואָס זײַנע מעשוגאַסן פאַרשאַפן? נאָר מיר דאַכט זיך, אַז די גאַנצע האַמצאָע פון דעם האר באַקאַלאַווער קען נישט העלפן קלאָר מאַכן אַ מענטשן, וואָס איז דערגאַנגען צו דער העכסטער מאַדרייגע פון מעשוגאַעס. און וואָלט עס נישט געווען אַ זינד קעגן דער מיטלייד, וואָלט איך געזאָגט, אַז דאָן קיכאָט וועט זיך שוין קיינמאָל נישט אויסהיילן, וואָרום נישט נאָר פאַרלירן מיר מיט זײַן געזונט ווערן זײַן אייגענעם כיין, נאָר אויך דעם כיין פון סאַנטשאָ פּאַנצאַ, זײַן וואָפּנטרעגער, וואָס יעדער איינער פון זיי קען די מאָרע־שכוירע אַליין פרייל̇עך מאַכן. דאָך, וועל איך שווײַגן און וועל אים גאָרנישט נישט זאָגן, ווײַל איך וויל זען צי בין איך גערעכט געווען מיט מײַן פאַרדאַכט, אַז די מי פון דעם האר קאַראַסקאָ איז אַ אומזיסטע.

געענטפערט האָט ער, אַז דער איניען האַלט שוין אָפּ אַ דערעך און ער האָפט, אַז דאָס וועט אים געלינגען. דאָן אַנטאָניאָ האָט זיך אָנגעבאָטן צו טון, וואָס נאָר מען וועט פון אים פאַרלאַנגען און האָט זיך געזעגנט. און אײַנגעפּאַקעוועט האָט דער באַקאַלאַווער זײַנע וואָפן אַף אַ מויל־אייזל און מיט דעם אייגענעם פערד, וואָס ער איז מיט דעם אַרײַן אין דער שלאַכט, האָט ער דעם אייגענעם טאָג פאַר־לאָזט די שטאָט און אַהיימגעפאָרן, און נישט געשען איז מיט אים אין וועג אַזוינס וואָס זאָל ווערט זײַן צו דערציילן אין אָט דער עמעסער געשיכטע. דערציילט האָט דאָן אַנטאָניאָ דעם וויצע־קיניג אַלץ וואָס קאַראַסקאָ האָט אים דערציילט, און דער וויצע־קיניג האָט דערפון קיין גרויס פאַרגעניגן נישט געהאַט, מאַכמעס מיט דאָן קיכאָטס אַהיימגיין, גייען פאַרלוירן די פאַרגעניגנס, וואָס זײַנע מעשוגאַעסן קענען פאַרשאַפן יעדן איינעם וואָס הערט זיי.

זעקס טעג איז דאָן קיכאָט געליגן אין בעט, אַ צעווייטיקטער, אַ פאַרטרויער־טער און פאַרקלערטער, און די מאַכשאָוועס זײַנע האָבן זיך אַלץ געדרייט אַרום דער אומגליקלעכער פּאַסירונג מיט זײַן מאַפּאָלע. געטרייסט האָט אים סאַנטשאָ און צווישן אַנדערע זאַכן אים אַזוי געזאָגט:

— האר מײַנער, הייבט אויף דעם קאָפּ, אײַער גענעדיקייט, און דערפרייט אײַך, אויב איר קענט, און דאַנקט דעם הימל, וואָס אויב איר זײַנט שוין געפאַלן, זײַנט איר נישט אַרויס מיט אַ צעבראָכענער ריפּ. און אַזוי ווי איר ווייסט, אַז דאָרט וווּ מען דערלאַנגט, דאָרט באַקומט מען, און אַז ניט שטענדיק זײַנען פאַראַן כאַזיי־רים וווּ עס זײַנען פאַראַן פּלעקער, שטעלט זשע אַ פײַג דעם דאָקטער, כאָטש אַף

צו הײלן אײַך פֿון די קלעפּ באַדאַרף ער זי ניט. לאָמיר אַהײמפֿאָרן און לאָמיר אויפֿהערן אומגײן זוכן גליקן אין אומבאַקאַנטע לענדער, וואָרום זאָל מען דעם אײ־ניען גוט באַטראַכטן, בין איך דאָ דער פֿאַרשפּילטער, כאָטש אײַער גענעדיקייט האָט ערגער אָפּגעשניטן. איך, וואָס האָב פֿאַרלאָזט מײַן רעגירונג אײנײנעם מיט מײַן באַ־נער צו זײַן גובערנאַטער, האָב נישט אָנגעוווירן דעם בײישעק צו ווערן פֿירשט, וואָס דאָס וועט קײנמאָל נישט מעקוײעם ווערן אויב אײַער גענעדיקייט וועט נישט ווערן קיניג און אָפּלאָזן זיך פֿון דעם ריטערטום, און מײַנע האָפֿענונגען ווערן דערום צע־שוווּמען ווי אַ רויך.

— שווײַג, סאַנטשאָ, דו זעסט דאָך, אַז מײַן זיצן אין דער הײם וועט לענ־גער ווי אַ יאָר נישט געדויערן. באַלד נאָכן יאָר וועל איך צוריקגײן צו מײַן אָרנט־לעכן באַרוף און פֿאַר מיר וועט נישט אויספֿעלן קײן קיניגרײַך צו געווינען און דיר אַ פֿירשטנטום צו געבן.

— פֿון אײַער מויל אין גאָטס אויערן — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — און אויב זינדיקן, זאָל רײנען איבערן מויל, און איך האָב שטענדיק געהערט זאָגן, אַז אַ גוטע האָפֿענונג איז בעסער ווי אַ שלעכטער באַזיץ.

אין די רײד איז אַרײַנגעקומען דאָן אַנטאָניאָ און מיט קענטיקער פֿרײד גע־זאָגט:

— אַ גוטע בסורע, האַר דאָן קיכאָט, דאָן גרעגאָריאָ מיט דעם מעשומעד, וואָס איז אים געפֿאָרן ברענגען, זײַנען שוין אין האַפֿן, וואָס זאָג איך האַפֿן, זײ זײַנען שוין באַם וויצע־קיניג אין שטוב און באַלד וועלן זײ זײַן דאָ.

דאָן קיכאָט האָט זיך אַביסל דערפֿרײט און געזאָגט:

— איך האָב בעעמעס געוואָלט זאָגן, אַז מיך וואָלט געפֿרײט ווען דאָס גע־שעט פֿאַרקערט, איך זאָל געוווען קענען פֿאָרן קײן בערבערן־לאַנד און מיט מײַן אָרעם באַפֿרײַען נישט נאָר דאָן גרעגאָריען, נאָר אַלע קריסטן, וואָס זײַנען אין בערבערן־לאַנד געפֿאַנגען. אָבער, וואָס רעד איך, אומגליקלעכער וואָס איך בין? צי בין איך דען נישט דער באַזיגטער? צי בין איך דען נישט דער געשטירצטער? צי בין איך דען נישט דער וואָס טאָר נישט נעמען אַ יאָר לאַנג דאָס געווער אין דער האַנט? איז צו וואָס מײַן צוזאָגן? איז צו וואָס מײַן באַרימען זיך, ווען מיר פּאַסט בעסער האַלטן דאָס שפּינדל אין דער האַנט איידער די שווערד?

— לאָזט אײַך אָפּ דערפֿון, מײַן האַר — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — זאָל די הון לעבן, מעג זײַן מיט דעם פּיפּעט. הײַנט פֿאַר דיר און מאָרגן פֿאַר מיר. און אין די זאַכן פֿון דועלן און שמײַץ דאַרף מען זיך נישט נעמען צום האַרצן, הײַנט פֿאַלט מען, מאָרגן הײבט מען זיך אויף, אויב מען האָט נישט גלאַט ליב צו ליגן אין בעט: איך מײן, אויב מען לאָזט זיך נישט נאָך און מען נעמט זיך אָן מיט נײַע קויכעס אַף נײַעם געשלעגן. און הײבט אײַך טאַקע אויף, אײַער גענעדיקייט אויפֿ־צונעמען דאָן גרעגאָריען, וואָרום מיר דאַכט זיך איך הער דעם אוילעם זיך טומלען און ער מוז שוין דאָ זײַן.

און אַזוי טאַקע איז עס געווען, וואָרום ווי נאָר דאָן גרעגאָריאָ מיט דעם מע־שומעד האָבן מודיע געווען דעם וויצע־קיניג, אַז זײ זײַנען שוין געקומען, האָט דאָן

גרעגאַריאָ געוואָלט זען אַנאַ פעליקס און איז געקומען מיט דעם מעשומעד צו דאָן אַנטאָניאָן אין הויז. און כאָטש דאָן גרעגאָריאָ האָט געטראָגן פרויען־קליידער בעיים אַרויספירן אים פון אַלזשיר, האָט ער אױף דער שיף זיך איבערגעטון אין געפאַנגענ־קליידער, וואָס ער האָט מיט זיך געפירט. נאָר אין וואָסערע קליידער ער זאָל נישט געווען קומען, האָט מען אין אים דערקענט אַ מענטשן, וואָס מען קען אים ליב האָבן, שעצן און דינען, מאַכמעס געווען איז ער אויסערגעוויינלעך שיין און יונג, צווישן זעכצן און אַכצן יאָר. ריקאָטע מיט זיין טאָכטער זיינען אים אַקעגנ־געגאַנגען, דער פאָטער מיט טרערן אין די אויגן און די טאָכטער מיט איר אָרנט־לעכקייט. זיי האָבן זיך נישט אַרומגענומען, מאַכמעס ווו עס איז פאַראַן שטאַרקע ליבע, ווייזט זי זיך נישט אַרוים אין צופיל דרייסטקייט. ביידע שיינקייטן אינייינעם, די שיינקייט פון דאָן גרעגאָריאָ און פון אַנאַ פעליקס, האָבן פאַרוווּנדערט יעדן איינעם וואָס האָט זיי געזען. דאָס שווייגן האָט גערעדט פאַר ביידע געליבטע און געווען זיינען די אויגן די צינגער, וואָס האָבן אַנטפּלעקט זייערע פריידיקע און אָרנטלעכע מאַכשאָוועס. דער מעשומעד האָט דערציילט וואָסערע קונצן ער האָט אָנגעווענדט אױף אַרויסצופירן דאָן גרעגאָריען. דאָן גרעגאָריאָ האָט דערציילט אין וואָסערע געפאַרן און קלעם ער איז געווען צווישן די פרויען, וואָס ער איז מיט זיי פאַרבליבן, און דערציילט האָט ער אָן לאַנגע רעדעס, נאָר אין קורצע ווערטער, וואָס האָבן אים געוויזן קלוג נישט נאָך די יאָרן. צום לעצט, האָט ריקאָטע מילד באַלוינט און צופרידנגעשטעלט דעם מעשומעד, ווי די לייט וואָס זיינען געזעסן בא די רודעס. דער מעשומעד איז ווידער אַ קריסט געוואָרן און פון אַ פאַרפוילטן איבר איז ער ריין און געזונט געוואָרן, מיט דער כאַראָטע און טשוווע, וואָס ער האָט אױף זיך גענומען.

אין צוויי טעג אַרום האָט דער וויצע־קיניג זיך באַראָטן מיט דאָן אַנטאָניען וויאַרום צו מאַכן, אַז אַנאַ פעליקס מיט איר פאָטער זאָלן פאַרבלייבן אין שפּאַניע. וואָרום געזען האָבן זיי, אַז עס איז נישטאָ וואָס אויסצוזעצן קעגן דעם וואָס שייעך אַזאַ קריסטלעכער טאָכטער און אַ פאָטער מיט אַזוינע גוטע קאַוואָנעס. דאָן אַנ־טאָניאָ האָט זיך אָנגעבאָטן פאָרן מיט אַ שטאַדלאָנעס אין הויף, ווו ער האָט נאָך אַנדערע איניאָנים, און האָט געגעבן אָנצוהערן, אַז מיט טויוועס און מאַטאָנעס קען מען אַסאַך שווערע זאַכן אויספּויעלן.

— נישטאָ — האָט זיך אָנגערופן ריקאָטע, וואָס איז דערביי געשטאַנען — וואָס צו דערוואַרטן קיין טויוועס און זיך פאַרלאָזן אױף מאַטאָנעס — וואָרום בא דעם גרויסן דאָן בערנאַרדינאָ דע וועלאַזקאָ, פירשט פון סאַלאַזאַר, וואָס זיין מאַ־יעסטעט האָט אים איבערגעגעבן אויסצופירן אונדזער גיירעש, העלפן נישט קיין באַקאָשעס, קיין האַפטאָכעס, קיין מאַטאָנעס און קיין ראַכמאָנעס. וואָרום כאָטש דער עמעס איז, אַז ער מישט ראַכמים מיט דין, זעט ער אָבער ווי דאָס גאַנצע פאָלק אונדזערס איז פאַרפעסטעט און צעפוילט, און ער נוצט גיכער דאָס גליענ־דיקע ברען־אייזן איידער די ווייכמאַכנדיקע זאַלב. און מיט זיין פאַרזיכטיקייט, שאַרפזיניקייט, פלייס און איימע האָט ער אױף זיינע פעסטע פּלייצעס גענומען די אָנפירונג מיט דער גרויסער מאַשינעריע, אַזוי אַז אונדזערע קונצן און שפּיצלעך,

אונדזערע סטראַטעגיעס, באַקאָשעס און שווינדלען האָבן נישט געקענט פאַרבלענדן זײַנע אָרגאַסטאָויגן, וואָס ער האָט זיי שטענדיק אָפן, אַז קיין איינער פון אונדזעריקע זאָל נישט בלײַבן אויסבאַהאַלטן און דערנאָך ווי אַ פאַרבאָרגענער וואָרצלאָרויסשפּראָצן און ברענגען גיפטיקע פרוכט אין שפּאַניע, וואָס איז שוין ריין און פרײַ פון דער מוירע, וואָס זי האָט געהאַט פאַר אונדזער האַמוין. אַ העלדישן באַשלום האָט אָנגענומען דער גרויסער פיליפּ דער דריטער און אומדערהערט קלוג האָט ער געטון, וואָס ער האָט דעם באַשלוס איבערצוגעבן צום אויספירן דעם דאָזיקן בערנאַרדאָ דע וועלאַזקאָ!

— איך וועל מאַכן אַלע מעגלעכע הישטאַדלעסן, איינע נאָך איינער, און זאָל דער הימל טון ווי אים געפעלט — האָט דאָן אַנטאָניאָ געזאָגט. — דאָן גרעגאָריאָ וועט פאָרן מיט מיר טרייסטן זײַנע עלטערן פון דעם גרויסן צאַר וואָס זיי טראָגן מיט זײַן פאַרשווינדן, אַנאַ פעליקס וועט פאַרבלײַבן מיט מײַן ווײַב בײַ מיר אין שטוב אָדער אין אַ מאָנאַסטיר, און איך ווייס, אַז דער האַר וויצע־קיניג וועט מיט צופרידנקייט אַרײַננעמען ריקאָטען צו זיך אין שטוב, אַף דער צײַט וואָס איך וועל פירן מײַן שטאַדלאָנעס.

דער וויצע־קיניג האָט מאַסקים געווען צו אַלץ וואָס יענער האָט פאָרגעשלאָגן, נאָר דאָן גרעגאָריאָ, וואָס האָט געוווּסט וואָס דאָ קומט פאָר, האָט געזאָגט, אַז בעשומויפן קען ער נישט און וויל נישט איבערלאָזן די דאָניאָ אַנאַ פעליקס. נאָר אַזוי ווי ער האָט געהאַט בעדייע פאָרן זען זײַנע עלטערן און דערנאָך אויסגעפינען אַ מיטל ווי צו קומען נאָך איר, האָט ער מאַסקים געווען צום אָפּמאַך. אַנאַ פעליקס איז געבליבן מיט דאָן אַנטאָניאָס ווײַב און ריקאָטע בײַם וויצע־קיניג. געקומען איז דער טאָג ווען דאָן אַנטאָניאָ האָט באַדאַרפט אָפּפאָרן און מיט צוויי טעג שפּעטער דאָן קיכאָט מיט סאַנטשאָ. דאָס פאַלן האָט אים נישט געשטערט וואָס גיכער זיך צו לאָזן אין וועג אַרײַן. מען האָט געוויינט, געזיפצט, געפלאַטערט און געקרעכצט ווען דאָן גרעגאָריאָ האָט זיך געזעגנט מיט אַנאַ פעליקס. ריקאָטע האָט אָנגעבאָטן דאָן גרעגאָריען טויזנט טאַלער, אויב ער וויל, נאָר ער האָט נישט גענומען, אַ כויץ פינף, וואָס דאָן אַנטאָניאָ האָט אים אויסגעליען, און ער האָט אים צוגעזאָגט אומקערן אינעם הויף. דערמיט זײַנען ביידע אָפּגעפאָרן און נאָך זיי דאָן קיכאָט מיט סאַנטשאָ, ווי שוין געזאָגט. דאָן קיכאָט, אָן די וואָפן און מיט לײַכטן טראָט, סאַנטשאָ צו פוס, מאַכמעס זײַן העל־ברוינער האָט אַף זיך געטראָגן די וואָפן.

## זעקס און זעכציקסטער קאַפּיטל

**ווו עס רעדט זיך וועגן דעם וואָס דער לייענער וועט לייענען אָדער וואָס עס וועט הערן ווער עס וועט אים האָרכן לייענען.**

בעייסן פאַרלאָזן באַרצעלאָנע, האָט דאָן קיכאָט נאָכאַמאָל אַ קוק געטון אַף דעם אָרט ווו ער איז געפאַלן, און האָט געזאָגט:

— אָט דאָ איז געווען טראָיאַ, אָט דאָ האָט מײַן אומגליק און נישט מײַן פּאַכ־

דאָנעם אַוועקגעטראָגן מײַן דערגרייכטן רום, אָט דאָ האָט דער גורל מיט מיר געשפּילט זײַן ראָד, אָט דאָ זײַנען מײַנע העלדישע מײַסים פֿאַרטונקלט געוואָרן, אָט דאָ איז, סאָפּקאָלסאָף, געפֿאַלן מײַן מאַזל אַף קיינמאָל מער זיך נישט אויפֿצוהייבן.

סאַנטשאָ האָט דאָס אויסגעהערט און געזאָגט:

— עס איז אין דער טעווע פֿון מוטיקע הערצער, מײַן האַר, צו האָבן געדולד בעיים אַ אומגליק, ווי צו פֿרייען זיך מיט דעם גליק. און איך ווייס דאָס פֿון מיר גופֿע, וואָרום אויב איך בין פֿריילעך געווען בעיים איך בין געווען גובערנאַטער, בין איך איצט, ווען איך גיי ווי אַ מעשאָרעס צו פֿוס, נישט טרויעריק: וואָרום געהערט האָב איך זאָגן, אַז דאָס וואָס מען רופֿט מאַזל, איז אַ קאַפּריזנע און שיקער באַשעפֿעניש און דערצו אַ בלינדס, און זעט נישט דערום וואָס דאָס טוט און ווייסט נישט וועמען דאָס וואַרפֿט אום און וועמען דאָס הייבט אויף.

— ביזט אַ גאַנצער פֿילאָזאָף, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געענטפֿערט, — דו רעדסט זייער קלוג, איך ווייס נישט ווער לערנט עס דיך. איך קען דיר נאָר זאָגן, אַז קיין מאַזל איז גאָר אַף דער וועלט נישטאָ, און אַלץ וואָס פּאַסירט אַף דער וועלט, סײַ דאָס גוטע און סײַ דאָס שלעכטע, קומט דורך דער האַשגאָכע פֿונעם הימל. און דערפֿון נעמט זיך וואָס מען זאָגט, אַז יעדער איינער פֿורעמט אויס זײַן אייגענעם גורל. מײַן גורל האָב איך מיר אַליין אויסגעפֿורעמט, נאָר נישט גענוג פֿאָרזיכטיק, און האָב מײַנע האַסאָגעס ווי אַף אַ קאָרט פֿאַרשפּילט. וואָרום באַדאַרפֿט האָב איך אַ טראַכט טון, אַז אַקעגן דער מעכטיקייט פֿון דעם גרויסן פֿערד אונטער דעם רײַטער מיט דער ווײַסער לעוואָנע, וועט די מאָגערקייט פֿון ראָסינאַנטען נישט קענען בײַשטיין. קורץ, איך האָב מיך דערוועגט, איך האָב געטון אַלץ וואָס איך האָב געקענט, מען האָט מיך נידערגעשלאָגן, און כאָטש איך האָב פֿאַרלוירן מײַן קאָוועד, האָב איך נישט פֿאַרלוירן און קען נישט פֿאַרלירן די מידע פֿון האַלטן וואָרט. ווען איך בין געווען אַ וואַנדער־ריטער האָב איך מיט מײַן דערעך און מיט מײַנע הענט באַקרעפֿטיקט מײַנע מײַסים, און איצט, ווען איך בין אַ פּוסגייערישער וואָפּנטרעגער, וועל איך באַקרעפֿטיקן מײַנע ווערטער דערמיט וואָס איך וועל האַלטן דאָס געגעבענע וואָרט. שפּאַן, פֿרײַנט סאַנטשאָ, אין דער היים בײַ אונדז וועלן מיר דורכגיין דאָס יאָר פֿון פּרווו, און אין דער אָפּגעשלאָסנקייט וועלן מיר אָנזאַמלען נײַע קויכעס אַף צוריקצוקערן צו דעם געווער־באַרוף, וואָס איז פֿון מיר קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן געוואָרן.

— מײַן האַר — האָט סאַנטשאָ געענטפֿערט: — עס איז גאָרנישט אַזאַ געשמאַקע זאַך צו פֿוס גיין, וואָס איר הייסט מיר גיין אַזוינע לאַנגע שטרעקעס צו פֿוס. לאָמיר בעסער די וואָפּן אויפֿהענגען אַף אַ בוים אָנשטאָט אַ געהאָנגענעם. און איך אַפּן רוקן בײַ מײַן העל־ברוינעם מיט די פֿיס אויפֿגעהויבן איבער דער ערד, וועלן מיר מאַכן די טעג רײַזע, ווי אײַער גענעדיקייט וועט גלוסטן און מעסטן. וואָרום אַז איך זאָל גיין צו פֿוס און יעדן טאָג אַזאַ גרויסן מעהאַלעך, איז אַ זאַך פֿון דער אומעגלעכקייט.

— האָסט ריכטיק געזאָגט, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געענטפֿערט: — זאָלן מײַנע וואָפּן הענגען ווי אַ טראָפּיי און זיי צופֿוסנס אָדער אַרום זיי, וועלן מיר

אַף די ביימער אויסקריצן וואָס געווען איז אויפגעשריבן בא ראָלדאַנען אַף די וואָפן:

נישט רירט זיי פון דעסטן,
ווײַל נישט עס קען זיך פאַרמעסטן
מיט ראָלדאַנען דער בעסטער.

— מיר זעט דאָס אַלץ אויס ווי אין פינטל. — האָט סאַנטשאָ געזאָגט. — און ווען מיר וואָלטן נישט באַדאַרפט האָבן ראָסינאַנטען צו דער רײַזע, וואָלטן מיר אים אויך געמעגט אויפהענגען.

— נישט אים און נישט דאָס וואָפן וועל איך לאָזן אויפהענגען — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — זאָל מען נישט זאָגן פאַר גוטן דינסט אַ שלעכטער לוין.

— זייער ריכטיק זאָגט איר, אײַער גענעדיקייט — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — וואָרום קלוגע לײַט זאָגן, אַז די שולד פונעם אייזל וואַרפט מען נישט אַף זײַן זאָטל, און אַזוי ווי דערין וואָס האָט פּאַסירט איז אײַער גענעדיקייט אַליין שולדיק, באַשטראָפט זשע אײַך אַליין און לאָזט נישט אויס דעם קאַס צו די שוין צעבראָכענע און מיט דעם בלוט אָפּגייענדיקע וואָפן, צו דער שטילער בעהיימע ראָסינאַנטע און צו מײַנע שוואַכע פיס, וואָס איר פאָדערט פון זיי מער ווי ס'איז רעכט.

מיט די רייד און טײַנעס איז זיי אַוועק דער גאַנצער טאָג און נאָך פיר, און עס האָט מיט זיי נישט פּאַסירט אַזוינס וואָס זאָל זיי זײַן אַ שטער אין וועג. אַפן פינפטן טאָג זײַנען זיי אַרײַנגעקומען אין אַ ישעוו און באַם טויער פון אַן אײַנפאָר־הויף האָבן זיי געטראָפן אַ גרויסן אוילעם, וואָס האָט זיך געלאָזט וווילגיין, מאַכמעס געווען איז דעמאָלט אַ יאָנטעוו־טאָג.

ווען זיי זײַנען צוגעקומען, האָט איין פּויער זיך אָנגערופן אַפן הויכן קאָל:

— איינער פון די צוויי הערן, וואָס קענען נישט די צדאָדים, וועט מישפּעטן וואָס מען דאַרף טון אינעם פאַל מיט דעם געוועט.

— איכל אײַך אַוודע זאָגן מיט דער גאַנצער ריכטיקייט — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — אויב איך וועל מיך דערין פונאַנדערקלייבן.

— די מײַסע דערפון איז אַזוי, מײַן ליבער האַר — האָט דער פּויער געזאָגט:

— איינער פון אונדזערע טוישווים, אַ דיקער פאַרשוין, וואָס וועגט עפּשער מער ווי עלף אַראָבאָס*), האָט זיך פאַרוועט לויפן מיט אַ צווייטן טוישעוו, וואָס וועגט נישט מער ווי פינף אַראָבאָס. אויסגענומען האָבן זיי דורכלויפן הונדערט שפּאַן מיט גלײַכער וואָג, און אַז מען האָט געפרעגט דעם וואָס האָט אַרויסגערופן אַפן געוועט, ווי אַזוי וועט ער אויסגלײַכן די וואָג, האָט ער געזאָגט, אַז דער קעגנער זאָל נעמען זעקס אַראָבאָס אײַזן אַף די פּלייצעס און אַזוי אַרום וועלן זיך אויסגלײַכן די עלף אַראָבאָס פונעם מאָגערן מיט די עלף פון דעם דיקן.

— אַזוי ניט — האָט זיך סאַנטשאָ אָנגערופן נאָך איידער דאָן קיכאָט האָט געענטפערט. — און מיר, וואָס איך בין ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק געוואָרן

*) אַן אַראָבאַ איז עלף מיט אַ האַלבן קילאָ.

אויס גובערנאַטער און ריכטער, ווי עס איז אַלעמען באַקאַנט, קומט אויפֿצוקלערן די ספּייקעס און מישפּעטן אין יעדן סיכסעך.

— ענטפֿער דו, סאַנטשאָ פֿרײַנט — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — איך בין איצט נישט אויפֿגעלעגט אַ קאָץ אַ בראָקן צו וואַרפֿן, אַזוי צעטומלט בין איך און דער קאָפּ איז מיר פֿאַרדרייט.

מיט דער דערלויבעניש האָט סאַנטשאָ אַזוי געזאָגט צו די פּויערים, וואָס זײַנען אַרום אים געשטאַנען מיט אָפֿענע מײַלער און געוואַרט וואָס ער וועט פּאַס־קענען:

— ברידער, דאָס וואָס דער דיקער וויל, טויג נישט און הייבט נישט אָז זײַן גערעכט. וואָרום אויב ריכטיק איז דאָס וואָס מען זאָגט, אַז דער אַרויסגערופֿענער מעג זיך אויסקלײַבן דאָס געווער, איז נישט רעכט ער זאָל זיך נעמען אַזאַ געווער, וואָס זאָל אים שטערן אַרויסצוקומען דער געווינער. דערום איז מײַן מיינונג, אַז דער דיקער זאָל זיך אַרומטעסען, אַרומשיילן, אַרומפּײַלן און אַרומשלײַפֿן און אַראָפּנע־מען פֿון זיך די זעקס אַראָבאַס לײַב, פֿון וואַנען אים געפֿעלט און פֿון וואַנען אים גלוסט זיך, און אַזוי אַרום וועט ער זיך אויסגלײַכן אין וואָג מיט די פֿינף פֿון זײַן קעגנער און ביידע וועלן קענען גלײַך לויפֿן.

— איך שווער — האָט זיך אָנגערופֿן איינער פֿון די פּויערים, ווען ער האָט אויסגעהערט סאַנטשאָס מישפּעט, — אַז דער מענטש האָט גערעדט ווי אַ צדיק און געמישפּעט ווי אַ קאַנאָניקער! נאָר דער דיקער וועט נישט וועלן אַפֿילו איין אונץ לײַב פֿון זיך אַראָפּנעמען, און בפֿרט זעקס אַראָבאַס.

— דאָס גלײַכסטע וועט זײַן — האָט אַ צווייטער זיך אָנגערופֿן — זיי זאָלן נישט לויפֿן, וואָרום דער מאָגערער וועט מיט דער מאַסע נישט דיקער ווערן און דער דיקער וועט נישט מאָגערער ווערן. זאָל מען דעריבער אַ האַלב פֿונעם געוועט אַוועקגעבן אַף ווײַן און לאָמיר אַרײַנגיין אין שענק, און טאָמער רעגנט, נעם איך אַף מיר דעם מאַנטל.

— איך, מײַנע האַרן, דאַנק אײַך זייער — האָט דאָן קיכאָט געענטפֿערט, — נאָר איך קען דאָ אַ מינוט נישט פֿאַרבלײַבן, וואָרום טרויעריקע פּאַסירונגען און מחשבֿות מאַכן מיך אומהעפֿלעך און צווינגען מיך שפּאַנען נישט ווי אַף אַ שפּאַציר.

און ער האָט אַ שפּאָרן געטון ראָסינאַנטען און איז אַוועק זײַן וועג, און זיי האָט ער איבערגעלאָזט פֿאַרוווּנדערטע אַף זײַן אויסטערלישער געשטאַלט, ווי אַף דער כאָכמע פֿון זײַן דינער. וואָרום פֿאַר אַזוינעם האָבן זיי אָנגענומען סאַנטשאָן. און אַ צווייטער פּויער האָט זיך אָנגערופֿן:

— אויב דער דינער איז אַזוי קלוג, ווי קלוג מוז שוין זײַן דער האַר? איך גיי אין געוועט, אַז ווען זיי פֿאָרן שטודירן אין סאַלאַמאַנקאַ, ווערן זיי מיט איין שמיר הויף־ריכטער. וואָרום ס'איז נישט מער ווי אַ שפּאַס, דער איקער איז לערנען און לערנען, דערנאָך אַ טויוועלע און אַ ביסעלע מאַזל, און איידער מען קוקט זיך אַרום, האַלט שוין דער מענטש די רוט אין דער האַנט אָדער ער טראָגט אַ מיטרע אַפֿן קאָפּ.

האַר און דינער האָבן יענע נאַכט פֿאַרבראַכט אינמיטן פֿעלד, אונטערן אָפּע־

נעם הימל, און אפֿן צווייטן טאָג, ווי זיי זײַנען געגאַנגען איבערן וועג, האָבן זיי דערזען זיי אַקעגנגיין צו פֿוס אַ מענטשן מיט צווי טאָרבעס איבערן האַלדז אַרי־בערגעוואָרפֿן און אין דער האַנט אַ פֿײַל אָדער אַ שפּיציקן שטעקן, ווי די שעליכים פֿוסגייער. און ווי ער איז צוגעקומען נענטער צו דאָן קיכאָטן, האָט ער גענומען גיין שנעלער און איז קימאַט צו אים צוגעלאָפֿן און אים אַרומגעכאַפּט בײַ דער רעכ־טער לענד, מאַכמעס מער האָט ער נישט געקענט, און מיט גרויס פֿרייד אים גע־זאָגט:

— אָ, מײַן האר דאָן קיכאָט פֿון לאַ מאַנטשאַ, ווי שטאַרק וועט זיך דערפֿרייען דאָס האַרץ פֿון מײַן האר דעם פֿירשט ווען ער וועט זיך דערוויסן, אַז אײַער גענע־דיקייט גייט צוריק צו אים אין שלאָס, וווּ ער וווינט נאָך אַלץ מיט מײַן הארנטע די פֿירשטין!

— איך קען אײַך נישט, פֿרײַנט — האָט דאָן קיכאָט געענטפֿערט, — און איך ווייס אויך נישט ווער איר זײַנט, אויב איר זאָגט עס מיר נישט.

— איך, האר דאָן קיכאָט — האָט דער שעליעך געזאָגט, — בין טאָסילאָס, דער לאַקיי פֿונעם פֿירשט מײַן האר, וואָס איך האָב נישט געוואָלט זיך שלאָגן מיט אײַער גענעדיקייט פֿאַר כאַסענע האָבן מיט דער טאָכטער פֿון דאָניאַ ראָדריגעז.

— שיץ מיך גאָט! — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט: — איז עס מעגלעך, אַז איר זײַנט עס דער וואָס די קישעפֿמאַכער, מײַנע סאָנים, האָבן אײַך פֿאַרוואַנדלט אין דעם לאַקיי, וואָס איר זאָגט, קעדיי בײַ מיר אָפּצושווינדלען דעם קאָוועד פֿון יענער שלאַכט?

— רעדט נישט אַזוי, ליבער האר, — האָט דער שעליעך אָפּגעענטפֿערט, — ס'איז נישט געווען קיין קישעף און קיין שום פּאָנים־פֿאַרענדערונג: טאָסילאָס דער לאַקיי בין איך אַרויף אָפֿן פּלאַץ און טאָסילאָס דער לאַקיי בין איך אַראָפּ. באַ־טראַכט האָב איך מיך כאַסענע צו האָבן אָן געשלעג, ווײַל דאָס מיידל איז מיר גע־פֿעלן, נאָר אַרויסגעקומען איז אַנדערש, וואָרום ווי נאָר אײַער גענעדיקייט האָט פֿאַר־לאָזט אונדזער שלאָס, האָט דער פֿירשט מײַן האר באַפֿוילן מיר אַרײַנוואַרפֿן הונ־דערט שטעקנס דערפֿאַר וואָס איך האָב נישט אויסגעפֿאָלגט וואָס ער האָט מיר גע־הייסן טון איידער איך בין געגאַנגען זיך שלאָגן, און דער סאָף איז געווען, אַז דאָס מיידל איז שוין אַ מאַנאַשקע געוואָרן און דאָניאַ ראָדריגעז איז צוריקגעפֿאָרן קיין קאַסטיליע, און איך גיי איצט קיין באַרצעלאָנע אָפּטראָגן אַ מעקע מיט בריוו צום וויצע־קיניג, וואָס מײַן האר שיקט פֿאַר אים. אויב אײַער גענעדיקייט וויל אַ שלוק מאַשקע, נאָך וואַרעמע, ריינע, האָב איך דאָ אַ פֿולע פֿליאַזשקע, פֿון דעם טײַערן. מיט עטלעכע רייפֿטלעך טראָנטשאָנער קעז, וואָס וועקן דעם דורשט טאָמער שלאָפֿט ער.

— דו גיב אַהער דעם קיבעד — האָט סאַנטשאָ זיך אָנגערופֿן — און די רעשט העפֿלעכקייטן וואַרף אַוועק, און זאָל דער בראַווער טאָסילאָס אָנגיסן אַף צוי־לאָכעס און צעפֿיקעניש אַלע קישעפֿמאַכער פֿון גאַנץ אינדיע.

— נאָך אַלעמען, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — ביזטו דער גרעס־טער פֿרעסער אין דער וועלט און דער גרעסטער אומוויסנדיקער מענטש אַף דער

ערד, אויב דו ביזט נישט איבערצײַגט, אז דער שעליעך איז אַ פּאַרקישעפּטער און אז דער טאָסילאָס איז אַ פאַלשער. בלײַב דיר דו דאָ און פרעס דיך אָן און איך וועל רײַטן פאַמעלעכן ווײַטער און וואַרטן דו זאָלסט אונטערקומען.

דער לאַקיי האָט זיך צעלאַכט, האָט אַרויסגענומען זײַן פּליאַזשקע פון דער שייד, די רייפּטלעך קעז און אַ ברויטל פון די טאָרבעס און זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט, ער מיט סאַנטשאָ, אַפן גרינעם גראָז און אין פרידן און כּאַוורוסע האָבן זיי אויסגעליידיקט ביזן דעק וואָס אין די טאָרבעס איז געווען, מיט אַזאַ גוטן אַפּעטיט, אַז זיי האָבן די טעקע אַרומגעלעקט בלויז דערפאַר וואָס זי האָט געשמעקט מיט קעז.

טאָסילאָס האָט זיך אָנגערופן צו סאַנטשאָ:

— דײַן באַלעבאָס, סאַנטשאָ פרײַנט, מוז אַוודע זײַן אַ מעשוגענער.

— וואָס הייסט ער מוז? — האָט סאַנטשאָ געענטפערט. — ער מוז ניט, קיינער צווינגט אים נישט און ער איז קיינעם גאָרנישט נישט שולדיק, ווײַל פאַר אַליץ צאָלט ער, ביפראַט ווען די מאַטבייע איז מעשוגאַעס. איך זע עס, און איך זאָג עס אים, נאָר, וואָס העלפט דאָס? ביפראַט איצט, ווען ער איז מעשוגע אַפן גאַנצן קאָפּ, מאַכמעס דער ריטער מיט דער ווײַסער לעוואָנע האָט אים בײַגעקומען.

טאָסילאָס האָט געבעטן דערציילן וואָס מיט אים האָט פּאַסירט, נאָר סאַנטשאָ האָט אים געענטפערט, אַז עס איז אַ אומהעפלעכקייט צו לאָזן דעם באַלעבאָס וואַרטן אַף אים, און אַן אַנדערש מאָל, אויב זיי וועלן זיך באַגעגענען, וועט ער אים דערציילן. און נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָפּגעטרייסלט דאָס רעקל און די ברעקלעך פון דער באָרד, האָט ער זיך אויפגעהויבן, האָט אָנגענומען דעם העל־ברוינעם פאָרן ציימל, געזאָגט אַ זײַ געזונט, איבערגעלאָזט טאָסילאָסן און האָט אָנגעיאָגט זײַן האַר, וואָס האָט געוואַרט אַף אים אינעם שאָטן פון אַ בוים.

## זיבן און זעכציקסטער קאַפּיטל

**וועגן דעם ווי דאָן קיכאָט האָט באַשלאָסן ווערן אַ פּאַסטעך און פירן אַ פעלד־לעבן ביז דאָס יאָר פון זײַן צוזאָג וועט פאַריבער, מיט נאָך אַנדערע בעעמעס געשמאַקע און גוטע פּאַסירונגען.**

אויב דאָן קיכאָטן האָבן געפּײַניקט אַ סאַך מאַכשאָוועס איידער מען האָט אים צו דער ערד געוואָרפן, האָבן אים נאָכמער מאַכשאָוועס געפּײַניקט נאָכן פאַלן. געזעסן איז ער אינעם שאָטן פונעם בוים, ווי שוין געזאָגט, און דאָרט זײַנען זיי ווי פליגן אַפן האָניק אָנגעפלויגן און אים אין מויעך געפּיקט. טייל זײַנען געווענדט געווען צו דער דערלייזונג פון דולציניאַ און אַנדערע צו דעם לעבן, וואָס ער דאַרף פירן און זײַן געצוווּנגענער צוריקגעצויגנקייט. צוגעקומען איז סאַנטשאָ און האָט פאַר אים אָפּגעלויבט די ברייטהאַרציקייט פון דעם לאַקיי טאָסילאָס.

— איז עס מעגלעך — האָט אים דאָן קיכאָט געזאָגט, — אַז דו, אָ, סאַנטשאָ,

דענקסט נאָך, אַז ער איז דער ריכטיקער לאָקיי? קענטיק, אַז דיר איז אינגאַנצן פֿאַר־נעם זינען אַרויס, אַז דו האָסט געזען דולצינעען פֿאַרוואַנדלט און אומגעקערט אין אַ פּויערטע און דעם באַקאַלאַווער קאַראַסקאָ אינעם ריטער מיט די שפּיגלען, וואָס דאָס איז אַלץ די אַרבעט פֿון די קישעפֿמאַכער, וואָס פֿאַרפֿאָלגן מיך. נאָר זאָג מיר, האָסטו געפֿרעגט אָט דעם טאָסילאָס, ווי דו מיינסט, וואָס איז געוואָרן מיט דער אַלטיסידאָראַ? צי האָט זי געוויינט וואָס איך בין אַוועק, אָדער האָט זי איבערגע־געבן אין די הענט פֿון פֿאַרגעסן דאָס פֿאַרליבעניש מיט די מאַכשאָוועס, וואָס האָבן זי געפּייניקט ווען איך בין דאָרט געווען?

— מײַנע מאַכשאָוועס — האָט סאַנטשאָ געענטפֿערט — זײַנען נישט געווען אַזוינע, וואָס זאָלן מיך געוווען לאָזן פֿרעגן אַף אַזוינע נאַרישקייטן. זאָל מיך דער טײַוול נעמען, מײַן האַר, צי איז איצט אײַער גענעדיקייט בעיעכוילעס נאָכצופֿרעגן זיך אַף פֿרעמדע מאַכשאָוועס, באַזונדערס נאָך וועגן ליבע?

— הער אויס, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — פֿאַראַן אַ גרויסער כילעק צווישן זאַכן וואָס ווערן געטון אויס ליבע און די וואָס ווערן געטון אויס דאַנק. עס קען ווויל געמאָלט זײַן אַ ריטער זאָל נישט פֿילן קיין ליבע, עס איז אָבער נישט מעגלעך, גאַנץ שטרענג גערעדט, ער זאָל נישט פֿילן דעם כוויוו פֿון דאַנק. אַלטיסידאָראַ, קענטיק, האָט מיך ליב געהאַט, זי האָט מיר געגעבן די דרײַ טיכלעך, וואָס דו ווייסט פֿון זיי, זי האָט געוויינט ווען איך בין אָפּגעפֿאָרן, זי האָט מיך גע־שאָלטן, געטאַדלט, אָפּן זיך געקלאָגט פֿאַר יעדן איינעם און נישט געשעמט זיך: אַלץ, באַווייזן, אַז זי האָט מיך ליב געהאַט, וואָרום דער צאָרן פֿון די פֿאַרליבטע גייט איבער אין קלאָלעס. איך האָב פֿאַר איר נישט געהאַט נישט קיין האָפֿענונגען צו געבן און נישט קיין אוצרעס, וואָרום מײַנע האָפֿענונגען האָב איך דולצינעען אַוועק־געגעבן און די אוצרעס פֿון די וואַנדער־ריטער זײַנען ווי די אוצרעס פֿון די שייי־דים, פֿאַלשע און נאָר לעפּאָנים. און געבן קען איך איר נאָר דעם אָנדענק וואָס איך האָב פֿון איר, ניט צום שאָדן פֿון דולצינעען, וואָס דו באַוואָלסט זי דערמיט וואָס דו ציסט אָפּ מיט דעם שמײַסן און באַשטראָפֿן דײַן לײַב, וואָס איך זע עס שוין פֿון וועלף געפֿרעסן, כאָטש דיר ווילט זיך עס בעסער אײַנהיטן פֿאַר די ווערים איידער אַלס טרופֿע פֿאַר דער אָרימער האָמע.

— מײַן האַר — האָט סאַנטשאָ געענטפֿערט, — דעם עמעס צו זאָגן, קען איך מיר נישט אײַנריידן, אַז שמײַסן מײַן הינטערביילעק זאָל האָבן עפּעס אַ שײַכעס מיט אָפּטון דעם קישעף פֿון די פֿאַרקישעפֿטע, וואָס דאָס איז אַלציינס ווי מיר זאָלן זאָגן: „עס טוט דיר וויי דער קאָפּ, באַשמיר דיר די קניען״. אַלנפֿאַלס, קען איך שווערן, אַז אין די אַלע געשיכטעס, וואָס ריידן וועגן וואַנדער־ריטערטום, האָט אײַער גענעדיקייט נישט באַגעגנט עמיצער זאָל דערלייזט ווערן פֿון זײַן קישעף מיט שמיץ. נאָר אַף יעדן פֿאַל, וועל איך מיך שמײַסן ווען מיר וועט זיך גלוסטן און ווען מיר וועט זײַן באַקוועמער זיך צו שמײַסן.

— זאָל גאָט געבן — האָט דאָן קיכאָט געענטפֿערט — און זאָל דיר דער הימל אַרײַנגעבן געפֿעליקייט דו זאָלסט דיך דערמאָנען אַף דעם כעשבן און אַף דעם כוויוו,

וואָס ליגט אַף דיר צו העלפֿן מײַן האַרנטע, וואָס זי איז דײַנע, מאַכמעס דו ביזט מײַנער.

געהאַלטן האָבן זיי אינמיטן דעם שמועס, ווען זיי זײַנען צוגעקומען צו דעם אָרט, ווו די אָקסן זײַנען געהאַט אַרויף אַף זיי. דאַן קיכאָט האָט דערקענט דאָס אָרט און האָט זיך אָנגערופֿן צו סאַנטשאָן:

— דאָס איז די לאָנקע, ווו מיר האָבן אָנגעטראָפֿן די בראַווע פּאַסטושקעס מיט די שלאַנקע פּאַסטעכער, וואָס האָבן דאָס אויסגעקליבן דאָ נאָכצומאַכן דער פּאַסטעכישער אַרקאַדיע; אַ געדאַנק, וואָס איז אַזוי נײַ ווי קלוג, און איך וואָלט וועלן, אָ, סאַנטשאָ, אים נאָכטון און מיר זאָלן ווערן פּאַסטעכער, ווײניקסטנס אַף דער צײַט, וואָס איך מוז פֿאַרבלײַבן אין דער היים. איך וועל אײַנקויפֿן אַ ביסל שאָף און אַלץ וואָס איז נויטיק צום פּאַסטעכישן פֿאַך, און אַ נאָמען געבן וועל איך מיך פּאַסטעך קיכאָטין און דו וועסט הייסן פּאַסטעך פּאַנציַנאָ, און מיר וועלן אומגיין איבער די בערג, איבער די פֿעלדער און וועלדער און זינגען און קלאָגן און טרינקען די קרישטאָל־ריינע וואַסער פֿון די קוואַלן אָדער פֿון די לויטערע טײַכלעך און שטראָמיקע טײַכן. די אייכנביימער וועלן אונדז געבן די שעפֿע פֿון זייערע זיסע פֿרוכט און די דעמבענע שטאַמען אַן אָרט צום זיצן, די ווערבעס זייער שאָטן, די רויזן זייער גערוך, די אויסגעשפּרייטע לאָנקעס טעפּיכער פֿילפֿאַרביקע און אָטעם די ריינע לויטערע לופֿט, שײַן די לעוואָנע און די שטערן אין דער פֿינצטערניש פֿון דער נאַכט, פֿאַרגעניגן דאָס געזאַנג און פֿרייד דאָס געוויין, ליבשאַפֿט וועט אונדז געבן אַ סאַלאַ און די ליבע — לערעס וואָס וועלן אונדז באַרימט מאַכן ניט נאָר אין די איצטיקע, נאָר אויך פֿאַרייביקן אין די קומענדיקע דוירעס.

— כ׳לעבן — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — מיר געפֿעלט און מיך רייצט אַפֿילע אַזאַ לעבן. און זאָלן עס נאָר האָבן דערזען דער באַקאַלאַווער סאַמסאָן קאַראַסקאָ און מײַסטער ניקאָלאַס דער שערער, וועט זיך זיי אויך פֿאַרגלוסטן ווערן פּאַסטעכער אַזוי ווי מיר. און אַפֿילע דעם גאַלעך קען זיך כאַלילע פֿאַרגלוסטן אַרויפֿגיין אַפֿן פּיטער־פֿעלד. ער איז דאָך בײַ אונדז אַזאַ פֿריילעכער און האָט ליב צו לאָזן זיך וווילגיין.

— זייער גוט האָסטו געזאָגט — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — און אויב דער באַקאַלאַווער סאַמסאָן קאַראַסקאָ וועט אַרײַנטרעטן אין דעם פֿאַך, און ער וועט אַרײַנטרעטן, וועט ער קענען הייסן דער פּאַסטעך סאַמסאָנינאָ אָדער גאָר דער פּאַסטעך קאַראַסקאָן; דער שערער ניקאָלאַס וועט קענען הייסן ניקולאָסאָ, ווי דער אַלטער באָסקאַן האָט זיך גערופֿן נעמאָראָסאָ. דעם גאַלעך, ווייס איך נישט ווי מיר וועלן אים רופֿן, נאָר אויב פֿון זײַן נאָמען קען דאָס נישט אַרויסקומען, וועלן מיר אים רופֿן קוריאַמבראָ. פֿאַר די פּאַסטושקעס, וואָס מיר דאַרפֿן זײַן אין זיי פֿאַרליבט, קענען מיר אונטערקלייבן נעמען ווי באַרן פֿון דער קופּע. און אַזוי ווי דער נאָמען פֿון מײַן דאַמע פּאַסט זיך פֿאַר אַ פּאַסטושקע ווי פֿאַר אַ פּרינצעסן, דאַרף איך מיך נישט באַמיען צוצוזוכן איר אַ בעסערן. דו, סאַנטשאָ, וועסט דיינער אַ נאָמען געבן ווי דיר וועט געפֿעלן.

— איך טראַכט נישט פֿון קיין אַנדער נאָמען פֿאַר איר ווי נאָר טערעזאָנאַ —

האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — וואָס וועט זיך איר פּאַסן צוליב איר פּעטליאַביקייט, ווי צוליב איר אייגענעם נאָמען, מאַכמעס מען רופט זי טערעזאָ. ביפראַט, אַז ווען איך וועל זי אויסלויבן אין מײַנע לידער, וועל איך אַרויסברענגען מײַנע פרומע באַגערן, מאַכמעס איך גיי נישט איבער פרעמדע הײַזער נאָך בעטל־ברויט. דעם גאַלעך וועט נישט פּאַסן צו האָבן אַ פּאַסטושקע, צוליב דעם גוטן בײַשפּיל. און אויב דער באַקאַלאַווער וועט וועלן האָבן, איז ער באַלעבאָס איבער זײַן נעשאָמע.

— שיץ מיך גאָט! — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — סאַראַ לעבן דאָס וועט זײַן, סאַנטשאָ פרײַנט! סאַראַ פּײַפּיאַלן עס וועלן צו אונדזערע אויערן גרייכן, סאַראַ זאַמאָרער דודלזעק, סאַראַ טאַצן און צימבאַלן, סאַראַ ראַבעלן! און ווי נאָך אַז צווישן די אַלע קיילים וועלן זיך נאָך הערן די אַלטע אַלבאָגעס! אַלע פּאַסטעכישע קיילים וועלן דאָרט זײַן.

— וואָס זײַנען דאָס אַזוינס אַלבאָגעס? — האָט סאַנטשאָ געפרעגט. — איך האָב נאָך אַזאַ קיילע זינט איך לעב נישט געזען און נישט געהערט פון איר.

— אַלבאָגעס זײַנען אַזוינע מעשענע לײַכטער, וואָס אַז מען קלאַפּט זיי איינעם אינעם צווייטן דאָרט וווּ זיי זײַנען אויסגעהוילט, גיבן זיי פון זיך אַרויס אַזאַ קלאַנג, וואָס כאָטש ער איז נישט אַזוי פײַן און גלאַט, קען מען אים פאַרטראָגן, און דער איקער פּאַסט ער זיך אַרײַן אינעם דודלזאַק מיט דעם צימבל. און דאָס וואָרט „אַלבאָגע" קומט פון מאַרישן, ווי אַ סאַך ווערטער, וואָס הייבן זיך אָן אין אונדזער קאַסטעליאַנישער שפּראַך מיט אָן „אַל", לעמאָשל: אַלמאָהאַזאַ, אַלמאָרזאַר, אַלפאָמבראַ, אַלגואַסיל, אַלהוסעמאַ, אַלמאַסען, אַלקאַנסיאַ און נאָך אַזוינע, וואָס מוזן זײַן אַ היבש ביסל, און בלויז דרײַ ווערטער האָט אונדזער לאָשן, וואָס זײַנען מאַרישע און פאַרענדיקן זיך מיט „י", דאָס זײַנען: באָרסעגי, זאַקיזאַמי און מאַראַוועדי. די ווערטער אַלהעלי און אַלפאַקי, זײַנען סײַ מיט זייער „אַל" און סײַ מיט זייער „י" באַקאַנט אַלס אַראַבישע. דאָס האָב איך דיר געזאָגט אַזוי זיך, קעלאַכעריאַד, מאַכמעס געקומען איז עס מיר אַפּן געדאַנק אין שייכעס מיט דעם וואָרט „אַלבאָגעס", און צוהעלפן וועט אונדז ברענגען אונדזער באַרוף צו שליימעס דאָס וואָס איך בין אַ שטיקל פּאָעט, ווי דו ווייסט, און דאָס וואָס אויך דער באַקאַלאַווער סאַמסאָן קאַראַסקאָ איז אַ גאַנצער פּאָעט. וועגן דעם גאַלעך זאָג איך גאָרניט, נאָר איך קען גיין אין געוועט, אַז ערגיץ מוז ער האָבן זײַנע שפּיצן און האַלדזבאַנדן פון אַ פּאָעט, און אויך מײַסטער ניקאָלאַס, אַ סוואָרע, האָט זיי, וואָרום אַלע אָדער מערסטנס שערער זײַנען גיטאַרע־שפּילער און קופּלעטן־זינגער. איך וועל מיך אין די לידער קלאָגן אַף שיידונג, דו וועסט דיך באַרימען אַלס שטאַנדהאַפטיקער פאַרליבטער, דער פּאַסטעך קאַראַסקאָן אַלס אָפּגעשטויסענער און דער גאַלעך קוריאַמבראָ וועגן וואָס אים קען אײַנפאַלן, און עס וועט גיין ווי געוווּנטשן.

דערויף האָט סאַנטשאָ געענטפערט:

— איך, מײַן האַר, בין אַזוי אומגליקלעך, אַז איך האָב מוירע איך וועל מיך שוין קיינמאָל נישט זען אין דעם פאַך. אָ, וויפל געפּאָלירטע לעפל איך וועל מאַכן ווען איך וועל ווערן פּאַסטעך! וויפל ברויט־זופּן, וויפל סמעטענעס, סאַראַ קראַנצן און אַלערליי פּאַסטעכישע שפּילעכער, וואָס כאָטש זיי וועלן מיך נישט באַרימט

מאַכן פאַר קיין כאַבעס, וועלן זיי מיר שאַפן דעם רום פון אַ באַל האַמצאָע! סאַנ־
טשיקאַ, מײַן טאָכטער, וועט אונדז ברענגען דאָס עסן אין טשערעדע. נאָר וואַרט!
בעסער איז נישט צו כאַפּן, פאַראַן פאַסטעכער וואָס זײַנען מער רעשאָים ווי צאַדי־
קים, און איך וואָלט נישט וועלן זי זאָל גיין נאָך וואָל און אַהיימקומען אָן אָפּגע־
שוירענע. און ליבע מיט נישט גוטע באַגערן פאַרהאַלטן זיך צווישן זיך היימיש אַפּן
פעלד פּונקט ווי אין שטאָט, אין די געצעלטן פון די פאַסטעכער ווי אין די קיניג־
לעכע פּאַלאַצן. און נעמט מען אַוועק די סיבע, דערווײַטערט מען אויך די זינד. און
ווײַט פון די אויגן ווײַט פונעם האַרצן. און בעסער אַ שפּרונג פון אונטער אַ
קוסט, איידער בעטן באַ גוטע מענטשן.

— גענוג גלײַכווערטלעך, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — וואָרום
יעדער ווערטל פאַר זיך איז גענוג מען זאָל פאַרשטיין וואָס דו מיינסט. און איך
האָב דיר שוין אַ סאַך מאָל געראָטן זאָלסט דיך נישט אַזוי וואַרפן מיט גלײַכווערט־
לעך און נישט איבערכאַפּן די מאָס ווען דו זאָגסט זיי. נאָר מיר האַכט זיך, אַז איך
פּרעדיק אין דער מידבער און זאָל מיך די מאַמע שלאָגן, איך יאָג דאָס דריידל.

— אײַער גענעדיקייט, דאַכט מיר — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — איז ווי זאָגט
מען עס: „געזאָגט האָט דער בעקן צום קעסל: אַוועק פון מיר מיט דײַנע שוואַרצע
אויגן”. איר וואָרנט מיך איך זאָל נישט זאָגן קיין גלײַכווערטלעך און אַליין צילעט
איר זיי פּאָרווײַז.

— הער אויס, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט אים געענטפערט, — איך ברענג
די גלײַכווערטלעך צו דער זאַך, און ווען איך זאָג זיי, פּאַסן זיי זיך ווי דאָס רינגל
צום פינגער, דו אָבער ברענגסט זיי פּאַשעט פאַר די האָר, אַזוי אַז דו ברענגסט זיי
צו שלעפּן און ניט צו פירן, און מיר געדענקט זיך איך האָב דיר שוין אַמאָל געזאָגט,
אַז גלײַכווערטלעך זײַנען קורצע לערעס גענומען פון דער דערפאַרונג און פונעם
נאָכדענקען באַ אונדזערע אַלטע כאַכאָמים, און אַ גלײַכווערטל נישט צו דער זאַך,
איז גיכער אַן אומזין איידער אַ לערע. נאָר לאָמיר דאָס אָפּלאָזן און אַזוי ווי עס איז
שוין באַלד נאַכט, וועלן מיר אָפּטרעטן אַ ביסל פונעם שליאַך און דאָ איבערנעכ־
טיקן, וואָרום גאָט ווייסט בעסער וואָס מאָרגן וועט זײַן.

זיי האָבן אָפּגעטראָטן, אָפּגעגעסן שפּעט און שלעכט, מיט דער נישט גערנקייט
פון סאַנטשאָן, וואָס האָט פאַר זיך געזען די דאַכקעס פון דעם וואַנדער־ריטערטום
ווען ער געפינט זיך אין די בערג און אין די וועלדער, כאָטש די ברייטקייט זײַנע
ווײַזט זיך עפּשער אַרויס אין די הײַזער און שלעסער, ווי באַ דאָן דיעגאָ מיראַנדאַ,
אַף דער כאַסענע פון דעם רײַכן קאַמאַטשאָ און באַ אַנטאָניאָ מאָרענאָ. נאָר גע־
טראַכט האָט ער זיך, אַז עס איז נישט מעגלעך שטענדיק זאָל זײַן טאָג, ווי עס איז
נישט מעגלעך שטענדיק זאָל זײַן נאַכט, און אַזוי איז ער יענע נאַכט אָפּגעשלאָפן,
בעיים זײַן האַר האָט זי פאַרבראַכט מיט וואַכן.

# אַכט און זעכציקסטער קאַפּיטל

## וועגן דעם כאַזערישן געראַנגל, וואָס האָט פּאַסירט מיט דאָן קיכאָטן

געווען איז די נאַכט אַ ביסל אַ פֿינצטערע, כאָטש די לעוואָנע איז געשטאַנען אין הימל, נאָר נישט אויף דער זײַט ווו מען האָט זי געקענט זען. דיאַנאַ מוז אַוודאי גיין שפּאַצירן ערגיץ צו די יענזײַטיקע און לאָזט איבער די בערגער שוואַרץ און די טאָלן פֿינצטער. דאָן קיכאָט האָט אָפּגעגעבן זײַן כוויוו דער נאַטור, איז אָפּגעשלאָפֿן דעם ערשטן שלאָף, און דעם צווייטן צו זיך נישט צוגעלאָזט. נישט אַזוי סאַנטשאָ, וואָס האָט קיינמאָל קיין צווייטן שלאָף נישט געהאַט, מאַכמעס אָפּשלאָפֿן פֿלעגט ער די גאַנצע נאַכט ביז אין דער פֿרי, וואָס דערין איז געווען צו זען זײַן פֿעסטן גוף און זײַנע קנאַפּע זאָרגן.

דאָן קיכאָטן האָבן די זאָרגן שלאָפֿן נישט געלאָזט און ער האָט דערום אויפֿגעוועקט סאַנטשאָן און אים געזאָגט:

— מיך וווּנדערט, סאַנטשאָ, ווי פֿרײַ דו האַלטסט דיך. ניט אַנדערש דו ביזט פֿון מירמלשטיין אָדער פֿון האַרטן בראָנדז געמאַכט, וואָס קיין זאַך רירט דיך נישט און דו האָסט נישט דעם מינדסטן געפֿיל. איך בין וואַך ווען דו שלאָפֿסט, איך וויין ווען דו זינגסט, איך כאַלעש פֿון נישט עסן ווען דו ביזט פֿויל און שלאַבעריק פֿון בלויזער זאַטקייט. גוטע דינער, פֿירט זיך, העלפֿן זייערע האַרן טראָגן זייערע יעסורים און פֿילן מיט זייערע לײַדן, ווען אַפֿילע נאָר לעפּאָנים. זע ווי שטיל די נאַכט איז, אונדזער אַליין זײַן בעט זיך מיר זאָלן מאַכן אַ וואַך־האַפּסאָקע אין אונדזער שלאָף. הייב דיך אויף, ווי דאָס לעבן איז דיר ליב, טרעט אָפּ אַ קליין ביסל פֿון דאַנען און צייל דיר אַרײַן מיט כיישעק, מיט פּליים און דאַנק, אַ דרײַ אָדער פֿיר הונדערט שמיץ אַפֿן כעשבן פֿון דולצינעעס דערלייזונג. און דאָס בעט איך דיך מיט גוטן, וואָרום איך וויל זיך מיט דיר ניט שלאָגן, איך ווייס דו האָסט אַ שווערע האַנט. דערנאָך, ווען דו וועסט דיך האָבן אָפּגעשמיסן, וועלן מיר די רעשט נאַכט פֿאַרברענגען מיט געזאַנג, איך וועגן מײַן צעשיידונג און דו וועגן דײַן שטאַנדהאַפֿטיקייט, און שוין באַצײַטנס אָנהייבן פֿירן דאָס פּאַסטעך־לעבן, וואָס מיר דאַרפֿן פֿירן בײַ אונדז אין דאָרף.

— מײַן האַר — האָט סאַנטשאָ געענטפֿערט, — איך בין נישט קיין מאָנאַך איך זאָל מיך אויפֿכאַפּן אין מיטן דער נאַכט און מיך נעמען שמײַסן, און איך גלויב אויך נישט, אַז מען קען גלײַך פֿון די ווײ־טוענדיקע שמיץ אַריבער צו געזאַנג. לאָזט מיך, אײַער גענעדיקייט, שלאָפֿן און שטייט נישט צו מיט דעם שמײַסן, וואָרום איר וועט מיך ברענגען צו אַ שוווּע, איך זאָל מיר אַ האָר נישט אָנרירן אויפֿן רעקל, בפֿרט אויפֿן לײַב.

— אָ, נעשאָמע פֿאַרהאַרטעוועטע! אָ, מעשאָרעס האַרצלאָזער! אָ, ברויט שלעכט פֿאַרנוצטער און שלעכט אויפֿגענומענער גענאָד, וואָס איך האָב דיר געטון און דענק דיר ווײַטער צו טון! דורך מיר ביזטו געוואָרן גובערנאַטער, און דורך מיר באַקומסטו ווײַטערדיקע האָפֿענונגען צו ווערן פֿירשט אָדער אַן אַנדער טיטל פֿון

דעם מין צו באַקומען, און מעקויעם קען דאָס ווערן ניט שפּעטער ווי נאָך דעם יאָר, וואָרום „פּאָסט טענעבראַס ספּעראָ לוצעם" (נאָך דער פינצטערניש דערוואַרט איך ליכטיקייט).

— איך פאַרשטיי דאָס ניט — האָט סאַנטשאָ אָפּגעענטפערט; — איך פאַר־שטיי נאָר, אַז אַזוי לאַנג איך שלאָף, האָב איך נישט קיין מוירע, קיין האָפענונגען, קיין זאָרגן און קיין רום, און אַ געזונט אַף דעם וואָס האָט אויסגעטראַכט שלאָף, דעם מאַנטל וואָס פאַרדעקט אַלע מענטשלעכע מאַכשאָוועס, דאָס מייכל וואָס נעמט אַוועק דעם הונגער, דאָס וואַסער וואָס פאַרטרייבט דעם דורשט, דאָס פייער וואָס דערוואַרימט די קעלט, די קעלט וואָס שטילט דעם ברי און, צולעצט, די מאַטבייע וואָס אַלץ קויפט מען מיט איר אָפּ, די וואָג און מאָס, וואָס גלייכט אויס דעם פּאַס־טעך מיט דעם קיניג, דעם טאָם מיט דעם כאָכעם. איין זאַך נאָר איז מיט דעם שלאָף נישט גוט, ווי איך האָב געהערט, ער איז נאָענט מיט דעם טויט און צווישן אַ טויטן און אַ שלאָפנדיקן איז אַ קליינער אונטערשייד.

— איך האָב דיך נאָך קיינמאָל נישט געהערט, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — אַזוי עלעגאַנט ריידן ווי איצט, און איך דרינג דערפון, אַז עמעס איז דאָס ווערטל, וואָס דו זאָגסט אַמאָל: „נישט מיט וועמען דו ברידערסט דיך, נאָר מיט וועמען דו פּיטערסט דיך".

— עך, האַר מייַנער! — האָט סאַנטשאָ אָפּגעענטפערט; — נישט איך צילע שוין אָפּן שנירל די גלייכווערטלעך, אויך בײַ אײַער גענעדיקייט פון מויל פאַלן זיי פּאַרוווייז נאָך בעסער ווי בײַ מיר, מער ניט, צווישן מײַנע און אײַערע איז פאַראַן דער כילעק: אײַערע קומען אין צײַט און מײַנע פאַרקערט. נאָר, אין דער עמעסן, איז אַ גלייכווערטל אַ גלייכווערטל.

אינמיטן דעם שמועס האָבן זיי דערהערט אַ פאַרשטיקטן געדונער און קוויי־טשיקן גערויש זיך שפּרייטן איבער די פעלדער. דאָן קיכאָט האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט זיך געכאַפּט צו דער שווערד, און סאַנטשאָ האָט זיך אַרונטערגעבויגן אונ־טערן העל־ברוינעם און בײַ די זײַטן אַוועקגעלייגט דאָס בינטל געווער און דעם אייזלשן זאָטל, אַ צעטרייסלטער פון שרעק, ווי דאָן קיכאָט אַן אויפגעהײַטערטער. פון רעגע צו רעגע איז געוואַקסן דער גערויש און איז צוגעקומען אַלץ נענטער צו די צוויי דערשראָקענע: אַלנפאַלס, צו איינעם פון זיי, וואָרום דעם צווייטנס מוט איז שוין באַוווּסט. די זאַך איז, וואָס געפירט האָט מען אָפּן מאַרק צו פאַרקויפן אַזוינע זעקס הונדערט שטיק כאַזיירים, און געפירט האָט מען זיי באַנאַכט, און אַזוי גרויס איז געווען דער גערויש זייערער און דאָס כריוקען מיט דעם פאַרשקען, אַז זיי האָבן דאָן קיכאָטן און סאַנטשאָן די אויערן פאַרטויבט און זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָס קען זײַן. די צעשפּרייטע כריוקענדיקע הירדע האָט אָנגעיאָגט און אָן שום דרעכערעץ פאַר דאָן קיכאָטן און פאַר סאַנטשאָן, איז זי אַריבער איבער זיי ביידן, האָט אײַנגעוואַלגערט סאַנטשאָס באַריקאַדע און אומגעוואָרפן נישט נאָר דאָן קי־כאָטן, נאָר אויך פאַרשלעפּט ראָסינאַנטען. דאָס געיעג, דאָס כריוקען, די שנעלקייט ווי די קויטיקע כײַעס זײַנען אָנגעלאָפן, האָט צונויפגעמישט און איבער דער ערד געשלעפּט דעם אייזלשן זאָטל, דאָס געווער, דעם העל־ברוינעם, ראָסינאַנטען,

סאַנטשאָן און דאָן קיכאָטן. מיט גרויס מי האָט זיך סאַנטשאָ אויפגעהויבן און האָט געבעטן בא זײַן האַר די שווערד, וועט ער כאָטש אַ האַלב טוץ אויסהאַרגענען פון די אומהעפלעכע האַרן כאַזיירים, וואָס געוווסט האָט ער שוין ווער זיי זײַנען. געזאָגט האָט אים דאָן קיכאָט:

— לאָז זיי אָפּ, מײַן פרײַנט, די באַליידיקונג איז אַן אָפּקומעניש פאַר מײַנע זינד און אַ גערעכטע שטראָף פונעם הימל איז, אַז אַ באַזיגטן וואַנדער־ריטער זאָלן שאַקאַלן פרעסן, קאָמאַרן זאָלן אים בײַסן און כאַזיירים זאָלן אים טרעטן.

— אַ שטראָף פונעם הימל מוז אויך זײַן — האָט סאַנטשאָ געענטפערט — אַז די וואָפּנטרעגער פון די באַזיגטע ריטער זאָלן די פליגן בײַסן, די לײַז עסן און דער הונגער באַפאַלן. וואָלטן מיר, וואָפּנטרעגער, געווען די זין פון די ריטער וואָס מיר באַדינען אָדער גאָר נאָנטע קרויווים זייערע, וואָלט עס נישט צו פאַרדענקען געווען, אַז מיר זאָלן פאַר זייערע זינד אָפּקומען ביזן פערטן דאָר; אָבער וואָס קערן זיך אָן די פאַנצאַס מיט די קיכאָטן? נאַר, מײַלע, לאָמיר זיך ווידער באַקוועם מאַכן און אָפּשלאָפן דאָס ביסל וואָס איז אונדז פאַרבליבן פון דער נאַכט. גאָט וועט אויפשטײַן, וועלן מיר אויפקומען.

— שלאָף דו, סאַנטשאָ, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — וואָס צום שלאָפן ביזטו געבוירן. איך, וואָס געבוירן בין איך צום וואַך זײַן, וועל אין דער צײַט וואָס פעלט נאָך צו טאָג פרײַ לאָזן מײַנע געדאַנקען און וועל זיי אויסשטורעמען מיט אַ מאַדריגאַל, וואָס איך האָב פאַרפאַסט אין קאָפּ באַ מיר, ווען דו ביזט געשלאָפן.

— מיר דאַכט זיך — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — אַז מאַכשאָוועס, וואָס לאָזן מאַכן לידלעך, דאַרפן נישט זײַן אַזוי גרויס. איר, אײַער גענעדיקייט, מאַכט אײַך לידלעך וויפל איר ווילט, און איך וועל מיר שלאָפן וויפל איך קען.

און באַלד טאַקע האָט ער זיך אַוועקגעלייגט אױף דער ערד, האָט זיך אײַנגעגנו־רעט און איז אײַנגעשלאָפן מיט אַ פרײַען שלאָף, נישט געשטערט פון קיין שום אָרוועס און כויוועס און פון יעדן מין ווייטיק. דאָן קיכאָט, אָנגעשפּאַרט אָנעם שטאַם פון אַ בוקסנבוים אָדער פון אַ דעמב (וואָרום סידע האַמעטע בענענגעלי, ווײַזט נישט אָן וואָס פאַר אַ מין בוים דאָס איז געווען), האָט צום טאַקט פון זײַנע אייגענע זיפצן אַזוי געזונגען:

„אַמור, ווען איך נעם טראַכטן
אינעם גוירל, וואָס דו פאַרשאַפסט מיר, שרעקלעכן און שטאַרקן
לויף איך צו די גענאַרקן
פונעם טויט און זוך אין אים אַ סאָף צו מײַנע שלאַכטן.

נאָר ווי איך וויל די בריק אַריבער,
וואָס איז אַ האַפן אַפן יאַם פון מײַנע פּײַנען,
דערפיל איך אַזאַ טײַנעג,
אַז דאָס לעבן איז מיר גויזוער, און איך בלײַב דאַ איבער.

אַזוי טויט מיך אָפּ דאָס לעבן
און עס ברענגט דער טויט מיר ס׳לעבן ווידער.
אַ, אומדערהערטער קידערווידער,
וואָס קעסייחער מיט מיר שפּילן טויט און לעבן!"

יעדן איינעם פון די פערזן האָט ער באַגלייט מיט אַ סאַך זיפצן און מיט נישט ווייניק טרערן, ווי איינער וואָס דאָס האַרץ איז אים דורכגעשטאָכן מיט דעם ווי פון זײַן מאַמאַלע און מיט דער שיידונג פון דולצינעאַ. דערווײַל איז טאָג גע־וואָרן, די זון האָט אירע שטראַלן געשיקט כּאַנטשאָן אין די אויגן, און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און זיך אויסגעצויגן, זיך אַרומגעטרייסלט און די פוילע גלידער אויס־געגלײַכט. דערזען האָט ער דעם כורבן, וואָס די כאַזיירים האָבן אָנגעמאַכט אין זײַנע שפּײַז־רעזערוון און האָט געשאָלטן די הירדע און נאָך ווײַטער. קורץ. זיי זײַנען ווידער אַרויף אַפן וועג און פאַרנאַכט צו האָבן זיי דערזען זיי אַקעגן אָנקומען אַ צענדלינג מענטשן רײַטנדיק און פיר אָדער פינף צופוס. אויפגעשפּרונגען איז דאָס האַרץ בּאַ דאָן קיכאָטן און אומרויִק איז עס געוואָרן בּאַ סאַנטשאָן, מאַכמעס די לײַט וואָס זײַנען זיי אַקעגנגעריטן, האָבן מיט זיך געהאַט שפּיזן און שילדן, ווי צו מילכאָמע גרייט. אומגעדרייט האָט זיך דאָן קיכאָט צו סאַנטשאָן און אים געזאָגט:

— ווען איך וואָלט מעגן, סאַנטשאָ, נוצן מײַן געווער, און ווען מײַן צוזאָג וואָלט מיר נישט די הענט געבונדן, וואָלט אָט די מאַכיניע וואָס גייט אַף אונדז, געווען פאַר מיר טאָרט מיט לעקעך, נאָר, קען זײַן ס'איז גאָרנישט דאָס פאַרוואָס מיר שרעקן זיך.

אין דער רעגע זײַנען צוגעקומען די רײַטער, און מיט די שפּיזן אין דער הויך, אָן אַ וואָרט צו ריידן, האָבן זיי אַרומגערינגלט דאָן קיכאָטן און אים זיי צום רוקן און צום האַרצן צוגעשטעלט און געדראָט מיט טויט. איינער פון די פוסגייער האָט צום מויל אַ פינגער צוגעשטעלט, אַ סימען זיי זאָלן שווײַגן, האָט ראָסינאַנטען פאַרן צוימל אָנגענומען און אים פונעם וועג אַראָפּגעפירט. די איבעריקע פוסגייער האָבן אָנגעכאַפּט פון פאָרנט סאַנטשאָן און זײַן העל־ברוינעם, און מיט וווּנדערלעכן שווײַגן נאָכגעשפּאַנט דעם וואָס האָט געפירט דאָן קיכאָטן. געוואָלט האָט ער אַ פּאָר מאָל פרעגן וווּהין זיי פירן אים אָדער וואָס זיי ווילן פון אים, נאָר קוים האָט ער די ליפּן צעעפנט, האָט מען זיי אים פאַרמאַכט מיט די אײַזנס פון די שפּיזן, און דאָס אייגענע איז געווען מיט סאַנטשאָן. וואָרום קוים האָבן זיי געזען ער וויל ריידן, האָט אים איינער פון די פוסגייער מיט זײַן שטעך־שטעקן אַ שטאָך געטון און דאָס אייגענע דעם העל־ברוינעם, גלײַך ער וואָלט אויך וועלן ריידן. ס'איז נאַכט געוואָרן, האָבן זיי גענומען גיין שנעלער און געוואַקסן איז בּאַ די צוויי געפאַנגענע די שרעק, ביפראַט ווען זיי האָבן געהערט איינעם פון זיי שרייען די גאַנצע צײַט:

— גייט, איר טראָגלאָדיטן! שווײַגט, איר באַרבאַרן! צאָלט, איר אַנטראָפּאָ־פאַגן! קרעכצט נישט, סקיטן! די אויגן האַלט צוגעמאַכט, ציקלאָפּן, ראָצכים, בלוט־דורשטיקע לייבן!

און נאָך אַזוינע נעמען, וואָס האָבן געפּײַניקט די אויערן פון די עלנטע האַר און דינער. סאַנטשאָ האָט אַלץ גערעדט צו זיך:

„דאָס זײַנען מיר די טירקלטויבן, מיר די באַרבירער און פלעדערווישן, און מיר זײַנען עם די הינט, וואָס מען שרייט צו אונדז פּסיט, פּסיט? זיי פאַרשאַפן מיר גאַנץ ווייניק האַנאָע די נעמען. וווּהין טראָגט דער ווינט די סקירדע? אַלץ איינעם האָט זיך אַף אונדז אויסגעשאָטן, ווי אַף אַ הונט די קלעפּ. און, האַלעוויי

זאָל דערמיט זיך אויסלאָזן דער שלימאַזלדיקער נעראַנגל, וואָס האָט אונדז גע־טראָפן!״

דאָן קיכאָט האָט געריטן אַ געפּלעפּטער און וויפל ער האָט זיך נישט אָנגע־שטרענגט, האָט ער נישט געקענט קלוג ווערן וואָס דאָס זײַנען פאַר מענטשן, וואָס זידלען אים אַזוי, און געקומען איז ער צום שלוס, אַז קיין גוטס דערפון איז נישט צו דערוואַרטן, נאָר שלעכטס אַ סאַך.

צוגעקומען זײַנען זיי, קימאַט אַ שאָ אין דער נאַכט, צו אַ שלאָס, וואָס איז גוט באַקאַנט געווען דאָן קיכאָטן, וואָרום געווען איז עס דער פירשטס שלאָס, וווּ זיי זײַנען ערשט נישט לאַנג געווען.

— שיץ מיך גאָט! — האָט ער אַ זאָג געטון, ווי נאָר ער האָט דערקענט דעם גוט, — וואָס זאָל דאָס באַטייטן? דאָ אין דעם הויז איז דאָך אַלץ אַזוי פײַן און העפלעך. נאָר פאַר באַזיגטע ווערט פון גוט שלעכט און פון שלעכט ערגער.

אַרײַנגעקומען זײַנען זיי אינעם הויפּט־הויף פונעם שלאָס און דערזען האָבן זיי אים אַזוי צוגעריכט און אויסגעשטאַט, אַז דאָס האָט זיי נאָכמער געוווּנדערט און נאָכמער געשראָקן, ווי מען וועט דאָס זען אינעם ווײַטערדיקן קאַפּיטל.

## ניין און זעכציקסטער קאַפּיטל

### וועגן דער אויסטערלישער און נײַסטער פּאַסירונג, וואָס איז זיך אין מעשעך פון דער גרויסער געשיכטע פאַרלאָפן מיט דאָן קיכאָטן.

די רייטער זײַנען אַראָפּ פון די פערד און אינייינעם מיט די פוסגייער האָבן זיי אַ כאַפּ געטון סאַנטשאָן און דאָן קיכאָטן און זיי אַרײַנגעטראָגן אין הויף, ווו עס האָבן אַרום געפלאַקערט עפּשער הונדערט שטורקאַצן אין לײַכטער אַרײַנגע־שטעקט, און איבער די קאָרידאָרן אַרום, עפּשער פינף הונדערט ליכטלעך, אַזוי אַז נישט געקוקט דערויף וואָס די נאַכט איז געווען אַ ביסל אַ פינצטערע, האָט מען נישט געמערקט דאָס פעלן פונעם טאָגליכט. אין מיטן הויף, צוויי איילן פון דער ערד, איז געשטאַנען אַן אָרן, און אַרום אים אַ גרויסער באַלדאַכין פון שוואַרצן סאַ־מעט, און באַ די זײַטן, אויף טרעפּ, האָבן געברענט ווײַסע וועקסענע ליכט אין עפּשער הונדערט זילבערנע לײַכטער. אויף דעם אָרן איז געלעגן טויט אַזאַ שיין מיידל, אַז נעדאַכט האָט זיך זי באַשײַנט דעם טויט מיט איר שיינקייט. דעם קאָפּ האָט זי גע־האַלטן אויף אַ בראָקאַטענעם קישן, באַקראַנצט מיט אַ גירלאַנדע אויסגעפלאָכטן פון פאַרשידענע שמעקעדיקע בלומען, די הענט פאַרלייגט איבער דער ברוסט און אין די הענט אַ פאַרגעלטער זיגערישער פּאַלמען־צווײַג. אָן אַ זײַט איז געשטאַנען אַן עסטראַדע און אויף איר, פון בײדע זײַטן, אויף צוויי שטולן, זײַנען געזעסן צוויי פאַר־שוינען, וואָס לויט די קרוינען אויף די קעפּ און לויט די סצעפּטערס אין די הענט, האָט מען זיי באַדאַרפט אָנעמען פאַר קיניגן, עמעצע אָדער פאַרשטעלטע. באַ דער עסטראַדע, ווו מען איז אַרויפגעגאַנגען אויף טרעפּ, זײַנען געשטאַנען נאָך צוויי

שטול, ווו די כאפּערס האָבן אַף זיי אוועקגעזעצט דאַן קיכאָטן און סאַנטשאָ, און שווייַגנדיקערהייד, מיט צייכנס זיי געוואָרנט זיי זאָלן שווייגן. נאָר זיי האָבן גע־שוויגן נישט געוואָרנטערהייד, מאַכמעס דאָס שטוינען דערויף וואָס זיי האָבן געזען, האָט זיי די צינגער געפּענטעט. אין דער רעגע זייַנען אַף דער עסטראַדע אַרויפגע־קומען, רייַך באַגלייט, צוויי ווּיכטיקע פּאַרשוינען, וואָס דאָן קיכאָט האָט אין זיי באַלד דערקענט דעם פּירשט מיט דער פּירשטן, זייַנע גאַסטגעבער, וואָס האָבן זיך אוועקגעזעצט אַף צוויי רייַכע שטולן, לעבן די צוויי, וואָס האָבן אויסגעזען ווי קי־ניגן. איז ווי זאָל מען דערויף נישט געווען שטוינען, ביפראַט ווען דאָן קיכאָט האָט דערקענט, אַז אַפּן אָרן ליגט טויט די שיינע אַלטיסידאָראַ? ווען דער פּירשט מיט דער פּירשטן זייַנען אַרויף אַף דער עסטראַדע, האָבן זיך דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ אויפגעהויבן און טיף זיך פאַרנייגט פאַר זיי, און די פּירשטן האָבן זיך אויך פאַר־נייגט, קוים אָנגעבויגן די קעפּ. אין דער רעגע איז אַפּירגעקומען אַ מעשאָרעס, איז צוגעגאַנגען צו סאַנטשאָן און האָט אַף אים אַרויפגעוואָרפן אַ מאַנטל פון שוואַרצן סאַטין, באַמאָלט מיט פייַער־צונגען, און אַראָפּגענומען האָט ער בא אים זייַן מיצל און אָנגעטון אים אַפּן קאָפּ אַ שקאַרמויץ, ווי עס טראָגן די געמישפּעטע פון דער אינקוויזיציע, און אַפּן אויער אייַנגערוימט ער זאָל דאָס מויל נישט עפענען, אַז נישט וועט מען אים אַ מוילקאָרב אָנטון אָדער דאָס לעבן אוועקנעמען. באַטראַכט האָט ער זיך פון אויבן ביז אַראָפּ און האָט זיך דערזען אַ ברענענדיקן אין פלאַ־מען. נאָר אַזוי ווי זיי האָבן אים נישט געבריט, האָט עס אים קיין צוויי פּרוטעס נישט געאַרט. אַראָפּגענומען האָט ער דעם שקאַרמויץ פונעם קאָפּ און, געזען אַז ער איז מיט שיידים באַמאָלט, האָט ער אים צוריק אָנגעטון און געריידט צו זיך אַליין:

„נאָר גוט וואָס די פלאַמען בריען מיך ניט און די שיידים כאַפּן מיך ניט".

אויך דאָן קיכאָט האָט אים באַטראַכט, און כאָטש די שרעק האָט אים די כושים אָפּגעטעמפּט, האָט ער אַ לאַך געטון ווען ער האָט דערזען ווי סאַנטשאָ זעט אויס. אין דער רעגע האָט זיך פון אונטער דעם אָרן, ווי עס האָט זיך געדאַכט, גענומען הערן אַ בעטנדיקער צאַרטער קלאַנג פון פלייטן, וואָס ווען ער ווערט נישט איבער־געריסן פון אַ מענטשלעכן קאָל, וואָרום די שטילקייט גופע האָט דאָרט געשוויגן, וואָלט ער אַלציינס געווען ליב און מילד. אומגעריכט, האָט זיך לעבן דעם קישן מיט דעם מעס, ווי עס האָט זיך געדאַכט, באַוויזן אַ שיינער באָכער, רוימיש געקליידט, און אונטערן קלאַנג פון אַ האַרפע, וואָס ער אַליין האָט געשפּילט, האָט ער מיט אַ העלן צאַרטן קאָל אָפּגעזונגען אָט די צוויי סטאַנסן:

בִיז קוּמען וועט צוּ זִיך אַלטִיסִידאַרַא,
אַ טוֹיטע אִיבֶּער דאַן קִיכאַטס אַכזאַריעס,
און בִיז די דאַמען וועלן זיך אין ראַצמאַרע
פאַרפוּצן ווי הוֹיפִישע סראַרעס,
און בִיז די ווירטנס וועלן מייַן סעניאָרא
אין בייַקע אָנטאָן און אין מייַנע צאַרעס,
וועל איך באַזינגען איר אוּמגליק און איר גראַציע
מיט מער געשמאַק ווי דער זינגער פון טראַציע.

אוּן נישט באַשערט איז מיר בלויז האַלטן
דאָס פּאָר מײַנס, מײַן איד, בײַ מײַן לעבן:
מיט טויטן מויל מײַנעם און קאַלטן
איך רעכן אַ לויב דיר שטענדיק געבן.
מײַן גײַסט, פון ענגן גוף געשפּאַלטן,
וועט איבער נעגעמס וואַסער שוועבן
און וועט דיך פּרײַזן, ווי באַזעסן,
און אָפּשטעלן די טײַכן פון פאַרגעסן.

— געגוג! — האָט זיך אָנגערופן איינער פון די צוויי, וואָס האָבן אויסגעזען ווי די קיניגן, — געגוג, זינגער געטלעכער, וואָרום עס קען גאָר קיין שיר ניט האָבן איצט פאַרצושטעלן אונדז דעם טויט און דעם כּיין פון דער אָן גלײַכן אַלטיסידאָראַ, וואָס איז נישט געשטאָרבן, ווי עס מיינט די אומוויסנדיקע וועלט, נאָר זי לעבט אין מויל פון דעם רום און אין דער אַנגסט, וואָס סאַנטשאָ פּאַנצאַ, וועלכער געפינט זיך איצט צווישן אונדז, מוז איצט האָבן, וואָס ער דאַרף איר צוריקגעבן די פאַרלוירענע שײַן. און דערום, אָ, דו ראַדאַמאַנטאָ, וואָס דו מישפּעטסט איינעם מיט מיר אין דיטעם היילן, מאַכמעס דו ווייסט אַלץ, וואָס בײַ די נישט דערגרונטעוועטע מאַזאָלעס איז באַשטימט מיקויעך ברענגען דאָס מיידל צוריק צום לעבן, זאָג עס דאָ טייקעף און אָפן און נישט פאַרזאַמען זאָל דאָס גוטס וואָס מיר דערוואַרטן פון איר דערוואַכן.

ווי נאָר דער ריכטער מינאָס, ראַדאַמאַנטאָס כאַווער, האָט דאָס געזאָגט, האָט ראַדאַמאַנטאָ זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט:

— היי, איר מעשאָרסים פון דעם הויז, הויכע און נידעריקע, גרויסע און קליינע, קומט אַהער, איינס נאָך איינס און באַשטעמפּלט סאַנטשאָס פּאָנים מיט פיר און צוואַנציק לאַסקעס אונטער דער גאָמבע און צוועלף קניפּ מיט זעקס שפּילקעס אין די אָרעמס און אין רוקן, וואָרום אין דער צערעמאָניע ליגט דאָס געזונט פון אַלטיסידאָראַ.

דערהערט האָט דאָס סאַנטשאָ און האָט די שטילקייט איבערגעריסן:

— איך שווער! אַזוי ווי איך קען איצט ווערן אַ מאָר, אַזוי וועל איך מיך לאָזן דאָס פּאָנים באַטאַפּן. ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן! וואָס קער זיך אָן מײַן פּאָנים טאַפּן מיט דעם טכיעס האַמייסים פון דעם מיידל? פאַרשמעקט האָבן דער אַלטער די קרײַטעכער: מען פאַרקישעפט דולצינעען, שמײַסט מען מיך, קעדיי זי זאָל אַרויס פון דעם קישעף; שטאַרבט אַלטיסידאָראַ, פון די קרענק וואָס גאָט האָט איר געגעבן, דאַרף מען זי מעכײַע מייסים זײַן מיט פיר און צוואַנציק לאַסקעס אונטער מײַן גאָמבע און מײַן גוף מיט שפּילקעס צעלעכערן ווי אַ רעשעטע און מײַנע אָרעמס צעקנייפּן און פול מאַכן מיט סיניאַקעס... צו אײַער שוואָגער גייט מיט דעם שפּאַס, איך בין אַן אַלטער הונט און מיט מיר רייצט מען זיך ניט.

— וועסט פאַלן אַ טויטער! — האָט ראַדאַמאַנטאָ אַ געשריי געטון. — לאָז נאָך, דו טיגער, גיב דיך אונטער שטאָלצער נימרעד, און לײַד און שווײַג, וואָרום מען פאָדערט נישט פון דיר אַזוינס וואָס איז נישט מעגלעך, און מיש דיך ניט אין

קיין שווערע אַסאַקים. דו מוזט באַקומען די שפּילקעס אינעם רוקן, קרעכצן זאָלסטו און געקניפּט מוזטו ווערן. היי, מעשאַרסים, טוט וואָס איך הייס אײַך, אַז ניט, שווער איך אײַך בײַ מײַנע נעמאָנעס, אַז איר וועט באַלד זען צוליב וואָס איר זײַנט געבוירן געוואָרן.

באַוויזן האָט זיך אין דער רעגע אַ פּראָצעסיע פון זעקס ווירטנס, איינע, נאָך דער אַנדערער, אַלע אין ברילן, מיט די רעכטע הענט אויפגעהויבן און פיר פינגער אויסגעשטרעקט, קעדיי די הענט לענגער צו מאַכן, ווי די מאָדע איז.

סאַנטשאָ האָט זיי דערזען, האָט ער ווי אַן אָקס אַ רעווע געטון:

— איך וועל מיך לאָזן טאַפּן פון יעדן איינעם, נאָר נישט פון ווירטנס. זאָל מען מיר דאָס פּאָנים צעגראַבלען, ווי מען האָט מיט מײַן האַר געטון דאָ אין דעם שלאָס, זאָל מען מיר מײַן לײַב שטעכן מיט שאַרפע דעגנס, זאָל מען מיר די הענט קלעמען מיט אָנגעגליטע צוואַנגען, נאָר ווירטנס זאָלן מיך טאַפּן, וועל איך נישט דערלאָזן, אַפילו דער טײַוול זאָל מיך נעמען.

איבערגעריסן דאָס שווײַגן האָט אויך דאַן קיכאָט און האָט זיך געווענדט צו סאַנטשאָן:

— זײַ געדולדיק, מײַן זון, און גיב נאָך דער האַנאָע פון די האַרן, און דאַנק דעם הימל, וואָס ער האָט דיר אַזאַ קויעך אַרײַנגעגעבן, אַז מיט דײַן אַפּקומעניש זאָלסטו קענען אָפּטון דעם קישעוף פון די פאַרקישעפטע און לעבעדיק מאַכן די טויטע.

ווען די ווירטנס זײַנען שוין געהאַט צוגעקומען צו סאַנטשאָן, איז ער געוואָרן ווייכער און נאָכגעביקער. ער האָט זיך באַקוועמער געמאַכט אויפן שטול און דער ערשטער פון די ווירטנס וואָס איז צו אים צוגעקומען, האָט ער דערלאַנגט זײַן גאָמבע און זי האָט אים געגעבן אַ לאַשטשע געטון און האָט זיך ברייט פאַרנויגט.

— ווייניקער העפלעכקייטן און ווייניקער קאָסמעטיקע, האַרנטע ווירטן — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — וואָרום איך קען שווערן, אַז די הענט בײַ אײַך שמעקן מיט עסיק־זאַלב.

קורץ, אַלע ווירטנס האָבן אים בײַ דער גאָמבע געהאַלטן און אַ סאַך הויז־לײַט האָבן אים געקניפּט. נאָר דאָס ערגסטע זײַנען בײַ אים געווען די שפּילקעס. און, אַ דערשלאָגענער, האָט ער זיך פונעם שטול אויפגעהויבן, האָט געכאַפּט אַן אָנגע־צונדענעם פאַקל, וואָס איז לעבן אים געווען, און האָט זיך מיט אים געלאָזט לויפן נאָך די ווירטנס און נאָך די אַנדערע הענקער און האָט געשריגן:

— אַרויסט, איר נענעם־שאַמאַסים, איך בין נישט פון קופּער מען זאָל מיך אַזוי פּײַניקן.

אין דער רעגע האָט אַלטיסידאָרא, שוין קענטיק מיד פון אַזוי לאַנג ליגן נאָכ־דיק, זיך אַ קער געטון אויף אַ זײַט. און די וואָס זײַנען לעבן איר געשטאַנען, האָבן אַלע אין איין קאָל גענומען שרייען:

— אַלטיסידאָרא איז לעבעדיק! אַלטיסידאָרא לעבט!

ראַדאַמאַנטאָ האָט געהייסן סאַנטשאָן אײַנשטילן זײַן קאַס, וואָרום דאָס וואָס מען האָט געוואָלט, איז שוין געפּועלט. ווי נאָר דאַן קיכאָט האָט דערזען אַלטי־

סידאָרא וואַכט אויף, האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט פאַר סאַנטשאָן אַף די קני און געזאָגט:

— איצט איז צײַט, זון פון מײַנע געדערים, אויב נישט וואָפּנטרעגער מײַנער, דו זאָלסט דיר געבן עטלעכע שמיץ פון די וואָס דו ביזט מעכויעוו דיר צו געבן פאַר דולצינעעס דערלייזונג. איצט, זאָג איך דיר, איז צײַט, ווען דײַן קויעך איז צײַטיק און קענסט האָבן אַ פעולע לעטויוועס דער זאַך, וואָס איך דערוואַרט פון דיר.

דערויף האָט סאַנטשאָ געענטפערט:

— מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז איין אומזין אַפן צווייטן, און נישט קיין האָניק אַף געבלעטערטס. שיין וואָלט דאָס אויסגעזען, ווען נאָך דעם קנײַפּן, מיט די לאָסקעס אונטער דער גאָמבע און די שפּילקעס, זאָל איך מיך נאָך שמײַסן! איצט פעלט נאָר איך זאָל נעמען אַ גרויסן שטיין און מיר אָנבינדן אַפן האַלדז און מיך אין ברונעם אַרײַנוואַרפן. מיך וואָלט עס שוין ווייניק געאַרט, אויב איך מוז שוין זײַן די באַסענע־קו און יעדן פון זײַן צאָרע אַרויסשלעפן. לאָזט מיך אָפּ, וואָרום איך וועל בענעמאָנעס אַלץ צעשלײַדערן און צעברעכן, אַפילע ווען ניט צום פאַרקויפן.

דאָ האָט אַלטיסידאָרא זיך אויפגעזעצט אַפן אָרן און גענומען האָבן שפּילן די דודעס און באַגלייט האָבן זיי די פלייטן און אַלעמענס קוילעס:

— לעבן זאָל אַלטיסידאָרא! אַלטיסידאָרא זאָל לעבן!

אויפגעהויבן האָבן זיך די פירשטן און די קיניגן מינאָס און ראַדאַמאַנטאָ און אַלע אײנײנעם מיט דאָן קיכאָטן און סאַנטשאָן, זײַנען זיי געגאַנגען מעקאַבל פּאָנים זײַן אַלטיסידאָרען און זי אַרונטערנעמען פונעם אָרן, און זי האָט זיך געמאַכט ווי אָפּגעכאַלעשט און האָט זיך גענויגט פאַר די פירשטן און קיניגן און מיט אַ זײַט אַ קוק געטון צו דאָן קיכאָטן און אים געזאָגט:

— זאָל דיר גאָט מויכל זײַן, אומפאַרליבטער ריטער. דערפאַר וואָס דו האָסט קיין האַרץ נישט, בין איך געוועזן אַף יענער וועלט עפּשער טויזנט יאָר, ווי מיר דאַכט זיך. און דיר, אָ, גוטהאַרציקסטער פון אַלע וואָפּנטרעגער וואָס די וועלט פאַרמאָגט, דאַנק איך דערפאַר וואָס איך לעב איצט! פון הײַנט אָן, פרײַנט סאַנטשאָ, וועסטו האָבן נאָך זעקס העמדער מײַנע, וואָס איך שענק זיי דיר, דו זאָלסט פון זיי מאַכן העמדער פאַר דיר. אויב נישט אַלע זײַנען זיי גאַנץ, זײַנען זיי אַלע ריין.

סאַנטשאָ האָט איר דערפאַר די הענט געקושט מיט דעם שקאַרמוץ אין דער האַנט און די קני אַף דער ערד. דער פירשט האָט געהייסן מען זאָל בײַ אים אָפּנעמען דעם שקאַרמוץ און אים צוריקגעבן זײַן מיצל, אויסטון אים דעם מאַנטל מיט די פײַער־צונגען און אים צוריק אָנטון זײַן רעקל. געבעטן האָט סאַנטשאָ בײַם פירשט ער זאָל אים לאָזן דעם שקאַרמוץ מיט דעם מאַנטל, ווײַל ער וויל זיי מיטנעמען צו זיך אַהיים ווי אַן אָנדענק פון דער קיינמאָל נאָך נישט געזעענער פּאַסירונג. די פירשטין האָט געזאָגט מען זאָל זיי אים לאָזן מיטנעמען, ווײַל ער ווייס וואָס פאַר אַ גרויסער פרײַנט זי איז אים. באַפוילן האָט דער פירשט מען זאָל אָפּראַמען דעם הויף און יעדער איינער זאָל גיין צו זיך אין כיידער, און דאָן קיכאָטן און סאַנטשאָן זאָל מען אַרײַנפירן אין די כאַדאָרים וואָס זיי ווייסן שוין.

# זיבעציקסטער קאַפּיטל

**וואָס קומט נאָך דעם נײַן און זעכציקסטן און רעדט וועגן זאַכן, וואָס זײַנען נויטיק צוליב דער קלאָרקייט פון דער דאָזיקער געשיכטע.**

געשלאָפן איז סאַנטשאָ יענע נאַכט אויף אַ רוק־בעטל אין איין צימער מיט דאָן קיכאָטן, וואָס דאָס וואָלט ער גראָד נישט געוואָלט ווען ער קען עס אויספירן, ווארום פאָרגעשטעלט האָט ער זיך, אַז זײַן האַר וועט אים נישט לאָזן שלאָפן מיט זײַנע פראַגעס און ענטפערס, און ער איז גראָד נישט אויפגעלייגט געווען אַ סאַך צו ריידן, מאַכמעס די ווייטיקן פון דער נישט לאַנגסטיקער אָפּקומעניש זײַנען נאָך געווען פריש און האָבן נישט געלאָזט זײַן צונג פרײַ זיך צו באַוועגן, און ליבערשט וואָלט ער געשלאָפן איינער אַליין אין אַ בײַדל איידער אין דעם רײַכן צימער אין צווייען. דער חשד זײַנער איז געווען אַ ריכטיקער און דאָס פאַרוואָס ער האָט זיך געשראָקן, איז געקומען, ווארום ווי נאָר זײַן האַר האָט זיך אין בעט אַרײַנגעלייגט, האָט ער זיך אָנגערופן:

— ווי געפעלט דיר, סאַנטשאָ, דאָס וואָס האָט הײַנטיקע נאַכט פּאַסירט? גרויס און מעכטיק איז דער קויעך פון אָפּגעשטויסענער ליבע, ווי דו האָסט מיט דײַנע אייגענע אויגן געזען אַלטיסידאָרען, אַ אומגעבראַכטע נישט מיט פײַלן, נישט מיט דער שווערד אָדער אַן אַנדער קריגס געווער, און אויך נישט מיט טויטנדיקן גיפט, נאָר מיט דער האַרטקייט און גרינגשעצונג ווי איך האָב מיך צו איר שטענדיק באַצויגן.

— האַלעוואַי וואָלט זי געווען געשטאָרבן אין אַ מאַזלדיקער שאָ, ווען און ווי אַזוי זי וואָלט וועלן — האָט סאַנטשאָ געענטפערט — און וואָלט מיך געווען צורו געלאָזט, ווארום נישט איך האָב זי אין מיר אײַנגעליבט און נישט איך האָב זי ווען עס איז פאַרשטויסן. איך פאַרשטיי נישט און קען אויך נישט פאַרשטיין ווי איז עס מעגלעך, אַז דאָס געזונט פון אַלטיסידאָראַ, אַ מיידל, וואָס איז גאָרניט אַזוי קלוג ווי קאַפּריזנע, זאָל זיך אָנקערן, ווי איך האָב עס שוין איינמאָל געזאָגט, מיט דער פּײַניקונג פון סאַנטשאָ פּאַנצאַ. איצט זע איך שוין גאַנץ קלאָר און דײַטלעך, אַז פאַראַן זײַנען קישעפמאַכער און קישעף אויף דער וועלט, און זאָל מיך גאָט פון זיי אויסהיטן, ווארום איך אַליין קען מיך פון זיי נישט היטן. פון דעסט וועגן, בעט איך אײַער גנעדיקייט, לאָזט מיך שלאָפן און פרעגט מיך מער גאָרניט, אויב איר ווילט נישט איך זאָל מיך פון אַ פענצטער אַראָפּוואַרפן.

— שלאָף, סאַנטשאָ פרײַנט, — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — אויב דיר שטערן נישט די שפּילקעס מיט די קניפּ, וואָס דו האָסט באַקומען און די לאַסקעס אונטער דײַן גאָמבע.

— קיין איינער פון די ווייטיקן — האָט סאַנטשאָ אָפּגעענטפערט, — איז נישט געווען אַזוי גרויס ווי דער ביזויען מיט די לאַסקעס, און בלויז דערמיט וואָס נעגנבן האָבן זיי מיר די ווירטנס, אַ צעמישעניש אויף זיי! און איך בעט ווידער

איַיער גענעדיקייט מיך לאָזן שלאָפן, וואָרום שלאָף איז א מילדערונג פאַר די יעסור־רים בא וועמען זיי זײַנען וואַך.

— זאָל זײַן אזוי — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט — און זאָל גאָט זײַן מיט דיר.

אײַנגעשלאָפן זײַנען זיי ביידע, און סידע האמעטע, דער מעכאַבער פון דער גרויסער געשיכטע, האָט דערוויַיל געוואָלט פאַרשרײַבן און צו וויסן געבן וואָס אזוינס האָט געפירט די פירשטן אויפצושטעלן אָט די גאַנצע מאַכינאַציע. און ער דערציילט, אז נישט פאַרגעסן האָט דער באַקאַלאַווער סאַמסאָן קאַראַסקאָ ווי אזוי דער ריטער מיט די שפּיגלען איז באַזיגט און געשטירצט געוואָרן פון דאָן קיכאָטן, און ווי אזוי די מאַפּאָלע האָט אָפּגעווישט און צו נישט געמאַכט אַלע זײַנע פּרוּוון, און ער האָט דערום באַשלאָסן ווידער פּרוּוון זײַן האַנט. אויסגעפרעגט האָט ער זיך בא דעם פּאַזש, וואָס האָט געפירט דעם בריוו און די מאַטאָנע פאַר טערעזאַ פּאַנצאַ, סאַנטשאָס ווײַב, ווו דאָן קיכאָט געפינט זיך, און האָט זיך באַזאָרגט מיט נײַעם געווער און מיט א פערד, און אָפן שילד האָט ער אויסגעמאָלט א ווײַסע לעוואָנע, און דאָס אַלץ ארויפגעלייגט אף א מויל־אייזל געפירט פון א פויער, און נישט פון טאָמע סעסיאַל, זײַן פריערדיקער וואָפּנטרעגער, קעדיי נישט סאַנטשאָ און נישט דאָן קיכאָט זאָלן אים דערקענען.

געקומען איז ער צום פירשט אין שלאָס, און ער האָט אים אָנגעוויזן דעם וועג און די ריכטונג וווּהין דאָן קיכאָט האָט זיך פאַרנומען, מיט דער דייע אָנצר קומען צום פאַרמעסט אין סאַראַגאָסאַ. אויך האָט ער אים דערציילט וועגן דעם שפּאַס, וואָס ער האָט מיט אים געמאַכט, מיט דעם שפּיצל פון דולצינעעס דערליי־זונג אָפן כעשבן פון סאַנטשאָס הינטער־ביילעך. בעקיצער, ער האָט אים דערציילט וועגן דעם שפּאַס, וואָס סאַנטשאָ האָט געמאַכט מיט זײַן האַר און אים אײַנגער־רעדט, אז דולצינעאַ איז פאַרקישעפט און איז פאַרוואַנדלט אין א פויערטע, און ווי אזוי די פירשטן, זײַן ווײַב, האָט אײַנגערעדט סאַנטשאָן, אז דער גענאַרטער איז ער אַליין, מאַכמעס דולצינעאַ איז מיט אַן עמעסן פאַרקישעפט. דער באַקאַ־לאַווער האָט דערפון היבש געלאַכט און האָט געגאַפט אף סאַנטשאָס שאַרפזין און טמימעס, ווי אף דאָן קיכאָטס גרעסטער מעשוגאַעס. געבעטן האָט אים דער פירשט, אַז אויב ער וועט אים אָנטרעפן, סײַ ער וועט אים בײַקומען און סײַ ניט, זאָל ער אים, אָפן וועג צוריק, דערציילן ווי עס איז צוגעגאַנגען. דער באַקאַלאַווער האָט אזוי געטון, איז אַוועק אים אויפזוכן, האָט אים נישט געפונען אין סאַראַגאָסאַ און איז געפאָרן ווײַטער און געשען איז ווי עס איז שוין דערציילט. צוריקגעקומען איז ער צום פירשט אין שלאָס און האָט אים אַלץ אויסדערציילט, ווי אויך דעם טנײַ, וואָס ער האָט מיט אים אויסגענומען, און אַז דאָן קיכאָט פאָרט אַהיים קעדיי ווי אַן עכטער וואַנדער־ריטער האַלטן וואָרט, ווי ער האָט צוגעזאָגט און פאַרבלײַבן א יאָר צײַט אין דער היים, און פאַר דער צײַט, מעגלעך, האָט דער באַקאַלאַווער געזאָגט, זאָל ער זיך אויסהיילן פון זײַן מעשוגאַעס, וואָס צוליב דעם האָט ער, דער באַקאַלאַווער, די אַלע פאַרוואַנדלונגען געמאַכט, און עס איז בעעמעס א שאַד אַז אזא קלוגער אַדעליקער ווי דאָן קיכאָט זאָל זײַן מעשוגע.

דערמיט האָט ער זיך געזעגנט מיט דעם פירשט און איז אַהיימגעפאָרן, ווו

ער ווארט אף דאָן קיכאָטן, וואָס איז אַרויסגעפאָרן נאָך אים. אָט די געלעגנהייט האָט דער פירשט אויסגענוצט צו מאַכן מיט אים דעם שפּאַס: אַזוי געפעלן זײַנען אים סאַנטשאָס און דאָן קיכאָטס מעשׂים. געהייסן האָט ער אַלע וועגן נאָנט און ווײַט פונעם שלאָס, אומעטום ווו ער האָט גערעכנט, אַז דאָן קיכאָט דאַרף דאָרט פאַרבײַגיין, פאַרנעמען מיט זײַנע דינער, צו פוס און רײַטנדיק, זיי זאָלן אים מיט גוטן אָדער מיט בייזן ברענגען צו פירן אין שלאָס, אויב זיי וועלן אים טרעפן. זיי האָבן אים געטראָפן און האָבן צו וויסן געגעבן דעם פירשט, און ער, שוין אַ צוגעגרייטער צו אַלץ וואָס ער דאַרף טון, האָט באַלד ווי ער האָט באַקומען די ידיעה, געהייסן אָנצינדן די פאַקלען און די ליכטלעך אינעם הויף און אַוועקלייגן אַלטיסידאָרען אַפן אָרן מיט דער גאַנצער צערעמאָניע, ווי עס איז פריער דערציילט, אַזוי לעבעדיק און אַזוי גוט געמאַכט, אַז דערפון ביז צום עמעס איז אַ קליינער כילעק.

און נאָך זאָגט סידע האַמעטע, אַז ווי ער דענקט, זײַנען די אָפּלאַכער אַזוי מעשוגע ווי די אָפּגעלאַכטע, און דאָך האָבן די פירשטן גאָרניט אויסגעזען ווי נאַראָנים, כאָטש זיי האָבן אַרײַנגעלייגט אַזוי פיל ברען אינעם אָפּלאַכן צוויי נאַראָנים.

און ביידן, איינעם אין אַ זאָרגלאָזן שלאָף פאַרזונקען, און דעם צווייטן אַ וואַכן, מיט צעיאָגטע געדאַנקען, האָט פאַרכאַפּט דער טאָג און דער כיישעק אויפצושטיין. וואָרום די פוסטעפּאַסנע פּערענעם זײַנען דאָן קיכאָטן קיינמאָל נישט ליב געווען, סײַ אַלס זיגער און סײַ איצט אַלס באַזיגטן. אַלטיסידאָרא (ווי דאָן קיכאָט האָט געגלייבט, אַן אויפגעשטאַנענע פון טויט צו לעבן), וואָס האָט נאָכגעהאַלטן די לוינע פון אירע האַרן, אַ באַקראַנצטע מיט די גירליאַנדן, וואָס זי האָט אַף זיך געהאַט בעיים זי איז געלעגן אַפן אָרן, און אין אַ ווײַסער טאַפּעטאַנענער טוניקע באַשפּרענקלט מיט גאָלדענע בלומען און די האָר צעלאָזט איבערן רוקן, אָנגעשפּאַרט אַף אַ שוואַרצן שטעקן פון עבנהאָלץ, איז אַרײַנגעקומען צו דאָן קיכאָטן אין בייזדער, און ער, אַ צעטומלטער און צעמישטער, האָט זיך אײַנגעקאָרטשעט, ווי נאָר ער האָט זי דערזען, און האָט זיך קימאַט אינגאַנצן פאַרדעקט מיט די לײַלעכער און קאָלדרעס אינעם בעט און האָט קיין העפלעך וואָרט נישט געקענט אַרויסברענגען, אַזוי שטום איז ער געווען. אַוועקגעזעצט האָט זיך אַלטיסידאָרא אַף אַ שטול באַ זײַן צוקאָפּנס, און נאָכדעם ווי זי האָט אַ טיפן זיפץ געטון, האָט זי מיט אַ צאַרטן און אָפּגעשוואַכטן קאָל צו אים אַזוי געזאָגט:

— ווען כאָשעווע דאַמען און צנועדיקע מיידלעך שטרויכלען איבער זייער אייגענעם אָנשטאַנד און לאָזן פרײַ די צונג, וואָס ברעכט אַלע צוימען און אָפּן, אַז אַלע זאָלן הערן, גיבן זיי אויס די סוידעס, וואָס זיי טראָגן אינעם האַרץ פאַרשלאָסן, געפינען זיי זיך אין אַ שווערער לאַגע. איך, האַר דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, בין איינע פון זיי, אײַן קלעם, אַ באַזיגטע און אַ פאַרליבטע, אָבער, דאָך אַ געדולדיקע און אַן אָרנטלעכע, אַזוי ווײַט, אַז מיר האָט דאָס האַרץ געפּלאַצט פון שווײַגן און איך האָב מײַן לעבן פאַרלוירן. צוויי טעג דערין, אַז מאַכמעס דײַן האַרטן פאַרהאַלטן זיך צו מיר,

א, פון מירמלשטיין האַרטער צו מײַנע קרעכצן פאַרשטיינערטער ריטער!

בין איך געשטאָרבן, אָדער אַלנפאַלס טויט געווען פאַר די וואָס האָבן מיך געזען, און ווען נישט די ליבע, וואָס האָט אַף מיר ראַכמאָנעס געהאַט און האָט מײַן רע־פוּע אַרײַנגעגעבן אין דער אַפּקומעניש פון דעם בראַוון וואַפּנטרעגער, וואָלט איך געווען פאַרבליבן אַף יענער וועלט.

— די ליבע — האָט סאַנטשאָ זיך אָנגערופן — וואָלט ליבערשט געמעגט אַרײַנגעבן די רעפוּע אין מײַן אייזל. איך וואָלט אײַך געדאַנקט דערפאַר. נאָר זאָגט מיר, הארנטע, זאָל אײַך אַזוי דער הימל באַשערן אַן אַנדערן געליבטן, אַ ווייכערן ווי מײַן האַר: וואָס האָט איר געזען אַף יענער וועלט? וואָס איז פאַראַן אינעם גענעם? וואָרום אַז מען שטאַרבט פון פאַרצווייפלונג, מוז מען דאָך אַהין אָנקומען.

— דעם עמעס צו זאָגן — האָט אַלטיסידאָראַ געענטפערט, — האָב איך נישט געמוזט זײַן אינגאַנצן טויט, וואָרום אין גענעם בין איך נאָך נישט אַרײַן. וואָלט איך דאָרט געווען, וואָלט איך אַלנפאַלס שוין נישט געקענט אַרויס, איך זאָל אַפילע געוועלט. דער עמעס איז, אַז צוגעקומען בין איך ביז דער טיר, וווּ אַן ערעך אַ טוץ שיידים האָבן געשפּילט אין באַלעם, אַלע אין זאָקן צום לײַב מיט קורצע זשי־לעטקעלעך און ברייטע אָפּגעלייגטע קעלנער מיט פלעמישע שפּיצן באַזוימט, מיט פאַלדן פון די אייגענע שפּיצן, וואָס האָבן זיי געדינט פאַר מאַנקעטן, מיט פיר פינגער אינדרויסן, קעדיי די הענט זאָלן זיי אויסזען לענגער, און אין די הענט האָבן זיי געהאַלטן פײַערדיקע לאָפּעטעס. נאָר מער ווי אַלץ האָט מיך געוווּנדערט, וואָס געשפּילט האָבן זיי נישט מיט באַלעמס, נאָר מיט ביכער, קענטיק פולע מיט ווינט און מיט פוך, אַ מעשונע־מאָדנע און וווּנדערלעכע זאַך. נאָר דאָס האָט מיך נישט אַזוי געוווּנדערט ווי דאָס וואָס צווישן אַנדערע שפּילער, ווייס איך, פרייען זיך די געווינער און טרויעריק זײַנען די פאַרשפּילער און דאָ האָבן אַלע געמרוקעט, געוואָרטשעט און זיך געזידלט.

— ס'איז גאָר קיין כידעש ניט — האָט סאַנטשאָ געענטפערט — וואָרום שיי־דים, צי זיי שפּילן צי זיי שפּילן ניט, סײַ זיי געווינען און סײַ זיין געווינען ניט, זײַנען שטענדיק אומצופרידן.

— מיסטאָמע דערפאַר — האָט אַלטיסידאָראַ געענטפערט. — און נאָך איין זאַך וווּנדערט מיך (איך מיין, האָט מיך דעמאָלט געוווּנדערט), וואָס נאָך דעם ערשטן וואָרף, איז קיין איין באַלעם נישט געבליבן אַף נאָכאַמאָל צו וואָרפן, און אונטערגעקומען זײַנען אַלץ נײַע און אַלטע ביכער, נאָר אַף כידושים. איינעם אַ נײַעם בוך, ערשט פון דרוק, מיט אַ שיינעם אײַנבונד, האָבן זיי געגעבן אַזאַ שלײַ־דער, אַז זיי האָבן אים די געדערים אַרויסגעלאָזט און די בלעטער מיטן ווינט אַוועק־געלאָזט. איין שעד האָט זיך אָנגערופן צום צווייטן: „זע וואָס פאַר אַ בוך דאָס איז". און געענטפערט האָט דער שעד: „ס'איז די צווייטע טייל געשיכטע פון דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, פאַרפאַסט נישט פון סידע האַמעטע, איר ערשטן מעכאַבער, נאָר פון איינעם אַן אַראַגאָנער, וואָס זאָגט, אַז ער איז אַ געבוירענער אין טאָרדעזי־ליאַס". „נעם אים צו פון מיר — האָט דער צווייטער שעד געענטפערט — און וואַרף אים אַרײַן אין די אָפּגרונטן פונעם גענעם, זאָלן אים מײַנע אויגן מער נישט זען." „אַזוי שלעכט איז ער?" — האָט דער אַנדערער געפרעגט. — „אַזוי שלעכט,

— האָט דער ערשטער געענטפערט — אַז ווען איך זאָל אים ווען מיט אַ קיוון מאַכן ערגער, וואָלט עס מיר נישט געלונגען.״ אַזוי האָבן זיי געשפּילט און גע־וואָרפן אַלץ נײַע ביכער, און איך, אַז איך האָב דערהערט דעם נאָמען דאָן קיכאָט, וואָס איך האָב אים אַזוי ליב און גערן, האָב איך מיך באַמיט די וויזיע זאָל מיר פאַרבלײַבן אין זיקאָרן.

— עס איז גאָר קיין ספּפעק נישט, אַז דאָס איז געווען אַ וויזיע, — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — וואָרום נאָך איינער ווי איך איז אויף דער וועלט נישטאָ, און די געשיכטע גייט שוין דאָ אום פון האַנט צו האַנט, נאָר זי בלײַבט נישט אין קיין איין האַנט. מאַכמעס אַלע דערלאַנגען איר מיטן פּוס אין הינטן. מיך האָט נישט געוווּנדערט ווען איך האָב געהערט, אַז איך גיי אום ווי אַ פאַנטאַסטישער ווען איבער די פינצטערנישן פונעם טעהאָם ווי איבער דער ליכטיקייט פון דער ערד, מאַכמעס איך בין נישט דער, וואָס ווען אים דערציילט זיך אין דער געשיכטע. זאָל זי זײַן גוט, געטרײַ און עמעסדיק, וועט זי לעבן הונדערטער יאָרן; זאָל זי אָבער זײַן שלעכט, וועט זי נישט האָבן קיין גאָר לאַנגן וועג פון דער קימפּעט ביז צום קייווער.

געוואָלט האָט אַלטיסידאָראַ זיך ווײַטער קלאָגן אויף דאָן קיכאָטן, ווי דאָן קי־כאָט האָט צו איר געזאָגט:

— איך האָב אײַך שוין וויפל מאָל געזאָגט, סעניאָראַ, אַז איך באַדויער וואָס איר האָט געווענדט אײַערע טראַכטונגען צו מיר, וואָרום מײַנע טראַכטונגען קענען אײַך בלויז דאַנקען און נישט העלפן. איך בין געבוירן געוואָרן צו געהערן דולצי־נעען פון טאָבאָסאָ, און די מאַזאָלעס (ווען זיי וואָלטן געווען) האָבן מיך באַשטימט פאַר איר, און אַז ווער עס איז אַן אַנדער שיינהייט זאָל פאַרנעמען איר אָרט, איז אַ זאַך פון דער אומעגלעכקייט. איך האָב אײַך גענוג אַנטוישט אַז איר זאָלט אײַך מעגן צוריקציען אין דעם גוווּל פון אײַער אָרנטלעכקייט, מאַכמעס קיינער קען קיי־נעם נישט צווינגען צו טון דאָס וואָס איז נישט מעגלעך.

ווי אַלטיסידאָראַ האָט דאָס אויסגעהערט, האָט זי געמאַכט אַ פּאַנים פון קאַעס און ערגערניש און האָט געזאָגט:

— איך שווער אײַך, דאָן געטרוקנטער פיש, האַרץ פון אַ שמייסל, קערל פון אַ טייטל, האַרטער און אײַנגעשפּאַרטער ווי אַ פּויער, אַז מען בעט אים, ווען ער האָט זיך עפּעס אין קאָפּ אַרײַנגענומען! איר מיינט אַוודע, דאָן באַזיגטער און דאָן צעקלאַפּטער, אַז איך בין איבער אײַך געשטאָרבן. אַלץ וואָס איר האָט די נאַכט געזען, איז געווען אַן אָנשטעל; נישט איך בין אַזאַ, וואָס זאָל מיך פאַר אַזוינע קעמלען לאָזן וויי טון וויפל דאָס שוואַרצע אונטערן נאָגל, ביפראַט נאָך שטאַרבן.

— דאָס גלויב איך אײַך — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — וואָרום אַז פאַרליבטע זאָלן שטאַרבן, איז נישט מער ווי געלעכטער: זיי מעגן זיך זאָגן וויפל זיי ווילן, נאָר טון, זאָל זיי יודאַש גלויבן.

בעיים דעם געשפּרעך, איז אַרײַנגעקומען דער שפּילער, זינגער און דיכטער,

וואָס האָט געזונגען די צוויי שוין דערמאָנטע סטאַנסן, געמאַכט האָט ער אַ טיפֿן קניקס פֿאַר דאָן קיכאָטן און געזאָגט:

— זאָל מיך אײַער גנעדיקייט פֿאַרעכענען צווישן דער צאָל אײַערע גרעסטע דינער, וואָרום שוין לאַנג אַז איך בין אײַך שטאַרק איבערגעגעבן, סײַ צוליב אײַער באַרימטקייט און סײַ צוליב אײַערע העלדישע מעשׂים.

דאָן קיכאָט האָט אים געענטפֿערט:

— זאָל מיר אײַער גנעדיקייט זאָגן ווער איר זענט, קעדיי מײַן העפֿלעכקייט זאָל זײַן ווי איר פֿאַרדינט עס.

געענטפֿערט האָט דער באָכער, אַז ער איז דער נעכטיקער זינגער און באַזינגער.

— אײַער גנעדיקייט — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט — האָט בעעמעס זייער אַ שיין קאָל, נאָר דאָס וואָס איר האָט געזונגען, איז דאַכט מיר געווען נישט צו דער זאַך, וואָרום וואָס קערן זיך אָן גאַרסילאַסאָס סטאַנסן מיט דעם טויט פֿון דער דאַמע?

— וווּנדערט אײַך נישט, אײַער גנעדיקייט — האָט דער זינגער געזאָגט — וואָרום צווישן די נים געשווירענע פּאָעטן פֿון אונדזער צײַט פֿירט זיך שוין אַזוי, אַז יעדער איינער שרײַבט וואָס ער וויל און גאַנוועט בא וועמען ער וויל, צי דאָס קלעפּט זיך צי דאָס קלעפּט זיך נישט צום איניען, און עס איז שוין נישטאָ אַזאַ נאַרישקייט אין זייער זינגען אָדער שרײַבן, אָס מען זאָל עס נישט צורעכענען צו פּאָעטישער פֿרײַהייט.

געוואָלט האָט דאָן קיכאָט ענטפֿערן, נאָר געשטערט האָבן אים דערין דער פֿירשט מיט דער פֿירשטן, וואָס זײַנען אַרײַנגעקומען זען וואָס ער טוט, און עס האָט זיך צווישן זיי פֿאַרבונדן אַ לאַנגער און ליבער שמועס, און סאַנטשאָ האָט דערבײַ געזאָגט אַזוי פֿיל וויציקע און שפּיציקע זאַכן, וואָס האָבן נאָכמער פֿאַרוווּנדערט די פֿירשן מיט זייער טמימעס ווי מיט זייער שאַרפֿזין. דאָן קיכאָט האָט זיי געבעטן דערלויבעניש אָפּצופֿאָרן נאָך דעם אייגענעם טאָג, מאַכמעס באַזיגטע ריטער, ווי ער איז, פּאַסט בעסער וווינען אין אַ קאַנורע איידער אין אַ קיניגלעכן פּאַלאַץ. זיי האָבן אים זייער גערן געגעבן די דערלויבעניש און די פֿירשטן האָט אים געפֿרעגט צי איז אים געפֿעלן אַלטיסידאָראַ. ער האָט איר געענטפֿערט:

— הארנטע מײַנע, אײַער הערשאַפֿט באַדאַרף וויסן זײַן, אַז דער גאַנצער אומגליק מיט דעם מיידל קומט פֿון ליידיקגיין, און דאָס מיטל דערצו איז אָרנטלעך און קעסיידער זײַן מיט עפּעס פֿאַרנומען. זי האָט מיר דאָ ערשט געזאָגט, אַז אין גענעם טראָגט מען געהאַפּטענע שפּיצן, און אַזוי ווי זי מוז זיי קענען העפֿטן, זאָל זי דאָס פֿון האַנט נישט אַרויסלאָזן. אַז זי וועט זײַן פֿאַרנומען מיט דער העפֿט־נאָדל, וועט זיך איר אין קאָפּ נישט העפֿטן די געשטאַלט, אָדער די געשטאַלטער, וואָס זי איז אין זיי פֿאַרליבט. און דאָס איז דער עמעס, דאָס איז מײַן מיינונג און דאָס איז מײַן אייצע.

— און מײַנע אויך — האָט סאַנטשאָ צוגעגעבן, — וואָרום זינט איך לעב האָב איך נאָך נישט געזען אַ העפֿטערן זאָל שטאַרבן פֿון ליבע. פֿאַרנומענע מייד־

לעך טראַכטן מער וועגן אַרויסענדיקן די אַרבעט איידער וועגן זייערע ליבעס. איך זאָג עס פון אייגענער פּראַקטיק, בעיים איך גראָב די ערד, טראַכט איך נישט פון מײַן פּלוינעסטע, איך מיין, פון מײַן טערעזאַ פּאַנצאַ, וואָס איך האָב זי ליב מער ווי די ברעמען איבער מײַנע אויגן.

— זייער ריכטיק זאָגט איר, סאַנטשאָ — האָט די פּירשטן געזאָגט, — און איך וועל שוין זען אַלטיסידאָראַ זאָל פון הײַנט און ווײַטער זײַן פאַרנומען מיט נײַיי, וואָס זי קען דאָס גאַנץ גוט.

— עס איז נישט נויטיק, — האָרנטע — האָט אַלטיסידאָראַ געענטפערט, — דאָס מיטל אָנצווענדן, וואָרום דער בלויזער געדאַנק וועגן דעם ווי האַרציקאָז דער שלעפּער און העפקער־יונג איז זיך מיט מיר באַגאַנגען, וועט מיר אים פונעם מויעך אַפּווישן, אָן שום אַנדערע מיטלען. און, מיט דער דערלויבעניש פון אײַערע גרויס־קייטן, וויל איך אַרויסגיין פון דאַנען, איך זאָל מער פאַר מײַנע אויגן נישט זען, נישט נאָר דאָס נעבעכדיקע פּאָנים, נאָר די גאַנצע מיעסע און דערווידערדיקע גע־שטאַלט זײַנע.

— דאָס דערמאָנט מיר — האָט דער פירשט געזאָגט — ווי עס זאָגט זיך:

מאַכמעס יענער וואָס זידלט זיך אויס
איז שוין נאָנט צו מעכילע.

אַלטיסידאָראַ האָט זיך קלאָמערשט געווישט די טרערן מיט אַ טיכל און מיט אַ קניקס פאַר די האַרן, האָט זי פאַרלאָזט דאָס ביידער.

— איך שיק דיר — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — אָרים מיידל, אַ בייז מאַזל, וואָרום געהאַט האָסטו צו טון מיט אַ נעשאָמע פון אַ ליטשינע, מיט אַ האַרץ פון אַ דעמב. בענעמאָנעס, ווען דו קומסט אָפּ מײַנע הענט, וואָלט דיר אַן אַנדער האָן געקרייט.

דער שמועס האָט זיך פאַרענדיקט, דאָן קיכאָט האָט זיך אָנגעטון, האָט גע־געסן מיט די פּירשטן און איז נאָך יענעם פאַרנאַכט אַרויסגעפאָרן.

## איין און זיבעציקסטער קאַפּיטל

### וועגן דעם וואָס דאָן קיכאָטן האָט פּאַסירט מיט זײַן וואָפנטרעגער סאַנטשאָ אויפן וועג צו זיך אין דאָרף.

געריטן איז דער בײַגעקומענער און פאַרפאַלגטער דאָן קיכאָט שטאַרק פאַרזאָרגט פון איין זײַט, און פון דער אַנדער זײַט זייער פריילעך. זײַן טרויער האָט זיך גענומען פון זײַן מאַפּאָלע און די פרייד דערפון וואָס ער האָט געזען סאַנטשאָס קויעך דערין וואָס ער האָט לעבעדיק געמאַכט אַלטיסידאָרען, כאָטש געהאַט האָט ער געוויסע ספייקעס דערין צי דאָס פאַרליבטע מיידל איז מיט אַן עמעס טויט געווען. סאַנטשאָ האָט געריטן גאָרנישט פריילעך, געווען איז ער טרויעריק דערפון

וואָס אַלטיסידאָרא האָט נישט געהאַלטן איר וואָרט מיקויעך די העמדער. ער האָט געטראַכט דערוועגן און האָט זיך אָנגערופן צו זײַן האַר:

— איך בין מיט אַן עמעסן, האַר מײַנער, דער אומגליקלעכסטער דאָקטער וואָס איז אַוועדע פאַראַן אױף דער וועלט, ווי פאַראַן זײַנען דאָקטוירים, וואָס האַר־נענען אַוועק דעם כוילע און ווילן דאָך נעמען געלט פאַר זייער אַרבעט, און די אַרבעט באַשטייט בלויז דערין וואָס זיי פאַרשרײַבן אױף אַ פּאַפּירל אַ פּאָר רעפּועס, וואָס נישט ער אַליין מאַכט זיי, נאָר דער אַפּטייקער, און נעם עס אײַן מיט אַ קיצל. און מיר, וואָס יענעמס געזונט קאָסט מיך טראָפּנס בלוט, לאַסקעס, קניפּ, שפּילקעס און שמיץ, גיט מען קיין גראָשן ניט. שווער איך אײַך, אַז אויב מען וועט מיר נאָכאַמאָל ברענגען אַ כוילע, וועט מען מיר מוזן פריער מײַנע הענט באַשמירן, וואָרום דער גאַלעך שלינגט דערפון וואָס ער זינגט, און איך גלויב מיר נישט, אַז דער הימל האָט מיר דעם קויעך געגעבן, קעדיי איך זאָל אים צעטיילן אומזיסט.

— דו ביזט גערעכט, סאַנטשאָ פרײַנט — האָט געענטפערט דאָן קיכאָט — און אַלטיסידאָרא האָט זייער שלעכט געטון, וואָס זי האָט דיר נישט געגעבן די צוגעזאָגטע העמדער. און כאָטש דער קויעך איז דיר געגעבן געוואָרן אומזיסט און האָט דיך נישט געקאָסט קיין לערנען, איז די פּײַניקונג, וואָס דײַן לײַב מוז אויס־שטיין, מער ווי לערנען. מײַנעט וועגן, קען איך דיר זאָגן, אַז ווען דו זאָלסט גע־ווען וועלן געצאָלטס פאַר די שמיץ צום אויסלייזן דולצינעען, וואָלט איך דיר שוין לאַנג געווען געגעבן. נאָר איך ווייס נישט צי קלעפּט זיך דאָס צאָלן מיט דעם היילן, און איך וואָלט נישט וועלן דער סכאַר זאָל זײַן אַ שטער צו דער רעפּוע. דאָך, דאַכט זיך מיר, וועט מען מיט פּרווון גאָרניט אָנווערן. גיב אַ טראַכט, סאַנטשאָ, וויפל דו פאַרלאַנגסט, און שמײַס דיך באַלד אָפּ און צאָל דיר אויס אין מעזומאָנים פון דײַן אייגענער האַנט, ווײַל דו האָסט בײַ זיך מײַן געלט.

אױף דעם אָנבאָט האָט סאַנטשאָ אָנגעשטעלט מויל און אויערן און אין האַרצן בײַ זיך האָט ער מאַסקים געווען גאַנץ גערן זיך אָפּצושמײַסן און האָט זיך אָנגע־רופן צו זײַן האַר:

— איצט, מײַן האַר, בין איך גרייט צוליב טון דעם ווילן פון אײַער גענעדי־קייט פון מײַן נוצן וועגן, וואָרום די ליבשאַפט צו מײַנע ווײַב און קינדער הייסט מיר זיך ווײַזן פאַר אַ געלט־גײַציקן. זאָגט מיר, אײַער גענעדיקייט, וויפל וועט איר מיר געבן פאַר יעדן שמיץ, וואָס איך וועל מיר געבן.

— איך זאָל דיר וועלן באַצאָלן, סאַנטשאָ, לויט דעם ווי די גרויס און ווערט פון דעם מיטל האָט די ווערט, וואָלט די ווענעדיקער שאַצקאַמער און די פּאָטאָסי־מינעס ווייניק געווען דיר צו באַצאָלן. שאַץ דו אַליין אָפּ וואָס דו האָסט בײַ זיך מײַנס און שטעל אַ פּרײַז פאַר יעדן שמיץ.

— שמיץ — האָט סאַנטשאָ געענטפערט — דאַרף איך מיר געבן דרײַ טויזנט און דרײַ הונדערט מיט עפּעס, געגעבן האָב איך מיר נישט מער ווי פינף, בלײַבט דאָס איבעריקע. זאָלן די פינף אַראָפּגערעכנט ווערן, האָבן מיר אַ כעשבן פון דרײַ טויזנט מיט דרײַ הונדערט. אַ פערטל גילדן פאַר אַ שמיץ (און ווייניקער וועל איך

נישט נעמען, די גאַנצע וועלט אַפּילע זאָל מיר הייסן), מאַכט עס אויס דרײַ טויזנט מיט דרײַ הונדערט פערטעלעך, דאָס הייסט, אַז די דרײַ טויזנט זײַנען טויזנט מיט פינף הונדערט האַלבע גילדן, וואָס מאַכט אויס זיבן הונדערט און פופציק גילדן, און די דרײַ הונדערט מאַכן אויס הונדערט און פופציק האַלבע גילדן, וואָס דאָס הייסט פינף און זיבעציק גילדן, און אינאיינעם מיט די זיבן הונדערט און פופציק באַטרעפט דאָס אַכט הונדערט מיט פינף און צוואַנציק גילדן. די אַלע גילדנס וועל איך אַראָפּרעכענען דערפון וואָס איך האָב אַנײַערס און וועל אַהיימקומען רײַך און צופרידן, כאָטש פֿײַן אָפּגעשמיסן, וואָרום מען כאַפּט נישט קיין העכטן... און מער קיין וואָרט נים.

— אָ, סאַנטשאָ געבענטשטער, אָ, סאַנטשאָ ליבער — האָט דאָן קיכאָט גע־ענטפערט, — מיר וועלן דיך דערמאָנען מיט דאַנק, איך און דולצינעאַ, און מיר וועלן דיר דינען וויפל אונדז איז באַשערט צו לעבן אויף דער וועלט! ווען זי וועט ווידער ווערן וואָס זי איז געווען (און עס איז נישט מעגלעך זי זאָל נישט ווערן), וועט פון איר אומגליק ווערן אַ גליק און פון מײַן מאַפּאַלע אַ גליקלעכער ניצאָכן. און זאָג מיר, סאַנטשאָ, ווען ווילסטו דיך אָנהייבן שמײַסן? וועסטו דאָס מאַכן גיך־כער, וועל איך דיר צולייגן הונדערט גילדן.

— ווען? — האָט סאַנטשאָ געענטפערט. — נאָך הײַנטיקע נאַכט בעלי שום טערעץ. זעט, אײַער גענעדיקייט, מיר זאָלן די נאַכט בלײַבן אין פעלד, אונטערן פרײַען הימל, וועל איך מיך אויסטאָן נאַקעט.

געקומען איז די נאַכט, וואָס דאָן קיכאָט האָט געוואַרט אויף איר מיט דער גרעסטער אַנגסט, אַז געדאַכט האָט זיך אים אַז אַקס האָט געפּלאַצט באַ אַפּאָלאָ אינעם רײַטוואָגן און דער טאָג האָט זיך באַ אים געצויגן לענגער ווי אַלעמאָל, ווי דאָס טרעפט באַ פאַרליבטע מיט דער שאָ פון זייערע באַגערן.

קורץ, זיי זײַנען אַרײַן אין אַ מעבײַעדיקן וועלדל, באַ אַ זײַט וועג, וווּ זיי האָבן אָפּגעליידיקט ראָסינאַנטעס און דעם העל־ברוינעמס זאָטלען און האָבן זיך אויסגעצויגן אויפן גרינעם גראָז און אָפּגעגעסן וועטשערע פון סאַנטשאָס פאַרגרייט. פון דעם העל־ברוינעמס קאַפּיסטרע און פון זײַן ציימל האָט סאַנטשאָ אויסגע־פלאָכטן אַ פעסטע בויגעוודיקע בײַטש און איז אָפּגעטראָטן פון זײַן האַר אַ צוואַנ־ציק שפּאַן, צווישן בוקסנביימער. געזען האָט דאָן קיכאָט ער גייט מיט אַזאַ מוט און אימפּעט, האָט ער אים אַ זאָג געטון:

— הער אויס, פרײַנט, דו צעשמײַס דיך נישט אויף שטיקלעך, לאָז פּלאַץ פאַר ווײַטערדיקע שמיץ, יאָג דיך נישט אַזוי אַז דו זאָלסט אין מיטן דערינען בלײַבן שטיין אָן קויכעס. איך מיין, זאָלסט דיך נישט שמײַסן אַזוי שטאַרק, אַז דו זאָלסט בלײַבן ליגן אַ טויטער איידער דו וועסט קומען צו דער באַגערטער צאָל. און קעדיי דו זאָלסט נישט צוליב איין קאָרט פאַרלירן, וועל איך שטיין פון ווײַטנס און ציילן באַ מיר אויפן טפילע־שנירל די שמיץ, וואָס דו וועסט דיר געבן. זאָל דיר דער הימל בײַשטיין, ווי דײַן גוטע קאַוואָנע פאַרדינט עס.

— אַ גוטער צאָלער האָט נישט מוירע פאַרן מאַשקן — האָט סאַנטשאָ גע־ענטפערט. — איך רעכן מיך שמײַסן אַזוי, אַז שטאַרבן זאָל איך נים, נאָר ווי טון

זאָל מיר, וואָרום דערין, מאַשמאָעס, ליגט דער עצעם וווּנדער. באַלד דערויף האָט ער זיך אויסגעטון נאַקעט פון האַלבן גוף אַרויף און האָט געכאַפּט די בײַטש און זיך גענומען שמײַסן, און דאַן קיכאָט האָט גענומען ציילן. דערלאַנגט האָט זיך סאַנטשאָ זעקס אָדער אַכט שמיץ און האָט זיך אַרומגעזען, אַז דער שפּאַס איז אַ ביסל צו אַ שווערער און דער פּרײַז פאַר אים צו אַ ביליקער. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ ווײַל און געזאָגט דעם האַר, אַז ער האָט זיך גענאַרט, וואָרום די שמיץ, וואָס ער גיט זיך האָבן די ווערט אַ האַלבן גילדן אַ שמיץ און נישט קיין פערטעלע.

— שמײַס, פרײַנט סאַנטשאָ, און שטעל דיך נישט אָפּ — האָט דאַן קיכאָט אים געענטפערט, — איכל דיר צאָלן דאָפּלט.

— אויב אַזוי — האָט סאַנטשאָ געזאָגט, — זאָל מיר גאָט העלפן און זאָל רע־גענען מיט שמיץ.

נאָר דער כיטראַק האָט זיך אויפגעהערט שמײַסן אַפן רוקן און געשמיסן אַף די ביימער און דערבײַ מיט אַזוינע זיפצן, אַז געדאַכט האָט זיך ס'וועט רײַסן זיך בײַ אים פונעם האַרצן אַרויס. דאָן קיכאָט, מיט זײַן ווייך האַרץ און מיט דער מוירע יענעם זאָל זיך אין מיטן דאָס לעבן ניט ענדיקן און זײַן באַגער זאָל, צוליב סאַנטשאָס נישט פאָרזיכטיקייט, נישט דערגרייכט ווערן, האָט זיך בײַ אים געבעטן:

— ווי דיר איז דאָס לעבן ליב, מײַן פרײַנט, לאָמיר דאָ אָפּשטעלן דאָס איי־סעק, וואָרום דער רעצעפּט, דאַכט מיר, איז צו אַ האַרבער און גלײַכער איז נישט צו יאָגן; זאַמאָרא האָט מען נישט אין איין שאָ אָפּגעוווּנען. העכער טויזנט שמיץ, אויב איך האָב גוט געציילט, האָסטו דיר שוין געגעבן. גענוג דערווײַל, וואָרום דאָס אייזל (גראָב גערעדט), קען טראָגן די לאָדונג, אָבער נישט די איבערלאָדונג.

— ניין, ניין, מײַן האַר — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — זאָל מען וועגן מיר נישט זאָגן: „פאַר אָפּגעצאָלט געלט, געבראָכענע הענט". טרעט אָפּ, אײַער גענע־דיקייט, נאָך אַ ביסל, און לאָזט מיך זיך אָפּשמײַסן כאָטש נאָך איין טויזנט, און מיט צוויי אַזוינע גענג וועלן מיר דעם גאַנצן קאָן פאַרענדיקן און עס וועט נאָך בלײַבן איבעריקס.

— אויב דו ביזט אַזוי אויפגעלייגט — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — זאָל דיר גאָט העלפן, דו שמײַס דיך און איך וועל שטיין פון ווײַטנס.

סאַנטשאָ האָט זיך ווידער גענומען צו דער אַרבעט מיט אַזאַ פלײַס, אַז ער האָט בײַ אַ סאַך ביימער די קאָרע אַראָפּגעשמיסן: אַזוי האַסטיק האָט ער זיך גע־שמיסן. און בײַ איינעם אַ שטאַרקן שמיץ אין אַ בוקסנבוים, האָט ער אַ געשריי געטון:

— אָט דאָ וועט שטאַרבן שימשן און ווער מיט אים איז פאַראַן!

צוגעלאָפן איז דאָן קיכאָט אַף דעם פאַרווונדעטן געשריי און האַסטיקן שמיץ און האָט אָנגעכאַפּט דעם צונויפגעדרייטן רימען, וואָס האָט סאַנטשאָן געדינט פאַר אַ קאַנטשיק, און אים געזאָגט:

— זאָל די שאָ ניט זײַן, סאַנטשאָ פרײַנט, אַז פון מײַן פאַרגעניגן וועגן זאָלסטו פאַרלירן דײַן לעבן, וואָס דאַרף דיר דינען צו דערנערן דײַן ווײַב און דײַנע קינדער. זאָל דולצינעאַ וואַרטן אַף אַ בעסערער געלעגנהייט, איך וועל מיך האַלטן אין די

גרעניצן פון האָפן אַף שפּעטער און וועל וואַרטן ביז דו וועסט באַקומען נײַע קווי־
בעס, און זאָל דער איניען פאַרענדיקט ווערן גוט פאַר יעדן.

— אויב אײַער גענעדיקייט, מײַן האַר, וויל אַזוי — האָט סאַנטשאָ געענטפערט
— זאָל זײַן ווי איר ווילט, און וואַרפט אַרויף אַף מײַנע פּלייצעס אײַער ליַבל, וואָ־
רום איך שוויַג און וואָלט נישט וועלן באַקומען אַ פאַרקילונג. מאַכמעס די וואָס
שמײַסן זיך צום ערשטן מאָל זײַנען אין דער סאַקאָנע.

אַזוי האָט דאָן קיכאָט געטון און, אַליין אין הויכן העמד, האָט ער צוגעדעקט
סאַנטשאָן, וואָס איז אָפּגעשלאָפן ביז די זון האָט אים אויפגעוועקט, און זיי זײַנען
ווײַטער געגאַנגען זייער וועג, וואָס זיי האָבן פאַרענדיקט אין אַ דאָרף, מיט דרײַ
מײַל ווײַטער.

אָפּגעשטעלט האָבן זיי זיך אין אַן אַכסאַניע, וואָס דאָן קיכאָט האָט פאַר אַזוי־
נער באַטראַכט און ניט פאַר אַ שלאָס מיט אַ טיפן גראָבן, מיט טורעמס, מיט ציין
און מיט אַ בריק, וואָס הייבט זיך אויף. וואָרום נאָכדעם ווי מען האָט אים בײַגע־
קומען האָט ער אַף אַלץ גענומען קוקן קלאָרער, ווי מען וועט דאָס באַלד זען. אָפּ־
געגעבן האָט מען אים אַן אונטערשטן זאַל, וואָס אָנשטאָט טאַפּעטן, האָט ער גע־
האַט אַלטע געפאַרבטע לייוונטער, ווי מען נוצט אין די דערפער. אַף איינעם פון די
לײַוונטער איז געווען אויסגעמאָלט דאָס אַרויסגאַנווענען העלענען, ווען דער כוצ־
פּעדיקער גאַסט פּירט זי אַוועק צו מענעלייען, און אַף אַ צווייטן לײַוונט איז געווען
אויסגעמאָלט די געשיכטע פון דידאָ מיט ענעיען; זי אַף אַ הויכן טורעם, ווי זי מאַכט
צייכנס מיט אַ האַלבן לײַלעך דעם פּאָלים, וואָס אַנטלויפט אַף אַ פרעגאַט אָדער אַף
אַ בריק־שיף. אַף ביידע געשיכטעס האָט ער געמערקט, אַז העלענע האָט זיך גאָר־
נישט געווערט, וואָרום זי האָט שעלמיש און באַהאַלטענערהייד געשמייכלט, נאָר די
שיינע דידאָ האָט געוויינט מיט טרערן, יעדע טרער ווי אַ נוס די גרויס. דאָן קיכאָט
האָט דערויף געזאָגט:

— דאָס גרויסע אומגליק פון די צוויי דאַמען איז געווען, וואָס זיי זײַנען נישט
געבוירן געוואָרן אין אונדזער צײַט, און נאָך גרעסער איז מײַן אומגליק, וואָס איך
בין נישט געבוירן געוואָרן אין זייערע. וואָרום וואָלט איך געפּאַקט יענע לײַט,
וואָלט נישט טראָיאַ פאַרברענט געוואָרן און נישט קאַרטאַגאָ צעשטערט געוואָרן.
וואָלט איך נאָר געווען פּאַריזן אַוועקגעהאַרגעט, וואָלט מען זיך די אַלע אומגליקן
אײַנגעשפּאָרט.

— איך קען גיין אין געוועט — האָט סאַנטשאָ געזאָגט — אַז גאָר אין גיכן
וועט קיין איין ווײַנשענק נישט זײַן, קיין איין קרעטשמע, קיין איין אײַנפאָר־הויז
אָדער שערער־געוועלב, וווּ עס וועט נישט זײַן אויסגעמאָלט די געשיכטע פון אַת־
דזערע העלדישע מײַסים. נאָר וועלן וואָלט איך עס זאָלן זיי מאָלן בעסערע מאָלער
ווי דער וואָס האָט אויסגעמאָלט די צוויי געשיכטעס.

— ביזט גערעכט, סאַנטשאָ — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט; — וואָרום דער דאָ־
זיקער מאָלער איז ווי אָרבאַנעכאַ, איינער אַ מאָלער פון אובעדאַ, וואָס אַז מען האָט
אים געפרעגט וואָס ער מאָלט, האָט ער געענטפערט: „וואָס עס וועט אַרויסקומען".
און אַז ער פלעגט מאָלן אַ האָן, פלעגט ער אונטערשרײַבן: ד אָ ס א י ז אַ

ה אָ ן, קעדיי מען זאָל נישט מיינען ס'איז אַ פוקס. פון דעם מין מאַלער אָדער שרײַבער, וואָס דאָס איז אַלציינס, מוז זײַן יענער וואָס האָט אָנגעשריבן די געשיכטע פון אָט דעם נײַעם דאָן קיכאָט, וואָס איז איצט אַרויס. אויך ער האָט געמאָלט אָדער געשריבן וואָס עס וועט אַרויסקומען, אָדער ווי יענער פּאָעט, וואָס איז מיט יאָרן צוריק אומגעגאַנגען אין קיניגלעכן הויף און גערופן האָט מען אים מאַלעאָן. ער פלעגט ענטפערן זייער שנעל אַף אַלץ וואָס מען פלעגט אים פרעגן, און ווען איינער האָט אים געפרעגט וואָס מיינט עס „דעום דע דעאָ", האָט ער געענטפערט: „דער דאָ אַרום". נאָר לאָמיר דאָס לאָזן אָן אַ זײַט, זאָג מיר בעסער, סאַנטשאָ, צי דו רעכנסט דיר געבן אַ פּאָרציע שמיץ הײַנטיקע נאַכט און ווו ווילסטו זאָל דאָס זײַן, אונטער אַ דאַך אָדער אונטערן פרײַען הימל.

— גלויבט מיר, מײַן האַר — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — אַז דאָס וואָס איך וויל מיר געבן, איז פאַר מיר אַלציינס, אין שטוב צי אין פעלד. פון דעסט וועגן, וואָלט איך וועלן דאָס זאָל זײַן צווישן ביימער, וואָס מיר דאַכט זיך, אַז זיי באַגלייטן מיך און העלפן מיר איבערטראָגן דעם ווייטיק אַף אַ ווונדערלעכן אויפן.

— לאָמיר זשע דאָס איצט אָפּלאָזן, סאַנטשאָ פרײַנט — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט, — קעדיי דו זאָלסט דיך אָנעמען מיט קויעך, לאָמיר עס לאָזן אַף שפּעטער, ווען מיר וועלן זײַן באַ אונדז אין דאָרף, ווו מיר וועלן אָנקומען, צום שפּעטסטן, איבערמאָרגן.

סאַנטשאָ האָט געענטפערט ער זאָל טון ווי ער וויל. נאָר ער וואָלט וועלן פאַרענדיקן דאָס אייסעק וואָס גיכער, אַף דער הייסער מינוט, ווען די מיל דרייט זיך, וואָרום אינעם אָפּלייגן ליגט אָפט די געפאַר. און גאָט זאָלסטו בעטן און מיטן וואָלגערהאָלץ קנעטן. און בעסער איז איין מאָל נעם איידער צוויי מאָל איך וועל דיר געבן. און אַ פייגעלע אין די הענט איידער אָן אָדלער אין דער לופטן.

— גענוג גלײַכווערטלעך, סאַנטשאָ, ווי מיר האָבן איין גאָט אַף דער וועלט — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — וואָרום מיר דאַכט זיך דו גייסט צוריק צום „סיקוט עראַט"; רייד פּאָשעט, גלאַט, ניט געפּלאָנטערט, ווי איך האָב דיר שוין אַ סאַך מאָל געזאָגט, וועסטו זען ווי איין ברויט וועט דיר קלעקן פאַר הונדערט.

— איך ווייס נישט וואָס איז דאָס פאַר אַ אומגליק מיט מיר — האָט סאַנטשאָ געענטפערט, — וואָס איך קען קיין איין גערעדנעק נישט אַרויסזאָגן אָן אַ גלײַכווערטל, נאָר איך וועל מיך זען בעסערן, אויב איך וועל קענען.

און דערמיט האָט זיך דעמאָלט פאַרענדיקט זייער געשפּרעך.

## צוויי און זיבעציקסטער קאַפּיטל

### וועגן דעם ווי דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ זײַנען אָנגעקומען צו זיך אין דאָרף.

יענעם גאַנצן טאָג, אין יענעם יִשעוו און אין יענער אַכסאַניע, האָבן זיי געוואַרט עס זאָל נאַכט ווערן, דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ: איינער קעדיי אין פעלד צו פאַרענדיקן דאָס בינטל שמיץ פון זײַן אָפּקומעניש און דער צווייטער קע־

דיי צו זען אָט דעם סאָף, וואָס דאָס איז געווען זײַן ווונטש. דערווײַל איז אהין אָנגעקומען צו רײַטן אַף אַ פערד איינער אַ האַר מיט זײַנע דרײַ אָדער פיר דינער, און איינער פון זיי האָט זיך אָנגערופן צו זײַן האַר, קענטיק:

— דאָ וועט אײַער גנעדיקייט, האַר דאָן אַלוואַראָ טאַרפע, זיך קענען אויסשלאָפן נאָכמיטיק: די אַכסאַניע זעט אויס אַ ריינע און אַ קילע.

געהערט האָט דאָס דאָן קיכאָט און האָט זיך אָנגערופן צו סאַנטשאָן:

— הער אויס, סאַנטשאָ: בעיים איך האָב געבלעטערט יענעם בוך מיט דער צווייטער טייל פון מײַן געשיכטע, איז מיר דאַכט זיך פאַר די אויגן געקומען דער נאָמען דאָן אַלוואַראָ טאַרפע.

— דאָס קען גאַנץ מעגלעך זײַן — האָט סאַנטשאָ געענטפערט — זאָל ער נאָר פונעם פערד אַראָפּ, וועלן מיר אים פרעגן.

דער רײַטער איז אַראָפּ פונעם פערד, און פונקט קעגניבער דעם כיידער פון דאָן קיכאָטן האָט אים די באַלעבאָסטע געגעבן אַ אונטערשטן זאַל, אַ באַפוצטן אויך מיט אַזוינע געמאָלטע לײַלעכער ווי בא דאָן קיכאָטן אין כיידער. דער גאַסט האָט זיך באַקוועם געמאַכט זומערדיק און איז אַרויסגעקומען פאַרן טויער פון דער אַכסאַניע, וווּ עס איז געווען געראַם און קיל און דאָן קיכאָט האָט דאָרט אומגעשפּאַצירט. געפרעגט האָט ער דאָן קיכאָטן:

— וווּהין פאָרט אײַער גנעדיקייט, האַר זשענטלמאַן?

און דאָן קיכאָט האָט אים געענטפערט:

— אין אַ דערבײַיִקן דאָרף, וווּ איך בין אַ טוישעוו. און אײַער גנעדיקייט וווּהין פאָרט?

— איך, מײַן האַר, — האָט דער קאַוואַליר געענטפערט, — פאָר קיין גראַנאַדע, מײַן פאָטערלאַנד.

— אַ שיין פאָטערלאַנד — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט; — זאָגט מיר, אויס העפלעכקייט, ווי רופט מען אײַך, ווײַל מיר דאַכט זיך, אַז מיר וועט דאָס זײַן וויכטיק צו וויסן, מער ווי איך קען עס אײַך זאָגן.

— מײַן נאָמען איז דאָן אַלוואַראָ טאַרפע — האָט דער גאַסט געענטפערט.

דערויף האָט דאָן קיכאָט געזאָגט:

— אײַער גנעדיקייט מוז אַוואַדע זײַן יענער דאָן אַלוואַראָ טאַרפע, וואָס געפינט זיך אָפּגעדרוקט אין דער „צווייטער טייל געשיכטע פון דאָן קיכאָט פון לאַמאַנטשאַ”, וואָס איז ערשט דערשינען פון אַ נײַעם מעכאַבער.

— איך בין עס — האָט דער קאַוואַליר געענטפערט, — און דער דאָן קיכאָט, דער הויפּט־פּאַרשוין פון דער געשיכטע, איז מײַנער גאָר אַ גרויסער פרײַנט געווען, און איך בין געווען דער וואָס האָב אים פון זײַן היים אַרויסגענומען, אָדער אַלנפאַלס, באַוויגן ער זאָל פאָרן צום פאַרמעסט, וואָס איז פאָרגעקומען אין סאַראַגאָסאַ, וווּ איך בין אויך געווען. און דער עמעס איז, אַז איך האָב אים אַ סאַך פרײַנטשאַפט געטאָן און האָב אים געראַטעוועט פון דעם טאַליען, אַ גרויסער כוצפּעניק, ער זאָל אים נישט צו פיל פּאַטשן איבער דער פּלייצע.

— זאָגט מיר, אײַער גנעדיקייט, האר דאָן אַלוואַראָ, בין איך מיט עפּעס ענלעך צו דעם דאָן קיכאָט, וואָס איר זאָגט?

— ניין, וואָס אַן עמעס — האָט דער גאַסט געענטפערט; — בעשומויפן ניט.

— און דער דאָזיקער דאָן קיכאָט — האָט אונדזער דאָן קיכאָט געפרעגט — האָט מיט זיך געהאַט אַ וואָפּנטרעגער מיט דעם נאָמען סאַנטשאָ פּאַנצאַ?

— יאָ, געהאַט — האָט דאָן אַלוואַראָ געענטפערט; — נאָר כאָטש געהאַט האָט ער אַ שעם פאַר אַ גאַנצן וויצלער, האָב איך פון אים די גאַנצע צײַט קיין איין באַמת וויצן ניט געהערט. כאָכמע נישט געהערט.

— דאָס גלויב איך אײַך — האָט זיך דערויף אָפּגערופן סאַנטשאָ, — ווארום כאָכמעס זאָגן איז נישט יעדן געגעבן. און יענער סאַנטשאָ, וואָס אײַער גנעדיקייט זאָגט, האר זשענטלמאַן, מוז זײַן אַ גרויסער מענוול, אַ טיפּעש און אַ גאַנעוו דער־צו. ווארום דער עמעסער סאַנטשאָ פּאַנצאַ בין איך, וואָס איך רעגן מיט כאָכמעס. און טאָמער גלויבט איר מיר נישט, פּרוווט, אײַער גנעדיקייט, און גייט מיר נאָך איין יאָר וויניקסטנס, וועט איר זען ווי זיי פאַלן פון מיר מאַמעש אַף יעדן טראָט, אייגע און אייגע, אַזוינע כאָכמעס וואָס איך אַליין ווייס צומאָל נישט וואָס איך זאָג, און רוף אַרויס בײַ אַלעמען געלעכטער. און דער עמעסער דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנ־טשאַ, דער באַרימטער, דער מעכטיקער און דער קלוגער, דער פאַרליבטער, דער אַוולעס־פאַריכטער, דער אַפּאָטראָפּעס פון די פאַרוואַרלאָזטע און יעסוימים, דער שיצער פון אַלמאָנעס, דער אומברענגער פון יונגע מיידלעך, וואָס זײַן איינציקע דאַמע איז די אָן גלײַכן צו זיך דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ, איז דער סעניאָר, וואָס שטייט דאָ, און איז מײַן האר. יעדער אַנדערער דאָן קיכאָט און יעדער אַנדערער סאַנטשאָ פּאַנצאַ איז כויזעק און באָלעם.

— בײַ גאָט שווער איך אײַך, אַז איך גלויב אײַך — האָט דאָן אַלוואַראָ גע־ענטפערט, — ווארום אין די פיר ווערטער, וואָס איר האָט דאָ גערעדט, האָט איר גע־זאָגט מער כאָכמעס ווי ער די גאַנצע צײַט וואָס איך האָב אים געהערט ריידן, און גערעדט האָט ער אַ סאַך. געווען איז ער מער פרעסער ווי פיינער זאָגער און מער נאַר ווי וויצלער. און איך בין זיכער, אַז די קישעפמאַכער, וואָס פאַרפאָלגן דאָן קיכאָט דעם ריכטיקן, האָבן מיך אויסגעקליבן מיך צו פאַרפאָלגן מיט דאָן קיכאָט דעם פאַלשן. נאָר איך ווייס נישט וואָס איצט צו זאָגן. איך קען שווערן, אַז איך האָב אים איבערגעלאָזט באַם גונצי פון טאָלעדאָ אין שטוב מען זאָל אים דאָרט היילן, און דאָ באַווײַזט זיך פאַר מיר אַ צווייטער דאָן קיכאָט, כאָטש פאַרשיידן פון מײַנעם.

— איך — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — ווייס נישט צי בין איך דער ריכטי־קער, איך קען נאָר זאָגן, אַז איך בין נישט דער פאַלשער. אַלס באַווײַז דערפון, וויל איך, אײַער גנעדיקייט, מײַן האר דאָן אַלוואַראָ טאַרפע, זאָל ווייסן, אַז זינט איך לעב בין איך נישט געווען אין סאַראַגאָסאַ. פאַרקערט, ווי נאָר מען האָט מיר גע־זאָגט, אַז יענער דאָן קיכאָט, דער אויסגעטראַכטער, איז געווען אין דער שטאָט בעיים די פאַרמעסטן, האָב איך נישט געוואָלט פאָרן אַהין, קעדיי דער וועלט אין פּאָנים אַרײַן צו וואַרפן דעם ליגן, און איך בין גלײַך געפאָרן קיין באַרצעלאָנע, דעם

מאָקסעם פון העפּלעכקייט, דעם אזיל פון די פּרעמדלענדישע, דעם שפּיטאָל פון די אָרימע, דאָס פאָטערלאַנד פון די מוטיקע, די נעקאָמע פון די באַליידיקטע און די ליבשאַפט פון פעסטער פריינטשאַפט, און מיט איר אָרט און שיינקייט די איינונאיינציקע. און כאָטש דאָס וואָס מיט מיר האָט אין דער שטאָט פּאַסירט, איז נישט אַזוי געשמאַק, נאָר פאַרקערט, האָט מיר גרויס צאַר פאַרשאַפט, דערמאָן איך זי אָן שום צאַר, בלויז פאַר האָבן זי געזען. קורץ, האַר דאָן אַלוואַראָ טאַרפע, איך בין דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, דער וואָס מען רעדט פון אים אַזוי פיל, און נישט יענער שלימאַזל, וואָס האָט געוואָלט מיין נאָמען צונעמען און זיך פּוצן מיט מיינע געדאַנקען. איַיער גענעדיקייט בעט איך, אין נאָמען דערפון וואָס אַ ריטער דאַרף זיין, איר זאָלט אַזוי גוט זיין געבן אַ דערקלערונג פאַר דעם אָרטיקן בירגערמייסטער, אַז איַיער גענעדיקייט האָט מיך ביזן היינטיקן טאָג נישט געזען און אַז איך בין נישט דער דאָן קיכאָט, וואָס איז געדרוקט אין דער צווייטער טייל, און אַז אויך דער סאַנטשאָ פּאַנצאַ, מיין וואָפּנטרעגער, איז נישט דער וואָס איַיער גענעדיקייט האָט ביז איצט געקענט.

— איך וועל עס גאַנץ גערן טון — האָט דאָן אַלוואַראָ געענטפערט, — כאָטש עס קען וווּנדערן וואָס מען זעט אין איין צייט צוויי דאָן קיכאָטן און צוויי סאַנטשאָ פּאַנצאָס, וואָס גלייכן זיך אַזוי מיט די נעמען און זיינען אַזוי פאַרשידן מיט זייערע מייסים. און איך זאָג איַיך נאָכאַמאָל און איך באַקרעפטיק מיינע ווערטער, אַז איך האָב נישט געזען וואָס איך האָב געזען און נישט פּאַסירט האָט מיט מיר וואָס עס האָט פּאַסירט.

— איַיער גענעדיקייט — האָט סאַנטשאָ געזאָגט — מוז אַוואַדע זיין פאַרקישעפט, אַזוי ווי מיין האַרנטע דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ, און וואָלט מיר באַשערט געווען איך זאָל דאַרפן פון איַיך אָפּטון דעם קישעף מיט דריי טויזנט און עפּעס שמיץ, ווי איך טו דאָס פאַר איר, וואָלט איך מיך אָפּגעשמיסן אומזיסט.

— איך פאַרשטיי ניט פון וואָסערע שמיץ איר רעדט, — האָט דאָן אַלוואַראָ געזאָגט.

און סאַנטשאָ האָט אים געענטפערט, אַז ס'איז אַ לאַנגע מייסע, נאָר ער וועט אים דערציילן, אויב ער גייט מיט זיי אַף איין וועג.

ס'איז צייט געוואָרן צו עסן מיטיק און דאָן קיכאָט האָט געמיטיקט אינאיינעם מיט דאָן אַלוואַראָ.

פּונקט איז אין אַכסאַניע אַריינגעקומען דער בירגערמייסטער פונעם דאָרף מיט אַ שרייבער און דאָן קיכאָט האָט דעם בירגערמייסטער צוגעשטעלט אַ באַקאָשע, אַז צוליב זיין רעכט נויטיקט ער זיך, אַז דאָן אַלוואַראָ טאַרפע, דער קאַוואַליר, וואָס שטייט דאָ פאַר אים, זאָל פאַר זיין גענעדיקייט דערקלערן, אַז ער האָט נישט געקענט דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, וואָס איז דאָ פאַראַן, און אַז ער איז נישט יענער וואָס איז אָפּגעדרוקט אין דער געשיכטע, וואָס טראָגט דעם טיטל: „צווייטע טייל דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, פאַרפאַסט פון איינעם מיט דעם נאָמען אַוועזשאַנעדאַ, אַ טוישעוו פון טאָרדעסיליאַס". קורץ, דער בירגערמייסטער האָט יורידיש באַוואָרנט, די דערקלערונג איז געמאַכט געוואָרן מיט אַלע באַקרעפטיקונגען,

וואָס דאַרפֿן אין אַזאַ פֿאַל געמאַכט ווערן, און דאָן קיכאָט מיט סאַנטשאָ זײַנען געבליבן שטאַרק צופֿרידן, גלײַך די דערקלערונג וואָלט פֿאַר זיי שטאַרק וויכטיק געווען, און גלײַך דער כילעק צווישן די צוויי דאָן קיכאָטן און די צוויי סאַנטשאָ פּאַנצאַס וואָלט זיך נישט אַרויסגעוויזן אין זייערע מעשׂים און אין זייערע רייד. אַ סך העפֿלעכקייטן און דינסטגרייטקייטן זײַנען געגאַנגען הין און צוריק צווישן דאָן אַלוואַראָ און דאָן קיכאָט, און דער גרויסער לאַ מאַנטשער האָט דערבײַ אַרויסגעוויזן זײַן קלוגשאַפֿט און האָט דערמיט פֿון זײַן טאָעס אַרויסגענומען דעם דאָן אַלוואַראָ טאַרפֿע, וואָס האָט זיך געטראַכט, אַז ער מוז זײַן פֿאַרקישעפֿט, מאַכמעס ער טאַפּט אָן מיט די הענט אַזוינע צוויי קעגנערישע דאָן קיכאָטן. צוגעפֿאַלן איז דער אָוונט, זײַנען זיי אַרויסגעפֿאָרן פֿונעם ייִשעוו, און אָן ערעך אַ האַלבע מײַל פֿון דער אַכסאַניע, זײַנען זיי זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען אויף פֿאַרשידענע וועגן, איינער וואָס האָט געפֿירט צום דאָרף ווו דאָן קיכאָט האָט געוווינט, און דער צווייטער, וואָס דאָן אַלוואַראָ האָט זיך אויף אים פֿאַרנומען.

אין דער קנאַפּער צײַט האָט אים דאָן קיכאָט דערציילט וועגן דעם אומגליק מיט זײַן מאַפּאַלע און וועגן דולצינעעס קישעף און דעם מיטל צו דעם, וואָס דאָס האָט ווידער פֿאַרוווּנדערט דאָן אַלוואַראָ, און ער האָט אַרומגענומען דאָן קיכאָטן און סאַנטשאָן און איז אַוועק זײַן וועג, און דאָן קיכאָט זײַנעם. די נאַכט האָט ער פֿאַרבראַכט אין אַ וועלדל צווישן ביימער, קעדיי סאַנטשאָ זאָל קענען אָפּקומען זײַן שטראָף, און אָפּגעקומען איז ער זי פּונקט ווי מיט אַ נאַכט פֿריער, אָפּן כעשבן פֿון דער קאָרע און נישט פֿון זײַן רוקן, וואָס ער האָט אַזוי געהיט, אַז די שמיץ זאָלן אַפֿילע אַ פֿליג נישט אַראָפּטרײַבן ווען זי שטעלט זיך אויף אים.

דער גענאַרטער דאָן קיכאָט האָט קיין איין שמיץ נישט פֿאַרפֿעלט צו ציילן און האָט געמאַכט דעם כעשבן, אַז אײַנאיינעם מיט די נעכטיקע, האָט ער זיך שוין געגעבן דרײַ טויזנט מיט נײַן און צוואַנציק שמיץ.

קענטיק, אַז די זון איז דעמאָלט אויפֿגעשטאַנען פֿאַרפֿרי קעדיי צו זען דעם קאָרבן, און באַ איר שײַן זײַנען זיי ווײַטער געגאַנגען זייער וועג, און ביידע האָבן זיי געשמועסט וועגן דאָן אַלוואַראָס טאָעס, און ווי גוט עס איז געווען דער אײַנפֿאַל צו נעמען באַ אים אַ דערקלערונג פֿאַר דער יוסטיץ און דערצו אַזאַ באַגלויבטע. דעם גאַנצן טאָג און די גאַנצע נאַכט זײַנען זיי געריטן און מיט זיי האָט קיין זאַך נישט פּאַסירט, וואָס זאָל קעדײַ זײַן צו דערציילן, סײַדן דאָס וואָס סאַנטשאָ האָט פֿאַר דער צײַט פֿאַרענדיקט דאָס שמײַסן און דאָן קיכאָט איז דערפֿון העכסט צופֿרידן געווען און האָט געוואַרט עס זאָל טאָג ווערן עפּשער וועט ער נאָך אין וועג אָנטרעפֿן די דערלייזטע דולצינעאַ, זײַן דאַמע. געריטן איז ער איבערן וועג און האָט קיין איין פֿרוי נישט אויסגעמיטן זיך אײַנצוקוקן אין איר צי איז זי נישט דולצינעאַ פֿון טאָבאָסאָ, אַזוי זיכער איז ער געווען, אַז מערלען האָט קיין ליגן נישט געקענט זאָגן מיט זײַן צוזאָג. מיט די מאַכשאָוועס און באַגערן, זײַנען זיי אַרויפֿגעקומען אַ באַרג־אַרויף און פֿון דאָרט האָבן זיי דערזען זייער דאָרף. אַז סאַנטשאָ האָט עס דערזען, האָט ער זיך אויף די קני געשטעלט און געזאָגט:

— צעעפֿן דײַנע אויגן, באַגערטע היים, און זע צוריקקומען סאַנטשאָ פּאַנצאַ

דײַן זון, אויב נישט זייער רײַך, איז אָלנפאַלס גוט געשמיסן. צעעפן דײַנע אָרעמס און נעם אויף אויך דאָן קיכאָטן, דײַן זון, וואָס אויב ער קומט צו דיר אַ בײַגעקור־מענער פון אַ צווייטנס אָרעם, קומט ער דאָך אַ זיגער איבער זיך אַליין. וואָרום לויט ווי ער האָט מיר געזאָגט, איז עס דער גרעסטער ניצאָכן, וואָס אַ מענטש קען זיך ווינטשן. געלט פיר איך מיט זיך, וואָרום אויב מען האָט מיר גוטע שמיץ גע־געבן, איז מיר גאַנץ ריטערלעך געגאַנגען.

— לאָז דיך אָפּ פון די נאַרישקייטן — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט — און לאָ־מיר אַרײַנגיין צו אונדז אין דאָרף מיט דעם רעכטן פוס, און דאָרט וועלן מיר פרײַ־לאָזן אונדזער פאַנטאַזיע און אַרומטראַכטן ווי אײַנצושטעלן דאָס פּאַסטעכישע לעבן, וואָס מיר רעכענען צו פירן.

מיט די ווערטער האָבן זיי זיך פונעם באַרג אַראָפּגעלאָזט און געשפּאַנט צו זיך אין דאָרף.

## דריי און זיבעציקסטער קאַפּיטל

**וועגן די שלעכטע סימאָנים וואָס דאָן קיכאָט האָט באַגעגנט באַ זײַן אַרײַנ־קומען צו זיך אין דאָרף, מיט נאָך פּאַסירונגען, וואָס באַצירן און באַקרעפטיקן די גרויסע געשיכטע.**

ווען דאָן קיכאָט איז אַרײַנגעקומען צו זיך אין דאָרף, ווי עס דערציילט סידע האַמעטע, האָט ער אויף אַ שײַער דערזען צוויי יינגלעך קריגן זיך און איינער זאָגט צום צווייטן:

— מאַטער דיך ניט, פּעריקיליאָ, וועסט זי נישט זען אַזוי לאַנג דו לעבסט.

דערהערט האָט דאָס דאָן קיכאָט, האָט ער זיך אָנגערופן צו סאַנטשאָן:

— האָסט געהערט, מײַן פרײַנט, וואָס דער יאַט האָט געזאָגט: „וועסט זי נישט זען אַזוי לאַנג דו לעבסט”?

— איז וואָס זשע? — האָט סאַנטשאָ געענטפערט. — וואָס מאַכט עס אויס וואָס דער יאַט האָט געזאָגט?

— וואָס? — האָט דאָן קיכאָט אים צוריק געענטפערט. — זעסטו דען נישט, אַז ווען מען ווענדט אָן דאָס וואָרט צו מײַנע ווונטשן, מיינט עס, אַז איך וועל שוין קיינמאָל נישט זען דולצינעען?

סאַנטשאָ האָט אים געוואָלט ענטפערן, נאָר דערזען האָט ער איבערן פעלד אַ האָז אַנטלויפן און נאָך אים יאָגן זיך כאָרטן און יעגער, און דער האָז האָט פּאַר שרעק זיך פאַרקליבן און זיך אײַנגענורעט אונטער די פיס פונעם העל־ברויינעם. סאַנטשאָ האָט אים אָן שום מי אויפגעהויבן און געוויזן דאָן קיכאָטן. און דאָן קי־כאָט האָט דערבײַ געכאַזערט:

— מאַלום סיגנום, מאַלום סיגנום. אַ האָז אַנטלויפט, כאָרטן יאָגן אים, דולצי־נעען זעט מען ניט.

— אַ מעשונע־מאָדנער מענטש זײַנט איר, אײַער גענעדיקייט — האָט סאַנ־טשאָ געזאָגט. — לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז דער האָז איז דולצינעאַ פון טאָבאָסאָ און די כאַרטן זײַנען די קישעפמאַכער די אויסוואָרפן, וואָס האָבן זי פאַרוואַנדלט אין אַ פויערטע. זי אַנטלויפט, איך נעם זי און גיב זי איבער אײַער גענעדיקייט אין די הענט, און איר האַלט זי און איר גלעט זי. וואָס זשע פאַר אַ שלעכטער סימען איז עס און וואָס פאַר אַ בייז קען מען דערפון דרינגען?

די צוויי יינגלעך, וואָס האָבן זיך געקריגט, זײַנען צוגעקומען אַ קוק טון אַפּן האָז, און סאַנטשאָ האָט געפרעגט איינעם פון זיי איבער וואָס זיי קריגן זיך. און גע־ענטפערט האָט אים דער וואָס האָט געזאָגט: „וועסט זי נישט זען אַזוי לאַנג דו לעבסט", אַז ער האָט בײַ דעם צווייטן יינגל צוגענומען אַ פּושקע מיט גרילן, און ער וויל זי אים נישט צוריקגעבן אַזוי לאַנג ער לעבט. אַרויסגענומען האָט סאַנטשאָ פון דער קעשענע פיר פערטעלעך און זיי געגעבן דעם יינגל פאַר דער פּושקע, און די פּושקע האָט ער געגעבן דאָן קיכאָטן אין די הענט מיט די ווערטער:

— דאָ האָט איר, מײַן האַר, צעקלאַפּט און צו נישט געמאַכט די סימאָנים, וואָס קערן זיך אַזוי אָן דערמיט וואָס אונדז פּאַסירט, ווי איך שטעל מיר פאָר, כאָטש איך בין אַ נאַר, ווי די פּאַראַיאָריקע כמאַרע. און אויב דער זיקאָרן נאַרט מיך נישט, האָב איך אַמאָל געהערט אונדזער גאַלעך זאָגן, אַז פאַר קריסטן און קלוגע מענטשן פּאַסט נישט ערנסט צו נעמען די נאַרישקייטן. און אײַער גענעדיקייט גופא האָט מיר צוריק מיט אַ פּאָר טעג געזאָגט און געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די וואָס נעמען ערנסט די שלעכטע סימאָנים זײַנען נאַראָנים און לאָמיר זיך גאָר דערויף נישט אָפּשטעלן און ווײַטער גיין, און גלײַך אַרײַנגיין אין דאָרף.

צוגעקומען זײַנען די יעגער און האָבן געבעטן זייער האָז, און דאָן קיכאָט האָט זיי אים אָוועקגעגעבן. געשפּאַנט האָבן זיי ווײַטער און בײַם אַרײַנגיין אין דאָרף האָבן זיי אויף אַ לאָנקעלע אָנגעטראָפן דעם גאַלעך מיט דעם באַקאַלאַווער קאַראַס־קאָ טפילעס פּרעפלען.

און וויסן דאַרף מען, אַז סאַנטשאָ פּאַנצאַ האָט אויף דעם העל־ברוינעם מיט דעם בינטל געווער, וואָס עס איז אויך געווען זײַן שפּײַז־געוועלבל, אַרופגעוואָרפן דעם סאַטינענעם מאַנטל, וואָס איז באַמאָלט געווען מיט פײַער־פלאַמען, און מען האָט אים געהאַט אָנגעטון בײַם פּירשט אינעם שלאָס די נאַכט ווען אַלטיסידאָראַ איז לעבעדיק געוואָרן. אָנגעטון האָט ער אים אַפּן קאָפּ אויך דעם שקאַרמויץ, און געווען איז עס די נײַסטע פאַרשטעלעניש און צירונג, וואָס אַן אייזל האָט ווען גע־טראָגן. דער גאַלעך מיט דעם באַקאַלאַווער האָבן זיי באַלד דערקענט און זײַנען צו־געקומען און זיי אַרומגענומען מיט אָפענע אָרעמס. דאָן קיכאָט איז אַראָפּ פונעם פערד און האָט זיי געדריקט צו זיך: און יינגלעך, וואָס אַלץ דערזעען זיי, האָבן דערזעען דעם שקאַרמויץ בײַם אייזל אַפּן קאָפּ און זײַנען צוגעקומען אַ קוק טון, און איינער האָט געזאָגט צום צווייטן:

— קומט אַהער, יאַטן, וועט איר זען סאַנטשאָס אייזל אַ פּאַרפּוצטן נאָך שע־נער ווי מינגאָ, און דאָן קיכאָטס קליאַטשע נאָך מאָגערער ווי געווען.

בעקיצער, אַרומגערינגלט מיט די יינגלעך און באַגלייט מיט דעם גאַלעך און

דעם באַקאַלאָווער, זײַנען זיי אין דאָרף אַרײַנגעקומען און געגאַנגען צו דאָן קיכאָטן אין שטוב, וווּ זיי האָבן אַף דער טיר געטראָפן שטיין די דינסט מיט דער פּלימעניצע, וואָס מען האָט זיי שוין געהאַט אָנגעזאָגט די בסורע. און צו וויסן געגעבן האָבן זיי דאָס טייקעף טערעזאַ פּאַנצאַ, סאַנטשאָס ווײַב, וואָס איז געקומען צו לויפֿן אַ צעשויבערטע און קימאַט אַ נאַקעטע, מיט סאַנטשיקאַ איר טאָכטער בײַ דער האַנט, זען איר מאַן. און אַז זי האָט אים דערזען נישט אַזוי פֿײַן אָנגעטון ווי אַ גובערנאַטער באַדאַרף צו זײַן, האָט זי אים געזאָגט:

— ווי אַזוי ביזטו געקומען, מאַן מײַנער? זעסט דאָך אויס ווי דו וואָלסט צו פֿוס געגאַנגען און האָסט דיר די פֿיס צעקלאַפּט, און נישט ווי אַ גובערנאַטער, נאָר ווי אַ מעשוגענער זעסטו אויס.

— שווײַג, טערעזאַ — האָט סאַנטשאָ געענטפֿערט, — טרעפֿט אַז דאָרט וווּ עס זײַנען פֿאַראַן פּלעקער, זײַנען קיין כאַזיירים נישטאָ. און לאָמיר גיין אַהיים, דאָרט וועסטו ווּנדער הערן. געלט האָב איך, וואָס דאָס איז דער איקער, פֿאַרדינטע מיט מײַן קאָפּ אָן קיינעמס שאָדן.

— גיב אַהער דאָס געלט, מײַן ליבער מאַן — האָט טערעזאַ געזאָגט — און זאָל עס זײַן פֿאַרדינט דאָ אַרום אָדער דאָרט אַרום, ווי דו זאָלסט עס נישט געווען פֿאַרדינען, וואָלסטו קיין נײַס דערמיט נישט געווען אויפֿגעטון.

סאַנטשיקאַ האָט אַרומגענומען איר פֿאָטער און האָט אים געפֿרעגט צי ער האָט איר עפּעס געבראַכט, און אַז זי האָט אַף אים געוואַרט ווי אַף מאַיאָווע רעגן. און גענומען האָט ער זײַן טאָכטער בײַם גאַרטל און דאָס ווײַב בײַ דער האַנט, דאָס אייזל געפֿירט פֿון דער טאָכטער, און געגאַנגען צו זיך אַהיים, און דאָן קיכאָטן איבערגעלאָזט בײַ זיך אין דער היים, אין די הענט פֿון זײַן פּלימעניצע און זײַן דינסט און אין דער געזעלשאַפֿט פֿון דעם גאַלעך און דעם באַקאַלאָווער, און האָט זיי בעקיצער דערציילט וועגן זײַן מאַפּאָלע און וועגן דעם כויוו, וואָס ער האָט אַף זיך גענומען, נישט אַרויסצוגיין פֿונעם דאָרף אַ יאָר צײַט, און אַז ער רעכנט דאָס אָפּצוהיטן אָם בײַ אָם און אַ האָרעלע נישט איבערטרעטן, ווי אַ וואַנדער־ריטער איז מעכויעוו צו טון, לויט דער פּינקטלעכקייט און דעם געבאָט פֿונעם וואַנדער־ריטערטום, און אַז ער האָט בעדייע אַף דעם יאָר צו ווערן אַ פּאַסטעך און זיך אָפּגעבן דער פּוסטקייט פֿון די פֿעלדער, וווּ ער וועט קענען פֿרײַ זיך איבערגעבן זײַנע מאַכשאָוועס פֿון אַ פֿאַרליבטן און זיך פֿאַרנעמען מיט דעם אָרנטלעכן פּאַסטעך־באַרוף. און ער בעט זיי, אַז אויב זיי האָבן נישט קיין כאַך וואָס צו טון און זײַנען נישט געשטערט פֿון אַנדערע איניאָנים, זאָלן זיי ווערן זײַנע שותּפֿים. ער וועט קויפֿן גענוג שאָף און רינדער, כּדי זיי זאָלן קענען טראָגן דעם נאָמען פּאַסטעכער, און ער גיט זיי צו וויסן, אַז דאָס וויכטיקסטע אין דעם איניען איז שוין געמאַכט, וואָרום צוגעטראַכט האָט ער שוין פֿאַר זיי נעמען, וואָס וועלן זײַן פֿאַר זיי ווי אָנגעמאָסטן. געפֿרעגט האָט איבּ דער גאַלעך וואָס פֿאַראַ נעמען דאָס זײַנען. געענטפֿערט האָט אים דאָן קיכאָט, אַז ער וועט זיך רופֿן פּאַסטעך קיכאָטיז און דער באַקאַלאָווער פּאַסטעך קאַראַסקאָן, און דער גאַלעך פּאַסטעך קוריאַמבראָ, און סאַנטשאָ פּאַנצאַ דער פּאַסטעך פּאַנצינאָ.

דערשראָקן האָבן זיך אַלע פֿאַר דאָן קיכאָטס נײַער מעשוגאַעס, נאָר כּדיי ער

זאָל ווידער נישט אוועק פונעם דאָרף צו זײַנע ריטער־גענג, און מיט דער האָפענונג ער זאָל אין דעם יאָר זיך אויסהיילן, האָבן זיי מאַסקים געווען צו זײַן נײַעם געדאַנק און האָבן אָנגענומען זײַן מעשוגאַעם פּאַר אַ קלוגן אײַנפֿאַל, און זיך אָנגעבאָטן פֿאַר באַוויירים צו זײַן באַרוף.

— ביפּראַט — האָט זיך אָנגערופֿן סאַמסאָן קאַראַסקאָ, — אַז אַלע ווייסן, אַז איך בין אַ באַרימטער פּאָעט, און איך וועל אויף יעדן טראָט פֿאַרפֿאַסן פּאַסטעך־לי־דער אָדער הויפֿישע, אָדער ווי מיר וועט אײַנפֿאַלן, קעדיי זיך צו פֿאַרווײַלן איבער־די סטעפּעס, ווו מיר רעכענען אומצוגיין. און דעריקער, מײַנע האַרן, מוז איטלע־כער אויסקלייבן אַ נאָמען פֿאַר דער פּאַסטושקע, וואָס ער האָט בעדייע צו באַ־זינגען אין זײַנע פּערזן, און עס זאָל קיין איין בוים נישט בלײַבן, ווי האַרט ער זאָל נישט זײַן, ער זאָל נישט האָבן אויף זיך אויסגעקריצט איר נאָמען, ווי עס פּירט זיך צווישן פֿאַרליבטע פּאַסטעכער.

— דאָס פּאַסט זיך — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט — כאָטש איך בין פֿרײַ פֿון צו זוכן אַ נאָמען פֿון אַן אויסגעטראַכטער פּאַסטושקע, מאַכמעס איך האָב די נישט צום גלייכן דולצינעאַ פֿון טאָבאָסאָ. דער רום פֿון די דאָזיקע ברעגעס, די צירונג פֿון די דאָזיקע לאָנקעס, דער אויפֿהאַלט פֿון דער שיינקייט, דאָס העכסטע פֿון דעם בײַן און צו דעם אַלעמען די וואָס איר פּאַסט יעדער לויב, ווי איבערגעטריבן ער זאָל נישט זײַן.

— ריכטיק — האָט דער גאַלעך געזאָגט, — נאָר מיר וועלן זיך צוזוכן פּאַס־טושקעס פּיפּיקע, וואָס אויב זיי וועלן זיך צו אונדז נישט פּאַסן, זאָלן זיי זיך פֿון אונדז אַרויסמאַכן.

צוגעגעבן האָט סאַמסאָן קאַראַסקאָ:

— און טאָמער וועלן אַזוינע נישט זײַן, וועלן מיר זיי געבן שטאַמפּאָווע נע־מען וואָס די וועלט איז מיט זיי פֿול: פֿילידאַ, אַמאַרילי, דיאַנאַ, פֿלערידאַ, גאַלאַטעאַ און בעליזאַרדאַ, וואָס אַזוי ווי מען פֿאַרקויפֿט זיי אָפֿן מאַרק, קענען מיר זיי אײַנ־האַנדלען פֿאַר אונדז. אויב מײַן דאַמע, ריכטיקער, מײַן פּאַסטושקע, וועט הייסן אַנאַ, וועל איך זי באַזינגען אונטערן נאָמען אַנאַרדאַ, און אויב פֿראַנציסקאַ, וועל איך זי רופֿן פֿראַנצעניאַ, און אויב לוציאַ, לוצינדאַ, וואָס אַלץ באַקומט מען דאָרט. און סאַנטשאָ פּאַנצאַ, אויב ער וועט אַרײַנגיין אין דער באַוורוסע, וועט קענען באַ־זינגען זײַן ווײַב טערעזאַ פּאַנצאַ מיט דעם נאָמען טערעזאַינאַ.

דאָן קיכאָט האָט געלאַכט פֿון דעם נאָמען, און דער גאַלעך האָט אָן שיר גע־רימט זײַן אָרנטלעכן און בעקאָוועדיקן באַשלוס, און האָט זיך ווידער אָנגעבאָטן לײַסטן אים געזעלשאַפֿט די גאַנצע צײַט וואָס ער וועט פֿרײַ זײַן פֿון זײַנע הימ־כײַוועסן. דערמיט האָבן זיי זיך מיט אים געזעגנט און האָבן אים געבעטן און גע־ראָטן ער זאָל אין זינען האָבן זײַן געזונט און זיך לאָבן מיט אַלץ וואָס גוט איז. באַשערט איז געווען, אַז די פּלימעניצע מיט דער דינסט זאָל הערן דעם געשפּרעך, וואָס איז צווישן די דרײַ פֿאָרגעקומען, און ווי נאָר יענע זײַנען אַוועק, זײַנען זיי ביידע אַרײַנגעקומען צו דאָן קיכאָטן, און די פּלימעניצע האָט זיך צו אים אָנגערופֿן:

— וואָס מיינט איר אײַך, האַר פֿעטער? איצט, ווען מיר האָבן גערעכנט

אז אײַער גענעדיקייט איז צוריקגעקומען אַף צו פֿאַרבלײַבן אין שטוב און פֿירן אַ רויִק און אָרנטלעך לעבן, ווילט איר אַרײַנקריכן אין נײַע פּלאָנטערס און זיך מאַכן

פּאַסטעכל, וואָס דו קומסט צו מיר,
פּאַסטעכל, וואָס גייסטו אַוועק?

מיט אַן עמעסן, שווין צו האַרט דער גערשטן פֿאַר פֿײַפֿלעך.

און די דינסט האָט פֿון איר זײַט צוגעגעבן:

— צי וועט אײַער גענעדיקייט קענען פֿאַרטראָגן אין פֿעלד די זומערדיקע היצן, די ווינטערדיקע קעלטן און דאָס וואָיען פֿון די וועלף? איך גלייב עס ניט, דאָס איז אַן אַרבעט פֿאַר קרעפֿטיקע לײַט, פֿאַרהאַרטעוועטע און צוגעוווינטע צו דעם פֿאַך, פֿון די וויקעלעך אָן. ווי דאָס איז, איז שווין בעסער אַ וואַנדער־ריטער איידער אַ פּאַסטעך. הערט אויס, מײַן האַר, די אייצע וואָס איך וועל אײַך געבן, און נישט מאַכמעס זאַטקייט מיט ברויט און ווײַן, נאָר אַפּן ניכטערן מאָגן און מיט די פֿופֿציק יאָר, וואָס איך טראָג אַף די פּלייצעס: בלײַבט זיצן אין דער היים און האָט אין זינען אײַער באַלעבאַטישקייט, גייט אָפּטער זיך מיסוואַדע זײַן און טוט עפּעס פֿאַר אָרימע לײַט, און וואָס אײַך וועט עס שאַטן, נעם איך אַף מיר.

— רעדט נישט, טעכטער מײַנע — האָט דאָן קיכאָט זיי געענטפֿערט, — איך ווייס גאַנץ גוט וואָס איך האָב צו טון. פֿירט מיך צו צום בעט, וואָרום מיר דאַכט זיך, אַז איך בין נישט מיט אַלעמען, און זײַט זיכער, אַז פֿון איצט אָן, סײַ איך וועל זײַן אַ וואַנדער־ריטער און סײַ אַן אַרומוואַנדערנדיקער פּאַסטוך, וועל איך אײַך העלפֿן מיט אַלץ וואָס איר וועט באַדאַרפֿן, ווי איר וועט דאָס זען.

און די ליבע טעכטער (וואָס דאָס זײַנען אַן שום סאַפֿעק געווען די דינסט מיט דער פּלימעניצע), האָבן אים צוגעפֿירט צום בעט, וווּ זיי האָבן אים געגעבן צו עסן און ווי ווײַט מעגלעך צוגעזען.

# פֿיר און זיבעציקסטער קאַפּיטל

## ווי אַזוי דאָן קיכאָט איז קראַנק געוואָרן, און וועגן דער צוואָע, וואָס ער האָט געשריבן, און זײַן טויט.

אַזוי ווי אַלץ וואָס מענטשלעך איז נישט אייביק און גייט קעסיידער באַרג אַראָפּ פֿונעם אָנהויב ביז צום לעצט, בִּיפֿראַט דעם מענטשנס לעבן, און אַזוי ווי דאָן קיכאָטס לעבן האָט מאַשמאָעס נישט באַקומען קיין באַזונדערן זכות אין הימל, וואָס זאָל געווען פֿאַרהאַלטן זײַן גאַנג, איז זײַן סאָף און אָפּגאַנג געקו־מען ווען ער האָט זיך ווייניקער ווי אַלץ דערויף געריכט. צי איז עס אים געקומען פֿון דער מאַרעשכוירע, וואָס איז אים באַפֿאַלן מאַכמעס זײַן מאַפּאָלע, אָדער געווען, איז זי אים אַזוי פֿונעם הימל אָנגעצייכנט, נאָר אַרײַנגעפֿאַלן איז ער אין אַ היץ, וואָס האָט אים געהאַלטן זעקס טעג אין בעט. און אין די אַלע טעג האָט ער אַסאַך

מאָל געהאַט צו באַזוך דעם גאָלעך, דעם באַקאַלאַוועך און דעם שערער, זײַנע גוטע פרײַנט, און נישט אָפּגעטראָטן איז פון זײַן צוקאָפּנס סאַנטשאָ פּאַנצאַ, זײַן געטרײַער וואָפּנטרעגער. מאַכמעס געגלויבט האָבן זיי, אַז אים האָט אוועקגעלייגט דער צאַר פון זען זיך אַ בײַגעקומענעם און וואָס זײַן ווונטש צו זען דולצינעען אַ דערלייזטע איז נישט מעקויעם געוואָרן, האָבן זיי זיך דערום באמת מיט אַלע קוויכעס אים פרייליך צו מאַכן. דער באַקאַלאַוועך האָט אים געזאָגט ער זאָל זיך אויפהייבן אַ מונטערער און זיך נעמען צו זײַן פּאַסטעך־באַרוף, און אַז ער האָט שוין פאַרטיק אַן עקלאָגע פאַרפאַסט, וואָס אַ קלאָג צו אַלע עקלאָגעס, וואָס זײַנען פאַרפאַסט פון סאַנאַזאַראָ, און געקויפט האָט ער שוין, פאַר זײַן אייגן געלט, צוויי באַרימטע הינט, צו היטן די סטאַדע, איינער הייסט באַרסינאָ און דער צווייטער בוטראָן, וואָס איינער אַ פּיצכטער פון קינטאַנאַר האָט זיי אים פאַרקויפט.

נאָר דערפון האָט דאָן קיכאָט זײַן טרויער נישט פאַרלאָזט. גערופן האָבן זײַנע פרײַנט דעם דאָקטער, אַ טאַפּ געטון האָט ער בײַ אים דעם דויפּעק און איז געבליבן נישט צופרידן, און, אויף יעדן פאַל, געהייסן זאָרגן פאַר זײַן נעשאָמע, וואָרום דער גוף איז אין סאַקאָנע. אויסגעהערט האָט דאָס דאָן קיכאָט גאַנץ רויִק, נאָר נישט אַזוי האָבן דאָס אויפגענומען זײַן דינסט, זײַן פּלימעניצע און זײַן וואָפּנטרעגער, וואָס האָבן זיך דערויף צעוויינט, גלײַך ער וואָלט שוין געליגן פאַר זיי אַ טויטער. דעם דאָקטערס מיינונג איז געווען, אַז ער גייט אוים פאַר ערגערניש און טרויער.

געבעטן האָט דאָן קיכאָט מען זאָל אים לאָזן אַליין, מאַכמעס ער וויל אַביסל שלאָפן. אַזוי האָט מען געטון, און אָפּגעשלאָפן איז ער, אין איין אָטעם, ווי מען זאָגט, זעקס שאָ, אַזוי לאַנג, אַז די דינסט מיט דער פּלימעניצע האָבן שוין איבערגעטראַכט צי וועט ער נישט אַזוי אויסגיין אין מיטן שלאָף. אויפגעכאַפּט האָט ער זיך צו דער דערמאָנטער צײַט און האָט אַ הילכיקן געשריי געטון:

— געלויבט ביזטו גאָט אַלמעכטיקער, וואָס דו האָסט מיט מיר אַזוי פיל גוטס געטון! זײַן דערבאַרעמונג האָט בעעמעס קיין גרעניץ נישט, און זי ווערט נישט פאַרהאַלטן און געשטערט פון דעם מענטשנס זינד.

אײַנגעהערט האָט זיך די פּלימעניצע אין איר פעטערס רייד און ווי איר האָט זיך געדאַכט, האָט ער נאָך קיינמאָל נישט גערעדט אַזוי צו דער זאַך, אַלנפאַלס, פאַר דער צײַט וואָס ער איז קראַנק, און זי האָט אים געפרעגט:

— וואָס האָט איר ערשט געזאָגט, אײַער גענעדיקייט, מײַן האַר? איז פאַראַן עפּעס נײַעס? וועגן וואָסער דערבאַרעמונג רעדט איר און וועגן וואָסערע מענטשלעכע זינד?

— די דערבאַרעמונג, פּלימעניצע מײַנע — האָט דאָן קיכאָט געענטפערט — איז די וואָס גאָט האָט זיך אין דער רעגע דערבאַרעמט איבער מיר און נישט געשטערט האָבן מיר מײַנע זינד. מײַן געדאַנק איז שוין פרײַ און לויטער, אָן די גערדיכטע שאָטנס פון דער אומוויסנקייט, וואָס מיך האָט אַהין אַרײַנגעפירט דאָס שטענדיקע ביטערע לייענען די אומווירדיקע ריטער־ביכער. איך דערקען שוין זייער אומזיניקייט און פאַרפירערישקייט, און מיר טוט נאָר באַנג, וואָס איך האָב מיך

אַף דעם טאָעס אַרומגעזען אַזוי שפּעט און מיר איז שוין קיין צײַט נישט געבליבן דעם פעלער צו פאַריכטן מיט לייענען אַנדערע ביכער, וואָס זאָלן באַלײַכטן מײַן נעשאָמע. איך פיל מיך, פלימעניצע מײַנע, נאָנט צום טויט. איך וואָלט וועלן שטאַרבן אַזוי, אַז מען זאָל נישט מיינען, אַז מײַן לעבן איז געוועזן פאַרדאָרבן און זאָל נאָך מיר נישט בלײַבן דער נאָמען פון אַ מעשוגענעם. וואָרום כאָטש געווען בין איך מעשוגע, וואָלט איך נישט וועלן באַקרעפטיקן אָט די וואָרהייט מיט מײַן טויט. רוף מיר, פרײַנט מײַנער, מײַנע גוטע פרײַנט: דעם גאַלעך, דעם באַקאַלאַ־ווער סאַמסאָן קאַראַסקאָ און מײַסטער ניקאָלאַס דעם שערער, וואָרום איך וויל מיך מיסוואַדע זײַן און שרײַבן מײַן צאַוואָע.

נאָר אײַנגעשפּאָרט האָט זיך די פלימעניצע די טירכע מיט זייער אַלעמענס אַרײַנקומען. ווי נאָר דאָן קיכאָט האָט זיי דערזען, האָט ער זיך אָנגערופן צו זיי:

— גיט מיר אָפּ מאַזלטאָוו, מײַנע ליבע האַרן, איך בין שוין נית מער דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, נאָר אַלאָנזאָ קיכאַנאָ, וואָס מײַנע גוטע פירונגען האָבן מיר צוגעגעבן דעם נאָמען ד ע ר ג ו ט ע ר. איך בין שוין איצט אַ סוינע אַמאַ־היזן פון גאַולאַ און דער גאַנצער מאַכנע זײַנע אָפּשטאַמער. פאַרהאַסט זײַנען מיר שוין די פראָפאַנע געשיכטעס פון דעם וואַנדער־ריטערטום. איך זע שוין מײַן נאַרישקייט און די סאַקאָנע, וואָס איך בין אין איר אַרײַנגעפאַלן פון לייענען די ביכער. מיט גאָטס דערבאַרעמונג איבער מיר, בין איך אַף מײַן אייגענעם קאָפּ מײַן שטראָף אָפּגעקומען, און איך האָב זיי איצט פײַנט.

דערהערט האָבן אַלע דרײַ די ווערטער, האָבן זיי געמיינט אַ נײַ מעשוגאַעס האָט זיך אין אים באַזעצט און אָנגערופן האָט זיך צו אים סאַמסאָן:

— איצט, ווען מיר האָבן באַקומען אַ יעדיע, אַז די דאַמע דולצינעאַ איז דער־לייזט פון איר קישעף, קומט אײַער געגעדיקייט אַרויס מיט דעם נײַס, און איצט, ווען מיר האַלטן שוין באַ ווערן פאַסטעכער און לעבן ווי די פירשטן זינגענדיק, וויל אײַער גענעדיקייט גאָר ווערן אַ נאָזיר? שווײַגט שוין, ווי דאָס לעבן איז אײַך ליב, קומט צו זיך און לאָזט אײַך אָפּ פון די מײַסעס.

— די ביז איצטיקע מײַסעס — האָט דאָן קיכאָט אים געענטפערט — וואָס זײַנען בעעמעס געווען מיר לעראָע, זאָל מײַן טויט זיי פאַרווענדן, מיט דעם הימלס הילף, מיר לעטויווע. איך פיל, מײַנע האַרן, אַז מײַן לעבן ענדיקט זיך זייער שנעל: לייגט דערום אַוועק דעם שפּאַס אָן אַ זײַט און ברענגט מיר פאַר ווערמען זיך מיס־וואַדע צו זײַן און אַ שרײַבער, וואָס זאָל אויפשרײַבן מײַן צאַוואָע. וואָרום אין אַזוינע מינוטן דאַרף אַ מענטש נישט טרײַבן קיין שפּאַס מיט זײַן נעשאָמע. דערום בעט איך אײַך, אַז אין דער צײַט וואָס דער גאַלעך וועט מיט מיר זאָגן ווידע, זאָל מען גיין ברענגען דעם שרײַבער.

איבערגעקוקט האָבן זיי זיך פאַרוווּנדערטע פון דאָן קיכאָטס ווערטער. און כאָטש נישט גאָר זיכער, האָבן זיי אים געוואָלט גלויבן. אין אייגער פון די סי־מאָנים, וואָס האָט זיי געבראַכט צו דער האַשאָרע, אַז ער שטאַרבט, איז געווען דאָס וואָס ער איז אַזוי גרינג פון מעשוגע קלאָר געוואָרן. וואָרים צו די פריערדיקע רייד זײַנען צוגעקומען נאָך אַנדערע, אַזוי פײַן געזאָגט, אַזוי קלאָר און מענטש־

לעך, אז זיי האָבן דעם גאַנצן סאַפּעק בא זיי אוועקגענומען און האָבן זיי איבער־צײַגט, אַז ער איז בא די קלאָרע געדאַנקען. דער גאַלעך האָט געהייסן דעם אוילעם אַרויסגיין און איז געבליבן מיט אים איינער אַליין און האָט מיט אים ווידע גע־זאָגט. דער באַקאַלאַוועך איז געגאַנגען ברענגען דעם שרײַבער, און אין אַ ווײַל אַרום, איז ער צוריקגעקומען מיט אים און מיט סאַנטשאָ פּאַנצאַ. און סאַנטשאָ (וואָס האָט זיך שוין פון דעם באַקאַלאַוועך דערוווּסט אין וואָס פאַר אַ לאַגע זײַן האַר געפינט זיך), אַז ער האָט געזען די דינסט מיט דער פּלימעניצע וויינען, האָט ער גענומען ברעכן פיסקעס און פאַרגיסן טרערן.

פאַרענדיקט האָט זיך די ווידע און אַרויסגעקומען איז דער גאַלעך מיט די ווערטער:

— ס'איז וואָר, אַז אַלאָנזאָ קיכאַנאָ דער גוטער שטאַרבט און ס'איז וואָר, אַז ער איז באַם קלאָרן זינען. מיר קענען שוין איצט אַרײַנגיין און אים לאָזן שרײַבן זײַן צוואָע.

די נײַע ידיעה האָט אַ שרעקלעכן שטויס געגעבן די אָנגעפּילטע אויגן בא דער דינסט, בא דער פּלימעניצע און בא סאַנטשאָ פּאַנצאַ, זײַן בראַוון וואָפּנטרע־גער, און די טרערן האָבן פון זיי אַ פלייץ געטאָן אינייינעם מיט טויזנט טיפע זיפצן פונעם האַרצן. וואָרום איינס איז וואָר, אַז סײַ ווען דאָן קיכאָט איז געווען נישט מער ווי אַלאָנזאָ קיכאַנאָ דער גוטער און סײַ ווען ער איז געווען דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, איז ער שטענדיק געווען אַ רויִקער מענטש מיט אַ ליי־בער באַנעמונג, און מען האָט אים דערפאַר ליב געהאַט ניט נאָר אין דער היים, נאָר יעדער איינער וואָס האָט אים געקענט.

אַרײַנגעקומען איז דער שרײַבער און מיט אים דער גאַנצער אוילעם און, נאָכ־דעם ווי עס איז געווען אויפגעשריבן דער טיטל פון דער צוואָע און דאָן קיכאָט האָט זײַן נשמה אין אָרדענונג געבראַכט, מיט די אַלע קריסטלעכע זאַכן. ווי עס פאָדערט זיך, איז ער צוגעטראָטן צום אָפּזאָגן זײַן פאַרמעגן און האָט אַזוי געזאָגט:

— און נאָך: מײַן ווילן איז, אַז געוויסע געלטער, וואָס געפינען זיך בא סאַנ־טשאָ פּאַנצאַ, וואָס אין דער צײַט פון מײַן משוגע זײַן האָב איך אים געמאַכט פאַר מײַן וואָפּנטרעגער, און געווען זײַנען צווישן אים מיט מיר געוויסע חשבונות און מאַסעמאַטנס, ווייל איך מען זאָל זיי בא אים נישט מאָנען און פון זיי קיין חשבון נישט פאָדערן, נאָר אויב אים וועט עפּעס בלײַבן נאָכ־עם ווי ער וועט זיך האָבן אָפּגעצאָלט דאָס וואָס איך בין אים שולדיק, זאָל עס בלײַבן פאַר אים, וואָס דאָס וועט אויסמאַכן אַ קלייניקייט, און זאָל אים ווויל באַקומען. און אויב אין דער צײַט ווען איך בין געווען משוגע, האָב איך צוגעלייגט אַ האַנט ער זאָל באַקומען אַן אינדזל צו רעגירן, וואָלט איך אים איצט, אין קלאָרן אויפן, געגעבן צום רעגירן אַ גאַנצע מלוכה, און געטון וואָלט איך עס מאַכמעס די פּאַשעטקייט און איבערגעגעבנקייט ווי ער באַגייט זיך מיט מענטשן, פאַר־דינט עס.

און געווענדט האָט ער זיך צו סאַנטשאָן און אים געזאָגט:

— זײַ מיר מוחל, פרײַנט, וואָס איך האָב גורעם געווען דו זאָלסט אויס־זען אַזוי מעשוגע ווי איך, און האָב דיך אַרײַנגעפּירט אין דעם טאָעס, וואָס איך בין אין אים אַרײַנגעפאַלן, אַז עס זײַנען געווען און עס זײַנען פאַראַן וואַנדער־ריטער אַף דער וועלט.

— פאַראַן! — האָט סאַנטשאָ געענטפערט מיט אַ געוויין: — זאָל אײַער גענעדיקייט, מײַן האַר, ניט שטאַרבן, נאָר אויסהערן וואָס איך ראָט אײַך און לאַנגע יאָרן לעבן, ווארום דאָס גרעסטע מעשוגאַעס וואָס אַ מענטש קען באַגיין, אין דעם לעבן אונדזערן, איז צו לאָזן זיך גלאַט אַזוי שטאַרבן, פון קיינעם נישט דערהאַרגעט, פון קיינעמס הענט נישט אומגעבראַכט, ווי נאָך פון דעם טרויער. הערט מיך אויס און זײַט נישט פויל און הייבט זיך אויף פונעם בעט, און קומט אַרויס אַפן פעלד פאַר פאַסטעכער אָנגעטון, ווי מיר האָבן אָפּגעמאַכט. עפּשער וועלן מיר אונטער אַ קוסט אָנטרעפן די האַרנטע דאָניאַ דולצינעאַ פרײַ פונעם קישעף, אַז אַ פרייד צו קוקן אַף איר. אויב איר שטאַרבט פאַר אַנגסט וואָס מען האָט אײַך בײַגעקומען, וואַרפט אַרויף די שולד אַף מיר, אַז מאַכמעס איך האָב שוואַך פאַרצויגן דעם גאַרטל באַ ראָסינאַנטען, האָט מען אים אומגעוואָרפן. ביפראַט אַז אין אײַערע ריטער־ביכער איז עס מיסטאָמע אַ געוויינטלעכע זאַך, אַז איין ריטער וואַרפט אום דעם צווייטן און ווער עס איז היינט באַזיגט, קען מאָרגן זײַן דער זיגער.

— ריכטיק — האָט סאַמסאָן געזאָגט, — און דער בראַווער סאַנטשאָ פאַנצאַ איז אין דעם פאַל גערעכט.

— מײַנע האַרן — האָט דאָן קיכאָט געזאָגט, — לאָמיר גיין פּאַוואָליע, וואָ־רום אין די פאַראַיאָריקע נעסטן זײַנען הײַ־יאָר קיין פייגל נישטאָ. געווען בין איך מעשוגע און איצט בין איך קלאָר; געווען בין איך דאָן קיכאָט פון לאַ מאַנטשאַ, און הײַנט בין איך, ווי איך האָב שוין געזאָגט, אַלאָנזאָ קיכאַנאָ דער גוטער. האַלעווײַ מײַן כאַראָטע און מײַן וואַרהייט זאָלן מיר צוריקברענגען, מיט דער הילף פון אײַערע גענעדיקייטן, די שעצונג, וואָס מען האָט צו מיר געהאַט, און זאָל דער האַר שרײַבער ווײַטער שרײַבן:

„און נאָך: איך זאָג אָפּ מײַן גאַנץ באַלעבאַטישקייט, אַזוי ווי דאָס איז, מײַן פּלימעניצע אַנטאָניאַ קיכאַנאַ, וואָס געפינט זיך דאָ, נאָכדעם ווי זי וועט צוערשט האָבן אַראָפּגענומען פון דאָס בעסטע דערין צו דעקן וואָס איך לאָז איבער פאַר אַנדערע; און דאָס ערשטע צו באַפרידיקן, וויל איך, זאָל זײַן די סכירעס פאַר מײַן דינסט, וואָס איך בין איר שולדיק פאַר דער צײַט וואָס זי האָט מיר געדינט, און נאָך צוואָנציק דוקאַטן אַף אַ קלייד. פאַר אויספירער פון דער צוואָע לאָז איך איבער דעם האַר גאַלעך און דעם האַר באַקאַלאַווער סאַמסאָן קאַראַסקאָ, וואָס גע־פינען זיך דערבײַ.

„און נאָך: עס איז מײַן ווילן, אַז אויב אַנטאָניאָ קיכאַנאַ, מײַן פּלימעניצע, וועט וועלן כאַסענע האָבן, זאָל זי כאַסענע האָבן פאַר אַ מענטשן, וואָס זי זאָל זיך פריער וועגן אים גוט דערקונדיקן, אַז ער ווייסט נישט וואָס ריטער־ביכער זײַנען. און אויב זי וועט זיך האָבן דערקונדיקט, אַז ער ווייסט און דאָך וועט מײַן פּלימע־

ניצע פֿאַר אים וועלן כּאַסענע האָבן און וועט כּאַסענע האָבן, זאָל זי פֿאַרלירן אַלץ וואָס איך האָב פֿאַר איר אָפּגעזאָגט, און די אויספּירער פֿון מײַן צוואָע זאָלן דאָס מעגן צעטיילן אַף גאָטספֿאַרכטיקע זאַכן לויט זייער ווילן.

„און נאָך: איך בעט די האַרן אויספּירער פֿון מײַן צוואָע, אַז אויב דעם מאַזל וועט געפֿעלן און זיי וועלן זיך אָנטרעפֿן מיט דעם מעכאַבער, וואָס האָט פֿאַרפֿאַסט, ווי מען זאָגט, אַ געשיכטע, וואָס גייט אום אונטערן טיטל „די צווייטע טייל מײַסים פֿון דאָן קיכאָט פֿון לאַ מאַנטשאַ”, זאָלן זיי אים אין מײַן נאָמען בעטן מיט דעם גאַנצן האַרצן ער זאָל מיר מויכל זײַן, וואָס איך בין געווען דער גוירעם אַז ער זאָל אָנשרײַבן אָזוי פֿיל נאַרישקייטן און אַזוינע גרויסע ווי ער האָט אָנגעשריבן; וואָרום איך גיי אַוועק פֿון דער וועלט מיט דעם אומרו אין האַרצן, אַז איך האָב גוירעם געווען דערצו, אַז ער זאָל זיי אָנשרײַבן”.

דערמיט האָט ער געשלאָסן די צוואָע, און מאַכמעס אַרײַנגעפֿאַלן איז ער אין אַן אָנמאַכט, האָט ער זיך אויסגעצויגן אין בעט ווי לאַנג ער איז געווען. אַלע זײַנען געוואָרן אויפֿגערודערט און געלאָפֿן אים געבן זײַן רעפֿוע, און אין מעשעך פֿון די דרײַ טעג וואָס ער האָט נאָך געלעבט נאָכדעם ווי ער האָט געשריבן זײַן צוואָע, האָט ער זייער אָפֿט געכאַלעשט. געשטאַנען איז אין שטוב אַ צערודערונג; דאָך האָט די פּלימעניצע געגעסן, די דינסט האָט געמאַכט אַ לעכײַעם און סאַנטשאָ פּאַנצאַ האָט זיך געלאָזט וווילגיין; וואָרום דאָס יאַרשענען עפּעס מעקט אָפּ אָדער שטילט אײַן בײַ דעם יוירעש דעם ווייטיק, וואָס דער טויטער לאָזט נאָך זיך מיט רעכט איבער. קורץ, געקומען איז דאָן קיכאָטס לעצטע רעכט, נאָכדעם ווי ער האָט באַקומען אַלע סאַקראַמענטן און נאָכדעם ווי ער האָט מיט אַ סאַך טרעפֿנדיקע ווערטער און מיט עקל פֿון זיך אָפּגעשטויסן די ריטער־ביכער. געשטאַנען איז דערבײַ דער שרײַבער און ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט נאָך אַף זײַן לעבן נישט געוועסט געלייענט אין אַ ריטער־בוך אַ ריטער זאָל שטאַרבן אַף זײַן געלעגער אַזוי באַרויִקט און קריסטלעך ווי דאָן קיכאָט, וואָס האָט צווישן דעם באַדויערן און געוויין פֿון די אַרום שטייענדיקע זײַן נעשאָמע אָפּגעגעבן: איך מיין געשטאָרבן.

דערזען האָט דאָס דער גאַלעך, האָט ער געבעטן דעם שרײַבער ער זאָל זײַן אַן איידעס, אַז אַלאָנזאָ קיכאַנאָ דער גוטער, וואָס ווערט אויך אָנגערופֿן מיט דעם נאָמען דאָן קיכאָט פֿון לאַ מאַנטשאַ, איז אַריבער פֿון דעם קעגנוואַרטיקן לעבן און איז נאַטירלעך געשטאָרבן. און די גוויעס איידעס האָט ער בײַ אים געבעטן, קעדיי נישט צו דערלאָזן אַז אַן אַנדער מעכאַבער, וואָס איז נישט סידע האַמעטע בענענגעלי, זאָל אים פֿעלשן און לעבעדיק מאַכן און אָנשרײַבן אָן אַ שיר געשיכטעס וועגן זײַנע העלדישע מײַסים. אַזוי איז געווען דער סאָף פֿון דעם אַדעליקן באַלמויעך דאָן קיכאָט פֿון לאַ מאַנטשאַ, וואָס סידע האַמעטע האָט נישט געוואָלט אָנרופֿן דעם נאָמען פֿונעם יִישעוו, קעדיי אַלע דערפֿער און שטעטלעך פֿון לאַ מאַנטשאַ זאָלן זיך קריגן צווישן זיך און וועלן האָבן די זכיע אים צו האָבן פֿאַר זייער זון, ווי עס האָבן זיך געקריגט צווישן זיך די זיבן שטעט אין גריכנלאַנד פֿאַר האָמערן. זאָל דאָ נישט אַרײַנקומען דער געיאָמער פֿון סאַנטשאָ, פֿון דער פּלימעניצע און דער דינסט, און

אויך נישט די נײַע עפּיטאַפן אױף זײַן קייווער, כאָטש סאַמסאָן קאַראַסקאָ האָט אױף זײַן קייווער אויפגעשריבן אָט דעם עפּיטאַף:

**דאָ ליגט**

דער קרעפטיקער אַדעליקער מאַן,
וואָס זײַן גוורע האָט געניגט,
אַז טויט זאָל מיט זײַן טויט
נישט האָבן אים באַזיגט.
ס'איז וואָר,
געזען האָט ער אַ יעדן קליין
און אַליין — אַ סטראַשידלע נאַר.
זײַן גליק, וואָס געלעבט האָט ער
מעשוגע, און געשטאָרבן קלאָר.

און דער העכסט באַשיידענער סידע האַמעטע האָט זיך געווענדט צו זײַן פּעדער:

„אָט דאָ וועסטו הענגען בלײַבן אױף דעם ברעטל און אױף דעם דרעטל, איך ווייס נישט צי גוט צי שלעכט פאַרשניצט, פּען מײַנע, און לאַנגע דוירעס וועסטו לעבן, אויב באַרימערישע און מענגוולדיקע געשיכטע־שרײַבער וועלן דיך פון דאַנען נישט אַראָפּנעמען און דיך שענדן. נאָר איידער זיי וועלן צו דיר גרייכן, מעגסטו זיי וואָרענען און זאָגן ווי פיין דו קענסט:

היט אײַך, היט אײַך, לאַפּיטוטן,
עמיץ זאָל מיך וועלן האַלטן,
ס'איז די אַרבעט, ליבער קיניג,
נאָר פאַר מיר אַליין באַהאַלטן.

נאָר פאַר מײַנעט וועגן איז דאָן קיכאָט געבוירן געוואָרן, און איך פאַר זײַנעט וועגן. געקענט האָט ער טון, און איך שרײַבן. נאָר מיר ביידע זײַנען איינס, אױף צו־לאָכעס און צעפּיקעניש דעם פאַלשן און טאָרדעסילישן שרײַבער, וואָס האָט זיך דער־וועגט אָדער קען זיך דערוועגן באַשרײַבן מיט אַ גראָבער אומגעלומפּערטער שטרויספעדער די מײַסים פון מײַן העלדישן ריטער, כאָטש ס'איז נישט פאַר זײַנע פּלייצעס אַזאַ מאַסע צו דערטראָגן און נישט קיין איניען פאַר זײַן פאַרקילטן מאָרך. זע זשע, וואָרן אים, אויב דו וועסט אים ערגיץ טרעפן, ער זאָל לאָזן אין קייווער רוען דאָן קיכאָטס מידע און שוין פאַרפוילטע ביינער, און זאָל ער אים נישט פאַר־שלעפּן, קעגן אַלע רעכטן פונעם טויט, אין דער אַלטער קאַסטיליע און אים דאָרט אַרויסשלעפּן פונעם קייווער, ווו ער ליגט מיט אַן עמעס אויסגעצויגן ווי לאַנג ער איז און קען שוין נישט מאַכן קיין נײַעם אַרויספאָר מיט אַ דריטער נעסיע. וואָרום אױף אָפּצולאָכן פון די נעסיעס, וואָס אַזוי פיל וואַנדער־ריטער האָבן געמאַכט, גע־נינגן די צוויי, וואָס ער האָט געמאַכט, צום געשמאַק און ווױלגעפעלן פון די לײַט, וואָס צו זיי זײַנען די נעסיעס דערגאַנגען, אַזוי אין די היגע ווי אין די ווײַטע לענ־

דער. און אזוי ארום וועסטו נאָכקומען דיַין קריסטלעכן באַרוף צו גינען גוטס דעם וואָס ווינטשט דיר שלעכטס, און איך וועל זיַין צופרידן און וועל מיך באַרימען דערמיט, וואָס איך בין געווען דער ערשטער פולערהייד צו געניסן די פרוכט פון זיַין שריַיבן, ווי ער האָט געוו:נטשן. ווארום קיין אַנדער ווונטש האָב איך נישט געהאַט, ווי נאָר צו פאַרמיעסן אין די אויגן פון די מענטשן די פאַלשע און נישט געשטויר־גענע מיַיסעס פון די ריטער־ביכער, וואָס האַלטן שוין אין שטרויכלען איבער די מיַי־סעס פון מיַין ריכטיקן דאָן קיכאָט און עס איז גאָר קיין ספק נישט, אַז זיי וועלן איַינגאַנצן פאַלן". — ל ע ב ט   ו ו י ל.

**ס אָ ף**

# אינהאַלט פֿונעם צווייטן באַנד

Este libro se terminó de imprimir el día 21 de Marzo de 1951, en los Talleres Gráficos JULIO KAUFMAN. — Corrientes 1976 — Buenos Aires.